דער מחבר האָט זיך גענומען דאָס רעכט
צו ענדערן געוויסע נעמען, וועלכע ווערן
דערמאָנט אין די זכרונות.

מרדכי קופער

# די יידן פון מיין בענקשאַפט

## זכרונות פון מיין היימשטאָט שאַרגאָראָד




בוענאָס־איירעס 1968 — ה׳תשכ״ט

אַ מתנה פאַר מיין לעבנס־באַגלייטערן
הענריעט (כאַשקע)
וואָס איז געווען די ערשטע לייענערן
פון די זכרונות

און צום אָנדענק פון מיינע פאַרשטאָר־
בענע שוועסטער: פ ע ר ל, מ י נ אַ
א ו ן ס אָ פ י, ע ל י ה ן ה ש ל ו ם.

# אינהאַלט



## ערשטער טייל

## שאַרגאָראָד — אַמאָליקע עיר ואם בישראל

צווייטער טייל

## יאָרן און געשעענישן

דריטער טייל

## שאַרגאָראָדער פּאַרלויפּעניש



פערטער טייל

## אַ וועלט מיט וועלטעלעך

## פינפטער טייל

# געשטאַלטן און גורלות

מיט טיפן צער און מיט גרויס יראת־הכבוד דערמאָן איך דאָ אייניקע זייער נאָענטע פריינט, וואָס האָבן מיט ליבשאַפט דערמוטיקט מײַן אַרבעט אויף דעם בוך זכרונות און האָבן צו מײַן באַדויערן נישט דערלעבט דעם טאָג פון פאַרווירקלעכונג:

ד״ר א. א. ראָבאַק, אַהרן מאָלדאַווי, קלאַראַ ווײַנשטיין, דוד בינדמאַן, געצי שאַמעסאָן, אברהם סאָבעל, פּאָלאַ שאַפּיראָ און אײַרין קאַופמאַן.

און צו לאַנגע, לאַנגע יאָרן די פרײַנט, וואָס האָבן דערמעגלעכט דאָס דער־שײַנען פון בוך. צו זיי מײַן אייביקער דאַנק.

משה אָבשאַטקאָ, אַרגענטינע; ריקל און אַברהם באָרנשטיין, באָסטאָן; אליהו בלוזמאַן, אַלאַ; יעקב בן־צבי, אַרגענטינע; מאַלי און זאב ברייווער, קאַליפאָרניע; מאַניאַ בינדמאַן, קאַליפאָרניע; דבורה גיימאַן, קאַליפאָרניע; צייטל גאָרדאָן, קיימ־ברידזש; רייזעלע און אַברהם גאָבעס, אַרגענטינע; משפחה דערמאַן, אַרגענטינע; אלקנה דינער, אַרגענטינע; שרה און מאָטל וואַסערמאַן, קאַליפאָרניע; חוה און מאָזעס ווײַנמאַן, באָסטאָן; ד״ר מאַרקאָס וואַרטאָפּסקי, באָסטאָן; דזשעני און יעקב זבאַרסקי, ניו־יאָרק; מרים און אַלבערט זאַלען, באָסטאָן; פרידע און אַברהם טאַ־באַטשניק, ניו־יאָרק; ד״ר לי לובין, קאַנאַדע; מרים און משה לעווין, קאַליפאָרניע; שלמה לאַנדאָ, אַלאַ; פרידה און חיים ליבנה, מדינת ישראל; בעלאַ און ניסן לאָון, באָסטאָן; פאַניאַ מאָלדאַווי, באָסטאָן; טילי סאָבעל, קאַליפאָרניע; שיינדל און ד״ר אָ. פוקשאַנסקי, אַרגענטינע; רבי חיים פּאָלאַק, באָסטאָן; מייקע און בן ציון פייגעס, אַרגענטינע; שרה און אַברהם פרעימאַן, אַרגענטינע; גברת קרופּניק, קאַליפאָרניע; קלאַראַ און יוסף קראַוז, קאַליפאָרניע; שיינדל און דוד קרופּניק, אַרגענטינע; יעקב קאָרדאָן, אַרגענטינע; דאָראַ און סעם ריינשטיין, קאַליפאָרניע; אַנאַ און שײַע ראַכּליס, באָסטאָן; ראָוז סטיין, באָסטאָן; פרידע און איזידאָר שאָר, באָסטאָן; נאָראַ און ד״ר רודאָלף שיף, ניו־יאָרק; הערשל סטיין, איל.; אסתר און גרישאַ שטערנ־באָום, ניו־יאָרק; מאַסיע שאַמעסאָן, ניו־יאָרק; משה־יודל שעליובסקי, ניו־יאָרק; אַלעקסאַנדער שאַפּירא, באָסטאָן; רחל און משה שטאַרקמאַן, ניו־יאָרק און חבר שיינערמאַן, קאַליפאָרניע.

# הקדמה

דאָס בוך, וואָס געפינט זיך איצטער אין דעם לייענערס הענט, פאַרדינט בפירוש אַוועקגעשטעלט צו ווערן צווישן די וויכטיקסטע ווערק פון דעם זכרונות-אָפּטייל אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור.

מרדכי קופּער נוצט אַ גאָר ברייטע קאַנווע צו שילדערן אייגנאַרטיקע און טיפּישע געשטאַלטן פון זײַן אוקראַיִנער היימשטאָט שאַרגאָראָד. אויף דער דאָזיקער קאַנווע טיילן זיך אויס פיגורן פון שאַרפע לומדים און פאָלקסטימלעכע פּראָסטאַקעס, תמימותדיקע מאמינים און רעבעלירנדיקע מאָנערס, — געשטאַלטן פון מסתפּקים במועט און פון יחידים מיט הויכע שטרעבונגען, — מאַנסלייט און ווײַבער, ייִנגלעך און מיידלעך, — אַלע פון די טיפענישן פון ייִדישן לעבן אין שאַרגאָראָד, — אַן אמתדיקע „עיר ואם בישראל", זינט די אָנהייב-טעג פון חסידות ביז דער שקיעה פון איר ייִדישן לעבן אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה און אין די טעג פון די נאָך-מלחמהדיקע פּאָגראָמען און רעוואָלוציעס. אין פאַרלויף פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט האָבן די טיפן און בילדער פון שאַרגאָראָד געצייטיקט אין קופּערס געמיט און האַרץ; ער האָט זיי ביסלעכווײַז געשילדערט און געמאָלן, — און דאָס דאָזיקע בוך איז דער רעזולטאַט פון דעם.

ווער איז דער מענטש, וואָס שטייט הינטער דעם בוך?

מרדכי קופּער — דער משפּחה-נאָמען אַ קירצונג פון „קופּערשלאַק", — איז געבוירן אין יאָר 1898, אין דער פּאָדאָליש-אוקראַיִנישער שטאָט שאַרגאָראָד, אין אַ משפּחה פון סוחרים. דער פאָטער, ר' שמואל-לייב, אַ לומדישער משכיל, האָט דעם רוב טעג פון יאָר געוווינט אין אַסטראַכאַן, אויף דער וואָלגע, וווּ ער האָט געפירט דעם האַנדל מיט פיש. דעם משפּחה-מסחר אין שאַרגאָראָד גופא האָט געפירט די מוטער, גיטל, — אַ שטאַרק פרומע, אַ מלומדת צווישן ווײַבער, אָבער אין דער זעלביקער צײַט אַ טאָלעראַנטע צו די אידעען און שטרעבונגען פון די נײַע, וואַקסנדיקע דורות, און אַליין גוט באַקאַנט מיט דער נײַער ליטעראַטור אויף ייִדיש, ווי רעפּרעזענטירט דורך אירע קלאַסיקערס מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ,

מרדכי ספעקטאָר, יעקב דינעזאָן און זייערע צײַט-חברים. מאָטל איז גע-ווען אַ בן-יחיד צווישן פינף שוועסטערס, און די עלטערע שוועסטער, פערל, האָט מיט איר קענטעניש און ליבשאַפט מוסיף געווען צו דער השפעה, וואָס ס'האָט אויף דעם פײַנפילנדיקן ייִנגל געהאַט די מאַמע.

דער קליינער מאָטל האָט ליב געהאַט זיך אונטערצוהערן, וואָס דער-וואַקסענע ריידן און דערציילן. וואָס ער האָט נישט אויסגעפונען אין דער היים און וואָס ער האָט זיך נישט דערוווּסט אין חדר, האָט ער דער-לערנט דורך אונטערהערן זיך צו דעם, וואָס אַנדערע זאָגן. בעיקר האָט מאָטל זיך צוגעהערט צו די רייד און צו די שמועסן פון עטלעכע יחידים, וואָס אין רעטראָספעקט, אין צוריקבליק, זעט ער זיי ווי אויסערגעוויינט-לעכע פערזענלעכקייטן. די יחידים זײַנען געווען: דער שאַרגאָראָדער רב, ר' עקיבא זבאַרסקי; ר' שמעון דוד בלאָושטיין, וועמען קופער זעט אין זײַנע זכרונות ווי אַ סימבאָל, — ווי „דאָס געוויסן פון שאַרגאָראָד"; דער לערער שלום פענזער, וואָס האָט גײַסטיק געפורעמט מאָטלען אין די יאָרן, ווען ער איז איבערגעגאַנגען פון קינדהייט צו פרי-יוגנט; און דער פעטער אַלטער יוקלסאָן, וואָס האָט זיך געחברט מיט אַלע דרײַ, און זייערע שמו-עסן האָבן אונטערגעהערט קינד-און-קייט כדי עפעס צו לערנען אין ייִדישע און אין עולמשע ענינים.

אין 1921, נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, האָט מאָטל קו-פערשלאַק אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. ער האָט דורכגעמאַכט אַלע עינויִים פון צופאַסן זיך צום נײַעם לעבן אין דער נײַער וועלט. ער איז אַ צײַט געווען דער אייגנטימער פון אַן אַפטייק אין ניו-יאָרק, — אָבער אים האָט גאָר געצויגן צו געזעלשאַפטלעך-קולטורעלער טעטיקייט, און ביסלעכווײַז איז ער געוואָרן אַן אויסגעשולטער רעדנער און לעקטאָר. ער האָט באַוויזן צו מאַכן פאַרשיידענע לענגערע נסיעות, — און אויף זײַנע רײַזעס האָט ער אָבסערווירט ווי עס לעבט זיך כלל-ישראל און בעיקר ווי ס'לעבט זיך דעם איינצלנעם ייִד. קופערס נסיעות האָבן אײַנ-געשלאָסן מדינת ישראל, דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד, די סקאַנדינאַווישע לענדער, — און אין 1968 האָט ער באַזוכט אַרגענטינע, — צוריקברענ-גענדיק פון דאָרט אַ שלל מיט אײַנדרוקן פון ייִדישן און אַלגעמיינעם לעבן. קופער איז אַ תושב אין בראַיטאָן — געגנט פון גרויס-באָסטאָן, ווו ער איז דער פאַרשטייער און קאָרעספאָנדענט פון ניו-יאָרקער „טאָג-מאָרגן זשורנאַל" און דער געשעפט-פאַרטרעטער פון דעם ציוניסטיש-סאָציאַליסטישן וואָכנבלאַט „דער ייִדישער קעמפער".

⁂

פון די אינספירירטע און אינספירירנדיקע קאַפיטלעך אין בוך, פון דעם אופן ווי די יחידים און גרופעס ווערן געשילדערט, מיט זייערע שמו-

עסן, פירונגען און מעשים, — פון דעם אַלץ קען מען זען, אַז מרדכי קר־פער פאַרמאָגט אמתדיקן ליטעראַרישן טאַלאַנט. זײַן סאַמע אינטימסטע פאַרעם פון אויסדרוק איז דער נוסח פון דערציילערישן מאָנאָלאָג. דער דאָזיקער דערציילערישער מאַניער איז מעגלעך כאַראַקטעריסטיש פאַר אוקראַיִנער ייִדן, — און אפשר נישט אומזיסט האָט שלום עליכם גענוצט די מאָנאָלאָג־פאָרעם פאַר אַ צאָל פון די שענסטע פערל אין זײַן שאַפן. ס'איז טאַקע אמת, אַז די מאָנאָלאָגן־פאָרעם אין קופערס בוך האָט גורם געווען, אַז אַ צאָל קאַפּיטלעך זאָלן זײַן לענגערע, — אָבער, אויב דער מאָנאָלאָגן־נוסח זאָל געווען באַזײַטיקט ווערן, וואָלט געפעלט דאָס אייגנאַרטיקע אין קופערס נוסח פון דערציילן, פון זײַן ריידן צום לייע־נער פאַלקסטימלעך, כדבר איש אל רעהו... דער מאָנאָלאָגן־נוסח האָט אויך די מעלה, וואָס רופט אַרויס פון לייענערס געדעכעניש טיפן און פערזענלעכקייטן פון זײַן אייגענער קינדשאַפט און יוגנט אין דער איי־גענער אַלט־היימישער סביבה.

קופער האָט געשטרעבט צו דערציילן וועגן די ייִדן פון זײַן בענק־שאַפט אויף דעם שטייגער ווי זיי האָבן גערעדט, אין דעם לשון פון זייער סביבה. בדרך־כלל האָט זיך דאָס אים אײַנגעגעבן. אָבער קופער אַליין איז שוין צו שטאַרק באַאײַנפלוסט פון דעם מאָדערנעם ייִדיש, — פונעם סטיל פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס איז אָפט קענטיק אין זאַצבוי און אין וואָרט־אוצר פון זײַנע מעמוארן, — אָבער דאָס האָט אין עצם נישט געשעדיקט דעם כלל־נוסח פון שילדערן היימישע ייִדן און די אַלט־היימישע סביבה. ס'איז אפשר גוט, וואָס באַשטימטע סטיל־מאָדערנקייטן זײַנען יאָ געבליבן אײַנגעגלידערט אין די זכרונות, ווײַל פון זיי קען מען לערנען וועגן די שינויים אין גערעדטן ייִדיש דורך דער השפעה פון נײַע צײַטן און נײַע וועגדונגען אין ייִדישן לעבן.

בײַם שילדערן די ייִדן פון זײַן בענקשאַפט, האַלט זיך דער מחבר גופא אין הינטערגרונט. ער האָט געשריבן די קאַפּיטלעך פון זײַן מע־מואַרן־ווערק, — נישט כדי צו דערציילן פון זײַן אייגן לעבן, נאָר צו דערציילן וועגן די ייִדן פון זײַן היים־סביבה. די בענקשאַפט נאָך זיי האָט דאָך אַרויסגערופן אין זײַן זכרון די שאַרגאָראָדער געשטאַלטן, אינספּירירנדיק אים צו מאָלן זיי און זיי צו פאַראייביקן צווישן די טאָוו־לען פון זײַן בוך, געשריבן אויף זייער לשון.

דורך שילדערן פאַרשיידענע טיפּן מלמדים אין שאַרגאָראָד, דער־ציילט קופער נישט בלויז וועגן יחידים, — נאָר דורך יחידים כאַראַק־טעריזירט ער דעם ייִדישן חינוך אין פּאָדאָליע, סוף 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט. די שול, דאָס בית־המדרש און די קלויזן האָט ער געשילדערט, נישט בלויז ווי בנינים, נאָר ווי איטלעכער בנין וואָלט געווען אַ לעבעדיקער מענטש, מיט באַזונדערע געפילן, נייגונגען און

בענקשאַפטן. אין דער אמתן זעט מען טאַקע פון קופּערס שילדערונגען, אַז יעדער מקום-קדוש אין שאַרגאָראָד האָט געהאַט אַ באַזונדערקייט אין אויסזען, אין אויסשטאַטונג, ווערדליק דעם נאָמען און ווערדליק דעם כאַראַקטער פון די מתפּללים. אַ ריי קאַפּיטלעך פון קופּערס זכרונות וועלן זיכער איבערגעדרוקט ווערן אין טעקסטביכער פאַר יידישע יוגנט-לעכע, כדי זיי זאָלן זען, אַז אַפילו אין שטעטלשער אָרעמקייט האָט געבליט גרויסע יידישע שיינקייט.

אין סך-הכל: דאָס בוך זכרונות, וואָס דער לייענער האַלט אין זיינע הענט, זאָגט עדות אויפן מחברס מאָלערישן טאַלאַנט און אויף זיין באַגאַבטקייט איבערצוגעבן רייד אין מאָנאָלאָג און אין דיאַלאָג. אַ דאַנק די דאָזיקע אייגנשאַפטן האָט מרדכי קופּער זוכה געווען צו שילדערן שיינע יידן און יידישע טיפּן פון זיין היימשטאָט, טאַקע אויף אַ שטייגער ווי זיי האָבן פאַרדינט, דורך זייערע מעשים און מיט זייער אופן לעבן. אַ סך פּרטים, וואָס קופּער דערציילט וועגן די יידן פון זיין בענקשאַפט, זיינען ווונדערלעכע מאַטעריאַלן, נישט בלויז צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער הייליקער יידישער עדה אין שאַרגאָראָד, נאָר צו דער כאַראַקטעריסטיק פון אוקראַינער יידנטום בכלל. פאַר זיינע זכרונות וועלן קופּערן דאַנקען, אי די לייענערס פון דער יידישער ליטעראַטור, אי די פאָרשערס פון יידישן לעבן אין אוקראַינע, — אַ שיין לעבן, וואָס איז געווען, איז נישטאָ מער, און איז פאַראייביקט אין אַ שיין בוך.

משה שטאַרקמאַן

ב״ב, ביום שהוכפל בו „כי טוב״, כ״ו אָדר תשכ״ח, ניו־יאָרק.

# סלאָבאָדע — דער פּרוזדור פון שאַרגאָראָד

מיט צוויי ייִדישע הײַזער הייבט זיך אָן דאָס דאָרף סלאָבאָדע, וואָס פירט אַרײַן קיין שאַרגאָראָד. איינס געהערט צו פוכן — אָט מיט דעם נאָמען קען גרויס און קליין, ייִד און פּויער — דעם צעוואָקסענעם בעל־גוף, וועלכער רעדט אַפילו ייִדיש מיט אַ גויִשן אַקצענט, אָבער איז׳ן איז ער אַ וואַרעמער, טײַערער ייִד. אַ גאַנצע וואָך לעבט ער מיט דעם חיות, וואָס שבת — (אַז מ׳עט דערלעבן) — וועט מען זײַן צווישן ייִדן. דאָס צווייטע הויז געהערט צו מאָשקוניען — אַ ביסל אַ ייִנגערער ייִד, וועלכער קוקט דעם עלטערן — פוכן — אין מויל אַרײַן און האַלט אים פאַר אַ למדן, מחמת דעם, וואָס יענער קען אַרײַנקוקן אין אַ לוח, וויס צוליב דעם אַלע מאָל, ווען עס וועט אויספאַלן יום־טוב, און ווען מע וועט האָבן יאָרצײַט, — צי פאַר „ראָזשדיעסטוואָ״, צי נאָך „פּאָקראָווע״...

בײדע הײַזער — כאָטש ווי אַלע אַנדערע פּויערישע כאַטעס אין דאָרף, — פאַרמאָגן דאָך עפּעס אַנדערשדיקס אין זיך. אַן אייגענעם ייִדישלעכן חן, אַזוי צו זאָגן, אפשר דערפאַר, ווײַל זיי זײַנען ריינער און אַלע מאָל פריש אָפּגעטינקע־וועט מיט ווײַסן קאַלעך. — און אפשר דערפאַר, ווײַל בײַ יעדן אויפן בײַשטידל פון דער טיר איז אָנגעקלאַפּט אַ גרויסע מזוזה, וואָס פוך האָט באַשטעלט בײַ שואל סופר און בפירוש מיט אים אויסגענומען, אַז זי זאָל זײַן גרעסער און דאָס „קאָראָבקעלע״ שענער, ווי אַ וועלכע עס איז מזוזה אין שטאָט. ווײַל, „אין שטאָט, — זאָגט ער, — דאַרף אַ מזוזה באַשיצן בלויז פון ׳דאָמאָוויקעס׳, אָבער אויפן דאָרף זײַנען פאַראַן הונדערטער מענטשלעכע שדים. אַ קליין מזוזהלע וועט קיין סך נישט העלפן״...

אַ גאַנצע וואָך פירן זיי בײדע — פוך און מאָשקוניע — האַנדל מיט די סלאָבאָדער פּויערים, ווי אויך מיט פּויערים פון אַנדערע דערפער. די לעצטע האָבן גרויס צוטרוי צו די צוויי ייִדן, נישט בלויז אין מסחר, נאָר אויך אין טאָג־טעגלעכע ענינים. „אָרנטלעכע ייִדן, זאָגן די פּויערים אויף זיי, כמעט רבנים״... קומען צו זיי נאָך עצות, נאָך הילף, און מאַכן זיי אַפילו פאַר בוררים, ווען זיי האָבן אַ סיכסוך צווישן זיך. אַזוי אַ גאַנצע וואָך. נאָר קומט שבת, וועט איר די — צוויי ייִדן נישט דערקענען. מע טוט זיך אָן אין שענסטן און אין בעסטן און מע גייט אַוועק מיט דער גאַנצער משפּחה אין שטאָט אַרײַן, דאַוונען בציבור מיט ייִדן. די פּויערים קוקן זיי נאָך מיט יראת הכבוד. זיי חייסן, אַז הײַנט מעג מען

זיי, די ייִדן, געבן מי יודע וואָס פאַר אַ מציאות, וועלן זיי אַפילו נישט וועלן הערן פון דעם... „נאַשי זשידקי אידוט מאַליטסיאַ" (אונדזערע ייִדן גייען דאַווענען)... אַנדערע צײַטן געווען, אַנדערע גוייִם געווען...

בײַם צווייטן עק דאָרף און אַרײַנגאַנג אין שטאָט וווינען נאָך צוויי ייִדן. איינער, יאָסל טייוודילס — אַ ייִד, וואָס איז שוין צוויי מאָל געווען אין אַמעריקע, געבראַכט אַ ביסל געלט, און דאָס גלײַך געפּטרט אין סעדער, אין פרוכט, וואָס ער האָט געקויפט „אויף די ביימער". יאָסל טייוודילס איז אַ גרויסער בעל־מגזם. דערציילט ער וועגן אַמעריקע אַזעלכע וווּנדיירים, אַז דעם צווייטן ייִד, זײַן שכן, יצחק־הערש זאַיאַץ — כאַפּט אַן אַן „אַכאָטע" און ער שיקט אַוועק קיין אַמעריקע זײַן יונג בחורל — יאַנקל, אויסצוטרעטן פאַר אים אַ וועג צו די אַמעריקאַנער גליקן...

אָט די פיר ייִדן האַלטן אַן אויג אויף די אומרויִקערע צווישן די פּויערים פון דער סלאָבאָדע, אויף זייערע „שטימונגען" און אויף אַלץ, וואָס עס גייט־אָן אין דאָרף בכלל. עס איז דער אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. עס גייט אָן די מלחמה מיט יאַפּאַן, און ווי די פּויערים דערציילן בסוד־סודות, האָט מען זיי אין „וואָלאָסט", יאָקבי, געזאָגט, אַז צוליב די ייִדן, כאַפּן מיר אַרײַן אין מפּלה נאָך דער צווייטער... און דער „צאַר באַטיושקאַ" אַליין, האָט אַרויסגעגעבן אַן „אוקאַז" מע זאָל אַ ביסל דורכלופּטערן די ייִדן... צווישן די ייִנגערע פּויערים, וואָלט מען אַפילו געקאָנט געפינען בעלנים אויף דעם. לאָזט זיי אָבער יאָסל טייוודילס באַלד וויסן, אַז דער „רויטער האָן" האָט ליב טרוקענע כאַטעס — געדעקט מיט שטרוי... וואָס דער „רויטער האָן" איז, וויסן די פּויערים. מע דאַרף זיי קיין פינגער אין מויל נישט אַרײַנלייגן... זיי ווייסן אויך, אַז דאָס פעסל פון דער „פּאָזשאַרנע קאָ־מאַנדע" נעמט אַרײַן בלויז זיבן עמערס וואַסער... פאַרגייט זיי דער חשק זיך אַ שפּיל צו טאָן אין פּאָגראָמען.

נאָך אַ שפּאַן, און איר האָט דעם אָנאויערדיקן קאָוואַלס קוזניע. וועגן די אויערן זײַנע, אָדער דאָס נישט האָבן זיי, גייען אַרום אין שטאָט מעשׂהס, איינע פאַנטאַסטישער פון דער צווייטער. נאָר ווען מע זאָל זיך צוהערן צו אַלץ, וואָס שאַרגאָראָד דערציילט, וואָלט מען אַרויס אַ לײַט...

די קוזניע איז דער צענטער פון ברום בײַם טײַך. יאָ, אַגב, האָט איר שוין אַ מאָל געהערט וועגן אַ טײַך, וואָס הייסט „מוראַשקע"? מחמת אָט דעם טײַך קומט מען פון אַלע שטעטלעך אַרום צו אונדז זיך גטן; און צוליב אָט דער זכיה, צאָלט דער בעל־טאַקסע די רבנים גאָר אָרעמע שכירות, אי דאָס נישט פּינקטלעך. ער האַלט, אַז פון די גטן אַליין קענען זיי האָבן זייער ערד־אויסקומעניש. הערט איר, דאָס קען נאָר אַ בעל־טאַקסע...

אַנטקעגן דער קוזניע שטייט די שאַרגאָראָדער מיל. די מיל אונדזערע איז אַ שם־דבר, האָט אַ גרויסן נאָמען. אי מיט אירע מאָדערנע מאַשינען, אי מיט איר

עלעקטרישער באַלײַכטונג, — נאָר נאָך מער צוליב צווי לעבעדיקע מענטשן. איינער — אַ ייִד פון יענע, וואָס אויף אים איז מקוים געוואָרן דער „מקימי מעפר דל"... דער צווייטער, אַ דײַטש — דער מעכאַניק, וועלכער רעדט ייִדיש נישט ערגער פון אַ ייִדן, מישט אַפילו אַרײַן העברעיִשע ווערטער. נאָר אין דער שטיל, האָט ער פֿײַנט אַ ייִדן בתכלית השנאה; איז אַן אמתער היטלעריסט, בשעת היטלער אַליין לויפט נאָך אַרום ערגעץ אין עסטרײַך מיטן סטאַן אין דרויסן.

די קאָנטאָר פון מיל געפינט זיך אין אַ שיינער געבײַדע, פונקט אַנטקעגן איבער דעם וועג. דאָרטן קעניגט ייִדל קערצמאַן. ייִדל איז אַ באַלעבאָס איבער — זײַנע באַלעבאַטים, נישט בלויז דערפאַר, וואָס ער איז אַ גוטער בוכהאַלטער, אַ משכיל, ווייסט ווי צו ריידן מיט אַ מענטשן, קען רוסיש און פויליש. אפשר דאָס אויך. קיינע פון די אויסגערעכנטע זאַכן איז חלילה אַ חסרון. נאָר בעיקר צוליב דעם, וואָס ער ווייסט צו פיל, פון וואָס מע קען חלילה קריגן אַ „גוט אויג"...

דאָס לעצטע הויז „הינטער דער ברום" געהערט צו יחזקאל וועקער; אַ ייִד אַ גבר מיט עטלעכע זין, וואָס זײַנען געראָטן אין טאַטן מיט זייער גבורה און גוטסקייט. די גאַנצע משפחה האָט אַ נאָמען פאַר זייער שווימען. איך אַליין געדענק אַן ערב־פסח, ווען אונדזער „מוראַשקע" האָט זיך צעשפּילט און עס איז געוואָרן אַ געוויסער, אַ פאַרפלייצונג. די בריק איז געווען אין גאַנצן אונטערן וואַסער, און מוראַדיקע קריִעס זײַנען געלאָפן איבער איר. איינע גרעסער פון דער צווייטער. האָט פיניעלע, יחזקאלס מיזינעק, זיך אויסגעטאָן אָדם־נאַקעט, זיך אַנגעבונדן זײַן פעקל הלבשה אויפן קאָפּ און אַריבערגעשווומען דעם גאַנצן טײַך אין דער ברײַט, צו דער ברום, אַהיים.

יחזקאלס הויז שטייט האַרט צופוסנס פון דעם מאָליעווער באַרג. דער באַרג אין אונדזער קינדערשער פאַנטאַזיע איז דער העכסטער אין דער וועלט. מיט דעם באַרג פאָרט מען קיין מאָהילעוו אויפן דניעסטער און אויך קיין טשערנאָוויץ, ווו מיר שאַרגאָראָדער האָבן אַ שטיקל חלק — צווי געראָטענע בנים יחידים האָבן מיר עקספּאָרטירט אַהינצו: איינער איז דער זייער אָנגעזעענער רב, ר' מרדכעלע שוחטמאַן, הערשל שוחטס בן־יחיד; דער צווייטער איז אַ דענטיסט, אַ למדן, קהת פרענקל דער „ליפּס" בן־יחיד; „איר אויג אין קאָפּ" — אַזוי זאָגט זי, די „ליפּ".

דער זעלבער וועג, וואָס פירט קיין טשערנאָוויץ, פירט אויך קיין קאָנאַטקאָוויץ, ווו בײַ דער משפחה טאַבאַטשניק וואַקסט אַ בחורל, אַברהם, וואָס נישט נויקע, נישט בערקע איטע פּײַוולס — ייִדן וועלכע פאָרן אויפן דאָרף, — קאָנען זיך פון אים זאָט נישט אָנלויבן. לויט נויקעס ווערטער, וואַקסט בײַ די טאַבאַטשניקס אַן ארץ־ישראל פרי... לויט בערקען, קומט אויס, אַז קאָנאַטקאָוויץ פאַרמאָגט אַ כלי פרימאָ שבפרימאָ...

זיי זײַנען נישט געווען אויסן וועג, אָט די פשוטע ייִדן אין זייער אָפּשאַצונג.

די ארץ־ישראל פּרי, די כּלי פּרימאַ שבפּרימאַ, איז דער הײַנטיקער אָנערקענ־טער ייִדישער דיכטער, עסייִסט און ליטעראַטור־קריטיקער, אַברהם טאָבאָטשניק.

**
*

נאָר דערווײַל, ליבע לייענערס, זײַנען מיר נאָך אונטערן באַרג. לאָמיר זשע אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך דאָרטן. אויב איר וועט מיטגיין מיט מיר, וועל איך אײַך ווײַזן גאַנץ אינטערעסאַנטע זאַכן.

דער אונטערבאַרג באַשטייט פון אַ פּרעכטיקער גראַזיקער לאָנקע, וואָס מע רופט בײַ אונדז „די באַלאָניע" און וועלכע רינגלט אַרום איין זײַט שטאָט, אָפּגע־טיילט פון איר מיט אַ ריטשקע — דער המשך פון „מוראַשקע"־טײַך. די ריטשקע ציט זיך פון די „ליטאָקעס", אַ קינסטלעכער וואַסערפאַל פון טײַך, ווו דאָס מאַנס־בילטום פון שטאָט באָדט זיך זומער — אויב פריידע ג. לאָזט, און דאָס ווײַ־בערטום — אויב פריידע הייסט...

פון דאַנען קענט איר זען ווי אַזוי די מילשטיינער דרייען זיך אין וואַסער. צוגיין אַהין לאָזן נישט די מאַמעס, ווײַל אַ פויער איז אַ מאָל אַרײַנגעפאַלן אַהין און צעמאָלן געוואָרן (נישט פאַר אונדז געדאַכט) אויף פּיץ־פּיצלעך.

אין אַ הייסן זומער־טאָג קענט איר אונטער די „ליטאָקעס" טרעפן אַ האַלבע שטאָט ייִדן, וואָס רײַסן זיך צו די צאַפּנס (שפּריצן). צאַפּנס זײַנען פאַראַן פיר: צוויי זייער גרויסע, וואָס אויף צו לאָזן זיך באַפּשריצן פון זיי, דאַרף מען האָבן אַ סך מוט און טאַקע כּוח אויך, און צוויי קלענערע, פאַר יהיה מי שיהיה.

אויף די צוויי גרעסערע צאַפּנס האָבן חזקה: הערשל וואַלציעס און בושקע דאַדניק. די צוויי ייִדן זײַנען גרויסע נאַשערס אויף באָדן זיך בכלל, און אונטער די „ליטאָקעס" בפרט. אין אַ הייסן טאָג קומען זיי אַהער דרײַ מאָל, און פירן און פילן זיך ווי די אמתע באַלעבאַטים. צו די קלענערע צאַפּנס רײַסן זיך 'כּל הנע־רים". אַלע מאָל כאַפּט אַן אַנדערער אויס דעם צאַפּן. אַלע שרײַען און די קולות גייען עד לב השמים.

מיט אַ מאָל ווערט אַ געלויף. עפּעס ווי פון אונטער דר'ערד וואַקסט אויס פריידע ג. דאָס קליידל אירס פאַלט אַראָפּ פון איר געפּאַקטן געשטעל ווי דורך אַ כּישוף, און אַלע העלדישע ייִדן, מיט און אָן בערד, מאַכן אַ ויברח, ווערן נעלם... אוודאי שעלטן זיי — די ייִדן — פריידען בשעתן אַנטלויפן מיט טויטע קללות. אָבער פריידע האָט פאַר אַזעלכע זאַכן קיין מורא נישט. זי שטייט און פּליוסקעט זיך אונטער די גרעסטע צאַפּנס אויף וואָס די וועלט שטייט; קוויקט זיך, און רופט דאָס שאַרגאַראָדער ווײַבערטום איר נאָכצופאָלגן.

נישט ווײַט פון די ליטאָקעס, אויף דער באַלאָניע, געפינט זיך אַ קערניצע מיט קרישטאָל ריינער און קאַלטער וואַסער (וועגן דער קערניצע, וואָלט איך גע־קענט דערציילן מוראדיקע מעשהס. נאָר אַנטקעגן נאַכט געדאַכט, איז געזינטער

זיך נישט אָנצוהייבן... אָט טאַקע בײַ דער קערניצע קענט איר טרעפן איצט דאָס גאַנצע העלדישע מענערטום, וואָס איז אָקערשט פאַרטריבן געוואָרן פון די ליי־טאָקעס. מען קוויקט זיך מיט אַ קאַלטן טרונק פון איין גלאָז, וואָס גייט פון האַנט צו האַנט און פון מויל צו מויל. יידן טרינקען מיט און אָן אַ ברכה און מען רעדט וועגן גלות־פּאַניע בכלל, און גלות־פּריידע ג. בפרט...

***

נאָר שאַ! פון ערגעץ הערט זיך אָן אימהדיק קול, מיט אַ ווידערקול: „יאָ־סי־ווע־ווע! ב־ח־מ־יה! אָוו־רע־מלו!" און ווידער אַ מאָל: „יאָסי־וועווע" און אָבער אַ מאָל „נחמיה" און נאָך אַ מאָל „אָוורעמל"... אַ פּחד באַפאַלט אַלעמען. „דער גוואַלד איז, ווי מע זאָל חלילה עמעצן קוילען..." — זאָגט איינער פון עולם. „נו, עמעצן טאַקע נישט, עפּעס קוילען — דאָס זעט איר — יאָ, לייזער־בער קוילעט הײַנט אַ פּאָר „שטיקלעך" אויף שבת, טאַקע דאָ אין דער בוינע (אין מיטן אַרויפגאַנג פון באַרג) און „דאָס רופט מען דעם שוחט און די העלפערס זײַנע" — זאָגט הערשל וואַלציעס און ווישט זיך די נאָסע באָרד.

איך וועל אײַך נישט דערציילן, וואָס איך אַליין האָב געזען אין בוינע, ווען איך בין געווען אַ חדר־ייִנגל און אָנגעשפּאַרט ווו די וועלט האָט אַן עק. איר קענט נאָך חלילה אויך אויפהערן עסן פלייש אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר... נאָר אַזוי ווי איך האָב שוין דערמאָנט אייניקע מענטשן בײַ זייערע נעמען, וועט נישט שאַטן, אַז מיר וועלן זיך באַקענען מיט זיי.

ערשטנס, יאָסי־וועווע. יאָסי־וועווע איז קיווע קצבס זון. די גאַנצע משפּחה זײַנע זײַנען קצבים, און מן הסתם קענען זיי און האָבן ליב זייער פאַך. ער איי־גער האָט אַ ווידערווילן צו דער מלאכה. יאָסי־וועווע איז זייער אַ גוטער און אַ ווייכהאַרציקער, ער קען נישט פאַרטראָגן צוצוזען ווי מע נעמט אַ לעבעדיקע בהמה און מע קוילעט זי אין קאַלט בלוט... מע דאַרף דאָך אָבער מפרנס זײַן אַ משפּחה, און איטען, זײַן ווײַב, כאָטש עס איז שוין יאָרן, אַז ער איז צו איר פאַרהייראַט — האָט ער זייער ליב, בפרט, אַז איטע האָט אים שוין באַשאָנקען מיט פיר טײַערע קינדער, — גייט ער, נעבעך, אין שפּאַן. נאָר גאָט ווייסט דעם אמת, ווי שווער עס פאַלט אים אָט די ברוטאַלע מלאכה. שטילערהייט חלומט ער פון דער פרײַער אַמעריקע, ווו ער וואָלט זיך נישט געדאַרפט פאַרנעמען מיט זײַן איצטיקער מלאכה... דער אמת איז, אַז סוף־כל־סוף איז ער טאַקע אַוועק קיין אַמעריקע, זיך אויסגעלערנט זײַן אַ בעקער און געוואָרן אַ גוטער בעל־מלאָכה, אַ געטרײַער יוניאָן־מאַן, לײַדנשאַפטלעך געלייענט דעם „פאָרווערטס", ספּעציעל די ראָמאַנען. זיי פלעגט ער שלינגען. און ווען ער האָט מיך באַגעגנט אין אַמע־ריקע, האָט ער זיך פאַר מיר אַפילו אַ באַרים געטאָן, אַז אין דעם וויסטן פינצ־טערן שאַרגאָראָד האָט ער געקאָנט ניצן בלויז זײַנע הענט. „אין אַמעריקע, מאָ־

טעלע, איז עפּעס אַנדערש, דאָ האָט אַ האַרץ אויך אַ ווערט. אָט זע אַליין — די יוניאָן איז האַרץ, דער אַרבעטער־רינג איז האַרץ, דער „פּיפּלס רעליף" איז האַרץ. ווען מען האָט אין שאַרגאָראָד געקענט אײַנפּאַלן דער געדאַנק 'איינער פאַר אַלע, אַלע פאַר איינעם'?"...

— צוויטנס, נחמיה. נחמיה איז שפּריניע דער קצבטעס יינגערער זון. נחמיה קען גוט דאָס קצבישע פאַך, צום ליבסטן האָט ער אָבער דאָס סאַמע קוילענען. ער בינדט די בהמה און טוט זי אַ וואַלגער מיט אַזאַ רציחה, ווי די בהמה וואָלט אים געוואָלט קוילען, נישט ער זי. זײַן גרעסטער פאַרגעניגן איז, ווען ער שנײַדט אויף דעם בויך — גלײַך נאָך דער שחיטה, און לאָזט זיך באַדעקן מיט דער „פאַרע", וואָס זעצט פון איר... (יאָטי־וועווע פאַרדרייט דעם קאָפּ אין אַ זײַט...).

אַ שוועסטער האָט ער, נחמיה, האָט זי ערגעץ געהערט, אַז מע וויל אַראָפּ־וואַרפן דעם קיסר און מע דאַרף שרײַען „דאָלאָי ניקאָלאַיו!", איז וואָס עפּעס, סטראַשעט זי דער מאַמען, אַז אָט גייט זי און וואַרפט־אַראָפּ דעם קיסר... שפּרי־ניע די קצבטע דערשרעקט זיך אויף טויט, און בעט זיך בײַ דער טאָכטער ווי בײַ אַ גזלן, זי זאָל זיך מיטן קיסר נישט אָנהייבן.... אָבער דאָס מיידל גיט נישט נאָך, סײַדן — — — די מאַמע וועט איר קויפן אַ נײַ סיטצן קליידל אויף שבועות, און מאַכן פאַר איר אַליין אַ מאַנע־קוגל — קוגל מיט מאַנע־גרײַפּלעך, דעמאָלט וועט זי דעם קיסר נישט טשעפּען, זי וועט אים לאָזן צורו...

דריטנס, אַוורעמל. אַוורעמל איז אַ שוחט (ער איז אַן אײדעם בײַ הערשל שוחט), אַ חזן אין סאַדיגורער קלויז מיט אייגענע משוררים, קען נוסח־התפילה און דאַוונט גאַנץ פײַן — פאַר אַ בעל־תפילה. איז דאָך אָבער די סאַדיגורער קלויז אַ מקום פון גבירים, האָבן זיי זיך אַ מאָל אָנגעזעצט אויף אים, אַז זיי ווילן עפּעס נײַעס. איבערצודערציילן וואָס פון דעם „עפּעס נײַעס" איז געוואָרן, וואָלט פאַרנומען צו פיל צײַט, און מיר האָבן נאָך צו דערציילן וויכטיקערע זאַכן, וועלן מיר אײַך בלויז דאָ זאָגן, אַז די גבירים אַליין האָבן זיך נאָך דעם „עפּעס נײַעס" — געבעטן בײַ ר' אַוורעמעלען, ער זאָל זיך אומקערן צום אַלטן. און לאָזט מיר אײַך זאָגן, אַז יאָרן און יאָרן האָט אַוורעמל מתפּלל געווען אויפן אַלטן שטייגער און פלעגט אויסבעטן בײַ דעם, וואָס לעבט אייביק, אַ גוט יאָר פאַר די מתפּללים פון זײַן קלויז, אויף אַלע ייִדן געזאָגט. גבירים האָבן מזל...

## אַרום שטאָט און אין שטאָט

מיר האָבן אַ קאַפּיטשקע פאַרכאַפּט. אייגנטלעך האַלטן מיר נאָך נישט אין שאַרגאָראָד, נאָר אַרום שטאָט. מיר זײַנען דערווײַל אויף דער באַלאַניע, נישט ווײַט פון דער בוינע.

פאַזע דעם וועג צו דער בוינע, איז דאָ נאָך אַ וועג, וואָס פירט צו דער באַרעבאָיעווקע. נאָר אַהין איז געזינטער נישט צו גיין, ווײַל די באַרעבאָיעווקער הינט האָבן פײַנט אַ ייִדן בתכלית השנאה. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן ליב בײַ ייִדן — זײַנען די ליטקעס פון די פיס... זעט איר, צו דערציילן וועגן דער באַרעבאָיעווקע טראָגט מיט זיך נישט קיין שום סכנה. וועל איך דאָס טאַקע טאָן, אויב איר האָט געדולד, און ווילט מיך אויסהערן.

אַז איר כאַפּט אַ קוק אויף דער ריטשקע, וואָס איז, ווי איר ווייסט שוין, דער המשך פון דער מוראַשקע, נאָר אַ סך שמעלער און דערפאַר אַ סך טיפער און רינגלט אַרום די הײַזער און גערטנער פון די שטאָטישע גויִשע „מעשטשאַניעס", וועלכע מע גייט אַריבער מיט „קלאַטקעס" און מע באָדט זיך דאָרטן, וועט איר באַמערקן, אַז די ריטשקע פאַראייניקט זיך מיט דער „לעוואַדע". די לעוואַדע איז אַ שנעל-לויפנדיק וואַסער, וואָס הייבט זיך אָן פון אַ קוואַל אויפן מעראַכווער וועג הינטער די האַלב-פריצישע הײַזער בײַם קאָשציאָל און לויפט אונטער דער דזשורינער ברום און אונטער דער בריק דורכן פריצישן וועלדל, וואָס איז אַרומגעמויערט, עס זאָל זיך חלילה נישט אָנשטעקן פון דעם שמוץ און געררוכן פון שאַרגאָראָדער לאַנגן פלאַץ, וואָס טראָגט דעם נאָמען „הינטער דער באָד".

דאָרטן איז די אמתע שטינקערײַ, די סאַמאָראָדנע גנילאָפּיאַטעווקע. דאָרטן קענט איר געפינען פון אַ געפגרטן פערד, ביז זאַכן, וועלכע מע וויל מיט זייער נאָמען נישט אָנרופן. פאַר ייִנגלעך אָבער, איז דער פלאַץ אַ גן-עדן. ערשטנס, צוליב דעם, וואָס דאָרטן קען מען זיך ווינטער גליטשן אויף די פאָדקאָוועס פון די שטיוול, און זומער קען מען אַריבער דעם פריצישן מויער און זיך אויסבאָדן אין דער קאַלטער לעוואַדע. די גאַנצע קונץ באַשטייט אין דעם, וואָס דעם רבין קען מען זאָגן, אַז מע דאַרף גיין אַהין צוליב אַ זייער געזעצלעכן ענין. (דער שטאָטישער בית-הכסא געפינט זיך דאָרטן). צווייטנס, קען מען דאָרטן טאַקע זען אינטערעסאַנטע זאַכן.

איז אָט דאָס פאַראייניקטע וואַסער לויפט אונטער אַ באַרג צו דער באַרעבאָיעווקער וואַסערמיל, וואָס איז אַפילו אַ סך קלענער און פּראָסטער פון דער שאַרגאָראָדער מיל. דערפאַר אָבער האָט דער פלאַץ די מעלה, וואָס דאָרטן זײַנען פאַראַן נאָך בעסערע ליטאָקעס ווי בײַ אונדז, נאָר אָן אַ פריידע ג.

איין חסרון האָט דאָס וואַסער דאָרטן: מע ווערט דערטרונקען. נישטאָ דער זומער, אַז עמעצער זאָל דאָרטן נישט אומקומען.

מאָטל ווייץ, יאָסל קאָזלאָווסקיס אייניקל, עטלס עלטערער זון (אַגב, איז כדאי צו דערמאָנען אַ קוריאָז: מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז עטל געווען די איינציקע פרוי אין שטאָט, וואָס האָט געדרויכערט.) — איז געקומען פון וואַרשע אַהיים אויף יום-טוב און אונדז ייִנגלעך דערציילט די וווּנדער פון וואַרשע, די מעשׂהס האָבן שוין אַרײַנגענומען אַ טײַך, וואָס הייסט ווײַכסל, און וואָס אין פאַר-

גלײַך מיט יענעם טײַך איז די „מוראַשקע" אַ פליג. ער האָט אונדז אויך דער־צײלט, וואָס פאַר אַ גוטער שווימער ער איז אין דעם וואַרשע געוואָרן, וואָס פאַר אַ קונצן ער פלעגט דאָס באַווײַזן אין שווימען „קלאַפּטער", אין גײן „טריט־וואַסער" און „אַז מע ווערט מיד — זאָגט ער — שווימט מען נאַזנדיק".

נעמט ער, אַט דער מאָטל, לאָזט זיך אַוועק יום־טוב צו דער באַרעבאַיעווקע צו כאַפּן אַ שווים אין דעם דאָרטיקן ליטאָקע־אַפּגוס.

...צוריק האָט מען אים שוין געבראַכט... אי, דאָס האָט גענומען שײנע עט־לעכע שעה, ביז מע האָט אים געפונען און אַרויסגעצויגן. און שטעלט אײַך פאָר, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטאָט יענעם מוצאי־שבועות און בײַ עטל און יאָסל קאָזלאָווסקי אין הויז...

דער איינציקער, וואָס פלעגט זיך באָדן דאָרטן, ווען בײַ גאָט אַ טאָג, דורכן גאַנצן זומער, און וואָס האָט נישט מורא געהאַט — נישט פאַר די הינט, און נישט פאַר דעם באַרעבאַיעווקער וואַסער, וואָס זוכט אַ קרבן — איז געווען באָריס קלאַרפעלד.

**
*

דורך דעם גאַנץ לאַנגן פלאַץ, וואָס מע רופט „הינטער דער באָד", נישט געקוקט אויפן נישט געהויבענעם נאָמען און נידעריקער רעפּוטאַציע, קען מען פון דעסט וועגן זען זייער אינטערעסאַנטע זאַכן. כ'מיין, אינטערעסאַנט פאַר אַזעל־כע בחורימלעך, ווי איך בין דאָס געווען.

אָט, למשל, וואָס איז ווערט אַזאַ שטיבל ווי דעם „בעל שמס", וואָס שטײט מיט אַ האַלב אָפּענעם דאַך, מיט אײן פענצטער אָן שויבן, נאָר מיט קאָרדאָן און קישעלעך פאַרשטעלט, אַנגעשפּאַרט אויף צווײ סלופּעס. אָט־אָט און דאָס גאַנצע הײַזל לײגט זיך אַנידער, ציט־אויס די קאָפּיטעס אויף דער ערד... גאָטעניו! — טראַכט איך איצט נאָך אַזוי פיל יאָרן — ווי האָבן דאָס מענטשן געקענט לעבן אין אַזאַ מין אָרעמקייט?...

אַ וואַסערפירער, אָדער בעסער געזאָגט, אַ וואַסערטרעגער איז ער, דער בעל־שם. מיר דאַכט זיך, אַז קײנער אין שאַרגאָראָד האָט זײַן אמתן נאָמען נישט געוווּסט. מע רופט אים „בעל שם", מן הסתם צוליב זײַן תמימות און מידות. עס האָט נאָך קײן מאָל קײנער נישט געהערט, אַז דער — שטילער ווי אַ טויב — ייִד, זאָל זיך ווען און אויף וואָס באַקלאָגן, אָדער חלילה עפּעס בעטן...

צוויי הילצערנע קאַנען מיט אַ „קאַראָמיסלע" טראָגט ער אויפן אַקסל און אין האַנט נאָך אַ פולן עמער מיט וואַסער. פון דעם לעצטן גיסט ער צו דעם קונה פאַר אַ פולער מאָס. טאָמער האָט ער חלילה פאַרגאָסן אַ ביסל פון „יענעמס וואַסער"... אַז מע פרעגט אים צוליב וואָס ער טוט דאָס, ענטפערט ער באַשײדן און שטיל: „במידה... במישקל"...

קען ער לערנען, דער „בעל שם"? אפשר יאָ, און אפשר נישט. אַז אַרײַנ־ציִען אים אין אַ לענגערן געשפרעך איז כמעט אוממעגלעך. ער האָט קיין מאָל קיין צײַט נישט; „ייִדן וואַרטן אויפן וואַסער, — זאָגט ער, — ייִדישע קינדער דאַרפן זיך וואַשן און זאָגן 'מודה', ייִדן דאַרפן זיך וואַשן די הענט און מאַכן 'המוציא'. מע דאַרף אָפּגיסן די הענט און בענטשן. מע האָט געזאַלצן פלייש, אָדער אַן עוף אויף שבת, און מע דאַרף דאָס אָפּגיסן, עס קען נאָך איבערגיין די שעה און עס זאָל, חלילה וחס, טריף ווערן. מאַלע אויף וואָס ייִדן דאַרפן וואַסער"...

אָט דאָס איז זײַן עובדה. מע זאָגט, אַז ער ציילט קיין מאָל נישט דאָס געלט, וואָס מע גיט אים. עס איז אַ סברה, אַז צו זײַנס גלײַכן — אָרעמעלײַט — טראָגט ער וואַסער אָן געלט אויך. איז ווי געזאָגט, ווייסט קיינער נישט, צי ער קען לערנען. מע ווייסט אַפילו נישט, צי ער קען דאַוונען ווי געהעריק.

נאָר עפּעס וועגן אים ווייסט מען יאָ... נאָך חצות הערט זיך פון שטיבל דער ניגון פון תהילים. מענטשן, וואָס האָבן זיך אונטערגעהערט, דערציילן, אַז קיין קלאָרע ווערטער האָבן זיי קיין מאָל נישט געהערט... נאָר דער ניגון. אָך, דער ניגון! ער איז אַזאַ זיסער, אַזאַ טרויעריקער, אַז זײַנס גלײַכן איז בלויז דאָ איי־נער אין שאַרגאָראָד, און דאָס איז גאָדיע דאָדניק, ווען איך אַליין ווער נישט מיר צו הערן יעדן שבת אין דער פרי זאָגן תהילים. אויך בײַ גאָדיען איז דער עיקר נישט די ווערטער, ווי דער ניגון...

איז אַ וווּנדער, וואָס מע רופט דעם ייִדן „בעל שם"?...

*****

גלײַך נאָך בעל־שמס שטיבל שטייט דאָס זייף־פאַבריקל, וואָס געהערט אַברהם זייפניק, עלקע דעם קדשעכעס זון. וועגן דעם אַברהמלען דערציילט מען, אַז ווען ער האָט חתונה געהאַט און געקראָגן נדן, איז ער געוואָרן אַ גלעזער. איז ער אָבער זייער אַ קורצזיכטיקער, פלעגט ער צעברעכן גלאָז אַזוי פיל, אַז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן אין נדן. האָט דעם ווײַבלס משפחה זיך אַרײַנגעמישט, און עס האָט געהאַלטן בײַ גט. איז מען אַוועק צום רבי. ר' חנוך ז"ל איז דעמאָלט גע־ווען רב אין שאַרגאָראָד. און חנוך דער רב איז געווען אַ גרויסער חכם, האָט ער אים געאָסרט צו זײַן אַ גלעזער, צוליבן עובר זײַן אויף „בל תשחית"... און האָט אים געעצהט, ער זאָל אָוועקפאָרן קיין אָדעס און זיך אויסלערנען מאַכן זייף. דער ייִד האָט געפאָלגט און שטאַרק מצליח געווען. זײַן זייף האָט אין אונדזערע מקו־מות געהאַט זייער אַ גוטן נאָמען און אָפּגאַנג. אַ קלייניקייט, שאַרגאָראָדער זייף! אָט דער אַברהם זייפניק האָט געקענט זינגען זמירות, ווי קיינער נישט אין שאַר־גאָראָד. ווער רעדט נאָך, אַז גאָט האָט געהאָלפן און עס זײַנען אונטערגעוואַקסן די קינדער, פלעגט שטאָט שטיין אונטער די פענצטערס שבת און יום־טוב (יום־טוב פלעגט ער זינגען פּאַסיקע קאַפּיטלעך תהילים, אויף אייגענער האַנט) — צו

הערן די ווונדערלעכע געזאַנגען. אַפילו חזנים פלעגן דאָס טאָן. און מערקווער־דיק, דאַוונען פאַרן עמוד, האָט ער מורא געהאַט, דער אַברהם, אַפילו נישט ווען ער האָט געהאַט יאָרצײַט.

***

און האָב איך דערמאָנט עלקע די קדשעכע, פיל איך פאַר מײַן חוב צו דער־ציילן וועגן איר. עלקע, ווען איך האָב זי געקענט און ווי איך געדענק זי, איז שוין געווען אַ זקנה. און אויב עס איז שײַך צו זאָגן וועגן אַן עלטערער פרוי „אַ קראַ־סאַוויצע" — איז זי דאָס געווען. קיין הײַנטצײַטיקע פרוי, וואָס איך האָב אין מײַן לעבן באַגעגנט, האָט איר היטעלע אַזוי נישט געפּאַסט, ווי עלקען איר זײַדן טיכל. און נישט בלויז די פיזישע, די גשמיותדיקע שיינקייט אירע האָט אײַך באַצויבערט, נאָר אויך די גײַסטיקע, די רוחניותדיקע שיינקייט, וואָס בײַ עמעצן אַנדערש דאַרף מען זי ערשט זוכן. אָט די גײַסטיקע שיינקייט און גוטסקייט זײַ־נען איר געווען אויסגעגאָסן אויפן פּנים, וואָס איז געווען אַזאַ, אויף וועלכן מע זאָגט, אַז „די שכינה רוט אויף דעם".

עלקע איז געווען אַ „שפּרעכערקע". און ווען זי האָט „געשפּראָכן" איז אײַך בשעת־מעשה, שוין אויפן אָרט געוואָרן גרינגער. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז געווען, וואָס גלײַך נאָכן „אָפּשפּרעכן" פלעגט זי אײַך בתמימות אַ זאָג טאָן: „נאָר צום דאָקטער, מײַן קינד, זאָלסטו גיין, אין גאַנצן פאַרלאָזן זיך אויף מיר זאָלסטו נישט"...

אין אַ זונטיק, אָדער אַ מאַרק־טאָג, פלעגן צענדליקער פּויערים באַלאַגערן איר הויז, און זי האָט „געשפּראָכן" מיט אַ מעסער אין האַנט. אָבער פּויערים פלעגט זי געבן רפואות אויך. און איך בין אַן עדות, אַז זי האָט געוווּסט נישט ווייניקער פון אַ רופא, וואָס צו געבן. ווײַל, ווען איך בין שוין געווען אַ שטיקל שמעלקע מיט דער אַפּטייקערשער וועלט, פלעגט זי בײַ מיר קויפן די רפואות און איך האָב זיך איבערגעצײַגט, אַז כאָטש זי האָט נישט געקענט, נישט לייענען און נישט שרײַבן (אַ חוץ דאַוונען, זאָגן תחינות און לייענען דעם טײַטש־חומש, פאַרשטייט זיך) — האָט זי געוווּסט אַ וועלט מיט טעראַפּיע, דאָס הייסט, הייל־מיטלען פון יענע צײַטן. ווען איך בין עלטער געוואָרן און געלייענט פרצן און זײַן באַשרײַבונג פון דער סקולער רביצין, האָב איך אַלע מאָל געטראַכט וועגן עלקע די קדשעכע...

## די וועלט פון חדר־יינגלעך

אָבער לאָמיר נישט פאַרקריכן אין אַנדערע מקומות. מיר זײַנען נאָך דער־ווײַל אַלץ „הינטער דער באָד" און איצט טאַקע הינטער דער סאַמע באָד. פיל

וועגן דער באָד אַליין קען איך אײַך נישט דערציילן. אַ באָד ווי אַלע בעדער. מיט אַ גרויסן שטיינערנעם אָנגעגליטן אויוון, אויף וועלכן מע גיסט וואַסער און עס ווערט אַ „פּאַרע"; מיט הילצערנע שעפּעלעך, מיט בלעטער־בעזעמלעך צו שמײַסן זיך; מיט אַן אייבערשטער באַנק, מיט די געשרייען: „אײַ, גוט! אײַ, גוט! אײַ, אײַ, אײַ, אַ מחיה! נאָך איינס, נאָך איינס! האַדיע!"... מיט נאַקעטע ייִדן, מיט אַ בעדער וואָס הייסט שלום סיראָטאַ, און וועלכן מיר וועגן וועלן דערציילן ווען די צײַט וועט קומען. איצט איז בלויז וויכטיק צו דערציילן, אַז פֿון איין וואַנט פון באָד, גייט אַרויס אַ גרויסע רער, דורך וועלכער די אומרייניע וואַסער פּאַלט־אַרײַן אין אַ ריוועטשיק, וואָס ציט זיך ביז דער סאַמע וואַנט פון פּריצישן וועלדל. איז זומער — קען מען לעבן יענעם ריוועטשיק דערשטיקט ווערן פון דעם ריח־ניחוח. דערפאַר אָבער איז ווינטער דאָרטן אַ לעבעדיקע וועלט פאַר חדר־ייִנגלעך, וואָס גליטשן זיך מיט די פּאָדקאָוועס פון די שטיוול אויפן פאַר־פרוירענעם ריוועטשיק. עס טרעפט אַפילו אַ מאָל אַ צרה — דאָס הייסט, עמעצער טראָגט־צו, פאַרמסרט צום רבין, אַז זײַנע תלמידימלעך גליטשן זיך אויפן אײַז; אָבער, עס לוינט די שטראָף. עס איז ווי אין פרק ווערט געשריבן: „יצא הפסדו בשכרו"...

אוודאי איז גרינג אַ זאָג צו טאָן „זיך גליטשן מיט די פּאָדקאָוועס פון די שטיוול אויפן אײַז". קודם־כּל, דאַרף מען דאָך האָבן שטיוול. וואָס טוט מען, אַז מע קומט פון אַ היים, וווּ שטיוול זײַנען נישט אין דער מאָדע? און אַז מיר זאָל זיך שוין אײַנגעבן צו פועלן בײַ דער מאַמען, זי זאָל איר בן־יחיד קויפן — אָנשטאָט שיך מיט קאַלאָשן — אַ פּאָר שטיוול, וועלן זיי דאָך ערשט זײַן אָן פּאָדקאָוועס. ווײַל ווער, איך בעט אײַך, וועט בײַ אונדז אין שטוב, ווו מע היט די געוואַקסטע פּאָדלאָגע, עס זאָל חלילה אויף איר קיין קראַץ, קיין „גאַנטש" נישט זײַן, דערלויבן שטיוול מיט פּאָדקאָוועס? מער האָט נישט געפעלט, נאָר שטיוול מיט פּאָדקאָוועס. איז דאָך, דאַכט זיך שלעכט, האַ? וואָס זשע טוט גאָט? האָט יאָסעלע — ישראל פאַריקלמאַכערס דווקא די אמתע פאַר שטיוול (אין אַזעלכע שטיוול, זאָגט מען אין שאַרגאָראָד, קען מען גיין קאַטאַרגע...) און מיט פּאָדקאָוועס, אשר לא פּאָדקאָווו אבותינו. איך קאַוויר אײַך, אַז זינט גאָט האַנדלט מיט פּאָדקאָוועס, האָט ער נאָך אַזוינע פּאָדקאָוועס נישט געזען. ערשטנס, זײַנען זיי שאַרף ווי אַוורעמל שוחטס חלף; צווייטנס, זײַנען זיי אין דער זעלבער צײַט גלאַט, ווי בײַ מאַטעס אַוועקבוך דער קאָפּ. מיט איין וואָרט — שטיוול־צאַצקעס. און פאַר אַ פירער (צוויי קאָפּיקעס) פאַרדינגט יאָסל אָט די שטיוול צו די אָנ־שטיוולדיקע ייִנגלעך אין חדר, צו גליטשן זיך אויפן אײַז. דער פירער גייט גלײַך אַרײַן אין דער קדושה. יאָסל פּטרט אים באַלד בײַ נח צוקערניק, וועלכער האָט זײַן צוקערניע גלײַך דערנעבן — אויף „נאָווענטלעך". פיר פרישע „נאָווענטלעך"

מיט מאַן, קריגט מען פאַר אַ פירער. זיי צעגייען זיך אין מויל. יאָסל האָט ליב „נאָווענטלעך״, ס׳לעבן.

מאָלט אײַך. עס איז נישט קיין גרינגע זאַך, צו פאַרדינגען שטיוול בײַ שלום גדליהס אין חדר, בשעת מע לערנט אַ בלאַט גמרא. ווײַל כאָטש דער רבי איז נישט קיין שלעגער; גראַד פאַרקערט, ער איז אַ נוח־לבריות, און מיר ייִנגלעך האָבן דעם רבין ליב ס׳חיות. האָט ער אָבער ליב צו מוסרן און טוט דאָס אויף אַזאַ אופן און מיט אַזעלכע מיטלען, אַז עס וואָלט אײַך באַדאַרפט פאַרגיין דער אַפּעטיט צו זינדיקן, עס הייסט, צו גליטשן זיך אויפן אײַז און אַפילו צו „נאָ־וועטנלעך״. דער רבי איז בקי אין אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין גיהנום. ער ווייסט די נעמען פון אַלערליי סמאַלעס, מיט וועלכע מע בראָט און מע ברענט ייִנגלעך, וואָס זײַנען מבטל די צײַט פון לערנען די הייליקע תורה און גייען זיך גאָר גליטשן. און דאָס, וואָס מע הענגט אויף בײַם צונג, ווי בײַ לייזער־בער דעם קצב אין יאַטקע דאָס פלייש, איז בײַ אײַך גאָר נישט? (הענגען בײַם צונג טוט מען, פאַר זאָגן טאַטע־מאַמען ליגנס, אַז מע האָט יאַקבי געלערנט אין חדר תורה, בשעת אין דער אמתן האָט מען זיך גאָר געגליטשט...).

אָבער ייִנגלעך גיבן זיך אַן עצה. אונטערן טיש, בשעת מע לערנט, בײַט מען זיך. מע גיט יאָסלען די שיך און מע נעמט בײַ אים די שטיוול. עס רעדט זיך, זאָל זיך אײַך דאַכטן, גרינגער ווי עס טוט זיך. מע דאַרף נישט נאָר אָפּטאָן דעם עסק, נאָר מע דאַרף דאָס מאַכן אַזוי, אַז דער רבי זאָל זיך נישט כאַפּן, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק. איר מעגט מיר גלייבן אויפן וואָרט, אַז מיר האָבן דאָס געמאַכט אַזוי קונציק, אַז גאָט אַליין וואָלט דאָס נישט באַמערקט, ווען נישט דאָס, וואָס נישט נאָר בײַ יאָסלען, וואָס האָט סײַ־ווי אַ פּנים מיט רויטע בעקעלעך (טאַקע מן הסתם פון עסן אַזוי פיל „נאָוועטנלעך״), נאָר אַפילו בײַ מיר, וואָס כ׳האָב אַ בלאַס פּנימל, און וואָס די מאַמע האָלט מיר אין איין פאַרגיסן מיט פישאייל — פלאַמט אויף מײַן פּנים.

נאָר מיר זײַנען גרויסע ריזיקאַנטן, גרויסע אײַנשטעלערס. און כאָטש די אָפּעראַציע איז אי אַ שווערע, אי אַ געפערלעכע, איז וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס, אין פאַרגלײַך מיט דער הנאה פון גליטשן זיך? איך בין מיט דער צײַט געוואָרן אַזאַ מאַדים אויף גליטשן זיך, ווי יאָסל אויף שלינגען „נאָוועטנלעך״. דער איינציקער חסרון איז געווען, וואָס פאַר מיר איז נישט געווען גענוג גליטש, און פאַר יאָסלען נישט גענוג „נאָוועטנלעך״...

***

און אַז מען שמועסט וועגן „נאָוועטנלעך״, דאַרפט איר נישט דענקען, אַז „נאָוועטנלעך״ זײַנען געווען די איינציקע זאַך, וואָס נח צוקערניק האָט געמאַכט. ביין, „נאָוועטנלעך״ זײַנען טאַקע געווען אַ וויכטיקער טייל, אפשר דער וויכטיק־

סטער טייל פון די נאַשערײַען, ווײַל „נאַוועגטלעך“ האָבן ליב געהאַט צו עסן סײַ קליין, סײַ גרויס. איך אַליין געדענק אַז מײַן עלטערע שוועסטער האָט געהאַט, וואָס בײַ אונדז פלעגט מען עס רופן — אַ שטריקער־קרײַזל. מיידלעך פלעגן זיך צוזאַמענקומען בײַ אונדז אין שטוב און שטריקן אַלערליי זאַכענישן. פלעגט מען זיך דאָרטן קיין מאָל נישט באַגיין אָן נאַוועגטלעך. מיך פלעגט מען שיקן נאָך די נאַוועגטלעך און דערפאַר פלעג איך קריגן אַ פירער, און דער פירער פלעגט גלײַך נאָך אַ מאָל אַרײַן אין נאַוועגטלעך — — — פאַר יאַסלען. אָבער ווי שוין געזאָגט, האָט די צוקערניע געמאַכט נישט בלויז „נאַוועגטלעך“. מע האָט דאָרטן געמאַכט צוקערקעס אין געשטאַלט פון האָנעכלעך און קאַטשקעלעך און אַנדערע חיות און עופות, וואָס האָבן געהאַט די מעלה פון שפּאָרן. בעת אַ „נאַוועגטל“ איז אַ חיה־שעה־זאַך, אָט איז דאָס, דאַכט זיך, אַ „נאַוועגטל“ און אָט שוין נישטאָ, איינגעשלונגען — זײַנען די האָנעלעך און קאַטשקעלעך געווען אַ זאַך, וואָס מע האָט זיך מיט זיי געקענט אי שפּילן זיך, אי לעקן. אַ לעק און אַרויסגענומען, אַ לעק און אַרויסגעכאַפּט און עס איז באַלד געוואָרן טרוקן, גלײַך ווי איר האָט דאָס קיין מאָל נישט געטשעפּעט. חוץ דעם פלעגט מען דאָרטן מאַכן לאַנגע שטעקל־צוקערקעס פון אַלערליי קאָלירן. אויך דורכזיכטיקע — צוקערקעס מיט קימל, אַנדערע מיט ווערעם־קרויט, וואָס מאַמעס פלעגן אַליין קויפן פאַר קינ־דער, וועלכע האָבן געהאַט ווערעם, צו געבן זיי אַלע ערב ראש־חודש. גלייבט מיר, עס זײַנען געווען קינדער, וואָס האָבן מקנא געווען יענע, וועלכע האָבן געהאַט ווערעם... מע פלעגט דאָרטן אויך מאַכן מאַנפּאַסיע. דאָס איז שוין אַ הײַנטיקער סאָרט נאַשערײַ, נישט אַזוי זיס ווי ווײַניק און האָט געקאָסט מער. דאָס האָבן שוין מאַמעס געקויפט פאַר כּיבוד.

אָבער מיט קיין זאַך איז נח צוקערניק נישט געווען אַזוי שטאָלץ ווי מיט די פּורימדיקע פלאָדנס, מיט ווײַסע צוקער־בלעטלעך, וואָס זײַנען טאַקע געווען ערשטנס, אַן איידעלע זאַך, צווייטנס, האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט אַ יום־טוב, און אַ גאַנצע שטאָט ייִדן פלעגן דאָס קויפן. פּאָרט עפּעס מער ווי גשמיות. אָרעמע ייִדן האָבן בײַ אים געקויפט בלויז די בלעטלעך און אַליין געמאַכט די געפילעכטס.

מיר חדר־ייִנגלעך פלעגן זיך אַרויסכאַפּן און עפּעס אײַנהאַנדלען דורכן טאָג. מיר האָבן זיך אָבער זייער געדאַרפט היטן — ניין, ניין איר האָט נישט געטראָפן, גראָד נישט פאַרן רבין, נאָר פאַר דער רביצן, ווײַל יעדע רביצן פלעגט אַליין מאַכן און פאַרקויפן צו די קינדער אַלערליי „לאַקאָמקעס“. אָט למשל, פלעגט מאַליע שלום גדליהס פּרעגלען געזאַלצענע טאַראַנקעס. און כאָטש איך בין דאָך נישט געווען זשעדנע קיין טאַראַנקעס, פלעג איך פאַר אירע, פאַר מאַליעס, מײַנע שונאים, די כּפּרה ווערן. אַזאַ כּוח און ווײַזט אויס טעם האָבן זיי געהאַט. איז ווי געזאָגט, האָט מען זיך געדאַרפט היטן פאַר דער רביצין, ווײַל זי האָט נח צוקערניק מקנא געווען און נישט פאַרגונען. איר שפּילט זיך מיט קאָנקורענץ...

**
*

אַ שכן צו נח צוקערניק איז אפרים מלמד מיט זײַן חדר. אפרים דאַרפט איר װיסן, איז נישט גלאַט אַ מלמד, װאָס קנעלט מיט ייִדישע קינדער און האָט אַ חזקה צו שטאַרבן פאַר הונגער. ניין, אפרים איז אַ ייִד אַ געשעפטסמאַן. האָט זײַן איינגנס אַ קראָם צװישן די קלייטן און פאַרקויפט אַלערליי טעפּ. ער איז תמיד פאַרנומען מער אין קראָם װי אין חדר. פאַרשטייט זיך, אַז זײַנע תלמידים זײַנען פרײַע מענטשן, אַזױ צו זאָגן.

מער װי אַ האַלבן טאָג שפּילט מען זיך אַרום אין אפרימס חדר אין װאָס פאַראַ נאַר שפּילן איר װילט, מערסטנטייל שפּילט מען זיך אין „מלך און קנעכט". מע פאָרמירט אַ גרויסן ראָד. אין איין זײַט שטייט דער מלך מיט שני למלך און דער לעצטער שרײַט אויס: „שיקט אַ שיינעם, אַ ריינעם, אַ פײַנעם אַ מלכס אַ קנעכט!" צװיי ייִנגלעך לאָזן זיך לויפן. דער װאָס דערלויפט שנעלער איז דער געװינער, און דער מלך נעמט אים אָן אין זײַן סוויטע. צו אָט דער שפּיל דאַרף מען אַ סך פּלאַץ, איז דער „הינטער דער באָד"-פּלאַץ, דאָס בעסטע ערטל אויף גאָטס ערד, ממש װי פאַר דעם באַשאַפן. און פאַרגעסן דאַרפט איר נישט, אַז כמעט אַלע חדרים אין שאַרגאָראָד געפינען זיך אין אָט דער סביבה.

מעגט איר זיך שוין אַליין אָנשטויסן, אַז פון אַלע חדרים פירט דער װעג, אי צו נח צוקערניק, אי צו אפרים מלמדס חדר, װאָס איז אַ לעבעדיקע װעלט פאַר זײַנע אייגענע תלמידים, װי אויך פאַר אַלע חדר-ייִנגלעך, װעלכע האָבן זיך אַרויסבאַקומען אויף דער פרײַ מיטן „זנאַמעניטע" תירוץ „רבי איך דאַרף גיין"...

## דער „קייסער"

חוץ שפּילן זיך, איז נעבן אפרים מלמדס חדר אַן אמתער טאָלטשאָק, אַ בירזשע. דאָרטן קענט איר אויסבײַטן אַלץ אין דער װעלט. פון אַ פּשוטן קנעפּל, ביז פישביינדלעך, װאָס איר האָט אַרויסגעצויגן פון אײַער שװעסטערס קאָרסעט. דאָרטן װערן געשעפטן געשלאָסן פונקט אַזױ, און מיט די זעלבע מיטלען און האַװאַיעס, װי די עלטערע ייִדן אויף דער טאָרגאָװיצע טוען דאָס מיט די פּויערים. דאָרטן צעפּטרן די ייִנגלעך, װאָס די מאַמעס האָבן מיטגעגעבן צו עסן. דאָרטן װערט מען אָפּגענאַרט פונקט װי אויפן אַדעסער טאָלטשאָק. איר קענט נישט זעלטן געפינען ייִנגלעך, װאָס האָבן אָפּגענאַרט אין מסחר, װי זיי שטייען און װיינען און געפינען נישט קיין מיטגעפיל און טרייסט בײַ קיינעם, קיינעם. װײַל חרטה איז נישט מעשה סוחר.

דאָרטן קומען אויך פאַר רויבערײַען. יאָ, יאָ, װי איר זעט מיך אַ ייִדן, רויבערײַען. דער גרעסטער פון די רויבערס איז יאָסל בורדיע.

יאָסל איז אַ בחורעץ פון אַ יאָר זעכצן. אָבער באשר ער האָט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ, נישט פאַר אונדז געדאַכט, גייט ער אַ גאַנצן לעבן אין איין חדר און האָט זיך נאָך גאָר נישט אויסגעלערנט. ער גייט צו יענקל משה מנשהס אין חדר. מע האָט שוין אויף אים אויסגעפּרובירט וואָס פאַרא מיטלען איר ווילט. נישט אַזוי אים עפּעס אויסצולערנען — אַזאַ האָפענונג וואָלט דער גרעסטער בעל־בטחון — אַ מלמד נישט געהאַט. שלאָגן, שלאָגט מען אים דערפאַר, וואָס ער מוטשעט און באַרויבט די יינגלעך. אָבער עס העלפט ווי אַ טויטן אַ מלא. אַזוי שנעל ווי יאָסל באַוויַזט זיך, זײַט איר נישט זיכער, נישט מיט אײַער עפּל, וואָס די מאַמע האָט אײַך מיטגעגעבן, נישט מיטן נאָווענטל, וואָס איר האָט נאָר וואָס געקויפט, נישט מיטן מעסערל מיט די דרײַ קלינגלעך און פּראָפּנציִער, וואָס אײַער פעטער האָט אײַך געבראַכט אַ מתנה ווען ער איז געווען צו גאַסט. ווען יאָסל הייסט אײַך עפּעס גיבן, איז פאַרפאַלן. יענקל משה מנשהס האָט אים שוין איין מאָל געקאַטעוועט מיט אַ קאַטשעלקע, זי צעבראָכן אויף אים און געחלשט. כ׳מיין, נישט יאָסל האָט געחלשט, נאָר דער רבי נעבעך, פון גרויס אָנשטרענגונג. נאָר געהאָלפן האָט דאָס אויך נישט.

ווען יאָסל איז שוין געווען אַ בחור פון אַ יאָר אַכצן, האָט אים זײַן טאַטע אַוועקגעגעבן צו שלום „פּראַטשקאַר״, דער מענדעליאָוועס איידעם, וואָס איז מיר דאַכט זיך געווען דער איינציקער אין יענער משפחה מיט אַ גאַנצן קאָפּ. שלום האָט געהאַט אַ װעשערײַ, וואָס האָט זיך אָנאָנסירט „ס׳דאָסטאַווקאָי נאַ דאָם״ (מיט צושטעלן אַ היים די וועש), האָט מען דעם יאָסלען, וואָס איז געווען אַ יונג, אַ ריז און האָט שוין אַפילו געוווּסט דעם וועג צו דאַרקעס טראַקטיר, ווו מען האָט געקענט קריגן סײַ בראָנפן, סײַ „וועטשינאַ״ (חזיר־פליש), געשיקט מיט צוויי גרויסע פּעק, אָפּצוטראָגן צו אַ קונה. האָט יאָסל שיינטשיק אָפּגענומען דאָס געלט און פאַרפאַלן געוואָרן אויף אַ פּאָר שעה. צוריקגעקומען איז ער אַ פאַר־שניאַשקעטער, און אַז מע האָט אים געפרעגט ווו דאָס געלט איז? האָט ער גע־ענטפערט (ער איז צו אַלע מעלות געווען אַ זאַיִקע) „מענהאָט געזזזזזזאָגט, מענ־האָט געזזזזזזזזז אַזזזזזי — — האָבן בײַדע נישט״ (מען האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן בײַדע נישט). נאָר דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. דערווײַל אָבער איז נאָך יאָסל, יאָסל און מיר לײַדן פון אים ס׳גהינום...

**
*

גיי זײַ אַ חכם און טרעף, אַז יאָסל וועט כאַפּן אַזאַ וויסטע, אַזאַ פינצטערע מפּלה. און פון וועמען? ממש אַ דוד און גלית־געשיכטע... הערט אַ מעשה, וואָס עס קען זיך טרעפן אַז גאָט וויל. און מעשה שהיה כך היה.

געווען אַ ייִד אַרום די איוואַשקעוועצער וועלדער, שמואל האָט ער געהייסן, און גערופן האָט מען אים שמואל פונעם וואַלד. געוווינט האָט ער אויפן דאָרף

כל ימיו, געווען אַ נאמן אין וואַלד און געהאַט פּרנסה בכבוד. דאָרף די „וואָלאָסט״ (די מאַכט) אָנהייבן זיך טשעפּען צו אים, אַז לויט די איגנאַטיעוו־געזעצן, טאָר ער אין דאָרף נישט וווינען... דער ייד נעבעך האָט זיך אויסגעבראַכט אויפן לויט, מאָלט אײַך, ביזן לעצטן העמד, באַוויזן מיט אותות ומופתים, מיט עדות, מיט פּאַפּירן, אַז נאָך זײַן זיידע האָט געוווינט אויפן דאָרף. נאָר עס האָט קיין זאַך נישט געהאָלפן. כרוקעלע גנב האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, און אין אַ שיינעם, אָדער מיאוסן פרימאָרגן — אים מיט זײַן משפחה אַרויסגעמשלחט בגראָמאַדע פון דאָרף... האָט ער זיך נעבעך אַרײַנגעקליבן מיט ווײַב און צוויי קינדער קיין שאַרגאָראָד. צו וואָס נעמט זיך אַזאַ ייד, וואָס האָט כל ימיו געהאַנדלט מיט געהילץ? (מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ווען ער טוט איין קוק בלויז אויף אַ „דיעליאַנקע״ אין וואַלד, ווייסט ער אײַך גלײַך, וויפל דאָס געהילץ וועט אַרײַנברענגען). פאַרשטייט זיך, אַז שמואל האָט זיך באַלד גענומען צו פאַרקויפן האָלץ צום הייצן. פעלן דאָך אָבער אין שאַרגאָראָד, ברוך השם, נישט קיין „הילצערנע יידן״ איז טאַקע מיט פּרנסה נישט געווען פריילעך. האָט זײַן עלטערער בחור נחום זיך גענומען צו אַ נישט לעגאַלן עסק. געקויפט ניט־באַנדעראָלנע טוטין, געשטאָפּט גילזן און פאַר־קויפט צו רויכערער. איר דאַרפט נישט זײַן קיין גרויסער נביא צו טרעפן, אַז מיר, חדר־יינגלעך, זײַנען געווען זײַנע בעסטע קונים. ווען מיר אַליין איז געווען אַזוי: איך האָב נישט געדאַרפט וואַרטן אויף נחומען, ער זאָל אָנהייבן פאַרקויפן פּאַפּיראָסן. מײַן טאַטע האָט גערויכערט מעסאַקסודיס טוטין און אַליין געשטאָפּט גילזן. עס רעדט זיך נאָר אַזוי — אַליין אני הקטן בין געווען דער גילזע־שטאָ־פּער. און אַז איר וועט טראַכטן, אַז איך האָב אַזוי אַרומעט אָנגעהויבן רויכערן, וועט איר קיין גרויסן טעות נישט מאַכן און נישט זײַן אויסן וועג. איין חסרון האָט געהאַט דאָס רויכערן אין דער היים. ערשטנס, אַ טאָפּלטע עבירה, אי דאָס „נעמען״, אי דאָס רויכערן. צווייטנס, אין דער היים קען מען דיך כאַפּן צו יעדער מינוט. איז אָט האָט מיר גאָט געהאָלפן. בײַ נחומען אין הויז קען מען רויכערן פראַנק און פרײַ. יינגלעך רויכערן בציבור און מע דאַרף פאַר קיינעם זיך נישט היטן.

איז דאָרטן בײַ דעם וואַלד־יידן געווען אַ יינגל שלמהלע, איז דאָס געווען אַ שלמהלע פון גאָט. אויסגעזען האָט ער גאָר נישט ווי אַ בחורל, וואָס איז אויס־געוואַקסן, ווי די הײַנטיקע זאָגן, „אויף דער שויס פון דער נאַטור״, אין וואַלד, אין דאָרף. אַ דאָרינקער, אַ בלייכינקער. נאָר אַ יינגל איז דאָס געווען אש־להבה, פלאַם־פײַער. אין יעדער זאַך שנעל ווי אַ בליץ. אין טראַכטן, אין רעדן, אין גיין, אַפילו אין לערנען. כאָטש ער איז אָנגעקומען אין גאַנצן אַ רויער, האָט ער זיך פון דעסט וועגן שנעל אויסגעגלייכט מיט אַלעמען, אַפילו מיט די בעסטע תלמידים פון חדר. און גוט איז ער געווען ווי לעקעך. אין איין זאַך איז ער גאָר געווען אַן אויסנאַם, ער האָט קיין עוולות נישט געקענט פאַרטראָגן, נישט קענען זיך, נישט

קעגן אַנדערע. און מורא איז געווען אַ זאַך, פון וואָס ער האָט לחלוטין נישט געוווסט.

דאַרף זיך מאַכן אַזוי, אַז יאָסלען האָט זיך צוגעגעסן צו זײַן גלאָט אַ יאָסל — בורדיע און ער האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ קיסר. אָט ווי איר זעט מיך אַ ייִדן. נישט מער און נישט וויניקער, נאָר אַ קיסר. און ווי איז געווען יענעם ייִנגל, וואָס האָט, אָדער נישט געוווסט, אַז יאָסל איז מיט גאָטס הילף געוואָרן אַ קיסר, אָדער נישט אָנערקענט אים פאַר אַזוינעם.

און דער סדר איז געווען אַ פשוטער; יאָסל פלעגט צוגיין צו אַ ייִנגל און אים אַ פרעג טאָן: „וואָס בין איך?" האָט יענער געענטפערט „אַ קיסר" איז געווען אַ האַלבע צרה, איז מע אָפּגעקומען אַ ביסל מיט שרעק און אַ ביסל מיט וואָס מע האָט געהאַלטן אין האַנט, אָדער אין קעשענע. נאָר האָט מען נישט געענטפערט „אַ קיסר" האָט מען געכאַפּט אַ כמאַליע וווהין יאָסל האָט נאָר געטראָפן, און די גוטע זאַכענישן, האָט ער סײַ ווי סײַ צוגענומען.

***

אין איין שיינעם בײַ טאָג, ווען אויף דער בירזשע נעבן אפרים מלמדס חדר איז אָנגעגאַנגען אַ הייסער האַנדל, לויפט אָן יאָסל, כאַפּט אָן אונדזער שלמהלען און טוט אים אַ פרעג: „וואָס בין איך?" און שלמהלע טוט אים אויף גיך אָן ענט־פער „דו ביסט אַ יאָסל־בורדיע, ביסטו". נישט לאַנג געטראַכט פאַרמעסט זיך יאָסל צו דערלאַנגען דעם ייִנגל אַ פּלעם, — — — אַוודאי האָט דער ספּריטנער שלמהלע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר דאַרפישע אײַזערנע שטיוול, מיט די גאָר־גאָר פײַנע האַרטע שפּיצן, אים בליץ־שנעל פאַרפאָרן מיט אַ שפּיץ אין אַ ריכטיקן אָרט, וואָס אַז מע קריגט דאָס, איז מע מיטן לעבן נישט זיכער. וואָס טויג אײַך גרויס. יאָסל האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג זײַנער, און אָנגעהויבן קאַוווטשען ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה. אַלע ייִנגלעך זײַנען זיך צעלאָפן. זיי האָבן זיך אויף אָן אמת דערשראָקן. געמיינט, אַז דאָס ייִנגל האָט יאָסלען דערהרגעט אויף טויט.

נו, מילא, דערהרגעט נישט דערהרגעט, נאָר ווען אפרים מלמד מיט זײַנע דיקע שפּאַקולן איז אָנגעקומען און דערהערט, אַז עמעצער קרעכצט און וויינט פון מוראדיקע ווייטיקן, האָט ער אָנגעהויבן מיט זײַנע קורצזיכטיקע אויגן זוכן פון וואַנעט עס קומט, ביז ער האָט יאָסלען מער אָנגעטאַפּט ווי דערזען און אַליין אויך געמאַכט אַ געוואַלד, ווײַל יאָסל האָט געטענהט, אַז מע האָט אים דערהרגעט. איז מען זיך צונויפגעלאָפן, געבראַכט יענקל משה מנשהס און יאָסלס טאַטן און מע האָט דעם שיינעם התן־בחור יאַקאָש אַהיימגענומען.

צוויי וואָכן איז דער קיסר געלעגן אין היץ, געבערעגט ווי אַ שטרויענער דאַך און פון היץ געשריִען „איך בין קיסר!" „נעמט אַוועק די שטיוול!" און נאָך

אַזעלכע קלוגע רייד. לסוף האָט ער זיך אויסגעטשוכעט און געבליבן אַ יאָסל און בורדיע, נאָר קיין קיסר איז ער שוין מער נישט געווען, און פון חדר האָט מען אים אָפּגענומען.

ער האָט נאָך אַ פּאָר מאָל פּרובירט קומען אויף דער בירזשע פּראָווען זײַנע שטיק, אָבער די יינגלעך זײַנען שוין געווען אין גאַנצן אַנדערע. ווי דורך כישוף האָט זיך די מורא אָפּגעטאָן פון זיי, און ווי ערגעץ בײַ גאָט אַ שטיין, אַ שטיק האָלץ און וואָס נישט, איז דאָס געפלויגן דעם קיסר גלײַך אין קאָפּ אַרײַן.

די רעוואָלוציע קעגן דעם אמתן קיסר אין 1905, קעגן ניקאָלאַיקען אַלעוור־האַשנאָבל, איז טאַקע געווען אַ דורכפאַל, אָבער די קינדערשע רעוואָלוציע קעגן קיסר יאָסל בורדיע, איז געווען אַ פולשטענדיקער דערפאָלג.

## ווילטאָג — נאַשערייען

אויב איר דענקט, אַז מיט נחס צוקערניע ענדיקט זיך די נאַש־מלוכה אויפן גרויסן פלאַץ פון דער „הינטער דער באָד", האָט איר, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, אַ גרויסן טעות. זאָגט נאָר, ווי האָט איר האָלט אַ גרויסע פירעשקע, אַ הייסע, אָנגעפילט מיט זאַפטיקע ווײַניקע ווײַנשל? אָדער למשל, אַ שטיקעלע כרוסטקע מאַנדל־ברויט, נאָר וואָס פון אויוון? אָדער נאַפרימער, זאָל זיך אײַך דאַכטן, אַ שיין געשניטן וואַרעם שטיקל עפּל־שטרודל מיט ראָזשינקעס, נאָר וואָס אָפּגע־באַקן? אָדער שאַט! וואָס איז ווערט אַ הייסער פּאָפּאָלעק אָנגעשמירט מיט געריי־בענעם קנאָבל און הינער־שמאַלץ, אין אַ קאַלטן פראָסטיקן טאָג, גלײַך נאָכן גליטשן זיך? און הייסע וואַרעניקעס מיט קאַרטאָפל, וואָס זײַנען טעם גן־עדן, זײַנען אַ הונט? און וואָס הערט זיך עפּעס מיט קאַשע־קנישעס? און גלאָט פּריי־שינקע אייעריקע בולקעלעך גייען בײַ אײַך צו פוס? און יאָ, הייסע, זיסע בייגע־לעך, וואָס קומען זעקס אויף אַ שנירל און צעגייען זיך אין מויל, אַזוי ווי דער מן אין דער מדבר? איאָ אַ פײַנער אויסוואַל? און דאָס אַלץ אין איין פּלאַץ.

איך וועל אײַך נישט ציִען דעם קליאָק פון די ביינער, איך וועל אײַך גלײַך מגלה סוד זײַן. אָט די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן און נאָך אַנדערע נישט ווייניקער באַטעמטע קענט איר קריגן בלויז אַ פּאָר טריט פון אפרים מלמדס חדר, בײַ שרה די בעקערין. אמת, דאָס שמעקט שוין נישט מיט גראָשנס, קאָפּיקעס, אָדער פירערס. דאָ ברודערל, דאַרף מען האָבן זעקסערס, צענערס און אַפילו גריוונעס. נאָר ערשטנס, זײַנען אין חדר דאָ גבירישע קינדער, וואָס זײַנען נישט אָן הערצער און מע קען זיך געבן זיי אויך אַ קאַפּיטשקע „פּאָזשיווען". צווייטנס, אַז איר זײַט אַזאַ פאַרדינער ווי איך, איז דאָס בײַ אײַך אַ שפּילעכל.

אויב איר וועט מיר געבן אײַער ערן־וואָרט, אַז איר וועט האַלטן אַ סוד און טאַקע קיינעם, קיינעם נישט אויסזאָגן, וועל איך אײַך דערציילן, ווי אַזוי איך בין דאָס אַזאַ גרויסער פאַרדינער.

וואָרום וויסן זײַן דאַרפט איר, אַז קינדווײַז פלעגט מײַן מאַמע מיך קאַר־מענען מיט פיש־אייל, ווײַל איך בין געווען אַ בלייך ייִנגל. איך בין דווקא געווען אַ גוטער עסער, נאָר קיין לויט האָב איך נישט אָנגענומען. די באָבע נחמה — (איך וועל אײַך אַ מאָל באַקענען מיט איר) פלעגט זאָגן אויף מיר, אַז „ער עסט, און עס עסט אים" און זי איז נישט געווען אויסן ווײַט, מײַן אַרומלויפן ווי די וועלט האָט אַן עק איז געווען חוץ לדרך־הטבע.

פאַרשטייט איר מיך. דער טאַטע איז געווען אַ גאַנצן זומער אין אַסטראַכאַן מיט זײַנע פיש־געשעפטן, און ווינטער ווען ער איז געווען אין דער היים, האָט ער זיך אויך נישט געמישט אין סיכסוכים, וואָס בין קינדער למאַמע... און די מאַמע אַליין? בײַ איר בין איך אַ בן־יחיד. מאָלט אײַך, פינף מיידלעך און איין שטיקל ייִנגל „איין אויג אין קאָפּ" און אין לערנען זיך, אַ גוט ייִנגל. למאַי זאָלן מיר זיך נאַרן, עס איז מיר אָנגעקומען גרינג דאָס לערנען. איך געדענק נישט איין מאָל, דער רבי זאָל אויף מיר שרײַען פאַר נישט גוט לערנען זיך. פון שלאָגן איז דאָך אָפּגערעדט. מער וואָלט אים נישט געפעלט, דעם רבין. איז אָט דער פיש־אייל (אויל איז שוין אפילו אין יענע יאָרן און אפילו אין שאַרגאָראָד געווען אַ גאָלדן געשעפט) — פאַר מיר געווען אַ גאָלד־גרוב.

דעם פיש־אייל פלעג איך קויפן בײַ הערשל שיע־חיימס (ער האָט געהאַט אַ קאַסאָקע בחור „וואָס קוקט אויף הירזש, און קויפט פּראָסע") פלעגט ער טאַקע אָפּמעסטן אַ קוואָרט ריכטיק. נאָר, אַז עס איז געקומען צום אָנגיסן דעם פיש־אייל אין מײַן פלאַש, פלעגט ער צעגיסן מער, וויפל אָנגיסן. פאַר מיר איז דאָס דווקא געווען אַ מעלה, מחמת וואָס ווייניקער איך האָב געקראָגן, אַלץ געזינטער איז דאָס געווען פאַר מײַנע געשעפטן... ווײַל די מאַמע פלעגט מיר צאָלן אַ האַלבן רובל פאַר יעדן פלעשל, וואָס איך האָב אויסגעטרונקען. הײַנט רעכנט אַליין אויס, אַז וואָס שנעלער איך האָב אויסגעטרונקען, אַלץ מער האַלבע רובלס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין מײַנע הענט. עס מוזן נאָך עד־היום בײַ מענדל־הערשן אין „ווילעטשקע" זײַן סימנים פון יענעם פיש־אייל. ווײַל מער ווי געטרונקען, האָב איך אויסגעגאָסן. (דער קאַסאָקע בחור בשוגג, און איך במזיד).

און אָט אַזוי אַרום בין איך געוואָרן איינער פון שרה דער בעקערינס בעסטע קונים. און מיינט נישט חלילה, אַז איך בין געווען אַזאַ זולל וסובאניק. נאָר פשוט, איך האָב געהאַט אַ סך גוטע ברידערלעך און האָב קיינעם נישט גע־זשאַלעוועט...

עס וואָלט נישט געשאַדט, אַז איר זאָלט זיך באַקענען מיט שרה די בעקערין.

שרה איז אַן אַלמנה. און ווען איר מאַן איז געשטאָרבן, איז זי נאָך געווען זייער יונג און זייער שיין. האָט ער זי איבערגעלאָזט — דער מאַן, אויפן וואַסער מיט איין קינד, אַ יינגל. געווען איז זי פון באַלעבאַטישן שטאַנד און האָט באַלד געוועז געקענט חתונה האָבן. קיין בעלנים האָבן איר נישט געפעלט, נישט בלויז צוליב איר יונגשאַפט און שיינקייט, נאָר אויך צוליב אירע אַנדערע מעלות, ווי גוטסקייט און חכמה, ווי אויך ווילקענעוודיקייט. זי האָט געקענט לייענען און שרייבן און אַפילו זינגען. לאַכט נישט, יאָ זינגען. זי האָט געקענט נאָכזאָגן און איבערזינגען אַלץ וואָס בעניע חזן האָט געזונגען. פרעגט מיך נישט איצט ווער בעניע חזן איז געווען, איך קען אײַך אַלץ אויף איין מאָל נישט דערציילן. אויף אַלץ — וויל איך אײַך פאַרזיכערן — וועט קומען אַ צײַט. און אין צײַט, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, וועל איך אײַך דערציילן ווער און נאָך מער וואָס, בעניע חזן איז געווען. אויף איצט וועט זײַן גענוג, אַז איך וועל אײַך זאָגן, אַז יאָרן און יאָרן נאָך בעניעס אָוועקפאָרן פון שאַרגאָראָד קיין לאָנדאָן, האָט שטאָט גע־בענקט נאָך אים, און נאָך זײַן חזנות. זײַנע קאָמפּאָזייעס פלעגן זינגען: בעלי מלאכות בײַ דער אַרבעט און ווײַבלעך בײַם אויוון. פון גלאָט באַלעבאַטים איז דאָך אָפּ־גערעדט. ייִדן בעתן פאָרן אויף ירידים און נאָך מער ווען מע איז געפאָרן פונעם יריד און גאָט האָט געהאָלפן, מע האָט אַהיימגעפּירט אַ גוטן פדיון, און עס וועט סטײַען אי צו געבן דעם וואָכערניק אויפן חוב, אי צו מאַכן שבת, און אויפן האַרצן איז גרינג, פלעגן זיי, די ייִדן, זינגען בעניעס „שטיקלעך".

חוץ די אַלע מעלות, וואָס איך האָב אויסגערעכנט, וועלכע שרה האָט פאַר־מאָגט, האָט זי נאָך געהאַט אַ פּאָר גאָלדענע הענט, געקענט קאָכן און באַקן, נייען און שטריקן. אַז איר זײַט אַרײַנגעקומען צו איר אין באַשקע (זי האָט געוווינט בײַ יענקל קאַצאַפּ אין דער אונטערשטער דירה) האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן: האַנטעכער אויסגענייטע מיט די וווּנדערלעכסטע אוזאָרן, אויפגעהאַנגען מיט גע־שמאַק אויף די ווענט, טישטעכער האַנט־געשטריקטע, וואָס מע וואָלט געדאַרפט גיין אויף חידושים אָנצוקוקן. גאָטעניו ליבער! ווי אַזוי האָט די פרוי אין איר פאַרהאַוועטקייט און שווערער אַרבעט געפונען די צײַט, און געהאַט געדולד פאַר דעם אַלעמען? שרה האָט אין איר גרויסער ליבע צו איר יתום אים נישט געגעבן קיין שטיף־טאַטן און אַליין אים דערצויגן. אַרײַנגעלייגט אין קינד איר גאַנצע — מאַמעשע ליבע. און כדי דורכצופירן איר באַשלוס צו זײַן אי טאַטע אי מאַמע, איז זי געוואָרן אַ בעקערין. קיין גרויסע גליקן האָט זי פון בעקערײַ נישט געמאַכט, זי האָט אָבער אויך קיין נויט נישט געליטן, און דעם ייִנגל איז געווען בעסער ווי גבירישע קינדער. די בעקערײַ האָט זי, ווי איר ווייסט שוין, געהאַלטן בײַ יענקל קאַצאַפּ אין באַשקע. יענקל קאַצאַפּ האָט געהאַט אַ האַלב־מאָדערנע גרויפּן־מיל, טאַקע בײַ זיך אין הויז, געהאַט שיין פרנסה און עס האָט אים גאָר נישט

געפעלט אַ חוץ קינדער. ער און רעכל זײַנען ווײַב זײַנען אויסגעוועזן בײַ ווו נאָר ערגעץ אַ רבין, און ווו נאָר ערגעץ אַ דאָקטאָר. נאָר קיין זאַך האָט נישט געהאָלפֿן. מיט דער צײַט האָבן זיי אויפגעגעבן אַלע האָפֿענונגען צו האָבן אַ קינד.

דאָס זײַן קינדערלאָז, האָט אויףביידן געהאַט אַ פאַרשידענע ווירקונג: יענקל איז געוואָרן האַרט ווי אַ שטיין, פאַרביטערט און אויפגערעגט, און אַרויסגעוויזן שנאה צו קינדער. רעכל אָבער איז געווען די גוטסקייט אַליין, און האָט ליב געהאַט קינדער מיטן לעצטן חיות.

דאַרפֿן בײַ אָט דעם יענקלס דירה זײַנען צוויי קײַלעכדיקע דינע סלופּעס, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן די געבײַדע. די סלופּעס זײַנען געווען הויך און גלאַטיק און עס איז ממש געווען אַן עבירה פאַר גאָט, מע זאָל זיך אויף זיי נישט אַרויפֿ־דראַפּן און זיך צוריק־אַראָפּגליטשן. עס איז געוואָרן דער באַליבטסטער ספּאָרט פון אַלע חדר־ייִנגלעך. נו, פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז יענקלען איז געגאַנגען אין לעבן צו כאַפּן די ייִנגלעך און זיי אָנברעכן די ביינער, אָדער אַמווייניקסטנס אָנדרייען אַן אויער. און כאָטש די ייִנגלעך זײַנען גרינג אויף די פיסלעך און האָבן זיך, בדרך כלל אויסגעדרייט און געמאַכט פליטה, איידער ער, יענקל, האָט באַוויזן צו כאַפּן עמעצן. אַנדערע האָבן אַפילו נאָך באַוויזן אַ קונץ, פון דער ווײַטנס זיך אויסצודרייען און אַרויסשטעקן יענקלען אַ צונג. אָבער, עס זאָל זיך אַזוי נישט טרעפן, ווי עס טרעפט זיך, און יענקל פלעגט אויך אַ מאָל כאַפּן אַ בחורל אויף וועלכן ער האָט געטשאַטעוועט אין געהיים. האָט אָבער רעכל גע־האַלטן אַן אויג אויף איר פאַרביטערטן מאַן, און אין דער ריכטיקער מינוט, אַזוי ווי אַ מלאך פון הימל, זיך אַ יאַווע געטאָן, און אַ שוואַרצן סוף האָט שוין געכאַפּט יענקל, נישט דאָס חדר־ייִנגל... זי פלעגט דאָס איר מאַן אַרײַנזאָגן, אַז עס איז אים געוואָרן פינצטער אין די אויגן: „נישט געצנוג, וואָס אַ ייִד איז אַ גאָרנישט און אַ „בעזדיעטניק", איז ער נאָך צו אַלע גליקן אַ קאַצאַפּ און אַ גזלן אויכעט"... אָט אַזוי, בזה הלשון. און דאָס ייִנגל האָט זי פאַוואָלינקע באַפרײַט פון יענקלס הענט און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל קיין מורא נישט האָבן און זיך גליטשן אויף די סלופּעס וויפל נאָר ער וויל, וויפל זײַן האַרץ גלוסט.

צווישן שרה דער בעקערין און רעכלען איז געווען אַ בונד פון פרײַנדשאַפט, — איינער אין דער וועלט, און אַלץ אַרום דער ליבשאַפט צו שרהס ייִנגל דעם יתום. שיריים פון אָט דער ליבשאַפט האָבן שוין אויך גענאָסן מיר, חדר־ייִנגלעך.

## וואָס איז אַ נאָמען?

געהייסן האָט ער איציע, גערופן האָט מען אים איציע ראַק. נאָר טאָמער האָט איר ערגעץ ווו אַ חשד, אַז דער ייִד איז געווען אַן אַפּיקורס און געגעסן ראַקעס,

מאַכט איר, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, אַ גראָבן טעות. אַזעלכע הפקר־פּעטרישקע ייִדן, זײַנען אין שאַרגאָראָד נישט געווען. מע האָט אַפילו אויף געוויסע שאַרגאָ־ראָדער יאָ געמורמלט, אַז זיי זײַנען נישט שטאַרק אָפּגעהיט אין ענין כשרות, נאָר דאָרטן האָט זיך מן הסתם געהאַנדלט וועגן אַ שטיקל בשר־קוויטש, אָדער כדומה אַזעלכע זאַכן... אָבער ראַקעס עסן אין שאַרגאָראָד. גייט שוין גייט. מע וועט פון אײַך לאַכן אין די הויפּנס... ראַק האָט מען דעם איציען גערופן צוליב די מעשהס, וואָס ער פלעגט דערציילן פון גוטע ייִדן, פון נסים, פון מופתים, פון אַ דיבוק, וואָס דער טאַלנער רבי, ר׳ דודל ז״ל, האָט אַרויסגעטריבן פון אַ מיידל, וואָס האָט געוויגן דרײַ פּוד. ס׳הייסט, נישט דאָס מיידל האָט געוויגן דרײַ פּוד. דאָס מיידל נעבעך איז געווען אַ סגאָסט פון אַ מענטש — נאָר דער דיבוק... מעשהס וועגן אַ ייִדן אַ מילנער, וועלכער פלעגט נעכטיקן אין מיל, און לילית ימח שמה, די קעניגין פון די שדים, האָט אים פאַרפירט, און ער האָט מיט איר יעדע נאַכט געלעבט ווי מאַן און ווײַב. און אַליין איז דער ייִד גאָר געווען אַ באַווײַבטער. ווי ר׳ דודל טאַלנער, זכותו יגן עלינו, האָט אים געמוזט אָפּגטן פון אָט דער לילית, וועלכע דער רבי האָט געהאַלטן הינטער אַ לײַלעך... „ווען מע האָט איר דערלאַנגגט דעם גט — דערציילט דער איציע — איז אין שטוב געוואָרן אַ רויך און סע האָט געהאַלטן בײַ אַ שרפה, ווען דער רבי, חלילה, זאָל נישט געווען געדענקען די צרופים, וואָס אליהו הנביא פלעגט מיט אים לערנען בײַ נאַכט, ווען דער רבי פלעגט האָבן גילוי אליהו״... און נאָך אַזעלכע שיינע — נאָר שרעקלעכע מעשהס פלעגט אָט דער איציע דערציילן. האָט ער אָבער געהאַט אַ טבע צו ניצן בײַ יעדער פּאַסיקער און נישט פּאַסיקער געלעגנהייט דאָס לשון קודשדיקע וואָרט „רק״, וואָס מיינט בלויז אָדער נאָר. למשל, „דער דיבוק, ער בעט זיך, רק ער וויינט, מע זאָל אים אָדער לאָזן אין דער מיידל, אָדער געבן תיקון. דער רבי זכותו יגן עלינו, טוט זיך רק פאַרשטעלן די אויערן מיט צוויי פינגער, און רק ער וויל נישט הערן״...

געוווינט האָט איציע ראַק די צווייטע הויז פון יענקל קאַצאַפּ. זײַן פּרנסה איז באַשטאַנען אין אויפקויפן דערשאָסענע חיהלעך, ווי האָזן, טכוירן, פּיקסלעך און אַפילו אַ מאָל, אַז גאָט האָט געהאָלפן — אַ הירש. זיי אָפּשינדן אויף אַ קונציקן אופן (איינגטלעך פלעגט ער זיי אויסשיילן) נאָך דעם זיי אָנשטאָפּן, געמאַכט זיי אויסקוקן ווי לעבעדיקע, און זיי פאַרקויפן צו די פּריצים. קיין גביר איז ער נישט געווען, נאָר קיין נויט, האָט מען נישט געליטן.

געהאַט האָט ער דרײַ טעכטער. דרײַ מיידלעך התונה צו מאַכן. געדענק איך ווי ער האָט די עלצטע אויסגעגעבן פאַר אַ טשערנאָוויצער יונגנמאַן, אײַזיק האָט ער געהייסן און געהאַט אַ גוליע הינטערן אויער.

שווער און אײדעם האָבן געהאַט די זעלבע געווויהנהייטן. אָט למשל האָבן זיי ליב געהאַט הייסע זודיקע טיי. אין דער וואָכן פון סאַמאָוואַר און שבת פון דעם

„אויפן אויוון” פון אַ גרויסן טשײַניק, אָדער גאָר פון דער „טשײַנע”, וואָס מע פלעגט קויפן שבת בײַ דער ליפּעכע, און מע האָט נישט באַדאַרפט באַצאָלן, ווי מע האָט אסתרן דער קעלפּעטשקע שבת נישט באַדאַרפט באַצאָלן פאַר זעלצער וואַסער און מיאַטנע צוקערקעס.

ביידע, שווער און אײדעם, האָבן ליב געהאַט מעשהס ס׳לעבן, סײַ צו דערציילן, סײַ צו הערן. דער שווער: וועגן שדים, נישט־גוטע, און, להבדיל אלף הבדלות רבײַם, צדיקים און דאָס גלײַכן. און דער אײדעם: וועגן גנבים, גזלנים און דאָס גלײַכן. און אַזוי פלעגט דאָס גיין: אַ גלאָז זודיקע טיי פאַר יעדן און דאַן — „איך דיר אַ מעשה וועגן אַ דיבוק און דו מיר אַ מעשה וועגן גזלנים וואָס זײַנען באַפאַלן ייִדן, וועלכע זײַנען געפאָרן פונעם יריד”...

איז ווי געזאָגט, טיי פלעגן שווער און אײדעם טרינקען צוזאַמען און האָבן זיך אַזוי ספּעציאַליזירט, אַז מיט איין קליין שטיקל צוקער פלעגן זיי קענען אויס־טרינקען אַ ים מיט טיי. יעדן טאָג פון וואָך פלעגט מען טרינקען טיי, ווען עס האָט זיך נאָך געמאַכט. שבת אָבער, פלעגט דאָס „טשײַעווען” פאָרקומען פאַר־נאַכט־צו, שוין נאָכן שבתדיקן שלאָף.

גלײַך אָבער נאָכן שבת־עסן, איז אין איציע ראָקס שטוב געגאַנגען אַ סדרה קנאַקן קערלעך (סעמעטשקעס). דאָס לעצטע איז געווען אַן אמתער ריטואַל. עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען בחורים און מיידלעך און מע פלעגט בציבור טאָן די עבודה פון קנאַקן קערלעך. און דאָ איז שוין פאָרגעקומען פונקט דער היפּוך פון טרינקען טיי, ווײַל בעת אַ גרויסער טייל פון נחת בײַם טרינקען איז געקומען פון ריידן און דערציילן מעשיות, איז בשעתן קערלעך־קנאַקן נישט אויסגערעדט געוואָרן קיין איין איינציק וואָרט. מע האָט נישט מפסיק געווען. געהערט האָט מען בלויז דאָס אויסשפּײַען די שאָלעכץ פון די קערלעך — און אַזוי ווי געטאָן האָבן דאָס אַלע אין איין צײַט, האָט זיך געשאַפן אַ מין פּײַפנדיקער ריטעם. מע האָט מער נישט געהערט ווי „פו־פו־פו” אָן אַ שיעור און אָן אַן עק „פו”. אַזאַ שלימות און דיסציפּלין, וואָלט דער גרעסטער דיריגענט פון זײַן אָרקעסטער נישט געקאָנט אַרויסקריגן...

## אַ מעשה מיט אַ ממזר

דאָס לעצטע הויז אין דער ריי, וואָס מיר זײַנען מיט אײַך אַדורכגעגאַנגען, איז געווען פאַרבונדן מיט אַ מעשה וועגן עפּעס אַ שיקסע און אַ ממזר, וואָס אַלע האָבן גערעדט פון דעם און זיך געהיט פאַר אונדז קליינוואַרג, ווען מיר זײַנען אומגעריכט אונטערגעקומען. מיר האָבן בלויז געכאַפּט דעם נאָמען פון אַ בחור, וועמען מיר האָבן אַלע געקענט און פון אַ ממזר. לויט דער באַקאַנטשאַפט מיטן

וואָרט „ממזר“, האָבן מיר נישט געקענט כאַפּן די שײַכות פון אַ ייִדישן בחור מיט אָט דעם וואָרט. געוווּסט האָבן מיר, אַז דאָס וואָרט „ממזר“ איז פאַרבונדן מיט דער נאַכט פון ניטול (ראָזדזשעסטוואָ), אַז אין יענער נאַכט טאָר מען נישט לייענען קיין ספרים. און דער רבי האָט אונדז דערציילט, אַז דאָס „יויזל“ איז געווען אַ ממזר. אָבער וואָס עס געהערט זיך אָן אַ ייִדישער בחור מיט אַ ממזר, האָבן מיר טאַקע אַלץ נישט געוווּסט. האָבן מיר דעריבער יעדן טאָג באַקוקט אָט דאָס לעצטע הויז פון אַלע זײַטן צו זען, צי עס וועט זיך נישט באַווײַזן אויף איינער פון די ווענט אַ „יויזל“ מיט צעשפּרייטע הענט, ווי בײַם קלויסטער. נאָר אַזוי ווי אַזאַ זאַך האָט נישט געטראָפן, זײַנען מיר בלויז געוואָרן נאָך מער צע־טומלט.

ערשט שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן, ווען מיר האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מאיר־דוד ווײַנשטיינס, וועלכער האָט געוווינט לעבן דער סאַמע ריטשקע, בײַ דער דזשורינער בריק, וואָס איז בלויז אַ שפּאַן פון דער „יויזל“־ממזר־געשיכטע, האָט אונדז דער מאיר, וואָס איז געווען אַ ייִנגל נישט קיין איבערגעשפּיצטער, אַ פלאַ־טשיקער, דערציילט אַ מעשה, וועלכע איז אויך נישט געווען אין גאַנצן קלאָר. אַ מעשה פון אַ פּיצעלע קינד, אײַנגעוויקלט אין אַ קאָלדרע, וואָס האָט נעבעך אַ גאַנצע נאַכט געוויינט לעבן דער לעצטער הויז הינטער די סאַמע פענצטער. ווי אַזוי ייִדן האָבן זיך אַרײַנגעמישט מע זאָל „דורכקומען“; ווי עס איז געקומען אַ גוי מיט אַ פור און האָט דעם ממזר אַוועקגעפירט... הײַנט גייט פאַרשטייט אַזאַ לשון...

נאָר איין זאַך קען איך אײַך יאָ זאָגן, אפשר וועט איר פאַרשטיין בעסער ווי איך. נאָך אָט דער מעשה, האָט מען דעם ייִדישן בחור — הינטער די אויגן — אָנגעהויבן רופן „טעקליע“...

אָט דער מאיר פלעגט אונדז דערציילן וועגן זייער קלוגע שטשורעס, וואָס גייען אַרום בײַ זיי אין שטוב פראַנק און פרײַ, ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. ווי אַזוי זיי נעמען אָן איי (זײַן טאַטע האָט געהאַנדלט מיט אייער), מאַכן אַ פּיצינקע לעכעלע אין דעם און טרינקען דאָס אויס שטייענדיק אויף צוויי פיסלעך, ווי אַ הונט בשעת ער „סלוזשעט“... און וועגן „נישט־גוטע“ פלעגט מאיר דערציילן. מיר האָבן אַזעלכע זאַכן נישט ליב געהאַט און נאָך מער — מורא געהאַט. נאָר מאיר פלעגט זיך שווערן מיט כל השבועות שבעולם, אַז די „נישט־גוטע“ קומען צו זיי אַרײַן דורכן קוימען, זעצן זיך אַוועק עסן וועטשערע, קוקן אויס ווי אמתע ייִדן, נאָר זיי האָבן בלויז דרײַ ציצית אין זייערע אַרבע־כנפותן און האָבן הינערשע פיס... און פלעגט נאָך צוגעבן: „ווי איר זעט מיך אַ ייִדן“. נאָך אַזאַ גענויען אָפּ־מאָלן די „נישט־גוטע“, גייט גלייבט אים נישט.

אויב איר האַלט קאָפּ, ווערט איר געדענקען, אַז מיר האָבן זיך געהאַט אָפּגע־שטעלט בײַ דער בריק, וואָס פירט אין שטאָט אַרײַן, ווען איר גייט אַריבער די בריק, געפינט איר זיך בײַ אַ גאָפּל־פאַרמיקן פּלאַץ, וואָס גיט די ברירה פון אַרײַנגיין אין שטאָט דורך איינעם פון דרײַ וועגן. איינער פון זיי — דער לינקער — פירט דורך אַ בערגל בײַם טײַך צו אַ האַלבן קרײַז, וואָס רינגלט אַרום דעם צענטער פון שטאָט און ענדיקט זיך בײַם סאַמע עק פון אַ גאַס, וועלכע מע רופט „די גאַרבער־גאַס" — און דעם מאַגאַסטיר־פּלאַץ, וואָס איז דער ברייטסטער שטח פון דעם, וואָס מען רופט אין שאַרגאָראָד די „טאָרגאָוויצע". דער צווייטער, — דער מיטלסטער וועג — פירט באַרג־אַרויף צום סאַמע צענטער פון שטאָט. דער וועג אויף דער רעכטער זייט, איז דער נידעריקסטער און גלײַכסטער און פירט צום צווייטן האַלבן קרײַז וואָס רינגלט אַרום די שטאָט. מיר'ן זיך טאַקע פאַרנעמען מיט אָט דעם וועג, מיט אַ גאַס, וואָס מע רופט זי די „באַלעגאָלישע", ווײַל דורך איר האָבן מיר אַ צוטריט צו פּשוטן פאָלק, וואָס איז דער רוב מנין און רוב בנין פון שאַרגאָראָד און בלויז דורך אַ נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט זיי, די האָרעפּאַשניקעס, וועלן מיר בעסער פאַרשטיין דעם שטייגער לעבן פון די ייִדן אין שאַרגאָראָד מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

## משה דער ווייסער...

לאָמיר זיך נישט לאָזן פאַרפירן פונעם נאָמען פון אַ גאַס. סײַ אויף דער „בעל־עגלהשער", סײַ אויף דער „גאַרבער"־גאַס וווינען נישט בלויז מענטשן פון די געגעבענע פאַכן. אויףביידע גאַסן וועט איר געפינען מענטשן אויך פון אַנדערע פּרנסות, פון אַלערליי זאַכן: עקודים נקודים וברודים... דאָס איינציקע, וואָס איז אין די גאַסן אַ כלל איז, אַז נגידים זײַנען דאָ פאַראַן ווייניק. דאָ אַר־בעטן ייִדן שווער אויסצושלאָגן די פּרנסה. עס איז אָבער, בדרך כלל, אין שאַר־גאָראָד פאַראַן זייער ווייניק פון נאַקעטער אָרעמקייט. אַוודאי זײַנען דאָ ייִדן, וואָס זײַנען זייער אָרעם. נאָר זייער צאָל איז קליין און וועגן זיי ווייסן בלויז צוויי מענטשן אין שטאָט, אַ מאַן און אַ פרוי, וואָס אפשר צוליב זיי אַליין האָט די שכינה געמעגט רוען אויף דער שטאָט. דאָס זײַנען: ריווע די מעכלקע און אַהרון־זוסיע לייבס. און ווען די צײַט וועט קומען, וועל איך אײַך באַקענען מיט זיי. לעת־עתה געפינען מיר זיך בײַ דער ערשטער הויז, אויף דער רעכטער זײַט, — די הויז געהערט צו משה דעם ווײַסן.

משה דער ווײַסער איז אַ קלעזמער, אַ פּלייטיסט און אַ מײַסטער אין פאַך. ער איז איצט, זינט מענדל־הערש איז געוואָרן אַ גביר און פאַרנעמט זיך מער נישט מיט קלעזמערײַ — דער אָנפירער פון שאַרגאָראָדער קאַפּעליע. משה איז

אַ קלעזמער. קלעזמעריי איז איין זיין בלוט. ער האָט דריי זין און דריי טעכטער, און ווי כמעט אַלע קלעזמערשע טעכטער — איינע שענער פון דער צווייטער. אויף וויפל ס׳זאָל אין אים, אין משהן, זיין געווענדט, וואָלט ער געוואָלט, אַז אַלע זיינע זין זאָלן זיין — און אַלע זיינע טעכטער זאָלן חתונה האָבן מיט — קלעז־מערס. די עלטסטע טאָכטער, פויקע, האָט ער טאַקע אויסגעגעבן פאַר אַ פידלער פון וויניצע, וועלכער איז איצט דער קינסטלערישער „מאַעסטראָ" פון דער קאַ־פעליע (נחום הייסט ער, דער אידעם. און שטאָט זאָגט אויף אים, אַז ער איז גע־ווען אַ שפּילער אין דער וויניצער אָפּעראַ). די יינגערע צוויי בחורים שפּילן שוין אויך אויף אינסטרומענטן. דער עלטערער, יאָסל, אויף אַ קלאַרנעט און וועלוול, דער יינגסטער, אויף אַ טרומייטל. משה האָט גרויס נחת פון די צוויי יינגלעך. דער איינציקער, וואָס האָט משהן פאַרשאַפט עגמת־נפש איז דער עלטסטער זון דוד. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט ווערן קיין קלעזמער און איז געוואָרן אַ שניידער. ער איז אַ גוטער שניידער און האָט פרנסה בכבוד. נאָר משה, דער טאַטע, קען נישט פאַרגעסן, אַז דוד האָט אַ „גוטן אויער" פאַר מוזיק, און וואָלט ער זיך נישט געווען איינגעשפּאַרט, וואָלט ער איצטער געווען אַ שטאָלץ פאַרן טאַטן... עס קוקט אויס, אַז די יינגערע טאָכטער גליטשט זיך אויך אַרויס פון דער משפחה־טראַדיציע, ווייל שטאָט ווייסט מיט וועמען זי ליבט זיך, נאָר אַזוי ווי משה אַליין ווייסט נאָך נישט פון דעם, קען איך נישט אויסזאָגן ווער דער בחור איז. איין זאַך מעג איך יאָ אויסזאָגן — נישט קיין קלעזמער...

משה איז, ווי געזאָגט, דער אָנפירער פון דער קאַפּעליע. די שאַרגאָראָדער קאַפּעליע האָט אַ שם אויף דער וועלט. אַפילו שלום עליכם, אין זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו", דערמאָנט זי ווי איינע פון די פאַרנעמיקסטע. משה איז נישט קיין אָרעמאַן. פאַרמאָגט זיין אייגנס צוויי הייזער: איינע ביי דער בריק, אין וועלכער ער אַליין וווינט מיט זיינע בני־בית, און די צווייטע — אַרויף־באַרג, אַ מער היינטמאָדישע, וועלכע ער פאַרדינגט. ביי זיך אין הויז פירט זיך משה זייער באַ־לעבאַטיש. די איינציקע זאַך אויף וואָס זיין משפּחה באַקלאָגט זיך איז, וואָס מע עסט דאָרטן מיט ציינערנע לעפל־גאָפּל. עס איז צוליב דעם, וואָס זיין גאַנץ זיל־בער, אַריינגערעכנט דעם קידוש־בעכער, אליהו הנביאס כוס און די שבתדיקע לייכטערס, געפינען זיך ביי יידן, וואָס האַלטן ביי חתונה מאַכן, אַלס גאַראַנטיע, אַז די שאַרגאָראָדער קאַפּעליע וועט טאַקע שפּילן אויף זייערע טעכטערס חתונות און מע וועט נישט שיקן יאַנושעווסקין מיט זיין גוישער קאַפּעליע אָפּצורימפּ־לען אַ חתונה. עס זאָל זיך אַזוי נישט טרעפן, ווי עס טרעפט זיך, אַז מע נעמט אָן צוויי חתונות אויף איינעם און דעם זעלבן טאָג, און מע מוז באין ברירה שיקן יאַנושעווסקין. דאָס איז ביי יידן די גרעסטע טראַגעדיע וואָס קען טרעפן. כאָטש דעם אמת געזאָגט, איז יאַנושעווסקיס קאַפּעליע גאָר נישט אַזאַ שפּעטנע; ער

אַליין האָט אַלע זײַנע יאָרן געשפּילט מיט די יידישע קלעזמאָרים און קען דעם גאַנצן חתונה־שטייגער.

משה איז אַ זעלטענער פֿאָלקס־בדחן. ער קען בשעת „באַזעצן" אַ כלה צו־טרערן ביז די ווײַבער. און פּונקט ווי ער איז ערנסט בײַם „באַזעצן", אַזוי איז ער פֿול מיט הומאָר בײַם אויסרופֿן דרשה־געשאַנק. עס איז, מיר דאַכט זיך ער, וואָס האָט אויסגעטראַכט דאָס אויסרופֿן „אַ קליין קערבל דרשה־געשאַנק" נישט צו פֿאַרשעמען אַן אָרעמען קרוב, וואָס קען קיין גאַנץ קערבל נישט געבן. זײַנע „לכבודס" זײַנען זייער פֿאָלקסטימלעך און אײַנפֿאַלעריש. פֿרעגט מיך, איך בין אַ מבין. איך האָב שוין אַפֿילו אַ מאָל אויף אַ חתונה אין אָדעס געהערט אַ „לכבוד" אויף רוסיש, בזה הלשון: „װטשעסט דיאַדי אַבראַשע, קאָטאָרי פּריעכאַל נאַ סאַבסטוועננאַם אַווטאָמאַביליע". אויף יידיש הייסט עס: „לכבוד דעם פֿעטער אַבראַשע, וועלכער איז געקומען צופֿאָרן אויף זײַן אייגענעם אויטאָמאָביל"...

אײַן זאַך קען זיך משה נישט אויסלערנען ווי עס באַדאַרף צו זײַן, און דאָס איז צו צעטיילן די פֿאַרדינסטן פֿון אַ חתונה צווישן די קלעזמער לויט אַן אײַנ־געשטעלטן סיסטעם, וואָס בלויז די קלעזמער האָבן צווישן זיך. דער סיסטעם איז זייער אַ קאָמפּליצירטער און נאָר אײַן מענטש אין שאַרגאָראָד קען זי, און דאָס איז מענדל־הערש. און כאָטש מענדל־הערש איז שוין מער נישט קיין קלעזמער, מוז די קאַפּעליע אָנקומען צו אים, ער זאָל פֿאַרטיילן די פֿאַרדינסטן צווישן די שפּילערס. (וועגן מענדל־הערשן, ווי אַזוי ער איז עס געוואָרן אַ גביר, און ווי אַזוי ער האָט נאָך בלויז איין מאָל, שוין זייענדיק אַ גביר, געשפּילט אַ חתונה בײַ אַן אָרעמער מיידל אין גאַנצן אָן געלט און צו דעם מיט אַ געקליבענעם אָרקעסטער פֿון לויטער קינסטלערס, וועל איך אײַך דערציילן ווען די צײַט וועט קומען. „לכל עת" — האָט שלמה המלך געזאָגט, — אויף אַלץ קומט אַ צײַט).

משה איז זייער שטאָלץ, וואָס דעם ערשטן עלעקטרישן „פֿאָנאַר" אין שאַר־גאָראָד האָט מען אָנגעקגעשטעלט לעבן זײַן הויז (די עלעקטריע האָט מען גע־צויגן פֿון דער מיל) און „איצט — זאָגט משה — וועט זײַן אַ מחיה. מע קען זיך אָנקוקן אויף דער פּריזבע אין אַ הייסער נאַכט, ווען מע קען נישט אײַנשלאָפֿן, אַראָפּנעמען דאָס העמד, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, עס איבערקערן אויף דער אַנדער זײַט, און זיך נוקם זײַן אין די לעבעדיקע שונאים".

משהס יינגערער זון, וועלוול, צייכנט זיך אויס מיט זײַן שפּילן אויפֿן טרו־מייטל. וואָלט ער געוווען אין אַ גרויסער שטאָט און אין אַנדערע צײַטן, וואָלט ער מן הסתם געוואָרן אַ גרויסער דזשאַז־קינסטלער. ער קען אויף זײַן טרומייטל פֿראַווען אַזעלכע שטיק און קונצן, אַז אַפֿילו איר, אַ נישט־טאַנצער, וועט זיך צעטאַנצן „נאַ ראַספּאַשקו". אַזאַ כוח האָט ער אויף דעם „ניעזאַווידנע" אינסטרו־מענטל. איך האָב אַ מאָל געהערט אַלטער וואַסערפֿירער מיטן מויל (דאָס איז

געווען זײַן אָריגינעלער אינסטרומענט) און װעלװולען מיטן טרומייטל שפּילן אַ „פריילעכס״, האָבן אַפילו שטיינער זיך געקאָנט צעטאַנצן.

אָבער משהס אמתער שטאָלץ איז יאָסל, זײַן געראָטנסטער זון. יאָסל אויף זײַן קלאַרנעט איז אַ גאָט־געבענטשטער קינסטלער. פּאַר זײַן שפּילן װערן אַלע די כּפּרה, בפרט מיידלעך און װײַבלעך. יאָסלס שפּילן בײַ איציע חזן אויפן באַרג, אַנטקעגן דעם אַרײַנגאַנג צו דער גרויסער שול, װוּ מע שטעלט די חופּה, איז אַ יום־טוב און אַ דערהויבענע איבערלעבונג נישט בלויז בײַ די מחותּנים, נאָר בײַ גאַנץ שטאָט. חוץ דעם איז יאָסל אַ קראַסאַװעץ, און װי „סטעמפּעניו״, — זייער ראָמאַנטיש. גייט אָנגעטאָן שיין, מיט געשמאַק, און שפּילט ליבעס מיט אַ סך באַלעבאַטישע מיידלעך און אַפילו — נישט אויסגערעדט זאָל דאָס זײַן — מיט געװיסע נישט שטאַרק צנועהדיקע װײַבלעך. נאָר לעצטנס האָט ער אויפגע־געבן אַלע אַװאַנטורעס, װײַל ער האָט זיך אויף אַן אמתן שטערבלעך פאַרליבט אין שייוועלע געשניטן (דער „קריװאָרוטשקעס״ יינגסטע טאָכטער) און זי אין אים אויך. די משפּחה אירע איז געװען קעגן, נאָר עס האָט זיי נישט געהאָלפן קיין זאַך. נישט מיט גוטן, נישט מיט בייזן האָבן זיי דעם שידוך געקענט שטערן. יאָסל און שייוועלע האָבן חתונה געהאַט און געלעבט זייער גליקלעך. זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן און האָט זיך צעבליט װי אַן אמתע בלום. נאָר װי זאָגט שלום עליכמס טביה: „מיר האָבן אַ גרויסן גאָט און אַ גוטן, נאָר ער טוט אַ מאָל אָפּ עפּעס אַזוינס, אַז אונדזערע שונאים זאָלן האָבן אַזאַ יאָר״... אין קינפּעט איז שייוועלע געשטאָרבן. גאַנץ שטאָט האָט געקלאָגט אויפן בראָך.

נאָך איר טויט איז יאָסלען נישט געװען צו דערקענען, ער איז געװאָרן אויס מענטש. ער האָט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעלאָזן, אַרומגעגאַנגען אַ שװײַגנדיקער, װי אַ טומאַן. דאָס איז געװען אַרום דער צײַט פון דער רעװאָלוציע און בירגערקריג, אויפשטאַנדן און פּאָגראָמען, און װען ער האָט מיך באַגעגנט פאַרן אַװעקפאָרן קיין אַמעריקע, האָט ער מיך געבעטן צו זאָגן דאָרטן די שאַרגאָראָדער אין אַמע־ריקע „מע זאָל מיך פון דאַנען אַװעקנעמען. אפשר אין אַמעריקע װעל איך פאַר־געסן מײַן אומגליק...״ װוּ איז ער איצט, דער פאָלקס־קינסטלער, װוּ?...

## קאָנקורענטן

אַנטקעגן משה דעם װײַסנס הויז װוינט עזריאל באַראָװסקי. עזריאלס דירה קוקט זיך איבער מיט מאַטעס אַװערבוכס, װעלכע איז אויף דער אַנדערער זײַט גאַס. אויף מאַטעסן זאָגט שטאָט, אַז ער האָט אַן אָפענעם קאָפּ. מילא, צי ער האָט טאַקע אַן אָפענעם קאָפּ, קען איך אײַך נישט קאַװירן, נאָר אַז זײַן זון, יאַנקל, איז אַ כשרע בהמה, — דאָס װייס איך אויף געװיס. װעט איר דאָך מן הסתם פרעגן:

פון וואַנען איך ווייס דאָס? ווען איך אײַך ענטפערן, אַז איר זאָלט לערנען בײַ איציקל הנה דער רײַבערינס, וועלכער האָט אַ שטיקל שײַכות מיט גטן, און איר זאָלט הערן יאַנקלס טענהס, ווען ער קומט צום רבין זיך האַלטן אַן עצה יעדעס מאָל, ווען אַ ווײַב וויל אַ גט פון אים, (און ווען וויל אַ ווײַב נישט קיין גט פון אים? ער האָט שוין, זאָגט מען, געמוזט אָפּגטן אַ שפּאָר ביסל ווײַבער — דער יאַנקל) וואָלט איר פּונקט ווי איך געוווּסט, וואָס פאַר אַ חכם־עתיק אָט דער בחור איז.

מאַטעס און עזריאל זײַנען קאָנקורענטן. ביידע האַנדלען מיט תבואה און די פּויערים, וועלכע ברענגען אַרײַן ווייץ און קאָרן, פּראָסע און גערשטן און אַנדע־רע תבואות, שטעלן זיך אָפּ בײַ אָט די צוויי הײַזער און פרעגן זיך נאָך אויף די פּרײַזן, וואָס די ייִדן צאָלן. וויפל מאַטעס זאָל נישט צאָלן, צאָלט עזריאל מער. אַ מאָל אַפילו מער, ווי מע קען קריגן בײַם איבערפאַרקויפן. מאַטעס איז, נאַ־טירלעך, אין כעס און שעלט עזריאלן מיט טויטע קללות. ער קען נישט משיג זײַן מיטן שכל, ווי אַזוי עזריאל קען צאָלן אַזעלכע געשוואָלענע פּרײַזן. ער ווייסט, מאַטעס, אַז מע איז נישט אָפּגעהיט מיט דער וואָג. איז ערשטנס, וויפל קען מען דאָס לקחענען? צווייטנס, ווייסן שוין הײַנטיקע צײַטן די פּויערים אַלע קונצן, וואָס סוחרימלעך מאַכן, נישט פאַר תענוג, פאַרשטייט זיך, און בעטן זיך און וואָרענען: „ני בערי מענע, זריליק, נאַ העצקאָ...״ *. וויפל מאַטעס ברעכט זיך נישט זײַן אָפּענעם קאָפּ, קען ער זיך נישט דערטראַכטן, ווי אַזוי עזריאל באַ־ווײַזט דאָס. ביז — — — יאָ, ביז אויף דעם איז אויך אַ צײַט געקומען.

אָט הערט אָקערשט ווי מאַטעס האָט געמאַכט די אַנטדעקונג.

אַ גאַנץ קײַלעכיק יאָר זײַנען ביידע קאָנקורענטן אויף מעסערשטעך, נאָר אַז עס קומען די פּאַרכטיקע טעג, ווען אַלע עבירות, וואָס אַ ייִד באַגייט קעגן דעם וואָס לעבט אייביק, ווערן פאַרגעבן, אַ חוץ די זינד און עוולות, וועלכע איין ייִד באַגייט קעגן אַ צווייטן, סײַדן מע בעט מחילה בײַ דעם געקריוודעטן — איז דאָס שוין אײַנגעפירט מקדמונים, אַז אין שאַרגאָראָד גייען ייִדן איינער צום אַנדערן זיך איבערבעטן. נו, פאַרשטייט זיך, אַז אָט די ביידע קאָנקורענטן זײַנען נישט קיין אויסנאַם. און אַז עס קומט ערב יום־כיפּור, קומען זיך די צוויי שכנים צוזאַמען, בעטן איינער בײַם צווייטן מוחל צו זײַן די עוולות און קריוודעס, וואָס איינער איז באַגאַנגען קעגן אַנדערן, מע מאַכט אַ לחיים און מע ווינטשט זיך איינער דעם אַנדערן, מע זאָל זיך אויסבעטן אַ גוט יאָר.

און איין מאָל, ימים־טובים צײַט, האָט מאַטעס באַשלאָסן, אַז הײַיאָר מוז ער אויסגעפינען דעם סוד, ווי אַזוי עזריאל קען זיך פאַרגינען צו צאָלן די פּויערים

---

* נעם מיך נישט, זריליק, אויף דער „העצקע״.

אַזעלכע געשוואָלענע פּריִזן, און מיט דעם אָפּצוטשעפּען פון אים אַזאַ גרויסע צאָל פויערים.

איז הערט מיט קאָפּ.

דער שלום צווישן די שכנים האַלט־אָן ביז איבער די ימים־טובים. סוכות גייט מען איינער צום אַנדערן גוט־יום־טוב בעטן, און אַזוי ווי שמחת־תורה איז דאָך אַ מצווה צו זײַן פריילעך און טרינקען ווײַן, גייען זיי ביידע צו יאָסל גרויס־מאַן — מאַטעסעס אײדעם — וועלכער האַנדלט מיט ווײַן. מע זעצט זיך געמיט־לעך און ברייטלעך אַוועק. יאָסלס ווײַב שטעלט געוויינטלעך כיבוד — פּראַקעס פון קרויט. מע טרינקט אַ גלאָז ווײַן און מע שמועסט.

הײַיאָר האָט מאַטעס אָבער אין זינען געהאַט איין זאַך: אויסצוגעפינען פון עזריאלן דעם סוד. און אַנשטאָט איין גלאָז ווײַן, האָט ער שוין צוגעזען, אַז עזריאל זאָל טרינקען אַ פּאָר גלעזער און אפשר מער. אַליין האָט ער שוין זיך געסטאַרעט צו האַלטן זײַן אָפענעם קאָפּ פריש און ניכטער. מאַטעס קען בכלל טרינקען אַ פּאָר גלעזלעך ווײַן אָן שאָדן, נאָר עזריאל איז נישט קיין טרינקער, און שוין גלײַך בײַם צווייטן גלאָז איז ער נישט אין גאַנצן ניכטער. נישט שיכור, חלילה, נאָר אין גאַנצן ניכטער אויך נישט. איז ווען מאַטעס האָט געזען, אַז עזריאל איז שוין אַ קאַפּעטשקע בגילופין, האָט ער פאַרפירט מיט אים אַ שמועס וועגן תבואה און וועגן פּרײַזן און האָט אַ פרעג געטאָן: „זאָג מיר נאָר, עזריאל סערדצע, ווי אַזוי קענסטו צאָלן אַזעלכע מקחים פאַר ווייץ? דו ווייסט דאָך אַליין, אַז מיר אַליין קענען אַזוי פיל נישט קריגן פון דעם הורטאָווניק". עזריאל — שיכורלעך אַ ביסל — האָט זיך געוואָלט אַ באַרים טאָן מיט זײַן חכמה און אָנגעהויבן דער־ציילן זײַן סוד בזה הלשון: „די מעשה, מאַטעס, איז אַזוי: פריִער, מיט יאָרן צו־ריק, האָב איך געטאָן וואָס אַלע טוען, ס'הייסט, געצויגן די וואָג, אונטערגע־שטעלט די האַנט, די וואָג זאָל גיין בלויז ביז אַ געוויסן אָרט; אונטערגעלייגט אַ שטיקל אײַזן אין דער ענגלישער וואָג, זי זאָל זיך פאַרהאַלטן. מאָל דיר, איך האָט געדינט אַלע עבודות זרות. זײַנע אָבער די הײַנטיקע פויערים נישט וואָס אַמאָל. ערשטנס, זײַנען זיי אַליין קליגער געוואָרן; צווייטנס, האָבן ייִדן זיי אויפ־געקלערט, זיי כאַפּן דיך הײַנט בײַ דער האַנט. האָט זיך מיר צוגעגעסן דער גאַנצער עסק און איך האָב אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין: „— האַדיע, עזריאל, גע־נוג. מער נאַרסטו נישט! די פויערים זײַנען שוין אַזוי „אַבראַזאָוויעט" — גע־בולבעט מיין איך, אַז מע קען דיר נאָך אַ מאָל ברענגען צו גאַסט דעם פּריסטאַוו. מער וואָלט מיר נישט געפעלט... מע דאַרף דאָך אָבער פּרנסה. האָב איך געטראַכט און געטראַכט און זיך דערטראַכט, אַז עס קומט אַ פויער און פרעגט אויף אַ פּרײַז, זאָג איך אים די העכסטע פּרײַז, אַזוי, אַז וווהין ער זאָל נישט גיין, וועט ער קומען צוריק. נאָר קומען — קומט ער מיט אַ חשד און זאָגט: „אָבער גע־דענק, עזריאלקע, נישט גענאַרט, נישט געצומען נאַ העצקאַ..." — גיי שוין גיי,

טשלאָוויטשע, איך וועל דיך נישט נאַרן, — זאָג איך אים. איך האָב אַזאַ פּאָרטל, וואָס דו אַליין וועסט זען, אַז איך קען דיך גאָר נישט נאַרן, אַפילו אַז איך זאָל וועלן. איז „וואָט טשטאָ": מיר וועלן אָפּוועגן אַ זעקל ווייץ און וויפל פּוד עס וועט דאָרטן זײַן, אַזוי פיל צענערס וועל איך דיר געבן און דו וועסט זיי אַרײַנלייגן צו זיך אין קעשענע און האַלטן. און נאָך דעם וועלן מיר אָפּוועגן נאָך אַ זעקל און וויפל פּוד עס וועט וועגן, אַזוי פיל צענערס וועל איך דיר געבן און דו אַליין וועסט די צענערס אַרײַנלייגן צו זיך אין קעשענע און האַלטן. און נאָך דעם וועלן מיר אַזוי טאָן מיט אַלע זעקלעך. און ווען מיר וועלן אָפּוועגן אַלע זעקלעך, וועסטו אַליין איבערציילן די צענערס, געדענק איוואַנו, דו אַליין וועסט ציילן. דו דאַרפסט מיר נישט געטרויען, און וויפל צענערס דו וועסט האָבן, פאַר אַזוי פיל פּוד וועל איך דיר באַצאָלן, פּאַרשטייסטו, איוואַן גאָלובטשיק, צי ניין?" „אָוודאי פּאַרשטיי איך, עזריאַלקע — זאָגט איוואַן — מיינסט טאַקע אויף אַן אמת, אַז בײַ מיר אין קאָפּ איז אין גאַנצן פינצטער? איך האָב דאַנקען גאָט אַ גוטע באַשקאַ אויף די פּלייצעס"... און איך זאָג אים אָן, דעם פּויער, ער זאָל האָבן גאָט אין האַרצן און גאָר נישט אַראָפּגנבענען פון מײַנע צענערס... און אָט אַזוי, מאַטעס ליובע, איז דער וואָלף זאַט און די ציג גאַנץ..."

מאַטעס האָט אויסגעהערט די גאַנצע מעשה און זיך אָפּגערופן צו עזריאלן: „טפו, זאָלסטו נישט ווערן. וואָס איז דאָ דער אויפטו? דאַרפסט דאָך אים באַצאָלן פאַר יעדן פּוד לויט די צענערס. דו מוזסט זײַן שיכור, מײַן פרײַנד... לויט דער לאַנגער מעשה, וואָס דו האָסט מיר דערציילט, האָב איך אין אָנהייב געמיינט, גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ חכמה עס ליגט אין דעם. לאָזט זיך אויס, אַז עס הייבט זיך גאָר נישט אָן. ווו איז דאָ דאָס שפּיצל וואָס דו טוסט־אָפּ דעם פּויער?". עזריאל פאַרמאַכט איין אויג און טוט זיך אַ זאָג אָפּ: „גיי שוין גיי, מאַטעס, ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך טו דעם פּויער אָפּ אַ שפּיצל? איך טו גאָר נישט. דער פּויער אַליין טוט זיך אָפּ אַ שפּיצל"... „ווי אַזוי?" — פרעגט מאַטעס. „וואָס הייסט ווי אַזוי — טענהט עזריאל — אַז אַ פּויער איז אַ גנב ווייסטו?". „יאָ, איך ווייס — ענטפערט מאַטעס. דערימעך גייען די געגדז באַרוועס?"

עזריאל, שיכורלעך ווי ער איז געווען, האָט שוין געזען, אַז מיט רמזים וועט ער דאָ גאָר נישט אויפקלערן, האָט ער אַרויסגעלאָזט די קאַץ פון זאַק בזה הלשון: „צי די געגדז גייען באַרוועס, איז איין זאַך. נאָר אַז אַ פּויער האָט פרעמדע צענערס בײַ זיך אין קעשענע און דערצו נאָך ייִדישע, דאַרף ער זײַן שטאַרקער פון אײַזן און נישט צוגנבענען עטלעכע, און אָט דאָ ליגט מײַן גאַנצער ריווח. וואָס מער פון מײַנע צענערס דער פּויער גנבעט, אַלץ געזינטער איז פאַר מיר... אַ שאָד, וואָס ער גנבעט נישט צו אַלע צענערס"...

פון גאָר אַן אַנדער סאָרט און כאַראַקטער איז די קאָנקורענץ צווישן עזריאלס שכן בערקע־איטע פּיװולס און נויקע — רחל־משה יאַמפּאָלערס.

ביידע, נויקע און בערקע פֿאָרן אויפֿן דאָרף, האַנדלען מיט אייער און פֿאַר־האַלטן זיך פֿרײַנדלעך איינער מיטן אַנדערן. מען פֿאַרלויפֿט נישט איינער דעם צווייטן דעם וועג. מע זאַלצט נישט איבער דעם מקח פֿון אייער, אויסצוכאַפּן איינער בײַם אַנדערן. מיט איין וואָרט — מע איז אמתע גוטע פֿרײַנד, ידידים בלב ונפש. זייער פֿרײַנדשאַפֿט ציט זיך שוין יאָרן לאַנג פֿון יענער צײַט נאָך ווען ביידע זײַנען ייִנגלעך געווען, יונגעלײַט געוואָרן און ביידע האָבן געזונגען בײַ ברוך־יוסף בעקער אין כאָר. ברוך־יוסף איז אין יענע יאָרן געווען אַ סוחר און אַ חזן. האָט גוט געקענט נאָטן, פֿאַרשטאַנען האַרמאָניע, געווען אויסגעקאָכט אין סולצערן, לעוואַנדאָווסקין, נאָוואַקאָווסקין און געגנאַשט אויך פֿון דעם ריגער ראָ־זאָווסקין. ברוך־יוסף האָט געהאַט אַ גאַנץ פֿײַנעם כאָר. מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז געווען יונג, זאָגן ייִדן, האָט ער פֿאַרמאָגט אַ גאַנץ שיינע שטימע. אין מײַנע יאָרן איז ער שוין געווען אַ ייִד אַ זקן און כאָטש ער האָט נאָך אַלץ גע־דאַוונט פֿאַרן עמוד, האָט מען שוין אַליין געדאַרפֿט זײַן אַ מוזיק־מבין צו צעקײַען זײַן דאַוונען. מע האָט שוין געדאַרפֿט האָבן אייגענע פֿאַנטאַזיע, אָפּצושאַצן די נגינה — נישט ווי זי איז — נאָר ווי זי איז פֿאַרטראַכט געוואָרן צו זײַן. (וועגן ברוך־יוספֿן אַליין וועלן מיר אײַך אין צײַט דערציילן, נאָר איצט האַלטן מיר בײַ זײַנע געוועזענע משוררים נויקע און בערקע).

נויקע האָט אַ גאַנץ שיינע טענאָר־שטימע. קען פּירוש המילות; קען אויך נוסח התפילה. בערקע, ווידער, האָט אַ װוּנדערלעכע באַריטאָן־שטימע, אַ „פּליוי־שענע כלי" — זאָגן ייִדן אויף אים. איז אין אַ כאָר האָט ער אַן אומשאַצבאַרן ווערט. נאָר אַליין פֿאַרן עמוד איז שוין עפּעס אַנדערש. אַז איר וועט דאָס האַלטן בסוד, וועל איך אײַך זאָגן, אַז מיט דער עברי איז אויך נישט איבעריק פֿריילעך. אָבער אַ „סטראַסט" צום עמוד האָבן זיי ביידע, אי נויקע, אי בערקע. און פֿון דעם נעמט זיך טאַקע זייער קאָנקורענץ. ווײַל ביידע דאַוונען אין סקווערער קלויז. איז מיט די ימים־נוראים נישט קיין פּראָבלעם, ווײַל ביידע מיט זייערע משפּחות העלפֿן־אַרויס דעם חזן זיצנדיק אויף זייערע „שטעט" מיט אַ טאָן, מיט פֿאַר־נאָך און איבערזינג, פֿון די יום־טובדיקע נוסחאות, און ווען דער חזן פֿאַר־ענדיקט יעדן טייל פֿון אַ תפילה, פֿאַלן זיי ביידע אַרײַן מיט אַ רעפריין און גיבן דעם ייִדן אַ מעגלעכקייט צו כאַפּן דעם אָטעם. אין דעם איז קיין שום קאָנקורענץ נישטאָ. נישט מער, וואָס דער חזן און דער עולם ליגן בײַ זיי אין די הענט. מיט אָט דער הילף זײַנען זיי בכוח צו פֿאַרציִען אַ ראש־השנהדיק דאַוונען ביז צווי אַ זייגער בײַ טאָג, צום פֿאַרדראָס פֿון יענע ייִדן, וואָס איילן זיך צו די יום־טוב־דיקע מאכלים. אָבער בדרך כלל, זײַנען זיי אַ גרויסע הילף פֿאַר דעם חזן און אַ קינסטלערישער אָרנאַמענט פֿאַר די יום־טובדיקע תפילות.

אַ צרה איז שבת. אַט דאָ הייבט זיך אָן די קאָנקורענץ. ווײַל בײדע האָבן זיי ליב דעם עמוד און קענען זיך מיט אים נישט אײַנטיילן. בײדע האָבן זיי צדדים אין קלויז. איז — ווען דער מתחיל שטעלט זיך אָפּ בײַם „שוכן עד" און גייט־אַוועק פון עמוד, ווערט שטיל ווי אין אַן אויער. קיינער פון זיי רירט זיך נישט פון אָרט. נאָר די צדדים הייבן־אָן „בוקען". איין צד: „נו, בויקע", דער צווייטער: „נו, בערקע".

בײדע אַנטאַגאָניסטן זיצן אויף זייערע „שטעט" מיט די טליתים איבער די קעפּ, אַרײַנגעטאָן יאַקבי אין טיפע כוונות. אין דער אמתן גייט בײדן אויס דאָס חיות זיך אויפצוהייבן און צוגיין צום עמוד. אָבער אַזאַ זאַך צו טאָן אויף אייגע־נער האַנט און אַחריות האָט איינער מורא פאַר צווייטנס צד. דערווײַל, די צײַט שטייט נישט. עס דערהערט זיך פון ערגעץ: „אַ, אַ, נו, חילול השם"... ביז ר' יענקעלע, דער רב, איז איין מאָל געפאַלן אויף אַ המצאה און אַ זאָג געטאָן: „רב נוח, כל הזריז הרי זה משובח"... בויקע האָט פאַרשטאַנען דעם „נאָמיאָק"* און זיך אַוועקגעלאָזט צום עמוד. און שוין אויפן וועג האָט ער אָנגעהויבן „שוכן עד מרום וקדוש שמו", און בערקע, נעבעך, איז געבליבן אָן אַ קנעלונג. אַז איר וועט טרעפן, אַז בערקע איז יענעם שבת אַהיימגעגאַנגען מיט אַ געבראָכן האַרץ, וועט איר האָבן גוט געטראָפן. דערפאַר אָבער, אַז עס איז געקומען דער צווייטער שבת, האָט שוין ר' יענקעלע אַדרעסירט דעם „כל הזריז" צו בערקען, און בויקע איז יענעם שבת אַהיימגעגאַנגען מיט אַ געבראָכן האַרץ (אַבי איר האָט געמיינט, אַז בלויז מיט דער שפע פון גשמיות קען זיך די וועלט נישט אײַנטיילן...) און אַט אַזוי גייט עס משבת לשבת. טענהן דאָך מן הסתם קלוגע מענטשן צו די קאָנ־קורענטן: „ייִדן וואָס איר זײַנט, למאי דאַרפט איר יעדן שבת פּטרן צײַט און לאָזן דעם עולם וואַרטן? אַז איר קענט צווישן זיך אָפּמאַכן: איין שבת איך, דער צווייטער שבת דו, און אַן עק, אַ סוף"... אויף דערויף גייען זיי אָבער נישט אײַן. בײדע קאָנקורענטן טענהן די זעלבע טענה, נעמלעך: „ווער וויל דאָס דאַוונען פאַרן עמוד, ווער? ווען נישט דער רב, זאָל לעבן, זאָל מיך צווינגען צוצוגיין צום עמוד, וואָלט איך דאָס געטאָן? וואָס בין איך עפּעס, אַ חזן בין איך? האָסטו גע־הערט אַ ביסל"...

איין זאַך מוז מען מודה זײַן. וואָס עס זאָל שבת נישט טרעפן — זייער פאַר־זעגלעכע פרײַנדשאַפט שטערט דאָס נישט אויף אַ האָר. און צום געשעפט, צו פרנסה, צו קויפן און פאַרקויפן אייער, ווי אויך צום קאַמף וואָס זיי פירן קעגן אַבאַ גיימאַן, וועלכער איז דער אָנפירער פון דער שאַרגאָראָדער אייער־בירזשע, — האָט דער שבתדיקער רוגז דעם מינדסטן שײַכות נישט.

---

* וווּנק.

מיט דעם נויקען האָט אַ מאָל געטראָפן אַזאַ מעשה.

געווען אין שאַרגאָראָד אַ ייִד, האָט ער געהייסן שמאי דאָדניק. געהאַט האָט ער אַ קראָם פון אײַזן, דזשעגעכץ, שמירעכץ פאַר רעדער, קעראָסין און ענלעכע סחורות. פלעגט בײַ דעם שמאין זײַן אַ גרויסע שפע אין קראָם. ער און זײַן גאַנצע משפּחה זײַנען תמיד געווען אָרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט, אַלע מאָל פאַרהאָרע־וועט און שטענדיק פאַרשמירט, פאַרניאָרעט. אין קראָם האָט זיך טאָג־טעגלעך געטומלט ווי אין אַ מיל. שטאָט האָט שמאין געהאַלטן פאַר אַ נגיד. פלעגן אָרעמע כלות זאַמלען בײַ אים נדן, פלעגן ייִדן אײַנלייגן בײַ אים געלט. אַז מע איז גע־קומען צו אים אָפּנעמען געלט, פלעגט ער איבערלאָזן אַלע קונים, אַלע געשעפטן, קיין איבעריקע מינוט נישט געלאָזט קיינעם וואַרטן, און דאָס געלט, סײַ דעם קרן, סײַ דעם פּראָצענט יענעם אָנטקעגנטראָגן. איז ער צוליב דעם אין שטאָט פאַר־רעכנט געווען פאַר אַן אײַזערנעם בטוח.

נעמט אָט דער שמאי, אַ געזונטער און שטאַרקער און לײגט זיך אַוועק אויף אַ לונגען־אָנצינדונג און ווערט פאַרברענט אין איינע דרײַ טעג. אין אַ שבת איז דאָס געווען. דאַרף מען דאָך אים, לויטן דין, מקבר זײַן גלײַך נאָך הבדלה. לויפן זיך צונויף אַלע וועמען ער איז געקומען געלט, ייִדן און ייִדענעס און כלה־מייד־לעך מיט קולות און גוואַלדן, מיט געשרייען און געוויין און טענהן נישט מער און נישט ווייניקער: זיי וועלן אים נישט לאָזן מקבר זײַן, סײַדן מע וועט זיי תיכף ומיד אָפּצאָלן אַלץ, וואָס מע האָט בײַ אים אײַנגעלייגט. ווי די בני־בית זײַנען נישט געווען צעבראָכן, האָבן זיי זיך געבעטן בײַ די מענטשן, זיי זאָלן נישט מבייש זײַן דעם נפטר; זיי זאָלן איבערוואַרטן ביז נאָך שבעה־זיצן. וויפל זײַטיקע מענטשן האָבן נישט געבעטן — קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. איין ייִדענע, די „שטיגליטשקע" האָט מען זי גערופן, האָט זיך גאָר צעווילדעוועט און מיט באַ־נומענע קולות האָט זי געשריען: „איך וועל אים פון קבר אַרויסוואַרפן"... עס וואָלט קיין עק צו דעם נישט גענומען, ווען עקיבא דער רב און הערשל מעניעס זאָלן נישט געווען אָנקומען און צוצוזאָגן די צעווילדעוועטע, אַז זיי זײַנען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר יעדן איינציקן רובל, און קיינער וועט גאָר נישט פאַרלירן. בלויז דעמאָלט האָט זיך דער המון אײַנגעשטילט. און כאָטש ס'איז שוין געווען גאַנץ שפּעט בײַ נאַכט, האָט ממש גאַנץ שטאָט זיך באַטייליקט אין דער לוויה.

עס זײַנען אַוועק אַ פּאָר וואָכן און עמעצער האָט פאַרשפּרייט אין שטאָט אַ קלאַנג, אַז שמאי דאָדניק גייט אַרום אויפן עולם התוהו...

אָט אין דער צײַט, אין אַ פרײַטיק פאַר נאַכט־צו, איז אָנגעלאָפן נויקעס פערד־און־וועגעלע מיט אייער, מיט נויקען ליגנדיק אַ באַוווסטלאָזער אין ווע־געלע, און זיך אָפּגעשטעלט לעבן נויקעס הויז. ווען מע האָט נויקען אָפּגעמינטערט, האָט ער דערציילט אַזאַ מעשה: „איך פאָר מיר אַזוי פון קאָנאַטקאָוויץ און אײַל זיך אַהיים אויף שבת, ווײַל עס איז שוין שפּעטלעך און איך דאַרף נאָך אויסלאָדן

די אייער און כ׳וויל נאָך באַווײַזן צוצולויפן אין מרחק אַרײַן. פאַר איך מיר, און זאָג דערוויַיל שיר־השירים אויף אויסנווייניק. מיט אַ מאָל שטעלט זיך מײַן פערד אָפּ. עס איז שוין נישט געווען ווײַט פון שטאָט. וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה? טראַכט איך, און גיב דעם פערד אַ טורקע מיט דער בײַטש. נאָר מײַנער, גלײַך ווי נישט אים מיינט מען. דערלאַנג איך שוין אַ בײַטש טאַקע אויף אַן אמתן. ווער, וואָס? — ער גייט נישט. הייב איך אויף די אויגן, און ווען־, מיינט איר, דערזע איך, אויב נישט שמאי דאַדניק. אַ לעבעדיקער — די קאַפּאָטע אַ פאַרפּראַשעטע און אַ פּנים געל ווי וואַקס... „שמע ישראל״! האָב איך אָנגעהויבן שרײַען. און מער געדענק איך נישט... וואָס עס האָט ווײַטער געטראָפן, ווייס איך נישט. אַ גליק, מײַן פערד ווייסט דעם וועג...״

דעם קומענדיקן שבת האָט נויקע געבענטשט גומל.

# אהבתי את אדוני...

אַנטקעגן משה דעם ווײַסנס הויז און ממש אין סאַמע טײַך שטייט אַ הײַזל, וואָס דערמאָנט אײַך אין אַ „סטיכאַטוואָרעניע״ (פּאָעטיש ליד), וועלכע איך געדענק נאָך פון בראָנשטיינס „אוטשילישטשע״ (שול): „איזבושקאַ טאַם נאַ קוריך נאָזשקאַך סטאָיט, בעז אָקאָן בעז דווערי״ (אַ הײַזל דאָרט, אויף הינער־פּיסלעך, שטייט, אָן פענצטערס און אָן אַ טיר).

אין אָט דעם הײַזל וווינען, אַן אַלטער טאַטע, וואָס קוקט־אויס ווי אַ מת, וועלכן מע האָט צוליב עפּעס אַ סיבה, זײַן רעכט נישט געטאָן — און אַ זון, אַ שטומער.

דער שטומער איז אַ ייִד אַ חכם. ווייסט אַלץ, וואָס עס גייט־אָן אין שטאָט, קען קיין עוולות נישט לײַדן און אויף זײַן שטום לשון איז ער זייער אַ באַריי־דעוודיקער. זאָל אײַך גאָט אָפּהיטן, ער זאָל אײַך כאַפּן בײַ אַ לאַץ פון אײַער רעקל, — עס איז אַ מעשה אויף אַ שעה צײַט. ער וועט אײַך „אַרײַנריידן״ און אײַך אויסדערציילן אַלץ, וואָס בײַ אים אויפן האַרצן. ייִדן ווייסן, אַז ער האָט „נײַן מאָס רייד״ און היטן זיך פאַר אים. אַ גליק, וואָס בשכנות מיט אים וווינען נאָך צוויי שטומע — רפאל בערזשעניקס אַ טאָכטער מיט אַ זון — האָט ער מיט וועמען אַ וואָרט צו ריידן... אַז אָט די „טראַיקע״ פירן אַ שמועס, קען מען פון זיי טויב ווערן. רפאל בערזשעניק איז שוין לאַנג אויפן עולם־האמת און פרויקע זײַן זון, וואָס איז מער פערד־הענדלער ווי בעל־עגלה, גיט גוט אַכטונג אויף זײַן ירושה — די שטומע.

מיר, ייִנגלעך, האָבן גוואַלדיק הנאה זיך צוצוהערן ווי די צוויי שטומע מע־

**נער „דאַוונען" אין שול אין אַ שבת אָדער אַ יום־טוב. זיי „דאַוונען" אין טליתים און דווקא אויף אַ קול...**

***

איידער מיר פאַרנעמען זיך רעכטס, טאַקע אויף דער אמתער באַלעגאָלעשער גאַס, וועלן מיר כאַפּן אַ קוק אויף אַהרנציע בעל־עגלהס גרויסער און שיינער שטיינערנער דירה, און זיך באַקענען מיט איר באַלעבאָס און זײַן „באַלעגאָלי־שער" מלוכה.

אַהרנציע איז אַ ייִד אַ בעל־גוף. און כאָטש ער איז אַ באַלעבאָס איבער אַ גאַנצער כאַליאַסטרע שמײַסערס, אַ טאַבון פון פערד, אַ סך וועגענער, בריטשקעס און אַפילו פאַיעטאָנען און האָט, ווי געזאָגט, געדונגענע מענטשן, וואָס פאָרן מיט די עגלות סײַ קיין יאַראָשענקע צום באַן, סײַ קיין מאָליעוו, — איז ער אַליין אויך אַ האַרעפּאַשניק. פאָרט אַליין אויך אַ פּאָר מאָל אַ וואָך. מיט זײַנע „מענטשן" איז ער זייער דעמאָקראַטיש. אַלע עסן זיי אין בײַ איין טיש און קריגן גוט באַצאָלט פאַר זייער אַרבעט. אַהרנציע טוט מיט זײַנע „מענטשן" שידוכים, דינגט זיך פאַר זיי, ווען עס קומט צו נדן, וועלכער באַשטייט פון פערד־און־וואָגן, כדי זײַן „מענטש" — ווען ער פאַרלאָזט אים — זאָל האָבן פּרנסה. עס טרעפט אַפילו אַ מאָל, אַז אַ שמײַסער נאָך דער חתונה שפּאָרט זיך אײַן און וויל פון אַהרנציען נישט אַוועק־גיין און וויל גיכער פאַרבלײַבן אַ „מענטש" בײַ אַהרנציען, איידער ווערן אַ באַ־לעבאָס פאַר זיך. ממש אַזוי ווי אין דער סדרה „משפטים" שטייט געשריבן: „אהבתי את אדוני"... אַהרנציע שטימט צו אָן חשק — נאָר דעם אויער צום טיר בויערט ער נישט...

אין שטאָט איז אַהרנציע אָנגענומען אַלס אַן אָרנטלעכער מענטש און זײַנע אייגענע בסיעות קיין מאָליעוו מאַכט ער מערסטנטייל מיט געלט, וואָס שטאָט געטרויט אים, ווי ער זאָל זײַן אַ פירער פון אַ באַנק, אָדער „קאָזנאַטשעיסטוואָ". און כאָטש ער קען נישט, נישט לייענען, נישט שרײַבן, ווייסט ער וועלכע פּע־קעלעך מיט געלט געהערן צו וועמען. עס האָט נאָך נישט געטראָפן, ער זאָל ווען עס איז אַ טעות מאַכן, אָדער עס זאָל וואָס פאַרלוירן גיין. ער זאָגט, אַז ווען אַזאַ זאַך זאָל געשען, וואָלט ער באַצאָלט דעם שאָדן פון זײַן אייגענער קעשענע. ווײַל ער איז אַ „שוימעסוכע" נישט קיין „שוימעכינע" (פאַרגרײַזט פון שומר שכיר און שומר חינם. לויט דעם ייִדישן דין פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט — דער חילוק פון איינעם, וואָס קריגט באַצאָלט פאַר היטן יענעמס געלט און אַזוינעם וואָס טוט דאָס אומזיסט. אַהרנציע הערט זיך גוט צו צו בנימין־יענקלען, וועלכער לערנט פאַרן עולם אין דעם בעל־עגלהשן שולעכל שבת בײַ טאָג).

אויפן צווייטן שטאָק פון משה איטעס דירה וווינט חיים ישכרס ברודער, ער איז נישט אַזאַ למדן ווי חיים (מיט אים וועלן מיר זיך שפּעטער באַקענען) אָבער

ער איז זייער אַ בכבודיקער, שטילער, בנעימותדיקער ייִד. האָט אַ קורץ, שיין, שוואַרץ בערדל אויף אַ בלאַס איידל פּנים און אַ פּאָר גוטע, קלוגע אויגן.

פּרנסה האָט ער פון פאַרריכטן קאַלאָשן. און כאָטש עס פעלן נישט קיין קאַלאָשן־פאַרריכטערס אין שטאָט, איז ער אָבער דער איינציקער, וואָס האָט די מלאכה דערפירט צו אַ קונסט. ווען ער לייגט אַ לאַטע אויף אײַערע קאַלאָשן, זאָלט איר זײַן מיט צען קעפּ, וועט איר נאָך דעם נישט דערקענען דעם פלאַץ ווו דער ריס אָדער לאָך איז געווען. איך אַליין דענק, אַז עס קומט פון דעם, וואָס אַפילו בײַ דער אַרבעט זאָגט ער תהילים. לאַכט נישט! איך לערן דאָס פון אַ „קל וחומר״ — מײַן מאַמע, אַז זי קאָכט און באַקט, שעפּטשעט זי שטילערהייט „טעומיה חיים זכו״, און דערפאַר, מן הסתם, זײַנען אירע מאכלים טעם גן־עדן...

אין דער אונטערשטער דירה וווינט משה איטעס אַליין. אַ ייִד מיט רויטע אויגן — פײַער. אָט דער משה איטעס האָט זײַן סקלאַד פון תבואה טיר־צו־טיר מיט מאַטעס אַוּוערבוך און איז אַן אמתער פּאַראַזיט, אַן אויסכאַפּער. הערט וואָס אַ ייִדן קען אײַנפאַלן: ער שטייט זיך אַזוי לעבן זײַן סקלאַד און הערט זיך צו, ווי מאַטעס דינגט זיך מיט אַ פּויער איבער אַ זעקל ווייץ אָדער קאָרן. און ווען זיי ווערן מושווה מיטן מקח און מאַטעס פאַרנעמט זיך דערווײַל מיט עמעצן אַנ־דערש, איז בעת דער פּויער גייט צו זײַן וואָגן און נעמט אַרונטער דאָס זעקל און טראָגט עס צו מאַטעסן, פאַרשטייט זיך, לויפט אָט דער משה הינטער צום פּויער מיט אַ מזמורל: „טוטאָטשקאַ, טוטאָטשקאַ, טשלאָוויטשעו!״... (דאָ, אָט דאָ, מענטשעלע!) פּאַקט דאָס זעקל אַרײַן צו זיך, באַצאָלט דעם פּויער און גיי לאָד אים, רוף אים קנאַקניסל...

מאַטעס האָט אים שוין גענומען „צווישן מענטשן״ און אַפילו צום רב אויף אַ דין־תורה, נאָר עס העלפט ווי אַ טויטן אַ מלא. „האוחז ביד״ איז אַן עסק, וואָס ווײַזט אויס, אַפילו נאָך די ימים־נוראים...

## „מיין יתום״ — „אַכנאַליעס״, יוזיע

פּרויקע קאָוואַל איז אַ מיטליאָריקער דראָטיקער ייִד. אַ פײַנער בעל־מלאכה און אַ גוטער בעל־פּרנסה. אַז פּרויקע קאָוועט אַ פערד, איז דאָס געקאָוועט. דאָס פערד קען גיין אין די גרעסטע בלאָטעס, אין שניי און אין רעגן, גרינג ווי אַ פייגעלע. נאָר גיי דערצייל אַ פערד, וואָס איז גוט פאַר דעם... פאַרשטייט זיך, אַז די פערד בריקעווען זיך, און לאָזן זיך נישט אַרײַנהאַקן די אַכנאַליעס. וואָס זשע טוט גאָט? שטאַרבן בײַ פּרויקען אַ שכן מיטן ווײַב אין אַן עפּידעמיע פון דיזענ־טעריע (שילשול) און לאָזן איבער אַ קײַלעכדיקן יתום, אַ בחורל מיט אַ פּאָר ידים פון שטאָל, און פּרויקע נעמט אַרײַן דעם יתום צו זיך, לערנט אים די

מלאכה. און אַז חיים, אַזוי האָט דער בחור געהייסן, נעמט בײַ אַ פערד אַ פוס, קען דאָס פערד קיין חזיר נישט זײַן און מוז זיך לאָזן קאָוועז. דער יתום איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַ מאַן. פרויקע האָט אים חתונה געמאַכט, נאָר אַלץ פאַר אים קיין אַנדער נאָמען נישט געהאַט, ווי „מײַן יתום". חיים האָט שוין געהאַט אַ פּאָר אייגענע קינדערלעך, אָבער בײַ פרויקען איז נאָך אַלץ געווען „מײַן יתום", ביז... יאָ, ביז גאָט האָט געהאָלפן, עס איז געקומען די רעוואָלוציע און מע האָט אין שאַרגאָראָד אָרגאַניזירט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. חיים איז געוואָרן אַ מיט־גליד אין דעם פאַראיין. און אָט שטעלט מען אָפּ די אַרבעט אין אַלע וואַרשטאַטן אין שטאָט, מע רופט אַלע בעל־מלאכות, די באַלעבאַטים צו אַ מיטינג און מע שטעלט אַרויס פאָדערונגען וועגן העכערע שכירות, קירצערע אַרבעט־שעהן און אַזוי ווײַטער. מאַלט אײַך, אַז בײַ אַלע באַלעבאַטים איז דער טאָג קיין שמחת־תורה נישט געווען... נאָר בײַ פרויקען איז דאָס געווען אַן אמתער תשעה־באָב. ממש דער טרויעריקסטער טאָג אין זײַן לעבן... „סטײַטש און היתכן? ווער האָט אַ רעכט מיר צו זאָגן, וואָס איך זאָל טאָן מיט מײַן יתום?"...

יאָ, אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט דאָס אַכנאַליעס. האָט איר אַ מאָל געהערט אַזאַ וואָרט? און אַז איר וואָלט געהערט אַזאַ וואָרט, וואָלט איר געוווסט וואָס דאָס מיינט? וואָלט איר געגלייבט, אַז אַכנאַליעס הייסן די צוועקעס, די נעגל מיט וועלכע מע קאָוועט פערד? וועט איר דאָך מן הסתם פרעגן: פון וואַנען ווייס איך דאָס? איז דער ענטפער אַזוי: ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע וועלט־מלחמה, און ווי איר ווייסט דאָס, איז שאַרגאָראָד נישט זייער ווײַט פון דער עסטרײַכישער גרענעץ, איז יעדן באַפאַלן אַ פחד, בפרט ייִדן, וועלכע האָבן גוט געוווסט ווי צעפוילט דער צאַרישער רעזשים איז געווען און וואָס פאַר אַ שטרוי־ענער העלד פאָניע איז, האָבן זיי גוט געדענקט פון דעם יאַפּאָנעזישן קריג... די מורא איז געווען, אַז מע וועט דאַרפן אַנטלויפן טיפער אין לאַנד. אין אַזאַ צײַט האָבן מענטשן געטראַכט, איז וואָס ווייניקער מטלטלין מע וועט האָבן, וואָס גרינ־גער מע וועט זײַן, אַלץ גרינגער וועט זײַן צו לויפן. האָט מען אָנגעהויבן צו פאַר־קויפן פון הערן און געדענקען. ייִדן האָבן פאַרקויפט די בעסטע און טײַערסטע סחורות פאַר אַ שיבוש. מע האָט אויסגעליידיקט די קראָמען און אַפילו שווערערע הויזזאַכן האָט מען אויספאַרקויפט... גיי ווייס, אַז קירעס אַרמיי איז נישט ווייני־קער צעפוילט ווי פאָניעס, און זי וועט גאָר אָנהייבן לויפן. „אונדזערע" פאַרנעמען גאָר גאַליציע, און אַזוי ווי פאַגראָמען איז דאָך „אונדזער פאַך" מקדמונים, האָט מען באַלד געהערט פון „אונדזערע העלדישקייטן" אין די געדיכט־באַזעצטע ייִדישע שטעט און שטעטלעך, אין גאַליציע און אָט שטייט שוין פאָניע גנב נישט ווײַט פון לעמבערג. האָט, פאַרשטייט זיך, דאָס לעבן אין אונדזערע מקומות מער־ווייניקער זיך אײַנגעשטעלט און מע האָט זיך אַרומגעזען, וואָס פאַר אַ גרויס נאַ־

רישקייט עס איז געווען דאָס אויספאַרקויפן אַלץ, וואָס מע האָט פאַרמאָגט. האָבן זיך ייִדן אַרויסגעלאָזט אין די גרעסערע שטעט אײַנצוקויפן סחורות און עס האָט זיך איבער נאַכט געשאַפן אַזאַ יקרות, אַז יעדע זאַך, וואָס ערשט נעכטן האָט עס געקאָסט אַ רובל, האָט הײַנט שוין געקאָסט צוויי און דרײַ... אָן אַן עק און אָן אַ סוף. ייִדן וואָס האָבן פאַר דער בהלה געהאַט גרויסע קראָמען אָנגעפילט מיט סחורה, האָבן פאַר דעם זעלבן געלט קוים געקענט אײַנקויפן אַ דריטל און אפשר אַ פערטל פון דער פריִערדיקער סחורה. איין מעלה האָט דאָס געהאַט: עס האָט פאַרנומען אַ סך ווייניקער פּלאַץ, האָט מען דאָס גיכער געקענט באַהאַלטן, ערשטנס, פאַר אַ „גוט אויג", צווייטנס, וואָס מער און לענגער עס איז געלעגן, אַלץ טײַערער איז דאָס געוואָרן. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדע ספּעקולאַציע מיט לעגענדאַרע קאָפּ־שווינדלערישע פּרײַזן. אָט אין יענער צײַט האָט מען אָנגעהויבן שפּעקולירן אויך מיט טשוועקעס, מיט וועלכע מע קאָוועט פערדה. און די גאַנצע שטאָט האָט געהאַנדלט מיט דעם... אין יענער צײַט זײַנען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז מע רופט די טשוועקעס — אַכנאַליעס.

***

אַ שטאַרקער אונטערשייד איז צווישן פּרויקע קאָוואַלס באַלעבאַטישער הויז און דער שכנהשע חורבה, וואָס האַלט זיך אויף משקולות און באַשטייט פון צוויי, אויב איר ווילט — קענט איר זיי אָנרופן ווינונגען. אין דער זײַט וואָס קוקט אַרויס אויף דער בעל־עגלהשער גאַס וווינט אַ ייִד אַן אָרעמאַן, וואָס צייכנט זיך אויס מיט דעם, וואָס אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק גט ער זיך מיט דער ווײַב און האָט מיט איר צוריק חתונה. נאָכן גטן זיך, רעדט מען דעם ייִדן שידוכים, אָבער ער טרײַבט די שדכנים דורך, ער זאָגט, אַז ער וויל נישט חתונה האָבן מיט קיין פרעמדער ייִדענע, ער וועט שוין ליבערשט צוריק נעמען זײַן אייגענע ווײַב. איר פאַרשטייט. ער איז אַ שטיקל קרוב מיט איציקל חנה דער רײַבערינס, וואָס גיט אים חופּה וקידושין בחינם, אָן געלט, און אַ גט אין שאַר־גאַראַד קאָסט אויך נישט מי יודע וויפל. גייט דאָרטן די מעשה, ווי די גמרא זאָגט: „וחוזר חלילה"...

אין דער צווייטער זײַט פון דער חורבה וווינט יוזיע. יוזיע איז אַ גוי, וואָס רעדט ייִדיש ווי אַ וואַסער, איז בקי אין אַלע ייִדישע מנהגים, האָט ליב ייִדן, און האָט אַ חזקה אויפן חמץ פון דער גאַנצער שטאָט יעדן ערב פּסח.

יוזיע האָט נישט קיינעם אויף גאָטס וועלט, אַ חוץ די שאַרגאָראָדער ייִדן און — להבדיל — דעם קסאָנדז פון דעם קאַטוילישן קאָשטשיאָל. צו יעדער קאַטוילישער לוויה, אָדער אַזוי אַ פּראָצעסיע, גייט יוזיע אָנגעטאָן אין אַ ווײַסן קיטל, טראָגט אַ גרויסן הילצערנעם צלם און שפּאַנט, נישט אָן גדלות, אויף צופריִער, דער ערשטער אַפילו פאַר דעם קסאָנדז אַליין.

יוזיע וויל נישט ליַידן, אַז מע האַלט אים פאַר אַ פויער. ער זאָגט, אַז ער איז אַ „שליאַכעטני״, איז אָבער זײַן פויליש אַזאַ מין צרהדיקער, אַז ווען מיצ־קעוויטש זאָל אויפשטיין פון קבר און הערן וואָס יוזיע מאַכט פון זײַן פוילישער שפּראַך, וואָלט ער נאָך אַ מאָל געשטאָרבן.

יוזיעס פּרנסה איז נישט קיין געווינטלעכע. איין מאָל אַ יאָר שרײַבט אים דער מענדעליאָוועס זון שמואל, אַ פּוילישן בריוו, וועלכן יוזיע אַליין דיקטירט, וועגן דעם ווי ער איז געווען אַ רײַכער שליאַכטיטש און ווי צוליב אַ שרפה איז ער געוואָרן אַ יורד, און ער בעט דעם „יאַסנאָוועלמאַזשנע״ ער זאָל אים העלפן. אָט מיט דעם בריוו גייט ער צו די פּריצים פון גאַנצן אַרום. מיטן לײַדיקן גייט ער פון ערגעץ נישט אַוועק. דעם בריוו היט ער ווי דאָס אויג אין קאָפּ. דער אינהאַלט ווערט געביטן איין מאָל אין יאָר. גלאַט אַזוי, בעט יוזיע בײַ קיינעם גאָר נישט...

יוזיע האַלט אַן אויג אויף שאַרגאָראָדער ייִדן, זיי זאָלן זיך אויפפירן ווי ייִדן. אַז אַ שאַרגאָראָדער יונגערמאַן רייכערט שבת אַ סיגאַרעט, היט ער זיך נישט אַזוי פיל פאַר ייִדן ווי פאַר יוזיען. מחמת יוזיע קען אײַך דערלאַנגען אַזאַ פּאַר־ציע מוסר, אַז עס זאָל זיך אײַך אָפּגלוסטן צו זינדיקן. ער אַליין טרינקט נישט, רייכערט נישט און וואַרט פון יאָר צו יאָר אויפן חמץ־פאַרקויף. נישט אַזוי צו־ליב די פאַר רובל, וואָס ער קריגט, ווי צוליב דעם געפיל, אַז גאַנצע אַכט טעג איז ער אַ באַלעבאָס איבער אַ שטאָט מיט ייִדן און איבער זייער חמץ...

## די „קאַפּעליע״...

אַז איר זײַט אַ חדר־ייִנגל ווי איך און אײַער טאַטע איז אַ גאַנצן זומער אין אַסטראַכאַן אויף דער וואָלגע מיט זײַנע פיש־געשעפטן און בײַ דער מאַמען זײַט איר אַ בן־יחיד, איין אויג אין קאָפּ, האָט איר ליב, אַז עס איז אײַך פריילעך. און זאָגט אַליין, וואָס קען זײַן פריילעכער, ווי אַז מע שפּילט אויף אַ ריכטיקער כלי? צום בעסטן וואָלט אַוודאי געווען אויף אַ פידל. נאָר דאָס איז גלאַט אַ ווילדער געדאַנק. ווי קום איך צו אַ פידל? און ווען איך זאָל שוין קריגן אַן אייגענעם פידל, איז ווי שפּילט מען אויף אים? צווישן מיר און אײַך זאָל דאָס בלײַבן. איך האָב שוין נישט איין מאָל געהאַט אַ פידל אין דער האַנט און געפּרוווט שפּילן אויף אים. איז אַרויסגעקומען אַזאַ מין קאַצניאַמער, אַז עס איז אַ בזיון אויסצו־זאָגן. דאַכט זיך, איך האָב געטאָן אַלץ ריכטיק: איך האָב אַוועקגעלייגט דעם פידל אויפן אַקסל פונקט ווי נחום, משה דעם ווײַסנס איידעם, וועלכער שפּילט „פּרימאַ״ אין דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע; איך האָב אָנגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זײַט און געזונגען אַ ניגון, פירנדיק מיטן סמיטשיק איבער די סטרונעס.

איז דאָס זינגען אַרויסגעקומען מער ווייניקער נישקשה. נאָר דער פידל האָט, אָדער דעם ניגון נישט געקענט, אָדער די סטרונעס זײַנען נישט געווען „אָנגעשטעלט״״ (אַזוי ווײַט ווייס איך, אַז נחום דער „פרימאָ״־שפילער אַרבעט שווער אָנצושטעלן די סטרונעס). אַגב, אפשר ווייסט איר, וואָס עס מיינט „פּרי־מאָ״? איך ווייס, אַז טביהלע זייפמאַן זאָגט אויף זײַן סחורה, אַז זי איז פּרימאָ שבפּרימאָ, איז וואָס פאַר אַ שײַכות האָט דאָס צו פידל שפּילן?... האָב איך באַ־שלאָסן אויף אַ ביסל ווייניקער און געוואָלט נאָכמאַכן אפרים דעם בלינדן קלעז־מער, וואָס שפּילט אויפן פידל סעקונדע (מע האָט אים טאַקע גערופן — פרויעם סעקונדע) און וואָס אַ גאַנצן ניגון שפּילט ער טאַקע אויפן פידל נישט אויס, נאָר ער האַלט טאַקע: טאַ, טאַ, טאַ, טאַ, טאַ, טאַ, טאַ, טאַ — איז פון דעם אויך גאָר נישט אַרויסגעקומען.

יאָ, שיעור נישט פאַרגעסן. איר חידושט זיך מן הסתם, ווי עס קומט צו מיר אַ פידל? ס'אַ גוטע קשיא, כ'לעבן. און אַזוי ווי איך האָב פאַר אײַך קיין סודות נישט, וועל איך זי פאַר אײַך פאַרענטפערן.

איך האָב געהאַט אַ שוועסטער. מילקע האָט זי געהייסן. איז זי געווען אַ כלה פאַר פּיניע, פּערל משה פּײַווישעס (אַ טײַערע פרוי געווען אָט די פּערל, געהאַט אויף זיך אַ מאַנסבילשן קאָפּ און אַ גאָלדן האַרץ און איך האָב „געשפּילט אַ ליבע״ מיט איר). האָט פּיניע זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. האָט ער דאָך אָבער נישט געוואָלט דינען פאָניע־גנב, איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. נאָך דעם איז אים נאָכגעפאָרן זײַן ייִנגערער ברודער יענקל. יענקל האָט געשפּילט פידל און געהאַט צוויי פידלען, איינעם אַן אַלטן און איינעם אַ נײַעם. איז דעם נײַעם האָט ער מיטגענומען, און דעם אַלטן האָט ער איבערגעלאָזט אין דער היים. פּערל פלעגט קוקן אויפן פידל, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט און ווײנען. זי האָט זייער געבענקט נאָך די קינדער. אָבער ווען עס פלעגן אין אַ מאַרק־טאָג קומען צו איר גויעס קויפן קרעלן און פאַציערקעס און זי איז געווען פאַרנומען, פלעג איך פאַוואָלינקע אַראָפּנעמען דעם פידל פון וואַנט און פּרובירן מײַן מזל. און אַז, ווי איר ווייסט שוין — עס איז נישט געגאַנגען, האָב איך זיך אָנגעפרעגט בײַ ייִנגלעך, וואָס ווייסן, האָט מען מיר געזאָגט, אַז עס פידלט נישט בײַ מיר, ווײַל אַ סמיטשיק האָט ליב, אַז מע רײַבט אים אָן מיט זשיוויצע (קאַניפאָל). האָב איך דאָס אויך באַוויזן צו קריגן, און ווי פון דער וואַנט. עס האָט נישט געהאָלפן. איך האָב קיין ניגון נישט געקענט אַרויסבאַקומען. דעמאָלט האָב איך באַשלאָסן, אַז אַ פידל איז נישט פאַר מיר, ווי זאָגט איר, איז נישט למנצח על הכינור...

דורכגעפאַלן מיט אַ פידל, האָב איך זיך געוואָרפן אויף אַנדערע כלים. איך האָב זיך אײַנגעהאַנדלט אַ האָנעכל מיט אַזאַ געווערקל אינעווייניק, וואָס אַז מע בלאָזט אין דעם, קומען אַרויס פון דעם זייער „מאָראַלישע״ און טרויעריקע קו־לות. די ייִנגלעך, וואָס האָבן מיר געהערט שפּילן אויף דעם האָנעכל, האָבן מיר

געזאָגט, אַז דאָס האַנעבכל מאַכט נאָך די קולות פון די קינדער אין ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, בשעת מע האָט זיי געקוילעט... מער האָב איך נישט געדאַרפט... אַז איך הער דאָס וואָרט „פּאָגראָם", ווער איך אַ טויטער... איך האָב טאַקע קיין מאָל קיין פּאָגראָם נישט געזען, נאָר איך געדענק אײנע אַ נאַכט ווען מע האָט זיך געגרייט צו אַ פּאָגראָם. די מאַמע האָט געוויינט... דער זיידע לוי האָט געזאָגט תהילים... בעני סטאָליערס „בנים" זײַנען געשטאַנען אין דרויסן בײַ דער טיר מיט אײַזערנע לאָמען אין די הענט און געוואַרט אויף די פּאָגראָמשטשיקעס... בײַ דער ברום, האָט מען געזאָגט, זיצן רײַטנדיק אויף פערד וואָוויק און נאָך אַ מנין ייִדן מיט ווייכע הערצער נאָר שטאַרקע הענט, מיט אָנגעגרייטע סטורקאַטשן (ברע־נענדיקע פּאַקלען) מוכן ומזומן אַוועקצולאָזן די סלאָבאָדע מיטן „רויטן האָן" — אויב די פּאָגראָמשטשיקעס וועלן טאַקע זיך וועלן אַרײַנלאָזן אין שטאָט... און אַ פּאָר מיניבים אַנדערע ייִדן היטן די קאַזאַרמע מיט סטראַזשניקעס, זיי זאָלן, חלילה, נישט מאַכן קיין „פּאַריאַדאָק" (אָרדענונג) בשעתן פּאָגראָם... יענע ייִדן האָלטן נישט קיין סטורקאַטשן און נישט קיין לאָמען (און לייבעלע בעניע סטאָליערס גיט־צו: „זיי זאָגן אויך נישט קיין תהילים", וואָס ער מיינט דערמיט, ווייס איך נישט...), נאָר זיי האָבן יעדער אַ „שפּײַער". אײַ, וואָלט איך געוואָלט וויסן וואָס אַ שפּײַער איז, נאָר איך בין שלעפעריק, פאַל אַרײַן אין אַ שווערן דרימל, און עס חלומט זיך מיר און עס באַמבלט זיך מיר אין קאָפּ אַ פּסוק: „וחרב פּיפיות בידם"...

איך וועל אײַך נישט דערציילן אַלץ פון יענער נאַכט, ווײַל איך האָב פײַנט טרויעריקע מעשׂהס... תשעה־באָב — באַקומט מיר אַפילו נישט דאָס פאַרגעניגן, פון וואַרפן בוזיקעס און בערעלעך ייִדן אין די בערד, צוליב דעם, וואָס די מאַמע זיצט אויף דער ערד אַרומגערינגלט מיט אַ כאָפּטע ווײַבער, לייענט פאַר זיי די טרויעריקע מעשׂהס פון חורבן בית־המקדש און וויינט... ליב האָב איך שׂמחת־תּורה, בײַ מיר האָט איר געפעלט און איך וואָלט נישט מיד געוואָרן, אַז שׂמחת־תּורה זאָל זײַן אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר...

נאָך דעם דורכפאַל פון פידל און פון האַנעבכל, האָב איך פּרובירט אַ האַר־מאָשקע. דאַרף מען אָבער צו אַ האַרמאָשקע האָבן אַ טריפן מויל... אַ סימן האָט איר, ווײַזט מיר איין ייִנגל אין שאַרגאָראָד, וואָס זאָל קענען שפּילן אויף אַ האַר־מאָשקע. זעט איר, שקאָצימלעך קענען אַלע, אַלע שפּילן אויף האַרמאָשקעס. און נאָך ווי אַזוי שפּילן. האָב איך אויסגעפונען, אַז ווען מע נעמט אַ געדיכט קעמעלע און מע וויקלט דאָס אײַן אין פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, קען מען אויף דעם אויסשפּילן, וואָס נאָר איר ווילט אַליין... האָט אָבער אַ קעמעלע איין חסרון, וואָס איינער אַליין שפּילן אויף דעם איז גלײַך ווי גאָרנישט. מע דאַרף שפּילן בציבור, ווי, להבדיל, דאַוונען מיט אַ מנין. דאַרף מען, הייסט עס, נישט אַ קעמעלע בלשון יחיד (איינצאָל) נאָר בלשון רבים (מערצאָל). און קעמעלעך דאַרף מען האָבן

שפּאָגל נײַע. ווײַל איך האָב, דאַנקען גאָט, אַ מאַמע, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס האָט מיך באַשווירן און גוט אָנגעשראָקן אויך, נישט צו דערוועגן זיך שפּילן אויף אַן אַלטן קעמל. מחמת איך קען נאָך, חלילה, קריגן אין מויל, וואָס בײַ מאַטעס אָווערבוך אויפן קאָפּ... מער פעלט מיר נישט, נאָר אַ „ציאַצקע" אין מויל... הייסט עס, אַז מע דאַרף קריגן נײַע קעמלעך און צוזאַמענשטעלן אַ קאַפּעליע.

**
*

דאַרף זיך טרעפן, אַז בײַ אַ יידן אַ קעמלמאַכער אין מעראַכווע, שטאַרבט דאָס ווײַב (נישט פאַר קיין שום יידן גערדאַכט — זאָגט די מאַמע) און דער ייד האָט חתונה אין שאַרגאָראָד און קלײַבט זיך אַריבער צו אונדז מיט זײַנע צוויי יתומים. איינער, דער קלענערער, משהלע, איז אין מײַנע יאָרן, און מע גיט אים אַרײַן אין זעלבן חדר ווו איך גיי. די ערשטע פּאָר טעג זײַנען אַלע יינגלעך גע־ווען גוט צו אָט דעם משהלען. דער רבי האָט אָנגעזאָגט און אָנגעשראָקן מיטן גיהנום, אויב מע וועט חלילה דעם יתום קריוודען. אָבער אַז עס זײַנען אַוועק אַ פּאָר וואָכן, האָבן די יינגלעך פאַרגעסן דעם רבינס גאַנצע דרשה און דעם יינגל באַטראַכט ווי איינעם פון אַלע. און ווען זיי האָבן אויסגעפונען, אַז בײַ דעם יינגל קען מען קריגן, דאָס הייסט, צונעמען אַזעלכע פײַנע ביינערדיקע זאַכן, וואָס קע־נען דינען ווי אַ טײַטל, נאָך אַ בעסערס און שענערס ווי דער רבי האָט. און זאַ־כעניש צו נוצן ווי אַ ווירע און נאָך ענלעכע חפצים, האָבן זיי זיך נישט צערע־מאָניעט מיטן יתום, און זיי פּשוט בײַ אים צוגענומען... און נישט ווײַל איך וויל זיך באַרימען פאַר אײַך מיט מײַן גוטסקייט, נאָר איך בין פּאָרט געווען פון די מיאַכקאָ־לבבותניקעס, פלעג איך זיך פאַר אים אָננעמען און געהאַט געבראָטענע צרות פון די יינגלעך. עס איז געווען אין מיטן אַ ווינטער פון שנייען און זאַווע־רוכעס. משהלע האָט געוווינט ווײַט פון חדר, אין דער בעל־עגלהשער גאַס. איך האָב געהאַט אַ לאַמטערן און צוויי פּאָר קאַלאָשן. איז אין פּאָר האָב איך גלײַך אַרויסגעשלעפּט פון דער היים און זיי אים אַוועקגעגעבן. און אַזוי ווי משהלע האָט זייער מורא געהאַט צו גיין אַליין אַהיים פון חדר (מע האָט געלערנט בײַ נאַכט), פלעג איך אים אָפּפירן אַהיים ווי בײַ גאָט אַ נאַכט. מאָלט אײַך. איך אַליין האָב אויך מורא געהאַט. און נאָך ווי אַזוי... איז אַהינצו וועגס נאָך געווען „קאַטשקע־פּראַטשקע", אַ האַלבע צרה. מע איז דאָך פּאָרט אין צווייען. אָבער צוריק דאַרף מען גיין אַליין... און ווען איר וואָלט זיך געווען אָנלייענען אַזוי ווי איך מיטן „קב הישר" אויף עברי־טײַטש, וואָס דער רבי האָט צווישן זײַנע ספרים, און זײַן אַזוי אויסגעקאָכט אין „נישט־גוטע" און וואָס זיי קענען אָפּטאָן אַ יינגל, וואָס גייט איינער אַליין בײַ נאַכט אַזוי ווי איך — וואָלט איר פאַרשטאַנען מיט וואָס פאַר אַ ציטערניש און פלאַטערניש איך פלעג גיין אַהיים. חוץ דעם אַלעמען האָב איך נאָך געדאַרפט אויפלייגן וועג, אָנצוקומען פון דער ריכטיקער זײַט,

ווײַל דער טאַטע פלעגט שטיין אין דרויסן בײַ דער טיר און וואַרטן אויף זײַן בן־יחיד. און איך האָב זייער נישט געוואָלט, אַז אין דער היים זאָל מען זיך דער־וויסן וואָס פאַר אַ „דאָברי דורען״ * איך בין דאָס...

געוווּסט האָב איך, אַז משהלעס מאַמע וועט מיך היטן און באַשיצן. ווי אַנ־דערש? אָבער פאַרלאָזן זיך אין גאַנצן אויף דעם האָב איך נישט געקענט... איך פלעג אַרויסנעמען די ציצית פון מײַן אַרבע־כנפות און זיי האַלטן אין דער האַנט, ביז איך בין געקומען צו דער טיר. שלאָפן פלעג איך אומרויִק און געהאַט נישט־היימלעכע חלומות. כ׳פלעג ריידן און וויינען פון שלאָף... די מאַמע פלעגט מיך אויפוועקן אין מיטן נאַכט און טענהן: „וואָס איז מיט דיר, מײַן קינד. וואָס פאַר אַ יתומים, וואָס פאַר אַ „נישט־גוטע״? טפו, מײַנע שונאים. נישט אַנטקעגן נאַכט געדאַכט, נישט אַנטקעגן מײַנע קינדער געדאַכט, אויף פוסטע פעלדער און וועל־דער, טפו, טפו!״...

מיינט איר דאָך אַוודאי, אַז משהלע דער יתום האָט מיר אַליין עפּעס געגעבן פון זײַן טאַטנס „מאַסטערסקאַיאַ״ אומזיסט, ווייסיך וואָס! אַ נעכטיקער טאָג, לא היה ולא נברא. איך האָב פאַר יעדער זאַך באַצאָלט. אמת, נישט מיט קיין געלט, נאָר מיט שוה־כסף, ווי נאָר עפּעס אַ געשמאַקע זאַך, וואָס די מאַמע האָט מיט־געגעבן. ווילט איר קנישעס — איז קנישעס, ווילט איר אַ געשמאַק ווינטערדיק רינעטל מיט רויטינקע בעקעלעך — איז אַ רינעטל, ווילט איר אַ שטיק שטרודל, וואָס די מאַמע האָט אַליין געבאַקן, ווען דער וויניצער יונגערמאַן איז געקומען אָנקוקן מײַן עלטערע שוועסטער, — איז דאָס אויך אַ סחורה. טאַקע ווי אין דער גמרא, וואָס מיר לערנען שטייט געשריבן: „פּטור בלא כלום אי אפשר״... און כאָטש איך וואָלט דעם יתום סײַ־ווי געגעבן פון די אַלע גוטע זאַכן און זיך גע־טיילט מיט אים, פלעגט מיך אין האַרצן פאַרדריסן, וואָס ער מאַכט דאָס אַזוי סוחריש און ער דינגט זיך מיט מיר... נו, זאָגט אַליין, איז דאָ יושר אויף דער וועלט?

יאָ, צי עס איז דאָ יושר אויף דער וועלט, צי ניין. איך האָב יאַקאָש אַרײַנ־געקראָגן אַ מנין שפּאָגל נײַע קעמעלעך. צונויפגעזאַמלט אַ מנין חברימלעך און מע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

וויסן דאַרפט איר, אַז קעמעלעך, מעגן זיי אויסזען די זעלבע, פאַרמאָגן זיי יעדע אַ באַזונדער קלאַנג, אַ באַזונדער קול און אַפילו אַ באַזונדערן כאַראַקטער. עס קען זײַן, אַז עס האָט צו טאָן מיטן שפּילער, וואָס פאַר אַ שטימע ער האָט. אָבער קאָווירן פאַר דעם קען איך אײַך נישט. נאָר פאַר דער קאַפּעליע פאַר אונדזערער, האָט דאָס געהאַט אַ מעלה. אַז מיר פלעגן אַ שפּיל טאָן אַ מאַרש, וואָס די שאַרגאָראָדער קאַפּעליע שפּילט צו דער חופה בײַ איציע חזן אויפן באַרג,

* גוטער נאַר.

איז דאָס געווען שוין איין מאָל געשפּילט... די לוויִם אין בית־המקדש, וואָס האָבן געשפּילט אויף פאַרשיידענע כלים, ווי עס זאָגט זיך אין די „זאַגלאַוויעס"* פון תהילים, האָבן אונדז געמעגט מקנא זײַן... געשפּילט האָבן מיר מערסטנס אין חדר פאַר נאַכטלעך, ווען דער רבי גייט דאַוונען מנחה און מעריב און זאָגט אונדז אָן, אַז מיר זאָלן למען־השם זײַן „סטאַטיקעס"... מיר פלעגן אויך שפּילן בײַ שלמהלען אין הויז (איר קענט אים שוין פון אַ פריִערדיקער מעשה) אין טעג, ווען מע גייט נישט אין חדר. דאָרטן אין הויז האָט מען אַלץ געמעגט. אויף דער גאַס האָבן מיר נישט געקענט שפּילן, מע וואָלט דאָך אונדז נאָך, חלילה, געווען נאָכגעלאָפן...

דאָס פאַרגעניגן, וואָס מיר האָבן געהאַט פון שפּילן איז געווען אײן־לשער, נישט אָפּצושאַצן. צי דערפאַר וואָס, ווי שלמהלעס מאַמע זאָגט, מע האָט אונדז געגעבן אַ „גוט אויג", צי דערפאַר, וואָס מײַן מאַמע איז גערעכט ווען זי זאָגט, אַז „קיין זאַך איז נישט אייביק". נאָר איין מאָל אין אַ שיינעם טאָג האָבן צוויי שיכורע פּויערים אונדז דערהערט שפּילן, זײַנען זיי צוגעקומען צום הויז און גע־פאָדערט מע זאָל זיי אַרײַנלאָזן צו דער „זשידיוווסקע וועסיליע" (יידישע חתונה) און באשר מע האָט פאַרהאַקט די טיר און זיי נישט אַרײַנגעלאָזט, האָבן זיי אויס־געבראָכן אַ פענצטער...

דאָס איז געווען דער סוף פון דער קאַפּעליע...

## מ׳דאַרף קענען ריידן...

משהלע דער יתום האָט מיך אויסגעלערנט שיסן.

שאַט, שרעקט זיך נישט. נישט מיט קיין ביקס, נאָר מיט — — — שווע־בעלעך און אַ טשוואָק. אַז איר ווילט, וועל איך אײַך אויך אויסלערנען. עס איז זייער אַ פּשוטע זאַך. נאָר איך וויל אײַך וואָרענען: שיסט נישט אונטער פריידע ג׳ס פענצטער, מחמת ברוך, איר ברודער, האָט אַ האַרץ פון אַ גזלן. כאַפּט ער אײַך אָן בײַ אַן אויער, זײַט איר אַ פאַרפאַלענער.

איז אָט ווי אַזוי מע שיסט. מע נעמט עטלעכע שוועבעלעך — וואָס מער, אַלץ בעסער — מע שאַבט־אָפּ מיט אַ מעסערל די סירקע, מע מאַכט אַ לעכל, טאַקע מיט אַ טשוואָק אין אַ שטיק געהילץ, וואָס שטעקט אַרויס פון סײַ וועלכער הויז, מע פילט־אָן דאָס לעכל מיט סירקע, מע האַקט אַרײַן דעם טשוואָק אין לעכל אַרײַן, און — — — מע אַנטלויפט... דער אויפרײַס איז ווי פון אַן אמתער ביקס. אַנטלויפן דאַרפט איר אָבער נישט אַזוי דערפאַר, וואָס איר קענט, חלילה,

* קעפּלעך איבער די קאַפּיטלער.

געניזזוקט ווערן, נאָר מפני מראית עין, כדי עס זאָל אײַך קיין „גוט אויג״ נישט שאַטן. דער איינציקער פון ווּעמענס הויז איר דאַרפט נישט אַנטלויפן איז פון משה היקעוואַטעס. ווײַל ער, אַז ער דערהערט דעם שאָס, באַהאַלט ער זיך אונטער דעם בעט און שרײַט פון דאָרט אַרויס: „חייה, מע־מ־מע, מע שיסט — היעי־יי־ט דעם קאָפּ!״... (חייה, מע שיסט, היט דעם קאָפּ).

אָט דער משה היקעוואַטע, אַ ייד אַ פּחדן, אַ טרוס, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר זײַן אייגענעם שאָטן, איז בעת דעם בירגערקריג און דעם טאָג־טעגלעכן בײַטן זיך פון מאַכטן אין אונדזערע מקומות — געוואָרן אַן אמתער העלד. ער פלעגט פירן פּעקלעך צו די שאַרגאָראָדער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך גע־לערנט אין אָדעס. פאַרגעסן דאַרף מען נישט, אַז עס איז געווען סכנות־נפשות זיך אַרויפצוכאַפּן אויף אַ צוג. און די זנאַמעניטע „טשעקאַ״ איז געווען גרייט אויף יעדער סטאַנציע אײַך צו טאָן אײַער רעכט. עס איז געווען אַ צײַט, ווען פאַר דער קלענסטער קלייניקייט האָט מען געשטעלט צום ווענטל... משה איז אָבער אַלע מאָל אַרויס אַ גאַנצער. אַז איך האָב אים אַ מאָל געפרעגט, ווי אַזוי ער באַוויזט דאָס, אַרויסצוקומען מיט גאַנצע ביינער, איז זײַן ענטפער געווען אַ לאַקאָנישער, ס׳הייסט, קורץ אין ווערטער, נאָר אַ קאַפּעטשקע לענגלעך אין צײַט: אויב איר האָט צײַט און געדולד, וועל איך אים פּרובירן איבערזאָגן דעם ענט־פער: „פּ־פּ־פּ־אַרשטייסטו מיך, מאָט־ט־ט־אַלע, מע ד־ד־ד־אַרף קענ־ג־ג־נען ריידן״... (פאַרשטייסטו מיך, מאָטעלע, מע דאַרף קענען ריידן).

## מ׳ליגט אין דר׳ערד און מ׳עס באַקט בייגל...

איר געדענקט נאָך מן הסתם, אַז דער קעמלמאַכער איז געקומען קיין שאַר־גאָראָד מיט צוויי יינגלעך. וועל איך אײַך איצט באַקענען מיטן עלטערן. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר אַכצן און אויסגעקוקט אַ ביסל עלטער. געווען איז ער אַ בחור מיט אַלע מעלות וואָס מיידלעך האָבן ליב. ערשטנס, איז ער געווען אַ קראַסאַוועץ, צווייטנס, האָט ער געקענט טאַנצן און זינגען (פאַרשטייט איר מיך, מעראַכוועס איז געווען אַ שטעטל ווו אַלע, נאָר טאַקע „פּאָגאַלאָוונאַ״, אַלע האָבן געקענט טאַנצן און זינגען. די ערד דאָרטן, די שטיינער האָבן געזונגען...) און געטאַנצט האָט ער, ממש כל עצמותיו... אָט אַזאַ בחור איז ער געווען. זײַנען אַלע מיידלעך אין שאַרגאָראָד, אַפילו פון די העכערע שיכטן, געווען פאַרליבט אין אים, און ער האָט געקראָגן אַ נאָמען „מײַן שיינער״ (איר האָט געקענט הערן צווישן מיידלעך אַזעלכע פראַגעס: „האָט איר שוין געהערט ווי „מײַן שיינער״ זינגט?״; „האָט איר שוין געזען ווי „מײַן שיינער״ טאַנצט?״...), נאָר אַזוי ווי חתונה האָבן קען מען בלויז מיט איין מיידל (איציע רוזמאַן, וועלכער האָט אַ

שאַרפע צונג, ווי אַ חלף, האָט געזאָגט, אַז „עס איז נאָך אַ גליק, הערט איר, וואָס מיר האָבן אַ חרם דרבנו גרשם; ווען נישט דאָס, וואָלטן מיר נאָך אין שאַרגאָראָד געהאַט אַ האַרעם, ווי בײַם סולטאַן אין סטאַמבול"... אפשר ווייסט איר, וואָס ער האָט געמיינט דערמיט?...). על כל פנים, איין מיידל האָט זיך אין דעם בחור פאַר־ליבט אויף אַן אמת און טאַקע מיט אים חתונה געהאַט. דאָס מיידל איז געווען שלום פענזערס שוועסטער, און אַלע מיידלעך האָבן זי שטילערהייט מקנא געווען. געאַרבעט האָט דער בחור בײַ וועלוול בעקער. דאָרטן, בײַ דעם וועלוולען, האָט מען געבאַקן אַלערליי בייגל, גרויסע און קליינע, דיקע און דינע, געפלאָכטענע און גלאַטע. אָבער אויסגעצייכנט האָט זיך וועלוול בעקער מיט איין פּראָדוקט, היינו? מיט קליינטשיקע בייגעלעך, ממזרימלעך, רופט מען זיי און זיי זײַנען אַזוי זיס, אַז מע עסט זיי, ווערט אַזש מליאָסנע אויפן האַרצן. אַז איר וועט מיך בעטן, וועל איך אײַך אויסזאָגן דעם סוד פון אָט דער זיסקייט.

זינט די וועלט איז אַ וועלט, איז אײַנגעפירט, אַז זיסע בייגל ווערן געבאַקן מיט צוקער. אַזוי טוט טאַקע דער וויניצער בעקער, וועלכער באַקט בייגל בײַ גוטמאַן דעם לאָכעוועצער אין אַרײַנפאָר־הויז־קעלער. ייִדן קויפן זיי און האָבן הנאה. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האַלטן דעם וויניצער בעקער פאַר אַן „אַפּטייקער" (ווײַל ער רעכנט צו־טײַער). פויערים אָבער, ווילן אַז די בייגל זאָלן זײַן אי זייער זיס, אי ביליק („סאָלאָדקע אי דעשעוואָ"), איז ווי מאַכט מען דאָס, אַז דער וואָלף זאָל זײַן זאַט און די ציג גאַנץ? „אויף דעם — זאָגט וועלוול בעקער און זײַן איידעם האַלט אים אונטער, — האָט גאָט באַשאַפן סאַכאַרין"... סאַכאַרין, דאַרפט איר וויסן, קוקט טאַקע אויס ווי זאַלץ, נאָר זיס איז דאָס אַזוי, אַז מיט איין לויט פון דעם, קען מען זיס מאַכן אונדזער גאַנצן טײַך — די „מוראַשקע", און עס זאָל נאָך בלײַבן; נישט קיין טײַך מיין איך, נאָר סאַכאַרין... נוצט וועלוול אָנשטאָט צוקער — סאַכאַרין. ייִדן ווײַכן דערפון, נאָר פויערים פון גאַנצן אַרום קויפן די בייגל און בייגעלעך, האָבן ווילד הנאה פון זיי, און קענען זיך זאַט נישט אָנעסן.

**
*

אויב איר ווילט וויסן ווי אַזוי מע קריגט סאַכאַרין, וועל איך אײַך דערציילן.

דער סאַכאַרין קומט פון דעראַזשנע (מײַן טאַטע זאָגט, אַז די שטאָט הייסט דעראַזשנע, ווײַל דער דעראַזשנער רב וווינט דאָרטן...). אַלץ וואָס מע דאַרף טאָן, איז אָנשרײַבן אַ קאַרטל (אַ מאַרקע אויף אַ בריוו קאָסט צו־טײַער; נאָך וואָס אָב־שטאָפּן פּאָניען מיט גאָלד? „אַ מכה" — זאָגט אליהו מענדל הערש. ער איז עפּעס אָנגעטראָגן, אָנגעשטויסן אויפן קייסער). שרײַבן דאַרף מען זייער פאַרשטעלט, בזה הלשון: „פּראָשו אָטפּוסטיט", עס הייסט, „איך בעט מיר אָפּלאָזן איין קילאָ". און שרײַבט נישט וואָס, נאָר שטעלט אַוועק דרײַ פּינטעלעך, אַזוי, אַז פּאָניע זאָל זיך נישט אָנשטויסן, וואָס איר מיינט. און איר קריגט דעם סאַכאַרין דורך פּאָסט.

נו, איר ווילט דאָך מן הסתם וויסן, פאַר וואָס די מעשה סאַכאַרין מוז גע־האַלטן ווערן בסוד. איז דער ענטפער אַזאַ: מלכות קריגט אַקציז פאַר צוקער, איז אויב מע נוצט סאַכאַרין אַנשטאָט צוקער, פאַרלירט דאָך פאָניע געלט. און דאָס האָט ער פײַנט...

אָבער נאָך מער ווי פאַרלירן געלט, האָט פאָניע פײַנט סודות, ווײַל פון סו־דות שאָקלט, וואַקלט זיך און ציטערט בײַ אים זײַן כסא המלכות... דאַרף טרעפן, אַז דורך אַזאַ פאַרשטעלט קאַרטל האָט זיך אַ ייִד אַנגעפּרעגט אַ וויזיט אין מיטן נאַכט פון איספּראַווניק, דעם פּריסטאַוו, דעם נאַדזיראַטעל און אַ גאַנצער כאָפּטע זשאַנדאַרן, מיט, ווי זאָגט איר, יוצר־משרתיו, ואשר משרתיו, וועלכע האָבן אַרומגעריגלט דאָס הויז, און געוואָלט וויסן איין קלייניקייט — וואָס די פּיב־טעלעך אויף זײַן קאַרטל האָבן געמיינט. מאָלט אײַך, אַז די מעשה איז דווקא אַ שיינע, נאָר געשען איז די מעשה נישט אין שאַרגאָראָד, נאָר אין מאָליעוו, און אויב איך קען נאָר אויסמײַדן, שרײַב איך נישט וועגן אַנדערע שטעט. וועט איר מיר מוזן מוחל זײַן.

יאָ, אַז איר הערט אַ מאָל ייִדן זאָגן: „ער ליגט אין דער ערד און באַקט בייגל״, זאָלט איר וויסן פון וואַנען עס קומט. מער אין דער ערד ווי בײַ וועלוול בעקער אין קעלער — קען מען דאַכט זיך נישט ליגן...

## מען לערנט זיך „רוסיש״...

אַנטקעגן וועלוול בעקערס וווינט יענקל יודלס. פאַר מיר איז דאָס בלויז אַ נאָ־מען. צי איך האָב טאַקע קיין מאָל נישט געוווּסט וועגן אים, צי איך האָב פאַר־געסן, קען איך אײַך אויף זיכער נישט זאָגן. איך געדענק בלויז צוויי זאַכן פון יענער הויז.

די ערשטע זאַך זײַנען די „זאַנעוועסקעלעך״. אַזעלכע פאָרהענגלעך אויף די פענצטער, ווי אין יענער הויז, זאָלט איר אויסגיין גאַנץ שאַרגאָראָד פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן, וועט איר נישט געפינען. אַזוי ווי שאַרגאָראָדער בעלי־עגלות זאָלן ערגעץ האָבן אַ געהיימען אָפּמאַך, אַז זייערע ווײַבער מוזן זײַן בריהס בפלאות.

די צווייטע איז נישט קיין זאַך, נאָר אַ ייִנגל מיטן נאָמען אַברהם, מיט וועלכן איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן צוריק מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונ־דערט און איך האָב אים נאָך אַלץ האָלט, כ׳האָב אים נאָך אַלץ ליב. וועגן אים וויל איך איצט שרײַבן, נאָר כדי דאָס צו טאָן, מוז איך באַשרײַבן די אומשטאַנדן, וועלכע האָבן גורם געווען צו אָט דער באַגעגעניש.

נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 און ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן

די יִדישע פאָלקסמאַסן (נישט בלויז די אַרבעטער) עפּעס ווי איבער נאַכט אײַנ־געזונען די נויטווענדיקייט פון קענען לייענען און שרײַבן. גאָר די אָרעמע האָבן דאָך אַפילו יִדיש שרײַבן נישט געקענט, שוין אָפּגערעדט פון רוסיש. האָבן מלמדים, כדי אָנצוהאַלטן זייערע חדרים, זייער קנעלונג, אָנגעהויבן אַרײַנגעבן אין נדן, אַז זיי וועלן לערנען די קינדער שרײַבן — יִדיש און רוסיש.

עס רעדט זיך נאָר אַזוי, שרײַבן! אַז אַ מלמד האָט אַליין געקענט שרײַבן יִדיש, איז דאָס געווען דייגו. רוסיש שרײַבן, כ׳מיין עפּעס מער ווי בלויז נאָכ־שרײַבן אַ רוסישן אַדרעס, וואָלט אפשר געווען דער אַכטער וווּנדער פון באַשאָף. איין שטיקל אויסנאַם איז געווען יאָסל חיים ריוועלעס, וועלכער האָט זייער גוט געקענט שרײַבן יִדיש, געהאַט אַ ווונדערלעכע האַנטשריפט, ממש אַ קאַליגראַף; געקענט שרײַבן רוסיש, כ׳מיין נישט, אַז ער האָט עפּעס פאַרשטאַנען אין רוסיש, אָדער געוווּסט די כללים פון רוסישן אויסלייג. ער האָט אַפילו געקענט דעם לאַטײַנישן אַלפאַבעט און געקענט נאָכשרײַבן אַן אַדרעס קיין אַמעריקע, וואָס איז געוואָרן אַ נויטווענדיקייט אין יענע יאָרן פון גרויסער עמיגראַציע. אַנדערע מלמדים האָבן דאָס אויך נישט געקענט און פון אַלע צוזאָגענישן האָט זיך בדרך כלל אויסגעלאָזט אַ טײַך.

איין איציקל חנה דער רײַבערינס, איז גלאַט געווען אַ געוואַגטער ייִד, האָט ער אין דער „פינצטער״, אַליין גייענדיק אויף „רודעס״ אויסגעלערנט זײַנע תל־מידים שרײַבן רוסיש און זיי אַפילו דערפירט ביז „דיקטאָוווקע״ (וואָס ער האָט אויף זײַן לשון גערופן „דיגיטאָוווקע״). וועגן אָט דעם נײַעם אומגעווייינטלעכן וואָרט קען איך אײַך זאָגן, אַז עס זײַנען געווען יִנגלעך, וואָס האָבן זיך באַרימט, אַז זיי קענען שוין, ברוך־השם, שרײַבן די „דאָווקע״.

איז אָט ווי אַזוי איציקל פלעגט אונדז זאָגן „דיקטאָוווקע״:

ער פלעגט נעמען אַ רוסישע כרעסטאָמאַטיע אין האַנט. אונדז אויסזעצן אויף די בענק אַרום דעם לאַנגן טיש, אויסדרייען אונדזערע קעפּלעך אַ קאַפּעטשקע אין אַ זײַט, כדי עס זאָל זאָל באַקוועם צושרײַבן, און פײַערלעך אַ פרעג טאָן: „פאַרטיק, קינדערלעך?״. „פאַרטיק, רבי״ — האָבן מיר אַלע געענטפערט אין כאָר. „נו, קינדערלעך, איצט שרײַבט, נאָר שיין און ריין: אַווערבוז (אַרבוז) ראָס־טיאָט — אָנגעשריבן?״. „אָנגעשריבן, רבי״. „נו, איצט שרײַבט: איוו אָגאָראָדיע — אָנגעשריבן?״. „אָנגעשריבן״. „און איצט שרײַבט־אָן ׳טאָטשקאַ׳ — אָפּגע־שטעלט״... אָט בײַ דעם לעצטן האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. ווײַל אַלע יִנגלעך ווי איינער, האָבן אָנגעשריבן מיט רוסישע בוכשטאַבן: „טאָטשקאַ, אָפּגעשטעלט״. און וואָס מער איציקל האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז „בייַן, נישט שרײַבן ׳טאָטש־קאַ אָפּגעשטעלט׳, נאָר טאָטשקאַ — אָפּגעשטעלט״, איז דאָס געווען ווי צו דער וואַנט. די קינדער זײַנען געווען צעטומלט און איציקל האָט געהאַט אַן אַרבעט בײַ יעדן איינעם אין העפט „סאָבסטווענאָרוטשנאָ״ (אייגנהאַנטיק) אויסמעקן „טאָטשקאַ

אָפּגעשטעלט" און אַרײַנשרײַבן אַ „טאָטשקע" (פּונקט), וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, קאַליע געמאַכט די גאַנצע אַרבעט און אַלע האָבן געמוזט איבערשרײַבן אויף „טשיסטאָפּיסאַניע" * די גאַנצע חתונה. אינצווישן איז אָנגעקומען מעכליע עקיבא דעם רבס און שטילערהייט אײַנגערוימט איציקלען, אַז „דער טאַטע האָט געבעטן איר זאָלט אַריבערקומען". איציקל האָט לאַנג נישט געטראַכט, אָנגעטאָן דאָס פּלושענע היטל אויף דער יאַרמולקע, ער האָט געוווּסט, אַז עס שמעקט מיט אַ לעבעדיק קערבל פּרנסה, פאַר זײַן אַן עדות בײַ אַ גט. און אוי, ווי ער האָט דאָס נייטיק געהאַט. כ'מיין נישט דעם גט, נאָר דאָס קערבל... דער רבי האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן למען־השם זײַן סטאַטיקעס, איבער־שרײַבן עטלעכע מאָל די „דיגיטאָװקע" און נישט „וואַיעווען".

אַוודאי האָבן מיר אים גלײַך „געפאָלגט"... ווי דאָס האַרץ האָט אײַך געזאָגט. אַזוי שנעל, ווי דער רבי האָט פאַרמאַכט די טיר אויף יענער זײַט, האָבן מיר זיך גלײַך גענומען צו דער אַרבעט און זיך געשפּילט אין וואָס פאַר אַ שפּיל נאָר עס איז פאַראַנען אין שאַרגאָראָד.

פון דעסט וועגן אַ פּעולה האָט יענע „אָבראַזאָוואַניע" געהאַט. עס האָט אָנגע־רעגט צו וועלן קענען לייענען און שרײַבן. און אין מערסטע פאַלן טאַקע מער ווי בלויז דאָס, ווי איר וועט ווײַטער זען.

***

געווען איז בײַ אונדז אין יענער צײַט אַ תלמוד־תורה, אַ גאַנץ פײַנער בנין פאַר יענע יאָרן (די געבײַדע האָט מען איבערגעבויט פון דעם הקדש, וואָס איז אין שאַרגאָראָד געשטאַנען אַן אַ שטאָך אַרבעט. יידן דערציילן, אַז מע האָט דעם הקדש בײַ אונדז גערופן דער „בעזראַבאָטנע", סע הייסט, אַן אַרבעטלאָזער הקדש). די תלמוד־תורה איז אָנגעפירט געוואָרן פון דוד־שײַען, אַ ייִד אַ קלוגער, אַ תמימותדיקער און בעיקר אַ גוטער. ער האָט באמת ליב געהאַט די קינדער. אויף אָט דעם דוד־שײַען און זײַן משפחה לוינט זיך אָפּצושטעלן.

ער איז, ווי די מערסטע מלמדים אין שאַרגאָראָד, געווען אַ בלוטיקער אָרע־מאַן. געהאַט צוויי זין און צוויי טעכטער. די לעצטע, נישט קיין קראַסאַוויצעס, נאָר מיט שיינע נשמות און גאָלדענע הערצער. אָט די צוויי מיידלעך מיט דער מאַמען זייערער האָבן פון דער אייגענער אָרעמקייט אַרויסבאַוויזן צו באַזאָרגן אַן אַ גראָשן געלט, אויף אייגענער אַחריות און פון אייגענער איניציאַטיוו דעם גאַנצן עולם פון דער סקוועדער קלויז מיט שלוש־סעודות. דער לעצטער איז באַשטאַנען פון קליינינקע געשמאַקע קוילעטשלעך, וואָס זײַנען צעגאַנגען אין מויל און פאַר יעדן איינעם אַ שטיקל געפילטע פיש. געווען צײַטן, ווען אַפילו אין

* אויף ריין.

באַלעבאַטישע הײַזער פלעגט מען נישט קאָכן קיין פיש אויף שבת צוליבן יקרות, אָבער עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז די דוד־שײַעכע זאָל פאַרפעלן אַ שבת מיט — אירע פיש. פרעגט מיך נישט ווי אַזוי זי האָט דאָס באַוויזן. איך קען אײַך אויף דעם קיין ענטפער נישט געבן. איך האָב אַ מאָל געפרעגט מײַן מאַמען אָט די פראַגע, און מײַן מאַמע האָט מיר געענטפערט, אַז „אויף אַזעלכע פרויען ווי די דוד־שײַעכע פרעגט מען נישט קיין פראַגעס"... הלמאי קענט איר אפשר מיר געבן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אָט די ייִדענע האָט געוווּסט וויפל זי דאַרף האָבן פיש און קוילעטשלעך, אַז קיינער זאָל נישט בלײַבן אַ נישט־געגעסענער... (עפּעס טאַקע נאָר ווי דער בית־המקדש, וואָס פלעגט זיך אויסצײַען, אויסשפּרייטן, אַרײַנצונעמען אַלע ייִדן, וואָס האָבן עולה־רגל געווען קיין ירושלים...). און מיט נאָך אַ זאַך האָבן זיך די מיידלעך אויסגעצייכנט: מיט באַזאָרגן קראַנקע מיט אײַז. אַ גאַנץ יאָר, ווען מע זאָל נישט געווען קומען, בײַ טאָג צי בײַ נאַכט, זײַנען די מיידלעך אַראָפּ אין קעלער אַרײַן און געבראַכט אײַז. אויב איר קענט האַלטן אַ סוד, וועל איך אײַך דערציילן, אַז אין דעם אײַז האָט געהאַט אַ האַנט ר' אַהרן זוסיע לייבס. נאָר וועגן דעם שפּעטער, ווען די צײַט וועט קומען.

איינער פון זײַנע זין וועט אין די זכרונות פאַרנעמען אַ זייער בכבודיק אָרט. אָבער צו דעם איז נאָך ווײַט. וועל איך דערווײַל אײַך דערציילן מער פון דוד־שײַען אַליין.

דוד־שײַע האָט געהאַט גרויס צער, וואָס זײַנע קינדער אין דער תלמוד־תורה האָבן נישט, ווער עס זאָל זיי לערנען שרײַבן. אַליין האָט ער, נעבעך, נישט גע־קענט.

דערווײַל זײַנען אַוועק אַ פּאָר יאָר. מיר האָבן זיך שוין געלערנט, ווער בײַ בראָנשטיינען אין דער „אוטשילישטשע", ווער בײַ שטיינמאַנען פון מעראַכוּוע, ווער בײַ באָריס קלאָרפעלד, בײַ מאַנקאָוועצקין, אָדער בײַ אַהרן איציעס קינדער און בײַ אַנדערע גוטע לערערס. געדענק איך איין מאָל אין אַ שבת צו נאַכט, קומט אַרײַן דוד־שײַע צו אונדז (מיר האָבן דעמאָלט געוווינט בײַ מענדל־הערשן אין דער גרויסער דירה), און זאָגט, אַז ער דאַרף מיך האָבן, ער וויל מיט מיר עפּעס ריידן. און ווען איך ענטפער אים, אַז ער קען ריידן, מאַכט ער צו מיר, אַז ריידן דאַרף ער צו מיר אונטער פיר אויגן. נעם איך אים אַרײַן אין זאַל. מיר זעצן זיך אַוועק און ער זאָגט מיר: „הער זיך אײַן, מאָטעלע: צדקה, העלפן עמעצן מיט עפּעס, וואָס איך האָב און יענער האָט נישט, באַשטייט נישט בלויז פון גשמיות, ס'הייסט, געבן יענעם אָפּצועסן ווען ער איז הונגעריק, אָדער אַ טרונק ווען ער איז דאָרשטיק. עס מיינט אַפילו נישט בלויז אָנצוּוואַרעמען יע־נעם ווען ער איז פאַרפרוירן, אָדער העלפן ווען ער איז קראַנק. אויך תורה, וויסן, זײַנען זאַכן מיט וואָס מע דאַרף זיך טיילן... איך ווייס אַפילו נישט, צי דאָס קע־נען לייענען און שרײַבן מעג מען פאַרגלײַכן מיט תורה, אָבער טאָמער איז דאָס

אַ זינד, וועט מיר גאָט פאַרגעבן... איך וויל דיר בעטן, זאָלסט צונויפנעמען אַ פּאָר ייִנגלעך, וואָס קענען לייענען און שרײַבן ייִדיש און רוסיש און אַרײַנקומען אין תּלמוד־תּורה לערנען מיט מײַנע קינדער, און בזכות זה וועט אײַך דער אײי־בערשטער העלפן איר זאָלט אויסוואַקסן גאַנצע ייִדן, ווײַל זײַן אַ גאַנצער ייִד איז נישט פון די פּשוטע מדרגות"...

איך האָב דאָס אים צוגעזאָגט און וואָרט געהאַלטן. איך געדענק נישט, וואָס פאַר אַ גוואַלדאָוונער קענער איך בין צו יענער צײַט אַליין געווען. נאָר אַ מעלה האָב איך, אַז וואָס איך אַליין ווייס, ווינציק אָדער אַ סך, קען איך יענעם לערנען.

איז אָט אין יענער צײַט, האָב איך באַגעגנט אַברהמען. אַ ייִנגל פון אַ יאָר אַכט־נײַן, וועלכער איז געווען אַזוי איבערגעוועלטיקט פון דעם ווונדער, וואָס מע קען מיט אַ פּשוטער פּען אויף פּאַפּיר אָנשרײַבן ווערטער, וואָס זאָלן האָבן אַ מיין, אַ באַדײַט, אַז מע האָט ממש געזען ווי דאָס ייִנגל פילט אַדורך מיט זײַן גאַנצן וועזן די יצירה און ווונדער פון אַ וואָרט. דוד־שײַען איז מן הסתם נישט אײַנגעפאַלן, אַז „דאָס טיילן זיך מיט דעם וואָס איך האָב און יענער האָט נישט" וועט ווערן דער תּמצית פון לעבן פון — צום ווינציקסטן אײן תּלמיד זײַנעם, וועלכער וועט דאָס מאַכן פאַר אַ לאָזונג, נישט פאַר אַ מצווה פון „דעם וואָס האָט", נאָר פאַר אַ פאָדערונג פון דעם, „וואָס האָט נישט", אַז יענע וואָס פאַרמאָגן מאַטע־ריעלע און גײַסטיקע ווערטן, זײַנען מחויב זיך צו טיילן מיט אַלע „וואָס האָבן נישט". נישט ווי אַ טובה, נאָר ווי אַ ווידער גוטמאַכן פון עפּעס, וואָס האָט לכתּחילה געהערט צו אַלעמען...

אָט דער איינער איז געווען אַברהם קלאַפּאָווף. דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן איז געווען זײַן גוטסקייט און זײַן ווילייקייט אַרויסצו־העלפן זײַנס גלײַכן מיט יעדער זאַך, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען. און בעיקר מיט דער אַרבעט בײַם לייענען און שרײַבן, וואָס ער פלעגט שוין דאַן טאָן מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט און איפער. און צו דער זעלבער צײַט, וואָס ער האָט אַזוי באַוווּנדערט דאָס קענען לייענען און שרײַבן, האָט ער זיך צו די קענער אַליין באַצויגן מיט אַ געוויסער מאָס טראָציקייט און אָן אַ פּיצל דרך־ארץ, אויב יענער האָט זיך גרויס געהאַלטן, וועלוול בעקער — דודי פון דעם פעלדס זון, מײַנער אַ חבר, וואָס האָט צוזאַמען מיט מיר געלערנט די קינדער פון דער תּלמוד־תּורה, פלעגט צו מיר האָבן גאַנצע טענות, הלמאי איך גיב זיך אַזוי פיל אָפּ מיט אָט דעם קליינעם חוצפּהניק (מער ווי מיט אַלע קינדער), „אָט דער קליי־נער מיינט, אַז עס קומט אים...". צו מיר האָבן אין דעם קליינעם אַברהם גראָד אַפּעלירט בײדע זאַכן אויף אַ מאָל: סײַ זײַן גוואַלדיקע תּשוקה צום לערנען, סײַ זײַן נישט־פאַרבאַהאַלטן געפיל, אַז מע קומט אים... דער גאַנצער „איך", מאָלט אײַך, איז דעמאָלט עלטער געווען פון אַברהמען בלויז מיט אַ פּאָר יאָר. נאָר, ווי מײַן האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז אין אַברהמען וועל איך האָבן נחת...

און כך הוה. אין דער צײַט פון דער רעוואָלוציע, האָב איך אַברהמען געפונען אין אַ גרופּע לינקע פּועלי־ציון. דער איינציקער אַרבעטער אין יענער גרופּע. און ווי אין זײַן פריִער קינדהייט, האָט ער אויף די אַנדערע בחורים אין יענער גרופּע, וואָס זײַנען געקומען פון דעם רײַכערן קלאַס, געקוקט מיט פאַרדאַכט, מיט חשד...

אין מײַנע באַגעגענישן מיט אַברהמען אין אַמעריקע, האָב איך אים געפונען אין די קעמפנדיקע רייען פון די יידישע האַרעפּאַשניקעס. אַ געטרײַער, מילי־טאַנטישער יוניאָן־טוער. אָבער שטענדיק מיט אַן אָפּן, וואַכזאַם אויג אויף דער פּירערשאַפט, און אַפילו אויף דער פּאַרטיי, אָדער פּאַרטייען. ניין, קיין הסיד־שוטה איז פון מײַן האָדולניק נישט אַרויסגעקומען, נײַערט אַן אָרנטלעכער אַר־בעט־מענטש מיט טיפע אײַנגעוואָרצלטע פּרינציפּן, וואָס זײַנען נאָך הײַנט — איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט פון יענער צײַט — גילטיק און עובר לסוחר.

אין קאַרדינאַלן טעות האָט ער יאָ געמאַכט אין דער אָפּשאַצונג פון אַ חבר זײַנעם, וועלכער איז אויך געווען אַ „בן־טובים", און וואָס מיט אים האָט ער אַן אויסנאַם געמאַכט און זיך געחברט מיט אים לאַנגע יאָרן. אָבער זײַן פונדאַמענ־טאַלער טעזיס איז משמעות געווען אַ ריכטיקער, און נאָך דעם ווי ער האָט זיך דערפילט אָפּגענאַרט און אַנטוישט, מוז ער איצטער אַוודאי טראַכטן, אַז „כבדהו וחשדהו" איז אויך אַ בורזשואַזער באַגריף, אַז „חשדהו" אַליין וואָלט — געווען דיינו...

## דער גן־עדן...

צווישן דעם קעמלמאַכערס הויז און דעם בערגל וואָס לויפט פון דעם בריק צום צענטער פון שטאָט, געפינט זיך איינער פון די קינדערשע גן־עדנס. ווײַל, זאָגט אַליין, וואָס קען זײַן בעסער פאַר קינדער, ווי אַ גאַנצער לאַגער בראַכ־אײַזנס? ווילט איר רערן — איז רערן, ווילט איר קעסלען? — איז קעסלען, ווילט איר שטאַנגען — איז שטאַנגען, און אײַזערנע רעדער און צענדליקער אַנדערע חפצים, וואָס זײַנען ווי באַשאַפן געוואָרן פון ששת ימי בראשית, אַז יידישע קינ־דער זאָלן זיך שפּילן מיט זיי (פון צערײַסן זיך די נײַע הויזן, פון צעדראַפּען דאָס פּנים, פון „אײַנבײַאָרען" זיך און ווערן אַזוי פאַרזשאַווערט ברוין, אַז די אייגענע מאַמע זאָל אײַך נישט דערקענען רעדט מען דאָ נישט. אויף דעם איז דאָך דאָ אַ בפירושער גויִישער פּסוק, ווי: „ליוביש קאַטאַטסיאַ, ליובי סאַנאָטשקו וואָזיט", וואָס פאַראַפראַזירט אויף יידיש, וואָלט דאָס געמיינט: ווילסטו אַרײַנ־שטעקן די האַנט אין אַ בינשטאָק צו כאַפּן אַ לעק האָניק, מוזטו זײַן גרייט אויף אַ שטאָך...). אָבער הערט בעסער וועגן די גוטע זאַכן, וואָס אין אַזאַ פּלאַץ קען

מען אויפטאָן. אַט, למשל: אין אַ קעסל קענט איר אַרײַנקריכן, חברה זאָלן אײַך שלעפּן, קלאַפּן מיט שטיינער און שטעקלעך אויפן קעסל און שרײַען אויף קולי־קולות, אַז דאָס פירן זיי דעם חתן צו דער חופה... אין אַן אײַזערנעם וועגעלע אָן רעדלעך קען מען אײַך אַרײַנלייגן, אײַך וויגן און זינגען אײַ־ליו־ליו־ליו.... מיט אַ שאַרפן שטאַנג אָדער לאָם קענט איר אויסגראָבן אַ גרוב אין מיטן פּלאַץ, צע־לייגן אַ פײַער און עס זאָל שרפהען ווי אין אַן אמתן איוון. אַ־יאָ, עס געפעלט אײַך? במה דברים אמורים, ווי איז דאָס גערעדט געוואָרן, אַז עס זאָל אין גן־עדן נישט זײַן קיין שלאַנג. אָבער ווו האָט איר געזען אַ גן־עדן אָן אַ שלאַנג?...

איז די מעשה אַזאַ. דער גן־עדן געהערט צו איציע מינציעס. איציע איז אַ גאַנץ ווילער ייִד, אַ חכם און אַ למדן, נאָר אַ חלוש. די נשמה האַלט זיך אין אים קוים. דאַרף ער, אָט דער איציע מינציעס האָבן אַ זון, יונה, איז דאָס שוין אייך מאָל אַ יונה... אַזוי איז ער דווקא אַ גאַנץ פײַנער יונה. קען גוט לערנען, איז אַ טאַלנער חסיד, גייט תמיד אַרום אַ פאַרפוצטער, אַלע מאָל מיט אַ ריין געגאָלט פּנים (ער נוצט, זאָגט מען, אַזאַ מין פּראָשעק, וואָס, אַז מע מישט אים אויס מיט וואַסער און מע שמירט אָן דאָס פּנים, שמאַרצט עס טאַקע מיט כאַליערעס, נאָר עס האָט אַ מעלה — אי עס נעמט־אַראָפּ די האָר פון פּנים, אי עס איז כשר). יונה טראָגט זײַן אייגנס, אַ ווײַסן קאָלנער און אַ הערצל מיט מאַנזשעטן, וואָס שטעקן־אַרויס ממזריש פון בײדע זײַטן גלײַך. דער קאָלנער מיט די מאַנזשעטן זײַנען געמאַכט, זאָגט מען, פון „גוטאַפּערטש" און אויף דער זון, אָדער בײַם שײַן פון אַ בליצלאָמפּ בליאַסקעט דאָס מיט אַלערליי שטראַלן. „גוטאַפּערטש" האָט אויך די מעלה, וואָס מע דאַרף עס נישט וואַשן. נאָר מע נעמט אַ שמאַטקעלע מיט לעבלעך וואַסער, מען טוט אַ פיר איין מאָל אַהער און איין מאָל אַהין און עס ווערט ריין ווי גאָלד.

איך קען אײַך נישט זאָגן, צי דערפאַר, וואָס דער פּראָשעק ברענט יונהן אַזוי דעם פּנים, צי דערפאַר, וואָס ער האָט נישט קיין מאַמען און דאַרף אַליין ראַמען דאָס הויז, פאַרבעטן די בעטן און נאָך צו דעם קאָכן פאַר זיך און זײַן טאַטן איציע מינציעס; צי אפשר דערפאַר, וואָס עס מאַכט זיך אים נישט קיין פּאַסיקער שידוך, איז ער אַזוי פאַרביטערט, אַז איין גאָט זאָל שומר ומציל זײַן... איר דאַרפט נישט זײַן קיין גרויסער חכם צו טרעפן, אַז כל חמתו לאָזט ער אויס צו אונדז קינדער, וואָס שפּילן זיך מיט זײַן טאַטנס מטלטלים. כאַפּט ער איינעם פון אונדז (און טאָן טוט ער דאָס ווי אַן אמתער גנב. איר זאָלט זײַן מיט הונדערט קעפּ און מיט טויזנטער אויגן, וועט איר נישט טרעפן, ווי אַזוי ער וואַקסט דאָ אויס אין דער ריכטיקער מינוט) און כאַפּט ער אַרײַן אײַערן אַן אויער (אַלע גזלנים האָבן ליב אויערן), מעגט איר נאָך אים, כ'מיין נישט נאָך יונהן, נאָר נאָכן אויער אָפּזאָגן רבנן־קדיש. מיר האָבן זיך פון אים, פון דעם יונהן, זאָל זיך אײַך דאַכטן, אויסגעשטאַנען דעם גיהנום אין סאַמע מיטן גן־עדן... אָבער ער

אין אונדז האָט זיך אויך נישט געגאַרט. מיר האָבן געטאָן אַלץ, וואָס מיר האָבן געקענט אים צו רוגזענען. פונקט ווען ער איז געזעסן פאַרטיפט אין אַ בלאַט גמרא, אין אַ שווער שטיקל תוספות, האָבן מיר אָנגעמאַכט אין דרויסן אַ גוואַלד און האַרמידער. שלמהלע־שמואל פון דעם וואַלדס, איז געווען אַ מאַדים נאָכצו־מאַכן דעם געקלאַנג פון דער „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע“ און אַלע צוזאַמען האָבן מיר אָנגעהויבן שרײַען אויף קולי־קולות: „גוואַלד, אַ שרפה! ייִדן ראַטעוועט!“... און אַט אַזוי האָבן מיר אים אַרויסגעקראַגן פון שטוב. אָבער איצט, האָט ער אונדז בלויז געקאָנט זען. די אויערן אונדזערע — אַ מכה! ווי אין פסוק שטייט: „כאַט ווידיט אָקאָ, דאַ זוב ניע וומיאָט“ — כאָטש דאָס אויג זעט, נאָר דעם צאָן, ער כאַפּט נישט... און צום רומל, כדי מיר זאָלן אים נישט שולדיק בלײַבן קיין אויס־גאַב, האָבן מיר אים געזונגען בציבור אָט דאָס לידל:

יונה, יונה פּיפּערנאָטער —
כאַפּט דיך באַלד, דער שוואַרצער קאָטער.
ס׳וועט נישט העלפן דיר דער טאַלנער —
און נישט אויך, דער גלאַנץ פון קאָלנער.
די כלה וויל נישט די מאַנזשעטן,
וועסט אַליין זיך דאַרפן בעטן...

ווי געפעלט אײַך דאָס לידל? איר מעגט אַליין טרעפן, וועד עס האָט עס געמאַכט.

## פון איין בוים צווייערליי פּירות

פונקט דער היפוך פון יונהן אין זײַן עלטערער ברודער בעניע. בעניע איז אַ שוואַרץ־חנעוודיקער בחור, וואָס איז נאָר־וואָס צוריקגעקומען פון „סלוזשבע“ *. בעניע איז אַ „נאַש בראַט“. מיט יעדן איינעם אַ „פּאַניע בראַט“ און ווי טביה זייפמאַן זאָגט אויף זײַן ייִדיש: „דושאַ טשלאָוועק“ **. בעניע האָט ליב אַלעמען, בפרט קינדער. מיט קינדער וואָלט ער זיך אַפילו געשפּילט, ווען ער שעמט זיך נישט פאַר דער וועלט. נאָך אַלעמען איז ער דאָך שוין אַ חתן־בחור און מע רעדט אים די שענסטע שידוכים, נאָר ער וויל פון קיין גליקן נישט הערן, ווײַל ער איז, זאָגט מען, שטאַרבלעך פאַרליבט אין כײַקען. הערט איר: אויב ער האָט כײַקען כאָטש אַ האַלב אָדער אַפילו אַ פערטל אַזוי ליב, ווי ער האָט אונדז, קינדער, ליב — דאַרף זי האָבן אויפן לײַב די רעכטע „סיניאַקעס“,

* מיליטער־דינסט. ** אַ נשמה־מענטש.

ווײַל ער האָט ליב צו קנײַפּן, אַ שנעל טאָן אין שפּיץ־נאָז, אָדער אין לעפֿל פֿון אַן אויער, אַז עס שמאַרצט נאָך דעם אַ גאַנצן טאָג. אָבער מיר, קינדער, ווייסן, אַז עס איז בלויז אויף קאַטאָוועס. ער איז גוט ווי גאָלד, ער וועט אײַך אָוועקגעבן דאָס לעצטע... מע האָט אין שאַרגאָראָד געעפֿנט אַ שפּאָגל נײַע צוקערניע, און מע מאַכט דאָרט אַזעלכע נאַשערײַען, אַז ווען איר זעט זיי, פֿאַרדרייט זיך אײַך דער קאָפּ. וואָס טויג אײַך גרויס, נח צוקערניק האָט אַרײַנגעקראָגן דעם אמתן קאָנקורענט. איר האָט געדאַרפֿט זען די „וויוועסקע" (שילד) מיט רויטע אותיות: „פּעטערבורגסקיע קאָנפעקטי", און שוין אויף דער שילד אַליין, קענט איר זען אַזאַ עשירות פֿון זיסקייטן און ווײַניקייטן און זיי קוקן אויס אַזוי לעבעדיק, אַז די סלינע הייבט אײַך אָן רינען אין מויל. איר ווייסט נישט אויף וואָס פֿריִער צו קוקן, איך, זאָל זיך אײַך דאַכטן, בין נישט זשעדנע אין צוקערקעס. ערשטנס, געדענקט איר דאָך מן הסתם, אַז פֿון מײַנע פּישאַייל־געשעפֿטן, האָב איך אַלע מאָל אַ פּרײַע פּאָר מטבעות. צווייטנס, איז דער באַלעבאָס פֿון דעם פֿאַבריקל מײַנער אַ שטיקל קרוב, שײַע גערשבערג, הייסט ער. בײַ דעם שײַען האָט זיך פֿאַרלאָפֿן אַ מעשה, וואָס גאַנץ שטאָט האָט מיט דעם געקלונגען. וואָס זאָג איך — גאַנץ שטאָט. ווען איך זאָל זאָגן, אַז די גאַנצע גובערניע האָט זיך מיט דעם גע־וויגט, וועל איך נישט האָבן אויף קיין האָר מגזם געווען. מע זאָגט אַפֿילו, אַז מע האָט דאָס באַשריבן אין די גאַזעטן...

הערט אַ מעשה. זײַן ווײַב, וועלכע איז געווען אויף דער צײַט, האָט מיט מזל געבוירן אַ בן־זכר, אַ יינגעלע אַ פּעמפּיקל, אַ געפּאַקטס, און עס גייט נישט אַוועק קיין גאַנצע דרײַ טעג און דאָס ווײַבל גייט נאָך אַ מאָל צו קינד און האַלט טאַקע בײַם האָבן אויך. לאה — די באָבע, — אַ ייִדענע מיט אַ סך דערפֿאַרונג, אַ ייִדענע, וואָס אפֿשר האַלב שטאָט איז אָדער אירס אַ „קינד", אָדער אַן „אייניקל" און אַפֿילו אַן „אוראייניקל"... — האָט זיך געשווירן, מיט אַלע שבועות שבעולם, וואָס מע וואָלט אַפֿילו אַ משומד געמעגט גלייבן, אַז זינט זי איז אַ באָבע, און שאַרגאָראָד איז אַ שטאָט — האָט אַזאַ זאַך קיין מאָל נישט געטראָפֿן... און דאָק־טער סמאָליענסקי, ווען מע איז אים געקומען רופֿן, האָט אויסגעבטלט אַלע בייזע חלומות צו דעם אָרעמען, אַזוי אויך דערשראָקענעם טאַטן — שײַקען, מיין איך. נאָר ווען שײַקע האָט נישט אָפּגעלאָזט, און האָט נישט אָפּגעטראָטן, איז ער אַזוי זיך פּאָר טשעקאַוועסט צוגעפּאָרן אויף זײַן „גאַבריאַליעטקע" צום צוקערניקס הויז. און וואָס מיינט איר? ער האָט געטראָפֿן שוין אויף דער זײַט דעם פּײַנעם בחור, וואָס האָט זיך, ווײַזט אויס, אונטערגעפֿוילט און פֿאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע דרײַ טעג. און דאָס ווײַבל, שײַעס ווײַב, איר זאָלט דאָס זאָגן, עס זאָל איר פֿעלן אַ האָר, גלײַך ווי נישט זי מיינט מען... דער אבי הילדים, דער שײַקע, האָט גע־מאַכט צוויי שלום בן־זכרס, צוויי קריאַת־שמע לייענענס און צוויי בריתן. איז די עלטערע, די דערוואַקסענע אויך. נאָר מיר, קינדער, האָבן געהאַט דעם אמתן

„פראַזניק". מיר, קליינוואַרג, האָבן אָפּגעלעקט דאָס אמתע ביינדל. מאָלט אײַך: צוויי מאָל לעקכלעך כיד המלך, און צוקערקעס האָט מען געטיילט אויף וואָס די וועלט שטייט... יאָסל ישראל פאַריקמאַכערס, וואָס ווױנט די דריטע הויז פון שײַ־קען, האָט געמאַכט הקפות, זיך אַרײַנגעדרייט מיט יעדער כיתה ייִנגלעך פון אַלע חדרים, און געשלונגען די אַלע גוטע זאַכן, אַז אַ רויך איז געגאַנגען. פון איבער־עסן זיך איז ער געוואָרן קראַנק אויף שילשול און געפּאַכעט מיט דער נשמה. נאָר דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אַ קאַנאַטקעוועצער פויער, וועלכער איז גע־קומען צו זײַן טאַטן זיך אָפּשערן, האָט אַן עצה געגעבן, מע זאָל דעם ייִנגל אײַנ־גיבן בראָנפן מיט רויטן פעפער. איז פרעגט שוין נישט. פון זײַנע רויטע בעקע־לעך איז געוואָרן אַ חורבן...

איך בין אַ ביסל פאַרקראָכן אין אַ זײַט, אָבער וואָס קען איך טאָן, איך האָב אײַך צוגעזאָגט צו דערציילן פון שאַרגאָראָד, ווײַל איך אײַך נישט אָפּנאַרן און אײַך געבן אַ פולע מאָס, אַ מאָל אָפילו מיט אַ „פּריטשינעק"... וואָס טויג אײַך לאַנגע מעשהס, בײַ אָט דעם שײַקע גערשבערג איז בעניע געוואָרן דער בעסטער קונה. תמיד זיך אַרומגעטראָגן מיט פולע קעשענעס פון אַל דאָס גוטס. און נישט פאַר זיך, נאָר פאַר קליינוואַרג. ער פלעגט זיך אָפּשטעלן אין מיטן גאַס מיט אַ ייִנגל און אַ זאָג טאָן: „העי, וועוועריק, פאַרמאַך נאָר די אויגן!". און אַז איר האָט פאַרמאַכט די אויגן, האָט איר געכאַפּט — אַ שנעל אין שפּיץ נאָז — און אַ צוּ־קערקע אין מויל... מע האָט געדאַרפט זײַן שטאַרקער פון אײַזן, בײַצושטיין דעם נסיון. שמאַרצן, האָט טאַקע געשמאַרצט, דערפאַר האָט אָבער די זיסקייט פאַר־גיטיקט. ווי זאָגט איר: „אַ פּאַטש פאַרהיילט און אַ וואָרט געדענקט זיך"... און זאָגט נאָר, איך בעט אײַך, וואָס קומט אַן גרינג אויף דער וועלט?...

איך האָב אײַך שוין פריִער דערציילט, אַז בעניע איז שטאַרבלעך פאַרליבט אין כײַקען. ווער איז כײַקע, ווילט איר וויסן? כײַקע, דאַרפט איר וויסן, איז אַ מויד אַ קראַסאַוויצע. זי איז איציע רקס טאָכטער, די צווייטע פון דער עלטסטער, וועמענס מאַן, דער טשערנאָוויצער אײַזיק, דער מיט דער גוליע אונטערן אויער, זיצט מיטן שווער אין אַ זומערדיקן, חמימהדיקן טאָג בײַ אַ זודיקן סאַמאָוואַר, טרינקען טיי, שוויצן ווי די ביבערס און דערציילן זיך מעשהס...

יאָ, פון וואַנען ווייסט שטאָט, אַז ער איז פאַרליבט אין כײַקען? אַדרבא, זאָגט אַליין, ווי קומט איציע מינציעס זון צו זיצן ווי בײַ גאָט אַ שבת מיט כײַקע איציע־רקס און איר גאַנצער משפּחה און קנאַקן קערלעך, האַ? האָט מן הסתם איציע מינציעס מיט יונהן נישט געפּאַסט דער שידוך. ערשטנס, דער יחוס. צווייטנס, איז איציע רק, כײַקעס טאַטע נישט קיין גרויסער עושר, נישט פאַר אונדז גע־דאַכט. און נישט נאָר איז קיין סימן פון קיין נדן נישטאָ, נאָר נישט אויסגערעדט זאָל דאָס זײַן. מע דאַרף נאָך כײַקען קויפן אַ קלײדל... עס איז דערגאַנגען אַזוי

ווײַט, אַז איציע מינציעס האָט בעניען געסטראָשעט, אַז ער וועט אים מעביר־נחלה זײַן. איז זיך מישב בעניע און פאַרט אַוועק קיין מאָליעוו, לערנט זיך אויס קאָמאָשנמאַכערײַ, קומט צוריק קיין שאַרגאָראָד, עפּנט־אויף אַ מאַסטערסקאַיאַ און עס גייט אַוועק אַ גאַנג. אַלע פּויערישע און ייִדישע שוסטערס ברענגען אים אַר־בעט, ווײַל בעניע איז אַ גוטער און אַן אָרנטלעכער און אַלע האָבן אים ליב. דאָס האָט שוין איציע מינציעס אין גאַנצן צורעכט געמאַכט. אַזאַ בזיון — זײַנער אַ זון אַ בעל־מלאכה...

אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָלפן. בעניע האָט חתונה געהאַט מיט כײַקען. נאָך דער חתונה איז כײַקע נאָך שענער געוואָרן, האָט אָנגעהויבן קינדלען און בעניע איז געווען אין זיבעטן הימל. וואָלט איר דאָך געמיינט, אַז בעניע האָט זיך געביטן, ווי זאָגט איר — אייגענע קינדער. ווייס איך וואָס! צו קליינוואַרג, איי־גענע ווי פרעמדע, איז ער געווען פּונקט אַזוי גוט ווי פריִער...

„אָט האָט איר דאָס, — האָט שטאָט געזאָגט — פון איין בוים צווייערליי פּירות... יונה און בעניע. טאָג מיט נאַכט“... הא, וואָס זאָגט איר?

## דער תהילים־ייִד און זיינע טעכטער

אויפן בערגל, אַנטקעגן קינדערשן גן־עדן, וווינט אין אַ קליין שטיבעלע, נאָר אַ ציכטיקס, גאָדיע דאָדניקס. גאָדיע איז אַן אַלמן און האָט זייער געטרײַע און איבערגעגעבענע קינדער. ער פאַרמאָגט צוויי טעכטער — שפרה און ברײַנע. גאָדיע איז אַ פשוטער ייִד, אַ פּרומער, נאָר נישט קיין פרומאַק, קיין גרויסער למדן איז ער נישט, דער ייִד, נאָר מיטן רבונו־של־עולם איז ער אויף „דו“, זייער הימיש, זייער אינטים... קומען קומט דאָס פון דעם, וואָס גאָדיע האָט ליב צו זאָגן תהילים. נאָר זאָגן צו זאָגן איז נישט גלײַך... זײַן תהילים־זאָגן, ווי איך האָב אײַך שוין אַ מאָל דערציילט, איז אַ שם־דבר. הערן שבת אין דער פרי, זומער, ווען די פענצטער זײַנען אָפן און אין געסל איז שטיל־שטיל גאָדיען זאָגן תהילים, איז אַן איבערלעבונג וואָס ס׳איז שווער צו פאַרגעסן. איך שטעל זיך פאָר, אַז גאָדיע פאַרשטייט פּירוש־המלות אויך, נאָר זײַן שטימע איז ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר די האַרציקע תפילות פון תהילים... צו דעם, אַז איך וועל אײַך נאָך אויס־זאָגן, אַז גאָדיע האָט אַ געבראָכן האַרץ, וועט איר פאַרשטיין, פאַר וואָס אַזאַ בחורל ווי איך, פעדער זיך אויפצושטיין כאור־הבוקר, צו הערן פון דער ווײַטנס גאָדיעס השתפכות הנפש... עפּעס ווי פאַרכישופט ווערט מען פון דעם גאָלדענעם ניגון... איך בין זיכער, אַז כאָטש איך זע קיינעם נישט אין גאַס, בין איך נישט דער איינציקער, וואָס הערט זיך צו...

גאָדיע, ווי נויקע, פאָרט יעדן טאָג אויפן דאָרף און קויפט־אויף פּרישע

אייער, וועלכע ער שטעלט־צו צו זײַנעם אַ רײַכן קרוב און דעם גרעסטן אייער־סוחר אין שטאָט. דער קרוב איז אַ ייִד אַ שטרענגער און אַ שאַרפער סוחר, וואָס האַנדלט מיט לאָנדאָן. און טאָמער ווייסט איר ניט, אַז שאַרגאַראָד האָט אַן איי־גענע „בירזשע", מיט צוויי־דרײַ מאָל אין טאָג דעפּעשן פון „אַרויפס" און „אַראָפּס" אין מקח פון אייער, מעגט איר דאָס וויסן. גלייבט מיר, אויף מײַנע נאמנות, אַז אין „וואָל־סטריט", אָדער אין דער „סיטי" אין לאָנדאָן, זײַנען שפּעקולאַנטן מיט ווערטפּאַפּירן ניט מער פאַרשמײַעט ווי אָט דער רײַכער קרוב גאָדיעס מיט זײַנע בני־בית זײַנען מיט זייערע אייער־„בירזשע" עסקים. אין דער פרי, ווען די אײַנ־קויפערס פאָרן אַרויס אין דאָרף אַרײַן, גיט מען זיי אָן דעם מקח. און עס איז טאַקע אַ סברה, זאָגט מען אין שטאָט, אַז אויב דער פרײַז פון אייער גייט־אַרויף דורכן טאָג, מאַכט מען זיך ניט וויסנדיק און מע דערציילט קיינעם ניט. אויב אָבער דער מקח פאַלט דורכן טאָג, באַווײַזט מען די דאָרף־פאַרערס די דעפּעשן און מע צאָלט זיי לויט דעם געפאַלענעם פרײַז... און עס טרעפט — עס זאָל אַזוי ניט טרעפן, — אַז ייִדן אַרבעטן אָפּ אַ טאָג און גייען אַהיים מיט גאָרנישט... אָנו פּרובירט אַ פרעג טאָן בײַ דעם ייִדן, און אויב ער איז אין אַ גוטער לוינע, אין אַ מילדער שטימונג (דאָס טרעפט זעלטן, ווײַל ער איז אַ ייִד אַ מרוק און אַ כעסן) — וועט ער אײַך זאָגן, אַז: „אייער האָבן אײַך שוין אַזאַ טבע, אַז ווילן זיי, דראַפּען זיי זיך אויף די גלײַכע ווענט און איר קענט זיי ניט אָניאָגן; ווילן זיי, פאַלן זיי אין כף־הקלע, אין שאול־תחתיה און מע קען זיי ניט דערכאַפּן... עס איז אַ גאַטס זאַך. ס'איז אַוודאי אַ שאָד, וואָס אָרעמע ייִדן ברײַען זיך אַ מאָל אָפּ די פינגער, נאָר וואָס קען מען טאָן? איך נאָר קיינעם ניט אָפּ. איך ווײַז די ייִדן, וועלכע פאָרן אין די דערפער די דעפּעשן וואָס קומען פון לאָנדאָן"... דער אמת איז, ווי שוין געזאָגט, אַז די דעפּעשן ווײַזט מען בלויז ווען פרײַזן פאַלן, כדי די ייִדן זאָלן זיך ניט בונטעווען. אָט צו דער אייער־מלוכה איז גאָדיע אַ נאָענטער, נאָר אָרעמער קרוב.

איז ווי איר ווייסט שוין, האָט גאָדיע צוויי טעכטער. געראָטענע קינדער. איי־נע שפרה, די עלטערע, האָט מען ברוך־השם אויסגעכאַפּט בײַ אים, אָט אַזוי ווי זי איז געשטאַנען און געגאַנגען. עס איז געקומען אַ וויניצער יונגערמאַן פון אַ באַלעבאַטיש הויז, מיט אַן אייגענעם „לעסנאָי סקלאַד" (האָלץ־געשעפט) מיט אַלץ מיט אַנאַנדער. אויסגעקליידט זי, געמאַכט אַ שיינע חתונה און אַוועקגעפאָרן. גאָדיע האָט נחת פון דער ווײַטנס. די בריוו, וואָס די שפרה שרײַבט דעם טאַטן, דערוואַרעמען זײַן אַלט האַרץ. און זײַנע תהילים־אויסגיסונגען וואָלטן אַוודאי געווען פון לויב צו דעם וואָס לעבט אייביק, פאַרן גרויסן חסד. ווען ניט די צרות, וואָס ער נעמט זיך אָן פון דער ייִנגערער טאָכטער ברײַנע. אַ מיידל אַן איידעלע, אַ גוטע, אַ קלוגע, אַ שיינע און ברוך־השם מיט אַלע מעלות, וואָס וואָלט זי נאָר אַ פּיפּס געטאָן, וואָלטן זיך שוין געפונען בעלנים — חתנים, צען פאַר איינעם.

און אויך פאַר איר וואָלט ער גישט באַדאַרפט קיין נדן. האָבן מיר דאָך אָבער אַ גרויסן גאָט, וואָס איז, ווי איר זאָגט — אַן אבי־יתומים, מאַכט ער שוין אַזוי, אַז אין ברײַנען זאָל זיך פאַרליבן אָט דעם רײַכן קרובס אַ זון. משה הייסט ער. משה איז זייער אַ פײַנער יונגער מאַן, טאַקע מיט אַלע מעלות — און פונקט דער היפוך פון זײַן בייזן טאַטן — מיט זײַן גוטסקייט. און פאַרליבן, פאַרליבט זיך אויך ברײַנע אין אים מיטן גאַנצן פײַער פון איר האַרץ און נשמה. ווער עס האָט די צווײ געזען צוזאַמען, האָט אין האַרצן זיי געבענטשט, ווײַל עס וואָלט באמת געווען אַ פּאָרל פון גאָט. און דאָ איז נאָך געווען אַן ענין פון משפחה, אַ גאַנץ פאַרצווײַגטע, אײַנגעפונדעוועטע באַלעבאַטישע משפחה. און אַלע קרובים האָבן גאָר אַנדערש נישט געטראַכט, נײַערט, אַז עס איז אַ שידוך פון גאָט, אַ זיווג מן השמים. ווען וואָלט דאָס אײַנגעפאַלן, אַז זײַן טאַטע וועט וואַגן זיך צו לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט, קאַליע צו מאַכן דעם שידוך? מיט גוטן און מיט בייזן. מיט כל דבר אָסור, האָט דער אַלטער צעשטערט אָט די גרויסע ליבע... פון משהן איז געוואָרן אַ תל... ברײַנע האָט אַ פּאָר יאָר אירע יסורים שטיל געטראָגן אין זיך. קיין פרײַע מינע נישט באַוויזן, נישט געגאַנגען אין ערגעץ, בלויז נאָך מער אָפּגעהיט דעם טאַטן... אין אירע פרײַע מינוטן געזעסן בײַם פענצטער און אַרויסגעקוקט, אפשר האָט זיך איר געדאַכט, אַז משה וועט פאַרט קומען... ווער קאָן דאָס וויסן? גאָדיעס ניגון פון תהילים איז נאָך טרויעריקער געוואָרן. איך וויים דאָס פון מיר אַליין. איך פלעג טײַכן טרערן פאַרגיסן, ווען איך האָב געהערט אין יענער צײַט גאָדיען זאָגן תהילים...

אין איין שיינעם אָדער מיאוסן טאָג איז ברײַנע אַוועק קיין אַמעריקע, אפשר וועט זי אין יענעם גרויסן קאָך געפינען איר טרייסט... הלוואי, גאָטעניו...

***

מיר זײַנען איצט אויף אַ בערגל, וואָס קוקט־אַראָפּ אויף דער בעל־עגלהשער גאַס, מיט וועלכער מיר האָבן זיך נאָך נישט געזעגנט. דאָס בערגל געפינט זיך הינטער דעם פאַראַדנעם אַרײַנגאַנג אין שטאָט, וואָס זי גופא מײַדן מיר דערווײַל אויס . . .

## פאָניע און כאָניע...

איז אָט שטייט ער, איציק באַראַבאַנטשיק, אַרומגערינגלט מיט אַ געזעמל שכנים און דערציילט זיי מעשהס פון דעם יאַפּאַנעזישן קריג, פון „אונדזערע" העלדישקייטן... איציק איז אַ גרויסער פּאַטריאָט און נאָך אַ גרעסערער אָנהענגער פון פאָניעס אַרמיי, וואָס האָט געזאָלט די „יאַפּאָשקעס" פאַרוואַרפן מיט די היט־

לען... איציק איז דרײַ יאָר געווען אין „פלען"* בײַ די „יאַפּאָשקעס". איז אַז מע פרעגט אים, ווי אַזוי ער קומט אין „פלען", אויב „אונדזערע" האָבן באַוויזן אַזעלכע געוואַגטקייטן, אַזעלכענע העלדישקייטן? ווערט ער בײַ זיך נישט בטל און ענטפערט בתמימות בזה הלשון: „פאַרשטייט איר מיך, אַז די יאַפּאָנצעס האָבן אונדז דערזען, אַזעלכע גרויסע, אויסגעפּאַשעטע סאָלדאַטן, האָבן זיי זיך דערשראָקן אויף טויט און אָנגעהויבן לויפן. זיי לויפן און מיר נאָך זיי. זיי לויפן און מיר נאָך זיי. האָבן מיר זיי אַזוי לאַנג געיאָגט און געטריבן, ביז מיר זײַנען אַרײַן בײַ זיי טיף אין לאַנד"... „נו, — זאָגט מען אים — איז דאָך גוט". ענטפערט איציק, אַז „גוט איז טאַקע, נאָר אַז מיר זײַנען שוין געווען בײַ זיי אין לאַנד, און דאָרטן זײַנען זיי דאָך די באַלעבאַטים, קליין ווי זיי זײַנען, האָבן זיי אונדז גענומען אין פלען"... אָבער כאָטש ער איז אַ שטיק בעל־גוזמא, איציק, און נישט אויסגערעדט זאָל דאָס זײַן, אַ קאַפּעטשקע אַ ליגנער אויכעט, איז ער אָבער אַ קינסטלער אַ פּײַקלער, ווי קיינער נישט חוץ אים. ער קען אויסקלאַפּן אַ גאַנצן ניגון אויפן פּײַקל און איר זאָלט זיך נישט דאַרפן אָנשטויסן, נאָר טאַקע וויסן וואָס דער ניגון איז... ער פאַרטראָגט נישט, אַז מע רופט אים „פּײַקלער". פּײַקלער שמעקט מיט פּויק. עס איז בלויז אַ מלאכה צו זײַן אַ פּויקער, נישט קיין קונסט. ער וויל מע זאָל אים רופן „באַראַבאַנטשיק", ווײַל עס שמעקט אי מיט אַרמיי אי מיט קונסט... אַז איציק שפּילט־אויס אַ מאַרש אויף זײַן פּײַקל, ווען מע פירט חתן־כלה פון באַרג צו דער שול, צו דער חופּה, איז דאָ וואָס צו הערן. אַזוי ווי מיליאָנען זילבערנע ניסלעך זאָלן אַרויסגעלאָזט ווערן פון אַלע זײַטן... און די עכאָ, דאָס ווידערקול פון דער שול שאַפט אַזאַ ווונדערלעכן ריטעם, אַז ווו איר זאָלט זיך נישט געפינען האָט איר אַ געפיל, אַז איר שפּאַנט מיט חתן־כלה...

איציע רויזמאַן, אַ ייד וואָס ווערט נישט פאַרכאַפּט פון סענטימענטן, זאָגט אויף איציק באַראַבאַנטשיק, אַז דאָס האָט איציקס פּײַקל אַרײַנגעפירט „אונדזער" קוראָפּאַטקינס פלאָט אין די טיפענישן פון ים, טאַקע ווי אין פּסוק שטייט: „צללו כעופרת במים אדירים..." („וואָט טשטאָ!" — כאַפּט־אונטער טביה זייפמאַן).

אָבער איציק איז ווי געזאָגט אַ פּאַטריאָט, און איז דאָס דער איינציקער פון צוויי אַנדערע שאַרגאַראָדער, וואָס זײַנען אויך געווען אין פלען און האָבן נישט צו זאָגן קיין גוט וואָרט וועגן דער רוסישער אַרמיי. איינער, איז לייזער דער „פלעניק", וואָס רעדט בלויז רוסיש און דערציילט שיינע מעשהס וועגן די יאַפּאָנעזישע פרויען, וואָס גייען אָנגעטאָן פּונקט ווי די פרויען אויף די שאַכטלעך פון וויסאָצקיס טיי, און וואָס זײַנען אַלע געווען פאַרליבט אין אים, ווײַל ער איז געווען דער גרעסטער און דער שטאַרקסטער אין זײַן ראָטע. דער צווייטער, איז ברוך משה, חיה־סאָסיעס, וועלכער איז אַהיימגעקומען און האָט געבראַכט בלע־

* געפאַנגענשאַפט.

פּענע פושקעס מיט אַנאַנאַסן (פּײַנעפּל) וואָס אַלע יידן, וועלכע זײַנען שבת בײַ טאָג אים געקומען מקבל־פּנים זײַן האָבן געגעסן, געמאַכט אַ ברכה און באַשלאָסן, נישט אַנדערש, אַז דאָס איז אַן „ארץ־ישראל פּרי פון יאַפּאַן", און זיך באַלעקט מיט דעם.

ברוך אַליין האָט וועגן יאַפּאַן און וועגן דער מלחמה און געפּאַנגענשאַפט קיין סך נישט גערעדט, נאָר געבענטשט גומל, וואָס ער איז ניצול געוואָרן, און האָט איין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך זײַן אַהיימקומען חתונה געהאַט מיט מנוחה, בעניע סטאָליערס. און אַז מע פלעגט אים אַ מאָל דערמאָנען די מלחמה און געוואָלט הערן זײַן מיינונג, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט גלאַטיק און אויף שנעל, „אַז ווען מע פרעגט מיך, וואָלט איך מסכים געווען, אַז פּאָניע זאָל אײַנשלינגען כאַניען און זיך דערוואַרגן מיט אים"... נאַ, אָט האָסטו דיר, גאַנץ פּשוט.

## קלאַסנקאַמף...

און איצט האָלטן מיר בײַ שמעון קצבס דירה. עס איז אַפילו נישט ריכטיק צו רופן שמעון קצבס געבײַ דירה — בלשון יחיד, גיכער דאַרף מען דאָס באַ־צייכענען מיטן וואָרט דירות, בלשון רבים. ווײַל שמעון קצבס געבײַ באַשטייט פון עטלעכע דירות (אין איינער פון זיי, אויב איר געדענקט, וווינט איציע מינ־ציעס). שמעון אַליין וווינט אין דער פאָדערשטער און שענסטער דירה און די איבעריקע פאַרדינגט ער. שמעון איז אַ ייד אַ בעל־גוף. דער רײַכסטער קצב אין שטאָט. און זײַן שנור, זלאַטעס, מאָגן־קוגלען, האָבן אַ שם איבער גאַנץ שטאָט.. אויב איר האָט קיין מאָל נישט פאַרזוכט אַזאַ קוגל, ווייסט איר נישט, וואָס טעם גן־עדן מיינט. שמעון האָט זײַן אייגענעם דרך אין רעקלאַמע. אוודאי מאַכט דאָס מעדיסאָן־עוועניו אין ניו־יאָרק בעסער. אָבער שמעונס דרך צו לאָזן וויסן גאַנץ שטאָט, אַז ער האָט אַ סחורה, איר דעם ביליקן מקח — איז אַ גאַנץ ווירקזאַמער. אויב איר הערט דאַנערשטיק גאַנץ פרי עמעצן שרײַען אויף קולי־קולות פון דער ווײַטנס עפּעס אַזוינס, וואָס איר האָט נישט דערכאַפּט, האָט געדולד. די געשרייען וועלן קומען נענטער צו אײַך און איר וועט הערן קלאָר, אַז: „בײַ שמעון קצב — צוויי גילדן אַן אָקע פליישׂ־פּ־ע־ע־טס! (פּעטס)". דאָס רופט־אויס יצחקל איבער גאַנץ שטאָט די מציאות בײַ שמעון קצב. די אַנדערע קצבים ווערט קיל אונטערן לעפעלע אַז זיי דערהערן די נײַס. זיי מוזן נעבעך „נאָכטאַנצן", און אויך אויסרופן ביליקע פּרײַזן, און אויך דורך יצחקלען... איז חוץ דעם, וואָס מע שנײַדט דעם מקח ביזן ביין, דאַרף מען נאָך באַצאָלן פאַרן אויסשרײַען. און נישט אַזוי טוט זיך דאָס, ווי עס רעדט זיך. ביז וואָס־ווען שטייט שוין גאַנץ שטאָט בײַ שמעון קצבס יאַטקע און קויפט פלייש.

שמעון קען זיך אַלץ פאַרגינען, ווײַל ער האָט געענוג געלט, קויפט בהמות צום שעכטן אין צײַט ווען עס איז ביליק, און זיי, די אַנדערע קצבים, מוזן, נעבעך, אָנקומען צו הלוואות. קויפן אַ „שטיקל" די לעצטע מינוט, צאָלן אַ הויכן פּרײַז. און אַז גאָט העלפט, איז נאָך דאָ אַ שאלה אויך... נו, האָט איר אין שאַרגאָראָד ווי איבער דער גאָרער וועלט דעם קאַמף צווישן אָרעם און רײַך, אויפן שאַר־גאָראָדער אופן און מיט שאַרגאָראָדער מיטלען... שמעון, אַז ער האָט אַ שאלה, איז קיין אומגליק נישט. ער שעכט עטלעכע בהמות אויף אַ מאָל, און ווערט אַ מאָל איינע טריף, האָט ער אַן אָפּמאַך מיט סאַמויל דאַרקעס — דער קאָלבאַסניק — און יענער פאַרקויפט דאָס פלייש צו די פּריצים. בײַ די אָרעמע קצבים אָבער, איז גרויסע צרות. אַז עס טרעפט אַ סירחה און מע דאַרף גיין פרעגן אַ שאלה, טראָגט מען ממש די נשמה אין די הענט, ווײַל מערסטנטייל, איז דאָס געלט ניט זייערס און אַ פּסק פון טריף, מיינט נישט בלויז דאָס נישט האָבן אויפן אייגענעם אויסקומעניש, נאָר נישט האָבן צו באַצאָלן דעם וווכערניק, און נישט האָבן מיט וואָס צו קויפן נייע סחורה. איר דאַרפט נישט מקנא זײַן עקיבא דעם רב מיט זײַן גוטער נשמה, אַז ער דאַרף אַ מאָל פּסקענען אַן אָרעמאַן — טריפה, אַפילו ווען עס האַנדלט זיך בלויז וועגן אַן עוף אויף שבת, אַ פשיטה שוין — אַ גאַנצע בהמה, בשעת פון זײַן פּסק ווענדט זיך אַן אָרעמאַנס פּרנסה...

יאָ, מיט יצחקלען, מיט אָט דעם אָרעמאַן שבאָרעמאַן; מיט אָט דעם עני ואביון, וואָס קיין אַרבעט איז בײַ אים נישט געווען צו־שווער, אָדער צו־מיאוס, אַבי צו האָבן אַ מאָגער שטיקעלע ברויט צו דערהאַלטן די נשמה, — האָט גע־טראָפן אַזאַ מעשה. עס איז געווען אין צײַט פון בירגערקריג. שטאָט און דאָרף האָבן זיך כמעט ווי נישט אָנגעקערט. די פּויערים האָבן נישט געוואָלט אַרײַנ־פירן קיין פּראָדוקטן, ווײַל די אַלערליי פּאַפּירענע געלטער פון די פאַרשיידענע מאַכטן, וואָס האָבן זיך געביטן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק — האָבן נישט גע־האָט קיין ממשות, קיין ווערט. דער איינציקער וועג ווי עפּעס צו קריגן פון דאָרף איז געווען, פאָרן אַהין און ברענגען די פּויערים זאַכן, אין וועלכע זיי האָבן זיך געניטיקט, ווי: קליידער, מעבל, קעראָסין, צוקער און בעיקר זאַלץ. (ווען די צײַט וועט קומען, וועל איך אײַך פּרובירן געבן אַ געטרײַ בילד פון יענער עפּאָ־כע). פאַרשטייט זיך, אַז די גבירים פון שטאָט האָבן זיך געגעבן אַן עצה. די פאַרבינדלער מיטן דאָרף אין דעם „באַרטער האַנדל" * זײַנען געווען יענע ייִדן, וואָס האָבן געהאַט אַ פערד און וואָגן און וועלכע האָבן אַלע מאָל, אין נאָרמאַלע צײַטן, געהאַנדלט מיטן דאָרף. אין יענע שווערע צײַטן איז נישט געווען קיין וווּנדער, וואָס אונדזערע אַלטע באַקאַנטע, בויקע און בערקע איטע פּײַוולס, פלעגן אַרויספאָרן פאַרטאָג מיט זייערע וועגענער אָנגעפּאַקט מיט שטובזאַכן, ווי בײַם

* אויסטויש פון פּראָדוקטן.

איבערקלײַבן זיך פון איין דירה אין אַ צווייטער, אָדער פון איין שטאָט אין דער אַנדערער... צוריק איז מען געקומען אין חושך פון דער נאַכט מיט עטלעכע זעקלעך מעל, אָדער קאַרטאָפל און זיי אין דער שטיל אָפּוואַרפן ווו מע האָט גע־דאַרפט... „עמך״ אָבער, האָט אָנגעהויבן לײַדן הונגער גאָר נישט אויף קאַטאָוועס... אינצווישן זײַנען אָנגעקומען די באָלשעוויקעס. אַליין אָפּגעריסענע, הונגעריקע, נאַקעט און באָרוועס. זיכער מיט זיך זײַנען זיי אויך נישט געווען. עס איז געווען די צײַט פון אַרײַן און אַרויס. אָבער צווישן יאָ און ניין, האָבן זיי אָרגאַניזירט אין שטאָט אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אַרבעטער, און אַן אַרטעל פון באַלמעלאָכעס. אַברהם דוד־שײַעס האָט פון ערגעץ געקראָגן „אינסטרוקציעס״ צו אָרגאַניזירן אַ „קאָמיטעט בעדנאָטי״ (קאָמיטעט פון דער אָרעמשאַפט), וועלכער זאָל געפינען מיטלען צו באַזאָרגן די אָרעמע לײַט מיט שפּײַז. אַברהם האָט גלייך גערופן אַ מיטינג אין דער גרויסער שול. נאַטירלעך, זײַנען געקומען צום מיטינג אַלע אָרעמע לײַט פון שטאָט און אַפילו ייִדן פון מיטעלן שטאַנד, וועלכע האָבן גע־האָט געלט און מיט דעם גאָר נישט געקענט קויפן... יצחקל איז אויך דאָרט גע־ווען; זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די פאַרהאַנדלונגען און מיט אַ מאָל פון דער העלער הויט האָט ער אָנגעהויבן שרײַען מיט באַנומענע קולות און מיטן באַקאַנטן ניגון פון „בײַ שמעון קצב״... דער אינהאַלט בלויז איז געווען אַן אַנ־דערער, נעמלעך: „אוי! אוי! אוי! קאָמיטעט בעדנאָטי ניע זשעלאַיעם... אוי, אוי, אוי! קאָמיטעט בעדנאָטי ניע זשעלאַיעם״... איך פאַרשטייט צי ניין? יצחקל וויל נישט און וועט נישט דערלאָזן קיין קאָמיטעט פון דער אָרעמשאַפט... אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט דאָס, קלאַסן־באַוווסטזײַן... קלאַסנקאַמף...

לסוף וועלן מיר אײַך זאָגן, אַז יצחקל פלעגט אויך אויסרופן אַנדערע וויכ־טיקע זאַכן, אַ חוץ פלייש, ווי, למשל: קהלשע מודעהס, רבנישע פאַרבאָטן, די צײַט פון ליכטבענטשן, פון גיין צו סליחות, פון פאַרשרײַבן חמץ, פון דעם, אַז מע האָט געהייצט די באָד... פון גיין צו מת־מצווה און ענלעכע נײַס, וואָס שטאָט דאַרף וויסן. אַ לעבעדיקע מעדיסאָן־עווועניו, אַ גייענדיקע אַנאָנסן־ביוראָ...

## די פליגן־מלחמה

אויפן זעלבן בערגל, אונטער איין דאַך מיט איציק באַראַבאַנטשיק וווינט שפּרינציע די קצבטע מיט איר מיידל (וואָס האָט שיִר־שיִר אַראָפּגעוואָרפן דעם קיסר) און אירע צוויי בנים: נחמיה, וועלכן איר קענט שוין, און אַן עלטערן, וועלכן איך געדענק בלויז ווי דורך אַ טומאַן. און דאַך איז מיט דעם בחור, וואָס איך געדענק אַפילו נישט זײַן נאָמען, אין מײַנע זכרונות פאַרבונדן אַ מעשה, וואָס עס לוינט זיך זי איבערצודערציילן.

שפּרינצע האָט זיך אָנגעקערט מיט איציקל, חנה דער רײַבערינס. איציקל האָט געוווינט אין אַ שטיבל אויף אַ באַרג, באַוואָקסן מיט דערנער, ווילדגראָז און שטעכלקעס. אויף אָט דעם באַרג פלעגן מיר, קינדער, זיך שפּילן, ווען איציקל פלעגט מאַכן זײַנע אויספלוגן צו אַ דין־תורה, אָדער אַ גט. און מיט וואָס צו שפּילן זיך אויף יענעם באַרג איז גראָד געווען. איר מיינט דאָך, אַז בלויז סיסרא דער רשע — גענעראַל פון „שופטים", קעגן וועמען דבורה די נביאה האָט גע־פירט אַ מלחמה און יעל, חבר דעם קיניס ווײַב האָט צעשמעטערט דעם קאָפּ מיט אַ פלאָקן און אַ שטאַרקן האַמער — אַז בלויז אָט דער סיסראַ האָט פאַרמאָגט נײַן הונדערט מלחמה־וועגענער. ווײַל איך אײַך דאָ זאָגן, אַז איר מאַכט אַ טעות. מיר, די תלמידים פון איציקל חנה דער רײַבערינס האָבן געהאַט מער וועגענער פון אים, פון סיסראָן, און אויך מיר האָבן מיט די וועגענער געפירט מלחמות. נאָר אין אונדזערע מלחמות זײַנען געפאַלן נישט קיין מענטשן, נאָר — — — פליגן. יאָ, פליגן. און הערט ווי אַזוי עס אַרבעט, איר קאָנט דאָס אויך טאָן, אויב איר ווילט, איר דאַרפט בלויז געפינען דעם ריכטיקן פלאַץ; כ'מיין, אַן אָרט, ווו עס וואַקסן דערנער. און ווי אײַך איז מן הסתם באַקאַנט, באַשטייט דער דאָרנ־פלאַנץ פון שטעכערס און פיצינקע רעדעלעך אַזעלכענע, געלינקע, און ווי זיי זאָלן זײַן בכיוון באַשאַפן צו מאַכן פון זיי מלחמה־וועגענער. איז, נעמט, זײַט אַזוי גוט, צוויי שטעכערס, פאַראייניקט דיביידע שטומפּיקע זײַטלעך דורך דורכ־שטעכן זיי צוזאַמען אין סאַמע צענטער מיט אַ דריטן שטעכער, וועט איר באַ־קומען אַ זאַכעלע, וואָס קומט־אויס ווי דער רוסישער בוכשטאַב „טע". איצט, אַז איר האָט דאָס, טוט אָן צוויי רעדעלעך פון ביידע זײַטן שטעכער און איר האָט שוין דעם וואָגן. ווען איר האָט דאָס, כאַפּט אַ פליג, שטעכט איר אַרײַן דעם מיטלסטן שטעכער אין „יענעם אָרט", און איר האָט שוין אַלץ — אַ פאַרטיקן סאָלדאַט מיט אַ רײַטוואָגן. אַז איר כאַפּט גענוג פליגן און האָט גענוג רײַטווע־גענער און פערד, פליגן מיין איך, אין געשפּאַן (די פליגן זײַנען סײַ די סאָלדאַטן און סײַ די פערד) און אײַער מיטשפּילער האָט זיי אויך, לאָזט אַרויס אײַערע אַר־מייען אויפן שלאַכטפעלד און איר וועט אַליין זען, איר דאַרפט נישט גלייבן אויפן וואָרט, אַז פליגן — להבדיל, ווי מענטשן — ווייסן בלויז ווען אָנצוהייבן אַ מלחמה, נאָר אַז עס קומט צו ענדיקן — איז צרות. די פליגן פירן אַ מלחמה עד חרמה. זיי רײַסן זיך און בײַסן זיך ביז פולשטענדיקער פאַרניכטונג... איין זאַך איז זיכער, אַז אין אַזאַ מלחמה זײַנען נישטאָ קיין זיגער און באַזיגטע — אַלע קומען אום, ווי אין אַן אַטאָמישן קריג... אָרעמע פליגן...

אָבער ווי אַלע מאָל, בין איך פאַרקראָכן אין אַ זײַט. געוואָלט האָב איך אײַך דערציילן, אַז די צוויי משפחות, איציקלס און שפּרינצעס, האָבן זיך נישט גע־קענט צוזאַמענלעבן בשלום און האָבן אַלע מאָל צוליב עפּעס זיך אַרומגעקריגט.

געדענק איך איין מאָל אַן איבערפאַל פון שפּריניעס בנים אויף איציקלס הויף. אָנגעהויבן האָט זיך עס דווקא ווי אַ קאַלטע מלחמה: מע האָט זיך בלויז געשאָלטן און געזידלט. נאָר אַזוי ווי אין יענע „גליקלעכע צײַטן״ האָט מען נאָך נישט גע־ווּסט פון קיין שפּיצן־קאָנפערענץ, האָט זיך דער עלטסטער זון שפּריניעס גע־כאַפּט שלאָגן. האָט אָבער איציקלס משפחה זיך פאַרטיידיקט קעגן די אַגרעסאָרן מיט אַלע כלי־זין וואָס זײַנען געקומען אונטער דער האַנט. זײַנען פון איין לאַגער אין צווייטן געפלויגן פאַרשיידענע קעגנשטאַנדן. די אַגרעסאָרן וועלכע זײַנען געווען אין דער אָפענסיווע, האָבן געוואָרפן שטיינדלעך, און די שטוביקע, וואָס זײַנען געווען אין דער דעפענסיווע, האָבן געשליידערט טעפּ, טעלערס, קאָטשעל־קעס, קריגלעך און ענלעכע חפצים. נאָר אַזוי ווי געוווער האָט אַ טבע — „עס לויפט אויס״ — האָט די פאַרטיידיקונג געמוזט אָנקומען צו שווערערע זאַכן, וואָס אַפילו אויפהייבן איז זיי שווער. און אָט האָט איציקל פּאָציאַפּעט אַ שטייסל (ער איז געווען אַ גבר, דער רבי) און האָט דאָס אַ שלײַדער געטאָן מיטן גאַנצן כוח. דאָס שטייסל איז דורכגעפלויגן די גאַנצע לענג פון שטוב מיט אַ פײַף און געטראָפן שפּריניעס עלטערן זון אין סאַמע קאָפּ... דאָס איז געווען דער סוף פון דער מלחמה. מע האָט דעם בחור שוין אַהיים נישט געפירט, נאָר געטראָגן און די מלחמה איז געווען פאַרענדיקט... דעם רבינס בני־בית און דער רבי אַליין האָבן זיך אויך נישט גענאַרט פון דער מלחמה, מע האָט טאַקע געדאַרפט ברענגען דעם רופא, אַז ער זאָל אַלעמען באַנדאַזשירן, נאָר עס איז נאָך געווען מיט חסד. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זײַנען אַלע געווען אַזוי ווי שפּאָגל נײַע. אָבער אַ רוגז איז געבליבן, ממש אויף מעסער־שטעך...

איך וויל דאָ בלויז צוגעבן, אַז כאָטש מיר, קינדער, זײַנען געווען נייטראַל, האָבן מיר פון דעסט וועגן נישט אויסגעמיטן די פאָלגן פון דער מלחמה. מע קען נישט אַלע מאָל זײַן נייטראַל. נישט אַלע מאָל העלפט עס...

דאַרף שפּריניעס מיידל אַ כלה ווערן און מע גרייט זיך צו די תנאים. זיצן מיר אַ מאָל אין חדר און שרײַבן „דיגיטאָווקע״ — אַז עס עפנט זיך די טיר — און ווער מיינט, איר, קומט אַרײַן? יאָ, איר האָט געטראָפן, כ׳לעבן — שפּריניע, ווי איר זעט מיך אַ יידן. אַז איציקל האָט זי דערזען, איז ער געוואָרן אַזוי ווײַס, ווי די וואַנט, וואָס מע האָט זי נאָר־וואָס אָפּגעטינקעוועט אויף פּסח... וואָס וויל זי, שפּריניע? זי וויל נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר אַז איציקל זאָל מאָרגן אויף דער נאַכט קומען צו דער מיידלס תנאים. ערשטנס, איז זי עלנט ווי אַ שטיין, און איציקל איז איר איינציק שטיקל משפחה, מ׳שטיינס געזאָגט... צווייטנס, איז דאָס מיידל אַ יתומה... איציקל האָט זיך מיט די פינגער פון ביידע הענט פאַר־שטעלט די אויערן און אָנגעהויבן שרײַען, נישט מיט זײַן קול: „זאָל זי אַרויס, די חצופה! זאָל זי אַרויס, די קלאַפּטע!״... עס האָבן נישט געהאָלפן קיין תחנונים,

קיין געווויין. איציקל, אַז ער זאָגט ניין, איז געזאָגט... שפּרינגע איז, נעבעך, אַוועק מיט דעם מיט וואָס זי איז געקומען. אויף מאָרגן פאַרטאָג כאַפּט זיך אויף חנה די רײַבערין, איציקלס מאַמע, מיט אַ געוויין און גוואַלד און צום סוף חלשט זי גאָר אַוועק. ווען מע האָט די ייִדענע דערטשוכעט און זי האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט זי דערציילט איציקלען, אַז נאָר־וואָס איז איר מאַמע געשטאַנען לעבן איר אָנגעטאָן אין תכריכים און געוויינט... „פאַר וואָס וויינסטו, מאַמע?" — פרעגט זי חנה. „פאַר וואָס זאָל איך נישט וויינען, — ענטפערט איר די מאַמע, — אַז איציקל, די קרוין פון מײַן קאָפּ, האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און וויל נישט גיין צו דער יתומה אויף די תנאים; וויל זי נעבעך פאַרשעמען. מע האָט אויבן געפּסקנט, אַז אויב ער וועט נישט גיין צו די תנאים, וועט ער פּונקט צום יאָר שטאַרבן..."

איר דאַרפט נישט זײַן קיין גרויסער חכם צו טרעפן, אַז איציקל איז שוין יאָ געגאַנגען צו די תנאים. ער האָט נאָך אַליין, זאָל זיך אײַך דאַכטן, מסדר תנאים געווען. מיט „יענער" וועלט שפּילט מיט זיך נישט... ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס פון דעם שידוך איז גאָר נישט געוואָרן. מע האָט אָפּגעלאָזט דעם שידוך. נאָר דאָס איז שוין אַ גאַנץ זאַך...

## קורצע מעשהס, אָבער טרויעריקע

אין יענעם שטיבל אויפן באַרג פון דערנער, בוזיקיס און בערעלעך, מיט וועלכע מיר, תלמידימלעך פון איציקלס חדר באַטיילן די ייִנגלעך פון גאַנץ שטאָט ערב תשעה־באָב. כדי די ייִנגלעך זאָלן קענען מקיים זײַן די מצווה פון וואַרפן בוזיקעס אין ייִדישע בערד — האָבן צו יענער צײַט פּאַסירט צוויי זאַכן: איינע בײַ איציקלען, וועלכער האָט געהאַט אַ זון אין אַמעריקע, איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז דער זון זײַנער איז איבערגעפאָרן געוואָרן אויף טויט פון אַ „קאַנקע"... די צווייטע — בײַ משה־אַברהם קלעזמער, וואָס האָט געוווינט אין אַ מיטלסטער שטוב אונטער איין דאַך מיט איציקלען. משה־אַברהם האָט געהאַט אַ טאָכטער אין אַמעריקע, איז אָנגעקומען פון דעם איידעם אַ בריוו, אַז די טאָכטער איז געשטאָרבן פון דער „פּראָלעטאַרישער קראַנקייט"... נאָר אַזוי ווי די מעשהס זײַנען זייער טרויעריקע און איר ווייסט דאָך, אַז איך אַנטלויף פון טרויעריקע מעשהס, ווי דער טײַוול פון ויהי נועם, וועל איך זיך אין זיי נישט אַרײַנלאָזן, און צו פיל וועגן זיי, וועל איך אײַך נישט דערציילן. איך וועל אײַך בלויז זאָגן, אַז וואָס אַ „קאַנקע" איז, האָב איך אויסגעפונען איינס־צוויי, נאָר וואָס די „פּראָלעטאַרישע קראַנקייט" איז, איז אָנגעקומען זייער שווער זיך צו דערוויסן, אין יענע צײַטן און אין מײַן קינדערשער סביבה...

ער האָט לאַנג נישט גענומען און איציקל איז אַוועק קיין אַמעריקע (נאָך דעם

ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט די נאָבעלע מלאכה פון שחיטה) און פון אונדזער באַרג איז געוואָרן אַ תכלית. גאָלדע באַרמאַק, יענקל משה מנשהס טאָכטער, האָט אָפּגעקויפט דעם פּלאַץ, אַוועקגעפּטרט אַלע רײַטוועגענער און אויסגעבויט אַ נײַע שיינע דירה מיט אַ שניט־קראָם פון פאָרנט און מיט אַ קליינטל פון הינטן (אין באַשקע), וואָס זי האָט פאַרדונגען צו געגעקלען פאַר אַ באַקאַליינעם געשעפט... שאָט, זײַט נישט אומגעדולדיק, פרעגט נישט, ווער גענעקל איז. איך קען אײַך אַלץ אויף איין מאָל נישט דערציילן. אויף אַלץ קומט אַ צײַט. אַז מיר'ן דערלעבן, וועלן מיר נאָך צו דעם אויך קומען.

יאָ, אַזוי ווי מיר זײַנען שוין דאָ סבי־וויסבי, און אַזוי ווי גלײַך נאָך איציקלס און משה־אַברהמס דירות און טאַקע ווי צוגעטשעפעט צו זיי וווינט ב. מ., וועלן מיר זיך באַקענען מיט אים.

ב. מ. איז אַ יונגערמאַן מיט אַ ווילד קאַלירלאָז בערדל. ער האָט מיט אַ פּאָר יאָר פריִער חתונה געהאַט מיט אַ געפּאַקט מיידל, מיט רויטע בעקעלעך. גע־קראָגן נדן און אים גלײַך געפּטרט, מחמת ער האָט קיין צײַט נישט צו מסחר. ער איז זייער פרום. דאַוונט ער און זאָגט תהילים אָן אַן עק און אָן אַ סוף. ווילט איר אים עפּעס פרעגן קען ער נישט אויסריידן און טענהט צו אײַך אויף אַ מין קוידערוועלש לשון־קודש: „אי, אי, נו, לא מפסיק", עס דאַרף מיינען, אַז ער האַלט אין מיטן און טאָר נישט אויסריידן... ווען איר זאָלט אים נישט טרעפן, און ווו איר זאָלט אים נישט טרעפן, האַלט ער אין איין זאָגן... אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז עס איז ווײַזט אויס געקומען צו „כלו כל הקיצין" און ער איז אַוועק קיין אַרגענטינע. אַנגעהויבן שרײַבן פריילעכע בריוולעך, דער ווײַב גע־שיקט געלט און אַ בילד פון זיך, שוין אָן אַ באָרד, מיט סיגנעטן אויף די פינ־גער, מיט אַ גאָלדענער קייט איבער דער גאַנצער ברייט פון קאַמזויל... (ווײַזט אויס, פון אַ זייגער) לסוף האָט ער דאָס ווײַבל אויך גענומען קיין אַרגענטינע. שטאָט האָט עפּעס געמורמלט, אַז ער פאַרנעמט זיך דאָרט מיט „יענע געשעפטן", מיט „יענעם מסחר". ווען איך האָב געוואָלט אויסגעפינען, וואָס „יענער מסחר" איז, האָב איך אַרײַנגעכאַפּט אַ מיאוסן אָפּשניט: „אַז אַ ייִנגעלע זאָל דיר אַלץ וועלן וויסן! אַז ווו צוויי איז ער אַ דריטער! האָט איר געהערט אַ ביסל? גיי שוין, גיי בעסער אין חדר אַרײַן, גיי!"...

## חזנות אין שאַרגאָראָד

באַקענט זיך מיט אָשרן! אויב איר ווילט קענען די איידעלערע שאַרגאָראָד (און ער איז איינער פון יענע, וואָס אין מײַנע זכרונות לײַכטן זיי מיט אַ ליכט,

וואָס האָט מײַן גאַנץ לעבן באַאײַנפלוסט) — וועט עס אײַך קיין מאָל נישט באַנג טאָן.

זײַן נאָמען איז אָשר טאַרנאָפּאָלסקי. נאָר צו אונדז איז ער אָשר, און בלויז ווען מע דערמאָנט זײַן נאָמען, ווערט אײַך וואַרעמער אויף דער נשמה, ווײַל גאָט האָט אים געבענטשט מיט אַ האַרץ, וואָס איז אַ זעלטנקייט. חוץ דעם, אויב איר זוכט אַ פּירוש אויפן וואָרט „ריינלעכקייט" אין יעדער הינזיכט, וועט איר דאָס אין אים געפינען.

אָשר איז פרום, איז אָבער אין דער זעלבער צײַט די פאַרקערפּערונג פון טאָלעראַנץ. אָשרן האָט מען אי ליב, אי מע האָט דרך־ארץ פאַר אים. איך פאַר־זיכער אײַך, אַז איר מעגט זיך זײַן דער גרעסטער אַפּיקורס, וועט איר אין זײַן אַנוועזנהייט נישט רויכערן שבת. נישט ווײַל איר האָט מורא, אַז ער וועט אײַך אַרײַנזאָגן אָדער מוסרן, נאָר ווײַל איר לייגט כבוד אויף אים, און איר וועט אים בשום אופן נישט וועלן ווי טאָן. אָשר איז עטוואָס עלטער פון מיר. נישט פיל. נאָר ער איז די געזעצטקייט אַליין. און באַשיידן איז ער, ממש אַ „נחבא אל הכלים". און פּונקט ווי ער אַליין איז גוט, אַזוי איז זײַן גאַנצע משפּחה. די מאַמע, די שוועסטער שרהקע, און דער ברודער זײַדל — וואָס איז שוין גאָר אַ פרומער, איז אָבער אויך נישט פון דעם סאָרט, וואָס וועט אײַך לערנען, ווי צו לעבן אויף דער וועלט... ווײַנען, וווינט מען אין אַ קליין ציכטיק דירהלע. מע איז נישט קיין נגידים, נאָר עס פעלט חלילה גאָר נישט אויס. אַהינצו קומען מיר כמעט אַלע שבת, אַ גרופּע חברים: שלמה גרינשפּאָן, ברוך כאַראַב, אַני הקטן, יאָסל גרויסמאַנס צוויי מיידלעך — און מע זינגט. אָשר איז זייער אַ טאַלאַנטירטער זינגער, האָט אַן אײדעלע טענאָר־שטימע, און כאָטש מיר זײַנען נישט קיין גרויסע איבערקלײַבערס; בײַ אונדז האָט איר געפּועלט, עס זאָל זײַן יידישע פאָלקסלי־דער, מיט רוסישע לידער, קען מען זיך, חלילה, אויך נישט פאַרסמען. איז ער, אָשר, אָבער אַ גרויסער ליבהאָבער פון חזנות, ליטורגישער מוזיק. און נישט גלאַט חזנות, נאָר טאַקע מן המובחר, פּרימאָ שבפּרימאָ. שטעקט ער אונדז אויך אָן מיט אָט דער ליבשאַפט. און וויסן דאַרפט איר, אַז שאַרגאָראָד איז אויסגע־קאָכט אין חזנות. שאַרגאָראָדער יידן בכלל, און די פשוטע יידן פון דער גרויסער שול בפרט, זײַנען אַלע מאָל באַנקראָט. און ווייסט איר צוליב וואָס? צוליב זייער גרויסער נאַשערײַ־חזנות. די סאַמע גרעסטע חזנים פון יענער תקופה — וואָס איך באַשרײַב — האָבן געדאַוונט אין שאַרגאָראָד. זיי זײַנען, אָדער געוווען אין שאַרגאָראָד אויף שטעלע, אָדער צום ווינציקסטן, געקומען דאַוונען אויף שבת. און נישט בלויז חזנים, נאָר אויך געשולטע כאָרן האָט שאַרגאָראָד געהאַט. איך קאָן אײַך איצט נישט באַשרײַבן אַלע חזנים, וואָס האָבן אין מײַן צײַט געדאַוונט אין שאַרגאָראָד. איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך וועל אײַך נישט אָנזעצן. מיר'ן צו זיי אויך קומען בקרוב. אויף איצט וועט זײַן גענוג, אַז איך וועל אײַך זאָגן, אַז

קינדורויז אַלס אַלט, בחורווײַז אַלס טענאָר, האָט אָשר געזונגען בײַ די בעסטע חזנים און אַלע מאָל אַלס סאָליסט. ער אַליין באַזיצט אַ פײַנע קאָלאָראַטור, אַ זיס בײַ־קול, אַ פאַלצעט, וואָס אַז ער צעלאָזט זיך אויף דער פּיאַניסימאָ, וועט ער אײַך שטיקער האַרץ צעשמעלצן. ער וואָלט מן הסתם שוין דעמאָלט געקענט ווערן אַ חזן און אַ גוטער חזן, איז ער אָבער זייער באַשיידן און דענקט (לויט מײַן מיינונג, מיט אומרעכט צו זיך אַליין) אַז ער איז נישט ראוי דערצו. איך וויסט דאָס נישט, אָבער איך, וואָס האָב געווינט נישט בלויז אין שאַרגאָראָד, נאָר אויך אין אייניקע שטעטלעך אַרום שאַרגאָראָד און געקענט אָשרס משפּחה אין מעראַכווע, ווייס, אַז באַשיידנקייט, מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז אין דער משפּחה טאַרנאָפּאָלסקי אַ נאַטירלעכע אייגנשאַפט. פאַר מיר איז קלאָר, אַז זײַן נישט וועלן גיין צום עמוד אַלס — חזן, איז צוליב דעם דרך־ארץ, דעם יראת־הכבוד פאַר דער מיסיע פון אַ שליח־ציבור. איך ווייס נאָך פון עמעצן אין זײַן משפּחה, וואָס עס איז אָנגעקומען בראָדסקין פון קיִעוו מיט גריבע ווערים, ביז ער האָט געפּועלט בײַ איר צו ווערן די דראַמאַטישע סאָפּראַנאָ פון דער קיִעווער אָפּעראַ. די מעשה איז אַ שיינע און איר מעגט זי הערן. (איך מאַך אַן אויסנאַם אין מײַן באַשלוס, נישט צו שרײַבן וועגן אַנדערע שטעטלעך).

דער מעראַכווער צווײַג פון דער משפּחה טאַרנאָפּאָלסקי האָט פאַרמאָגט אַ יונג מיידל — אַ יתומה, וואָס איז געווען באַשאָנקען מיט אַלע מעלות ממש, מאַמעס האָבן זיך געבענטשט מיט איר. האָט דאָס מיידל געהאַט אַ שטימע, אַ סאָפּראַנאָ, וואָס, אַז זי האָט געזונגען, איז דאָס גאַנצע שטעטל געשטאַנען היג־טער די פענצטערס (מעראַכווער ייִדן זײַנען מבינים), אי דאָס, האָט מען זיך געדאַרפט היטן, ווײַל טאָמער האָט זי דערשמעקט, אַז מע הערט זיך צו, איז גע־וואָרן אויס. זי האָט אין איר גאָטפאָרכטיקער היים געוווּסט פון דעם אַלט־ייִדישן צוזאָגנג, אַז „קול באישה ערוה"...

טרעפט זיך אַ מעשה, אַז איינער אַן אַדוואָקאַט, זילבערשטיין (אַגב, חיים־ייִדל שטאַרקמאַנס אַן איידעם), וועלכער האָט געהאַט אַ רײַכע פּריצישע קליענ־טעלע, פאָרט קיין קיִעוו אויף „טאָרגעס", טרעפט זיך דאָרטן מיט בראָדסקין, וועלכער איז געווען אַ מעצענאַט פון ייִדישע טאַלאַנטן, האָט אים פאַראינטערע־סירט, אַז ער זאָל אַרויפקומען קיין מעראַכווע און הערן (אונטער די פענצ־טערס, פאַרשטייט זיך) די יתומה זינגען. מער האָט מען נישט באַדאַרפט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון פאַרהאַנדלונגען, וועגן נעמען דאָס מיידל קיין קיִעוו און זי אַרײַנגעבן אין דער קאָנסערוואַטאָריע. מאָלט אײַך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי — נעמען דאָס מיידל קיין קיִעוו... אַז דאָס מיידל און איר משפּחה האָבן אָפילו נישט געוואָלט הערן פון דעם. בראָדסקי האָט נישט אָפּגעלאָזן. מע האָט גאַנץ שטאַט געשטעלט אויף די פיס. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיט דער הילף פון שטעטלשן רב, האָט מען געפּועלט בײַ איר און איר משפּחה, אַז זי זאָל פאָרן

קיין קיִעוו אין דער קאָנסערוואַטאָריע. מע האָט געמוזט זיך צעשרײַבן כתוב־וחתום, אַז זי וועט אין קיִעוו וווינען אין אַ פרום־ייִדישער הויז, אַז שבת גייט זי נישט אין דער מוזיק־שולע, און אַזוי ווײַטער און ווײַטער.

זאָל אײַך דאַכטן, מע האָט גענומען דאָס מיידל אין דער לערע. אַ חוץ מוזיק האָט מען זי באַדאַרפט לערנען שפּראַכן און בעיקר רוסיש. און אַז גאָט האָט געהאָלפן, זי האָט מיט מזל פאַרענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע און געהאַט אַ דערפאָלגרײַכן אַרויסטריט אין דער קיִעווער אָפּעראַ, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע צרות... ערשטנס, האָט דאָס מיידל געטענהט, איז זי נישט ראוי צו זינגען אַלס ערשטע סאָפּראַנאָ אין דער אָפּעראַ; צווייטנס, אַפילו אויב יאָ, וועט זי נישט אויפטרעטן אין די האַלב־נאַקעטע קאָסטיומען, וואָס זײַנען באַשטימט פאַר אירע ראָלעס; דריטנס, טרעט זי נישט אויף פרײַטיק אָוונט און אין אָוונטן, וואָס פאַלן־אויס יום־טוב...

איך דערקען אין אײַך, אַז איר ווילט וויסן דעם שפּיץ. יאָ, צי ניין?

נו, איך וועל אײַך נישט ציִען דעם קליי פון די ביינער. אויסגעפירט האָט זי, די יתומה. זי האָט געשפּילט אין באַשיידענע קליידער, לויט איר קאָנצעפּציע פון אָנשטענדיקייט און געשמאַק. און צו איר ערשטן אויפטריט אין דער אָפּעראַ „יעווגעני אָניעגין" האָט קיִעוו געהערט אַ טאַטיאַנאַ, וואָס זינט גאָט האָנדלט מיט טאַטיאַנאַס האָט ער נאָך אַזאַ טאַטיאַנאַ נישט געהערט און נישט געזען... אַ שאָד, וואָס איך קען אײַך מער וועגן דעם נישט דערציילן. אין צײַט פון דער מלחמה, רעוואָלוציע, בירגערקריג און פּאָגראָמען, זײַנען אומגעקומען גענוג גרויסע קינסטלערס... אָט איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען אַרום יענער צײַט כאַנקע וויניצקי, לעמלס איינינקל. אַ דיכטעריין פון גאָטס גענאָד אין צוויי שפּראַכן, וואָס אי איך, אי לייבעלע קרישטאָל עליו השלום, האָבן אויף אַלערליי אופנים געזוכט אַ שפּור פון איר און ערשט לעצטנס פון דיכטער ל. פײַנבערג אויסגעפונען, אַז זי איז נפטר געוואָרן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

איצט, אַז איר ווייסט שוין פון נאָך אַ פּערל אין דער טאַרנאָפּאָלסקי־משפּחה, וועט אויך פאַר אײַך קלאָרער ווערן, פאַר וואָס מיר אַלע האָבן אָשרן אַזוי ליב געהאַט.

אַ טשיקאַווע געשיכטע וועגן אָשרן, וואָס וועט דעמאָנסטרירן סײַ זײַן באַשיידנקייט, סײַ זײַן גרויסע מוזיקאַלישקייט, סײַ זײַן גוטסקייט איז כדאי צו דערציילן.

פּאַסירט האָט די מעשה (מיר דאַכט זיך) אין יאָר 1912. אין יענער צײַט, האָט די ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע געפּײַערט איר דרײַ הונדערט־יאָריקן יובל פון הערשן איבער די פעלקער פון רוסלאַנד. האָט מען אַרויסגעלאָזט אַן „אוקאַז", אַז דאָס גאַנצע לאַנד דאַרף זיך פרייען, און אַלע „וויערנאָפּאָדאַנע" פעלקער דאַרפן פײַערן דעם יובילײ: אין טאָג אין זייערע פאַרוואַלטונג־אינסטיטוציעס און דעם

צווייטן טאָג אין זייערע געבעט־הײַזער. נו, אַן אוקאַז איז אַן אוקאַז. ווי זאָגט איר, דינאָ דמלכותא דינאָ... עס האָט נאָך געקאָנט זײַן ערגער. וואָס טוט מען, אַז צו־ליב אַזאַ גרויסן יום־טוב גיט פּאַניע־גנב אַרויס אַ „פּריקאַז", אַז אין דעם פֿײַער־לעכן טאָג זאָל מען שלאָגן ייִדן... וואָסי, אַזוינס האָט נישט פּאַסירט אין דעם געבענטשטן לאַנד פֿון כּריקולען? — — — האָט די „וולאָסט" * גערופֿן אַ „סכאָד", אַן אַסיפה פֿון די שאַרגאָראָדער ייִדן און האָט אויסגעלייגט אַ פּראָגראַם, ווי אַזוי די ייִדן זאָלן פֿײַערן דעם יובילײ. ערשטנס, זאָל די „מעשטשאַנסקאַיאַ אופּראַוואַ" (ליפּע וואַסערמאַן איז דאַן געווען סטאַראָסטע און האָט געוווינט בײַ שליאָמע מלמד אויפֿן צווייטן עטאַזש אין אַ גרויסער באַקוועמער דירה) — מאַכן אַ גרויסן פּלאַקאַט, באַצירט מיט בלומען, מיטן בילד פֿון צאַר ניקאָלײַ און מיט אַ פּאַ־סיקער אויפֿשריפֿט. נחום דוד־לייבס דער שטאָטישער קינסטלער, וואָס איז געווען אַ מאַדים אויף מאַכן שילדן, זאָל מאַכן דעם פּלאַקאַט, און מע זאָל אים אויפֿהענגען אויפֿן גאַניק פֿון דער „אופּראַוואַ", מע זאָל דעם גאַניק באַהענ־גען מיט כינעזישע פֿאָנאַרן, און דעם אָוונט פֿון דער פֿײַערונג זאָל גאַנץ שטאָט זיך צונויפֿקומען אַרום דער „אופּראַוואַ" און דער פּריסטאַוו וועט רעדן צום עולם. צווייטנס, זאָל מען צוועלף אַ זייגער דעם צווייטן טאָג זיך פֿאַרזאַמ־לען אין דער גרויסער שול. מע זאָל זינגען „באָזשע צאַריאַ כראַני" אויף רוסיש, — די תּפֿילה „הנותן תּשועה למלכים". און דער קאַזיאָנע רב זאָל האַלטן אַ פּאַטריאָטישע רעדע...

**
*

איז אַפּריער וועגן דער פֿײַערונג אין און אַרום דער „מעשטשאַנסקאַיאַ אופּראַוואַ".

שטאָט איז זיך צונויפֿגעקומען לעבן דער „אופּראַוואַ". ווי זאָגט איר, אַז נאַטשאַלסטוואָ הייסט, קען מען קיין חזיר נישט זײַן. אויפֿן שטאַרק באַלויכטע־נעם גאַנעק זײַנען געזעסן אַלע שפּילערס פֿון דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע און געשפּילט „באָזשע צאַריאַ כראַני" און אַנדערע פּאַטריאָטישע לידער. איז בשעת מע האָט געשפּילט דעם הימן, אַז גאָט זאָל באַהיטן און באַשיצן דעם „צאַר באַטיושקאַ", האָבן ייִדן אויסגעטאָן די היטלען. נאָר ווען מע איז פֿאַרטיק גע־וואָרן מיטן שפּילן, האָבן ייִדן די היטלען צוריק אָנגעטאָן און געוואַרט, אַז דער אדון־הגדול, דער פּריסטאַוו, זאָל אַרויסקומען פֿון ליפּעס שטוב, ווו ער איז גע־זעסן מיט זײַן גאַנצן שטאַב: דער אוריאַדניק, די צוויי דיעסאַטניקלעך און דרײַ סטראַזשניקלעך מיט מאַמעליגע דעם עלטסטן אין דער שפּיץ, און זיך געלאָזט

---

* מאַכט.

װוילגיין אויף קהלשן חשבון (דאָס געלט איז געקומען פון „סוועטשנאַי סבאָר"...*) מיט בראָנפן, וואָס האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. אַז עס איז געקומען צום אַרויס־גייען האַלטן די רעדע, ווי גוט און וויל עס איז צו לעבן אין דעם גאָט־געבענטשטן לאַנד פון די ראָמאַנאָווס... האָט דער פּריסטאַוו, נעבעך, נישט געקאָנט זיך אויפ־הייבן פון שטול, ווײַל אייגנטלעך, האָט זיך די שמחה בײַ אים נאָך אָנגעהויבן, העט כאור הבוקר און איצט האָט ער שוין געהאַלטן גאָר־גאָר ווײַט... נאָר מיט דער הילף פון ליפען און נאָך אַ פּאָר חשובע יידן, האָט ער זיך באַוויזן אין גאַנצן גלאַנץ פון זײַן פּריסטאַווושער טראַכט, מיט עפּאָלעטן און מעדאַלן, און דערזען, אַז דער עולם שטייט אָנגעטאָן אין די היטלען, האָט ער אַ רעווע געטאָן: „זשי־דאָווסקיאַ מאָרדי, שאַפּקי סנימאַט!"...* די יידן האָבן זיך נישט געלאָזט בעטן און אַראָפּגעכאַפּט די היטלען, געוואַרט אויף דער גרויסער רעדע. דער בעל־דבר איז שוין אָבער אַזוי געווען אין דער אַרבעט, אַז אים האָט זיך מיט אַ מאָל אויס־געדאַכט, אַז דאָס שטייט ער בײַם וואָלאָסט און רעדט צו די פּויערים, האָט ער דערלאַנגט אַזאַ רעדע: „פּראַוואָסלאַווני נאַראָד! דער צאַר באַטיושקאַ האָט גע־לאָזט וויסן מיט גרויס חסד, אַז וואָס איז געווען איז געווען. מע וועט לכבוד יום־טוב דערקלערן אַן אַמנעסטיע. נאָר אויף די „זשידעס" דאַרף מען האַלטן אַן אויג און זען אויסראָטן די קראַמאָלע מיטן קאָרען (וואָרצל)"... און דאָ האָט ער, נישט פאַר אונדז געדאַכט, אָנגעהויבן וועררזען און ברעכן מיט דער גרינער גאַל... געמאַכט אַ תכלית פון זײַנע בגדים. מע האָט אים קוים מיט צרות אַרײַנ־געפירט אין שטוב, ווו ער האָט זיך ערשט אָוועקגעזעצט פאַרענדיקן די פלעשער, וואָס זײַנען נאָך געבליבן פון פריער...

און איצט, צו דער מעשה מיט אָשרן. שטאָט האָט געוואָלט, אַז אָשר זאָל זינגען דעם „הנותן תשועה" — די יידישע תפילה פאַרן וווילזײַן פון צאַר, ווי אויך דעם צאַרישן הימן. איז דאָך אָבער אָשר, אָשר. טענהט ער, אַז עס איז דאָ עלטערס פון אים אין שאַרגאָראָד... ווער איז דער עלטערער? דערציילט ער, אָשר, אַז איציע קאָפּשטיין (איר געדענקט דאָך אים מן הסתם, ער האָט געהאַט אַן אײַנגעשעפט און איז געווען אַ גרויסער בעל־רוסיש; עס איז געווען ער, וואָס האָט אַ מאָל געדופן דאָקטער מאַנאַסטירסקי, אַ קינד איז בײַ אים אײַנגעפאַלן. און ווען דער דאָקטער האָט אים געפרעגט ווו ער וווינט, האָט ער אים געענט־פערט, דווקא אויף רוסיש, בזה הלשון: „יאַ זשיווו נאַפּראָטיוו זאַדניאַוואַ פּראָ־כאָדאַ שטיינבערגאַ" — איבערגעזעצט אויף פּשוטן יידיש מיינט עס, אַז ער וווינט אַנטקעגנאיבער אליהו שטיינבערגס הינטערחלק...). איז אָט דער איציע קאָפּשטיין געווען בײַ אים, בײַ אָשרן, און געבעטן ער זאָל אים אויסלערנען דעם

---

* ליכט־שטײַער.

*יידלאָקישע מאָרדעס, היטלען אַראָפּ!

„הנותן תשועה". אַז ער, אָשר, האָט מיט אים געקנעלט אַ פּאָר שעה, אַז יענער האָט זיך אויסגעלערנט, און אַזוי ווי איציע האָט אַ שיינע שטימע און איז על־טער פון אים — קומט אים דעם כבוד. וואָס טויג אײַך גרויס. מע האָט זיך גע־שפּאַרט, מע האָט נישט געוואָלט, ביז הלל שמש (אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער פּאַרשוין, מיר וועלן זיך מיט אים אַ ביסל שפּעטער באַקענען) האָט פאַרגע־שלאָגן אַ פּשרה, דהײַנו: מע זאָל צונויפשטעלן אַ כאָר און אָשר זאָל די־ריגירן סײַ דעם כאָר, סײַ איציע קאָפּשטיין. און אַזוי איז דאָס געבליבן. אָשר האָט זיך גלײַך גענומען צו דער אַרבעט: צונויפגעשטעלט אַ כאָר, אים אײַנגע־שטודירט. אייגנטלעך איז פאַרן כאָר נישט געווען צו פיל אַרבעט, ווײַל די תפילה האָט דאָך איציע קאָפּשטיין געדאַרפט זינגען און דער כאָר האָט נאָר גע־דאַרפט באַהילפיק זײַן. בלויז אין איין פּלאַץ איז יאָ געווען פאַרן כאָר אַ ביסל אַרבעט — דאָרטן ווו עס זאָגט זיך „הוא יעזור, וישמור, וירומם, ויגדל, וינשא את אדונינו"... אָבער קיין שוועריקייטן האָט אָשר נישט געהאַט, ווײַל מיט זײַן געדולד האָט ער אַלעמען באַווירקט. און דעם צאַרישן הימן אַליין, האָט יעדער איינער געקענט און מע האָט בלויז געדאַרפט די אָראַנזשירונג אין פיר שטימען, וואָס איז אויך נישט שווער אָנגעקומען.

און אָט איז געקומען דער טאָג פון דער פײַערונג. דער קאַזיאָנער רב, פאַר־זיכער איך אײַך, איז נישט געווען שיכור, כאָטש קיין גרויסע „ציאַצקע" איז ער אויך נישט געווען... ער האָט געהאַלטן אַ רעדע, וואָס איר פאַרעם וואָלט איך אײַך הײַנט, איבער פופציק יאָר לאחר המעשה, נישט געקאָנט איבערגעבן, נאָר איר תוכן איז מיר נאָך הײַנט קלאָר. עס איז געווען מער רעדע וועגן ייִדישן פאָלק ווי וועגן דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, אָבער גוט צוגעטראַכט, אַזוי, אַז ווען אַ „טשינאָווניק" הערט זי, מיינט ער, אַז עס איז אַ רעדע פאַרן צאַר... ייִדן האָבן זיך געקענט אויף די זאַכן...

פּאַרטיק געוואָרן מיט דער רעדע, האָט אָשר אַרויסגענומען דעם קאַמערטאָן, געטאָן אַ פיר מיט די ציין איבער אים, דערלאַנגט אַ טאָן און דער כאָר האָט אַ זונג געטאָן דעם צאַרישן הימן. אַרויסגעקומען איז אַ מײַסטערווערק... די „טשעלאָ" — די סמעטענע פון דער שטאָטישער אַריסטאָקראַטיע, די טשינאָוו־ניקעס, דער אַפּטייקער, די דרײַ דאָקטוירים, דער אַלטער גאַליער, קאָנדראַטסקי, וואָיצעכאָווסקי און אַנדערע זייערס גלײַכן, וועלכע זײַנען געזעסן אויף דער גאַ־לעריע — זייער זיצפּלאַץ, ווען זיי קומען באַזוכן די שול און הערן אונדזערע חזנים און כאָרן, — זײַנען געווען באַגײַסטערט און האָבן דערלאַנגט אַזאַ אַפּלאָ־דיסמענט, אַז שאַרגאָראָד האָט נאָך אַזוינס נישט געהערט.

און דאָ האָט אָשר געגעבן איציע קאָפּשטיינען אַ טאָן פאַר זײַן „הנותן תשועה". און איר האָט געטראָפן, אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט אײַך געזאָגט, — איציע האָט גלײַך גענומען מיט צוויי אָקטאַוועס העכער און איז אַוועק דווקא

פאַוואַליע, נאַר פאַסקודנע... אַשר האָט געזען, אַז עס האַלט שלעכט, האָט ער זיך פאַמעלעך מצרף געווען מיט איציע קאַפּשטיינען און אָנגעהויבן זיגגען מיט אים צוזאַמען, ווײַל ער האָט געוווסט, אַז באַלד־באַלד וועט זיך קאַפּשטיין אי־בעררײַסן. און כך הוה, ער האָט זיך טאַקע איבערגעריסן. נישט מער, ווער האָט געוווסט פון דעם? אַשר האָט אים איבערגעלאָזט, איבערגענומען אין סאַמע קרי־טישסטן מאָמענט און פאַרענדיקט אַזוי האַרציק שיין, מיט אַזאַ געשיקטער פּינקט־לעכקייט, אַז דער שטורמישער אַפּלאָוז פון דעם באַגײַסטערטן עולם איז געווען אַ כשר פאַרדינטער.

***

פּאַרפּוילישטע פּויערים בײַ אונדז האָבן אַ ווערטל: „פּאַזנאַט פּאַנאַ פּאָ כאַ־ליאַווע". ייִדן זאָגן דאָס אַ ביסל איידעלער: „אַ פּנים — זאָגן זיי — דערציילט וואָס אין האַרצן טוט זיך"... פאַראַן אַ פּנים, וואָס איר דאַרפט נישט זײַן קיין פּסיכאָלאָג צו קענען אים איבערלייענען. אַזאַ פּנים האָט געהאַט אַשר.

די פּויערים, וואָס פלעגן קומען אין אַ מאַרקטאָג, יאַריד אָדער זונטיק אײַנ־צוקויפן אין שטאָט, האָבן די ייִדן נישט געטרויט. כאָטש דעם אמת געזאָגט, אַז צוליב דער נאָענטקייט פון איין קראָם צו דער צווייטער און דעם הונגער נאָך אַ ביסל פּדיון, האָבן די ייִדן די גויים נישט באַריסן. זיי האָבן געדאַנקט גאָט, אַז זיי האָבן געקאָנט מאַכן דעם קלענסטן ריווח אויף זייער סחורה. פאַרגעסט נישט, אַז אויפן זעלבן שטיקל פּלאַץ איז אויך געווען אַ מאָטל פרידמאַן, וואָס האָט זיך „געשטעלט" אַלע מאַגנטיק און דאָנערשטיק און האָט געקענט פאַרקויפן בחצי־חינם. אָבער פּויערטעס האָבן זיך געדונגען, אַרויסגעגאַנגען, געקומען צוריק, „אויסגעקאָכט די יויך" — ווי די קרעמערס פלעגן זאָגן.

אַשר האָט דעמאָלט געאַרבעט בײַ איטע פרומע־לאַהס. איז ווען אַ פּויערטע האָט זיך שוין אָנגעדונגען, אַרויסגעגאַנגען, צוריקגעקומען און עס איז נאָך אַלץ נישט געווען געגוג, האָט זיך די פּויערטע אַ ווענד געטאָן צו איטען: „טשוי נאָ, איטאָ, יאַק יאַ ספּיטאַיו אַשאַ אי ווין סקאַזשע נאַ נעמאַנעץ, יאַ קופּליו"... — עס הייסט: „הער נאָר, איטע, אַז איך וועל פרעגן אַשרן און ער וועט זאָגן „אויף נאמנות", וועל איך קויפן"... איר דאַרפט אפשר פּירושים אויף דעם. איך נישט...

***

עס איז געווען אין יענער צײַט, ווען שלמה איידלמאַן, אַ חזן מיט אַ הערצל־באָרד און אַ זשאַן פּיערס־שטימע, האָט נאָר וואָס געהאַט עוקר געווען פון שאַר־גאָראָד... איר חידושט זיך אַוודאי, ווי קומט אַ חזן צו אַנטלויפן אין דער פינצ־טער פון דער נאַכט מיט זײַן גאַנצער משפּחה פון אַ שטעטל, וואָס האָט אים ליב געהאַט, אויף די הענט געטראָגן? אָט דער שלמה איידלמאַן האָט געבראַכט

קיין שאַרגאָראָד הלל שמש, נאָך דעם ווי ער איז אויסגעפאָרן אַ וועלט, צו זוכן אַ חזן פאַר שאַרגאָראָד... נאָר איך זע שוין, אַז איר חידושט זיך נאָך אַ מאָל. וואָס פאַר אַ מחותן, טראַכט איר, איז אַ שמש מיט אַ חזן, און וואָס פאַר אַ שמש איז דאָס, וואָס מע שיקט אים אין אַזאַ שליחות?... כדי איר זאָלט דאָס פאַרשטיין און נישט דאַרפן פרעגן קיין איבעריקע קשיות, וועלן מיר זיך אַ ביסינקע פאַר־קערעווען אין אַ זײַט און אײַך פּרובירן געבן דעם הינטערגרונט פון דער צײַט פון וועלכער מיר האַלטן אײַך אין דערציילן. מיר'ן זיך מוזן אַרײַנלאָזן אין אַ ביסל שאַרגאָראָדער געשיכטע.

אויב איר האַלט קאָפּ, דאַרפט איר געדענקען. איך האָב אײַך שוין אַ מאָל דערציילט, אַז שאַרגאָראָדער יידן בכלל און די מתפללים פון דער גרויסער שול בפרט, זײַנען גוואַלדיקע נאַשערס אויף חזנים. פלעגן זיי אַלע מאָל ברענגען די בעסטע חזנים, באַזאָרגן זיי מיט די בעסטע כאָרן. און פאַר גוטע חזנים דאַרף מען גוט באַצאָלן. און אַזוי ווי די באַלעבאַטים פון דער גרויסער שול זײַנען נישט קיין רײַכע מענטשן, האָבן זיי ממש פון דעם לעצטן געשפּאָרט און געהאַלטן חזנים מיט גרויסע נעמען און פעיִקייטן. שאַרגאָראָד האָט געהאַט אַ בעניע־חזן, וועלכער האָט געדאַווענט מיט אַ כאָר, וואָס האָט געמעגט אײַנשטיין אין ניו־יאָרק צי אין לאָנדאָן. אַ סימן האָט איר, אַז איך רייד חלילה נישט פון וועג. ווען בעניע האָט פאַרלאָזט שאַרגאָראָד, איז ער טאַקע אַוועק קיין לאָנדאָן און דאָרטן גע־דאַווענט אין דער גרעסטער שול מיט אַ לעבנסלאַנגן קאָנטראַקט. בעניען אַליין געדענק איך נישט. ער האָט געמוזט דאַווענען אין שאַרגאָראָד איידער איך, דער שרײַבער פון די זכרונות, בין אָנגעקומען קיין שאַרגאָראָד צו מײַן טאַטע־מאַמע פאַר אַ בן־יחיד. נאָר אַזוי ווי ער האָט געוווינט בײַ מײַן זיידן לוי, האָבן אַלע מײַנע מומעס, ווי אויך מײַן מאַמע, אַליין שוין אַ מאַמע פון עטלעכע קינדער — געזונגען אַלע בעניעס קאָמפּאָזיציעס. אַז משוררים זײַנען אַ ראָמאַנטיש פאָלק, דאַרף איך אײַך ערשט נישט דערציילן, — האָבן זיך אין שטעטל אויסגעפּיקט ליבעס, ווי אויך אַ פּאָר אמתע שידוכים. אַפילו אַריה באַס מיטן קרומען מויל האָט זיך פאַרליבט אין זלאַטען, וועלכע האָט אים כל־ימיו מפרנס געווען, זיך קיין מאָל נישט באַקלאָגט, אַבי איר אַריה פלעגט אַ מאָל „פאַרציִען" אַ סאָלאָ, וואָס ער האָט געזונגען בײַ בעניען. אַלע, אַלע אין שאַרגאָראָד האָבן געזונגען בעניעס קאָמפּאָזיציעס.

נאָך בעניען האָט געדאַווענט אין שאַרגאָראָד אַהרן דער רויטער. אַהרן איז בײַ בעניען געווען אַ דיריגענט און שפּעטער געוואָרן אַ חזן. אַהרן איז געווען נישט בעניע, נאָר אַ גוטער חזן איז ער געווען. וואָס אים האָט געפעלט צו בעניעס שטימע (ער האָט געהאַט אַ באַריטאָן־שטימע), האָט ער גוטגעמאַכט און אָפּגעצאָלט מיט זײַן אויסערגעוויינטלעכן כאָר. לכל־הפחות איז ער געווען פון די גרעסטע חזנים אויף דער פּראָווינץ. און אַ שטרענגער, אַ קפדן אויף אַ פאַלשן

טאָן איז ער געווען, טאַקע נאָר ווי אַ רויטער קען זײַן. ער האָט שוין געהאַט זײַנע אייגענע קאָמפּאָזיציעס מער־ווייניקער, דערפאַר איז זײַן רעפּערטואַר באַ־שטאַנען פון זולצערן, נאָוואַקאָווסקין, ראָזאָווסקין, שאַסטעפּאַל און אַפילו ביסין און פּיצין, און באַטראַכט האָט ער ליטורגישע מוזיק פאַר דעם, וואָס זי ברויכט צו זײַן — אַ הייליקע מלאכה (מלאכת הקודש). אויך אים האָט שאַרגאָראָד נאָכ־געזונגען און ליב געהאַט. ער איז געווען אין שאַרגאָראָד אַ פּאָר יאָר. שטאָט האָט זיך אויסגעבראָכט אויף אים, ווי מע זאָגט אין שאַרגאָראָד — אויפן לויט, ביז בערדיטשעוו האָט אים אויסגעכאַפּט... עס איז געווען אין אַהרן דעם רויטנס כאָר אַ 50־יאָריקער ייִד וואָס האָט געזונגען סאָפּראַנאָ... איר דאַרפט מיך צו קיין שבועה נישט ברענגען. איך ווייס אַפילו, ווי מע האָט אים גערופן (מיט אַ צונאָמען).

נאָך דעם ווי אַהרן דער רויטער איז אַוועק קיין באַרדיטשעוו, האָבן שאַר־גאָראָדער ייִדן, וואָס פלעגן פאָרן אין גרעסערע שטעט ווי מאָליעוו אָדער וויניצע נאָך סחורה, פאַרקערעוועט אַלע זייערע מיסחרים קיין באַרדיטשעוו, און שוין געפונען אַ תירוץ פאַר זיך — צו בלייבן דאָרטן אויף שבת, כדי נאָך אַ מאָל צו הערן דעם רויטן.

נאָך דעם רויטן אַהרנען האָט שטאָט געמאַכט פאַר חזן זיידעלען, אַ יונגער מאַן, וואָס האָט געזונגען סײַ בײַ בעניען, סײַ בײַ אַהרנען. איר קענט זיך פאַר־שטעלן, וואָס פאַראַ חזנים מיר האָבן געהאַט אין שאַרגאָראָד, אַז שאַרגאָראָד האָט פון זייערע משוררים געקענט אויסוויילן חזנים. און שטאָט האָט זיך קיין מאָל נישט גענאַרט. אָט פון אַזאַ קאַליבער זיינען געווען די חזנים אין שאַר־גאָראָד.

אַגב ווילט זיך מיר אייך דערציילן אַ טשיקאַווע מעשהלע, וואָס מיר האָט דערציילט אַורעמעלע אָרנשטיין עליו השלום — אַ חזן, וועלכער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק מיט — אַ פּאָר יאָר צוריק אין עלטער פון הונדערט און פינף אָדער זעקס יאָר, — אַז ווען ער איז געווען אַ יונגער מאַן, האָט ער געדאַוונט אין שאַרגאָראָד, און געווען באַליבט אין שטאָט, נאָר מע האָט אים אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע צוליב דעם — — — וואָס ער האָט געטראָגן שלייקעס... (לויט דער ייִדישער טראַדיציע דאַרף מען טראָגן אַ גאַרטל, אָדער לכל הפחות אַ פּאַסעק, כדי אָפּצוטיילן דעם אייבערשטיין טייל פון דעם אונטערשטן...). אמת, עס איז געווען מיט אַ סך יאָרן צוריק, אָבער ווען איך האָב געהערט די מעשה, איז מיר געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז שאַרגאָראָד, וועלכע איך געדענק נישט פאַר אַ פאַנאַטישער שטאָט, זאָל קענען באַגיין אַזאַ אַקט און נאָך מיט אַ חזן, וואָס זיי האָבן זייער ליב געהאַט. טשיקאַווער איז נאָך געווען דער פאַקט, וואָס נאָך שאַרגאָראָד, איז ער געוואָרן שטאָט־חזן אין קרעמענטשוג, ווו מע האָט אים אויפגענומען אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז געווען חזן אין שאַרגאָראָד. אַזאַ נאָמען אין פאַרבינדונג מיט חזנות, האָט שאַרגאָראָד געהאַט... איך געדענק

אַ חנוכה, ווען זיידל מיטן כאָר, האָבן געבענטשט חנוכה־ליכטלעך און געזונגען הנרות הללו און אַנדערע תפילות אין דער באַגלייטונג פון דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע.

צו מאַכן די געשיכטע קורץ. נאָך זיידלען איז שטאָט געווען געבראָכן, ממש באַנקראָט און מע האָט זיך אויף אַ שטיק צײַט געמוזט אָפּזאָגן פון פאַרגעניגן צו האָבן אַ שטענדיקן חזן. האָט מען באַין־ברירה „אַנטדעקט״ אייגענע חזנים. איך האָב אין זינען יאָסל קאָזלאָווסקי און איציע פּיטענבאַרג. נאָר אַזוי ווי וועגן זיי קלייב איך זיך צו שרײַבן באַריכות, נישט בלויז וועגן זייער חזנות, ווען מיר דאָ בלויז זאָגן, אַז עטלעכע יאָר צײַט, האָט שאַרגאָראָד געפּראַוועט אַ תענית אויף חזנים... ביז מע האָט אָפּגעצאָלט די חובות, און אַרום דעם יאָר 1912־1913 האָט מען באַשלאָסן, אַז מע וויל נאָך אַ מאָל אַ חזן מיט אַ כאָר. אָבער ווו נעמט מען אַ גוטן חזן? איז געבליבן, אַזוי ווי הלל שמש, האָט זיך נעבן די חזנים געוואָרעמט אַלע זײַנע יאָרן, איז קיין חזן איז ער טאַקע נישט גע־וואָרן, אָבער אַ גרויסער מבין יאָ (עס איז אַ סברה, אַז ער אַליין האָט אויך גע־קענט זינגען און געהאַט אַ גוטע שטימע, נאָר ער איז געווען זייער אַ שעמעוו־דיקער) — איז געבליבן, הייסט עס, אַז אָט דער הלל זאָל זיך אַרויסלאָזן אויף דער וועלט, און אויף זײַנע אייגענע מבינות זאָל ער ברענגען אַ חזן. הלל איז אַוועק, געזאַמט זיך לאַנג און געקומען צוריק מיט אַ חזן אַן „אָסאָבע״. אַ ייִד מיט אַ פּעך־שוואַרצער הערצל־באָרד. מיט טיפע שוואַרצע אויגן, אָנגעטאָן זייער נעט. דער חזן האָט מיטגעבראַכט עטלעכע משוררים, וואָס האָבן בײַ אים — געזונגען אין כאָר אין כאַדאַרקאָוו, קיִעווער גובערניע. אַלע זיי, מיט גוטער קענ־טעניש אין נאָטן. די איבעריקע משוררים — איז געבליבן, וועט מען ווערבירן אין שאַרגאָראָד. מע האָט מיט דעם חזן — שלמה אײַדלמאַן האָט ער געהייסן — געשלאָסן אַ קאָנטראַקט אויף אַ פּאָר יאָר און אויף אַ גרויסער סומע. דער חזן האָט צונויפגעשטעלט דעם גאַנצן כאָר און זיך גענומען רעפּעטירן. אָשר איז אויך געווען אין כאָר. געקומען שבת. דער עולם וואַרט דער חזן זאָל דאַ־ווענען. ווער־וואָס? ער דאַוונט נישט, ביז דער כאָר וועט זײַן אַן אײַנגעשטו־דירטער... דער עולם האָט זיך אַפילו געבונטעוועט, נאָר אויסגעפירט האָט ער, דער חזן שלמה אײַדלמאַן. ערשט אין דרײַ, אָדער פיר וואָכן אַרום איז ער געווען גרייט. דערווײַל האָט ער געצויגן געלט אויף חשבון. נחום שפּאָן איז געווען אַן אימפּאַרטירטער גבאי פון דער טאַלנער קלויז, ווו ער האָט פריִער געדאַוונט. האָט ער אויסגעלייגט. דער חזן האָט געבראַכט זײַן משפחה, זיך אײַנ־געאָרדנט. אָבער, אַז דער ייִד האָט אין אין פּרײַטיק צו נאַכט אַ דאַוון געטאָן, האָבן ממש די מלאכי השרת געשוועבט אין שול...

**
*

מיר, ניו־יאָרקער, זײַנען שטאָלץ מיט קאַרנעגי האָל און מיט רעכט. און ווען עס איז געווען אַ סכנה, אַז מע זאָל אַרונטעררײַסן די געבײַדע, האָט עס אונדז פאַרשאַפט עגמת נפש און אַלץ צוליב דעם, וואָס קאַרנעגי האָל איז געוואָרן אַ טראַדיציע אין משך פון 100 יאָר און ווי מבינים זאָגן, האָט קאַרנעגי האָל די בעסטע אַקוסטיק אין דער וועלט. וועל איך זיך מיט קיינעם נישט דינגען, מעג־לעך אַז די באַהויפּטונג איז אמת. נאָר שטעלט זיך פּאָר אַ שול, וואָס האָט אַ טראַדיציע אפשר פון הונדערטער יאָרן... און אין וועלכער יעדעס ווינקעלע איז אָנגעפּילט מיט קדושה, געשיכטע און לעגענדע. מיט אַן אַקוסטיק צו וועלכער אַ פאַראַנטוואָרטלעכער חזן האָט געטראָגן אין האַרצן סײַ תשוקה, סײַ מורא, סײַ גוואַלדיקן דרך־ארץ. שאַרגאָראָדער שול האָט געקענט מאַכן חזנים, זי האָט אָבער אויך געקענט קוילען חזנים אָן אַ מעסער... איז אָט אין דער שול, נאָך אַן איבעררײַס פון עטלעכע יאָר, האָט זיך אין אַ שיינעם פרײַטיק־צו־נאַכט אוועקגעשטעלט אַ חזן מיט אַ מראה פון אַ מלאך פון גאָט, מיט אַ גוטן, געשולטן, אײַנגעשטעלטן כאָר. די שול איז געווען איבערגעפּאַקט. פון די בענק איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר אַלע דורכגאַנגען זײַנען געווען אָנגעפּילט, ממש קאָפּ אויף קאָפּ. אויף דער גאַלעריע זײַנען געזעסן די קריסטלעכע אינטעליגענטן, די שאַרגאָ־ראָדער אַריסטאָקראַטיע. דאָס איז אויך אַ טראַדיציע. אַלע מאָל ווען שטאָט האָט עפּעס רעכטס, קומען זיי אין שול אַרײַן הערן. איך קען אײַך נישט קאַווירן פאַר דער ריכטיקייט פון דעם, נאָר מיר האָט אַ מאָל הלל שמש געזאָגט, אַז די פּריצים לאָזן זיך קאָסטן אַ שיינע מטבע, ווען עס געפעלט זיי אַ חזן... נאָר אויב אַפילו עס איז נישט אין גאַנצן ריכטיק, איז דאָס אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר שאַרגאָראָד...

שוין ביים ערשטן אַריינפיר, ווען דער חזן האָט אַ זונג געטאָן „לכו נרננה" און דער כאָר האָט אין פיר שטימען אים געענטפערט, האָט מען דערפילט, אַז דער שלמה אײדלמאַן באַהערשט סײַ זײַן שטימע, סײַ די אַקוסטיק פון שול... און דער כאָר? דער כאָר האָט אָנגעשלאָגן אַ שטימונג, וואָס זעלטן ווען מע האָט אַזאַ איבערלעבונג. און אַז עס איז געקומען צו „שמע ותשמח ציון" — דאָ האָט זיך באמת פאַרשפּרייט אַזאַ דערהייבנדיקע פרייד, וואָס נאָר יידן זײַנען מסוגל צו דערפילן, ווען זיי טוען זיך אויס פון זייער שווערער טאָג־טעגלעכ־קייט... די „לכה דודים" זײַנען געווען אַ שעדעווער פון מאָדערנעם כאָראַלן גע־זאַנג. אין אויסנאַם איז געווען, וואָס האָט אַ ביסל פאַרוואָלקנט מײַן ענטוזיאַזם. דער כאָר האָט געזונגען „והיה למשיסו שותיך" מיטן מאָטיוו פון „ביסטרי קאַק וואָלני ווסיע דני נאַשעי זשיזני" (אוי, ווי זאַכן גדענקען זיך). ניין, טײַערער לייענער, איך קלײַב זיך נישט צו שרײַבן אַ רעצענזיע אויף חזנישער נגינה פון העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. נישט מער, ווען איך לעב זיך אַרײַן אין

יענע זכרונות, ווער איך אַליין פאַרכאַפּט פון זיי, אַט ווי זיי וואָלטן ערשט נעכטן געווען טרעפן...

איז אַט דעם שלמה אײדלמאַן מיטן כאַר האָט שאַרגאָראָד פאַרגעטערט. ממש אויף די הענט געטראָגן. איז ער אָבער געווען אַ גרויסער ניצרך, געהאַט עטלעכע קינדערלעך מיט אַ ווײַב, וואָס האָט זיך כסדר געדאָקטערט, און ווי מע האָט לאחר המעשה אויסגעפונען, איז ער נאָך צו דעם אַלעמען געווען אַ גרויסער בעל־חוב אין דער פּרי:ערדיקער שטאָט ווו ער האָט געוווינט. האָט ער געהאַלטן אין איין נעמען געלט עד־לחשבון... נחום שפּאַן האָט געהאַלטן אין איין געבן ביז איבער די ימים־טובים. און דערווײַל האָט שאַרגאָראָד אַרײַנגעכאַפּט אַ ימים־נוראים וואָס קיינער, קיינער און אַוודאי נישט איך, דער שרײַבער פון די זכרונות, וועלן ווען עס איז פאַרגעסן... געווען אין כאָר אַ יינגעלע, יענקעלע האָט ער געהייסן און געהאַט אַ זילבערנע אַלט־שטימע. איז ווען ער האָט אַ זונג געטאָן ראש־השנה אויף דער נאַכט „כי הוא על ימים יסדה״, האָט איר בחוש „דערזען״ די אַלע זיבן ימים. כאָטש איר האָט נאָך אויף אײַער לעבנס־לעבן קיין לעבעדיקן ים אין די אויגן נישט אָנגעזען... און אַזוי איז געווען מיטן „זה דור דורשיו״ און וואָס נישט? און וואָס האָט געפּעלט די צוויי טענאָרן, וועלכע מע האָט אײַנגעטיילט די סאָלאָס און זיי האָבן זיך געוועקסלט? איר וועט שוין אַליין טרעפן, אַז אָשר איז געווען איינער פון זיי.

די ימים־נוראים זײַנען אַוועק און מיט זיי אין דער פינצטער פון דער נאַכט איז אויך אַוועק אָט דער וווּנדערלעכער שלמה אײדלמאַן. מע האָט דערציילט, אַז מוצאי־סוכות איז ער געקומען צו נחום שפּאַן נאָך געלט און אָנשטאָט געלט, האָט אים ייִדל קאַסיר געגעבן אַ חשבון, אַז אין די זעקס חדשים וואָס ער איז אין שאַרגאָראָד, האָט ער אָנגענומען שכירות פאַר גאַנצע צוויי יאָר...

אין דער זעלבער נאַכט איז שלמה אײדלמאַן מיט זײַנע בני־בית נישט גע־וואָרן...

אָשר האָט געירשנט שלמה אײדלמאַנען, און איך בין זיכער, אַז די ירושה קלעקט אים אויפן גאַנצן לעבן. איך דאַרף נישט גיין זייער ווײַט צו לערנען אַ קל־וחומר; מאַ דאָך איך, וואָס האָב נישט קיין פּיצל שטימע צום זינגען, כאַפּ זיך נאָך הײַנט — בשעת איך בין פאַרנומען מיט זאַכן, וואָס האָבן אַזאַ שײַכות צו חזנות, ווי עס האָט אַ פּאַטש צו אַ גוט־שבת — אַז איך ברום שלמה אײדל־מאַנס „מלוך על כל העולם כולו״. אַ פּשיטא שוין אָשר, וועלכער האָט זיך גע־באָדן אין אָט די תפילות...

***

איז מאָלט אײַך. בײַ די טאַרנאָפּאָלסקיס אין שטיבל. שבת בײַ טאָג זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען עטלעכע חברים. איך האָב אַ ביסל פאַרשפּעטיקט און גע־

פין זיך איצט אין קאָרידאָר. עפּעגען די טיר האָב איך מורא, עס איז אַ שאָד איבערצורײַסן. אויף יענער זײַט טיר זינגט אָשר „לא אָמות כי אחיה ואספר מעשה יה״... עס הייסט, ניין, איך וועל נישט שטאַרבן, ווײַל איך וועל לעבן און דער־ציילן וועגן גאָטס מעשים (טוונגען)... דער כאָר ענטפערט און האַלט אים אונ־טער. די ווערטער, דאָס האַרמאָנישע צוזאַמענזינגען — טראָגן אין זיך אַזוי פיל גלויבן, בטחון און אָפּטימיזם... ניין, ליבע לייענערס. נישט פאַר מײַנע כוחות צו מאָלן אָט די בילדער. ליבע, טײַערע, נאָזווע יאָרן געווען...

אַז איר וועט אַ טראַכט טאָן, אַז שוין אין יענע יאָרן זײַנען צווישן אונדז געווען אַזוינע וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט — און אַפילו געפּריידיקט — אייג־זײַטיקע „פּראָסוועשטשעניע״ (אויפקלערונג), פאַרלייקנט אַלע אוצרות פון דער אַלטער ייִדישער קולטור און טראַדיציע און זיך נאָך געגרויסט מיט דעם, וואָס זיי פאַרנעמען זיך און פאַרשפּרייטן „ליכט״, בעת דאָ, אין אייגענעם ייִדיש־נאַ־ציאָנאַלן לאַגער איז גאָלע „פינצטערניש״ און איר וועט זיך אויך דערמאָנען, אַז אין יענע וווּנדערלעכע שבת־בײַטאָגן, האָבן זיי מן הסתם רעציטירט און זיך איבערגענומען מיט דעם סאַמע „טיפּסטן״ קוואַל פון פּאָעזיע, ווי, למשל: „או לוקאָמאָריאַ דוב זיעלאָני״, בעת מיר דאָ האָבן זיך געקוויקט און חיות געצויגן פון דער פּאָעזיע פון דעם „נעים זמירות ישראל״ (און איך האָב, חלילה, גאָר נישט קעגן וועלטלעכער קולטור, איך האָב זיך מיט איר אויך געפּאָרעט און אָן שאָדן פאַר זיך, ווײַל איך האָב געזוכט אַ סינטעז פון ביידע) וועט פאַר אײַך קלאָר ווערן מײַן שמחה און ממש שטוינונג, ווען אין אַן אַלט־רוסישן בוך — צווישן די ביכער פון מײַן שוועסטער ע״ה, וואָס זי האָט מיט אַ יאָר 51 צוריק געבראַכט קיין אַמעריקע — האָב איך געפונען אַן אַלט פאַרגעלט בלעטל מיט אַ פּרווו פון אַ ייִדישער איבערזעצונג, אין מײַן האַנטשריפט פון אָט דעם אויבן דערמאָנטן ליד „או לוקאָמאָריאַ״. איך גיב דאָס דעם לייענער אָן ווּעלכע עס איז שינויים, אַ חוץ דעם הײַנטצײַטיקן אויסלייג:

עס שטייט בײַם ים אַ גרינער דעמב —
אַ קייט פון גאָלד עס הענגט אויף אים —
און טאָג ווי נאַכט אַרום דעם דעמב —
אַ קאַץ אַ מלומדת אויף די שפּיצפינגערס זיך דרייט.
זי גייט די קאַץ;
אויף רעכטס אַ ליד זי זינגט —
אויף לינקס אַ מעשה זי דערציילט,
דאָרטן וווּנדער איבער וווּנדער —

דאָרטן שפּאַנט דער שד פון וואַלד —
דאָרטן אויך די ווייַסע פּעיע,
זיך אויף צווייַגלעך האַלט.

אַדרבה, ליבער לייענער, אויב איר פּוילט זיך נישט, טוט וואָס איך האָב געטאָן, שטעלט די ליד וועגן דער קאַץ אַנטקעגן דעם „לא אָמות כי אחיה", וואָס מיר פלעגן זינגען שבת בייַ טאָג, בייַ אָשרן אין שטיבל, און קלייַבט פאַר זיך אַליין אויס, מיט וועלכער פּאָעזיע עס וואָלט אייַך געווען היימלעכער, גרינגער און שענער צו לעבן.

כשאָני לעצמי, אויב עס האַלט בייַם קלייַבן אַפילו איצט, און אפשר טאַקע איצט, וועל איך שוין אָנשטאָט קעצישע און טייַוולשע וווּנדער — דערציילן די וווּנדער פון גאָט, „ואספּר מעשה יה"... ווי אָשר האָט דאָס אַזוי שיין, האַרציק און וווּנדערלעך אַרויסגעזונגען...

## חדר מתוקן — שלום פּענזער

אַז מיר האָבן אין שאַרגאָראָד חדרים, ווו יידישע קינדער לערנען זיך זייַן יידן, פאַרשטייט איר דאָך. ווי דען? נישט מער, לעצטנס איז געוואָרן אַ מאָדע צו לערנען זיך רוסיש און וועלטלעכע לימודים. האָבן אָבער יענע לימודים אַ חסרון, וואָס, אַז מע לאָזט זיך אַרייַן אין זיי, ווערט מען אויס ייד (אַזוי זאָגן די עלטערע, און זיי זייַנען נישט אין גאַנצן אויסן וועג). אמת, פון קיין שמד הערט מען נישט בייַ אונדז, נאָר די צוויי סאָרטן דערציִונג זייַנען אַזוי ווייַט איינס פון צווייטן, אַז די קינדער קענען: אָדער אַ בלאָט גמרא און מער טאַקע גאָר נישט, און הייַנטיקע צייַטן איז דאָס נישט קיין מעלה צו קיין שידוך (און ווען איר פרעגט מיך, וואָלט איך אייַך צוגעגעבן — אויך נישט צו פּרנסה...) — אָדער מע קען די אַנדערע זיבן זאַכן, און פון יידישקייט ווייסט מען גאָר נישט...

עס איז קיין פראַגע נישט, אַז ווען מע פרעגט די קינדער אַליין וווהין מע זאָל זיי שיקן: אין חדר אַרייַן צו וועלכן עס איז מלמד (און איינעם אָדער צוויי — קענט איר שוין), אָדער צו בראָנשטיינען אין „אוטשילישטשע" ,וואָלט דער ענטפער געווען: „אין אוטשילישטשע"... איז די מעשה, וואָס בייַ די קינדער פרעגט מען נישט, און מע זוכט אַליין אַ וועג. מע וויל, אַז די ציג זאָל זייַן גאַנץ און דער וואָלף זאַט. דאָס הייסט, מע שיקט די קינדער אויף אַ שעה־צוויי אין טאָג צו אַהרן־איציען, צו זייַנע קינדער; צו באָריס קלאָרפעלד, אָדער מע נעמט צו פאַר אַ לערער איינעם פון די סטודענטן, וואָס קומען אַהיים אויף זומער־„קאַניקולעס". אַזאַ איינער קומט אַרייַן צו אייַך אויף אַ שעה, אָדער צוויי. לערנט מיט אייַך רוסיש, גראַמאַטיקע, אַריפמעטיקע, פאַרליבט זיך אין אייַער שוועסטער, אויב זי איז אַ שיינע... און אויב איר

זײַט אַ װעלער, לערנט ער אײַך אַפּילו געאָגראַפּיע און היסטאָריע, דאָס הייסט, דעם גוייִשן דברי הימים — און געאָגראַפּיע — די לערע װעגן לענדער, װעלטטיילן, ימים אא״וו. כאָטש מײַן זיידע אַברהם זאָגט, אַז אָט דער לימוד איז אַן אַרויסגעוואָרפּענע אַרבעט, אַ ברכה לבטלה, װײַל — ממה נפשך, דאַרפסטו קיין אָדעס, װייסט דער פּאָיעזד װוּ אָדעס ליגט, אלא װאָס דען, דו דאַרפסט קיין מאַליעװו, װייסן אַהרנציע בעל־עגלהס פערד, װוּ מאַליעװו שטייט, בעסער װי צען געאָגראַפּיעס״... איז ער, דאַכט זיך, גערעכט, האַ? װאָס זאָגט איר? מײַן זיידע אַברהם װייסט װאָס ער רעדט... שפּעטער צו, אַז איך האָב שוין גוט פאַרשטאַנען און געקענט שרײַבן רוסיש, פלעגט דער זיידע קומען צו מיר און איך פלעג פאַר אים שרײַבן רוסישע בריוו. איז אַלע מאָל אַליך אָפּגעלאָפן גלאַטיק. װי אַזוי איך האָב געשריבן האָט ער נישט קריטיקירט און זיך נישט באַקלאָגט. נאָר אַז עס איז געקומען צום אונטערשרײַבן זײַן נאָמען און איך האָב אָנגעשריבן, פאַרשטייט זיך, אַבראַם קופּערשלאַק — אָט דאָ פלעגט ער שוין װערן אין כעס און טענהן, אַז איך שרײַב נישט ריכטיק; אַז דאָס געלט, װאָס מײַן מאַמע צאָלט פאַר מיר איז אַרויסגעװאָרפן... „װי אַזוי דאַרף מען שרײַבן, זיידע?״ — האָב איך דאָך מן הסתם געפרעגט. „װאָס הייסט װי אַזוי? — האָט זיך דער זיידע געכעסט, — מע שרײַבט אַבראַמו קופּערשלאַקו... גרעסערע מאַכערס פון דיר שרײַבן מיר בריוו און שרײַבן בפירוש אַבראַמו קופּערשלאַקו...״

די צרה מיט אַזאַ „אַבראַזאָװאַניע״ איז, װאָס די מלמדים װילן אײַך אין גאַנצן, דאָס הייסט, אויפן גאַנצן טאָג. און דאָס לערנען זיך רוסיש בײַ אַ פּריװאַטן לערער פאָדערט אויך צײַט: צײַט צו לערנען, צײַט צו מאַכן „אוראָקן״ (היימאַרבעט). װעט איר דאָך זאָגן, אַז די לייזונג איז — „אוטשילישטשע״. איז דאַרטן װיל מען דאָך אײַך אויך כמעט אין גאַנצן, דאָס הייסט, אויפן גאַנצן טאָג און קיין מלמדים אויף אַ פּאָר שעה זײַנען דאָך אויך נישטאָ. איז טאַקע, װאָס פרעגט איר — צרות... צו דעם אַלעמען, איז צװישן גײַסט פון לערנען אין חדר און דעם גײַסט פון לערנען בײַם רוסישן לערער קיין װעזנטלעכע פאַרבינדונג נישטאָ. ס׳איז אַהער אָדער אַהין... װײַל האָט איר פאַרזוכט פון עץ־הדעת, זײַט איר שוין אַ קנאַפּער מאַטעריאַל פאַרן „שור שנגח את הפרה״... װאָס זשע טוט גאָט? קומט־אַראָפּ קיין שאַרגאָראָד שלום פענזער, איינער פון די ליכטיקסטע פערזענלעכקייטן װאָס האָט באַװירקט מײַן קינדהייט און טיפע שפּורן געלאָזט אויפן גאַנצן לעבן. װײַל, אויב איך בין עפּעס געװאָרן אַ שטיקל מענטש און מיט מיר אַ קליינע גרופּע שאַרגאָראָדער ייִנגלעך, האָבן מיר דאָס צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, װאָס מיר האָבן געהאַט די זכיה צו לערנען זיך בײַ אים. כ׳װאָלט אייגנטלעך געדאַרפט זאָגן, נישט בײַ אים, נאָר מיט אים. װײַל געװען איז שלום פענזער קודם־כל אַ גוטער ליבער חבר, אַ מענטש מיט גרויס װיסן און אַ געניאַלער פּעדאַגאָג. צו דעם אַלעם האָט ער נישט מבטל געװען, װאָס מיר האָבן פון חדר געבראַכט. נאָר דאָס פאַרקערעװעט אויפן דרך־המלך, און דאָס פאַרשטאַרקט מיט מאָדערנעם װיסן און אויסטײַטש. פאַר איין מינוט נישט דער־

לאָזט אונדז פאַרגעסן תנ"ך און אַפילו תלמוד, ווײַל זײַן גאַנצער לימוד פון העברעיִש איז געווען באַזירט אויף די יסודות פון דער מסורה. נאָר אָנשטאָט צו מאַכן פון יענע לימודים אַ הימל־זאַך, איז אַלץ בײַ אים ווונדערלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעאַלער, פאַרשטענדלעכער ייִדישקייט. ווען מע האָט געלערנט דיקדוק, האָט ער קיין מאָל קיין טעקסט־בוך נישט גענוצט, נאָר געגעבן אַ גראַמאַטיקאַלישן כלל, אים מסביר געווען און געהייסן ברענגען אויף מאָרגן אַ געוויסע צאָל בײַשפּילן פון תנ"ך. בײַ אונדז, קינדער, איז דאָס זוכן בײַשפּילן אין תנ"ך געוואָרן אַ מין ספּאָרט, און מיר האָבן מיט גרויס חשק געלערנט. געשיכטע, היסטאָריע, האָבן מיר שוין יאָ געלערנט פון בוך. גענוצט האָט מען גרעצס געשיכטע אויף העברעיִש (אַ נײַעס פאַר אונדז, קינדער). האָט מען איבערגעלייענט אַ קאַפּיטל געשיכטע און מע האָט אויף מאָרגן געדאַרפט ברענגען דעם תמצית פון איבערגעלייענטן, נאָר מיט אייגענע ווער־טער. די לערע איז געוואָרן יעדן ייִנגלס אַמביציע. ווײַל דאָ איז נישט שייך געווען קיין אָפּנאַרערײַ. ס'איז קיין אויסוועג, קיין ברירה נישט געווען. איר האָט אָדער געקענט, אָדער איר זײַט אַרויסגעפאַלן...

כ'וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אונדז, קינדער, ווען מיר זײַנען דאָס ערשטע מאָל געקומען צו אים לערנען. ער האָט בלויז געהאַט צוויי כיתות צו צען ייִנגלעך יעדע. אין מײַן קלאַס זײַנען געווען, ווי איך געדענק: בערל בלאָושטיין עליו השלום, און וועלוול בעקער, דודי פונעם פעלדס זון, די אַנדערע געדענק איך ווי דורך אַ חלום. האָט ער אונדז געזאָגט בערך אַזוי: „ראשית כל ואחרית כל" קינדער, זאָלט איר וויסן, אַז דאָ איז נישט קיין חדר פון רבי און תלמיד. קינדער דאַרפן זײַן קינדער, זיך שפּילן, אויסלאָדן ענערגיע און טאָן אַלץ, וואָס אַ קינד איז באַרעכטיקט צו דעם. נאָר דאָס אַלץ פאַר אָדער נאָך די קלאַסן. דערפאַר אָבער, בעתן לערנען, אַז מע וויל זיך שפּילן, קען מען נישט לער־נען. געדענקט קינדער, אַז פאַר קיין זאַך ווערט מען דאָ נישט באַשטראָפט. איך וועל אויף אײַך נישט שרײַען, און אַוודאי נישט שלאָגן. נאָר אויב עמעצער פון אײַך וועט די אַרבעט נישט טאָן, קען ער נישט אָנהאַלטן מיטן קלאַס און איר וועט שאָדן ברענגען סײַ זיך, איר וועט נישט קענען, סײַ מיר, ווײַל איך וועל נישט האַלטן קיין ייִנגל וואָס וועט אָפּשטיין פון זײַנע חברים, און איך בין נישט קיין גביר, צו קענען פאַרלירן די פאַר רובל שכר־לימוד. אײַ, וועט איר דאָך זאָגן, — איינער פון אײַך קען דאָך זײַן מער פעיִק פון אַ צווייטן, האָב איך פאַר אײַך אַן עצה: טוט אײַער היים־אַרבעט אין צווייען. וואָס איינער וועט נישט וויסן, וועט דער צווייטער ממלא זײַן, און טאָמער טרעפט, אַזביידע קענט איר נישט דערכאַפּן דעם ריכטיקן פאָדעם, — דעמאָלט איז דאָס מײַן שולד. איך האָב, ווײַזט אויס, נישט גענוג קלאָר געמאַכט דעם ענין. איר קענט צו מיר קומען ווען איר ווילט, ווען איר וועט געפינען פאַר נייטיק. איך וועל אײַך מיט פאַרגעניגן העלפן. געדענקט, קינדער, איר האָט גענוג צײַט פאַר אַלץ. בײַ מיר לערנט איר נישט מער ווי צוויי שעה; בײַם רוסישן לערער

אויך אַזוי פיל צײַט, — מוזט איר האָבן פּעולה סײַ בײַ מיר, סײַ דאָרטן, בײַ אײַער רוסישן לערער. און מאַכט נישט גרינג אײן לימוד אויפֿן חשבון פֿון דעם צווייטן. אלה ואלה דברי אלוהים חיים"...

עפּעס האָבן מיר, קינדער, דערפֿילט, אַז מיר זײַנען מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן. און גאָט איז מײַן עדות, אַז נאָכן יאָר, ווען ער איז געבליבן מיט זייער קליינע צוויי קלאַסן, ווײַל ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט און אַהיימגעשיקט האַלב פֿון זײַנע תּלמידים. נישט געהאַט פֿון וואַנען צו לעבן און האָט געמוזט פֿאַרלאָזן שאַרגאָראָד — האָב איך און מיר אַלע געבליבענע ייִנגלעך, געוויינט מיט די אמתדיקסטע, מיט די ביטערסטע טרערן. און איך געדענק ווי בערל בלאָוושטיין עליו השלום, וואָס האָט זיך שוין, ווײַזט אויס דעמאָלט געשניטן אויף אַן אַדוואָקאַט — האָט צו אים אַרויס־געשטעלט אַ טענה, אַז „וואָס זײַנען מיר שולדיק, אַז די אַנדערע ייִנגלעך האָבן נישט געקענט?" אויף דעם האָט שלום פּענזער געענטפֿערט, אַז „ראשית, זײַנען מיר ייִדן, און כל ישראל ערבים זה בזה... (איין ייִד איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן צווייטן) און שנית, אַז מע האָט אַ ווײַב מיט צוויי קינדער און איינס „אין וועג", איז זייער שווער צו זײַן אַ „מפיץ תרבות"... והשלישית, טוט מיר, קינדערלעך, נישט וויי־קער ווי דאָס צעשיידן זיך מיט אײַך, ווי אײַך אַליין"... און דאָ האָט ער זיך אויך צע־וויינט...

שלום פּענזער איז געווען אַ נאָענטער קרוב צו שמואל פּישער. יענע משפּחה האָט שטאָלצירט מיט אים, און וואָלט אים געווען געהאָלפֿן, ווען ער זאָל זיך נאָר געווען לאָזן. איז ער אָבער נישט געווען פֿון דעם מאַטעריאַל, וואָס גלייבט אין אַדער האָט אַ נטיה צו מתּנת בשר ודם. ער וואָלט קיינעם נישט דערלויבט אים מיט עפּעס באַהילפֿיק צו זײַן. איז ער אַוועק קיין אַדעס, וווּ ער האָט יאָרן לאַנג געאַרבעט בײַ באַרבאַשן אין באַנק. אין אַדעס איז ער אויך געווען אַ לערער, נאָר געהאַט האָט ער דאָרטן אַן אַנדער סאָרט תּלמידים, דאָס זיינען מערסטנטייל געווען סטודענטן פֿון נאָוואָראָסיסקי אוניווערסיטעט און „עקסטער־נע", מיט וועלכע אַדעס איז יענע יאָרן ממש פֿאַרפֿלייצט געוואָרן, יונגע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָריענטירט אויפֿן נאַציאָנאַלן געדאַנק און זיך געגרייט עולה צו זײַן קיין ארץ־ישראל. דאָס לערנען מיט זיי, איז אָבער נישט געווען קיין פּרנסה־ענין. אָט יענע קרײַזלעך זײַנען דאָס געווען די חסידים פֿון ביאַליק, אחד העם, זיידע מענדעלע, ד"ר יוסף קלויזנער און אַנדערע מנהיגים פֿון נאַ־ציאָנאַלן רענעסאַנס און פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע פֿלעגן אָנפֿילן די באַוווסטע שול „יבנה" אין אַדעס, הערן לעקציעס און זיך באַטייליקן אין דיסקוסיעס, וואָס זײַנען געווען אייניק און אייגנאַרטיק אין אַמאָליקן רוסלאַנד, און האָבן אויסגעטראָטן אַ וועג און צוגעגרייט דעם מענטשן־מאַטעריאַל, פֿאַר גאולת־הארץ... אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס ער אַליין, שלום פּענזער, האָט נישט דער־לעבט די גאולה. ער אַליין איז געווען אַ קרבן פֿון דעם בירגער־קריג, ווען מענטשן

זײַנען ממש אויסגעגאַנגען פון טיפוס און הונגער אין דער פּיל־געליטענער שטאָט אָדעס... דערלעבט האָט ער בלויז דעם אָנזאָג פון דער גאולה, די באַלפור־דעקלאַראַציע.

אייגנטלעך איז די מעשה פענזער נישט אַרײַן אין פּלאַן פון מײַנע איצטיקע באַשרײַבונגען, האָט אָבער שלום פענזער געוווינט אין יענעם געגנט, אין וועלכן איך פיר אײַך איצט אַרום, און זײַן חדר־מתוקן האָט אַרויסגעקוקט אויף אַן אָפּגעצוימטן פּלאַץ, וואָס איז אין שאַרגאַראָד געווען באַוווּסט אונטערן נאָמען „דער חתונה בית־עולם"... אַ ברידער־קבר פון חתן־כלה און אַלע באַטייליקטע אין אַ חתונה, וועלכע זײַנען אויסגעקוילעט געוואָרן פון די הײַדאַמאַקעס, באַגדאַן כמעלניצקיס „העלדישע" קעמפערס, די עלטער־זיידעס פון די אַרויסהעלפערס פון די נאַציס זייערע אוקראַיִנישע שותפים אין „באַבי יאַר". זאָל דאָ מיט ווייטיק פאַרצייכנט ווערן, אַז באַגדאַן כמעלניצקין דעם „העלד" פון די גזירת ת"ח ות"ט האָט מען שוין אין אונדזערע טעג געשטעלט מאָנומענטן, און דער יידישער ברידער־קבר אין „באַבי יאַר" האָט אַפילו נישט קיין איין מצבה... שלום פענזער האָט מיט אונדז קינדער געלייענט נתן־נטע האַנאָווערס „יון מצולה". אַ באַשרײַבונג פון יענע גרויליקע מעשים, וואָס די „פרײַע קאָזאַקן" האָבן אויסגעפירט איבער אונדזער פּיל געליטן פאָלק. אויך האָבן מיר אין יענער צײַט געלייענט ביאַליקס „משא נמירוב", אָדער ווי די פּאָעמע הייסט אויף יידיש: „אין שחיטה שטאָט"...

איר וועט מיר מוחל זײַן, וואָס איך וועל זיך אין אַזעלכע באַשרײַבונגען נישט אַרײַנלאָזן. איך וויל בלויז באַמערקן, אַז דאָס גראָז, וואָס וואַקסט אויף יענעם קליינעם בית־עולם איז געווען פעטער און גרינער ווי יעדע אַנדער גראָז אין שטאָט, כאָטש פון קיינעם איז דאָס נישט געווען געפּלעגט. און בלויז תשעה באָב און ערב יום־כיפור פלעגן קליינע גרופּעס יידן קומען אַהין און זאָגן קינות...

בײַ שלום פענזער האָבן מיר צום ערשטן מאָל אין לעבן זיך דערוווּסט פון ליבע־לידער אויף העברעיִש, וואָס ווערן נישט געטײַטשט ווי שיר־השירים אַלס ליבע פון דער כנסת ישראל צום רבונו של עולם, נאָר אמתדיקע ליבע־לידער, מענטשלעכע און דאָך טיף יידישע, פון וועלכע איר פילט זיך אַזוי דערהויבן. הײַנט, העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט פון יענע טעג, באַמבלען זיך מיר נאָך אין זכרון די ערשטע פיר שורות פון ביאַליקס אַ ליד:

— הכניסיני תחת כנפיך —
ויהי לי אם ואחות,
ויהי חיקך מקלט ראשי,
קן תפילותי הנידחות... —

פרײַע איבערזעצונג

אונטער דײַנע פליגל ברענג מיך
און זײַ אַ שוועסטער מיר און מאַמע
און זײַן, זאָל זײַן דײַן שויס אַן אָנשפּאַר
פאַר מײַן קאָפּ —
אַ נעסט פאַר פאַרשטויסענע געבעטן...

# כ י ב ו ד  אָ ב

אײדער איך דערצייל אײַך מײַנע קומענדיקע מעשהס, מוז איך אײַך באַקענען מיט אַ סאָרט געבײַדע, וואָס איר געפינט נישט, מיר דאַכט זיך, אין קיין שטאָט אויסער שאַרגאָראָד.

אַ קליין אָרעם שטיבל האַלב אין דער ערד און אויף דעם אַ סקעלעט פון אַ גרויס הויז, וואָס באַשטייט פון פיר נישט פאַרענדיקטע ווענט מיט אַ דאַך. קיין פענצטער, קיין טירן האָבן נישט די הײַזער, און קוקן אויס ווי אַ קאַרליקל זאָל טראָגן אויף די אַקסל נחס תיבה. איר האָט זיי עטלעכע אַזעלכע אין די קרײַזן אַרום שטאָט, אין די אָרעמסטע גאַסן. זיי זײַנען, פאַרשטייט זיך, נישט באַוווינט, ווײַל נישט פאַרענדיקט, וווינען־וווינען זייערע אייגנטימער אין די שטיבלעך אינעווייניק, פרעגט מיך נישט ווי אַזוי מע קען לעבן אין אַזאַ שטיבל. דאָס איז נישט די איינציקע זאַך, וואָס איך ווייס נישט. (מײַן טאַטע זאָגט, אַז ווען די אַלע זאַכן, וואָס איך ווייס נישט, וואָלט מען געקענט אָנשרײַבן גאַנצע ספרים, און ער איז, מיר דאַכט זיך, גערעכט). פון וואַנען נעמען זיך אָט די געבײַדעס? עלטערע ייִדן, וועלכע זאָגן, אַז זיי האָבן דאָס געהערט פון זייערע טאַטעס אָדער זיידעס — דערציילן, אַז אַמאָל־אַמאָל, מיט יאָרן און יאָרן צוריק איז אַרויס אַ גזירה, אַז נאָך אַ באַשטימטער דאַטע, זאָל ייִדן נישט זײַן דערלויבט צו בויען הײַזער העכער פון אַ געוויסער מאָס. איז די גבירים, זײַנען דאָך גבירים, האָבן זיי זיך צוגעאײַלט, איבער געבויט זייערע הײַזער און געמאַכט פון זיי צוויי גאָרנדיקע. קבצנים אָבער, האָבן זיך אויך געפונען, וואָס האָבן געוואָלט דאָס טאָן, האָבן דאָך אָבער נישט געהאַט קיין געלט (אַזוי זײַנען שוין אָרעמעלייט מקדמונים, אַז ס׳קומט צו געלט, האָבן זיי נישט...) האָבן אייניקע זיך פאַרבאָרגט, איבער די כוחות און בלויז אַרויפגעשטעלט אויף זייערע הײַזלעך אַ ראַם מיט נישט פאַרענדיקטע ווענט און אַ דאַך. אַז גאָט וועט אַ מאָל באַווײַזן אַ נס און זיי וועלן זיך דערהאָביען אַ פּאָר רובל, וועלן זיי די געבײַדע פאַרענדיקן. מיט דער צײַט, האָט די גרויסע, שווערע געבײַדע אַראָפּגעדריקט דאָס אונטערשטע הײַזל טיפער אין דער ערד אַרײַן, און דער פאַרגלײַך פון אַ קאַרליקל מיט נחס תיבה אויף די אַקסל איז נאָך געוואָרן בולטער...

דער העלד פון דער איצטיקער מעשה האָט געוווינט אין אַזאַ „פּאַלאַץ״, ווי מיר האָבן אויבן אָפּגעמאָלן. בשכנות מיט לייב מת, זײַן נאָמען געדענק איך נישט אויף זיכער. מיר דאַכט זיך, בערל — נאָר אַליין שטייט ער מיר פאַר די אויגן אַ לעבעדיקער. (עס וואָלט אפשר ריכטיקער געווען צו זאָגן, ליגט ער מיר פאַר די אויגן אַ לעבעדיקער). געווען איז ער פון פאַך אַ קירזשנער פון קוטשמעס.

מענטשן וואָס ווייסן, פלעגן זאָגן, אַז ער איז געווען אַ קינסטלער בעל־מלאכה, נאָר נאָך אַ גרעסערער קינסטלער איז ער געווען צו פּאַרקויפן אַ פֿויער אַ קוטשמע. איז אָבער די צרה געווען, וואָס ער איז אַלע מאָל געווען שיכור, און נאָך ווי שיכור, ממש זיך געוואַלגערט אין גאַס (אָבי איר זאָגט אַז אַ ייִדישער שיכור איז גאָר נישט בנימצא). אָבער ווי שיכור ער זאָל נישט געווען זײַן אַלע טעג פֿון אַ גאַנץ יאָר — זונטיק און דאָנערשטיק פֿלעגט ער אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי, זיך אַרומוואַשן און אַרויס אויף דער טאַרגאָוויצע, ווו עס פֿלעגן אויסשטעלן זייערע קוטשמעס די שטעטלשע קירזשנערס. אַזוי גיך ווי מע האָט אים דערזען, איז געוואָרן אַ רײַסעניש צווישן די קירזשנערס. יעדער פֿון זיי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל פּאַרקויפֿן פֿאַר אים. קען ער דאָך אָבער פֿאַר אַלע זיי אין אײַן צײַט נישט פּאַרקויפֿן, פֿלעגט מען וואַרפֿן גורל און דער זוכה־בגורל האָט אים געהאַט פֿאַרן גאַנצן טאָג. און פּונקט ווי ער פֿלעגט יעדן טאָג טרינקען, אַזוי האָט ער זיך נישט צוגערירט אַ גאַנצן טאָג זונטיק אָדער דאָנערשטיק צו קיין משקה. ער פֿלעגט אויסשטעלן די ביליקסטע קוטשמעס אַזוי, אַז זיי האָבן פֿאַרכאַפּט דאָס אויג. אַז ער האָט אָנגעטאָן אַ נאַר וואָס אָנגעשמירטע מיט וואַזעלין קוטש־מע אויף דער האַנט, האָט זי זיך אָנגעהויבן דרייען בײַ אים ווי אַ חנוכה־דריידל בײַ אַ געניטן שפּילער, און אַז גאָט האָט נאָך געהאָלפֿן דער טאָג איז געווען אַ זוניקער האָבן ממש פֿונקען שטראַלן געשאָסן פֿון דער קוטשמע. אַז מע זאָגט אײַך אַ כּישופֿמאַכער, זאָלט איר גלייבן... אַ פֿויער האָט שוין געמוזט זײַן זייער אָרעם, אַן עני־ואביון, אַז ער זאָל פֿאַרבײַגיין און נישט באַמערקן דעם שטראַלנ־דיקן זיך דרייענדיקן אוצר. און פּאַרקויפֿן אַ קוטשמע דאַרף מען קענען. ערשטנס דער פּרײַז, וואָס מען דאַרף קריגן. צווייטנס די מאָס, זי דאַרף פּאַסן. דריטנס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי בײַטן קוטשמעס. עס הייסט, דער פֿויער גיט אײַך זײַן אַלטע קוטשמע, איר גיט אים אַ שפּאָגל נײַע און ער דאַרף אײַך צוצאָלן. די לעצטע אָפּעראַציע איז די געשמאַקסטע, ווײַל בדרך־כּלל האָט דער פֿויער אַן אַלטע קוטשמע פֿון גוטער פֿעל, און פּאַרקויפֿן, פּאַרקויפֿט מען אים אײנע, וואָס וועט אין אַ ליאַדע רעגן אויסקריכן. אויף די אַלע זאַכן איז אונדזער העלד דער גרעסטער ספּעציאַליסט. איר זאָלט אויספֿאָרן אַ וועלט, וועט איר נאָך אַזוינעם נישט געפֿינען. בײַ אים איז גאָר נישטאָ אַזאַ זאַך ווי צו גרויס אָדער צו קליין. ער האָט אַזעלכע פֿינגער, וואָס — טאַנצן אַרײַן אין דער קוטשמע, ווען דער פֿויער האָט זי שוין אויפֿן קאָפּ, און טאַנצן אַרויס — ווען מע דאַרף זיי שוין נישט מער — מיט אַזאַ מין געניטקייט, אַז פֿאַרן מאָמענט איז די מאָס אַלע מאָל אַ ריכטיקע, ווי געמאַכט אויף באַשטעלונג. דעם סוד ווי אַזוי ער מאַכט דאָס, קען איך אײַך נישט זאָגן. אָבער קירזשנער צאָלן נישט קיין געלט אומזיסט. מן הסתם ווייסן זיי פֿאַר וואָס זיי צאָלן. און אַ ממזריש כּישוף־שפּיגעלע פֿאַר־מאָגט ער, וואָס אַז דער פֿויער קוקט אין דעם אַרײַן דערקענט ער זיך נישט.

ער וואָלט געקענט שווערן, אַז ער קוקט אויס אין דער נײַער קוטשמע ווי דער „סטאַרשינאַ" אַליין, און אַלץ צוליב דעם, וואָס אונדזער העלד האָט זיך צו דער קוטשמע צוגעריט... ער איז געווען די האָפענונג און שרעק פון די שאַרגאָראָדער קירזשנערס. די האָפענונג פון דעם, וואָס האָט אים געוווּנען על פּי גורל, און די שרעק פון יענע, וואָס האָבן געדאַרפט מיט אים קאָנקורירן...

גלײַך פון יאַריד אָדער מאַרקטאָג, פלעגט ער אַוועק צו מאָטל קוועטשער, אים אָוועקגעגעבן זײַן פאַרדינסט פאַרן טאָג אומגעציילט, און יענער האָט אים באַהאַרגט מיט עסן און מיט טרינקען אַ גאַנצע וואָך. עס רעדט זיך נאָר אַזוי „מיט עסן און מיט טרינקען", מיינט מען דאָס טרינקען...

ער האָט געהאַט אַ זון, אַ בחור אַ קלוגער, אַ שוואַרצחנעוודיקער מיט אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן. ממש שוואַרצפּײַער. אַ גוטער שנײַדער, וואָס האָט געאַרבעט בײַ אפרים ליטוואַק (צו אַרבעטן בײַ אפרים ליטוואַק, האָט מען געדאַרפט זײַן אַ גאָר־גאָר גוטער בעל־מלאכה), איז אָט דער בחור, משה טיטיק האָט ער געהייסן, פלעגט דעם טאַטן אויפהייבן פון דער ערד, פון דער בלאָטע און ווי מע טראָגט אַ קינד פלעגט ער אים אַרײַנטראָגן אין שטיבל, אים אַרומוואַשן און זיך אָפּגעבן מיט אים, טאַקע ווי מע גיט זיך אָפּ מיט אַ קינד, וואָס מע האָט שטאַרק ליב... נו, גייט זײַט אַ חכם און באַנעמט דעם פולן זין פון גאָטס באַשעפענישן...

אויף דעם זעלבן געסל אין אַ קליין אָרעם שטיבל, וווינט מיט אַ גרויסער משפחה — משה־בער. אַ ייִד וואָס איז כל ימיו קראַנק אויף טשאַכאָטקע, הוסט מיט בלוט... דאָקטאָר סמאָליענסקי וואָס גייט אַהין אַרײַן (אָן געלט, פאַרשטייט זיך), קען בשום אופן נישט פאַרשטיין ווי אַזוי אַ מענטש לעבט כמעט אָן לונגען. לויט אַלע געזעצן פון מעדיצין, האָט דער משה־בער שוין לאַנג געדאַרפט זײַן אויפן עולם האמת... אָבער דער ייִד קײַכט און לעבט, הוסט און לעבט. לעבן לעבט מען פון דעם, וואָס זײַן ווײַב פאַרקויפט נישט לעגאַל טוטין (טאַבאַק) אין מאַרק אויף אַ שטעלעכל. ס'איז שוין די אמתע פּרנסה — וואָס מע פרעגט אויף איר. מע האַלט די נשמה אין די הענט. מע דאַרף היטן דעם רעוויזאָר, דעם אַקציזניק מיט טויזנט אויגן... ווײַל דער גוי איז אַן אַנטיסעמיט און נאָך צו די צרות אַ נקי כפּימניק, נעמט נישט קיין כאַבאַר און האָט געוואָלדיק הנאה, אַז ער קען פאַרשיקן אַ ייִדן אין קאָזע... דער דאָקטאָר סמאָליענסקי רײַסט זיך בײַ די האָר פון קאָפּ, וואָס ווי בײַ גאָט אַ יאָר, טראָגט זי, די משה־בערעכע, און האָט נאָך אַ קינד אין דער אָרעמקייט אַרײַן. אָבער די ייִדענע טענהט, אַז קינדער זײַנען פון גאָט, און קעגן גאָט גייט זי נישט... פאַרשטייט איר מיך. מיט יאָרן צוריק, ווען זיי ביידע זײַנען יונג געווען, האָבן זיי חתונה געהאַט „פּאָ ליובווי"... און ווי זאָגט איר: עזה אהבה כמות, די ליבע איז שטאַרקער ווי דער טויט...

צו מאַכן די מעשה בקיצור. ער האָט געלעבט, דער משה־בער, מיט דער טשאַ־

כאַטקע אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער איז געשטאָרבן. נאָר איר האָט נישט געטראָפן. געשטאָרבן איז ער נישט פון דער טשאַכאַטקע, נאָר פון דיזינטעריע, פון דער צוואַנג... געווען אַ שווערע עפּידעמיע פון דיזינטעריע. אַ סך מענטשן זיינען געשטאָרבן, איז משה־בער אויך געשטאָרבן. היינט גייט פאַרלאָזט זיך אויף דאָקטוירים, וואָס זיי זאָגן דאָרטן... ווייס איך וואָס...

## באַרג־אַרויף — באַרג־אַראָפּ

מיר קערן זיך אום צו דער בעל־עגלהשער גאַס. שרעקט זיך נישט. קיין מי יודע וויפל בעלי־עגלות וווינען דאָרט נישט. און אַז איר פאַלט אַ מאָל אַרײַן אַהער, ווערט מען זיך איבער אײַך נישט רײַסן, ווי מע רײַסט זיך איבער אַ פּאַר־שוין (אַ פּאַסאַזשיר) אין אַן אַנדער שטאָט. אונדזערע בעלי־עגלות זײַנען פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. איר געדענקט דאָך מן הסתם אַהרנציע בעל־עגלה, מיט זײַן ערלעכקייט, מיטן פאַרנעם פון זײַן בעל־עגלהשער באַלעבאַטישקייט. נו, אָט דאָ געפינט איר נישט אַזעלכע בעלי־גופים און נישט מיט אַלע, וואָס זיינען נישט אַנדערש פון אַנדערע וועל איך אײַך באַקענען. חוץ דעם איינעם הערש בער־זשעניק, און מיט דער משפחה סיראָטאַ, וואָס איך האָב אײַך שוין אַ מאָל צוגע־זאָגט צו באַשרײַבן. די סיראָטאַס זײַנען נישט אַלע מאָל און נישט אַלע בעלי־עגלות, נאָר אַלע מאָל האָבן זיי אַ שײַכות צו פערד.

אַלזאָ, הערש בערזשעניק. הערש איז דער ישיש — דער זקן פון שאַרגאָ־ראָדער בעלי־עגלות. ער פאָרט אַלע טאָג אַליין אָן שמײַסערס קיין יאַראָשענקע צום „פּאָיעזד" *. איר קענט זײַן זיכער, אַז וואָס עס זאָל נישט טרעפן, ווערט איר קיין מאָל נישט פאַרשפּעטיקן צום „פּאָיעזד"; נישט חלילה דערפאַר, וואָס הערש האָט אַזעלכע פײַערדיקע סוסים, וועלכע האָבן קפיצת־הדרך, און נישט דער־פאַר, וואָס דער „פּאָיעזד" וואַרט אויף אים, נאָר פשוט דערפאַר, וואָס זײַנע פערד און אַפילו דער וואָגן זײַנען אין משך פון יאָרן געוואָרן איינס מיט אים, מיט הערשן — נישט אָפּצוטיילן; אָט ווי זיי זאָלן זײַן אַרײַנגעוואָקסן איינס אין צווייטן. הערש דאַרף נישט קיין זייגער, אײַך צו ברענגען אין צײַט. ווען מע זאָל גלייבן יעדע מעשה, וואָס הערש בערזשעניק דערציילט פון זײַן „גניאָדע", קומט־אויס אַז דער סוס פאַרשטייט יעדעס וואָרט וואָס הערש רעדט צו אים. נאָך מער, ער פאַרשטייט אויפן ווונק. הערש האָט צו דערציילן טויזנט־און־איין מעשהס וועגן זײַן אין וועג בײַ נאַכט; מעשהס וועגן „יענע לײַט", וואָס פירן אַ ייִדן אַראָפּ פון גלײַכן וועג. און „כאָטש דו ביסט קלאָר אין וועג, ווי אַ פרומער ייִד אין

* אײַזנבאַן.

„אַשרי“, װײסטו נישט װוּ דו געפינסט זיך. מיט אַ מאָל װאַקסט־אױס אַ טיפער שװאַרצער װאַלד. עס הײבט־אָן דונערן און בליצן און בלױז פון דער װײַטנס, אין דער לינקער זײַט, קוים מע באַמערקט עס, איז אַ רױט ליכט. פאַרנעמסטו זיך מן הסתם אַהין. פאָרסט און פאָרסט, די סוסים פאַלן פון די פיס, און װאָס מער דו פאָרסט, אַלץ װײַטער איז דאָס רױטע ליכט. דו פילסט אַז האַלטסט די נשמה אין די הענט... מיט אַ מאָל הערסטו קלעזמערס שפּילן, װי אױף אַ חתונה, און װי פון אונטער דער ערד װאַקסט־אױס אַ שאַלאַש און עס קומט־אַרױס אַ ייִד אין אַ זײַדענער קאַפּאָטע, מיט אַ שײנער שװאַרצער באָרד, מיט אַ פּליושענער יאַרמלקע אױפן קאָפּ, גיט דיר אָפּ אַ ברײטן שלום־עליכם, בעט דיך אַרײַן אין שאַלאַש צו דער חתונה פון אַ יתומה, נעבעך... אַ מצווה — חתונה... דער „גניאַ־דע“ אָבער איז אַ מבין אױף די שטיק... טוט זיך אַ װילדן רײַס און לאָזט זיך לױפן אַזױ װי דער פײַער... כאַפּ איך מן הסתם די ציצית פון מײַן אַרבע־כנפות, פאַרװאַרף זײ איבערן אַקסל און שרײַ־אױס, נישט מיט מײַן קול, „שמע ישראל“!... און כהרף־עין װערט אױס שאַלאַש, אױס װאַלד, אױס חתונה, אױס קלעזמערס און אױס ייִד מיט דער זײַדענער קאַפּאָטע... און דו געפינסט זיך הינטער דער מעראַכװער ברום, גלײַך בײַם אַרײַנפאָר אין שאַרגאָראָד... ניצול געװאָרן מיט ניסים, דאַנקען השם יתברך — און, להבדיל, דעם „גניאָדען“...

הערש בערזשעניק איז נישט קײן באַרײַסער, און איז בכלל נישט פאַרקאָכט אין געלט... נאָר פון דעסט װעגן, אױב איר זײַט אַ פרעמדער און ער איז נישט זיכער מיט דער שכר־עגלה, װעט ער אײַך אױף אַן אײדעלן, דיפּלאָמאַטישן אופן אַ זאָג טאָן, אַז: „די פערד, פאַניע, האָבן נאָך הײַנט נישט אָנגעזען קײן צורת „הא“... און דאָס נאָר צוליב דעם, װאָס איך אַלײן האָב נאָך הײַנט נישט אָנגעזען קײן צורת מטבע... און אױב איר האָט גאָר נישט דאַקעגן, װעט איר מיר געבן די פּאָר גראָשן איצט... און איר װעט האָבן אי אַ מצווה, אי איר װעט זײַן זיכער, אַז איר װעט דאָס געלט, חלילה, נישט פאַרלירן...“

הערש האָט זײער ליב זײַן „גניאָדען“ פערד. ערשטנס, איז ער מיט אים אַ שטיק לעבן אָפּגעגאַנגען צוזאַמען אין לײד און אין פרײד. זומער אין די גרעסטע חמימות, אין די גרעסטע רעגנס; װינטער — אין די ביטערסטע פרעסט און זאַװערוכעס. צװײטנס, איז ער טאַקע אַ פערד אַ חכם, און אױך ער האָט ליב הערשן. עס איז ממש אַן אידיליע צװישן — שבת, װען דער „גניאָדע“ אַרבעט נישט (װײסט אױך פון עונג־שבת) — װי הערש פירט אים אַרױס פון דער סטאַניע צום טײַך, אים אָפּצופרישן און אָנפּאָיען. װען דער „גניאָדע“ קומט־אַרױס פון װאַסער, לײגט ער אַװעק זײַן מאָרדע אױף הערשס אַקסל און לעקט דאָס צעקאַרבטע פּנים מיט אַ װאַרעמער צונג... הערש שמעלצט זיך פון נחת...

אין בעל־עגלהשן שולכל (אײנס פון די פיר פון דער גרױסער שול), לערנט בנימין־יענקל מיטן עולם יעדן שבת פאַר נאַכט. בנימין־יענקל איז אַ ייִד אַ

מלמד, מיט אַ שיטער בערדל. אַ למדן און אַ ייִד מיט אַ גוט האַרץ, טוט ער דאָס בעסטע וואָס ער קען, אָבער — קיין גרויסע זאַכן לערנט מען זיך דאָרטן נישט אויס, מחמת דער עולם איז זייער אַ פּשוטער — קען קוים דאַוונען, אַז אַ סך — קען ער זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים... כאַפּט הערש פון דעסט וועגן אַרײַן אַ פּאָר טײַטשן פון תהילים. אַנווענדן ערגעץ אָט די „טיפע ידיעות" האָט ער מורא, טאָמער, ווער ווייסט, קען ער נאָך חלילה אויסמישן קאַשע מיט מאָן, האָבער מיט סיטשקע, און מע וועט פון אים לאַכן... אַ נוץ אָבער פון די פּאָר געכאַפּטע פּסוקים האָט ער. ער טענהט זיך אויס מיטן „גניאָדען" אויף אָט דעם לשון... אָט, למשל, אַז עס קומט באַרג־אַרויף און דער „גניאָדער" ציט נעבעך מיט אַלע כּוחות, טוט הערש זיך אַ זאָג: „אוי, גניאָדע־לעבן, שווער צו זײַן אַ פערד בײַ הערשן, עס קומט ממש אָן מיטן טויט, ווי אין הייליקן תהילים שטייט געשריבן, „עפפוני חבלי מות"... און אַז עס קומט באַרג־אַראָפּ, דער וואָגן אָנגעפּילט מיט משא, שטופּט אים דעם „גניאָדע" און ער מוז זיך נעבעך צעלויפן מיט סכנות־נפשות, פרעגט אים הערש: „למה רגשו גוים? וואָס איז די אײַלעניש, וואָס? — ווערסט פאַרשפּעטיקן די געפּילטע פיש, ווערסטו?"...

הערש פירט אויך, אַ חוץ פּאַסאַזשירן, אַ ביסל סחורה פון דער באַן און אַפילו צו דער באַן. נישט צו פיל. בלויז אַזוי פיל, וויפל זײַן וואָגן קען אַרײַננעמען, איז, נאַטירלעך, דער וואָגן שווער. פירט ער זיך אַזוי, הערש: אַז עס קומט באַרג־אַרויף, שטעלט ער אָפּ דעם וואָגן און הייסט די פּאַסאַזשירן מחילה אַראָפּ־קריכן און גיין נאָכן וואָגן באַרג־אויף, ווײַל עס איז אַ רחמנות אויף גאָטס באַשעפענישן... צער בעלי־חיים... דערפאַר אָבער, אַז עס קומט באַרג־אַראָפּ, שטעלט ער אָפּ דעם וואָגן און בעט די פּאַסאַזשירן זיי זאָלן אַזוי גוט זײַן און אַראָפּגיין פון וואָגן, און טאַקע גיין צו פוס דעם גאַנצן באַרג־אַראָפּ, מחמת וואָס שווערער ס'איז דער וואָגן, אַלץ מער שטופּט ער די פערד... און סײַ די פערד, סײַ, להבדיל, די מענטשן, קענען נאָך חלילה ניזוק ווערן... און ווי אויף צו להכעיס, איז דער וועג קיין יאַראָשעווקע דורך מעראַכווע — אַ באַרג־אַרויף און אַ באַרג־אַראָפּ.

וועגן באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, ווערט אין שטאָט דערציילט אַ שיינע מעשה. איך קען אײַך נישט קאַווירן ווי אמת זי איז. נאָר אַזוי ווי איר האָט ליב שיינע מעשהס, און זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן העלד פון אונדזער איצטיקער באַשרײַבונג, ווען מיר זי אײַך איבערדערציילן. נאָר איין תּנאַי נעם איך מיט אײַך אויס: קיין טענות זאָלט איר צו מיר נישט האָבן. קיין ריווח פון דער מעשה מאַך איך נישט. ווי זאָגט אונדזער טביה זייפמאַן אויף זײַן ייִדיש: „זאַ שטשאָ קופּיל, זאַ טאָ פראָדאַיו" — ס'הייסט, פאַר וויפל געקויפט, פאַר אַזוי פיל פאַרקויף איך...

און אָט איז זי, די מעשה:

אין איינעם אַ שבת־צו־נאַכט, נאָך הבדלה, רופט מען אונדזער הערשן צו אליהו שטיינבאַרג אין גאַסטיניצע. דאָרטן, זאָגט מען אים, וואַרט אויף אים אַ

מאַן. הערש קומט אַרײַן מיט אַ ברייטן „אַ גוטע וואָך ר׳ אליהו״, ווער דאַרף מיך דאָ בײַ אײַך״? אליהו שטיינבאַרג פירט הערשן אַרײַן אין איינעם פון די צימערלעך ווו עס שטייען־אײַן די געסט. דאָרטן זיצט אַ שיינער ייִדישער יונ־גערמאַן פאַרטיפט אין פּאַפּירן און חשבונות, וואָס ליגן אויסגעשפּרייט אויפן טיש. אַרײַנגעקומען, געזאָגט „אַ גוטע וואָך״ רופט זיך אָן דער יונגערמאַן צו הערשן: „דאָס זײַט איר דער בעל עגלה וואָס פאָרט קיין יאַראַשענקאָ״? „יאָ, פּאַניע, ענטפערט הערש, דאָס בין איך דער בעל עגלה וואָס פאָרט קיין יאַראַ־שענקאָ״. „אויב אַזוי — זאָגט דער יונגערמאַן — וויל איך איר זאָלט מיך נעמען צום פּאָיעזד, וואָס גייט אָפּ מאָרגן 12 אַ זייגער קיין אָדעס״. „מאַכטייסע, זאָגט הערש, איך וועל אײַך נעמען צום פּאָיעזד וואָס גייט אָפּ מאָרגן 12 אַ זייגער קיין אָדעס״. הכלל, אַ וואָרט פּאַר אַ וואָרט. דער יונגערמאַן דערציילט הערשן, אַז ער האָט אויך אַ ביסל באַגאַזש און ער וויל, אַז הירש זאָל קיינעם אַ חוץ אים נישט נעמען אויף דעם וואָגן, בלויז אים אַליין. ער וועט באַצאָלן וויפל הערש וויל. נאָר פאָרן וויל ער אַליין, צוליב באַקוועמלעכקייט. ער האָט, זאָגט ער פײַנט צו פאָרן אין ענגשאַפט...

בקיצור, מען האָט זיך אויסגעגלײַכט מיטן מקח און עס איז געבליבן, אַז כאור־הבוקר זאָל אים הערש נעמען מיט זײַן באַגאַזש קיין יאַראַשענקע. און כך הוה. הערש איז געקומען אין צײַט, יאַקאָש אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן דעם פּאַ־סאַזשירס באַגאַזש, גוט אויסגעבעט דעם וואָגן מיט היי און „דאַוואַי״ פאָרן.

אַז מע איז נאָר אַרויסגעפאָרן אויפן מעראַכוועד וועג, האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה — באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ... און הערש האָט אָנגעהויבן מיטן בעטן אַראָפּצוגיין פון וואָגן און גיין באַרג־אַרויף, מחמת עס איז אַ רחמנות אויף גאָטס באַשעפעניש... און גיי אַראָפּ צופוס, ווייל די פערד קענען נאָך חלילה גע־ביזוקט ווערן. אָט אַזוי איין מאָל, און נאָך אַ מאָל, וויפל בערגלעך אַזוי פיל מאָל גיין צופוס באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ...

וויסן זאָלט איר, אַז יעדע מעשה האָט אַן אָנהייב מיט אַ סוף. מע איז אַזוי לאַנג געפאָרן און געגאַנגען, געגאַנגען און געפאָרן ביז מע איז אָנגעקומען קיין יאַראַשענקע. געקומען אין צײַט. אַראָפּגענומען דעם באַגאַזש, דער יונגערמאַן האָט הערשן גאַנץ שיין באַצאָלט. דאַכט זיך גוט און פײַן. הערש האָט שוין דעם יונגמאַן געוואָלטן ווינטשן אַ „פאָרט געזונט״, מאַכט צו אים דער יונגערמאַן: „וואַרט נאָר אַ מינוט ר׳ הערש, איך וויל אײַך עפּעס פרעגן, אויב איר האָט גאָר נישט דאַקעגן״ — „פרעגט פּאַניע, וואָס נאָר איר ווילט, אויב איך וועל נאָר קענען וועל איך אײַך אַוודאי ענטפערן״, זאָגט אים הערש. — „אויב אַזוי, זאָגט דער יונגערמאַן, אפשר קענט איר מיך אויפקלערן: מילא, איך האָב גע־דאַרפט פאָרן קיין יאַראַשענקע מחמת פון דאַנעט קען איך נעמען דעם „פּאָ־יעזד״ קיין אָדעס, ווו איך דאַרף זײַן אם ירצה השם מאָרגן צוליב מסחר. איר

ר' הערש זיִט געפאָרן קיין יאַראַשענקע, ווײַל דאָס איז אײַער פרנסה. נאָר צוליב וועלכן שוואַרץ יאָר איר האָט מיטגענומען די פערד, אָסור צי איך פאַרשטיי...״

*****

הערש בערזשעניק איז אַן אַלמן. זינט זײַנע איז אים געשטאָרבן, האָט ער אַפילו נישט געטראַכט וועגן חתונה האָבן. נישט דערפאַר חלילה וואָס ער קען קיין ווײַב נישט געבן קיין מזונות, נאָר דערפאַר וואָס ער איז געבליבן מיט צוויי קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל. ער האָט די קינדער זייער ליב און זיי נישט געוואָלט אַרײַנברענגען קיין שטאָף־מאַמע... די קינדער האָבן דעם אַלטן אויך זייער ליב און הגם מע רעדט דעם מיידל זייער שיינע שידוכים, מע וואָלט זי אויסגעכאַפּט, ווײַל זי איז אַ מיידל מיט אַ סך מעלות און בעיקר אַ גאָלדענע באַלעבאָסטע. אײַלט זי זיך נישט. און גיט אַכטונג אויפן אַלטן, היט אים אָפּ ווי מע היט אָפּ אַ קינד. אַרײַנצוקומען צו הערשן איך שטוב איז ווי אַרײַנצו־קומען צו אַ נגיד, יעדע זאַך איז ציכטיק, פינקלט פון ריינקייט, און איז אין פלאַץ. דאָס זאַמד אויפן דיל איז פריש און געל, ווי אַלע טאָג זאָל זײַן שבת. ווי שפּעט הערש זאָל נישט קומען אַהיים, שטייט די מיידל אויפן גאַנעק און וואַרט אויף אים. טוט אים אויס פון זײַן באַלעגאָלישן טראַכט און וואַשט אים אַרום. אויפן טיש שטייט שוין דער פײַנער בארשט מיט קנאָבל, אָדער גאָר אַ יויך מיט פלייש, ווי בײַם גרעסטן נגיד. שטאָט קען זיך נישט אָפּלויבן פון דעם כיבוד־אָב, וואָס די מיידל איז מקיים. מײַן מאַמע זאָגט, אַז מע קען דאָרטן אין הויז עסן פון דער פּאָדלאָגע. אפשר ווייסט איר ווי אַזוי מע קען עסן פון אַ זאַמדיקן דיל?

## אַ מעשה נורא מיט אַ מוסר השכל

און איצט צו דער משפחה סיראָטאַ.

גאָר־גאָר אַמאָל איז פּײַוויש געווען דער ראש פון דער משפחה. עס איז אַ קאַפּיטל פערד־גנבות, נביאות (וואָס אַז מע גנבעט אַוועק אײַער פערד, ווייסן זיי „ברוח הקודש״, ווו אײַער פערד איז, און פאַר וויפל מע קען אים צוריק אַרײַנ־שטעלן פון וואַנעט מע האָט אים גענומען), קויפן אַ פערד אַ זקן, אים מאַכן יינגער אויף עטלעכע יאָר, און פאַרקויפן פאַר עטלעכע מאָל אַזוי פיל וויפל ער האָט געקאָסט. „אָפּשלאָגן״ פערד בײַ אַ ציגײַנער־באַנדע, וואָס יענע האָבן אַליין געגנבעט אַרום שאַרגאָראָד און נאָך דעם זיי פאַרקויפט פאַר כשרע. און אַז געשעפט איז מעכולע. מע האַלט אַ שאַרף אויג אויף חברה, ווערט מען גאָר

שטילע בעלי־עגלהס און מע פירט כלומרשט פּאַסאַזשירן און פּראַכט. שטיל, — ממש קאַטינקעס, אָבער אַלץ אַרום פערד. די גאַנצע וועלט דרייט זיך אַרום און צוליב פערד... דאָס איז אָבער אַלץ געווען אַמאָל־אַמאָל אין די „גוטע אַלטע צײַטן" — ווען איר און איך זײַנען נאָך קיין שאַרגאַראָדער נישט געווען. און אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן די זאַכן איז אײַנגעוויקלט אין לעגענדע. לויט אָט יענע מעשהס און לעגענדעס האָבן פּייוויש און זײַן אשת־חייל געקענט אַרויספירן אַ פּאָר פּריצישע פערד פון אַ שטאַל, זיך אויפזעצן אויף זיי, אַוועק, און נישט די פערד, נישט די פּריצישע כלבים זאָלן אַ פּיפּס טאָן. ממש „לא יחרץ כלב לשונו"... פּייווישעס ווײַב האָט געהאַט אַזאַ „שפּרוך" — האָט מען געזאָגט — וואָס פלעגט פאַרכישופן די פערד. און נאָך דעם האָט מען די פערד אַזוי משנה־פּנים געווען, אַז דער פּריץ זאָל געווען זײַן מיט צען קעפּ, וואָלט ער אַליין זיי נישט דערקענט.

אָט אַזוי האָט געלעבט אַ גרויס־פאַרצווײַגטע משפּחה אין דער גלאָריע פון „קינסטלער"־גנבים — פון אַ פערד עפּאָפּייע ביז... ביז עס איז זיך פאַרלאָפן אין שאַרגאַראָד אַ מעשה־נוראָ, אַ ביז גאָר אומגעוויינטלעכע פאַר יענע צײַטן און האָט איבערגעקערט אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ...

איז אָט הערט די מעשה.

מיט אַ גוטע פינף און זיבעציק אָדער מער יאָר צוריק, האָט אין שאַרגאָ־ראָד געלעבט אַ ייִד אַ גביר, פאַר יענע צײַטן אַ גרויסער עושר. אפשר דער רײַכסטער ייִד אין שטאָט. און כאָטש ער איז געווען אַן אויפגעקומענער, דאָס הייסט, אַז די עשירות האָט ער אַליין מיט זײַנע אייגענע פעיִקייטן, מיט זײַנע אייגענע מוח און כוח דערוואָרבן, האָט ער זיך פון דעסט וועגן געפירט לײַטיש־לעך שיין און ברייט, אַזוי ווי זײַן גבירעשאַפט, זאָל געווען זײַן אַן אײַנגע־וואָרצלטע פון דורות. אין אים האָט אי קהל, אי דער יחיד תמיד געפונען אַן אָנשפּאַר און הילף. דער נאָמען פון אָט דעם ייִד איז געווען בערל־אַהרנס. אויב איר געדענקט בערל־אַהרנס קלויז, וועט איר אַליין פאַרשטיין, אַז ער איז דאָס טאַקע געווען איר בויער. מיר אַלע געדענקען זײַנע קינדער די סאָראָ־קערס, וועלכע האָבן זיך שוין געפירט גרויס אויפן הײַנטוועלטיקן שטייגער. און וואָס מע דערציילט נאָך איז, אַז דער אַלטער פלעגט זאָגן וועגן זיך און זיי, די קינדער, אַזוי: „איך, האָב אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, צונויפגעפירט מיט טאַטש־קעס, מיט וועגעלעך. און זיי, מײַנע קינדער, צעפירן דאָס מיט קאַרעטעס, מיט פאַיעטאָנען"...

איז אָט דער בערל אַהרנס געווען אַ חסידישער ייִד, אַן אוהב־הבריות און האָט ליב געהאַט, אַז שטאָט זאָל זיך בײַ אים פילן היימיש. געהאַט האָט ער אַן אָפענע טיר. יעדער איינער האָט געקענט אַרײַנקומען ווען ער האָט געוואָלט, זיך אַוועקזעצן און הייסן זיך דערלאַנגען טיי, אָדער עפּעס צובײַסן און אַפילו

אָפּעסן. מע האָט קיינעם נישט געפּרעגט אויף קיין פּאַספּאָרט. טאָג ווי נאַכט האָט דאָרטן געזאָטן אַ גרויסער „טולער"¹, סאַמאָוואַר, און די דינסטן האָבן צו־געטראָגן, וואָס נאָר מע האָט פאַרלאַנגט. אָרעמע לײַט, סײַ היימישע, סײַ פרעמדע, פּונקט ווי באַלעבאַטישע ייִדן, האָבן שטענדיק און צו יעדער צײַט אַהין גע־קענט קומען, זיך אָנוואַרעמען, איבערכאַפּן דאָס האַרץ, אָפּדאַוונען אויב נייטיק, און אַפילו פאַרפירן אַ מיסחר איינער מיטן צווייטן.

יעדן שבת־צו־נאַכט, פלעגט מען דאָרטן פּראַווען מלוה־מלכה, און אויך דאָ האָט מען קיינעם אײַנלאַדונגען נישט באַדאַרפט האָבן. מע האָט געזונגען די „אל תירא עבדי יעקבס" און די „אליהוס" אויפן חסידישן שטייגער, בעת דער ריח פון דעם פליישיקן באָרשט האָט זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער גאַס... און האָט אַ ייִד געדאַרפט אַ טובה, אַן הלוואה, אָדער עפּעס ענלעכס, האָט מען „געמעגט" אויף דער „פולער וואָך" בײַ בערל אַהרנס בעטן... זאָגן פלעגט ער — בערל אַהרנס, אַז דער אייבערשטער שיקט אים צו אַ ריכטיקע מצוה אויף דער „פולער וואָך" איז דאָס אַ סימן מובהק, אַז ער וועט האָבן אַ מזלדיקע וואָך...

אין יענער צײַט האָט בערל אַהרנס געוווינט אין דער דירה, ווו עס האָט אין אונדזערע צײַטן געוווינט אַוורעמל בינדמאַן.

טרעפט זיך איין מאָל אין אַ שבת־צו־נאַכט, נאָך מלוה־מלכה, קורץ נאָך דעם, ווי דער עולם איז זיך צעגאַנגען אַהיים. און די בני־בית האָבן זיך שוין געקליבן צו „מאַכן נאַכט", אַז עמעצער קלאַפּט אין טיר. גייט מן הסתם דער משרת, עפנט די טיר און דערזעט צו זײַן שרעק פיר מענטשן אין פויערישע „קאָזשוכעס" מיט מאַסקעס אויפן פּנים און פּיסטוילן אין די הענט. דער משרת האָט געוואָלט שרײַען געוואַלד, אָבער נאָך איידער ער האָט דאָס באַוויזן צו טאָן, האָבן אים אַ פּאָר אײַזערנע ידים אַרײַנגעשטויסן צוריק אין קאָרידאָר, און באַפוילן זיי צו נעמען צום „כאַזיאַיען" — צום באַלעבאָס. גערעדט האָבן זיי גויִיש. איינער פון זיי איז געבליבן בײַ דער טיר און די אַנדערע דרײַ זײַנען אַרײַן אין זאַל, ווו אַלע בני־בית האָבן זיך געפונען. מיט די רעוואָלווערן אָנגע־שטעלט אויף דער משפחה, האָט איינער פון די רויבערס, ווײַזט אויס דער עלטצ־טער, אַ זאָג געטאָן גאַנץ פשוט: „מיר זײַנען געקומען נאָך געלט און אַלץ וואָס האָט אַ ווערט, בערקאָ... עס איז איינס פון די ביידע. אָדער מיר קריגן אַלץ, אָדער מיר וועלן אײַך אויסשיסן ווי די הינט. נו. „כודקאָ"! (עס הייסט, מאַך דאָס שנעל, בערל). בערל אַהרנס האָט זיך נישט געדונגען, וואָס־וואָס, נאָר קיין נאַר איז ער נישט געווען... מע האָט יאַקאָש אויסגעליידיקט די קאַסע, די קעשענעס, דעם ווײַבס, די טעכטערס און דער שנורס צירונג, ווו עפּעס אַ גאָלדענער זייי־גער, דאָס גאַנצע זילבער, די קידוש־בעכערס, אליהו הנביאס כוס, דאָס בשמים־

¹טולאָ — אַ שטאָט ווו מע האָט אויסגעאַרבעט די בעסטע סאַמאָוואַרן.

ביקסל און די ליַיכטערס... מע האָט נישט איבערגעלאָזט קיין ווערט־זאַך. און ערשט נאָך דעם האָט מען אַלעמען געבונדן, פאַרשלאָסן אין אַ הינטער ציִ־מער און אַוועק, אָנזאָגנדיק, אַז מע זאָל נישט שרייען ביז אין דער פרי „ווײַל אויב איר וועט נישט פאָלגן, ווייסט איר שוין אַליין וואָס מיר וועלן טאָן“...

איך קען זיך פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטאָט אויפן צווייטן אין דער פרי. מע האָט דערציילט און איבערדערציילט די מעשה, און ווי דער שטייגער איז אין אַזאַ פאַל, האָט יעדער איינער צוגעלייגט עפּעס פון דער אייגענער פאַנטאַזיע. מע האָט געמאַכט אַלערליי השערות און שפּעקוליאַ־ציעס, ווער עס האָט דאָס געקענט דורכפירן אין שאַרגאָראָד אַזאַ סאָרט איבער־פאַל... אָבער ווי וויל שטאָט האָט זיך נישט געוויגט וועגן דער געשיכטע, בערל אַהרנס אַליין האָט זיך נישט געאײַלט און זיך נישט געיאָגט צו דער מאַכט (וועלכע איז אייגנטלעך באַשטאַנען פון אַ פּריסטאַוו, וואָס איז געווען אַ גרויסער מאדים צו נעמען כאַבאַר, אָבער געפינען אָדער כאַפּן אַ פאַרברעכער, דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער עסק, — אַן אוראַדניק, וואָס האָט געהאַט אַ משומדתטע אַ ווײַב, וועלכע ער פלעגט שלאָגן ווען נאָר ער איז געווען שיכור. און שיכור, זאָל זיך אײַך דאַכטן, איז ער געווען אַלע מאָל און צו יעדער צײַט. ער האָט נישט מער און נישט ווייניקער נאָר געוואָלט אַרויסטרייבן פון איר דעם „זשי־דאָווסקי דוך“ * און זי מאַכן פאַר אַ כשרער פּראַוואָסלאַוונער פרוי, — אַ היקע־וואַטן דעסיאַטניק און אַ הינקענדיקן סאָטסקעלע...). געוווּסט האָט בערל אַהרנס, אַז די מאַכט, וועט די אמתע פאַרברעכערס נישט כאַפּן... נאָר נישט בלויז צוליב דעם האָט ער זיך נישט געאײַלט — בערל אַהרנס. ערגעץ־ווו האָט ער געהאַט אַ חשד, אַז די „פּויערים“, וואָס זײַנען געקומען אים באַרויבן גראָד פונקט נאָך מלוה־מלכּה, זײַנען אפשר גאָר קיין פּויערים נישט געווען... טיף אין האַרצן האָט געטאָטשעט אַ וואָרעם, אַז עס קען אַ מאָל זײַן — אַ ייִדיש שטיקל אַרבעט. צו קלוג צוגעטראַכט, צוגעגרייט און דורכגעפירט פאַר פּויערישע קעפּ... אַ פּויער, האָט ער געטראַכט, קען צוגנבענען עפּעס, קען ברעכן פענצטער, אַז דער קיסר הייסט... קען אָפּוואַרטן אויף די וועגן, באַפאַלן ייִדן, באַרויבן און אפשר אַ קאַפּיטשקע דערהרגענען אויך, אַזוי פון ווילטאָג וועגן. אַלץ, אַזעלכענע זאַכן אויף וואָס מע ברויכט נישט קיין איבעריקן שכל... אָבער דאָ איז אַלץ געווען קונציק, אַזוי גלאַטיק... ער האָט געטריבן פון זיך די „נאַזויליווע“ געדאַנקען, אָבער זיי האָבן אים נישט געלאָזט רוען, קיין מנוחה נישט געווען... און אויב זײַן חשד, אַז עס איז אַ ייִדיש שטיקל אַרבעט, האָט ער ווײַטער געטראַכט, זאָל גרייכן די מאַכט, וועט זי זיך אין דעם אָנכאַפּן ווי אין אַן אבן־טוב מיטן גאַנצן חשק. פאַניע מעג טאַקע קיין אמתע פאַרברעכערס נישט קענען כאַפּן, אָבער

* ייִדישן אָטעם.

מאַכן אַ בילבול אויף ייִדן, אויף דעם איז פאָניע־גנב אַ מאדים... און ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען, איז בערל אַהרנס געווען גערעכט...

מען האָט שוין יאַקאָש צוגעטראָגן צו דער „וולאָסט" די בייזעס אָן בערל אַהרנס, און דער פּריסטאַוו מיט זיין שטאַב האָבן זיך אַריינגעשטעלט צו אים מיט גאַנצענע טענות, פאַר וואָס ער האָט נישט „דאָלאָזשעט"[1] צו דער מאַכט אַזאַ מין פאַרברעכן... מיט אַזאַ אויפפירן זיך, האָט ער אים, דעם פּריסטאַוו, אַוועקגעשטעלט אין זייער אַ שלעכטער „פּאָלאָזשעניע" (לאַגע).... מיר ווייסן נישט, וואָס פאַר אַ תירוץ בערל אַהרנס האָט אָנגעגעבן דעם פּריץ. נאָר עס האָט לאַנג נישט געדויערט און פון מאָליעוו איז אַראָפּגעקומען קיין שאַרגאָראָד אַ סליעדאָ־וואַטיעל (אויספאָרשער) און מע האָט זיך גענומען זוכן די פאַרברעכערס, נאָר גיי זוך אַ ווינט אין פעלד... דערווייל האָבן די „קנעפּלעך" געשיכורט מיט די פּריצימלעך פון שטאָט. און באשר אַלע זיי האָבן געהאַט געבראָכענע הערצער, ווייל כמעט ביי אַלע פון זיי — ביי די פּריצימלעך, האָט מען פון צייט צו צייט אַרויסגעפירט זייערע בעסטע פערד פון די שטאַלן, און אַלע זיי זיינען געווען זיכער, אַז עס איז פּיוווישעס אָדער זיין משפחהס אַרבעט (כאָטש דער אמת איז, אַז מע האָט זיי קיין מאָל נישט געכאַפּט. מען האָט אַפילו קיין בילבול אויף זיי נישט געקענט מאַכן, ווייל עס איז קיין מאָל נישט געווען דער מינדסטער באַ־ווייז, אַז די סיראָטאַס האָבן וועלכע עס איז שייכות צו די פערד־גנבות...). איז איצט געבליבן צווישן דער „וולאָסט" און די פּריצים, אַז מע זאָל זיך אָנהייבן טשעפּען צו דער סיראָטאַ־משפחה. און אָט האָט מען אָנגעהויבן שלעפּן פּיוווישן און זיין משפחה אויף „דאָפּראָסן"...[2]. מע האָט זיי געמאַטערט און געמאַטערט, אָבער קיין זאַך האָט מען נישט געקענט אָנהענגען אויף זיי. פּיוויש האָט באַוויזן, אַז גראָד יענעם שבת איז ער גאָר געווען אין דזשורין, זיינער אַ קרוב האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, די חופה איז געווען פרייטיק פאַר נאַכט און די גאַנצע שמחה שבת אויפדערנאַכט, ער האָט געהאַט צענדליקער עדות, אַז ער האָט שבת געהוליעט און געטאַנצט ביזן ווייסן טאָג אַריין... אין דער זעלבער צייט האָט בערל אַהרנס אויך געהאַט קאַלטס און וואַרעמס פון דער „וולאָסט". אים האָט מען באַשולדיקט, אַז ער ווייסט מער ווי ער דערציילט, ווייל ער איז אויסן צו באַשיצן זיינע גלויבנס־גענאָסן... ווי גייט דאָרטן דאָס ווערטל — „כאָטש עס איז אמת, אַבי מע זאָגט"... אים, בערלען, האָט מען אָנגעטראָפן פונקט אויפן אָרט, וואָס טוט ווי... און טאַמער איז דאָס אַליין געווען ווייניק, האָט מען אים געגעבן אַ „נאַמיאָק"[3]. אַז מע ווייסט דאָס וואָס ער האָט באַלד נישט געלאָזט וויסן וועגן איבערפאַל איז נישט געווען צופעליק... און אַ סטראַשע געטאָן האָט מען אים, אַז נישקשה ניט, גאָט איז אַ פאָטער און מאָליעוו איז אַ

[1] געלאָזט וויסן. — [2] אויספרעגענישן. — [3] רמז.

שטאָט, און אויב ער וועט נישט העלפן אַנטדעקן און כאַפּן די פאַרברעכערס, וועט ער זיך דאַרפן מטריח זײַן מיטן עטאַפּ קיין מאַליעוו און ענטפערן דאָרטן דעם איספּראַווניק און דעם פּראָקוראָר, פאַר וואָס ער האָט נישט געלאָזט וויסן וועגן דער רויבערײַ. אָט אַזוי בזה הלשון... און נאָך צוגעגעבן האָט ער, דער פּריסטאַוו: „מיר גיבן דיר, גאָספּאָדין סאַראָקער, דרײַ טעג צײַט, צו לאָזן וויסן וועמען דו ביסט חושד און וועמען דו ווילסט באַשיצן... מיר ווייסן אַז בײַ אײַך, ייִדן, איז פאַראַן אַ קאַגאַל (קהל) וואָס באַהאַלט אויס און באַשיצט פאַרברע־כערס"... און פאַרן געזעגענען זיך האָט דער סליעדאָוואַטיעל, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט פון דעם וויזיט געשוויגן און בלויז געהערט — געוויזן בערלען אַ פּאַפּיר אַ „פּריגאָוואָר"[1] מיט חתימות פון אַלע שטאָטישע פּריצים און פון צענדליקער „מעשטשאַניעס", אין וועלכן מע פאָדערט פון דער אָרטיקער מאַכט, אַז מע זאָל פון שאַרגאָראָד אַרויסשיקן די משפחה סיראָטאַ, אנשים, נשים וטף (מענער, ווײַבער און קינדער) אַלס „ביעזשעלאַימיע" נישט געווינטשטע...

וואָס טויג אײַך גרויס. אין אַ פינצטערער נאַכט, האָט בערל אַהרנס געשיקט זײַן משרת צו פּײַוויש, אים בעטן ער זאָל אַריבערקומען צו אים. פּײַוויש איז געקומען. בערל האָט אים אַרײַנגענומען אין אַ חדר־מיוחד און דאָרטן איז צווישן זיי ביידן פאָרגעקומען אַזאַ מין געשפּרעך:

בערל: — זאָג מיר דעם אמת, פּײַוויש, ווער זײַנען די רויבערס?

פּײַוויש: — בערל, איך קאָן נאָך עמעצן, וואָס וואָלט דאָס וועלן וויסן... איז וואָס איז דיר אײַנגעפאַלן מיך צו פרעגן?

בערל: — זיי ווייסן, פּײַוויש, אַז עס האַנדלט זיך נישט בײַ מיר איצט אין וועלן צוריקקריגן דאָס גערויבטע. נאָר מע באַשולדיקט מיך אין וועלן באַשיצן די רויבערס, ווײַל זיי זײַנען ייִדן... מע וויל וויסן, פאַר וואָס איך האָב נישט מודיע געווען דעם פּריסטאַוו וועגן דער רויבערײַ... און פאַר דיר בין איך זיך מודה, אַז איך האָב זיך נישט געאײַלט, ווײַל איך האָב געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז אפשר האָבן עס ייִדן געטאָן... און טאָמער וועט מען זיך טשעפּען צו ייִדן בלויז אויף מײַן פאַרדאַכט. האָב איך אַזאַ זאַך אויף מיר נישט געוואָלט נעמען. איך ווייס, אַז אין דײַן סביבה קען מען אויסגעפינען ווער עס האָט אין דעם געהאַט אַ האַנט... און ווען דו זאָלסט נאָר וועלן, וואָלסטו דאָס געוווּסט. איך בין גרייט זיך צו לאָזן קאָסטן וויפל דו וועסט באַשטימען. נאָר שלעפּ מיך אַרויס פון דעם אומגליק...

פּײַוויש: — עס טוט מיר לייד, בערל, נאָר איך קען דיר נישט העלפן, איך בין נישט קיין „סישטשיק" [2] און וויל דאָס נישט זײַן... נישט פאַר געלט... נישט אָן געלט... דאָס איז נישט מײַן פאַך...

---

[1] קאָלעקטיווע בקשה. — [2] שפּיאָן.

בערל: — הער זיך אײַן פּיִוויש. איך האָב דיך נישט געוואָלט סטראַשען... נאָר בעיני ראיתי. איך האָב געזען אַ פּאַפּיר בײַם סליעדאָוואַטיעל, אַז מע זאָל דיך, דײַן ווײַב, דײַנע קינדער, דײַנע ברידער מיט זייערע ווײַבער און קינדער אַרויסשיקן פון שאַרגאָראָד. עס האָבן זיך געחתמעט אויף דעם פּאַפּיר אַלע פּריצים פון שטאָט און צענדליקער „מעשטשאַניעס", דו קענסט אי זיך אי מיך ראַטעווען פון אַ צרה...

אַן אויפגערעגטער האָט זיך פּיִוויש אויפגעהויבן פון שטול און געזאָגט זײַנע לעצטע ווערטער: — בערל, איך בין אַ פערד־גנב... גנבענען פערד איז מײַן פּרנסה... נאָר קיין מסור בין איך נישט און וועל דאָס נישט זײַן, פאַר קיין געלט אין דער וועלט... נישט פאַר דיר און נישט אַפילו פאַר זיך אַליין. אַ גוטע נאַכט!...

איך ווייס, איר ווילט דאָך וויסן דעם סוף... יאָ, עס איז געווען אַ סוף, נישט קיין פריילעכער... מע האָט די גאַנצע משפּחה סיראָטאָס פאַרשיקט „אַד־מיניסטראַטיוונאָם פּאָריאַדקאָם" קיין סיביר. זיי זײַנען דאָרטן געווען אַ שיינע פּאָר יאָר. די גאָר עלטערע זײַנען אין סיביר אויסגעשטאָרבן. עס זײַנען דאָרטן געבוירן געוואָרן קינדער. און ערשט ווען אויפן רוסישן טראָן איז אַרויף ניקאָ־לאַיקע דער לעצטער, האָט מען דורך אַן אַמנעסטיע אומגעקערט די סיראָטאָס קיין שאַרגאָראָד.

און בערל אַהרנס? איר ווייסט דאָך, אַ ייִד אַ נגיד, ער האָט אָנגעשטעלט אַ גוטן אַדוואָקאַט. סע האָט געקאָסט געלט און מע האָט אים באַפרײַט פון בילבול, פון וועלן באַשירעמען פאַרברעכערס, וואָס האָבן אים באַרויבט...

## צוריק פון סיביר

איך האָב פריִער געזאָגט „אומגעקערט די סיראָטאָס קיין שאַרגאָראָד", עס איז נישט אין גאַנצן אַזוי, ווי עס זאָגט זיך. געקומען צוריק זײַנען בלויז דרײַ משפּחות: שלומס, פישלס און וועלוולס. די איבעריקע האָבן זיך, ווײַזט־אויס, גאַנץ גוט אײַנגעאָרדנט אין סיביר און געבליבן דאָרטן ווינען, אָבער די דרײַ וואָס זײַנען געקומען צוריק, האָבן פאַרלוירן אַ סך פון דעם גלאַנץ און די גאַנצע ראָמאַנטישקייט פון זייער פאַך און קונסט. צוויי פון זיי, וועלוול און פישל האָבן זיך טאַקע גענומען צו פּשוטער גרויער בעל־עגלהשקייט און שלום האָט אויך געהאַט אַ פּאָר פּאַיעטאָנען, וואָס זײַנען געגאַנגען צום פּאַיעזד. אָבער ער אַליין האָט קיין מאָל נישט געטריבן. ער האָט גענומען אין אַרענדע די שאַרגאָראָדער באָד, זי אַ ביסל מאָדערניזירט, אײַנגעפירט אייניקע נײַקייטן און געהאַט פּרנסה

בכבוד. פישל איז געווען אַ ייִד אַ גיבור. כאָטש ווי איך געדענק אים איז ער שוין געווען אַ זיבעציקער. נאָר געשלאָגן האָט ער זיך קיין מאָל נישט מיט קיינעם. אַז ער פלעגט שוין גאָר גוט אין כעס ווערן אויף עמעצן, פלעגט ער בלויז אַ קוק טאָן אויף זײַנע הענט און אַ מורמל טאָן: „נו, יאָ, דו ביסט אַוודאי אַ בר־מזל, וואָס עס איז נישט אַמאָליקע יאָרן"... דערציילט האָט מען, אַז מורא געהאַט האָט ער נישט אַזוי פאַרן געזעץ, ווי פאַר זיך אַליין. ער האָט גוט גע־ ווּוסט דעם כוח פון זײַנעם אַ קלאַפּ... בלויז איין מאָל אין אַ מאַרק־טאָג, ווען פויערים האָבן זיך אָנגעטרונקען און זיך געוואָלט נעמען צו ייִדישע קליישן, האָט ער באַוויזן וואָס פאַראַ געבענטשטע הענט ער האָט. עס האָבן זיך אין שלאַכט באַטייליקט אויך אַנדערע, אָבער יענע האָבן געהאַט דישליעס, שטיקער אײַזן און אַנדער געווער. ער איינער האָט געשלאָגן מיט די הענט, און אין גע־ ציילטע מינוטן זײַנען די „העלדישע" כריוקעלעך זיך צעלאָפן איבערלאָזנדיק אויפן שלאַכטפעלד בלויז יענע, וואָס האָבן זיך אויפהייבן נישט געקענט. אינ־ טערעסאַנט איז, אַז בשעתן געשלעג האָט פישל געהאַלטן אין איין „דיריגירן" אויך אַנדערע און זיך געבעטן בײַ זײַ: „שלאָגן יאָ, הרגענען נישט. זאָלן זיי דערציילן אין דאָרף פון קבלת־פנים... טויטע גוייִם קענען גאָרנישט דערציילן"... עפּעס פון בנימין יענקלס תהילים־טײַטש האָט זיך צו פישלען אויך צוגעקלעפּט „לא המתים יהללו יה"...

פישלען האָט מען קיין מאָל נישט געקענט אַרײַנצײַען אין אַ שמועס וועגן סיביר. „אַז איר ווילט עפּעס וויסן פון דאָרטן — פלעגט ער אַ זאָג טאָן — גייט זיך דורך אַהין, פּעטער"... עס האָט זיך אַפילו איין מאָל אָפּגעזוכט אַ חכם, וואָס האָט אים אַ פרעג געטאָן: „ר' פישל, אפשר פאָרן, האַ?" פישל האָט לאַנג נישט געטראַכט און שאַרף געענטפערט: „קיין סיביר פאָרט מען נישט. קיין סיביר גייט מען"...

וועלוול פּײַווישעס איז גלאַט געווען אַ ייִד אַ מרוק, אַרויסצײַען בײַ אים אַ וואָרט איז געווען כקריעת ים־סוף. טאָג ווי נאַכט האָט ער געצויגן די הויזן אויף אַרויף, כאָטש זיי זײַנען בײַ אים געווען פאַרבונדן מיט שטריק. און אַז אַ „נאַזוויליוזע" פאַרשווינדל האָט בײַ אים געוואָלט אויסגעפינען ווי ווײַט עס איז נאָך קיין יאַראָשענקע, פלעגט ער אויף שנעל ענטפערן: „פרעגט די פערד, זיי ווייסן בעסער"...



פון אַ גאַנץ אַנדערן טייג איז געווען געקנאָטן שלום סיראָטאַ, אָדער שלום בעדער, ווי מע פלעגט אים רופן. שלום איז געווען אַ נח לבריות און אַפילו אין באָד איז ער געווען אַ גוטער מענטש. קיין אָרעמאַן, אַן אייגענער אָדער פרעמדער, צי ער האָט געהאַט צו באַצאָלן צי נישט, האָט זיך נישט געדאַרפט

זאָרגן, אַז ער וועט חלילה אויף שבת דאַרפן בלײַבן אַ נישט געוואָשענער, אָדער אַ נישט געטובלטער. סיאָמע, זײַן בר־מצוה־בחורל האָט שוין געוווסט וועמען מע דאַרף אַרײַנלאָזן אין מרחץ אָן געלט און נאָך צוגעבן אַ שטיקל זייף און אַ בעזעמל.

סיאָמע איז געווען אַ געזונט יינגל, אַ שיינער, נישט קיין נאַר, זיך גוט געלערנט אין חדר, אי בײַ באָריס קלאָרפעלד. און וואָס עס איז געווען אין גאַנצן אומגעווינטלעך, סיאָמע האָט זיך געלערנט שפּילן פידל בײַ נחום משה דעם ווײַסנס. און אַז ער איז געוואָרן בר־מצוה, האָט שלום געגעבן אַ ספר־תורה אין בעל־עגלהשן שולעכל. בײַ קיווע קצב (ער איז געווען אַ שטיקל קרוב שלומס) אין שטוב (ער האָט געהאַט אַ גרויסע שטוב) האָט מען געמאַכט די שמחה, וואָס איז געווען די איינציקע פון איר מין. די שמחה האָט אָנגעהאַלטן פון כאור הבוקר, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן — פאַרן טראָגן דאָס ספר־תורה אין שול אַרײַן און נאָכן קומען צוריק. יצחקל האָט דרײַ טעג פאַר דער בר־מצווה אָנגעהויבן און אָנגעהאַלטן יעדן טאָג דאָס אויסשרײַען, אַז: „שלום סיראָטאַ בעט גאַנץ שאַרגאָראַד צו קומען צו דער בר־מצוה פון זײַן בן יחיד און לכבוד דער רייניקייט"... שטאָט האָט זיך נישט געלאָזט בעטן, מע איז געקומען. אָרעמעלייט האָבן געקראָגן אי עסן און טרינקען, אי נדבות מיט דער ברייטער האַנט, אַזוי ווי בײַם גרעסטן נגיד. די גאַנצע שאַרגאָראָדער קאַפּעליע האָט גע־שפּילט בשעת מע האָט דאָס ספר־תורה געטראָגן אונטער אַ חופּה אין שול אַרײַן. דער בר־מצוה־בחור האָט אויך געשפּילט אויף זײַן פידל — צוזאַמען מיט די קלעזמערס. שלום מיט זײַן ווײַב יומטובדיק פאַרפּוצטע און גליקלעכע, האָבן געשעפּט נחת. דאָס גאַנצע געלט, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן ווי מתנות פאַרן בר־מצווה־בחור — האָט שלום אַוועקגעגעבן פאַר אַ נײַעם שטיינערנעם גדר אַרום בית־עולם. אַט אַזעלכע פּשוטע ייִדן, פאָלקס־מענטשן האָט שאַרגאָראָד פאַרמאָגט... סיאָמע איז אויסגעוואָקסן אַ פײַנער בחור, געוואָרן אַ דרוקער אין ווענוול ברוך יוספס דרוקערײַ אין שאַרגאָראָד, ער און אַברהם שיינדלס, וואָס איז טאַקע געבליבן בײַם פאַך.

## טיפּן און טאַלאַנטן

בשכנות מיט פישל סיראָטאַ וווינט יחיאל דער פאָלקעס, אַ ייִד אַ הויכער, אַ שמאָלער און אַ דאַרער ווי אַ לולב. יחיאל איז אַ האַלב־מאָדערנער לערער. אַ לץ און אַ „פאַרשלעפּטע קרענק". ס'חיות איז בײַ אים אָפּצוטאָן אַ שקאָצערײַ, אַ שפּיצל. ער האָט שוין אַ מאָל אַראָפּגעדרײַט אַ רעדל פון הערש בערזשעניקס וואָגן, אַוועקגעלייגט דאָס רעדל אויף דער ערד, איבערגעקערט דעם וואָגן מיטן

קאָפּ אַראָפּ איבערן רעדל און איבערגעלאָזט אַ צעטעלע אויפֿן איבערגעקערטן וואָגן וואָס האָט זיך געלייענט בזה הלשון: „הערשקאָ, ני בוד דורנים, אי ני שוקאַי קאָלעסאָ, באָ וואָנאַ טאָבי פּיד — — — לעזשיט“. אויף פּשוטן מאַמע־לשון הייסט עס — „הערש, זײַ נישט קיין בהמה, און זוך נישט ס׳רעדל, ווײַל עס ליגט בײַ דיר אונטערן — איך בעט איבער דײַן כבוד“... געטאָן האָט דאָס יחיאל בײַ נאַכט. פֿאַרשטייט זיך, אַז הערש האָט דאָס רעדל יאָ געזוכט. און — זאָל זיך אײַך דאַכטן — ווי די וועלט האָט אַן עק. עס איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ געזעמל ייִדן, יחיאל איז אויך דאָרטן געווען. מע האָט געלאַכט, און יעדער איינער האָט געגעבן עצות ווי צו זוכן... ביז בערקע איטע־פּײַוולס, איז אײַנגעפאַלן, צוריק אויפֿשטעלן דעם וואָגן. און דאָ האָט מען דערזען דאָס רעדל און ערשט פֿאַרשטאַנען דעם „נאַמיאָק“, דעם רמז... אַוודאי האָבן אַלע זיך אָנגעשטויסן, ווער דער מאַכער איז געווען. אָבער ערשטנס, האָט מען אים נישט געכאַפּט בײַ דער האַנט. צווייטנס, איז הערש בערזשעניק אַ „פֿלאָכע“ ייִד, און אַלץ, וואָס ער האָט געווונטשן דעם בעל השפּיצל איז געווען, אַז ער זאָל איבערקומען אויף פֿישל סיראָטאָס הענט, וועט זיך אים אָפּגלוסטן צו שרײַבן גויִשע בריוועלעך מיט „נאַמיאָקן“, מיט רמזים...

יחיאל דאַוונט אין אַלטן בית המדרש און איז דאָרטן איינער פֿון די חברה לצים, וואָס וואַרפֿט אַ נאַסן האַנטעך אויף אַ ייִדן, וועלכער האָט זיך דערשלאָגן צום עמוד. און ווען מע טוט דאָס בשעת מע שטייט שמונה עשרה, איז גראָד אָט די חברה אַזוי „אַרײַנגעטאָן“ אין דאַווענען — מיט די טליתים פֿאַרוואָרפֿן איבער די קעפּ, אַז איר זאָלט זײַן דער גרעסטער חכם וועט איר נישט טרעפֿן, נישט ווער עס האָט דעם האַנטעך געוואָרפֿן, נישט אַפֿילו פֿון וועלכער זײַט ער איז געקומען. גרויסע ספּעציאַליסטן זײַנען די חברה־לײַט אַזאַ שליח־ציבור יאַקבי „אַרויסצוהעלפֿן“ און אים דערווײַל אַראָפּפֿירן פֿון נוסח, אַזוי, אַז פֿון אַ פּסחדיקן מעריב זאָל אַרויסקומען אַ ימים־נוראימדיקער... בלויז אין מענטשן געלונגט זיי קיין מאָל נישט אַראָפּצופֿירן פֿון דרך, און דאָס איז הערשל שוחט, ווײַל הערש איז אַ ייִד אַ חכם, און איז די רויִקייט אַליין. וויפֿל מאָל חברה האָט פּרובירט די קונצן, זײַנען זיי געבליבן בײַם נאַר... אָנפֿירן מיט דער חברה, פֿירט אָן יאַנקל קאַרש. נאָר ער אַליין באַטייליקט זיך נישט דירעקט אין קיין זאַך. כאָטש אַלע ווייסן, אַז עס איז זײַן קאָפּ דערבײַ, אָדער ווי מע זאָגט דאָס אויף בית־מדרש־לשון „הקול קול יאַנקל, והידים ידי יחיאל“... יחיאל איז דער גלאַוונער אויספֿירער פֿון אַלע יאַנקעלשע פֿאַרטראַכטונגען...

יחיאל דער פֿאָלקעס מיט זײַן משפּחה איז שפּעטער אַוועק קיין אַרגענטינע און טאַקע פֿון אים האָט זיך שטאָט דערוווּסט וועגן „יענע געשעפֿטן“... נאָך מער האָט שטאָט אויסגעפֿונען ווען מאָטל מאַליער, חיים סופֿרס זון, איז צוריקגעקומען פֿון אַרגענטינע... אַגב אָט דער מאָטל מאַליער און זײַן ברודער ברוך

זײַנען געווען אמתע קינסטלער־מאָלער. זיי ביידע האָבן אויסגעמאָלט די שול מיט אַזעלכע וווּנדערשיינע מאָלערײַען, אַז מע פלעגט גיין אויף חידושים קוקן. אָבער די שענסטע אַרבעט האָבן זיי אַרײַנגעלייגט אין דעם סופיט פון שול, וואָס איז איבער די זײַלן און באַלעמער, און וואָס מען רופט בײַ אונדז די „יאַר־מעלקע", אָט דאָרטן האָבן זיי אויסגעמאָלט די צוועלף מזלות מיט וועלכע די שטראַלן פון דער זון, וואָס פלעגן זיך דורכזײַען דורך די קליינינקע פילקאָליר־טע שויבן האָבן אָנגעפירט אַן אייביקן געשפיל. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן, וואָס איך האָב געהערט דאָס וואָרט „פּאַנאָראַמע", איז געווען ווען אָט דער מאָטל מאַליער האָט דערציילט וועגן דעם האַפן אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, דעם בראַזיליאַנער פּאָרט, וואָס ער איז דורכגעפאָרן אויפן וועג אַהיים. און נאָך הײַנט, ווען איך הער דאָס וואָרט „פּאַנאָראַמע", קומט מיר אויף דער מחשבה מאָטל מאַליער...

צווישן גרויסע קינסטלערס פּאָרטרעטיסטן, זײַנען פאַראַן געציילטע, וואָס זייער גרויסקייט ליגט אין מאָלן הענט. און איך האָב אַלע מאָל אַזעלכע הענט באַ־וווּנדערט, אָבער ווען איך דערמאָן זיך אין אמתע לעבעדיקע געמאָלטע הענט וואָס זײַנען אַרויס פון דעם פּענדזל בײַ מאָטל מאַליער, ווי למשל, אַ כהן דוכנט, אָדער ווי צוויי הענט גיבן זיך שלום, קען איך זיך נישט העלפן און מוז צוגעבן, אַז מאָטלס זײַנען געווען די אויסדרוקפולסטע.

**
*

עס לוינט זיך אפשר, ווײַל מיר האַלטן אין רעדן וועגן פאָלקס־טאַלאַנטן אין שאַרגאָראָד, זיך אָפּצושטעלן אויף אייניקע פון זיי.

מיר דאַכט זיך, אַז געהייסן האָט ער דוד־לייב און געווען איז ער אַ שנײַ־דער. האָט דער ייִד געהאַט אַ בחורל, וועלכער האָט געמאַכט שילדן — וויוועס־קעס. כ'געדענק נישט, אַז די געמעלערײַען אַליין זאָלן האָבן איבערגעלאָזט אויף מיר אַ ספּעציעלן אײַנדרוק, נאָר די בוכשטאַבן, די אותיות, וואָס דער בחור פלעגט מאָלן זײַנען געווען לעבעדיקע. לאַכט נישט! נאָר מיר פלעגט זיך אויס־דאַכטן, אַז אָט זײַנען די אותיות אַראָפּ פון דעם געשטעל און פליִען אַוועק ערגעץ אין דער ווײַטקייט... איר ווייסט דאָך מן הסתם פון זיך אַליין, פון אײַער אייגענער דערפאַרונג, אַז אַ קינדערשער געדאַנק קריצט זיך אַ מאָל אײַן אויפן גאַנצן לעבן. ווײַל איך אײַך דאָ דערציילן, אַז ווען מיר האָבן געלערנט וועגן די עשרה הרוגי־מלכות, וועגן די צען גרויסע ייִדישע פירערס, וואָס די רוימישע מאַכט האָט אומגעבראַכט, ווײַל זיי האָבן באַאײַנפלוסט און זיך אויך באַטייליקט אין דעם הייליקן קאַמף קעגן איר. און אויב איר געדענקט האָט מען איינעם פון די תנאָים געוויקלט אין יריעות פון אַ ספר־תורה און אים געברענט אויף אַ שײַטער, און ווען זײַנע תלמידים האָבן אים געפרעגט וואָס ער זעט, האָט ער

**געענטפערט, אַז ער זעט ווי אותיות פליִען... אַז איך האָב דאָס גלייבענט, האָב איך בשעתן לייענען געטראַכט וועגן נחום דוד־לייבס געמאָלענע אותיות וואָס פליִען...**

**
*

ווער פון אײַך געדענקט נישט שאול סופר? האָט ער געהאַט אַ זון משה, איז ער געווען אַ ביסל אַ פרידורקעוואַטע. ער איז געווען אַ פּאַרבער, נאָר נישט פון די געהויבענע. אַז אַן אָרעמער ייִד האָט אַ מאָל געדאַרפט אָפּפאַרבן אַ דאַך אָדער אַ פּאָדלאָגע, פלעגט מען אים נעמען. קיין גוואַלדאָווגע בעל־מלאכה איז ער נישט געווען, דערפאַר פלעגט ער דאָס מאַכן וואָלוול. דאַרף דער משה האָבן אַ פּרעכטיקע טענאָר־שטימע, אַ גוטן אויער און אַ שאַרפן מוזיקאַלישן זכרון. האָט ער געהערט אַ חזן איין מאָל, האָט ער אים געקענט נאָכזינגען און נאָכזאָגן, נישט ערגער פון חזן אַליין. בשעת דער אַרבעט, פלעגט ער זיך צעלאָזן און זינגען די שענסטע קאָמפּאָזיציעס, אָבער דאָס איז געווען נאָר און בלויז, ווען ער האָט געמיינט, אַז קיינער איז נישטאָ און מע הערט אים נישט. אַזוי שנעל ווי עמעצער האָט זיך באַוויזן, איז געוואָרן „אויס קאַנאַריק"... איר זאָלט אים געווען אָפּגילדן, האָט ער מער נישט געעפנט זײַן מויל...

און דאָ קומען מיר צום גרעסטן פענאָמען אין שאַרגאָראָד.

געהייסן האָט ער לייב. גערופן האָט מען אים לעמבאַ. געווען איז אָט דער לעמבאַ אַ שנײַדער. נישט קיין שנײַדער פון נײַע בגדים חלילה, נאָר אַ לאַטוט־ניק. לעמבאַ האָט קוים־קוים געקענט דאַווענען, אי דאָס אויך מיט גרײַזן, האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַ טאַלאַנט, דעם אייגנאַרטיקסטן אין דער וועלט. אַז ער האָט געהערט אַ מגיד, האָט ער אים געקענט נאָכזאָגן די גאַנצע דרשה, מיט אַלע פּסוקים, מיט אַלע אויסטײַטשונגען און פּירושים, מיטן משל און נימשל און בעיקר מיטן ניגון אין אַלע זײַנע איידלסטע וואַריאַציעס און ניואַנסן. ער האָט גראָד פאַר מענטשן קיין פּיצל מורא נישט געהאַט, אַלץ וואָס איר האָט געדאַרפט טאָן, איז בעטן ער זאָל אײַך נאָכזאָגן דעם אָדער יענעם מגידס דרשה, און עס איז אַוועק אַ גאַנג... האָבן זיך מן הסתם קלוגע מענטשן, אָנגעזעצט אויף אים און אים געעצהט ער זאָל אָנהייבן אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און ווערן אַ מגיד, איז אָט הערט אָקאָרשט, וואָס אַ פּשוטער שאַרגאָראָדער ייִד קען אײַך ענטפערן אויף דעם: „קיין למדן בין איך נישט, נאָר איך ווייס, וואָס עס מיינט לא תגנוב — זאָלסט נישט גנבענען... אַז איך ניצעווע איבער אַ בגד, אָדער איך לייג אַ לאַטע, איז דאָס מײַנס. איך טו דאָס מיט מײַנע אייגענע הענט און מיט מײַן אייגענעם וויסן. נאָר אַז איך זאָג אַ דרשה, וואָס איך פאַרשטיי

אַפילו נישט, און מענטשן זאָלן אָננעמען, אַז איך גיב זיי עפּעס מײַנס, איז דאָס גנבה און מיט גנבה פאַרנעם איך זיך נישט...

**
*

דער שרײַבער פון די זכרונות ווייס, אַז די דערינערונגען לאָזן זיך נישט סדרן. און נישט אַלע מאָל קען מען זיך האַלטן בײַ דעם כלל פון פריער און שפּעטער. ער געדענקט אַפילו דעם קלוגן אָנזאָג פון „אין מוקדם ומאוחר", נאָר אַזוי ווי מיר האַלטן פאָרט בײַ טאַלאַנטן, וועלן מיר טאַקע אײַך דאָ געבן אַן אייגנאַרטיק בילד פון אַ פאָלקס־שרײַבערין. ניין, ניין, זי האָט קיין ביכער נישט פאַרפאַסט און זי איז נישט געווען קיין אײַנוווינערין פון דער בעל־עגלהשער גאַס; זי איז אויך נישט געווען די לעצטע פון די פאָלקס־טאַלאַנטן, וואָס שאַרגאָראָד האָט פאַרמאָגט. און אין לויף פון די דערציילונגען וועלן מיר זיך נאָך אָנטרעפן מיט אַנדערע טאַלאַנטן אין שאַרגאָראָד, נאָר, באַשר די פרוי וואָס מיר ווילן דאָ באַשרײַבן האָט באַדינט צום מערסטן „עמך" פון דעם קרײַז אין וועלכן מיר פירן אײַך איצט אַרום, וועלן מיר זי אײַנשליסן אין דעם טייל פון אונדזערע זכרונות.

געהייסן האָט זי שרה־לאה, און געווען אַן אַלמנה. נאָך איצט אין דער צײַט וואָס איך באַשרײַב דאָ האָט זי געהאַט בולטע שפּורן פון אַמאָליקער שיינקייט. געהאַט האָט זי דרײַ יינגלעך וועלכע איר מאַן, וואָס איז געשטאָרבן זייער יונג האָט איר איבערגעלאָזט. זי איז געווען זייער אַן איבערגעגעבענע און געטרײַע מאַמע, געטאָן אַלץ אין דער וועלט, זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שווערער אַרבעט, אַז אירע יינגלעך זאָל גאָר נישט פעלן. זיי געגעבן אַ פײַנע יידישע דער־ציִונג, זיי געמאַכט פאַר גוטע בעלי־מלאכות. וועגן עלטסטן ווייס איך ווייניק. דער צווייטער, עליע, איז געוואָרן אַ צירולניק, דער דריטער, בוליע, אַ יינגל אַ שיינער און זייער גראַטעוונער, איז געוואָרן אַ שנײַדער. די יינגלעך זײַנען אַוועק קיין אַמעריקע. געהאַפּט זיך דאָרטן אײַנצואָרדענען און אַרויסנעמען די מאַמען און דעם דריטן, דעם עלטסטן בחור. איז דער געזונטער, ליכטיקער בוליע, אין אַמעריקע קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז (אין יענער צײַט האָב איך שוין גע־ווּסט וואָס עס מיינט די „פּראָלעטאַרישע קראַנקייט") און געשטאָרבן. עליע, דער עלטערער, האָט פון דער מאַמען געוואָלט באַהאַלטן די שרעקלעכע נײַעס און האָט אין זײַנע בריוו מיט אַלערליי תירוצים פאַרענטפערט בוליעס נישט־שרײַבן. נאָר שרה־לאה איז געווען צו קלוג, אַז מע זאָל זי קענען אָפּנאַרן, חוץ דעם איז שרײַבן בריוו געווען איר לעבנס־באַרוף און זי האָט כמעט איינע אַליין געפירט די קאָרעספּאָנדענץ פאַר אַלע צעריסענע משפחות פון דער אָרעמשאַפט, וואָס האָבן אַליין קיין בריוו נישט געקענט שרײַבן. און סוף־כל־סוף האָט זי דורך פרעמדע אויסגעפונען דעם אמת. איך וועל אײַך נישט באַשרײַבן יענע צײַט, ווען זי האָט די נײַעס באַקומען. מיר איז נאָך איצט שווער, נאָך אַזוי פיל יאָרן, דאָס

צו טאָן. איך וועל בלויז אין דעם קאַפּיטל באַשרײַבן אַ פּרוי, וואָס איז אין קיין „שקאָלעס" נישט געגאַנגען און אפשר קיין ביכלעך נישט געלייענט און דאָך איז זי געווען אַ טאַלאַנטירטע בריוו־שרײַבערין. אירע בריוו, — האָט מען געזאָגט אין שאַרגאָראָד — האָבן געקאָנט רירן אַ שטיין. צי איז דאָס געווען אַ מאַמע, וועמענס קינדער זײַנען צעשפּרייט איבער דער גרויסער וועלט, צי אַ ווײַבל, וועמענס מאַן איז אַוועק קיין אַמעריקע צוליב דעם דלות אין דער היים, צי איז דאָס געווען אַ כלה, וואָס קען אַליין נישט ענטפערן דעם חתנס בריוו, צי, נישט אויסגערעדט זאָל דאָס זײַן — אַן אָרעמער סוחרל, וואָס דאַרף זיך פאַרענטפערן פאַרן הורטאָווניק, וועמען ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט באַצאָלן דעם חוב... — אַלע פלעגן זיי קומען צו שרה־לאהן און זי האָט מיט איר פּערלדיקן כתב און אין אַ וווּנדערלעכן פאָלקס־ייִדיש, לויטער ווי קרישטאָל, געשריבן בריוו. און נישט בלויז דאָס שרײַבן, נאָר אויך דאָס לייענען די בריוו איז געווען אַן אמתע פאָלקסקונסט... נאַכט נאָך נאַכט פלעגן מענטשן קומען זיצן, וואַרטן אויף זייער ריי, און דערווײַל הערן לייענען יענעמס בריוו און פאַרגיסן טרערן פון טרויער און אויך פון זעלטענער פרייד. אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן אַליין געקענט שרײַבן, האָבן גיכער געוואָלט, אַז שרה־לאה זאָל פאַר זיי שרײַבן... פאַר דעם שרײַבן האָט זי קיין מאָל קיין געלט נישט גענומען, כאָטש זי האָט געלט זייער נייטיק געהאַט... „דאָס שרײַבן איז בײַ מיר אַ מתנה פון גאָט, — האָט זי געזאָגט — און פאַר דעם קומט מיר נישט באַצאָלט..."

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איר זון עליע, וואָס האָט אין אַמע־ריקע מצליח געווען, זי אַריבערגענומען אַהער און איר אויף די עלטערע יאָרן פאַרגיטיקט פאַר אירע אַלע צרות וואָס זי האָט אין אירע ייִנגערע יאָרן זיך אָנ־געליטן. אַזאַ כבוד ווי עליע האָט איר אָפּגעגעבן איז באמת אַ זעלטנקייט... זי האָט דאָס אָבער כשר פאַרדינט.

***

ווי שוין געזאָגט, האָב איך נישט אויסגעשעפּט מיט מײַנע באַשרײַבונגען ביז איצט אַלע שאַרגאָראָדער טאַלאַנטן. מיר וועלן נאָך אויף אונדזער וועג באַגעגע־נען גאָט־געבענטשטע מענטשן. שאַרגאָראָד האָט זיי געהאַט אין נישט קיין קליי־נער צאָל. מיט די אויבן אויסגערעכנטע האָב איך בלויז געוואָלט אַרויסברענגען דעם פאָלקס־כאַראַקטער פון אָט די טאַלאַנטן, וואָס קיינער האָט זיי נישט גע־לערנט און נישט קולטיווירט, אָבער זייערע טאַלאַנטן האָבן זיך דורכגעריסן דורך דעם ווילדגראָז פון אָרעמקייט און פּאָליטישער אומפרײַהייט אין דעם „גע־בענטשטן" תחום־המושב...

נאָר דערווײַל שטייען מיר בײַ דער שיינער צוויי־שטאָקיקער דירה, וואָס געהערט צו וואָוויקן. וואָוויק איז אַ ליוועראַנט, האַנדלט מיט פערד און האָט

פרנסה בכבוד. זײַנע געשעפטן זײַנען ראַיעלע און ער איז אַ גרויסער מבין אויף פערד. וואָוויק איז אַ ייד אַ גבר. פאַר אים האָבן מורא אַלע פויערים פון אַרום. מן הסתם ווייסן זיי פאַר וואָס... אָבער דער אמת איז, אַז וואָוויק שלאָגט זיך נישט מיט קיינעם. מע זאָגט, אַז ער האָט געגעבן אַ תקיעת־כף זײַן שווער אין טאָמאַשפּאָל, ווען יענער האָט צוגעשטימט צו געבן אים זײַן טאָכטער, אַ בילד־שיין מיידל פאַר אַ ווײַב — אַז ער וועט זיך נישט שלאָגן... מע זאָגט אויך, אַז אין זײַן יוגנט איז וואָוויק געווען גרינג אויף דער האַנט... אַן אויסנאָם מאַכט וואָוויק בלויז אין אַ מאַרקטאָג, ווען פויערים שיכורן זיך אָן און ווילן אויספּרו־בירן זייערע כוחות אויף יידישע קרעמערס אָדער סוחרימלעך. אָבער עס קומט קיין מאָל נישט צו קיין געשלעג. עס איז גענוג אַז אַ פויער זאָג אַ זאָג טאָן: „וואָ־וויק אידע" — עס הייסט, אָט גייט וואָוויק, אַז דער גאַנצער שוים זאָל זיך אָפּ־זעצן... בלויז איין מאָל האָט געטראָפן אַז וואָוויק האָט אָפּגעטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס שטאָט האָט גערעדט וועגן דעם אַ לאַנגע צײַט. געווען אַ לוטשיניעצער ייד, אויך אַ ליוועראַנט, וואָס פלעגט ברענגען פערד קיין שאַרגאָראָד אויפן יאַריד צו פאַרקויפן, און אויך קויפן, אויב עס האָט זיך געמאַכט אַ מציאהלע. איז עפּעס פאָרגעקומען אַ סיכסוך צווישן אים און וואָוויקן. קיינער ווייסט נישט ווען און ווי אַזוי, נאָר ווען וואָוויק איז אַרייַנגעקומען צו מאָטל קוועטשער אין שענק, האָט מען באַמערקט, אַז עס גיסט זיך פון אים בלוט... ווען מע האָט אים אויס־געטאָן, האָט מען געפונען אַ מעסערל שטעקן בײַ אים אין בויך. וואָוויק אַליין האָט גאָר נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז ער האָט די „ציאַצקע" אין בויך. מע האָט דאָס מעסערל אַרויסגעשלעפּט, גערופן דעם דאָקטער און וואָוויק איז יאַקאָש גע־בליבן וואָוויק... דער לוטשיניעצער ליוועראַנט האָט געשווירן בײַ וואָס איר ווילט נאָר אַליין, אַז ער האָט דאָס נישט געטאָן. געווען אַזוינע וואָס האָבן אים געגלייבט און אַזעלכע וואָס האָבן נישט געגלייבט. וואָוויק אַליין האָט מיט דעם יידן מער קיין עסקים נישט געהאַט און נישט גערעדט צו אים ביז — — — חברה פלעצל האָט זיך אָנגעזעצט אויף וואָוויקן, ער זאָל זיך איבערבעטן מיט זײַן שונא. וואָוויק האָט זיך געוועדט, נישט געוואָלט, און לסוף נאָכגעגעבן, יאַקבי מסכים געווען... און אָט איז מען אַרײַן אין אַ שענק „באַנעצן" דעם שלום. מע האָט געשטעלט טיווערעווער ביר אין שווערע פלעשער, און ווען אַ פלאַש האָט זיך אויסגעליידיקט, האָט וואָוויק מיט איר דערלאַנגט דעם לוטשיניעצער ייד איבערן קאָפּ און זייער רויק אַ זאָג געטאָן: „נו, יאָ, איצטער קענען מיר זיך אי־בערבעטן"... און צו דער חברה האָט ער זיך אויסגעדרייט און דערקלערט בזה הלשון: „יידן, זײַט עדות, אַז דעם תקיעת־כף מיט מײַן שווער עליו השלום, האָב איך בלויז געבראָכן, ווען מע האָט זיך אָנגעהויבן בײַ אונדז שטעכן מיט מע־סערלעך"...

**
*

אין איינער פון די פּיצינקע שטיבעלעך, וואָס טראָגט אויף די אַקסל אַ גראַב־דיעזן, קאָלאָסאַלן ליידיקן צווייטן עטאַזש — וווינט דער איינציקער חסיד אין שאַרגאָראָד פון דעם „טויטן" רבין, ר׳ נחמן בראַצלאַווער ז״ל. זײַן נאָמען איז שלומקע סימע־לאהס. שלום איז דער איינציקער אין שטאָט, וואָס דאַוונט אויפן בראַצלאַווערס שטייגער אין דער סאַדיגורער קלויז, טאַנצט בשעתן דאַוונען, פּאַטשט מיט די הענט מיט אַזאַ התלהבות, אַז ממש ער שאַפט אַרום זיך אַ היק־כוואַליע... די סאַדיגורער חסידים, די גבירים, שמייכלען. די יינגערע צווישן זיי פּרובירן אַ לאַך טאָן אין דער הויך... נאָר גיי טרעף, אַז מרדכי שמש, דער דיק־טאַטאָר, אָט דער וועלכן איר אַלע קענט פּאַר אַ קאַלטן גזלן, בײַ וועמען אַלע גבירים זײַנען אין גלות... גראָד ער שטעלט זיך אײַן פֿאַר שלומקען, פֿאַרהאַלט דעם חזן, אַז שלומקע זאָל צײַט האָבן אַרויסצולאָזן די גאַנצע „פּאַרע", אַז שלומ־קע זאָל קענען „אויסשטיין" שמונה־עשרה. די יונגעלײַטלעך בונטעווען זיך און שרײַען: „אי, אַ, נו..." נאָר אַז מרדכי שמש טוט אַ קלאַפּ אין שולחן און אַ גע־שרײַ: „שטיל זאָל זײַן! דרך־ארץ, פֿאַרכעס!" — פֿאַרזיכער איך אײַך, ווערט שטיל ווי אין אַן אויער... אָז איך וועל צוגעבן, אַז שלומקע איז אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס, וועט די מעשה שוין גאָר זײַן אַ רעטעניש. נאָר איז דאָס די איינציקע רעטעניש? אַדרבה, זײַט אַ חכם און טרעפֿט, ווי אַזוי אַ משפּחה פון זעקס מענטשן קען זיך דאָס „פּאָמיעשטשען" * אין אַזאַ פּיצינקע כאַטקעלע? אָדער ווי אַזוי זיי לעבן, די מענטשן, און קומען צו קיינעם נישט אָן?... אַז איר וועט זוכן רעטע־נישן אין שאַרגאָראָד, וועט איר זיי געפינען מער און גיכער ווי זייער באַשייד...

* *
*

הערש סוחר איז אַן אַלטער ייִד און ליגט שוין צו בעט מכמה יאָרן. לויט דער שיינער דירה אין וועלכער ער וווינט, איז ער מן הסתם אַמאָל געווען אַ נגיד. הײַנט וווינען מיט אים אין דער דירה זײַן זון שמואל און זײַן שנור בעניקל. פון וואַנען אַזאַ „טשודנע" נאָמען, קען איך אײַך נישט זאָגן. נאָר שיין איז זי, די בעניקל, ווי אַ פּרינצעסין און קלוג ווי דער טאָג. ווי אַזוי זי קומט צו דעם חושים שמואלן פּאַר אַ ווײַב, זאָלט איר מיך נישט פֿרעגן. מן הסתם, ווי אַ סך ייִדישע טעכטער וואָס פֿאַלן אַרײַן אין די „זנאַמעניטע" שמאַלצגריבער פון וועלכע דאָס שמאַלץ רינט־אויס, און בלויז די גריבער בלײַבן. שמואל איז אַ הויכער, שטענ־דיק אַ פֿאַרפּוצטער, טראָגט אַ האַרטע שליאַפּע מיט אַ ממזריש חנוודיק שטעקע־לע אין האַנט און גייט אַלע טאָג אויף שפּאַציר. בשעת דעם שפּאַציר קוקט ער תמיד אַרויף צום הימל. וואָס ער זוכט דאָרטן, אין הימל, קען איך אײַך אַקוראַט נישט זאָגן. אפשר וואַרט ער אַז דער מן, וואָס די ייִדן האָבן געגעסן אין מדבר,

---

* אַרײַנפּאַסן, זיך באַזעצן.

זאָל אָנהייבן פאַלן פון שאַרגאָראָדער הימל... ווײַל, שמואל טוט גאָר נישט מפרנס צו זײַן זײַן ווײַבל און דעם אַלטן טאַטן... דאָס שטעקעלע וואָס ער האַלט אין האַנט, דרייט זיך בײַ אים ווי בײַ משה טיטיקס טאַטן די קוטשמע, וואָס ער קלײַבט זיך צו פאַרקויפן אַ פויער... און ווײַל ער קוקט אויפן הימל, שמואל, שטויסט ער זיך אָן און שלאָגט זיך אָן אין יעדן, ווען ער באַגעגנט אויפן וועג, און קריגט אַוודאי זײַן ערך־אויסקומעניש. גלייבט מיר, אַז זײַן האַרטע שליאַפּע האָט זיך שוין נישט איין מאָל געוואַלגערט אין שטויב און אין בלאָטע, נאָר עס זאָל אים אָנהייבן אַרן... עס האָט נאָך קיינער, מיר דאַכט זיך, אים נישט געהערט אויסריידן אַ וואָרט, שוין אָפּגערעדט פון זיך אַנטשולדיקן...

ווען נעניקל האָט געזען, אַז פון שאַרגאָראָדער מן וועט קיין קוגל נישט ווערן, איז זי געגאַנגען און אָפּגעדונגען בײַ גאָלדע באַרמאַק די באַשקע און געעפנט אַ באַקאַליינע קלייטל. און כאָטש דאָס קלייטל איז ווײַט פון מאַרק, האָט זי מצליח געווען. דער סוד פון איר דערפאָלג איז געלעגן אין איר זויבערקייט. בײַ קיינעם, אין די גרעסטע קראָמען אין שטאָט, איז נישט געווען אַזוי ריין, אַזוי אַקוראַט ווי בײַ איר. זי פלעגט שטענדיק גיין אָנגעטאָן שיין און ריין, מיט אַ ווײַס שטײַף פאַרטעכל, און קלעפּן אירע אייגענע פּאַפּירענע בײַטלען, אָנשטאָט די צעלעפּעטע שקאַרמיצן, וואָס אַנדערע קרעמערס האָבן גענוצט. אַז נעניקל האָט געמאַכט אַ פּעקעלע, איז געווען אַ מחיה צו קוקן אויף דעם. און אָט אַזוי האָט נעניקל מפרנס געווען אירע קינדער און דעם חושים שמואל און נאָך גע־פונען צײַט אויפצוהיטן און אויפצופּאַסן אויפן שדוער — הערש סוחר.

## די ערשטע זאַבאַסטאָווקע (שטרייק)

ווען איר טראַכט וועגן אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן — חולאתן, וואָס מע קען זיך מיט זיי אָנגעמען, קומען אײַך אויפֿן זינען: טיפוס, סקאַרלאַטינע, טשאַכאָטקע, כאָליערע און דאָס גלײַכן. נאָר, האָט איר ווען עס איז געהערט, אַז חלשות זאָל זײַן אַנשטעקנדיק? זעט איר, בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד, ווייס איך וועגן איין משפּחה אַזאַ, וואָס אַז איינער חלשט, צעחלשן זיך אַלע. אָבער טאַקע אַלע — אַלע אין הויז. אָנהייבן הייבט זיך עס אָן באַשיידן און טרעפֿט צום מערסטן פֿרײַטיק. די מאַמע האַלט בײַם אַרײַנשטעלן דעם טשאָלנט אין אויוון און טוט פּלוצעם אַ געשריי: „קינדער, איך חלש, שרײַט געוואַלד!”. לויפֿט מן־הסתם אָן די עלטערע טאָכטער און געפֿינט שוין דער מאַמען אויפֿן דיל מיט דער קאָטשערע אין דער האַנט, אָן אויסגעלאָשענע. כאַפּט זי אַ קוואָרט וואַסער און וויל דער מאַמען אָפּגיסן, אָבער איידער זי באַוויזט דאָס צו טאָן — ליגט זי שוין אַליין מיט דער אויסגעגאָסענער ליידיקער קוואָרט אין דער האַנט — אין אַ טײַך — אַ געחלשטע אויף דער פּאָדלאָגע לעבן דער מאַמען... לויפֿן אָן די אַנדערע מיידלעך און ווילן ראַטעווען די צוויי — און צעזען זיך אַליין אויס ווי סנאָפּעס... ביז דער עלטערער זון, אַ זײַדענער יונגערמאַן, וואָס זיצט אין אַ באַזונדערן חדרל און לערנט גמרא — דערהערט אַז מע פֿאַלט, לויפֿט ער אַרײַן אין קיך, דערזעט דעם חורבן, פֿליט אַרויס אויפֿן גאַנעק און שרײַט: „גוואַלד ייִדן, מיר חלשן!” און פֿאַלט אַליין אַוועק אויפֿן גאַנעק. ער וועט דאָך נישט חלשן צוזאַמען מיט אישות, מעגן זיי אַפֿילו זײַן די אייגענע מאַמע און שוועסטערס... אַ גליק, הערט איר, וואָס בשכנות האָט מאַנעס טאַנדעטניק זײַן „מאַסטערסקאַיאַ” און עס אַרבעטן בײַ אים מיידלעך, לויפֿן זיי אַלע אַרײַן און גיבן ראַטונעק... מיט דעם פֿרומען בחור מוז זיך מאַנעס אַליין מתעסק זײַן, ווײַל כאָטש ער חלשט און איז טויט — ווי אַלע טויטע, — לאָזט ער נישט די מיידלעך זאָלן אים אָנרירן... אַפֿילו נישט צוליב פּיקוח־נפֿש. אָט אַזאַ מענטש איז ער זיך...

**
*

מאַנעס איז אַ שנײַדער אַ טאַנדעטניק. בײַ אים אין „מאַסטערסקאַיאַ” נייט מען פֿויערשע לײַבלעך, אונטערגעשלאָגענע מיט וואַטע, רעקלעך פֿאַר פֿויערטעס און אַנדערע בגדים פֿונעם פֿויערישן טראַכט. עס אַרבעטן בײַ אים נאָר מיידלעך.

ער אַליין איז דער צושנײַדער, אַרבעט אין איינעם מיט די מיידלעך און באַ־האַנדלט זיי מיט יושר; זוכט קיין מאָל נישט בײַ זיי קיין מציאות, קיין איבעריקע שעה, ווי אַנדערע שנײַדערס טוען דאָס. אַז עס קומט אונטער אַ חגא, מע דאַרף מער אַרבעטן און מע מוז אַ מאָל אַרבעטן שבת בײַ נאַכט ביז שפּעט — קריגן די מיידלעך אַ גרעסערן לויז, און זיי אַלע האָבן אים טאַקע האָלט. עס שטאַמט מן הסתם פון דעם, וואָס מאַנעס אַליין איז נישט קיין נגיד און ער האָט גאָר אַפילו נישט קיין נגידישע השגות. די אַרבעט בײַ מאַנעסן ווערט געמאַכט נישט פאַר די פּויערים דירעקט, נאָר פאַר די ייִדן וואָס פאָרן אויף יאַרידים און דאַרפן אויך עפּעס פאַרדינען. אויך צו זיי, צו די איבערפאַרקויפערס איז מאַנעס גוט, און אַלע , אַלע האָבן אים ליב. מאַנעס פילט זיך — און פירט זיך נישט ווי אַ באַלעבאָס, נאָר ווי אַ גלײַכער מיט זײַנע אַרבעטערינס. ווייס וועגן אַלץ און האָט אַ וואָרעמען אינטערעס צו זיי. פאַר אים פאַרטרויען זיי זייערע אינטימסטע סודות. און ווערט אַ מיידל אַ כלה, אָדער האָט חתונה, איז מאַנעס דער גאַנצער מחותן. פילט זיך דערפאַר קיין מאָל נישט בײַ מאַנעסן אין „מאַסטערסקאַיאַ״ קיין אָנגעצויגנקייט, נאָר עס איז דאָרטן אַלע מאָל לעבעדיק און פריילעך. דאָרטן קענט איר הערן זינגען פאָלקסלידער, פריילעכע און טרויעריקע. אַלע מיידלעך באַטייליקן זיך אינעם זינגען. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געהערט אַרבעטער און פאָלקסלידער, איז דאָס געוועזן בײַ מאַנעסן אין „מאַסטערסקאַיאַ״. איין ליד פון יענע האָט זיך בײַ מיר אײַנגעקריצט אין זכרון:

„דרויסן גייט אַ רעגן —
אוי, דרויסן גייט אַ רעגן,
און עס פאַ־אַלט אַ שניי,
אַלע מײַנע יאָרן, האָב איך אָנגעווירן —
זיצנדיק שטענדיק בײַם געניי...״

און כאָטש יאָרן שפּעטער האָב איך געהערט יענע און ענלעכע לידער, גע־זונגען פון פּראָפעסיאָנעלע זינגערס, איז דער צאַפּלדיקער רושם פאַרבליבן נישט אַזוי פון זיי, נאָר פון די מיידלעך בײַ מאַנעסן אין „מאַסטערסקאַיאַ״. מן הסתם צוליב דעם, וואָס דאָ זײַנען די לידער געזונגען געוואָרן אפשר מיט ווייניקער טאַלאַנט, נאָר מיט מער האַרץ...

* * *

פונקט דער היפּוך פון מאַנעסן איז משה יהושועס, וועמענס מאַסטערסקאַיאַ עס געפינט זיך נישט ווײַט פון מאַנעסעס. משה איז אַ ייִד אַ בעל־גוף. נייט בורנוסן פאַר די פּויערים דירעקט, קריגט גוט געצאָלט און איז אַ נגיד. משה איז אַ גבר, האַלט שטאַרק פון דער אכילה און גיט זיך נאָך די שמד... ער איז

אײנער פון די צוויי אויף זײַן גאַס, וועלכער מאַכט אַזעלכענע געזײַערטע זאַכן
וואָס האָבן אַ שם אין שטאָט (די צווייטע איז כאַסיע — דער אַלטערקעס). ער
ווייס דעם סוד פון זײַערן די בעסטע אוגערקעס, קוואַסניצעס און אַרבוזן (קאַוועַ־
נעס). איז, אַז עס קומט די צײַט און די אַלע גוטע זאַכן ווערן פּאַרטיק, האַלט ער
אין אײן אַרויפּבריענגען פון קעלער די פֿײַנע געזײַערטע עפּל („קוואַסניצעס״,
רופט מען זיי בײַ אונדז), אוגערקעס אין קריפּ, וואָס פאַרשמעקן די גאַנצע מאַס־
טערסקאַיאַ, אַרבוזן, וואָס האָבן אַלערליי טעמים. שטייט אין מיטן גרויסן חדר
פון דער מאַסטערסקאַיאַ, עסט, שטופּט אין זיך, באַלעקט זיך, רעדט צו די מייד־
לעך — וועגן — און לויבט די גוטע זאַכן. עס האָט נאָך אָבער קיין מאָל נישט
געטראָפן, אַז ער זאָל עמעצן געבן צו פאַרזוכן עפּעס. גייט די מיידלעך איבער
„דאָס האַרץ״, שילטן זיי אים אין דער שטיל, אַז ער זאָל דערוואָרגן ווערן... נאָר
זייערע קללות, ווײַזט אויס, פאַלן אין ים...

דאָרט, בײַ משהן, טאָר מען נישט אויסריידן אַ וואָרט, שוין אָפּגערעדט פון
זינגען. און רק ער זוכט מציאות. עס איז נישט גענוג, וואָס מע אַרבעט בײַ אים
פון פינצטער ביז פינצטער, האָט ער נאָך אַ מיאוסע טבע צו רוקן דעם זייגער
אויף צוריק... נאָר, ווי זאָגט איר, אויף אַלץ קומט אַ צײַט... עס האָט זיך אָנגע־
הויבן רודערן אין שאַרגאָראָד. עפּעס האָט מען אָנגעהויבן ריידן אין שאַרגאָראָד
רייד און ווערטער, וואָס מע האָט נאָך ביז דעמאָלט אין שטאָט נישט געהערט.
מע האָט שטילערהייט זיך געשושקעט, אַז ערגעץ אויפן לאַן, ווו מע גייט שבת
שפּאַצירן, האָבן זיך פון צײַט צו צײַט באַוויזן פרעמדע יונגעלײַט און — אַפילו
מיידלעך, וועלכע האַלטן־אָפּ געהיימע אַסיפות (די פרעמדע באַווײַזן זיך און פאַר־
שווינדן עפּעס נאָר ווי אַ כישוף. טביהלע זייפמאַן, אויף זײַן שאַרגאָראָדער ייִדיש,
רופט זיי „ניעווידימקיס״ *...) מע ווייסט נישט ווי אַזוי און פון וואַנען, נאָר עס
האָבן זיך באַוויזן אין שטאָט געשריבענע און אַפילו געדרוקטע בלעטלעך. „פּראָ־
קלאַמאַציעס״, — זאָגט מען — רופט מען די בלעטלעך און עס שמעקט מיט
סכנות־נפשות, אַז מע האַלט זיי בײַ זיך... אין די בלעטלעך שרײַבט זיך אויף פּשוטן
ייִדיש עפּעס אַזעלכע זאַכן, וואָס דער מוח ברעכט פון זיי... די בלעטלעך גייען
פון האַנט צו האַנט פון די אַרבעטערס, יונגעלײַט און מיידלעך, און מע לייענט
זיי געשמאַק און מיט חשק. איינע אַזאַ פּראָקלאַמאַציע האָב איך אויך געזען דורך
אַ צופאַל. און אָט ווי אַזוי די זאַך האָט געטראָפן. געווען אַ מיידל בײַ אונדז וואָס
האָט געהייסן מלכּה טוטלס. זי האָט געאַרבעט בײַ משה יהושועס לאַנגע יאָרן.
איז לייענען, האָט זי נישט געקענט, נאָר קיין נאָר איז זי נישט געווען. געפינט
זי, די מלכּה, היגטער דער טיר אַזאַ בלעטל, נאָר וואָס עס איז — ווייסט זי נישט.
איין זאַך איז זי זיכער, אַז עס איז נישט קיין בריוו פון דער שוועסטער פון אַמע־

---

* רואה ואינו נראה.

ריקע, ווײַל עס האָט אויף זיך נישט קיין מאַרקע. באַגעגנט זי מיך אין גאַס,
שטעלט מיך אָפּ און בעט מיך, איך זאָל דאָס איר איבערלייענען. און וואָס, מיינט
איר, שטייט דאָרטן אין דעם בלעטל? גאָר נישט, נאָר: „ברידער און שוועסטערס,
איר, וואָס זײַט קנעכט בײַ אײַערע באַלעבאַטים, וואָס זייגן אייער בלוט און טרינ־
קען דעם מאַרך פון אײַערע ביינער. ביז ווי לאַנג וועט איר אַוועקגעבן אײַער
לעבן און געזונט צו די פּיאַווקעס, די באַלעבאַטים? נעמט זיך צונויף, אַלע וואָס
אַרבעטן פאַר אַ הונגער־לוין, און גייט אַרויס אויף אַ „זאַבאַסטאָווקע״ * שטעלט־
אָפּ די אַרבעט! זאָלן אײַערע באַלעבאַטים פּרוּוון מאַכן שנײַדער־אַרבעט אָן אײַך.
נאָר אַזוי קענט איר געווינען אַ מענטשלעך לעבן. מיר דערקלערן אַ שטרײַק.
אונדזערע מענטשן וועלן אײַך באַזוכן אין די קומענדיקע פּאָר טעג און אײַך
זאָגן וואָס צו טאָן. אין אַחדות, בלויז צוזאַמען קענען מיר געווינען בעסערע
שכירות און קירצערע אַרבעטטעג... גייט שוין הײַנט נישט אַרײַן צו דער אַרבעט...
לאַנג לעבן זאָל דער אַרבעטער־קלאַס! לאַנג לעבן זאָל דער אַכט־שעהדיקער אַר־
בעטטאָג! אונטערגעשריבן איז: „דער שטרײַק־קאָמיטעט פון שאַרגאָראָד״. ווי
געפעלט אײַך אַזאַ תרגום־לשון?... מאָלט אײַך, צו פיל האָב איך פון דער פּראָ־
קלאַמאַציע נישט פאַרשטאַנען. אָבער דאָך, האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין מוח
דאָס וואָרט „אַחדות״. האָב איך דערפאַר מלכהן געעצהט, זי זאָל זיך צוזאַמענ־
ריידן מיט אַ פּאָר אַנדערע מיידלעך, וואָס אַרבעטן בײַ משהן, און צוזאַמען זען
אויסצוגעפינען וואָס און ווען. איין זאַך האָב איך יאָ פאַרשטאַנען, אַז די זאַך
שמעקט מיט סודות. און כך הוה. עס האָט לאַנג נישט גענומען און אַלע מיידלעך
האָבן געוווּסט וואָס־ווו און ווער. און עס איז אַוועק אַ גאַנג... אין אַ מיטן מאָנ־
טיק האָט בײַ משה יהושועס אין מאַסטערסקאַיאַ און בײַ אַנדערע בעלי־מלאכהס
זיך אַוועקגעשטעלט אַן אומגעבעטענער יום־טוב. קיינער פון די אַרבעטערס האָט
זיך נישט באַוויזן. די באַלעבאַטים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו די אַרבעטערס
אַהיים, פרעגן וואָס די סיבה איז. דער ענטפער איז געווען אומעטום איינער:
— „ס'איז אַ זאַבאַסטאָווקע״. „איז מיט וועמען קען מען זיך צוזאַמענריידן?״ —
פרעגן די באַלעבאַטים. אויף דעם האָבן אַלע געקראָגן איין ענטפער: אַז שבת
אין דער גרויסער שול בעת קריאת־התורה, וועט מען לאָזן וויסן וואָס די אַר־
בעטערס ווילן, און מיט וועמען מע קען פאַרהאַנדלען... זאָלן די באַלעבאַטים
אַלע קומען אין שול אַרײַן, וועלן זיי אַליין אַלץ אויסגעפינען, וואָס זיי דאַרפן
וויסן... „יאָ, — טענהן די באַלעבאַטים צו די אַרבעטערס, — אָבער וואָס וועט
דערווײַל זײַן מיט אַרבעט?״. „אַרבעט, — איז דער אַלגעמיינער ענטפער געווען,
— וועט זיך נישט אָנהייבן, ביז עס וועט קומען צו אַן אָפּמאַך״...

***

* שטרײַק.

עס פאַרשטייט זיך, אַז שטאָט האָט זיך געוויגט. אומעטום האָט מען געהאַלטן אין איין ריידן וועגן דער זאַבאַסטאָווקע, אָדער „סטאַטשקע", ווי מע האָט דאָס שוין גערופן. כאָטש — גאָט ווייסט פון וואַנען עס האָט זיך גענומען דאָס נײַע וואָרט. די אַרבעטערס אַליין האָבן נישט־וויליק גערעדט וועגן דער „סטאַטשקע". בלויז עטלעכע קאַרגע ווערטער האָט מען געהערט: „אַכט שעה אַ טאָג"... „מער שכירות"... „קיין בײַנאַכטיקע אַרבעט"... „פאַר אַרבעט איבער די געוויינטלעכע שטונדן, זאָל מען קריגן באַצאָלט צווייפאַך"... ווער די פירערס פון דער זאַבאַסטאָווקע זײַנען, האָט מען בשום אופן נישט געקאָנט דערגיין. עס איז געווען אַ חשד, אַז די שטודירנדיקע יוגנט, וואָס איז געקומען אויף „קאַניקולעס" * אַהיים, האָט אַ האַנט אין דעם, אָבער אָנצוכאַפּן אַ פאָדעם איז געווען שווער. עס איז געווען קלאָר, אַז ערגעץ ווו, בחדרי־חדרים, קומען פאַר מיטינגען פון די אַרבעטערס, נאָר ווו און ווען, האָט מען נישט געוווּסט. אַ נײַ וואָרט און נישט איינס האָט זיך באַוויזן אין שאַרגאָראָד. נאָר דאָס איינע האָט געשמעקט מיט אימה — „קאָנספּיראַציע" איז דאָס וואָרט; אַ וואָרט, וואָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ פּחד... מיר, קליינע חברהניקעס, האָבן „גענייוכעט" איבעראַל, געוואָלט דערגיין אַ טאָלק, אָבער גאָר נישט אויסגעפונען. בלויז איך איינער האָב זיך אָנגעשלאָגן אויף עפּעס אַ שטיקל געדאַנק, נאָר אין גאַנצן פאַרשטאַנען האָב איך אים אויך נישט, וואָס דאָ קומט פאָר... געוווינט האָבן מיר דאַן בשכנות מיט בעניע סטאָליער. און לייבעלע בעניע־סטאָליערס, וועלכע האָט געאַרבעט אין מאָליעוו, האָט זיך אין מיטן פלוצעם אַראָפּגעיאַוועט אַהיים און האָט גראָד מיך אויסגעקליבן צו טראָגן קוויטעלעך פאַר אים צו איציע חזנס מיידלעך... די קוויטעלעך האָט ער פאַרחתמעט מיט טריף־וואַקס און מיך אַ חנפע געטאָן, אַזוי ווי ער ווייסט, יאַקבי, אַז איך בין אַ קלוג ייִנגל, געטרויט ער מיר די „קאָנספּיראַציע"... און גיי ווייס, וואָס ער מיינט. אָבער כאָטש איך האָב נישט אַלץ פאַרשטאַנען, און אפשר דערפאַר וואָס איך האָב נישט אַלץ פאַרשטאַנען, האָב איך געוווּסט, אַז איך טראָג פײַער...

לייבעלע בעניעס האָט געטראָגן אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק און אינעווייניק אין היטל איז געווען אַרײַנגענייט אַ רויטע לענטע. ווען ער האָט מיך איין מאָל געזען אַרײַנקוקן אין היטל (איך האָב שוין אַזאַ טבע, אַז אַלץ דאַרף איך זען), האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז אויך וועגן דער רויטער לענטע דאַרף איך האַלטן ס'מויל... גאָטעניו, וואָס טוט זיך דאָ? גאָלע סודות...

דערווײַל שטייען אַלע וואַרשטאַטן ליידיק... די מאַשינען זײַנען איבערגעדעקט מיט ווײַסע לײַלעכער, ווי מתים אין תכריכים, און קיין שטאָך אַרבעט קומט נישט אַרויס.

---

* וואַקאַציעס.

איין אויסנאַם איז יאָ געווען. ביי מאַנעסן האָבן די מיידלעך יאָ געאַרבעט. עס איז אַ סברה, אַז מאַנעס האָט נישט בלויז גלייך נאָכגעגעבן אַלץ וואָס מע האָט געפאָדערט, נאָר אַז ער — מאַנעס אַליין — העלפט גאָר די אַרבעטערס אין קאָמיטעט (אויב איר קענט האַלטן אַ קאָנספּיראַציע — אַ סוד, מיין איך, — וועל איך אייך דערציילן, אַז די גאַנצע צייט פון שטרייק נעכטיקט אַברהם דוד־שייעס ביי מאַנעסן. פרעגט מיך נישט, ווי אַזוי איך ווייס דאָס. מיר איז נישט גרינג אָנגעקומען צו דערקענען אין דעם אַלטן ייִדן מיט דער ווייסער באָרד, אַברהם דוד־שייעס...

**
*

אַרבעט מען ביי מאַנעסן, ווי אַלע מאָל. און די מיידלעך זינגען ביי דער אַרבעט, ווי אַלע מאָל. אָבער גאָר אַנדערע לידער זינגט מען דאָרט היינט. קיין ספק קען איך נישט כאַפּן, נאָר די פּאָר ווערטער וואָס איך דערכאַפּ יאָ, זיינען אָנגעפילט מיט אַ נייעם אינהאַלט. אָט הערט אַליין, וועט איר זען, אַז איבער נאַכט האָט זיך עפּעס געביטן...

„ברידער און שוועסטערס פון אַרבעט און נויט —
צוזאַמען מיר קעמפן פאַר פרייהייט און ברויט..."

אין שטאָט בורעט ווי אין אַ קעסלגרוב... מע דערציילט אַלערליי מעשהס און אַנעקדאָטן וועגן די אַרבעטערס. אָט, למשל, דערציילט מען, אַז ביי די „טיי־נע" (געהיימע) מיטינגען רעדט מען וועגן „קלאַסנקאַמף", קלאַס קעגן קלאַס... וועגן קאַמף וואָס מע מוז פירן קעגן די פּיאַווקעס — די באַלעבאַטים. פרעגן איי־ניקע אַרבעטערס: „און וואָס הערט זיך מיט יענע, וואָס אַרבעטן ביי זייערע איי־גענע טאַטעס?". זאָגט דער אָרגאַניזאַטאָר, אַז אין קלאַסנקאַמף איז נישטאָ קיין טאַטע... (שאַ, איר האָט שוין אַ מאָל געהערט אַזאַ וואָרט, ווי „אָרגאַניזאַטאָר"? און וואָס הערט זיך מיטן וואָרט „עקספּלואַטאַטאָר"? האַ?).

גייט זיך מאיר־לייבס בחורל אַהיים פון אַ מיטינג צוויי אַ זייגער ביי נאַכט, און קלאַפּט אָן אין טיר. פרעגט מאיר־לייב: „קטאָ טאַם" — ווער איז דאָרטן? ענטפערט דער בחור פון יענער זייט טיר: „העי, מאיר־לייב, אָטוואָרי!" (עפן). צעשרייט זיך מאיר־לייב: „אוי, אַ ווייטיק איז מיר, וואָס פאַר אַ מאיר־לייב בין איך דיר?". „וואָס דען ביסטו, מאיר־לייב?". „אַ טאַטע, אַ טאַטע, שאָלטיק איי־נער!" — שרייט מאיר־לייב. „אין קלאַסנקאַמף איז נישטאָ קיין טאַטע!" — טענהט דער בחור, אָט אַזוי, בזה הלשון...

**
*

אָבער צו קיין אַרבעט קומט עס נישט. די מערסטע באַלעבאַטים לויפן אַרום פאַרשמײַעט, ווילן פאָרט דערכאַפּן אַ פּאָדעם, נאָר שטויסן זיך אָן אויף אַ שטיי־נערנער וואַנט. אַ סך פון זיי וואָלטן זיך אַפילו געלאָזט ריידן, אָבער עס איז נישטאָ צו וועמען... זײַנען זיי זיך מישב און רופן אויך אָן אַסיפה. בײַ דער אַסיפה טומלט מען זיך, מע קריגט זיך אַפילו אַרום, מע וואַרפט איינער אויפן אַנדערן די שולד פאַר „איבערצײַען דאָס שטריקל״... ביז אַ פּאָר קילערע קעפּ גיט זיך אײַן איינצושטילן דעם עולם און יאָסל גאָט מאַכט אַ פאָרשלאָג: אַז, באשר די אַרבעטערס גרייטן זיך שבת אין שול צו קומען מיט פאָדערונגען, זאָלן אויך די בעלי־מלאכות נישט קומען מיט ליידיקן. ער שלאָגט פאָר, אַז מע זאָל קריגן עמעצן מיט אַ פען אין האַנט, וואָס זאָל אָנשרײַבן אַ דערקלערונג פון די באַלעבאַטים, ווי אַזוי זיי אַליין זײַנען אויך נישט קיין גבירים, באַדן זיך אויך נישט אין גאָלד; אַז עס איז נישט קיין ייִדישער דרך צו נעמען בגוואַלד, און אַז מע וועט בלויז אַרבעטן אַכט שעה אין טאָג, וועלן אַלע שטאַרבן פאַר הונגער, פעכניען אויפן פּיסק, און אַז עס איז פּשוט אַ גאַזלעוואַניע צו פאָדערן הוספות הײַנטיקע צײַטן...

מע האָט יאָסל גאָטס פאָרשלאָג אָנגענומען, מע האָט יאַקאָש געקראָגן אַ שרײַבער. אָנגעשריבן די דערקלערונג, זי געבראַכט און געלייענט בײַם מיטינג פון די באַלעבאַטים. שטעלט זיך אויף משה יהושועס און הייסט צושטעלן בײַם סוף פון דער דערקלערונג, אַז אויב די אַרבעטערס וועלן טאַקע זײַן פאַרעקשנט, וועלן די באַלעבאַטים ווו אַ טיר עפנט זיך...״

עס איז געוואָרן אַ שטיקל סומאַטאַכע, ווײַל אפרים ליטוואַק, ישראל און יאָסל גאָט און עטלעכע אַנדערע אָנשטענדיקע בעלי־מלאכהס — האָבן פּראָטעס־טירט און זיך קעגנגעשטעלט דעם פאָרשלאָג. אָבער אַז מע האָט גענומען די זאַך צו אַן אָפּשטימונג, האָבן געוווּנען די אָנהענגערס פון דעם סטראַשונעק...

איז אויפגעקומען די פראַגע „מי ומי?״ — ווער עס זאָל דעם דאָקומענט פירלייענען אין שול. צו פיל „אַכאַטניקעס״ דאָס צו טאָן, האָבן זיך נישט גע־פונען. האָט זיך אויפגעשטעלט חיים־אליהו (גערופן האָט מען אים, „חאַמעליע״), אַ גרינג, לאַנג און דאַר שנײַדערל, וואָס איר וואָלט פאַר אים קיין צווי צעבראָ־כענע גראָשנס נישט געגעבן — און וואָלונטירט צו גייך מיט אָט דעם דאָקו־מענט אין דער גרויסער שול און אים פירלייענען. עס איז אַפילו געווען אַ פראַ־גע, צי קען ער לייענען, דער בעל־דבר. אָבער חיים־אליהו האָט צוגעזאָגט זיך גוט אײַנצוחזרן און לייענען ווי אַ וואַסער...

מערקווירדיק איז געווען, וואָס אין שטאָט איז די סימפּאַטיע פון אַלעמען געווען מיט די אַרבעטערס. ייִדן האָבן זיך דאָס נישט פאַרגונען אַרויסצורייד מיטן מויל, נאָר געפילט האָט זיך, אַז זייער האַרץ איז אויף דער ריכטיקער זײַט. די עטלעכע טעג פאַר שבת, האָט די גאַנצע טומלעניש זיך בלויז געדרייט

צווישן ייִדן. נישט־ייִדן האָט מען נישט דערציילט וועגן דער געשעעניש און אַוודאי נישט דער „וואָסט".

און אָט איז געקומען שבת. מע האָט זיך געשטעלט דאַוונען אין שול, אָבער מע האָט געדאַוונט אין איילעניש און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, געוואָלט טרעפן ווער איז ווער, און וואָס איז וואָס. ווער וועט דאָס זיין דער ראש־המדברים פאַר די אַרבעטערס. אָבער די אַרבעטערס אַליין, ווי נישט זיי מיינט מען — זיינען געזעסן אַריינגעטאָן אין דאַוונען, און אפשר האָבן זיי זיך געמאַכט, אַז זיי דאַוונען. מע האָט נישט געקענט טרעפן, ווער פון זיי עס וועט אויפטרעטן מיט טענות. אין שול זיינען אויך געווען כמעט אַלע פון דער שטודירנדיקער יוגנט, אָבער אויך זיי האָבן זיך געמאַכט געפּגרט.

אין דער זעלבער צייט האָט כאַמעליע — צי דערפאַר וואָס ער האָט געוואָלט מאַכן רעפּעטיציע אין אַ זיכערן פּלאַץ, צי דערפאַר וואָס ער האָט געדענקט אַז צווישן די גבירים וועט ער קריגן סימפּאַטיע — זיך פריער אַריינגעשטעלט אין דער סאַדיגורער קלויז און געבעטן מע זאָל אים אויסהערן. מע דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אין יענער קלויז האָט געקיניגט מרדכי שמש. נאָר, ווייזט אויס, אַז ניסים טרעפן דאָך אַ מאָל. מרדכי האָט אים דערלויבט צו ריידן. און אָט שטעלט זיך כאַמעליע אַוועק און לייענט־איבער דעם דאָקומענט ווי אַ וואַסער. דער עולם הערט זיך צו צו די טענות פון די באַלעבאַטים... אויף זייערע פּנימער איז נישט צו דערקענען, צי זיי זיינען פאַר אָדער קעגן... כאַמעליע לייענט און קומט בשלום צום סוף פּסוק, ווו עס זאָגט זיך, אַז די באַלעבאַטים ווייסן ווו אַ טיר עפנט זיך... הערשל מעניעס איז די גאַנצע צייט געזעסן מיט די הענט איבער די אויגן און זיך צוגעהערט. אַז עס איז געקומען צום לעצטן פּסוק, האָט ער זיך אויף גיך אויפגעהויבן און אַ פרעג געטאָן: „הא, וואָס האָסטו געזאָגט? איר וועט גיין מסרן ייִדן פאַר פאָדערן אַ גרעסער שטיקל ברויט?..." מער האָט מען נישט באַדאַרפט. מרדכי שמש האָט אַרויסגעשאָסן בלויז איין וואָרט: „אַרויס!!!"...

**
*

מיר קערן זיך איצט אום אין דער גרויסער שול. די אַרבעטערס האָבן געוווסט פון דער „סאָטשיניעניע" וואָס חיים־אליהו דאַרף לייענען. עטלעכע פון זיי זיינען געשטאַנען אין פאָליש און געטשאַטעוועט אויף אים, כדי אים נישט אַריינצולאָזן אין שול. און ווען ער איז אָנגעקומען אַ דערשלאָגענער פון דעם קבלת־פּנים אין דער סאַדיגורער קלויז, האָבן זיי אים אַרומגערינגלט און געלאָזט וויסן, אַז ער וועט נישט ריידן... מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען לאָזער גאַרצנשטיין און האָט דערקלערט די אַרבעטערס, אַז עס איז קיין דרך נישט איבער גוואַלד עמעצן נישט צו לאָזן ריידן... פּונקט דער היפּוך, טאָקע ווען מע וועט אים לאָזן ריידן, וועט פאַר מענטשן ווערן קלאָר ווער עס איז גערעכט...

מע האָט אַרויסגענומען אַ ספר־תּורה, אַרויפגעבראַכט אויפן באַלעמער, אַוועק־געלייגט אויפן שולחן, און יאָסל חיים־ריוועלעס דער בעל־קורא, האָט שוין אָנ־אָנגעשטעלט די כּלי אויפצורופן עמעצן במקום כּוהן... אַז מיט אַ מאָל וואַקסט־אויס, ווי פון אונטער דער ערד, אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאַס, איידל פּנים, פײַער־דיקע אויגן און אַ שעוועליורע פּעך־שוואַרצע האָר, אָנגעטאָן אין אַ מאַקסים גאָרקי־רובאַשקע מיט אַ שנור אַרומגעוויקלט. אין איין זײַט, לעבן אים, שטייט אַברהם דוד־שײַעס, אין דער צווייטער לייבעלע בעניע סטאָליערס. הלל שמש טוט אַ קלאַפּ אין דעם אַלטן לעדערנעם קישעלע וואָס איז אָנגעפּראָפּקעוועט מיט לעגענדעס, און רופט אויס: „מכריז ומודיע! דער יונגערמאַן וויל עפּעס זאָגן".

דער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן רעדן. אַ שטימע האָט ער געהאַט אַ זיל־בערנע און פּערל האָבן זיך געשאָטן פון מויל. ער האָט געמאָלן אַ בילד פון קאַטאָרזשנער אַרבעט, וואָס גיט נישט גענוג אויף אַן אָרעם לעבן. פון יונגע מיידלעך וואָס ווערן פאַרוועלקט בײַ דער עבֿודת פּרך. ווי נישט מענטשלעך און בעיקר נישט ייִדיש אַזאַ צושטאַנד איז. ער האָט באַוויזן מיט פּסוקים פון דער תּורה וועגן די דינים פון אַרבעט, אַז נישט נאָר איז אַזאַ צושטאַנד נישט מענטש־לעך נאָר בפירוש לויטן ייִדישן דין אַ האַרבע עבֿירה...

די שנײַדער באַלעבאַטים האָבן אָנגעהויבן טאָרען כאַמעליען, ער זאָל אַרויפ־גיין לייענען זײַן דערקלערונג. כאַמיעלע איז אַרויף. די דרײַ האָבן געמאַכט פּלאַץ פאַר אים צו רעדן. נאָר צו קיין רעדע איז נישט געקומען. כאַמעליע האָט אָנ־געהויבן שטאַמלען און גיך פאַרענדיקט בזה הלשון: „ייִדן, איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז — אַז איך האָב גאָר נישט וואָס צו זאָגן"...

נאָך דעם האָט דער יונגערמאַן דערקלערט, אַז יעדער באַלעבאָס, וואָס וויל דורכקומען מיט זײַנע אַרבעטער זאָל זיך ווענדן צום קאָמיטעט פון וועלכן „חבֿר" אַברהם קרעדיטאָר איז פּאַרזיצער, צום קאָמיטעט פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין...

וועגן דעם ווי אַזוי מען איז דורכגעקומען מיט די באַלעבאַטים, וואָלט מען געקענט שרייבן גאַנצע קאַפּיטלעך, נאָר אַזוי ווי מיר האָבן נאָך אַ סך, זייער אַ סך צו דערציילן, וועלן מיר אײַך הײַנט בלויז געבן איין בײַשפּיל ווי אַזוי משה יהושועס האָט זיך פאַרפּוצט אין זײַנע אָרעמסטע בגדים און געקומען וויינען, אַז נאָך אַלעמען איז ער פּונקט אַזאַ אַרבעטער ווי די וואָס אַרבעטן בײַ אים. אַז ער איז גוט צו די מיידלעך, ער גיט זיי ראָסל פון די געזײַערטע אוי־געריקעס בחינם, גייט צו זיי אויף די חתונות, לאָזט זיך קאָסטן אַ „קליין קערבל" דרשה־געשאַנק און בעיקר ער אַרבעט פּונקט אַזוי שווער ווי זיי... אויף דעם האָט אים אַברהם דוד שײַעס געענטפערט קורץ און שאַרף און צום פּונקט. אַז דער ראָסל וואָס ער גיט זיי אומזיסט, האָט ער נישט צוגעטראַכט, אַז דאָס איז אַן אַלטער כּלל, איידער מען שעכט דעם אָקס גיט מען אים פרײַער טרינקען, ער זאָל זיך לאָזן שינדן... איז מען אים דערפאַר מוחל דעם ראָסל. און אַז אַ

„סליין קערבל" דרשה־געשאַנק איז מען אים אויך מוחל. אַז די מיידלעך וועלן פאַרדינען געגוג וועלן זיי זיך נישט דאַרפן ראַדעווען אויף זײַן „האַלב קערבל" דרשה־געשאַנק. און וועגן דעם וואָס ער אַרבעט נעבעך אַזוי שווער, איז אַזוי די מעשה: אַ באַלעבאָס איז פרײַ צו טאָן מיט זיך וואָס ער וויל... ער קען אַפילו אַרויפגיין אויפן דאַך פון שול (שמחת תורה ווען שײַע סטאָליער עפנט דאָס טירל צו אַרויפגאַנג און וואַרפט עפּעלעך) און זיך אַראָפּוואַרפן, וועט אים קיינער קיין קרום וואָרט נישט זאָגן. ווײַזט אויס אַז יענקל האָט פאַרשטאַנען דעם „טאָנ־קי נאַמיאָק"[1] און האָט זיך צעשריבן אויפן קאָנטראַקט ווי אַ טאַטע...

די קאָנטראַקטן האָט געשריבן שמעון דוד בלאָוושטיין זיכרונו לברכה, אַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט אין יענע יאָרן, וואָס האָט מיט זײַן הויכער מאָראַל באַאײַנפלוסט אַ גאַנצן דור אין די שטורעמדיקע ערשטע צוויי צענדליק פון הײַנטיקן יאָרהונדערט. מיר וועלן זיך מיט אים נאָך באַגעגענען אויף אונדזער וועג.

דער שפּיץ איז, אַז פון דעמאָלט אָן האָבן אַרבעטער און באַלעבאָטים אָנגעהויבן לעבן ווי מענטשן. מע האָט מער צײַט געהאַט און זיך אָנגעהויבן לערנען לייענען און שרײַבן. אין דעם האָבן די זעלבע כוחות, וואָס האָבן זיי געהאָלפן געווינען דעם שטרײַק, אויך איצט געהאָלפן.

און אַברהם דוד שײַעס? אויך מיט אים וועלן מיר זיך אויף דעם וועג אונדזער נאָך באַגעגענען...

## ר' אַהרן זוסיע לייבס

אַנטקעגן זלמן האָדלס שטייט כאַסיע גיטל ציפּרעס הויז. אַז איר וועט מיך פרעגן, וועל איך אײַך ראָטן צו האַלטן זיך פון דער ווײַטנס פון אָט דעם הויז. נישט חלילה דערפאַר, וואָס די מענטשן וועלכע וווינען דאָרטן זײַנען נישט קיין אָנשטענדיקע, שלעכטע, אָדער בייזע. נאָר צוליב דעם, וואָס די גאַנצע משפחה — נישט פאַר אונדז געדאַכט — לײַדט פון טשאַכאָטקע... אַלע אַלע הוסטן מע זאָגט זיי שפּײַען מיט בלוט... אַז עס קומט די נאַכט קען קיינער אויף יענעם געסל נישט צוטאָן קיין אויג. אַלע האָבן זיי רויטע בעקעלעך, און אַלע ווי אויף צו להכעיס זײַנען שיינע, זייער שיינע. דער דאָקטאָר מאַנאַסטירסקי גייט אַהין אַרײַן יעדן טאָג, נאָר ער זאָגט, אַז ער קען זיי נישט העלפן. זיי דאַרפן האָבן פרישע לופט אין סאָסנאָווע וועלדער, און גוטע נאַרהאַפטיקע שפּײַז... איז פון וואַנעט, איך בעט אײַך, קען דאָס קומען? אַז קיינער דאָרטן אַרבעט נישט, און

[1] ידעליקאָטער רמז.

קיין צדקה וועלן זיי נישט נעמען. קיינער וועט גאָר נישט וואַגן אָנצובאָטן זיי עפּעס. דער איינציקער מענטש, וואָס האָט יאָ פּרובירט אַרײַנצוגיין אַהין און פאַרשלאָגן הילף איז הערשל מעניעס. ער האָט אַפילו אָנגעשריִען, אַז מענטשן האָבן נישט קיין רעכט צו צעשטערן זייער אייגן לעבן. נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. זייער ענטפער איז געווען איינער: „מיר וועלן קיין נדבות נישט נעמען"... אָבער וואָס עס האָט זיך קיינעם נישט אײַנגעגעבן, האָט אויסגעפירט איין מענטש. אַ מענטש, וואָס האָט בלויז צוויי זאַכן געטאָן אָפּענערהייט: איינס, ער איז געווען אַן איין־מענטש־אינסטיטוציע פון לינת־הצדק. און צוויי, יעדן שמחת־תורה האָט ער זיך פאַרפּוצט אין אַ קאַפּאָטע אויף דער לינקער זײַט, מיט אַ הויכער וויב־טערדיקער קוטשמע אויפן קאָפּ, און אַ גרויסן זאַק אויף די פּלייצעס. זיך גע־מאַכט יאַקבי שיכור און זיך אַרויסגעלאָזט איבער ייִדישע הײַזער אין שטאָט. אָנגעקלאַפּט אין יעדער טיר מיט „אַ גוט יום־טוב"! און ווען מע האָט געעפנט די טיר, האָט ער אַ זאָג געטאָן „אַ בולקע! אַ בולקע!" דאָס איז אָבער געווען בלויז בײַ די ערשטע פּאָר הײַזער, וואָס ער איז געווען אַליין חברה קליינוואַרג אַז זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן פאַרזאַמלען אַרום אים. מיט־געגאַנגען, געענטפערט אויף זײַן „גוט יום־טוב"! „גוט יאָר"! און אַלע צוזאַמען האָבן שוין אין כאָר געזונגען „אַ בולקע — אַ בולקע!" אַזוי, ביז דער זאַק האָט זיך אָנגעפילט מיט כל טוב. ווילט איר חלה איז חלה, קאָרזשיקעס איז קאָרזשי־קעס, אַ פּולקע פון אַ הון גייט אויך נישט צופּוס. מע האָט דאָס נאָר געדאַרפט אײַנוויקלען אין פּאַפּיר. מיט געפילטע פיש, פּראַקעס פון קרויט, אַ שטיק פלייש, אָדער אַ שטיק קוגל האָט מען זיך אויך נישט געוואָרפן. ווען אין איניקע הײַזער האָט מען אים געוואָלט מכבד זײַן מיט משקה, האָט ער אָבער געזאָגט, אַז ער האָט שוין הײַנט צו פיל געטרונקען און ער דאַרף האָבן אַ לויטערן קאָפּ צו טרעפן אַהיים... און כדי מע זאָל אים גלייבן אַז ער איז טאַקע בגילופין, האָט ער זיך גוט צעוואַרעמט און געפּראַוועט די פאָרשטעלונג נאָך פרייליכער, און אויפן וועג האָט ער אָנגעהויבן אויסרופן צו די קינדער „צאָן קדשים" און זיי האָבן געענטפערט „מעעעעע". אַז גאָט האָט געהאָלפן ער האָט שוין געהאַט אָנ־געפילט אַ פּאָר זעק, האָט ער זיי אַוועקגעשטעלט אין מיטן גאַס, אויסגעשטעלט אַלע ייִנגלעך אַרום אין ראַנד און אָנגעהויבן צו זינגען:

האדרת והאמונה לחי העולמים —
הבינה והברכה לחי העולמים.
מי זה, ואיזה הוא? — זאָגט זשע קינדערלעך;
זה אלי ואנוהו,
אלוהי אבי וארוממנו...

וואָס ווײַטער ווערט דאָס זינגען וואַרעמער. אַרום די זינגערס זאַמלען זיך צונויף דערוואַקסענע ייִדן. גיבן אונטער היץ, ווערן אַליין אויך דערוואַרעמט און

אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, פאַרוואָרפט מען האַנט אויף אַקסל און מע הייבט אָן טאַנצן, פריִער באַדאַכט און ווי עפּעס נישט זיכער — נאָך אַלעמען איז מען דאָך טאַטעס פון קינדער, אייניקע אַפילו — זיידעס פון אייניקלעך, נאָר די קינ־דער און בעיקר אונדזער העלד, דער פירער פון דער כאַליאַסטרע, זײַנען שוין אַרײַן אין אַזאַ התלהבות, אַז זיי שטעקן אָן אַלעמען... און דער טאַנץ אַרום ר׳ זוסיע לייבס מיט זײַנע אָנגעפּילטע זעק ווערט ממש אַ שטיק פּײַערדיקע שמחה און האַלט אָן אַזוי לאַנג ביז עמעצער שרײַט אויס: „ייִדן, צײַט צו גיין דאַווענען מינחה!" דעמאָלט צעגייט זיך דער עולם. ר׳ אַהרן טראָגט אַוועק די זעק צו ריווע דער מעכלקע און זי וועט שוין אײַנטיילן דעם אוצר צו די ריכטיקע נויט־באַדערפטיקע...

ווער איז ר׳ אַהרן זוסיע לייבס?

ר׳ אַהרן זוסיע לייבס איז אַ גלעזער. נאָר נישט פון די גלעזער, וואָס שטעלן אַרײַן טאַפליעס (שויבן) אין די פענצטערס. זײַן פאַך איז רעמלעך און גלאָז פאַר בילדער. אַוודאי וואָלט ר׳ אַהרן געוועזן צופרידן, מע זאָל אים ברענגען אַזעלכע אַרבעטן, וואָס זײַנען ייִדישלעך, ווי למשל אַ מזרח, אַ יאָרצײַט־טאָוול, אַ בילד פון דער הייליקער שטאָט ירושלים, פון כותל המערבי, פון דער מערת המכפלה, פון דער מאַמע רחלס קבר, אַ בילד פון ווילנער גאון, פון ר׳ יצחק אַלחנן, פון ר׳ משה מאָנטעפיאָרע און אַפילו פון דאָקטאָר הערצל, כאָטש דער לעצטער טראָגט נישט קיין יאַרמעלקע. אָבער ער ווייסט, ר׳ אַהרן, אַז עס איז בעסער אַ ייִד אָן אַ יאַרמעלקע איידער חלילה אַ יאַרמעלקע אָן אַ ייִדן... ר׳ אַהרן איז נישט קיין פרומאַק. ער הערט, וואָס מענטשן רעדן. מע זאָגט, אַז דער דאָקטאָר הערצל, וואָס קוקט אויס ווי אַ מלך, איז אַ גרויסער מענטש און נאָך אַ גרעסע־רער ייִד... נו, איז ער אים מוחל די יאַרמעלקע... ער גלאָזט און מאַכט אויך רעמלעך פאַר בילדער, וואָס קומען אָן צו ווײַבער פון זייערע מענער, און צו טאַטע־מאַמע פון זייערע קינדער אין אַמעריקע, עס געפעלט אים, וואָס אין יענעם ווײַטן לאַנד, ווערן אָרעמע מענטשן גאַנצע פריצים... אָבער פון די אַלע אַרבעטן קען מען נישט מאַכן קיין שבת... און מאַכן שבת, מיינט בײַ ר׳ אהרנען, נישט בלויז שבת פאַר זיך... מוז ער אויך אָננעמען גוייִשע אַרבעט. סע הייסט, בילדער פון „זייערע הייליקע" און פון „אים אַליין" דעם סטאָליער פון נצרת... פילט זיך ר׳ אַהרן עפּעס אַ ביסל זינדיק. און כדי זײַן געוויסן זאָל אים נישט פּלאָגן, האָט ער אויף זיך גענומען אָן אויפגאַב, וואָס איז אים אי צום האַרצן, ווײַל ער איז אַ מזג טוב, אי עס איז בפירוש אַ גרויסע מצוה. יאָרן און יאָרן ווייסט גאַנץ שטאָט, אַז עמעצער איז קראַנק, און די בני־בית זײַנען אויסגעמאַטערט, פאַלן פון די פיס, קומט מען צו ר׳ אַהרנען צו יעדער צײַט, בײַ טאָג צי בײַ נאַכט, אין שיינער פּאַגאָדע, צי אין אַ זאַווערוכע, ער האָט נאָך קיינעם נישט געזאָגט „ניין". און נישט בלויז זיצט ער אָפּ נעכט מיטן חולה, נאָר ער האָט

זיך מיט דער צײַט אויסגעלערנט אַ ביסל דאָקטאָריע. האָט זײַנס אײגנס אַ פענכער פאַר אײַז, אַ קאַנע (אַ קליסטיר), באַנקעס, און אין די לעצטע יאָרן אַפילו אַ טראַליעס (טערמאָמעטער). איבערלאָזן אַ חולה מיט ר׳ אַהרנען אויף בײַ נאַכט, איז שוין אַליין אַ האַלבע רפואה...

ער איז נישט קיין בעל־דברן, ר׳ אַהרן, רעדט נישט קיין איבעריקע רייד, נאָר טראַכטן — טראַכט ער אַ סך׳ מאַלט אײַך: קיין גבירים רופן נישט ר׳ אַהרנען צו זיצן מיט זייערע חולאים. זיי קאָנען זיך פאַרגינען צו דינגען עמעצן. און פאַר געלט גייט ער נישט. ר׳ אַהרן האָט זיך אין זײַן לעבן אָנגעזען מיט געננוג נויט... און כאָטש אַליין נישט קיין נגיד, טוט ער פון דעסטוועגן, וואָס ער איז ביכולת. אָבער דאָס אַלץ איז ווי אַ טראָפּן אין ים... טענהט ער אין דער שטיל: „עך, טי רבונו של עולם, ווען דו ווײַזט עפּעס אַ נס און שיקסט מיר צו"... און דערשרעקט זיך אַליין פאַר דעם ווילדן געדאַנק. פון וואַנען וועט זיך נעמען אַ נס? אַ גלח וועט פאַרלירן?...

ווײַזט אויס, אַז נסים טרעפן יאָ. דעם מאָל האָט אַ נס געטראָפן, און צו דעם ריכטיקן פאַרשוין. זײַנער אַ קרוב (מיר דאַכט זיך, אַ ברודער), אַ גרויסער עושר, איז געשטאָרבן אָן קינדער און עס איז געבליבן אַ ירושה פאַר אים און זײַן ברו־דער חיים. חיים האָט זיך תיכף גענומען צו גרויס מסחר, „געשמיסן מיט דער בײַטש" און לסוף זיך גאָר אַרויסגעצויגן פון שאַרגאָראָד קיין וויניצע. אונדזער ר׳ אַהרן האָט פאַר זיך פּערזענלעך גאָר נישט געביטן. די זעלבע אַרבעט, דער זעלבער באַשיידענער שטייגער לעבן. נאָר די אָרעמע, די קראַנקע מיט וועלכע ער איז אַ גאַנץ לעבן געווען פאַרבונדן, זיי האָבן גלײַך דערפילט דעם שינוי, דעם בײַט... דער גוטער ר׳ אַהרן האָט געבראַכט ווו נאָר ער איז געקומען, נישט בלויז אַ וואַרעם האַרץ, נאָר אַן אָפענע האַנט... ר׳ אַהרן האָט אָנגעהויבן אָנפילן דעם קעלער פון דוד־שײַעס תלמוד־תורה מיט אײַז, וואָס איז געווען גענוג פאַר די קראַנקע פון שאַרגאָראָד אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר. און יעדע זאַך וואָס ער האָט געטאָן סײַ פאַר דעם יחיד, סײַ פאַר דעם כלל, איז געטאָן געוואָרן בסתר, באַשיידן, אָן פּאָמפּע... און ווו מע האָט זיך געשעמט צו נעמען — האָט ער אונ־טערן קישן געלאָזן. אָט אַזאַ ייִד איז געווען ר׳ אַהרן זוסיע־לייבס...

איצט וועט איר שוין אַליין טרעפן, אַז עס איז געווען ר׳ אַהרן זוסיע־לייבס, וואָס האָט געפועלט בײַ כאַסיע גיטל ציפּערס משפּחה, זיי זאָלן פאָרן אויף זײַן חשבון קיין באַיערקע, וואָס ייִדן האָבן גערופן בויבעריק, און וואָס האָט זיך גע־פונען אין מיטן פון די שענסטע און רײַכסטע סאָסנאָווע וועלדער פון דער אוי־קראַיִנע, און ווען עס איז זיי בעסער געוואָרן, האָבן זיי זיך קיין שאַרגאָראָד נישט אומגעקערט, נאָר זיך באַזעצט אַרום באַיערקע, אין קיִעווער גובערניע, און אָנ־געהויבן אַ לעבן אויף ס׳נײַ...

ניין, מײַן פען איז נישט רײַך גענוג צו געבן אַ פולן תיקון צו אָט דעם פשוטן נאָר גרויסן ייִד — ר׳ אַהרן זוסיע־לייבס זכרונו לברכה.

## ר׳ שייע, — אַן עפּעלע!

אַז איר לייענט בײַ י. ל. פּרצן, אָדער ווען איר הערט די לעגענדע פון פּאָלקס מויל, וועגן דעם בחור, דעם ישובניק, וועלכער האָט נישט געקענט קיין תמונת־אות, און דאָך אויף זײַן אופן געזוכט און געפונען, אָדער בעסער גע־זאָגט — דערפילט דעם, וואָס לעבט אייביק; געוואָלט אים דינען, נאָר נישט געוווּסט ווי אַזוי, און ווי נאָך לאַנגע טראַכטענישן עס איז אים אײַנגעפאַלן, אַז מיט פײַפן — דורך אַרײַנלייגן צוויי פינגער אין מויל, ווי עס טוען דאָס פּאַסטו־כער פּאַר נאַכט־צו, ווען זיי דאַרפן צונויפזאַמלען זייערע טשערעדעס — קען ער דעם רבונו של עולם מהנא זײַן. און ווי איין מאָל, ווען טאַטע־מאַמע ברענגען אים אויף יום־כיפור אין שטאָט אַרײַן, קיין בערדיטשעוו, נעמען אים אין בית־המדרש אַריין, ווו ער זעט אַ סך ייִדן זיך „מאָליען״* און ווי ער איז זיי מקנא, ווײַל אויך עפּעס טאָן, נאָר ווייסט נישט וואָס... און ווען עס קומט צו נעילה און ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, וואָס פלעגט אַליין דאַוונען נעילה, שטייט מיטן טלית איבערן קאָפּ אַ פאַרזאָרגטער און אין טיפע כוונות, ווײַל ער — דער באַר־דיטשעווער — זעט וואָס עס טוט זיך אויבן; זעט ווי דער קטיגור האַלט אין איין וואַרפן ייִדישע עבירות אויף דער וואָגשאָל, און ווי דער סניגור, נעבעך, ווערט וואָס אַ מאָל שוואַכער און שוואַכער... ווי דער גאַנצער עולם מתפללים האַלט־אײַן דעם אָטעם אין מורא און פּחד... דערהערט זיך אַ שאַרפער פײַף, ווי דער הימל וואָלט זיך אין צווייען געשפּאָלטן... ווי דער בחור, וואָס האָט דעם פײַף אַרויסגעלאָזן, האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר דעם פײַף, אַרויפגעוואָרפן די שטיוול אויפן אַקסל און זיך געלאָזט לויפן צוריק אין דאָרף אַרײַן. ווי ר׳ לוי יצחק וואַרפט אַראָפּ דעם טלית פון קאָפּ און שרײַט־אויס: „ווו איז ער, דער צדיק־תמים, וואָס האָט צעריסן דעם גזר־דין?!״... אַז איר הערט דאָס, אָדער לייענט די מעשה, און איר זײַט פון די הײַנטיקע, — אַ קנאַפּער מאַמין, און סימבאָלישע מעשׂהס און פאָלקס־לעגענדעס זײַנען בײַ אײַך „טאַבו״, טוט איר אַ שמייכל — פון יענע שמייכלען, וואָס דאַרף מיינען, „ווייסיך וואָס, בײַקעס...״

אָבער אַז איר קענט שײַע־סטאָליער מיט זײַנע זין, אײדעמס און אייניקלעך — פּשוטע פאָלקסמענטשן, וואָס האָבן אויף זייער אופן געדינט גאָט אייגן־און־אײנציק־אַרטיק, פון צײַטן אומגעאַנטע, דורך דורי־דורות אָנגעהאַלטן אַ טראַדי־

---

* גאָט בעטן, דאַווגען.

ציע וואָס אין קיין שטעטל און אין קיין שולחן־ערוך, אָדער ספר פון מנהגים ווערט איר דעם מנהג נישט געפינען, וועט אײַך קלאָר ווערן, סײַ די אויבן געבראַכטע לעגענדע, סײַ דער אָנזאָג אין דער גמרא ברכות: „ובלבד שיכון את לבו"... — עס מיינט, עס מאַכט נישט אויס ווי אַזוי אַ ייִד דאַוונט, אַבי נאָר ער טוט דאָס מיט כוונה, מיט האַרץ...

**
*

נאָר פֿריִער לאָמיר זיך באַקענען מיט דער משפּחה. שײַע אַליין, אין דער צײַט וועגן וועלכער איך שרײַב דאָ, איז שוין געווען אַ ייִד אַ זקן; מער נישט געאַרבעט, נאָר געווען בײַ זײַן משפּחה, ווי מע רופֿט דאָס אויפֿן הײַנטיקן לשון: אַ קאָנסולטאַנט, אָדער אַ קריטיקער אויף סטאָלערײַ — אַ מלאכה, וואָס אַלע זײַנע זין און איידעמס האָבן זיך מיט איר פֿאַרנומען. ער איז, ווײַזט אויס, געווען אַ קינסטלער אין זײַן פֿאַך. ווײַל, פּונקט ווי בײַ אַנדערע ייִדן האָט זיך געפֿירט, אַז אַ חתן פֿאַר דער טאָכטער האָט מען פֿאַרהערט אין לערנען, אַזוי האָט מען בײַ שײַען פֿאַרהערט אַ חתן אין סטאָליערײַ. זײַנע זין: לייבעלע און אַזיע, זײַנע איידעמס — משה, בעניע און ברוך, זײַנען אַלע געווען סטאָליערעס; אַלע זיי זײַנען געווען גוטע בעלי־מלאכות, געמאַכט די שענסטע מעבל אין אונדזערע מקומות. אַלע זיי, זײַנען געווען גוטע פֿאַרדינערס, געהאַט אייגענע דירות פֿאַר זיך, און אויך צום פֿאַרדינגען. אײנער פֿון זיי, אַזיע (אײַזיק), האָט אָפּגעדינט פֿיר יאָר מיט אַכט חדשים אין מיליטער, און קיין ביקס אין די אויגן נישט אָנגעזען. און ווי איציע רוזמאַן, דער ייִד מיט דער חלף־צונג האָט געזאָגט אויף אים, איז ער אויף „סלוזשבע" געווען אַ „דאַמסקע סטאָליער" — ער פֿלעגט מאַכן מעבל פֿאַר די ווײַבער פֿון די אָפֿיצירן אין זײַן פּאָלק. מע האָט אַפֿילו געזאָגט אויף אים, אַז פֿון „סלוזשבע" איז ער אַהיימגעקומען מיט אַ שטיקל אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל. איין אויסנאַם איז געווען שײַעס זון דודיע, וואָס האָט זיך תמיד און שטענדיק געדרייט אַרום דער שאַרגאָראָדער חברה־פּלעצל, די פּוסיפּאַקעס, געווען בײַ זיי אַ שאַלאַטן־שמש. אינטערעסירט האָט אים דאָרטן, בײַ דער חברה, נישט אַזוי זייערע „לינקע" געשעפֿטן, ווי דאָס „אַ לעב טאָן", וואָס מע פֿלעגט אַלע מאָל פּראַווען בײַ ייִדל בעדער אין שענק, נאָך אַ געלונגען שטיקל „אַרבעט". דאָרטן איז אַלע מאָל געווען גענוג געבראָטענע קאַטשקעס און גאַנדז־פּאַסטראָמע, פּרפּיקלעך, לעבערלעך און גריוון. נאָר צום מערסטן האָט דודיע ליב געהאַט דאָס גוטע ביסעלע משקה, וואָס האָט קיין מאָל נישט אויסגעפֿעלט, און מע האָט נישט געזשאַלעוועט. אַז דאָרטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמחה, האָט מען בלויז געוווּסט ווען זי הייבט זיך אָן, נאָר קיין מאָל נישט ווען זי וועט זיך ענדיקן... איך אַליין געדענק איינע אַ נאַכט, ווען די געזאַנגען און געשרייען האָבן זיך געטראָגן פֿון ייִדל בעדערס שענק און די גאַנצע גאַס נישט געלאָזט שלאָפֿן. האָב איך גע־

פרעגט מײַן טאַטן: וואָס די שמחה איז דאָרטן, און געקראָגן אַ קורצן ענטפער, אַז הײַנט איז ז׳ אָדר... ווען איך האָב אים אָבער איבערגעפרעגט, וואָס ז׳ אָדר איז פאַר אַ מין יום־טוב, האָב איך שוין געקראָגן אַ לענגערן ענטפער, פון וועלכן עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, כאָטש דער טאַטע איז גראָד געווען רויק און האָט זיך נישט געבייזערט. אָט הערט אָקאָרשט אַליין דעם ענטפער, וועט איר זיך משער זײַן, ווי אַזוי איך האָב זיך געפילט פון אים. „ווען דו פאַר־נעמסט זיך, — האָט דער טאַטע רויק געזאָגט — אַ ביסעלע מער מיט לערנען און אַ קאַפּעטשקע ווייניקער מיט גליטשן זיך אויפן אײַז, וואָלסטו מן הסתם גע־ווּסט, אַז ז׳ אָדר איז משה רבינוס געבוירנטאָג, און אויך זײַן יאָרצײַט...". הערט אַן אײַנפאַל פון אַ טאַטן! אַבי איך האָב געמיינט, אַז מײַן גליטשן זיך אויפן אײַז איז אַ סוד... זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, נאָר נישטאָ קיין סודות אויף דער וועלט, און אַן עק, אַ סוף...

* * *

אַלזאָ, איר קענט שוין שײַע סטאָליערס משפחה. איז אין אָט דער משפחה געווען אַ הייליקער מנהג, אַ טראַדיציע, אַז יעדן שמחת־תורה פלעגט דאָס גאַנצע מאַנסבילטום, אַלע זין, איידעמס און אייניקלעך אונטער דער אָנפירערשאַפט פון שײַען אַליין, וועלכער האָט זיך געפילט דעם טאָג מעשה גענעראַל — אַרויפגיין דורך די שווינדל־טרעפּ, וואָס אין דער דיקער וואַנט פון דער גרויסער שול, אויפן דאַך (אָט דעם אַרײַנגאַנג האָט מען געעפנט איין מאָל אין יאָר, בלויז פאַר שײַען און זײַן משפחה). אַרויף איז מען מיט שיינע עטלעכע זעק פון די בעסטע רויטע עפּעלעך. שײַע איז געזעסן אויפן מיטלסטן געזימס פון שול־דאַך און ווי אַ געניטער גענעראַל האָט ער אָנגעפירט מיט זײַנע זין, איידעמס און אייניקלעך, וואָס זײַנען געווען צעשאָטן און געהאַלטן פּאָזיציעס אין דער גאַנצער ברייט פון שול־דאַך בײַ די קאָרניזן, יעדער מיט זײַן זעקל עפּעלעך. גאַנץ שטאָט ייִדן האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן שולהויף און געשריגן: „שײַע, אַן עפּעלע!". שײַע האָט גע־געבן באַפעלן, ווער און אין וועלכער זײַט מ׳זאָל וואַרפן. און ייִדן האָבן געכאַפּט עפּעלעך... די עפּעלעך האָט מען גערדאַרפט כאַפּן אין דער האַנט, ווײַל אַז נישט — איז די מעשה קיין מעשה נישט געווען. עפּעלעך האָבן אײַך אַ מיאוסע טבע, זיי האָבן פײַנט ברוקירטע גאַסן מיט שפּיציקע קרעמען־שטיינער; אַז זיי שלאָגן זיך אָן אין יענעם סאָרט שטיינער, ווערט פון זיי קאַשע (פאַרגעסט נישט, אַז די שאַר־גאָראָדער שול איז זייער אַ הויכער בנין). זײַנען געווען אַ סך שאַרגאָראָדער, וואָס האָבן געקענט די קונסט פון כאַפּן אַן עפּל אין דער האַנט אַרײַן. געווען אָבער זייער פיל, וואָס האָבן די מלאכה, נעבעך, נישט געקענט. אָבער ייִדן גיבן זיך אַן עצה: עטלעכע ייִדן האָבן געמאַכט יד־אַחת, בשותפות אויסגעשפּרייט אַ טלית און געכאַפּט קאָלעקטיוו די עפּעלעך. שפּעטער לאַנג האָט דער ספּאָרט גע־

דויערט און די פריילעכע שפּיל איז אַנגעגאַנגען. שײַע האָט זיך נישט געאײַלט, געוואָלט אויסציִען די פריילעכע מצווה. קינד־און־קייט האָט זיך באַטייליקט אין דער שמחה. עס איז געווען נישט אַזוי צוליב די עפּלעך, ווי דאָס כאַפּן, און בעיקר — די שמחה, די פרייד... פון ייִנגלעך איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר עלטערע ייִדן, טאַטעס, זיידעס און אַפילו געוואַגטע מיידלעך האָבן זיך אין דעם הייליקן ספּאָרט, אין דער פריילעכער מצווה באַטייליקט... דער תנא האָט געזאָגט: „מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מעולם״. זאָל מיר מוחל זײַן, ער איז קיין מאָל אין שאַרגאָראָד נישט געווען. ווײַל, וואָלט ער געווען בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד שמחת־תורה, וואָלט ער זיכער געזאָגט: „מי שלא ראה שמחת בית־שײַע״ — ווער עס האָט נישט געזען בית־שײַעס שמחה, האָט קיין אמתע פרייד אויף זײַן לעבן נישט געזען...

די עפּעלעך־אָלימפּיאַדע פלעגט מען דורכפירן פאַר קריאת־התורה, און הלל שמש האָט געהאַט נישט קיין גרינגע אַרבעט דעם צעהיצטן עולם צוריק אַרײַנ־צונאַרן אין שול, צו פאַרענדיקן די לעצטע סדרה פון דעם ספר „דברים״ מיטן חתן־תורה און אָנצוהייבן באַנײַס מיט דער ערשטער סדרה פון דער תורה, מיט דעם חתן־בראשית... שײַע וואָלט אָט די הייליקע עבודה נישט פאַרקויפט פאַר כל הון שבעולם... נישט פאַר ראָטשילדס אוצרות... און אַז דער טשערנאָבילער רבי, ר׳ מאָטעלע ז״ל, האָט אַ מאָל בשעת זײַן פאַרברענגען אין שאַרגאָראָד געזאָגט, אַז שײַעס עולם־הבא וואָלט געווען גענוג פאַר אַ שפּאָר ביסל ייִדן — דערציילט מען, אַז עס האָבן זיך געפונען גענוג בעלנים אָפּצוקויפן בײַ שײַען אַ טייל פון דעם. אָבער, נישט בײַ שײַען...

דאָס געלט אויף צו קויפן די עפּעלעך פלעגט געזאַמלט ווערן אויף אַזאַ אופן: פון פרעמדע האָט מען קיין געלט נישט גענומען. דאָס איז געווען אַ חוק ולא יעבור. שײַע האָט געהאַט אַן אַלט הילצערן קעסטעלע (אַ פּושקע) מיט אַ שלאָס, צו וועלכן בלויז ער האָט געהאַט אַ שליסל. די פּושקע אַליין איז געווען אַ שטיק קונסטאַרבעט. געווען אַ מסורה אין דער משפּחה, אַז געמאַכט זי האָט שײַעס עלטער־זיידע. אויב איר זײַט אַ בעל־חשבון, קענט איר אויסרעכענען ווי אַלט זי איז געווען. אין אָט דער פּושקע איז געווען אַ קליינע עפענונג, און פרײַטיק פלעגן קומען אַלע קינדער און די אייניקלעך און עפּעס אַרײַנוואַרפן אין דער פּושקע. קיינער האָט זיך נישט געזוכט אויסצודרייען פון דער אַחריות. איך גע־דענק, געווען דאָרטן אין דער משפּחה אַ ייִנגל, ראובעלע האָט ער געהייסן, איז אָט דער בחורל געווען אַ גרויסער נאַשער אויף מאַנפּאַסיע, וואָס מע האָט גע־קראָגן בײַם נײַעם צוקערניק. פלעגט אָט דער ראובעלע שטיין הונדערט מאָל בײַ דעם פאַבריקל, גרייט אַרײַנצוגיין און צעפּטרן די פּאָר גראָשנס וואָס זײַן מאַמע גיטל האָט אים געגעבן. די אייגעלעך האָבן אים געברענט פון תאווה. אָבער בײַ

דער סאַמע טיר איז ער שטיין געבליבן, גובר געווען דעם יצר־הרע און דער־האַלטן די פּאָר גראָשנס ביז פּרײַטיק, אַרײַנצוּוואַרפן אין זיידנס פּושקע.

אָט אַזוי האָט שײַע סטאָליער, אַ פּשוטער ייִד, מיט זײַן גאַנצער משפּחה, אויף זײַן אופן געדינט גאָט אין טאָג פון שמחת־תורה, און אַ גאַנץ יאָר זיך גע־גרייט צו דער גרויסער מצווה פון פרייד, ווי עס האָט געלערנט מיט אים בנימין יענקל אין קליינעם שולכל, אַז דעם אייבערשטן דאַרף מען דינען מיט פרייד — „עבדו את ה׳ בשמחה". אויב איר ווילט, קענט איר דאָס פאַרגלײַכן מיט יע־נעם בחור, דעם ישובניק, מיט זײַן פײַף אין ר׳ לוי יצחקס בית־המדרש יום־כיפור צו נעילה...

**
*

אַ פּאָר ווערטער וועגן שײַע סטאָליערס לעצטן אייִדעם, בעניע. בעניע שײַעס איז — ווי מיר דאַכט זיך — געווען דער אײנציקער ייִד אין שאַרגאָראָד, וואָס האָט פאַרמאָגט זײַן אייגנס אַ קו. געוויינטלעך ווייסן מיר, אַז ייִדן האָבן געהאַט — אויב זיי האָבן געהאַט — אַ ציג, ווײַל אַ ציג איז אַ ייִדישע בהמה. אָבער בע־ניע איז געווען אַן אויסנאַם. די קו האָט געהייסן „מאַנקע" און געהאַט יעדן זמן אַ קעלבל. אַלע קעלבלעך האָט מען גערופן „רוזקע" און זיי זײַנען געווען זייער חנוודיקע. עס איז געווען אַ מחיה זיך צו שפּילן מיט זיי. נאָר אַז מע האָט אײַך געכאַפּט, איז געווען צרות. די געפאַר איז געקומען פון צוויי זײַטן: ערשטנס, בעניע אַליין, אַז ער האָט אײַך געכאַפּט זיך שפּילן מיט „רוזקען", זײַנען אײַערע אויערן געווען אין דער גרעסטער סכנה... צווייטנס, אײַער מאַמע. בעניע האָט אײַך געפירט, דווקא בײַם אויער, גלײַך צו אײַער מאַמען, און ערשט דאָרט האָט איר געהאַט אײַער ערך־אויסקומעניש... ווײַל, כאָטש די מאַמע האָט נישט גע־שלאָגן, זײַנען אירע רייד געווען טויזנט מאָל ערגער ווי געשלאָגן... זי האָט נאָר געוואָלט וויסן איין זאַך — האָט זי: „צי דער טאַטע דאַרף זײַן נע־ונד, ערגעץ אין אַ שטאָט צווישן גוייִם... און זי זאָל דאָ — מײַנע שונאים — אויסגעריסן ווערן, ציִען פון זיך דעם קליי, צאָלן שכר־לימוד צו די בעסטע מלמדים און רו־סישע לערערס, כדי איר זאָלט זיך קענען שפּילן מיט „רוזקע" דעם קעלבל... שיין, זייער שיין זיך דערלעבט... נישטאָ וואָס צו ריידן..." און פלעגט זיך צע־וויינען. הערט איר, אַז מע זאָגט אײַך, אַז אַ ייִדיש ייִנגל לאָזט מען נישט אויפ־הייבן דעם קאָפּ — זאָלט איר גלייבן...

## די ערשטע ביבליאָטעק

איך האָב אין קאַפּיטל וועגן שאַרגאָראָדער שטרײַק דערמאָנט לייבעלע בע־ניע סטאָליערס — וואָס האָט געהאַט אַ רויטע לענטע אין זײַן היטל מיט אַ

גלאַנציקן דאַשיק. איך האָב אויך דערמאָנט איציע פּײַטערבאַרגס צווײ מיידלעך, צו וועלכע ער פלעגט מיך שיקן מיט קוויטעלעך און בריוועלעך. שאַרגאָראָד האָט גערעדט וועגן דעם, אַז דאָ שפּילט זיך אָפּ אַ ליבע. (שאַרגאָראָד איז געווען פאַר־ליבט אין ליבעס. בפרט, אַז עס האָט זיך געקאָנט האַנדלען וועגן אַ קאַמף מיט טאַטע־מאַמע, וואָס גרויסן זיך מיט זייער יחוס, און איינעם אָדער איינע פון פאָלק). דער אמת איז, אַז עס איז נישט געווען אַ לויט אמת אין די גריידעריײַען וועגן אַ ליבע. עס איז געווען גיכער דער פאַקט, וואָס אין יענער צײַט האָבן רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען בכלל און דער „בונד“ בפרט אָנגעפירט אין אַלע שטעט און שטעטלעך מיט שטודיר־קרײַזלעך. שאַרגאָראָד איז נישט געווען קיין אויסנאַם. און לייבעלע בעניעס איז געווען אַ נוגע־בדבר... ווײַל ער אַליין איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַזאַ בילדונג. אַ סימן האָב איך געהאַט אַ גוטן אין דעם, וואָס כאָטש לייבעלע איז באַלד נאָכן שטרײַק אַוועק פון שאַרגאָראָד, האָט מיט אַ מאָל זיך געעפנט אַ ביבליאָטעק, אַ נישט־לעגאַלע, טאַקע בײַ איציע פּייטער־באַרג אין הויז. ווער די גרינדערס זײַנען געווען, קען איך אײַך נישט זאָגן (צו־ליב קאָנספּיראַציע איז דאָס מן הסתם נישט געווען די אײנציקע פּאַכירונג, וואָס איך האָב נישט געוווּסט פון וואַנען זי וואַקסט). איך בין זיך משער, אַז די קוויט־לעך, וואָס איך פלעג טראָגן, האָבן עפּעס געהאַט אַ שײַכות מיט דער גרינדונג פון דער ביבליאָטעק. קאָווירן פאַר דעם קען איך אײַך נישט. אינטערעסאַנט איז, אַז ווען די ביבליאָטעק האָט זיך געעפנט, איז זי געוואָרן דער קנין פון גאַנץ שטאָט. און כאָטש זי איז געווען אומלעגאַל (דער צאַרישער רעזשים, וואָס האָט זיך על־פּי נס און דורך טעראָר און פּאָגראָמען נאָר וואָס געהאַט געראַטעוועט פון דער רעוואָלוציע — האָט מורא געהאַט פאַר „פּראָסוועסטשעניע“ — אויפ־קלערונג, אימת־מוות, ממש ווי אַ טײַוול האָט מורא פאַר „ויהי נועם“...) גאַנץ שטאָט, גרויס און קליין, יונג און אַלט האָבן אָנגעהויבן לייענען ביכער. ס'איז געווען אפשר דער אַכטער וווּנדער פון דער וועלט, וואָס די ביבליאָטעק האָט זיך געהאַלטן אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר... מע טאָר נישט פאַרגעסן, אַז שאַרגאָראָד האָט פאַרמאָגט איר אייגנס אַ „פּ. ג.“, וואָס האָט צו יעדער צײַט צוגעדינט דעם צאַ־רישן און נאָך דעם יעדן רעאַקציאָנערן רעזשים, וואָס איז געקומען שוין נאָך 1917.

ביכער פלעגן אַרויסגעבן די פייטערבאַרג־מיידלעך — דאָס האָט מען גע־וווּסט. וואָס מע האָט נישט געוווּסט איז, ווער עס האָט אָנגעפירט מיטן אָפּקלײַב פון ביכער. עס איז אַ פאַקט, אַז ביכער אין ידיש, רוסיש און העברעיִש זײַנען דאָ געווען פון דעם בעסטן... סײַ ליטעראַרישע, סײַ פּאָליטישע. און איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, אַז איך דערמאָן זיך אין די ביכער, וואָס איך אַליין האָב דאָרטן געקראָגן צום לייענען, מוז איך קומען צו דער מסקנה, אַז די אָנפירערשאַפט האָט געמוזט באַשטיין פון אַ ברייטער קאָאַליציע פון פאָרשטייערס פון פאַרשיי־

דענע פּאַרטיי־שטרעמונגען און נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן. מע דאַרף אויך געדענקען, אַז פאַר דעם אַנטשטיין פון דער ביבליאָטעק, איז וועלוול ברוך־יוספס געווען דער איינציקער צושטעלער פון לייען־מאַטעריאַל אין שאַרגאָראָד. זײַנע ביכער זײַנען צו יענער צײַט באַשטאַנען פון שמרס און בלושטיינס ראָמאַנען אין אַ סך פאַרזעצונגען. שאַרגאָראָדער פרויען האָבן געשמאַק געלייענט יענע ראָמאַנען און געצאָלט דרײַ קאָפּיקעס פּראָקאַט פאַר זיי. די ביכער פלעגן גיין פון האַנט צו האַנט און האָבן געהאַלטן די לייענערינס געשפּאַנט ביז גאָר. בלויז צוויי שרײַבערס פון דעם בראשית פון דער ייִדישער ליטעראַטור האָבן אין יענער צײַט (פאַר דער ביבליאָטעק) דערגרייכט שאַרגאָראָד דורך וועלוול בעקער. דאָס זײַנען געווען: 1) דער זיידע מענדעלע, וועלכער איז אַרײַנגעפּאַרן קיין שאַרגאָראָד אויף זײַן „קליאַטשע״, און 2) יעקב דינעזאָן, דורך זײַנע טרויעריקע ראָמאַנען. אַז די „קליאַטשע״ איז אַן אַלעגאָריע, האָבן זייער ווייניק מענטשן אין יענער צײַט פאַרשטאַנען, אָבער דאָס וואָס אַ קליאַטשע קען ריידן אַזעלכע קלוגע רייד, איז אַן און פאַר זיך געווען אַ טשיקאַווע זאַך... געווען אינטערעסאַנט. איציע רוזמאַן האָט אין איינעם אַ שבת בײַ טאָג געזען יאַנקל ישראל דאַנציעס זיצן אויפן גאַנעק און לייענען „די קליאַטשע״. האָט ער אויף זײַן בײַסיקן שטייגער אַ זאָג געטאָן, „אַז ווען משה זאָל זיך בײַטן מיט דער קליאַטשע מיט די קעפּ, וואָלט נאָך דער קליאַטשע געקומען ׳סדאַטשע׳ (אויסגאַב) און אים, משהן, וואָלט געטראָפן אַ גרויס גליק...״. איך מיין נאָך הײַנט, אַז איציע רוזמאַן איז געווען גערעכט... אַז אַ קליאַטשע קען אַ מאָל ריידן, האָבן די לייענערס געוווסט פון דער מעשה מיט בלעמס אייזל... יעקב דינעזאָנס ראָמאַנען וועגן גורל פון אָרעמען ייִדישן קינד, האָבן אַפּעלירט צו די לייענערס מיט זייער רעאַליזם. זיי האָט מען געדאַרפט נישט פאַרשטיין, נאָר פילן... זיי האָבן אָפּגעשפּיגלט די לייענערס אייגענע דערפאַרונגען. איז, ווי שוין באַמערקט, די ביבליאָטעק, ווײַזט אויס, געגרינדעט געוואָרן פון דער אינטעליגענציע נישט אַזוי פאַר זיך, ווי פאַר די מאַסן. איך שטעל זיך אויך פאָר, אַז זי איז געווען אַ קאָמפּראָמיס, נישט נאָר פון די פּאָליטישע אײַנשטעלונגען פון אירע גרינדערס, נאָר אויך אַ קאָמפּראָמיס פון זייערע נאַציאָנאַלע שטרעמונגען. איך קום צו אַזאַ אויספיר צוליב דעם, ווײַל פון דעם ביסל וואָס איך ווייס וועגן אירע מעגלעכע גרינדערס, ווייס איך אויך, אַז עס זײַנען געווען צווישן זיי, סײַ אויסגעשפּראָכענע אַסימילאַטאָרן, וואָס זײַנען געקומען פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען און זייערע סימפּאַטיזירערס, ווי, למשל, באָריס קלאַרפעלד, גרישאַ גאַליגער און אַנדערע; סײַ באַוווסטזיניקע נאַציאָנאַליסטן, ווי, בוניע גערמאַן, חנוך — דעם רבס קינדער, די גאַרצנשטיינס און אַנדערע. (אויסרעכענענדיק די נעמען, וויל איך זיך באַוואָרענען, למען האמת, מיט די צוויי ווערטער „מעגלעכע גרינדערס״, מחמת זיכער אין דעם בין איך נישט. איך בין אָבער יאָ זיכער, אַז אויב נישט די וואָס איך

האָב דערמאָנט זײַנען געווען די גרינדערס, האָבן אָבער די גרינדערס, ווער זיי זאָלן פּערזענלעך נישט געווען זײַן — דאָך פאַרגעשטעלט מיט זיך די אידעאָלאָגישע פּראָטאָטיפּן פון די אויסגערעכנטע). האָט דעריבער דער אויסוואַל פון ביכער מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ רײַכע קאָנגלאָמעראַציע פון דער מאָדערנסטער רוסישער פּאָעזיע און בעלעטריסטיק, אַ פײַנעם אויסוואַל פון דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור, אַ שלל איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, אַ גאַנץ אָנגעזעענע קאָלעקציע פון דער נײַ־העברעיִשער ליטעראַטור. און וואָס איז אין גאַנצן געווען נײַ אין שאַרגאָראָד — זייער פּיל ביכער, ביכלעך און בראָשורן פון דער נײַער שפּרודלדיקער ייִדישער ליטעראַטור. יעדער בוך און ביכל אויף ייִדיש פון מענדעלען, שלום עליכמען, פּרצן און אַפילו פון שלום אַש, רייזען און לאַמעד שאַפּיראָ (זײַן ציקל פּאָגראָם־ליטעראַטור) זײַנען געווען אַן אמתע אַנטדעקונג און אַ גרויסע איבערלעבונג נישט נאָר פאַר יענע, וואָס האָבן ביז דעמאָלט זיך געקאָרמעט מיט שמרן, נאָר אַפילו אינטעליגענטן האָבן געשלונגען די נײַע ייִדישע ליטעראַטור און זיך דערפילט דערהויבן.

מיר געדענקט זיך, אַז שלום עליכמס ווערק האָבן זיך צום ערשטן באַוויזן אין דער פאָרעם פון בראָשורן, אַרויסגעגעבן פון דער „פאָלקס־ביבליאָטעק", האָבן געקאָסט אַ קלייניקייט און באַשטאַנען פון בלויז איין דערציילונג. זיי זײַנען געווען אין די צענדליקער יענע דערציילונגען, און מע האָט זיי געריסן פון די הענט. דעם גרעסטן דערפאָלג האָבן אָבער געהאַט די ערשטע פאַר דערציילונגען פון טביהן. מן הסתם צוליב זייער צײַטיקייט. מע האָט אין שטאָט אָנגעהויבן רופן געוויסע מענטשן מיט די נעמען פון שלום עליכמס העלדן. איז איינער געווען אַ מענטש, וואָס האָט געוואָלט איבערמאַכן די וועלט, האָט געהאַט סודות און אַ שאַרפע צונג, האָט מען אים גערופן „פּעפּערל". האָט אַ מיידל ליב געהאַט אַ בחור און געווען גרייט צו גיין מיט אים אין עק וועלט, איז זי, פאַרשטייט זיך, געווען „האָדל". איז בערעלע שיכור געלעגן אין דער בלאָטע, האָט איציע רוזמאַן געזאָגט, „אַז ווען גאָט העלפט אונדז מיט נאָך איינעם אַזוינעם אין שאַרגאָראָד, וואָלטן מיר פּורים־צײַט געהאַט אונדזערע אייגענע 'צוויי טויטע'"... קלאַראַ אײַזנשטיין האָט מען אונטער די אויגן גערופן „מאַשע באַשעוויטש"... שפּעטער צו, ווען מנחם־מענדל האָט זיך באַוויזן, האָט מען אים אויך אָנגעמאָסטן אויף אַ שאַרגאָראָדער לופטמענטש (און זיי האָבן בײַ אונדז נישט אויסגעפּעלט). מיר האָבן אַפילו אין שאַרגאָראָד געהאַט דעם פּראָטאָטיפּ פון זײַדלען, דעם וווּכערניקס איידעם, וואָס האָט נאָכן שווערס טויט דערקלערט די בעלי־חובות, אַז על־פּי אַלגעברע קומען זיי אים גאָר נישט... אָבער דאָס גרעסטע מזל האָט אין שאַרגאָראָד געהאַט דאָס ווערטל: „עס פידלט נישט". און אין יענע יאָרן פון רעאַקציע, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט דען יאָ געפידלט?...

איך דערמאָן זיך, בײַ אונדז אין הויז איז די מאַמע געווען אַ ליידנשאַפטלע־כע לייענערין. זי איז געווען אַ פאַרנומענער מענטש, די מאַמע, מיט גרויסע אַחריותן פאַר איר אייגענער משפּחה, פאַר די צוויי זיידעס און באָבעס און פאַר נאָך קרובים, וואָס מע האָט געדאַרפט אויסהאַלטן. האָט זי קיין אַנדער צײַט צום לייענען נישט געהאַט, ווי נאָר בײַ נאַכט (שבת האָט זי געהאַט אַן אַנדער לייען־מאַטעריאַל; שבת האָט געהערט צו „אים", וואָס איבער אונדז...). גאַנצע נעכט האָט זי געלייענט, די מאַמע. זי האָט געלייענט נישט בלויז שלום עליכמען, נאָר אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ ווערט געלייענט צו ווערן. זי האָט אין יענער צײַט אַנטוויקלט אַזאַ פײַנעם געשמאַק און מבינות אויף ליטעראַטור, אַז דורך דעם גאַנצן באַוווסטזיניקן לעבן מײַנעם, אַפילו שוין דאָ אין אַמעריקע, האָב איך זיך גאָר ערנסט גערעכנט מיט אירער אַ מיינונג... יעדער איינער וואָס האָט נאָר גע־קענט לייענען, האָט געלייענט שלום עליכמען. אַפילו מײַן טאַטע, וואָס האָט נישט געהאַלטן פון די „נאַרישקייטן", האָט שלום עליכמס ווערק יאָ געלייענט. און כאָטש ער איז געווען אַ מענטש אַן ערנסטער, מיט זייער אַ דעליקאַטן דיי־נעם הומאָר, וואָס האָט געהאַלטן פון אַ לייכטן שמייכל, נישט פון געלעכטער, פלעגט ער זיך הילכיק צעלאַכן, ווען ער האָט בשעתן לייענען זיך אָנגעטראָפן מיט אַ קאָמישן אויסדרוק אָדער סיטואַציע. די מאַמע האָט בלויז אַ קוים באַ־מערקלעכן שמייכל געטאָן, און אין אירע גוטע, שיינע אויגן פלעגן זיך באַווײַזן טרערן. זי האָט דאָס מיר אַ מאָל דערקלערט אויף פאַלגנדיקן אופן (עס איז גע־ווען בשעת זי האָט געלייענט „חוה"): „פאַרשטייסטו, מײַן קינד, עס איז אמת, אַז ווען טביה רעדט מיטן גלח און זאָגט אים אַרײַן (ווי טביה קען) אין דער זיי־בעטער ריפּ, איז דאָס טאַקע זייער קאָמיש און מע וואָלט געקאָנט לאַכן. וואָס קומט אָבער אַרויס פון דעם, אַז טביה בלײַבט בײַ די קלוגע רייד און דער גלח, ימח שמו, בלײַבט בײַ זײַן, טביהס קינד — בײַ חוהן... איז ווי קען מען לאַכן?"...

כמעט אַ גאַנץ יאָר האָט די ביבליאָטעק אויסגעהאַלטן. און אין איינעם אַ טאָג, בעסער געזאָגט, אַן אָוונט איז אַרײַנגעקומען צו די פּיטערבאַרגס משה שאַפּיראָ, וועלכער האָט געוווינט בשכנות מיט דער ביבליאָטעק, אַ ייִד וואָס איז געווען אַ געהיימניש, אַ מיסטעריע פאַר שאַרגאָראָד; אַ ייִד וואָס האָט צו פופציק יאָר, אָדער מער, געטראָגן אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק, געוווינט איינער אַליין מיט זײַן טאָכטער אין אַ געמויערטער הויז מיט פאַרמאַכטע לאָדנס ווי אַ „קרעפּאָסט" (פעסטונג); אַ ייִד וואָס איז קיין מאָל אין שול נישט געגאַנגען, נישט אַפילו ימים־נוראים; אַ ייִד, וואָס האָט זיך מיט קיינעם פון די שאַרגאָראָדער ייִדן נישט געחברט; געווען אַן אַרײַנגייער בײַ וואַיצעכאָווסקי דעם אַפּטייקער, פלעגט אָפּזיצן גאַנצענע טעג מיט יענעם אויפן גאַנעק און ריידן, און קיינער אין שאַר־גאָראָד האָט נישט געוווּסט וועגן וואָס, אַ ייִד, וואָס איז געווען אַ גאַנצער

„פּאַניע בראַט" מיטן פּריסטאַוו, דעם כאַבאַרניק און שונא־ישראל; אַ ייִד, וואָס פלעגט פאָרן, ווי בײַ גאָט, אַ וואָך קיין מאַליעוו, און קיינער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט צוליב וועלכע עסקים... אַ ייִד, וועגן וועלכן שטאָט האָט געמורמלט, אַז ער מוז זײַן אַ — איר ווייסט שוין וואָס... אָבער אַז איר וועט אויסהערן די מעשה ביזן סוף, וועט איר אַליין אײַנזען, אַז די השערה אָדער חשד איז לחלוטין אומבאַגרינדעט. לא דובים ולא יער... איז — אָט דער משה שאַפּיראָ אַרײַנגע־קומען צו די פּייטערבאַרגס אין הויז, אַרײַנגערופן בײדע מײדלעך אין זאַל אַרײַן און זיי דערציילט בסוד־סודות, אַז דער פּריסטאַוו האָט אים נאָר וואָס פאַר־טרויט, אַז ער קלײַבט זיך אויף מאָרגן צו באַפאַלן די ביבליאָטעק, קאָנפיסקירן די ביכער און אַרעסטירן די מיידלעך... ובכן, האָבן זיי צײַט אַ גאַנצע נאַכט אָפּ־צוראַמען דעם חמץ... ער, פון זײַן זײַט, האָט אָפּגעמאַכט מיטן פּריסטאַוו, אַז ער זאָל פריִער אַרײַנקומען צו אים אויף „קידוש". דאָס, — זאָגט ער — האָט ער געטאָן, כדי צו זײַן זיכער, טאָמער וועט די צײַט אָפּצוראַמען אַלץ נישט זײַן גענוג, וועט ער דעם פּריסטאַוו פאַרהאַלטן ביז מע וועט באַדאַרפן...

ווי איר זעט, טאָר מען זיך נישט אַלע מאָל צוהערן וואָס מענטשן זאָגן... אָט דער משה שאַפּיראָ איז גאָר געווען אַ „לאַמעד־וואָווניק"...

עס איז איבעריק צו דערציילן, אַז דער פּריסטאַוו איז געבליבן מיט אַ נאָז... די ביבליאָטעק אָבער, איז געבליבן אָן אַ פּנים און אָן אַ קאָפּ... עס איז געווען איינער פון יענע זיגן, וועגן וועלכע דאָס פאָלקסווערטל זאָגט: „נאָך איינער אַזאַ נצחון, און מיר זײַנען פאַרלוירן"...

די ביבליאָטעק איז טאַקע מער נישט געעפנט געוואָרן. אָבער שאַרגאָראָד האָט אין דעם יאָר זייער אַ סך געלערנט. דאָס פּשוטע פאָלק האָט אָנגעהויבן לייענען. בײַ וועלוול ברוך־יוסעפס האָבן זיך באַוויזן גאָר אַנדערע ביכער און ביכ־לעך אויף פּראָקאַט. און איך בין אַן עדות, אַז אין קיין שום שטאָט און שטעטל אין אונדזער געגנט, וואָס איך האָב גוט געקענט, האָט זעלבסטבילדונג נישט אָנגענומען אַזאַ פאַרנעם און כאַראַקטער ווי בײַ אונדז.

**
*

איך האָב שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט דעם נאָמען איציע פּייטערבאַרג, אָדער ווי מע האָט אים אויך גערופן: איציע חזן. עס איז, גלייב איך, צײַט צו דערציילן עפּעס וועגן אים. איציע פּייטערבאַרג ז"ל, איז געווען אַ ייִד מיט אַ הדרת־פּנים פון אַ גײַסטיקן אַריסטאָקראַט, פון אַ הײַנטוועלטיקן תּלמיד־חכם. מיט זײַן אויסזען איז ער שטאַרק ענלעך געווען אויף נחום סאָקאָלאָוו. ער איז געווען אַן אײַנגעפונדעוועטער נגיד, געהאַט אַ שיינע הורטאָוונע שניט־קראָם און געמאַכט גרויסע געשעפטן. ער האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע באַריטאָן־שטימע,

אַ בייגזאַמע און סאַמעטענע; געווען זייער אַ גוטער חזן, אַ גרויסער בעל־נוסח. און פאַר אַזאַ מענטשן, ווי איך, וואָס האָב ליב חזנות, איז ער נאָך היינט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, אַ קוואַל פון נגינה־זכרונות. אָבער איציע־חזן האָט זיך מיט חזנות נישט פאַרנומען צוליב פּרנסה. ער פלעגט בלויז ימים־נוראים דאַווענען ביים סקווערער רבין, אַוודאי אָן געלט. ער פלעגט נאָך מיט דער ברייטער האַנט ברענגען דעם רבין מתנות... וואָס זשע טוט גאָט? שטעלט זיך אַוועק אָן עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָלט־אָן גאַנצע צוויי יאָר, און איציע פּייטערבאַרג פאַרלירט זיין גאַנצע עשירות (ווייל בעתן קריזיס האָט ער אַלעמען געצאָלט, און אים אַליין האָט מען אָנגעזעצט). איציע איז געוואָרן אַ יורד. ער האָט זיין אומגליק שווער איבערגעלעבט; ער איז נישט געווינט געווען צו קעמפן פאַר עקסיסטענץ. ווען שאַרגאָראָד האָט זיך דערוווּסט פון זיין אמתע לאַגע, האָט מען אים אָנגעבאָטן צו דאַווענען ימים־נוראים אין דער גרויסער שול, נאַטירלעך, פאַר אַ גרויסער סומע געלט. איציע האָט געענטפערט, אַז ער דאַרף זיך פריִער אָנפרעגן ביים רבין. דער רבי האָט געגעבן זיין הסכמה, און איציע האָט געדאַוונט ימים־נוראים אין דער שאַרגאָראָדער שול. עס איז געווען אַ זעלטן דאַוונען. די ווענט פון שול, נישט נאָר די מתפּללים, האָבן געוויינט. ער האָט יום־כּיפּור, צו כּל־נדרי, די שול פאַרכישופט. די תּפילות האָבן הימלען געשפּאָלטן...

***

מיר האָבן זיך פאַררעדט און אַ ביסל אַוועק פון דער גאַס, אויף וועלכער מיר האָבן זיך געפונען בשעתן שטרייק. לאָמיר זיך אומקערן און זיך אָפּשטעלן ביי הערשל שוחטס דירה. עס איז אַ צוויי־גאָרנדיקע הויז פון אַלטן שניט. הערשל האָט צו יענער צייט, ווען וועלכער איך דערצייל, מער נישט געשאָכטן, ווייל ער איז שוין געווען אַ ייד אַ זקן און האָט איבערגעגעבן זיין אידעם די חזקה, מיט אים צוזאַמען, אויפן צווייטן שטאָק, האָט געוווינט מרים זיין טאָכטער מיט איר מאַן לייבעלע שוחט, אַ בילד־שיינער יונגערמאַן מיט אַ בלאָנד קורץ בערדל (מרים אַליין איז נישט געווען קיין גרויסע קראַסאַוויצע, נאָר דערפאַר איז זי געווען אַ ווייבל אַ ווילקענעוודיקע און אַ חכמה. מיין טאַטע פלעגט זאָגן, אַז זי איז געראָטן אין הערשל שוחט, וואָס איז געווען אַ למדן און אַ חכם. און מיין טאַטע איז געווען אַ מבין אויף בײדע...).

מרים האָט געהאַט אַ קלייטל אין באַשקע, וואָס איז שטענדיק געווען פאַרשלאָסן פון אינעווייניק, ווייל זי האָט געדאַרפט זיין אַ באַלעבאָסטע פאַר איר אייגענער משפּחה, פאַר טאַטע־מאַמע און אויך פאַר איר זייער געראָטענעם ברודערל מאָטעלע, וואָס האָט נאָר וואָס געקראָגן סמיכה און געוואַרט אויף אַ מעמד. איז, אַז מע האָט געדאַרפט עפּעס האָבן אין קלייטל, האָט מען געקלאַפּט

אין דער פאַרשלאָסענער טיר מיט אַ שטיק אײַזן, וואָס איז געווען צוגעפעסטיקט צו דער טיר אויף אַ קייט — אַזוי לאַנג, ביז מרים האָט דערהערט און זיך אַראָפּ־געלאָזט דורך אַ לאָך אין דער סטעליע אויף אַ לייטערל און פאַרקויפט וואָס דער קונה האָט געוואָלט. דאָס קלייטל האָט מען געמוזט האָבן, ערשטנס צוליב דער גרויסער משפּחה וואָס מע האָט באַדאַרפט אויסהאַלטן; צווייטנס, האָט געצומען אַ שיינע פּאָר יאָר ביז איר מאַן לייבעלע האָט אָנגעהויבן שעכטן עופות ווי עס באַדאַרף צו זײַן, מחמת ער האָט געהאַט אַ ווייך האַרץ און פלעגט די ערשטע צײַט גאָר חלשן בעתן שעכטן — און נאָך דעם, גלאַט נישט דערקוויילענען, און מרים האָט געדאַרפט גוטמאַכן דעם שאָדן, וואָס איר מאַן האָט אָנגעמאַכט מיטן נישט־דערקוויילענען. און געווען איז אָט דער לייבעלע אַ גאָלדענער מענטש. מיט אים איז געווען אַ פאַרגעניגן צו ריידן, און כאָטש אַ פרומער יונגערמאַן, איז ער אָבער געווען באַהאַוונט אין וועלטלעכע ענינים. בכלל איז בײַ הערשל שוחט געווען אַ לעבעדיקער סינטעז פון תורה און וועלטלעכער חכמה. מאָטעלע, וועמען איך האָב שוין פריִער דערמאָנט — דער שפּעטער באַרימטער רב, איז געווען אַ שאַרפער למדן און טראַץ דעם, וואָס ער איז געווען אַ פרומער, פלעגט ער לייענען די „הצפירה", דעם „הזמן" אויף העברעיִש, דעם „פרײַנד" אויף ייִדיש און די ליבעראַלע צײַטונג „רעטש", אויף רוסיש. די „רעטש" פלעגט קריגן באָריס קלאָרפעלד. און אַז איר וועט ווען טרעפן, אַז געטראָגן די צײַטונג פון באָריסן צו מאָטעלען האָט דער שרײַבער פון די זכרונות, וועט איר האָבן גוט געטראָפן...

אָרום יענער צײַט האָט מאַריאַנסקי, אַ גרויסער נגיד, דער אייגנטימער פון אַ מאָדערנע מיל אין טשערנאָוויץ; אַגב, אַ קרוב פון פּערל משה פּײַווישעס, וואָס האָט אַליין געשטאַמט פון גרויס יחוס, — אַ ייִד מיט העכערע השגות — צוגע־נומען דעם יונגינקן מאָטעלען פאַר אַ רב אין טשערנאָוויץ און מאָטעלע איז גע־וואָרן ר' מרדכעלע שוחטמאַן, אַ רב, וואָס האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, רעוואָלוציע און די אוקראַיִנישע פּאָגראָמען, אויף אַ גאָר גרויסן אופן געהאָלפן מאַכן געשיכטע אין עמיגראַציע און הילף־אַרבעט. אָבער, באשר אָט די אַלע זאַכן האָבן מיט שאַרגאָראָד דירעקט נישט צו טאָן, קען איך זיך אויף זיי נישט אָפּשטעלן.

## מלמדים און חדרים

עס איז, גלייב איך, צײַט, ווײַל מיר געפינען זיך איצט אויף דער גאַס נישט ווײַט פון דער גרויסער שול, ווו עס וווינען די מערסטע שאַרגאָראָדער מלמדים און ווו זיי קנעלן מיט ייִדישע קינדער — זיך צו באַקענען מיט אייניקע פון זיי.

און אפשר מיט אַלע, אויב מײַן זכרון וועט מיר דינען. איר וועט מיר מוזן פֿאַר־געבן וואָס איך וועל זיך נישט האַלטן בײַם שטרענגן סדר און מוזן מאַכן אייניקע דיגרעסיעס.

לאָמיר זיך פּרוּװער אַריבערכאַפּן צו איינעם, וואָס ווױנט אויסער דעם „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי״* פֿון שאַרגאָראָדער מלמדנטום, — דאָס איז שליאָמע מלמד. שליאָמע איז אַ דרדקי־מלמד און פֿאַרמאָגט זײַן אייגנס אַ שיינע צוויי־גאָרנדיקע דירה. אַליין וווינט ער און קנעלט אין באַשקע (אויפֿן ערשטן שטאָק) און די אייבערשטע דירה פֿאַרדינגט ער. ווי אַזוי ער האָט דאָס באַוויזן פֿון זײַן אָרעמער מלמדות אָפּצושפּאָרן אַזאַ שיינע דירה, קען איך אײַך נישט זאָגן (ווי איר זעט, זײַנען אַפילו פֿאַר מיר פֿאַראַן פֿאַרהוילנקייטן), נישט אַלץ ווייס איך. נאָך מער ווונדער איז, וואָס באַבע, זײַן ווײַב, פֿאַרנעמט זיך נישט מיט קיין זאַך וואָס אַנדערע רביצינס טוען אַרויסצוהעלפֿן די מלמדים אין זייער פּרנסה. אָט, אַ שטייגער, ווי מאַליע, שלום־גדליהס ווײַב, וואָס האָט אי אַ קלייטל, אי זי פּרעגלט אַזעלכענע טאַראַנקעס, וואָס האָבן אויף זיך אַ מחיהדיקע געשמאַקע הויט (אַז איר וועט מיך בעטן, וועל איך אײַך אויסזאָגן דעם סוד, ווי אַזוי מע מאַכט עס: מע טונקט די טאַראַנקעס אין מעל, אויסגעמישט מיט אייער, און מע פּרעגלט זיי אין בוימל. פֿון דאַנען נעמט זיך די הויט אויף זיי). איר קענט אויספֿאָרן אַ וועלט און אַזאַ מאכל אין ערגעץ נישט קריגן; אָדער, למשל, ווי איציקל חנה דער רײַבערינס ווײַב, וועלכע פֿאַרקויפֿט מילך און וואָס מע זאָגט יאַקבי, אַז פֿון דער קו און ביז די מילך קומט־אָן צו אײַך, איז אַ גרויסער מהלך... אָדער, נאַ־פּרימער, ווי חנא דעם קרומענס ווײַב, וואָס האָדעוועט גענדז און איז אַ גאַנצן ווינטער פֿאַרנומען מיט קוילען און סמאַליען, און פּליקן, און עפּענען, און פּרעג־לען שמאַלץ צום פֿאַרקויפֿן אויף פּסח. פֿון אַלץ מאַכט זי געלד, אָט די ייִדענע, קיין זאַך גייט נישט אין ניוועץ. אָט וועל איך אײַך אָקאָרשט אויסרעכענען, וועט איר אַליין זען. ס'איז דאָך אַ „אָטשעוּווידישקע״* — ווי טביה זייפּמאַן זאָגט אויף זײַן ייִדיש...

**
*

די געגנדז אַליין, נאָך דעם ווי מע האָט פֿון זיי אָפּגעפּליקט די פֿעדערן און אָפּגעשוונדן ווו ערגעץ אַ שטיקל שמאַלץ און פֿלאָסטער — ווערן פֿאַרקויפֿט פֿאַר פֿלייש צום עסן. נאָך דעם קומט דאָס שמאַלץ, וואָס זי פּרעגלט און פּילט־אָן אין סלאָיען. עס זאָגט זיך אַזוי גרינג אָפּ — „זי פּרעגלט״. מיר, תּלמידים, האָבן זיך

* תחום־המושב.

* אויגנשײַנלעך, באַשײַמפּערלעך.

גענוג — זאָל זיך אײַך דאַכטן — אָנגעוויינט פון דעם פרעגלען שמאַלץ... וואָס, איר ווונדערט זיך, פאַר וואָס מיר דאַרפן ווייניגן ווען די רביצין פרעגלט שמאַלץ? ווייסט איר אַפּנים נישט, אַז שמאַלץ, ווען מע פרעגלט עס האָט ליב, אַז מע טוט אין דעם אַרײַן ציבעלעס. ערשטנס, שמעקט דאָס בעסער, צווייטנס, וואָס מער ציבעלעס — אַלץ מער שמאַלץ. איר מעגט אויך וויסן, אַז ציבעלעס זײַנען וואָלוול און שמאַלץ איז טײַער... און ציבעלעס, ווען מע שיילט זיי און ביז זיי לאָזן־אַרויס דעם גאַנצן כעס אין דער היץ, רופן בײַ אײַך אַרויס מער טרערן, ווי די טרויעריקע מעשהס וועגן חורבן בית־המקדש...

מיט איין וואָרט: פון יעדן פּיצעלע מאַכט זי גאָלד, די רביצין. אָט וועט איר אַליין זען. איך בין נאָך מיטן מסחר נישט פאַרטיק. איר האָט מן הסתם פאַרגעסן, אַז גענדז האָבן אויך דרויב. וואָס, איר ווייסט נישט וואָס דרויב איז? אָט הערט זיך אײַן, וועל איך אײַך דערקלערן: פּופּעקלעך — זײַנען דרויב, לונגעלעך — זײַנען דרויב, לעבערלעך — זײַנען דרויב. אָבער איר מוזט וויסן דעם סוד, ווי אַזוי זיי אויסצופלאָנטערן און זיי אויסשנײַדן פאָרזיכטיק פון דער גאַל... זאָל אײַך גאָט אויסהיטן, אַז איין טראָפּן גאַל זאָל אויסרינען אויפן דרויב! אויב אַזאַ זאַך טרעפט אײַך, איז די גאַנצע מעשה דרויב בלאָטע. ווײַל גאַל איז אַזוי ביטער ווי כינע. און וואָס כינע איז — פרעגט מיך! עס ליגט מיר נאָך גוט אין טעם פון דער צײַט, וואָס איך בין, נישט פאַר אײַך געדאַכט, געלעגן אויף דער היץ־קראַנקייט... טפו, קיין גוטער ייִד זאָל דאָס נישט קענען! אָבער איר זאָלט זיך גאָר נישט זאָרגן. די רביצין איז אַן אשת־חיל. און נישט איין כירורג וואָלט איר מקנא געווען אויף איר גרינגער האַנט און זיך בײַ איר געמעגט לערנען, ווי מע מאַכט די אָפּעראַציע. וועט איר דאָך מן הסתם פרעגן, ווער קויפט דאָס געזונטע דרויב? אַז בסך־הכל האָבן שאַרגאָראָדער באַלעבאָסטעס אייגענע עופות אויף שבת און האָבן זייער אייגן דרויב (מע רעדט דאָ נישט פון אָרעמע לײַט, וואָס האָבן נישט קיין עופות אויף שבת. זאָגט נאָר, איך בעט אײַך, וואָס האָבן זיי יאָ, די אָרעמע לײַט?...), איז דער ענטפער, אַז מיט גאָטס הילף, ווו ערגעץ בײַ גאָט אַ ווינטער, פאַלט־אויס חנוכה, ווי איר ווייסט מן הסתם, פונקט 25 טעג אין חודש כסלו, האָט איר זיך איינס אַוועק. און אויב איר געדענקט, איז מקדמונים אײַנגעפירט, אַז חנוכה — אי מע עסט אין דער היים לאַטקעס, אי מע קריגט חנוכה־געלט פון טאַטע־מאַמע און פון אַלע פעטערס און מומעס; שוין אָפּגערעדט, אַז גאָט העלפט אײַך, איר זײַט אַזאַ בר־מזל ווי איך, און האָט נאָך ביידע זיידעס און ביידע באָבעס (איך געדענק, אַז די מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, פלעגט מיט מײַן עלטערער שוועסטער שיקן די זיידעס אַ גרעסערן וואָכנגעלט חנוכה־צײַט, כדי זיי זאָלן קענען געבן די קינדער חנוכה־געלט). צו דעם אַלעמען, מעג מע גאַנץ חנוכה שפּילן אין קוויטלעך (מע לאָזט אַפילו דורך אַ שטיקל

קאָנטראַבאַנדע: מע מאַכט זיך נישט זעענדיק, אַז אַנשטאָט קוויטלעך, שפּילט איר גאָר אין קאָרטן...).

נאָר דאָס אַלץ איז אַ הונט אַנטקעגן דעם מנהג פון האָבן אַ סעודה אין חדר. יעדער ייִנגל ברענגט אַ געוויסע סומע געלט. וויפל יעדער דאַרף ברענגען — ווענדט זיך אין גאַנצן אין רביך, ער ווייסט ווער עס קען קריגן אַ ביסל מער, ווער ווייניקער. ווײַל, „די סעודה, — זאָגט די רביצין, — דאַרף קאָסטן גאָלד צוליב דעם יקרות אויף פלייש"... און אָט דאָ קומט אַרײַן דאָס דרויב... ווײַל, פאַרשטייט איר מיך, די רביצין אַליין קאָכט דאָס פאַר אָט דער סעודה. מאַכט זי די זאַך האַלב אויף האַלב, גלײַך אויף גלײַך: צוויי פונט פלייש און דאָס גאַנצע דרויב פון אַלע געענדז פון אַ גאַנצן ווינטער... נאָר דעם אמת דאַרף מען זאָגן: דרויב צי פלייש, קאָכן קען זי, די רביצין (מע זאָגט, זי האָט יאַקבי מיידלווײַז געדינט בײַ גאָר, גאָר גרויסע גבירים). זי מאַכט פון דעם דרויב אַזאַ מין ראָסל־פלייש, אַז פאַרן קיסר... ווי די זאַך זאָל נישט זײַן — צו דער סעודה איז לעך־בעדיק און פריילעך... הלוואי וואָלט כאָטש דרײַ מאָל אין יאָר אויסגעפאַלן חנוכה...

נו, איצט מיינט איר אַוודאי, אַז איר זײַט שוין פאַרטיק מיט די גענדז — מאַכט איר, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, אַ גראָבן טעות. איר האָט פאַרגעסן צוויי זאַכן: ערשטנס, די גריוון, צווייטנס — די פעדערן. איז מיט די גריוון באַקט די רביצין קנישעס פון קאַרטאָפליעס — איינע אין דער וועלט, זיי צעגייען זיך אין מויל און קאָסטן בלויז אַ צענער. און די פעדערן פליקן זיי — די רביצין און איר בת־יחידה, יעדן אָוונט ביז שפּעט, אין אַ זיפּ אַרײַן, און דאָס פאַרקויפט מען פאַר כלהס וואָס גרייטן זיך צו דער חתונה, צו מאַכן קישנס, אָדער צו אַזוינע, וואָס פאָרן קיין אַמעריקע, ווײַל אין אַמעריקע — זאָגט מען — זײַנען קיין גענדזענע פעדערן נישטאָ...

מאָלט אײַך, אַז מיט די גענדזענע פעדערן איז אויך געוועזן אַ מעשה. ס'איז אַ סברה, אַז דער רבי האָט זײַן אשת־חיל איין מאָל געכאַפּט אונטערמישנדיק הינערשע פעדערן... האָט ער זי גוט אָנגעשראָקן און איר דערציילט, אַז אין מעבור יבוק, אָדער קב־הישר, איך געדענק שוין נישט אַקוראַט, האָט ער אַליין געלייענט, אַז מע ליגט אויף הינערשע פעדערן, קומט־אָן דעם מענטשן זייער שווער צו שטאַרבן, מע מאַטערט זיך ווי אויפן טויט... האָט זי זיך דערשראָקן און אויפגעהערט מישן. מיט קיין טויטע שפּילט מען זיך נישט... וואָס איך קען נישט פאַרשטיין איז, וואָס מיט די אַלע טאַלאַנטן אירע, דער רביצינס — הייסט דאָס, איז דער רבי אַן אָרעמאַן אין זיבן פאָלעס, און ווען עס איז געקומען די צײַט חתונה צו מאַכן די בת־יחידה, האָט דער רבי ערשט געדאַרפט אָנקומען צו לייבישל מעניעס נאָך אַ הלוואה, צו צאָלן וואָכנגעלט, אפשר דרײַ יאָר...

...אָדער נאַפּזשיקלאַד, ווי משה כאַצקלס ווײַב, וועלכע מאַכט וואָטע און וואָס איר ווייסט קיין מאָל נישט, צי איר שייטל איז געמאַכט פון וואָטע, צי זי איז נאָר־וואָס אַרויס פון אַ צעריסענעם איבערבעט...

יעדע, יעדע רביצין, האָט עפּעס געטאָן אַרויסצוהעלפן דעם מאַן, דעם מלמד אין זײַן פּרנסה. נאָר נישט באַבע, שליאָמע מלמדס ווײַב. מע מוז אָבער צוגעבן, אַז אין גאַנצן קיין לײדיקגייערין איז זי אויך נישט געווען. זי האָט ליב געהאַט די קינדער און פלעגט האַלטן אַן אויג, אַז דער באַהעלפער זאָל נישט אײַנשלינגען דאָס עסן, וואָס מאַמעס האָבן מיטגעגעבן די קינדער. און ווי אויף צו להכעיס האָט שליאָמע געהאַט באַהעלפערס — גאָלע זולל־וסובאניקעס און מע האָט זיי געדאַרפט היטן. זי פלעגט אויך האַלטן אַן אויג אויף שליאָמען, ער זאָל נישט אַרויס פון די כלים און נישט דערלאַנגען אַ קינד אַ פּליאַסק מיט זײַנע פיר פינגער... איך זע שוין, איך דערקען שוין אין אײַך, אַז איר דענקט, אַז איך בין, חלילה, אַראָפּ פונעם טראַקט. אָבער האָט געדולד, איך וועל אײַך אַלץ אויפקלערן. איך האָב פאַר אײַך בלויז ראַיעלע סחורה עובר לסוחר... שליאָמע מלמד איז נישט געווען דער איינציקער ייִד אין שאַרגאָראָד, וואָס האָט געהאַט פיר פינגער אויף דער רעכטער האַנט. און געקומען איז דאָס, נישט חלילה פון אַ מגפה, פון אַן עפּידעמיע אויף פינגער... נאָר די מעשה איז אַזאַ: אין יענע צײַטן, ווען שליאָמע און נאָך אַזוינע ווי ער, האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום „פּריזיוו", פלעגט מען פאַניען דינען לאַנגע יאָרן, און דאָ איז מען שוין אַ באַ־ווײַבטער מיט קליינע קינדער, איז — זאָגט מען — קיין אַנדער ברירה נישט געווען, ווי אַרויסצושטעלן דעם קיסר אַ פײַג און זיך אָפּהאַקן דעם גראָבן פינ־גער, וואָס אָן אים איז נישט מעגלעך צו שיסן... אײַ, וועט איר דאָך פרעגן, ווי אַזוי קען מען אַרויסשטעלן אַ פײַג מיט פיר פינגער? נו, זעט איר דאָך...

לכל־הפּחות דאַרפט איר וויסן, אַז צו געבן אַ פּליאַסק אַ ייִנגל אין פּנים אַרײַן, אַז דער פּנים זאָל געשוואָלן ווערן און דער אָפּדרוק פון די פיר פינגער זאָל זיך האַלטן אַ פּאָר טעג — האָט דאָס נישט געשטערט. און שליאָמע איז גע־ווען גרינג אויף דער האַנט — ווען נישט די באַבע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן; זי האָט געמעגט זײַן ווי פאַרנומען, און אַפילו נישט זײַן אין חדר, נאָר אין קיך. נאָר האָט זי דערפילט, אַז עס האַלט בײַ אַ פּליאַסק, איז זי אויס־געוואַקסן פונקט צו דער מינוט. וואָס זאָג איך, צו דער מינוט? — צו דער רגע. און גלײַך מיט מענה־לשון: „דו פאַנפּאַטש אײנער — דו, וואָס מיינסטו ביסטו דאָס? אַ קצב אויף פינגער ביסטו? (דאָס איז געווען אַ דעליקאַטע אָנצוהערעניש, אַז דעם פינגער האָט ער זיך אַליין אָפּגעהאַקט...) גאָטעניו ליבער, האָסטו גע־הערט אַ ביסל? אַ גזלן אַ ייִד. אָפּדאַרן, אָפּשיסן, אָפּקוואַרן זאָלן דיר די הענט און דער קאָפּ אויבעט, און איך זאָל דאָס נאָך דערלעבן, פאָטער זיסער, טאַטע

געטרײַער!"... האַ, ווי געפעלט אײַך אַזאַ לשון? בלויז מלכה־ריווע, ווען מע האָט געררופן מכה־ריווע, לייבישל מעניעס דינסט, האָט אין לשון געקאָנט קאָנ־קורירן מיט באָבען...

איך פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז נאָך אַזאַ דיפּלאָמאַטישער אינטערווענציע מיט גרויס איידלקייט מצד דער רביצין, איז שוין שליאָמען פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט, דער חשק צו — אײַער באַק, און איר זײַט געווען אַ געראַטעוועטער.

אָבער וואָס אַן אמת, אַ מלמד איז ער געווען אַ גוטער. ווײַל, פאַרגעסט נישט — זײַנע תלמידים זײַנען געווען קינדער אין עלטער צווישן פיר ביז זעקס יאָר, און אויסלערנען אַ קינד פון פיר יאָר דעם אַלף־בית, דעם טראָף, עברי צו פינף יאָר און חומש. יאָ, חומש צו זעקס יאָר, איז נישט פון די גרינגסטע זאַכן אויף דער וועלט.

אָט אַזוי, אויף זײַן פאַנפעוואַטן לשון, האָט ער אונדז אויסגעלערנט לייענען, אויסגעלערנט ברכות, וואָס אַ ייִד איז מחויב צו מאַכן אויף פאַרשיידענע זאַכן, אויסגעלערנט לייענען קריאת־שמע אויף דער נאַכט איידער איר גייט שלאָפן, אויסגעלערנט דאַוונען, און אויפן צווייטן יאָר, אין מיטן זמן — די ערשטע פּר־שיות פון „ויקרא" אין חומש... שליאָמעס תלמידים זײַנען געווען אַ גוטער מאַ־טעריאַל פאַר אַ גמרא־מלמד.

**
*

איך האָב שוין פריִער דערציילט וועגן חנא דעם קרומען און וועגן זײַן רבי־צין, די ייִדענע פון „גענדזענעם שמאַלץ". נאָר וויפל מע זאָל וועגן איר נישט ריידן און דערציילן, איז ווי אַ טראָפּן אין ים.

חנא איז געווען אַ פלעגמאַטישער, געמיטלעכער מענטש. זײַענדיק אַ גמרא־מלמד פאַר אָנפאַנגערס, איז ער אַליין קיין גרויסער למדן נישט געווען, און ער האָט דאָס גאָר נישט באַדאַרפט זײַן. נאָר וואָס ער אַליין האָט געקענט, האָט ער אויך געקענט גוט איבערגעבן. מיר, קינדער, האָבן אים האָלט געהאַט, ווײַל ער האָט אַלע מאָל ליב געהאַט צו דערציילן שיינע מעשׂה'ס, זאָגן אַ וויץ, און איז שטענדיק געווען אין אַ גוטער לוינע. נישט בלויז פלעגט ער קיין מאָל נישט שלאָגן, נאָר אַפילו קיין מוסר האָט ער נישט געזאָגט. נישט געשראָקן מיט „יע־נער" וועלט, וואָס דאָס פלעגן אַלע מלמדים, אַפילו די בעסטע — טאָן. אָבער די רביצין, — פּונקט דער היפּוך פון באָבע, שליאָמע מלמדס ווײַב — האָט גע־האַלטן אין איין יאָדען אים, אין איין „אודזשען", אים אויפגעוואָרפן, אַז ער, דער רבי, לאָזט די ייִנגלעך, יאָקבי, זיך קריכן אויפן קאָפּ...

איך געדענק נישט קיין גרויסע געשעענישן בײַ אָט דעם רבין אין משך פון מײַן לערנען בײַ אים, אַ חוץ איינע, אָבער אַ ריכטיקע. איר מעגט דאָס הערן,

עס וועט פאַר אײַך אפשר קלאָר ווערן, אַז פון אַ ליאַדע גאָרנישט קען אַ מאָל ווערן אַ חורבן... מע זאָגט, אַז פון איין פונק ווערט אַ מאָל אַ וועלט־שרפה, אַ מלחמה. און גלייבט מיר, אַז רש״י איז נישט משוגע.

אין איינעם אַ שבת, האָט אַ האָן, אַ פּשוטער האָן, אָנגעמאַכט בײַ אָט דעם רבין אַן אמתן חורבן אין שטוב...

ומעשה שהיה כך היה. די רביצין, וואָס האָט אַ גאַנצן ווינטער געהאָדעוועט געגנדז אויף פּסחדיקן שמאַלץ, פלעגט אַ גאַנצן זומער האָדעווען הינער און זיי געהאַלטן אין שטוב. אירע הינער פלעגן אַרומגיין אויף דער פּרײַ. די הינער פלעגן לייגן אייער געזעסן אויף זיי און אויסגעוואָרעמט „ציפּליאָנקעס״. די הינ־דעלעך פלעגט די רביצין לאָזן וואַקסן און זיי דערנאָך פאַרקויפט, אָבער אַלץ אין שטוב. זומער־לעב האָט דאָס עסן זייערס כמעט גאָר נישט געקאָסט. ערשטנס, קיין עין־הרע נישט, אַזוי פיל תלמידים, און יעדער איינער פון זיי האָט ליב געהאַט צו האָדעווען די הינער. איך האָב געקענט ייִנגלעך, וואָס פלעגן די הי־נער אָוועקגעבן דעם גרעסטן טייל פון זייער אייגענעם עסן. איך האָב געהאַט אַ מאַמע, וואָס איז נישט געווען קיין קאַרגע, נאָר וויפל די מאַמע פלעגט מיר געבן עסן מיטצונעמען אין חדר אַרײַן, פלעג איך זיך מיט איר „דינגען״. זי פלעגט שמייכלען און געבן מער. (טײַערע מאַמע, זי האָט מן־הסתם געמיינט, אַז איר בן־יחיד טיילט זיך מיטן עסן מיט אָרעמע ייִנגלעך...). די רביצין פלעגט אַ גאַנצן זומער דעם רבין נישט יאַדען, אַז ער לאָזט די ייִנגלעך זיך קריכן אויפן קאָפּ, און פלעגט אַפילו קיין מאָל דורכן זומער נישט מסרן אויף די פאַרזינדיקטע ייִנגלעך און זיי פאַרן רבין נישט „צושטעלן קיין בענקעלע״. צווייטנס, זײַנען זומער, ברוך־השם, אין אונדזערע מקומות פאַראַן דיניעס און קאַווענעס און אַלע ייִנגלעך, אַפילו אָרעמע, האָבן דאָס. אָט די פּירות פאַרמאָגן אַ גראָבע שאָלעכץ און די רביצין האָט אויסגעפונען, אַז הינער האָבן ליב שאָלעכץ פון דיניעס און קאַווענעס, פלעגט זי אויפקלײַבן ווו ערגעץ אַ שטיקל שאָלעכץ בײַ די ייִנגלעך און בײַ אַלע שכנים אויפן געסל. ד׳ער רבי פלעגט בשעתן לערנען זיצן און מיט אַ קליין מעסערל, אַ „קניפּיקל״, שנײַדן פּיצינקע שטיקלעך פון אָט דעם שאָלעכץ. גאַנצע בערג אַזעלכע פלעגט ער אָנשנײַדן און זיי וואַרפן אויפן דיל... אַז די הי־נער פלעגן דערזען אָט די „לאַקאָמקע״ אויפן דיל, פלעגט ווערן אַ געלאַף, ווי אויף אַ באַנקראָטירטער באַנק... די הינער פלעגן זיך ממש „רײַסן בײַ די האָר״. און איר ווייסט דאָך אַליין, אַז „כל דאלים גבר״... איז די רביצין געפאַלן אויף אַ המצאה, אַז זי וועט אַרײַננעמען אַ האָן אין הויז אַרײַן, וועלן אפשר די הינער האָבן דרך־ארץ און זיך אויפפירן בעסער (כ׳האָב שוין נישט געזאָגט — זיך אויפפירן ווי מענטשן, און זיך געכאַפּט, אַז מענטשן פירן זיך אויך נישט אויף ווי מענטשן; עס איז כאַפּ־לאַפּ, נאָך ערגער ווי בײַ די הינער...). געזאָגט און

געטאָן. מע האָט געקויפט אַ ריכטיקן האָן, אַ געזונטן חברה־מאַן אַ לאָפּאָק, אַ ווײַסן, מיט אַ מוראדיקן רויטן קאַם. און עס האָט געהאָלפן... ער האָט יאָ גע־מאַכט אַ שטיקל לאַד. ס׳הייסט, פריִער האָט ער אַליין געגעסן וויפל ער האָט געקענט אַרײַנפּאַקן אין זיך, און נאָך דעם האָט ער געלאָזט די הינער עסן. אָבער לײַטיש, נישט געכאַפּט, ווי אויף אַ יאַריד... אַז די רביצין האָט געזען, וואָס פאַר אַ פעולה עס האָט געהאָט דער האָן, דער באַלעבאָס, איז זי אַוועק און געקויפט נאָך איינעם. דאָס מאָל אַ שוואַרצן ווי אַ קויל, אָבער אַ קאַם האָט ער אויך גע־האַט נישט צום פאַרזינדיקן. דעם ערשטן טאָג האָט דער נײַער תרנגול זיך גע־האַלטן פון ווײַטן פון דעם הינערשן שבט, נאָר אַלץ באַטראַכט מיט איין אויגל, אַזוי ווי ער זאָל זיך וועלן אָריענטירן. די רביצין האָט געזאָגט, אַז דער חברה־מאַן קוקט אויס צו זײַן אַ „פלאָכע״ * און האָט אים גענומען אויפן שויס און אים געהאָדעוועט פון דער האַנט. אויפן צווייטן טאָג איז געווען שבת. דער רבי מיט דער רביצין זײַנען אין דער פרי געווען אין שול. די רביצין האָט דעם שבת גע־האָט געסט, איר שוועסטער און שוואָגער מיט זייערע קינדער פון דזשורין. די געסט האָבן מיטגעבראַכט אַ יונגנמאַן, וואָס האָט זיך געשדכנט צו דעם רבינס בת־יחידה. דער רבי האָט נאָך מיטגעבראַכט אַן אורח פון שול. מע האָט געמאַכט קידוש, געגרייט צום טיש. (איך האָב אײַך שוין דערציילט, אַז די רביצין איז געווען אַ זעלטענע ווירטין). ווו עס איז ערגעץ געווען אַ ריכטיק שטיקל געפּעס, אַ שיינער טעלער מיט קוויטן, אַ שיסל מיט גאָלד געליישט, אַ גלאָז מיט אַ פריץ רײַטנדיק אויף אַ ברענענדיקן סוס, האָט מען אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. מע האָט דערלאַנגט די געוויינטלעכע ייִדישע פאַרשפּײַזן: שאַרפן רעטעך מיט ציִ־בעלקעס, געהאַקטע אייער מיט הינערשמאַלץ, גוט אײַנגעפּרעגלטע לעבערלעך מיט זומערדיקע שוועמלעך. (די רביצין, ווי איר ווייסט, האָט געקענט די מלאכה). מע איז געווען אויפגעלייגט. די משפחה האָט באַמערקט מיט צופרידנקייט, אַז דער יונגערמאַן פון דזשורין האָט נישט בלויז געשמאַק געשלונגען דער רבי־צינס מאכלים, נאָר ער האָט אויך נישט אויפגעהערט „עסן״ דעם רבינס בת־יחידקע מיט די אויגן... די רביצין האָט געעפנט דעם אויוון און אַרויסגענומען דעם טשאָלנט. אויך דאָרטן איז געווען אַן אוצר פון שבתדיקע מאכלים: אַ גוטע מלכותדיקע אײַנגעקאָכטע יויך מיט פעטע ברוינע „אויגן״, אײַנגעפּראַזשעטע קאַ־שע מיט אונטערגעוואָרפענע מחיהדיקע מאַנדעלעך. כדי נישט צו דאַרפן דרייען טעלעכע מאָל הין און צוריק, האָט די רביצין אַרויסגעשטעלט אַלץ פון דעם טשאָלנט אויפן טיש אין גרויסע פעלעמעסיקעס און שיסלען. דאָ האָט איר גע־האַט: אײַנגעבראָטענעם פלייש, וואָס האָט גענומען דאָס אויג; צוויי קוגלען, איי־

* שוואַכלינג.

נעם אַ לאָקשענעם, וואָס האָט זיך געבאָדן אין „נאַסטאָיאַשטשע"* הינערשמאַלץ... און איינעם אַ זיסן פון מאַנע־גרײַפּלעך מיט ראָזשינקעס. עס האָט אויך נישט געפעלט דעם רבינס באַליבטער מאכל — אַ צימעס פון געטריקנטע באַרלעך מיט פלוימען. מיט איין וואָרט — דער טיש האָט זיך ממש געבויגן אונטער דער שווערער משא פון אָט די שבתדיקע מאכלים, וואָס נאָר ייִדן ווייסן דעם טעם פון זיי...

אין די הינער און די צוויי הענער האָט מען זיך כמעט ווי פאַרגעסן. צום לויב פון דער הינער־משפחה זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז אַלע האָבן זיך פאַרהאַלטן באַלעבאַטיש, באַשיידן און שטיל. איך קען אײַך אַקוראַט נישט זאָגן, צי איז דאָס געווען פון דעם, וואָס די הינער ווייסן אויך, וואָס מיר זינגען אין די הייליקע זמירות, אַז „פוסעים בו פסיעה קטנה", עס הייסט, אַז שבת לויפט מען נישט, נאָר מע שפּאַנט לײַטיש און פּאַמעלעך, צי דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך פשוט דערשראָקן פון אַזוי פיל נײַע מענטשן אין שטוב. נאָר די הינער זײַנען שטילער־הייט אַרומגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער און מע האָט פון זיי נישט געהערט קיין „דוך".

אָבער, ווי שטייט דאָרטן אין דער מגילה: „ויהי כטוב לב המלך ביין", אַז בײַם רבין אַליין איז אַ קאַפּעטשקע איבערגעגאַנגען דער ערשטער הונגער (שבת שטייט דער רבי אויף כאור הבוקר, גייט אין זײַן שולעכל און זאָגט מיט די פּראָסטע ייִדן תהילים און איז נישט טועם קיין זאַך, ביז מע קומט פון שול), האָט ער זיך דערמאָנט אין די הינער און זיי אַ וואָרף געטאָן אַ נאַש אויפן דיל. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער ערשטער האָט זיך אַ לאָז געטאָן דער ווײַסער תרנגול, (ער האָט דאָך חזקה...) און זיך געוואָלט נעמען רײַבן, נאָר ווי אַ וויכער איז אָנ־געלאָפן דער שוואַרצער מחבל (דער וואָס האָט זיך פרײַטיק אַ גאַנצן טאָג פאַר־שטעלט פאַר אַ גיונקעלע) און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער אכילה. דער ווײַ־סער האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ חוצפּה און געוואָלט מיט אים לערנען בלק (אַזוי ווי ער זאָל האָבן געוווּסט, אַז גראָד די סדרה פון יענער וואָך איז גע־ווען בלק...), זיך שוין געגרייט צו נעמען אים פּיקן, דעם חוצפּהניק, דעם נישט־געבעטענעם גאַסט, וואָס רײַסט זיך אַרײַן אין פרעמדע גערטנער, אין פרעמדע האַרעמען... געטראַכט מן הסתם, אַז איינס־צוויי און ער צעפּיקט דעם שוואַרצן אויף טויט... מער האָט מען נישט באַדאַרפט. דער שוואַרצער גיבור האָט געגנו־מען דעם ווײַסן אין דער אַרבעט: געביסן, געריסן לעבעדיקע שטיקער פון אים... און מערקווערדיק, די הינער וואָס זײַנען ביז דעמאָלט געשטאַנען פון דער ווײַטן, האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן העלפן — — — נישט זייער געזעצלעכן מאַן, נאָר

* אמתע.

דעם אַרײַנדרינגער, דעם אָקופּאַנט... דער ווײַסער האָן האָט שוין געהאַלטן שמאָל, זייער שמאָל... די רביצין האָט זיך דערשראָקן אויף טויט, פאַרשטייט איר מיך, — דער האָן האָט געקאָסט געלט... האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן כאַפּן דעם שוואַרצן, נאָר יענער איז שוין געווען אַזוי צעווילדעוועט, אַז ער האָט אָנגעהויבן שפּרינגען און אַפילו פליִען אַרום די ווענט; די הינער נאָך אים, די רביצין נאָך זיי אַלע, ביז אַלע הינער און דער האָן האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען אויפן טיש און איבערן טיש, מאַכנדיק אַן אמתדיקן חורבן פון דעם שבתדיקן מאָלצײַט. טעלער, שיסלען און גלעזער זײַנען געפאַלן אויף דער ערד. די געהאַקטע לעבער, די שבתדיקע פּאַסאָליעס, דער מייערן־צימעס, האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער יויך און מיטן קוגל אויפן סאַמע מיטן פון דעם מיט פריש ליים אָפּגעשמירטן דיל... גיי ווייס, אַז אַ האָן מיט הינער קענען זײַן אַזעלכע אַנטיסעמיטן אויף אַ יִידישן טשאָלנט... כאָטש, אַז מע זאָל אַ טראַכט טאָן די זעלבע זאַך אויף צוריק, דערציילן אונדזערע הייליקע ספרים, אַז איבער אַ האָן מיט אַ הון איז חרוב געוואָרן אַ שטאָט אין ארץ־ישראל... און קלוגע מענטשן, יודעי חן, זאָגן, אַז געשיכטע ווידערהאָלט זיך...

**
*

מיר וועלן אַרײַנגיין איצט און זען, וואָס עס טוט זיך בײַ שלום גדליהס.

שלום גדליהס, האָב איך אײַך שוין דערציילט, איז אַ גוטער מענטש, אַ נוח לבריות. צו יִנגלעך איז ער זייער גוט, ווען נישט דאָס, וואָס ער דערציילט אַזעלכע זאַכן וועגן גיהנום, אַז עס איז אַ מורא צו טאָן די קלענסטע עבירה.... איז די ערשטע צײַט טאַקע געווען צרות. מיר זײַנען געוואָרן אַזעלכע סטאַטיקעס, אַז טאַטע־מאַמע האָבן אונדז נישט דערקענט... עס האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז איך האָב אָנגעהויבן שלאָפן אין אַ יאַרמלקע, אָט ווי איר זעט מיך אַ יִדן. נאָר, ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל: „מע זאָל נישט געפּרוווט ווערן מיט וואָס מע קען געווינט ווערן”. צו יעדער זאַך געווינט זיך אַ מענטש, אַפילו צו שרעקלעכע שוידערלעכע מעשהס...

צי מיר האָבן אויפגעהערט גלויבן, אַז וואָס דער רבי דערציילט איז אמת, צי מיר זײַנען געוואָרן גרויסע אײַנשטעלערס, ריזיקאַנטן, נאָר מיר האָבן ביסלעכווײַז אָנגעהויבן זינדיקן: איבערהיפּן אַ דאַווענען, אָפּטאָקן אַ ליגן ווען מע מוז, פאַרגעסן אָנצוטאָן דעם אַרבע־כנפות, ווײַל די ציצית האָבן דיר אַ מיאוסע טבע אַרויסצוקוקן צו דער וועלט — פונקט פון אַ ריכטיקן פלאַץ — און בעיקר העיקרים — זומער זיך אַרויסצוכאַפּן פון חדר פאַר אַ שווים, און ווינטער — זיך צו גליטשן.

אַז שלום גדליהס איז אַ יִיד אַן אָרעמאַן — מעגט איר מיר גלייבן אויפן

וואָרט. די אָרעמקייט איז אָבער דאָרטן אין שטוב נישט געווען קיין אָנ־זעעוודיקע.

אין יענער צײַט, ווען מיר האָבן בײַ אים געלערנט, האָט ער געהאַלטן אין חתונה־מאַכן אַ טאָכטער. דאָס איז בײַ אים געווען די מעזינקע, אַן עלטערע טאָכ־טער האָט ער שוין מיט יאָרן צוריק געהאַט אויסגעגעבן. נאָר, אָדער ער איז אין יענע יאָרן געווען אָרעמער ווי אַצינד, אָדער די עלטערע טאָכטער איז גע־ווען אַ מער געראָטענע, ער האָט, הייסט עס, אָדער נישט געהאַט, אָדער נישט גע־דאַרפט געבן קיין נדן. דער מעזינקע אָבער, בין איך אַן עדות, האָט ער, נעבעך, געמוזט געבן נדן. פרעגט מיך נישט ווי אַזוי ער האָט דאָס געקאָנט באַווײַזן. ווי האָבן דאָס געקאָנט באַווײַזן אַנדערע ייִדן, אויך אַזעלכע אביונים ווי ער? צו דעם אַלעמען האָט דער רבי געהאַט בײַ זיך אין הויז אַן אמתן אומגליק. זײַנער אַ זון, איך גלייב דער עלטסטער, יודל האָט ער געהייסן, אַ זייער געראָטענער, אַ יונ־גערמאַן מיט אַלע מעלות; אַ לערער פון רוסיש און העברעיִש, אַ גאַנץ פײַנער צייכענער, מיט בלײַער און מיט קויל; אַ גוטער האַרציקער זינגער, אַ מענטש מיט אַ פּנים, אויף וועלכן מע זאָגט, אַז „די שכינה רוט אויף דעם" — אַ מענטש, וואָס גאָט אַליין האָט אים ליב געהאַט, — אַזוי האָט מײַן מאַמע געזאָגט. נאָר דאָס מאָל, גלייב איך, איז מײַן מאַמע נישט געווען גערעכט. ווײַל, אויב גאָט האָט אים טאַקע ליב געהאַט, ווי קומט עס, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך?... נעמט ער, אָט דער יודל, און ווערט קראַנק אויף טשאַכאָטקע, ליגט אין בעט און הוסט־אויס פון זיך די לונגען... פאַרשטייט זיך, אַז פון לערנען מיט קינדער איז אָפּ־גערעדט. ער האָט געמוזט נעמען זײַן ווײַב מיט צוויי בריליאַנטענע קינדערלעך און קומען צום טאַטן. און טאָמער איז דאָס נישט געווען גענוג — נעמט מאַליע די רביצין, ווערט קראַנק (מענטשן האָבן געזאָגט — פאַר צרות) און סמאַליענ־סקי דער דאָקטער הייסט זי פירן קיין אָדעס אויף אַן אָפּעראַציע. מילא, די חתונה, זאָל זיך אײַך דאַכטן, האָט מען אָפּגעלייגט און דער רבי האָט די רביצין געמומען קיין אָדעס. שטעלט אײַך פאָר, ווען דאָס טרעפט בײַ אַן אַנדער מלמד, וואָלטן מן הסתם די ייִנגלעך געפראַוועט שמחת־תורה. איין קלייניקייט — נישט לערנען אַ גאַנצן חודש, און ווען? אין סאַמע מיטן ווינטער, ווען דער ריוושיק הינטער דער באָד איז פאַרפרוירן, ווען די ריטשקע איז פאַרקאָוועט, ווען אַפילו אונדזער טײַך „מוראַשקע" שלאָפט אונטערן אײַז. ווען, ווען, וואָס נישט? איז דאָס אָבער געווען דער רבי, וועמען מיר האָבן אַלע ליב געהאַט. און כאָטש, אַז אַלץ איז געווען נאָרמאַל, האָבן מיר דאָך אַ ביסל געפאַלשעוועט, אונטערגעזינדיקט, זײַ־נען מיר אָבער איצט, ווען דער רבי איז אויף אַזעלכע געבראָטענע צרות, אַלע, אָבער טאַקע אַלע אָן אויסנאַם, געווען אַזוי גערירט, אַז מיר האָבן יעדער בײַ זיך אין האַרצן געשוווירן אויסצופירן דעם רבינס אָנזאָג: צו לערנען יעדן טאָג אין חדר אָן אים, אָט דאָס וואָס בײַ אונדז אין שטעטל רופט מען אַ „לייענען", און

אַז יודל זײַן זון, דער קראַנקער, זאָל אונדז בלויז אויסהערן. און למען־השם — האָט דער רבי אָנגעזאָגט, — זאָלן מיר יודלען נישט מצער זײַן... אויב איר מיינט, אַז מיר האָבן דעם רבין אָפּגענאַרט — מאַכט איר אַ גראָבן טעות... מיר האָבן אָנגעפירט דעם חדר פּונקט ווי ווען דער רבי איז געווען, און נאָך בעסער. מיר פלעגן דאַווענען מיט אַ מנין און מיט אַ „חזן" אין חדר. מיר האָבן זיך נישט געקריגט און אַוודאי נישט געשלאָגן. מיר זײַנען אין די עטלעכע וואָכן געוואָרן זייער פרום, און אַז עס איז געקומען אין דער שמונה־עשרה צו דער תפילה „רפואינו", האָט יעדער איינער פון אונדז אין האַרצן געבעטן אויף אַ רפואה־שלמה פאַר דער רביצין... צו יודלען האָבן מיר זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער ליבשאַפט, און ער, אַן אויסגעהונגערטער נאָך קינדער און נאָך טעטיקייט, האָט פון זײַן זײַט געמאַכט אַ ספּעציעלן בײַטראָג צו אונדזער קינדערשן פאַרמעסט... ער האָט אונדז געלערנט צייכענען. ניין, שרעקט זיך נישט — קיין מאַרק שאַגאַלס זײַנען מיר נישט געוואָרן... נאָר אויב איך האָב הײַנט צו טאָג עפּעס אַ פּיצל באַגריף וועגן מאָלערײַען און אַ תשוקה צו זיי (צום באַדויערן, טאָקע נישט מער ווי דאָס) שטאַמט עס פון, און וואָרצלט אין יענע טעג...

איר ווילט דאָך מן הסתם וויסן דעם סוף. נו, דער סוף איז געווען, אַז די רביצין איז אַהיימגעקומען מיט אַ רפואה; דער רבי מיט אַ גרויען קאָפּ און מיט אַ שפּאָר פּעקל נײַע חובות... די מעזינקע האָט מען חתונה געמאַכט. מיר זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען די גלאַוונע מחותנים. די עלטערע טאָכטער האָט אַפילו פאַרשטרײַקט און געסטראַשעט, אַז זי וועט נישט גיין צו דער חתונה, סײַדן מע וועט איר אָפּגעבן דעם נדן פון פאַר צוואַנציק יאָר, נאָר זי איז יאַקאָש בעסער געוואָרן, ושלום על ישראל. יודל. יאָ, יודל איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ יונגע אַלמנה מיט צוויי קינדער... נאָר איר ווייסט דאָך, דער רבונו של עולם איז אַן אַבי יתומים — אַזוי זאָגט דאָך מײַן מאַמע, — און דאָס מאָל איז זי געווען גערעכט אויך. איך קען אײַך בלויז דאָ דערציילן, אַז באַזיע שאַכנאָוויטש, יודלס עלטערער זון, איז געווען אין צײַט פון דער רעוואָלוציע און בירגערקריג מיט דער רויטער אַרמיי, זיך שטאַרק אויסגעצייכנט און געוואָרן אַ גענעראַל. נאָכן בירגערקריג איז ער אַרײַן אין אַ קונסטשול, געשטודירט מאָלערײַ און הײַנט איז ער אַן אָנגעזעענער מאָלער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. יודל האָט פאָרט געלאָזט אַ גײַסטיקע ירושה...

* * *

וועגן יענקל משה מנשהס האָב איך אײַך שוין אַ ביסל דערציילט. דאָ וויל איך בלויז צוגעבן אַ מעשהלע, אין וועלכער יענקל האָט געשפּילט אַ שטיקל ראָלע, כאָטש אַן אומווילן ליקע.

אַז אונדזער שאַרגאָראָדער שול איז זייער אַ הויכע, איז אַ דבר־ידוע און וועגן דעם „לעבן" פון די מתים בײַ נאַכט אין שול גייען אַרום

מעשׂהס און לעגענדעס, איינע שרעקלעכער פון דער אַנדערער און פאַנטאַסטי־שער פון דער צווייטער. מע דערציילט, אַז בײַ נאַכט דאַוונען דאָרטן מתים, פונקט אַזוי ווי די לעבעדיקע טוען דאָס. מע דאַוונט, מע לייענט אין דער ריייניקייט, מע גיט עליות — אַלץ, אַלץ ווי די לעבעדיקע טוען דאָס. דער חילוק איז נאָר, וואָס די מתים דאַוונען אין תכריכים... מע זאָגט אַפילו, אַז עס טרעפט: די מתים רופן־אויס צו דער תורה אויך אַ לעבעדיקן. ווען אַזאַ זאַך טרעפט, איז דער מענטש אַ פאַרפאַלענער...

מיט אַ מאָל האָט זיך פאַרשפּרייט די נײַעס, אַז בײַ דער טיר, בײַם סאַמע אַרײַנגאַנג אין שול, שטייט יעדע נאַכט אַ הויכער מענטש, אַ ריז, ממש אַ גלית הפלישתי, אָדער אַן עוג מלך הבשן, אַנגעטאָן אין ווײַסן, שטייט ער אָפּ גאַנצענע נעכט, זינגט, לאַכט און וויינט. און גייט עמעצער נאָענט לעבן שול, לאָזט זיך דער מענטש, אָדער מת, שפּאַנען צום דורכגייער. מער האָט מען נישט באַדאַרפט. אַלע וואָס האָבן געוווינט לעבן שול, האָבן זיך אַנגעהויבן פאַרשליסן אין די הײַזער באַלד ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן... יענקל משה מנשהס, וואָס האָט גע־וווינט דערנעבן, בײַ דער סאַמע שול, האָט אויך געהערט וועגן די אַלע מעשׂהס און געזאָגט, אַז ער גלייבט נישט אין אַזעלכע בײַקעס. מאַליע, זײַן ווײַב, און וועליע, זײַן טאָכטער, האָבן אָבער יאָ געגלייבט אין די אַלע זאַכן וואָס מע האָט זיך אָנגעדערציילט, האָבן זיי געהאַלטן אַן אויג אויף אים און אים אויף דער נאַכט נישט אַרויסגעלאָזט פון שטוב. ביז איין מאָל בײַ נאַכט, ווען אַלע זײַנען גע־שלאָפן, האָט זיך יענקל אַרויסגעלאָזט און געוואָלט זען מיט די אייגענע אויגן דעם מת אין ווײַסן. אַזוי גיך ווי יענקל האָט זיך באַוויזן לעבן שול, האָט יענער אויסגעשטרעקט אַ „לאַנגע האַנט" און אַראָפּגעוואָרפן בײַ יענקלען פון קאָפּ זײַן היטל שוין מיט דער יאַרמלקע, וואָס ער האָט געטראָגן אונטערן היטל. יענקל האָט נישט מיט זײַן קול אָנגעהויבן שרײַען: „גוואַלד" און „שמע ישראל" און געפאַלן אין חלשות. ווי וויל מענטשן האָבן נישט מורא געהאַט, נאָר ווען זיי האָבן דערהערט די גוואַלדן, האָט מען זיך צונויפגעלאָפן מיט עטלעכע ייִדן און זיך געלאָזט צו דער שול מיט לאַמטערנעס. בײַ דער שול האָבן זיי געטראָפן יענק־לען אַ געחלשטן און פון דעם „מת", דעם ריז איז קיין זכר נישט געבליבן. מע האָט דעם מלמד יאַקאַש אָפּגעראַטעוועט און מער האָט מען דעם „מת" נישט געזען. קיינער וואָלט טאַקע קיין מאָל נישט געוווּסט ווער דער מת איז געווען. ווייסט איז דאָך אָבער פון דעם ווערטל: „נכנס יין, יצא סוד", אָדער: „טרינקט מען איבעריקן ווײַן נאָר אויס, ווערט די צונג בײַם מענטשן לויז"... דאַרף זיך דודי־שײַעס אָנטרינקען בײַ יודל דעם בעדערס, זיך אַ באַרים טאָן און דערציילן, אַז דאָס איז ער געווען בײַ דער שול אין ווײַסן, און אַז הויך איז ער געווען צו־ליב דעם, וואָס בײַ שײַעס סטאָליער, עס הייסט — בײַ זײַן טאַטן אויפן בוידעם האָט ער געפונען אַ פּאָר אַלטע שטאָלצן, וואָס ער האָט נאָך גענוצט ווען ער איז

געווען אַ ייִנגל און זיך געלערנט גיין אויף זיי, איז אים איַינגעפֿאַלן אַ גליקלע־בער געדאַנק, אָנצושרעקן די יאָלדן... פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אויף די שטאָלצן איַינגעוויקלט אין אַ ליַילעך און פֿראַווען שטיק. איך דאַרף איַיך נישט איבערצייַיגן אין דעם, אַז ער וואָלט שוין געווען געקראָגן זיַין ערד־אויסקומע־ניש; האָט ער אָבער געדינט אַלס שאַלאַטן־שמש ביַי חברה פּוסיפּיאַקעס, און אָנ־הייבן זיך מיט זיי האָט קיין בר־דעת נישט געקאָנט און אויך נישט געוואָלט. איז די מעשה בלויז געבליבן אַ מיאוסע דערינערונג פֿון מענטשלעכער נאַרישקייט און געפּאַלנקייט, וואָס וויסט נישט פֿון קיין מאָס און האָט נישט קיין גרענעץ, אַפילו נישט אין אונדזער גאָט געבענטשטער שטאָט שאַרגאָראָד...

**
*

אויך וועגן אפרים מלמד, מיט וועלכן מיר האָבן שוין אַ שטיקל באַקאַנט־שאַפֿט פֿון מיַינע פֿריִערדיקע מעשהס, וויל איך איַיך דאָ דערציילן אַ שיינע געשיכטע.

געטראָפֿן האָט דאָס אין יאַראָשענקע אויפֿן וואָקזאַל. אפרים איז אָנגעקומען פֿון ערגעץ מיט דער באַן און פֿאַרשפּעטיקט די בערזשעניקעס. פּריַיטיק, וואַרטן נישט די בערזשעניקעס ביזן לעצטן „פֿאָיעזד", כדי זיי זאָלן אָנקומען אַהיים פֿרי, קענען גיין אין מרחץ אַריַין און זיך צוגרייטן צום הייליקן טאָג שבת. גע־ווען איז דאָס נאָך נישט זייער שפּעט אין טאָג, און אפרים וואָלט נאָך געקענט אָנקומען קיין שאַרגאָראָד אויף שבת, ווען זשע? ווען ער זאָל נישט זיַין אַ ייִד אַ קמצן, אַ סקריאַגע, אַ קאַרגער און זיך פֿאַרגינען צו דינגען אַ פֿויער מיט פֿערד־און־וואָגן. אַוודאי וואָלט עס אים געקאָסט אַ ביסל מער ווי מיט די בערזשעני־קעס, אויף דעם האָט ער אָבער, אפרים, נישט קיין כּוח... שטייט ער אויפֿן פּע־ראָן פֿון דער סטאַנציע און וואַרט אויף ניסים. און גלייבט, אָדער גלייבט נישט — עס האָט געטראָפֿן אַ נס. עס קומט־אָן דער „קוריערסקי פֿאָיעזד", און ווער קומט עס אַרויס פֿון וואַגאָן ערשטע קלאַס? — אַוודאי אַ שאַרגאָראָדער, און נאָך פֿאַר אַ שאַרגאָראָדער! נישט קיין אַנדערער ווי מענדל־הערש. דאָס איז ער געקומען פֿון אַמעריקע, שוין פֿון דער צווייטער לוסטריַיזע, וווהין ער איז געפֿאָרן צו זיַין אייניקל סעם זמורה, דער מולטי־מיליאָנער, וועלכער איז דער אייגנטימער פֿון כמעט אַלע באַנאַנע־פּלאַנטאַציעס אין דרום־אַמעריקע — דער סאַמאָראָדנער פּרעזידענט פֿון דער „יונייטעד פּרוט קאָמפּאַני"... (אין דער ריכטיקער צייַט וועלן מיר איַיך דערציילן וועגן מענדל־הערשן און זיַין אייניקל, באַריכות). בקיצור, אפרים האָט זיך דערפֿרייט מיט מענדל־הערשן ווי מיטן טאַטן פֿון „יענער"־וועלט, אָבער ביז וואָס, ביז ווען, ביז מע האָט געקראָגן אַ פֿויער מיט גוטע פֿערד מיט אַ גוטן רעסאָרנעם וואָגן (מענדל־הערש וועט נישט פֿאָרן מיט אַ וואָגן אָן רעסאָרן, וואָס טרייסלט אַרויס די קישקעס שוין צוזאַמען מיט דער נשמה...), איז

געוואָרן פאַר נאַכט, און אפרים האָט נישט געהאַט קיין חשק אַרײַנצופאָרן אין שבת. עס האָט אים שוין, מאָלט אײַך, גוט באַנג געטאָן, וואָס ער האָט נישט גע־דונגען קיין פויער ווען עס איז נאָך צײַט געווען... איצט וועט ער האָבן אי פּוילע פּיש, אי — איר זאָלט מיר מוחל זײַן, — פאַרשטונקענעם הערינג. ער ווערט דאָך דאַרפן באַצאָלן פאַר שטיין איבער שבת אין יאַראָשענקע... וואָס טויג אײַך גרויס, אַ ביסל מענדל־הערש, וואָס האָט געטענהט אַז איידער שטיין איבער שבת אין יאַראָשענקע, צווישן גויים, איז גלײַכער מיט אים אַהיימצופאָרן, בפרט, אַז קיין הוצאות בעט ער דאָך נישט בײַ אים... — אַ ביסל דער יצר־הרע, וואָס פאַר־קליידט זיך פאַר אַ צדיק אין פּעלץ, און טענהט, אַז צוליב דער גרויסער מצווה פון עונג־שבת אין דער היים, מעג מען באַגיין אַ קליין עבירהלע... און אפשר מער ווי אַ ביסל. צוליב זײַן נאַטירלעכער קמצנות, האָט אפרים זיך אַרײַנגעזעצט אין דעם רעסאָרנעם וואָגן און מע פאָרט אַהיים קיין שאַרגאָראָד...

זאָל זיך אײַך דאַכטן, אונדזערע פאַרשוינען האָבן געטאָן אַלץ אין זייערע כוחות, אַז שטאָט זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן זייער אָנקומען שפּעט פרײַטיק־צו־נאַכט קיין שאַרגאָראָד. מענדל־הערש האָט וועגן זיך אַליין נישט געזאָרגט, ווײַל וואָס ווערט מען אים טאָן? מע ווערט נישט קוילען זײַן כפּרה אויף יום־כּיפּור? אָדער מע ווערט צונעמען זײַן קנעלונג? נאָר אפרימען האָט ער דאָך נישט גע־וואָלט טאָן קיין שאָדן. מענדל־הערש איז טאַקע קיין פרומאַק נישט געווען, כאָטש, חלילה, בכיוון, קיין הפקר־מענטש איז ער אויך נישט געווען, און בעיקר — מענדל־הערש האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ... זײַנען זיי ביידע אַרונטערגעגאַנ־גען אויף יענער זײַט מעראַכוווער בריק, און מיט די גוייִשע געסלעך און דורך אונדזער אַלט־באַקאַנטן פּלאַץ וואָס מע רופט „הינטער דער באָד”, האָבן זיי זיך אַרײַנבאַקומען אין שטאָט אַרײַן. דעם פויער האָט מען געהייסן צופירן די זאַכן צו מענדל־הערשס הויז ערשט נאָך האַלבער נאַכט, ווען שטאָט שלאָפט שוין מיטן טיפן שבתדיקן שלאָף... דאַכט זיך גוט, האַ, וואָס זאָגט איר? נישט מער, אויף מאָרגן, שבת אין דער פרי, האָט גאַנץ שטאָט געוווּסט, אַז אפרים מלמד איז געפאָרן אום שבת... סטײַטש, פרעגט איר, ווי אַזוי איז מען געוווּיר געוואָרן? אויב אַזוי, קענט איר נישט שאַרגאָראָד. שאַרגאָראָד האָט מן הסתם געהאַט אַן „איסטאָטשניק” *. פאַרלאָזט זיך אויף שאַרגאָראָד...

שטאָט האָט זיך געוויגט... אַ מלמד, וואָס דאַרף מדריך זײַן ייִדישע קינדער, זאָל אָפּטאָן אַזאַ זאַך!... אין אַלע שולן, אין אַלע קלויזן און אין בית־המדרש האָט מען פון קיין אַנדער זאַך נישט גערעדט. וואָס טויג אײַך מער, אַפילו דער מגיד, וואָס איז גאָר נישט קיין שאַרגאָראָדער, און וואָס האָט גאָר באַדאַרפט האַלטן זײַן

---

* אינפאָרמאַציע־קוואַל.

דרשה פון אַן אַנדער תוכן (טעמע), האָט געפונען פאַר נייטיק צו ריידן וועגן דער גרויסער עבירה פון חילול־שבת... און וואָס פאַר אַ שטראָף מע קריגט פאַר אַזאַ זינד...

ווי זאָגן מיר דאָרטן אין די תפילות פון נעילה, היום פנה... — דער טאָג איז אַוועק און דער שבת־צו־נאַכטס איז געקומען. בײַם רב אין הויז איז אויף גיך גערופן געוואָרן אַן אַסיפה. בײַ אָט דער אַסיפה האָבן זיך די געבלוטן צע־שפּילט, די ליידנשאַפטן צעפלאַקערט. באַלעבאַטים, וואָס זײַנען גאָר נישט אַזוי שטאַרק אָפּגעהיט אין פרומקייט, האָבן זיך צעיאַכמערט און געשריִען העכער פון די אמתע יראים. אַ גליק, הערט איר, וואָס די קייט צו וועלכער מע פלעגט אַמאָ־ליקע יאָרן צובינדן פאַרזינדיקטע, וואַלגערט זיך שוין לאַנג און זשאַווערט אויפן שול־בוידעם און איז גוט צוגעדעקט מיט שטויב און שפּינוועבס. און שטעלן אין קונע, איז ברוך־השם אויך אַרויס פון דער מאָדע, אַפילו בײַ די מלמדים אין די חדרים... דער איינציקער אמתער „ניוויזיק" אין שטאָט, חיים שאַפּירא, האָט בײַם רב לעבן פענצטער (אַרײַנקומען אין שטוב, האָט ער נישט געוואַגט) געהאַלטן אין איין שרײַען: „אַ רוח אין אים, אין טאַטן אַרײַן, אין חרם אַרײַן!..."

אפרים מלמד אַליין איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און איז געווען שוואַרץ ווי די ערד. עקיבא, דער רב זכרונו לברכה, איז נאָך אָבער געווען פאַרצווייפלטער ווי דער פאַרזינדיקטער מלמד. פאַרשטייט איר מיך, אונדזער רב ר' עקיבא, איז אַ מזג־טוב, אַ גרויסער בעל־רחמים און נאָך אַ גרעסערער אוהב־ישראל, און נישט נאָר דעם כלל־ישראל האָט ער ליב, נאָר אויך דעם פּרט — ר' ישראל. ר' עקיבא איז געווען אַ גרויסער מבין אויף מענטשלעכע שוואַכקייטן, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די גרעסטע שטראָף האָט שוין דער פאַרזינדיקטער באַקומען דאָ אויפן אָרט; אַז חיבוט־הקבר ווערט אויך נישט געפּראַוועט בפני כל עם ועדה... האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אײַנגעשטילט דעם עולם און זיך געווענדט צו די פאַרזאַמלטע בזה הלשון: „מײַנע טײַערע יידן! עס האָט געטראָפן, רחמנא־ליצלן, אַז אַ ייד האָט זיך נעבעך אויסגעגליטשט און פאַרגעסן, וואָס די תורה הקדושה הייסט געדענקען — דעם „זכור את יום השבת"... וואָלטן מיר געווען אין אונדזער אייגן לאַנד, וואָלט מן הסתם מלכות אים געמשפּט. איך שטעל זיך נישט פאַר, אַז מלכות וואָלט דערלויבט, אַז דער משפט זאָל אָנגעפירט ווערן פון דעם המון; אַז יעדער איינער וואָס קען שרײַען, זאָל שרײַען... אויף דערויף האָט מלכות אַ בית־דין. אַפילו דאָ, בײַ אונדז אין לאַנד, וואָס צייכנט זיך נישט אויס מיט איבעריקער איידלקייט (בעוונותינו הרבים) — דערלאָזט מען נישט קיין „סאַמאָסוד", דאָס הייסט, אַז יהיה מי שיהיה זאָל פון דער העלער הויט ווערן אַ שופט, אַ „סודיאַ". בפרט מיר, יידן, וואָס באַרימען זיך מיט אונדזער אויסדער־ווײלטקייט... און דאָ איז דער ענין נישט אַזוי פּשוט ווי מע קען דענקען. ווײַל

נאָך אַלעמען זײַנען מיר אין גלות און עובר־זײַן אויף אַ „לאו“, אָדער „עשה“, איז מער־ווייניקער אַן ענין שבין אָדם למקום, ס'הייסט — דער וואָס איבער אונדז דאַרף משפטן, און אַז דער כביכול משפט אַ ייִדן, טוט ער דאָך דאָס מיט רחמים, ווײַל ער איז דאָך, ווי איר ווייסט אַלע, אַן „אל רחום וחנון“ און עס איז דאָך בפירוש געשריבן, אַז „ישראל אף על פי שחטא, ישראל הוא“. און ווער זײַנען מיר און וואָס זײַנען מיר, אַז מיר זאָלן מאַכן גוואַלדן און אַ טומל און אים, דעם אייבערשטן, לערנען ווי אַזוי צו משפטן? נאָר אַזוי ווי ר' אפרים איז אַ ייִד אַ מלמד, און אַ מלמד איז שוין יאָ חל אויף קהל, ווײַל ער איז מחנך ייִדישע קינדערלעך, איז נישט וואָס קהל ווי אַ גאַנצער קאָן אים משפטן, נאָר קהל קען און דאַרף און איז אַפילו מחויב צו דערווײַלן אַ בית־דין וואָס זאָל אויפנעמען דעם ענין, נישט אַזוי צוליב דער שטראָף וואָס אים קומט, אפשר דאָס אויך, נאָך מער צוליב דעם, וואָס מיט ישוב־הדעת וועלן זיי קענען קומען צו אַן החלטה, צי איז ר' אפרים, נאָך דעם וואָס האָט געטראָפן, פּאַסנד צו לערנען אונדזערע קינדער ייִדישקייט... ובכן, וועל איך מיט אײַער דעה באַשטימען אַ בית־דין בלויז פאַר דעם צוועק. איך וויל אָבער טאַקע דאָ אויסנעמען אַ תנאי, אַז אין זייערע פאַרהאַנדלונגען זאָלן זיי זיך סומך זײַן אויף דער מסקנה, אַז אין אונדזער הלכה איז נישטאָ אַזאַ שטראָף, ווי פאַרהונגערן אַ מענטשן צום טויט, ווײַל צונעמען בײַ אַ מלמד זײַן קנעלונג, מיינט דאָס אייגענע ווי פאַרמשפטן אים צו הונגער. אַפילו די גרעסטע פון אונדזערע תנאים האָבן געהאַט גאַנצע טענות צו אים, וואָס אײַבער אונדז — „עמך ישראל צריכים פרנסה“. פרנסה איז אַ גרויסער ענין. דער בית דין דאַרף באַטראַכט נישט אַזוי אַ שטראָף, ווי אַ תשובה פאַר ר' אפרימען. און איך באַשטים דרײַ ייִדן, וואָס איר אַלע קענט און איך האָב גרויס דרך־ארץ פאַר זייער לומדות, זייער חכמה און הנהגה. דער בית־דין זאָל באַשטיין פון ר' שמעון־דוד בלאָושטיין, ר' יאָסל קאָזלאָווסקי און ר' הערשל מעניעס. זאָלן זיי אַרײַנגיין אין מײַן חדר־מיוחד מיט ר' אפרימען, דעם ענין חוקר ודורש זײַן און קומען צו אַ החלטה על צד היותר טוב. אָנזאָגן וויל איך זיי, אַז פונקט ווי מע קען אַ מצווה קאַליע מאַכן מיט אַן עבירה, אַזוי קען מען אַן עבירה מתקן זײַן מיט אַ מצווה, „ודי לחכימא ברמיזה“...

פונקט ווי פריִער האָט דער עולם געטומלט, אַזוי איז איצט שטיל געוואָרן. שווײַגנדיקערהייט האָט דער עולם געמאַכט אַ דורכגאַנג פאַר דעם באַשטימטן בית־דין. די געבליבענע האָבן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געוואַרט אויף זייער באַשלוס. עס האָט לאַנג נישט גענומען און דער בית־דין איז אַרויסגעקומען. אפרים מלמד איז זיי נאָכגעגאַנגען, און שמעון־דוד בלאָושטיין האָט פאָרגעלייענט אַ געשריבענעם פסק...

„דער בית־דין האָט גענומען אין אַכט, אַז ר' אפרים איז אַ ייִד אַ ירא־שמים; אַז ביז דעם מכשול — און דער בית־דין האַלט, אַז די גאַנצע זאַך איז געווען אַ שטרויכלונג — האָט ער אַלע מאָל אָפּגעהיט ייִדישקייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלמד. אַז געטאָן האָט עס ר' אפרים, מיינענדיק, אַז פון די צוויי נסיונות: סע הייסט, פון דעם נסיון פון דאַרפן האַלטן שבת אין אַ דאָרף צווישן נישט־ייִדן, און דאָס מוזן אַרײַנפאָרן אין הייליקן שבת — איז דער קלענערער דער לעצטער, בפרט — האָט ער געטראַכט — אַז אַרויסגעפאָרן איז ער דאָך נישט שבת, נאָר פרײַטיק... אַוודאי איז ער נישט גערעכט, ר' אפרים. נאָר פאַר קיין גאַנצן מזיד קען מען אים נישט באַטראַכטן. און דאָך, אַן עבירה איז דאָס. און וואָלט מען זיך בײַ אונדז אָנגעפרעגט איידער די עברה איז געטאָן געוואָרן, וואָלטן מיר אַוודאי זי נישט געהייסן טאָן. מיר האָבן אויך גוט באַטראַכט אונדזער חשובן רבס געדאַנק, וועגן מתקן זײַן אַן עבירה און זי פאַרוואַנדלען אין אַ מצווה... און באשר אונדזער מרחץ האָט אַ מקווה, וואָס וועט שוין באַלד זײַן מער חורבה ווי מקווה און ייִדישע טעכטער קענען נאָך, חלילה, נכשל ווערן מיט מער עבירות ווי איינע, האָבן מיר באַשלאָסן פאַרצושלאָגן ר' אפרימען, אויף זײַן חשבון אויפֿ־צובויען אַ נײַע מקווה, לויט זײַנע יכולות, און בזכות דער מצווה פון העלפן אָנ־האַלטן טהרת־המשפחה (דאָס ריינקייט פון דער משפחה), זאָל דער וואָס לעבט אייביק, וואָס איז אַ מוחל עוונות — אים מוחל זײַן, ווי די קהילה הקדושה פון שאַרגאָראָד איז אים מוחל. דער בית־דין בעט אַלע ייִדן, נישט צו דערמאָנען דעם מלמד לגנאי, וואָס ס'האָט געטראָפן, און שיקן צו אים אין חדר אַרײַן זייערע קינדער, כדי ער זאָל זיי מדריך זײַן בדרך־הישר...“

מערקווערדיק, דער זעלביקער עולם וואָס האָט בלויז איין שעה פריִער גע־טומלט, געוואַלדעוועט און געפּאָדערט מי־יודע וואָס פאַר שטראָף פאַר אפרים מלמד — האָט אויפגענומען דעם פסק מיט גרויס צופרידנקייט. (טביהלע האָט אַפילו אויף זײַן ייִדיש באַגײַסטערט אויסגעשריִען: „אודיוויטעלנאָ“! *).

אַזוי ווי פון הימל אַראָפּ האָט זיך מיט אַ מאָל באַוויזן מענדל־הערש (ווײַל פריִער האָט אים קיינער נישט געזען) און האָט געבעטן דעם רב, ער זאָל אים לאָזן זאָגן די פאַרזאַמלטע אַ פּאָר ווערטער... דער רב האָט אים דערלויבט. און אָט וואָס מענדל־הערש האָט דערקלערט דעם עולם: „ייִדן, איך וויל אײַך זאָגן, אַז איך בין פונקט אַזוי חייב, ווי אפרים מלמד און אפשר נאָך מער. איך וויל פון אָט דער וויסטער שותפות זיך נישט אויסדרייען. איך וועל געבן אַ האַלבן צו־שטײַער אויף דער מקווה, נאָר בתנאי, אַז אַ מקווה זאָל דאָס זײַן מיט אַלע פּי־טשעווקעס... מענדל־הערש האָט זײַן וואָרט געהאַלטן, און פון דער עבירה איז אַרויסגעקומען אַ מצווה...

**

---

* וואונדערלעך.

אַז מע רעדט וועגן מלמדים, מוז מען, פאַרשטייט זיך, אויך דערמאָנען יאַנטל דעם קרומען און עפּעס דערציילן וועגן אים. איז אָבער דער אמת, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו דערציילן. עס איז אַ ברכה לבטלה... יאַנטל איז געווען מער שלעגער ווי מלמד... און בײַ אים אין חדר איז אַלע מאָל אָנגעגאַנגען אַ געראַנגל: „קטאָ־קאָוואָ", עס הייסט, ווער — וועמען; ווער וועמען עס וועט אָנטאָן מער צרות: די תלמידים דעם רביץ, צי דער רבי וועט אָנטאָן מער נגישות די קינ־דער... ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ קרומען, פלעגט ער קאַטעווען די קינדער מיט אַ קוליע... איך פאַרזיכער אײַך, אַז אויב אַ ייִנגל האָט זיך אין יענעם חדר עפּעס אויסגעלערנט, איז דאָס געווען נישט אַ דאַנק יאַנטלס לערנען, נאָר אַ דאַנק אַ נס, וואָס קען דאָך אַ מאָל טרעפן.

איך וואָלט נאָך באַדאַרפט דערציילן אייניקע זאַכן וועגן איציקל חנה דער רבּיבעריננס. איר קענט אים שוין פון די פריִערדיקע דערציילונגען. אָבער איך האָב אַזוי פיל צו דערציילן, אַז איך מוז ווערן שפּאָרעוודיקער אַ ביסל, און דאָך קען איך זיך נישט אָפּהאַלטן צו דערציילן די איצטיקע מעשה, וואָס וועט מיר העלפן אַרויסברענגען אַ כאַראַקטער־שטריך, וואָס איז זעלטן צווישן מלמדים, אַפילו די בעסטע. בכלל איז איציקל געווען אַ קאָלירפולער מענטש, וואָס איר ווייסט שוין אַ ביסל פון פריִער.

ער איז געווען זייער אַ גוטער, איציקל. און בדרך־כלל האָט ער קיין ייִנגל נישט געשלאָגן. ער פלעגט אָנשרײַען. און ווען איר האָט אים אַ מאָל געהערט שרײַען, האָט איר געמיינט, אַז אָט גייט ער אײַך אָפּטאָן מי־יודע וואָס. אָבער איידער וואָס־ווען, האָט ער און אויך איר, פאַרגעסן אַז ער איז געווען אין כעס. דאַרף צו אָט דעם רביץ טרעפן אַזאַ מעשה:

געווען בײַ אונדז אין חדר אַ ייִנגל, ברוך פּוילישער. זײַן מאַמע איז געווען אַן אַלמנה און געוווינט אין דער לעצטער הויז אויף דער נײַער שטאָט. אַ בחורל איז ער געווען אַ פּעיִקער, ער האָט זיך זייער גוט געלערנט, דאָס הייסט, ווען ער האָט געלערנט. אָנהייב וואָך, אַז דער רבי פלעגט זאָגן אַ שיעור, האָט ער אים גלײַך אויפן אָרט געקענט און געדענקט אויף שפּעטער. ער האָט געקענט מאָלן קוויטלעך צו שפּילן, לעגאַל, חנוכה, און אומלעגאַל אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. געווען איז ער אַ שנעלער בעל־מלאכה. ער פלעגט פּראָדוצירן קוויטלעך פאַר אונדז אין חדר און אויך פאַר תלמידים פון אַנדערע חדרים. ער איז נישט געווען קיין באַרײַסער, פלעגט ער זײַנע קוויטלעך פאַרצוקערן אויף דער קינ־דערשער בירזשע לעבן אפרים מלמדס חדר און נח צוקערניקס פאַבריקל, און טאַקע באַלד די פּאָר גרײַצערס פאַרטאַכלעווען אויף נאַשערײַען. אַ גוטער איז ער געווען, אַ „גאַש־בראַט", — פלעגט ער אַלעמען טיילן צוקערקעס. אַלע ייִנגלעך האָבן אים ליב געהאַט — ס'לעבן. אײן חסרון האָט ער געהאַט (אָט וועט איר באַלד הערן): ער האָט נישט ליב געהאַט צו קומען אין חדר אַרײַן כסדר, אַלע

טאָג, צוליב צוויי זייער וואַגיקע סיבות. איינס, דינסטיק האָט ער שוין געקענט דעם לימוד פון דער גאַנצער וואָך, און גלאַט נודיען זיך האָט ער נישט איבעריק ליב געהאַט, און צוויי, זײַן משפּחה האָט געוווינט אויף דער נײַער שטאָט. דאָרטן, אויף אַ גרויסן פּלאַץ וואָס מע רופט „די טאַרגאָוויצע״, קומט דאָנערשטיק פאַר דער פאַרקויף פון פערד. און גלייבט מיר, מע דאַרף זײַן אַ טיפּוש־גמור, נישט צו וועלן זײַן דערבײַ ווי מע פאַרקויפט פערד: דאָס אויספּרובירן די פערד, דאָס דינגען זיך בײַ דעם מסחר, דאָס טרינקען „מאַגריטש״ * נאָך דעם קויף און פאַר־קויף, טאַקע דאָ אין מיטן פּלאַץ, אָפּן פאַר דער גאַנצער וועלט — האָבן אין זיך אַ כישוף־כוח צוצוציִען אַ ייִנגל און האַלטן אים געשפּאַנט. עס איז קיין פאַר־גלײַך נישט מיטן זיצן אין חדר און הערן ווי די ייִנגלעך מאַטערן זיך אויסצר־לערנען אַ בלאַט גמרא, וואָס אַליין קענט איר אים שוין ווי אַ וואַסער... דאָס איז דאָנערשטיק. אָבער אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר איז דער פּלאַץ אויף דער נײַער שטאָט אויך נישט קיין שפּעטנע ערטל — אויף גאָטס ערד.

דאָרטן, אויף דעם פּלאַץ, זײַנען די קאַזאַרמעס פון די סטראַזשניקעס. און סטראַזשניקעס האָבן פערד, און מיט פערד מאַכט מען „מאַניעווורעס״, כאָטש גאָט ווייסט צוליב וואָס און צוליב ווען. אָבער צו זען ווי פערד שפּרינגען אי־בער באַריערעס (אפשר אַ רמז, אַז בשעת אַ רעוואָלוציע בויט דאָס פאָלק באַ־ריקאַדן, און די סטראַזשניקעס וועלן דאַרפן, רײַטנדיק אויף פערד, שפּרינגען איבער די באַריקאַדן אויף צו ראַטעווען דעם צאַר־באַטיושקאַ). צו זען אָט די מאַניעווורעס, וועט איר מודה זײַן, איז לכל הדעות אינטערעסאַנט.

דאָרטן וווינט אויך דער אוריאַדניק. אַהין ברענגט מען אַרעסטירטע פּויע־רים, נאָך דעם ווי זיי זײַנען געווען בײַם „סליעדאָוואַטעל״ אויף „דאָפּראָס״, און מיט גוטן האָט מען פון זיי ניט געקאָנט אַרויסקריגן קיין ווידוי. בײַ דעם אור־ריאַדניק נוצט מען שטאַרקערע מיטלען... די קולות וואָס לאָזן זיך הערן פון אוריאַדניקס שטוב קענען זיך בלויז פאַרגלײַכן מיט די קולות אין בוינע, בשעת נחמיה גרייט־צו די בהמות צו דער שחיטה... (אמת, דאָס איז פאַר אַ ייִנגל מיט אַ ייִדיש האַרץ אפשר נישט קיין שמחת־תורה, נאָר גיכער תשעה־באָב. נאָר, זאָל זײַן תשעה־באָב, אָבי מע גייט נישט אין חדר). נאָך דעם ווי מען פּראָוועט־אָפּ דעם אַרעסטירטן בײַם אוריאַדניק, פירט מען אים איצט, שוין אין גאַנצן אַ צע־בלוטיקטן, נישט צום דערקענען — צום פּריסטאַוו, צו פאַרשרײַבן הייסט עס. ווײַל צו שרײַבן איז דער אוריאַדניק נישט קיין גרויסער מאַדים... נאָכצוגיין אַזאַ מין לעבעדיקע לוויה, איז אויך נישט קיין קלייניקייט... און ערשט, נאָכן פאַרשרײַבן בײַם פּריסטאַוו, פירט מען דעם אַרעסטירטן מיט גרויס פּאַראַד אין טורמע אַרײַן. פון ביידע זײַטן — די סאָטסקעלעך, פון סאַמע פאָרנט — צוויי

* מאַכן אַ לחיים.

סטראַזשניקלעך און פון הינטן פאַרט־נאָך דער אוריאַדניק אין אַ בריטשקע. די טורמע איז פונקט הינטער פּוילישערס דירה. הײַנט פאַרשטייט איר שוין, אַז פּוילישער האָט ליב צו זען וואָס עס טוט זיך אויף גאָטס גרויסער וועלט, ליי־בערשט ווי צו גיין אין חדר אַרײַן און זיך אָפּנודיען אַ גאַנצן טאָג. נו, פלעגט ער נעמען זײַן עסן, ווי ער זאָל, יאַקבי, גיין אין חדר אַרײַן, און גיין פלעגט ער זען אַ וועלט (ווי זאָגט דאָרטן אונדזער טביהלע זייפמאַן אויף ייִדיש: „ליודיעי פּאַווידאַט אי סעביאַ פּאָקאַזאַט״ *). און אָט טאַקע פון דעם „סעביאַ פּאָקאַזאַט״ האָבן זיך גענומען אַלע צרות. די מאַמע, די אַלמנה, האָט אים איין מאָל געכאַפּט און אים געבראַכט אין חדר אַרײַן, צוויי מאָל געכאַפּט און אים געבראַכט אין חדר אַרײַן, דרײַ מאָל, פיר מאָל, ביז עס איז איר נמאס געוואָרן דער עסק און זי האָט אים איין מאָל געבראַכט און צוגעשטאַנען צו איציקלען, ער זאָל אים שטרענג באַשטראָפן. איציקל האָט זיך מיט איר לאַנג געסודעט. מיר, קינדער, האָבן גוט געוווסט וואָס דאָרטן איז אָנגעגאַנגען — דאָס האָט זיך דער רבי מיט איר געדונגען; איר דערקלערט, אַז ער שלאָגט נישט קיין קינדער... מע האָט זיך אַזוי לאַנג געשפּאַרט, ביז זי האָט געפּועלט בײַם רבין, ער זאָל דעם ייִנגל צו־בינדן צו אַ קינדערוויגל וואָס איז געשטאַנען לעבן אַ וואַנט און דער רבי האָט דאָרטן געהאַלטן זײַנע ספרים... איציקל האָט דאָס זייער אומגערן, זייער אומווי־ליק געטאָן. די ייִדענע האָט דעם רבין פאַרזאָגט, אַז אָט אַזוי זאָל ער אים האַלטן אַ גאַנצן טאָג... וואָס טויג אײַך גרויס, אַזוי גיך ווי די ייִדענע איז אַרויס, האָט דער רבי דאָס ייִנגל גלײַך אָפּגעבונדן. און איר האָט געדאַרפט זען דעם רבין, ווי ער האָט געגלעט זײַן תלמיד, געגלעט און אים געהאַלטן אין איין איבער־פרעגן, צי עס טוט אים נישט ווי...

און ווי פּאַראַדאָקסאַל (פול מיט סתירות) דאָס לעבן איז. איציקל האָט באַ־שלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע און זיך אויסגעלערנט שחיטה. מאָלט אײַך: אי־ציקל, וואָס האָט אַפילו דאָס וואָרט דם (בלוט) אין אַ ספר נישט פאַרטראָגן, איז געוואָרן אַ שוחט... און ווער, מיינט איר, האָט אים געלערנט שחיטה? — לייבע־לע שוחט, וועמען עס האָט גענומען יאָרן לאַנג זיך צוצוגעוווינען צו דער ברו־טאַלער מלאכה...

**
*

מיר האַלטן איצט בײַ ר' בנימין־יענקלען. איך האָב אים שוין אַ פּאָר מאָל דערמאָנט. ער האָט זײַן מלמדות גענומען זייער ערנסט. נישט נאָר מיט ייִנגלעך האָט ער געלערנט תורה, נײַערט ווען עס איז נאָר מעגלעך געווען פאַר אים אָפּ־צורײַסן אַ ביסל צײַט פאַר דערוואַקסענע ייִדן, בײַ טאָג, פאַר טאָג, אין דער וואָכן,

---

* אויף אַ וועלט אַ בליק טאָן און אויף זיך לאָזן אַ קוק טאָן.

שבת און אַפילו יום־טוב האָט ער זיך נישט געפוילט און נישט מיד געוואָרן זיי צו לערנען גאָטס וואָרט. עס איז פּשוט בײַ אים געווען אַן אינערלעכער דראַנג צו לערנען יידן אַ פּרשה חומש, „עין יעקב" און אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן מער ווי אַ קאַפּיטל תהילים נישט פאַרנומען, האָט ער בלב־ונפש זיי געוואָלט העלפן... און מע דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז לערנען מיט דערוואַקסענע איז דאָך אַפילו נישט פאַרבונדן מיט פּרנסה... אַוודאי זײַנען די יינגלעך געווען זײַן ערשטע און גרעסטע אַחריות... האָבן אים די דערוואַקסענע ליב געהאַט און גרויס דרך־ארץ געלייגט אויף אים. די יינגלעך, אָבער, זײַנען אים קיין גרויסע פרײַנד נישט געווען. זיי האָבן אים נישט געקאָנט מוחל זײַן, וואָס בײַ אים אין חדר האָט מען געדאַרפט קומען פריִער און אַהיימגיין שפּעטער ווי אין אַנדערע חדרים. אַפילו שבת בײַ טאָג, וואָס בײַ אַנדערע מלמדים איז דאָס געווען נישט קיין גוואַלדאָוו־נער „מוז" און מע איז דאָס אָפּגעקומען מיט איין שעה, אָדער נאָך עפּעס ווײַ־ניקער, איז דאָס בײַ בנימין־יענקלען אין חדר געווען אַ האַרבע עבודה אויף צוויי־דרײַ שעה, און קומען האָט מען געמוזט באַלד נאָכן עסן.

אין דער אמתן איז דער רבי געווען אַ גוטער מענטש. ער פלעגט נישט אי־בעריק שרײַען און אַוודאי נישט שלאָגן. אין דער אמתן האָט ער די קינדער ליב געהאַט און זיכער געווען, אַז ער טוט זיי די גרעסטע טובה מיטן האַלטן זיי אין חדר לענגער. און זײַנע יינגלעך האָבן טאַקע געקענט בעסער לערנען, ווי די תלמידים פון אַנדערע חדרים. אָבער, גייט איבערצײַגט חדר־יינגלעך, אַז דאָס אַלץ איז זיי לטובה. האָבן זיי זיך אַרומגעטראָגן מיט תרעומות אויפן רבין און געחלומט וועגן אָפּטאָן דעם מלמד אַ שפּיצל...

אין איינעם אַ שבת בײַ טאָג, ווען דער רבי האָט זיי געהייסן אַליין לערנען פּרקי־אָבות און ער וועט זיך צושפּאַרן, כאַפּן אַ גיכן שבת־דרימל און נאָך דעם זיי פאַרהערן, — האָבן זיי פון ערגעץ געבראַכט אַ שפּילעכל אַזאַ, וואָס אַז מע ציט דאָס אָן, טוט דאָס אַ שאָס, ווי עס זאָל זײַן פון אַן אמתן פּיסטויל... די ציאַצ־קע איז אַן אומשולדיקע זאַך, ס'האָט נישט קיין פײַער, נאָר אַז מ'הערט דאָס שיסן, דעם קנאַק, קען זיך טאַקע אויסדאַכטן, אַז עס קומט פון אַן אמתן פּיסטויל...

דער רבי איז אײַנגעשלאָפן און חברה האָט אויסגעשאָסן. אַוודאי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, ר' בנימין־יענקל, אַ דערשראָקענער, נאָר באשר די תלמידים זײַנען געזעסן בײַם לאַנגן טיש און אַרײַנגעקוקט אין די ספרים, האָט דער רבי מן הסתם געמיינט, אַז עס האָט זיך אים געחלומט... און עס וואָלט אפשר אָפּגעע־לאָפן גלאַטיק. האָבן מיר דאָך אָבער אַ גרויסן גאָט, האָבן די יינגלעך פאַרגעסן איין קליינינקייט, דהײַנו, אַז פון בײדע זײַטן פון רבינס דירה וווינען צוויי יידן, וואָס דער רבי איז בײַ זיי זייער טײַער. אי זיי האָבן אים ליב, אי זיי האָבן פאַר אים גרויס דרך־ארץ.

איינער פון די ייִדן איז וועלוול פּיִווישעס, וואָס איז טאַקע אַליין זייער אַן אומוויסנדיקער ייִד, נאָר פאַרפעלט נישט צו קומען אין שולכל ווען ר׳ בנימין־יענקל זאָגט מיט די ייִדן תהילים. און דער צווייטער איז ניסן דאַברישעס, וואָס קומט אַלע מאָל הערן ווען דער רבי לערנט מיט די ייִדן „עין יעקב״.

די צוויי ייִדן זײַנען אויך געשלאָפן דעם שבתדיקן שלאָף און אויך זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט דערשראָקענע. אַרויסגעלאָפן אין דרויסן און גאָר נישט געזען. זײַנען זיי אַרײַן אין חדר און דערציילט דעם דערשראָקענעם מלמד, אַז זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט, ווײַל זיי האָבן געהערט אַ שאָס. נו, אַלע דרײַ האָט זיך נישט געקאָנט חלומען דער זעלבער חלום...

האָט מען אָנגעהויבן חוקר ודורש זײַן, וואָס דאָ האָט געטראָפן און בעיקר — ווער עס האָט געשאָסן, ווער איז געווען דער שיסער...

איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז קיינער פון די ייִנגלעך האָט זיך נישט מודה געווען און נישט געמסרט יענעם. אָבער פון דער צערודערטער חברותא, האָט מע געדאַרפט זײַן אַ כשרע בהמה, אַז מע זאָל זיך נישט אָנשטויסן, אַז דער שאָס איז געקומען פון זיי.

דער רבי איז געווען נישט קיין נאַרישער ייִד און האָט דערשמעקט די סכנה פאַר די תלמידים מצד זײַנע שכנים, האָט ער זיי געבעטן נישט צו מאַכן פון דעם קיין ווענז. אָבער מיט זייער גאַנצן דרך־ארץ פאַרן רבין, האָבן די ייִדן אפשר דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן נישט געפאָלגט דעם רבין.

די שכנים האָבן באַשלאָסן, אַז אויב קיינער פון די תלמידים וויל נישט מסרן און אַרויסזאָגן ווער עס האָט דאָס געטאָן, איז נישט אַנדערש, נאָר זיי זײַנען אַלע שולדיק... און אויב זיי זײַנען שולדיק, דאַרף מען זיי מקיים פּסק זײַן...

דער רבי האָט זיך געבעטן בײַ די ייִדן, זיי זאָלן די קינדער נישט שלאָגן, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. די ייִדן האָבן געהאַט איין טענה: אַז מ׳וועט זיי נישט מקיים פּסק זײַן, וועלן זיי דעם רבין קריכן אויפן קאָפּ. און זיי קאָנען אַזאַ זאַך נישט דערלאָזן; זיי דאַרפן וויסן, די „שקצים״, אַז אַ וועלט איז נישט הפקר...

ר׳ בנימין־יענקל איז אַרײַן אין צווייטן צימער. ער האָט נישט געקענט צו־זען דאָס שלאָגן מלקות אין אַ מיטן שבת בײַ טאָג...

מיט דער גרעסטער רויִקייט האָבן די צוויי ייִדן באַפוילן, חברה זאָל אַליין אויסטאָן די תחתונימלעך און זיך לייגן... די שכנים האָבן זיך אײַנגעטיילט מיט דער אַרבעט: ניסן האָט געציילט און וועלוול האָט געשמיסן. אָבער שרעקט זיך נישט. איר ווייסט דאָך — „ייִדישע גזלנים״. עס איז נישט געווען אַזוי דער ווייטיק, נאָר דער בזיון...

אַז איר וועט אָננעמען, אַז די ייִנגלעך האָבן מער קיין שפּיצלעך נישט אָפּגעטאָן, וועט איר האָבן געטראָפן. און נאָך אַ זאַך — פון זיי זענען אויסגעוואַקסן גוטע ייִדן...

מרדכי קופער

# אַ רייכע קאַפּעליע שפּילט פאַר אַן אָרעמער כלה

מיר גייען איצט אַריבער אין דער געגנט, וואָס איז באַקאַנט אין שאַרגאָראָד ווי די גאַרבער־גאַס, ווײַל אַבּרהם־בנימינס גאַרבאַרניע האָט זיך דאָרטן געפונען און האָט פאַרשמעקט די גאַסן אַרום מיט אַ ריח־ניחוח, וואָס בלויז זיידע מענ־דעלעס שטינקערײַ האָט געהאַט עפּעס אַן ענלעכקייט צו דעם. איז וועגן דער גאַרבאַרניע און ווי מע מאַכט לעדער, וועל איך אײַך אַ מאָל דערציילן, אם ירצה השם, ווען די צײַט וועט קומען. איצט אָבער, זײַנען מיר פאַרנומען מיט מלמדים, וועלן מיר זיי פאַר אײַך אַלעמען פאָרשטעלן.

יעמוד ר׳ נפתלי יתום! נפתלי איז נישט קיין יתום (און אויב אַפילו יאָ, איז ער דאָס שוין אַזוי פיל יאָרן, אַז ער אַליין וואָלט זיי נישט געקאָנט איבערציילן), נפתלי איז אַן אַלטער ייִד, אַ ביטערער אָרעמאַן און אַ דרדקי־מלמד — מער אָרעמאַן ווי מלמד. מאַמעס ווילן נישט שיקן זייערע קינדער אין אַ חדר, וואָס שטייט לעבן דער סאַמע גאַרבאַרניע, וואָס, אַז מע געפינט זיך דאָרטן בלויז אַ פּאָר שעה, סטײַעט נאָך דעם קאַטאַר אין דער נאָז אויף אַ גאַנצער וואָך און מער. נאָר, ווי זאָגט די גמרא: „פּטור בלא כלום אי אפשר" (אָדער ווי אונדזער פרײַנדל טביהלע זאָגט אויף ייִדיש: „ניע בעז טאָוואָ"). עטלעכע קינדער האָט ער, נפתלי, און ער לערנט זיי וואָס ער קען. אָבער טאַקע בלויז וואָס ער קען. „און וואָס ער ווייסט — זאָגט איציע רוזמאַן, — וואָלט אַ קליין פּיצינקע פּיגעלע געקענט אַוועקטראָגן אויפן עק". און גיי ווייס, וואָס ער מיינט, איציע... וואָס איך ווייס איז, אַז אָט דער נפתלי מלמד האָט זײַן אָריגינעלן דרך צו באַשטראָפן שלעכטע ייִנגלעך — ער שלאָגט זיי מיט אַ יאַרמלקע איבערן פּנים. איך קען אײַך אַקוראַט נישט זאָגן, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט אַ פּאַטש פון אַ יאַרמלקע, ווײַל איך האָב דאָס קיין מאָל נישט פאַרזוכט. כ׳ווייס יאָ, אַז די ייִנגלעך האָבן דאָס נישט איבעריק ליב.

נפתלי איז אַן אַלמן און האָט איין מיידל, נישט קיין יפת־תואר, אָבער אַ פײַנע גוטע ייִדישע טאָכטער. נאָר קיין שידוך מאַכט זיך נישט, צום באַדויערן.

איז דאָך אָבער קיין ייִדישער מאָנאַסטיר נישטאָ, וויפל איר זאָלט נישט זוכן. האָט טאַקע גאָט געהאָלפן און איר אויך צוגעשיקט איר באַשערטן. איר ווייסט דאָך מן הסתם פונקט ווי איך, אַז פערציק טעג איידער דער מענטש ווערט גע־בוירן, רופט מען אויס אין הימל: „בת פּלוני לפלוני". אויפן פּשוטן מאַמע־לשון הייסט דאָס, אַז דעם און דעמס טאָכטער וועט חתונה האָבן פאַר דעם און דעם...

ווײַזט־אויס, אַז ציסיעס נאָמען און איר זיווג און אַפילו איר מזל האָט מען אויך אויבן אויסגערופן. מע וואָלט אַפילו געמעגט זאָגן מזל מיט אַ סמיטשעק, ווײַל גראָד בײַ דער ציסיען האָט אין טיר אָנגעקלאַפּט אַזאַ זעלטן גליק, וואָס מיט אָרעמע מענטשן טרעפט עס אפשר איין מאָל אין אַ יובל. הערט אַ מעשה:

עס דאַרף זיך טרעפן אַזוי, אַז מענדל־הערש, דער לאַנג־יאָריקער פירער פון דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע קלעזמערס, ווערט מיט אַ מאָל אַן עושר, אָבער טאַקע אַ גביר־אַדיר. פרעגט מיך נישט איצט, ווי אַזוי. די מעשה אַליין איז זייער אַ שיינע און אין דער ריכטיקער צײַט וועט איר זי הערן. על־כל־פּנים דאַרפט איר וויסן, אַז מענדל־הערש איז געוואָרן אַ גביר, איז ער געגאַנגען און האָט פאַר־ווירקלעכט זײַנעם אַ לעבנס־חלום: צו האָבן אין שאַרגאָראָד אַ מאָדערנעם קינסט־לערישן אָרקעסטער, איינעם אין דער מדינה; אַן אָרקעסטער, וואָס זאָל פון דעסט וועגן זײַן אַ ייִדישער, עס הייסט — שפּילן אויף ייִדישע חתונות ייִדישע מוזיק.

געזאָגט און געטאָן. מענדל־הערש האָט זיך אָװעקגעלאָזט קיין ווינעציע און אַפילו קיין אָדעס, „אָפּגעטשעפּעט" פון דאָרטיקע אָרקעסטערס די בעסטע, די קינסטלערישסטע מוזיקאַנטן (אַ מבין איז ער געווען, מענדל־הערש, ווײַל אַליין אַ גרויסער קינסטלער) און האָט זיי געבראַכט קיין שאַרגאָראָד.

עס האָבן זיך באַוויזן אין שאַרגאָראָד יונגע מענטשן מיט לאַנגע האָר, מיט קינסטלעריש אויסגעבונדענע קראַוואַטן, מיט אמתע געפּרעסטע העמדער מיט מאַנזשעטן (נישט פון גוטאַפּערטש, וואָס מע ווישט זיי אָפּ מיט אַ נאַס שמאַטקע־לע אַהין און אַהער, ווי בײַ יונה, איציע מינצעס), אָנגעטאָן אין שיינע קאָסטיו־מען, געפּרעסטע הויזן, לאַקירטע שיך, אַנדערע אַפילו מיט מאַנטילקעס איבער די אַקסלען, מיט איין וואָרט — „באָהעמען פאַר עקסעלענץ", ווי מען זאָגט בײַ אײַך אין די גרויסע שטעט.

די פּרעמדע האָט מענדל־הערש באַשטעלט סטאַנציע בײַ אליהו שטיינבערג און אין באַלעבאַטישע הײַזער, אָנגעדונגען זיי קעסט אין ייִדישע היימען, און מע האָט זיך גענומען צו רעפּעטיציעס. וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברײַען — שוין די רעפּעטיציעס אַליין זײַנען געווען אַ גרויסע געשעעניש. שטאָט איז געשטאַנען הינטער און אַפילו אונטער די פענצטערס און הנאה געהאַט, זיך געקוויקט מיט אַ מוזיק, וואָס אזנים לא שמעו; וואָס זינט שאַרגאָראָד איז אַ שטאָט, האָט מען נאָך אַזוינס נישט געהערט און מע וועט נישט הערן. דערווײַל האָט די כאַליאַסט־רע געשלעפּט געלט אויף חשבון און געלעבט אַ טאָג. קיין חתונות זײַנען נישט געווען, ווײַל עס איז געווען ספירה־צײַט און ייִדן מאַכן חתונות ערשט העט נאָך שבועות, און פריצישע בעלער מאַכט מען נישט זומער. אַן אויסנאַם איז ל"ג־בעומר, אויב מע דאַרף זיך אײַלן... איך דערקען אין אײַך, אַז איר האָט שלעכטע מחשבות. איז עס זייער נישט שיין פון אײַער זײַט. דאָס וואָס איך טראַכט, איז גלאַט אַ נאַרישקייט. ערשטנס, דאַרף מען צו אַזעלכע זאַכן האָבן אַ שטיקל פּנים. און ווען איר קענט דאָס מיידל, די ציסיען, נפתלי מלמדס טאָכטער, וואָלט איר מיט מיר אײַנגעשטימט, אַז מיט אַזעלכע פּנימער טרעפט זיך גאָר נישט און מע דאַרף זיך נישט אײַלן... צווייטנס, טרעפן בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד נישט אַזעל־כע זאַכן, און אַז זיי טרעפן יאָ, איז בײַ די גבירים, נישט בײַ אָרעמע לײַט. און

אַז עס טרעפן אַזעלכע זאַכן בײַ די גבירים, איז ערשט נישט בײַ זייערע טעכ־טער נאָר בײַ די זין. און אַז עס טרעפן אַ מאָל אַזעלכע זאַכן בײַ גבירישע זין, ווייסט מען וואָס מע האָט צו טאָן און מע וואַרט נישט אויף ל״ג־בעומר... דאָ, בײַ אונדזער ציסיען, האָט זיך בלויז געהאַנדלט וועגן דעם, וואָס זי האָט נעבעך מורא געהאַט, אַז דער חתן זאָל נישט חרטה האָבן אויפן שידוך. פון דאַנען טאַקע די אײַלעניש; און פון דאַנען טאַקע דאָס גרויסע גליק וואָס זי האָט געטראָפן...

ציסיע איז אַוועק צו מענדל־הערשן אים בעטן, ער זאָל געבן אַ צוויי־דרײַ קלעזמערס אָפּצושפּילן די חתונה. מער ווי צוויי־דרײַ קלעזמערס האָט ציסיען זיך נישט געחלומט אין אירע שענסטע חלומות... גיי ריכט זיך, אַז מענדל־הערש וועט איר אַ זאָג טאָן, אַז ער וועט קומען מיטן גאַנצן אָרקעסטער צו איר חתונה, און וויל דערפאַר גאָר נישט, קיין איין־איינציקע פּרוטה נישט. דאָס גיט ער איר דרשה־געשאַנק... ער האָט יאָ געשטעלט אַ תנאי, אַז די חתונה מוז זײַן אין זייער אַ גרויסן פּלאַץ, ווײַל אין אַ שטוב וועט זײַן אָרקעסטער נישט שפּילן; ער איז אַפילו גרייט פאַרן פּלאַץ צו באַצאָלן פון זײַן אייגענער קעשענע... אַ גרויס גע־ראַם פּלאַץ פאַר אַזאַ צוועק איז געווען בײַ אונדזער אַלטן באַקאַנטן, ר׳ אַהרן זוסיע לייבס. ווען ר׳ אַהרן האָט דערהערט די מעשה, האָט ער, פאַרשטייט זיך, געגעבן זײַן פּלאַץ אָן געלט און נאָך געגעבן דער כלה אַ מתנה. און אָט די חתונה, איינע פון די וויניציקע וואָס איך האָב געזען פון אַזאַ סאָרט, איז אויסגעפאַלן אויפן מזל פון אַן אָרעמער מיידל, אַן אָרעמע יידישע כלה בײַ אונדז אין שאַר־גאָראָד. אָט די חתונה וועל איך געדענקען, ווי לאַנג מיר איז באַשערט צו לעבן.

נאָך אָט דער חתונה איז זיך דער אָרקעסטער צעקראָכן. די שפּילערס האָבן געטענהט אַז עס איז זיי „סקוטשנע אין שאַרגאָראָד״. וואָלטן זיי געקענט שאַר־גאָראָד ווי איך, וואָלטן זיי מן הסתם אַנדערש געטראַכט...

## מלמדות, קאַליגראַפיע און קלעפּ

אויב איר געדענקט, האָב איך שוין אַ מאָל דערמאָנט יאָסל, חיים ריוועלעס. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און בכלל אַ באַגאַבטער מענטש. געלערנט האָבן בײַ אים צום מערסטן קינדער פון מיטלקלאַס און אויך פון פאַרמעגלעכע על־טערן. ער איז געווען אַן אמתער קאַליגראַף און אַ גרויסער מאַדים אויף צייכע־נען מאָנאָגראַמעס, צוויי און דרײַ בוכשטאַבן, איינס אַרײַנגעפּאַסט אין צווייטן, ווי זיי זאָלן אַזוי געווען געבוירן געוואָרן. ער האָט געקענט מאָלן די פאַנטאַס־טישסטע ביימער און בלומען, און אַלץ פון קאָפּ, עס הייסט, נישט דערפאַר וואָס ער האָט אַזעלכע ביימער און בלומען ווען עס איז געזען אין זײַן לעבן... ער פלעגט פאַר מיידלעך און ווײַבלעך צייכענען האַנטעכער און טישטעכער צום

אויסנייען מיט אַזעלכע פּרעכטיקע אוזאָרן, וואָס מע פלעגט גיין אויף חידושים באַקוקן. אויך אוזאָרן פאַר מצה־זעקעלעך, פאַר טליתים און תפילין־זעקלעך; מיט איין וואָרט — אַ קינסטלער. האָט ער אָבער געהאַט אַ ביטערן חסרון: ער איז געווען אַ קאַלטער גזלן. איר האָט בײַ אים קיין מאָל נישט געקענט טרעפן אויפן פּנים, אַז ער איז אין כעס. און אַזוי גוט ווי פון הימל האָט זיך אויף אײַך אַראָפּ־געלאָזט אַ טראַסק, אַז עס איז אײַך פינצטער געוואָרן אין די אויגן. בלויז איין טראַסק. געשלאָגן, ווי אַנדערע, האָט ער נישט, נאָר איינער איז געווען גענוג. ער האָט געהאַט שטאָלענע פינגער. פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו אָט דעם ייִדן אַזאַ ווילדע פינצטערע גבורה, איז בײַ מיר פאַרבליבן אַ פראַגע; אַ פראַגע און אַ רעטעניש נישט פאַרענטפערט...

מיך האָט ער נישט געטשעפּעט צוליב צוויי טעמים: ראשית, האָט ער נישט געהאַט פאַר וואָס, ווײַל איך האָב זיך נישט שלעכט געלערנט. און טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען גרינג אויף דער האַנט, האָט ער, ווײַזט אויס, אויך פאַר־מאָגט אַ געוויסע מאָס יושר. והשנית, בין איך, ווי איר ווייסט, געווען אַ בן־יחיד, און די מאַמע האָט פאַרזאָגט מיטן האַרבן וואָרט „נישט אָנרירן"... פון דעסט וועגן בין איך בײַ אים אַוועק פון חדר אין מיטן זמן, און אָט פאַר וואָס: ער האָט אַ מאָל זוסיע רײַבמאַן, ישראל גאָטס ייִנגל דערלאַנגט אַזאַ מין כמאַליע, אַז עס האָט זיך אים געלאָזט דאָס בלוט פון נאָז. האָט דאָס מיך פאַרקלעמט בײַם האַרצן. איך בין געזעסן לעבן זוסיען. איך האָב אים זייער ליב געהאַט. האָב איך זיך אויפגעהויבן, מיטגעשלעפּט זוסיען מיט זיך, אַ געשריי געטאָן נישט מיט מײַן קול: „איר זײַט אַ גזלן!" און מיר בײדע זײַנען אַרויסגעלאָפן פון חדר. ער אַליין, יאָסל, האָט זיך דערשראָקן און אונדז אָנגעהויבן נאָכלויפן, אָבער לויפן האָבן מיר געקענט בעסער... איך האָב זוסיען אַרײַנגענומען צו אונדז אין הויז. מײַנע שוועסטערס האָבן אים אַרומגעוואַשן פון בלוט, פאַרשטעקט די נאָז מיט וואַטע. איך בין געבליבן אין דער היים און זוסיע איז שפּעטער אַהיימגעגאַנגען.

דער רבי איז געקומען צו מײַן מאַמען און געטענהט, לויט זײַן שכל, אַ גע־רעכטע טענה: אַז ער קען נישט פאַרשטיין איין זאַך, קען ער נישט, מיך האָט ער דאָך גאָר נישט געטשעפּעט, וואָס האָב איך צו אים? איך האָב זיך אָבער אײַנ־געשפּאַרט: ניין און ניין און נאָך אַ מאָל ניין! אויסגעפירט האָב איך. מער צו יאָסל, חיים ריוועלעס אין חדר בין איך נישט געגאַנגען. נאָר וואָס ס'איז מערק־ווערדיק: זוסיען, וואָס האָט באמת געליטן, האָבן טאַטע־מאַמע צוריקגעשיקט אין חדר אַרײַן... ווײַזט אויס, אַז בײַ ייִדן פון אַלטן שניט האָט מען זיך גאָר נישט געקאָנט פאַרשטעלן אַ מלמד אָן פעטש...

יאָסל חיים ריוועלעס האָט געהאַט אַ ייִנגל, חיים האָט ער געהייסן. גראָד אַ ווויל ייִנגל געווען און אַ שיינער. האָבן זיך חברה אין אים נוקם געווען פאַרן רבינס אַכזריות... חיים וואָלט געווען געקענט דערציילן דעם רביז, זײַן טאַטן,

וואָס די ייִנגלעך טוען אים — ווען עמעצער פון זיי ווערט געשלאָגן, און דער רבי וואָלט זיך נישט געלאָזט בעטן זיי מקיים־פּסק צו זײַן. האָט חיים אָבער אַלע אויסברוכן פון די ייִנגלעך מקיים באהבה געווען, נעבעך אָנגענומען פאַר ליב. ער האָט מיר אַ מאָל געגעבן צו פאַרשטיין דעם שׂכל פון זײַן שווײַגן, נישט קיין נאַריש ייִנגל געווען: „אַז איך וועל דערציילן דעם טאַטן, וועט ער זיי דאָך נאָך אַ מאָל שלאָגן, וועלן זיי דאָך מיך אויך נאָך אַ מאָל שלאָגן, וועט דאָס זײַן אַ מעשׂה אָן אַן עק און אָן אַ סוף...״

און ווי איך האָב אים נישט ליב געהאַט, אַט דעם רבין, האָב איך אין איינעם אַ יום־כּיפּור בײַ נאַכט אויף אים רחמנות געהאַט. נישט ווײַל איך בין מיט אַ מאָל, „מיצקעדערינעך״, געוואָרן שטאַרק פרום און חרטה געהאַט אויף מײַן זינדיקער נישט־ליבשאַפט צו אַט דעם ברוטאַלן רבין, נאָר דערפאַר וואָס ער האָט געהאַט אַ קראַנקע ווײַב, לאה האָט זי געהייסן, און האָט געליטן פון אַ סאָרט „ספּאַזמעס״. איז זי איין מאָל אַ יום־כּיפּור בײַ נאַכט אײַנגעפאַלן, און דער דאָקטער האָט איר געהייסן לייגן הייסע קאָמפּרעסן צום בויך. איז ער, דער רבי, זייער אַ פרומער — אַ בעל־שחרית אין דער סקווערער קלויז און אַ בעל־קורא אין דער גרויסער שול —געשטאַנען בײַם פּריפּעטשיק, געזאָטן וואַסער פאַר די קאָמפּרעסן און געוויינט... יאָ, איך האָב אויף אים רחמנות געהאַט, אַ האַרץ זוכט נישט קיין נקמה, אַפילו בײַ אַ קליין ייִנגל ווי איך בין דעמאָלט געווען...

***

דעם נאָמען געדענקט איר פון פריִער, אָבער נישט אין פאַרבינדונג מיט מלמדות, נאָר מיט חזנות. דער נאָמען איז ברוך־יוסף בעקער.

ברוך־יוסף איז געווען אַ ייִד אַ גרויסער למדן. אויך אַ בקי אין וועלטלעכע ענינים. אַ פײַנער מנגן און אַ חזן מיט אַ כאָר אין דער יוגנט. אַ מענטש מיט טעאָרעטישן מוזיקאַלישן וויסן, אַ שאַרפער חכם מיט אַ פײַנעם הומאָר, וואָס פליסט איבער אין סאַטירע. זײַנעם אַ „זאָג״ פלעגט מען אַרומטראָגן איבער שטאָט און אים נאָכזאָגן בײַ יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט. אין זײַנע יונגע יאָרן האָט ער געוווינט אין שאַרגאָראָד, געווען אַ חזן, ווי שוין געזאָגט, און אויך אַ סוחר. האָט געטראָפן, אַז צײַטן האָבן זיך געשטעלט שלעכטע און ער האָט באַנקראָטירט. זײַנען מן הסתּם די קרעדיטאָרן געקומען צולויפן — שרײַען גוואַלד און היתּכן? זיצט ער אַזוי, ברוך־יוסף, איבער דעם ריכטיקן ראָסלפלייש און איז עוסק אין דער אכילה. בײַ דער זײַט שטייט אַ פלאַש „זיבן־און־פופציקער״ און ברוך־יוסף האַלט־אונטער דאָס האַרץ... שרײַען די ייִדן: „סטײַטש, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן אַז אַ ייִד אַ למדן, וואָס פאַרשטייט זיך אין די קליינע אותיות־לעך, זאָל נעמען בײַ מענטשן בלוטיק געלט און נישט אָפּגעבן. אַדרבה, ווײַזט אונדז ווו, אין אַ וועלכן ספר ס'שטייט אַזאַ זאַך געשריבן?״... אויף דעם האָט זיי

ברוך־יוסף געענטפערט גאַנץ רויִק, אַז „אין קיין ספר שטייט דאָס טאַקע נישט, נאָר אין די ראשי־תיבות פון זײַן ערשטן נאָמען שטייט דאָס בפירוש". „ווי אַזוי?" — פרעגן די ייִדן. „גאַנץ פשוט" — ענטפערט ברוך־יוסף. — ברוך מאַכט „בראַוו ראָשי, ווידאַוו כאַראַבו" (עס הייסט אויף ייִדיש: גענומען געלט, אָפּגעגעבן אַ קרענק...). גלייבט דאָס אָדער נישט. די קרעדיטאָרן, ווי ביטער אויפן האַרצן עס איז זיי נישט געווען, האָבן זיך צעלאַכט און האָבן שוין מעשה־ספּאָרט אַ פרעג געטאָן: „נו, יאָ, אָבער ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז אַ ייִד דאַרף זיצן אײנער אַלייך און טרינקען בראָנפן?". „אויך אין די ראשי־תיבות, — ענטפערט ברוך־יוסף, — נאָר דאָס איז שוין פון מײַן צווייטן נאָמען. יוסף מאַכט „יאַ סאַם וואָדקו פּיו" (דאָס הייסט אויף ייִדיש: איך אַליין טרינק בראָנפן...).

ברוך־יוסף איז אַוועק פון שאַרגאָראָד און האָט זיך נישט געוויזן אין משך פון לאַנגע יאָרן. און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, איז ער שוין געווען אַן אַלטער ייִד. קיין שטימע האָט ער שוין כמעט נישט געהאַט, פון דעסט וועגן האָט ער נאָך געקענט דאַוונען פאַרן עמוד, און מענטשן זאָל פון אים הנאה האָבן. און ווי איך האָב אײַך שוין פריִער דערציילט, האָט ער מיט דער הילף פון בויקען און בערקע איטל־פּיִוולס באַוויזן אָנצוהאַלטן די יערלעכע חזנות אין דער סקוועַ־רער קלויז ביז זײַן סאַמע פּטירה. פאַרנומען האָט ער דעם פּאָסטן, נאָך דעם ווי חיים מינקאָוועצקי איז אַוועק קיין אַמעריקע. און טראָץ דעם, וואָס חיים איז בלויז געווען אַ בעל־תפילה און ברוך־יוסף אַן אמתער חזן (כאָטש אָן אַ שטימע) — איז חיים אָבער געווען אַזאַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט, אַז אויף זײַן אָרט האָט מען געדאַרפט קענען שטיין...

אָבער פון חזנות אין דער סקווערער קלויז אַליין קען מען נישט האָבן גע־נוג צו לעבן. האָט ברוך־יוסף געהאַט אַ קליינע גרופּע געקליבענע תלמידים, וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט. זיין חדר איז געווען פון יענעם סאָרט, וואָס מע האָט דעמאָלט גערופן „חדר מתוקן" (אַ רעפאָרמירטער חדר). איציע רוזמאַן האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ „מסוכנער חדר"...

נישט אַלע תלמידים זײַנע געדענק איך. נאָר אײנעם פון זיי איז געוויס ווערט צו דערמאָנען, און דאָס איז דער איצטיקער באַקאַנטער ייִדישער דיכ־טער, ליטעראַטור־קריטיקער און עסייִסט, אַברהם טאַבאַטשניק. אים אַליין גע־דענק איך נישט פון יענער צײַט, ווײַל ער איז ייִנגער פון מיר מיט אַ פּאָר יאָר. זײַן פאָטער עליו השלום, און זײַן פעטער געדענק איך גוט. זיי זײַנען געווען קלוגע, באַוווסטזיניקע ייִדן, אויפן גרענעץ פון אַלט און נײַ און אַ סינטעז פון ביידע אין דעם אײדלסטן זינען. בלויז עפּעס וועגן אים פון יענע יאָרן, געדענק איך דורך אַ צופאַל. איך האָב שוין דאַן געוווינט אין אָדעס און פלעג אַהיימקו־מען אויף אַ פּאָר טעג צו גאַסט. האָט פּאַסירט, אַז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — קורץ פאַר דער רעוואָלוציע — האָט מען אין שאַרגאָראָד געעפנט

אַ פּראָגימנאַזיע, און ווען עס איז געקומען צו די ערשטע אײַנטריט־עקזאַמענס, האָט מען ייִדן „געשניטן״, — דאָס הייסט, די עקזאַמענס זײַנען געווען זייער שווערע. איצט, אַז איך בין אַ ביסל מער באַקענט, ווייס איך פאַר וואָס ער האָט געקענט דורכגיין דאָס פײַער פון פאָניעס עקזאַמענס אין יענע צײַטן — פאַר אַ ייִדיש ייִנגל...

איך האָב זיך ווידער אַ מאָל פאַררעדט און נישט פאַרענדיקט מײַן בילד פון ברוך־יוספן. ברוך־יוסף, אויף דער עלטער, איז פאַרבליבן אַ יוגנטלעכער. פון אים האָט זײַן זון, וועלוול, געירשנט די אַראָגאַנץ, דעם הומאָר, נאָר נישט זײַן גײַסטיק געשטאַלט...

**
*

איך קום איצט צו צו אונדזערע לעצטע מלמדים. איינעם פון זיי האָב איך שוין דערמאָנט, און נישט אַזוי אים ווי זײַן ווײַב, וואָס מאַכט וואַטע און איז אַ קאָנקורענטין צום אמתן וואַטע־מאַכער (דודי פון דעם פעלדס טאַטע), זײַן נאָ־מען איז משה־כאַצקל. משה־כאַצקל קען לערנען, האָט ליב קינדער און איז אַ געוויסנהאַפטער מלמד. ווייל טאַקע בלב־ונפש, אַז זײַנע תלמידים זאָלן האָבן אַ פּעולה, זאָלן קענען לערנען. האָט ער אָבער נישט די בעסטע תלמידים אין שטאָט: שאַלטיקעס איינס אין איינס. און נישט וואָס זיי האָבן, חלילה, שלעכטע קעפּלעך. נאָר זאָגט אַליין, אַז דער חדר איז אין דער זעלבער שטוב, ווו מע מאַכט וואַטע, קענען זיך קינדער קאָנצענטרירן אויף אַ בלאַט גמרא? גלייבט מיר, אַז ווען איר זעט דעם רביּנס צוויי בנים, ווי זיי מאַכן וואַטע, ווי זיי קוקן־אויס ביי דער מלאכה, און ווי אַזוי די רביצין איז אין גאַנצן ווײַס, אַזוי ווי זי זאָל זײַן אָנגע־טאָן אין תכריכים, וואָלט איר אויך פאַרלוירן דעם אינטערעס פון „פּטור״ און „חייב״ אין דער גמרא...

טרעפט זיך, אַז אַ בחורל זאָגט־אָפּ אַ טייל פון אַ בלאַט גמרא, קוקט מער אַרויס ווי אַרײַן אין דער גמרא און פאַרענדיקט דעם זאַץ מיטן וואָרט „פּטור״, געדאַרפט האָט מען זאָגן „חייב״. נאָר אין יענער מינוט איז דעם בחורל אײַנגע־פאַלן אַ בריליאַנטענער געדאַנק, דהײַנו, אַז דעם רביּנס בנים, וואָס מאַכן וואַטע, קוקן־אויס „טאָטש ו טאָטש״* ווי די ווײַסע בערן אין סיביר, וועלכע ער האָט געזען אין דער געאָגראַפיע, וואָס ער לערנט בײַ לייב־אַהרן איציעס, האָט ער אַזוי אומגערן אַ זאָג געטאָן „פּטור״ אַנשטאָט „חייב״. דער רבי אָבער, משה־כאַצקל, איז געמאַכט בלויז פון נערוון און איז אַ גרויסער שלעגער, און קנײַפּער און רײַסער פון האָר... נאָר שלאָגן, שלאָגט ער זיך, אין זײַן אייגענעם האַרצן; קנײַפּן,

* אַקוראַט.

קנײַפּט ער זײַנע אייגענע באַקן, און רײַסן, רײַסט ער זײַנע אייגענע האָר פון קאָפּ... און אין חדר שפּילט זיך אָפּ אַזאַ סצענע:

ד ע ר  ר ב י  (לכתחילה שטיל, כמעט רויִק, טאָמער, אפשר האָט ער פאַר־הערט, טאָמער האָט ער אַליין געמאַכט אַ טעות): „האַ, וואָס האָסטו געזאָגט, ייִנגעלע, „פּטור" צי „חייב"?".

יִ נ ג ע ל ע  (נישט זיכער, און מיט די אויגן אויף די צווי ווײַסע בערן פון דער געאָגראַפיע, שטאַמלט): „חײַ, חײַ, חײַ, כ'מיין פּטור..."

ד ע ר  ר ב י : „הייסט עס, אַז איך האָב נישט פאַרהערט, ער האָט טאַקע געזאָגט „פּטור", אָט אַזוי זיך, נישט מיר נישט דיר — פּטור! אײַ די גמרא זאָגט דאָך חייב, נו, האָסטו בײַ אים אַן עוולה. חיה, העי חיה! קינדער! (ווענדט ער זיך צו זײַן ווײַב און בנים, וואָס מאַכן די וואַטע) קומט נאָר אַהער און זײַט עדות, און זעט, אַז מײַנע תלמידים, ברוך־השם, מאַכן שוין זייערע אייגענע דינים, אָט אַזוי פון דער העלער הויט... (ווערט וואָס אַ מאָל מער אויפגערעגט. טוט זיך אַ קניפּ אין דער רעכטער באַק, כאַפּט־אַרײַן די באָרד אין דער לינקער האַנט און רײַסט זי) ווער מיר אביי, וואָס מיר רבא? ס'איז אים, דעם גרויסן „טאַנעבורע", אײַנ־געפאַלן מיצקע דערינען אַ ווילדער געדאַנק — „פּטור" (דער רבי ציט־אויס דאָס וואָרט און עס קומט אַרויס: פּאָ־אָ־אָ־ט־ו־ו־ר!). גוואַלד, ייִדן, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן. איך וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן. גוואַלד, גוואַלד! עס איז דאָך עק וועלט... אַ קינד זאָל אין אַ מיטן מיטוואָך, אַזוי גאָר, אָן אַ לויט אַחריות, שטעלן אויף זיך, באַשליסן, אַז די גמרא איז גאָר נישט, אַז די תנאים זײַנען גאָר נישט, אַז דער רבי איז גאָר נישט. הפקר פּעטרישקע... ס'איז „פּטור" און טו מיר עפּעס. (דער רבי הייבט זיך אָן קלאַפּן אין האַרצן ווי אין אַ פּויק) שאַ, געוואַלד ייִדן, אויב אַלץ איז הפקר און ער זאָגט פּטור, איז אפשר פּטור פון ייִדישקייט אויכעט, האַ? ס'קאָסט אים טײַער? אײַ, משה רבינו איז אָפּגעלעגן פערציק טעג און פערציק נעכט אויפן הימל אָן עסן און אָן טרינקען. אײַ, ר' יוחנן בן זכאי, האָט זיך געלאָזט אַרײַנלייגן אין אַ טויטן־אָרון, זיך אַרויסצוכאַפּן פון ירושלים, זיך מוסר נפש גע־ווען פאַר לערנען תורה. אײַ, ייִדן זײַנען געגאַנגען אויף קידוש השם פאַר יעדן קוצו של יוד. איז וואָס גייט עס אים אָן? וואָלט ער געווען אַ ייִנגל מיט אַ גראָבן קאָפּ, איז מילא, פאַרפאַלן. ווייסט ער דאָך אָבער דער שאַלטיק, אַז עס איז חייב, איז פאַר וואָס זשע זאָגט ער פּטור? יאָ, איך האָב עס! ער וויל עס זאָל מיך פאַר־דריסן, ער וויל, אַז דאָס האַרץ זאָל מיך פּלאַצן, דאָס טוט ער נישט אַנדערש, ווי מיר אויף צו להכעיס, מיך צו ערגערן צום טויט... אוי געוואַלד חיה, סע מיר נישט גוט, חיה, איך חלש!... (דער רבי פאַלט אויפן דיל ווי אַ סנאָפּ. די רביצין און די ווייסע בערן לויפן נאָך וואַסער, שפּריצן אויף אים און ראַטעווען...).

אַזעלכע סצענעס שפּילן זיך אָפּ אין חדר, צווישן מיטוואָך און פרײַטיק, ווען דער רבי איז זיכער, אַז די קינדער קענען שוין דעם שיעור פון דער וואָך און

ווערט אַנטוישט. פון דעסט וועגן זײַנען פון משה־כאַצקלס חדר אַרויסגעקומען גוטע לערנערס. מיר דאַכט זיך, אַז אונדזער לייבעלע קרישטאָל האָט אויך אין איין צײַט בײַ אים געלערנט.

*****

און איצט צום לעצטן מלמד. דער איז אָבער נישט קיין רבי מיט אַ חדר. נאָר אַ מלמד וואָס טראָגט אָפּ דאָס ביסל תורה אַהיים (טביהלע זאָגט „ס׳דאַסטאַוו־קאַי נאַ דאָם״). ער איז אַ מיידלשער מלמד. הייסן הייסט ער אליהו, און רופן רופט מען אים אליהו צאָן. איר ווילט מן הסתם וויסן פאַר וואָס, האַ? צוליב זייער אַ פּשוטער סיבה. ער האָט זײַן אייגנס אַ פאָדערשטן צאָן, אַ ריז, אַ גיגאַנט, אַ „וועליקאַן״... דער צאָן שטעקט אַרויס פון צווישן די ליפּן און קוקט אויס, ווי ער זאָל זיך נאָכהענגען. ווי אַזוי אַזאַ ייִד האָט אַמאָל אַ קוש געטאָן זײַן ווײַב, איז אַ נישט פאַרענטפערטע קשיה. און אפשר איז דאָס געווען אַ גליק פאַר אים, אפשר ווען ער זאָל נישט געווען האָבן אַזאַ צאָן, וואָלט ער אים געווען באַדאַרפט דערפינדן, אויסטראַכטן, כדי ער זאָל שטיין אין וועג און שטערן צו קושן זײַן ווײַב. אַזאַ פאַרזעעניש איז זײַן ווײַב, נישט פאַר אונדז געדאַכט — געווען...

אָט דער אליהו צאָן איז געוואָרן דער געהיימער בריוו־טרעגער צווישן פאַר־ליבטע פּאָרלעך, וועמענס עלטערן האָבן פון דער ליבע נישט באַדאַרפט וויסן, אַ שליח איז ער געווען אַ פאַרלאָזלעכער, אַ פאַרטרוילעכער „אַ פאַרשלאָסענע טיר״, ווי מען האָט אין שאַרגאָראָד גערופן אַ סוד־האַלטער. און געטאָן האָט ער די שליחותן צוליב לויטער עולם הבא... ער אַליין פלעגט מיטלעבן, מיטפילן און מיטפיבערן אַלע ליבע־שטורעמס אין שאַרגאָראָד. אָט אַזעלכע „לאַמעדוואָוניקעס״ האָבן מיר אין שאַרגאָראָד געהאַט.

וועגן זײַן לערנען מיט קליינע מיידלעך איז קיין סך נישטאָ וואָס צו דער־ציילן. קיין גוואַלדאָוונער פעדאַגאָג איז ער, ווי איך שטעל זיך פאָר, נישט געווען, נאָר דער פאַקט, וואָס כמעט אַלע מיידלעך און ווײַבלעך אין שאַרגאָראָד האָבן געקענט דאַווענען און זאָגן תחינות פון שרה בת־טובים, איז אַ באַווײַז, אַז זײַן אויפגאַבע פון אַ מיידלשן מלמד האָט ער דורכגעפירט על צד היותר טוב.

## די שאַרגאָראָדער שול

מיר געפינען זיך איצט נישט ווײַט פון דער גרויסער שאַרגאָראָדער שול. איך האָב די שול שוין דערמאָנט אייניקע מאָל. און דערלויבט מיר זיך מודה צו זײַן פאַר אײַך, אַז איך קען זיך נישט באַפרײַען פון אַן אינערלעכער מורא זיך צוצו־

רירן צו אָט דער הייליקער עבודה פון באַשרײַבן די שול מיט מײַנע אָרעמע מיטלען פון אויסדרוק. אויב איך זאָל איבערזאָגן אַ קאַפּיטשקע אַנדערש אונדזער יידישע וואָרענונג צו אַ בעל תפילה, וואָלט איך באַדאַרפט זיך אַליין זאָגן: „דע לפני מה אתה עומד"... עפּעס ווילט זיך מיר בעת איך נעם זיך צום שרײַבן וועגן דער שול זאָגן דעם גוט באַקאַנטן „הנני העני", בײַ וועלכן אַ שליח-ציבור פאַר-גיסט הייסע טרערן... די באַציִונג פון שאַרגאָראָדער יידן צו אונדזער שול איז אַ געמיש פון ליבע, שטאָלץ, און דרך־ארץ... איך האָב אין משך פון מײַן לעבן געזען שולן אין פּיל שטעט און אויך אין פאַרשיידענע לענדער, אייניקע פון זיי קונסט־בנינים מיט אַ וועלט־נאָמען פאַר זייער פּראַכט. אָבער ווי שיין די אַלע שולן זאָלן נישט געווען זײַן, האָב איך זיך קיין מאָל נישט געקענט באַפרײַען פון דעם אַלטן אויסדרוק, „מי שלא ראה בנין הורדוס לא ראה בנין נאה מעולם"... און עס איז נישט בלויז די אויסערגעוויינטלעכע שיינקייט פון דעם בנין. עס איז אויך און אפשר נאָך מער די זיו־השכינהדיקייט, וואָס האָט ממש געבלענדט פון יעדן ווינקעלע...

צום אַלעם ערשטן די מסורה וועגן דעם מקור, אָדער בעסער געזאָגט וועגן דעם בראשית פון דער שול. געוויינטלעך ווייסט מען אין יעדער שטאָט און שטעטל ווען מע האָט דאָרטן געבויט אַ שול. אויב מע ווייסט נישט די סאַמע ריכטיקע דאַטע, ווייסט מען אומגעפער ווי אַלט זי איז. שאַרגאָראָד, וואָס איז גאָר אַן אַלטע שטאָט און וואָס ווערט שוין דערמאָנט ווי אַן אָנגעזעענע יידישע קהילה אַזוי פרי ווי אין די צײַטן פון ועד ארבע הארצות. אין די באַריכטן וועגן די גזירות ת״ח ות״ט, אין די כראָניקעס פון דער שבתאי־צבי־בהלה און להבדיל אלף הבדלות פון דעם געבורט פון חסידות; שאַרגאָראָד, וואָס האָט געהאַט אַ פּינקס, וועלכער האָט פאַרצייכנט געשעענישן אין משך פון 450 יאָר, האָט אין פּינקס נישט פאַרמאָגט אַפילו איין איינציקן רמז וועגן דעם אָנהייב פון שול. איז דעריבער איר אורשפּרונג געווען נעפּלדיק און לויט דער לעצטער מסורה איז אויסגעקומען, אַז קינדער האָבן זיך אַמאָל געשפּילט אויף אַ הויכן באַרג, געגראָבן אין אים און זיך אָנגעשלאָגן, אָדער אָנגעשטויסן, אויפן שפּיץ פון אַ געזימס. און ווען מען האָט אָנגעהויבן טיפער גראָבן, האָט מען געפונען אַ שול אָט אַזוי ווי זי איז הײַנט, אין יעדן כלל און פּרט. וועט איר דאָך זאָגן „אין סומכין". וועט איר אַוודאי זײַן גערעכט. טאַקע לעגענדעס זײַנען נישט קיין זיכערער אָנ־שפּאַר פאַר געשיכטלעכן אמת. איז אפשר קענט איר מיר ענטפערן אויף אָט דער פראַגע: אין וועלכער שול, וואָס איר קענט, אָדער ווייסט פון איר, געפינען זיך צענדליקער (נישט איבערגעטריבן) זעלטענע אור־אַלטע ספר־תורות? באזני שמעתי, מיט מײַנע אייגענע אויערן האָב איך געהערט פון מויל פון חיים סופר, וואָס איז אַליין געווען אין יענער צײַט אַ ישיש און אַ סופר בן סופר — פון עט־לעכע דורות סופרים און וועלכער איז געווען אַ גרויסער מבין אויף פאַרמעט

און אויף כתב — ער האָט געקענט בלויז אַ קוק טאָן אויף אַ שטיקל פּאַרמעט און אײַך גלײַך זאָגן ווי אַלט דער פּאַרמעט איז. און אויף כתב איז ער געווען ממש אַ גאון־עולם. אַז ער פלעגט מתקן זײַן אַן אַלטע ספר־תורה, אָדער מגילה, שוין אָפּגערעדט פון תפילין און מזוזות, איז נישט מעגלעך געווען אַפילו פאַר אַ מומחה צו באַמערקן, אַז די אַרבעט איז נישט געווען אָריגינעל. — איז אָט דער חיים סופר האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז עטלעכע פון די ספרים זײַנען אַלט צווישן פינף און זעקס הונדערט יאָר...

פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז נישט גרינג קומט מיר אָן צו באַשרײַבן אָט די שול אונדזערע. איך האָב זיך אָבער אונטערגענומען אײַך צו דערציילן אַלץ, וואָס איך ווייס וועגן אונדזער שול, וועל איך שוין מוזן בכל אמצי כוחי מאַכן אַן אָרנטלעכן פּאַרזוך צו געבן אַ בילד פון אָט דעם מקדש מעט. און דער וואָס לעבט אייביק, זאָל מיר געבן כוח.

אויסערלעך איז די שול אַ ריזיקער בנין מיט זייער וויניק באַפּוצונגען. (ווען איך זאָג ריזיק, מיין איך פאַר אונדזער שטאָט, וואָס האָט פאַרמאָגט גאַנץ גרויסע און שיינע בנינים, גרויס פאַר יענער צײַט און פאַר יענעם מקום). איך האָב אין זינען, להבדיל, אַ קאַטוילישן קאַשטשיאָל און אַ פּראַוואָסלאַוונעם מאָנאַסטיר, וועל־כע מע פלעגט אויף חידושים קומען אָנקוקן. די פאָדערשטע ווענט האָבן אויסגע־זען ווי מע וואָלט בכיוון געוואָלט די שול זאָל אויסקוקן וואָס פּשוטער און באַ־שיידענער און חוץ די עשרת הדיברות, וואָס זײַנען געווען ווי צוויי לוחות מיט אויסגעהאַקטע אין שטיין, לויט מסורה — אותיות — איז נישט געווען קיין זאַך, וואָס זאָל זיך וואַרפן אין די אויגן. צו דער אָריגינעלער ברייט פון שול, זײַנען נאָך צוגעקומען צוויי ווײַבערשע שולן פון ביידע זײַטן, וואָס זײַנען געווען אַ טייל פון גרויסן בנין און האָבן אים נאָך געמאַכט ריזיקער. די פענצטער פון דער פאָדערשטער וואַנט זײַנען געווען נישט גרויס און נישט באַפּוצט מיט קיינע באַ־צירונגען און אָרנאַמענטן. די טיר, דער אַרײַנגאַנג אין שול, איז געווען זייער באַשיידן כאָטש סאָליד, נאָר דאָך נישט אין פּראָפּאָרץ צו דעם גאַנצן בנין, אַזוי ווי דער בויער זאָל געווען מורא האָבן מפני מראית עין... צום אַרײַנגאַנג פון שול האָט געפירט אַ ברוקירטער וועג טיף־טיף באַרג־אַראָפּ, ווי צו אונטערשטרײַכן די באַשיידנקייט פון בנין... דער וועג האָט אויף ביידע זײַטן געהאַט געפּאַרבטע דעמבלעך, בײַ אונדז האָט מען זיי גערופן סלופּיקלעך, וואָס האָבן געהאַט אַ גוואַל־דיקן כוח־המושך פאַר אונדז יינגלעך, אי זומער, אי ווינטער. זומער, שפּרינגען יינגלעך איבער זיי און ווינטער דינען זיי צו פאַרהאַלטן דעם אימפּעט פון גליטשן זיך, אַז מע זאָל נישט אַרײַנפאָרן אין דער שול־וואַנט און נישט צעברעכן דעם קאָפּ. (וואָס עס וואָלט בפירוש געווען אַ „יושר", לויט דער מיינונג פון גאָטפאָרכ־טיקע ייִדן...). בדרך כלל עלטערט זיך נישט די שול, און איר וועט נישט זען אַפילו אין דעם נישט זייער אָפּגעהיטן דרויסן קיין אָפּגעריסנקייט. אַן אויסנאָם איז

אַ טירל אין וואַנט פון שול, וואָס איז נישט שטאַרק צוגעפּאַסט צום ראָם. אַהין וואַרפט מען אַרײַן שמות אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר און די וואָך פון שבת־בראשית ווערן די אַלע שמות אַוועקגעפירט אויפן הייליקן אָרט ווו די חברה קדישא איז זיי מקבר...

אָבער אין איר אויסערלעכקייט, איז די שול בלויז באַשיידן מיטן אויסזען. מיט דער מראה פון דער פּאָדערשטער וואַנט. מע מעג צוגעבן, אַז אַפילו אין דעם באַשיידענעם אויסזען און אין איר פּשטות איז דאָך פאַראַן אַ שטילער הוד שבתפּ־ארת. (איך ווייס, אַז דאָס לעצטע וועט בײַ אַלע, וועלכע האָבן עס אַליין נישט געזען, קלינגען מאָדנע. אויף דעם קען איך נאָר ענטפערן, אַז „מלך אביון" איז אויך מאָדנע. צווישן די „מלך עליונס" זעט ער נישט אויס אַזוי וואַזשנע אין מחזור, און מע כאַפּט אים אָפּ גיך און שטיל, נאָר ווײַל ער שטייט פּאָרט אין יענער תפילה דינט ער נאָך מער אַרויסצוברענגען די גרויסקייט פון „מלך עליון". מיט אונדזער שול איז אויך אַזוי...). די זײַטיקע — דרויסנדיקע וואַנט אָבער פון שול זײַנען שוין געוועלבטע מיט נישעס פאַר די פענצטער פון די ווײַבערשע שולן, וועלכע זײַנען בלויז אַ דריטל די הייך פון דעם שול־בנין בכלל, און איבער זייערע דעכער טורעמען זיך גרויסע פענצטער פון דער סאַמע שול. פענצטער, קינסטלעריש געטאָקטע. אונטן איז דאָס גלאָז ווײַס און אויבן קאָלירט אין רעגנ־בויגן־פאַרבן. ווען די זון שײַנט אין די פענצטער, שפּילט זיך אָפּ אין שול אַ שטראַלן־שפּיל פון פאַנטאַסטישע קאָלירן אויף די ווענט און זײַלן (קאָלאָנעס), וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויג און אויך דעם אָטעם...

***

אָבער ווי שוין געזאָגט, איז דאָך די אויסערלעכקייט פון שול ווי בכיוון גע־מאַכט זייער פּשוט. אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס, האָבן געהאַט זייער וואָגיקע סיבות נישט צו רײַסן די אויגן פון דעם גוייִשן אַרום...

מיר וועלן דערפאַר בעטן הלל שמש, ער זאָל אונדז אַרײַנלאָזן אין שול אַרײַן. אויב איר ווייסט דאָס נישט, זײַנען די שליסלען פון דער שול אַן ענין פאַר זיך. צוויי שליסלען דאַרף מען האָבן אַרײַנצוקומען אין שול. איך בין זיכער, אַז קיי־נער פון מײַנע לייענערס האָט נאָך אַזעלכע שליסלען נישט געזען. זיי געפינען זיך בײַ הלל שמש, נאָך אַ פּאָר געפינען זיך בײַ עקיבא דעם רב, טאָמער וועט חלילה עפּעס טרעפן מיט הלל שמש. הלל לאָזט קיינעם די שליסלען נישט אָנ־רירן, אַז עס געשעעט — ער דאַרף אַ מאָל אַוועקפאָרן — ווערן זיי איבערגעגעבן אין זיכערע הענט, בײַם רב אין שטוב... איר וואָלט געדאַרפט זען מיט וואָס פאַר אַ יראת־הכבוד הלל עפנט די שול...

און אָט איז די טיר אָפן. אַז איר וועט אַראָפּגיין אַ צוואַנציק צי פינף און צוואַנציק טרעפּ, וועט איר זיך געפינען אין פּאָליש. דער פּאָליש איז אַ גרויסער,

אַ צוויי־גאָרנדיקער. דאָ, אויפֿן ערשטן גאָרן, האָט איר דעם כיור, געמאַכט פֿון ריינעם קופּער און אַרײַנגעפּאַסט אין אַ ווינקל אין דער וואַנט. וואַשט די הענט, מײַן ליבער ייִד, נישקשה איר מעגט דאָס טאָן, איר געפֿינט זיך איצט אין פּרוזדור פֿון אַ מקום־קדוש, וואָס איר האָט נאָך אַזוינס נישט געזען. אין ביידע זײַטן פֿון פּאָליש געפֿינען זיך צוויי שולכלעך, ווו עס דאַוונען אָרעמע בעלי־מלאכהס יעדן טאָג פֿון יאָר; דאָרטן לערנט מען מיט דעם עולם חומש מיט רש״י, „עין יעקב״; דאָרטן זאָגט מען יעדן פֿאַרטאָג תהילים; דאָרטן וועט איר געפֿינען די חברה־קדישא, די חברה נושאי־המיטה און דאָס גלײַכן חברות, וועלכע שטאַמען פֿון און וואָרצלען אין דער שטאָטישער אָרעמקייט. אין דער פֿאָדערשטער וואַנט פֿון פּאָליש געפֿינט זיך דער אַרײַנגאַנג אין שול גופֿא. די דאָזיקע טיר איז שוין להיפּוך דער דרויסנדיקער טיר — גאָר פֿון אַן אַנדער סאָרט און פֿאָרעם. די טיר איז געמאַכט פֿון אַ געמיש פֿון צווייערליי מעטאַלן: אַ שוואַרצן און אַ געלן, מיט פֿאַנטאַסטישע אויסשניצונגען. נישט ווײַט פֿון דער טיר געפֿינט זיך אין דער וואַנט אַ קליין טירל פֿון מעטאַל, אַרײַנגעפּאַסט אין דער סאַמע וואַנט. דאָס טירל אין דער וואַנט פֿירט דורך שווינדלטרעפּ אויפֿן דאַך פֿון שול, און ווערט געעפֿנט בלויז איין מאָל אין יאָר פֿאַר שײַע סטאָליער מיט זײַן משפּחה, צו וואַרפֿן עפּעלעך פֿון דאַך. דאָס איז שמחת-תורה. עס איז כדאַי צו דערציילן, אַז די ווענט פֿון שול זײַנען אַזוי דיק, אַז נישט איין פּעסטונג וואָלט זיי געמעגט מקנא זײַן. אין דער וואַנט וועגן וועלכער איך דערצייל איצט, זײַנען די שווינדלטרעפּ אַזוי געבויט, אַז דער אַרויפֿגאַנג נעמט שיינע עטלעכע מינוט, און צוויי מענטשן קענען זיך פֿרײַ באַוועגן אויף זיי. אַ ביסל ווײַטער פֿון דעם טירל, פֿירן שיינע מעטאַלענע טרעפּ צום צווייטן עטאַזש פֿון פּאָליש, ווו עס געפֿינען זיך נאָך צוויי שולכלעך, אויך פֿון באַלעמעלאָכעס, אין ביידע זײַטן. אין צענטער פֿון איבערשטן פּאָליש פֿירט אַ פּראַכטיקע טיר אויף דער גאַלעריע פֿון שול, ווו עס זיצן געסט — ייִדישע און נישט־ייִדישע — ווען עס דאַוונט דער חזן מיטן כאָר. די גאַלעריע איז רעזערווירט בלויז פֿאַר געסט. אין שול אַליין, געהערן די „שטעט״ צו די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן זיי אַליין געקויפֿט אויף אייביק, אָדער געירשנט פֿון טאַטעס. און געסט קענען קיין מאָל נישט זײַן זיכער, אַז זיי זאָלן האָבן ווו צו זיצן. די גאַלעריע אַליין איז אויך אַן אמת קונסטווערק פֿון זעלטענעם געהילץ. פֿון איר קענט איר זען די שול אין איר גאַנצער שיינקייט.

**
*

איצט קענען מיר אַראָפּגיין צוריק אין אונטערשטן פּאָליש און אַרײַנגיין אין שול גופֿא דורך דער פּאַראַדנער טיר.

איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַז פֿון גאַס אין פּאָליש אַרײַן, מוזט איר אַראָפּנידערן אַ גאַנצע ריי טרעפּ. איצט, אַז איר ווילט אַרײַנגיין אין סאַמע שול, האָט

איר נאָך אַ מאָל אַזוי פיל טרעפּ אין דער נידער. ערשט זײַענדיק אין שול, קענט איר זען ווי הויך די שול איז אין דער אמתן. איר דאַרפט בלויז אַ קוק טאָן צו דעם סופיט, אַרויף. לאַכט (אויב איר קענט נישט אַנדערש), נאָר ווען איר כאַפּט אַ קוק אויף דער הייך פון שול, וועט איר (דער מענטש — דאָס איבערשטע פון שטייסל, דער בחיר־היצירה) זיך פילן שטאַרק געפאַלן. פסוקים וואָס איר פלעגט לערנען אין חדר, תפילות וואָס איר פלעגט זאָגן מעכאַניש, און נישט תמיד געפילט און פאַרשטאַנען — הייבן־אָן באַקומען אין גאַנצן אַן אַנדער מיין, ווי ביז איצט, און עס ווילט זיך אײַך אויסרופן: „מה נורא המקום הזה!" (ווי פּאַרכטיק דאָס אָרט איז). אין דער הערלעכקייט פון גאָטס הויז דערפילט איר דעם ציטער פון יענע, וועלכע האָבן אין אָנזיכט פון דער קדושה זיך אַליין באַצייכנט ווי „רימה ותולעה" — ווי ווערעמלעך... די מורא אָבער, איז נישט פון יאוש אָדער צווייפל, נאָר גיכער פון ליבע צו „דעם", וואָס פילט אויס יעדע ווינקעלע פון שול. אַ געמיש פון ליבשאַפט און אמונה, און איר זײַט גרייט „לעשות רצונו בלבב שלם" — און דער „בלבב שלם" דערמאָנט אײַך אין דעם חסידישן „זאָג", אַז עס איז נישטאָ קיין גאַנצערע זאַך ווי אַ צעבראָכן האַרץ... איר זעט בפועל ממש די אויסשטראַלונג פון דעם באַטײַט „ממעמקים", דער מענטש פון זײַנע טיפענישן שטרעבט און רײַסט זיך צום הימל...

ווי שוין דערמאָנט, זײַנען די ווענט פון שול זייער דיקע, אַזוי אַז די טרעפּ וואָס פירן אײַך אַראָפּ אין שול אַרײַן, לויפן טיילווײַז אין דער סאַמע וואַנט. ביידע זײַטן פון וואַנט האָבן אין זיך: אין איין זײַט — אַ ריי מעשענע שופלאָדן פאַר פאַרשיידענע צדקות מיט עפענונגען אַרײַנצוואַרפן מטבעות; אויף דער צווייטער זײַט האָט איר מעשענע רעמלעך, אין וועלכע עס זײַנען אַרײַנגעפּאַסט אַ יערלעכער לוח, אַ צעטל דינים און מנהגים, וואָס האָבן אַ שײַכות צום דאַווענען, ווי אויך אַן אָרט פאַר קהלשע מודעות. די מעש־אַרבעט איז אַזאַ פּראַכטיקע, אַז שלום גדליהס, דער רבי, וועמען מיר, אַלע קינדער, האָבן זייער ליב געהאַט; וואָס איז געווען אַ ייִד, וואָס דאָס לערנען בײַ אים איז געווען אַ לעבעדיקער קוואַל פון התרוממות. אַלץ, וואָס אין חומש איז געשריבן, פלעגט ער מסביר זײַן מיט זאַכן, וועלכע ער האָט געקאָנט פאַרגלײַכן מיט ענלעכע זאַכן וואָס האָבן זיך געפונען אין שאַרגאָראָד. ער האָט אונדז אַ מאָל געזאָגט: „אויב איר ווילט, קינדערלעך, וויסן דעם טײַטש פון «כפתור ופרח» אין דער מנורה פון משכן, גייט אַרײַן אין שול און באַטראַכט גוט די אוזאָרן אויף די מעשענע שופלאָדן און רעמלעך אויף די ווענט בײַם אַראָפּגיין די טרעפּ..."

***

אַז איר זײַט שוין אַראָפּגעגאַנגען די טרעפּ, האָט איר פון ביידע זײַטן די ברייטע, שווערע אָבער רירעוודיקע טירן פון די ווײַבערשע שולן, וועלכע ווערן

געעפנט בלויז דאַן ווען אַ חתן איז עולה לתורה דעם שבת פאַר דער חתונה און די ווײַבער קומען אַרײַן באַוואַרפן אים מיט קאַנפעטי, ווי אויך שמיני-עצרת און שמחת-תורה, ווען מע גייט מיט הקפות און ווײַבלעך, כלות און מיידלעך קושן די תורה וואָס זייערע טאַטעס, מענער און חתנים טראָגן צו הקפות און ווינטשן זיי צו דערלעבן איבער אַ יאָר... פון ביידע זײַטן אין די ווײַבערשע שולן קוקן אַרײַן פענצטערס, וואָס שטייען אָפן, אָבער זײַנען פאַרהאַנגען מיט ווײַסע, שיינע, דורכזיכטיקע פירהענגלעך. די פענצטערס זײַנען אַלע מאָל אָפן, כדי די ווײַבער זאָלן הערן דעם חזן. און צוליב דעם וווּנדערלעכן געבוי, הערט מען דעם חזן דאָרטן פונקט אַזוי גוט ווי אין סאַמע שול.

אין דער לינקער זײַט פון שול, אין דער וואַנט, איז אײַנגעמויערט אַ קליי־נער קופערנער אָרון, אין וועלכן עס געפינט זיך דער נר־תמיד און אויך יאָר-צײַט-ליכט. דער נר־תמיד גייט קיין מאָל נישט אויס, נישט אויף איין רגע. אַלץ קען דער שמש פאַרגעסן, נאָר נישט דאָס אייביקע פלעמל. נאָך איידער איין ליכט גייט־אויס, ברענט שוין דאָס אַנדערע, אַזוי אין משך פון דורות. קיין שום פּאָלי־טישע ווינטן, קיין שרפות, צרות און פּורעניותן האָבן נישט באַוויזן אויסצולעשן דאָס קליינע ליכטעלע, ביז יאָ, ביז דאָס גרויסע „ליכט" וואָס האָט, יאַקבי, גע־דאַרפט פאַרטרײַבן דעם חושך פון דער ערד און האָט די ערד נאָך פינצטערער געמאַכט — האָט דאָס ליכטל אויסגעלאָשן. אָבער דאָס איז נאָר לפנים אַזוי. טיף אין האַרצן פון יעדן ייִד ברענט אָט יענער נר־תמיד און וועט נאָך לאַנג ברענען, ביז אַלע פעלקער פון דער וועלט וועלן זיך טאַקע אויף אַן אמת באַ־פרײַען און אונדזער פאָלק בתוכם. אַן אָנהייב זעען מיר שוין אין דעם ווידערגע־בורט פון אונדזער פאָלק אין אַלט־נײַעם לאַנד, אויף אייגענער ערד, אונטער אַן אייגענעם הימל...

בײַם לינקן אַרײַנגאַנג פון דער ווײַבערשער שול שטייט אַ קאָלאָסאַלע שיין־געבויטע, פּערמאַנענטע רושטאָוואַניע אויף רעדלעך מיט קונציקע לייטערס, וואָס עפענען און פאַרמאַכן זיך ווען נייטיק; אַזוי, אַז ווען מע דאַרף וואַשן די ווענט און סופיט פון שול אָדער פאַרבן צי צורעכטמאַכן עפּעס, זאָל מען דאָס קענען טאָן מיט דער גרעסטער מאָס זיכערקייט. די רושטאָוואַניע איז אַזוי סענסיטיוו, אַז אַ מענטש מיט איין האַנט קען זי אַרומפירן איבער דעם גאַנצן שטח פון שול און גרייכן אומעטום. די רושטאָוואַניע אַליין איז אַ שטיק קונסטאַרבעט פון אַרכיטעק־טור. אַלץ אין איר איז באַוועגלעך און אין דער זעלבער צײַט איז זי סאָליד, ווען זי איז פאַרשלאָסן. און קיינער קאָן נישט דערציילן, אַז עס האָט ווען עס איז גע־טראָפן אַן אומגליקספאַל מיט אַן אַרבעטער בעת ער האָט געאַרבעט אויף איר.

די זיצפּלעצער („שטעט") אין ביידע זײַטן פון שול זײַנען אַ קאָמבינאַציע פון בענק און שטענדערס, מיט אַן אָרט אין שטענדער פאַר יעדן מתפּלל באַזונ־דער צו האַלטן טלית און תפילין, סידור און מחזור און אַפילו ספרים, אַרײַנצו־

קוקן אין זיי אין אַ פרײַער מינוט בשעתן דאַוונען. אין צענטער פון שול געפינט זיך דער באַלעמער, אויף וועלכן עס שטייט דער שולחן צום לייענען אין דער תורה. דער באַלעמער איז זייער הויך, כדי מע זאָל אים זען פון יעדן ווינקל פון שול, איז אין גאַנצן פון מעטאַל. די פּאַרענטשן און אויך די טרעפּ פון ביידע זײַטן זײַנען אויסגעאַרבעט אין רײַכע פאָרמען — אַ קאָמבינאַציע פון אײַזן און מעש מיט פּראַכטיקע אָרנאַמענטן. דער באַלעמער איז ווי אַרײַנגעפּאַסט אין פיר גראַנדיעזע קאָלאָנעס (זײַלן). איבער די זײַלן, אין סאַמע צענטער פון סופיט, איז די „יאַרמלקע פון שול". די יאַרמלקע איז אַ צוועלף־קאַנטיקע און קינסטלעריש באַמאָלן מיט די צוועלף מזלות (דער מזל פון יעדן חודש פון יאָר). די מאָלערײַען אויף די פיר קאָלאָנעס, וואָס נעמען אַרום דעם באַלעמער און אויף וועלכע עס האַלט זיך דער גאַנצער צענטער פון שול, איז די אַרבעט פון מאָטל און משה שניצער, די זין פון חיים סופר. די צוויי קינסטלערס האָבן אויף דעם, ווי אויך אויף דעם אָרון־קודש געאַרבעט לאַנגע חדשים און אין דער אַרבעט אַרײַנגע־לייגט אַזוי פיל האַרץ און נשמה, אַז מענטשן — אי שאַרגאָראָדער, אי געסט — זײַנען נישט מיד געוואָרן צו קומען באַטראַכטן יעדן פּרט פון דער אַרבעט אומ־צייליקע מאָל און אַלע מאָל עפּעס נײַעס געפונען צו באַוווּנדערן. אָט אַזוי, ווי מע גייט זען קונסטבילדער הײַנטיקע צײַטן.

אויפן באַלעמער האָט זיך דעם וווּנדערלעכן שולחן, אויף וועלכן מע לייענט די תורה. פאַראַן אַ לעדערן קישעלע אויף דעם שולחן פאַרן שמש אַ קלאַפּ צו טאָן צו האַלטן אָרדענונג, איז דאָס אפשר אַזוי אַלט ווי די שול, און דאָך זעט עס אויס שטענדיק נײַ, פריש און גלאַנציק, אַזוי ווי עס זאָל נאָר־וואָס געוועזן אַרויס פון באַלמעלאָכעס הענט. אוי, ווען דאָס קישעלע זאָל קענען ריידן!... אין דעם קי־שעלע קלאַפּט מען אַלע מאָל, ווען מע דאַרף זיך שטעלן דאַוונען, ווען מע דאַרף האָבן די אויפמערקזאַמקייט פון עולם, ווען מע דאַרף מאַכן אַ מודעה פון די רב־נים, פון אַ קהלשן ענין, אָדער, להבדיל, פון אַ גזירה פון מלכות... מיט אַ קלאַפּ אין קישעלע זאָגט דער שמש אָן, אַז דער „קאַזיאָנע" רב וועט האַלטן אַ רעדע, אַז דער רב וועט האַלטן זײַן דרשה שבת־חזון אָדער שבת־הגדול און אַפילו, אַז דער און דער מגיד וועט דרשענען. (צו דרשענען אין דער גרויסער שול, דאַרף מען האָבן אַ זכיה... נאָר גאָר געהויבענע מטיפים האָבן געהאַט אַזאַ זכיה, ווײַל געוויינטלעכע מגידים דרשענען אין בית־המדרש). אַ שאָד, וואָס דאָס קישעלע קען נישט ריידן...

אין אייבערשטן שופלאָד פון שולחן איז פאַרשלאָסן אַ סידור און מחזור, גע־שריבן מיט דער האַנט אויף פּאַרמעט. דאָס סידור (און מחזור) ווערן געניצט בלויז פון איין מענטשן, דעם באַשטענדיקן חזן. קיין אַנדער מתפלל קען נישט מער, ווי זען דאָס זעלטענע האַנט־געשריבענע געבעטבוך פון דער ווײַטנס. הלל שמש איז דער ממונה איבער דעם, און אויף אים קאָנט איר זיך פאַרלאָזן.

אונטערן באַלעמער איז פאַראַן אַ פאַרמאַסקירט טירל. דער אַריַינגאַנג, — זאָגן עלטערע ייִדן — פירט צו היילן אין וועלכע ייִדן האָבן זיך באַהאַלטן פון זייערע פאַרפאָלגערס אין שטורמישע ציַיטן. מע זאָגט, אַז די אונטערערדישע וועגן האָבן ערגעץ אַן אַרויסגאַנג וויַיט אויסער דער שטאָט. ייִדן דערציילן מוראדיקע זאַכן אין פאַרבינדונג מיט די היילן. אָבער, איר קענט דאָך מיך שוין אַ ביסל — טרויעריקע מעשות האָב איך אַליין נישט ליב, און האָב זיי פיַינט איבערצודערציילן...

אַז איר קומט־אַראָפּ פון באַלעמער אויף דער רעכטער זיַיט, וועט איר זען אַ שווערן פאָלירטן דעמבענעם געשטעל, אויף וועלכן עס שטייט אַ מנורה פון מעש. זי איז צוזאַמענגעשטעלט פון באַזונדערע טיילן, וויַיל זי איז אַזוי גרויס, אַז צוזאַמענגעשטעלטערהייט, וואָלט מען זי אין שול נישט געקאָנט אַריַינגעמען. אויף דער מנורה קענט איר געפינען אַ שלל מיט גראַווירטע צייכענונגען פון חומש, אויסגעאַרבעטע פון גרויס־קינסטלערישע הענט.

**
*

ניַין הענגלײַכטערס, וועלכע הענגען אויף קייטן פון וווּנדערלעכער אויסאַרבעטונג און קאָלאָסאַל אין מאָס — באַלײַכטן די שול. דער גרעסטער פון זיי און דער שענסטער איז דער מיטלסטער, וואָס איבערן באַלעמער און וועלכער קומט־אַראָפּ פון דער שול־יאַרמלקע מיט די מזלות. אַלע הענגען אויף באַוועגלעכע קייטן, וואָס ציִען זיי אַרויף און אַראָפּ.

אין מיַינע ציַיטן האָט מען אין שול אַריַינגעשטעלט אַ מין נײַעם סאָרט לאָמפּן, וואָס האָבן אין זיך געהאַט אַ מעכאַניזם, וועלכער פאַרוואַנדלט קעראָסין אין גאַז און זיי גיבן אַ גוטע באַלײַכטונג. עס איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער קאַמף צווישן די עלטערע ייִדן, וואָס האָבן נישט געלאָזט אַריַינשטעלן עפּעס אין שול, וואָס וועט בײַטן דעם כאַראַקטער פון קליינעם בית־מקדש (ווי עלטערע ייִדן האָבן גערופן די שול), און דעם ייִנגערן עלעמענט, וועלכע האָבן געדענקט, אַז מיט מער ליכט וועט די שול זײַן שענער. (עס איז, וויַיזט־אויס, שוין אַלע מאָל אַזוי, אַז די יוגנט וויל מער ליכט, אָדער דענקט צום ווייניקסטן, אַז יעדע זאַך וואָס איז ניַי, איז שוין במילא ליכט...). אַוודאַי האָבן געוווּנען די יונגע, — אויף דערויף זיַינען זיי דאָך יונגע...

די פאָדערשטע זיַיט פון באַלעמער איז די שפּיגלוואַנט פון שול. ביַי דער וואַנט זיצן די פאַרדינסטפולע באַלעבאַטים. „שטעט" ביַי אָט דער וואַנט זיַינען נישט צום פאַרקויפן און גייען נישט אַריבער בירושה. דער כבוד צו זיצן דאָרט ווערט געגעבן בלויז צו יענע, וואָס די פירערשאַפט באַשטימט. נאָר איין מאָל קריגט עמעצער דעם כבוד — איז עס אויף דעם גאַנצן לעבן.

די מזרח־זײַט פון שול איז באַזעצט מיט באַלעבאַטים, וואָס האָבן דאָרטן זייערע „שטעט" בירושה פון דור צו דור. אַן אויסנאַם זײַנען דריי אַנדערש־אויס־זעענדיקע „שטעט", וואָס געפינען זיך אויף דער רעכטער זײַט פון עמוד און זײַ־נען באַזעצט פון רב, פון חזן ווען ער דאַוונט נישט פאַרן עמוד, און פון בעל־קורא. די שול האָט נישט איר אייגענעם רב, צוליב שלום אין דער קהילה, עס זאָל נישט הייסן, אַז די שול איז אַ צד אין אָנערקענען דעם אָדער יענעם רב ווי דעם גרעסטן. איז אײַנגעפירט, אַז יעדן שבת קומט אַן אַנדערער פון די דרײַ רבנים דאַוונען אין שול, ושלום על ישראל...

מיר געפינען זיך איצט אין סאַמע קדשי־קדשים פון שול — בײַם עמוד און אָרון־קודש. וואָלט איך געווען אַן אמתער שרײַבער, וואָלט איך אַוודאי געקענט געבן אַ שענערע באַשרײַבונג פון אָט די צוויי טויערן צום הימל, דורך וועלכע עס גייען־דורך די תפילות און האַרץ־אויסגיסונגען פון אונדזער קהילה הקדושה צו דעם וואָס לעבט אייביק. צום באַדויערן בין איך דאָס נישט. איך בין אַ פּשו־טער בעל־תפילה, וואָס מײַן גאַנצע כוונה איז צו פאַרצייכענען זכרונות וועגן מײַן היימשטאָט, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן. אפשר וועט פון זיי אַ ריכטיקער ייִדישער קינסטלער־שרײַבער שעפּן מאַטעריאַל צו געבן אַן אמתן תיקון דעם אָזוי שיינעם, דערהויבענעם לעבן, וואָס די שונאים האָבן פאַרשניטן.

דער ריכטשנור ממעמקים האָט זײַן אויסגאַנגפּונקט בײַם עמוד, וועלכער שטייט אין אַ קרײַז, וואָס איז נאָך מיט אַ צאָל נידעריקער פון שול־דיל. דאָרטן שטייען דער חזן מיט די משוררים...

דער עמוד אַליין באַשטייט פון אַ סאָלידן, איינפאַכן הילצערנעם שווערן גע־שטעל, געדעקט מיט אַ פּראָסטן קופּערנעם בלאַט פאַר די עמוד־ליכט. אויפן גע־שטעל שטייט אַ פּשוטער שטיין אין דער פאָרעם פון אַ מצבה, מיט אַ טיף־אויס־געקריצטן „שויתי" און מיטן אָנזאָג: „דע לפני מי אתה עומד. לפני מלך מלכי המלכים"... אין הינטערגרונט פון אָט דעם פּשוטן שטיינערנעם עמוד שטייט דער אמתער גיגאַנטישער (וראשו מגיע השמים) עמוד, וואָס זײַן באַשאַפער האָט אַרײַנגעלייגט אין אים זײַן גאַנץ האַרץ און קינסטלערישע נשמה. די פייגל, ביי־מער, לייבן און לעמפּערטן מיט שופרות אין זייערע מײַלער, די עקזאָטישע בלו־מען, די פּאַסיקע פּסוקים זײַנען אָנגעפילט מיט אַזוי פיל פאַנטאַסטיק, אַז האָט איר עס איין מאָל געזען, וועט איר דאָס שוין קיין מאָל, קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אָט בײַ דעם עמוד זײַנען ביראה ובפחד געשטאַנען די גרעסטע חזנים פון יענע צײַטן, ווען ייִדיש־גײַסטיק לעבן האָט געבליט, נישט געקוקט אויף די באַגרענע־צונגען, רעכטלאָזיקייט און פאַרפאָלגונגען...

אַ שפּאַן פון עמוד, לינקס, איז אַן אַרויפגאַנג אויף מאַרמאָרנע טרעפּ צום אָרון־קודש, וואָס איז אין דער מזרח־וואַנט זייער טיף און זייער הויך. דאָס טירל פון אָרון־קודש איז גראָד נישט גרויס. דערפאַר אָבער זײַנען די פּרוכתן אמתע

פאָלקסקונסט. פון דער פלאַטפאָרמע בײַם אָרון־קודש פלעגט הלל שמש „פאַר־קויפן עליות" און תנחום, װעלכער האָט געהאַט אַ לייבן־שטימע, פלעגט אויס־רופן די חשובע באַלעבאַטים שמחת־תורה און זיי איינטיילן יעדן איינעם אַ פסוק פון „אתה הראית" (ער האָט דאָס נישט געהאַט גרינג, אָט דער תנחום. פסוקים זײַנען פאַראַן ווייניק און חשובע באַלעבאַטים, קיין עין-הרע, אַ סך...) און אויך אויסרופן גאַנצע גרופּעס ייִדן צו די הקפות. ער האָט אַלעמען געקענט און קיינעם נישט פאַרטיילט. דער נוסח איז געווען: „ אלוף התורני ר' נחום שפּאַן, איז מכובד מיטן ערשטן פסוק פון אתה הראית!"... דער אמת איז, אַז תנחום פלעגט זאָגן „אַלעבאַטראָני". עס האָט דעם שרײַבער פון די שורות גענומען אַ לאַנגע צײַט, ביז ער האָט אויסגעפונען, אַז געמיינט האָט תנחום: „אלוף התורני".

אָט פון יענער בימה פלעגן אויך ייִדן, װעמען עמעצער האָט געקריוודעט, אויסלייגן זייערע טענות און געפאָדערט אַז קהל זאָל זיך אַרײַנמישן און צווינגען דעם, וואָס האָט אים באַוואָלהט גוטצומאַכן דעם אומרעכט, די עוולה, אַז נישט האָט ער געסטראַשעט, וועט ער נישט לאָזן לייענען, מעכב זײַן קריאת־התורה... מערקווערדיק, ווי עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז קהל זאָל נישט אויס-הערן אַזאַ טוען, אָדער בגוואַלד אים צווינגען אַראָפּצוגיין פון דער אָרון־בימה. עס האָט זיך אַלע מאָל געענדיקט מיט דעם, וואָס אַ פּאָר פון די חשובסטע באַ־לעבאַטים און דער רב האָבן דעם ייִדן פאַרזיכערט, אַז מע וועט דעם באַשולדיקטן רופן צו אַ דין־תורה, און ערשט דעמאָלט האָט דער באַוואָלטער געלאָזט לייענען...

אויפן זעלבן אָרט בײַם אָרון־קודש און פאַר קריאת־התורה, פאַלן־אַרײַן מאַ־מעס פון קראַנקע קינדער, פרויען פון קראַנקע מענער און אַנדערע קרובים פון קראַנקע וועלכע האַלטן שמאָל און בעטן בײַם עולם אַ דערלויבעניש צו עפענען דעם אָרון־קודש און אויסבעטן בײַם רבונו של עולם אין זכות פון דער הייליקער תורה, ער זאָל נישט פאַרשנײַדן זייערע אייגענע פאַר דער צײַט...

איבערן אָרון־קודש טורעמט אַ ריזיק קײַלעכדיק פענצטער. דאָס גלאָז איז פון פאַרשיידענע קאָלירן, ווי עס זײַנען די שויבן פון אַלע פענצטער אין שול, און פול מיט אוזאָרן פון בלומען. ווען די זון שײַנט (און אויף דער זײַט שול שײַנט זי אַ גרויסן טייל פון טאָג) קומט־פאַר אַ וווּנדערלעך קאָלירן־שפּיל אויף די ווענט פון שול, בפרט אַז די פענצטערס זײַנען אָפן און עס בלאָזט דאָס מינדסטע ווינטל, קושט דאָס גלאָז, שאַפט זיך די אילוזיע פון אַ באַוועגלעכן רעגנבויגן, וואָס באַוועגט זיך, קרײַצט זיך, ווי מע זאָל אים בכיוון דרייען מיט אַ שײַנוואַרפער (פּראָזשעק-טאָר). און גלייבט אָדער נישט — דאָס קאָלירן-שפּיל פּאַסט זיך אַלע מאָל אַרײַן אין דעם געמיט פון די מתפּללים. איז דאָס אַ יום-טוב — דאַכט זיך אויס, אַז דער שפּיל איז אַ פריילעכער; איז דאָס תשעה־באָב — האָט איר אַ געפיל, אַז די קאָלירן וויינען־מיט מיט די ייִדן אויף חורבן בית-המקדש, ווען זיי זיצן אויף דעם דיל און זאָגן קינות. איך ווייס, — איר וועט לאַכן פון מיר. נאָר אויב איר זײַט

אַ שאַרגאָראָדער, וועט איר זיך דערמאָנען, אַז אויך איר האָט געהאַט אַ מאָל ענלעכע שטימונגען, ענלעכע שפּירענישן...

**
*

אין קיין אַנדער מקום־קדוש געדענק איך נישט, אַז דער עולם זאָל זיך האַלטן אַזוי דיסציפּלינירט און שטיל, ווי בײַ אונדז אין שול. מיינט עס צו זאָגן, אַז עס איז קיין מאָל קיין מחלוקותן אין שול נישט פאָרגעקומען? — ניין, מײַנע טײַערע, אַזאַ אידיליע האָט אַפילו אַרום דער שול נישט עקסיסטירט. אין קהלשן לעבן איז אַזאַ זאַך נישט מעגלעך געווען. נאָך אַלעמען, איז מען דאָך נישט מער ווי לעבעדיקע מענטשן! האָט געטראָפן נישט איין מאָל, אַז ייִדן האָבן געפירט מחלו־קותן, אַז צדדים האָבן זיך באַקעמפט. די קריגערײַען זײַנען, חלילה, נישט געווען קיין פּערזענלעכע, נאָר לשם שמים. נישט מער, עס איז גאָר קיין מאָל קיינעם נישט אײַנגעפאַלן צו מאַכן די שול פאַר אַ שלאַכטפעלד... געקריגט האָט מען זיך און אַ מאָל אַפילו עפּעס ערגערס, נאָר געטאָן האָט מען עס אין דרויסן. און אַז שוין גאָר — איז אין פּאָליש. טרעפן פלעגן אַזעלכע זאַכן שמחת־תורה אויף דער נאַכט, פאַרן דאַוונען מעריב. נאָך דעם ווי מע האָט אַ גאַנציקן טאָג פאַר־בראַכט בײַם גבאי אין הויז מיט עסן פּראַקעס, קוגלען און אַנדערע יום־טובדיקע מאכלים, וואָס דעם גבאיס ווײַב האָט נישט געזשאַלעוועט, ווײַל אַרום שבת־בראשית דאַרף דער גבאי אַנקומען צו דער לאַסקע פון די שול־ייִדן, אַז זיי זאָלן אים נאָך אַ מאָל דערוויילן. געוויינטלעך, האָט בײַם גבאי נישט געפעלט קיין ווײַן, און איבעריקער ווײַן גראַמט זיך נישט מיט שלום. ווי די זאַך זאָל נישט זײַן, אַן אָנגעזעענער טייל פון יענע, וואָס זײַנען גרינג אויף דער האַנט, זײַנען שוין צו די הקפות געגאַנגען האַלב אָדער גאַנץ געראַניעטע. נאָר ווי אַלץ אין לעבן איז פאַר־בײַגייענדיק און נישט אייביק, אַזוי זײַנען אויך מלחמות נישט אייביק, בפרט, אַז נאָך סוכות הייבן זיך אָן די סעודות פון די חברות, וואָס אַז מע איז צעקריגט און ברוגז, קען מען זיך אין זיי נישט באַטייליקן, און גייט שוין גייט — ווער וועט זיך דאָס אָפּזאָגן פון די בערג מיט געבראָטענע געגנדז און קאַטשקעס, וועלכע זײַנען דער פונדאַמענט פון די שמחות, און דעם בראַנפן, וואָס גיסט זיך דאָרטן? גלייבט מיר, אַז פּורים איז גאָר־נישט־מיט־נישט אַנטקעגן יענע ליאַמעס.

מיר וועלן פאַרענדיקן מיט דעם, אַז אויך די געסלעך פון ביידע זײַטן שול האָבן געקראָגן דעם אָפּשײַן פון דער שולס שיינקייט אין די שבת און יום־טוב־דיקע אָוונטן. צוליב דער שאַרפער באַלײַכטונג פון שול, פלעגט דער קאַלירן־געשפּיל פון די פענצטערס פון דער שול אַרויס אויף די ווענט און דעכער פון די דערבײַיקע הײַזער. און אַז גאָט האָט געהאָלפן — די שול איז געווען געפּאַקט, ווײַל דער חזן מיטן כאָר האָבן דעם אָוונט געדאַוונט און מתפּללים פון אַנדערע בתי־תפילות האָבן געוואָלט הערן, און זיך פאַרזאַמלט אין דרויסן אין ביידע זײַטן

אַרום דער שול, — האָט איר געקענט זען אין דרויסן ייִדן מיט בלויע, גרינע, געלע, רויטע פּנימער און בערד, וואָס די ווילדסטע פאַנטאַזיע פון מאָדערניסטישע מאָלערס האָבן אַזוינס מיט אַן אמתן פּינדזל און פאַרב נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען.

עד כאן — שאַרגאָראָדער שול.

# דאָס בית-המדרש

אויפן מיטן באַרג, אַרויף דער שול-גאַס, שטייט דאָס אַלטע בית-המדרש. אַ בנין וואָס צייכנט זיך מיט גאָר נישט אויס אויסערלעך. אַפילו דער באַגריף אַלט („דאָס אַלטע" בית-המדרש), האָט נישט קיין שום באַרעכטיקונג אין דעם אוי־סערלעכן אויסזען פון דעם מקום־קדוש. דערפאַר אָבער, אינעווייניק — כאָטש נישט אָפּגעטראָגן און נישט צעבראָכן — שאָפט יעדע זאַך דעם איינדרוק און האָט דעם אָנבליק פון אַלטקייט. אין מיינע צייטן איז דאָס לערנען אין בית־המדרש שוין געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. מע פלעגט נאָך פון גאָר אַלטע ייִדן הערן, אַז זיי האָבן געלערנט אין בית־המדרש. אָבער דאָס איז געווען אַמאָל, אַמאָל. עס זיינען געבליבן סימנים פון דעם אַמאָל. דאָס בית-המדרש האָט פאַרמאָגט אַ „שטיבל" — אַ זייטיקען צימער פול מיט הונדערטער און הונדערטער ווערטפולע און זעלטענע ספרים. ווייל-געלערנטע ייִדן פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין דעם שטיבל, אַרויסנעמען אַ ספר און מיט בענקשאַפט אַריינקוקן אין דעם אויף אַ ווייל, אָבער אויף גיך פאַרמאַכן און צוריק אַוועקשטעלן עס אויפן אָרט. אַנדערע צייטן געווען. דאַגת־פּרנסה, אַ גאַנץ אַנדער עקאָנאָמישע סטרוקטור, אַנדערע אַחריותן האָבן שוין אין מיינע צייטן עקסיסטירט... עס האָט גערופן דער מאַרק, די קראָם, די שטעלע. נישט געווען קיין צייט פאַר „בטלנות". און דאָך זיינען אין שאַרגאָראָד געווען ווייניק עם־הארצים. אמת, דער נייער דור האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט פשטלעך־קענטענישן, מיט האָר־שפּאַלטערייַ, אָבער אָפּגעריסן פון מקור איז מען נישט געווען. געווען גוטע מלמדים־פּעדאַגאָגן אין שאַרגאָראָד און דער פונ־דאַמענט איז טאַקע געווען געבויט אויף טראַדיציע און מסורה. די תלמידים פון יענע מלמדים זיינען געווען אַ גוטער און דאַנקבאַרער מאַטעריאַל פאַרן מאָדער־נעם און אַלגעמיינעם וויסן, וואָס איז בדרך־כלל נישט געווען קיין כופר־בעיקר־דיקס. אין דער הינזיכט איז קיין הפקרות נישט געווען אין שטאָט.

געדאַוונט אין בית־המדרש האָבן זייער ווייניק אַלטע ייִדן. נאָר דאָס ביסל, וואָס איז געבליבן, האָבן זיך געקלאַמערט אין זייערע פּאָזיציעס מיט ציין און נעגל, כאָטש זיי האָבן נישט פאַרמאָגט קיין שמץ איינפלוס. דער עלעמענט, וואָס האָט באַהערשט דאָס בית-המדרש איז געווען אַ מיטליאַריקער און אַ פריילעכער.

נישט געווען נאָך אַזאַ פריילעך מקום־קדוש ווי דאָס בית־המדרש. די חברה לצים, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַלף רייש, איז נישט געווען קיין אַפּיקור־סישע, חלילה, נאָר עפּעס אַ געזעמל פון ווערטעל־זאָגערס, וואָס אין די ערנסט־סטע מאָמענטן האָבן זיי געפונען אַ פונק הומאָר און אַ ניצוץ שפּיל. אויב מע זאָל די חברה אָנרופן „פריילעכע קבצנים", וואָלט זיך עס ריכטיק געפּאַסט פאַר זיי. געלצעוועט האָט מען נישט פון ווילטיק, נאָר אפשר גיכער צו פאַרשרײַען אין זיך די עקאָנאָמישע געדריקטקייט. ווײַל קיין גבירים זײַנען צווישן זיי נישט גע־ווען. האָבן זיי אָפּגעטאָן שפּיצלעך, געשפּילט לצנות, חוזק געמאַכט פון די פּאָר אָנגעבלאָזענע נגידים, וואָס האָבן עפּעס ווי פאַרבלאָנדזשעט אַהין.

מע דערציילט וועגן זיי אַזאַ מעשה:

אַהרן זוסיע־לייבס, וועמען איר קענט שוין, האָט אין איינעם אַ שמחת־תורה, נאָך דעם ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זײַן אַרומגיין איבער שטאָט קלײַבן עסנוואַרג פאַר אָרעמע לײַט און געווען מיד — זיך צוגעשפּאַרט אין בית־המדרש זיך אָפּצורוען פאַר מנחה. האָט חברה אים איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן גע־וואַנט און געשיקט אָנזאָגן זײַן ווײַב, אַז אַהרן איז געשטאָרבן. איז פרעגט שוין נישט, וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעטאָן. אַ גליק איז געווען, וואָס אַהרן איז געווען זייער אַ גוטער, — האָט ער מיטגעלאַכט מיט זיי...

פּורים איז אין בית־המדרש געווען אַ מחיה. ווײַל בשעת עלטערע ייִדן און־מעטום זײַנען נישט קיין גוואַלדיקע אָנהענגערס פון טומל, גיבן זיי בלויז אַ לײַכטן קלאַפּ מיטן פוס אין דיל בעת מע דערמאָנט המנען, און וואָלטן געוואָלט דערמיט יוצא־זײַן. וויל אָבער יונגוואַרג און אַוודאי קליינוואַרג דערלאַנגען המנען אַזוי, אַז ער זאָל זיי האָבן צו געדענקען, צום ווייניקסטן, ביז איבער אַ יאָר. לאָזן די עלטערע ייִדן זיך נישט „אויסקלאַפּן", האַלטן אין איין נוקען און בוקען, אַזוי, אַז די גאַנצע שמחה ווערט פאַרבלאָסט. האָט חברה פּלעצל אַנטדעקט, אַז אין בית־המדרש איז נישטאָ קיין איסור און נישט קיין באַגרענעצונג, ווען עס קומט צו טומלערײַ; זיי האָבן אויך אויסגעפונען, אַז תשעה־באָב איז דאָס וואַרפן בוזיקעס און בערעלעך אין ייִדישע בערד (כדי צו פאַרשטאַרקן און פאַרשאַרפן דעם צער פון חורבן בית־המקדש בײַ ייִדן) שוין די אמתע מצווה. און כאָטש אין בית־המדרש זײַנען פאַראַן מער אייגענע וואַרפערס פון בוזיקעס, ווי ייִדישע בערד, האָט זיך פון דעסט וועגן אָנגעהויבן אַ ווילדע עמיגראַציע פון קליינוואַרג צום בית-המדרש, אַזוי, אַז אַ שיינע פּאָר וואָכן נאָך פּורים האָבן זיך די מתפּללים, בפרט די עלטע־רע, נישט געקאָנט אויסטשוכען פון דער פּאַרטויבטקייט, און נאָכן קינות־זאָגן פלעגן די עלטערע באַמבאַרדירטע ייִדן זיך פאַרוואַנדלען אין מאָנסטערהאַפטע געשטאַלטן — אין „טשוטשעלאָס" פון די גוט־געצילטע בוזיקעס אין זייערע בערד. אַ גאַנצע נאַכט פלעגן זיי, נעבעך, אָפּזיצן וואָך און די בני־בית האָבן זיך עוסק געווען אין אַרויסצײַען די שטעכלקעס פון זייערע בערד, לייגן זיי קאַלטע

קאָמפּרעסן צו די פּנימער (אַז מע שמועסט צער איבער חורבן בית־המקדש, איז דאָך נישט שײַך...). די קללות וואָס די ווײַבער זייערע האָבן געשיקט אויף די קעפּלעך פון יונגוואַרג און קליינוואַרג, זאָלן פאַלן אין ים אַריין...

**
*

די קאַלירפּולסטע פיגור פון דער קליינער גרופּע עלטערע ייִדן, איז הערשל שוחט. אים האָב איך שוין אייניקע מאָל דערמאָנט בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן. אַ ייִד אַ למדן, אַ חכם און אַ דיפּלאָמאַט אויף אויסצוקומען מיט דער כּאַליאַסטרע לצים אין בית־המדרש. ער קען זיי אַרײַנזאָגן דווקא אויף אַ פּײַנעם, שטילן, בנעימותדיקן אופן אַזוי, אַז עס זאָל זיי ווערן פינצטער אין די אויגן, און דאָך נישט פירן קיין מחלוקותן און נישט ברוגז ווערן מיט זיי. הערשל איז אַ גרויסער מבין אויף זייערע „שטוקעס", טרעפט צום מערסטן, וואָס זיי קלײַבן זיך אָפּצוטאָן און פאַרגייט זיי סטראַטעגיש דעם וועג. לאָזט זיי איבער מיט אַ גאָז...

דער צד שכנגד פון הערשל שוחט, איז איציע רוזמאַן. אויך אים האָט איר שוין אייניקע מאָל באַגעגנט און געדענקט אים מן־הסתם. און כאָטש בטבע איז ער אַ גוטער מענטש, האָט ער אָבער אַ שאַרפן מוח און אַ צונג — אַ חלף. איציע איז אַ ציין־טעכניקער, אַן אַרויסוווקס פון זײַן אָריגינעלער מלאכה — גאָלד־שמידערײַ. איך ווייס נישט ווי אַזוי, נאָר ווען ער האָט אַרויסגעהאָנגען אַ שילד „זובנאָי טעכניק", האָבן פויערים אָנגעהויבן קומען צו אים זיך היילן די ציין. נו, היילן ווי היילן, ער האָט אָנגעהויבן רײַסן ציין און זיך טאַקע מיט דער צײַט אויסגעלערנט די מלאכה, און כאָטש ער האָט געשלעפּט ציין אָן אַנעסטעסיעס (פאַרטויבונגס־מיטלען), האָבן זיך די פויערים זאָט נישט געקאָנט אָפּלויבן פון זײַן גרינגער האַנט... זיי זײַנען געווען צופרידן נישט אַזוי פונעם סאַמע שלעפּן, ווי פון דעם, וואָס אַ פּאָר וואָכן נאָכן שלעפּן, נאָך דעם ווי דאָס פּנים איז געווען געשוואָלן ווי אַ באַרג און קיין אויגן האָט מען נישט אַרויסגעזען, איז ווען די געשווילעכץ איז אָפּגעגאַנגען, האָט דער „צאָן" טאַקע אויפגעהערט ווײי טאָן. בײַ די אָפּעראַציעס האָט אים די ערשטע צײַט אַרויסגעהאָלפן אונדזערער אַן אַלטער באַקאַנטער, אָט דער, וועלכער האָט געוואָלט אַמאָל ווערן קיסר. ווײַל, אַז יאָסל האָט געהאַלטן אַ פויער, איז איציע געווען זיכער, אַז דער פויער וועט נישט אַנט־לויפן. אָבער שפּעטער, אַז איציע איז טאַקע געוואָרן געניטער, האָט ער זיך אין קיין שטאַרקע נישט גענייטיקט.

שמואל רופא, וועלכער פלעגט אויך רײַסן ציין און האָט איציען באַטראַכט פאַר אַ קאָנקורענט, האָט אים אַ מאָל געבעטן (כּדי, ווײַזט־אויס, אים אַ שטאָך צו טאָן, וואָס ער איז נישט קיין אמתער מעדיקער) ער, איציע, זאָל אים זאָגן, וואָס ער טוט מיט אַזאַ פויער, וואָס וויל נישט מע זאָל אים אַרויסרײַסן דעם צאָן, נאָר אים היילן; וועלכע מיטלען גיט ער אין אַזאַ פאַל? איציע, וואָס האָט פּײַנט

געהאַט אַז מע שטעלט אים קלאָץ־קשיות, האָט שמואלן פון דעסט וועגן גאַנץ רויִק געענטפערט, אַז „עמעצן אַנדערש וואָלט איך דעם סוד נישט אויסגעגעבן, נאָר אַזוי ווי דו, שמואל ביסט פאָרט אַ קאָלעגע «פּאָר פאַכו», און דער סוד קען דיר אַ מאָל צונויץ קומען, וועל איך דיר דערציילן דעם ריינעם אמת. איז הער מיט קאָפּ: — אַז אַ פּויער קומט צו מיר מיט צאַנווייטיק, הייס איך אים אַרויסרײַסן, ווײַל אַן אַרויסגעריסענער צאָן טוט מער נישט ווי... נאָר אויב ער שפּאַרט זיך אײַן און וויל נישט אַנדערש נאָר, אי פּטור ווערן פונעם ווייטיק, אי בלײַבן בײַם צאָן, הייס איך אים אַהיים גיין, אָנהייצן דעם אויוון ריכטיק ביז רויט, און ווען דער אויוון איז שוין שטאַרק אָנגעגליט, זאָל ער, במחילה, אַראָפּוואַרפן די תחתו־נים, אָננעמען אַ מויל קאַלט וואַסער (געדענק, איוואַנו סערדצע, דאָס וואַסער מוז זײַן זייער קאַלט, — זאָג איך אים אָן.) און ער זאָל זיך אַוועקזעצן מיטן הוילן, איך בעט איבער דײַן כבוד, שמואל, אויפן אָנגעגליטן אויוון און זיצן אַזוי לאַנג ביז דאָס וואַסער אין מויל וועט אויפזידן און דער צאָן־ווייטיק וועט אַוועק, ווי מיט דער האַנט צוגענומען... פּאַרשטייסטו, שמואל־לעבן, עס איז אַ זיכער מיטל. דו דאַרפסט מיר נישט גלייבן אויפן וואָרט, דו קענסט דאָס מיטל אַ מאָל אויס־פּרוּוון אויף דײַנע חולאים, ווי איך בין אַ ייִד"...

שמואל רופא האָט אָפּגעווישט די ליפּן און איז אַוועק אָן אַ „זײַ־געזונט". זיך אָנהייבן מיט איציע רוזמאַן, האָט ער שוין פאַרזאָגט אַ צענטן...

די בתי-תפילה אין שאַרגאָראָד זײַנען געווען שאַרף צעטיילט צווישן חסידים פון פאַרשיידענע רביים. פלעגט קומען אַ טאַלנער, אַ סקווערער, אַ סאַדיגורער, אָדער עמעצער פון די דערמאָנטע גזעס, האָט ער געהאַט זײַן אייגן מקום־קדוש, וווּ ער האָט שלום גענומען, אָדער טיש געפּראַוועט און אַוודאי געדאַוונט. איז אָבער געקומען אַ „גוטער ייִד", וואָס האָט נישט געהערט צו די אויסגערעכנטע רבייִשע גזעס, איז זײַן אָרט געווען גראָד אין בית־המדרש. חברה לצים פון בית־המדרש האָט ליב געהאַט אַ באַוועגונג, האָבן האַלט געהאַט אַז עס רודערט זיך. און זאָגט אַלייך, וווּ און ווען קען זײַן פריילעכער ווי אַז מע האָט בײַ זיך אין בית־המדרש אַן אייגענעם רבין? נישט מער, וואָס אין אַזאַ צײַט דאַרף מען אָנפירן אַן אַנדער סטראַטעגיע. די זעלבע כאַליאַסטרע, די מײַסטערס פון גרויס-לצנות און קונדסערײַען האָט איצט, בשעת דער רבי איז בײַ זיי, אַרויפגעצויגן אויף זיך גאָר אַן אַנדער הויט, אַן אַנדער מראה; אַרומגעפּאַדיעט אַרום דעם רבין און זאָל לעבן, נישט געלאָזט אויף אים פאַלן אַ שטויבעלע, געהאַלטן וואַך בײַם שלום נעמען, נישט געלאָזט דעם עולם זיך שטופּן, אויסגערייניקט און אויסגעשײַערט דאָס אויבן דערמאָנטע שטיבל און דאָס אָפּגעגעבן דעם רבין — דאָרטן צו לערנען און אויפצונעמען ייִדן מיט קוויטלעך. אַלץ איז צוגעגאַנגען אויפן בעסטן און שענסטן אופן. איר וואָלט קיינעם פון זיי נישט דערקענט, אַזעלכע „סטאַטיקעס" זײַנען זיי געוואָרן. אָבער, ווי זאָגט דאָס פאָלק אַ ווערטל: „מיט וואָס דער טאָפּ

איז אָנגעברענט, מיט דעם שמעקט ער״... אָדער, ווי די גמרא זאָגט: „פטור בלא כלום אי אפשר״... אַלץ פלעגט טאַקע צו גיין גלאַטיק, ביז דער רבי האָט גע־פראַוועט טיש. צו יענער צײַט, פלעגט גאַנץ שטאָט זיך פאַרזאַמלען אין בית־המדרש און מע איז געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ. צונויפגעלאָפן זײַנען זיך נישט בלויז דעם רבינס חסידים, נאָר אַפילו זײַנע קעגנערס. די ערשטע — צו רימען, און די צווייטע — זיך אָנצונעמען מיט מאַטעריאַל, כדי שפּעטער אָפּצוחוזקן פון דעם רבין. אָט אין אַזאַ צײַט און בשעת אַזאַ מין אָנגעלאָף האָט גאָט אַליין גע־הייסן אַן „אַרבעט טאָן״. און חברה לצים האָבן זיך גענומען: ווען אַ פּײַערדיקן שנאָל צו טאָן אין לעפל פון אַן אויער, ווען אַ שטאָך צו טאָן מיט אַ שפּילקע פּונקט אין ריכטיקן פּלאַץ, ווען אַ צי טאָן בײַ אַ פּאה, ווען אײַנרײַסן אַ נײַע קאַפּאָטע — ביז אַראָפּציִען אַ יאַרמלקע און לאָזן אַ ייִדן בגלוי ראש אין סאַמע מיטן בית־המדרש, בשעת זיך אַרויסצורײַסן פון דער געשטופּעניש איז געווען אוממעגלעך. די אַלע מעשים פלעגן דורכגעפירט ווערן בליץ־שנעל פון געניטע הענט. און איר זאָלט געווען זײַן מיט צען קעפּ, וואָלט איר קײנעם כאַפּן בײַ דער האַנט נישט געקענט. אַוודאי פלעגט ווערן אַ געמורמל (שרײַען, האָט קיינער נישט געוואַגט צוליבן כבוד פון רבין)... צום מערסטן אָבער האָבן זיך געכעסט אַנשי חברה־פלעצל אַליין. מיט אַ פרומער מינע און מיט אַ מראה פון באַליידיק־טער אומשולד האָבן זיי געטענהט, אַז „ווען מיר כאַפּן אַזעלכע נחות דרגאס, וואָלטן מיר מיט זיי געלערנט בלק; מיר וואָלטן זיי צעריסן ווי מע צערײַסט אַ הערינג. עס איז דאָך עק וועלט, אַז אין אַזאַ צײַט און אין אַזאַ פּלאַץ, זאָל מען באַגיין אַזעלכע אומווערדיקייטן, טפו!...״

אין בית־המדרש פלעגן די אַראָפּגעקומענע מגידים, דרשנים, האַלטן זייערע דרשות. למען האמת מוז מען צוגעבן, אַז אויב דער מגיד האָט געהאַט וואָס צו זאָגן, פלעגט די דרשה אָפּגיין גלאַטיק. נאָך מער, די זעלבע חברה לצים פלעגן שוין צוזען, אַז דער מגיד זאָל קריגן אַ פּאָר רובל בכבוד. נאָר וויי־און־ווינד איז געווען יענעם מגיד, וואָס האָט נישט געפונען קיין חן אין זייערע אויגן! נאָך איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, קען איך נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי די זעלבע מענטשן וואָס האָבן געקאָנט זײַן אַזוי גוט צו איינעם, האָבן געקאָנט זײַן אַזוי גרויזאַם, אַזוי ברוטאַל צו אַ צווייטן. וואַרפן נאַסע האַנטעכער, רײַסן בײַ דער קאַפּאָטע, טומלען, אַרײַנפּאַלן דעם מגיד אין די רייד, — זײַנען געווען פון די קלענסטע זאַכן. צום שטאַרקסטן האָבן זיי פּײַנט געהאַט אַ מגיד, וואָס האָט גערעדט וועגן גיהנום. זיי האָבן אים געגעבן דעם גיהנום אויף דער וועלט... מגידים האָבן שוין געוווסט, וואָס עס דערוואַרט זיי אין בית־המדרש, און בדרך־כלל פלעגן טאַקע קיין שאַרגאָראָד קומען בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט די מלאכה און זײַנען געווען גענייטע. זעלטן, זעלטן אַז עס האָט געטראָפן, אַז אַ דורכשניטלעכער

מגיד זאָל פאַרבלאָנדזשען קיין שאַרגאָראָד. נאָר האָט דאָס ווען עס איז געטראָפן, — איז דעם אָרעמען ייִדן נישט געווען וואָס מקנא צו זײַן...

*
**

געווײַנטלעך פלעגט מען אין בית־המדרש וויילן אַ גבאי פון דער חברה לצים. האָבן זיי זיך אָבער אַרומגעזען, אַז פון די אייגענע קען מען גאָר נישט האָבן, ווײַל זיי זײַנען געווען, כּמעט נישט קיין גאַנצע אָרעמע לײַט, אָבער אויך נישט אַפילו קיין האַלבע נגידים. איז זיי אײַנגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק, צו מאַכן עליע שטיינבערג פאַר גבאי. עליע איז געווען אַ באַלעבאַטישער ייִד, אַ שטיקל נגיד מיט אַ גרויסער געמויערטער דירה, אַן אַכסניה פאַר פּריצים און רײַכע געסט. צו דעם אַלעמען איז ער נאָך געווען אַ זייגערמאַכער, אַ צירונג־ און אַנטיקן־הענדלער און אַ רובל האָט אים נישט אויסגעפעלט... טאַקע דאָס, וואָס חברה האָט באַדאַרפט... עליע, נעבעך, האָט געקענט די חברה און האָט זיך גע־ווערט, נישט געוואָלט דעם כּבוד. זײַנען זיי אָבער אים אַזוי דערגאַנגען די יאָרן, אַז ער האָט בגוואַלד מסכּים געווען. אָנגענומען דעם כּבוד און אָפּגעבידעוועט מיט זיי צוויי אומענדלעכע לאַנגע יאָרן. אַרויס פון דער גדולה איז ער בלויז, ווען ער האָט זיי געגעבן אָפּטריט־געלט...

און מערקווערדיק, אַט די חברה, אַט די כּת לצנים, האָבן קיין אמתע עוולה נישט געקאָנט פאַרטראָגן. האָט עפּעס געטראָפן אין שטאָט, וואָס לויט זיי איז דאָס געווען אַן עוולה — האָבן זיי זיך אײַנגעשטעלט פאַר דעם באַעוולטן, בפּרט אויב דער לעצטער איז געווען אַן אָרעמאַן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין דרך־ארץ פאַר דעם גרעסטן אין שטאָט. און כּמעט קיין שלעגערס זײַנען זיי נישט געווען, זײַנען זיי אָבער געווען אַזוי גוט אָרגאַניזירט, אַז מע האָט געהאַלטן פאַר גלײַ־כער מיט זיי זיך נישט אָנצוהייבן. על כּל פּנים אַ היפּשע צאָל געקריוודעטע זײַ־נען גיכער געגאַנגען צו זיי, ווי צו די רבנים אין שטאָט, און געהאָלפן געוואָרן.

# ק ל ו י ז ן

אין מרים־ביילעס קלויז האָבן געדאַוונט ייִדן נישט קיין חסידים און אויך חסידים, וואָס קאָלעקטיוו האָבן זיי קיין באַשטימטן רבין נישט געהאַט. דאָרטן אָבער, האָט געהערשט אַ גרויסע מאָס טאָלעראַנץ סײַ צו חסידים, סײַ צו דער קליינער גרופּע מתנגדים אַפילו. און חסידים פון איין רבין האָבן נישט באַקעמפט און אַפילו נישט אָפּגעלאַכט איינער פון אַנדערנס רבין. און איז געקומען אַ טשער־נאָבילער, אַ סקווירער אָדער קאָרילאָוויצער רבי און אַנדערע וועלכע האָבן קיין אײגן מקום־קדוש, וואָס זאָל זיך רעכענען פאַר זייער אייגענעם נישט געהאַט, איז

ער געווען דער רבי, אַלעמענס. עס האָט נישט אויסגעמאַכט וויפל אייגענע חסי־דים ער האָט אין קלויז געהאַט. מע פלעגט דעם רבין אָפּגעבן כבוד אין קלויז. פרעמדע חסידים פלעגן אַפילו זיך גיין „פּראַווען" צו אים. טאָלעראַנץ אין מרים־ביילעס קלויז איז נישט געווען קיין אָנשטעל און עס האָט דאָרט געהערשט פול־שטענדיקע דעמאָקראַטיע. קיינער פון די באַלעבאַטים — און געווען זײַנען דאָרטן גאַנץ אָנגעזעענע שטאָט־יידן — האָט נישט געשפּילט דעם תקיף. נישט געווען דאָרטן קיין מחלוקותן. און טראָץ דעם וואָס זייער רב איז געווען ר' משה־חיים, אַ ייִד מיט אַ פאַרצרהטן פּנים, אַ חלוש, אַ כעסן און אַ קנאי, האָט ער נישט גע־האַט דעם מינדסטן אײַנפלוס צום שלעכטן אויף די באַלעבאַטים. מע האָט אים אָפּגעגעבן דעם נייטיקן כבוד, אָבער רעזערווירט. ווען עס איז געקומען צו אַ פּונקט, ווען ער האָט געוואָלט אַרויפצווינגען עפּעס וואָס דעם עולם איז נישט געווען צום האַרצן — איז דאָס העכסטע וואָס ער האָט געקאָנט דערגרייכן געווען — אַז מע זאָל אים אויסהערן. ווײַטער פון דעם איז נישט געגאַנגען...

איך האָב שוין דערציילט, אַז אין מײַנע יאָרן איז דאָס לערנען אין קלויז שוין געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט; אַז יענע וואָס האָבן געזוכט תכלית פון לערנען תורה, פלעגן פאָרן אין ישיבהס. בלויז איין אויסנאַם געדענק איך, און נאָר אין משך פון זייער אַ קורצער צײַט. דער אויסנאַם איז געווען בערל שוחטס איידעם, וועלכער האָט נאָך זײַן חתונה מיט זלאַטען — בערלס טאָכטער — געלערנט אין מרים־ביילעס קלויז. זומער, בײַ אָפענע פענצטער, איז זײַן קול־תורה געהערט געוואָרן איבער דער גאַנצער שול־גאַס און האָט אַרויסגערופן בײַ שאַרגאָראָדער לומדים אַ בענקשאַפט, אַ נאָסטאַלגיע. דער זיסער ניגון פון גמרא פלעגט זיך שפּרייטן איבער יעדער ייִדיש הויז, און פרומע ווײַבער פלעגן מקנא זײַן אויף דעם דימענט, וואָס בערל שוחט האָט געקראָגן פאַר זײַן טאָכטער זלאַטע.

נאָך דער רעוואָלוציע האָט זיך דער יונגערמאַן פאַרקליבן קיין אָדעס, גע־וואָרן אַן אַרײַנגייער אין דער „יבנה"־שול, ווו עס האָבן געדאַווענט און געפּריי־דיקט דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק די גדולי אָדעסאַ: ביאַליק, ראַווניצקי, רב צעיר, ד"ר קלויזנער, מנחם־מענדל אוסישקין, דער זיידע מענדעלע און אַנדערע פּירנ־דיקע ייִדן פון יענער עפּאָכע, איידער יענע גאולה האָט אויפגעפרעסן אירע בעס־טע קינדער. דער יונגערמאַן פלעגט זיך צוהערן מיט אַלע זײַנע רמ"ח אברים צו די רעדעס אין העברעיִש און האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון כאַפּן ביאַליקן אין אַ גרײַז. און פלעגט דאָס טרעפן, האָט ער פון זײַן אָרט איבער דער גאַנצער שול אויסגעשריִען: „טעות, מר ביאַליק!". ביאַליק פלעגט גוטמוטיק פון דער בימה ענטפערן: „תודה רבה, אדון!". אים, ביאַליקן, האָט ווײַזט־אויס הנאה גע־טאָן, וואָס אַ יונגערמאַן מיט אַ לאַנגער באָרד כאַפּט אים אין אַ גרײַז...

נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז דער יונגערמאַן געוואָרן אַן אָנהענגער פון די באָלשעוויקעס, אָבער די באָרד האָט ער געהיט. איך האָב אים אין צײַט

פון בירגערקריג פאַרלוירן פון אויג און איך ווייס נישט, וואָס פון אים איז גע־וואָרן. אַ שאָד...

נאָך איין שטריך פון מרים-ביילעס קלויז און אירע מתפללים:

געדאַוונט האָט דאָרטן שמעלקע ווײַסמאַן דער בעל־טאַקסע. און טראָץ דעם, וואָס ער איז נישט געווען פון די ערגסטע בעלי־טאַקסע בײַ יידן, האָבן אים די באַלעבאַטים נישט ליב געהאַט און אים איגנאָרירט, ווען ער דערמאָנט זיי נישט פון צײַט צו צײַט, אַז ער איז דאָ, ווי, למשל, בשעת אַ יאָרצײַט, וואָלט מען אַפילו פאַרגעסן צו געבן אים אַן עליה...

**
*

די טאַלנער קלויז. כאָטש פונעם נאָמען קען זיך דאַכטן, אַז די מתפללים זײַנען געווען לויטער טאַלנער חסידים, אין דער אמתן זײַנען אָבער אין יענער קלויז אין מײַנע צײַטן געווען זייער ווייניק טאַלנער חסידים, דער נאָמען האָט געהערט צו אַ פריערדיקער און זייער וויכטיקער תקופה אין חסידות, וועלכע איך — פאַרשטייט זיך — געדענקט נישט. איך ווייס פון איר בלויז פון דער געשיכטע פון חסידות, פון יענע צײַטן, ווען טאַלנע האָט געמיינט ר׳ דודל — און ר׳ דודל האָט געמיינט טאַלנע. אין מײַנע צײַטן זײַנען די באַלעבאַטים פון טאַלנער קלויז געווען די גײַסטיקע אַריסטאָקראַטיע פון שטאָט, יידן גרויסע לומדים אָבער הײַנטוועלטיקע, יידן, וואָס האָבן געלייענט אַ בלאַט־צײַטונג און אויך אַ בלאַט גמרא. געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט. גע־לעבט און געפיבערט מיט ליבע צום יידישן פאָלק און זײַנע האָפענונגען. גע־חלומט דעם חלום פון גאולה, נאָר נישט אַלע האָבן געוואַרט אויף משיחן, ווי די טראַדיציע מאָלט אים. ערב יום-כיפור האָט איר שוין געקענט זען אַ קערה מיטן אויפשריפט „לישוב ארץ ישראל“. אין טאַלנער קלויז האָבן געדאַוונט אַזעל־כע יידן ווי שמעון דוד בלאָושטיין, ר׳ עקיבא דער רב און זייערס גלײַכן זכרונם לברכה. ווען די צײַט וועט קומען וועל איך מאַכן אַן ערנסטן פרווו אײַך צו באַקענען מיט זיי, זיי האָבן דאָס כשר פאַרדינט.

**
*

נישט ווײַט פון דער טאַלנער איז די סאַדיגורער קלויז. דאָרט זײַנען פאַר־זאַמלט די שאַרגאָראָדער גבירים. איך האָב דאָס וואָרט נישט גענוצט לגנאי, שאַרגאָראָדער גבירים מיט קליינע אויסנאַמען, זײַנען געווען אַנדערש ווי עס איז אָנגענומען, אַז גבירים זײַנען אַלע מאָל. ניין, טײַערע לייענערס, דאָס יידישע ווערטל „וואָס מער קבצן מער הוליאַקע, וואָס מער עושר מער סאָבאַקע“... איז אין שאַרגאָראָד בלויז אמת אין דער ערשטער האַלב. ווען די צײַט וועט קומען און מיר וועלן באַשרײַבן די פירערס פון שטאָט אין די גורלדיקע יאָרן פון דער

ערשטער וועלט־מלחמה און דער רעוואָלוציע, וועלן מיר צווישן די שאַרגאָראָדער גבירים געפינען אַ גרויסע צאָל מענטשן, וואָס זײַנען נישט פאַרשטיינערט געוואָרן פון זייער עשירות... אײַ, וועט איר דאָך פרעגן, אויב אַזוי, אויב עס איז אמת, אַז די שאַרגאָראָדער גבירים זײַנען נישט געווען קיין קאַסטע, ווי קומט דאָס וואָס אין זייער קלויז האָט זיך בלויז געפונען איין אָרעמער ייִד (שלומקע סימע לאהס. אי דאָס, איז דער לעצטער אַפילו נישט געווען קיין סאַדיגורער חסיד, נאָר דער איינציקער ייִד אין שטאָט, וואָס איז געווען אַ חסיד פון דעם טויטן רבין — ר׳ נחמן בראַצלאַווער), און אַפילו ער איז אויך דאָרטן געווען אין זכות פון מרדכי שמש, וועלכער האָט געהערשט מיט איין אײַזערנער האַנט איבער אַלע שאַרגאָראָדער גבירים, ווײַל אַלע זיי, זײַנען געווען זײַנע אַמאָליקע תלמידים און מורא געהאַט פאַר אים און אָפּגעגעבן אים גרויס כבוד, אַפילו שוין דעמאָלט ווען זיי אַליין האָבן געהאַט דערוואַקסענע קינדער און אייניקע אַפילו אייניקלעך...

דער ענטפער איז, אַז די סאַדיגורער קלויז האָט געהאַט בלויז גבירים, ווײַל קיין אָרעמע סאַדיגורער חסידים זײַנען נישט געווען. גיי זיי אַ סאַדיגורער חסיד, ווען „ער זאָל לעבן״, דער רבי, וווינט גאָר אויף יענער זײַט גרענעץ, אין עסט־רײַך און עס קאָסט אַ מטמון מיט געלד צו קומען אַהין, און מע דאַרף נאָך צו דעם האָבן אַ גובערנאַטאָרסקי פּאַספּאָרט. איז ווי קען אַן אָרעמער ייִד דאָס באַ־ווײַזן? האָט זיך שוין במילא געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז נישט צוליב אָרעם און רײַך אַליין איז די צעטיילונג געווען, נאָר צוליב דעם וואָס אָרעמעלײַט זײַנען געווען חסידים פון אַנדערע רביים, אַזעלכע צו וועלכע מע קען אַפילו גיין צו פוס... צו דעם אַלעמען, איז שוין חסידות אין יענער צײַט געווען אין אַ צושטאַנד פון ירידה. צום רבין פלעגן שוין אַפילו אָרעמע חסידים נישט פאָרן זיך אָנצונעמען מיט גײַסטיקייט, מיט רוחניות, מיט לערנען זיך מידות. נאָר דאָס פאָרן צום רבין איז גיכער געווען צו בעטן אויף פרנסה, אויף אַ רפואה פאַר אַ קינד, אויף אַ חתן פאַר אַ „פאַרזעסענער״ מיידל, אַ „בוגרת״ — פון אפשר איין און צוואַנציק יאָר... שוין אָפּגערעדט פון בעטן, אַז דער רבי זאָל לעבן זאָל אויסבעטן דאָס עפענען דעם טראַכט בײַ אַן עקרה...

די גבירים אָבער האָבן אי געהאַט מיט וואָס צו פאָרן צום רבין „זאַגראַניצע״, אי זייערע בקשות זײַנען אויך געווען אַנדערע... דאָרטן האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן עצה אין געשעפט. גבירים פלעגן אַפילו דעם „זאַגראַניטשנע״ רבין צונעמען פאַר אַ שטילן שותף צו פאַרזיכערן הצלחה. ייִדן גבירים פלעגן שוין אויך אויס־נוצן דאָס זײַן אין עסטרײַך צו באַגעגענען זיך מיט זייערע קינדער אין ווין, וועלכע האָבן געלערנט אין פאַרשיידענע אוניווערסיטעטן אין איראָפּע און פלעגן אַראָפּקומען קיין ווין זיך צו טרעפן מיט טאַטע־מאַמע.

איז ווי איר זעט, דאָס דאַווענען אין אַ באַשטימטער קלויז נישט געווען אַן ענגע קלאַסן צעטיילונג, נאָר אַ חסידים צעטיילונג. ווי די מעשה זאָל נישט זײַן, די סאַדיגורער קלויז איז געווען אַ מקום פון גבירים.

***

אין דער צײַט, ווען מע האָט געבויט די סאַדיגורער קלויז, האָט בערל אַהרנס (סאַראָקער) אויסגעבויט אַן אייגענע קלויז, וואָס מע האָט טאַקע נאָך דעם גערופן „בערל אַהרנס קלויז". טרעפט איין מאָל, אַז בערל אַהרנס קומט צו הערשל מעניעס און ברענגט אַ גרויסע סומע געלט — צושטייער צו דעם בנין פון די סאַדיגורער. אַוודאי האָט הערשל מעניעס די מתנה צוגענומען בסבר פּנים יפות. איר ווייסט דאָך דעם לאָזונג „לעולם תקח". אָבער שווער צו פאַרשטיין איז דאָס הערשל מעניעס געווען. און אַזוי ווי פּערזענלעך זײַנען די בײדע גבירים געווען נאָענטע פרײַנט, האָט הערשל געוואַגט און אַ פרעג געטאָן: „זאָג מיר נאָר בערל, קלער מיך אויף, פאַר וואָס דו האָסט אויסגעבויט אַן אייגענע קלויז, פאַרשטיי איך. ווײַל ערשטנס ביסטו אַ מתנגד, ווילסטו נישט דאַווענען צוזאַמען מיט חסידים. צווייטנס ווילסטו האָבן אַ מקום-קדוש אויף דײַן נאָמען, עס זאָל בלײַבן לדורות. אָבער ווען דו גיסט געלט אויף אַ חסידישער קלויז, איז דאָס פאַר מיר אין גאַנצן אומפאַר־שטענדלעך", „קרח שפּיקח היה מה ראה לשטות זה"?...

אויף דעם האָט בערל אַהרנס געענטפערט בזה הלשון:

„פאַרשטייסטו מיך הערשל. וועגן מײַן קלויז ביסטו אין גאַנצן גערעכט. אָפּ־געלעבט אַ לעבן, שווער געאַרבעט, אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן און וואָס ווײַטער? פאַרמאַך איך אַן אויג, איז כאילו לא נוצרתי... מײַנע קינדער? לאָמיר בעסער וועגן דעם צו פיל נישט רעדן. איך דאַרף נישט זינדיקן, איך האָב פײַנע קינדער, אָבער דאָס וואָס איז מיר ליב און טײַער, דאָס וואָס ייִדישקייט מיינט פאַר מיר, איז נישט אין זייער וועלט. אַממערסטן, וואָס איך קען דערוואַרטן איז, אַז זיי זאָלן זאָגן נאָך מיר קדיש און האַלטן יאָרצײַט... איז וועלכן ייִדס קינדער זאָגן נישט קיין קדיש, האַלטן נישט קיין יאָרצײַט? האָט מיך דער רבונו של עולם אַ לעבן לאַנג געפּירט און געגעבן מכל טוב בלויז צוליב דעם, מע זאָל נאָך מיר זאָגן קדיש? און כאָטש קיין גאַנצער עם-הארץ בין איך נישט, אָבער אָנשרײַבן אַ ספר, ווערן אַ מחבר, אַז ייִדן זאָלן אַרײַנקוקן אין דעם און מיך געדענקען, אויף דעם בין איך נישט פעיק... אַנדערע זאַכן אין שטאָט, האָב איך געטאָן אָדער בסתר, אָדער בציבור, ווי אַלע טוען דאָס, וועט מען מיך דורך די זאַכן אויך נישט געדענקען, מע וועט נישט געדענקען, אַז עס איז געווען אַ ייִד בערל אַהרנס, וואָס האָט כאָטש אין אַ קליינער מאָס אָפּגעבן דעם באַשעפער אַ חלק פון דעם, מיט וואָס ער איז געבענטשט געוואָרן, האָב איך דערפאַר באַשלאָסן, אויפצובויען פאַר גאָט אַ בית-

תפילה, אין וועלכער ייִדן זאָלן קענען אויסגיסן זייערע הערצער און אין דער זעלבער צײַט אפשר אויך מײַן נאָמען גדענקען...

די צווייטע העלפֿט פון דײַן פראַגע איז אין גאַנצן אַן ערדישע. געלט גיב איך פאַר אײַער חסידישער קלויז, כדי איך, ווי אַ מתנגד, זאָל האָבן מיט וועמען צו פירן מחלוקות... און מחלוקות לשם שמים"...

דורך דער גאַנצער צײַט פון בערל אַהרנס לעבן, האָט ער אַליין אויסגעהאַלטן די קלויז מיט אַלץ, וואָס איז נייטיק געווען, און האָט אַ ייִד אַ מאָל עפּעס מנדר געווען איז דאָס געגאַנגען פאַר צדקה. אַזעלכע ייִדן האָבן מיר געהאַט אין שאַרגאָראָד...

איך וועל פאַרענדיקן מיט דעם, וואָס די ערשטע רעדע, אַ ציוניסטישע פון אַ „מגיד" אַן אומגעוויינטלעכן, סײַ אין אויסזען, סײַ אין זײַן טעמע, סײַ אין שפּראַך, האָב איך געהערט אין בערל אַהרנס קלויז. דער „מגיד" איז געווען שמריהו לעווין זיכרונו לברכה. ווען איך וועל זאָגן, אַז גאַנץ שטאָט איז דאָרטן געווען, וועט דאָס נישט זײַן איבערגעטריבן אויף איין האָר. די קלויז, די ווײַבערשע ווי די מענער־שע זײַנען געווען איבערגעפּאַקט, דער פּאָליש און די גאַנצע גאַס זײַנען געווען שוואַרץ פון מענטשן. פאַראינטריגירט האָט דעם עולם אַ מודעה וועגן דער דרשה, וואָס האָט אַנאָנסירט, אַז עס וועט רעדן אַ „מטיף לאומי", אַ באַצייכענונג, וואָס מען האָט ביז דאַן אין אונדזערע מקומות נישט געהערט. איר דאַרפט זיך נישט אָנשטרענגען צו טרעפן, אַז איך בין געווען פון די סאַמע ערשטע צו זײַן דאָרטן, און כאָטש איך האָב די דרשה נישט אין גאַנצן פאַרשטאַנען, האָב איך אָבער יאָ פאַרשטאַנען, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שיבת ציון... איך געדענק זייער גוט די פּנימער פון די ייִדן, די באַגײַסטערונג פון די ייִנגערע (די קווינט־עסענץ פון דער שאַרגאָראָדער אינטעליגענץ), די שטוינונג פון די עלטערע... און דאָס מערקווירדיקסטע, אַן אויסגעשריי פון קלאַראַ אײַנשטיין, דעמאָלט אַ סטודענטין, וועלכע איז געשטאַנען בײַ איינעם פון די פענצטער פון דער ווײַבערשער קלויז, אַ טויט בלאַסע מיט ציטערדיקע ליפּן: „דאָס איז פאַרראַט! די ייִדישע מאַסן דאַרפן קעמפן און פאָדערן רעכט פאַרן פאָלק, דאָ בײַ אונדז אין לאַנד. רוסלאַנד איז נישט ווייניקער אונדזערס, ווי אַלע פעלקערס וואָס באַוווינען דאָס לאַנד!"... עמע־צער האָט זי אַוועקגעשלעפּט פון פענצטער. הײַנט, ווען איך טראַכט וועגן יענער פּאַסירונג, און ווײַל מיר איז באַקאַנט דער גאַנצער דערנער־וועג, וועלכן קלאַראַ איז דורכגעגאַנגען פון טורמעס, פאַרשיקונג און קאַטאָרגע, פאַרשטיי איך, אַז זי איז געווען פון די ערשטע שטורעם־פייגל פון „בונד" בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד. אָבער אַפילו אין יענעם טאָג, ווי יונג איך בין געווען, האָב איך באַוווּנדערט איר געוואַגטקייט און מוט פון אויסרופן, פּראָקלאַמירן איר גלויבן צווישן אַ ברויזנדיקן ים פון ייִדן, וואָס זײַנען אָנגעצונדן געוואָרן מיטן גאולה־חלום פון שיבת ציון...

***

מיר װעלן איצט כאַפּן אַ קוק אויף דער סקװערער קלויז.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער נאָמען אַליין דערציילט װעגן אַ קלויז פון סקװערער חסידים. יענע קלויז פלעגן אָפט באַזוכן די רביים פון דער סקװערער דינאַסטיע, אַן אָפּשפּראָץ פון דער אַלטער טאַלנער גזע. צום אָפטסטן, װײַל צום נאָענטסטן, פלעגט קומען קיין שאַרגאָראָד אין דער סקװערער קלויז, דער שפּיקאָװער רבי (טװערסקי), אַ גוטער ייִד מיט אַ מראה פון אַ מלאך, אַ גרויסער חכם און זייער אַ באַשיידענער. דער שפּיקאָװער פלעגט קומען קיין שאַרגאָראָד צו דעם יאָרצײַט פון ר׳ מאָטעלע טשערנאָבילער. אין טאָג פון יאָרצײַט פלעגט מען אין די פענצ־טערס פון קלויז אָנצינדן הונדערטער ליכט און פּראַװען אַ הלולה. בײַ דער סעו־דה װאָס די דוד־שײַעכע און אירע טעכטער האָבן צוגעגרייט, פלעגט דער רבי דערציילן מעשהס, איבערזאָגן תורות פון ר׳ מאָטעלע טשערנאָבילער, װאָס איז, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, געװען דעם שפּיקאָװערס אַ זיידע. דער שפּיקאָ-װער פלעגט רעדן זייער שטיל און פון דעסט װעגן האָט מען אים קלאָר געקענט הערן איבער דער גאַנצער גרויסער קלויז.

פון די גאָר אָנגעזעענע מענטשן, װאָס איך געדענק פון דער סקװערער קלויז איז, גלויב איך, װיכטיק צו דערמאָנען אייניקע. איך האָב אין זינען חיים מינקאָװעצקי, איידער ער איז אַװעק קיין אַמעריקע, ברוך יוסף בעקער, מענדל הערש און ר׳ יענקעלע דער רב. װעגן די אַנדערע קלײַב איך זיך צו שרײַבן באַזונדער. ר׳ יענקעלען װיל איך אַרײַננעמען אין איצטיקן קאַפּיטל צוליב דעם, װאָס זײַן שײַכות מיט דער סקװערער קלויז איז פאַרבונדן מיט אַ דראַמאַטישער פּאַסירונג פון יענע יאָרן.

ר׳ יענקעלע דער רב איז געװען אַ גרויסער למדן, אַ חכם פון גאָטס גענאָד און אַן אמתער ירא שמים. פריִער איז ער געװען רב אין טשערנאָװיץ, אַ באַליב־טער רב געװען. דאַרף זיך טרעפן, אַז זײַן װײַב, די רביצין װערט קראַנק, ליגט צו בעט אַ לאַנגע צײַט און אַ שכנה אַן אַלמנה, אַ שיינע און װוילקענעװודיקע האָט רחמנות אויפן רב און קומט אַרײַן אַרויסהעלפן מיט פלעגן די קראַנקע, גיט איר די רפואות, קאָכט פאַר איר אָפּ, און אין איין װעגס גיט זי שוין אַכטונג אויפן רב. די באַבעלע איז גלאַט געװען אַ גוטע נשמה, פלעגט זי זיך ממש מוסר־נפש זײַן פאַר דער רביצין, נישט אָפּטרעטן פון בעט און אַרויסהעלפן מיט אַלץ װאָס זי האָט געקענט, אָט פּונקט װי אַ גוטע און פרומע ייִדישע טאָכטער דאַרף דאָס טאָן.

די רביצין האָט אַזוי לאַנג געקרענקט, ביז זי איז נפטר געװאָרן.

נאָך דער פּטירה פון דער רביצין האָט קהל געפאָדערט פון רב ער זאָל חתונה האָבן, װײַל אַ רב טאָר נישט זיצן קיין אַלמן. דער רב האָט זיך גראָד נישט געאײַלט חתונה צו האָבן, נאָר אַז די באַלעבאַטים זײַנען צוגעשטאַנען האָט ער

געגומען און חתונה געהאַט מיט דער באַבעלען דער אַלמנה, מיט דער שכנה, וואָס האָט זײַן רביצין אַזוי געטרײַ באַדינט.

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. יידן וואָס האָבן ליב רכילות און נאָך מער יידענעס, האָבן אָנגעהויבן מורמלען, אַז ווען „יענע" עליה השלום האָט נאָך גע־לעבט האָט די באַבעלע און אפשר אויך דער רב, זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן, אַז אַזוי גיך ווי די רביצין וועט צומאַכן אַן אויג... נו, דאָס איבעריקע פאַרשטייט איר דאָך... מע האָט דעם זאַץ נישט פאַרענדיקט, יעדער איינער און נאָך מער יעדע איינע, האָט שוין טאַקע אַליין פאַרשטאַנען... אַזוי גרויס, אַזוי ברייט, ביז דער רב, וואָס איז באמת געווען אַן איש תמים, האָט עפּעס אָנגעשמעקט, זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט און פאַרלאָזט טשערנאָוויץ. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס די אמתע מנהיגים פון שטאָט האָבן זיך בײַ אים געבעטן, אַז ער זאָל בלײַבן, ווײַל די שטאָט האָט אויף אים נישט קיין מינדסטן חשד, און אויב אַ פּאָר נאַרישע יידענעס האָבן עפּעס געזאָגט, זאָל דאָס פאַלן אויף זײַער נאַר. נאָר ר' יענקעלע האָט זיך פאַרשטעלט די אויערן און זיך פאַרעקשנט, ניין! ניין! עס גייט אים נישט אין זײַן כבוד, נאָר ער וויל נישט, אַז יידישע מענטשן זאָלן צוליב אים ניכשל ווערן אין דער עבירה פון רכילות...

געקומען איז ר' יענקעלע מיט באַבעלען זײַן ווײַב קיין שאַרגאָראָד, נישט ווי אַ רב, נאָר ווי אַ פּראָסטער ייד. שאַרגאָראָדער יידן זײַנען אָבער פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן, זיי ווייסן ווי אָפּצושאַצן אַ רב אַ גרויסן למדן און נאָך דערצו אַ גרויסן חכם, האָבן אים די סקווערער חסידים, מיט דער הסכמה פון רבין (דאָס לעצטע איז געווען ר' יענקעלעס תנאי) — צוגענומען פאַר זייער רב. איך קען אײַך נישט פאַרזיכערן, אַז מע האָט אים אָפּגעגאָסן מיט גאָלד, נאָר בכבוד האָט מען אים געהאַלטן...

**
*

און איצט צום לעצטן און קלענסטן מקום קודש, וואָס געפינט זיך אויף דער גאַרבער-גאַס אין שאַרגאָראָד. די מתפּללים זײַנען לויטער בעלי מלאכות, אַלע ווי איינער זײַנען אָנגעשלאָסן אין דער חברה לינת הצדק. ברעכט חלילה אויס אַן עפּידעמיע פון כאָליערע, דיזענטעריע אָדער אַנדערע פּורעניות, גייען אַלע לויט דער ריי זיצן־מיט און העלפן די קראַנקע. און אַפילו אויב אַ קראַנקער ייד נויטיקט זיך אין הילף (און ר' אַהרן זוסיע לייבס איז פאַרנומען בײַ אַן אַנדער קראַנקן), ווערט אַלע מאָל געשיקט אַ חבר פון דער חברה צו זיצן און העלפן דעם חולה. דער עולם דאָ איז אַ וואַרעמער, אַ האַרציקער. זיי האָבן אַן אייגענע קאַסע צו העלפן די קראַנקע, באַזאָרגן מיט אַ דאָקטער, באַצאָלן פאַר די רפואות און ווען נויטיק, העלפט מען דער משפּחה אויך מיט געלט, אויב דער פּרנסה-געבער איז דער קראַנקער. די הילף ווערט דאָ געגעבן אויפן בכבודיקסטן אופן, מע לאָזט

דעם חולה נישט פילן, אַז מע גיט אים חלילה צדקה, מע גיט אים צו פאַרשטיין, אַז דאָס געלט איז אַ הלוואה, אַז גאָט וועט העלפן, ער וועט האָבן אַ רפואה און זיך שטעלן אויף די פיס, וועט ער דאָס צוריקצאָלן, ווי אַזוי ער וועט געפינען פאַר מעגלעך. און דאָס געלט וועט נאָך אַ מאָל צוגריט קומען צו געבן אַ הלוואה נאָך אַ ייִדן, וואָס וועט זיך נויטיקן אין דעם. און באמת, ווען דער חולה ווערט געזונט, נעמט מען אים אַרײַן אין דער חברה. דער אָפּצאָל איז זייער אַ קליינער, און מע מאַכט אַ מענטשן פאַר אַ געבער אָנשטאָט אַ נעמער... זייער גײַסטיקער פירער איז משה־כּאַצקל מלמד, ער איז דער חזן, דער בעל קורא, דער בעל תוקע און אויך זייער שרײַבער. (דער סעקרעטאַר, וואָלט מען אים אויף הײַנטיקן ייִדיש גע־רופן). משה־כּאַצקל נעמט נישט פאַר זײַנע אַרבעטן קיין געצאָלט, פאַרקערט ער גיט נאָך אַרײַן אין דער קאַסע יעדע פּרוטה, וואָס ער קען אָפּשפּאָרן. עס איז אַ סברה, אַז אונדזער אַלטער באַקאַנטער, ר' אַהרן זוסיע לייבס איז דער גרעסטער שטיצער פון לינת הצדק, אויב דאָס איז אמת, איז ער דער איינציקער דרויסנ־דיקער, וואָס האָט אָט די זכיה, אָט די פּריווילעגיע, ווײַל לינת הצדק איז אַ גע־שלאָסענע אָרגאַניזאַציע. מיט דער צדקה פון די גבירים ווילן זיי נישט האָבן קיין שײַכות. די לינת הצדק האָט אַן אַלטן חשבון מיט שטאָט, וואָס זיי קענען נישט, און ווילן נישט, פאַרגעסן. ווי מען דערציילט, איז די קלויז מיטן מאָדנעם נאָמען — לינת הצדק צום לעבן געקומען צוליב אַ מעשה, וואָס האָט געטראָפן מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק.

ומעשה שהיה כך היה.

די טאַטעס און די זיידעס פון די איצטיקע מתפּללים האָבן זיך יאָרן לאַנג מתעסק געווען מיט דער מצוה לינת הצדק. האָט מיט יאָרן און יאָרן צוריק גע־טראָפן אַ שווערע עפּידעמיע און די מענטשן האָבן לאַנגע נעכט געוואַכט איבער קראַנקע, און אַז זיי פלעגן אין דער פרי קומען אין אַ מקום קדוש דאַווענען, האָט מען זיי פּשוט נישט אַרײַנגעלאָזט, מורא געהאַט, מע זאָל זיך נישט אָנגעמען פון זיי... זײַנען זיי אין כּעס געוואָרן, אַוועק און געקויפט אַ הויז, דאָס געמאַכט פאַר אַן אייגענעם מקום־קדוש און אַ נאָמען געגעבן לינת־הצדק...

(מיר וועלן מער דערציילן וועגן די מתפּללים אין אַ שפּעטערדיקן קאַפּיטל).

## די קלאַרפעלדס

כּאַסיע דער אַלטערקערס איז אַן אַלמנה. אַמאָל, בשעת איר מאַן האָט נאָך געלעבט איז זי געווען אַ שטיקל נגידית. איר מאַן פלעגט פאָרן אויפן דאָן און האַנדלען מיט געזאַלצענע פיש. איז אָבער דער מאַן יונג געשטאָרבן און זי איז געבליבן אַן אַלמנה מיט עטלעכע יתומים. און כאָטש זי איז געווען אַ קלוגע און

ענערגישע פרוי, געהאַט אַ סוחרישן קאָפּ אויף זיך — איז איר נישט אָנגעקומען גרינג מפרנס צו זײַן און געבן אַ גוטע באַלעבאַטישע דערציִונג אירע קינדער. דער עלטערער, ברוך, אָדער באַריס, איז אַוועק קיין אָדעס און דורך שווערער אַרבעט און פלייס געקראָגן אַ גאַנץ פֿײַנע בילדונג. די מאַמע האָט פֿון אים געהאַט נחת, ווײַל געווען איז באַריס שיין און געראָטן און אַפילו געקראָגן אַ גוט באַצאָלטע שטעלע בײַ אַ פּריץ צוצוגרייטן זײַנע קינדער אַרײַנצוטרעטן אין גימנאַזיע. אין דאָרף האָט ער זיך געחברט מיט דער דאָרפישער און פּריצישער אינטעליגענציע, געשריבן דער מאַמען גוטע און אָפטע בריוו. איז דאָך דאַכט זיך גוט. נו, טויג דאָס ערשט נישט (ווי די ליטוואַקעס זאָגן)... איינער פֿון זײַנע פֿרײַנט אין דאָרף איז געווען דער גלח. דאַרף זיך באַריס אַרײַנלאָזן אין אַ וויכוח מיטן כומר וועגן גאָט, און אַרויסזאָגן עפּעס אַ געדאַנק, וואָס איז דעם גלח נישט געפֿעלן, דער לעצטער האָט לאַנג נישט געוואַרט און געלאָזט וויסן ווו מע באַדאַרף, (ווען מען פרעגט מיך, וואָלט איך געזאָגט — ווו מען באַדאַרף נישט...). האָט מען באַריסן, זאָל זיך אײַך דאַכטן, אַרעסטירט און באַשולדיקט אין גאָט-לעסטערונג... אין רוסלאַנד האָט אַזאַ באַשולדיקונג געשמעקט מיט קאַטאָרגע, מיט פאַרשיקן קיין אַרכאַנגעלסק און אַ מאָל נאָך ווײַטער, ווײַל פאַרגעסן טאָרט איר נישט, אַז די פּראַוואָסלאַווע אמונה האָט זיך געפֿונען אונטער די שוואַרצע פליגל פֿון דער צאַרישער מאַכט...

כאַסיע האָט וועלטן געקערט, קברים געריסן צו ראַטעווען איר קינד און בײַ זיך האָט זי מן הסתם געטראַכט, אַז אירע טרערן און תפילות האָבן טאַקע גע־האָלפן און קיינער האָט זיך מיט איר נישט געשפּאַרט וועגן דעם, וואָס עס האָט מער געהאָלפן, איר שפּאַלטן דעם הימל מיט אירע תפילות און טרערן, צי באַריסעס גרויסע פעיִקייטן אַלס זײַן אייגענער פאַרטיידיקער, ווײַל פאַרמאָגט האָט באַריס שוין אין יענער צײַט אַ גראַדן שכל, און אַ מויל — אַ מתנה פֿון גאָט. על כל פּנים, וויכטיק איז, אַז באַריס קלאָרפעלד האָט זיך געראַטעוועט פריִער פֿון קאַ־טאָרגע און נאָך דעם פֿון פאַרשיקונג קיין אַרכאַנגעלסק. אויף זיך אַליין האָט באַריס אויסגעפּרוּווט זײַנע אַדוואָקאַטישע כוחות, בשעת ער איז נאָך קיין אַדוואָקאַט נישט געווען. די זוימען פֿון זײַנע שפּעטערדיקע דערפאָלגן אויף אַמערי־קאַנער ערד אַלס גרויסער אַדוואָקאַט, וועלכער איז הײַנט באַוווסט און אָנערקענט פאַר זײַן לאָגיסטיק און רעטאָריק וואָס האָבן שוין דעמאָלט זיך גענומען אויס-שיילן און זיך אַרויסווײַזן...

ווען באַריס איז אַהיימגעקומען אַ באַפרײַטער איז ער געוואָרן אַ לערער. מע האָט געדאַרפט האָבן עפּעס מער ווי מזל אָנצוקומען צו באַריסן פאַר אַ תלמיד, ווײַל באַריס האָט נישט געהאַט קיין געדולד צו „האַקן האַלץ" מיט זײַנע שילערס. עס איז געווען אַן אמתע זכיה בײַ אים צו לערנען, ווײַל ערשטנס האָט ער טאַקע אַליין געקענט, צווייטנס איז ער געווען אַ גוטער פעדאַגאָג. ער איז געווען איינער פֿון מײַנע לערערס. ער האָט אין אונדז, קינדער, אײַנגעפלאַנצט אַ פאַרשטענדע־

ניש פאַר און ליבע צו ליטעראַטור. זײַן אייגענער רוסיש איז געווען אַ פּערפעק־טער. מיט זײַן ליבע צו פּאָעזיע האָט ער מענטשן אָנגעשטעקט. אַז ער פלעגט לייענען פּושקינען אָדער לערמאָנטאָוון, איז דאָס געווען מוזיק פאַר די אויערן און אַ באַלזאַם פאַרן האַרץ. אַמליבסטן האָט ער געלייענט נעקראַסאָוון, כאָטש ער פלעגט אונדז אַלע מאָל זאָגן, אַז ווי אַ פּאָעט איז ניעקראַסאָוו נישט אַזוי גרויס ווי פּושקין, דערפאַר אָבער איז ער האַרציקער און דינט דעם פאָלק... מיר האָבן נישט אין גאַנצן פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט. נאָר ווען מיר זײַנען עלטער גע־וואָרן און נאָך אַ מאָל געלייענט און אַפילו געזונגען אַזאַ ליד ווי: „אוקאַזשיטיע טאַקויו אַביטיעל, יאַ טאַקאָוואַ אוגלאַ ניע ווידאַל, גדיע בי סיעיאַטיעל אי נאַש כראַניטיעל, גדיע בי רוסקי מוזשיק נע סטראַדאַל" (אין אַ פרײַער איבערזעצונג מיינט דאָס: ווײַזט מיר אָנעט אַ מקום אַזוינעם, כ'האָב אַ ווינקל אַזאַ נישט געזען, ווו אונדזער שפּייזער און אויך דער שומר, ווו דער פּויער לײַדט נישט — נישט וויינט). — האָבן מיר פאַרשטאַנען ווהין באַריס האָט געצילט...

באַריס האָט גוט געקענט געשיכטע. ער פלעגט דעם לימוד מאַכן אַזוי אינ־טערעסאַנט, אַז צוליב דעם אַליין האָבן מיר מיט חשק „געזוברעט" (געחזרט) און פאַרגעדענקט אַפילו די יאָרן פון היסטאָרישע געשעענישן, וואָס קינדער האָבן נישט איבעריק ליב צו טאָן, ווײַל פאַר זיך אַליין איז דאָס אַ נודנע אַרבעט. מיר האָבן אָבער גוט געוווּסט, אַז מיר וועלן נישט קריגן די מעשה, סײַדן מיר וועלן געדענקען די דאַטע... זײַן צוגאַנג איז ערגעץ ווו זיך צוזאַמענגעפאַלן מיט שלום פענזערס צוגאַנג צו הלכה און אַגדה, וואָס איין קעגנשטאַנד אָן דעם צווייטן האָט ער נישט געגעבן... געאָגראַפיע, בפרט די קונסט פון געפינען שטעט, לענ־דער, בערג און ימים, איז בײַ אונדז געווען אַ פראַגע פון האָנאָר, פון שטאָלץ צו געדענקען, ווײַל דער לערער אַליין פלעגט דאַכט זיך קוקן אויף אונדז און זײַנע פינגער פלעגן אַרײַנפאָרן אין סאַמע מיטן פון אינדישן אָקעאַן, אָדער גאָר אין די פּירענעען. באַריס איז געווען אַזוי קלאָר אין אַטלאַס ווי אַ פרומער ייִד אין אַשרי... האָבן מיר טאַקע בײַ אים געהאַט גרויס פּעולה.

באַריס איז געווען אַ ליבעראַל. אָבער נישט געהערט צו קיין פּאַרטיי. איך נעם דאָס פון צוויי פאַקטן. ערשטנס — נאָך יענעם אַרעסט און פאַרשיקונג, וועגן וועלכן איך האָב אײַך פריִער דערציילט, אַ פּאַסירונג, וואָס האָט קיין דירעקטע שײַכות צום רעוואָלוציאָנערן קאַמף נישט געהאַט, האָט צו באַריסן קיין מאָל — גאָר נישט פּאַסירט. צווייטנס, איז ער געווען אַ לייענער פון „רעטש", אַ וווּנדער־לעכע ליבעראַלע צײַטונג, אונטער דער רעדאַקציע, מיר דאַכט זיך, פון פּאַוול מיליוקאָוו, דער גרויסער רוסישער היסטאָריקער, פּירער פון די „קאַדעטן", אַ מעסיקע ליבעראַלע פּאַרטיי, וועלכער האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין די „דומעס" (פּאַרלאַמענט) און נאָך דעם מיט קערענסקין אין דער צײַטווײַליקער רעגירונג.

באַריס קלאַרפעלד האָט אַ סך געהאָלפן אין דער גרינדונג פון דער אומלעגאַלער ביבליאָטעק, אָבער ער איז נישט געווען קיין מעורב עם הבריות. דערפאַר האָט ער אָבער ליב געהאַט קינדער. מיר האָבן דאָס געפילט און צוריקגעצאָלט מיט ליבע. ער האָט פײַנט געהאַט וואָכעדיקייט. געווען אַן עסטעט און נישט געהאַט קיין געדולד צו קלייניקייטן. און כדי אויסצומײַדן זיי, האָט ער אַפילו געקענט זײַן זייער בייז... נאָר די זאַכן האָבן מיר נישט געזען אָדער אפשר נישט געוואָלט זען...

אַ חוץ לערנען, פלעגט באַריס מיט אונדז פאַרברענגען אין שמועסן. די טעמעס זיינען געווען פאַרשיידענע און די באַציִונג צו אונדז איז געווען אַ חברשע, אָט ווי מיר זאָלן זײַן דערוואַקסענע — זײַנס גלײַכן, נישט מער דער „עלטסטער ברודער" ווייסט אַ ביסל מער, טיילט ער זיך מיט די „קלענערע ברידערלעך און שוועסטערלעך"... צו זײַן שבח זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז טראָץ דעם, וואָס ער אַליין, באַריס, איז געווען פולשטענדיק אַסימילירט, איז ער קיין אַסימילאַטאָר נישט געוואָרן. נישט געזוכט אונדז צו באַאײַנפלוסן, „נישט געמאַכט פון אונדז קיין גויִים", ווי מײַן זיידע לוי, וועלכער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף באַריסעס הנהגה, פלעגט זאָגן. אָבער כשהוא לעצמו, איז ער געווען אין גאַנצן אויסגעטאָן פון אַלץ וואָס איז נאַציאָנאַליזם, און אַוודאי פון רעליגיע...

איך געדענק, אַז בעת דער חזן שלמה אײדלמאַן מיט זײַן כאָר האָבן געהאַלטן שאַרגאָראָד פאַרכישופט און אַפילו קריסטן פלעגן לויפן אים הערן, האָט באַריס נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צו דעם. און גראָד האָט ער ליב געהאַט צו זינגען. ער האָט געהאַט אַ פליושענעם באַריטאָן און ער פלעגט אַזוי פּראַקטיק זינגען רוסישע לידער, אַז דאָס חיות פלעגט ער ביי אונדז אַרויסציִען בײַ די אויספלוגן, וועלכע ער פלעגט מאַכן מיט אונדז אויפן מאַליעווער באַרג אָדער אויפן „לאַן".

עס איז געווען ער, וואָס פלעגט ווי בײַ גאָט אַ זומערטאָג, כאור הבוקר אונדז נעמען אויף דער באַרעבאַיעווקע צו די דאָרטיקע ליטאַקעס — זיך באָדן. מערקווירדיק איז, וואָס די באַרעבאַיעווקער הינט, וועלכע זײַנען באַוווּסט אַלס גרויסע אַנטיסעמיטן און ליבהאָבער פון ייִדישע ליטקעס, פלעגן אונדז דורכלאָזן דורכן דאָרף אָן האַווקערײַען, ממש לא יחרץ כלב לשונו... פונקט ווי אין מצרים, ערב דער באַפרײַונג...

באַריס האָט אונדז געלערנט שווימען, פירן אַ שיפל, ראַנגלען זיך און אַלערליי אַנדערע ספּאָרטן און שפּילערײַען.

ער אַליין האָט ליב געהאַט צו רײַטן אויף אַ פערד, און עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זען אים רײַטן. אַ הויכער, זייער אַ שיינער מיט אַ רײַכער שוועליוּרע טונקל בלאָנדע, עטוואָס רויטלעכע זײַדענע האָר, וואָס פלעגט אַלע מאָל אַ טרייסל טאָן, זיי זאָלן אים די אויגן נישט פאַרשטעלן. און דאָך פלעגט אַלץ בײַ אים אַרויס־

קומען נאַטירלעך, נישט געווען בײַ אים קיין שמץ פון אָנשטעל. כאָטש פרעגט מיך בחרם, ווי אַזוי ער האָט דאָס באַוויזן צו קריגן אין שאַרגאָראָד אַ רײַט־פערד, ווען ער האָט דאָס געוואָלט.

די ייִנגערע קינדער באַסיעס האָט באָריס אַליין געלערנט און איך קען זיך פיל וועגן זיי נישט דערמאָנען פון יענע יאָרן. די איינציקע זאַך, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מײַן זכרון פון זײַן ייִנגערן ברודער איסאַק, איז זײַן אײַנחזרן גראַמאַטיק: „אימעניטיעלני פּאַדיעזש דאָם; ראַדיטיעלני פּאַדיעזש דאָמאַ; דאַטיעל־ניע פּאַדיעזש דאָמו" און אַזוי ווײַטער... פון דעם קלענערן, כאַצקל, געדענק איך בלויז, אַז ער איז געווען אַ בחורל, וואָס האָט אָנגעשפּאַרט ווו די וועלט האָט אַן עק, — אַ ייִנגל אַ ברען. פון די מיידלעך איז די עלטערע, מעכליע, געווען אַ כלה־מיידל, איז זי במילא געווען אויסער מײַן קרײַז. און וועגן אַליען, וואָס איז געווען אין מײַנע יאָרן, אָדער אַ קאַפּעטשקע עלטער, קען איך זיך דערמאָנען בלויז איין עפּיזאָד.

מײַן זיידע לוי האָט געוווינט בײַ כאַסיען אין אַן אַלקער. עס איז געווען יום־כיפּור. דער זיידע האָט נישט לאַנג צוריק געהאַט פאַרלוירן די באָבע נחמה, געוואָרן אַן אַלמן, זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן און האָט אונטערגעקרעכצט. האָט ער מיר געבעטן, נאָך מוסף, איך זאָל אים נעמען אַהיים. ווען איך האָב אים אַרײַנגעבראַכט אין זײַן צימער, איז אַליע אויך אַרײַנגעקומען. עסן, פאַרשטייט זיך, האָט מען נישט געקענט, האָט זי אים געגעבן שמעקן חלשות־ טראָפּנס. דערווײַל איז דער זיידע געוואָרן אַ ביסל בעסער און אַליע האָט מיר אַ פרעג געטאָן: „וואָס פאַר אַ גרוס זאָל איך אָפּגעבן דײַנע שוועסטערס אין אַמעריקע?". „ווי קומט איר קיין אַמעריקע?" — האָב איך זי געפרעגט. און איך ווייס נישט, פאַר וואָס איך בין רויט געוואָרן ווי אַ צוויק. עפּעס האָב איך דערפילט אַ שע־מעוודיקייט, וואָס מע רעדט מיט מיר ווי מיט אַ דערוואַקסענעם. אַליע האָט מיר געענטפערט: „וואָס, דו ווייסט נישט, אַז מיר פאָרן אַלע קיין אַמעריקע? זע, פאָר אויך אַהינצו. דאָ, אין שאַרגאָראָד, איז קיין תכלית נישט צו בלײַבן"... אָט יענעם אינצידענט געדענק איך און איך ווייס נישט פאַר וואָס, נאָר פון יענעם קורצן שמועס מיט אַליען (און אפשר פונעם וואָרט „תכלית"?), אָט פון יענעם מאָמענט אָן, האָב איך זיך אָנגעהויבן פילן און אויך פירן, ווי אַ דערוואַקסענער בחור...

עס וועט נישט זײַן קיין פול בילד פון אָט דער פײַנער משפּחה, אַז איך זאָל אויסלאָזן פון מײַן דערציילונג, אַז כאַסיע איז נאָך געווען אַ גרעסערע בריה צו זײַערן אוגערקעס, קוואַסניצעס, קאַווענעס, קרויט און אַנדערע זאַכן — פון משה יהושועס. מיט דעם איינציקן אונטערשייד, וואָס ער האָט אַלעמען געגעבן אַ קרענק... און כאַסיע, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט יענעמס מיסט, האָט קיין מאָל קיינעם נישט אָפּגעזאָגט צו געבן די אַלע גוטע זאַכן...

מרדכי קופער

# מלך אביון... און אַ רפואה צו אַ ראָק...

אַנטקעגן כאַסיען, וווינט דער קיסר און שטאַרבט פאַר הונגער...

אַהאַ! איך דערקען שוין אין איר. איר טראַכט — דער מאָטל איז שוין נאָך אַ מאָל אַראָפּ פון די רעלסן... — איז באַרויִקט זיך. איך בין, ברוך־השם, ביי אַלע חושים. ס'איז אמת ויציב, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז אָט דאָרטן, אַנט־קעגן כאַסיע דער אַלטערקעס דירה, וווינט דער קיסר און שטאַרבט פון הונגער...

פאַרשטייט איר מיך, דאָס קלייניקע דאַרינקע יִדעלע איז געווען אַ גאָלד־שמיד, איינער פון די גרעסטע קינסטלערס אין זיין פאַך, און ער האָט כל ימיו געאַרבעט פאַר רייכע יִדן און פּריצים. מע פלעגט צו אים קומען פון מרחקים, ער האָט געהאַט אַ נאָמען איבער דער גאַנצער סביבה. ווו נאָר אַ רייכע כלה, האָט ער געמאַכט די צירונג פאַר איר. ווילט איר אוירינגלעך — איז אוירינגלעך, ווילט איר פינגערלעך — איז פינגערלעך, ווילט איר בראָסליעטן — איז בראַסליעטן, און ווילט איר מעדאַליאָנען — איז מעדאַליאָנען, און וואָס נישט? אַז מע שמועסט גאָלדענע הענט, איז דאָך נישט שייך... איז אָט די גאָלדענע הענט זיינען געוואָרן זיין אומגליק; דער יִיד האָט זיך געבאָדן אין גוטס. נו, איר ווייסט דאָך מן-הסתם דאָס ווערטל: „אַז איינעם גייט גוט, גייט ער זיך גליטשן אויפן אייז"... דער יִיד איז זיך געגאַנגען גליטשן אויף נאָך עפּעס ערגערס פון אייז... ער האָט אָנגעהויבן קאָנקורירן מיטן קיסר און געמאַכט פאַלשע פינפערלעך און צענערלעך, גאַנצע און האַלבע אימפּעריאַלן. עס איז ביי אים געוואָרן אַן אמתע מינץ־גיסעריי... און דעם אמת מוז מען זאָגן: די מטבעות זיינען געמאַכט געוואָרן גוט. שטאָט פלעגט זיך שושקען, אַז דער יִיד מאַכט אַ מאָל אַ טעות און גיט אַן אמתע מטבע פאַר אַ פאַלשער, ווייל ער אַליין קען צו מאָל נישט דערקענען וועלכע איז די אמתע און וועלכע די פאַלשע — אַזוי גוט פלעגט ער מאַכן די פאַלשע... נאָר ווייזט־אויס, אַז אונדזערע חכמים זיינען פאָרט געווען גערעכט, ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז: „סוף גנב לתליה"...

אין איין שיינער, אָדער אפשר מיאוסער נאַכט האָבן זשאַנדאַרן אַרומגערינגלט זיין הויז, אָנגעקלאַפּט אין טיר, אַריין, געמאַכט אַן „אָביסק" (אַ זוכונג) און געפונען אַן אוצר מטבעות — פאַלשע און אמתע. פאַרשטייט זיך, מער פאַלשע ווי אמתע. און בשעת הדווה האָבן זיי שוין פאַרנומען און קאָנפיסקירט דאָס גאַנצע צירונג, וואָס זיי האָבן דאָרטן געפונען. שווערע האָרעוואַניע פון אַ לעבן-לאַנג איז אַוועק מיטן ווינט. מיט דעם גאַנצן אוצר האָבן זיי שוין אויך אין איינוועגס פאַרנומען דעם יִידן, אים אַוועקגעפירט קיין מאַליעוו, אויף גיך אים געמשפּט און פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן תפיסה, טראָץ דעם, וואָס זיין ווייב האָט אָנגעשטעלט די גרעסטע אַדוואָקאַטן און צעפּטרט אַלץ וואָס עס איז געווען אין אָפּשפּאָרונגען פון אַ לעבן־לאַנג, אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן...

ווען דער ייִד איז צוריקגעקומען אַהיים, איז ער געווען נקי, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט. צו דעם אַלעמען האָט ער אין תפיסה אָפּגעשפּאָרט אַזאַ שווערן רעוומאַטיזם, אַז די פינגער אין וועלכע ער האָט פאַרמאָגט זײַן גאַנצן כישוף, זײַנען געוואָרן קרום און כמעט אין גאַנצן אומבאַוועגלעך, אָפּגעטעמפּט. וועגן צוריקגיין צו זײַן אַרבעט, אַפילו אָרנטלעכער, האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זײַן. ס'איז אַ סברה, אַז נישט נאָר איז געוואָרן אַ תכלית פון די פינגער, נאָר דער קאָפּ האָט אים אויך נישט אין גאַנצן געדינט. שאַרגאָראָד האָט אים גע־קרוינט מיט אַ פּײַנעם נאָמען, „קיסר", נאָר פון דעם סאָרט, וואָס שטייט מיט קלייניקע אותיות אין מחזור און לייענט זיך „מלך אביון"...

נו, איצט קענט איר מיר שוין גלייבן, ווען איך זאָג, אַז דער קיסר שטאַרבט פאַר הונגער? יאָ, וואָס שרה גיט ניט, האָט מען נישט. נישט פאַר אונדז געדאַכט...

וואָס? איר ווילט וויסן ווער שרה איז? — זײַט אַזוי גוט און לייענט ווײַטער.

**
*

אונטער איין דאַך מיטן קיסר וווינט שרהקע־שײַעס, דעם אַלטן שײַע סטאָ־לערס טאָכטער. שרהקע איז שוין זיבעט יאָרן אַן אַלמנה (זי האָט אַ צווייטן מאָל נישט חתונה געהאַט, ווײַל מיט איר ערשטן מאַן האָט זי חתונה געהאַט „פּאָ ליובווי" און זי קען אים עד־היום נישט פאַרגעסן...).

שרהקע איז אַ בייטאָרין, אָבער זי נייט בלויז קאָלדרעס, דעקן, זומערדיקע און ווינטערדיקע. זי מאַכט אויף אַ „זינגער"-מאַשין אַזעלכע „אוזאָרן" אויף די קאָלדרעס, אַז מע מעג גיין אויף חידושים קוקן. נישטאָ אַ כלה אין שאַרגאָראָד און אַפילו אין די נאָענטסטע שטעטלעך אַרום, וואָס האָט נישט באַשטעלט בײַ שרהקען אירע חתונה־קאָלדרעס. שרהקע האָט פּרנסה בכבוד און קען זיך פאַר־גינען צו נייען פאַר אָרעמע כלות בחינם. און ווען זי טוט דאָס — לייגט זי אַרײַן מער אַרבעט און טוט עס מיט מער ליבע פאַר אַן אָרעמער כלה, ווי פאַר אַ רײַכער. שרהקע איז דערפאַר די געליבטע פון גאַנץ שטאָט און אַלע האָבן פאַר איר אַ ברכה אויף די ליפּן... עס איז אַ סברה, אַז ווען נישט אָט די גוטהאַרציקע פרוי, וואָלטן דער „קיסר", די „קייסערינע" און זייערע „נאַסליעדניקעס"* טאַקע גע־ווען אויף גרויסע צרות...

**
*

מיר גייען פאַרבײַ משה באָרוכאָוויטשעס הויז. משהס ווײַב, די משהלעכע, האָט, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, אַ ראַק און האָט דעם דאָקטער טיף טײַער אין דר'ערד מיט זײַנע רפואות... זי האָט אויסגעפונען, אַז אַ קוואַרטירל זיבן-און־

* „יורשים".

פופציקער היילט טאָקע נישט אויס קיין ראַק, אָבער אַז מע טרינקט דאָס אויס, פאַרגעסט מען אויף אַ פּאָר שעה די מוראַדיקע ווייטיקן... כאַצקל — כאַסיע דער אַלטערקעס — איז איר איינציקער צושטעלער פון דער מאָנאָפּאָלקע. כאַצקל קען אויך האַלטן אַ סוד, ווײַל איר מאַן און צוויי זין, טאָרן נישט וויסן וועגן דער מאָדנער רפואה. כאַצקל האָט זיך פאַר מיר פאַרטרויט, דערציילט וועגן זײַן שליחות און צוגעגעבן, אַז ווען ער האָט צען אַזעלכע ייִדענעס וואָס האָבן אַ ראַק, וועלכע זאָלן אים מאַכן פאַר אַ שליח, וואָלט ער געגאַנגען אין גאָלד...

**
*

לאָמיר איצט אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך בײַ הלל שמש, מיט וועלכן מיר זײַנען שוין אַ ביסל באַקאַנט.

הלל איז, ווי איר ווייסט שוין, דער הויפּט־שמש פון דער גרויסער שול. די שטעלע האָט ער געירשנט פון זײַן טאַטן ע״ה, וועלכער האָט די שמשות גע־ירשנט פון זײַן טאַטן, דאָס הייסט, פון הללס זיידן. הלל קען אײַך געני נישט זאָגן, פון וויפל דורות שמשים ער ציט זײַן יחוס... נאָר מע קען זיך משער זײַן, אין שאַרגאָראָד איז חזקה אַן אײַנגעפונדעוועטע זכיה, און די שול איז זייער אַן אַלטע...

אין איין זאַך קען איך אײַך פאַרזיכערן: הלל איז נישט קיין געוויינטלעכער שמש וואָס איז כמעט על־פּי דין, זיכער על־פּי מנהג — אַ שלימזל און אָרעמאַן און טויג זיך אויס בלויז אויף צו קערן, וואַשן דעם דיל אין שול, אָדער רייניקן און פּוצן די הענגלײַכטערס, לײַכטערס און אַנדערע חפצים... הלל טוט נישט אָט די אַרבעטן. הלל טוט נאָר אַזעלכע אַרבעטן אין שול, וועלכע מע קען אָבי וועמען נישט געטרויען, זיי זאָלן, חלילה, נישט עפּעס צעברעכן אָדער קאַליע מאַכן. הלל איז אַ בעל־הבית אין שול, ווי אַלע באַלעבאַטים. אין שמשות טוט ער בלויז די איידלסטע אַרבעטן. אייגנטלעך איז הלל דער, וואָס האָט דאָס לעצטע וואָרט, ווע־מען און ווען מע זאָל געבן אַן עליה און אויך אַ וועלכע... אויף הללן איז מען נישט ברוגז ווען ער גיט עמעצן רביעי... הלל איז דער פּוסק־אַחרון, וועלכן חזן מע זאָל צונעמען, ווײַל זײַן פולשטענדיקע מבינות איז אויסער יעדן ספק... הלל אַליין איז אַ גאַנץ גוטער מנגן, אָבער ער איז זייער באַשיידן און מן־הסתם אויך אַ שעמעוודיקער. נאָר צווישן גוטע ברידערלעך וועט ער אײַך אויסזינגען די קאָמ־פּליצירטסטע ליטורגישע קאָמפּאָזיציעס פון דער גרויסער פּלעיאַדע חזנים, וואָס האָבן ווען עס איז געדאַוונט אין שאַרגאָראָד. ער האָט זייער אַ פײַנע שטימע, קען פּירוש־המילות און עס איז אים אַ פאַרגעניגן צו הערן. הלל איז אַ נח לבריאות, האָט ליב מענטשן בכלל און קינדער בפרט. איז ער דערפאַר קיין מאָל נישט שטרענג מיט ווײַס־חברה און דאָך וועט קיין ייִנגל נישט וואָגן אים מצער צו זײַן, ווײַל אויף הללן לייגט מען כבוד און מע האָט אים ליב...

הללס מאַמע, איידיע־חיה, איז אַ ייִדענע אַ נודניטשקע. און פון גאָר נישט האָבן וואָס צו טאָן, — ווײַל הלל פירט די גאַנצע באַלעבאַטישקייט און טראָגט איר צו פון אַל דאָס גוטס (ער האָט אַפילו נישט חתונה געהאַט ביז זי איז געשטאָרבן; מורא געהאַט, אַז די שנור זאָל, חלילה, נישט פוגע בכבוד זײַן דער מאַמען) — גייט אָט די איידיע־חיה — אַ פלאַטשיקע ייִדענע — פון שכנה צו שכנה און נודיעט זיי... זי רעדט פּאַוואָליע און הייבט־אָן אַ מעשה פון סאַמע אָנהייב. זי וועט חלילה, בײַ אײַך נישט צונעמען קיין טייל פון קיין מעשה. עס איז בײַ איר מיט אַ פולער מאָס, אַ מאָל מיט אַ „ווערך״ * און מיט אַ „פּריטשיניק״ **. זי וועט אײַך ליבערשט איבערגעבן, ווי נישט דערגעבן. חוץ דעם איז זי אַ באַוועגלעכע, איידיע־חיה. טאָמער ווילט איר זי איבערלאָזן און גיין טאָן אײַער אַרבעט אין קיך, אָדער אין אַן אַנדער צימער — בשעת זי האַלט אין מיטן דער מעשה וואָס זי דערציילט — איז זי נישט פויל און זשאַלעוועט נישט די פיס און גייט אײַך נאָך מיט דער מעשה... אַזאַ מענטש איז זי זיך... מײַן מאַמע, וואָס האָט אַ סך געדולד, אַפילו זי זאָגט, אַז „איידיע־חיה וועט זיכער גיין אין גן־עדן״. אויף מײַן פראַגע: „פאַר וועלכע מעשים־טובים, מאַמע?״ — ענטפערט די מאַמע: „עס האַנדלט זיך נישט אין מעשים־טובים. זיי וועלן זי דאָרטן שיקן אין גן־עדן, כדי פּטור צו ווערן פון איר, זי זאָל זיי נישט פאַרנודיענען צום טויט. אין גן־עדן מוז זײַן שטיל״...

הלל אָבער, האָט זײַן מאַמען אָפּגעגעבן דעם גרעסטן כבוד און זי אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, און ערשט נאָך איר טויט האָט ער חתונה געהאַט, גענומען אַ שיין ווײַבל און געווען צו איר אַזוי גוט, ווי צו זײַן מאַמען.

איך האָב פריִער באַמערקט, אַז הלל איז נישט געווען קיין אָרעמאַן. וויל איך נישט, אַז איר זאָלט לעבן אין טעות. פון נאַקעטער שמשות האָט נאָך קיינער, זינט די וועלט שטייט, זיך נישט אָפּגעגאָסן מיט גאָלד, מעג דאָס אַפילו זײַן אין דער שאַרגאָראָדער שול. הלל האָט געהאַט פרנסה בכבוד פון אַ קלייטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מאַרק, אין אַ פלאַץ וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער הילצערנער ראַטעס״ און איז באַשטאַנען, להיפוך צום ריכטיקן שטיינערנעם ראַטעס — פון אַ לאַנגער ריי הילצערנע קלייטלעך, ווו ייִדן האָבן פאַרקויפט צו די פּויערטעס אַלערליי קאָלירטע ביליקע פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, שפּאַליער, קעמלעך, צאַצקעס, ביליקע קאָרעלן און פּאַציערקעס...

* פולע מאָס. — ** צוגאָב.

מרדכי קופער

# כולו גנב — אויף נאמנות...

פון מיינע פריערדיקע באשרייבונגען געדענקט איר נאך מן-הסתם, אז אונ־דזער אמאליקער חדר (כ׳מיין איציקל חנה דער רייבערינס חדר), וואס איז גע-שטאנען אויף א דערנער־ און שטעכער־בארג, איז אפגעקויפט געווארן פון גאלדע בארמאק (יענקל משה מנשהס טאכטער), וואס האט דארטן אויסגעבויט א גרויסע היינט־מאדישע דירה מיט א קראם.

גאלדעס מאן איז א גרויסער מבין אויף מאנופאקטור, ס׳הייסט אויף די בעסערע סארטן שניט-סחורה. פארט ער קיין ווארשע, קיין לאדזש און — ווי מע זאגט — אפילו קיין מאסקווע און קויפט־איין פאר דער קראם. גאלדע האט אויף זיך א מאנסבילשן קאפ, איז זי די פארקויפערין. האלטן, האלט מען דארטן נאר טייערע סחורות. האט גאלדע איינגעפירט א נייעס אין שארגאראד — זי האנדלט אויף „נאמנות״, דאס הייסט, מע זאגט דעם קונה וואס עס קאסט זיך און מע נעמט א געוויסן קליינעם ריווח. נאמנות איז טאקע זייער א שיין ווארט, נאר לכתחילה האט שארגאראד נישט שטארק געגלייבט אין אט דעם נייעם איינפיר, — האט מען געבעטן א שטיקעלע מאטעריאל, כלומרשט, צו ווייזן דער משפחה אין דער היים צי עס וועט געפעלן... און דערווייל איז מען ארומגעגאנגען איבער די קלייטן און זיך נאכגעפרעגט אויף א פרייז, און אזוי ווי עס האט זיך אלע מאל ארויסגעוויזן אז גאלדעס אויף „נאמנות״ איז טאקע אמת, האט מען אנגעהויבן זיך צו באציען צו איר נייעם מעטאד מיט צוטרוי. און טראץ דעם וואס איר שניטקראם שטייט אין גאנצן מן הצד פון שטעטלדיקן קאך און איז די איינציקע אין יענעם ווינקל — האט זי, גאלדע, א שפע וואס אלע זיינען זי מקנא... ביי איר אין קראם ארבעטן אירע דריי ברידער: חיים־איציע, משה און סוס. (אגב, איר האט שוין א מאל געהערט אזא נאמען?). יעדע שטיקל סחורה איז באצייכנט מיטן קאסטפרייז געשריבן נישט אין ציפערן, נאר אין רוסישע בוכשטאבן, לויט אט דעם סדר: „קולוי גאנעווו״. יעדער בוכשטאב איז א ציפער ביז ניין, אדער לעצטער בוכשטאב „ווע״ איז א נול. איז אט די קאמבינאציע, וואס לייענט זיך לויטן קלאנג — אויף יידיש „כולו גנב״, דארף דינען צו באצייכענען דעם קאסטפרייז אויף נאמנות...

הערט איר, זאגט אייך וואס איר ווילט, נאר בלויז ביי אונדז אין שארגאראד האבן יידן זיך געקאנט דערטראכטן צו אזא הצלחהדיקן היפוך, פון וועלכן מען קען ציען פרנסה מיטן פולן מויל. אט נעמט טאקע די גאלדע מיט איר מאן און צוויי קינדער מייקע און מאשקע, וואס לעבן זיך ווי פריצים, און נעבן איר האבן שויך אויך פרנסה אירע צוויי ברידער און איר טאטע יענקל משה־מנשהס, וואס איז נישט קיין גרויסער עושר פון קנעלן מיט יידישע קינדער, — אויך אים שמעלצט גאלדע צו די קאשע, און אלץ — פון דער געלונגענער קאמבינאציע

פון ווערטער, וואָס אויף ייִדיש איז דאָס „נאמנות" און אויף גויִיש מיט רוסישע בוכשטאַבן איז דאָס „כולו גנב"... דער שרײַבער פון די זכרונות חידושט זיך נישט ווען ער הערט ייִדן פרעגן די קלאָץ־קשיה: „ווי קומט אַ פּאַטש צו אַ גוט־שבת?". בײַ אים האָט איר געפֿועלט, אַז עס קומט...

ווי אײַנגעפֿונדעוועט עס האָט זיך דער סיסטעם פון אַ נאמנות־געשעפט, קען מען זען פון דעם, וואָס גאָלדעס ברודער חיים־איצי, נאָך זײַן חתונה מיט לאָזער אײַזנשטיינס טאָכטער, האָט מיט דער הילף פונעם נדן אויך געעפֿנט אַן אייגן מאַנופאַקטור-געשעפט און אויך געהאַנדלט אויף נאמנות און אויך מצליח געווען. אַבי איר זאָגט, אַז „ערלעך" — איז שווערלעך". אָט זעט איר דאָך...

## און משה האָט געשלאָגן דעם שטיין...

הינטער גאָלדעס נײַער דירה האָט מען איבערגעלאָזט דאָס אַלטע מיטלסטע הויז, ווײַזט-אויס, ווי אַ „זכר לחורבן". און ווי איר געדענקט מן-הסתם, וווינט דאָרטן משה-אַברהם קלעזמער. משה־אַברהם איז זייער אַן אַלטער ייִד און שפּילט אויפֿן טראָמבאָן אין דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע. אויסגעלערנט שפּילן אויף אָט דער גרויסער כלי האָט זיך משה־אַברהם אַמאָל, אַמאָל, ווען ער איז געווען יונג און האָט געדינט פּאַניען. משה-אַברהם האָט נאָך הײַנט ליב צו דערציילן מעשׂהס פון דער מלחמה מיט די טערקן. ער רופֿט זיי „באַשיבוזיקעס", ווי אַזוי מע האָט זיי געקאָסעט בײַ פּלעוונע... צײַט האָט משה־אַברהם גענוג, דערציילט ער פֿאַוואָ־לינקע און אויסגעצויגן. אַ שטימע האָט ער, איז זי ענלעך צו די שטילע טענער פון זײַן טראָמבאָן. אָבער אַזוי ווי צו דערציילן דאַרף מען דאָך האָבן וועמען, — קומט ער יעדן פרימאָרגן צו אליהו בלאַזמאַן אין אַפּטייק־סקלאַד, ווײַל דאָרטן קען ער געפֿינען קונים אויף זײַנע מעשׂהס. ער האַלט זיך פֿאַר אַ שטיקל שמעלקע מיט אליהון, ווײַל יענער איז מענדל־הערשס בן־יחיד, און מענדל־הערש איז דאָך אַלע יאָרן געווען אַ „טאָוואַרישטש פּאָ פּאַכו". אליהו איז זייער אַ גוטער, לאָזט ער דעם אַלטן זיצן און דערציילן אַ מעשׂה, אפשר צום הונדערטסטן מאָל. ער שטופּט אים אַפילו אונטער אַ קערבל, ווײַל משה־אַברהם איז אַ ביטערער אָרעמאַן. די קאַפּעליע איז נישט געדנווויליק צו שפּילן מיט אים צוזאַמען, ווײַל משה-אַב־רהם שפּילט אַלע מאָל זײַן אייגענעם ניגון, וואָס האָט נישט דעם קלענסטן שײַכות צו דעם וואָס דער אָרקעסטער שפּילט... בשעתן דערציילן זײַנע מיליטערישע מעשׂהס, צי פון עלטער, צי פון נישט דערעסן און שוואַכקייט, שלאָפֿט משה־אַברהם אײַן. איז ווינטער נאָך „קאָטשקע־פּראַטשקע", נאָר זומער עסן אים די פליגן אויף אַ לעבעדיקן. אליהו האָט רחמנות אויף אים און וויל אים אויפֿוועקן. נאָר דער אַלטער, ווײַזט-אויס, גייט דורך אין שלאָף — אין חלום — די שלאַכטן

אין וועלכע ער האָט זיך באַטייליקט, מיט מוראדיקע שיסערייען, מיטן גיין „נאַ־שטיקי"... איז וואָס פאַר אַ ווערט האָט אין אַזאַ צײַט אַן אײדעלן טאָרע טאָן פון דעם ווייכהאַרציקן אליהון? קען ער אים נישט דערוועקן. האָט אָבער אליהו זיך דערטראַכט צו אַ פּאָרטל: ער הייבט־אָן זינגען אַ מיליטערישן מאַרש, אָבער טאַקע אויפן קול, און ווי דורך אַ כישוף כאַפּט זיך דער אַלטער אויף און מיטן מויל, גלײַך ווי ער זאָל דאָס טאָן אויפן טראָמבאָן, דערלאַנגט ער אליהון אַ „ווטאָרע": פּאַ־פּאַ־פּאַ, פּאַ־פּאַ־פּאַ, פּאַ־פּאַ־פּאַ...

***

אַזוי ווי משה־אַברהם איז אַ גרויסער אָרעמאַן און איז נישט בכוח צו צאָלן זײַן דירה־געלט, האָט ער אײַנגענומען אַ קאָמאָרניק, וועלכער פאַרנעמט בײַ אים אַן אַלקער. די משה־אַברהמעכע קאָכט פאַר אים, — פּאָזשיוועט מען זיך אַ מאָל נעבן אים מיט אַ ביסן, און זײַנע פאָר רובל וואָס ער צאָלט, העלפן־אַרויס צום דירה־געלט...

דער קאָמאָרניק איז דער פויקער פון דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע, אַ יונג אַ ריז און אַ גוטער פויקער. טרעפט מיט אָט דעם בחור אַזאַ געשיכטע: קיין שאַרגאָראָד קומט־אַראָפּ אַ צירק, און צווישן אַנדערע זאַכן וואָס מע ווײַזט דאָרטן, איז פאַראַן איין נומער וואָס האָט דעם פויקער שטאַרק פאַראינטריגירט. עפּעס אַ דאַר מענטשל, וואָס איר וואָלט פאַר אים קיין צוויי צעבראָכענע גראָשנס נישט געגעבן, ממש אַ חלוש (לויט דעם פויקערס שכל און אָפּשאַצונג), אַנגעטאָן אין אַן אָפּגעצויגענעם טריקאָ, קומט אַרויס אויף דער בינע, פאַרנייגט זיך פאַרן עולם (די פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין מאָטיע לאַדעוועצערס אַרײַנפאָר־טויער), די מוזיק שפּילט, דער עולם וואַרט און דאָס מענטשל אַנאָנסירט, אַז ער וועט מיט דער הוילער האַנט באַלד צעקרישלען אַ פופציק־פונטיקן שטיין אויף עט־לעכע שטיקער — און דאָס מיט איין קלאַפּ. מע ברענגט־אַרײַן אַ טישל, מע טראָגט־אַרײַן אַ שטיין, צוויי מענטשן טראָגן אים, לייגן אים אַרויף אויפן דעמ־בענעם טישל. דאָס דאַרע פאַרשווינדל בעט אַ פּאָר מענטשן פון עולם אַרויפצו־קומען און באַטראַכטן דעם שטיין. עס רופן זיך אָפּ אַ פּאָר מענטשן, קומען־אַרויף, באַטאַפּן דעם שטיין פון אַלע זײַטן. דאָס מענטשל פרעגט זיי, צי זיי זײַנען זיכער אַז מע נאַרט נישט אָפּ, אַז דער שטיין איז טאַקע אַ געזונטער אויף אַלע אברים. די צוויי ענטפערן, אַז אַלץ איז אמת, דער שטיין איז גאַנץ פון אַלע זײַטן. פון אַ זײַטיק טירל לויפט־אַרויס העגדום־פּעגדום אַ קלאָון אין זײַנע בגדי־מלכות, טראָגט אויף אַן ענלעך טישל, שטעלט עס אַוועק אויף דער צווייטער זײַט בינע, סאָפּעט, נעבעך, פון גרויסן אָנשטרענגונג. שלעפּט־אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ קליין שטיינדל, לייגט עס אַוועק אויף זײַן טישל, קלײַבט זיך יאַקבי אויך צו באַווײַזן דעם זעלביקן קונץ... דער עולם לאַכט טאַקע, נאָר נעמט נישט אַראָפּ די אויגן

פון דעם דאַרן נפש, וואָס דאַרף באַווײַזן די קונץ פון צעברעכן דעם גרויסן שטיין. דאָס דאַרע מענטשל באַטראַכט דעם שטיין. דער קלאָון באַטראַכט אויך זײַן שטיינדל פון אַלע זײַטן. דאָס מענטשל באַטראַכט זײַן רעכטע האַנט, דער קלאָון טוט דאָס זעלבע. דער שטיינברעכער הייבט-אָן ציילן פּאַוואָלינקע: איינס — — — צוויי — — — דרײַ (דער קלאָון טוט דאָס זעלבע) — מיט אַ מאָל טוט דער בעל-דבר אַ זעץ אין שטיין און דער שטיין צעפּאַלט זיך אויף שטיקלעך... דער קלאָון אין דער זעלבער צײַט דערלאַנגט אויך אַ קלאַפּ אין זײַן שטיינדל און צעקלאַפּט זיך, יאַקבי, נעבעך, זײַן האַנט, טרייסלט מיט איר, כאַפּט זי אין מויל אַרײַן, לעקט זי, ווי צו שטילן דעם ווייטיק... דער עולם, וואָס האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם בשעת דאָס דאַרע מענטשל האָט געמאַכט דעם „ראָזמאַך", ברעכט-אויס אין אַ ווילדן אַפּלויז פון באַגײַסטערונג. אַ פּאָר צווייפלערס לויפן אַפילו צו צו דער בינע און באַטראַכטן די שטיינדלעך, צי האָט מען מיט עפּעס נישט אָפּ-גענאַרט, אָבער אַלץ איז כשר...

אונדזער פּויקער איז די גאַנצע צײַט געזעסן און די אויגן נישט אַראָפּגענו-מען פון דעם קאָמעדיאַנט... נישט געגלייבט זײַנע אייגענע אויגן; אין געדאַנק פאַרגליכן די אייגענע גבורה מיט יענעמס חולשות... געטראַכט: „אַ ווינטל קען דאָך אים אַוועקבלאָזן"...

***

אַ גאַנצע נאַכט האָט אונדזער פּויקער קיין אויג נישט צוגעמאַכט און ווען ער האָט פאַרטאָג־צו אײַנגעדרימלט, האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אין אַ גרויסן ליכטיקן זאַל; ער איז אָנגעטאָן אין אַ גוט-געפּאַסטן טריקאָ, שטייט אויף דער בינע אין זאַל, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט אַ גרויסן עולם. אַלע קוקן-אַרויף צו אים, באַוואונדערן זײַן גרויס, זײַן גבורה וואָס שפּאַרט-אַרויס פון יעדן אבר... דער קלאָון מיטן דאַרן מענטשל טראָגן-אַרײַן אַ גרויסן שטיין. פּונקט אַזוי ווי נעכטן, קומען-אַרויף צוויי מענטשן, באַטראַכטן דעם שטיין, באַטאַפּן אים און... „העי פּויליאַק, וואָס פּאַפּסטו נאָך אַזוי שפּעט? ס'איז דאָך שוין האַלבער טאָג!"... ער כאַפּט זיך אויף און זעט די משה-אַברהמעכע, זײַן באַלעבאָסטע, שטייט נעבן אים און טאָרעט אים, ער זאָל אויפשטיין... און כאָטש דאָס אויפוועקן אים איז אַ געוויינטלעכע זאַך דאָ אין הויז, אַ דבר בכל יום, האָט אים נאָך קיין מאָל אַזוי נישט פאַרדראָסן וואָס מע רײַסט אים אויף פון שלאָף...

ווען ער איז יענעם טאָג געזעסן מיט זײַנע חברים פון דער קאַפּעליע בײַ ייִדל בעדער אין שענק, בײַ אַן אָקע בראָנפן און פאַרבײַסעכץ, וואָס די שענקערקע גיט אים אויף באָרג ביז עס וועט זיך מאַכן אַ לײַטישע חתונה און משה דער, ווײַסער וועט אים באַצאָלן זײַן חלק, האָט אונדזער פּויקער נישט אויפגעהערט צו ריידן וועגן דעם שטייך, וואָס דער „יאָלד" האָט אַזוי „קליווע" (שיין, — אויף

קלעזמער־לשון) צעבראָכן מיט דער הוילער האַנט... די קלעזמערס האָבן דער־שמעקט, אַז דער בחור איז מקנא, האָבן זיי אים געגומען אָנצי׳ען, אַז יענער „יאָלד״ איז דאָך גאָר־נישט־מיט־נישט אין פאַרגלײַך מיט אים; אַז ער, דער פּויקער, זאָל נאָר נישט זײַן קיין פּוילער, וואָלט ער אויך אַזאַ קונץ געקענט באַווײַזן, און אַלע „קליווע שעכטלעך״ (שיינע מיידלעך) און אַפילו „יאָלדעווקעס״ (ווײַבלעך) וואָלטן די כפּרה געוואָרן פאַר אים, וואָלטן אים נאָכגעלאָפן... ער וואָלט נאָך אפשר גע־קענט קריגן אַ „קליווע סמיקאַנקע״ (אַ שיינע כלה) מיט „בערעס״ (געלט, נדן) אויכעט...

די רייד זײַנען דעם בחור פאַרגאַנגען אין דער נאָז... ער איז געזעסן ווי אויף קוילן; זיי זײַנען דאָך גערעכט זײַנע קאָלעגן... ער אַליין ווייסט דאָך, אַז די גבורה שפּאַרט פון אים, אַז עס קומט אים אָן מיט גרינגע ווערעם זיך צו קאָנטראָלירן בשעתן פּויקן, די פּויק זאָל נישט פּלאַצן... האָט ער זיך פּאַוואָליגקע אויפגעהויבן און אַ זאָג געטאָן: „נו, גוט. איך וועל אײַך טאַקע „דאָקאַזשען״ (באַווײַזן) אַז איך קען אַזוי גוט ווי דער יאָלד און אפשר נאָך בעסער צעברעקלען אַ שטיין. נאָר איין זאַך וויל איך פון אײַך, — איר זאָלט שטעלן אַ האַלבן עמער זיבן־און־פּופּ־ציקער מיטן ריכטיקן צובייסעכץ, צו באַנעצן דעם גאָרגל נאָכן «סעאַנס» (פאַר־שטעלונג)״. דאָס לעצטע וואָרט האָט ער געבראַכט פון ווינשיצע, ווו ער האָט גע־פּויקט אין שטאָטישן טעאַטער. און עס איז געבליבן, אַז טאַקע דאָ, בײַ ייִדל בע־דער אין שענק, קומט מען זיך צוזאַמען דעם זעלבן אָוונט און ער וועט באַווײַזן דעם קונץ און בעסער. (זײַנע ווערטער, וואָס ער האָט געמיינט מיט דעם „בעסער״, קען איך אײַך אַקוראַט נישט זאָגן).

**
*

די שאַרגאָראָדער שטאַרקע, די פּוסיפּאַקעס, וואָס זײַנען געווען פון די שטענ־דיקע סתם־געסט בײַ ייִדל בעדער אין שענק, האָבן געקראָגן און געבראַכט אַ שטיין. קיין ספּעציעל טישל האָט מען נישט באַדאַרפט, דער גרויסער טיש פון שענק איז געווען גענוג שטאַרק, שוין אפשר פון דעם, וואָס ער האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט ימים מיט בראָנפן אַלע יאָרן...

אַ גאַנצן טאָג האָט דער פּויקער דורכגעלעבט אין פיבער. זיכערקייט און מורא האָבן זיך געביטן אומצאָליקע מאָל... חברה קלעזמערס האָבן אַ גאַנצן טאָג אַרומגעפּאַדיעט אַרום אים; איינע מיט געטרײַשאַפט און באַוווּנדערונג פאַר דער דערוואַרטער העלדישקייט, אַנדערע מיט חוזק און נישט־צוטרוי. געווען אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן זיך גאָר געוועריטלט און געגעבן עצות־טובות, אַז ער זאָל גיין אין מקווה אַרײַן זיך טובל זײַן. געווען אַ פּאָר, וואָס האָבן געהייסן זאָגן תהילים... איינער אַ קלעזמערשער למדן, האָט אים געהייסן זאָגן זיבן מאָל „אבן מאסו הבו־נים״ אַלס אַ זיכער מיטל צו הצלחה...

דערװײַל איז צוגעפאַלן דער אָװנט. בײַ ייִדל בעדער אין שענק איז מען גע־שטאַנען קאָפּ-אויף-קאָפּ, ממש דערשטיקט צו װערן. די ייִדעליכע האָט צוגעגרייט געגנוג געגנדזנס פאַר אַן אַרמיי. און כאָטש דער אָפּמאַך איז געװען אַ האַלבער עמער בראָנפן, האָט מען יאַקאָש געבראַכט אַ גאַנצן עמער אין פיר ריזיקע פלע־שער. די שענקערין האָט געװוּסט, אַז װאָס עס זאָל נישט זײַן דער אויסגאַנג, װעט זי קיין זאַך נישט דאַרפן אַרויסװאַרפן.

פּונקט אַכט אַ זייגער האָבן צװיי אונטערפירערס אַרײַנגעבראַכט דעם פּוי־קער, װי מע פירט אַ חתן־בחור צו דער חופּה. װי ענג עס איז נישט געװען, האָבן מענטשן זיך צוזאַמענקװעטשט און פאַרמירט אַ דורכגאַנג פאַר דעם חתן־תּורה. דער לעצטער איז געגאַנגען, װי אין אַ חלום. ער האָט גאָר נישט און קיינעם ניט געזען אַ חוץ דעם שטיין, װאָס האָט אין זײַנע אָנגעשטרענגטע אויגן איצט אויס־געזען װי אַ באַרג, װאָס װאַקסט פון סעקונדע צו סעקונדע... עס איז אים דורכ־געלאָפן אַ געדאַנק, אַז משה רבנו האָט אויך געשלאָגן אַ שטיין (קיין סך האָט דער פּויקער אין חדר נישט געלערנט, װײַל ער איז געװען אַ קלײנעכדיקער יתום, נאָר דאָך, גראָד די מעשה פון משהן, װי ער שלאָגט דעם שטיין, האָט ער גע־דענקט...) — נישט מער, יענער האָט געשלאָגן מיט אַ שטעקן, און ער דאַרף עס טאָן מיט דער הוילער האַנט... און װי איינער פון זײַנע אונטערפירערס זאָל גע־װען טרעפן זײַנע געדאַנקען, און אים אַ זאָג געטאָן אױפן אויער: „דו װייסט משה, משה רבנו האָט אויך געשלאָגן אַ שטיין, נאָר פון יענעם שטיין האָט געשפּריצט װאַסער. פון דײַנעם, ברודערל, דאַרף שפּריצן בראָנפן. זע, פאַדגאַדיע נישט!" (פאַרשעם נישט)...

סוף־כּל־סוף האָט דער פּויקער דערגרייכט דעם טיש. אַ טויטע שטילקייט האָט באַהערשט די פאַרזאַמלטע, להבדיל, װי פאַר בלאָזן שופר... דער בחור איז געשטאַנען בײַם טיש אַ טויט־בלאַסער. די קניִעס האָבן זיך בײַ אים געטרייסלט װי אין קדחת. נעבן אים איז געשטאַנען װאָװיק אַליין בכבודו ובעצמו. װי זאָגט איר, פאַרט אַ פײַערלעכער מאָמענט...

װאָװיק האָט װי, להבדיל, דער מכריז בײַ תּקיעות, אָנגעפירט מיט דער פאָרשטעלונג און אויף אַ ייִדישלעכן אופן האָט ער צעצויגן, און מיט ישוב־הדעת אָנגעהויבן אויסרופן: נישט — — — איינס! נישט — — — צװיי! נישט — — — דרײַ! דער עולם איז געשטאַנען עלעקטריזירט... מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ טראַסק... און עס האָבן אָנגעהויבן פליִען — — — פינגער... יאָ, מײַנע פרײַנד — פינגער... דער בחור איז אַװעקגעפאַלן װי אַ סנאָפּ אין טויט-חלשות... עס האָט זיך באַװיזן בלוט. נישט עס האָט גערונען, נאָר געשפּריצט װי אַ פאָנטאַן... די ייִדעליכע האָט געבראַכט אַ לײַלעך. מע האָט דעם פּויקער פאַר־קראַמפּעװעט די האַנט. עמעצער פון עולם האָט מיט אַ שטריק פאַרקראַמפּעװעט דעם עלנבויגן (דער ייִד איז געװען אַ סאַניטאַר אין יאַפּאַנישן קריג, האָט ער

געדענקט וואָס מע דאַרף טאָן אויף דער גיך). מע איז אַוועק מיט אַ בריטשקע צו לייב רופא און אים געבראַכט. לייב רופא איז שוין צו יענער צײַט נישט גע־גאַנגען צו פּאַציענטן, ווײַל ער אַליין איז געווען אַ חולה. אָבער אַ ספּעציאַליסט אויף אַזוינע זאַכן איז ער געווען, ווײַל אין זײַנע ייִנגערע יאָרן פלעגט ער מאַכן חסרונות (מומים) צו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו און נישט געוואָלט גיין דינען פאָניען (ניקאָלאַיען). און דאָ האָט ער געהאַט אַ גרייט־געמאַכטן מום... ער האָט בלויז געדאַרפט מאַכן די „פּערעוויאַזקע" (די איבער־בינדונג)...

אפשר צוויי וואָכן האָט דער פויקער געשוועבט צווישן לעבן און טויט. פון היץ האָט ער, רחמנא ליצלן, נישט פאַר אונדז געדאַכט, געשריִען מיט באַנומענע קולות: „נעמט אַוועק דעם באַרג!... משה שלאָג נישט דעם שטיין!... גוואַלד, עס וועט אים וויי טאָן... אוי, ייִדן, פון דעם שטיין רינט נישט קיין וואַסער, נאָר בראָנפן!... ווו איז דער שטעקן? איך וויל נישט מיט דער הוילער האַנט!"...

נו, איר ווייסט דאָך, יעדע זאַך, אַפילו אַ היץ־קראַנקייט האָט אַ סוף. דער פויקער איז אַרויס מיטן לעבן, נאָר אָרעמער מיט דרײַ פינגער. בלויז צוויי פינ־גער זײַנען אים געבליבן אויף דער רעכטער האַנט, אי דאָס האָבן זיי אויסגעזען, אויף אַלע שונאי־ציון...

## די נאָוואָסיעליאַיושטשיע

צוויי ברידער זײַנען זיי געווען. גערופן האָט מען זיי די „נאָוואָסיעלאַיושטשע", דאָס הייסט אויף ייִדיש — די נײַ־באַזעצטע. דאָס זײַנען געווען צוויי דאָרפייִדן, וואָס פאָניע האָט געמאַכט אַ תכלית פון זייער האָב־און־גוטס — שווערע האָרע־וואַניע פון אַ פּאָר דורות און זיי אַרויסגעשיקט פון דאָרף, לויט די באַוווסטע און טרויעריק־באַרימטע „איגנאַטיעוו־פאַראָרדענונגען". נאָך אַזאַ מין גרוש בלײַבט אַ ייִד נקי, ריין, נאַקעט און באָרוועס. ווײַל אַלע, אָדער כמעט אַלע ווערען דער אומגליק האָט געטראָפן, האָבן זיך געווערט, געקעמפט מיט אַלע מיטלען און געפּטרט ווו נאָר זיי האָבן געהאַט אַ גראָשן. האָבן טאָקע אַלע, וועלכע זײַנען גע־ווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די דערפער און זיך באַזעצן אין שטאָט, בדרך־כלל געליטן הונגער; נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו צעפירן די הענט און זיך זייער שווער געקאָנט צופּאַסן צום שטעטלשן לעבן און לופט־פּרנסות (וואָס זײַנען באַ־שטאַנען פון מער לופט, ווי פּרנסה). אַלע — — — אַ חוץ די צוויי ברידער, די „נאָוואָסיעליאַיושטשיע". אמת, אויך זיי זײַנען אין שטאָט אַרײַן בערום ובחוסר כל, אויסגעליידיקטע פון אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. זיי זײַנען אָבער געווען מענטשן מיט אונטערנעמונג־פעיִקייטן און גרויסע בעלי־בטחון. און איר ווייסט

דאָך ווי אונדזערע מאַמעס פלעגן זאָגן: „ווי אַזוי מע פאַרנעמט זיך, אַזוי העלפט גאָט“... זיי האָבן אָנגעהויבן צו טאָן מסחר און האָבן מצליח געווען. זיי זײַנען נישט געוואָרן קיין נגידים איבער נאַכט, נאָר געהאַט פּרנסה בכבוד. אין שטאָט האָט מען געהאַלטן פון זיי. און זיי האָבן זיך טאַקע געפירט זייער שיין, כאָטש באַשיידן. זיי האָבן עפּעס פרעזערווירט פון זייער דאָרפישקייט און דאָס אַריבער־געטראָגן אויפן שאַרגאָראָדער באָדן. עס איז געווען אַ ביסל גראָז, אַ ביימל אַרום זייערע דירות און אַפילו אַ ביסל בלומען אין די פענצטערס, אַ כזית אינדזעלע פון דאָרף אין סאַמע מיטן שטעטל... זיי האָבן אַפילו מיט דער צײַט געהאַט, יע־דער פון זיי, אַ קו נעבן הויז. איינער פון זיי, ליפּע, האָט אַפילו געהאַט אַ פּריצי־שע ברישקע מיט אַ פּאָר גוטע פערד (אויסגעכאַליעטע אויפן דאָרפישן שטייגער) מיט וועלכע זיי פלעגן אַרויספאָרן יעדן אין דער פרי אין זייער דאָרף אַרײַן, צו טאָן מסחר (דאָס האָט מען געמעגט) און צוריקקומען אין אָוונט (נעכטיקן אין דאָרף, האָט מען נישט געטאָרט). זיי האָבן קיין מאָל נישט איבערגעריסן מיטן דאָרף, להיפּוך צום רוב פאַרטריבענע דאָרפישע ייִדן, זײַנען די צוויי ברידער ליפּע און זלמן, נישט געווען קיין אומוויסנדיקע. זיי האָבן זיך אין יעדער הינ־זיכט געקאָנט פאַרגלײַכן מיטן דורכשניטלעכן ייִדן פון שטאָט אין ייִדיש וויסן, און זיי איבערגעשטיגן אין וועלטלעך וויסן.

***

אַ כאַראַקטעריסטישע מעשה פון זייער אָרנטלעכקייט וויל איך דאָ דערציילן.

איך האָב געהאַט אַ באָבע, שיינדעלע (מײַן טאַטנס מאַמע), איז זי געווען אַ זייער טשיקאַווע ייִדענע. געווען איז זי הויט און ביינער אַלע יאָרן וואָס איך גע־דענק. זי האָט געליטן פון אַ „זאַדישקע“ (אַסטמאַ). אַז זי פלעגט זיך פאַרהוסטן, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט שוין, דאָס איז דער סוף. תכריכים האָט זי נאָך אָנגעגרייט אי פאַר זיך, אי פאַרן זיידן מיט יאָרן און יאָרן צוריק. ווען איך בין נאָך געווען אַ פּיצעלע ייִנגעלע, געדענק איך, אַז מע פלעגט אין דער משפּחה ריידן פון דעם. די סיבה פון די גערײדערײַען איז געווען דאָס, וואָס די באָבע האָט געהאַלטן אין איין בײַטן די תכריכים אויף נײַערע... זי האָט געהאַלטן אַן אויג אויף די קראַנקע אין שטאָט, וואָס האַלטן בײַם שטאַרבן, און אַז עס האָט געטראָפן עמעצער האָט זיך געפּעלט, פלעגט זי דורך איינעם פון דער חברה־קדישא (וואָס האָט עפּעס פאַרדינט דערבײַ) פאַרקויפן אירע, אָדער דעם זיידנס תכריכים פאַר אַ ביסל וויניקער ווי עס האָט געדאַרפט קאָסטן און זיך נאָך דעם געקויפט נײַע. אַוודאי האָט זי צו דעם מסחר אַלע מאָל דערלייגט, ווײַל חברה־קדישא אַפילו טוען נישט קיין זאַך פאַר עולם־הבא... אָבער זי איז געווען איבער גליקלעך, אַז אין דער קאָמאָדע זײַנען אַלע מאָל געלעגן נײַנקע תכריכים, אַז

מע זאָל זיי נישט באַדאַרפן, אָדער ווי זי אַליין פלעגט עס זאָגן: „אויפן טאָג, וואָס איך וויל אויפן מויל נישט ברענגען"...

אָט די באָבע שיינדעלע, איז אויף איר אופן געווען נישט קיין נאַרישע ייִדע־נע און אַ דאָמינירנדיקער מענטש, אין מײַנע יאָרן איז אָט דער שטריך אין איר כאַראַקטער שוין געווען אַ ביסל אָפּגעטעמפּט. אָבער אויפן זיידן האָט זי נאָך געהאַט אַ גאַנץ שטאַרקן אײַנפלוס. נישט דערפאַר, וואָס ער האָט פאַר איר מורא געהאַט, דער זיידע, נאָר ער איז געווען דער היפּוך פון איר. אַ גוטמוטיקער, אַ מילדער, מיט אַ חוש פאַר הומאָר. און ווײַזט־אויס, אַז ער איז נאָך אַפילו אין טיפן עלטער אויך געווען פאַרליבט אין איר. מע האָט דערציילט, אַז אין איר יוגנט איז זי געווען אַ קראַסאַוויצע. איז, אַז זי פלעגט זיך צעלאָזן מיט איר מענה־לשון, פלעגט דער אַלטער זי גלעטן און זיך בעטן בײַ איר: „נשמה מײַנע, עס דיר נישט אָפּ דאָס האַרץ... עס וועט דיר נאָך, חלילה, שאַדן צום געזונט...". דער זיידע איז געווען צוויי מאָל די גרויס פון איר, אַ ייִד אַן אַסאָבע, און ער האָט זי באַהאַנדלט ווי אַ קינד. די גרעסטע קריגערײַען זײַנען פאָרגעקומען צוליב דעם, וואָס דער זיידע פלעגט פאַרגעסן אויסצוטאָן די קאַלאָשן אין קאָרידאָר, און בײַ דער באָבען איז ריינלעכקייט און געפּוצטקייט אין שטוב געווען אַ פראַגע פון לעבן און טויט... אויף דעם געביט זײַנען פאָרגעקומען קאָמישע און טראַגישע פּאַסירונגען אין די צווישן־באַציִונגען פון דער באָבען און זיידן. אייניקלעך. קאָמישע פאַר אונדז און טראַגישע פאַר איר...

דער זיידע האָט שוין לאַנג נישט געפירט קיין מסחר און געלעבט האָט מען פון דעם, וואָס די מאַמע האָט געגעבן, און די מאַמע האָט אויך געהאַט איר טאַטן מיט זײַן ווײַב (דער מאַמעס שטיפמאַמע), וואָס אויך זיי האָט מען געדאַרפט אויס־האַלטן. די מאַמע איז געווען זייער אַ גוטע און דאָס וואָכנגעלט, וואָס זי האָט געגעבן די זיידעס, איז בײַ איר געווען דאָס סאַמע ערשטע. קיין זאַך איז נישט געקומען פריִער, ווי אָט דער מאָראַלישער חוב... אַז עס פלעגט קומען פרײַטיק, האָט אונדז די עלטערע שוועסטער פאַרפּוצט שבתדיק, אונדז געגעבן די פאַר־וויקלטע אין פּאַפּיר וואָכנגעלט פאַר ביידע זיידעס און באָבעס, אויך געפילטע פיש און פריש־געבאַקענע חלות אויף שבת... — איז געווען אַ חוק ולא יעבור.

אַז מיר זײַנען צוגעקומען צו דער באָבע שיינדלס הויז, האָט זי שוין גע־וואַרט בײַ דער טיר, צוגענומען דאָס וואָכנגעלט, די געפילטע פיש, די שיינע גרויסע געפלאָכטענע חלה. און ווי זוניק און שיין אין דרויסן זאָל נישט געווען זײַן, האָט זי אַ זאָג געטאָן: „אוי, אַ ווייטיק האָט מיר געטראָפן. גייט שוין אַהיים, עס וועט באַלד גיין אַ רעגן!"... (זי האָט פשוט מורא געהאַט, די באָבע, אַז מיר וועלן איר איבערפירן די אויסגעפּוצטע שטוב אירע). פונקט דער היפּוך פון דעם קבלת־פּנים בײַ דער באָבע שיינדעלע, האָבן מיר, קינדער, געקראָגן בײַ דער באָבען נחמה. און געווען איז די באָבע נחמה גראָד אַ שטרענגע, האָט געקענט

אַרײַנזאָגן אַ ביסל מוסר, אויב עס האָט אַ קינד אָדער אַפילו די עלטערע אין דער משפּחה געקומט. נאָר געווען אַזוי פיל אויפריכטיקייט און אומגעקינצלטע געטרײַשאַפט אין אָט דער שטיפבאָבען, אַז מיר אַלע, אָן אויסנאַם, האָבן זי ליב געהאַט ס׳לעבן. נישט געווען בײַ אונדז קיין גרעסער יום־טוב ווי, אַז דער זיידע איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ פּאָר טעג, צו גיין שלאָפן בײַ דער באָבען. מיר, קינדער, פלעגן זיך אַרומרײַסן צוליב אָט דער פּריווילעגיע... די באָבע נחמה איז געווען די געטרײַשאַפט אַליין. חוץ דעם, איז זי גלאַט געווען אַ קלוגע ייִדענע. און אַז זי האָט עפּעס געזאָגט, איז דאָס געווען גוט באַטראַכט און שיין געזאָגט. זי האָט יאָ געקאָנט שעלטן אין טאַטן־אַרײַן און מע זאָל מיינען, אַז עס איז אַ ברכה...

איז אַ קינד אײַנגעפאַלן, פלעגט די באָבע נחמה אָפּזיצן גאַנצע נעכט, ביז זי האָט אַרויסגעריסן דאָס קינד פון דעם מלאך־המות, וואָס האָט אין יענע „גליק־לעכע" יאָרן פון מגפות געקאָסעט ייִדישע קינדערלעך, ווי מע קאָסעט תבואה... פלעגט די באָבע שיינדעלע מקנא זײַן די באָבען נחמה, פאַרגעסן וועגן איר סטראַ־שען מיט אַ רעגן יעדן פּרײַטיק און האָבן גאַנצע טענות צו אונדז... „זאָגט מיר נאָר קינדערלעך, איר זאָלט מיר מײַנע ביינער איבערלעבן, — פלעגט זי טענהן — וואָס לויפט איר אַזוי צו דעם פרעמדן רוח? זי איז דאָך אײַך אַפילו נישט קיין אמתע באָבע. און צו מיר, איך זאָל אַפילו אויסגיין, שטעלט קיינער קיין פוס נישט אַרײַן..." נאָר, איז געקומען דער נאָענטסטער פרײַטיק, האָט זיך איבער־געחזרט די זעלביקע מעשה מיט „עס גייט באַלד אַ רעגן, גייט שוין אַהיים!..."

***

די באָבע שיינדעלע איז זייער קראַנק געוואָרן אַ פּאָר טעג פאַר ראש־השנה. די מאַמע, וועלכע איז געווען אַ קרעמערין, פלעגט פון דעסט וועגן בײַ נאַכט זיצן מיט דער באָבען, ביז עס איז געקומען ראש־השנה אויף דער נאַכט. די מאַמע האָט געדאַרפט גיין אין שול אַרײַן. דער זיידע איז אין שול נישט געגאַנגען. אפשר דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן, האָט ער ראש־השנה געדאַווענט אין דער היים. ער איז געווען אַזוי צעבראָכן, אַז די מאַמע האָט געשיקט מיך און מײַן שוועס־טער סאָניע, צו זיצן מיט דער באָבען, ביז זי וועט קומען פון שול. אָנגעזאָגט האָט זי אונדז, אַז מיר זאָלן דעם זיידן נישט צולאָזן צו דער קראַנקער, ווײַל ער איז געווען אַזוי פאַרענדערט און אָפּגעשוואַכט, אַז ווען ער האָט בלויז אַ קוק גע־טאָן אויף דער באָבען, האָט ער געחלשט. די באָבע איז איצט געווען אין קאָמע און האָט נישט געאָטעמט נאָר געכאָרכלט... דער זיידע האָט אָפּגעדאַוונט. מײַן שוועסטער האָט פאַר אים אַוועקגעשטעלט עסן, ער האָט זיך אָבער צו דעם נישט צוגערירט. טרערן האָבן אָן אויפהער זיך געגאָסן פון זײַנע אַלטע גוטע אויגן... מיר בײדע זײַנען געזעסן אין איינע אַנגסטן און נאָך מער אין מורא... ווו נאָר ערגעץ אַ מעשה פון חדר, פון „קב הישר" אויף עברי־טײַטש (איך וועל נאָך אַ

מאָל דערציילן, ווי אַזוי איך בין געקומען אין עלטער פון גאַנצע זיבן יאָר צו לייענען אָט דעם מוראדיקן מוסר־ספר) — זײַנען מיר דורכגעלאָפן דורכן מוח. בעיקר אַ מעשה, וואָס איך האָב געהערט פון מײַן פעטער יאָסל בושינקער — אַ דאָרפיזד — וועגן דעם, אַז אויב מע קוקט אין אַ שפּיגל ווען אין שטוב געפינט זיך אַ נוטה למות, קען מען זען אים אַליין, דעם בעל־דבר, דעם מלאך־המות... מיט אַלע כוחות האָב איך זיך געמיט נישט צו קוקן אין שפּיגל, וואָס איז געווען פּונקט אַנטקעגן איבער דער באָבעס בעט...

דער זיידע האָט איצט געזאָגט תהילים און איז אַליין געווען זייער ווײַט פון דאַנען... נאָר אַלע מאָל האָט ער געטאָן אַ קרעכץ, עפּעס אַזוי ווי אַ קריי פון אַ האָן וואָס מע האַלט אים אין קוילען...

איך האָב געפּועלט בײַ מײַן שוועסטער, זי זאָל מיך לאָזן גיין אַהיים רופן די מאַמען. עס איז מיר נישט אָנגעקומען גרינג צו פּועלן בײַ מײַן שוועסטער, זי זאָל מיך לאָזן גיין. איך האָב איר געמוזט דערלויבן צו ברעכן דעם צוזאָג צו דער מאַמען און רופן דעם זיידן, אויב עפּעס זאָל פּאַסירן... אַליין האָב איך זיך גע־לאָזט לויפן אַהיים. איך קום אַהיים, זיצט די מאַמע אויף אַ שטול, אַ בלייכע, אַן אויסגעמאַטערטע פון דער אַרבעט אין קראָם, פון אַרײַנברענגען דעם יום־טוב און נאָך מער — פון נישט שלאָפן עטלעכע נעכט. עס האָט מיך פאַרקלעמט בײַם האַרצן. איך האָב נישט געקענט פּועלן בײַ זיך אויפצוּוועקן די מאַמען. האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס מע רעדט אין שטאָט וועגן ר׳ אַהרן זוסיע לייבס... איך בין נישט געלאָפן, נאָר געפלויגן און אָנגעקומען צו ר׳ אַהרנען פּונקט ווען ער האָט געהאַלטן אין בענטשן נאָך דעם יום־טובדיקן מאָלצײַט. איך בין געווען אַ האַלב־געחלשטער פון מורא, פון לויפן און פון גרויסער געשפּאַנטקייט. איך האָב אים געוואָלט זאָגן נאָך וואָס איך בין געקומען, אָבער ער האָט מיך צוגעצויגן צו זיך, מיך געגלעט און יאַקבי אויף לשון־קודש, האָט ער מיר געזאָגט: „אי, אָ, נו, לא מפסיק, בענטשן"... עס האָט געדאַרפט הייסן, אַז ער קען איצט נישט אויסריידן, ווײַל ער האַלט אין בענטשן. אָבער די גוטע אויגן זײַנע, וואָס האָבן געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ וואַרעמקייט, האָבן מיך אין גאַנצן באַרויִקט. איך האָב זיך אײַנגע־טוליעט אין אים. ער האָט אַ ביסל פאַרגיכערט דאָס בענטשן, נאָר אַז עס איז געקומען צו „ונא אל תצריכנו, השם אלוקנו לא לידי מתנת בשר ודם ולא לידי הלואתם, כי אם לידך הפתוחה הקדושה והרחבה, שלא נבוש ולא נכלם ולא נכשל לעולם ועד" — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן וואָרט באַזונדער און אַרײַנ־געלייגט אין דעם אַזוי פיל כוונה, אַזוי פיל האַרץ, אַז איך האָב געהאַט פאַרגעסן נאָך וואָס איך בין געקומען...

ר׳ אַהרן האָט פאַרענדיקט בענטשן און מיך געפרעגט, וואָס עס האָט גע־טראָפן. און ווען איך האָב אים דערציילט, אַז די באָבע איז פאַרבײַ, דער זיידע — אין גאַנצן אַ פאַרלוירענער און די מאַמע שלאָפט אויפן שטול אין דער היים,

האָט ער מיך אַ קניפּ געטאָן אין בעקל זייער פאַטערלעך, מיר געזאָגט, אַז איך בין אַ ייִנגל אַ חכם, וואָס כ׳האָב נישט אויפגעוועקט די מאַמען, און איז מיט מיר אַוועק צום זיידנס הויז.

ר׳ אַהרן האָט בלויז מיט זײַן אַרײַנקומען געביטן דאָס גאַנצע בילד. קודם האָט ער אָנגעשריִען אויפן זיידן, אַז אום יום־טוב טאָר מען נישט וויינען, און אַזוי ווי ער איז געקומען זיצן מיט דער חולה, וועט ער דאָך סײַ ווי סײַ וואַך זײַן, נישט שלאָפן, וועט ער שוין זאָגן תהילים, דער זיידע זאָל גיין שלאָפן. דער זיידע האָט פּראָטעסטירט, אָבער ר׳ אַהרן האָט אים באַלייגט. מיר און מײַן שוועסטער האָט ער געהייסן אַהיימגיין, און אויב די מאַמע וועט זיך אויפכאַפּן, זאָל איך איר זאָגן, אַז ער וועט שטיין מיט דער קראַנקער אַ גאַנצע נאַכט, און זי זאָל זיך אויסרוען... מיר, קינדער, זײַנען אַוועק אַהיים און ווען מיר זײַנען אַרײַן אין הויז האָט זיך די מאַמע איבערגעוועקט און מיר האָבן איר דערציילט, אַז ר׳ אַהרן האָט געזאָגט, אַז ער וועט זײַן מיט דער קראַנקער אַ גאַנצע נאַכט, אַז זי זאָל גיין שלאָפן, אַז ער גלייבט נישט, אַז עפּעס וועט טרעפן ביז אין דער פרי. די מאַמע האָט בלויז געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, מיר דאַכט זיך, אַז זי האָט געזאָגט „אַן אמתער צדיק״ און איז געגאַנגען שלאָפן...

איך האָב לאַנג נישט געקענט אײַנשלאָפן און ווען איך בין אַרײַנגעפאַלן אין אַ דרימל, האָט זיך מיר געחלומט די באָבע, ווי זי שטייט נעבן איר טיר, מיר זײַנען אָנגעקומען, איר עפּעס געגעבן, און זי האָט אונדז אַ דערשראָקענע און מיט פאַרמאַכטע אויגן געזאָגט די געוויינטלעכע זאָגעניש „קינדער, עס וועט באַלד גיין אַ זליווע. גייט שוין אַ היים!״ נאָר איצט האָט זי נאָך צוגעגעבן, „איך וויל נישט איר זאָלט מיר פאַרשמירן די תכריכים״... איך האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי, די מאַמע איז געשטאַנען נעבן מיר און געשעפּטשעט „גאָטעניו, עס זאָל זײַן צום גוטן״... זי האָט מיך געפּרוּווט באַרויִקן און געהייסן מיר שלאָפן, נאָר איך האָב זיך בײַ איר געבעטן זי זאָל מיך מיטנעמען צו דער באָבען, זי האָט נישט געוואָלט, אָבער איך האָב זיך אײַנגעשפּאַרט, און ווײַל זי האָט נישט גע-וואָלט, אַז די אַנדערע קינדער זאָלן זיך אויפוועקן האָט זי מיך מיטגענומען. איך האָב געציטערט און געפּלאָטערט, מײַן צערודערונג איז געווען אין לשער, איך האָב זיך שטאַרק געניייטיקט אין דער מאַמעס נאָענטקייט און זיך געטוליעט צו איר...

ווען מיר זײַנען אַרײַנגעקומען האָט אונדז ר׳ אַהרן באַגעגנט בײַ דער טיר אַ רויִקער נאָר אַן ערנסטער, ער האָט דער מאַמען שטילערהייט געזאָגט, אַז באַלד וועט זיך אָנהייבן די גסיסה. די מאַמע האָט גענומען וויינען, האָט ער איר אויך געזאָגט, ווי פריִער דעם זיידן, אַז יום־טוב טאָר מען נישט וויינען, נאָר זי האָט ער נאָך געטרייסט דערמיט, אַז „די שוויגער האָט געהאַט אַ גוטע עלטער, נישט

יעדע פרוי האָט אַזאַ שנור ווי איר זײַט און די שוויגער האָט אַ גרויסע זכיה צו שטאַרבן אין אַ טאָג פון מחילת עוונות"...

דאָס כאָרכלען האָט זיך פאַרשטאַרקט, אין איין מאָמענט האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז פאַריבער... מיט אַ מאָל האָט די באָבע מיט פאַרמאַכטע אויגן אָנגעהויבן שטאַמלען און רופן — „גיטעלע, (דער מאַמעס נאָמען), איך וויל אַז סײַ מײַן קבורה, סײַ דעם זיידנס ווען זײַן צײַט וועט קומען און אויך די מצבות, זאָלן זײַן פאַר אונדזער אייגן געלט, נאָר נישט יענעמס, אַפילו נישט אונדזערע קינדערס"... זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, און נישט געקענט אַרויסברענגען און אפשר אין איין רגע האָט זי אויסגעהויכט איר נשמה... דער זיידע האָט זיך אויפגע־כאַפּט און זיך גענומען שלאָגן מיט די הענט אין הארצן, טענות געהאַט פאַר וואָס מע האָט אים נישט אויפגעוועקט, נאָר פאַרפאַלן נישטאָ מער די באָבע. ווען מע האָט זיך אַ ביסל באַרויקט האָט די מאַמע דערציילט דעם זיידן וועגן דער באָבעס לעצטע ווערטער, דער זיידע האָט בלויז געצויגן מיט די אַקסלען, ער קען נישט פאַרשטיין וואָס פאַראַ געלט, נאָך אייגנס. אַז ער האָט שוין אַזוי פיל יאָרן נישט פאַרדינט קיין פרוטה... ר' אַהרן זוסיע לייבס, וואָס האָט אויך געהערט דער באָבעס לעצטע ווערטער האָט אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז עס טרעפט נישט איין מאָל, מענטשן זאָגן זאַכן, וואָס זיי וואָלטן געוואָלט, אַז אַזוי זאָלן זיי זײַן, אָבער אין דער אמתן איז דאָס נישט מער ווי אַ רצון... ער האָט נאָך דער מאַמען אויסגערעדט דאָס האַרץ, אַז לויט דעם אופן ווי אַזוי די מאַמע האָט אַלע מאָל געגעבן ביידע זיידעס און ביידע באָבעס, דאַרפן זיי זיך פילן, ווי עס זאָל זײַן זייערס, ער, ר' אַהרן, האָט געוווּסט וועגן דעם אופן פון געבן אַזוי, אַז דער נעמער זאָל פילן, אַז עס איז זײַנס... ער האָט דאָס אַ לעבן לאַנג געטאָן, ווי קיין אַנדערער אין שאַרגאָראָד, אפשר אַ חוץ...

די באָבע האָט מען מקבר געווען דעם ערשטן טאָג ראש־השנה נאָכן דאַווע־נען. גלייבט אָדער נישט, געווען פיל עלטערע מענטשן, וואָס האָבן מײַן באָבען מקנא געווען אויף דער זעלטענער זכיה צו שטאַרבן ראש-השנה, קומען צו קבורה דעם זעלבן טאָג, זײַן פרײַ פון חיבוט הקבר...

**
*

מוצאי ראש־השנה אויף דער נאַכט קומט אַרײַן צו אונדז אין הויז ליפּע באָוואָסיעליאַיושטשי, לייגט אַוועק בײַ אונדז אויפן טיש אַ זעקעלע געלט און הייסט דאָס דער מאַמען איבערציילן... די מאַמע באַטראַכט דעם ייִד און וווּנדערט זיך צוליב וואָס זי דאַרף דאָס ציילן פרעמד געלט... וואָס פאַראַ שײַכות האָט זי צו דעם? אויף דעם האָט ליפּע געענטפערט, אַז „עס איז נישט קיין פרעמד געלט, נאָר דער באָבעס", זי האָט יאָרן לאַנג, נאָך ווען ער האָט געוווינט אויפן דאָרף אָנגעהויבן בײַ אים שפּאָרן געלט, לויטער קליינע סומעס, אָבער מיט די יאָרן

און מיט דעם פּראָצענט, האָט זיך אָנגענומען אַ שיינע עטלעכע הונדערט רובל, און איצט האָט ער דאָס אָפּגעבראַכט. די מאַמע האָט אים געוואָלט געבן אַ קבלה. האָט ער געזאָגט, אַז ער קען נישט נעמען קיין קבלה אויף געלט, אויף וואָס ער האָט קיין שטר-חוב נישט געגעבן... ער איז צופרידן, אַז דער בורא עולם ווייסט דערפון און פאַר „אים" דאַרף מען נישט קיין קבלות און קיין קוויטלעך...

***

דער זיידע האָט נאָך געלעבט לאַנגע יאָרן, ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון הונדערט און צען יאָר. ער איז צו ניינציק יאָר געזעסן שבעה נאָך זײַן זון, מײַן טאַטן. נאָך מײַן טאַטנס פּטירה איז ער אַוועק קיין שפּיקאָוו צום רבין, האָט זיך אויסגעטאָן אין גאַנצן פון עולם הזה, מער געפאַסט ווי געגעסן. דורכגעלעבט די ערשטע וועלט־מלחמה, די רעוואָלוציע, פּאָגראָמען און בירגערקריג. בשעת איינער פון די פּאָגראָמען, האָבן די פּעטליוראָוועס צוגערויבט זײַן געלט, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר קבורה און אַ מצבה און זײַנע תכריכים, נאָך אים באַשול־דיקט אין ספּעקולירן מיט — ליַוווּנט... פון אַמעריקע האָבן מיר אים געשיקט ליַוווּנט אויף תכריכים און אַ שפּאָגל נײַעם טלית.

נישט באַשערט געווען דער באָבעס צוואה מקוים צו ווערן אויף דעם זיידן, ווי זי האָט דאָס געוואָלט...

## יידן פאַרשיידענע נאָר ליבע

ווען איך האָב באַשריבן די שאַרגאָראָדער מלמדים, האָב איך איינעם נישט ווילנדיקערהייט אויסגעלאָזן. אַ שאָד. איך וויל מיט דעם קליינעם קאַפּיטל גוט־מאַכן דעם בלויז.

געוועזן איז ער אַ דרדקי מלמד, געוווינט אין אַ שיינער אייגענער דירה, ווו עס איז אויך געווען זײַן חדר. גערופן האָט מען אים יאָסל באַהעלפער און געווען איז ער אַ מזג טוב. נישט געהאַט קיין אייגענע קינדער האָט ער זײַן גאַנצע ליבע איבערגעטראָגן אויף זײַנע גײַסטיקע קינדער — די תלמידים פון זײַן חדר. אַזוי ער, אַזוי זײַן ווײַבל רעכל און אַפילו איר שוועסטער, אַן עלטערע מיידל אַ הויקער, וועלכע האָט געוווינט מיט זיי צוזאַמען. די צוויי שוועסטערס האָבן געפירט אַ וועט־געלויף, ווער פון זיי עס וועט זײַן בעסער צו די קינדער... די רביצין רעכל און איר שוועסטער גיטל, האָבן געהאַט בשותפות אַ קלייטל אין הילצערנעם ראַטעס. דאָרטן פלעגן זיי פאַרקויפן אַלערליי סחורות צו די פּויערטעס און אויך צוקערקעס, פון די צוקערקעס האָבן שוין אָפּגעלעקט אַ ביינדל די תלמידימלעך פון יאָסלס חדר... אַז די רביצין פלעגט זיך אַ מאָל פאַרטראַכטן און איר שיין פּנים איז

פאַרוואָלקנט געוואָרן, פלעגט דער רבי צושטיין צו איר, זי זאָל אים זאָגן, פאַר וואָס זי איז פאַרזאָרגט, יאָסל האָט רעכלען זייער ליב געהאַט. די רביצין פלעגט שטיל אָ פרעג טאָן: „יאָסל, וואָס וועט פון אונדז ווערן איבער הונדערט און צוואַנ־ציק יאָר אָן אַ קדיש?"... יאָסל האָט פאַר איר געהאַט איין ענטפער און איז נישט מיד געוואָרן דעם ענטפער איבערצוחזרן אומצאָליקע מאָל: „רעכל, מיר האָבן קיין עין הרע נישט, אַ סך קינדער. ווי וועט זיך איינער פון זיי נישט דערמאָנען אין אונדז, און אָפּלערנען אַ פרק משניות און זאָגן אַ רבנן קדיש?"... ער האָט זיך אָבער אין גאַנצן נישט פאַרלאָזט אויף דעם. ער האָט געגעבן שרײַבן אַ רייניקייט, די רביצין און איר שוועסטער האָבן אויסגעניייט מיט זילבער און גאָלד פּאָדעם עטלעכע מענטעלעך, געמאַכט אַ זילבערנעם יד, אויפן יד, האָט דער גאָלדשמיד אויסגראַווירט די נעמען פון רבין און רביצין און אויף די מענטעלעך דעם נאָמען פון גיטלען דער רביצינס שוועסטער און מע האָט געפירט דאָס ספר־תורה אונטער אַ חופּה אין איינעם פון די שולעכלעך פון דער גרויסער שול. דער רבי האָט נאָך צו דעם מנדב געווען אַ שיינע פּאָר רובל און די פּירערס פון שולעכל האָבן געמאַכט אַ כּתב בײַם רב, אַז איבער הונדערט און צוואָנציק יאָר, וועט מען אין שולעכל זאָגן קדיש, לערנען משניות און האַלטן די יאָרצייטן פון אָט די דרײַ מענטשן וואָס האָבן געלעבט צוזאַמען אין ליבע, כּבוד און פאַרשטענדעניש און זיך אויך באַוואָרנט, אַז זייער געדעכעניש זאָל נישט פאַרגעסן ווערן...

**
*

הלל ליטוואַק איז איינער פון די צוויי ליטוואַקעס, וואָס האָבן, ווײַזט אויס, פאַרבלאָנדזשעט קיין שאַרגאָראָד (דער צווייטער איז אפרים ליטוואַק, וועגן אים וועלן מיר שרײַבן, האָף איך, ווען די צײַט וועט קומען).ביידע ליטוואַקעס זײַנען גרויסע למדנים, בני תורה. שאַרפע קעפּ. הלל האָט זיך פאַרנומען מיט וואַלד־האַנדל, געקויפט און געהאַקט וועלדער אַרום מעראַכווע. אין מײַנע יאָרן איז הלל שוין געווען אַן עלטערער ייִד און איז שוין בלויז געווען דער קויפער, ווײַל, ווי מע האָט געזאָגט אין שטאָט, איז ער געווען אַ גרויסער מבין אויף וואַלד, „מיטן אויג" געקענט אָפּשאַצן, וויפל דאָס געהילץ קען אַרײַנברענגען... די אַרבעט פון האַקן דעם וואַלד, פאַרוואַנדלען אַלץ אין געהילץ, אין בוי-מאַטעריאַל, האָט אי־בערגענומען זײַן ייִנגסטער זון יאָסל. יאָסל איז געווען אַ שוואַרצהנעווידיקער בחור מיט אויגן שוואַרץ — פײַער, פאַר אים פלעגן מיידלעך ווערן, מײַנע שונאים, די כּפּרה. יאָסל פלעגט אַ גאַנצע וואָך זײַן אין די מיכאַליוווקער וועלדער, אָנפירן מיטן האַקן און טראַנספּאָרט פון געהילץ. אַ טייל פון דעם פלעגט גיין קיין שאַרגאָראָד, ווו הלל האָט געהאַט אַ געהילץ לאַגער נעבן זײַן הויז. דאָרטן נעבן הויז פלעגן שטענדיק אַרבעטן פּויערים אויף אַ הויכן געשטעל, איינער אויבן, דער צווייטער אונטן מיט אַ לאַנג-לאַנגער זעג און חדר־ייִנגלעך האָבן ליב געהאַט צו שטיין און

קוקן אויפן ווונדער און דער געשיקטקייט פון די זעגערס. מע האָט געדאַרפט זײַן א מאדים מיט די אין יענער צײַט פרימיטיווע מיטלען אַרויפצוהייבן קאָלאָסאַלע ביימער אויפן צוועלף-פוסיקן געשטעל און דערבײַ נישט געהרגעט ווערן. די קלענסטע אומפּאָרזיכטיקייט און אַזאַ קאַטאַסטראָפע האָט געקענט טרעפן. און דאָך האָט קיין מאָל אַזאַ זאַך נישט געטראָפן. דער ווונדער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פויערים בעזגראַמאַטנע, האָבן געקענט אויסרעכענען צו דער ווערשקע יעדן בוים, אַזוי אַז עס זאָל קיין פּחת נישט זײַן. אָבער בעיקר איז געווען די אַרבעט פון זעגן אַזוי, מע זאָל מיט דער זעג נישט פאַרקריכן קיין בויבעריק מעטאָדיש איז די אַרבעט געווען ביז גאָר. קיין זאַך איז נישט געגאַנגען אין ניוועץ. אַפילו דאָס זעגעכץ פלעגט מען פאַרקויפן צו ייִדענעס, וואָס האָבן דאָס גענוצט אין זייערע אויוונס בײַם פאַררוקן טשאָלענט, ייִדישע מיידעלעך פלעגן קומען מיט טאָרבעלעך און בעטן מע זאָל זיי פאַרקויפן „אַפּילקי נאַ טשאָלענט". די פויערים האָבן דורך דעם געלערנט עפּעס פון דער ייִדישער גאַסטראָנאָמיע...

הלל ליטוואַק האָט געהאַט פײַנע קינדער. דער עלטסטער מאָטל איז געווען אַ באַרימטער אַדוואָקאַט אין מאָליעוו מיט אַ געגילדטן שילדל „מאַרקוס גיליעליע־וויטש נאַכמאַנאָוויטש". מאָטל איז געווען אַן אַדוואָקאַט מיט אַ האַרץ, פלעגט מען אין שטאָט זאָגן. אַן אָרנטלעכער און אַ קלוגער. געהאַט האָט ער אַ מיידל, אַ גימנאַזיסטקע, איז זי געווען אַ קראַסאַוויצע, אַז זי פלעגט קומען אין צײַט פון קאַניקולעס (פעריען) קיין שאַרגאָראָד פלעגן די בחורים פון גאַנץ שטאָט פאַרלירן די קעפּ. אָבער ראַכיל האָט קיינעם פון די פּראָווינציאַלן נישט באַמערקט אַפילו. אַ גרויסשטאָטישע געווען. נאָך אַ זון הללס האָט געוווינט אין מעראַכווע. אבא האָט ער געהייסן און איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט וויסן ווי אַ מילגרוים מיט קערלעך. אבא האָט ליב געהאַט טעאַטער בתכלית הליבע, האָט אָנגעפירט מיט אַמאַטאָרן, בחורים און מיידלעך, און אים האָב איך צו פאַרדאַנקען מײַן ביסל וויסן וועגן טעאַטער. עס איז געווען אבא, וואָס האָט אויפגעפירט אויף רוסיש מיט אונדזערער אַ גרופּע יעקב גאָרדינס „גאָט, מענטש און טײַוול" (אין רוסיש „סאַטאַנאַ"), אין אַ צײַט ווען גאָרדין איז נאָך נישט געווען פּאָפּולער אין רוסלאַנד. געשפּילט האָבן מיר די דערמאָנטע און אַנדערע פּיעסן פון ייִדישן לעבן אויף רוסיש, ווייל אויף ייִדיש, האָבן מיר קיין דערלויבעניש נישט געקענט קריגן. מיר האָבן אויך אויפגעפירט פּיעסן אויף אוקראַיִניש פון אַ פאָלקישן כאַראַקטער, וואָס ווען איך כאַפּ אַ בליק אויף צוריק און וויל זיך אַרײַנלעבן אין יענער עפּאָכע, ווערט נאָך אבא (די זיכרונות וועגן אים) מיר נעענטער. מיר דאַכט זיך, אַז עס איז געווען אבא, וואָס האָט אַרײַנגעפירט זינגערס ניי־מאַשינען נישט בלויז אין ייִדישע באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן, נאָר אויך אויפן דאָרף צו פּשוטע פויערים. מיר וואָלטן אויף הײַנטיקן ייִדיש אים מן הסתם באַצייכנט מיטן טיטול ציוויליזאַטאָר, און ער איז דאָס טאַקע געווען... איך שרײַב וועגן די צוויי זין הלל ליט־

וואַקס, כאָטש זיי האָבן נישט געוווינט אין שאַרגאַראַד, — צוליב דעם, ווײַל זיי זײַנען געווען די פּאָרלויפער פון אַ נײַער עפּאָכע אין יידישן לעבן, ווען יידישע קינדער האָבן זיך מיט גרויס אייפער אַ וואָרף געטאָן אויף אַלגעמיינער און מאָ־דערנער בילדונג... זיי זײַנען טאַקע אין אונדזער געגנט געווען די ראשונים... די מיידלעך הללס זײַנען אויך געווען געגנייגט צו דער נײַער צײַט. אַלע קינדער זײַנע, זײַנען געווען געראָטן אין טאַטן מיט זייער חכמה.

הלל האָט געדאַוונט אין דער סאַדיגורער קלויז און איז דאָרטן געווען דער איינציקער מתנגד. דער זכות פון זײַן לומדות איז אים בײַגעשטאַנען...

***

לויט די גרויפּן־מילעכלעך, וואָס שאַרגאַראַד פּאַרמאָגט, וואָלט מען געקענט מיינען ,אַז די יידן פון אונדזער שטאָט עסן גאָר קיין אַנדער זאַך נישט נאָר קאַשע... מאָלט אײַך, אַז אַפילו „פּרץ מיטן ענטל״, האָט אויך אַזאַ מילעכל. אמת, פּרצעס מילעכל איז דאָס קלענסטע און פּרימיטיוועסטע מילעכל אין שטאָט, אָבער פּאָרט אַ מילעכל, און גרויפּן קומען פון דעם אַרויס פּונקט אַזעלכע גוטע ווי פון גרע־סערע. „מיטן ענטל״ רופט מען פּרצן צוליב דעם, וואָס ער האָט, נישט פאַר אונדז געדאַכט, אַ קרומען אָרעם, אַן אויסגעבויגענעם ביזן סאַמע עלנבויגן. דער אָרעם זײַנער איז זייער דין, ממש אַ שטעקעלע, אָבער די האַנט אַליין איז גראָד אַ נאָרמאַלע און ער האַלט זי תמיד אויפן האַרצן, אַזוי ווי זי זאָל זײַן צוגעקלעפּט צו זײַן קאַפּאָטע... פון דעסט וועגן, אַז ער מוז זי אַ מאָל האָבן צו דער אַרבעט, טוט זי ווי פון זיך אַליין עפּעס אַ כאַפּ און אַ טו, און איז שוין ווידער אַ מאָל אומבאַוועגלעך אין איר אײַנגעזעסענעם אָרט אויפן ברוסטקאַסטן, אַזוי ווי קיין מאָל גאָר נישט...

פּרצעס הויז איז אונטער איין דאַך מיט חנא דעם קרומענס חדר. פּאַרשטייט איר דאָך, אַז גאָט אַליין וואָלט געהייסן, (ווען מע זאָל אים פרעגן), אַז יינגלעך זאָלן זיך דאָרטן פאַרזאַמלען און אַ דריי טאָן די קאָרבע פון מילעכל... איז טאַקע בײַ דעם פּרצן אין מילעכל אַן אמתער קיבוץ גלויות פון אַלע יינגלעך פון די דערבײַיקע חדרים וועלכע קענען זיך אַרויסכאַפּן פון חדר מיט אַלערליי כשרע און טריפהנע תירוצים...

דרייען די קאָרבע אין מילעכל איז אַן אמתער ספּאָרט און אַלע יינגלעך האָבן דאָס האָלט צו טאָן. איז דאָך אָבער בלויז פאַראַן איין קאָרבע און יינגלעך, קיין בייז אויג זאָל זיין נישט שאַטן, אַ סך, רײַסט מען זיך איבער דער קאָרבע נאָך מער ווי איבער שישי אין דער גרויסער שול... אַז פּרץ האָט דערזען, וואָס פאַר אַ כישוף עס ליגט אין זײַן קאָרבע פאַר די יינגלעך, איז ער געפאַלן אויף אַ געניאַלער המצאה, צו רעכענען אַ פירער פאַר צוויי שעה דרייען דאָס רעדל. געדענקט, נישט אַ קאָפּיקע פאַר איין שעה, נאָר אַ פירער פאַר צוויי שעה. אין

דעם איז געלעגן אַ טיפער און נאָבעלער געדאַנק... פאַרשטייט איר מיך, פּרץ איז טאַקע אַ פּשוטער ייִד, נאָר ער האָט אַ האַרץ. האָט ער געוווּסט אַז בלויז קינדער פון באַלעבאַטישע הייזער בײַ וועמען אַ קאַפּיקע איז אַ ממזר, וועלן זיך פאַרגינען צו דרייען די קאָרבע און אָרעמע ייִנגלעך וועלן בלויז קענען מקנא זײַן... האָט ער דעריבער אײַנגעפירט דעם אָפּצאָל פון אַ פירער. געוווּסט האָט ער, אַז קיין ייִנגל קען נישט אויסשטיין פון חדר גאַנצע צוויי שעה. סײַדן חלילה אין צײַט פון אַן עפּידעמיע אויף דער צוואַנג (דיזינטעריע), ווען מע ציילט נישט צו די צײַט פון זיצן... איז אויב עמעצן איז אַרויסגעקומען צײַט, האָט ער, פּרץ, לויט זײַן אייגענער דעה, געגעבן אַן אָרעם ייִנגל די פּריווילעגיע צו פאַרענדיקן דאָס דרייען. אַז מע שמועסט צדקה איז דאָך נישט שײַך...

די פירערס, וואָס פּרץ האָט געזאַמלט, זײַנען אַרײַן טאַקע אין אַ קדושה... פאַר מנחה — פלעגן די פירערס עמיגרירן צו ייִדל בעדערס ווײַב, וועמענס שענק איז געווען דאָ דערנעבן, אויף אַ ביסל משקה מיט זיסע בייגעלעך. פאַר „לחיים" נאָכן מאַרגנדיקן דאַווענען... אין זײַן שולעכל.

***

„פּרץ מיטן הענטל" האָט אַ זון רופט מען אים מענדל קריסט. איך בעט אײַך זייער, פרעגט מיך נישט פון וואַנעט אַזאַ טשודנער נאָמען. איך אַליין האָב געגוג נאָכגעזוכט. נאָכגעפאָרשט, נאָכגעטראַכט, נאָכגעפרעגט זיך בײַ מענטשן, וואָס דאַרפן וויסן — און גאָר נישט איז דערפון אַרויסגעקומען. כ'האָב אַפילו איין מאָל געהאַט אומזיסטיקן עגמת נפש צוליב מײַן פאָרשונג פון דעם מקור פון דעם טשעקאַוון נאָמען. עס איז מיר אײַנגעפאַלן צו פרעגן, נישט קיין אַנדערן, נאָר מײַן טאַטן, פאַר וואָס מע רופט דעם ייִדן מענדל קריסט. דער טאַטע האָט מיך באַטראַכט מיט אַ קוים באַמערקלעכן איראָנישן שמייכל, און אַן אַ פּיצל כעס דווקא מיר געענטפערט בזה הלשון: „פאַר וואָס מע רופט אים מענדל קריסט, ווייס איך נישט. איך בין זיך משער, אַז נישט צוליב דעם, וואָס ער קען גאַנץ ש"ס אויף אויסווייניק... נאָר זאָג מיר, מײַן קינד, אַלע קשיות פון די לימודים פון הײַנטיקער וואָך האָסטו שוין פאַרענטפערט, נאָר די איינע קשיה איז געבליבן הענגען אין דער לופטן?..." נאַ, אָט — האָסטו דיר! וויפל מאָל איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט, נישט אָנצוהייבן זיך מיטן טאַטן און אַלע מאָל פאַרגעס איך...

מענדל קריסט איז אַ באַלעגאָלע מיט אַ שיינעם פאַיעטאָן. מיט אים צו פאָרן קאָסט געלט, עס איז אָבער ווערט, ווײַל פאַיעטאָנען האָבן רעסאָרן און זיי טרייס־לען נישט אַרויס די קישקעס. די שאַרגאָראָדער באַלעגאָלעס זאָגן אויף אים, אַז ער מאַכט שטיקער גאָלד. נו, זײַן געלט האָב איך נישט געציילט. עס קען זײַן, אַז עס איז אמת. און עס קען זיך גראָד מאַכן אַז עס איז נישט אין גאַנצן אמת. דערפאַר האָט ער אַ צוגאָב־פּרנסה, וואָס דאָרטן איז טאַקע כולו ריוח... זײַן ווײַב

מאַכט אַזאַ וווּנדער־זאַלב, וואָס עפּנט מכות און היילט אויס געשווירן איבער נאַכט. און אַזוי ווי בײַ ייִדן פעלט נישט קיין מכות, „זשובעט״ זי שטיקער גאָלד. פּאָר אַ קליין סלאָיִקל קריגט זי אַ האַלבן רובל. פון וואָס זי מאַכט די זאַלב איז אַ טיף־טיפער סוד... נאָר אויב איר וועט מיך פרעגן, וועל איך אײַך מגלה סוד זײַן. די זאַלב מאַכט זי פון — — — ציבעלעס. יאָ, ציבעלעס. ווי איר זעט מיך אַ ייִדן. פון וואַנעט ווייס איך דאָס? ס'איז אַ פּשוטער שכל, בײַם טײַך, וואָס איז נישט ווײַט פון מענדל קריסטס דירה, קענט איר יעדן מאָנטיק אין דער פרי געפינען אַ גאַנצן באַרג ציבעלע-שאָלעכץ. איך בין אַדורכגעגאַנגען אין מוח אַלע שכנים פון דעם געסל, איז קיין ברית, קיין חתונה אָדער אַן אַנדער שמחה דאָרטן נישט געווען שוין אַ שפּאָר ביסל יאָרן. און גלאַט ציבעלעס, עסן מענטשן מיט אַ מאָס, נישט קיין גאַנצע בערג. בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז די שאָלעכץ פון די ציבעלעס, איז דער שליסל צו דעם טיפן סוד, וועגן דער וווּנדער זאַלב...

## צוויי חנאס

צוויי שנײַדערס, צוויי חנאס. איינער אַ רויטער, (ווען מע רופט חנא דער רויטער), און איינער אַ שוואַרצער, (וועמען מע רופט חנא דער שוואַרצער), און כמעטביידע אויף דער זעלבער גאַס. חנא דער רויטער וווינט אין אַ שמאָלינקן זאַווולעק צווישן דער סקווערער קלויז און מענדל הערשס דירה, זײַן הײַזעלע איז טאַקע ווי צוגעקלעפּט צו מענדל הערשס דירה און לעבט עפּעס ווי אין יענערס זכות. חנא איז אַ גוטער שנײַדער און נייט פאַר אָפּגעקומענע פּריצים, פּאַר אַזעל־כע, וואָס אויפן שאַרגאָראָדער לשון רופט מען „פּאַניע בעז פּאַנטשאָכע״ (אַ פּריץ — הייסט עס — אָן זאָקן...). גראָד דער סאָרט פּריצים זײַנען גרויסע איבער־קלײַבערס. איר פאַרשטייט, זיי האָבן מורא, מע זאָל נישט חושד זײַן אַז זיי זײַנען יורדים, נישט קיין אמתע שליאַכטענע. פּוילישע פּריצים, דאַרפט איר וויסן, זײַ־נען כמעט אַלע בני מלכים, אויב נישט קיין געזעצלעכע, איז אויך קיין אומגליק נישט. (פּוילן האָט געהאַט אַ סך אייגענע מלכים און אין איר געשיכטע נישט ווייניק פרעמדע מלכים, און ווען מע זאָל זיי גלייבן, האָט נאַפּאָלעאָן בשעתו פאַרזאָרגט פּוילן מיט אייניקלעך, אַז עס זאָל זײַן גענוג און סטײַען עד סוף כל הדורות...). אָבער חנא דער רויטער איז זייער שנײַדער... עס איז אַלע ביידע דרײַ זאַכן אויף אַ מאָל. אי ער ווייסט, וואָס אַן אמתער פּריץ האָט ליב, אי ער באַרײַסט נישט. (כאָטש אַ ייִד אַ „מאָשעניק״ איז ער. עס זײַנען דען דאָ אַנדערע ייִדן?...). האָט ער דווקא אַ סך אַרבעט, אָט דער חנא, אָבער אַן אָרעמאַן איז ער אַ גרויסער... אַי, וועט איך דאָך פרעגן, היתכן? איז די מעשה, אַז אַלע די פּרײַ־

צימלעך נעמען אויף באַרג און קענען פּשוט נישט באַצאָלן. חנאס ווײַב, וואָס איז אַ פּראָסטע יידענע און ווייסט, אַז צו מאַכן שבת דאַרף מען האָבן מיט וואָס, שטייט און וואַרט בשעת אַזאַ פריץ קומט אָפּנעמען די אַרבעט, און זי איז ווי מע זאָגט „אויפן אויג״, כדי חנא זאָל נישט פאַרגעסן דעם עיקר, (ווײַל חנא, אַז מע לויבט זײַן אַרבעט, האָט אַ טבע צו פאַרגעסן, אַז מע דאַרף אויף שבת...). די יידענע דרייט זיך נעבעך אַרום, ווישט מכלומרשט די ניי־מאַשין, דעם גרויסן טיש, אַפילו דעם שפּיגל אין וועלכן דער פריץ באַטראַכט זיך. הענגט אויף די אַרבעט, וואָס וואַלגערט זיך אַרום אויף דער באַנק, הוסט אונטער צו ביסלעך, אָבער העלפן העלפט דאָס נישט אַ האָר... דער פריץ לויבט די אַרבעט, חנא האַלט אים אין איין דאַנקען, נאָר צו קיין תכלית קומט דאָס נישט. דער סוף איז, וואָס בײַם סאַמע, סאַמע סוף, ווען דער פריץ האַלט שוין בײַם אַרויסגיין, הייבט ער אָן זוכן אין אַלע קעשענעס און דערמאָנט זיך, יאָ, ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט פאַרגעסן מיטצונעמען געלט... „פּסיאַ קרעוו, אַ זיכרון אַ ביסל האָב איך דאָס... און קיין ווונדער איז דאָס נישט, אַז מע דאַרף האַלטן אַזוי פיל זאַכן אויפן קאָפּ... מאָרגן איז דער באַל בײַ גראַף באַניצקי. (אָט דער קאָסטיום, וואָס חנא האָט אים נאָר וואָס געמאַכט, איז דאָך טאַקע צו דעם באַל... נישט אַלעמען לאָדט מען צו בראַניצקיס בעלער...). אָבער חנא דאַרף זיך נישט זאָרגן. מאַנטיק כאָור הבוקר וועט ער אים צושיקן וואָס ער קומט מיט זײַן עקאָנאָם...״ דער אמת איז, אַז נישט מע האָט אים פאַרבעטן צו בראַניצקיס באַל, נישט ער האָט אַן אימעניע (אַ גוט) און דערימעך האָט ער אויך נישט קיין עקאָנאָם... נאָר וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס אַלץ, אַנטקעגן דעם, וואָס דער פריץ האָט אַזוי געלויבט זײַן אַרבעט?...

**
*

אַז דער פריץ איז שוין אויף יענער זײַט טיר, פאַלט מן הסתם די יידענע אָן אויף איר מאַן מיט אַן ירגזון: „אוי, געוואַלד חנא, וויפל איז דער שיעור? דו ווײַסט דען נישט, אַז ער וועט דיר נישט באַצאָלן? וואָסי, פאַר דער פאַראַיאָריקער אַרבעט, האָט ער דיר שוין באַצאָלט? (די יידענע האַלט קאָפּ...) חנא, מיט אַן אומ־שולדיקער, תמימותדיקער מינע אויפן פּנים און מיט כאַראַקטעריסטישער גוטס־קייט און איידלקייט ענטפערט איר בזה הלשון: „הערסטו, שרהקע, איך האָב געדענקט, אַז דו ביסט שוין געוואָרן אַ שטיקל מענטש און פאַרשטייסט אַזאַ פּשוטע זאַך, אַז דער פריץ טוט דאָס נישט צוליב שלעכטסקייט, אָדער חוצפּה... דו דענקסט, אַז ער האָט און וויל נישט באַצאָלן? דער פריץ האָט נעבעך נישט. פאַר־שטייסט, ער האָט נישט!״... נו, זאָגט אַליין, קען מען זיך אויסטענהן מיט אַזאַ ייִד? און אפשר קענט איר מיר דערקלערן, פון וואַנעט עס נעמט זיך אַזאַ גוטס־קייט, אַזאַ איידלקייט, בײַ אַ רויטן?

חנא ווייסט נאָר פון צוויי זאַכן: דאַוועגען און אַרבעטן. דאַוועגען דאַוונט ער

דווקא שטיל, נאָר מיט דער גרעסטער כוונה. די אויגן פאַרמאַכט און די ליפּן קוים וואָס זיי רירן זיך... און אַרבעטן אַרבעט ער לאַנגע, לאַנגע שעהען און באַגלייט די אַרבעט אויך מיט — — — תהילים זאָגן אויף אויסווייניק און שטיל אָן אַ ווערטער ווערלכן עס איז ניגון, אַזוי טאָג-אײַן, טאָג־אויס, יאָר־אײַן, יאָר-אויס, קיין אַנדערע אָדער גרעסערע תענוגים האָט ער נישט, חנא, און דאַרף זיי אפשר נישט. אָבער ווי פרום ער איז, חנא, אין גאַנצן פרײַ פון יצר הרע איז ער נישט. איין שוואַכקייט האָט ער יאָ, און דאָס איז וואָס ער האָט ליב צו הערן, ווי מע לויבט זײַן אַרבעט, דאָס איז שוין אַן אַרבעט פון דעם יצר הרע, און ווײַזט אויס זייער ווייניק מענטשן זײַנען פרײַ פון דעם. חנא ווייסט דאָס, חנא ווייסט, אַז פון דער הנאה, פון די לויבענישן, איז איין שפּאַן צו אַ גרעסערער עבירה, צו גאווה. נו, פאַרגיסט ער דערפאַר געגנוג הייסע טרערן בשעת ער קלאַפּט זיך אין האַרצן יום־כיפּור, זאָגנדיק „על חטא שחטאנו לפניך ביצר הרע"...

מיט חנאן צוזאַמען ווױנט און אַרבעט זײַן זון, וואָס איז נישט לאַנג גע-קומען פון אָדעס, אַ בלאַסער, זייער מאָגערער יונגערמאַן, אַ שטילער ווי אַ טויב. איך ווייס נישט צי האָט דער מענטש, זינט איך קען אים, ווען עס איז אויסגערעדט אַ וואָרט צו עמעצן... מע זאָגט יאַקבי אין שאַרגאָראָד, אַז דאָס שטילקייט זײַנס און דאָס זײַן פאַרשלאָסן אין זיך איז אים געקומען פון אַ גרויסער ליבע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט טראַגיש... נאָר אַזוי ווי קיין פּרטים ווייס איך נישט, קען איך די מעשה אַליין נישט איבערדערציילן. אָבער מיר רײַסט דאָס האַרץ אויף אים... איך פיל אים מיט... איך בין שוין אַ בחור פון אפשר עלף יאָר. איך ווייס שוין, וואָס אַן אומגליקלעכע ליבע איז... ציט מיך נישט פאַרן צונג — איך בעט אײַך. — נישט אַלץ לאָזט זיך גרינג דערציילן... כאָטש — מענטשן, וואָס ווייסן זאָגן, אַז ווען מע רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן ווערט גרינגער.

**
*

חנא דער שוואַרצער איז אויך אַ שנײַדער — ווי איר ווייסט שוין, נאָר פון אַן אַנדער סאָרט און שניט. אויב דער רויטער חנא, זעט אין זײַן שנײַדערײַ קונסט, איז דאָס פּאָעזיע (ווי די הײַנטיקע רופן אַזעלכע זאַכן). חנא דער שוואַרצער זעט אין זײַן אַרבעט בלויז מלאכה. (אַז איר ווילט קענט איר דאָס רופן פּראָזע). דאָס הייסט, אַ מיטל פון פּרנסה. אים אינטערעסירט נישט צו שטאַרק צי די הלבשה, וואָס ער נייט פאַר די „זאַזשיטאָטשנע" פּויערים (זײַן באַצייכענונג פאַר בעלי־גופים — וואָס מע האָט שפּעטער אַ נאָמען געגעבן „קולאַקעס") — „זיצט אַראָפּ פון זיי", צי נישט, אַבי זיי באַצאָלן גוט פאַר דער אַרבעט... נו, האָט ער טאַקע פּרנסה פאַר ווײַב און קינדער, גיט די קינדער אַ גוטע דערציִונג, האָט אַ שיינע צוויי זײַטיקע דירה, איינע פון פאָרנט אין וועלכער ער ווױנט אַליין און די

צווייטע, וואָס גייט אַרײַן אין זאַוווּלעק, וועלכע ער פאַרדינגט. איך געדענק נישט וויפל מיידלעך ער האָט, נאָר בחורים האָט ער צוויי, איינער, דער עלטערער, איז אַ פּריקאַזטשיק בײַ מרדכי העלפּנביין, וואָס האָט אַ גרויס טוך־געשעפט פאַר פּריצים בלויז אַ פּאָר שפּאַן פון דעם מאָנאַסטיר־פּלאַץ, מרדכי באַדינט מיט זײַן סחורה דעם סאַמע „צימעס" פון דעם סאָסנאָווקער פּריצנטום. מרדכי העלפּנביין איז אַ ייִד אַן עושר און זײַנע קינדער זײַנען אַלע אין געשעפט מיט אים, דער איינציקער אויסנאַם איז זײַן איידעם, וועלכער האַלט אַ ווײַן־געשעפט נעבן דער פּאָטשט, דער איינציקער לעגאַלער פון דעם סאָרט אין שאַרגאָראָד, וואָס מע רופט „רענסקאָוואָי פּאָגרעב", אין וועלכן מען פאַרקויפט אַלערליי ווײַנען און ליקערן פאַרחתמעטע אין פלעשער. קיין ייִדישע קונים האָט ער נישט, אין ווײַן געשעפט, ווײַל די אויסלענדישע ליקערן און ווײַנען זײַנען נישט פאַר ייִדישע בײַטלען, און חוץ דעם איז פאַראַן אַ חשד פון נסך. ייִדן אין שאַרגאָראָד באַציִען ווײַן פון דער נאָענטער בעסאַראַביע, וואָס זײַנען אי כשר, אי מע קויפט נישט קיין קאַץ אין אַ זאַק...

חנא דער שוואַרצער האָט אויך אַ ייִנגערן בחור, בערל הייסט ער, וואָס איז אין מײַנע יאָרן און איז אַ ייִנגל מיט אָפענע אויערן און פאַרחידושטע אויגן. אַלץ וואָס בערל זעט איז אַ וווּנדער. בערל ווערט באַגײַסטערט פון יעדע זאַך, וואָס איז אַנדערש, ווי בײַ זײַן טאַטן אין שטוב. ער איז נישט בלויז אַ באַאָבאַכטער, נאָר טאַקע אַ גוטער דערציילער. ער האָט ליב צו דערציילן און איבערדערציילן מעשׂהס פון זײַן פעטער שמעון, וועלכער איז, לויט בערלס אָפּשאַצונג — נאָך מרדכי העלפּנביין, דער רײַכסטער ייִד אין שטאָט, דער גרעסטער קצב, וואָס בלויז ווען ער טוט אַ קוק אויף אַ לעבעדיקער בהמה, ווייסט ער צי זי וועט זײַן כשר, צי טריף. אָבער צום ליבסטן האָט בערל צו דערציילן וועגן זײַן ברודער יאָסלען, וואָס איז, לויט בערלען, דער סאַמע „זײַל" אויף וועלכן עס האַלטן זיך אַלע געשעפטן פון מרדכי העלפּנביין... בערל חלילה איז נישט קיין ליגנער, נאָר ער איז אַ ייִנגל, וואָס האָט פאַנטאַזיע, אָדער ווי מע רופט דאָס הײַנטיקע צײַטן, פאַרשטעלונגס-קראַפט.

אָט דער בערל איז געוועזן אַ גוטער חבר און אַ פעלזנפעסטער יאָט, ביז ער איז אויך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין די מאַנופאַקטורנע געשעפטן נעבן זײַן ברודער יאָסלען, און שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע.

**
*

אין אַ געוויסן פרײַטיק בײַ טאָג, האָט זיך איבער שטאָט פאַרשפּרייט די טרויעריקע נײַעס, אַז יחיאל קרופּניק, מרדכי שמשס זון איז „סקאָראָפּאָסטיזשנע" (פּלוצעם) געשטאָרבן. די זאַך איז געווען אַזוי אומגלויבלעך, אַז ממש גאַנץ שטאָט איז געלאָפן אין דער שול־גאַס ווו יחיאל האָט געוווינט אין קרעסלס דירה, זיך צו

איבערצייגן, אַז עס איז טאַקע אמת... עס איז געווען אַזוי אומגלויבלעך, ווייל יחיאל איז געווען אַ יונגערמאַן פון נישט קיין גאַנצע פערציק. אַ געזונטער מענטש, קיין מאָל אויף קיין זאַך זיך נישט באַקלאָגט, קיין מאָל צו קיין דאָקטער נישט געדאַרפט גיין. אַ לעבעדיקער, אַ פריילעכער, אַ גוטער לערנער, אַ מענטש מיט אַ שפּאָר ביסל מאָדערנעם וויסן, אַ בוכהאַלטער ביי הערשל מעניעס אין קראָם, אַ רעס־פּעקטירטער אין שטאָט, מיט אַ גוטער, גרינגער און שיינער פּרנסה. אַלץ זאַכן פאַר וואָס עס לוינט זיך צו לעבן, געהאַט האָט ער מיט זיין ווייב צוויי יינגלעך גאַנץ ווילע און בעיקר גוטע קינדער. ער, יחיאל אַליין, איז אויך געווען זייער אַ גוטער (כאָטש אַלע האָבן זיך געחידושט ווי עס קומט צו דעם בייזן, שטרענגן מרדכי שמש אַזאַ גוטהאַרציקער זון...). פאַרדינט האָט יחיאל גענוג און געהאַט אַ פיינעם אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל.

אַנדערע יידן, זיינס גלייכן, האָבן זייער קאַפּיטאַל אַוועקגעגעבן אויף „וואַ־כערס״, געוואָרן פּיאַווקעס פון אָרעמאַנסקע בלוט... יחיאל איז אָבער נישט געווען פון דעם מאַטעריאַל, פון וואָס עס ווערט אַ בלוטדורשטיקער פּראָצענטניק. האָט ער זיינע אָפּשפּאָרונגען געהאַלטן אין „זיכערע הענט״, ביי באַגלייבטע באַלעבאַטישע מענטשן, וואָס דער פּראָצענט איז טאַקע אַ קליינער, אַ געזעצלעכער, דערפאַר אָבער קען מען שלאָפן ביי נאַכט. דעם גרעסטן טייל פון זיין קאַפּיטאַל, האָט ער געהאַט ביי נחום ק. דאָס געלט האָט ער דעם לעצטן געגעבן, ווען יענער האָט זיך אַריינגעקליבן אין אַ נייער דירה און פאַרגרעסערט זיינע געשעפטן.

און ווייל עס איז געווען פריטיק ביי טאָג האָבן זיך יידן געאיילט מיט דער לוויה, כדי מע זאָל נישט אַריין אין שבת. דער גרעסטער מתותן אויף דער לוויה איז טאַקע געווען דער אויבן דערמאָנטער נחום ק. פאַרט, ווי זאָגט איר, אַ ייד, אַ פריינד. יחיאלס ווייב מיט די צוויי יינגלעך, זוזיע און נחמן, האָבן געוויינט, גע־קלאָגט און אַפילו געחלשט... און נחום ק. האָט זיי געהאַלטן אין איין וואָרענען, זיי זאָלן היטן אַלעמען, וואָס קומען אַריין אין שטוב, מיט „טויזנט אויגן״, ווייל אין אַזאַ צייט גנבעט מען... אָט די וואָרענונג, אַז אין אַזאַ צייט גנבעט מען, האָט נחום איבערגעחזרט איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל... ביז די אַלמנה נעבעך איז שוין געווען ברוגזלעך און אים געזאָגט, אַז: „קיין גרעסערע גניבה ווי צונעמען ביי איר דעם מאַן און ביי די קינדער זייער טאַטן, קען שוין צו זיי נישט טרעפן״... ער, נחום, פון זיין זייט, איז כלומרשט אין כעס געוואָרן און זיך באַליידיקט... זוזיע, אַ יינגל אַ גאָלד, האָט אים געוואָלט מפיס זיין, איבערבעטן, האָט ער אים אַריינגענומען אין אַ צווייטן צימער און זיך אַנט־שולדיקט פאַר דער מאַמען: „איר ווייסט דאָך, ר׳ נחום, אין אַזאַ צייט, די מאַמע איז נעבעך פאַרצווייפלט, זייט אויף איר נישט ברוגז. זאָגט מיר, וואָס צו טאָן, וועל איך דאָס טאָן״... „וואָס הייסט וואָס״? נעם און פאַרשליס אַלץ אין הויז, יעדע זאַך, יעדן אָפענעם פלאַץ, היינט איז אַ טאָג פון הפקר... נישט לאָזן קיין

שאַפע, קיין שופלאַד אָפּן״... דערווײַל האָט מען זוזיען אָוועקגערופן. עס איז געקומען די חברה קדישא, די חברה נושאי המיטה, די חברות תהילים־זאָגערס, משניות לערנערס, די תכריכים נייערינס. א״א. נו, נעמט זוזיע און וויל נחומען געבן די שליסלען, אַז ער אַלס פרײַנד זאָל אַלץ פאַרשליסן... נחום האָט זיך שטאַרק געקווענקלט, יאַקבי נישט געוואָלט אויף זיך נעמען אַזאַ אויפגאַבע, אַזאַ אַחריות... זוזיע האָט אים שטאַרק געדאַרפט בעטן ער זאָל נעמען די שליס־לען און קוים בײַ אים געפועלט... די שליסלען זײַנען שוין בײַ נחומען געווען ביז מע איז צוריקגעקומען פון דער לוויה. ער האָט אַלץ פאַרשלאָסן און גוט באַוואָרנט און אויך די טיר... מע איז אַוועק צו דער לוויה... פון הייליקן אָרט זײַנען די אבלים געקומען נישט אַהיים, נאָר צו מרדכי שמש, צו זײַן דאָרטן איבער שבת, ווען מע זיצט נישט קיין שבעה, וועט מען קענען שבת זאָגן קדיש אין דער סאַדיגורער קלויז און דערווײַל נישט לאָזן דעם אַלטן צעבראָכענעם מרדכין אַליין...

מען איז אָפּגעזעסן שבעה, איר ווייסט דאָך, מיט צרות אַפילו געוווינט מען זיך אויך... נאָענטע מענטשן האָבן געטרייסט די אַלמנה, מיט דעם ייִדישן גם זה לטובה... אַז עס האָט נאָך חלילה געקענט זײַן ערגער... וואָס טוט מען, אַז מע בלײַבט אַן אַלמנה און אָרעם ווי אַ צולאָג... אויף דעם האָט די אַלמנה גע־ענטפערט, אַז „אַן אַלמנה מיט אַ גאָלדענעם דאַך איז אַלץ אַן אַלמנה״... נחום ק. אַליין איז אויך געווען איינער פון די טרייסטערס...

נאָך שבעה זײַנען געקומען הערשל און מלכה מעניעס, ר׳ לייבושל זאַליאַז־ניק און נאָך אַ פּאָר נאָענטע פרײַנט און זיך געהאַלטן אַן עצה, וואָס צו טאָן מיט דער משפחה... נחום ק. איז אויך געווען איינער פון די פאַרזאַמלטע... הערשל מעניעס האָט געזאָגט, אַז דאָס ערשטע דאַרף מען אויסגעפינען, וויפל געלט עס איז געבליבן פון יחיאלן און בײַ וועמען דאָס איז... אַז מע וועט וויסן דאָס אַלץ, וועט מען שוין אויך אפשר וויסן, וואָס צו טאָן... אַלע זײַנען געווען אײַנשטימיק מיט דער מיינונג און אַלע האָבן זיך ווי אָפּגערעדט, צו בעטן טאַקע אים אַליין הערשל מעניעס, אַז ער זאָל איבערקוקן די פּאַפּירן וואָס יחיאל האָט געלאָזט. אויף דעם איז הערשל מעניעס נישט אײַנגעגאַנגען. „איך בין אַ סוחר — האָט הערשל געזאָגט — נישט קיין בוכהאַלטער. ווען איך זאָל דאָס זײַן , וואָלט איך דאָך נישט געדאַרפט אָנשטעלן עמעצן אַנדערש, אַז ער זאָל דאָס טאָן פאַר מיר אין גע־שעפט... מײַן עצה איז, אַז חיים מינקאָוועצקי און שמעון דוד בלאָושטיין, צוויי ביז גאָר אָרנטלעכע מענטשן אין שאַרגאָראָד, זאָלן דורכפירן אָט די אויפגאַבע און זיי זאָלן אָפּגעבן אַ באַריכט דער משפחה״.

מע האָט גערופן מינקאָוועצקין און בלאָושטיינען, זיי געגעבן די שליסלען און זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. צו זייער צופרידנקייט, זײַנען די פּאַפּירן געווען אין דער גרעסטער אָרדענונג. נאָך אַלעמען איז דאָך יחיאל ע״ה

געווען אַ בוכהאַלטער, אַ ייִד פון ציפערן... אין באַזונדערע קאָנווערטן מיט אַ נאָמען אויפן סאַמע קאָנווערט, קלאָר געשריבן, זײַנען געבליבן נישט קיין חשבו־נות, נאָר וועקסלען, מיט דער דאַטע ווען ער האָט יענעם געגעבן די הלוואה, און יעדן חודש, איז צוגעשריבן געוואָרן דער פּראָצענט פאַרן חודש. בײַ אייני־קע נעמען, זײַנען געווען מער ווי איין וועקסל, נאָר אַלץ אַקוראַט, און אויף די וועקסלען, ווי שוין געזאָגט, איז געווען קורץ און קלאָר פאַרצייכנט סײַ דער קרן, סײַ דער פּראָצענט. קיין טעות האָט דאָ נישט געקענט זײַן... נחום ק. האָט אויך געהאַט אַזאַ קאָנווערט מיט זײַן נאָמען און אַ וועקסל (איינער) איז אויך דאָרט געווען פון אַן הלוואה, וואָס איז אַן ערך נישט לאַנג צוריק געמאַכט געוואָרן און דער פּראָצענט איז געווען צוליב דעם זייער אַ קליינער...

ווען די צוויי מענטשן, ווען מע האָט אַנפּאַרטרויט איבערצוקוקן און אויסצורעכענען וויפל און בײַ וועמען עס איז געבליבן יחיאלס קאַפּיטאַל האָבן אונטערגעצויגן דעם סך־הכל, האָבן זיי זיך איבערגעקוקט מיט שטוינונג. חיים מינקאָוועצקי, וואָס האָט גוט געקענט יחיאלן און געהאַט מער ווייניקער אַן אָנונג וועגן זײַן ווילשטאַנד, האָט געצויגן מיט די אַקסלען. עפּעס האָט דער חשבון נישט געשטימט מיט זײַן פאָרשטעלונג וועגן יחיאלס פאַרמעגן. עפּעס האָט זיך חיים דערמאָנט, אַז מיט אַ געוויסער צײַט צוריק האָט אים יחיאל גע־פרעגט, צי די סאָראָקערס (בײַ וועמען חיים איז געווען אַ בוכהאַלטער) וואָלטן אפשר געקענט נוצן אַ גרויסע סומע געלט, ווײַל מע האָט אים אָפּגעצאָלט אַ חוב און דאָס געלט ליגט און ברענגט גאָר נישט אַרײַן, ער וואָלט אַפילו מסכים געווען אויף זייער אַ קליינעם פּראָצענט, אַבי דאָס צו האָבן אין זיכערע הענט... חיים האָט זיך דווקא אָנגעפרעגט בײַ די סאָראָקערס, אָבער זיי האָבן גראָד צו יענער צײַט נישט געדאַרפט קיין געלט, נאָר די סומע וואָס יחיאל האָט דאַן אָנגעגעבן צו קענען לייען איין מענטשן, האָט זיך נישט געגראַמט מיט דעם סך־הכל פון דער גאַנצער ירושה...

אָבער אַלץ איז געווען גלאַט און קלאָר, וואָס קלאָרער קען נישט זײַן... ווײַל קיין ספּעציעלע ביכער האָט יחיאל נישט געפירט, און לויט זײַן מעטאָדע איז דאָס גאָר נישט נייטיק געווען.

ווען הערשל מעניעס האָט דערהערט דעם סך־הכל פון חשבון, האָט ער זיך געריסן בײַ די האָר. ער האָט זיך אויך עפּעס דערמאָנט... געווען איז דאָס מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען יחיאל האָט זיך מיט אים געהאַלטן אַן עצה, צי ער זאָל אַ געוויסן ייִדן אין שאַרגאָראָד געטרויען אַ גרויסע סומע געלט. הערשל האָט אים אָפּגערעדט דערפון, ווײַל ער האָט נישט געהאַלטן פון יענעם ייִד... דער ייִד האָט טאַקע אין אַ קורצער צײַט אַרום באַנקראָטירט... אָבער אויך יענע סומע פון עטלעכע יאָר צוריק, האָט זיך גאָר נישט געגראַמט מיטן סך-הכל...

בײַ אָט דער זיצונג איז נחום ק. נישט געווען. שמעון דוד בלאָושטיין, האָט זיך גענומען נאָכפרעגן צי די משפחה ווייסט אפשר פון אַנדערע ערטער ווו יחיאל האָט געהאַלטן דאָקומענטן און פּאַפּירן? דער ענטפער איז געווען „ניין"... מיט אַ מאָל איז שמעון דודן אײַנגעפאַלן אַ פרעג צו טאָן, ווער עס האָט גע־האַלטן די שליסלען נאָך יחיאלס טויט? און דאָ האָט זוזיע דערציילט די מעשה מיט נחומען, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואָרענען מע זאָל זיי נישט באַגנבענען, און ווי ער, זוזיע, האָט נחומען געגעבן די שליסלען ער זאָל אַלץ פאַרשליסן...

... עס איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר, וואָס עס האָט געטראָפן... אָבער איין זאַך איז וויסן, אַ צווייטע זאַך איז קענען באַווײַזן... באַשולדיקן עמעצן און דאָס נישט קענען באַווײַזן אין אַן אָפענעם געריכט, טראָגט מיט זיך געפאַרן... און שמעון-דוד איז געווען אַ געוויסנהאַפטער אַדוואָקאַט. מע האָט נחומען קיין זאַך נישט געקאָנט טאָן...

מיט דעם ביסל געלט וואָס עס איז געבליבן האָט מען באַלד עפּעס געמוזט טאָן, ווײַל זיך אַוועקזעצן עסן, וואָלט דאָס אויף לאַנג נישט געסטײַעט. זוזיע איז געווען אַ יונגער בחור. קיין פאַך האָט ער נישט געקענט. די מאַמע האָט די קינ־דער זייער ליב געהאַט און זיי אַלץ נאָכגעגעבן. האָט עמעצער אײַנגערעדט זוזיען, ער זאָל עפענען אין שאַרגאָראָד אַ „פּאָסודני־מאַגאַזין", אַ געשיר־געשעפט, פון גלאָזוואַרג און פּאָרצעלײַ, לאָמפּן און דאָס גלײַכן. זוזיע איז אַוועק קיין קאַמענאַ־בראָד, וואָלינער גובערניע, ווו עס האָט זיך געפונען איינע פון די גרעסטע גלאָז־וואַרג־פאַבריקן אין אונדזערע מקומות. די פאַבריק האָט געהערט צו איינעם פון די זוסמאַן־ברידער. איינער פון די גאָר ווייניקע יידן אין רוסלאַנד, וואָס האָט גע־טראָגן דעם טיטל „פּאָטאָמסטווענִי פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין" — אַן אייביקער ערן-בירגער... אָט דאָרט האָט מען זוזיען נאָראַיעט אַ יונגמאַן, וועלכער האָט גוט געקענט די גלאָזוואַרג־ און פּאָרצעלײַ־בראַנזשע, וואָס זאָל זוזיען אײַנאָרדענען, אים אויסלערנען דעם פאַך, און שפּעטער וועט זוזיע אַליין קענען פירן די גע-שעפטן...

דער פּלאַן איז אפשר נישט געווען קיין שלעכטער, נישט מער, דער בחור (לייזער, האָט ער געהייסן) האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַלערליי אַוואַנטורעס, אויפן געשעפט נישט אַכטונג געגעבן, „געלעבט אַ טאָג" אויף זוזיעס חשבון. זוזיע האָט אַזוי לאַנג געליטן פון אים, ביז ער האָט אים געמוזט משלח זײַן. אָבער עס איז שוין געווען צו-שפּעט... זוזיע האָט זיך אין יענער צײַט פאַרליבט אין טײַבעלען, אַ גוטע פּשוטע און אָרנטלעכע מיידל, און אַלע האָבן זיי געוווינט בײַ לאָזער אײַזנשטיין אין אַ טייל פון זײַן זייער גרויסער דירה. אין אַ צווייטער זײַט האָט געוווינט אונדזער אַן אַלטער באַקאַנטער — בעניע איציע-מינציעס — מיט זײַן שיינער ווײַב חיהקע און אַ גרויסער משפחה. אָט דער בעניע, האָט טאַקע זוזיען באַפרײַט פון זײַן „פּאָסודני"־געשעפט (איציע רוזמאַן האָט דאָס גערופן פּאָס־

קודנע געשעפט") און אים אויסגעלערנט קאַמאַשנמאַכערײַ. און דער וואָס איבער אונדז, וואָס איז דאָך אַן אבי־יתומים ודיין־אַלמנות, האָט זיי געהאָלפן. זיי האָבן געהאַט פּרנסה פון אָרנטלעכער אַרבעט. און ווען די רעוואָלוציע איז געקומען, איז זוזיע נישט געווען קיין דעקלאַסירטער, נאָר אַן אַרבעטער. איך דערמאָן אים מיט ליבע, ווײַל ער האָט געהאַט אַ וואַרעם האַרץ און איז געווען אַ געטרײַער חבר...

## „פּריוויליקע" שטריקלדרייערס

אַז היגטער דער באָד געפינט זיך דער ייִנגלשער גן־עדן, וואָס דינט ווי אַ שפּילפּלאַץ, בירזשע, קלוב, ספּאָרטפּלאַץ אאַ"וו. געדענקט איר מן־הסתם פון מײַנע פריִערדיקע באַשרײַבונגען. איך וויל אײַך איצט באַקענען מיט אַן אָפּצווײַג פון יענעם געבענטשטן ערטל, וואָס האָט אַ גרויסע צוצי:ונג־קראַפט פאַר ייִנגלעך מיט אַ סך ענערגיע, וועלכע דאַרפן זיך אויסלאָדן... איך האָף, אַז איר געדענקט נאָך אויך „פּרק מיטן הענטלס" קאַשע-מילעכל, וואָס ייִנגלעך דרייען דאָרטן די קאָרבע און באַצאָלן אַ פּירער פאַרן לאָזן דרייען... דאָס ערטל געפינט זיך צווישן דער באָד און, להבדיל אלף הבדלות, דער שול. אויך דאָ איז פאַראַן אַ רעדל צום דרייען. אַז מע וויל, קען מען אַפילו זאָגן — נישט קיין רעדל — נאָר אַ ראָד, אפשר פינף מאָל גרעסער פון פּרצעס רעדל. אַז מע האָט מזל, קען מען דאָס ראָד דרייען אָן אַ קאָפּיקע געלט צו באַצאָלן... די צרה איז נאָר, וואָס אַ ראָד איז עס אַ בן־יחיד, איינס. און ייִנגלעך, קיין בייז אויג זאָל זיי נישט שאַטן, אַזוי ווי שטערן אין הימל...

דאָס רעדל איז צוגעפּעסטיקט צו אַ הילצערנעם „סטאַנאָק" (געשטעל) אײַנגעוואָרצלט אין דער ערד. מיט דער הילף פון אָט דעם רעדל, אָבער אויב איר ווילט דאָס רופן — שפּינדל, מאַכט, אָדער דרייט דער שטריקלדרייער שטריק. שאַרגאָראָדער שטריק האָבן אַ שם אויף דער וועלט, און דער שטריקלדרייער אַרבעט — ווו בײַ גאָט אַ שיינער טאָג (ווען עס גייט אַ רעגן אָדער אַ שניי, קען מען נישט אַרבעטן, ווײַל אַלץ ווערט געטאָן אין דרויסן, אונטער גאָטס הימל) — פון כאור הבוקר ביז עס ווערט שטאָק-פינצטער. און כאָטש ער אַרבעט זייער שווער, דער שטריקלדרייער, און כאָטש די דרייער (אָן זיי, איז די גאַנצע פּראָדוקציע נישט ווערט קיין שמעק-טאַבאַק, ווי אין פּסוק שטייט, „אַז דײַן שטאַרקע האַנט נאָר וויל, שטייען אַלע רעדער שטיל"...). יאָ, כאָטש די דרייער קאָסטן נישט קיין פּרוטה, און שטאָט זאָגט אויף אים, דעם שטריקלדרייער מיין איך, אַז ער איז נישט קיין שטריקלדרייער, נאָר אַן אַפּטייקער... אַ באַרײַסער, הייסט עס — שטאַרבט דער ייִד דרײַ מאָל אין טאָג פאַר הונגער, אַ חוץ וועטשערע. מעגלעך, אַז עס איז דערפאַר, וואָס פון שטריקלעך קען מען אפשר „באַקן אַ קוגל", —

ווי איציע רוזמאַן זאָגט... נאָר מפרנס זײַן אַ פולע שטוב מיט פּעמפּעקעס, מיט קינדער — איז שוין אַן אַנדער מעשה. בײַ דעם יידן האָט זיך עפּעס אַרײַנגעכאַפּט די מזל־ברכה אין קינדער. אפשר דערפאַר, וואָס ער ציילט זיי נישט?... ווען איר ציט זיך אויס, וועט אײַך דער שטריקלדרייער נישט זאָגן, וויפל קינדער ער האָט. ער האָט פּאַרטיקע ענטפערס אויף אַזעלכע פראַגעס. איז ער אין אַ גוטער לוינע, זאָגט ער אײַך, אַז ער ציילט זיי נישט, ווײַל ווען מע ציילט נישט, — זאָגן קלוגע מענטשן — גייט אַרײַן די ברכה... נאָר אַז איר טרעפט אים אַן אין אַ שלעכטער שטימונג (און אַזעלכע האָט ער, נעבעך, איבער געגוג, ווי, למשל, אַז דאָס ווײַב קומט־אַרויס צו אים דאַנערשטיק און בעט בײַ אים אויף שבת, אָדער ווען די יינגלעך דערקוטשען אים שטאַרק...), טוט ער זיך אַ זאָג־אָפּ: „אפשר וואָלט גע־ווען אַ פּלאַן, אַז איר זאָלט זיך ציילן די ציין אין מויל?"... אָט אַזאַ ייד איז ער, דער דאָזיקער שטריקלדרייער. אַנהייבן זיך מיט אים, ווילן נישט די שאַרגאָראָ־דער יידן, ווײַל ער איז אַ ייד אַ גבר, מן־הסתם דערפאַר וואָס ער איז באַשטענדיק אין דרויסן, אויף דער פרישער לופט, — אַזוי זאָגן מענטשן... כאָטש גאָט ווייסט, ווי אַזוי מע קען דעם ריח־ניחוח פון יענעם פּלעצל אָנרופן „פרישע לופט"... איך אַליין גלייב, אַז זיין גבורה נעמט זיך פון דעם, וואָס דער מענטש מאַכט אַ גאַנצן טאָג „גימנאַסטיקע" מיט די הענט און מיט די פיס און מוז האָבן שטאַרקע „מוס־קולן"... איך בעט אײַך, זײַט נישט קיין „גאַזוילי־ווע", קריכט נישט אין דער גרגרת אַרײַן און פרעגט נישט בײַ מיר, ווי עס קומען צו מיר אַזעלכע ווערטער, ווי „גימנאַסטיקע" און „מוסקולן". איך מוז אײַך טאַקע דערציילן, אַז מע לערנט בײַ באַריס קלאַרפעלד, זאָגט ער אונדז, אַז אונדזערע טאַטעס וואָס גיבן פּעטש ווען מע פאַרזינדיקט זיך, און די מלמדים וואָס גיבן קלעפּ און קאַטעווען די יינגלעך, טוען דאָס נישט, ווײַל זיי האָבן כוח, ווײַל זיי זײַנען שטאַרקע... ווייסיכוואָס... די טאַטעס, — זאָגט ער — שלאָגן, ווײַל זיי האָבן זיך אײַנגערעדט, אַז יידישע קינ־דער מעג מען שלאָגן. ווײַל היות עס שטייט „כבד את אביך", וועט קיין קינד נישט אײַנפאַלן זיך נישט צו לאָזן שלאָגן... און די מלמדים זײַנען גלאַט גזלנים, און וואָס זיי קאָנען נישט באַווײַזן מיט די הענט — „דאָקאַזשען" זיי מיט אַ קאַנטשיק... אין דער אמתן זײַנען זיי חולשים, שוואַכלינגען, און זייערע „מוס־קולן" זײַנען בײַ זיי נישט „ראַזוויוואַיעט"*... נו, גוט, איצט ווייסט איר שוין פון וואַנען עס נעמען זיך בײַ מיר די ווערטער?...

דאָס האָבן אָבער בלויז די דערוואַקסענע מורא זיך מיט אים אָנצוהייבן. מיר, יינגלעך, האָבן פאַר דעם שטריקלדרייער לחלוטין קיין מורא נישט, אָבער טאַקע גאָר נישט... אָט דאָ אויף דעם פּלאַץ, זײַנען מיר די תקיפים, זײַנען מיר דער שטאַרקער צד. און שמייכלט נישט אַזוי, ווי איך זאָל אײַך דערציילן אויסגע־

---

* אַנטוויקלט.

טראַכטע באָבע-מעשׂהס... אַלץ וואָס איך דערצייל איז ראַיעל, דער אמתער אמת. נישט איך לייג צו, נישט איך נעם אַראָפּ. (טביהלע זייפמאַן, זאָגט אין אַזאַ פֿאַל: „זאַ טשטאָ קופּיל, זאַ טאָ פּראַדאַיו״ — פֿאַר וואָס געקויפֿט, פֿאַר דעם פֿאַרקויפֿט... ער לייגט נאָך צו דעם צו דאָס פֿײַנע ווערטל און „באַסטאַ״!).

אונדזער שטאַרקייט נעמט זיך פֿון — — — עקאָנאָמישע סיבות... איך זע שוין נאָך אַ מאָל ווי איר שמייכלט. איר טראַכט זיך: פֿון וואַנען ווייסט ער, דער מאָטל, פֿון אָט די ווערטער?... דאָס איז, זעט איר, אַ טיפֿער, טיפֿער סוד. און איך טאָר אים אײַך נישט אויסזאָגן. עס וועט נישט העלפֿן אײַער פֿרעגן און אַפֿילו נישט אײַער בעטן... ייִדן, וואָס איר זײַט! ווי קען איך אײַך גיין דערציילן, אַז איך האָב זיך אונטערגעהערט ווי קלאַראַ אײַזנשטיין האָט בחדרי-חדרים דער-קלערט אַ גאַנצער חברה באַלמעלאָכעס, אַז „אַלץ ווערט באַווירקט פֿון עקאָנאָמי-שע סיבות״... און איך וועל דאָס אײַך טאָקע נישט דערציילן, איר זאָלט מיך אָפּ-גילדן...

***

אַלזאָ, אונדזער גבֿורה, אונדזער כּוח מיט דעם שטריקלדרייער ליגט אין דעם, וואָס אָן אונדז קען ער קיין שטריק נישט מאַכן. מיר, ייִנגלעך, זײַנען דער גלאַוו-נער כּוח פֿון דער פּראָדוקציע. מיר דרייען דאָס רעדל. אַדרבה, זאָל ער פּרובירן מאַכן שטריק אָן אונדז... פֿאַרשטייט זיך, אַז ער מוז פֿון אונדז לײַדן. און גאָט ווייסט דעם אמת, אַז ער לײַדט פֿון אונדז ס׳גיהנום. איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז קיין חיבוט-הקבֿר וועט דער ייִד נישט שוין לײַדן... דערפֿאַר אָבער, אַז עס קומט צו אַרבעט, גיבן מיר אים דאָס בעסטע וואָס אין אונדז מיטן גאַנצן האַרצן (ווען מיר זאָלן אַרײַנלייגן אַזאַ התמדה אין דעם בלאַט גמרא וואָס מיר לערנען, וואָלט שלום גדליהס נישט געוואָרן גרוי און אַלט פֿאַר דער צײַט). צײַטנוויײַז „אוסערדסטווע-ווען* מיר שוין אַזוי, אַז דער ייִד איז שטאַרקער פֿון אײַזן, אַז ער האַלט עס אויס... נאָר כּדי איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך רייד חלילה תּרגום-לשון, מוז איך אײַך דאָ דערקלערן, ווי אַזוי די אַרבעט ווערט דאָרטן געטאָן, וועט איר אַליין פֿאַר-שטיין, אַז איך רייד נישט גלאַט אין דער וועלט-אַרײַן. דרייען שטריק איז נישט אַזאַ פּשוטע אַרבעט ווי אײַך קען זיך אויסדאַכטן. אָט, הערט זיך אָקערשט צו:

איר ווייסט שוין, אַז אָנהייבן הייבט זיך עס אָן מיט אַ „סטאַנאָק״ (געשטעל) וואָס האָט אויף זיך אַ רעדל. דאָס רעדל האָט אין זיך אַזעלכע שטעכערס, וואָס קוקן-אויס ווי אָן איבערגעקערטער „וואָפּראָסיטעלני זנאַק״ (פֿרעגצייכן). אויף די שטעכערס טשעפּעט דער שטריקלדרייער אָן אַ ביסל קליאַטשע, אַליין וויקלט ער אַרום זײַן גוף מיט אַ סך קליאַטשע. ווען איר קוקט אים דעמאָלט אָן, וואָלט איר

---

* טאָן מיט האַרץ.

געמיינט אַז ער איז אַ „טשוטשעלאַ" וואָס די פֿויערים שטעלן־אָן איבערצושרעקן די פֿייגל, וועלכע עסן־אויף די נאַסיניע פֿון די גערטנער... דער שטריקלדרייער שרײַט־אויס: „ראַז, דוואַ, טרי!" און אַז איר הייבט־אָן דרייען דאָס רעדל, הייבט אָן דער שטריקלדרייער צו גיין אויף צוריק, אַזוי ווי מע „גייט"־אויס שמונה־עשרה, און לאָזט נאָך פֿון דער קליאַטשע וואָס אויף זײַן גוף. די קליאַטשע הייבט זיך אָן פֿאַרוויקלען אין אַ שטריק. וואָס ווײַטער דער שטריקלדרייער גייט, אַלץ גרעסער ווערט דער פֿאַרוויקלטער, אויסגעפֿלאָכטענער שטריק. בעת ער גייט אויף צוריק, קאָנטראָלירט ער די גראָבקייט פֿון שטריק. דער קלענסטער טעות קען רויִנירן אַ טאָג אַרבעט, ווײַל דאָס דרייען מוז זיך גראַמען מיט דעם „קאָרמען" (האָדעווען) פֿון דער קליאַטשע אויף זײַן גוף, אַז נישט וועט דער שטריק זײַן דין אין איין אָרט און דיק אין אַן אַנדער אָרט. מקנא זײַן דעם שטריקלדרייער אויף זײַן גרינגער אַרבעט, דאַרפֿט איר נישט. פּרובירט נאָר אויסגיין שמונה־עשרה בלויז צען מאָל, וועט איר פֿאַרשטיין וואָס איך מיין (איך האָב עס פּרובירט און איר מעגט מיר גלייבן אויפֿן וואָרט, — מער ווי זיבן מאָל האָב איך נישט באַוויזן! עס איז מיר געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן און איך האָב געפֿילט „מליאָס־נע" אויפֿן האַרצן, צום ברעכן, אָדער חלשן). הײַנט שטעלט אײַך פֿאָר, אַז דער ייִד דאַרף גאַנצע טעג אויסגיין שמונה־עשרה, אָן אַן עק און אָן אַ סוף. אַזוי הײַנט, אַזוי נעכטן, און אַזוי מאָרגן... טאָג־אײַן, טאָג־אויס, יאָר־אײַן, יאָר־אויס, וועט איר ערשט פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַ קאַטאָרגע דאָס איז. נאָר דאָס אַליין איז נאָך אַ האַלבע צרה. ערגער פֿון דעם אויסגיין שמונה־עשרה איז דאָס, וואָס פֿון זײַנע אומזיסטע אַרויסהעלפֿערס האָט ער אויך נישט קיין צופֿיל נחת... נישט אַלע ייִנגלעך דרייען דאָס רעדל בהדרגה, אַזוי, אַז ער זאָל זיך קענען צופּאַסן צו דעם מיט זײַן אויסגיין שמונה־עשרה... פֿאַראַן ייִנגלעך, וואָס האָבן הנאה פֿון דרייען דאָס רעדל פּאַמעלעך און פֿון יעדן דריי האָבן זיי, ווײַזט־אויס, הנאה — האָבן זיי צײַט! פֿון אַזאַ דרייען קומט־אַרויס אַ שלאַבערדיקער שטריק, וואָס אַז מע זאָל אַרײַנשטעקן אַ פֿינגער אין זײַנע געדערים, וועט ער זיך צעפֿאַלן אויף קליאַטשע־שטויב. טויג דאָס נישט, פֿאַרשטייט זיך... מיינט איר דאָך, אַז אַזאַ ייִנגל, ווי יאָסע־לע ישׂראל־פֿאַריקמאַכערס, וואָס איז גראָד אַ שנעלער בעל־מלאכה, ווײַל ער דאַרף אויסלאָדן די גבֿורה (די הײַנטיקע זאָגן — „ענערגיע"), וועלכע האָט זיך בײַ אים אָנגעזאַמלט פֿון עסן נאָווענטלעך — טויג יאָ? האָט איר אויך אַ טעות. ווײַל, אַז דאָס ספּריטנע יאָסעלע הייבט־אָן דרייען דאָס רעדל בליץ־שנעל, אַזוי אַז מע זעט קוים אָן אַז אַ רעדל דרייט זיך און מע קען גאָר מיינען, אַז אַ שטורעמווינט בלאָזט... מוז דער שטריקלדרייער שוין נישט אויסגיין, נאָר אויסלויפֿן שמונה־עשרה. און אויב איר האָט אַ מאָל פּרובירט לויפֿן אויף צוריק, וועט איר וויסן דעם טעם פֿון דעם אָרעמען ייִדן... און פֿאַרגעסט נישט אַז יאָסעלע איז נישט דער אײנציקער שטאַרקער בחורל אין שאַרגאָראָד. אמת, ער איז אַ פּלאָם־פּײַער, ער

ברענט אַזוי ווי דער ווולקאַן „וועזווויוס“, וועגן וועלכן מיר לערנען בײַ באָריס קלאָרפעלד, אָבער די אַנדערע חברה, וואָס האָט ליב אַ שנעלן דריי צו טאָן דאָס רעדל, פעלט אויך גאָר נישט... און דאָס איז נאָך אַלץ נישט דאָס ערגסטע. מאָלט אײַך אויס, אַז מיט דער וואָלונטיר — עס הייסט, מיט דער פרײַוויליקער אַרבעט, איז נישט מעגלעך אײַנצוטיילן אַלע יינגלעך וואָס רײַסן זיך צו די עליות. און בײַ יעדן מאָל אָנהייבן די אַרבעט אויף ס׳נײַ, וואָס דאָס מיינט אַן ערך יעדע האַלבע שעה, הייבן זיך אָן די רײַסענישן איבער דעם כיבוד־העבודה, אָדער כיבוש־העבודה. גלייבט מיר אויפן וואָרט, אַז די אמתע מלחמות אויפן שלאַכטפעלד זײַנען אין קיין פּרט נישט מער גזלניש, ווי עס זײַנען די מלחמות איבערן רעדל. אַ צעדראַפּעט פּנים, אַ צעבײַלטער שטערן, אַן אויסגעריסענע פּאה, אונטערגעשלאָגענע אויגן, אַ געשוואָלענע באַק, אַפילו אַ מאָל אַן אויסגעהאַקטער צאָן — זײַנען אַ וואָכעדיקער גאַנג. פיל ערגער איז אַ צעריסענע רובאַשקע, אָדער אַ צעפליקטע פּאָר תחתונים. נאָר דאָס ערגסטע שבערגסטע איז אַ פאַרלוירן היטל, עס הייסט, אַ היטל וואָס אָט איז דאָס געווען אַ היטל ווי אַלע היטלען און אָט איז דאָס אַרויפגעפלויגן אויפן סאַמע מיטן דאַך פון דעם מרחץ, אָדער אַז גאָט העלפט — איז אויפן דאַך, להבדיל, פון דער גרויסער שול, און איר וועט דאַרפן וואַרטן, ביז מיר וועלן דערלעבן שמחת־תורה, ווען שײַע־סטאָליער מיט זײַנע בנים און בני־בנים גייען־אַרויף אַהין צו וואַרפן עפּעלעך, און אויב איר וועט זוכה זײַן בײַ גאָט און איינער פון שײַעס משפחה וועט דאָרטן דערקענען אײַער היטל און דאָס אײַך אָפּגעבן, אָדער אַראָפּוואַרפן מיט די עפּעלעך — וועט איר אַוודאַי זײַן אַ בר־מזל. דאָרטן איז, ברוך־השם, אַ פעלד מיט אַלערליי היטלען וואָס זײַנען „אַרויפגעפאַלן“ אין דער מלחמה פון די רעדלדרייערס.... איז כאָטש דער שטריקלדרייער טענהט, אַז ער מישט זיך נישט אין די עליות, ער איז נייטראַל — לאָזט חברה אויס צו אים איר האַרץ און טוען אים אָפּ אַלערליי שטוקעס און „פּאַקאָסטן“, אַז מע קען פון זיי קריגן אַ „פּאָפּלעקציע“ (אַ פּאָפּלעקסיע). מע קען הײַנטיקע צײַטן נישט זײַן נייטראַל... אמת, די יינגלעך אַליין האָבן אויך זייער ערך אויסקומעניש, ווען זיי קומען אַהיים צו זייערע עלטערן... שאַט! אפשר ווייסט איר אַ גוטן תירוץ פאַר דער מאַמען, וועלכע וויל וויסן איין זאַך, וויל זי: „אַז קיין פּאָגראָם איז הײַנט, ברוך־השם, אין שאַרגאָראָד נישט געווען, איז ווער האָט עס אײַך געמאַכט פאַר אַזאַ קדוש?“... יאָ, אויב איר ווייסט פון אַ גוטן, גלאַטן תירוץ פאַר דער מאַמען, דאַרפט איר זיך שוין וועגן פּרנסה נישט זאָרגן. די חברה דרייער (עס הייסט, יענע וואָס האָבן פאַרלוירן די שלאַכט און אַרויס בשן ועין) וועלן אײַך אָפּגילדן; זיי וועלן אײַך מאַכן פאַר אַ ראָטשילד...

איז אָט אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט, בחינמדיקע הילף. גלייבט מיר, ווען איר זאָלט זען דעם שטריקלדרייער, וועמען אַ „פאַרביטערטע נשמה“ פון יענע וואָס האָבן נאָר-וואָס פאַרלוירן די מלחמה, האָט אים אַן אומדערוואַרטן טורקע

געטאָן אין אויער אַרײַן, וועלכער האָט זיך פּאַר שרעק אָוועקגעזעצט אויף דער ערד, זיך פאַרפּלאָנטערט אין דער קליאַטשע, קען זיך נישט אויספּלאָנטערן און דערפּאַר נישט אויפשטעלן, און חברה מאַכט דעם גרעסטן „הוראַ” וואָס איר האָט ווען עס איז געהערט, — וואָלט איך קלאָר געוואָרן פּאַר וואָס מיר זאָגן עס בעתן בענטשן מיט אַזאַ כוונה דעם „ונא אל תצריכנו אדושם אלקינו, לא לידי מתנת בשר ודם”... (גאָטעניו, זאָלסט אונדז אָפּהיטן פון מענטשלעכע געשאַנקען...).

נייך, נישטאָ וואָס מקנא צו זײַן דעם שטריקלדרייער. באַהיט זאָל מען ווערן פון ייִנגלשע בעלי־טובות... קיין גוטער ייִד זאָל זיי נישט קענען!...

## אַ „קלעזמער” אויף אַלע כלים...

הערט איר, עס קאָן זײַן, אַז שלמה המלך האָט טאַקע באמת פאַרשטאַנען די לשונות פון חיות און עופות. נאָך אַלעמען, וועלן דאָך אונדזערע הייליקע ספרים נישט אויסטראַכטן קיין זאַכן גלאַט אין דער וועלט־אַרײַן, אַזוי זיך... אָבער נאָכמאַכן ממש אַלע חיות און עופות: קרייען ווי דער בעסטער גאַלאַגאַנסקער האָן, דער אמתער האָן וואָס שפּאַצירט מיט גדלות אַרום אויפן הויף, וואָס איז דער „ליובאָווניק” פון אַלע הינער און זייער מושל — זאָל מיינען, אַז ער האָט אַרײַנגעקראָגן אַ „סאָפּערניק”, אַ קאָנקורענט און אים אַרומזוכן אין אַלע ווינקעלעך, גרייט אים דורש צו זײַן... גראַגערן ווי אַ גאַנער בײַם טײַך, ווען די קאַטשקעס שווימען און יעדע פּאָר מינוט בייגן זיי אָן די גראַציעזע קעפּלעך, ווי צו זאָגן „ברכו” אין וואַסער אַרײַן... האָלדערן ווי אַן אינדיק, בײַ מלכה מעניעס הינטערן קאַטוך סאַמע ערב פּסח, בשעת דאָרטן האָדעווען זיך און מאַקערייוע (מלכה־ריווע) „שטאָפּט” אַ פּאָר אינדעטשקעס אויף יום־טוב און זיי אַזוי צערייצן, אַז איינע זאָל דער אַנדערער אַרײַן אין די פּעדערן און רײַסן פון איר לעבעדיקע שטיקער פּאַר כעס... זיך אָוועקשטעלן בײַ בעניע סטאָליערס קעמערל בשעת מאַנקע די קו האָט מען אָוועקגעשיקט מיט דער טשערעדע אויף פּאַשע, און אין קעמערל פאַרשלאָסן בענקט רוזקע, דאָס קעלבל, נאָך איר מאַמען. מעקען פונקט אַזוי ווי מאַנקע טוט עס, ווען מע מעלקט זי, אַזוי אַז רוזקע, דאָס קעלבל, זאָל מיינען אַז איר סאַמע־ראָדנע מאַמע מעקעט פון יענער זײַט טיר, אָנהייבן טאַנצן און שפּרינגען אין איר תפיסהלע און לסוף אויפברעכן דאָס טירל... אָט די אַלע זאַכן האָט געקענט אַלטער וואַסערפירער... אָבער דאָס איז נישט אַלץ. אָט די אויסגערעכנטע זאַכן טוט אַלטער גלאַט, ווי שפּיצלעך. ווען עס טרעפט אין שולכל, ווו ער דאַוונט, אַז עס זײַנען פאַראַן אַ פּאָר יאָרצײַטן אין איין טאָג און מע נעמט אַן איבעריקן טרונק בראָנפן, שיכור ווערט ער טאַקע נישט, אַלטער, אָבער פריילעך — יאָ. און אַז מע איז פריילעך און עס איז גרינג אויפן האַרצן, טוט מען אָפּ שפּיצלעך, מאַכט

מען זיך נאַריש... אָבער אַלטערס כוח, זײַן כישוף, ליגט אין עפּעס אַנדערש... אַלטער איז אַ קינסטלער. אַלטערן האָט גאָט געגעבן אַ געשאַנק, אַ מתנה, וואָס זייער ווייניק מענטשן פאַרמאָגן. אַלטער איז אַ מענטשלעכער סאָלאָווײ. אַז אַל־טער צעלאָזט זיך שפּילן ווי אַ סאָלאָווײ, אָדער טריליען ווי אַ קאַנאַריק, שפּילן אויף אַ פידל, אויף אַ פלייט, אַפילו אויף אַ קלאַרנעט, טרומייטל, אָדער אויף אַ וועלכן אינסטרומענט איר ווילט נאָר אַליין, און אַלץ בלויז מיט זײַן אייגן מויל... קען ער אײַך פאַרכישופן. יאָ, יאָ, פאַרכישופן. ווײַל נישט נאָר קען ער נאָכשפּילן זאַכן וואָס ער האָט געהערט און קען זייער ניגון, זייער מאָטיוו. ער קען אויך שפּילן „רעטשיטאַטיוו״ (פון קאָפּ — אַזוי צו זאָגן, און אפשר פון האַרצן, ווער ווייסט?...). אַז בײַ אַלטערן צעשפּילט זיך די נגינה, קען ער איינער אַליין ווערן אַן אָרקעסטער, אַן איין מענטש־אָרקעסטער, און אויסשפּילן די ווונדערלעכע ניגונים, טרויעריקע, וואָס צערײַסן דאָס האַרץ און איר וועט זיך כאַפּן, אַז עס האָבן זיך בײַ אײַך געעפנט קוואַלן „פּאַטיאַלקעס״ פון הייסע, זודיקע טרערן... לאַגלען גאַנצע... און אויך פריילעכע, וואָס, ווי אין קינפּעט אײַערע פיס זאָלן נישט ליגן ווען עס קומט צום טאַנצן, וועט איר פון דעסט וועגן זיך צעלאָזן אין אַ קאַזאַצקע, אין אַ האָפּקע... די שאַרגאַראָדער קאַפּעליע, וואָס באַשטייט פון זייער גוטע, גע־שולטע קלעזמערס, באַוווּסטע אין גאַנצן ראַיאָן; קלעזמערס וואָס זײַנען שטאַרק מקפּיד אויף אַ פאַלשן טאָן, אַז אַלטער רײַסט זיך אַ מאָל אַרײַן אין זייער סאַמע מיטן און גיסט זיך צוזאַמען מיט זיי, האָבן נאָך קיין מאָל נישט פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ אינוואַזיע, ווײַל דער אַלטער שאַפט אַזאַ האַרמאָניע, אַזעלכע וואַריאַ־ציעס, אַז זיי אַליין, די קלעזמערס, ווערן פאַרכאַפּט פון אים... איר קענט אַ מאָל גאַנץ פרי הערן אַ הימלשן קאָנצערט: דאָס זינגט אַלטער שירה אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטן דאַכט זיך, אָבער אין דער אמתן איז זײַן כלי בלויז זײַן אייגן מויל... כוחו של אַלטער בפיו. אַלטער האָט בײַ קיינעם נישט געלערנט די קונסט פון שפּילן, קען נישט קיין נאָטן, ווייסט נישט קיין זאַך וואָס אַ קלעזמער דאַרף וויסן אויף צו קענען באַהערשן זײַן כלי... אַלטער קען קוים דאַווענען. נאָר ר' מאָטעלע טשערנאָבילער האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז אַלטער זאָגט שירה, פּראַלט ער אויף די שערי־רחמים, און האָט אָנגעזאָגט, מע זאָל אים קיין מאָל נישט בעטן ער זאָל שפּילן און נישט מע זאָל אים ווען עס איז אָפּשטעלן. מן־הסתם האָט ער, זכרונו־לברכה, געוווּסט, וואָס ער רעדט...

אַלטער איז אַן אָרעמאַן. ווי אַנדערש? איר האָט שוין געזען אַ מאָל אַ וואַסער־פירער אַ נגיד? אָבער מיט פייגע־צאָרטלען פאַר אַ ווײַב, איז ער שוין גאָר אַ נגיד... מחמת אָט די פּשוטע ייִדענע איז מיט אַלע מעלות, אַ באַלעבאָסטע אַ בריה איינע אין דער וועלט. זי קען פון גאָר נישט מאַכן דאָס געשמאַקסטע מאכל. און אַ ריינקייט הערשט אין איר אָרעם שטיבל, וואָס מען וואָלט געמעגט גיין אויף בילעטן עס אָנצוקוקן; אַפילו אין דרויסן קען מען דערשמעקן די ריינלעכקייט

פון שטוב... אַלטערן היט זי אָפּ ווי דאָס אויג אין קאָפּ. פּאַסט אויף אירע קינדער און פירט זיי אויפן דרך־הישר און זעט-צו, זיי זאָלן מקים זײַן די מצווה פון „כיבוד אָב". איינעם פון זיי קען איך גוט. מענדל, הייסט ער. איז אַ שנײַדער, האָט אַ פײַנע ווײַבל און אַפילו שוין צוויי קינדער אייגענע, נאָר טאַטע-מאַמען האַלט ער טײַער. פייגע־צאָרטלס חינוך האָט זיך גוט אָנגענומען... קינדער צו גאָט און צו לײַט...

צו דעם אַלעמען איז פייגע-צאָרטל אַ גבאיטע. איך נוץ דאָס וואָרט אין דעם רייננסטן און שענסטן זינען. סײַ די געבערס, סײַ די נעמערס, באַציִען זיך צו איר מיט דער גרעסטער ליבשאַפט, מיט דעם גרעסטן דרך־ארץ. אויף איר זאָגט מען אין שטאָט, אַז זי זוכט די נעמערס גיכער ווי די געבערס. פייגע־צאָרטל האָט אַן אַרויסהעלפעריןָ, דאָס איז איר שכנה ביילע די שמשטע (איזן, איז זי אַ טיקערין, נאָר מע רופט זי שמשטע, צוליב דרך־ארץ...). ביילע איז עלטער פון פייגע־צאָרטלען, נאָר די פרײַנדשאַפט צווישן זיי איז חוץ לדרך הטבע. בלויז מענטשן פאַרבונדן מיט גײַסטיקע פעדעם קענען אַרבעטן אין אַזאַ האַרמאָניע...

די דערציילונג „דער קאַנטאָניסט" האָט יאָרן לאַנג געוואַרט אויף איר תיקון.

עלטערע שאַרגאָראָדער ייִדן פלעגן דערציילן וועגן אַ קאַנטאָניסט, אַן אָפּשטאַמלינג פון מײַן היימשטאָט, וועמען מע האָט בימי ניקאָלײַ דעם ערשטנס ממשלה געכאַפּט און „אָפּגעגעבן" פאַר אַ סאָלדאַט ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד און אים אָפּגעשמדט, און וועלכער האָט אויף די עלטערע יאָרן זיך אומגעקערט צו זײַן פאָלק און שורש. ווי אַזוי ער איז קורץ פאַר זײַן פּטירה געקומען קיין שאַרגאָראָד צו זײַן ייִנגערן ברודער, זיך דערקענט צו אים, דערציילט אים זײַן לעבנס-געשיכטע און געלאָזט אַ צוואה, אַז נאָך זײַן טויט זאָל דער ברודער זאָגן נאָך אים קדיש און האַלטן זײַן יאָרצײַט.

בלויז איין פאַקט געדענק איך אַליין: ישׂראל־בער, זײַן ייִנגערער ברודער, וואָס איז שוין געווען אַ זקן קרוב צו הונדערט (ווען איך בין געווען אַ חדר־ייִנגל), פלעגט יעדן יאָר האַלטן זײַן ברודערס יאָרצײַט, לערנען משניות און פאַסטן...

יאָרן לאַנג האָט יענע טרויעריקע עפּאָכע פון כאַפּן קליינע ייִדישע קינדער פאַרן צאַרישן מיליטער און שמד, מיך געהאַלטן געשפּאַנט. ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך אָנגעשריבן די דערציילונג (בעלע־טריסטיש) געבויט בלויז אויף דעם פאַקט, וואָס איך האָב געהערט פון פאַרשיידענע עלטערע ייִדן. אָבער די פּרטים און דער דערצייל־נוסח זײַנען מײַנע אייגענע, אַט ווי אַזוי איך האָב זיך זיי פאָרגעשטעלט.

איך פּרעטענדיר נישט פאָרצושטעלן די דערציילונג פאַר די לייע־נערס ווי די אַנדערע דערציילונגען אין בוך, וואָס זײַנען מײַנע אייגענע זכרונות, די מערסטע פון וועלכע איך האָב אַליין מיטגעלעבט. איך האַלט אָבער די דערציילונג פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון בוך, ווײַל דער העלד פון איר איז געווען אַ שאַרגאָראָדער, אַ שטאָט, וואָס האָט, ווי אַנדערע ייִדישע ישובים, געליטן פון יענער ביטערער תקופה, פון אַלע אַכזריותן פון דער צאַרישער ממשלה און וואָס איז געבליבן אין פאָלקס געדעכע־ניש לדורות.

# דער קאַנטאָניסט

ישראל־בער איז געווען אַ שטילער מענטש, אַ שטיקל למדן, אַ סוחר מיט אַן אַלטער געמויערטער דירה, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פעסטונג אין מיטן שטאָט, אַ בכבודיקער באַלעבאָס און אַ פאַרמעגלעכער. נישט פירנדיק אַזעלכע גע־שעפטן, וואָס קענען אַ מאָל קומען אין קאָנפליקט מיטן געזעץ — האָט ער צו מאָל קיינעם פון „נאַטשאַלסטווע" נישט געקענט און נישט געבענקט נאָך זיי...

איז נעבן דעם שטילן ייִדס הויז האָט אין איינעם אַ טאָג זיך אָפּגעשטעלט אַ מלכותדיקע קאַרעטע, מיט אַ „לאָקיי". ווען די קאַרעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז דער לאָקיי אַראָפּגעשפרונגען פון דער קעלניע, אויפגעעפנט דאָס טירל, און פון דער קאַרעטע איז אַרויסגעקומען מיטן גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ פון אַ „פּאָנישן" שררה, אַ גרייז־גרויער מאַן, ווייַזט־אויס, אַ גענעראַל. דער לאָקיי איז געגאַנגען פאָרויס און דער גענעראַל נאָך אים. דער לאָקיי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר ,און ווען ישראל־בער האָט געעפנט די טיר און דערזען דעם שררה, איז ער געוואָרן טויט ווי אַ מת... דער גענעראַל האָט געהייסן דעם לאָקיי גיין, אים אָנגעזאָגט צו פאַרפאָרן אין אַן אַרייַנפאָר־הויז און נישט געוואַרט אויף קיין כבוד, זיך געלאָזט נאָכגיין דעם קוים אויף די פיס זיך האַלטנדיקן ישראל־בערן אין שטוב אַרייַן, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און אַ פרעג געטאָן:

— איז דייַן נאָמען ישראל־בער?

— יאָ, — האָט געענטפערט ישראל־בער.

— האָט דיין טאַטע געהייסן משה?

— יאָ, — האָט געענטפערט ישראל־בער.

— די מאַמע — גיטל?

— יאָ, — איז געקומען אַן ענטפער.

ישראל־בער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס פאַר פחד...

ביז אַהער האָט דער גענעראַל גערעדט רוסיש, נאָר נאָך דעם ווי ער האָט געקראָגן די ענטפערס, האָט ער זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען נעענטער צו ישראל־בערן, אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז און אים גענומען קושן... הייסע טרערן האָבן זיך געקייַקלט פון זייַנע אויגן און מיט אַ ציטערדיקער שטימע, ווי ער וואָלט זיך געוואַרגט מיט די ווערטער, האָט ער שוין אויף ייִדיש געזאָגט:

— ישראל־בער, איך בין דייַן עלטערער ברודער יענקל... מיט 70 יאָר צוריק

האָבן מיך די „כאַפּערס״ אַרויסגעריסן פון אונדזער משפּחה, מיך פאַרפירט אין טיף רוסלאַנד, געמאַכט מיך פאַר אַ סאָלדאַט און — — — אַ גוי...

ישראל־בער האָט געחלשט. מע האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט...

וועןביידע ברידער און ישראל־בערס ווייב האָבן זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט דער גענעראַל דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע, נאָך דעם ווי מע האָט אים פאַר־כאַפּט...

***

אין עלטער פון ניין יאָר האָט אַ „כאַפּער״ פאַרנאַרט דעם איצטיקן גענעראַל מיט צוקערקעס אויף זיין וועג פון חדר אַהיים. ווען ער האָט אים געבראַכט אין אַ פויערישער כאַטע הינטער דער שטאָט, האָט ער שוין דאָרטן געטראָפן נאָך עטלעכע חדר־יינגלעך, וועלכע האָבן שוין די צוקערקעס אויפגעגעסן און געוויינט, געטענהט אַז זיי ווילן גיין אַהיים... עפּעס אַ ייִד מיט אַ רויטער באָרד, האָט גע־סטראַשעט די יינגלעך, אַז אויב זיי וועלן באַלד נישט אויפהערן וויינען, וועט מען זיי אַלע בינדן און איבערלאָזן אַליין צווישן גויים, שקאָצימלעך און הינט.... און זיי נישט מיטנעמען אויפן גרויסן וואָגן מיט אמתע פערד אויף דער פריילעכער חתונה, ווו מע וועט עסן און טרינקען, ווי דער רבי דערציילט אין חדר פון דעם לוויתן און דעם שור־הבר און טרינקען פון דעם גוטן יין־המשומר, וואָס איז אָנ־געגרייט נאָר פאַר גוטע יינגלעך, וואָס מאַרדעווען זיך נישט... און היינט די קלעז־מערס, וואָס וועלן דאָרטן שפּילן, נאָך שענער ווי די לוויִם אין בית־המקדש... און אַליץ נאָך היינט ביינאַכט...

איינער פון די יינגלעך, אַ קרעפּטיקער און ספּריטנער, האָט וויַיזט־אויס נישט געגלייבט די מעשהס און זיך געלאָזט צו דער טיר. האָט אים דער ייִד מיט דער רויטער באָרד גלייך געכאַפּט און אים גענומען בינדן. גרינג איז דאָס אים נישט אָנגעקומען, אָבער סוף־כל־סוף איז ער אים בייגעקומען, האָט אים געבונדן און זיך אין דעם יינגל נוקם געווען פאַר דעם צעדראַפּעטן פּנים און דער צעפּליקטער באָרד...

נאָך דעם זעלבן אָוונט האָט מען די קינדער אַרויסגעפירט אויף אַ גרויסער פור פון שטאָט. נאָך דעם וואָגן זיינען אַ שטיק וועג נאָכגעלאָפן יידישע מאַמעס מיט גוואַלדן און געשרייען, מיט קללות און הרמות, אָבער די פערד זיינען געווען שנעלער און די וואַך — רייטנדיק אויף פערד — האָט אַפילו נאָענט נישט צוגע־לאָזן... און איצט, קרוב צו זיבעציק יאָר נאָך יענער נאַכט — שטיקט זיך דער גענעראַל מיט די ווערטער — קלינגען מיר נאָך אַליץ אין די אויערן דער מאַמעס קולות... איך האָב זי אין דער פינצטער נישט געזען. אָבער איר קול געדענק איך, ווי עס זאָל געווען זיין נעכטן...

מע האָט אונדז, ווי טויזנטער אַנדערע יידישע קינדער, פֿאַרפֿירט אין טיף רוסלאַנד, איינגעקוואַרטירט ביי פּויערים. יעדן טאָג געמושטירט און אונדז צו ביסלעך געלערנט די תורה פֿון סאָלדאַטשינע. נאָך דעם מושטירן האָבן מיר נאָך געדאַרפֿט העלפֿן די פּויערים אין זייער באַלעבאַטישקייט. פֿון יענע יאָרן, — האָט דערציילט דער גענעראַל — וועלכע זיינען געווען די מוראַדיקסטע אין מיין לעבן, געדענק איך בלויז דעם קאָשמאַר פֿון שלאָגן... געשלאָגן האָבן אַלע. דער „דיאַד־קאַ", וואָס האָט געלערנט סאָלדאַטשינע, דער באַלעבאָס, וואָס ביי אים האָט מען געוווינט, זיין ווייב, זיינע קינדער און ווער נישט?... און פֿאַר אַלץ האָט מען גע־שלאָגן. נאָר ערגער פֿון אַלץ האָט מען געשלאָגן פֿאַר זיך נישט וועלן שמדן... און וועגן דעם איז אָנגעגאַנגען אַ טאָג־טעגלעכער קאַמף, אַן אייביקער געראַנגל... אַ גאַנצע מדינה מיט איר שוואַרצער מאַכט אַנטקעגן צען, צוועלף־יאָריקע, אויס־געהונגערטע, עלנטע, אויסגעמאַטערטע און אויסגעמאָרעטע קינדער... די עלטערע קינדער איז זייער זעלטן געלונגען אָפּצושמדן... זיי פֿלעגן זיך ליבערשט לאָזן פֿאַרשמייסן צום טויט... די קלענערע אָבער, האָט מען אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים דאָך געבראָכן... איך בין געווען איינער פֿון זיי... איך קען זיך אַפֿילו נישט דער־מאָנען ריכטיק, ווען און ווי אַזוי זיי האָבן זייערס אויסגעפֿירט. איך געדענק נאָר, אַז עס האָט לאַנג געדויערט... איך קען זיך אויך דערמאָנען ווי אין אַ חלום, אַז דאָס קאַטעווען האָט זיי אין מיין פֿאַל נישט געהאָלפֿן, גיכער פֿון אַלץ איז געווען דאָס פֿאַרהונגערן צום טויט... איך געדענק, אַז מע האָט גאַנצע טעג קיין עסן נישט געגעבן... איך געדענק אויך, אַז איך האָב איין מאָל פֿאַר הונגער געגריזשעט קאָ־רע פֿון אַ בוים... דאָס סאַמע שמדן געדענק איך נישט, ווייזט־אויס, אַז ווען איך בין געווען אין אַ פֿאַרחלשטן צושטאַנד האָבן זיי זייערס דורכגעפֿירט...

— נאָך דעם שמדן, — האָט דער גענעראַל ווייטער דערציילט, — איז דאָס לעבן געוואָרן בלויז אויף אַזוי פֿיל גרינגער, אויף וויפֿל מע האָט זיך גוט גע־לערנט די זעלנערישע תורה. פֿאַר יענע קינדער וואָס „פּאָניעס" תורה איז זיי נישט גרינג אָנגעקומען, האָט דאָס שמדן זיך קיין זאַך נישט פֿאַרגרינגערט, מע האָט געשלאָגן פֿאַר דער קלענסטער קלייניקייט... גראָד האָב איך זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גאַנץ גוטער תלמיד. די מיליטערישע תורה האָט זיך מיר סיי אַלס קינד, סיי אַלס דערוואַקסענער זייער גרינג איינגעגעבן, און עס וואָלט מיר געווען גרינגער צו לעבן, האָבן מיך אָבער די ערשטע עטלעכע יאָר כסדר געמאַטערט בושה און חרטה אויפֿן שמד. יעדעס מאָל וואָס איך האָב געדאַרפֿט גיין אין צערק־ווע און נאָך מער — יעדעס מאָל, וואָס איך בין שוין געווען אין קלויסטער און געקניט פֿאַרן „געזאַלבטן", פֿלעגט זיך די מאַמע עליה השלום אַוועקשטעלן נעבן „אים", מיט די הענט פֿאַרדעקט די אויגן, פּונקט ווי איך האָב זי געדענקט, ווען זי פֿלעגט בענטשן ליכט... אָט די זעענישן האָבן אָנגעהאַלטן זייער אַ לאַנגע צייט. אָבער ווען איך בין געוואָרן אַ בחור פֿון אַכצן יאָר און עלטער, שוין טאַקע געווען

אין קאַזאַרמע און געוואַקסן אין דער מיליטערישער פּירערשאַפט און וויסן, האָבן די ווייטיקדיקע זכרונות אָנגעהויבן בלאַסער ווערן. אַמביציעס פון אַ קאַריערע האָבן מיך כמעט אין גאַנצן פאַרשלונגען...

— מיטן וואַקסן אַלס מיליטער־מענטש, מיטן שטודירן אין אַ מיליטערישער אַקאַדעמיע, האָבן זיך די זכרונות פון מײַן קינדהייט כמעט אין גאַנצן אויסגע־וועפּט. כ׳האָב אָנגעהויבן ווערן אַ טייל פון גאָר אַן אַנדער לעבן אין די העכערע געזעלשאַפטלעכע קרײַזן, מיט דער צײַט חתונה געהאַט מיט אַ גאַנץ פײַן מיידל פון „דוואָריאַנסקן״ שטאַנד, פאַרפירט אַ משפחה, ווילע קינדער, מיליטערישער רום, עקאָנאָמישער ווילשטאַנד. איז ווער האָט דאָס געקאָנט געדענקען דעם קאָשמאַר פון די קינדער יאָרן?... דער אמת איז, אַז איך האָב אַפילו אויף אַ צײַט פאַרגעסן דעם נאָמען פון אונדזער שטאָט, פון וועלכער איך שטאַם. די איינציקע זאַכן, וואָס איך האָב דעמאָלט נישט פאַרגעסן, זײַנען געווען די נעמען פון טאַטע־מאַמע עליהם השלום און דײַן נאָמען ישראל־בער... ווען מע האָט מיך פאַרנומען, ביסטו געווען אַ פּיצל קינד. און נאָך אַ זאַך האָב איך געדענקט, בלויז די צוויי ווערטער „שמע ישראל״. יאָ, אפשר זאָל איך דאָס אויך דערמאָנען: דורך מײַן גאַנץ לעבן, ווען איך פלעג אַ מאָל הערן אַ פרוי יאָמערן אויף אַן אומגליק, פלעגט ערגעץ טיף אין מיר אויפשווימען, זיך אָפּרופן דער מאַמעס קולות פון יענער נאַכט...

**
*

מײַן לעבן איז געלאָפן גלאַטיק. קיין גרויסע גײַסטיקע פּראָבלעמען האָב איך נישט געהאַט, אין קיין פּאָליטישע פראַגעס האָב איך זיך נישט אַרײַנגעלאָזט. מי־ליטעריש האָב איך זיך אַלע מאָל אויסגעצייכנט, געהאַלטן אין איין וואַקסן אין ראַנג, געקראָגן אָנערקענונג, מעדאַלן און אַזוי ווײַטער. אין מײַן באַציִונג צו מײַנע אונטערגעאָרדנטע בין איך געווען ליבעראַל. צו די זעלנערס, ספּעציעל צו די פּשוטע פויערישע זין, בין איך געווען מער אַ טאַטע ווי אַ ברוטאַלער טשינאָווניק. אמת, אַ טאַטע אַ שטרענגער, אָבער נישט קיין האַרצלאָזער, ווי עס איז געווען דער מנהג, אָדער כמעט אַ דין אין דער צאַרישער אַרמיי... מײַן מילדקייט צו די זעלנערס איז אָבער געווען אַ פּועל־יוצא פון מײַן נישט קענען און נישט וועלן פאַרגעסן די ערשטע עטלעכע יאָר פון מײַן אייגענער סאָלדאַטשינע... בשום אופן נישט צוליב פאַרטיפטע אידעאַלן, אָדער פּאָליטישע ווינטן, וואָס האָבן זיך שוין דאַן געלאָזט פילן אַפילו אין די קרײַזן אין וועלכע איך האָב פאַרקערט. די רע־וואָלוציאָנערע שטרעמונגען האָבן מיך נישט פאַרכאַפּט, עפּעס ווי אַן ענין וואָס האָט מיט מיר נישט צו טאָן. צו מײַנע פליכטן אַלס קריסט, האָב איך זיך באַצויגן ווי צו אַ רוטין. קיין גרויסער מאמין בין איך נישט געווען. געגאַנגען אין קלויס־טער, „געמאָליעט״ זיך האָב איך אָן באַגײַסטערונג. געפּראַוועט די קריסטלעכע

ימים־טובים האָב איך אָן ספּעציעלע איבערלעבונגען, אָבער אויך אָן ווידערווילן, אָן גײַסטיקע ראַנגלענישן. זעלטן ווען עס איז מיר אויסגעקומען זיך אָנצושטויסן אין מײַן דיוויזיע אין ספּעציפישע ייִדישע פּראָבלעמען. פּונקט ווי איך האָב נישט געדולדט קיין ברוטאַליטעטן אויף פויערישע זעלנערס, וואָלט איך נישט געדולדט קיין ייִדן־שנאה אין מײַנע אָפּטיילונגען. מיט ייִדן ווי אַזעלכע, אויסער דער מי־ליטערישער סביבה, איז מיר נישט אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען, ביז דער גרוי־סער קרימער מלחמה, ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך געצויגן צום פראָנט דורך פּאָדאָליע, בעסאַראַביע און רומעניע. מײַן דיוויזיע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער געגנט נישט ווײַט פון דער אַלט־רומענישער גרענעץ. מײַן שטאָב האָט זיך גע־פונען אין אַ ייִדיש שטעטל. איך בין שוין געווען אויפן שוועל פון די עלטערע יאָרן. האָט פּאַסירט אין איינעם אַ טאָג, האַרבסט־צײַט, איז געקומען צו מיר אַ ייִדישער דאָקטער אין ראַנג פון אַ פּאָלקאָווניק, וואָס האָט געדינט אין מײַן דיווי־זיע, מיט אַ מאָדנער בקשה, נעמלעך: אַז איך זאָל דערלויבן די ייִדישע סאָלדאַטן אין מײַן דיוויזיע צו זײַן פרײַ די ערשטע טעג פסח, כדי צו קענען גיין אין שול אַרײַן דאַוונען, און אויך צו די סדרים, וואָס די ייִדן פון שטעטל וועלן באַזאָרגן פאַר יעדן איינעם... דער דאָקטער האָט נישט געהאַט די קלענסטע אַנונג, אַז איך אַליין בין פון ייִדישן אָפּשטאַם און האָט פּרובירט מיר דערקלערן דעם באַדייט פון פסח און וואָס ער מיינט פאַר יעדן ייִד...

— איך גלייב, — האָט דער גענעראַל פאַרגעזעצט זײַן געשיכטע, — אַז דו וועסט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ ווירקונג דעם דאָקטערס בקשה האָט געהאַט אויף מיר... נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן פון אַבסאָלוטן פאַרגעסן און אָפּגעריסנקייט פון מײַן שטאַם, האָט אין איין רגע מײַן קינדהייט אַ שײַן געטאָן און זיך אָפּגערופן מיט גלײַכע זכרונות און האַרציקער בענקשאַפט... פון דעם דאָקטער האָב איך אויסגעפונען, אַז ער אַליין איז אײַנגעלאַדן צום רב צו די סדרים... עס פאַרשטייט זיך, אַז אַלע ייִדישע סאָלדאַטן האָבן באַקומען די דערלויבעניש צו זײַן פרײַ די ערשטע טעג פסח. צו מײַן און זייער גליק, האָבן מיר סײַ ווי געדאַרפט שטיין עט־לעכע טעג אין שטעטל און זייער „אָטפּוסק״* האָט פאַר מיר נישט געשאַפן קיין פּראָבלעמען... בײַ מיר אַליין און מיט זיך, האָב איך איבערגעלעבט אַ פּאָר טעג און בפרט נעכט, אין די גרעסטע גײַסטיקע יסורים... עס איז געווען נאָך צוויי טעג צו פסח. איך האָב קיין רו נישט געקענט געפינען אויף קיין איינציקער מי־נוט. בילדער פון טאַטע־מאַמע, פון רבין אין חדר, פון שבתים און ימים־טובים אין דער היים; בילדער פון דער גרויסער שול אין שטעטל. דעם נאָמען פון שטעטל האָב איך ווי אין גאַנצן פאַרגעסן... נאָך דעם ווי מע האָט אַ ייִדיש קינד אָפּגע־שמדט, פלעגט מען פאַרניכטן אַלע זײַנע דאָקומענטן אַלס ייִד, און אים דערקלערט

* אָפּלאָזן — באַפרײַען צײַטווײַליק.

פאַר אַ נײַ־געבוירענעם אונטער די פליגל פון דער נײַער אמונה. דעם נאָמען פון שטעטל האָב איך נאָך דעם, מיט יאָרן און יאָרן שפּעטער, זיך דערוווּסט. נאָך פיל פאַרשוואונגען און זוכונגען... אָבער די שול, ווי זי האָט אויסגעקוקט, האָט אויפגע־טויכט אין מײַן זכרון צוזאַמען מיט די געשטאַלטן פון קרובים, וועמענס נעמען איך האָב בשום אופן זיך דערמאָנען נישט געקאָנט. די בילדער און געשטאַלטן האָבן זיך אויסגעפורעמט אַזוי פריש און בולט, אַז מײַן האַרץ איז צעריסן גע־וואָרן אויף שטיקער און אָפּגעגאַנגען מיט בלוט...

—ערב פסח בײַ טאָג האָב איך געשיקט רופן דעם דאָקטער. און דאָס מאָל האָב איך געהאַט אַ בקשה צו אים... איך האָב פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל גיין צום רב און אים בעטן, ער זאָל מיר דערלויבן צו קומען צו אים צום סדר... דעם דער־שטוינטן דאָקטער האָב איך פאַרזיכערט, אַז דעם רב, אָדער די יידן פון שטעטל וועט חלילה קיין שלעכטס נישט געשען...

— עס פּירט זיך נישט, אַז סובאָרדינירטע אין דער אַרמיי, זאָלן פרעגן קשיות. דער דאָקטער, ווי ער האָט מיר שפּעטער דערציילט, האָט אָן באַגײַסטע־רונג אָנגענומען די שליחות; מורא געהאַט, אַז דער רב וועט זיך אָפּזאָגן און עס וועלן זײַן צרות... ער האָט זיך געוווּנדערט אויף מײַן מאָדנע בקשה. אָבער צו זײַן נאָך גרעסערער פאַרוווּנדערונג, האָט דער רב אים דערלויבט מיטצוברענגען דעם מאָדנעם אורח... ער האָט דאָס אַפילו באַגרינדעט מיטן „כל דיכפין ייתי ויאכול, כל דיצריך ייתי ויפסח״... עס מיינט, יעדער איינער קען קומען, נישט בלויז אַ ייד...

— ווען דער דאָקטער איז געקומען מיטן ענטפער, איז שוין געווען פאַר־נאַכטלעך. איך האָב זיך איבערגעטאָן אין ציווילע מלבושים. איך קען זיך נישט דערמאָנען אין מײַן גאַנצן באַוווּסטזיניקן לעבן — נישט אַפילו אין טאָג, ווען עס איז פאָרגעקומען די צערעמאָניע פון דערהויבן מיך צום ראַנג פון גענעראַל — אין אַן ענלעכער דערוואַרטונג, מיט אַזאַ האַרץ־פּלאַטער און נשמה־ציטער... מיר, דער דאָקטער און איך, זײַנען אַרײַנגעקומען אין דער מער ווי באַשיידענער דירה פון רב, בעת דער לעצטער איז נאָך געווען אין שול. דאָס יידישע לשון האָב איך שוין געהאַט כמעט אין גאַנצן פאַרגעסן... די יום־טובדיקייט, די ליכטיקייט, די זויבערקייט האָבן אַרויסגעשײַנט פון יעדן ווינקעלע. די רביצין איז נאָך אויך גע־ווען אין שול. אין שטוב האָבן מיר געטראָפן צוויי יונגע מיידלעך, דעם רבס טעכטער, אמתע יידישע שיינהייטן, צניעותדיקע קינדער, וואָס האָבן, ווײַזט־אויס, געוווּסט וועגן אונדזער קומען, און מיט עכט יידישער באַשיידנקייט געענטפערט אויף פראַגעס, אָבער געטאָן אַלץ צו לאָזן אונדז זיך פילן באַקוועם... דער סדר־טיש האָט געפינקלט מיט אַלע חנען, וואָס אַ יידישער סדר־טיש האָט, מאַכנדיק כאָטש אין די געציילטע יום־טוב־טעג דעם אַלע מאָל גערודפטן און פאַרשקלאַפטן ייד זיך צו פילן ווי אַ פרײַער מענטש...

— מיטן אָנקומען פון רב און זײַן פרוי פון שול, איז געוואַקסן אין מיר מײַן אַנגסטלעכע דערוואַרטונג. איך האָב געקענט, נישט בלויז פילן, נאָר ממש הערן דאָס געקלאַפּ אין מײַן האַרץ... דער רב האָט זיך באַגריסט מיט אונדז אויף רוסיש. פאַר מיר איז דאָס געווען אַן אַנטדעקונג. ווײַל אין זעלטענע פאַלן, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אין ייִדן, האָב איך געטראַכט, אַז ייִדן, ספּעציעל זייערע גײַסטיקע פירערס, זײַנען אין גאַנצן איזאָלירט פון דעם אַלגעמיינעם לעבן אין לאַנד... געווען איז דער רב אַ מיטל־יאָריקער מענטש מיט דעם אויסזען פון אַ הייליקן. זײַן גוטסקייט און באַשיידנקייט האָבן אַראָפּגעשײַנט, ממש אַרויסגעזונגען פון זײַן פּנים...

— מיר האָבן זיך געזעצט צום סדר... דער רב אויף אַ היסב־בעט, ווי דער מנהג איז; די רביצין בײַ זײַן זײַט; די צוויי מיידלעך אויף איר זײַט טיש. אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען איז געזעסן נעבן רב אויף דער צווייטער זײַט טיש. מיר, דיביידע געסט, אויף דער זעלבער זײַט נעבן ייִנגל. דער רב, אָנגעטאָן אין אַ בלענדיק ווײַסן קיטל, האָט געבעטן דעם דאָקטער, ער זאָל מיר אַלץ דערקלערן, וואָס מע וועט זאָגן אין דער הגדה, אַזוי, אַז איך זאָל פאַרשטיין די באַדײַטונג פון דער סדר־צערעמאָניע — און זיך גענומען אָפּריכטן דעם סדר.

— יעדער איינער און איינע פון די באַטייליקטע אין סדר, האָט באַקומען אַ הגדה. מיר האָט מען אויך געגעבן איינע. איך האָב געכאַפּט אַ קוק אויף די פּירעקיקע אותיות און עפּעס האָט מיך אָנגעהויבן וואַרגן אין האַלדז... איך האָב קיין איין וואָרט נישט געקענט איבערלייענען. נאָר ווען דער רב האָט געמאַכט קידוש, האָב איך דערקענט דעם ניגון און במחשבה אַ פלי געטאָן צום טאַטנס טיש. איך, אַ ייִנגעלע, האָב דאָך אויך געקענט אָט די „מאָליטווע״* און דעם ניגון אויף אויסווייניק...

איך קוק אויפן רב און הער דעם טאַטן. איך הער זיך צו צו דער רביצינס שעפּטשען און זע און הער די מאַמען... און אָט וואַשט דער רב די הענט, הייבט־אויף דאָס זעקעלע מיט מצות און זאָגט נאָך אַ „מאָליטווע״... נאָך אַ מאָל שטייט דער טאַטע מיר פאַר די אויגן... איך מאַך אַן איבערמענטשלעכן אָנשטרענג זיך צו קאָנטראָלירן... איך פיל, איך ווער דערשטיקט פון אַנגסטן... און מיט אַ מאָל הייבט דעם רבס ייִנגעלע אָן צו פרעגן די קשיות... גאָטעניו, דאָס בין איך דאָך אַליין מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק. דאָס פרעג איך דאָך די „וואָפּראָסן״** בײַ מײַן טאַטן... קוואַלן פון טרערן האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן פון מײַנע אויגן... איך האָב מער קיינעם פון די באַטייליקטע פון סדר נישט געזען און נישט געהערט, נאָר בילדער פון יענע יאָרן און יענע מענטשן. איך בין אַרײַן אין אַ היסטערישן צושטאַנד... איך האָב מן־הסתם געשריגן, צי הויך געוויינט... ווען איך האָב זיך

---

* תפילה. — ** קשיות.

אויפגעכאַפּט, בין איך געלעגן אין אַן אַנדער צימער, אין אַ ציכטיק בעט און דער דאָקטער איז געשטאַנען נעבן מיר אַ פאַרזאָרגטער... ווען איך האָב אים געפרעגט, ווו איך בין? און ער האָט געזען, אַז איך בין מער ווייניקער אַ באַרויִקטער, האָט ער מיר דערציילט, אַז איך בין געווען אין אַ שווערן צושטאַנד פון היסטעריע; אַז איך האָב געוויינט און געשריגן אויף ייִדיש: „מאַמע, טרײַב אַוועק דעם רויטן ייִדן! מאַמע, נעם מיך אַהיים!"... און נאָך און נאָך זאַכן, וואָס האָבן זיך איינס צום אַנ־דערן נישט אין גאַנצן געקלעפּט... און לסוף האָב איך געחלשט... אַז ער האָט, אַלס דאָקטער, געטאָן אַלץ צו באַרויִקן מיך... מע האָט מיך אַרײַנגעטראָגן אין דעם צימער, מיך אַרײַנגעלייגט אין בעט און איך בין אײַנגעשלאָפן; אַז נישט לאַנג בין איך געשלאָפן... אַז דער רב און זײַנע בני־בית זײַנען שטאַרק באַזאָרגט וועגן מיר: ערשטנס, טאָקע צוליב מײַן צושטאַנד, צווייטנס, צוליב דער סיטואַציע פון אַ גענעראַל פון דער צאַרישער אַרמיי, וואָס איז קראַנק געוואָרן אין אַ ייִדי־שער שטוב פּסח צום סדר, נאָך בײַ אַ רב צו דעם... און מיט וואָס דאָס שמעקט, קען נאָר פאַרשטיין אַ ייִד... און דער דאָקטער האָט אויך אָנגעהויבן וויינען... איך האָב דעם דאָקטער באַרויִקט און אים געזאָגט, אַז איך פיל זיך איצט פולשטענדיק פיזיש געזונט... איך האָב אים געבעטן, ער זאָל אַרײַנרופן דעם רב... דער דאָקטער האָט אַרײַנגעבראַכט דעם רב. איך האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן מיר געבן זייער ערנ־וואָרט, אַז וואָס איך וועל זיי דערציילן דאַרף בלײַבן אַ טיפער סוד... זיי האָבן דאָס מיר צוגעזאָגט...

— איך האָב זיי דערציילט דעם גאַנצן אמת, וועגן דעם אַז איך בין אַ קאַנ־טאָניסט. איך האָב נישט פאַרהוילן קיין זאַך... מײַן געשיכטע איז אויך געווען אַ מצרים־געשיכטע, נאָר אַן דער באַפרײַונג, אָן דער יציאת־מצרים... איך האָב שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז ווײַטער לעבן ווי אַ פולשטענדיקער קריסט וועל איך נישט קענען, האָב איך געזוכט אַן אויסוועג...

— דער רב האָט מיך געבעטן, אַז קודם זאָל איך זיך באַרויִקן. איך זאָל זיך אַליין געבן עטלעכע טעג און דעם ענין גוט איבערטראַכטן... אפשר איז דאָס, וואָס האָט געטראָפן געווען אַן איין מאָליקע איבערלעבונג... ער אַליין וויל אויך אַ פּאָר טעג צײַט, פאַר אַ גרינטלעכער באַטראַכטונג... דערווײַל זאָל איך אַרײַנ־גיין אין עסצימער, ווו ער וועט פאַרענדיקן דעם סדר...

— איך קען נישט וויסן וואָס דער דאָקטער און דער רב האָבן געפילט יענעם אָוונט. איך שטעל זיך פאָר, אַז אויך פאַר זיי איז דאָס געווען אַ שווערע איבער־לעבונג. פון רב איז דאָך אָפּגערעדט, אַ ייִדישער מנהיג, וואָס איז אַן עדות פון אַ ייִדישער נשמה, וואָס רײַסט זיך צו איר שורש... אָבער אויך דער דאָקטער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ הייסער, געטרײַער ייִד... נאָר איך אַליין בין אַרײַן אין אַ פיבערדיקן צושטאַנד... מע האָט ווי עס איז פאַרענדיקט דעם סדר, זיך גע־זעגנט און איך בין אַוועק אין מײַן צײַטווײַליקער היים...

— אײַנשלאָפן יענע נאַכט האָב איך בשום אופן נישט געקענט. איך האָב דאָס העמד אויף זיך געריסן... מײַן לעבן אַלס ניט־ייִד איז פאַרבײַגעגאַנגען פאַר מײַנע אויגן. אַלע דערגרייכונגען האָבן אויסגעזען אין מײַנע אויגן נישט וויכטיק און בעיקר נישט ווערטיק. איין גרויסער פאַרלאַנג האָט מיך באַהערשט: — צוריק צו מײַן שורש, צוריק צו מײַן פאָלק... אָבער ווי אַזוי? די ברענענדיקע פראַגע איז געשטאַנען אַזוי נישט פאַרענטפערלעך...

— פאַרטאָג־צו האָב איך אײַנגעדרימלט... און דאָס ערשטע מאָל זינט די כאַ־פערס האָבן מיך אָפּגעריסן פון מײַן שטאָם, האָב איך אין חלום געזען די מאַמען, עליה השלום, אַ יום־טובדיק פאַרצופּטע מיט אַ שמייכל אין אירע גוטע אויגן...

— די קומענדיקע צוויי טעג זײַנען בײַ מיר געווען טעג פון חשבון־הנפש, איך האָב געפאַסט און מיט מײַנע פּשוטע ווערטער האָב איך מתפלל געווען צו אונדזער גרויסן גאָט, ער זאָל מיר העלפן צוריקקערן זיך צו אים און צו זײַן־מײַן פאָלק...

— אויפן דריטן טאָג בין איך מיטן דאָקטער, שפּעט אין אָוונט, געקומען צום רב. דער רב האָט אויסגעזען שטאַרק אָפּגעצערט און בלייך... ער האָט אויך דורכ־געלעבט די צוויי טעג אין גרויסע גײַסטיקע יסורים... ער האָט געוווּסט מער פון מיר, ווי שווער אָדער גאָר אוממעגלעך אַזאַ צוריקקער איז אין אונדזער „גע־בענטשטן" לאַנד...

— דער רב האָט מיך צום אַלעם ערשטן געפרעגט, וואָס מײַן באַשלוס מיט זיך אַליין איז?

מײַן ענטפער איז געווען אַ קורצער און אַנטשלאָסענער... „איך וויל צוריק ווערן אַ ייִד..."

— דער רב, — האָט דער גענעראַל ווײַטער דערציילט, — האָט זיך טיף פאַרטראַכט... מע האָט געקאָנט זען, אַז אין אים קומט פאָר אַ שטאַרקער גײַסטי־קער געראַנגל... ער האָט זיך אַנטשולדיקט, איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, מיך געלאָזט מיטן דאָקטער אַליין. עס זײַנען פאַריבער עטלעכע מינוט, וואָס פאַר מיר האָבן זיי אויסגעזען צו זײַן אַן אייביקייט... ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער אויסגעזען נאָך בלאַסער ווי פריִער...

— און אָט האָט דער רב אָנגעהויבן רײדן. שטיל און כמעט רויִק, נאָר זייער אַנטשלאָסן. דעם דאָקטער האָט ער געבעטן, אַז אויב ער וועט עפּעס זאָגן אויף לשון־קודש, זאָל ער עס איבערזעצן אויף רוסיש, כדי ער זאָל אומגעשטערט קע־נען אַרויסברענגען זײַנע געדאַנקען.

— עס איז שוין אין דעם, ברודער מײַנער, שיינע עטלעכע יאָר זינט יענעם טאָג, אָדער בעסער געזאָגט, זינט יענער נאַכט. נאָר איך קען איבערזאָגן וואָרט־אין־וואָרט אַלץ וואָס עס האָט געזאָגט דער געטלעכער מאַן...

„עס פירט זיך געוויינטלעך בײַ ייִדן, אַז אַ רב האָט אַ שווערן פּראָבלעם און קען אויף זיך נישט שטעלן, פרעגט ער אַ שאלה בײַ נאָך אַ רב. בײַ קיין אומה־ולשון איז נישט פאַראַן אַזאַ רײַכע ליטעראַטור פון שאלות־ותשובות ווי בײַ אונדז ייִדן, ווײַל דער ייִדישער דין איז דער וועג צום לעבן, „ובחרת בחיים" — זאָלסט אויסקלײַבן דאָס לעבן, — האָט אונדזער תורה אָנגעזאָגט... מיר האָבן דאָ אין שטאָט נאָך אַ רב און גראָד אַ גרויסער בן־תורה און נאָך דערצו אַ חכם. אָבער אים פאַרמישן אין דעם ענין, מיינט אײַנשטעלן זײַן לעבן, ווײַל ער, אַן אַלטער ייִד, וואָס פּאַסט מער ווי ער עסט, אַזאַ ייִד, חלילה, אויף קאַטאָרגע איז פאַראורטיילט צום טויט. אַ ייִדישער מענטש מעג אויף זיך נעמען מסירת־נפש... אָנהענגען יענעם מסירת־נפש, אַפילו פאַר דעם העכסטן צוועק, איז ווי באַגיין אַ מאָרד...

„איך אַליין, פאַר מײַן לעבן, — האָט דער רב פאַרגעזעצט, — טראָג מיין אייגענע אַחריות... אויב איך זאָל זיך דאַרפן מוסר־נפש זײַן צו ראַטעווען אַ ייִדישע נשמה, בין איך מוכן ומזומן צו נעמען אויף זיך די געפאַר פון די גרעסטע נגישות. איך בין אַפילו גרייט צו געבן מײַן לעבן פאַר אַלץ אין וואָס איך גלייב... דאָ, בײַ אונדז אין לאַנד, קענט איר זיך אָפּן נישט אומקערן צו אונדזער גאָט און פאָלק, ווײַל, וועט מען אויסגעפינען אַז איר האָט זיך מגייר געווען, וועט מען נישט בלויז אײַך און מיך שווער באַשטראָפן — וואָס דאָס וואָלט איך אָנגענומען באַהבה און איך גלייב, אַז אויך איר — אויב איך מאַך נישט קיין טעות, וואָלט אין אָנבליק פון אַזאַ געפאַר אײַער באַשלוס נישט געביטן... נאָר וואָס וואָלטן מיר דען אויסגעפירט? אַז דער רעזשים אונטער וועלכן מיר לעבן אָנערקענט נישט דעם צוריקקער; מע וואָלט אײַך אַלץ באַטראַכט פאַר אַ פּראַוואָסלאַוונעם, מיט אַלע ביטערע פאָלגן וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דעם... איך ווייס נישט צי עס איז אײַך באַקאַנט, אַז אין אונדזער „געבענטשטן" לאַנד קען מען און מע צווינגט אויסצופאָלגן יעדן מינדסטן פאַרשריפט פון זייער אמונה, וואָס איז אַ מלוכהשע. אַלזאָ, אַזוי ווי איר זעט, אײַער באַשלוס אַליין נישט גענוג... דאָס איינציקע, וואָס עס בלײַבט צו טאָן, איז אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד, ווו דאָס ווערן צוריק אַ ייִד איז אפשר נישט פון די פּאָפּולערסטע זאַכן, ווײַל קיין שונאי־ישראל פעלן דאָרטן אויך נישט (אין די אַזוי גערופענע ציוויליזירטע לענדער). די קירך דאָרטן איז אָבער נישט אַלמאַכטיק ווי בײַ אונדז... אָט דאָס איז אײַער וועג. און נאָך דעם ווי איר וועט אַדורכגיין דעם טויער פון תשובה, וואָלט מײַן עצה געווען, אַז איר זאָלט פאָרן קיין ארץ־ישראל, טאַקע אַהין, צו די טיפסטע וואָרצלען פון אונדזער אמונה אויף דער הייליקער ערד פון אונדזער עבר און עתיד, פון אונדזער געשיכטלעכן נעכטן און מאָרגן... אָבער איר קענט אַהין נישט קומען אַ גײַסטיק נאַקעטער... איך בין גוזר אויף אונדזער פרײַנד דעם דאָקטער, ער זאָל ווערן אײַער געהיימער מלמד, ערשטנס, צוליב דעם וואָס ער אַליין איז אַ געטרײַער, רעליגיעזער ייִד און אַ למדן, צווייטנס, דערפאַר, ווײַל ער קען זייער גוט רוסיש, וואָס אין אײַער

פאַל, איז דאָס דער איינציק לאָגישער מיטל איבערצוגיסן אונדזערע גײַסטיקע און אייביקע ווערטן — איצט שוין אין די ריכטיקע כלים... דריטנס, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע: ער ווייסט שוין דעם סוד און אײַער פאַרבערענגען מיט אים וועט נישט אַרויסרופן קיין חשד. לפנים וועט איר, ביז איר וועט זײַן גוט צוגע־גרייט, מוזן מאַכן דעם אָנשטעל, אַז קיין זאַך האָט זיך נישט געביטן... איך האָף, אַז אונדזער גרויסער און איינציקער גאָט, וואָס איז אַן אל רחום וחנון, וועט דאָס אײַך נישט פאַררעכענען פאַר קיין זינד... צו מיר זאָלט איר מער נישט קומען; סײַדן עס וועט זײַן אַ גרויסע נויטווענדיקייט. נישט דערפאַר, וואָס איך האָב מורא פאַר זייערע שטראָפן, ווײַל וואָס קען נאָך זײַן וויכטיקער ווי ראַטעווען אַ ייִדישע נשמה, וואָס רײַסט זיך און בענקט אַהיים?... עס לוינט זיך צו לײַדן די גרעסטע „נגישות", קיין פרײַז איז נישט צו־טײַער. (איר קענט מיר אַ מאָל שרײַבן, אויב איר געפינט פאַר נייטיק). אָבער אײַער קומען צו מיר וואָלט אַרויסגערופן חשד און דער גאַנצער פּלאַן קען נאָך, חלילה וחס, דורכפאַלן".

— מיט די ווערטער האָט דער רב פאַרענדיקט. אַרויפגעלייגט זײַנע הענט אויף מײַן קאָפּ און געזאָגט „יברכך השם וישמרך". מיר אָנגעזאָגט צו דאַווענען ווען איך וועל זיך אויסלערנען, נאָר נישט אָנטאָן קיין טלית און תפילין, ביז מע וועט מיך נישט על־פּי דין מגייר זײַן. מיר האָבן זיך זייער וואַרעם געזעגנט מיטן חשובן רב און אַוועק.

***

— איר מעגט מיר גלייבן, — האָט דער גענעראַל פאַרגעזעצט זײַן געשיכטע, — אַז ווען מיר זײַנען פון דעם רבס הויז אַרויס זייער שפּעט בײַ נאַכט, האָבן מיר די פינצטערניש אין גאַנצן נישט באַמערקט. אַ גרויס ליכט האָט באַלויכטן מײַן וועג... דער דאָקטער איז שטיל געגאַנגען בײַ מײַן זײַט. איך האָב גוט געוווּסט, אַז דער וועג וועט זײַן אַ לאַנגער און אַ שווערער. אָבער אויף דער נשמה איז געווען אַזוי גוט, אַזוי גרינג, אָט אַזוי ווי איך זאָל זיך נאָר וואָס געוווען האָבן באַפרײַט פון אַ קאָלאָסאַלער משא... איך האָב אין יענער גורלדיקער נאַכט קיין אָנונג נישט געהאַט, אַז יאָרן וועלן אַוועק; יאָרן פון גרויסע און פון שווערע לײַדן, פון פיזי־שע און גײַסטיקע דערשיטערונגען, פון שווערע קאַמפן פאַר דעם סאַמע קיום פון מײַן פאָלק, פאַר דעם סאַמע לעבן פון מײַנע נײַ־געפונענע ברידער אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, ביז דער געגאַרטער טאָג פון מײַן פערזענלעכער באַפרײַונג און מנוחה וועט אויך קומען...

— דערווײַל איז מלחמה. די מיליטערישע פליכטן זײַנען זיך אָבער צוזאַמענ־געפאַלן מיט מײַנע אייגענע פּלענער... צו לערנען ייִדישקייט, האָט אין מײַן פאַל געמיינט, לערנען פון סאַמע אָנהייב, ווי אַ ייִדיש קינד אין חדר, פון סאַמע אַלף־בית: דאַווענען, חומש מיט רש"י, נביאים וכתובים; אַפילו ריידן ייִדיש. איך האָב

געמוזט לערנען נישט בלויז צו געדענקען, נאָר אויך אַ סך צו פֿאַרגעסן... אַ רבין האָב איך געהאַט אַ ווונדערלעכן, דער ייִדישער דאָקטער, וואָס איז געווען בלויז אַ מאָביליזירטער צוליב דער מלחמה, ווײַל ער איז געווען אין „זאַפּאַס" (רעזערוו), האָט ער באַשלאָסן צו בלײַבן אין מיליטער און מיט מיר ביז דער צײַט, ווען איך וועל קענען פֿאָרן קיין אויסלאַנד, לויטן פּלאַן. צו מײַן גליק איז ער געווען אַן אַלטער בחור, אָן משפּחה־פּליכטן, עפּעס טאַקע נאָר אַזוי, ווי די השגחה זאָל גע־ווען זיך זאָרגן דערפֿאַר, אַז איך זאָל האָבן דעם ריכטיקן מלמד, דעם אידעאַלן מדריך... געשטאַמט האָט ער פֿון שקלאָוו. אַ מענטש מיט גרויס ייִדיש און וועלט־לעך וויסן. און טראָץ דעם וואָס אויסערלעך האָט ער געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ טרוקענעם, פּראַקטישן מענטש, איז ער אָבער אינערלעך געווען אײן שטיק פֿײַער... ער האָט זיך אַפֿילו אַרויסגעוויזן צו זײַן אַן אָנהענגער פֿון דער ליטווי־שער שיטה אין חסידות. און לערנען האָט ער מיך געלערנט מיט די סאַמע בעסטע פּעדאַגאָגישע מיטלען, וואָס ער האָט פֿון זיך אַרויסגעכישופֿט. (ישראל־בער האָט אַ סך פֿון די ווערטער נישט פֿאַרשטאַנען, געדענקט, אַז זיי זײַנען נישט קיין ייִדי־שע און דאָס אויסגעטײַטשט מיט דעם, וואָס זײַן ברודער האָט אַ לעבן־לאַנג זיך געפֿונען צווישן גוים. אָבער דאָס נישט פֿאַרשטיין געוויסע ווערטער, האָט אים נישט געשטערט צו פֿאַרשטיין דעם תּוכן פֿון דער געשיכטע). חדשים־לאַנג האָבן מיר זיך געפֿונען אויפֿן שלאַכטפֿעלד אין שאָטן פֿון טויט... פֿאַר מײַן פּלאַן איז גע־ווען וויכטיק, אַז גאָר נישט זאָל פֿאַלן אונטער חשד... איך האָב זיך נאָך מיט מער אײפֿער איצט געמוזט שלאָגן מיטן שונא, און פֿירן מײַן מיליטער פֿון זיג צו זיג... אונדזער לערנען האָט געמוזט זײַן אַ גרעסערער סוד, ווי די מיליטערישע סטראַ־טעגיע... איך האָב אויפֿגעהערט עסן טרפֿות. אויך דאָ האָט דער דאָקטער אַרויס־געהאָלפֿן. ער האָט מיר „פֿאַרבאָטן" צו עסן פֿלייש און אַנדערע נישט כּשרע מאכלים צוליב אַן אויסגעטראַכטער מאָגן־קראַנקייט... איך בין געווען אַ גוטער תּלמיד. שנעל, זייער שנעל האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען און דאַווענען. קיין ספֿרים האָבן מיר נישט געהאַט אַ חוץ די פּאָר, וואָס דער רבּ האָט מיר געגעבן. קיין סך ספֿרים האָבן מיר סײַ ווי סײַ נישט געקענט האָבן לפֿני מראית־עין, עס זאָל קיין „גוט־אויג" נישט שאַטן. נאָר דער דאָקטער האָט געקענט אַזוי פֿיל אויף־אויסווייניק, און דער תּלמיד איז געווען אַזאַ מתמיד, אַז דאָס „כּל בו"־סידורל און קליינטשיק תּנ"כל האָבן וווּנדער באַוויזן...

***

— נאָך די מיליטערישע אָפּעראַציעס, מיטן פֿאַרענדיקן די מלחמה, האָט מען מײַן דיוויזיע באַשטימט צו בלײַבן אין דרום־מערבֿ, אין דרײַעק פֿון רוסלאַנד בשכנות מיט רומעניע פֿון איין זײַט און דער עסטרײַך־אונגאַרישער מדינה אין דער צווייטער זײַט. מיר, — דער דאָקטער און איך, — זײַנען גראָד געווען זייער

צופרידן פון דער געאָגראַפישער באַשטימונג, ווײַל אין די פּאָדאָליער, בעסאַראַ־בער און כערסאָנער גובערניעס האָבן זיך געפונען די גרעסטע יידישע ישובים אין מאַלאָראָסיע אָדער אוקראַיִנע, און דאָרטן האָבן מיר זיך נישט געמוזט אַזוי היטן מיט אונדזער יידישקייט, כאָטש אויך דאָרטן האָבן מיר אין אַ געוויסער מאָס געמוזט זײַן זייער פאָרזיכטיק, נאָר נישט אין דער מאָס ווי מיר האָבן זיך געהיט אין אַ רייך גוישער סביבה; מיר האָבן זיך געקענט דערלויבן אַ באַגרענעצטע אַנדערשקייט... אַ מעלה איז אויך געווען דאָס, וואָס די באַפעלקערונג פון בעסאַ־ראַביע און אוקראַיִנע האָבן קיין גאָר גרויסע ליבע צו רוסלאַנד נישט געהאַט און אַפילו די גלחים האָבן זיך אויך נישט צעריסן זייערע פּאָלעס, אַז אַ „מאָסקאַלי־שער" גענעראַל האָט אַ מאָל פאַרפעלט אַ תפילה אין קלויסטער... די זוימען פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פון די פאַרשיידענע פעלקערשאַפטן זײַנען שוין געווען ערב שפּראָצונג...

— מײַן משפחה האָט גאָר נישט געוווּסט און גאָר נישט חושד געווען. איך בין געווען מיט מײַן דיוויזיע אין דער אוקראַיִנע און זיי זײַנען געבליבן וווינען אין מאָסקווע. עס האָט געדאַרפט הייסן, אַז איך געפין זיך אין דעם ווינקל צײַט־ווײַליק, ביז דער שלום וועט אונטערגעשריבן ווערן. איך פלעג זיי פון צײַט צו צײַט קומען באַזוכן. דער תירוץ פון אַ מאָגן־קראַנקייט האָט אויך דאָ געאַרבעט און איך האָב בלויז געגעסן מילכיקס, ווען איך האָב געמאַכט מײַנע קורצע באַזוכן אין מאָסקווע. איך האָב אומבאַמערקטערהייט אָנגעהויבן צו ליקווידירן מײַנע פּערזענלעכע ענינים, דאָס הייסט, צו פאַרזיכערן מײַן פאַמיליע אויפן בעסטן אופן און מיט אַלץ מעגלעכעס. נאָך אַלעמען זײַנען זיי דאָך נישט שולדיק אין קיין זאַך... קיין קליינע קינדער האָב איך נישט געהאַט. אַלע פינף זין און איין טאָכטער האָבן שוין געהאַלטן, ווער בײַם פאַרענדיקן זייער בילדונג און ווער שוין אַליין בײַ זיך און פאַר זיך אויף געוויסע פּאָזיציעס אין לעבן. אַ פּראָבלעם איז געווען מײַן ווײַב, ווײַל זי איז געווען אַ טיף גלויביקע קריסטין; זי צו פּרוּוון איבערצײַגן וואָלט געווען אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט... קומט מיר איין מאָל אָן אַ טעלעגראַמע, איך זאָל באַלד קומען אַהיים, די מאַמע איז זייער קראַנק... ווען איך בין אָנגעקו־מען קיין מאָסקווע, איז שוין געווען צו שפּעט... איך האָב זי מקבר געווען אויפן שענסטן אופן, און גלייבט מיר, אַז מײַן האַרץ איז געווען צעבראָכן, ווײַל זי איז אויף איר אופן געווען אַ פײַנע און געטרײַע פרוי און אַ וווּנדערלעכע מאַמע. דער אמת איז, אַז מײַן פּלאַן איז געווען זי מיטצונעמען קיין אויסלאַנד און — — — ערשט דאָרטן איר דערציילן פון מײַן באַשלוס זיך מגייר צו זײַן און איר געבן די ברירה — מיטצוגיין מיט מיר אָדער בלײַבן בײַ איר אמונה... ניין, איך האָב נישט געוואָלט, אַז זי זאָל שטאַרבן...

— יענע צײַט — זי האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן — איז געווען די גליק־לעכסטע אין מײַן גײַסטיקן לעבן. מיר האָבן געוווינט צוזאַמען מיטן דאָקטער. גע־

האָט אַ גרויס הויז פּאַר זיך אַליין. מיר האָבן געפונען אַ ייִדישן „דיענשטשיק״ *
און אויך אַ ייִדישן קוכער. מע האָט געקויפט כשר ייִדיש פלייש אין שטעטל. עס
האָט געדאַרפט הייסן, אַזוי ווי דער דאָקטער איז אַן אָפּגעהיטער ייִד און עסט
בלויז כשר פלייש און מיר ווינען צוזאַמען, „טאָלעריר״ איך דאָס פירן פון אַ
כשרער באַלעבאַטישקייט... אַפילו די צוויי ניט־ייִדישע באַדינערס האָבן זיך נישט
געחידושט. אַלץ האָט אויסגעזען נאָרמאַל און אָן חשד. די באַדינערס האָבן געוווינט
באַזונדער אין אַ זײַטיקן פליגל פון הויז. זיי האָבן אַפילו געזען די ייִדישע ספרים,
וואָס האָבן זיך בײַ אונדז געמערט, אָבער זיי האָבן געמיינט, אַז אַלץ געהערט צום
דאָקטער. אונדזער לערנען צוזאַמען איז אויך פאַר זיי געווען אַ טיפער סוד. מיר
זײַנען פרײַ געווען צו לערנען וויפל מיר האָבן געוואָלט. און געלערנט האָבן מיר
טאַקע אַ סך. מיטן רב פלעגן מיר זיך איבערשרײַבן. די בריוו זײַנען יאַקבי געווען
פון און צום דאָקטער... מיר האָבן צום רב באַריכטעט, ווו איך האַלט אין לערנען
און איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן געגאַרטן טאָג, ווען איך וועל געררופן
ווערן צום רב און ער וועט מיר ענדלעך געבן זײַן ברכה צום אַרויספאָר אין אויס־
לאַנד...

— איך האָב אײַך שוין פריִער געזאָגט, אַז מיט קיין פּאָליטיק האָב איך זיך
נישט פאַרנומען נישט פריִער ווען איך בין בלויז געווען אַ צאַרישער גענעראַל
און נישט אַפילו נאָך דעם, ווי דער איבערברוך איז פאָרגעקומען אין מיר. ווען
איך בין געווען בלויז אַ גענעראַל האָב איך געהאַלטן, אַז אַזוי איז דער סדר־
העולם. עס דאַרף זײַן אַ צאַר מיט פּאָליציי מיט אַ געזעץ... אַוודאי האָב איך
געוווּסט, אַז עס קען זײַן אַ צאַר אַ גוטער, וואָס הערשט מיט יושר, און עס קען
זײַן אַ מושל, אַ שלעכטער, אַ בייזער און ברוטאַלער... איך האָב זיך אָבער צו פיל
נישט אַרײַנגעטראַכט אין דעם ענין. איך האָב יאָ געגלייבט, אַז איין מענטש
דאַרף זײַן גוט צום צווייטן. איך האָב קיין מאָל נישט געקענט פאַרלײַדן קיין
ברוטאַליטעטן, אָבער דאָס, גלייב איך, איז געווען צוליב דעם, וואָס איך האָב פון
זיי שטאַרק געליטן אין מײַן קינדהייט... נאָך דעם ווי איך בין געוואָרן אַ בעל־
תשובה און מער ווייניקער געוווּסט פון ייִדישער רעכטלאָזיקייט, האָב איך דאָס
פאַרענטפערט מיטן ייִדישן באַגריף פון „ומפני חטאינו גלינו מארצנו״... צוליב
זינד האָט אונדז דער בורא־עולם פאַרטריבן אין גלות, און איך בין אומבאַ־
וווּסטזיניק גרייט געווען צו נעמען אויף זיך דעם עול הגלות. מײַן ליבע צום
רבונו של עולם איז געווען אַזוי פעסט, און מײַן גלויבן אין זײַן גערעכטיקייט
אַזוי גרויס, און די זיכערקייט אין דער ענדגילטיקער גאולה אַזוי אומאָפּפרעגלעך,
אַז איך האָב זיך צו מאָל נישט געגריבלט אין קיין זאַך אַחוץ מײַנע אייגענע
עמאָציעס, וואָס האָבן מיך ממש פאַרשלונגען, אַוודאי האָב איך די ייִדן איצט

* אַ זעלנער — אַ באַדינער.

ליב געהאַט מער ווי די נישט־ייִדן, אָבער געקענט האָב איך נישט די ייִדן אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן, און אַפילו זייער רעכטלאָזיקייט איז צו מיר געווען מער אַ טעאָרעטישע ווי אַ רעאַלע. איך האָב נישט געוווּסט פון זייערע נויטן, זייערעליידן און פריידן. פון קיין פּאָגראָמען, האָב איך כמעט גאָר נישט גע־וווּסט... אַז איין מענטש זאָל באַפאַלן דעם צווייטן נישט אויפן שלאַכטפעלד און אים דערהרגענען גלאַט אַזוי אין קאַלט בלוט, האָב איך זיך אַפילו נישט געקענט פאָרשטעלן. און אַוודאי נישט, אַז איין פאָלק זאָל באַפאַלן אַ צווייטן פאָלק מיט וועלכן עס לעבט צוזאַמען הונדערטער יאָרן און דאָס אויסראָטן, בלויז דערפאַר וואָס יענע זײַנען אַנדערש... דאָס האָט מײַן שכל אין גאַנצן נישט געקענט באַ־נעמען... אַפילו אין מלחמה, אויף וויפל עס איז מעגלעך געווען, האָב איך אין מײַן טייל אַרמיי, וואָס איך האָב באַאײַנפלוסט און קאָנטראָלירט, אָפּגעהיט אַלע כללים פון דעם אַזוי גערופענעם אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ פון מענטשלעכער באַהאַנדלונג פון דעם שונא, ווען ער גיט זיך אונטער... איך האָב קיין מאָל נישט געלאָזט שלאָגן קיין געפאַנגענעם. און ווען מיר פלעגן עפּעס וועלן אויסגעפינען פון אַ געפאַנגענעם זעלנער און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון געבן די אינפאָרמאַציע, האָב איך אים אין האַרצן באַוווּנדערט, און געלערנט מײַנע זעלנערס צו נעמען אַ בײַשפּיל פון אַזוינעם. חברים אין שטאָב פלעגן מיך פאַר אַזעלכע זאַכן קרי־טיקירן. אָבער מײַנע סאָלדאַטן און אַפילו איך אַליין, ווען עס איז נייטיק געווען — האָבן זיך אַזוי אויסגעצייכנט אין דער אויסשפּירונג פון שונא אין די „ראַז־וועדקעס" *), וואָס מיר פלעגן דורכפירן (זיך אַרײַנגנבענען אין שונאס לאַגער און זיך אומקערן צוריק מיט דער נויטיקער אינפאָרמאַציע), אַז קיינער האָט מיר קיין שלעכטס נישט געקענט טאָן מיט זייער קריטיקירן מײַנע „געוויסנס" אײַנשטעלונגען...

— וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָב איך אַוודאי קיין אמתן באַ־גריף נישט געהאַט. אַז מע זאָל וועלן אַראָפּוואַרפן אַ קיסר, האָב איך בכלל נישט באַנומען... ווי וועט אויסזען דאָס לעבן אָן אַ קיסר? בפרט, אַז אין דער לעגאַלער פּרעסע, האָט מען פון אַזעלכע זאַכן נישט געשריבן. אויב עס פלעגט אַ מאָל באַ־ריכטעט ווערן עפּעס אין דער פּרעסע, וואָס האָט געהאַט אַ שײַכות צו דער רע־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, איז דאָס געווען אָדער וועגן אַ מאָרד פון אַ גרעסערן אָדער קלענערן באַאַמטן, אָדער וועגן אַ טויט־אורטייל איבער אַ רעוואָלוציאָנער. און מאָרד האָט מיך אַלע מאָל אויפגעשוידערט און אַ טויט־אורטייל האָב איך אויך געהאַלטן פאַר מאָרד... און איצט אויפן וועג צוריק צו מײַן שורש האָב איך דאָך אויסגעפונען, אַז די אמתע דערלייזונג פאַר אַלע מענטשן, ייִד און נישט־ייִד, וועט פאַרווירקלעכט ווערן מיטן קומען פון משיח... האָב איך דאָך געלערנט (אין די

*) אויסשפּירונגען.

ימים נוראימדיקע תפילות) „ויעשו כולם אַגודה אַחת לעשות רצונו בליבב שלם"... דאָס הייסט, אַז אַלע, אַלע — ייִד און נישט־ייִד — וועלן דינען צו איין גאָט, דעם גרויסן ייִדישן גאָט, וועלכער האָט ליב אַלע מענטשן גלײַך... איך האָב געציטערט און געפלאַטערט צו דערלעבן דעם געגאַרטן מאָמענט ווען איך וועל צוריק אַרײַן בבריתו של אַברהם...

**
*

... וואָלקנס, שוואַרצע כמאַרעס האָבן זיך באַוויזן אויפן ייִדישן הימל...

— אין דער שטאָט ווו מיר האָבן זיך געפונען איז געוואָרן אומרויִק, מײַנע באַדינערס האָבן געבראַכט די אומהיימלעכע נײַס, אַז צווישן די שטאָטישע „מעש־טשאַנעס" גייט עפּעס אָן אַ געהיימע באַוועגונג... מע האָט נעכטן אויפן שטאָטישן יאַריד אין מיטן העלן טאָג באַרויבט און דערהרגעט צוויי ייִדן... מע האָט אויך דערציילט, אַז אין די אַרומיקע דערפער איז דער „נאַראָד" אומרויִק, אַז אין די נישט ווײַטע שטעטלעך איז אָדער געווען אַ פּאָגראָם, אָדער מע גרייט זיך צו אַ פּאָגראָם. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט אָנגעהויבן צירקולירן ווי עפּעס אַ באַצייכענונג פון אַן אומפאַרמײַדלעכער עפּידעמיע... די נײַס האָבן די באַדינערס געבראַכט צום דאָקטאָר מיט וועלכן זיי זײַנען געווען היימיש ווי מיט מיר... דער דאָקטאָר האָט, פאַרשטייט זיך מיר איבערגעגעבן אָט די שוידערלעכע נײַס. איך בין דער־שטוינט געוואָרן און אים נאַיִוו געפרעגט: „און ווו איז געווען די אָרטיקע מאַכט, די פּאָליציי?" אויף דעם האָב איך געקראָגן אַן ענטפער, וואָס האָט מיר אויסגעקוקט צו זײַן אומפאַרשטענדלעך, ווילד און אומגלויבלעך. דער ענטפער איז געווען: „אַז די פּאָליציי אַליין אָרגאַניזירט אין די מערסטע פאַלן די פּאָגראָמען, אין בעסטן פאַל, ווו די פּאָליציי אַליין טוט דאָס נישט, מאַכט זי זיך נישט וויסנדיק און נישט זעענדיק ווען אַ פּאָגראָם ברעכט אויס. ייִדן זײַנען בײַ אונדז אין לאַנד הפקר... לית דין ולית דיין..." (איך האָב שוין דאַן אַזוי גוט פאַרשטאַנען לשון־קודש, אַז איך האָב פאַרשטאַנען די ווערטער). צום ערשטן מאָל זינט איך האָב זיך באַגעגנט מיטן דאָקטאָר האָט ער מיט מיר גערעדט וועגן אַזעלכע זאַכן... דער דאָקטאָר האָט מיר דערציילט בקיצור די געשיכטע פון די ייִדישע גלותן אין אַלגעמיין, און וועגן די ייִדן אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד באַזונדער... אַ געשיכטע פון מאַרטי־רערשאַפט, קידוש־השם, קרבנות, בלוט און טרערן... ער האָט מיר דערציילט וועגן פאַרשיידענע באַוועגונגען און פּאַרטייען בײַ ייִדן, וועגן זייערע פּראָגראַמען, קאַמפן קעגן שנאה לעם ישראל... נישט אַלץ האָב איך נאָך אין יענע טעג קלאָר באַנומען און נישט אין אַלץ האָב איך זיך געקענט אויף דער גיך פונאַנדערקלײַבן. בלויז איין זאַך האָט פאַרכאַפּט מײַן פאַנטאַזיע אין יענע טעג. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין געוויסע ייִדישע קרײַזן, האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ נײַע לאָזונג „סאַמאָאָ־באָראָנע" — זעלבסטפאַרטיידיקונג, זעלבסטשוץ, צוריקשלאָגן, אַרויסשטעלן די

כוליגאַנעס אַ בלוטיקן ווידערשטאַנד... פון דעם דאָקטאָרס רייד איז מיר קלאָר געוואָרן, ווער עס איז דער אמתער שונא פון דעם יידישן פאָלק — די צאַרישע רעגירונג. ער האָט מיר אויך מסביר געווען, אַז די רעגירונג איז פאַראינטערעסירט אין די פּאָגראָמען אויף יידן, כדי אָפּצוציִען דעם צאָרן פון פאָלק פון די אמתע שולדיקע אין זיין אָרעמקייט און נויט — איר אייגענעם רעזשים — און אים אויסצוגיסן אויף די אומשולדיקע און שוצלאָזע יידן...

— אַ גאַנצע נאַכט זיינען מיר אָפּגעזעסן און גערעדט... אייגנטלעך, גערעדט האָט דער דאָקטאָר און איך האָב געהערט. פאַרטאָג צו האָב איך אַ קוק געטאָן אין שפּיגל און האָב זיך נישט דערקענט... איך בין איבערנאַכט גרוי געוואָרן... אָבער אַ נייַ געפיל האָט מיך איבערגעוועלטיקט יענע נאַכט. ביז יענער נאַכט איז מיין צובונד צו מיין ניי־געפונען פאָלק געווען אויפן שטח פון אמונה, אָבער איצט איז צו דעם צוגעקומען דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלן צובונד, איך האָב עפּעס ווי דערשפּירט מיין נייע אויפגאַבע לגבי מיין פאָלק...

איך האָב זיך איצט געגוייטיקט אין דער נאָענטקייט פון דעם, וועלכער האָט דער ערשטער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו מיר אין דער שעה פון מיין גייסטיקן ווידערגעבורט... איך האָב זיך דערמאָנט אין זיין אָנזאָג, נישט צו קומען צו אים, סיידן עס וועט זיין זייער נויטיק... און וואָס קען נאָך זיין נויטיקער ווי איצט? איך האָב געמוזט זען דעם רב...

— כאור הבוקר האָב איך מיטן דאָקטאָר זיך אַריינגעזעצט אין אַן עקיפּאַזש, איך האָב זיך פאַרפּוצט אין מיינע „בגדי מלכות", מיט עפּאָלעטן און אַלע מעדאַלן, מיטגענומען ציווילע מלבושים און זיך אָוועקגעלאָזט אין יענער שטאָט ביים דניעסטער וווּ דער רב האָט געוווינט. עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער כוח האָט מיך געטריבן אַהין. איך האָב געאיילט דעם „קוטשער" און ער האָט געטריבן די פערד מיט דער גרעסטער ווילדקייט און אָט זיינען מיר אָנגעקומען אין דעם רבס שטאָט.

... מיר האָבן די שטאָט נישט דערקענט. הייזער אָן שויבן, אייניקע פאַרברענט ביז גרונט, קראָמען מיט צעעפנטע, צעפּראַלטע טירן אין גאַנצן אויסגעליידיקטע, צעראַבירטע... מיר זיינען פאַרפאָרן אין אַ יידישער אַכסניה, געלאָזט די פערד מיטן „קוטשער" אין איינפאָר און אַריין צום ייד אין הויז. דער באַלעבאָס פון הויז איז געלעגן אין אַ צעבראָכן בעט אַ פאַרוווּנדעטער, זיין פרוי איז געשטאַנען נעבן אים און געלייגט קאָמפּרעסן צו זיינע ווונדן. זיי האָבן זיך פאַר אונדז דער־שראָקן... דער דאָקטאָר האָט אויף יידיש זיי געפרעגט, וואָס ס'האָט זיי געטראָפן. די פרוי האָט דערציילט, אַז זונטיק זיינען שטאָטישע און דאָרפישע גויים געהעצט פון פרעמדע כוליגאַנעס באַפאַלן די יידן פון שטאָט, געראַבירט און געהרגעט גאַנצע דריי טעג... געהרגעט מיט אַלערליי מיתות משונות, געשניטן הענט, פיס, צונגען אין מויל, טראָגעדיקע פרויען צעשניטן בייכער און אָנגעפילט מיט פע־דערן... אַלטע יידן טשוועקעס אין קאָפּ אַריינגעהאַמערט, יונגע מיידלעך פאַרגוואַל־

טיקט, בריסטן אָפּגעשניטן און דערהרגעט, פּיצלעך קינדער אויף צווייען צע־האַקט... דער רב מאַטערט זיך נאָך, האַלט בײַ פּטירה...

— מער האָב איך נישט געקענט... איך האָב זיך נישט איבערגעטאָן. אין מײַן גענעראַלסקע טראַכט בין איך געלאָפן צום רבס הויז און דער דאָקטאָר איז מיר נאָכגעלאָפן...

— מיר האָבן דעם רב געטראָפן ליגנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן. מיר האָבן קיין וווּנדן אויף זײַן קערפּער נישט געזען, נאָר זײַן האַלדז איז געווען אין גאַנצן בלוי. עמעצער פון די כוליגאַנעס האָט צוגעטראַכט פאַר אים אַ „גרינגן טויט", אַז קיין בלוט זאָל נישט גיין... מע האָט אים געוואָרגן און איבערגעלאָזט נישט אין גאַנצן טויט, כדי ער זאָל זיך נאָך מאַטערן... די מיידלעך האָבן זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט דער רביצין בײַ אַ באַקאַנטן קריסט. דער לעצטער האָט זיך געבעטן בײַם רב ער זאָל מיטגיין, אָבער דער רב האָט זיך אָפּגעזאָגט... ער קען זיך נישט ראַטעווען בעת זײַן עדה ייִדן ווערט אויסגעשאָכטן... דאָס דערציילנדיק האָט די רביצין געררעדט זייער שטיל. דער רב האָט קוים געאָטעמט... מיט אַ מאָל האָט ער געעפֿנט די אויגן... אויגן אַזעלכע צערפֿולע, אַז ביז מײַן לעצטן אָטעמצוג, וועל איך זיי געדענקען. אויף זײַן פּנים האָט זיך באַוויזן אַזוינס ווי אַ לײַכטער שמייכל. מיט אַ פינגער האָט ער אונדז צוגערופן צו זיך און מיט גרויס אָנשטרענג בלויז אַרויסגערעדט צוויי ווערטער: „אמותה הפעם"... ווידער אַ מאָל זײַנען זײַנע אויגן געווען פאַרמאַכט. איבערמענטשלעכע יסורים האָבן אָן קולות אַרויסגעשריגן פון זײַן פּנים. נאָר קיין קרעכץ האָט מען נישט געהערט, אַפילו זײַן אָטעמען האָט מען קוים געקענט באַמערקן... מיר זײַנען אַלע געשטאַנען בײַ זײַן בעט פאַרלוירענע, אוי, ווי מיר האָבן געוואָלט כאָטש אויף איין רגע זען זײַנע ליכטיקע אויגן אָפֿן, כאָטש נאָך איין וואָרט הערן פון זײַן הייליק מויל... מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן... ער האָט אָנגעהויבן גוססן. לאַנג־לאַנג האָט די גסיסה געדויערט, און אפשר האָט זיך אונדז בלויז אויסגעדאַכט אַזוי, ווײַל מיר האָבן פאַרלוירן יעדן באַגריף פון צײַט. מיר אַלע, דער דאָקטאָר און איך, די רביצין מיט די מיידלעך (זײַן ייִנגל איז נישט געווען אין דערהיים בשעתן פּאָגראָם, ער האָט געלערנט אין אַ ישיבה אין אַ ווײַטער שטאָט) — זײַנען געשטאַנען פאַר־שטיינערטע... שפּעט אין אָוונט, ווען מיר האָבן געמיינט אַז די לעצטע מינוט קומען אָן, האָט דער רב נאָך אַ מאָל געעפֿנט זײַנע אויגן און זייער שטיל האָט ער אָנגעהויבן רעדן צו מיר, ער האָט ווײַזט אויס געליטן שרעקלעכע יסורים, זײַן קול איז געווען שוואַך, נאָר קלאָר... און אָט וואָס ער האָט מיר געזאָגט: „ר' יעקב, איך רוף אײַך ר' יעקב, ווײַל איך באַטראַכט אײַך שוין ווי אַ ייִד... איך האָב געהאַט פאַר אײַך גאַנץ אַנדערע האָפֿענונגען... איך האָב געדענקט, אַז איך וועל אײַך איצט קענען געבן מײַן ברכה — צו אײַער אַוועקפֿאָרן אין אויסלאַנד, און איר זאָלט אָנהייבן צו לעבן ווי אַ פרײַער ייִד... שווערע צײַטן, צײַטן פון גרויסע

נסיונות זײַנען אָבער אָנגעקומען אויף אונדזער פֿאָלק, מע דאַרף, מע מוז ראַטעווען דאָס סאַמע לעבן פֿון כּלל. דאָס קענט איר אַליין נישט באַווײַזן, אָבער ראַטעווען אַזוי פֿיל יחידים ווי מעגלעך, דאָס קענט איר יאָ באַווײַזן. יעדן פֿאַלס, איינס איז נישט סותר דאָס צווייטע, ראַטעווען איין ייִדיש לעבן אַליין איז אַ גרויסער ענין. און בעיקר, העלפֿן יענע וואָס ווילן בלײַבן לעבן צו קענען לעבן... אויב איר וועט קענען באַווײַזן צו ראַטעווען ייִדן פֿון טויט און העלפֿן זיי צו לעבן וועט דאָס זײַן גאָר אַ גרויסע זאַך. זעט, געפֿינט שותפֿים. עס איז נישט קיין אַרבעט פֿאַר אַ יחיד, רודערט אויף דעם געוויסן בײַ וועמען איר קענט, סײַ בײַ ייִדן, סײַ בײַ מענטשלעכע קריסטן, דאָס איז אײַער איצטיקע אויפֿגאַבע... איר קענט זי אַמ־בעסטן דורכפֿירן, בלײַבנדיק אין אײַער אַמט — עד שיעבור זעם... דער יודע־הכּל וועט זײַן מיט אײַך און אײַך העלפֿן, געדענקט, אַז וואָס עס זאָל צו אײַך נישט טרעפֿן, זײַט איר אַ ייִד. איך נעם דאָס אויף זיך מיט דער פֿולער אַחריות פֿאַר דעם — וואָס לעבט אייביק. פֿאָרן קיין אויסלאַנד איצט, וואָלט געווען זאָרגן בלויז פֿאַר זיך אַליין... און כאָטש איר וואָלט דאָס געטאָן לשם־מצווה, איז דאָס גאָר נישט אין פֿאַרגלײַך מיט דער גרויס־גרויסער מצווה פֿון ראַטעווען ייִדן פֿון טויט און העלפֿן זיי צו לעבן... נאָך אַ מאָל גיב איך אײַך מײַן ברכה, נאָר פֿאַר אַן אַנדער אויפֿגאַבע... גיט אַכטונג אויף מײַן משפּחה אויב איר קענט..."

— מיט אָט די ווערטער האָט דער רב אויסגעהויכט זײַן גרויסע כּשרע נשמה..."

— דער גענעראַל האָט מיט לעצטע ווערטער זיך געשטיקט, טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון זײַנע אַלטע גוטע אויגן... ער איז אויף אַ ווײַל שטיל געבליבן. ישׂראל־בער און זײַן ווײַב האָבן די שטילקייט נישט איבערגעריסן. אויך זיי זײַנען געווען דערשיטערט. ווען דער דערציילער האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט ער פֿאָרגע־זעצט זײַן אויסערגעוויינטלעכע געשיכטע... "מיר זײַנען געבליבן אין יענער שטאָט עטלעכע טעג. נאָך אַ מאָל זײַנען מיר אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט מיטן דאָקטאָר. נאָר די נאַכט איז שוין געווען פֿון אַן אַנדער סאָרט. מיר האָבן גערעדט וועגן דער צוואה פֿון רב. מיר האָבן געוווּסט ווי שווער עס וועט זײַן זי דורכצופֿירן. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען מיט וועלכע געפֿאַרן אונדזער אַרבעט וועט זײַן פֿאַרבונדן. אונדזער אַרבעט האָט געדאַרפֿט באַשטיין פֿון צוויי טיילן: דער ערשטער טייל איז באַשטאַנען אין קעמפֿן קעגן פּאָגראָמען. איך האָב שוין געוווּסט וועגן דער באַ־גרענעצטקייט אין מעגלעכקייטן פֿון אַזאַ אויפֿגאַבע. עס איז מיר שוין קלאָר געווען, אַז פּאָגראָמען וועלן זעלטן דורכגעפֿירט אָן דער שטילער צושטימונג פֿון דער לאָקאַלער מאַכט און אָפֿט מאָל מיט דער דירעקטער "ברכה" און אַפֿילו אָנטייל פֿון דער אָרטיקער פּאָליציי. טאָמער וואָלט איך נאָך ווי עס איז געווען געצווייפֿלט אין דעם האָב איך נאָך אין דער זעלבער נאַכט געהאַט אַ געלעגנהייט

זיך צו איבערצייגן אין דעם. איך בין אַוועק צום „איספּראַווניק*) אין יענער שטאָט. אַנגעטאָן בין איך נאַטירלעך געווען אין מײַן אוניפאָרם אין מײַן מונדיר, דער דאָקטאָר, מײַן געטרײַער חבר, איז געווען מיט מיר. מיר האָבן זיך באַקלאָגט, אַז מיר זײַנען אָנגעקומען אין שטאָט אַרײַן אויפן וועג צו מײַן דיוויזיע, און מיר קענען נישט געפינען קיין איין גאַנץ הויז אויף איבערצונעכטיקן. דער איספּראַווניק האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט: יאָ, יאָ, „וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, אונדזערע מענטשן האָבן זיך אַ שפּיל געטאָן מיט די זשידעס...” און ווי זײַט איר געווען? איר זײַט דאָך, דאַכט זיך, דער באַלעבאָס אין שטאָט...” האָב איך געפרעגט. דער גוי האָט באַקומען אַלערליי קאָלירן און אָנגעהויבן מורמלען: „איך ווייס נישט, וואָס פּאַראַ צײַטן עס זײַנען אויף אונדז אָנגעקומען. מע ווייסט נישט הײַנטיקע צײַטן ווען מען פריִער צו פאָלגן...” קיין פּירושים אויף דעם האָב איך נישט באַדאַרפט. איז קלאָר דערפאַר, אַז דער ערשטער טייל פון אונדזער אַרבעט דאַרף באַשטיין אין פאַרהיטן אויף אַלערליי אופנים דעם אויסברוך פון פּאָגראָמען. און אויב אַזעלכע ברעכן דאָך אויס, צו העלפן די באַפאַלענע, אַפילו אויב מע דאַרף באַזאָרגן די ייִדן וואָס זײַנען גרייט פאַר דעם, מיט געווער...

— דער צווייטער טייל פון רבס צוואה, ווי מיר האָבן אים פאַרשטאַנען, האָט געמיינט צו העלפן די ייִדן אין די שוין פּאָגראָמירטע שטעט, זיך צו שטעלן אויף די פיס... פאַר דעם צוועק זײַנען נויטיק קאָלאָסאַלע סומעס געלט און דאָס קאָן קומען פון די רײַכערע שיכטן און אויך פון יענע, וואָס זײַנען על פּי נס ניצול געוואָרן פון אָט דער מיאוסער מגפה... דאָס פאָדערט אָרגאַניזאַציע און אַ גרויסע צאָל מיטאַרבעטערס און אונטער די געזעצן פון דער רוסישער געזעצלאָזיקייט, ווו פאַרזאַמלונגען זײַנען „קראַמאָלע”, מוז דאָס געטאָן ווערן אונטערערדיש און קאָנספּיראַטיוו. אָבער די שווערסטע זאַך איז צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די נייטיקע מענטשן, און בעיקר העיקרים איז צו קריגן זייער צוטרוי. — איין זאַך איז געווען זיכער, אַז די קלוגע עצה פון רבי, וועגן בלײַבן אויף מײַן אַמט איז געווען אַ ריכטיקע. איך טאָר זיך פאַר אַ צײַט נישט באַפרײַען פון דעם מונדיר... אמת, אויב איך זאָל אין מײַן אַרבעט חלילה דורכפאַלן, זייענדיק אין דינסט פון צאַר, וואָלט דאָס געמיינט אַ זייער הארבע שטראָף, נאָר אויף דעם בין איך געווען גרייט און מײַן שותף, דער דאָקטאָר, איז אויך געווען גרייט...

— די ערשטע פאַר יאָר זײַנען געווען די שווידערלעכסטע אין דעם נישט־גלײַכן קאַמף. אין יענער צײַט זײַנען אין דער אוקראַיִנע פאָרגעקומען זייער אַ סך פּאָגראָמען. מיר האָבן געשאַפן אַ געהיימען קליינעם אַפּאַראַט, נאָר אַ גוט פונקציאָנירנדיקן. דער אמת איז, אַז מיר וואָלטן קיין סך נישט געקענט אויפטאָן, סײַדן מיר וואָלטן געקראָגן דעם צוטרוי פון אַלע ייִדן, דורך וועלכע מיר זאָלן קענען

*) פּאָליציי־באַאַמטער.

אונדזערע אַקציעס דורכפֿירן. דער דאָקטאָר איז אַוועק צו אַ גרויסן חסידישן רבין אויף יענער זײַט גרענעץ אין גאַליציע, אים דערציילט דעם גאַנצן אמת און בײַ אים געקראָגן אַ כתב, אַז מיר זײַנען אָרנטלעכע מענטשן און מע זאָל זיך צוהערן צו דעם, וואָס מיר האָבן צו זאָגן... מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ צעטל פֿון געוועזענע ייִדישע סאָלדאַטן, וועלכע מיר האָבן אָרגאַניזירט אַלס אויס־שפּיר גרופּע. זיי האָבן געאַרבעט אַלס פֿאַרשטעלטע פּויערים אין ייִדישע שטעט און שטעטלעך אויסצוגעפֿינען ווו עס דראָט אַ געפֿאַר, זיי האָבן געדאַרפֿט לאָזן וויסן די ייִדישע מנהיגים, וועגן אַלע געפֿאַרן און יענע האָבן גענוצט יעקבֿס אָבינוס מיטלען פֿון זײַן גרייט „לדורון, לתפילה ולמלחמה״... אונדזערע אויס־שפּירערס האָבן געהאַט אַ דירעקטע פֿאַרבינדונג בלויז מיטן רבֿ פֿון שטאָט אָדער שטעטל, די רבנים, פֿון זייער זײַט, האָבן געוואָרנט די ייִדן, ווען קיין אַנדער ברירה פֿון אויסמײַדן אַ פּאָגראָם איז נישט געווען — זיך צו ראַטעווען אויף וועלכן אופֿן זיי קענען. מיר האָבן אויך געהאַט קאָנטאַקטן מיט גרופּעס גיבורים אין שטעט און שטעטלעך, וואָס זײַנען געווען גרייט זיך צו פֿאַרטיידיקן מיט געווער אין האַנט און מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט געווער... מיר האָבן אַפֿילו באַזאָרגט אַ געוויסע ייִדישע גרופּע אין אַ שטאָט מיט געווער. נאָר אויך זיי, פֿון אָט דער גרופּע, האָבן נישט געוווסט פֿון וואַנעט עס שטאַמט דאָס געווער. די קאָנספּיראַציע איז געווען אַ פֿולשטענדיקע. 24 שעה אַ טאָג זײַנען מיר געווען אײַנגעשטעלט מיטן לעבן, נאָר מיר האָבן געראַטעוועט ווו נאָר מיר האָבן געקענט. איך וויל נישט מײַן ברודער, אַז דו זאָלסט טראַכטן, אַז איך באַרים זיך מיט עפּעס. גאָט ווייסט דעם אמת, אַז אויפֿגעטאָן האָבן מיר זייער ווייניק אין פֿאַרגלײַך מיט די קרבנות... די געראַטעוועטע זײַנען געווען די מינאָריטעט און די קרבנות זײַנען געווען די מאַיאָריטעט... נאָר איך האָב נישט פֿאַרגעסן דעם אָנזאָג, אַז ווער עס ראַטעוועט איין מענטשן ,איז גלײַך ווי ער וואָלט געראַטעוועט אַ גאַנצע וועלט. מיר אַליין זײַנען נישט אַרײַנגעפֿאַלן בלויז צוליב דעם, וואָס אַחוץ אַ רבֿ אין שטעטל און ווו נישט מעגלעך — בלויז דער באַגלייבטסטער אין שטאָט — האָט קיינער קיין דירעקט פֿאַרבינדונג מיט אונדז צוויי נישט געהאַט. די רבנים זײַנען אין אַלע פֿאַלן געווען די געטרײַסטע פֿאַרבינדעטע, די לאָיאַלסטע שותּפֿים...

— ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, האָב איך גענוצט מײַן אַמט צו העלפֿן, אָבער דאָס האָב איך געטאָן בלויז ווען קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען, און געטאָן דאָס מיט דער גרעסטער מאָס פֿאָרזיכטיקייט...

— איך בין אַוועק קיין פּעטערבורג און זיך אין געהיים געטראָפֿן מיט אַ פּאָר ייִדישע מנהיגים, גרויסע גבֿירים מיט וואַרעמע ייִדישע הערצער, איך האָב זיי באַוויגן צו זאַמלען אויף אַ שטילן אופֿן גרויסע פֿאָנדן צו העלפֿן די קרבנות פֿון די פּאָגראָמען און נאָך אויף אַ שטילערן אופֿן צו זאַמלען פֿאָנדן צו קויפֿן געווער. איך בין געוואָרן און איך האַלט זיך נאָך איצט אויך אַלס משולח פֿון מײַן פֿאָלק

און איך דאַנק דעם, וואָס לעבט אייביק, פאַר דעם גרויסן חסד, וואָס ער האָט מיר געטאָן צו העלפן מיר טראָגן דעם עול פון ייִדישקייט דורך דיגען מיין פאָלק...

— דרײַ יאָר נאָך דעם באַלטער פּאָגראָם, האָב איך רעזיגנירט פון דער אַרמיי, געוואָרן אַ פרײַער מענטש, די שווערע עטלעכע יאָר, אין וועלכע איך האָב געלעבט „צען יאָר אין איין יאָר", האָבן מײַן געזונט געבראָכן. איך בין אַוועק אין אויסלאַנד. אָבער דאָרטן נישט געקענט בלײַבן. אַנדערע מענטשן, אַנדערע ייִדן. נישט וועגן אַזאַ ייִדישקייט האָב איך געטרוימט. קאַלט ווי אײַז איז דאָס דאָרטיקע ייִדישע לעבן... איך האָב געבענקט נאָכן וואַרעמען ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד. איך האָב אויך זייער געבענקט נאָך צוויי מענטשן; איינער פון זיי, דער דאָקטאָר, וועמען איך האָב אַזוי ליב געהאַט, ווײַל איך האָב אים אַזוי גוט געקענט. און דעם צווייטן דעם רבס זון, וואָס איך האָב גראָד ווייניק געקענט, נאָר געטראַכט האָב איך, אַז עטוואָס פון זײַן פאָטער האָט ער דאָך געירשנט. און לויט מײַן חשבון האָט ער שוין איצט געדאַרפט זײַן אַליין אַ רב און איך האָב זיך געוואָלט וואַרעמען אין זײַן ליכט... איך האָב באַשלאָסן צו קומען צוריק קיין רוסלאַנד. פון אַ פרײַנד פון די יאָרן פון דער „סאַמאָאָבאָראָנע"*), האָב איך געקראָגן אַ פאַלשן פּאַספּאָרט אויף מײַן ייִדישן נאָמען, כדי איך זאָל נישט מורא האָבן צו לעבן ווי אַ ייִד און ווען איך וועל דאָס נאָר וועלן, וועל איך קענען ניצן מײַן גענעראַלסקן נאָמען, ווי אויך דעם מונדיר, אָט ווי דו זעסט מיך איצט.

— איך האָב אָבער אַפּריִער געוואָלט זען דאָס הייליקע לאַנד. בין איך אַוועק קיין ארץ־ישראל. געזען ירושלים, צפת, טבריה, חברון, געוויינט און מתפלל געווען בײַם כותל מערבי, געזען די מערת המכפלה, געווען אויף דער מאַמע רחלס קבר, אַרײַנגעאָטעמט אין זיך דעם אַראָמאַט פונעם אייביקן לאַנד און לסוף געקומען אַהיים...

— מײַן מונדיר ניץ איך זעלטן און בענק נישט נאָך אים. בלויז ווען איך באַדאַרף... אויף מײַן פאַלשן פּאַספּאָרט האָב איך מײַן אמתן ייִדישן נאָמען. אין מײַן עלטער קוקט מען קיין מענטשן נישט נאָך, און מע זוכט נישט קיין חטאים...

— קומענדיק צוריק האָב איך דורכגעלעבט צוויי שווערע פאַרלוסטן. מײַן פרײַנד דער דאָקטאָר האָט זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס און געשטאָרבן. ער האָט זיך אַזוי אַרײַנגעוואָרפן אין ראַטעווען ייִדן פון אַ טיפוס־עפּידעמיע און איז אַזוי אָפּגעצערט געוואָרן, אַז ווען ער אַליין האָט זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס, האָט זײַן גוף קיין ווידערשטאַנד נישט אַרויסגעוויזן... נפטר געוואָרן איז ער אויף מײַנע הענט, אויב עמעצער דאַרף זיך געפינען תחת כנפי השכינה, איז דאָס ער, זיכרונו לברכה... דער צווייטער פאַרלוסט איז געווען דעם רבס זון, דער יונגער רב, וועלכער איז אויך נסתלק געוואָרן אין יענער עפּידעמיע...

*) זעלבסטשוץ.

— איך לעב היינט אין אַ קליין שטעטל, פאַרשטייט זיך, ווי אַ ייִד. איך האָב חתונה געמאַכט דעם רבס צווייטע טעכטער, זיי געגעבן נדן. איך בין אַ שמש אין בית־המדרש. פאַרשפּאָרן פרעמדע מענטשן צו וואונדערן זיך פון וואַנעט אַן אַלטער עלנטער ייִד לעבט... קיינער ווייסט נישט פון וואַנען איך קום און ווער איך בין. קיין גרויסע קאַפּיטאַלן האָב איך זיך נישט געלאָזט. די פּענסיע וואָס מיר קומט, האָב איך מיט יאָרן לאַנג צוריק איבערגעשריבן אויפן נאָמען פון איינעם פון מיינע זין, וואָס קען דאָס נוצן. אַלע מיינע קינדער דענקען אַז איך בין אין אויסלאַנד. דאָס ביסל געלט וואָס איז מיר פאַרבליבן האָב איך איצט געבראַכט מיט זיך. אויב דו נייטיקסט זיך אין דעם, נעם דאָס פאַר זיך; אויב נישט, גיב דאָס פאַר צדקה...

און איצט וועגן דעם ציל פון מיין קומען צו דיר. איך פיל, אַז מיין צייט קומט. קיינער, קיינער חוץ דער רביצין ווייסט נישט ווער איך בין און ווו איך בין. די רביצין האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פיינעם ייִד אַ שוחט און וווינט נישט אין דער שטאָט ווו איך וווין. איך וויל נישט, אַז ווער עס איז זאָל ליידן צוליב מיר. איך האָב אַ צוואה מיט געלט געגעבן, עס זאָל סטיען פאַר מיין קבורה און צו שטעלן אַ מצבה אויף מיין קבר ווען די צייט וועט קומען. איך האָב אין דער צוואה מיין אמתן יידישן נאָמען — און וואָס איך וויל, אַז מע זאָל אויסקריצן אויף מיין מצבה. אין דער צוואה, וועלכע געפינט זיך ביים שטאָטישן רב, אַ פאַר־חתמעטע — (דאָרט איז אויך דאָס געלט) — בעט איך, אַז מען זאָל לאָזן וויסן דער רביצין וועגן דעם טאָג פון מיין פטירה. קיין אַנדער זאַך דערציייל איך נישט. די רביצין ווייסט וועגן דיר, און ווייסט דיין אַדרעס. און אַז דער טאָג וועט קומען, וועט זי דיך לאָזן וויסן, און דו, מיין ברודער, זאָלסט זיצן שבעה און זאָגן קדיש נאָך מיר עלף חדשים, ווי דער דין איז. זאָלסט לערנען משניות און האַלטן מיין יאָרצייט. יעדן יאָרצייט, ווי לאַנג דיר איז באַשערט צו לעבן. דאָס איז מיין בקשה צו דיר און ביז מיין טויט זאָל קיין בן־אָדם נישט וויסן מיין געשיכטע. און אין דעם זכות זאָל דיר דער איבערשטער געבן לאַנגע יאָרן און געזונט און הצלחה...״

איר ווילט דאָך וויסן דעם סוף. עס האָט נישט לאַנג גענומען און די ניייעס איז געקומען. ישׂראל־בער האָט געזאָגט קדיש און געהאַלטן דעם יאָרצייט, נאָך אָט דעם זעלטענעם מענטש.

## טשיקאַווע שפּראַך, צונעמענישן און אַ מעשה וועגן אַ שטומען

ראַכל חיה לאהס איז אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן מיט בולטע שפּורן פון שיינקייט, וואָס לייכטן נאָך איצט אַראָפּ מיט טויזנט חנען פון איר גוטן קלוגן פּנים. ראַכל האָט נאָך איר חתונה געוווינט אין אַן אַנדער שטעטל און האָט זיך מיט

יאָרן שפּעטער צוריקגעקערט קיין שאַרגאָראַד מיט איר משפּחה. זיך געעפנט אַ שניט־קראָם נישט ווײַט פון איר שוועסטער חנה (חנה חיה לאהס), וואָס איז אַ שטיק נגידסטע. ראַכלען קומט אָן די פּרנסה שווערלעך, און זי וואָלט אפשר מקנא געווען איר שוועסטער חנהן, האָט זי אָבער אָן אוצר, וואָס פאַר קיין ממון שבעולם קען מען אַזוינעם נישט קויפן. זי האָט אַ מאַן אַ למדן. אויך אין וועלטלעכע ענינים איז ער נישט אַבי־ווער. קען בוכהאַלטעריע, לייענט אַ ייִדיש בלאַט און אַ רוסישע צײַטונג און מענטשן האַלטן פון אים. ראַכל פאַרגעטערט איר מאַן, לאָזט זיך אים נישט אָנשטרענגען מיט קיין זאַך, כאָטש ער איז נישט קיין פוילער און וואָלט גערן אַליין געטראָגן דעם עול פּרנסה, פאַרלויפט זי אים אַלע וועגן... שטייט אין קראָם און פירט די באַלעבאַטישקייט, גיט די קינדער אַ פײַנע דערציִונג און דער אמת איז, אַז זי האָט גוטע קינדער. די איינציקע זאַך, וואָס דער מאַן אליהו פײַפערמאַן טוט; ער פאָרט אַ פּאָר מאָל אין וואָך אויף די ירידים. וואָלט זיך ראָכל נישט געשעמט פאַר מענטשן, וואָלט זי דאָס אים אויך נישט געלאָזט טאָן און אַליין געפאָרן...

ראַכלס עלטערע טאָכטער, אַ פײַן, שיין און אינטעליגענטע מיידל האָט זיך פאַרליבט אין יענקל מאַליווערס זון הערשל און ביידע זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. ער איז געווען דער בכבודיקער סעקרעטאַר פון דער שאַרגאָראָדער געזעלשאַפט אין ניו־יאָרק און איז שוין אויף דער אמתער וועלט — ז"ל. דאָס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע פון איר עלצטער טאָכטער, איז פאַר ראַכלען געווען אַ שווערע איבערלעבונג. אַ שאָד וואָס זי האָט צו יענער צײַט נישט געוווּסט, אַז מיט יאָרן שפּעטער וועט די טאָכטער זײַן דער מלאך הגואל פון דער גאַנצער משפּחה און זיי ראַטעווען קיין אַמעריקע. ראַכל, דענק איך, האָט שוין דאַן נישט געלעבט.

ראַכל האָט געהאַט אַ קליין מיידעלע, מײַנע האָט זי געהייסן, האָט זי גערעדט אַ מין „עספּעראַנטאָ" שפּראַך, נאָך איידער דאָקטאָר זאַמענהאָפס לשון איז אָנגע־קומען קיין שאַרגאָראָד... נו, איך דערקען שוין אין אײַך, אַז איר גלייבט מיר נישט... אַדרבא טרעפט, וואָס אָט די מעשה מיינט: „אַ אָ פּיץ פּיץ, לולע ווילע, פאָלע ווילע, אַ אָ ני פּיץ פּיץ, אַ אָ!" נו, וואָס זאָגט איר איצט, האַ? אַז איר וועט מיך בעטן וועל איך אײַך דעשיפרירן אָט די מעשה מײַנעס. הערט אָקאָרשט מיט קאָפּ, „אַ אָ פּיץ פּיץ — אַז איך בין געווען אַ פּיצעלע קינד. לולע ווילע — בין איך געשלאָפן אין וויגל. פאָלע ווילע — בין איך אַרויסגעפאַלן פון וויגל. אַ אָ ני פּיץ פּיץ — איצט בין איך מער נישט קיין פּיצעלע. אַ אָ!!! — איך בין אַ גרויסע"... ווי געפעלט אײַך אַזאַ „עספּעראַנטאָ"?

דאָס „פּיץ פּיץ" מיידעלע איז הײַנט אַ פײַנע ייִדישע דיכטערין, טאַקע אין אַמעריקע, מיריאַם לעווין.

***

אַז עס האָלט שוין בײַ שפּראַך טשיקאַווּעסטן אין שאַרגאָראָד, וועל איך אײַך דערציילן, אַז מיר האָבן אין שאַרגאָראָד געהאַט אַ יונגנמאַן, ווּעמען מע האָט גערופן „דער נדן"... „דער נדן גייט", „דער נדן שטייט", „דער נדן לויפט", „דער נדן האָט אַ גוט קעפּל", „דער נדן האָט זיך צעשלאָגן די נאָז"... דער נאָמען איז טאַקע געווען אַ צונעמעניש, אָבער נישט פון דעם סאָרט, וואָס מענטשן רופן עמעצן הינטער יענעמס פּלייצעס, און אין די אויגן וואָגט מען נישט דאָס וואָרט צו דערמאָנען. אַפילו זײַן אייגענער טאַטע, אַברהם שלמה גלעזער, האָט אים גאָר אַנדערש נישט גערופן ווי — „נדן"... „נדן, גיב מיר די צוויעקלעך"... „נדן, נאָך אַ ביסעלע קיט"... „נדן, גרינגער מיטן דימענט, דו וועסט צעפּטרן דאָס גלאָז"... אַפילו ווען ער איז אַ חתן געוואָרן איז געווען „דער נדן איז אַ חתן געוואָרן". און „דער נדן האָט מיט מזל חתונה געהאַט"... וואָס טויג אײַך מער? דעם „נדנס" ווײַבל האָט מיט גאָטס הילף געהאַט אַ ייִנגעלע... און ווען דער וועוריק האָט נאָר אָנגעהויבן רעדן, איז, אַז מען האָט אים געפרעגט: „ייִנגעלע, וועמענס ביסטו?" האָט ער געענטפערט „דעם דאַדעטס"... (דעם נדנס). ער האָט, נישט פאַר אונדז געדאַכט, געהאַט אַ פאַרשטאָפּט נעזל...

איז פון וואַנעט טאַקע האָט זיך גענומען אַזאַ טשיקאַווער נאָמען? מיט דעם, מײַנע ליבע, איז פאַרבונדן אַ שיינע מעשה. אָט הערט אָקאָרשט: אַברהם שלמהס ערשטע ווײַב איז זייער יונג געשטאָרבן, אַ קרענקלעכע געווען, דאָס ווײַבל עליה השלום. איז זי געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַברהם שלמהן מיט אַ פּיצל קינד. האָט ער זיך נעבעך געאײַלט חתונה צו האָבן. האָט מען אים, ווי עס פירט זיך, גערעדט שידוכים, איז ער געפאָרן אין אַ נאָענטן שטעטל אָנקוקן אַ כלה. די כלה איז אים גראָד געפעלן. אַן אָנשטענדיק, שיין מיידל, נישט קיין נאַר. איז ווען ער איז געבליבן אַליין מיט דעם מיידל, איבערצורעדן מכוח „אַכצן און דרײַצן", האָט דאָס מיידל מיט טרערן אין די אויגן אים דערציילט, אַז איר טאַטע איז אַזוי אָרעם, אַז נישט בלויז האָט ער נישט קיין נדן פאַר איר, נאָר אַפילו קיין „פּאָוועלע" — (אויסשטײַער), האָט זי אויך נישט... אַברהם שלמה האָט זי אויסגעהערט און איר געזאָגט, אַז זי דאַרף זיך גאָר נישט זאָרגן, ער וועט איר אַלץ אײַנקויפן, ער וועט פאַר איר באַשטעלן די שענסטע חתונה קליידער, וועט פאַר זײַן געלט מאַכן אַ שיינע חתונה און ער האָט אַפילו פאַר איר נדן. איר הערט אַ מעשה: ער האָט פאַר איר נדן...

בקיצור, אַברהם שלמה האָט געהאַלטן וואָרט. ווײַל ערשטנס איז אים טאַקע דאָס מיידל געפעלן; צווייטנס, כאָטש ער איז געווען בלויז אַ בעל מלאכה, האָט ער אָבער געהאַט שיין פּרנסה. ער האָט זי באַלעבאַטים אויסגעקליידט, געמאַכט אַ גאָר שיינע חתונה. נאָך דער חתונה איז מען מיט מזל געקומען קיין שאַרגאָראָד. בײַ אים אין שטוב איז געבליבן אַ שכנה, צי אַ קרובה, מיטן קינד, ווען ער איז

געפאָרן צו דער חתונה. ווען ער האָט דאָס נײַע ווײַבל אַהיים געבראַכט איז דאָס קינד געשלאָפן אין ספּאַלניע און די קרובה, צי שכנה, איז געזעסן נעבן בעטל.

דאָס ווײַבל האָט געדענקט אַברהם שלמהס צוזאָג, אַז ער האָט פּאַר איר נדן, האָט זי געטראַכט, אַז מן הסתם האָט ער פאַר איר אַ שטיקל צירונג פון דער ערשטער ווײַב, וואָס ער האָט איר נישט געוואָלט געבן פאַר דער חתונה. ווען מע האָט זיך אָוועקגעזעצט טרינקען טיי און זי האָט זיך דערפילט אַ ביסל פרײַער, היימישער און דרייסטער, טוט זי אים אַ פרעג: „און ווו איז דײַן נדן, וואָס האָסט מיר צוגעזאָגט, אברהם שלמה?“ „וואָס הייסט ווו, ענטפערט אַברהם שלמה, קום וועל איך אים דיר געבן“... אַברהם שלמה האָט זי אָנגענומען בײַ דער האַנט, זי אַרײַנגעפירט אין אַלקער, אַרויסגענומען דאָס שלאָפנדיקע ייִנגעלע פון בעטל אין איר געזאָגט: „אָט איז דײַן נדן, כײַקע, זאָלסט אים אָפּהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. איך האַלט נישט פון פאַרלירן דעם נדן ווי אַנדערע יונגעלײַטלעך הײַנטיקע צײַטן טוען...“

דעם ווײַבל איז אַזוי געפעלן דער וויץ, אַז זי האָט אַרומגעכאַפּט קושן דעם „נדן“ מיט די רויטינקע בעקעלעך, געלאַכט אַזוי שטאַרק, אַזש טרערן האָבן זיך איר געגאָסן פון די אויגן... „נייך, אברהם שלמה, איך וועל דעם נדן קיין מאָל נישט פאַרלירן...“

זי האָט געהאַלטן וואָרט, אָט די כײַקע. און דער „נדן“ איז געבליבן בײַם נאָמען . . .

איצט, אַז איר ווייסט שוין, אַז מע קען זײַן אַ בן אָדם, אַ מענטש הייסט עס, און טראָגן דעם נאָמען פון אַ זאַך, מעג דאָס אַפילו זײַן פון אַ זאַך אַ גוטער, וואָס אַלע יונגע לײַט געלוסטן צו דעם און קריגן דאָס נישט הײַנטיקע צײַטן — נדן מיין איך. ווײַל עס איז געוואָרן אַ מאָדע חתונה צו האָבן פאַר ליובווי“ *), מעגט איר שוין אויך וויסן, אַז מע קען זײַן אַ ייִדענע מיט אַלע חושים, האָבן אין זיך נײַן מאָס רייד און מער, און טראָגן אַזאַ נאָמען, וואָס גראַמט זיך מיט רייד, ווי עס גראַמט זיך היץ מיט מאַראָזשענע, אָדער טויבקייט מיט פידל שפּילן. נאָך מער, דער טשיקאַווער נאָמען רירט־אָן נישט נאָר די ייִדענע אַליין (וואָס האָט נײַן מאָס רייד און מער) נאָר אַ גאַנצע כאַליאַסטרע קינדער־יתומים, וואָס האַלטן אין איין שרײַען און גוואַלדעווען אויף קולי קולות בלויז צוויי ווערטער „מאַמע עסן“!... און אַלץ דאָס בשכנות פון דעם „נדן“...

איך וועל אײַך נישט אָנציִען. אײַך לאַנג נישט לאָזן וואַרטן און אײַך איבער־צײַגן, אַז אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט איז נישט קיין תרגום־לשון, נאָר דער סאַמע ריינסטער אמת... מיר האָבן אין שאַרגאַראַד אַ פּרוי, וואָס רעדט (שוין אַ ביסל צו פיל...), וואָס שרײַט, נישט בלויז ווען עס טוט איר וויי, נאָר אַלע מאָל, תמיד

*) דורך ליבע.

און שטענדיק (ווײַל זי האָט אַ הויך קול, זאָגט מען, אַ שרײַעוודיקס, אַ קוויטשע־דיקס...) און שעלט מיט אַזעלכע קללות, וואָס זײַנען אַפילו אין דער תוכחה נישט בנימצא, איר וועט זיי אַפילו נישט געפינען אין מכה־ריוועס „סלאָוואַר" *). (מכה־ריווע איז אַ קעכין בײַ מלכה מעניעס, און צוליב אירע קללות רופט מען זי נישט מלכה־ריווע, ווי איר אמתער נאָמען איז, נאָר מכה־ריווע...). איז אָט די ייִדענע, וואָס איך האָב אויסגערעכנט אירע מעלות, רופט מען — — די „שטומעכע"... מחמת איר מאַן עליו השלום איז געווען, נישט פאַר אונדז געדאַכט אַ שטומער... דער מאַן איז שוין לאַנג אויפן עולם האמת, נאָר דער נאָמען „שטומעכע" איז איר געבליבן... „דער שטומעכעס כאַטע"... „דער שטומעכעס קינדער"... „די שטומאַ־קעס"... „דער שטומעכעס געזייערטע אוגערקעס"... — (זיי האָבן אַ שם איבער גאַנץ שאַרגאָראָד דער „שטומעכעס" אוגערקעס, און זײַנען איר קוואַל פון פרנסה צו באַשפּײַזן אירע „ווערעם", די יתומים). מיט איין וואָרט, „די שטומעכע". ווי געפעלט אײַך אַזאַ נאָמען? הערט איר, טאַקע נאָר בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד קען מען זיך דערטראַכטן צו אַזאַ לאָגיק פון לשון. עס איז דאָך אַ פשוטער שכל, אַז דער מאַן איז אַ שטומער, איז די ווײַב אַ שטומעכע („פאָניאַלי"? **), וואָלט אויף אַזאַ לאָגיק גע־זאָגט טביהלע זייפמאַן).

און שאַ! וואָס פעלט אײַך אַ שטייגער אין דעם נאָמען „קריוואָרוטשקעכע"? איך גלייב, אַז איך דאַרף אײַך דאָ צו פיל נישט ברעכן און ציִען די קליי פון די ביינער, איר וואָלט שוין אַליין געמעגט טרעפן, כ'לעבן, אַז דער מאַן עליו השלום, שוין אויך אויף דער אמתער וועלט, האָט, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, געהאַט אַ קרום הענטל און אים, ער זאָל זײַן אַ גוטער בעטער, האָט מען גערופן „קריוואָרוטשקאָ"...

**
*

מיר וועלן פאַרענדיקן מיטן צונאָמען „שטומער חזן" און איך וועל דאָס מאַכן אַזוי בקיצור, ווי נאָר מעגלעך.

ניין, איר האָט נישט געטראָפן. נישט ער איז געווען אַ שטומער, און נישט ער איז געווען אַ חזן. ער איז בלויז געווען אַ בחור, וואָס האָט געוואָלט זײַן אַ חזן... פלעגט ער טאָג ווי נאַכט מאַכן רעפּעטיציע. דאָס געסל האָט שוין געוווּסט, אַז מע הערט דאָס גרויסע געוויין, דעם שרעקלעכן געיאָמער איז דאָס נישט צוליב דעם, וואָס עמעצער האָט זיך חלילה געפעלט, נאָר עס קומט פון דעם זייער טרוי־עריקן, כ'וואָלט געזאָגט — זייער טראַגישן „גוזאַגעכץ" (דער בחור האָט געוואָלט ווערן אַ חזן אַ בעל בכי „מיט געפיל" אַזוי צו זאָגן...). אַ שטימע האָט ער געהאַט, וואָס מען האָט געדאַרפט טרעפן, אַז ער זינגט מיט איר, נאָר האָט ער אײַך גע־

*) ווערטערבוך.

**) האָט איר פאַרשטאַנען?

טראָפּן, האָט ער נאָר געוואָלט איר זאָלט אים אויסהערן. און ווי וויל איר האָט שוין געוווּסט, וואָס איר קענט דערוואַרטן, האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַזעלכע טרויעריקע אויגן און אַזאַ צער איז געווען אין זיי, אַז איר האָט געדאַרפט האָבן אַ האַרץ פון אַ טאָטער, אַז איר זאָלט אים אָפּזאָגן...

דער סוף איז געווען, אַז ייִנגלעך האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „דער שטומער חזן"... מיינט איר דאָך, אַז עס האָט געהאָלפן? אייסיך וואָס, אַ נעכטיקער טאָג...

* * *

פון אַן אויסגעטראַכטן נאָמען צו אַן אמתן און פאַרדינטן. חיים ווערכיווקערס — שטומען.

אַ יונג אַ ליכט, אַ שיינער מיט אַ פּאָר קלוגע אויגן, אַ פריילעכער בחור מיט אַ פּאָר גאָלדענע הענט צו שנײַדערײַ. צו קענען אַרבעטן בײַ אפרים ליטוואַק, האָט מען געדאַרפט קענען די מלאכה. נאָר, נעבעך, אַ שטומער. כאָטש דעם אמת געזאָגט, אַז אויב אויגן ריידן, זײַנען דאָס געווען אָט דעם שטומענס אויגן. און מיר דאַכט זיך, אַז זײַנע אויגן האָבן גערעדט בלויז קלוגע רייד. נאָר וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז זייער ווייניק מענטשן פאַרשטייען דאָס לשון פון די אויגן. אפשר מיידלעך פאַרשטייען אויגן־לשון, אי דאָס — בלויז נאָך דעם ווי איר האָט זיי שוין מיטן מויל געזאָגט, אַז איר האָט זיי ליב... נאָר נישט דאָס בין איך איצט אויסן. איך וויל אײַך דערציילן, אַז אָט דער בחור האָט פּאָניעס „פריסוטסטוויע" נישט געגלייבט, אַז ער איז אַ שטומער און מע האָט אים געשיקט אין קיִעווער מיליטערישן שפּיטאָל „נאַ איספּיטאַניע" (שאַרגאָראָדער ייִדן פלעגן זאָגן: „נאַ וואָספּיטאַניע"), דאָס הייסט, מע זאָל אים אויספּרוּוון צו זען, צי דער „זשידאָק" מאַכט זיך נישט צו מאָל שטום (אויף ייִדן איז, יאַקבי, אַלץ צו גלייבן...), צי ער שפּילט נישט קיין טעאַטער, אַזוי צו זאָגן... מאָלט אײַך, קיין פּיקניק איז דאָס נישט, ווען מע נעמט אַ מענטשן און מע טוט אים אַ שטאָך אין דער סאַמע פּיאַטע מיט אַן אָנגעגליטער זאַקנאָדל, בשעת די אויגן זײַנען אים פאַרבונדן און עס קומט אומגעריכט. פון אַזאַ מין איידעלער באַהאַנדלונג, דאַרף מען זײַן שטאַרקער פון אײַזן, און זיין — ווי זאָגט איר — אַ געבוירענער שטומער, אַז מע זאָל נישט אויסשרײַען „אוי, מאַמע!"... מע האָט דעם שטומען דאָרטן געמאַטערט מיט אַלערליי עינויים קשים... מע פלעגט אים אויפוועקן אין מיטן נאַכט — מיט אַ שטאָך, אַרויסצוקריגן פון אים אַ געשרײַ מיט ווערטער... איז געשריגן האָט ער טאַקע, נאָר מיט די „זנאַמעניטע"* קולות פון אַ שטומען, וואָס פאַרגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן ווען מע הערט עס בלויז... נאָר טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָט זיך אין דער זעלבער פּאַלאַטע געפונען אַ גויעצל פון די קיִעווער אַנטיסעמיטן פון „טשאָרנאָסאָטענצי"**, וואָס האָט דאָבראָוואָלנאָ, דאָס הייסט, פרייוויליק אַרויסגע־

* באַוווּסטע. — ** שוואַרץ־מאהניקעס.

האַלפּן די תליונים... פּלעגט יענער דעם שטומען ממש דערגיין די יאָרן... איז הערט, וואָס אַ שטומער קען אויסטראַכטן פאַר אַ נקמה: אין איינעם אַ טאָג קויפט דער שטומער אין דעם מיליטערישן שפּיטאָל־קרעמל אַ גאַנצן פּאַפּירענעם בייטל מיט זיסווייניקע מאַנפּאַסיע. ער האָט געהאַט אַ שוואַרצע קאַראַקולענע קוטשמע, דער שטומער, נעמט ער און שמירט זי אָן מיט סאַזשע, קומט אַריין אין פּאַלאַטע, זעצט זיך אַוועק אויף זיין קאַיקע( בעטל) און לעקט זיך געמיטלעך די מאַנפּאַסיע... די אַנדערע שכנים אין פּאַלאַטע קומען צו איינציקווייז בעטן מאַנפּאַסיע, דער שטומער זאָגט קיינעם נישט אָפּ, גיט יעדן איינעם מאַנפּאַסיע, זשאַלעוועט נישט קיינעם... מאַנפּאַסיע האָט אייך אַ טבע, ווען מע לעקט עס, אַרויסצוגעבן פון זיך די ריחות פון פרישע פּרוכטן, ווי מאַלינעס, פּילינעצעס, פּערעשקעס און אַפילו פון אַזעלכע זאַכן ווי נעגעלעך, מיאָטקע און צימרינג. די גאַנצע פּאַלאַטע ווערט אָנגעפילט מיט גן־עדן־ריחות... די גערוכן רייצן די נאָז ביי אונדזער גויעצל, עס גייען אים אויס אַלע חיותן... ביי אים וואָלט איר אַפילו געקאָנט פּועלן, אַז ער זאָל צוגיין און צוכאַפּן דעם גאַנצן בייטל מיטן אוצר, און רופט אים קנאַקניסל... ער האָט שוין ערגערע זאַכן געטאָן אין זיין לעבן צו יידן, און עס איז אים אָפּגע־גאַנגען גלאַטיק... ער ווייסט אָבער, אַז איצט איז נישט די צייט פאַר דעם, ער וואָלט קעגן זיך געהאַט די גאַנצע פּאַלאַטע, וואָס דער שטומער האָט אַזוי ברייט־האַרציק מכבד געווען... שטייט ער אַזוי פון דער ווייטנס און די סלינע רינט אים פון מויל... אונדזער שטומער טוט אַ שמייכל צו אים, און רופט אים מיט אַ פינ־גער, ער זאָל צוקומען נענטער, צייגט אים מיטן זעלבן פינגער אויפן בייטל מיט מאַנפּאַסיע, עס הייסט, „שעם זיך נישט, ברודערל, «סטיעסניאַיע» זיך נישט, קום אַהער, וועסטו אויך קריגן דיין חלק...” דער גויעצל האָט זיך נישט געלאָזט בעטן, איז אויף גיך צוגעלאָפן. דער שטומער האָט זיך מיט אים דערפרייט ווי מיט דער מאַמען פון יענער־וועלט, אַרויסגעכאַפּט אַ גאַנצע זשמעניע מאַנפּאַסיע, אים דערלאַנגט און אַפילו זיך אַרומגעכאַפּט מיט אים ווי מיט אַ האַרץ־פריינד איין מאָל און נאָך אַ מאָל און אַ דריט מאָל, און ביי יעדן מאָל אַרומנעמען, איז דעם גויעצלס פּנים געוואָרן שוואַרצער און שוואַרצער, ביז מע האָט שוין באַלד נישט געקאָנט דערקענען צי עס איז אַ מענטש צי אַ קוימען פון אינעווייניק... אַז ער איז מיט אים פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אויף זיין שטום־לשון אָנגעהויבן ריטשען און צייגן מיט דער האַנט צו דער טיר, נעבן וועלכער עס איז געהאַנגען אַ שפּיגל... דער עולם „נאָוואָבראַנצעס”* האָט געזען, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן, און זיך געקאָטשעט פון געלעכטער. דער גויעצל איז צעטומלט געוואָרן און נישט גע־ווּוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. ביז איינער האָט אים אַ זאָג געטאָן, אַז עס רינט אים בלוט פון דער נאָז... האָט ער זיך דערשראָקן, צוגעלאָפן צום שפּיגל און דער־

* רעקרוטן.

זען זײַן בראָך, דערזען דעם שוואַרצן חורבן... זײַן ערשטער אימפּולס איז געווען זיך צו לאָזן לויפן צום שטומען און אים מקיים פּסק־זײַן. נאָר די גאַנצע פּאַלאַטע האָט זיך אַ ריר געטאָן צום שטומען און אַלע, אַזוי ווי זיי זאָלן געווען מאַכן אַ רעפעטיציע, האָבן בגראַמאַדע אַ געשריי געטאָן: „ניע סמעיו!" — עס הייסט — וואַג נישט!... מיט וואָס דאָס שמעקט האָט דער אַנטיסעמיט פאַרשטאַנען, און אַ רעזיגנירטער זיך געוואָלט לאָזן גיין אין וואַשצימער. חברה האָט אים אָבער אָפּ־געשטעלט. און איינער פון דער כאַליאַסטרע, אַ „וועליקאַן", אַ „גיגאַנט" (אַ ריז) האָט אים געוואָרנט, אַז ער זאָל זיך נישט דערוועגן צו טראַכטן פון נקמה נעמען, ווײַל עס וועט אים גלאַט נישט אָפּגיין... און פאַרענדיקט, אַז „איצט קענסטו גיין"... כן יאבדו...

## משנה מקום, משנה מזל

אויב איר זעט נעבן דער מעראַכוועך בריק צוויי מיידלעך: איינע אַ קראַסאַ־וויצע די צווייטע — נו, נישט קיין קראַסאַוויצע... זאָלט איר וויסן זײַן, אַז די יפת־תואר, די קראַסאַוויצע איז דאַבריש שעלאַזיעס (שואל אײַזיקס) און די צוויי־טע איז פייגע נפתלקעס. שעלאַזיע איז אַ מוליער, אַ פריילעכער לונג־און־לעבער; זאָגט ווערטלעך, פלעכט גראַמען און זײַנע אויוונס האָבן אַ שם, — זיי רויכערן נישט. וואָלט איר דאָך געמיינט, אַז צוליב אַזאַ מין „רענאָמע" (שם־טוב) גייט דער ייִד אין גאָלד אָנגעטאָן? וועט איר גראָד נישט האָבן געטראָפן. ווײַל וויפל נײַע הייזער בויט מען אין שאַרגאָראָד, אַז מע זאָל דאַרפן נײַע אויוונס. וואָס איז שעלאַזיעס „קאָניאָק" (ספעציאַליטעט)? מוז מען נעמען וואָס עס קומט, דאָס הייסט, פאַרריכטן אַלטע. איז דאָס, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, פוילע פיש און פאַרשטונ־קענער הערינג. נישט די אַרבעט איז אַן אַרבעט וואָס ער האָט ליב, נישט מע באַ־צאָלט געננוג... נפתלקע איז גלאַט אַ ייִד אַן אָרעמאַן. ער האָט שוין, נעבעך, פּרוּ־בירט דינען אַלע עבודה־זרהס און עס איז פון דעם גאָר נישט אַרויסגעקומען... און אָרעם ווי ער איז, נפתלקע, איז ער נישט פון יענע, וואָס וועט, חלילה, אויס־שטרעקן אַ האַנט... און דאָ איז דאָס עלטערע מיידל שוין אין חתונה־עלטער, און מע קען אַפילו נישט חלומען וועגן אַ שידוך, ווײַל כאָטש דאָס מיידל איז אַ גאַנץ ווױלע, נישט קיין נאַר, אַ גוטע באַלעבאָסטע, קען אַפילו שרײַבן און לייענען (ער האָט נעבעך די קליי פון זיך געצויגן און געצאָלט אַהרן־איציען שכר־לימוד, ער זאָל זי לערנען). איז ער אָבער נישט געגאַרט בײַ זיך, נפתלקע, ער ווייסט, אַז צו־ליב איר „שיינקייט" וועט זי קיינער בײַ אים נישט אויסכאַפּן. וואָלט ער געהאַט נדן צו געבן, וואָלט זיך אפשר געפונען אַ בעלן, אָבער (ער האָט עס מורא אַרויס־

צוברענגען אַפּילו אין געדאַנק) — ס'איז „בי גראַשי, בי טאָוואַר" (נישט קיין געלט און נישט קיין סחורה)...

**
*

דאַבריש שעלאַזיעס וואָלט דווקא יאָ געקאָנט קריגן בחורים, נאָר זיי, די בחורים וואָס זי קען קריגן, ווילן אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט חתונה האָבן... „אַ פּאַהיבעל אויף זיי — זאָגט שעלאַזיע. — אַ וועלט געוואָרן: ביי יעדן לעמעש־קע, איז הפקר פּעטרישקע"... (אָן אַ גראַם רירט זיך נישט דער אַלטער).

און כאָטש די מיידלעך זיינען אָרנטלעכע קינדער, רעדט מען אויף זיי. איך פאַרשטייט, שאַרגאָראָד („עס זאָל שרפען און ברענען און לעשן זיך נישט קענען", — שעלט שעלאַזיע אין גראַמען), שאַרגאָראָד דאַרף וויסן, וואָס טוען צוויי מייד־לעך אַליין אויפן לאָן אין אַ מיטן מיטוואָך, ווען קיינער איז שאַרגאָראָד גייט גאָר נישט שפּאַצירן?...

**
*

די צוויי טאַטעס האָבן זיך צוזאַמענגערעדט און באַשלאָסן אויסצופּרוּוון דאָס אַלט יידיש מיטל, די אַלט־אַלטע סגולה פון „משנה מקום, משנה מזל"... און האָבן אין איינעם אַ טאָג זיך אַרויסגעקליבן קיין מאָליעוו... שוין זיצנדיק אויף דער פור אויבן־אויף — אויף די בעבעכעס, האָט שעלאַזיע אָפּגעגראַמט אַ פּאָר קללות, אַז „זיי זאָלן נאָר פאַלן אין ים" — האָבן וויבער געשעפּטשעט... צום באַדויערן זיי־נען דאָס מאָל די קללות נישט געפאַלן אין ים, נאָר פאַרפּלויגן אין ריכטיקן אָרט, ווי איר וועט זיך דאָס דערוויסן פון איינער פון די דערציילונגען אין בוך. און אָט זיינען די גראַמען:

— שאַרגאָראָד, שאַרגאָראָד, אין דער ערד האָב איך דיך טיף טיער...

— זאָלסט עולה־בעשן זיין צום הימל אין אַ העליש פייער...

צי עס איז טאַקע מקוים געוואָרן דער „משנה מקום, משנה מזל", קען איך אייך נישט זאָגן (דעם שרייבער פון די זכרונות דאַכט זיך, אַז קללות פון פאַרביי־טערטע מענטשן נעמען זיך גיכער אָן ווי ברכות...) — אָבער דער „עולה־בעשן" איז צום באַדויערן יאָ מקוים געוואָרן.

## אַן אויסדאַכטעניש...

בנימין־לייזער איז דער אָפיציעלער בעל־שחרית אין שאַרגאָראָדער שול, מיט אַ חזקה אויפן גאַנצן לעבן. דעם אמת געזאָגט, איז בנימין־לייזער אַן אמתער חזן מיט אַ שיינער שטימע, און ער ספּראַוועט זיך מיט איר אין דער גרויסער שול

בעסער ווי די גרעסטע חזנים. נישט מער — ער איז נעבעך אַ יאַדישליוווער — איז ער, און מע ווייסט קיין מאָל נישט, ווען עס וועלן אים אָנהייבן פּײַפן פּײַפּע־לעך אין האַלדז. „אַסטמאַ", ווי די הײַנטיקע רופן די מחלה, האָט אײַך אַ מיאוסע טבע אָנצווזעצן זיך אויף אַ מענטש פּונקט ווען מען דאַרף זי ווי אַ לאָך אין קאָפּ... דער ייִד האָט אָבער אַ חזקה, דאַוונט ער בלויז שחרית, און אַז עס טרעפט אַ מאָל, די פּײַפּעלעך צעלאָזן זיך, ווי מע זאָגט — „בחצוצרות וקול שופר" — איז דער עולם געדולדיק און לאָזט זיך אים אויסהוסטן. פּאָרט, ווי זאָגט איר, ייִדן מיט אַ ביסל יושר... די ייִנגערע ווילן אָפּילו נישט לײַדן. מע האָט שוין פּרובירט צווישן זיך אַ שמועס טאָן, אַז חזקה מיינט נישט אַז ער, דער חזן, מוז עס טאָקע דאַוונען. די יונגעלײַטלעך ווייסן צו דערציילן, אַז אויב מע צאָלט אַ חזן (אָן עלטערן) זײַנע שכירות איז מען יוצא, דעקט מען דערמיט די חזקה... אָבער די עלטערע ייִדן האָבן נאָך, ברוך־השם, די דעה און וועלן נישט דערלאָזן קיין שפיכת־דמים, פון באַליידיקן אַ בכבודיקן ייִד וואָס האָט כל ימיו געדינט דער שול מיטן גאַנצן האַרצן, אָדער ווי אונדזער טביהלע זאָגט אויף ייִדיש: „ווערעאַי אי פּראַוודאַי" *... (די עלטערע ייִדן ווייסן נישט וואָס עס גייט אויף זיי; די יונגע, איז אַ סברה, זאַמלען זייערע כוחות איבערצונעמען די מאַכט און פירן די שול, ווי זיי פאַר־שטייען). נאָר דערווײַל האָבן נאָך די עלטערע ייִדן די דעה און בנימין־לייזער איז דער בעל־שחרית מיט אַ חזקה, מיט שכירות. מאָלט אײַך, פון די שכירות קען מען קיין נגיד נישט ווערן, בפרט אַז מע האַלט אין חתונה מאַכן אַ טאָכטער; מע האָט צוגעזאָגט נדן און מע דאַרף אויך מאַכן אַ לײַטישע, באַלעבאַטישע חתונה... נו, האָט בנימין־לייזער נאָך אַ צוגאָב־פּרנסה: ער איז אַ שטיקל שדכן. איז אויך פון דעם קען מען הײַנטיקע צײַטן קיין גביר נישט ווערן. עס זײַנען פאַראַן אין שאַרגאָראָד מער שדכנים ווי חתנים. און אַז מע לויפט זיך גענוג אָן, מע רעדט זיך אָן ווי אין אַ פּויק און עס דאַכט זיך, אַז עס האַלט שוין בײַ ברעכן טעלער, רוקן זיך אונטער צוויי אַנדערע שדכנים, וואָס האָבן נישט געפּאָקט און נישט געמאָזלט און קיין פינגער אין קאַלט וואַסער נישט אַרײַנגעטאָן — דערקלערן זיך פאַר שותפים, און גיי שרײַ חי־וקים, אָדער גאָר קלאָג זיי אָן צום ונתנה־תוקף... ווײַל גייך מיט זיי צו אַ דין־תורה, ווייסט מען דעם פּסק אויף אויסווייניק, ס'איז דער אַלטער ייִדישער „יחלוקו" און מע דאַרף נאָך באַצאָלן צו דעם פּסק־געלט...

בנימין־לייזער האָט נאָך אַ חזקה, אָבער גאָר פון אַן אַנדער סאָרט: אין משך פון יאָרן עסט ער שלוש־סעודות מיט הערשל מעניעס... איך קען אײַך אַקוראַט נישט זאָגן, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן און פאַרוואָס. גבירים האָבן אײַך אַלערליי אײַנפאַלן און קאַפּריזן. ווי די זאַך זאָל נישט זײַן, עס איז אַן אײַנגע־שטעלטער מנהג, אַז די צוויי עסן צוזאַמען שלוש־סעודות. און אַז גאָט העלפט —

---

* מיט גלויבן און אמת.

די „זאַדישקע" דערקוטשעט נישט, זינגט בנימין־לייזער זמירות מיטן סאַדיגורער ניגון, הערשל מעניעס העלפט אים אַרויס און האָט גרויס הנאה פון דעם.

אין זעלבן חדרל ווו מע עסט שלוש־סעודות, געפינט זיך אין אַ ווינקל אַ טיש־קעסטל, און אַלע מאָל ווען בנימין־לייזערס בליק פאַלט אויף דעם, ווערט ער עפּעס מאָדנע אומרויִק. ער ווייסט נישט פאַר וואָס, בנימין־לייזער, נאָר מאָדנע, ווילדע געדאַנקען באַפאַלן אים לעצטנס... ער ווייסט, אַז עס איז אַ גרויסע זינד צו טראַכטן אַפילו פון אַזעלכע זאַכן. בנימין־לייזער איז אַ ייִד אַ למדן און ווייסט אַז דער בעל־דבר, דער יצר־הרע, ימח שמו, אויב ער קען דיך נישט אַ שטויס טאָן צו אַ ריכטיקער עבירה במעשה, וועט ער דיך מאַכן עובר צו זײַן אויף „לא תחמוד", כאָטש במחשבה... און ווי ער טרײַבט נישט פון זיך די נאַזוויליוווע געדאַנקען ווי זלידנע פליגן, קען ער זיי נישט פאַרטרײַבן. מאַכט זיך איין מאָל אין אַ שבת פאַר נאַכט, אַז מע רופט הערשל מעניעס אַרויס פון צימער; זײַן ווײַב האָט אים עפּעס געוואָלט פרעגן, צי וואָס. בנימין־לייזער בלײַבט אַליין... און כהרף־עין, נישט מיט זײַן אייגענעם כוח אָדער ווילן, הייבט ער זיך אויף... אָט איז ער שוין בײַם טישקעסטל. עפּעס פון זיך אַליין עפנט זיך דאָס שופלאָדל, עס שווינדלט אים אין די אויגן... אָט חלשט ער... מיט אַלע כוחות פאַרמאַכט ער דאָס טיש־קעסטל צוריק... לויפט שנעל צו זײַן שטול... „גאָט דערבאַרעמדיקער, וואָס קומט פאַר מיט מיר?"... „וואָס איז דאָס פאַר אַ נסיון?"... עס כאַפּט אים אָן אַ מוראדי־קער הוסט, נאָך קיין מאָל אַזאַ אָנפאַל נישט געהאַט. אָבער מערקווירדיק, עס הייבט אים נישט אָן אַרן. „זאָל באַלד קומען דער סוף, עס וועט זײַן אַ פאַרדינטע שטראָף"...

**
*

ווען הערשל מעניעס איז צוריק אַרײַנגעקומען, האָט ער, בנימין־לייזערן גע־טראָפן אַ נוטה־למות. ער האָט אים געהאָלפן צוגיין צום נאָענטסטן דיוואַן, אים אַוועקגעלייגט און געשיקט נאָך דאָקטער סמאָליענסקין. דער דאָקטער איז געקו־מען, באַטראַכט דעם חולה, פאַרשריבן אַ רפואה און גענומען אין זײַן אייגן בריטש־קעלע דעם חולה אַהיים. הערשל מעניעס, שטאַרק באַזאָרגט וועגן קראַנקן, איז אויך אַריבערגעקומען צו בנימין־לייזערן אַהיים, אָפּגעזעסן דאָרטן אַ גוטע פאַר שעה געפּרובירט ריידן צו אים, נאָר יענער: אָדער ער הוסט, אָדער ער וויינט און קען קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען... דער דאָקטער איז אין אַ פאַר שעה אַרום נאָך אַ מאָל געקומען, אים נאָך אַ מאָל עקזאַמינירט, און נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאַר. ער קען שוין בנימין־לייזערן ווי אַן אַסטמאַטיקער לאַנגע, לאַנגע יאָרן. די אַטאַקע הײַנט, איז די גרינגסטע וואָס דער ייִד האָט ווען געהאַט, און דאָך האָט ער אים נאָך אין אַזאַ צושטאַנד נישט געזען... ממש אויס מענטש... האָט ער אים געגעבן אַ שטאַרקן שלאָפמיטל און זיך געלאָזט אַהיימגיין. הערשל

מעניעס האָט ער מיטגענומען, כדי ער זאָל נישט דאַרפֿן גיין צו פֿוס בײַ נאַכט. אויפֿן וועג האָט דער דאָקטער זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ אים, ווי אַזוי דער אָנפֿאַל האָט זיך אָנגעהויבן. און הערשל האָט אים דערציילט, אַז אין יענער מינוט איז ער גראָד נישט געווען אין צימער. הערשל האָט געוואָלט וויסן, צי דער חולה געפֿינט זיך אין אַ סכנה... דעם דאָקטערס ענטפֿער איז געווען, אַז דאָס מאָל איז די סכנה נישט פֿון דער אַסטמאַ, נאָר פֿון אַ דערשיטערונג. לויט זײַן מיינונג, האָט דער חולה דורכגעלעבט אַ שוידערלעכע נערוועזע צעטרייסלונג. עס איז אים נאָר אַ חידוש — פֿון וואָס?...

**
*

דרײַ טעג איז בנימין־לייזער געלעגן קראַנק און חוה, זײַן טאָכטער, האָט נישט אָפּגעטראָטן פֿון אים, אויסגעפֿאָלגט דעם דאָקטערס באַפֿעלן... וואָס זי האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין איז געווען דאָס, וואָס אַלע מאָל ווען דער טאַטע פֿאַלט־אײַן, איז ער אַ גוטער חולה, לאָזט זיך באַדינען, נעמט די רפֿואות, איז נישט אויפֿגערעגט, ענטפֿערט אַז מע רעדט צו אים, דאַנקט פֿאַר יעדער זאַך וואָס מע טוט פֿאַר אים; נאָר הײַנט איז אים נישט צו דערקענען. דאַרף זי אים געבן די רפֿואה, וויל ער נישט נעמען. ער האָט איר שוין אַפֿילו הײַנט געזאָגט, אַז עס וואָלט אים געווען מער ניחא ווען זי גיט אים סם... חוה, נעבעך, האָט נישט געוווּסט ווי זיך אַן עצה צו געבן. זי האָט געזען, אַז דער טאַטע גייט־אונטער און זי קען אים מיט קיין זאַך נישט העלפֿן. האָט זי אים עפּעס וואָס געפֿרעגט, האָט ער אויף אַלץ געהאַט איין ענטפֿער: „פֿאַר וואָס לאָזט איר מיך נישט שטאַרבן?". „גוואַלד, — טראַכט זיך דאָס מיידל, — וואָס איז געוואָרן מיט מײַן טאַטן?". זי האָט געפֿרעגט דעם דאָקטער, האָט יענער איר געענטפֿערט, אַז ער אַליין ווייסט אויך נישט וואָס איר טאַטן איז. זײַנע לונגען און דאָס האַרץ זײַנען בײַ אים נישט ערגער ווי אַלע מאָל... „סטײַטש, — טענהט אָבער דאָס פֿאַרצווייפֿלטע מיידל, — איך זע דאָך אָבער פֿאָרט אַז דער טאַטע גייט־אונטער"... „איך זע דאָס זעלבע וואָס דו, מײַן קינד, — האָט איר דער דאָקטער אויף דעם געענטפֿערט, — נאָר צום באַדויערן ווייס איך נישט פֿון וואָס דאָס איז אים געקומען. אַזאַ צושטאַנד, האַלטן מיר, דאָקטוירים, קומט פֿון אַ שווערער גײַסטיקער איבערלעבונג"... חוה האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ און בשום אופֿן נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַן אומגעוויינטלעכע איבערלעבונג האָט דער טאַטע געקענט אַדורכגיין, וואָס זי ווייסט נישט פֿון דעם. — דער דלות? צו דעם, דאַכט זיך, איז ער שוין צוגעוווינט... איז דאָס וועגן איר שידוך? איז אויך די אייגענע מעשה. נאָך אַלעמען איז זי דאָך שוין אַ כּלה. דער יונגערמאַן, כאָטש ער איז אַ געראָדעטער שידוך און די מאָדע הײַנט איז אַן אַנדערע — איז פֿון דעסט וועגן אַ גאַנץ פֿײַנער, פֿון אַ באַלעבאַטישער משפּחה, קען אַ ביסל לערנען, קעןריידן מיט אַ מענטשן, פֿאַרשטייט זיך אין מסחר, און אַז

גאָט זאָל העלפן מע זאָל קענען „דאָקאַזשען״ * צונויפשטעלן דעם נדן און ווי עס איז מאַכן די חתונה, וואָלט ער דאָך, דער טאַטע, געקענט לעבן ווי אַ שטיקל מענטש די פּאָר יאָר וואָס גאָט האָט אים אָנגעצייכנט...

***

אויפן פּערטן טאָג האָט זיך בנימין־לייזער אָנגעהויבן בעסערן. דער הוסט און די „זאַדישקע״ זײַנען כמעט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. ער איז געווען דערשעפּט, אָבער דאָס איז געווען צו דערוואַרטן. נאָר להיפּוך צו דעם ווי ער פירט זיך אַלע מאָל ווען עס ווערט אים גרינגער, וואָס ער לויפט גלײַך אַראָפּ פון בעט און האָט אָפילו נישט קיין געדולד צו זײַן אין שטוב, נאָר רײַסט זיך אין שול אַרײַן, אין גאַס צווישן מענטשן, — איז ער דאָס מאָל כמעט נישט אַראָפּ פון בעט און אוודאי נישט אַרויס פון שטוב... ער איז געלעגן אין בעט מיט אַ ספר אין האַנט. נאָר חוה איז נישט געווען גענאַרט אין דעם. זי האָט געוווּסט, אַז נישט בײַם ספר זײַנען געווען זײַנע געדאַנקען... זי האָט שוין עטלעכע מאָל באַמערקט, אַז טרערן רינען אים פון די אויגן... צום עסן וואָס זי האָט אים געגעבן, האָט ער זיך כמעט נישט צוגע־רירט... אַזוי עטלעכע טעג. עס איז געקומען שבת, — ער גייט נישט אין שול אַרײַן. שבת פאַר נאַכט איז זײַן מנהג צו גיין צו הערשל מעניעס צו שלוש־סעודות, אָבער הײַנט רעדט ער אָפילו נישט איבער וועגן דעם... אַז חוה פרעגט אים עפּעס, ענטפערט ער זייער נישט גערן. שול־באַלעבאַטים זײַנען שבת געקומען אים מבקר חולה־זײַן. איז ווען זיי זײַנען געקומען, איז ער יאַקבי געשלאָפן... חוהן קען מען נישט נאַרן. זי פילט, אַז עפּעס דריקט דעם אַלטן, אַז דאָס שלאָפן איז געווען בכיוון געמאַכט, כדי ער זאָל נישט דאַרפן ריידן מיט מענטשן...

***

דורך דער גאַנצער וואָך איז הערשל מעניעס עטלעכע מאָל געקומען, פּרו־בירט פאַרפירן אַ שמועס, נאָר עס האָט זיך אים נישט אײַנגעגעבן... הערשלען איז דער גאַנצער ענין געווען זייער פאַרדעכטיקט...

דאָס ערשטע מאָל אין אַ סך יאָרן האָט הערשל מעניעס געגעסן שלוש־סעו־דות אַליין. אויך ער האָט זיך געבראָכן דעם מוח, וועגן דער סיבה פון בנימין־לייזערס מרה־שחורה. קיין אַנדער באַצייכענונג האָט הערשל נישט געקאָנט צו־טראַכטן פאַר זײַן אויפפירן זיך...

נאָך הבדלה האָט הערשל מעניעס זיך אַוועקגעלאָזט צו בנימין־לייזערן, אַנט־שלאָסן אויסצוגעפינען די סיבה פון דער געהיימניש... מיט זײַן ווײַב האָט הערשל אָפּגעמאַכט, זי זאָל שיקן רופן חוהן, דאָס כלה־מיידל — אויך רופן דעם שנײַדער

---

* באַווײַזן.

צו נעמען אַ מאָס אויף די חתונה־קליידער. אין איין וועגס אויסגעפינען, וואָס עס פעלט אין אַנדערע זאַכן, וואָס אַ כלה דאַרף האָבן. איר אָנגעזאָגט, דער ווײַב זײַנער, אַז זי זאָל זען פאַרהאַלטן דאָס מיידל ביז ער וועט צוריקקומען.

ווען חוה איז אַוועק, האָט הערשל מעניעס זיך גענומען צום אַלטן. אַ קלוגער ייִד איז הערשל געווען, האָט ער אָנגעהויבן דעם שמועס מיט דעם, אַז ער פאַרשטייט, אַז בנימין־לייזערן דריקט עפּעס אַ שווערע איבערלעבונג און אַז צוויי מענטשן זײַנען מער ווי איינער; אַז עס איז נישטאָ כמעט קיין זאַך אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל נישט קענען געפינען קיין לייזונג פאַר איר. נאָר אַפילו אויב אַזאַ צרה איז יאָ פאַראַן, איז זי אינצווייען גרינגער צו טראָגן... בנימין־לייזער האָט זיך שטאַרק צעוויינט און כליפּענדיק דערציילט, וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן יענעם שבת; ווי אַזוי דער יצר־הרע האָט אים שוין נישט איין מאָל געריצט וועגן דעם טישקעסטל; ווי אַזוי ער האָט זיך געראַנגלט; ווי אַזוי דער בעל־דבר האָט אים געוואָלט אײַנריידן, אַז ווען ער נעמט־אַרויס געלט פון טישקעסטל, וואָלט דאָס געווען אַ מצווה, ווײַל דאָס וואָלט דאָך געווען פאַר הכנסת־כלה... אויף התונה צו מאַכן די טאָכטער... ווי אַזוי ער, הערשל, איז אַרויס פון צימער און דער יצר־הרע האָט אים געשטויסן צו דער עבירה... ווי אַזוי ער איז צוגעלאָפן צום טישקעסטל, עס שנעל געעפנט און דערפילט אַ ברי ווי פון אַ גיהנום־פײַער... ווי אַזוי ער האָט דעם שופלאָד אויף גיך פאַרמאַכט און ווי אים איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן און ער האָט געקראָגן די אַטאַקע... בנימין־לייזער האָט וויינענדיק דערציילט, ווי אַזוי ער האָט צו יענער מינוט געבעטן דעם וואָס איבער אונדז אויפן טויט, וואָס ער האָט כשר פאַרדינט. ווײַל כאָטש עס איז אמת, אַז ער האָט טאַקע נישט גענומען גאָר נישט למעשה, האָט ער דאָך במחשבה יאָ געגנבעט... איז ווי קען ער לעבן, קוקן מענטשן אין די אויגן און נאָך זײַן אַ שליח־ציבור בײַ ייִדן? „קיין שטראָף איז נישט גענוג פאַר מיר. קיין תשובה איז נישטאָ פאַר מיר. אַ פאַרפאַלענער בין איך פון ביידע וועלטן“...

**
*

ווען בנימין־לייזער האָט געוויינט און דערציילט, האָט הערשל מעניעס פאַרזאָרגט פּנים זיך אויסגעלײַטערט און אַ קלוגער, גוטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אים... „הערט זיך אײַן, ר׳ בנימין־לייזער, און איך בעט אײַך, מיט קאָפּ... — האָט הערשל מעניעס אָנגעהויבן — איר זײַט אַ גרויסער בר־מזל... דער רבונו־של־עולם האָט נישט געוואָלט איר זאָלט לײַדן אומזיסט... ווען איר דערציילט מיר די מעשה, און מיט מיר אַליין זאָל נישט געווען עפּעס טרעפן אַ זאַך פון וועלכער עס ווייסן אַלע מײַנע בני־בית, וואָלט איך אָנגענומען, אַז וואָס איר האָט מיר דערציילט איז אמת. נאָר וואָלט עס אַפילו געווען אמת, וואָס דאָס איז נישט, זאָלט איר וויסן זײַן, אַז מכמה וכמה יאָרן האָב איך געמאַכט אַ כתב און אַ קאָפּיע פון דעם

כתב האָב איך געלאָזט בײַם רבין זאָל לעבן, אַז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג בײַ מיר איך שטוב איז הפקר... עס איז נישט מײַנס... דאָס האָב איך געטאָן צוליב דעם, אַז טאָמער חלילה אַ קינד, אָדער ווער עס אַרבעט בײַ מיר — זאָל נכשל ווערן, זאָל עס קיין עבירה נישט זײַן, ווײַל עס איז נישט פאַרבאָטן נהנה צו זײַן פון קיין זאַך, וואָס איז הפקר, וואָס געהערט נישט צו קיינעם... האָט איר דאָך אָבער אַ זכיה בײַ גאָט, האָב איך פאַר אײַך אַ באַווײַז, אַן אײַזן־שטאַרקן באַווײַז, אַז נישט בלויז האָט איר נישט געזינדיקט במעשה, נאָר אַפילו די עבירה במחשבה, וואָס וועגן איר זײַט איר דאָך אַזוי שטאַרק זיכער, שטייט בײַ מיר אונטער ספק... קוקט מיך נישט אָן אַזוי, ר' בנימין־לייזער, ווי איך זאָל חלילה ריידן פון וועג... נאָר הערט מיט קאָפּ.

„אויך מיט מיר האָט עפּעס געטראָפן יענעם אָוונט, יענעם שבת־צו־נאַכט... איך בין זיך נוהג, אַז ערב־שבת נעם איך אַרויס די שליסלען צו יענעם טישקעסטל וועגן וועלכן עס איז דער מדובר און אויך אַנדערע זאַכן וואָס איך האָב: געלט, חשבונות און אַנדערע וויכטיקע פאַפּירן און לייג זיי אַרײַן אין אַ שופלאָד בײַ מיר אין „ספּאַלניע" *. עס האָט נאָך קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז איך זאָל דאָס פאַרגעסן צו טאָן. איר ווייסט דאָך דאָס ווערטל „הרגל נעשה טבע". יענעם אָוונט, געדענקט איר דאָך, בין איך געווען בײַ אײַך, ווען איר זײַט, נישט איצט געדאַכט, געווען אַזוי שלאַף. ווען איך בין אַהיימגעקומען, כאָטש איך בין געווען זייער צעטראָגן און דערשיטערט, האָב איך דאָך געמוזט זיך נעמען צו דער אַרבעט און איבערגיין מײַנע חשבונות פון דער וואָך, ווײַל אָן אָט דער אַרבעט קענען מײַנע מענטשן זונטיק זיך נישט נעמען צו די נײַע מסחרים... אַלע פאַפּירן און אַלע חשבונות געפינען זיך אין יענעם טישקעסטל, וועלכן איר האָט יאַקבי געעפנט און זיי זײַנען פאַרשלאָסן. קיין געלט האָב איך קיין מאָל אין יענעם טישקעסטל נישט געהאַלטן, ווײַל אויב עס געפינט זיך אין שטוב אַ פאָר רובל (אַחוץ, נאַטירלעך, דאָס גרויסע געלט וואָס איז פון דער קראָם) זײַנען זיי נישט דאָרטן און נישט פאַרשלאָסן (איך האָב אײַך שוין געזאָגט פאַר וואָס). גרויסע סומעס פון געשעפט, האַלטן מיר טאַקע דאָרטן אין קראָם אין אַן אײַזערנער קאַסע (און נישט אין דער היים) און דווקא פאַרשלאָסן... אָבער די פאַפּירן און חשבונות האַלטן מיר פאַרשלאָסן אין יענעם טישקעסטל. נישט צוליב דעם וואָס מיר האָבן מורא פאַר אַ גנבה, נאָר צוליב דעם, וואָס אין הויז געפינען זיך, ברוך־השם, קליינע קינדער און עס קען זיי אײַנפאַלן זיך צו שפּילן מיט די פאַפּירן און אויסמישן אָדער פאַרלירן די פאַפּירן, וואָס איז נאָך ערגער ווי פאַרלירן געלט...

„נו, ווען איך האָב אַ זוך געטאָן בײַ מיר אין ספּאַלניע די שליסלען פון יענעם טישקעסטל האָב איך זיי נישט געפונען, האָב איך נאַטירלעך אַ זוך געטאָן

* שלאָפצימער.

אין די קעשענעס פון מײַן װאָכעדיקער הלבשה, אפשר זײ פאַרגעסן אַרױסצונעמען ערב־שבת, אַ נעכטיקער טאָג, נישטאָ קײן שליסלען... האָט מען שױן אַװדאי אָנגעהױבן זוכן איבער דער גאַנצער דירה װי ערגעץ אַ װינקל. נישטאָ קײן שליסלען. איז מײַן װײַב זאָל לעבן אײַנגעפאַלן, אַז אַ מענטש איז נישט מער װי אַ מענטש. עס קען זײַן, אַז איך האָב די שליסלען אַרײַנגעשטעקט אין יענעם טישקעסטל און פאַרגעסן אַרױסצונעמען. איז זי אַרײַן אין יענעם צימער, װוּ דאָס טישקעסטל איז. װײס איך װאָס? דער שופלאָד איז פאַרשלאָסן און קײן שליסלען שטעקן נישט אין אים... מיר האָבן שױן געװאָלט נעמען אַ דלאָט און אױפברעכן דעם שלאָס, נאָר מיט אַ מאָל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז פרײַטיק — װען איך האָב געהאַלטן בײַ אַהײמגײן — האָב איך אָנגעטאָן מײַן מאַנטל און זיך באַרעכנט, אַז עס איז צו װאַרעם און דער מאַנטל איז צו שװער. האָב איך אים אױסגעטאָן צוריק און אױפגעהאָנגען אין קלײט... עס איז טאַקע שױן געװען שפּעט, אָבער איך האָב גענומען מײַן משרת און אַװעק אין קלײט אַרײַן און אַװדאי געפונען די שליסלען אין אַ קעשענע פון פאַלטאָ"...

„און איצט (הײבט הערשל אָן מיטן ניגון פון דער גמרא) זאָגט מיר נאָר ר' בנימין־לײזער, איר זײַט דאָך עפּעס אַ קלוגער ייִד. װי אַזױ האָט איר געקענט עפענען אַ שופלאָד און אים צוריקפאַרמאַכן, װי איר דערצײלט, װען דער שופלאָד איז גאָר געװען אַ פאַרשלאָסענער, האַ, איכה אפשר?... איז דער תירוץ טאַקע, אי אפשר... נישט איר האָט געעפנט, נישט איר האָט פאַרמאַכט... עס איז געװען מער נישט װי אָן אױסדאַכטעניש רחמנא ליצלן... זאָל טאַקע דער אײבערשטער אױס־היטן אונדז און כל ישראל פון אַזעלכע אױסדאַכטענישן... טפו!..."

„מײַן אײדל, די עלטערע טאָכטער מײַנע, װאָס לערנט זיך זאַגראַניצע, אין אױסלאַנד אין אוניװערסיטעט שמועסט אַ מאָל מיט מיר װעגן די לימודים דאָרטן, דערצײלט זי מיר, אַז אײנער פון די לימודים איז פּסיכאָלאָגיע, דאָס איז אַ לערע אַזאַ װעגן מענטשלעכן מוח. בין איך זיך מודה פאַר אײַך, אַז עפּעס לײגט זיך מיר נישט אױפן שכל אָט דער לימוד... איך קען פאַרשטײן די נױטװענדיקײט פון די אַנדערע לימודים, װי למשל שפּראַכן־לשונות. דערצײלן דאָך אױך אונ־דזערע הײליקע ספרים װיפל שפּראַכן אונדזער שלמה המלך האָט געקענט... אָדער אַ שטײגער דעם לימוד װעגן חשבון, די מאַטעמאַטיקע, װי זײ רופן דאָס, װאָס דאָס איז נישט נאָר אַן ענין פון געלט... חשבון דאַרף מען האָבן פאַר יעדע זאַך אין לעבן. אַפילו צו בױען הײַזער אָדער שיפן דאַרף מען האָבן חשבון (װאָס טױג אײַך מער, אַפילו די נשמה, װאָס איז גאָלע רוחניות, דאַרף אױך חשבון — חשבון הנפש. מע דאַרף אַפילו זאָגן להבדיל, נאָר נישט דאָס בין איך אױסן...). אָדער נאָפּרימער, דער לימוד פון היסטאָריע, האָבן מיר דאָך אױך אונדזער אײגענעם דברי הימים, װאָס אָן אים װאָלטן מיר דאָך אַפילו נישט געװוּסט פון װאַנעט מיר שטאַמען. איז דאָך אַפילו אונדזער ספר הספרים, די תורה הקדושה אין אַ גרױסן

טייל היסטאָריע־געשיכטע, וואָס לערנט אונדז ווי אַזוי דער רבונו של עולם האָט אונדז געמאַכט פאַר אַן אומה און וועגן אַלץ, וואָס עס האָט געטראָפן צו אונדזער פאָלק... נאָר ווען איידל רעדט וועגן דעם ענין פּסיכאָלאָגיע איז מיר דער ענין נישט אין גאַנצן קלאָר. איך וואָלט נאָך געקענט פאַרשטיין ווען זי זאָל מיר זאָגן, אַז אַ דאָקטער דאַרף וויסן דעם געבוי פון מאַרך, כדי, אַז טאָמער אַן אומגליק, מע צעשלאָגט זיך דעם מוח, זאָל מען אים קענען פאַרריכטן, אָט ווי מע פאַר־ריכט הײַנטיקע צײַטן אַנדערע איברים, מאַלע וואָס דאָקטוירים דאַרפן וויסן... איז לאַוו דוקא, נישט דאָס מיינט זי דערמיט, זי וויל אַרויסברענגען, אַז דער מענטש איז נישט אַלע מאָל אַ בריה, וואָס דער אייבערשטער האָט אים געגעבן דעם כוח פון פרײַער בחירה צווישן גוטס און שלעכטס. אַז דאָס, וואָס מיר רופן רוחניות איז פאַר זיך אַליין אַ טיפער לימוד, עפּעס גוצט זי אַזעלכע ווערטער וואָס איך קען נישט משיג זײַן; באַוווּסטזײַן און הינטערבאַוווּסטזײַן, סאַמע אַזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען צו מיר אין גאַנצן תרגום־לשון... נאָר נאָך דער איצטיקער געשיכטע מיט אײַך, וואָס איך בין זיכער און עס איז בײַ מיר טאַקע ברור כיום, אַז די גאַנצע זאַך, וועלכע איר האָט מיר דערציילט און האָט אַליין געגלייבט, אַז עס האָט מיט אײַך געטראָפן — האָט זיך אײַך בלויז אויסגעדאַכט, ווערט פאַר מיר קלאָ־רער און קלאָרער, אַז רש״י איז נישט משוגע... אַז דער ענין פּסיכאָלאָגיע איז שוין גאָר נישט קיין פּוסטער ענין. עס קען גאָר געמאָלט זײַן, אַז מיר זאָלן באַ־טראַכטן אַ סך זאַכן לויט אָט דעם אײַנשטעל, וואָלט געוועזן ווייניקער נאַרישע גלייבענישן, בײַקעס און זאַבאַבאָנעס, וואָס די גדולי התורה דענקען אויך, אַז זיי זײַנען שעדלעך... אָט וועלן מיר טאַקע נעמען אײַך פאַר אַ בײַשפּיל. ווײַל ווער קען אײַך בעסער ווי איך, און ווער ווייסט נאָך מער וועגן אײַערע הצטרכותן ווי איך? (דאָ הייבט הערשל מעניעס נאָך אַ מאָל מיט אַ גמרא ניגון), עס איז שוין אַ שיינע פּאָר חדשים, אַז איר גייט אַרום מיט אַ גרויסער זאָרג. וואָס איז די זאָרג? אין וואָס באַשטייט די זאָרג? איר האָט צוגעזאָגט נדן און האָט נישט צו סילוקן. איר דאַרפט האָבן הלבשה פאַר דער כלה און איר האָט נאָך דערווײַל קיין סימן נישט פון דעם. מע דאַרף חתונה מאַכן און איר האָט נישט די קלענסטע אַנונג פון וואַנען עס וועט קומען... לכתחילה האָט איר געטראַכט ווי יעדער גוטער פרומער ייִד טוט דאָס. איר האָט געהאַט ביטחון אין דעם, וואָס לעבט אייביק... נאָר וואָס נעענטער עס איז געקומען צו דעם זמן־החתונה, האָבן זיך אין אײַערע מחשבות אָנגעהויבן אַרײַנגנבענען ספקות... אויפן מאַין יבוא עזרי? האָט איר דעם ענטפער נישט געזען קומען... און קוים הערט אויף דער ביטחון, הייבט זיך אָן שטאַרקן אין מענטשן די כוחות וואָס זײַנען עלול צו פאַרפירן דעם רוח ווייסט וווהין... און וואָלט איר נישט געוועזן אַ ייִד וואָס איז כל ימיו — אַ לעבן לאַנג איינגעוואָרצלט אין אמונה, וואָלטן טאַקע יענע כוחות געקראָגן די אייבערהאַנט איבער אײַך... נאָר אַזוי ווי איר זײַט דאָך פאָרט ר׳ בנימין־לייזער, אַ ייִד וואָס

גלייבט אין גאָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ, דער בנימין־לייזער, וואָס איז אַפילו עלול צו באַשולדיקן זיך אין אַן עבירה, וואָס ער האָט נישט געטאָן און האָט זיך גאָר נישט געקענט טאָן... — האָט מען אײַך בלויז אויף אַ כהרף־עין פון אויבן געוויזן דעם שאול תחתיה"...

„איז פאַר דעם אומזיסטיקן חיבוט־הקבר, האָף איך וועט איר שוין דעם אמתן, איבערהונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען אײַער צײַט וועט קומען, נישט דאַרפן לײַדן. און איצט — פאַרענדיקט הערשל מעניעס, — וויל איך אײַך ברענגען די בשורה־טובה, אַז איך, מײַן שוועסטער מלכה און נאָך אַ פּאָר גוטע פרײַנד מאַנשי־שלומנו, האָבן אײַער טאָכטערס נדן שוין לאַנג אָנגעגרייט. מײַן ווײַב האָט הײַנט אין אָוונט, אויף דער פּולער וואָך, גערופן אײַער טאָכטער, ווײַל דער שנײַדער איז געקומען נעמען אַ מאָס אויף די חתונה־קליידער; די אַלע מאַטעריאַלן וואָס מע דאַרף האָבן פאַר דער כלהס הלבשה אויפן שענסטן אופן, האָב איך נאָך אײַנגעקויפט לויט מײַן ווײַבס אַ צעטל, צוריק מיט עטלעכע חדשים, ווען איך בין געווען אין אָדעס. די שאַרגאָראָדער קאַפּעליע וועט אם־ירצה־השם בלי־נדר — שפּילן אויף דער חתונה. מיר האָבן שוין באַשטעלט יעדע זאַך וואָס איז נייטיק, פון שענסטן און בעסטן פאַר דער חתונה, אַפילו די סאָרווערין. יאָ, איין זאַך האָב איך יאָ געטאָן, וואָס וועט אײַך אפשר נישט זײַן לרצון: איך האָב בײַ אײַך צוגענומען אַ ביסן פרנסה (פאַרגינט זיך הערשל מעניעס אַ הלצהלע, אַ וויץ) — דער מסדר קידושין בײַ אײַער טאָכטער וועט נישט זײַן איר, נאָר ר' עקיבא דער רב... און דער חזן וועט איר אויך נישט זײַן צו אײַער טאָכטערס חתונה, נאָר יאָסל קאָזלאָווסקי. איר וועט בלויז זײַן אַ טאַטע, אַ מחותן. און דער, וואָס איך האָב די הענט נישט געוואַשן, זאָל העלפן, אַז דער שידוך זאָל עולה יפה־זײַן און איר זאָלט האָבן גרויס נחת אין אײַער טאָכטער, און אײַך זאָל דער אייבערשטער שיקן אַ רפואה־שלמה, כדי איר זאָלט נאָך לאַנגע יאָרן קענען זײַן אַ האַרציקער שליח־ציבור פאַר אונדזערע ייִדן, וואָס נייטיקן זיך אין רחמים הײַנטיקע צײַטן... און איצט, נעמט אײַך אין די הענט אַרײַן און מאַכט נישט קיין בילבול אויף אַן אָרנטלעכן ייִד, ווי איר זײַט דאָס, ר' בנימין־לייזער... לאָמיר מאַכן אַ לחיים... מזל־טוב, ר' בנימין־לייזער! ס'זאָל זײַן מיט הצלחה!...

***

טײַערער לייענער, פרעגט מיך נישט ווי אַזוי די מעשה קומט צו מיר. זי איז נישט קיין אויסגעטראַכטע. אַז מיר ווילן דערלעבן צו דערציילן וועגן הערשל מעניעס באַריכות, וועט יעדער איינער מיר גלויבן, אַז ער איז געווען אַ זעלטענער מענטש, אַ ייִד אויפן שוועל, וואָס האָט אָפּגעטיילט די אַלטע ייִדישע וועלט פון דער נײַער; מיט זײַן גאַנצער אײַנגעוואָרצלטקייט אין דער אַלטער און מיט גרויס דרך־ארץ פאַר דער נײַער, אָנקומענדיקער, און אויך מיט אַ מורא פאַר איר, אַ מורא וואָס האָט זיך צום באַדויערן באַרעכטיקט...

מרדכי קופער

# יאָסל קאָזלאָווסקי

יאָסל קאָזלאָווסקי. עלטערע ייִדן האָבן אים גערופן — יאָסל ברוך דזשורי־נערס. אין דעם לעצטן נאָמען איז געלעגן פאַרבאַהאַלטן אַ פאַמיליע־שטאָלץ פון יחוסדיקער פאַרוואָרצלטקייט. איך נעם עס פון דעם, וואָס די אייניקלעך זײַנען אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז מע וועט זיי פרעגן „וועמענס זיי זײַנען", זאָלן זיי ענטפערן עטל־יאָסל ברוך דזשורינערס, כאָטש די קליינע האָבן זייער געוואָלט ענטפערן: יאָסל קאָזלאָווסקיס אייניקלעך...

יאָסל איז געווען אַ ייִד, וואָס זײַן סאַמע אויסזען האָט דערציילט וועגן אַלע גרויסע מעלות וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ווי אַזוי אין איין מענטשן האָבן זיך גע־קאָנט „פּאָמעסטיען"* אַזוי פיל מעלות איז אַ פראַגע, וואָס האַלט מיך נאָך הײַנט — נאָך אַזוי פיל יאָרן — געשפּאַנט. תורה, חכמה, פאַרשטענדעניש פאַר וועלט־לעך וויסן, מענטשן־קענטעניש, געוואָגטקייט, שטאָלץ און דאָך באַשיידן (אַ סינ־טעז וואָס זייער, זייער ווייניק מענטשן ווייסן זײַן סוד); אַ מענטש מיט אַ פײַנער שטימע, סײַ צום זינגען, סײַ צום ריידן; אַ ייִד, וואָס אַלע, וועלכע האָבן אים נאָענט געקענט — האָבן אי ליב געהאַט, אי דרך־ארץ געהאַט פאַר אים.

יאָסל איז נישט געווען קיין גביר. ער איז בלויז געווען אַ נאמן און אַ בוכ־האַלטער אין אַ וואַלד. אָבער פון דער באַשיידענער שטעלע האָט ער געלעבט גאַנץ שיין, דערצויגן קינדער צו גאָט און צו לײַט, חתונה געמאַכט טעכטער אויפן שענ־סטן אופן. אמת, ער האָט נאָך געהאַט צוויי פּרנסות, אָדער בעסער געזאָגט — טאַלאַנטן. איז איין טאַלאַנט — חזנות, האָט ער פאַר קיין באַצאָלטער פּרנסה נישט געמאַכט. ביז גאַר, גאַר אויף די עלטערע יאָרן האָט ער געדאַוונט מוספים „בײַ אים זאָל לעבן" — בײַם אַלטן שפּיקאָווער — אָן געצאָלט. וועגן דעם וועל איך נאָך שפּעטער דערציילן. דער צווייטער טאַלאַנט — בוררות, איז בײַ אים געווען מער אַ ספּאָרט ווי אַ פּרנסה. אַז ער האָט אָנגענומען צו פאַרטרעטן וועמען אין אַ דין־תורה, איז עס געווען בלויז דאַן, ווען דער צד שכנגד האָט געהאַט עמעצן אַלס בורר, מיט וועמען עס איז כדאַי געווען זיך צו פאַרמעסטן. צום ליבסטן האָט ער געהאַט זיך צו פאַרמעסטן מיט שמעון־דוד בלאָושטיין, וועלכער איז לויט מײַן אָפּשאַצונג, געווען דאָס געוויסן פון שאַרגאָראָד און וואָס פלעגט אָננעמען צו פאַרטרעטן אַ טוען בלויז און נאָך ווען ער איז געווען פולשטענדיק איבערגעצײַגט, אַז דער קליענט איז דער פולשטענדיק גערעכטער צד... סײַ שמעון־דוד, סײַ יאָסל האָבן נישט געטראַכט אין טערמינען פון שכר־הבוררות. נאָר יעדער פון זיי, אויף זײַן אופן, איז געווען פאַראינטערעסירט צו געווינען דעם פּסק פאַר יענעם וועמען זיי האָבן פאַרטראָטן. דער חילוק איז בלויז באַשטאַנען אין זייער צוגאַנג צו „גע־

* אַרײַנפּאַסן.

רעכט און אומגערעכט", דאָס הייסט, בעת שמעון־דוד האָט בלויז געזען שוואַרץ און ווײַס אין די באַגריפן פון „גערעכט און אומגערעכט", האָט יאָסל אויך געזען צווישן־קאָלירן. יאָסל האָט בפירוש געגלייבט, אַז עס איז נישטאָ קיין אַבסאָלוט גערעכט, ווי עס איז נישטאָ קיין אַבסאָלוט אומגערעכט... און ווען אים האָט זיך נישט אײַנגעגעבן אַרויסצוברענגען קיין אויסגעשפּראָכן גינסטיקן פּסק פאַר זײַן צד, האָט ער אָבער אַזוי געפירט די טענות, אַז זיי האָבן געמוזט ברענגען צו אַ פשרה, אַ קאָמפּראָמיס. שטאָט פלעגט זיך גיין אונטערהערן צו אַזעלכע פאַרהאַנד־לונגען, ווי מע גייט הײַנטיקע צײַטן צו אַ געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער דעבאַטע, ווו די דעבאַטאַנטן זײַנען אָנגעזעענע פּאָליטיקערס.

יאָסל האָט געהאַט גערעטענע קינדער. אַלע זײַנען זיי געווען מוזיקאַליש ביז גאָר. צוויי פון זיי, שלום און מלכה, האָבן אַחוץ פּרעכטיקע שטימען געהאַט אויך סצעניש טאַלאַנט. און ווען אין שאַרגאָראָד האָט זיך אָרגאַניזירט אַ דראַמאַ־טישע געזעלשאַפט און מע האָט געגעבן עטלעכע פײַנע פאָרשטעלונגען, זײַנען מלכה און שלום געווען פון די אָנגעזעענסטע אין יענער טרופּע. נאָר וועגן דעם וועלן מיר דערציילן ווען מיר וועלן רעדן וועגן פאַרווייַלונגען אין שאַרגאָראָד. דערווײַל האַלטן מיר ביי יאָסלען און זײַן משפחה, ווי עס האָט אָנגעריררט יאָסלען אַליין.

דער עלטערער זון יאָסלס, חיים־איציע, האָט חתונה געהאַט און אַוועק ווױ־נען אין אָדעס. יאָסלען האָט דאָס שטאַרק געקרענקט, ער האָט געוואָלט, אַז זײַנע קינדער זאָלן וווינען אין שאַרגאָראָד. ער האָט זײַנע קינדער זייער ליב געהאַט און זיי געוואָלט האָבן אַרום זיך. איז ווען זײַן טאָכטער גאָלדע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ פײַנעם יונגן בחור, וועלכער האָט פריִער געוווינט אין וואַרשע און געוואָלט זי נעמען אַהין, האָט יאָסל אים צוגערעדט צו בלײַבן אין שאַרגאָראָד 'ווײַל דער איבערשטער איז איבעראַל און אומעטום". דער איידעם האָט זיך געלאָזט איבער־רעדן, איז געבליבן אין שאַרגאָראָד, האָט געעפנט אַ שיינע גאַלאַנטעריינע קראָם און עס איז געווען אַ גרויסער דורכפאַל... דער איידעם, יודל, האָט זיך אָפּגעמאַ־טערט אַ פּאָר יאָר און לסוף באַנקראָטירט, האָט פאַרמאַכט די קראָם און געוואָלט לאָזן וויסן די קרעדיטאָרן, אַז זיי זאָלן קומען איבערנעמען די סחורה...

***

אַט אין דער צײַט, אין איינעם אַן אָוונט, שטעלט זיך אַרײַן אַ גאַסט צו יאָסלען אין הויז. יאָסל איז גראָד יענעם אָוונט געווען אין דער היים און מע האָט, שטעל איך זיך פאָר, געהאַלטן אין מיטן אַ שמועס וועגן דעם ענין באַנק־ראָט און ווי אַזוי דאָס דורכצופירן, אָן צו פיל שאָדן צו די קרעדיטאָרן. (יאָסל, ווי איר ווייסט שוין, איז געווען אַ גאַנץ אָרנטלעכער ייִד). יאָ, דער נישט־געבעט־טענער גאַסט איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי בערל דרייער... בערל דרייער, פאַרשטייט איר מיר, איז געווען אַ קרעמער אין שאַרגאָראָד, וואָס האָט זיך „גע־

שטעלט" (אַ שיין וואָרט פאַר אָנזעצן) ווו ערגעץ ביי גאָט אַ יאָר, און נישט נאָר האָט דאָס אים נישט געשאַדט צו קיין שידוך, נאָר נאָך יעדן „שטעלן זיך" האָט זיך די קראָם ביי אים פאַרגרעסערט. און פאַרקויפן סחורה פלעגט ער פאַר די ביליקסטע מקחים. די אַנדערע קרעמערס, וועלכע האָבן געפירט אָרנטלעכע געשעפטן, פלעגן אים שעלטן מיט טויטע קללות... אונדזער אַלטער באַקאַנטער טביהלע זייפמאַן פלעגט אויף אים זאָגן, אַז ער איז אַ „סוטאַטשני אַפעריסט. אָן וואס אָבמאַניעט דאַזשע וואָ סניע" (אויף מאַמע־לשון הייסט עס, אַז דער קערל איז אַ שווינדלער אַ גאַנצן מעת־לעת, אַפילו אין שלאָף וועט ער אייך אָפּנאַרן...).

איז אָט דער בערל דרייער געקומען צו יאָסל קאָזלאָווסקי אים אָן עצה צו געבן ווי אַזוי פון דעם תשעה־באָב צו מאַכן שמחת־תורה... ער האָט אָנגעהויבן דווקא שיין מיט אַ ווערטל, און אין דריי שפּראַכן אויף אַ מאָל, ווי עס פּאַסט ווען מע רעדט צו אַ ייִדן ווי יאָסל קאָזלאָווסקי — אָט בערך אַזוי: „פּאָנימאַיעטע לי ווי?" * אין חכם כבעל הניסיון... קודם־כל, „וואָ פּערוויך" **, דאַרף מען די סחורה אַרויסנעמען און אַוועקפירן אין אַ זיכערן אָרט, ווי זאָגט מען עס „טשטאָבי ניע סגלאַזיט" ***, עס זאָל קיין בייז־אויג נישט געשען; „וואָוטאָריך", דאַרף מען „אוניטשטאָזשען אַלע וועסטשעסטווענייע דאָקאַזאַטעלסטוואַ" ****, און „וו׳טרע... — — — — — — נאָר מער האָט ער שוין נישט דערלעבט צו זאָגן, ווייל גערעדט האָט שוין — ניין, נישט גערעדט נאָר געשריִען נישט מיט זיין קול — יאָסל קאָזלאָווסקי... „וו׳טרעטיעך *****, אַרויס, דו מערזאַוויעץ פון מיין הויז! איך זאָל דיין מיאוסע צורה דאָ נישט זען! אַרויס!"...

אָט דאָס קומט אַרויס פון נישט געבעטענע עצות...

דער „פּובליטשני טאָרג" ****** איז פאַרגעקומען. עס איז אַ סברא, אַז די קרעדיטאָרן האָבן אַריינגעלייזט מער ווי עס האָט זיי געקומען, און האָבן דעם עודף אומגעקערט צו יודלען, יאָסל קאָזלאָווסקיס איידעם. צום לויב פון שאַרגאָראָדער ייִדן זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז קיינער פון זיי איז נישט געקומען כאַפּן קיין מציאות, בלויז פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך געראַדעוועט אויף דעם...

***

נאָך בנימין לייזערס פּטירה איז די שול געבליבן אָן אַ יאָר־חזן. קיין גרויסער חזן איז שוין אַ פּאָר יאָר נישט געווען אין שאַרגאָראָד, ווייל קהל האָט זיך נאָך

---

* פאַרשטייט איר?

** ערשטנס.

*** עס זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן.

**** פאַרניכטן אַלע קאָנקרעטע באַווייזן.

***** דריטנס.

****** די ליציטאַציע.

נישט געהאַט אויסגעבאָדן פון דעם דעפיציט. נאָך געהאַט אַ ביסל חובות אָפּצו־צאָלן. איז אַ גאַנץ יאָר — זאָגט מען — איז נאָך „קאַטשקע פראַטשקע״*, אָבער ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די פאָרכטיקע טעג, האָט זיך אָנגעהויבן רודערן. איר שטעלט זיך דאָס פאָר, אַז שאַרגאָראָד וועט זײַן אָן אַ גוטן חזן ימים נוראים? און דאָ נעמט נאָך בנימין־לייזער און מאַכט אַ שטאַרב עטלעכע געציילטע וואָכן פאַר די ימים־טובים... איז מען שוין, הייסט עס, אָן אַ בעל־שחרית און אָן אַ בעל־מוסף. אין אַזאַ לאַגע און כמעט מיט ליידיקע הענט קען מען קיין איבער־קלייבערס נישט זײַן, מע קען נישט „פערעבענדיעווען״, ווי מע זאָגט בײַ אונדז. עס האָט טאַקע ווירקלעך געהאַלטן שמאָל. איז דאָך אָבער גאָט אַ פּאַטער און הלל שמש אַ ייִד פון גאָלע קאָמבינאַציעס, איז אים אײַנגעפאַלן אַ פּלאַן, מע זאָל נויקען אָנשטעלן פאַר בעל־שחרית און יאָסל קאָזלאָווסקי פאַר אַ בעל־מוסף. (איר וועט זיך דערמאָנען, אַז נויקען קענט איר פון מײַנע פריערדיקע דערציילונגען, עס איז דער זעלבער וואָס קאָנקורירט מיט בערקע איטע פּײַוולס אין דער סקווע־רער קלויז יעדן שבת פאַרן עמוד. דער זעלבער וואָס האָט „געזען״ שמאי דאָדניק אַרומגיין אופן עולם־התוהו און געבענטשט גומל...). מאַלט אײַך, די גאַנצע קאָמבינאַציע האָט לכתחילה אויסגעזען ווי דאָס וואָס מע רופט בײַ אונדז ייִדן, צונויפפּירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט... נאָר ווי־ווי בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד אויב ניסים טרעפן נישט אַליין און פון זיך, טרעפט מען זיי... נאָר לאָמיר בעסער דער־ציילן די מעשה ווי זי האָט זיך פאַרלאָפן.

***

אַז מע האָט נויקען אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מע וויל אים אין שול היינטיקן ימים נוראים פאַר בעל־שחרית, האָט ער פון דערשטוינונג שיר דאָס לשון נישט פאַרלוירן. אויב איר ווייסט וואָס רש״י מאַכט אויף „ויחד יתרו״, וועט איר וויסן וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען... ער איז געוועזן מער טויט ווי לעבעדיק פאַר גליק און פאַר — — — מורא. יאָ, יאָ, מורא... אין קלייניקייט, אין דער גרויסער שול פאַרן עמוד... און ווען? ימים נוראים... און אַליין אָן קאָנקורענטן... אָבער ווי פלעגט מײַן מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, זאָגן: „אַ מענטש איז שוואַכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון אײַזן״. נויקע האָט זיך יאַקאָש געשטאַרקט און עס איז געבליבן, אַז קומענדיקן פרײַטיק זאָל נויקע מקבל שבת זײַן אין שול. נישט צוליב דעם וואָס מע האָט נישט געוווסט, אַז נויקע קען דאַווענען, נאָר צוליב דעם, אַז ער זאָל זיך צוגעוווינען צו דער שול און אפשר איבערקומען די מורא. וואָס טויג אײַך גרויס, נויקע האָט באַוויזן דעם נס (דאָס אײַזן האָט מן הסתם גובר געווען די פליג...). נויקע האָט זיך גאַנץ גוט געספּראַוועט מיט דער שול

---

* האַלבע צרה.

און אַרויס מיט גאַנצעביינער, ווי זאָגט איר, „ניכנס בשלום ויצא בשלום"... מאָלט איך שיינע עטלעכע וואָכן האָט נויקע אויף זײַן וועגעלע געמאַכט רעפּעטיציע פאַרנדיק קיין און פון קאַנטקאָוועץ, און אייער פרישע צו מאַכן גאָגל־מאָגלס האָבן אים נישט געפעלט... איציע רוזמאַן, ווען ער האָט געהערט די מעשה האָט געזאָגט, אַז „ווען נויקעס סוס — זײַן פערד, הייסט עס, — זאָל נישט זײַן קיין שטומע־צונג, וואָלט ער שוין געקענט אַלע קאָמפּאָזיציעס אויף אויסנווייניק"... וואָס איציע רוזמאַן קען דאָס איך אַרײַנזאָגן...

זעט איר, מיט יאָסל קאָזלאָווסקי איז דער ענין שוין געשטאַנען אַ ביסל אַנדערש. ווען מע האָט אים פאַרגעשלאָגן, אַז ער זאָל דאַווענען מוסף אין דער גרויסער שול, איז זײַן ענטפער געווען, אַז חזנות איז בײַ אים נישט קיין פּרנסה, אַז ער האָט אַ גאַנץ לעבן געדאַוונט ימים נוראים „בײַ אים זאָל לעבן" און מיט גאָטס הילף „וועט ער דאָס טאָן כל זמן ער איז בכוח"... מע האָט אים אַפילו אָנגעבאָטן אַ לעבנסלענגלעכן קאָנטראַקט, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. (און דאָס איז געווען די ערשטע און לעצטע נאַרישקייט, וואָס דער קלוגער יאָסל קאָזלאָווסקי האָט אין זײַן לעבן געטאָן, ווי מיר וועלן דאָס זען פון די ווײַטער־דיקע געשעענישן...).

אַז קהל האָט געזען, אַז מע קאָן יאָסלען נישט אײַנבײַסן, האָט מען בשתיקה אַוועקגעשיקט הלל שמש צום רבין קיין שפּיקאָוו מיט אַ בקשה אונטערגעשריבן פון זײַנע אָנגעזעענסטע חסידים אין שטאָט, אַז ער זאָל פאַר די קומענדיקע ימים טובים אָפּטרעטן יאָסלען צו דער שאַרגאָראָדער שול. מע האָט דעם רבין געשריבן, אַז ווער פון זײַנע חסידים עס זאָל דאַווענען בײַם רבין אַליין (און בעלנים אויף דאָס זײַנען בײַם רבין געווען די והותר, וועט שאַרגאָראָד באַצאָלן, און דער רבי זאָל טאָן מיט דעם געלט, וואָס ער וועט פאַרשטיין, פאַר וועלכן צוועק, „ער זאָל לעבן" וועט וועלן... (דער אמת איז געווען, אַז דער רבי אַליין איז געווען אַ גרויסער מנגן און האָט גאָר קיינעם נישט געדאַרפט, ער האָט יאָסלען געלאָזט דאַווענען צוליב דעם, וואָס יאָסל האָט נאָך געדאַוונט בײַ דעם אַלטן רבין און דער איצטיקער איז געווען אַ מענטש מיט אַן איידעלן כאַראַקטער און ער האָט קיין ייִדן נישט מבייש אָדער מצער געווען...).

בקיצור, הלל איז געקומען מיט אַ כתב פון רבין, אַז ער איז גוזר אויף יאָסל קאָזלאָווסקין צו דאַווענען מוסף אין דער שאַרגאָראָדער שול, וואָס איז נישט גלאַט אַ שול, נאָר די שול, וווּ עס האָט געדאַוונט ר' יעקב־יוסף פּילינאָער, דער „תולדות" זכותו יגן עלינו... (דער רבי האָט געוווּסט, אַז מיט יאָסל קאָזלאָווסקי דאַרף מען וויסן ווי אַזוי צו רעדן. אַ גרויסער חכם געווען דער שפּיקאָווער...). אַזאַ בריוו האָט יאָסל זיך נישט געקענט קעגנשטעלן...

**
*

יאָסל איז נישט געווען קיין חזן ווי מיר מאָדערנע ייִדן פאַרשטייען דאָס. יאָסל איז געווען אַ בעל־תפילה, אָבער פון די יחידי־סגולה. יאָסל האָט געקענט נוסח התפילה ווי זייער ווייניק גרויסע חזנים קענען דאָס. פון קענען פירוש המילות איז דאָך אָפּגערעדט. נישט בלויז האָט ער געוווּסט די טיפסטע באַדײַ־טונג פון יעדעס וואָרט, נאָר מיט זײַן קלאָרער דיקציע, מיטן לויטערסטן חיתוך־הדיבור, האָט ער יעדעס וואָרט געמאַכט פאַרשטענדלעך אַפילו פאַר יענע, וואָס האָבן אַליין די ווערטער נישט אין גאַנצן פאַרשטאַנען. זײַן שיינע ברייטע און האַרציקע באַריטאָן־שטימע האָט זיך געהערט קלאָר און לויטער איבער דער גאַנצער שול. און כאָטש ער האָט קיין „קונצן" נישט באַוויזן, זײַנען אָבער די וואַריאַציעס און ניואַנסן בײַם אַרויסברענגען די פאַרשיידענע תפילות און פיוטים געווען אַזוי רײַך, אַז דער עולם איז געווען פאַרגאַפּט... אַוודאי זײַנען די ייִנגערע, וואָס האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון אַ בעניען, אַן אַהרנען אָדער זיידלען — נישט געווען צופרידן און געבענקט נאָך דער גרויס־נגינה פון יענע חזנים און זייערע כאָרן. אָבער אויך זיי האָבן געמוזט צוגעבן, אַז פאַר אַ בעל־תפילה האָט מען זיך קיין בעסערן נישט געקענט פאָרשטעלן...

**
*

נאָך די ימים נוראים, האָבן געטראָפן אַ פּאָר זאַכן אויף אַ מאָל. ערשטנס האָבן זיך אויסגעלאָזט די וועלדער, ווו יאָסל קאָזלאָווסקי איז געווען כל ימיו אַ נאמן. (כ'מיין די וועלדער, וואָס יאָסלס באַלעבאַטים האָבן געהאַט אַרום שאַר־גאָראָד). מע האָט די וועלדער אויסגעהאַקט. די באַלעבאַטים זײַנען, די האָרנשטיינס פון שוואַרץ־טומאה (בעלאָצערקאָוו), האָבן נאָך אַלץ געהאַט וועלדער, נאָר ווײַט פון שאַרגאָראָד אַזש אין קיִעווער גובערניע. און אויף די עלטערע יאָרן האָט יאָסל זיך אָפּגעזאָגט פון זײַן נע־ונד און ווײַט פון דער משפּחה. האָבן די באַלע־באַטים געגעבן יאָסלען אַ געוויסע סומע געלט (נישט קיין מטמון, פאַרשטייט זיך), און יאָסל האָט זיך אָפּגעזאָגט פון וועלכע עס איז תביעות אויף חזקה... יאָסל האָט זיך גענומען מיטן ביסל געלט צו מסחר, נאָר קיין הצלחה נישט געהאַט. עס האָט נישט לאַנג גענומען און יאָסל איז געבליבן אָן פּרנסה...

נאָך אַ זאַך האָט געטראָפן אין שאַרגאָראָד. נחום שפּאַן, וועלכער איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַ גרויסער עושר, כאָטש אַ גאַנץ ווילער ייִד, האָט פון דעסט וועגן ווי יעדער אויפגעקומענער גביר, געזוכט כבוד... האָט ער זיך „געלאָזט" אויס־קלײַבן פאַר גבאי־ראשון אין דער גרויסער שול און, פאַרשטייט זיך, געלאָזט זיך קאָסטן אַ שיינע פּאָר רובל — ער האָט באַצאָלט די חובות, וואָס די שול האָט געהאַט צוליב זייער נאַשערײַ אויף חזנות... און גוטגעמאַכט אַלע דעפיציטן פון די פריִערדיקע חזנים...

איר וועט מן הסתם אַליין פאַרשטיין, אַז ווען די שול־באַלעבאַטים האָבן

זיך באַפרײַט פון דעם האַרב חובות, האָבן זיי זיך גלײַך גענומען זוכן אַ חזן מיט אַ כאָר, ווי אין די אַלטע גוטע צײַטן. און ווי איר געדענקט מן הסתם פון מײַנע ביזאַהעריקע דערציילונגען האָט מען אַראָפּגעבראַכט דעם באַוווּסטן שלמה איידל־מאַן מיט אַ כאָר מיט אַלץ מיט אַנאַנדער און עס איז געווען חי געלעבט.

כמעט אין דער זעלבער צײַט, וואָס מע האָט שוין צוגענומען יענעם חזן, נאָר ער אַליין איז נאָך אין שאַרגאָראָד נישט געווען. און עס איז נאָך געווען אַ סוד, וועגן וועלכן עס האָבן געוווּסט בלויז געציילטע מענטשן, האָט יאָסל קאָז־לאָווסקי באַשלאָסן, אַז ער האָט קיין אַנדער ברירה נישט, ווי אָנצונעמען דעם פּאַראַיאַריקן אָנבאָט וואָס די שול האָט אים געמאַכט, צו ווערן דער שטענדיקער בעל־מוסף מיט אַ קאָנטראַקט אויפֿן גאַנצן לעבן... שטאָלץ איז ער, יאָסל, געווען ווי אַלע מאָל, איז ער אַפילו אַליין נישט געגאַנגען, נאָר אונטערגעשיקט עמעצן, ווי מע זאָגט בײַ אונדז, אַ טאָפּ טאָן אין וואָגן... אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט... הלל שמש האָט שוין געהאַט צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע פון כאַדאַרקאָוו מיטן זנאַמעניטע „וויעזשאַיעם". סע הייסט, מיר (מיינענדיק ער, הלל, מיטן נײַעם חזן) פאָרן אַרויס...

*****

ר' עקיבא דער רב זיכרונו לברכה — די גוטע נשמה האָט זיך דערוווּסט וועגן דער געשיכטע, און עס האָט אים פאַרכאַפּט בײַם האַרצן (גראָד אין יענער צײַט זײַנען די באַציִונגען צווישן דעם רב און יאָסל קאָזלאָווסקי נישט געווען פון די וואַרעמסטע, איך קען אין דעם ענין איצט נישט אַרײַנגיין, נאָר ר' עקיבא דער רב איז נישט געווען פון די מענטשן, וואָס געדענקען אַן עוולה...). ר' עקיבא דער רב, וועלכער האָט ליב צו געדענקען בלויז גוטס, אַ ייִדנס מעשים־טובים, האָט באַטראַכט יאָסל קאָזלאָווסקין ווי איינעם פון די גרעסטע ייִדן אין שאַר־גאָראָד, יאָרן לאַנג זײַנען יאָסל, שמעון־דוד און דער רב געווען אַ דרײַלינג, „אַ טראָיקע", ווי מע האָט זיי גערופן אין שאַרגאָראָד, וואָס איז געווען דער לעבע־דיקער גײַסטיקער צענטער פון שטאָט. אַז די דרײַ פלעגן זיך צוזאַמענקומען בײַם רב אין שטוב און פירן אַ שמועס, אָדער אַפילו אַ וויכוח איז, געווען וואָס צו הערן. איר מעגט מיר גלייבן, אַז עד היום טוט מיר באַנג, וואָס זייערע „שיחות חולין", זײַנען פון קיינעם נישט פאַרצייכנט געוואָרן... אין ווען דער רב האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם ענין, האָט ער געבעטן שמעון־דוד בלאָושטיינען ,ער זאָל אַריבערגיין צו נחום שפּאַן, און זען צי מע קען עפּעס טאָן פאַר יאָסל קאָזלאָוו־סקין. געמוזט האָט מען דעם ענין דורכפירן אָן יאָסלס וויסן, ווייל דער פאָר־שלאָג, וואָס דער רב האָט געמאַכט איז געווען, אַז מע זאָל געבן יאָסלען אַ קאָנטראַקט אויף בעל־שחרית, אַ זאַך וואָס יאָסלען וועט אָנקומען שווער אַראָפּ־צושלינגען, און ער וועט נישט מסכים זײַן צו נעמען אַזאַ שטעלע. שמעון־דוד

בלאָוושטיינען איז נישט געווען צום האַרצן צו גיין בעטן (פאַר זיך אַליין וואָלט שמעון־דוד ליבערשט געווען געהונגערט ווי בעטן עמעצן אַ טובה), נאָר אַזוי ווי דער רב האָט גערעדט צו אים, אפשר דאָס ערשטע מאָל זינט זיי קענען זיך, מיטן לשון „איך בין גוזר", האָבן די צוויי געמאַכט אַ פשרה און זיך איבערגע־טיילט מיט דער אויפגאַבע (און אַן אויפגאַבע איז דאָס געווען זייער אַ דעליקאַ־טע...) שמעון־דוד גייט צו נחום שפּאַן בײַ אים פועלן, און דער רב וועט זען פועלן בײַ יאָסל קאָזלאָווסקין.

***

בײַ נחום שפּאַן איז געווען אַ גרויסער כבוד, אַז שמעון־דוד בלאָוושטיין איז געקומען צו אים. האָט ער אים אויפגענומען זייער שיין, ווי אַ גרויסן גאַסט און ווען ער האָט דערהערט וועגן וואָס שמעון־דוד איז צו אים געקומען, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז אים אַפילו געוואָרן קאַלט אונטערן לעפעלע, איר ווייסט דאָך ווי עס גייט דאָס פאָלקס ווערטל „וואָס מער קבצן מער הוליאַקע, וואָס מער נגיד מער סקריאַגע"*. ער האָט געוווסט נחום, אַז די מעשה וועט קאָסטן געלט, נאָך אַלעמען, יאָסל קאָזלאָווסקי איז נישט אַבי ווער, וואָס מע קאָן אים אָפּקומען מיט אַ שיבוש, מיט שיה־פּיה, עס האָט אויך געמיינט, אַז אויסגיין וועט עס אויך צו זײַן, נחומס, בײַטל... אָבער שמעון־דוד בלאָוושטיינען קאָן מען נישט זאָגן ניין. בקיצור, עס איז געבליבן, אַז נחום שפּאַן וועט רופן יאָסל קאָזלאָווסקין און וועט אים פאָרשלאָגן אַ קאָנטראַקט פאַר בעל־שחרית מיט אייביקער חזקה. נחום האָט אויך געגעבן אַ תקיעת־כף, אַז קיינער טאָר נישט וויסן און אַוודאי נישט יאָסל קאָזלאָווסקי, אַז שמעון־דוד האָט געבעטן די שטעלע פאַר אים...

אויף מאָרגן האָט נחום שפּאַן געשיקט רופן יאָסל קאָזלאָווסקין און אים פאָרגעשלאָגן די שטעלע פון בעל־שחרית. יאָסלס פּנים האָט באַקומען אַלערליי קאָלירן, ער האָט געוואָלט אויסשרײַען אַ וואָרט, וואָס איז אים געלעגן אויפן צונג, נאָר זיך באַהערשט... אויפן זינען איז אים געקומען דער פאַראַיאָריקער פאָרשלאָג וועגן בעל־מוסף מיט אַ לעבנסלענגלעכן קאָנטראַקט... ער האָט צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן: „יאָסל, שטעל נישט צו פיל אויף זיך!"... ער האָט פון דעסט וועגן באַלד אויפן אָרט קיין תשובה נישט געגעבן, צוגעזאָגט, אַז ער וועט די זאַך איבערטראַכטן און געבן אַן ענטפער...

אַ בלייכער און קוים זיך האַלטנדיק אויף די פיס האָט זיך יאָסל אַרײַנגע־שטעלט צום רב און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט די מעשה. דער רב האָט אים אויסגעהערט, געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווייסט פון קיין זאַך נישט, און אים געזאָגט: „הערט זיך אײַן, ר' יאָסל, מיר חידושט זייער אויף אײַך. איר, אַזאַ

---

*) קאַרגער.

חכם, ווי איר זײַט, און אַזאַ למדן ווי איר זײַט. איר, וואָס ווייסט וואָס חז״ל האָבן געזאָגט „פּשוט נבלה בשוק ואל תצטרך לידי בשר ודם...״ (זאָלסט בעסער שינדן נבלות אין מאַרק, איידער אָנצוקומען צו אַ מענטשנס גאָב...) זאָל מיך, דער וואָס לעבט אייביק, נישט שטראָפן פאַר די רייד, פאַרן פאַרגלײַך... בײַ דעם ברוך השם האָלט דאָס נישט. דער אָנבאָט איז מלאכת־הקודש, אַ הייליקע אַרבעט... בײַ תּפילות איז נישט שײַך קיין „פּערווי* קלאַס״־תפילות און קיין „וטאָראַי** קלאַס תּפילות״, און ווער זײַנען מיר, איך און איר, וואָס זאָלן דעם בורא עולם חושד זײַן, אַז עס איז פֿאַראַן בײַ אים תּפילות מער אָנגעלייגטע און ווייניקער אָנגעלייגטע, צי עס איז שחרית, צי מוסף... איך גלייב באמונה שלימה, אַז יעדע תּפילה איז בײַ אים, דעם שומע־תּפילות — אָנגענומען, אַבי מע זאָגט זי מיט אַ ריינעם האַרץ, מען זאָגט אַפילו אין נאָמען פֿון דעם קאָצקער רבין, זיכרונו לברכה אַז „עס איז נישטאָ קיין גאַנצערע זאַך ווי אַ צעבראָכן האַרץ״... לפּי דעתי דאַרפֿט איר דעם אָנבאָט אָננעמען און זאָל דער איבערשטער אײַך העלפֿן״. יאָסל האָט אָנגענומען...

***

ווי איר ווייסט, בין איך געווען פֿון די ייִנגלעך, וואָס האָבן געדאַרפֿט זײַן אומעטום (ווי אַנדערש וואָלט איך געוווּסט וועגן אַלע גרויסע און אינטערעסאַנטע ייִדן אין שאַרגאָראָד אין יענער עפּאָכע?). בין איך, פֿאַרשטייט זיך, יענע ימים נוראים געווען אין דער גרויסער שול און געהאַט דאָס זעלטענע גליק, די אומגעווינטלעכע זכיה צו הערן יאָסל קאָזלאָווסקין דאַוונען שחרית. (געדאַוונט האָב איך אין דער סקווערער קלויז, נאָר קיין באַלעבאַטים האָב איך איבער זיך נישט געהאַט. דער טאַטע איז געווען אין אַסטראַכאַן. דער זיידע אַברהם האָט געקענט „זײַן סחורה״, געוווּסט, אַז איך וועל נישט גיין אין שאַדן. אַ גוטער איז ער געווען, דער זיידע, האָט ער צו פֿיל דיסציפּלין נישט געפֿאָדערט. האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון קלויז און אַוועק אין שול. דאָרטן האָב איך געהאַט חברים־לעך צווישן די זינגערלעך אין כאָר, האָט מען מיך באַזאָרגט מיט אַן אָרט צום זיצן). אָנגעקומען בין איך פּונקט צו לאָל עורך דין... אײַך אָפּמאָלן ווי יאָסל קאָזלאָווסקי האָט געזאָגט די תּפילה בין איך נישט בכוח. נאָר אַז איך וועל אײַך זאָגן, אַז אין מײַן זיכרון קלינגט נאָך אַלץ דער עכאָ פֿון יענער תּפילה, נישט בלויז ווי דער בעל־שחרית האָט זי געזאָגט. דאָס אַוודאי... נאָר נאָך מער דער אָפּקלאַנג, דער אָפּהילך פֿון געוויין פֿון דעם עולם אין שול, און פֿון דעם געיאָמער אין ביידע ווײַבערשע שולן, וואָס מיט קיין פּשוטע ווערטער איז דאָס נישט איבערצוגעבן. נאָר עס איז בפירוש נישט צו פֿאַרגעסן — — — אָבער דעם קלוי־

* ערשטער. — ** צווייטער.

מאַקס האָט יאָסל עליו השלום דערגרייכט, ווען עס איז געקומען צו די „אָבינו מלכּנוס״, בײַ יענעם פון זיי ווו מע בעט אויף פּרנסה איז פאַראַן אַ תּפילה, וואָס איז געדרוקט אין מחזור מיט קלייניניקע אותיות, און מע זאָגט זי, די תּפילה, שטילערהייט, בלחש, פאַר זיך. און צום ערשטן און לעצטן מאָל אין מײַן לעבן האָב איך געהערט אַ שליח־ציבור זי זאָגן טאַקע פאַר זיך, שטילערהייט, און כמעט נישט געזונגען... דער עולם איז געווען שטיל, מע האָט ממש דעם אָטעם פאַרהאַלטן, ווײַל ווי שטיל ער האָט די תּפילה נישט געזאָגט, האָט מען אים געהערט איבער דער גאַנצער שול אין יעדן ווינקעלע... אָט ווי הײַנט הער איך זיי, די ווערטער: „ושלא יהיה בה שום בושה וכלימה, ושלא תצריכני לידי מתנת בשר ודם, כּי אם לידך הפּתוחה הקדושה״... איך וועל דאָס איבערגיסן אין מאַמע־לשון: „און נישט זײַן זאָל אין דער פּרנסה מײַנער קיין שאַנד קיין בושה... און איך זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו מענטשן... בלויז פון דײַן האַנט (גאָט) דער גרוי־סער, אָפענער און הייליקער״. (דאָס איבערטראָגן אויף ייִדיש איז אַ פּרײַס). דאָס הערן די תּפילה אין דער שטימע און חיתוך־הדיבור פון יאָסל קאַזלאָווסקי און אין דער שאַרגאָראָדער שול האָט געלאָזט אַ רושם אויפן גאַנצן לעבן...

**
*

די חזקה אויפן „גאַנצן לעבן״ איז געווען זייער אַ קורצע. (גבירים האָבן מזל. נחום שפּאַן האָט צום עסק נישט פיל צוגעטראָגן). נאָך סוכּות האָט זיך יאָסל פאַרקילט, געקראָגן אַ לונגען־אָנצינדונג און איז פאַרברענט געוואָרן אין בלויז עטלעכע טעג. נפטר געוואָרן איז ער שבת נאָך הבדלה און מקבר געווען האָט מען אים זונטיק אין דער פרי. זײַן לוויה האָבן שאַרגאָראָדער ייִדן פאַרגליכן מיט דער לוויה פון חנוך דעם רב, ז״ל, וועמענס לוויה איך אַליין געדענק נישט. איך געדענק בלויז דעם טאָג. עס האָט געשנייט און ווען די דערוואַקסענע פון דער משפּחה זײַנען אַהיימגעקומען, האָבן זיי גערעדט וועגן דער לוויה און געוויינט... איך האָב געמוזט אַלט זײַן אַרום פיר יאָר.

אָט אַזעלכע ייִדן האָבן מיר געהאַט אין שאַרגאָראָד...

## אַן עקסקורסיע אין קולטור אויפשפּראַץ

איך וויל איצט מאַכן אַ פאַרזוך צוריקצוגיין צום סאַמע בראשית, צום סאַמע אָנהייב אין מײַן באַוווסטזײַן און רעאַגירונגען אויף קולטור־דערשײַנונגען אין מײַן היימשטאָט. עס איז נאַטירלעך נישט קיין פראַגע פון קולטור־געשיכטע, אַפילו נישט לאָקאַלער. נישט איך בין באַרופן פאַר אַזאַ אַרבעט, נישט איך פאַרמאָג דעם מאַטעריאַל און נישט די מיטלען אַזאַ אַרבעט צו שאַפן. אַלץ, וואָס

איך וועל דערציילן איז אַ פועל יוצא פון פערזענלעכע זיכרונות וועגן די עליות, ווי אויך פון די שינוים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די פאַרשיידענע קולטור־פאָרמען און אין זייער תוכן אין געוויסע צייט־אָפּשניטן.

נעמען מיר למשל לידער, וואָס מע האָט געזונגען אין שאַרגאָראָד אין פאַרשיידענע צייטן, דערמאָן איך זיך אַזעלכע, וואָס מײַן מאַמע האָט געזונגען (מן הסתם אײַערע מאַמעס אויך). איך געדענק לידער, — פאָלק־שאַפונגען פון אַנאָנימע מחברים, וואָס האָבן זייער אַפּעלירט צום שאַרגאָראָדער ייִדישן עולם, סײַ צוליב זייער היסטאָרישן אָפּשפּיגל, סײַ צוליב זייער ייִדיש־מענטשלעכער דראַמאַטישקייט... עס פלאָנטערט זיך אין מײַן זיכרון אַ ליד, וואָס די מאַמע פלעגט זינגען וועגן „ישראליקן, וואָס האָט שטאַרק געזינדיקט קעגן גרויסן גאָט און האָט צוליב דעם פאַרלוירן זײַן לאַנד, זײַן בית המקדש, וואַלגערט זיך איצט נעבעך אין פינצטערן גלות, און לײַדט פון צרות און בהלות"... דאָס ליד פאַרענדיקט זיך אָבער מיט אַ פּאָר אָפּטימיסטישע שורות אַז „ישראליק וועט פאָרט ווערן געגעזן, ווײַל דער גרויסער גאָט וועט אים דערלייזן..." איך געדענק אַ ליד וועגן משה רבנו, ווי ער בעט זיך בײַ גאָט, ער זאָל אים נאָך געבן „כאָטשבי אַ פּאָר יאָר לעבן „באַנאַנד", כדי ער זאָל אַרײַנפירן גאָטס פאָלק אין צוגעזאָגטן לאַנד"... אָבער גאָט ענטפערט אים, אַז עס איז אוממעגלעך. אַז „זאָלסט אַפילו נישט פּרובירן... ווײַל יהושע דײַן קנעכט וועט דאָס עקספּעדירן..." דאָס ליד פאַרענדיקט זיך מיט אָט די ווערטער: „דו דאַרפסט שוין שטאַרבן, דו דאַרפסט שוין שטאַרבן, דו דאַרפסט שוין שטאַרבן..." טײַכן טרערן האָט די גוטע מאַמע פאַרגאָסן בעת זי פלעגט זינגען יענע לידער.

***

אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָבן שוין קורסירט אַנדערע לידער. ווײַזט אויס, אַז דאָס דערשײַנען אויף די האָריזאָנטן פון דאָקטאָר הערצל, דער געבורט פון ציוניזם, האָט טאַקע נישט מיטן „קוריערסקי פּאָיעזד"*, אפשר גיכער אויף בויקעס פערד און וועגעלע — דאָך דערגרייכט שאַרגאָראָד... פון יענער צײַט געדענק איך צוויי לידער. איין ליד אַ פּאָזיטיווס, מיט בענקשאַפט קיין ארץ־ישראל ווו „אתרוגים בליִען, און ציגן עסן באָקסערן ווי גראָז"... דאָס ליד פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „אַהין, אַהין, אַהין רביניו, געוואָלד, וואָלט איך אַוועק אַט־אָט, אַפילו באַלד... " דאָס צווייטע ליד איז אַ נעגאַטיווס. עפּעס „אַ דאָקטאָר מיט אַ באָרד נאָר אָן אַ היטל, אָן אַ טלית, אָן אַ קיטל, זאָגט, אַז ער איז דאָס אַ שליח, פון דעם מלך המשיח..." ... „נאָר מירן זיך ניט לאָזן נאַרן, זאָל אײַך דאָס נאָר גאָר ניט אַרן... גלייבט ניט, גלייבט ניט אָט דעם כופר, מירן

* שנעלצוג.

וואַרטן אויף שופר... שברים, תרועה, וועט ער ברומען, דער האַר משיח, ווען ער׳ט קומען... ער וועט אונדז פירן אין לאַנד אין נײַעם, לשנה הבאה בירושלים..."

אַ ביסל שפּעטער האָט אַמעריקע אָנגעהויבן קאָנקורירן מיט ארץ־ישראל... אין דעם דאָקטאָר אָן אַ היטל איז שווער צו גלייבן. און משיח אײַלט זיך נישט... און פון אַמעריקע שרײַבן יענע געוואַגטע, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַהין — גוטע בריוו, שיקן געלט און פאַרטרעטן ווי שררות. האָבן מאַמעס אָנגעהויבן זינגען וועגן „דער חלה וואָס מען עסט דאָרטן „אינדערוואָכן..." „וועגן טאַטן וואָס וועט שיקן צוואַנציק טולער, זײַן פאַרטרעט דערצו"... „און וועט נעמען — לעבן זאָל ער — אונדז אַהינצוצו..." (שלום עליכם וויגליד).

מיט אַ מאָל, איך ווייס נישט ווי אַזוי, האָבן זיך אָנגעהויבן דורכרײַסן לידלעך פון ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע, ממש אַ פאַרפּלייצונג, אַפילו שיקע קערמאַן, אַ ייִנגל אין מײַנע יאָרן וואָס איז קיין גוואַלדאָוונע זינגער נישט געווען, האָט פון ערגעץ „פּאַציאָפּעט" אַ פּאָר אַזעלכע לידלעך און פלעגט אונדז חברה־פלעצל, פאַרזאַמלען אין אַ קאַמער בײַ זיי אין הויז און מיר פלעגן זינגען „ישראליקל, דײַן קרוין איז דאָס פּינטעלע ייִד"... און אַ זייער „מאָראַליש ליד", וואָס איז געגאַנגען אומגעפער אַזוי:

„מיט קיין געלט טאָר מען ניט שטאָלצירן,
„מען קען דאָס לײַכט פאַרלירן.
„דעמאָלט קען מען פילן, דעם ביטערן טעם —
„פון דעם אָרעמאַן.
„אויב דו ווילסט דיר אַ נאָמען דערווערבן,
„ער זאָל בלײַבן נאָך דײַן שטערבן,
„וואַרף אַוועק דײַן פּוסט יחוס,
„אַ מענטש זאָלסטו נאָר זײַן!..."

מיט פאַרשפּעטיקונג האָבן קיין שאַרגאָראָד אָנגעהויבן אָנקומען ייִדישע רע־וואָלוציאָנערע לידער: „אין געזאַלצענעם ים", „שלאָף אַלעקסע", „פון סיביר שיקט דײַן טאַטע דיר אַ גרוס מײַן קינד"... נאָכן ערשטן שטרײַק אין שאַרגאָראָד, האָט מען אָנגעהויבן זינגען גאָר נײַע לידער, ווי „ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט, צוזאַמען מיר קעמפן פאַר פרײַהייט און ברויט"... און אַנדערע.

**
*

פאַר אַ צײַט האָט שטאָט געזונגען, אָדער בעסער געזאָגט, נאָכגעזונגען, חזני־שע קאָמפּאָזיציעס. (נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין נײַנצן פינף, נאָכן דערטרינקען זי אין בלוט דורך פּאָגראָמען אויף ייִדן, נאָכן מאַכן אַ תכלית פון אַלע צוגעזאָגטע פרײַהייטן, איז בכלל בײַ ייִדן פאָרגעקומען אַ דערנענטערונג צו

דער שול, כמעט ביי יעדן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג צוליב פאַרשיי־דענע סיבות און פאַרשיידענע צילן, ביי אייניקע צוליב גאָט־זוכעניש, ביי אַנדערע צוליב דער אַנטדעקונג, אַז רעליגיע פאַרמאָגט אויך אייביקע קולטור־ווערטן... די קאָמפּאָזיציעס האָט מען געגנאַשט פון די כאַזן. פון די זעלבע משוררים האָט מען אויך געגנאַשט מאָדערנע לידער, ווייל בדרך כלל איז געווען בלויז איין שפּאַן פון דעם חזנישן כאָר צו דער יידישער בינע...

**
*

# טעאַטער

חידושט זיך נישט טייערע לייענערס, וואָס איך קום איצט אַריין מיטן יידישן טעאַטער אין שאַרגאָראָד, און פרעגט נישט די פראַגע, ווי קומט שאַרגאָראָד צום יידישן טעאַטער? אַז איר וועט האָבן אַ קאַפּיטשקע געדולד, וועט פאַר אייך דער ענין ווערן קלאָר. ווי ווייל עס איז אמת, אַז די צאַרישע מאַכט האָט מיט אַלע מיטלען געשטערט דעם יידישן טעאַטער, איז אָבער אויך אמת, אַז קיין איינהייט־לעכער געזעץ (אָדער געזעצלאָזיקייט) איז נישט געווען וועגן אָדער קעגן יידישן טעאַטער. עס איז געווען אָפּהענגיק פון גובערנאַטאָר צו פאַרבאָטן אָדער דערלויבן יידיש טעאַטער. און גובערנאַטאָרס, זיינען כמעט ווי מענטשן. פאַראַן גוטע און פאַראַן שלעכטע, צדיקים און רשעים. געוויינטלעך מער רשעים ווי צדיקים... אונדזער גובערנאַטאָר פון פּאָדאָליע האָט נישט דערלויבט צו שפּילן יידיש טעאַ־טער. כאָטש, אַז איר וועט מיר צוזאָגן צו האַלטן אַ סוד, וועל איך אייך דערציילן, אַז ווען מען האָט געוואָלט האָט מען ביי אונדז אויך געשפּילט יידיש טעאַטער. אויב איר פאַרשטייט פּויליש וועט איר זיך דערמאָנען, אַז עס איז פאַראַן אַ פּויליש ווערטל „פּאַן בוג וויסאָקאָ סאָם פּאַן דאַליעקאָ, אַ פּידפּאַנעק צאָ כצע טאָ אי ראָביע"... אויף יידיש וואָלט דאָס געהייסן אַז „גאָט איז הויך, דער פּריץ וויט און דער אונטערשמש, וואָס ער וויל דאָס טוט ער..." איר, הייסט דאָס, דאַרפט נאָר זען אַז דער אונטערשמש, דער פּריסטאַוו, זאָל ווען... און אויף דעם האָט גאָט באַשאַפן אַ דריי־אייניקייט, וואָס פאַר דעם בייגט זיך דער שטאַרקסטער בוים; די דריי־אייניקייט איז: געפּילטע פיש, בראָנפן און געלט... נאָר לאָזט מיך נישט אַראָפּ פון דער קאַליעקע... אַריבער דעם טייך דניעסטער, אַרום פערציק וויאָרסט פון שאַרגאָראָד איז בעסאַראַביע. דער דאָרטיקער גובערנאַטאָר האָט גראָד דער־לויבט יידיש טעאַטער. אויב מיין זיכרון נאַרט מיך נישט, איז זיין נאָמען געווען גראַף קאָנטאַקוזעוו. מע האָט אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל אוהב־ישראל, כאָטש עס איז אויך געווען אַ יש אומרים, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די אהבת־מרדכי איז גיכער געקומען פון זיין שנאת־המן. ער איז געווען נישט קיין רוס, נאָר אַ

וואָלעד, אַן אָפּשטאַמלינג פון די רומענישע באָיאַרן און האָט פּײַנט געהאַט די רוסן ווי דעם טויט. מיר דאַכט זיך, אַז א. ראַבאָי דערמאָנט איינעם פון זײַן משפּחה אין „אַ דאָרף מיט ייִדן". ווי די זאַך זאָל נישט זײַן, אין בעסאַראַביע האָט מען געמעגט שפּילן ייִדיש טעאַטער. מאָליעוו אויפן דניעסטער, אַ גרויסע ייִדישע שטאָט איז אין פּאָדאָליע. אָטיק (אָדער אָטאַקי) אַ קליין ייִדיש שטעטל אויף דער אַנדערער זײַט דניעסטער איז בעסאַראַביע, פלעגן ייִדישע טרופּעס שפּילן אין אָטיק און מאָליעווער ייִדן פלעגן זיך אַריבערשיפן דעם דניעסטער, אָדער אַריבערגיין די בריק און זען אַ ייִדישע פאָרשטעלונג, שאַרגאָראָדער, וועלכע האָבן ליב געהאַט ייִדיש טעאַטער פלעגן אויך צופאָרן אַהין. די טרופּעס פלעגן אַפילו אָפּנאַרן דעם עולם און אַנאָנסירן דעם „גרויסן" דעם „איינציקן" דעם „נשר הגדול" פון אַמעריקע דעם „אמתן אָדלער"... אָבער זיי האָבן אויפגעפירט זייער גוטע פּיעסן לויט מײַנע באַגריפן פון יענער צײַט. מע דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דער באַשרײַבער פון יענער עפּאָכע, איז נאָך קיין בר־מצווה נישט געווען... אָבער אַז איר וועט נעמען אין אַכט, אַז אַני הקטן האָב געזען אין אָט דעם קליינעם שטעטל אָטיק די וויכטיקסטע פּיעסן פון יעקב גאָרדין ווי „גאָט מענטש און טײַוול", „כאַסיע די יתומה", „מירעלע אפרת", „ייִדישער קעניג ליר", שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט" און אַנדערע ענלעכע בעסערע פּיעסן פון יענעם צײַט־אָפּשניט, וועט איר מיט מיר מסכּים זײַן, אַז צי עס איז געווען דער אמתער אָדער אַ נאָכגעמאַכטער נשר־הגדול, איז דער עצם פאַרמעסט געווען אַ וויכטיקע געשעעניש אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט...

**
*

דער ייִדישער טעאַטער אויף יענער זײַט טײַך האָט אויך געהאַט זײַנע פאַרדינסטן ווי אַן אַנרעגער, אינספּיראַטאָר פון אייגענע, אָרטיקע כוחות, וואָס האָבן געדרימלט אין שטעטל. שאַרגאָראָד איז געווען טעאַטער־באַוווסטזיניק, אָדער ריכטיקער געזאָגט, ייִדיש־טעאַטער־באַוווסטזיניק. ווײַל מע קען נישט זאָגן, אַז שאַרגאָראָד האָט ביז יענער צײַט, וועגן וועלכער איך דערצייל דאָ, קיין טעאַטער נישט געזען. נאָר וואָס זשע דען? דער טעאַטער, וואָס שאַרגאָראָד האָט ביז יענער צײַט געזען, איז נישט געווען קיין ייִדיש טעאַטער. עס פלעגן קומען אוקראַאינישע טרופּעס שפּילן טעאַטער. מערסטנס זײַנען דאָס געווען אָפּערעטישע פאָרשטעלונגען, זעלטן דראַמאַטישע. איך אַליין געדענק פון מײַנע קינדער יאָרן עטלעכע פאָרשטעלונגען אַזעלכע. (עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אויך אוקראַאיניש איז אין יענער צײַט נישט געווען קיין אַנגעלייגטער קולטור־פאַקטאָר בײַ דער צאַרישער רעגירונג. דאָס סאַמע וואָרט, דאָס וואָרט — אוקראַאיניש — איז געווען אַ טריף־פּסול). מע האָט דעם טעאַטער געדאַרפט רופן „מאַלאָראָסיסקי" טעאַטער, און מע פלעגט אים היפּשלעך פאַרפאָלגן. דער אמת איז, אַז יעדער טעאַטער פון

נאַציאָנאַלער מינדערהייט האָט אין זיין עצם עקסיסטענץ געטראָגן אין זיך די זוימען פון ווידערשטאַנד, אויב נישט רעוואָלט. (דער פאַקט וואָס אַט די פאַר־פאָלגטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן זיינען נאָך דער באַפרייונג געוואָרן פאַרפאָל־גערס פון ייִדן, קען געדעקט ווערן מיט זייער אייגנס אַ ווערטל: „ני דאַי באָג איז איוואַנאַ פאַן". דאָס מיינט, באַהיט גאָט פון איוואַנען ווען ער ווערט אַ פּריץ... נאָר נישט דאָס בין איך איצט אויסן). איז אָט יענע טרופּעס פּלעגן ציִען אַ גרויסן ייִדישן עולם. זייערע פּיעסן זיינען געווען מערסטנס פון דאָרף־ און פּויערים־לעבן, און אַפילו אַ דורכשניטלעכע טרופּע פּלעגט גאַנץ גוט שפּילן, ווייל זייער רעפּערטואַר איז אַלע מאָל געווען אַן איינגעשפּילטער. אַז זיי פּלעגן זיך אַרויס־לאָזן איבער דער מדינה, זיינען זיי געווען גוט צוגעגרייט. זייער זינגען האָט פאַר־מאָגט דעם צויבער פון אוקראַיִנישן פאָלקס־ניגון און כישופדיקע האַרמאָניע. איי־ניקע פון זיי האָבן אַפילו געהאַט אַ פּיעסע וועגן אַ — משומדת „זשידיווקאַ וויכ־רעסטקאַ", וועלכע האָט געוויסנביסן און ליידט נעבעך שטאַרק אי פון דעם, אי פון איר ליבהאַרציקן מאַן, וואָס איז מקיים אויף איר דעם ייִדישן פּסוק — „והוא ימשול בה"... מיט אַ גוישער בייטש און חזירשע ידים... עד היום איז מיר נישט קלאָר ווי אַזוי די הייליקע צענזור האָט דורכגעלאָזט אַזאַ קראַמאַלע. ייִדן פּלעגן זיצן ביי דער פאָרשטעלונג און זיך — — — נייך, נייך, איר האָט נישט געטראָפן — זיי האָבן זיך נישט געפרייט און נישט דערלעבט קיין נקמה, נאָר געוויינט מיט ביטערע טרערן אויפן וויסטן גורל פון דער געטויפטער... אַז מען איז אַהיימגע־קומען מיט געשוואָלענע אויגן פון וויינען און מע האָט דער מאַמען דערציילט די מעשה, האָט זי אויסגעשפּיגן זיבן מאָל און געזאָגט: „טפו, אַ שיינע ריינע כפּרה זאָל זי זיין פאַר דיר, פאַר מיר און פאַר כל ישראל!..." פאַרשטייט איר מיך, די מאַמע האָט נישט געזען די פאָרשטעלונג, האָט זי דאָס געקענט זיך פאַרגינען אויסצושפּייען און זיך אָפּזאָגן, וואָס זי האָט געזאָגט. וואָלט זי געווען אין טעאַטער, וואָלט זי אויך געוויינט, איר מעגט מיר גלייבן אויף נאמנות. איך קען מיין מאַמען און אַלע ייִדישע מאַמעס...

איך בין אַ קאַפּעטשקע אַוועק אין אַ זייט. איר וועט מיר אַנטשולדיקן. דער מאַטעריאַל איז קיין בייז אויג נישט, אַזאַ גרויסער. אַז ריר סטו זיך צו צו עפּעס, הייבט אָן פליסן ווי פון אַ צעבראָכן פעסל, איך קען דעם שטראָם נישט אָפּשטעלן...

## ייִדיש טעאַטער אין שאַרגאָראָד

בקיצור. שאַרגאָראָד האָט זיך מתקנא געווען אין די ייִדישע טרופּעס, וואָס האָבן געשפּילט אין אָטיק און די אינטעליגענציע האָט געגרינדעט אַ „געהיימע" פאַרזאַמלונג, פון וועלכער גאַנץ שטאָט האָט געוווסט און איז געשטאַנען אונטער

די פענצטער. מע האָט בײַ דער געלעגנהייט באַשלאָסן, אַז „יענע קענען, קענען מיר אויך"... מע האָט באַשלאָסן צו שפּילן טעאַטער, יידיש טעאַטער. די פראַגע איז געווען מיט וואָס אָנצוהייבן און מיט וועמען? אַוודאי זײַנען אַלע פאַרזאַמלטע, און געווען זײַנען עטלעכע צענדליק יונגע לײַט און מיידלעך, געווען זיכער, אַז אַלע־אַלע קענען שפּילן טעאַטער. (איציע רוזמאַן האָט פון יענער זײַט פענצטער געשריגן: „וואָס דען? הכל שוחטין"...). שלום קאָזלאָווסקי האָט געהאַט גרויסע צרות מיט יענע, וועם ער האָט געדאַרפט בראַקירן. אָבער קלוג איז ער געווען אָט דער שלום (געראָטן אין טאַטן...), קיינעם האָט ער נישט געפּסלט אויפן אָרט, פאַרהערט האָט ער אַלעמען. מע האָט געהאַט באַשלאָסן צו שפּילן „די צוויי קוני לעמלס" פון אַ. גאָלדפאַדן, האָט ער דערקלערט, אַז יעדער איינער און איינע וואָס מע האָט פאַרהערט, איז פּאַסיק צו שפּילן טעאַטער, נאָר באַשר די פּיעסע פאָדערט בלויז אַזוי פיל און אַזוי פיל שפּילערס, וועט ער אויסקלײַבן פאַר דער איצטיקער פּיעסע די פּאַסיקסטע פאַר דער שפּיל. און פאַר דער קומענדיקער פּיעסע וועט מען קלײַבן פון די געבליבענע. ער האָט געוווסט, שלום, אַז עס וועלן אים קיין צרות נישט פעלן. געטראַכט האָט ער אָבער, אַז די טרופּע איז צו שוואַך, איידער זי האָט עפּעס באַוויזן אויפצוטאָן זיך אָנצומאַכן שונאים... נאָך דעם ווי מען וועט איין מאָל שפּילן און קריגן אָנערקענונג, וועט מען זיך מיט די „גוואַל־טיקע טאַלאַנטן אין רעזערוו", ווי עס איז אָן עצה געבן. וואָס טויג אײַך גרויס. שלום האָט גוט אויסגערעכנט. דערווײַל האָט מען דעם „רעזערוו" געניצט פאַר שוואַרצע אַרבעט. אַלץ האָבן זיי דורכגעפירט פון די גרינגסטע ביז די שווערסטע אַרבעטן. איך ווייס נישט פון וואַנעט עס האָט זיך צו אים גענומען. שלום האָט זיך אַרויסבאַוויזן צו זײַן אַ גוטער דירעקטאָר און אַ ווונדערלעכער רעזשיסאָר. מע האָט אַרײַנגעצויגן אונדזער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע מוזיקאַנטן. נחום, משה דעם ווײַסנס איידעם, דער איצטיקער אָנפירער פון דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע, איז פריִער געווען דער ערשטער פידלער אין דער וויניצער אָפּערע. שלום האָט גוט געקענט נאָטן, האָט ער אײַנגעשטודירט מיט די שפּילערס און זינגערס די לידער פון דער פּיעסע. שלום האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ גוטער פּע־דאַגאָג. מע האָט אויסגעטיילט די ראָליעס, ווי ווײַט איך געדענק, אפשר מאַך איך אַ שטיקל טעות, האָבן זיך באַטייליקט די פאָלגנדיקע יונגע לײַט און מייד־לעך: אליהו בלוזמאַן (מענדל הערשס זון, יענקל זאַליאַזניק, ברוך רײַבמאַן, פּיניע רײַבמאַן, שלום און מלכה קאָזלאָווסקי, די צוויי פּײַטערבאַרג מיידלעך. אָט די אַלע אין די הויפּט־ראָליעס. אין די נישט־וויכטיקע ראָליעס האָבן געשפּילט אַ טייל פון די „רעזערוויסטן" און מע האָט זיך גענומען צו רעפּעטיציעס. שלום האָט די מענטשן פאַרמאַטערט צום טויט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדע קלייניקייט, קיין זאַך איז נישט געווען אומוויכטיק, אַפילו די נישט־וויכטיקע זײַנען וויכטיק — האָט שלום געטענהט. יעדער שפּילער האָט ממש געלעבט מיט

זײַן ראַליע. אליהו בלוזמאַן האָט נישט אָפּגעטראָטן פון דעם שפּיגל, אַ געבוי־רענער טאַלאַנט געווען. זײַן ראַליע אַלס קוני לעמל איז געווען די שווערסטע, טאַקע צוליב דעם, וואָס דער טיף, וועלכן ער האָט געדאַרפט שפּילן איז געווען אַלץ אין דער וועלט אַחוץ נאַרמאַל, געוויינטלעך... אָבער אויב עמעצער וויל וויסן ווי אַזוי אַ שטערן אַ „סטאַר" ווערט געבוירן, האָט ער אין יענע טעג געדאַרפט געווען האַלטן אַן אויג אויף אליהון. איציע רוזמאַן, וועלכער פלעגט זײַן בײַ די רעפּעטיציעס (מע האָט געדאַרפט האָבן אַ זכות אַרײַנגעלאָזט צו ווערן), אים האָט מען דאָס דערלויבט, ווײַל ער איז געווען אַ קלוגער ייִד און האָט געקענט צונויף קומען מיט אַן עצה בשעת הדחק. פלעגט אויף זײַן וויציקן אויפן זאָגן: אַז אליהו לעבט זיך אַזוי אַרײַן אין זײַן ראַליע אַלס זאַיִקע (שטאַמלער), אַז עס איז אים אַ חידוש, וואָס ער זאַיִקעט זיך נישט אין שלאָף"...

## ישראל פאַריקלמאַכער

אַז מיר דערציילן וועגן טעאַטער אין שאַרגאָראָד, דאַרפן מיר זיך באַקענען מיט ישראל פאַריקלמאַכער.

ישראל איז אַ קאַמעניעצער פון קאַמעניץ, די גובערנסקע שטאָט פון פּאָדאָ־ליע. ווי אַזוי ער קומט קיין שאַרגאָראָד קען איך אײַך אַקוראַט נישט זאָגן, אָבער אַ גאַנץ לעבן האַלט ער אין איין זאָגן „בײַ אונדז אין קאַמעניעץ" און בענקען, בענקט ער נישט אַזוי נאָך דער שטאָט קאַמעניעץ, ווי נאָכן דאָרטיקן טעאַטער, און נישט אַזוי נאָכן טעאַטער, ווי נאָך דער קונסט פון גרימירן. ער פלעגט דאָרטן גרימירן די אַקטיאָרן און ער האָט ליב געהאַט די אַרבעט ס'לעבן... עס איז עפּעס בײַ אים געווען פון דעם געפיל פון אַ סקולפּטאָר, וואָס מײַסטערט פּנימער. אָט נאָר וואָס, איידער ער האָט אַ מענטשן גרימירט האָט יענער אויסגעזען אַזוי, און איצט אין גאַנצן אַנדערש. אָט איז יענער געווען אַ יונגערמאַן אַ חתן־בחור, און אָט איז ער שוין אַ זיידע... ער קען אַפילו מענטשן מאַכן ייִנגער. געבן אַ געזונטן, פריילעכן אויסדרוק אָדער טראַגישן. און אַזוי ווײַטער און ווײַטער. ניטאָ קיין גרענעץ צו דעם, ווי אַזוי מע קען פאַרוואַנדלען אַ מענטשלעך פּנים אין עפּעס אַנדערש, וואָס עס איז. און יעדעס מאָל ווען ער פלעגט טאָן אָט די מלאכה, פלעגט ער אַליין פאַרכאַפּט און פאַרגאַפט ווערן פון די פאַרוואַנדלונגען, און באַטראַכטן דעם נײַ געשאַפענעם טיפּ ווי דעם גרעסטן ווונדער... לאַנגע יאָרן האָט ער גע־בענקט נאָך אָט דער הייליקער אַרבעט און האָט נישט געקענט קומען צום אויס־דרוק. די אוקראַיִנישע טרופּעס וואָס פלעגן קומען קיין שאַרגאָראָד האָבן זיך אַליין גרימירט, אָדער געהאַט אַן אייגענעם גרימירער. זיי האָבן זיך נישט געקענט פאַר־לאָזן אויף ניסים, נישט אין יעדער שטאָט איז פאַראַן אַ ישראל פאַריקלמאַכער.

בלויז איין מאָל, ווען אַן אוקראַיִנישע טרופּע האָט געשפּילט „זשידיווקאַ וויכ־ריסטקאַ“ האָט ער זיך אײַנגעבעטן בײַ זיי, זיי זאָלן אים לאָזן גרימירן... מענטשן, וואָס האָבן געזען די פאָרשטעלונג, האָבן זיך נישט געקענט אָפּלויבן פון די טיפן, וואָס ער האָט געשאַפן. און ער אַליין האָט וואָכן און וואָכן לאַנג נישט געקענט פאַרגעסן דאָס גרויסע גליק וואָס אים האָט געטראָפן, ווײַל כדי זײַן נחת זאָל אָנהאַלטן לענגער, האָט ער אויפן צווייטן טאָג נאָך דער פאָרשטעלונג, געפּועלט בײַ דער טרופּע, ער זאָל זיי נאָך אַ מאָל גרימירן און זיי זאָלן זיך לאָזן פאָטאָ־גראַפירן בײַ גראָסיצקי׳ דעם פאָטאָגראַפּטשיק. ער האָט אַליין פון זײַן קעשענע באַצאָלט פאַר די בילדער, וואָס ער האָט גענומען. איין בילד אין אַ גרופּע, אַלע אַקטיאָרן צוזאַמען. און אויך איינצלנע בילדער פון די אַקטיאָרן... אַברהם שלמהס „בדן“ האָט געמאַכט שיינע רעמלעך צו די בילדער און ישׂראל האָט זיי אויפ־געהאַנגען בײַ זיך אין צירולניע, וואָס האָט געהאַט אַ פײַנע וויוועסקע (שילד) אין דרויסן מיטן אויפשריפט „זאַלאַ דליאַ סטריזשקי אי בריטיאַ“... אַז ער פלעגט קריגן די ספּאַזמע פון בענקשאַפט קיין קאַמעניעץ, וואָס האָט געמיינט צו טעאַטער און גרים... פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן און לאַנג מיט פאַרחלומטע, פאַרבענקטע אויגן באַטראַכטן די בילדער מיט זײַנע גרים־שאַפונגען... אַז זײַן ווײַב האָט אים אַ מאָל בעת אַזאַ פאַרטיפונג אַ פרעג געטאָן, וואָס ער זעט עפּעס דאָרטן אַזוינס? איז זײַן ענטפער געווען: „איך באַטראַכט מײַנע קינדער...“ „טפו, זאָלסטו נישט ווערן, האָט די ווײַב אויסגעשפּיגן, וואָס פאַראַ קינדער, וואָס פאַראַ? ביסט משוגע, צי מטורף?... באַטראַכט בעסער דײַנע אייגענע קינדער! יאָסל האָט אויסגעריבן די שטיוול (ווײַזט אויס פון צו פיל גליטשן זיך, ווען ער פאַרדינגט זײַנע שטיוול צו די אָן־שטיוולדיקע ייִנגלעך אין חדר...) און מע דאַרף אים קויפן נײַע. שׂמחה איז קיין עין הרע אַ גרויסער בחור, און מע דאַרף אים מאַכן אַ גאַרניטער אויף יום־טוב... לייב האָט טאַקע אַ שיפסקאַרטע קיין קאַנאַדע, אָבער צו דער שיפסקאַרטע דאַרף מען נאָך האָבן אויף הוצאות ביז צו דער שיף, מע דאַרף געלט צו באַצאָלן פאַר אַריבערשטעלן די גרענעץ און ווי עס איז צוקליידן אַ קינד וואָס פאָרט „איִוועלאַיאַם“ (עבר לים)... איך רעד שוין נישט וועגן קליינוואַרג, רעד איך נישט... און ער, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד, שטייט ווי אַ וואַריאַט און שעפּט נחת פון „קינדער אויף די ווענט“... „נאָך אַ גליק, הערסטו, לאָזט די ייִדענע נישט אָפּ, וואָס די שכנים ווייסן נישט וועגן דעם. מע וואָלט דיך נאָך, חלילה, מיט טראָן באַשמירט און מיט פעדערן באַשטעקט“... ישׂראל זאָגט נישט קיין איין וואָרט, נאָר, „הערסטו, מײַן ווײַב, וואָס איך וועל דיר זאָגן, די מאַמע מײַנע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן און זײַן אַ גוטע בעטערין פאַר אונדז, איז געווען אַ קלוגע ייִדענע, אַ חכמה, פלעגט זי זאָגן, גיי דערצייל אַ בלינדן וועגן דער שיינקייט פון שקיעה און אַ טומטום דעם טעם פון ביאה“... אויף דעם האָט ער געקראָגן אַ קורצן און שאַרפן ענטפער פון זײַן ייִדענע: „אַז

אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז עס זאָל דיר, מײַנע שונאים, שקיִען און ב׳יען אין קאָפּ און אין יעדן אבר... און איך זאָל זוכה זײַן בײַ גאָט און זאָל דאָס נאָך דערלעבן"... און גייט טענהט מיט אַ ייִדענע...

**
*

אַז גאָט האָט געהאָלפן מע האָט זיך אין שאַרגאָראָד גענומען רעפּעטירן די „צווײ קונילעמלס" האָט ישראל אויפגעלויכטן. איצט, האָט ער געטראַכט, איז געקומען זײַן צײַט... איצט וועט ער קענען באַווײַזן זײַן טאַלאַנט אין גרימירן. ישראל איז געקומען צו יעדע רעפּעטיציע, (אים האָט מען אַרײַנגעלאָזט), און שטודירט יעדנס ראָליע פון דער ווײַטנס און זיך געגרייט מיט יעדן פון זײַנע רמ"ח אברים אויסצופורעמען די געשטאַלטן פון די באַטייליקטע, ער האָט ממש געפיבערט. די ווײַב האָט אים נישט דערקוטשעט, ווײַל אַ פּראַקטישע ייִדענע איז זי געווען, זי האָט דערשמעקט, דערניוכעט אַ פּאַרדינסטל, און פון וואָס? „גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד, פּלעגט זי צו זיך אַליין רעדן, פון נאַרישקייטן, פון אָפּמאָליעווען די „פּאַראַסקעס" און נאָך קריגן באַצאָלט פאַר דעם"... איז אויף ישראלן, ווי געזאָגט, אַ נײַע הויט געקומען. אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט... ישראלן איז דאָס גליק זײַנס, וואָס ער האָט שוין געהאַט אין דער האַנט, אַנגעקומען מיט גרינע ווערעם.

**
*

איז הערט אַ מעשה.

שלום קאָזלאָווסקי האָט געוווּסט אַ סוד וועגן דעם ישראל פאַריקלמאַכער, וואָס קיינער אין שאַרגאָראָד אַחוץ אים האָט נישט געוווּסט... ישראל, זאָל זיך אײַך דאַכטן, האָט פאַרמאָגט אַ שטימע, אַ זעלטענעם באַס־באַריטאָן, וואָס מען דאַרף אויספאָרן אַ וועלט צו געפינען. ער איז אָבער געווען שעמעוודיק. עפּנטלעך האָט ער קיין מאָל אין זײַן לעבן נישט געזונגען. ער פלעגט אַפילו פאַרן עמוד נישט דאַווענען, ווען ער האָט געהאַט יאָרצײַט. בלויז בײַ זיך אין שטוב, אי דאָס נאָר ווען קיינער איז נישט געווען, פלעגט ער אַ מאָל שטילערהייט פאַר זיך זינגען. טרעפט אַ מאָל אין די „מאָגערע" יאָרן, ווען שאַרגאָראָד האָט זיך נישט געקענט פאַרגינען קיין גאָר גרויסן חזן, האָט מען צוגענומען אַ טשערנאָוויצער יונגנמאַן, וואָס איז געווען אַ גרויסער מוזיקער, נאָר אַליין האָט ער כמעט קיין שטימע נישט געהאַט. זיין גאַנצער כוח איז געלעגן אין כאָר. שלום האָט צונויפגעשטעלט אַ פײַנעם כאָר פון דאָס בעסטע וואָס מען האָט אין שאַרגאָראָד געקענט באַווײַזן. — שלום איז געווען אַ גרויסער איבערקלײַבער און האָט ליב געהאַט פּערפעקציע. אים האָט אויסגעפעלט בלויז איין שטימע, גראָד אַזאַ ווי דער ישראל פאַריקלמאַכער האָט געהאַט, נאָר ווער זאָל דאָס וויסן אַז בײַ דעם ייִדן, וואָס

גאָלט בערד און שערט פּאָ... ס, שטייט אײַן אַזאַ גאָלדענע כּלי? שלום איז געווען אַן אָפּטער אַרײַנגייער אין ישׂראלס צירולניע, ווײַל ער האָט ליב געהאַט אַ גלאַט פּנים און אַ שיין פּאַרקעמטן קאָפּ, אַ פּאַרפּומירטן... (ער האָט זיי אויך גערדאַרפט האָבן, נאָר פאַר וואָס קען איך אייך נישט דערציילן, ווײַל ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך נישט ליב קיין רכילות און וויל אײַך גלאַט נישט דערציילן וויפל ליבעס דער שלום האָט געשפּילט...) — — — קומט ער, שלום, אַ מאָל צו צו דער טיר פון דער צירולניע איז זי פאַרהאַקט, די טיר. וויל ער אַ קלאַפּ טאָן די קליאַמקע אין טיר, ער האַלט שוין די האַנט אויף איר... נאָר וואָס טוט זיך דאָ, גאָט אין הימל? פון דער צירולניע הערט ער אַ שטיל זינגען פון אַ מאַן, און אַ שטימע, אַזעלכע האָט שלום אין זײַן לעבנס־לעבן נישט געהערט. ווער זאָל דאָס זײַן? און פאַר וואָס איז פאַרשלאָסן די טיר? ער שטייט און הערט זיך אײַן. אַ באַס־באַריטאָן, וואָס צעגייט זיך אין אַלע אבֿרים. פּונקט אַזוינעם וואָלט ער געקענט ניצן פאַר זײַן כאָר, עס וואָלט געגעבן דעם אמתן קאָליר... הייבט ער אָן קלאַפּן, ווערט שטיל. ישׂראל עפנט אים די טיר און איז זיך מתנצל: „אַזוי ווי עס איז איצטער „זשניוואַ" (שניט־צײַט) און מע זעט נישט קיין לעבעדיקן פויער אין שטאָט, האָט ער פאַרשלאָסן די טיר און זיך צוגעשפּאַרט"... „און ווער האָט דאָס געזונגען?", פרעגט שלום. „געזונגען?", מאַכט זיך ישׂראל געפּגרט... „יאָ, געזונגען, זאָגט שלום... „ווער געזונגען, וואָס געזונגען?" לייקנט ישׂראל... עס איז דאָ קיינער נישט געווען און קיינער האָט נישט געזונגען... עס האָט זיך דיר מן הסתּם אויסגעדאַכט... אַ שיינע מעשׂה נאָר אַ קורצע... ביסט גוט אין דער אַרבעט, שלום לעבן... האָסט זיך, בחורל, אַזוי אַרײַנגעלאָזט אין דעם כאָר אין דײַנעם, אַז עס חלומט זיך דיר אין מיטן בײַ טאָג, אַז דו הערסט זינגען... נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן... באַהיט גאָט פון אַן אמת בילבול און פון אַ שקר בילבולו!..."

שלום האָט זיך אַזש אַ טאַפּ געטאָן בײַם קאָפּ... אפשר, ווער ווייסט?... אפשר האָט זיך אים טאַקע אויסגעדאַכט. אַ קשיא אויף אַ מעשׂה... וועגן דעם, אַז ער לעבט 24 שעה אַ טאָג מיטן כאָר איז טאַקע דער ייִד גערעכט... „כאָטש עס איז אמת, אַבי מע זאָגט"...

אויף דער נאַכט, ווען ער איז שוין געווען אין בעט, האָט שלום נאָך אַ מאָל און אָבער אַ מאָל איבערגעטראַכט די מעשׂה מיטן זינגען, וואָס ער האָט געהערט אויף יענער זײַט טיר פון דער צירולניע... שלום איז געווען מיד און שלעפעריק, נאָר ער האָט דעם שלאָף פון זיך געטריבן... די אויגן־דעקלעך האָבן זיך אים געקלעפּט און עפּעס אַ נאַריש געפיל האָט ער געהאַט, ווי ער זאָל זײַן צווייי שלומס, איינער אַ שלום, וואָס איז נאָך אַ חדר־ייִנגל, לערנט בײַ שלום גדליהס... דער רבי, וואָס ווייסט מער, וואָס עס טוט זיך אויבן אין די אייבערשטע עולמות, ווי ער ווייסט, וואָס עס טוט זיך אונטן בײַ אים אונטערן נאָז... דער רבי, וואָס „לעבט" כּמעט שטענדיק מאחורי הפּרגוד, און דערציילט וווּנדערלעכע מעשׂהס

פון דאָרטן, מערסטנס שרעק־מעשהס, נאָר אַ מאָל אויך מעשהס, וואָס האָבן אַ פּײַנעם מוסר השכל... איז יענער שלום דער קליינער, דאָס חדר־יינגל, זיצט אין חדר און הערט דעם רבין דערציילן אַ מעשה וועגן אַ גרויסן תנא, וואָס איז געווען אַ ביטערער אָרעמאַן און האָט ממש געהונגערט. — „איז מילא, זאָגט דער רבי, אַ גאַנצע וואָך, ווי א גאַנצע וואָך, סײַ ווי סײַ פֿאַסט ער תעניתים, נאָר אַז עס קומט דאָנערשטיק — די יידענע בעט אויף שבת און ער האָט נישט. און זי, וואָס ווייסט אַ יידענע? האָט גאַנצע טענות... און וויפל דער תנא גיט איר נישט צו פֿאַרשטיין, אַז דאָ, אויפֿן עולם התחתון, האָבן זיי טאַקע נישט קיין סך, אַ מאָל גאָרנישט אויך, נאָר דערפֿאַר איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווייסט זי כאָטש, וואָס פֿאַר אַ רײַך לעבן זיי וועלן דאָס דאָרטן פֿירן?״... דער יידענע איז די זאַך אַרײַן אין דער נאָז... און אין איינעם אַן ערב שבת, ווען זי איז געקומען בעטן אויף שבת און דער תנא האָט איר געגעבן דעם געוויינטלעכן ענטפֿער, אַז „איצט דאָ, האָט ער טאַקע נישט, נאָר דערפֿאַר״... האָט אים די יידענע נישט געלאָזט ענדיקן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, איז אים אַרײַנגעפֿאַלן אין די רייד און גע־טענהט: „הער זיך אײַן, מײַן מאַן, אַזוי קען ווײַטער נישט גיין. איך האָב זיך שוין אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט מײַן מוח. איך ווייס, מײַן מאַן, אַז דו האָסט אַן אָנזען אין הימל, פֿאַר וואָס זאָלסטו נישט מתפּלל זײַן, אַז מע זאָל אונדז געבן עפּעס אויך אויף דער וועלט, עד־לחשבון, (אַ יידענע פֿאַלט אײַן, זאָגט דער רבי), עס הייסט, אַן אַדערויף״? דעם תנא איז די מעשה געווען אַ ביסל פּריקרע, אָבער אין אַ שוואַכער מינוט האָט ער איר צוגעזאָגט... בײַ נאַכט, פֿאַרענדיקט דער רבי, האָט מען איר אין חלום געוויזן, ווי זי און איר מאַן זיצן אויף יענער וועלט אין אַ גרויסן עסזאַל מיט אַלע צדיקים און אישות צדקניות, זי זעט אַז יעדער צדיק מיט זײַן יידענע פֿאַרפּוצט אין בגדי־מלכות, זיצן בײַ אַ באַזונדערן, גאָל־דענעם טיש, אויף די טישן זײַנען אָנגעשטעלט מעדני מלך, אַלע טישן שטייען פֿעסט, נאָר איר טיש שאָקלט זיך... זי כאַפּט אַ קוק... אַ ווייטיק האָט זי נישט געטראָפֿן, איר טיש האָט דרײַ פֿיס... זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, און זעט איר מאַן זיצט אין זײַן בעט און האַלט אַ גאָלדענעם פֿוס פֿון אַ טיש... די יידענע פֿרעגט איר מאַן מיט טויט שרעק, ווו ער האָט גענומען דעם גאָלדענעם פֿוס? דערציילט ער איר בתמימות, אַז ער האָט מתפּלל געווען ווי ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז מען זאָל אים עפּעס געבן עד־לחשבון... דער רבי פֿאַרענדיקט די מעשה: „איר זעט, קינדערלעך, וואָס עס טרעפֿט, אַז מע האָט גרויסע אויגן. מאָלט אײַך, אַז אַפֿילו לשם מצווה, ווײַל וואָס קען זײַן אַ גרעסערע מצווה ווי עונג שבת? טאָר מען נישט עובר זײַן אויף לא תחמוד, על אחת כמה וכמה, אויף זאַכן, וואָס האָבן מיט אַ מצווה גאָר נישט קיין שײַכות״... דער שלום. דער אַנדערער, דער איצטי־קער האָט זיך ריכטיק אויסגעטשוכעט און אַ טראַכט געטאָן: „טאַקע גרויסע אויגן, וואָס דען? גיי איך נישט אַרום גאַנצע טעג און טראַכט און חלום וועגן אַ באַס־

באַריטאָן, ווי אויף דעם וואָלט די גאַנצע וועלט געשטאַנען. עס איז טאַקע אמת, אַז איך אויף מײַן אופן וויל דאָס אויך לשם מצווה, ווײַל וואָס קען זײַן גרעסער און שענער פון אַ כאָר אין שול, וואָס דאַרף זינגען פאַר ייִדן? אָבער כאַפּ זיך נישט שלום. דו מיינסט אַז דו ווייסט אַלץ. וואָס ווייסטו וועגן אַ ייִד וואָס האָט אַ גאָלדענע שטימע און באַנוצט זיך מיט איר נישט? אפשר האָט דער ייִד אַ נדר געטאָן? אפשר האָט אַ „גוטער ייִד" אויף אים גוזר געווען, אַז ער זאָל נישט זינגען?"... בײַ זײַן טאַטן אין שטוב האָט שלום זיך אָנגעהערט אַ שלל חסידישע מעשׂהס, וועגן גוטע ייִדן וואָס האָבן פאַרבאָטן, צוליב איינער אָדער אַ צווייטער סיבה, זייערן אַ חסיד צו זינגען אָדער אַפּילו צו רעדן... און וועגן אַזוינע, וואָס האָבן אַליין מיטן אייגענעם ווילן באַשלאָסן, אַ נדר געטאָן, נישט צו טאָן אַ געוויסע זאַך פון וועלכער זיי האָבן די גרעסטע הנאה... און ווי וויל עס האָט אים באַנג געטאָן אויף אַזאַ טײַערער כלי ווי ישׂראלס באַס־באַריטאָן שטימע, וואָס גייט לאיבוד... האָט ער פון דעסט וועגן באַשלאָסן בײַ זיך, נישט צו שטערן אַ ייִדן צו טאָן מיט זײַן אוצר וואָס ער וויל... אַז ישׂראל זינגט נישט עפּנטלעך בלויז צוליב דעם, וואָס ער איז אַ שעמעוודיקער, דאָס איז אים לחלוטין נישט אײַנגעפאַלן...

אָבער שלום האָט די מעשׂה נישט פאַרגעסן...

**
*

דערווײַל האָט מען אָנגעהויבן צו רעפּעטירן די ערשטע פּיעסע. און ווי איך האָב אײַך שוין דערציילט, איז אַרײַנגיין צו די רעפּעטיציעס געווען אַ שווערע, כמעט אוממעגלעכע זאַך. מע האָט געדאַרפט אַ ספּעציעלע זכיה. צווישן יענע וואָס מע האָט אַרײַנגעלאָזט איז געווען ישׂראל פאַריקלמאַכער. און פאַרשטייט זיך, ער האָט נישט פאַרפעלט קיין איין רעפּעטיציע. די גרופּע איז נישט געווען שטאַרק אָפּגעהיט מיט שבת, מע פלעגט רעפּעטירן סײַ פרײַטיק אָוונט, סײַ שבת בײַ טאָג (שאַרגאָראָד פלעגט שוין נישט שאַקירט ווערן פון אַזעלכע זאַכן, אַמווייניקסטנס, אַז מע האָט נישט מחלל שבת געווען בפרהסיא...). ישׂראל פלעגט נישט פאַרפעלן צו קומען אויך פרײַטיק און שבת... און דאָ איז שלומען אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז די מעשׂה פון אַ נדר, אָדער אַ גזר פון אַ גוטן ייִדן אויף דעם פאַריקלמאַכער, וואָס ער אַליין האָט צוגעטראַכט, קען זיך טאַקע זײַן אַ גאַנץ שיינע מעשׂה, נאָר עס גראַמט זיך נישט מיט ישׂראלס קומען צו די רעפּעטיציעס פרײַטיק און שבת בײַ טאָג... עס איז נאָך צוגעקומען אַ שטיקל באַווײַז. געוויינטלעך בײַ רעפּעטיציעס זײַנען די שפּילערס נישט קיין גרויסע זהירים, מע כאַפּט אַ סיגאַרעטל, נישט אויסגערעדט זאָל דאָס זײַן. איז איציע רוזמאַנען זעט מען פאַרדריסט דאָס, ער וואָגט נישט עפּעס צו זאָגן וועגן דעם, סײַדן אַ מאָל אַ לײַכטן מילדן וויץ... אָבער ישׂראל באַמערקט דאָס אַפּילו נישט, אָדער ער מאַכט

זיך אַז ער זעט נישט... שלום האָט אין די עטלעכע וואָכן פון די רעפּעטיציעס באַשלאָסן, אַז די סיבה פון ישראלס פאַרלייקענען, אַז ער קען זינגען, איז נישט און האָט נישט דעם מינדסטן שייכות צו אמונה, צו גלויבן...

***

ישראל האָט גאָר אַנדערש נישט געדענקט נאָר אַז ער וועט זײַן דער גרײַמירער. ער איז אין דעם געווען אַזוי זיכער, ווי אַז נאָך פּורים קומט שושן פּורים... בײַ די רעפּעטיציעס איז ער געזעסן, באַטראַכט יעדן שפּילער, זיך גוט צוגעהערט צום טעקסט פון יעדנס ראָליע, און אין זײַן מחשבה האָט ער שוין געזען יעדן פון זיי אַ גרימירטן לויטן כאַראַקטער פון זײַן ראָליע. נאָר מערקווירדיק, קיינער פון די אַקטיאָרן און אויך נישט שלום האָבן מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן גרים... וואָס עס שטעקט אין דעם, האָט ישראל נישט געוווּסט. בײַ איינער פון די רעפּעטיציעס האָט שלום געמאָלדן, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט מען אָנהייבן רעפּעטירן אין גרים... אָפּגעזאָגט און פאַרגעסן. נישט געזאָגט ווער עס וועט גרימירן, גלײַך אַזאַ ייִד ווי ישראל איז אויף דער וועלט נישטאָ. ישראלן האָט געוואָרפן, מײַנע שונאים, ווי אין נײַן־יאָריקן קדחת... פאַרן אַהיימגיין האָט זיך ישראל געהאַלטן נאָענט נעבן שלומען, געדענקט, געהאָפט אַז יענער וועט עפּעס זאָגן. נאָר שלום, אַזוי ווי ער זאָל ישראלן נישט קענען...

***

יענע נאַכט האָט ישראל קיין אויג נישט צוגעמאַכט. געדרייט זיך פון איין זײַט אויף דער אַנדערער, געקרעכצט, די ווײַב זײַנע האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעוועקט. געזען אַז ישראל שלאָפט נישט, געהערט אים קרעכצן, האָט זי אים געפרעגט, צי איז ער חלילה נישט מיט אַלעמען, צי טוט אים עפּעס וויי?... האָט ער איר געענטפערט, אַז ער איז געזונט ווי אַ פערד... אָבער, אַז זי האָט זיך נאָך אַ מאָל איבערגעוועקט און אים אַלץ געהערט קרעכצן, איז זי צוגעשטאַנען צו אים ער זאָל איר פאָרט זאָגן וואָס עס טוט אים וויי? ישראל האָט איר געענטפערט, אַז דעם וויטיק וואָס ער האָט, וועט זי נישט פאַרשטיין און דער דאָקטער קען פאַר דעם קיין רפואה נישט פאַרשרײַבן... געהערט אַזאַ לשון איז די ייִדענע געוואָרן אין כעס און אים געזאָגט, אַז קיין טערקיש האָט איר מאַמע זי נישט געלערנט און אַז אויב ער וויל צו איר רעדן ווי אַ מענטש, וועט זי אים אויסהערן און אפשר קענען העלפן... ישראל האָט איר דערציילט די גאַנצע געשיכטע און האָט ממש געוויינט. עס גייט אים נישט אין די פאָר רובל, וואָס ער קען קריגן פאַר דער אַרבעט, נאָך אַלעמען האָט ער דאָך ברוך השם געלעבט ביז איצט אָן דעם גרימירן, נאָר אַז דאָס איז בײַ אים אַזאַ הייליקע אַרבעט ווי בײַ שואל סופר דאָס שרײַבן אַ ספר־תורה... און מערקווירדיק, די זעלבע ייִדענע,

וואָס וואָלט אײַך פאַר דער דאָזיקער קונסט קיין צוויי צעבראָכענע פּרוטות נישט געגעבן (ווי איר געדענקט דאָס מן הסתם פון דעם אָנהייב פון דער דאָזיקער מעשה) — אַז זי האָט געהערט דעם פאַרגלײַך מיט שרײַבן אַ ספר־תורה, איז זי געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש און האָט אים געזאָגט עטלעכע פּשוטע ווערטער, וואָס האָבן זיך געלייגט אויפן שכל. „אויב בײַ דיר, ישראל, איז די אַרבעט אַזוי הייליק ווי דאָס שרײַבן אַ ספר־תורה, דאַרפסטו נישט וואַרטן אויף קיין כבוד און אַריבער־גיין, אַז מירן דערלעבן אין דער פרי, צו שלומען און רעדן מיט אים „יאַוונאָ וויאַסנאָ" *...

אין דער פרי איז ישראל אַרײַנגעקומען צו שלומען. שלום האָט זיך אויף דעם וויזיט געריכט, אָבער ער האָט דאָס נישט אַרויסגעוויזן. ער האָט אים פון דעסט וועגן וואַרעם אויפגענומען און געפרעגט, וואָס אים האָט געבראַכט אַזוי פרי צו גאַסט... ישראל האָט נאָך אַלץ געוואָלט ראַטעווען זײַן האָנאָר, נישט בעטן זיך בײַ יענעם. געפּרוווט נעמען שלומען אויף זיכער... און צווישן זיי איז פאָרגעקומען דער פאָלגנדיקער דיאַלאָג:

ישראל: — איך בין דיך געקומען פרעגן, וואָס פאַראַ מאַטעריאַל מיר דאַרפן האָבן?

שלום: — מאַטעריאַל, אויף וואָס אַ שטייגער?

ישראל: — צום גרימירן.

שלום: — גרימירן, וועמען?

ישראל: — גרימירן די אַקטיאָרן.

שלום: — וועלכע אַקטיאָרן?

ישראל: — וואָס הייסט וועלכע? אונדזערע אַקטיאָרן.

שלום: — ווער האָט אײַך געזאָגט, אַז איר וועט זיי גרימירן?

ישראל: — ווער דען?

שלום: — איך האָב בדעה זיך אַראָפּצוכאַפּן קיין מאַליעוו און ברענגען אַ גרימירער...

ישראל: — פאַר וואָס?

שלום: — פאַר נעכטן!... אַז אַ ייִד ווי איר, האָט אַזאַ גאָלדענע שטימע און באַהאַלט זיך מיט איר, איז ער נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים... סײַדן, ישראל, אַ „גוטער ייִד" האָט אײַך פאַרווערט צו זינגען... אָדער איר האָט זיך אַ נדר געגעבן, אַז איר זאָלט נישט זינגען. לאָמיר זיך נישט שפּילן אין באַהעלטער־לעך. זאָגט מיר פאַר וואָס איר ווילט נישט זינגען? נאָר דעם ריינעם אמת...

ישראל: — צוליב שעמעוודיקייט... אַז עמעצער איז דאָ דערבײַ, קען איך מײַן מויל צום זינגען נישט עפענען... און דאָס איז דער ריינער אמת.

---

* קלאָר און דײַטלעך.

שלום: — נו, אויב אַזוי, איז אַט־וואָס; אַלע וועלכע נעמען אָנטייל אין דער עפענונג פון דער ערשטער סצענע זײַנען יונגע לײַט און מיידלעך מיט דרײַ שטי־מען: אַלט, סאָפּראַן און טענאָר. מיר האָבן נישט קיין איין באַס אָדער באַריטאָן. איר, ישראל, האָט ביידע... איז סײַדן איר וועט אָננעמען צו זײַן פון דער גרופּע חסידים, גרימירט ווי עס פּאַסט זיך און נישט בלויז זינגען און טאַנצן צוזאַמען מיט זיי, נאָר טאַקע זײַן זייער פירער, אַ ניט קענט איר נישט זײַן דער גרימירער... און דאָס וואָס איר קענט נישט עפענען אײַער מויל, בעת מענטשן זײַנען דאָ דער־בײַ, זאָל אײַך גאָר נישט אָנהייבן אָרן. איך וועל שוין עפענען אײַער מויל, פאַרלאָזט זיך אויף מיר...

יאָ. ישראל פּאַריקלמאַכער איז געווען דער גרימירער, ווי ער איז געווען דער ערשטער חסיד און דער אָנפירער פון דער גרופּע, מיט וועלכער עס עפנט זיך די פאָרשטעלונג. ישראל האָט געטאַנצט און געזונגען. און סײַ אַלס אַקטיאָר און אַוודאי ווי אַ גרימירער איז ער געווען לעלא ולעלא...

***

עס איז קוים מעגלעך זיך פאָרצושטעלן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שאַרגאָראָד דעם טאָג פון דער פאָרשטעלונג. געשפּילט האָט מען בײַ הערשל דער רביצינס (לעווענסאָן) אין דער גרויסער נישט פאַרענדיקטער דירה. דער זאַל נעמט אַרײַן אַ פּאָר הונדערט מענטשן, נאָר בײַם און אַרום הויז איז געשטאַנען גאַנץ שטאָט. שוין אין מיטן בײַ טאָג איז די גאַס געווען שוואַרץ פון מענטשן, ווי זאָגט איר, אַנשים, נשים וטף... די בילעטן זײַנען שוין אָבער געווען אויספאַרקויפט. שלום קאָזלאָווסקי, ווען ער האָט דערזען דעם ים מענטשן, די מענטשלעכע פאַר־פלײַצונג, האָט זיך געריכט אויף צרות, האָט פּשוט מורא געהאַט, עס זאָל חלילה נישט געשען קיין אומגליק, איז ער אַוועק צום פּריסטאַוו, וועלכער איז געווען אַ נוגע בדבר. פאַר דערלויבן צו שפּילן האָט ער געקראָגן אַ שיינע מתנת־יד, אַחוץ געפילטע פיש און בראָנפן אַ גאַנצן ווינטער און שאר ירקות... דער פּריס־טאַוו האָט געשטעלט אין שלומס רשות זײַן גאַנצן „רעגימענט" סטראַזשניקלעך מיט „מאַמעליגע" דעם „סטאַרשי", דעם עלטצטן בראש, און מע האָט זיך גענומען אַרבעטן, מאַכן אָרדענונג מיטן באַוווסטן „אַסאַדי נאַזאַד!" *) און אַנדערע נישט גאָר אידעלע אָנצוהערענישן... קיין סך געהאָלפן האָט דאָס נישט. אָט האָט מען, דאַכט זיך אָפּגעליידיקט דעם פּלאַץ און אָט האָט ער זיך נאָך אַ מאָל, אויף ס'נײַ אָנגעפילט... גייט שטעלט אָפּ אַ וואַסערפאַל... אָנגעזאָגט האָט מען די סטראַזשניק־לעך, אַז די הענט זאָלן זיי האַלטן בײַ זיך... פאַרשטייט איר מיך, אַ סטראַזשניקס הענט האָבן אײַך אַ מיאוסע טבע, זיך צו נעמען בײַסן, ווען זיי דערפילן אין דער

* רוקט זיך אָפּ.

נאָענט מענטשלעכע, בפרט נאָך יידישע, גופים... פאַר נאַכט־צו, איז דער „נאַפּ־ליוו״ * נאָך גרעסער געוואָרן. עס איז פאַרגעשטאַנען די געפאַר, אַז מע זאָל נישט קענען שפּילן. איז שלום אַרויסגעקומען אויפן באַלקאָן, האָט אײַנגעשטילט דעם עולם און דערקלערט, אַז די טרופּע וועט די פאָרשטעלונג געבן עטלעכע מאָל. נאָר דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, ביז דעם פאַרצווייפלטן שלומען איז אײַנגעפאַלן אַן אויסצוג פון די ימים נוראימדיקע תפילות „וזרקתי עליכם מים טהורים״ און ער האָט געשיקט נאָכן פעסל פון דער שאַרגאָראָדער פאָזשאַרנע קאָמאַנדע מיט דער קישקע און מיט אַלע „שאַלעמויזן״... נאָר צום באַגיסן איז נישט געקומען. דאָס פעסל אַליין האָט באַוויזן דעם כישוף... ייִדן האָבן ווייניקער מורא פאַר דער היץ אין מרחץ אויף דער אייבערשטער באַנק, ווי פאַר אַ קאַלט ביסל וואַסער... דער עולם האָט זיך אָפּגערוקט צום גרויסן פלאַץ וואָס בײַם מאָנאַסטיר, און יענע וועלכע האָבן געהאַט בילעטן, האָבן אומגעשטערט געקאָנט אַרײַנגיין. מאַמעליגע האָט באַטראַכט יעדן בילעט (אַזוי ווי ער זאָל געווען קענען לייענען) און אַרײַנגעלאָזט.

***

טײַערער לייענער, איך קלײַב זיך נישט צו שרײַבן אַ רעצענזיע אויף אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, וואָס איך האָב געזען מיט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. עס ווילט זיך מיר אָבער פאַרצייכענען דעם רושם וואָס אויף מיר, און נישט בלויז אויף מיר — אַ צען־עלף יאָריק ייִנגל — עס האָט געמאַכט דער ערנסט מיט וועלכן יעדער שפּילער און שפּילערין האָט דורכגעפירט זייערע אויפגאַבעס. אָפּגעשטעלט אין מײַן זכרון האָבן זיך אייניקע זאַכן און אַ פאָר לי־דער, וואָס זײַנען פאַר מיר אַזוי פריש און לעבעדיק נאָך הײַנט, אָט ווי איך זאָל זיי האָבן נעכטן געהערט און געזען... איך האָב שוין אויבן באַמערקט וועגן דעם גרים. ישראל פאַריקלמאַכער האָט אַזוי קינסטלעריש זײַנע טיפן פאַרגרימירט, אַז ווען איר האָט זיי באַטראַכט און טראַכט דעם וואָס איר האָט געוווסט — ווער איז ווער, האָט איר נישט געגלייבט, אַז דער אייגענער מענטש איז עמעצער אַנדערש... דאָס שפּילן איז געווען אַזוי רעאַליסטיש, אַז יעדער וואָרט איז געווען גלייבלעך... און דאָס זינגען איז געווען אַן אמתער „שעדעווער״... אָט שטייען זיי מיר פאַר די אויגן, די חסידים, און זינגען:

„מיר, מיר יהודימלעך —
כשרע חסידימלעך —
לויבן זײַן ליבן נאָמען. איי, איי, איי, איי.

---

* אָנלויף.

דער רבי איז אונדזער חיות —
אָבער די הולטײַעס —
ווייסן נישט פון דעם תענוג, איַ, איַ, איַ, איַ".

אַט זינגט נעבעך קלמן שדכנס כלה־מיידל:

„אַלע מיידלעך האָבן חתנים,
זיי מעגן נישט זײַן קיין שיינע.
און איך וואַרט אויפן זיווג מײַנעם,
און עס קומט נישט קיינער...

איינע נעמט אַ בעל־מלאכה,
איינע פון אַ שיינער משפחה.
איינער האָט אַן אומגליק געטראָפן,
זי נעמט גאָר אַ הולטײַ...
מיט אַזוינעם, וואָלט איך זיך אויך נישט געוואָרפן —
נאָר, ווי האַלט איך שוין דערביי..."

אַ שיינע פּאָר וואָכן האָט אָנגעהאַלטן דער יום־טוב. מען האָט געשפּילט די פּיעסע עטלעכע מאָל און רעפּעטירט אַן אַנדערע. נאָר אַרום יענער צײַט האָב איך געמאַכט מײַן ערשטן וויכטיקן אַרויספאָר פון שאַרגאָראָד און קען וועגן דעם גורל פון יענעם פאַרזוך קיין וועזנטלעכע זאַכן פון מײַן זכרון נישט אַרויספישן...

***

אין אַ יאָר־צוויי אַרום, אָדער שפּעטער, האָבן מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע, אויך אויפגעפירט עטלעכע פּיעסעס. און אַפילו אין מעראַכוועס געשפּילט אויף רוסיש „גאָט, מענטש און טײַוול" (אויף רוסיש — „סאַטאַנאַ"). דער מעראַכוווער פּריסטאַוו, ווי ס׳רוב „קנעפּלעך" אין די צאַרישע צײַטן, איז אויך געווען אַ היפּשער כאַבאַרניק, נאָר יענער פלעגט נעמען כאַבאַר פאַר כשרע זאַכן... ייִדיש, האָט ער שפּילן נישט געלאָזט... דער שרײַבער פון די זכרונות איז געווען אַ נוגע־בדבר, קען ער וועגן דעם נישט מאַריך זײַן. עס וועט אָבער זײַן וויכטיק צו באַמערקן, אַז מיט יענער ערשטער גאָלפּאַדען־פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן אין שאַרגאָראָד די ייִדישע באַוועגונג, איך האָב אין זינען די וועלטלעכע קולטור.

צו יענער צײַט געהערט אַ יובליי־פײַערונג בײַ שמעון־דוד בלאָושטיין אין הויז, פון זיידע מענדעלע מוכר־ספרים, וועלכע איז באַפאַלן געוואָרן פון דער פּאָליציי צוליב אַ מסירה פון אַ שאַרגאָראָדער פרוי, וואָס האָט פאַר אַ שיינע עטלעכע יאָר, דורך דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַפילו נאָך דער רעוואָלוציע, בעת מאַכטן האָבן זיך געביטן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, — זיך טרויי־

עריק אויסגעצייכנט אַלס מסורטע און פּראָוואָקאַטאָרין פון דעם געמיינסטן סאָרט... זי איז אפשר געווען די איינציקע פאַרפוילטע פרוי אין שאַרגאָראָד, אַ שטאָט וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט די אָרנטלעכסטע, האַרציקסטע ייִדן, ייִדן פון הויכער מאָראַל און עטיק, וועלכע איך האָב באַגעגנט אויף מײַן לעבנס־וועג.

נישט אַלע מאָל האָט אָבער די מסורטע געוווסט, וואָס עס גייט־אָן אין שטאָט. צום לויב פון שאַרגאָראָדער ייִדן זאָל געזאָגט ווערן, אַז נישט אָפּגערעדטערהייט, האָט איר קיינער, קיינער נישט אַרויסגעהאָלפן מיט אינפאָרמאַציע. האָבן מיר טאַקע געהאַט עפנטלעכע פאָרלעזונגען פון שלום עליכם, פּרץ, און אַנדערע ראשונים פון דער יונגער ייִדישער ליטעראַטור פון יענע יאָרן — בײַ קרישטאָלן אין הויז, בײַ חיים קאָהען און בײַ אַנדערע. סע ליגט מיר נאָך איצט אין טעם שלום קאָהענס פאָרלייענען שלום עליכמס „ס׳אַ ליגן”... גאַנץ שטאָט איז געשטאַנען הינטער די פענצטערס, און די מסורטע האָט אַ מכּה געוווּסט, אַז די „קראַמאָלע” האָט זיך פאַרזאַמלט...

**
*

צו יענער צײַט געהערט אַ באַזוך אין שאַרגאָראָד פון דעם דעמאָלט נאָך יונגן און פיל צוזאָגנדיקן ייִדישן דיכטער משה טײַטש. געבראַכט האָט אים לייבעלע קרישטאָל פון אָדעס, און געלייענט האָט ער זײַנע לידער בײַ מאָטל פישער אין הויז, סאַמע נעבן קאָסטשיאָל, די צווייטע הויז פון דעם „סלעדאָוואַטיעל” *, די דריטע הויז פון קאַזיאָנע ראַבינער, די פערטע הויז פונעם אוריאַדניק (דער מיט דער געשמדטער ווײַב) און טאָמער איז דאָס אַלץ ווייניק: איז איבערן וועג געשטאַנען דער אַלטער שאַרגאָראָדער מאָנאַסטיר, ווו אין יעדן פענצטער שטייט אַ מאָנאַך און קוקט מיט פאַרבענקטע אויגן צו דער לעבעדיקער וועלט... נאָר שאַרגאָראָדער ייִדן זײַנען געווען איינשטעלערס, ריזיקאַנטן און האָבן געהאַט אַ ווערטל, אַז „בײַם פּריסטאַוו אין שטוב איז זיך גוט צו באַהאַלטן”... בײַ מאָטל פישער הינטער די פענצטערס איז דער עולם נישט געשטאַנען, מחמת אַהין האָט מען גערופן בלויז דורך אײַנלאַדונגען. און שטאָט האָט טאַקע נישט געוווּסט וועגן דער פאַרזאַמלונג, ווײַל עפנטלעך פאָרלייענען פּאָעזיע פון אַ יונגן דיכטער האָט טאַקע געשמעקט מיט „קראַמאָלע”, מיט רעוואָלוציע... איך געדענק, אַז פאָרגעשטעלט דעם פּאָעט האָט אונדזער אייגענע יונגינקע דיכטערין חנהקע וויניצקי, אַ גאָט־געבענטשטע טאַלאַנטירטע פּאָעטעסע אין צוויי שפּראַכן, רוסיש און ייִדיש, וועלכע איז געשטאָרבן, אין דער צײַט פון בירגערקריג, פון טיפוס.

בלויז עטלעכע שורות פון משה טײַטשס אַ ליד האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מײַן זכרון:

---

* אויספאָרשער.

„איך האָב אַ ליכטל אָנגעצונדן —
און דאָס געטראָגן אין מײַן האַנט.
איך בין געגאַנגען זוכן מענטשן —
וועלכע פילן מיט פאַרשטאַנד...“

איך צווייפל שטאַרק צי איך וואָלט הײַנט אויך געווען אַזוי אומקריטיש צו גלייבן, אַז מען קען פילן מיט פאַרשטאַנד. איך ווייס אָבער יאָ, אַז יענעם אָוונט האָב איך נישט געצווייפלט אַז מע קען, און נישט איך אַליין... דאָס איבעררופן זיך פון יונגן דיכטער מיט די פאַרחלומטע אויגן — מיטן גריכישן פילאָסאָף, וואָס האָט אויך מיט אַ ליכטל געזוכט דעם מענטשן און דעם אמת, האָט אין יענע ראָ־מאַנטישע צײַטן געמאַכט אַ רושם...

# מע לערנט, מע לייענט

די צײַט, יאָ די צײַט יענע, האָט געשווינבלט און געגריבלט מיט נײַע שטרע־מונגען. עפּעס ווי איבער נאַכט האָבן מענטשן זיך אַרײַנגעוואָרפן מיט לײַב־און־לעבן אין לערנען וועלטלעכע לימודים. פון יונגוואַרג איז דאָך נישט שײַך. אין פאַמיליעס, אין וועלכע יעדע מינדסטע אָפּוועַנדונג איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַפּיקורסות און אַפילו ביטער באַקעמפט געוואָרן, האָט מען אָנגעהויבן שיקן קינ־דער שטודירן: ווער קיין אָדעס, ווער קיין ווילניצע, באַרדיטשעוו אָדער אַפילו מאָהילעוו (אונדזער קרײַזשטאָט). יענע וואָס האָבן דאָס באַווײַזן נישט געקאָנט, האָבן אָדער זיך אַליין געלערנט, אָדער איינער פון אַנדערן און מיט אַנדערע. און אַלץ איז צוגעגאַנגען אַזוי פיבערדיק, עפּעס ווי מע זאָל געווען אָנכאַפּן די צײַט בײַ די פּאָלעס, כדי מע זאָל נישט פאַרשפּעטיקן...

אַפילו יונגע באַלעבאַטים האָבן אָנגעהויבן לייענען ביכער (צו יענער צײַט האָט זיך געעפנט די נישט־לעגאַלע ביבליאָטעק בײַ איציע פײַטערבאַרג אין הויז).

נישט געווען אין שאַרגאָראָד קיין שפּראַכן־קאַמף, וועגן וועלכן מיר פלעגן בלויז לייענען אין צײַטונגען און זשורנאַלן, אָבער נישט באַווירקט געוואָרן פון דעם. אין יענער צײַט האָבן אין שאַרגאָראָד געהויזט דרײַ לשונות, און אין אַלע דרײַ האָבן מיר געלייענט דאָס בעסטע, וואָס איז אין זיי געשאַפן געוואָרן: ייִדיש, העברעיִש און רוסיש. איך געדענק עפּעס יאָ אַ פראַגע, וואָס איינער פון אונדז ייִנגלעך האָט געהאַט געפרעגט בײַ חיים־אַהרן קרופּניק —חנוך דעם רבס זון — וועגן דער בכורה פון שפּראַך. זײַן ענטפער איז געווען אַ לאַקאָנישער, נאָר אַ קלאָ־רער: „אלה ואלה דברי אלוהים חיים“...

דער עולם האָט געשמאַק געלייענט, אמת, אָן אַ ספּעציעלן אָפּקלײַב, אָבער ווי דורך אַ כישוף זײַנען אַרויס פון געברויך, אַראָפּ פון מאַרק — אַזוי צו זאָגן

— די שמרשע און בלאָװשטײנישע ראָמאַנען, װאָס פלעגן זײַן די גײַסטיקע שפּײַז מיט בלויז אַ פּאָר יאָר פריִער פון אפשר אַ האַלב שאַרגאָראָד. יענע ראָמאַנען פלעגן פריִער „אַראָפּװאַזשען" פון די פּאָליצעס בײַ װעלװל ברוך יוספס אין קראָם, איצט זײַנען זײ געלעגן פאַרפּראָשעטע, פאַרלאָזענע און פאַרגעסענע. קײ־נער האָט זיך צו זײ נישט צוגערירט (װעלװל האָט זײ טאַקע לסוף פאַרקויפט ישראל־מעכלען אויפן פונט, אַן די טאָװלען צו װיקלען אין זײ הערינג...). װוּ די זאַלסט זיך נישט געװען געפינען האַסטו געהערט ריידן װעגן מאָדערנע שרײַבערס און זייערע װערק. אַפילו פּאָעזיע איז געװאָרן אַ גאַנגבאַרע סחורה. עס איז דאַכט זיך מיר נישט געװען קיין יינגל אָדער מיידל אין שאַרגאָראָד, װאָס האָט נישט גע־קענט דעקלאַמירן אָדער זינגען. איך געדענק אַ ביכל, װאָס האָט געהייסן „טשטיעץ דעקלאַמאַטאָר", װאָס װי דורך ניסים האָבן זיך זײַנע בלעטלעך געהאַלטן צוזאַמען צוליב די פיל הענט װעלכע האָבן זיך מתעסק געװען מיט זיי. זייער פּאָפּולער זײַ־נען געװען צװיי פּאָעמעס אין יענעם ביכל, װעלכע דער עולם האָט זיך אויסגע־לערנט אויף אויסװייניק; איינע האָט געהייסן „סומאַשעדשי" (דער משוגענער) און די צװייטע, אויב מײַן זכרון דינט מיר, האָט געהייסן „סװיאַטאַיאַ לאָזש" (דער הייּ־ליקער ליגן). די לעצטע פּאָעמע איז געװען װעגן אַ רעװאָלוציאָנער װאָס איז פאַר־משפט געװאָרן צום טויט דורך הענגען, און זײַן מאַמע האָט אים אָפּגענאַרט מיט פאַלשע האָפענונגען, אַז אויב ער װעט זי אויפן װעג צו דער תליה זען אָנגעטאָן אין װײַסן, זאָל ער װיסן, אַז אין דער לעצטער מינוט װעט מען אים שענקען דאָס לעבן. װי נאָר זי האָט זיך באַװיזן צו אים אין װײַסן, און װי ער, דער זון, אין דערװאַרטונג פון אַ נס איז געגאַנגען אויפן װעג צו דער תליה מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, און אַפילו שוין הענגענדיק האָט נאָך דער שמייכל פון זײַן פּנים זיך נישט אָפּגעטאָן. די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט אָט די שורות:

אַזוי האָט געקענט ליגנערן בלויז אַ מאַמע פול מיט מורא,
דער זון זאָל נישט שטאַרבן אין מרה־שחורה...

קינד און קייט האָט אָבער אַ מאָל און װידער אַ מאָל דעקלאַמירט און געהערט דעקלאַמירן די פּאָעמעס און נישט מיד געװאָרן.

מע פלעגט אויך אַ סך זינגען אין שאַרגאָראָד. און לידער האָבן מענטשן גע־זונגען אַלערליי, נאָר געװען אַ צאָל לידער, װאָס האָבן אָפּעלירט צו געװיסע איינ־צלנע מענטשן מער װי צו אַנדערע און אין יענע לידער פלעגן זיי אַרײַנלייגן זייער גאַנץ האַרץ, זייער גאַנץ ביסל נשמה...

מרדכי קופּער

# צוויי דודיעס — פאָלקסקינסטלערס

צוויי דודס זײַנען זיי געווען. גערופן האָט מען זיי „די דודיעס". איינער, דודיע שנײַדער — איז בלויז געווען אַ שנײַדער אין נאָמען, ווײַל אין מײַנע צײַטן איז ער שוין געווען אַ זקן אין טיפן, טיפן עלטער און כמעט אַ בלינדער. דער צווייטער — דודיע שוסטער — איז שוין אויך נישט געווען קיין יונגער מענטש, נאָר נאָך בײַ אַלע חושים. זיי ביידע, האָבן קוים געקענט דאַווענען. זאָגן אויף זיי, אַז זיי האָבן געקענט לייענען, אָדער געלייענט ביכער, וואָלט געווען אַן אויסטראַכטעניש, אַ בילבול. און דאָך וויל איך זיי פאַרשטעלן פאַר מײַנע לייענערס ווי שרײַבערס... ווײַל נישט בלויז זײַנען זיי געווען ווונדערלעכע דערציילערס, וואָס דאָס איז פאַר זיך אַליין, אפשר געווען דער אַכטער ווונדער פון באַשאַף. נאָר פאַר איי־נעם, וואָס האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זייערע מעשהס, איז געווען אַן אמתער נחת־רוח צו הערן די אוצרות פון שפּראַך, די רײַכקייט פון וואָקאַבולאַר פון אונדזער מאַמע־לשון; די וואַריאַציעס פון סינאָנימען, די אָפּגעהיטקייט און דאָס אויסמײַדן אומנייטיקע איבערחזרונגען (מעלות, וואָס אפילו אמתע שרײַבערס באַזיצן נישט אָפט). זיי ביידע, האָבן פאַרמאָגט דעם כישוף צו באַווירקן זייערע צוהערערס און אַרויסרופן בײַ זיי אַסאָציאַציעס מיט ליטעראַרישע ווערק, וואָס זיי האָבן ווען געלייענט.

פאַרשיידן זײַנען זיי געווען בלויז אין זייער טעמאַטיק. בעת דודיע שנײַדער איז געווען אַ דערציילער פון ראָמאַנטישע געשיכטעס און פלעגט זײַנע העלדן און באַזונדערס העלדינס — מאָלן מיט די פּראַקטיקסטע פאַרבן, וואָס בלויז אמתע קינסטלערס זײַנען דאָס באַרופן צו טאָן, — האָט דודיע שוסטער דערציילט מעשהס פון פרומען חסידישן לעבן, וועגן מופתים וואָס דער צדיק־הדור, דער אַלטער רבי, זכותו יגן עלינו, פלעגט באַווײַזן בשעת אַ ייד אָדער דער כלל ידין זײַנען געווען אין אַ צרה... בלויז אין איין זאַך זײַנען זיי זיך אַלע מאָל צונויפגעקומען — אין דעם גליקלעכן סוף פון די מעשהס. עס האָט זיך אַלע מאָל פאַרענדיקט בכי טוב, נאָר אַפילו דאָ, אין דעם גליקלעכן פאַרענדיקן אַ מעשה, איז אויך געווען אַן אַנ־דערשקייט בײַ זיי. דוד שנײַדער פלעגט זײַן דערציילונג אויסרעכענען ממש אויף אַ האָר — אויף פּרײַטיק אָוונט פון נאָכן עסן, ביז די ליכט זײַנען אויסגעגאַנגען. און איר זײַט אַלע מאָל אַהיימגעגאַנגען מיט אַ דערלײַכטערונג אויפן האַרצן, וואָס סוף־כל־סוף האָבן די פריִער אומגליקלעכע פאַרליבטע חתונה געהאַט אויפן שענ־סטן און בעסטן אופן. — — — דודיע שוסטער אָבער, האָט זעלטן ווען זײַן מעשה פאַרענדיקט אין איין שבת פאַר נאַכט, נאָר דעם סוף פון די מערסטע מעשהס פלעגט ער מוזן אַריבערטראָגן אויף דעם קומענדיקן שבת פאַר נאַכט, און איר זײַט אַ גאַנצע וואָך געווען אין איינע אַנגסטן צו וויסן, וואָס איז פאַרט געוואָרן מיטן גרויסן גביר, וואָס איז נעבעך פאַרפירט געוואָרן פון „יענע לײַט" אין אַ פינצטערן

וואַלד, איינער אַליין בײַ נאַכט צווישן שלאַנגען און עקדישן, מוראדיקע חיות־רעות אין אַ שלאַגס־רעגן מיט קולות וברקים...

דער קוריאָז איז געווען דער, וואָס דודיע שנײַדער, דער דערציילער פון די ראָמאַנטישע מעשהס וועגן צוויי געליבטע, וועמענס פרומע עלטערן האָבן גע־שטערט זייער ליבע, איז גראָד אַליין געווען אַ גאָטפאַרכטיקער ייִד. דודיע שוסטער אָבער, דער דערציילער פון פרום־חסידישע מעשהס, איז אַליין נישט געווען קיין גוואַלדאָוונער ירא־שמים...

**
*

דודיע שנײַדער איז געווען זאָזיעס טאַטע. וועגן זאָזיען אַליין וואָלט מען גע־קאָנט דערציילן און דערציילן, שרײַבן און שרײַבן. איך וועל דאָס אָבער מוזן מאַכן בקיצור. זאָזיע איז געווען אַ „דאַמסקע שנײַדער", מיט אַ „מאַסטערסקאַיאַ" פול מיט מיידלעך, וועלכע פלעגן בײַ דער אַרבעט זינגען ליבע־לידער וועגן „צעשטער־טע לעבנס", „צעבראָכענע הערצער" און „צעפּיצלטע נשמות". די מיידלעך זײַנען געווען דודיע שנײַדערס פרײַטיק־צו־נאַכטיקע געטרײַע צוהערערינס. זאָזיע פלעגט זיי אַרויסהעלפן אין זינגען. זאָזיע פלעגט נייען לויט די פראַנצויזישע מאָדע־זשורנאַלן און זײַן גרעסטן תענוג האָט ער געהאַט פון צוויי זאַכן: פון טאַנצן יעדן שבת בײַ טאָג מיט בחורים און מיידלעך בײַ זיך אין הויז, ווען די „מאַסטערסקאַיאַ" פלעגט אָפּגעליידיקט ווערן און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טאַנץ־זאַל, און פון מעסטן די מלבושים אויף ווײַבלעך און מיידלעך... אַז אַ ווײַבל אָדער מיידל פלעגט זיך פאַרויטלען, האָט זי זאָזיע באַרויקט, אַז פאַר אים דאַרף זי זיך נישט שעמען, ווײַל ער איז נישט קיין מאַנסביל, נאָר אַ זאָזיע... מאָלט אײַך, ער האָט געהאַט גענוג צרות פון זײַן ווײַב פראַדיע, וועלכע פלעגט אים דערגיין די יאָרן מיט איר איי־פערזוכט. אָבער דער אמת איז, אַז ער איז געווען אַ געטרײַער און אָרנטלעכער מאַן, נישט מער, וואָס דאָס טאַנצן איז בײַ אים געווען אַ מיטל פון אויסדרוק פון טיפער בענקשאַפט צו דער גרויסער שטאָט. ער האָט פאַרזוכט דעם טעם פון אָדעס, ווו ער האָט געאַרבעט ייִנגלווײַז...

דודיע שנײַדער פלעגט זײַנע מעשהס דערציילן יעדן פרײַטיק־צו־נאַכט בײַ זיך אין הויז. אַהין פלעגן זיך צונויפקומען שכנים און בעיקר שכנות באַלד נאָכן שבתדיקן עסן. און ווען ער האָט געהאַט אַ פולע שטוב, האָט ער אָנגעהויבן דער־ציילן. ווי אַלט ער איז שוין אין יענער צײַט געווען, און ווי שוין געזאָגט, כמעט בלינד, האָט ער דאָך פאַרמאָגט אַ קלאָר, לויטער קול וואָס האָט זיך געפּאַסט צו זײַנע דערציילונגען. דער עולם האָט טאַקע געקנאַקט סעמעטשקעס, אָבער שטיל און רויק — נישט צו שטערן דעם דערציילער. אויך דאָ האָבן זיך געגאָסן טרערן ווי באַב, בשעת דודיע האָט געהאַלטן אין מאָלן די ביטערע צרות, וואָס די פאַר־ליבטע האָבן זיך נעבעך אָנגעליטן פון זייערע פאַנאַטישע, ברוטאַלע טאַטע־מאַמע,

אָדער פון גלאַט פאַרשווערער און נישט־פאַרגינערס. דערפאַר אָבער, ווען דודיע איז געקומען צו דעם אָרט, ווען דער קנויל צרות האָט זיך אָנגעהויבן אויפצוזוויקלען, — האָט דער עולם פרײַער אָפּגעאָטעמט. אַזוי פרײַטיק־אײַן, פרײַטיק־אויס, אין משך פון יאָרן און יאָרן, די מעשׂהס האָבן זיך נישט אויסגעשעפּט... ווי האָט דודיע שנײַדער, אַן אָרעמער שאַרגאָראָדער ייִד, ווען באַגעגנט אָדער אַפילו געהערט פון אַזעלכע מענטשן? ווי אַזוי האָט ער זיך געקענט אַרײַנלעבן אין סיטואַציעס, פון וועלכע זײַן סביבה האָט גאָר נישט געהאַט די קלענסטע אַנונג? ווי אַזוי האָט ער געקענט מאָלן די פּאַלאַצן און קעניגלעכע הויפן, וועלכע ער האָט קיין מאָל אַפילו אין חלום נישט געזען? — אָט די מיסטעריע האָב איך קיין מאָל נישט געקענט באַשיידן...

***

דודיע שוסטער פון מײַנע קינדער־יאָרן, ווי איך געדענק אים, איז געווען אַן עלטערער ייִד, נאָר אַ לעבעדיקער און פריילעכער; אַ ייִד מיט אַ קײַלעכדיקער פּלייצע פון יאָרן זיצן געבויגן אויף דעם שוסטער־בענקעלע. זײַן ווײַב, אודיע, איז געווען בײַ אים די צווייטע און ייִנגער פון אים אפשר מיט דרײַסיק יאָר, אַ געזונטע, אַ ליכטיקע, אַ שיינע און נישט קיין נאַר. זי האָט אַפילו געקענט שרײַבן אַ ביסל. צו דער חתונה — פלעגן מענטשן דערציילן — איז זי געווען זייער יונג און ער איז געווען אַן אַלמן שוין אויפן שוועל פון עלטער, אַן אַלמן מיט זעקס קינדער. פרעגט מיך נישט ווי אַזאַ זאַך איז מעגלעך, איר זעט דאָך אַז עס איז יאָ מעגלעך. נישט מער, איר מוזט נישט דווקא גלייבן, אַז אמתע ליבע אָן אַ פּאַרוואָס איז אַ באַטור־געזעץ. עפּעס אַן אורזאַך איז יאָ געווען, בעסער געזאָגט — האָט געמוזט זײַן. אין אונדזער פאַל איז דאָס אפשר געווען דערפאַר, וואָס דודיע איז נישט בלויז געווען אַ גוטער מחבר פון מעשׂהס, נאָר אויך אַ ייִד וואָס האָט געשפּרודלט מיט חכמה, מיט הומאָר, האָט געקענט זאָגן אַ צײַטיק און שאַרף ווערטל, וואָס האָט געטראָפן אין סאַמע פּינטל. על־כּל־פּנים האָט די אודיע געפירט מיט דודיען אַ צופרידן לעבן. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן גרויס כּבֿוד. צו זײַנע אייגענע זעקס קינדער פון דער ערשטער ווײַב, האָט זי אים געהאַט נאָך זעקס און געווען צו אַלע אַ גוטע געטרײַע מאַמע. קיין גבֿירים האָט מען פון אַרבעט מיט אַ משפּחה פון פערצן מײַלער נישט געקענט זײַן, נאָר ווײַזט־אויס, אַז ער איז געווען זייער אַ גוטער בעל־מלאכה, האָט מען דאָרטן פון קיין דחקות נישט געוווּסט; מע האָט געפירט אַ באַלעבאַטיש לעבן און אודיע האָט זיך קיין מאָל נישט באַקלאָגט: „אַבי מײַן דודיע זאָל מיר זײַן געזונט, מער בעט איך בײַ גאָט נישט"...

דודיע שוסטער האָט זיך געהאַט זײַן אייגענעם דרך צו קריגן צוהערערס פאַר זײַנע דערציילונגען. שבת פאַר נאַכט פלעגט ער קומען אין סקווערער קלויז, אָפּדאַוונען מנחה און זיך אַוועקשטעלן בײַ דער וואַנט פון דער הרובע, זיך כּלומרשט

אָנצוואַרעמען. בײַם לאַנגן טיש האָבן ייִדן געגעסן שלוש־סעודות, געזונגען די פאַרנאַכטיקע זמירות און ווען חיים ישכרס האָט אָנגעהויבן זאָגן תורה, פלעגן אַ פּאָר ייִדן פון דודיעס פּאַטריאָטן שטילערהייט זיך אַרויסרוקן און אַריבערגיין צו דודיעס ווינקל, זיך אַוועקשטעלן נעבן אים און אים בעטן, ער זאָל עפּעס דער־ציילן. דודיען האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג בעטן און ער האָט אָנגעהויבן דער־ציילן אַ מעשה וועגן אַ ייִד אַ ישובניק, אַ מילנער, וואָס האָט זיך געלאָזט פאַרן שבת־צו־נאַכטס, אָסיען־צײַט, אין שטאָט אַרײַן צו די ערשטע סליחות בײַם רבין אין בית־המדרש, צו הערן „אים אַליין, זאָל לעבן" זאָגן סליחות...

איינציקווײַז האָבן ייִדן פון חיים ישכרס טיש אָנגעהויבן אַריבערגיין צו דו־דיעס טיש נעבן דער הרובע. אין איין פערטל שעה איז דער עולם געווען אַ צע־טיילטער כמעט גלײַך אויף גלײַך. וואָלט דאָס געווען אַן אַנדער לערנער, נישט חיים ישכרס, וואָלטן דודיען קיין צרות נישט געפעלט. איז דאָך אָבער חיים געווען אַ דימענט פון אַ מענטש, איז אַז עמעצער פון זײַנע מקורבים פלעגט אים אויפ־מערקזאַם מאַכן אויפן שיטערער ווערן פון זײַן עולם, פלעגט חיים אין דער פינצ־טער, אַ ליכטיקן שמייכל טאָן און זאָגן, אַז: „דודיע דערציילט נישט קיין פוסטע מעשהס"... און אָט אַזוי האָט איר געקענט אין דער זעלבער צײַט הערן פון חיים ישכרס טיש: „...און ווען ר' מאיר איז אַהיימגעקומען פון דער ישיבה, זאָגט אים זײַן ווײַב ברוריה: רבי, איך האָב צו פרעגן אַ שאלה. — פרעג, — זאָגט ר' מאיר. זאָגט זי צו אים: איינער האָט בײַ מיר אײַנגעלייגט אַ זייער ווערטפולע זאַך, אַ פּקדון, איצט איז ער געקומען און וויל דאָס אָפּנעמען צוריק; דאַרף איך דאָס אים אָפּגעבן?... טאָכטער מײַנע, — ענטפערט איר ר' מאיר — וואָס פאַר אַ שאלה איז דאָס? אַוודאי דאַרף מען אַן אײַנגעלייגטע זאַך אָפּגעבן צוריק צו דעם וואָס עס געהערט"... און פון צווייטן טיש, פון דודיעס, קענט איר הערן: „...שטייט נעבעך דער ייִד, דער מילנער, אין גאַס־רעגן אין מיטן וואַלד. אַנטקעגן אים שטייט דער וואָלף מיט שטשירנדיקע ציין, פון זײַנע אויגן שפּריצן פײַערלעך, מען קען דאָס זען אין דער פינצטער... רבונו־של־עולם, — שעפּטשעט דער ייִד אַ שטילע תפילה — אַז דו ווילסט מיך שטראָפן, מן־הסתם ביסטו גערעכט; מן־הסתם האָב איך גע־נוג געזינדיקט. אָבער מיט וואָס האָבן מײַנע פיר פּיצלעך קינדער געזינדיקט? פאַר וואָס זאָלן זיי אָפּקומען פאַר מײַנע זינד? פאַר וואָס זאָלן זיי בלײַבן יתומים?..."

אין קלויז איז שוין שטאַרק פינצטער. מיט אַ מאָל טוט משהלע שליאָמעס דער שמש אַ קלאַפּ אין שולחן און אַ געשריי: „ייִדן, צײַט צו דאַוונען מעריב!" און עס דערהערט זיך דוד־שײַעס קול: „והוא רחום יכפּר עון ולא ישחית..." די ייִדן פון חיים ישכרס טיש שטעלן זיך אויף, אָן טענות, און דאַוונען מעריב. אָבער בײַ דודיע שוסטערס טיש לאָזן די ייִדן נישט אָפּ, ווילן וויסן דעם סוף, נאָר דודיע דערקלערט זיי, אַז זיי וועלן מוזן האָבן געדולד ביז איבעראַכטאָג שבת, אם ירצה השם, ווען ער וועט בלי־נדר פאַרענדיקן די מעשה...

פון וואַנען האָבן אָט די צוויי דודיעס גענומען די הונדערטער מעשהס? ווער האָט זיי מגלה געווען דעם סוד פון דער דערציייל־קונסט?...

## אַ רעטעניש...

געווען איז זײַן נאָמען וועלוול. נאָר איך צווייפל צי ס׳האָבן זיך געפונען אין שאַרגאָראָד פיל מענטשן, וואָס האָבן געוווסט פון אָט דעם נאָמען. גערופן האָבן אים אַלע „דער מעזשאָנזשניק״, ווײַל ער האָט געמאַכט מעשענע כּלים, שטויס־לעך, טאַצן, לײַכטערס און חנוכּה־לעמפּלעך. איך ווייס נישט אויף זיכער, ווי אַזוי דאָס אמת פּויליש וואָרט „מעזשאָנזשניק״ האָט זיך אַזוי אָנגענומען בײַ שאַרגאָ־ראָדער יידן, ווײַל פּויליש האָבן בײַ אונדז אין שטאָט גערעדט געציילטע יידן. שאַרגאָראָד איז אַ טייל פון אוקראַינע, און גערעדט האָט מען בײַ אונדז אין אוק־ראַיניש און רוסיש און, נאַטירלעך, יידיש — סײַדן איך זאָל אָננעמען, אַז דאָס פּוילישע וואָרט איז געווען אַ פּועל־יוצא פון פּרנסה, ווײַל ס׳רוב וועלוולס קונים און מן־הסתם אויך די בעסטע, זײַנען געווען די פּריצים פון דער סביבה, וועלכע זײַנען געווען די גרעסטע לאַנד־איגנטימערס (פּאָמעשטשיקעס) און כּמעט אַלע זיי זײַנען געווען פּאָליאַקן, אַן איבערבלײַבעכץ, אַ זכר לחורבן פון דער אַמאָליקער פּוילישער גדולה, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער עסטרײַכישער גרענעץ, איבער די טײַכן דניעפּער, בוג און אַזש דניעסטער ביז דעם שוואַרצן ים, איידער די „יאַסנאָוועלמאָזשנע פּאַנעס״ האָבן פאַרשיכּורט און פאַרהולטײַעוועט גרויס־ און קליין־פּוילן צו זייערע שטאַרקערע שכנים: עסטרײַך, דײַטשלאַנד און דאָס צאַרי־שע רוסלאַנד...

וועלוול איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער קינסטלער אין זײַן פאַך; זײַנע מעש־אויסאַרבעטונגען זײַנען געווען באַרימט. ער האָט אָבער געהאַט איין חסרון, ער איז געווען אַ שטאַרקער מקפּיד — און ווי יידן פלעגן זאָגן אויף אים, — האָט ער ליב געהאַט זיך „צו שפּילן״ מיט זײַן אַרבעט. און דאָס איז געווען די סיבה פון זײַן קוים־קוים אויסקומעניש. ווײַל דער עיקר איז בײַ וועלוולען געווען נישט דאָס געלט וואָס ער קריגט באַצאָלט, נאָר אַז די אַרבעט זאָל, חלילה, נישט האָבן דעם קלענסטן „גאַנטש״ (פּגם). יידן פלעגן טענהן, אַז מיט אַזעלכע גאָלדענע הענט וואָס ער האָט פאַרמאָגט, וואָלט ער זיך געקענט באָדן אין ווילטיק, ווען ער „שפּילט״ זיך נישט... על־כּל־פּנים, אַז אַ שאַרגאָראָדער ייד האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, האָט ער עס פאַררעכנט פאַר אַ זכיה ווען ער האָט געקענט באַשטעלן אַ פּאָר לײַכטערס, אַ סערווירטאַץ אָדער אַ חנוכּה־לעמפּל בײַ וועלוולען. מע האָט אָבער בשעת־מעשה נישט פאַרפעלט קיין מאָל אים אַרײַנצוזאָגן, אַז ער, וועלוול, זאָל האָבן גאָט אין האַרצן און זען אַז די לײַכטערס זאָלן זײַן פאַרטיק נאָך פאַרן

ברית... ווײַל אַזעלכע אָפּטימיסטן וואָס זאָלן גלייבן, אַז די לײַכטערס וועלן זײַן פּאַרטיק צו דער חתונה — זײַנען אין שאַרגאָראָד נישט געווען. געדענק איך טאַקע, אַז יונגע ווײַבלעך, וואָס האָבן נאָר וואָס געהאַט חתונה געהאַט און האָבן זיך אײַנגעאָרדנט מיט נײַ מעבל, האָט אַ לאַנגע צײַט נאָך דער חתונה געבענטשט ליכט אין ליימלעך אָדער האַלבע קאַרטאָפל, וואָס האָבן זיך לחלוטין נישט גע־גראַמט מיט די נײַע שיינע ציכטיקע היימען...

***

קינדער האָט װעלוול געהאַט זייער שיינע און בכלל געראָטענע. די עלטערע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט משה לאַנדוי, דעם פאַרמעגלעכן שנײַדער, און האָט גוט אָנגעטראָפן. דער מאַן אירער איז געווען א גוטער בעל־מלאכה און געהאַט אַ פּריצישע קונדשאַפט. האָט זיך איר טאַקע געלעבט גוט. די ייִנגערע טאָכטער, גיטל, כאָטש זי איז געווען אַ מיידל מיט אַלע מעלות, איז געבליבן פאַרזעסן, ווײַל זי האָט געהאַט איין חסרון וואָס האָט אַריבערגעוויגן אַלע מעלות, — זי האָט געהאַט אַ הויקער, אָט אַזוי ווי דער באַשעפער וואָלט זיך אומישנע געסטאַרעט מיט דעם הויקער צו פאַרטונקלען איר געטלעך פּנים...

גיטל האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז זי וועט פאַרבלײַבן אַ מיידל. ווײַל גלאַט חתונה האָבן פאַר אַבי וועמען האָט זי נישט געהאַט בדעה. זי איז געווען אַ גוטע מאָדיסטקע, געהאַט אַ סך אַרבעט, געפירט אַ „מאַסטערסקאַיאַ", געהאַלטן מיידלעך און געווען זייער גוט צו זיי; געצאָלט בעסערע שכירות ווי אַנדערע, גע־נומען אַן אָנטייל אין די אינטימסטע זאַכן, וואָס מיידלעך לעבן דורך, זייערע ליבעס און שידוכים. זיי זײַנען געווען בײַ גיטלען ווי זיי זאָלן האָבן געווען אירע אייגענע. זי האָט געהאָלפן מיט אַן עצה, מיט בדן. און אַז טאַטע־מאַמע האָבן צײַטווײַליק נישט געדאַרפט וויסן פון די ליבעס — האָט זי געהאָלפן האַלטן סוד... אַז מע האָט געדאַרפט באַווירקן טאַטע־מאַמע, זיי זאָלן זיך נישט קעגנשטעלן, האָט גיטל מיט איר חכמה און טאַקט אויך דאָ אַרויסגעהאָלפן, און מערסטנטייל טאַקע געפּועלט בײַ די אײַנגעשפּאַרטע עלטערן, אַז זיי זאָלן צושטימען און געבן זייער ברכה. מיט איין וואָרט — גיטל האָט געלעבט און געאָטעמט מיט אירע אַרבעטערינס לעבנס...

***

ווייסט איר דאָך אָבער, אַז פערציק טעג איידער אַ קינד ווערט געבוירן, שרײַט אַ מלאך אויס אין הימל: „בת פלוני לפלוני", עס הייסט — דעמס און דעמס טאָכ־טער זאָל זײַן אַ זיווג צו יענעם און יענעם. האָט מען, ווײַזט־אויס, אויבן אויך גיטלען אין זינען געהאַט, און הערט אַ מעשה.

אין אַ שיינעם פּראַסטיקן ווינטערדיקן טאָג האָט הערש בערזשעניק געבראַכט אויף זײַן שליטן אַ זייער בכבודיקן פּאַסאַזשיר, אַ יונגן מאַן, אַ „פּרעדסטאַוויטעלני״, אָנגעטאָן אין אַ שיינעם טכוירענעם מאַנטל מיט אַ שיינער און טײַערער קאַראַ־קולענער הויבער קוטשמע, מיט אַ ווײַסן זײַדענעם שאַליקל אַרום האַלדז, מיט איין וואָרט — אַ נגידיש אויסזעעוודיקער יונגער מענטש, אַזוינעם וואָס מען קען אָננע־מען פאַר אַ רײַכן סוחר, אַן אַגענט פון אַ סטראַכיר־געזעלשאַפט, אָדער גאָר פאַר אַ דאָקטער און אפשר אַדוואָקאַט...

שאַרגאָראָד איז נישט אויסגעהונגערט נאָך שיין־געקליידטע, רײַך אויסזעעוו־דיקע מענטשן, נאָר דאָס זײַנען אייגענע. אַז עס שטעלט זיך אַרײַן אַזאַ מענטש פון דער פרעמד, זײַנען ייִדן נײַגעריק צו וויסן פון וואַנען, און דער עיקר — צוליב וואָס... נאָך אויפן וועג, פון יאַרשענקע, האָבן די פּאַסאַזשירן נישט געקענט אַרויס־קריגן פון דעם אורח דעם ציל פון זײַן קומען קיין שאַרגאָראָד, כאָטש זיי האָבן זיך באַמיט עס אויסצוגעפינען... דער יונגערמאַן האָט אויף אַ געשיקטן, נאָר איי־דעלן אופן געענטפערט אַזוי, אַז די נײַגעריקע זײַנען פון דעם קליגער נישט גע־וואָרן...

אָפּגעשטעלט האָט זיך דער יונגערמאַן בײַ אליהו שטיינבערג אין דער אַכסניה, געגומען דעם בעסטן צימער, ווו בלויז פּריצים שטעלן זיך אָפּ, געהייסן זיך מאַכן באַלעבאַטישע געריכטן. און אויך דאָ, ווי בשעתן פאָרן מיט שאַרגאָראָדער ייִדן אויפן שליטן, האָט זיך אליהון נישט אײַנגעגעבן צו דערוויסן זיך דעם ציל פון דעם אורחס קומען, נאָר פון דעם ענטפער אויף איין פראַגע אליהוס, איז דעם לעצטן אײַנגעפאַלן, אַז עס קען זײַן, אַז דער אורח איז אַ קאַנדידאַט אויף אַ שידוך, ווײַל דער אורח האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ „כאָלאָסטאָי״, אַ נישט־באַווײַב־טער. אַפילו דאָס איז אליהון נישט אָנגעקומען גרינג אַרויסצובאַקומען.

דעם ערשטן טאָג האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר שאַרגאָראָדער סוחרים, אַ שמעק געטאָן, אפשר עפּעס מסחר, ווער ווייסט, מע קען אַ מאָל צווישן יאָ און ניין מאַכן אַ שטיקל געשעפט. נאָר נאָך מער, ווי אפשר מאַכן געשעפט, איז די נײַגעריקע געגאַנגען אין לעבן נישט צו פאַרלירן ס׳געשעפט, אַז עמעצער אַנדערש זאָל עס אויסכאַפּן. איר ווייסט דאָך — ייִדישע מסחרים! אויף איין מסחר צוואַנציק בעלנים...

נאָר פון די אַלע באַמיִונגען איז גאָר נישט אַרויסגעקומען.

**
*

אליהו שטיינבערג אַליין איז נישט געווען ווייניקער נײַגעריק צו וויסן, צי זײַן השערה, אַז דער יונגערמאַן זוכט אַ שידוך איז ריכטיק. דאַרף זיך מאַכן, אַז שלום יאָסיע דער שדכן, קומט גראָד אַרײַן צו אליהון מכוח אַ שידוך פאַר זײַן דאָרען. אַן אַנדערש מאָל וואָלט אליהו אים גלאַט דורכגעטריבן, ווײַל אליהו ווייסט, אַז זײַן

דאָרע די קראַסאַוויצע, מיט דער פידל־שטימע, בלויע אויגן, גריכישע קלאַסישע נאָז און דעם רײַכן קאָפּ האָר, וואָס איז אפשר דער איינציקער און שענסטער אין דער גאַנצער סביבה, מיט איר רוסיש, און פריצישן פויליש און אַנדערע טויזנט און איין מעלות, איז נישט קיין קאַנדידאַטקע פאַר שלום יאָסיעס אַ שידוך. זי וואָלט דעם סאַמע געדאַנק פון אַזאַ מעגלעכקייט געהאַלטן פאַר דער גרעסטער באַ־לײידיקונג... נאָר הײַנט, מיט זײַן גרויסער נײַגעריקייט וועגן זײַן גאַסט, וואָס אַרויסצײַען בײַ אים אַ וואָרט איז ווי צו רײַסן ציין, איז אים אײַנגעפאַלן אַרײַנצו־שיקן שלום־יאָסיען אין דעם פּריוואַטן צימער פון זײַן אורח, ווו דער יונגערמאַן איז געזעסן ברייטלעך בײַם זודיקן סאַמאָוואַר, געטרונקען טיי מיט לימענע און געשמאַק געקײַט די מלכותדיקע קאַרזשיקלעך, וואָס אליהוס פּלוניתטע באַקט, וועלכע זײַנען טעם גן־עדן און צעגייען זיך אין מויל.

שלום־יאָסיע איז אַרײַן, אָפּגעגעבן דעם גאַסט אַ ברייטן שלום־עליכם און גלײַך צוגעטראָטן צום עסק. פאַרשאַטן דעם גאַסט מיט רייד און פאַרוואָרפן אים מיט שידוכים. — פאַרשטייט איר מיך, שלום־יאָסיען דאַרף מען די צונג נישט פּיקן, און זײַן רשימה פון כלות וואָלט געווען גענוג אויף חתונה צו מאַכן אַ גאַנצע גובערנסקע שטאָט...

נאָר מערקווערדיק און פאַרדעכטיק איז געווען דאָס, וואָס דער אורח האָט געדולדיק אויסגעהערט שלום יאָסיען, אויסגעהערט די באַשרייבונגען און דאָס מאָלן פון יעדע קאַנדידאַטקע אויף אַ שידוך, איר מראה, איר יחוס, אירע מעלות, די סומע נדן, קעסט און אַלע אַנדערע זאַכן וואָס אַ שדכן קען אויסרעכענען, און יעדעס מאָל ווען שלום יאָסיע האָט פאַרענדיקט האָט דער יונגערמאַן געזאָגט בלויז צוויי ווערטער „נישט דאָס"... שלום יאָסיע איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן... שיקט זיך עס, אַז פון די אַלע כלות מיט פעטע און מאָגערע נדנס פון שאַרפן יחוס, פון גאָלדענע בערג, ווי מע זאָגט דאָס, זאָל נישט זײַן איינע, וואָס זאָל פאַראינטערעסירן? פון דערפאַרונג ווייסט ער, שלום יאָסיע, אַז דורכצופירן אַ שידוך איז נישט פון די גרינגסטע זאַכן אויף דער וועלט, אָבער די שווערי־קייטן נעמען זיך אַרויסצווײַזן ערשט נאָך דעם, ווי דאָס פּאָרל האָט זיך אָנגעקוקט, ווען עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז פון אַ יפת־תואר בײַ אים אין בּיכל לאָזט זיך אויס אַז די מיידל האָט אַ לאַנגע נאָז, וואָס קוקט אַרײַן בײַ איר אין מויל אַרײַן ווי זי זאָל דאָרט עפּעס זוכן. אַז פון אַ גאָלדענעם קאָפּ האָר מיט צוויי דיקע צעפּ פאַרקעמט ווי אַ קרוין אויפן קאָפּ פון אַ מלכה, לאָזט זיך אויס אַ פּריטשאָסקע פון דער באָבע טאָלציעס צײַטן, וואָס דערמאָנט שטאַרק אין אַ נישט צו זויבער שייטל, אָדער ווי די מיידל זאָל האָבן געווען באַרגן בײַ איר שכנה אַן אַלט פּאַריקל, וואָס איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. אָדער אַז פון „טויזנט קאַר־בּוינים במזומנים" וואָס שטייען פאַרשריבן בײַ שלום יאָסיען אין דער רשימה לאָזט זיך אויס, אַז זײַן וועט בלויז פינף הונדערט, אי דאָס אין אַן אומבאַשטימ־

טער צײַט, ערשט נאָך דער חתונה, ווען מען וועט פאַרקויפן די ירושה־שטוב, וואָס וועט בלײַבן בירושה פון דער כלהס זיידן איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען דער זיידע וועט זיך אײַנזאַמלען צו זײַנע אָבות און כדומה זאַכן. אָבער אַז נאָך איידער מע קומט זיך צונויף אויף אָנקוקן זיך, זאָל אַ חתן גלאַט פּערע־בענדיעווען, אַזאַ זאַך האָט נאָך צו שלום יאָסיען קיין מאָל נישט געטראָפן. אונ־דזער שלום־יאָסיע, זאָל זיך אײַך דאַכטן, האָט אויסגעטרונקען מיט דעם יונגנמאַן אַ האַלבן סאַמאָוואַר טיי, זיך גענוג אָנגעשוויצט, אָבער דער עסק האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. מער ווי די ווערטער — „נישט דאָס" האָט שלום יאָסיע נישט געהערט. ער האָט זיך שוין געוואָלט אויפהייבן און זאָגן אַ „גוטע נאַכט", פרעגט אים דער יונגערמאַן אַזוי זיך פון דער גרינגער האַנט: „זאָגט נאָר ר' שלום־יאָסיע, מער האָט איר גאָר נישט אין אײַער רשימה? „כ'ווייס? פאַרהיקעט זיך אַזש שלום־יאָסיע ככככ'האָב נננגאָך איינע אויפן צעטטטטל, נאָר עס איז נישט פאַר אײַך"... „פאַר וואָס דענקט איר, אַז זי איז נישט פאַר מיר?" פרעגט דער גאַסט. „ווײַל, ענטפערט שלום־יאָסיע, ווײַל, ווײַל די מיידל האָט טויזנט מעלות און איין חסרון, וואָס וועגט אַריבער אַלע מעלות..." „וואָס איז איר חסרון?" פרעגט ווײַטער דער אורח. „זי איז אַ האַרבאַטע. אי דאָס פון ביידע זײַטן, אַ גאַנץ שטראָף. דאָס מיידל נעבעך איז אַ גאָלדן מיידל, נישט ווײַל איך בין אַ שדכן זאָג איך דאָס, נאָר איר מעגט מיר גלייבן אויף מײַנע נאמנות, איך האָב דאָך אײַך אויסגערעכנט וויפל כלות, נאָר בהן שלי, קיינע פון זיי מיט אַלע מעלות וואָס איך האָב אויסגערעכנט, און איך האָב קיין ליגן נישט געזאָגט וועגן איין מיידל אַפילו — קומט נישט צו איר — אַט דער מיידלס קנעכל... נאָר זי איז נישט פאַר אײַך. ווי קומט זי אַזאַ קאַליקע נעבעך צו אַזאַ מאַן ווי איר מיט אײַער מראה, מיט אײַער שטעל? און למאי זאָל איך זאָגן אַ ליגן? איך זיץ דאָך שוין מיט אײַך אַט דאַ שיינע עטלעכע שעה, איך קען זען, אַז איר זײַט נישט קיין גראָבער יונג, און שכל ברוך־השם פעלט אײַך אויך נישט, און אויב קיינע פון יענע, וואָס איך האָב אײַך אויסגע־רעכנט האָט אײַך נישט פאַראינטערעסירט, איז ווי קען איך אײַך רעדן דעם שידוך, וואָס איך אַליין ווייס, אַז איר זײַט קיין פאַר נישט?..."

דער יונגערמאַן האָט אויסגעהערט דעם שדכן און אים געבעטן אים צוזאַמענ־צופירן מיט גיטלען, איך קען אײַך נישט דערציילן ווי עס איז פאַרגעקומען, נאָר עס האָט לאַנג נישט גענומען און גיטל האָט חתונה געהאַט מיט דעם יונגנמאַן. דער חתן איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז עס זאָל זײַן חתונה מיט אַלע קליפּערלעך. פון חתנס צד, זײַנען קיין מחותנים נישט געקומען. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט קיינעם נישט. אָבער אַ חתונה איז געווען אַ שיינע און באַלעבאַטישע. גאַנץ שטאָט האָט זיך געפרייט, עס איז געווען אַזוי אומגלייבלעך, אַז עלטערע ייִדן האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ נס, נאָך גרעסער איז געווען דער נס, וואָס אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה האָט עס אויסגעקוקט, אַז דאָס פּאָרל איז אַפילו גליקלעך

פאַרהייראַט. מע האָט געפירט אַ שטיל צופרידן לעבן. דער מאַן האָט גיטלען אָפּגעגעבן דעם גרעסטן כבוד און נישט נאָר גיטלען, נאָר אַפילו איר טאַטן וועלוולען. ער פלעגט גיין מיטן שווער אין קלויז אַרײַן צוזאַמען, געקויפט אים יעדן יום־טוב אַ שיינע עליה און אַרויסגעוויזן אַנדערע סימנים פון געטרײַשאַפט און איבערגעגעבנקייט. גיטל האָט אָנגעהאַלטן איר מאַסטערסקאַיאַ און איז נאָך געוואָרן שענער ווי זי איז געווען. צום יאָר האָט גיטל געהאַט אַ ייִנגעלע און שכנהס האָבן געזאָגט „דער טאַטע אויסן קוק". דער מאַן האָט געפּרוווט אייניקע זאַכן פאַר פּרנסה, נאָר עס איז נישט געגאַנגען. גיטל פלעגט אים אויסרעדן דאָס האַרץ, אַז ער דאַרף זיך נישט זאָרגן, נאָך אַלעמען פאַרדינט זי דאָך גענוג, איבער־גענוג אויף צו לעבן שיין. נאָר דאָס איז פאַר אים, האָט ער געטענהט, אַ קנאַפּע טרייסט. איין זאַך איז געווען זיכער, אַז קיין פוילער איז ער נישט געווען. נאָר צו וואָס ער האָט זיך נישט גענומען האָט נישט געטויגט. עס איז אין יענע פאַר יאָר געווען אַ שטילער עקאָנאָמישער קריזיס, איז יענע וואָס האָבן געפירט מיסחרים פון פריִער, האָבן ווי עס איז זיך דורכגעשטופּט, אָבער אַ נײַער מענטש אין מיסחר, האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט פאַר הצלחה. דער יונגערמאַן איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה, און גיטל פלעגט צוליב דעם לײַדן. צום קינד איז ער געווען אויסערגעווייטלעך גוט און צו גיטלען איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן. פלעגט איר פאַרלויפן אַלע וועגן — ביז— — — אין איינעם אַ טאָג האָט שטאָט זיך דערוווסט, אַז דער יונגערמאַן איז אַוועקגעפאָרן... ניין, ניין, איר האָט נישט געטראָפן, ער איז נישט אַנטלאָפן... גיטל האָט געוווסט וועגן אַלץ, אַ סימן, אַז מע האָט זיך שפּעטער דערוווסט, אַז ער האָט איר איבערגעלאָזט אַ תנאי־גט... אָבער מער האָט מען פון אים קיין מאָל נישט געהערט. אפשר האָט גיטל יאָ געהערט פון אים, נאָר זי האָט קיין מאָל־קיין מאָל נישט גערעדט וועגן אים. און ווען מע האָט זי ווען עס איז געוואָלט אַרײַנציִען אין אַ שמועס וועגן אים, האָט זי זיך מיט אַלע מיטלען געווערט קעגן דעם, און זאָל גאָט אָפּהיטן אויב עמעצער האָט געוואָלט זאָגן אַ שלעכט וואָרט וועגן אים... גיטל האָט איר גאַנצע ליבע אַרײַנגעטאָן אין איר ייִנגעלע, וואָס איז אויסגעוואָקסן אי צו גאָט אי צו לײַט.

אפשר האָט איר אַ באַשייד צו דער רעטעניש? איך נישט.

## עס זאָל אַזוי נישט טרעפן, ווי עס טרעפט זיך...

מעכל קצב איז יאָרן לאַנג געווען דער קצב „פער עקסעלענס" אין שאַרגאָראָד. נאָך בחורווײַז האָט ער שוין אַרויסגעוויזן גרויס פאַכקענטעניש. און וואָס צו קענען איז אין דעם קצבישן פאַך דאָ גענוג. פרעגט אַ קצב וועט ער אײַך זאָגן,

אַז פון דער זעלבער בהמה, וואָס אַ קצב אַ פּורציע קען קיין פּרנסה נישט ציִען, און אַפילו די קונים ביי אַזאַ קצב האָבן נישט קיין הנאה פון דעם פלייש (ווייל פלייש, וואָס מע שנײַדט נישט ריכטיק איז האַרט ווי אַ שטיין און האָט קיין ייִדישן טעם נישט) — קען אַ גוטער קצב האָבן פּרנסה בכבוד און אַפילו קויפן זײַן ווײַב פּערל... מע דאַרף קודם זײַן אַ מבין אויף אַ בהמה. אַ גוטער קצב, אַ מבין, ווען ער טוט בלויז איין קוק אויף דער בהמה, ווייסט ער צי זי וועט אַרײַנ־ברענגען ריווח און אַפילו וויפל. אָבער די גרעסטע קונסט ליגט אין דעם שנײַדן, זעגן און האַקן פלייש. צווישן יאָ קענען און נישט קענען, ליגט דער חילוק פון דערפאָלג און דורכפאַל.

מעכל האָט געהערט צו די גרויסע קענערס פון פאַך. געקומען איז ער פון אַ משפחה, וואָס זײַנען דורות לאַנג געווען העקער און שיינע באַלעבאַטים. געווען איז ער, מעכל, אַ שיינער בחור, אַ פּראַנט לויט די דעמאָלטדיקע באַגריפן (עס איז געווען אין יענע יאָרן ווען איר און איך זײַנען נאָך קיין שאַרגאַראַד נישט געהאַט אָנגעקומען). שדכנים האָבן ביי זײַן טאַטן אין שטוב די טירן אָפּגע־שלאָגן. נאָר מעכל האָט זיך נישט געאײַלט. ער האָט געוואָלט „אַזוינס ווי אַזעל־כעס", אָבער ווען ער האָט דערזען ריוועץ אין דזשורין האָט ער זיך שוין פון איר נישט געקענט אָפּרײַסן. און ריווע איז טאַקע געווען אַ מיידל מיט זעלטענע מעלות. ערשטנס איז זי געווען אַ יפת־תואר. צווייטנס איז זי געווען אַ גוטע מיט אַזאַ מין סאָרט גוטסקייט, וואָס איז גרייט צו גיין פאַר יענעם אין פײַער און אין וואַסער, ממש ביז מסירת נפש... צו דעם אַלעמען איז זי געווען אַ ווילקענעוו־דיקע פאַר יענע צײַטן. זי האָט גוט געקענט דאַווענען. איר זאָגן תחינות איז אין שאַרגאַראַד געווען אַ שם דבר. דאָס מערקווערדיקסטע אין איר תחינות זאָגן איז געווען, וואָס זי האָט זיך נישט אַלע מאָל געהאַלטן ביי דעם טעקסט, נאָר פלעגט אַליין צוגעבן, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר נייטיק, און געווען איז זי מיטן ריבונו של עולם היימיש און ווי מע זאָגט עס — „אויף דו". איר קענט לאַכן אויב איר ווילט, נאָר ווען איך בין געווען אַ קליין ייִנגל האָב איך זיך די מוטער רחל פאָרגעשטעלט אין אויסזען פּונקט ווי ריווע. דאָס וואָס די מוטער רחל איז גע־שטאָרבן אויפן וועג קיין בית־לחם גאָר יונג האָט נישט אויסגעמאַכט, ווײַל ריווע האָט אויף די עלטערע יאָרן אויסגעקוקט אי שיין, אי פול מיט געטלעכן חן...

מיט איין וואָרט, ריווע האָט חתונה געהאַט מיט מעכלען און אַ סך מיידלעך אין דזשורין האָבן זיי מקנא געווען. ווײַל אויב אַ שמאַלצגרוב אין אונדזער מאַמע־לשון מיינט עפּעס, איז דאָס ביי אָט דעם מעכל קצב געווען דער אמת און די ווירקלעכקייט אַליין.

ווי יונג ריווע איז געווען צו איר חתונה, האָט זי זיך גלײַך געגומען צו אַ זאַך, וואָס בלויז עלטערע ייִדענעס פלעגן מיט דעם זיך פאַרנעמען. דהײַנו, זי איז געוואָרן אַ גבאיטע. זי האָט, מאָלט אײַך, זיך געהאַט אויסצושטיין גענוג עגמת־

נפש אין דער נײַער באַשעפטיקונג. נישט אַזוי פֿון מעכלען, בײַ אים, וואָס זײַן ריווע האָט געטאָן איז געווען גוט. ער האָט זי פֿאַרגעטערט — ריוועז. און אויב עפּעס האָט אים געאַרט איז דאָס געווען די גרויסע אָנשטרענגונג, וואָס ריווע פֿלעגט דורכמאַכן מיט אָט דער מאָדנער „זאַניאַטיע"* אירער, ווײַל אַרומ־גיין איבער שטאָט האָט זי געדאַרפֿט פֿרײַטיק, אָדער אין אַן ערב יום־טוב, און ריווע איז נישט געווען פֿון יענע באַלעבאָסטעס וואָס טוען אײַן זאַך אויפֿן חשבון פֿון אַ צווייטער... ריווע איז געווען אַ גאָלדענע באַלעבאָסטע און האָט נישט פֿאַר־נאַכלעסיקט אירע אייגענע פֿליכטן. איר הויז, איר מאַן און קינדער זײַנען מיט קיין זאַך נישט געוואָרן די קרבנות פֿון אירע פֿרײַוויליקע התחייבותן לגבי אַנ־דערע, פֿרעמדע, וואָס זי האָט געמאַכט פֿאַר אייגענע. זי האָט מיטגעלעבט מיט אירע אָרעמעלײַט זייער נויט, און מיטגעפֿילט זייערע צרות...

**
*

דער אופֿן ווי זי האָט אַדורכגעפֿירט אירע צדקה־אויפֿגאַבעס איז געווען איינציקאַרטיק. אמת, זי איז טאַקע אַרומגעגאַנגען יעדן פֿרײַטיק און יעדן ערב יום־טוב מיט אַ ווײַסן לײַלעך, ווי אַנדערע האָבן דאָס געטאָן, נאָר דאָ ענדיקט זיך דער פֿאַרגלײַך. איר לײַלעך איז געווען די ריינקייט און ווײַסקייט אַליין. אָנגע־טאָן פֿלעגט זי זײַן אין אירע שענסטע שבתדיקע מלבושים מיט אַ ווײַס זײַדן טיכל אויסגעבונדן אַרום האַלדז מיט צוויי אַראָפּהענגענדיקע עקן, וואָס בײַם מינדסטן ווינטל פֿלעגן זיי זיך צעפֿלי̇ען אין ביידע זײַטן און עס האָט זיך אונדז קינדער געדאַכט, אַז אַ מלאך פֿליט... ווען מיר האָבן אַ מאָל מײַן מאַמען געזאָגט, אַז עס דאַכט זיך אונדז אויס, אַז ריווע האָט דעם אויסזען ווי אַ מלאך ווען ער פֿליט, האָט די מאַמע אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „ניין, קינדער, עס דאַכט זיך אײַך נישט אויס. זי איז אַ מלאך..."

איך האָב שוין אויבן געזאָגט, אַז ריווע איז געווען אַנדערש ווי אַנדערע גבאיטעס. אָבער נישט בלויז אין אויסזען איז זי דאָס געווען. ריווע האָט געהאַט אַ סיסטעם אין אירע צדקה־טוונגען, אַלץ בײַ איר איז געווען אָרגאַניזירט, אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט מענטשלעכער ווערדע, אויף דעם האָט זי שטאַרק מקפּיד געווען, סײַ בנוגע די געבערס, סײַ נאָך מער בנוגע די נעמערס... זי האָט געהאַט אירע אייגענע באַשטימטע געבערס, ווו מע פֿלעגט שוין וואַרטן אויף איר, זי זאָל עפֿענען די טיר. קינדער אין פֿאַרמעגלעכע הײַזער, פֿלעגן זיך רײַסן איבערן כּבוד צו שטיין בײַ דער טיר און וואַרטן אויף ריווע דער מעכלקע מיט אַ חלה, געפֿילטע פֿיש, אַ פֿערטל עוף אָדער אַפֿילו קוגל... מאַמעס זײַנען געצוווּנגען געווען צו מאַכן שלום צווישן קליינוואַרג דורך אײַנטיילן זיי דעם פֿאַרגעניגן. איין

---

* באַשעפֿטיקונג.

פרײַטיק איין קינד, דעם צווייטן אַן אַנדער קינד אאַז״וו. רעדן מיט די געבערס פלעגט נישט ריווע בשעת זי איז אַרומגעגאַנגען זאַמלען, אויף דעם האָט זי קיין צײַט נישט געהאַט. אַ חוץ אַ „גאָט העלף״ בעתן אַרײַנקומען און „איר זאָלט אַלע מאָל קענען געבן״ בײַם אַוועקגיין. רעדן האָט זי מיט אירע אָנהענגערס בלויז גערעדט, ווען זי האָט געדאַרפט בײַ זיי ספּעציעלע זאַכן ווי, למשל, קליידער פאַר אַ כּלה אָדער גלאָט אַן אָרעם קינד, געלט צו העלפן אַ קראַנקן, צושטײַער אויף נדן און ענלעכע זאַכן, אָבער דאָס פלעגט זי טאָן אין מיטן דער וואָך. עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז ריווע זאָל אָנרופן דעם נאָמען פון אַ גוטבאַדערפּ־טיקן, אָדער אַפילו געבן דעם מינדסטן אָנדײַט צו יענע פון וועמען זי האָט געבעטן הילף... אויב איין מאָל אין אַ שמיטה האָט זיך עמעצער „געוואַגט״ צו פרעגן ווער דער ניצרך (דאָס פלעגט פּאַסירן בלויז אין אַ פאַל, ווען ריווע פלעגט זיך „דינגען״), האָט זי געהאַט איין ענטפער: „סײַדן איר געטרויט מיר נישט, נאָר אויב איר געטרויט מיר נישט, קען איך דאָך בײַ אײַך בכלל נישט נעמען״, און פלעגט צוגעבן: „עס איז געגוג ביטער, אַז אַ מענטש דאַרף אָנקומען צו צדקה, נאָר צדקה גראַמט זיך נישט מיט בזיון. מבייש זײַן עמעצן איז נישט אין מײַן שולחן־ערוך...״

דאָס פאַרטיילן די שפּײַז איז געווען מער אַרבעט ווי דאָס זאַמלען און אַ דעליקאַטע אַרבעט ביז גאָר, ווײַל ריווע פלעגט דאָס דורכפירן מיט דער גרעסטער פאַרזיכטיקייט. געווען אַזעלכע, וואָס ריווע פלעגט זיי צושיקן זייערס מיט די עלטערע קינדער. דאָס פלעגט זי טאָן מיט יענע, וואָס האָבן זיך נישט געשעמט, אָדער זיך אויפגעהערט שעמען, און עס פלעגט געטאָן ווערן בלויז מיט דעם נעמערס צושטימונג. געווען אַזעלכע וועלכע ריווע אַליין פלעגט אָפּטראָגן די שפּײַז ווי אויך מלבושים אָדער געלט. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וועלכע פלעגן קומען צו איר אין הויז אַרײַן אונטער אַן אויסרייד, ווי, למשל, קינדער זײַנען, יאַקבי, געקומען צו אירע קינדער, און עלטערע צו אירע עלטערע קינדער גאָלדע און שרה־לאה, ווען זיי זײַנען שוין געווען דערוואַקסענע און געוואָרן מאָדיסט־קעס, נייטאָרינס.

געווען אין שאַרגאָראָד איין ייִד, וואָס האָט ריווען פיל געהאָלפן, סײַ מיט געלט, סײַ, לאָכט נישט מיט — — — אײַז... איך ווייס, איר טראַכט שוין אַז איך בין אַראָפּ פון דער קאָליעיקע, וואָס איז אין מיצקעדערינען אײַז? איז שרעקט זיך נישט, איך בין נאָך ברוך השם בײַ אַלע חושים. די מעשה איז גאָר פשוט. ריווע פלעגט יעדע וואָך, אַרום מיטוואָך, אַרײַנקריגן פון שמואל פלעק אַ גאַנצן טראַנס־פּאָרט פיש, און פון די קצבים, ביינער פעטע און אויך אַ ביסל פלייש, און אַט די זאַכן קענען קאַליע ווערן, אַז מע האַלט זיי עטלעכע טעג ביז מע פאַרטיילט זיי. דאַרף מען דעריבער אײַז. און אײַז אין שאַרגאָראָד האָט בלויז איין ייִד אַ גאַנץ יאָר און נאָר פאַר צדקה, און דאָס איז אונדזער אַלטער באַקאַנטער ר׳

אַהרן זוסיע לייבס. איז אָט דער ייִד געווען דער אײַנציקער שותף ריוועס אין דער גרויסער מצווה פון מתן בסתר...

**
*

קיין זאַך איז נישט אייביק, זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל. ריוועס גליק האָט אויך נישט אָנגעהאַלטן אייביק, און גראָד דאַן ווען עס האָט זיך געדאַכט אַז אַלץ איז איר פּערזענלעכן לעבן איז געווען פעלדזן־פעסט און מעכל איז געשטאַנען אויפן שפּיץ פון דער הצלחה. נאָר לאָמיך זיך אַליין נישט פאַרלויפן דעם וועג און איך וועל דערציילן בסדר, ווי אַזוי דער גאַנג פון גליק צו אומגליק האָט זיך אַנטוויקלט.

מעכלס קצבישע געשעפטן האָבן זיך צעוואַקסן, צוליב דער גרויסער שפע האָט מעכל געמוזט אַרײַננעמען פרעמדע מענטשן אין געשעפט. מיט דער צײַט, האָט ער געמוזט באַגרענעצן זײַן אַרבעט צום אויפקויפן די בהמות צום שעכטן, און איז אָנגעוויזן געוואָרן אין גאַנצן אויף פרעמדע הענט אָנצופירן דעם פאַר־קויף אין יאַטקע... אָט אין יענער צײַט האָט דאָס אומגליק געטראָפן... אין איין שיינעם טאָג, האָבן אַלע דרײַ שאַרגאָראָדער רבנים געמאַכט אַן אומדערוואַרטעטן באַזוך אין מעכלס יאַטקע. מעכל אַליין איז אין שטאָט נישט געווען. און זיי האָבן געפונען טריפה פלייש אין יאַטקע. עס איז געוואָרן אַ גרויסער סקאַנדאַל אין שטאָט. די רבנים האָבן פאַרחתמעט די קראָם. מע האָט פאַררופן אַ דרינגענדע אַסיפה. דעם זעלבן אָוונט אין בית המדרש. דאָרטן איז שוין מעכל יאָ געווען. די רבנים האָבן דערקלערט דעם עולם, וואָס זיי האָבן געפונען בײַ מעכלען אין יאַטקע, און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יעדער איינער וואָס האָט ווען עס איז געקויפט בײַ מעכלען פלייש, זאָל אַרויסוואַרפן די פליישיקע טעפּ און דאָס גאַנצע פליישיקע געפעס. אויף מעכלען האָט מען אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז זײַן גאַנץ לעבן טאָר ער נישט האָבן קיין אייגענע יאַטקע, קיין אייגן בשר־כשר געשעפט. און אין משך פון אַ גאַנץ יאָר טאָר ער אַפילו בײַ עמעצן אַנדערש אין קיין כשרע יאַטקע נישט אַרבעטן...

מעכל האָט געשווירן, אַז ער האָט נישט געוווסט, וואָס זײַנע מענטשן האָבן געטאָן, אַז ער האָט נישט אָנגעהויבן וויסן, אַז בײַ אים אין יאַטקע געפינט זיך טריפה פלייש. נאָר צו די רבנים איז דאָס נישט געווען קיין פראַגע פון יאָ אָדער נישט גלייבן, צי ער האָט יאָ אָדער נישט געוווסט... דער פאַקט איז, אַז אַ האַלבע שטאָט יידן האָבן געגעסן טריפה און די כלים אין וועלכע מע האָט די טריפה געקאָכט און די כלים פון וועלכע מע האָט די טרפה געגעסן, זײַנען אָסור צו ניצן... וועגן זײַן יאָ אָדער נישט וויסן, איז ער געווען איינער קעגן טויזנט. — זײַנע אַרבעטער׳ס האָבן געטענהט, אַז ער האָט יאָ געוווסט... דער אמת איז, אַז אין שטאָט זײַנען געווען פיל מענטשן, וואָס האָבן מעכלען געגלייבט, אַז ער איז אומשולדיק, אַז ער האָט נישט געוווסט, וואָס זײַנע ליבהאַרציקע אַרבעטערס

האָבן געטאָן, אַז, ווי מעכל טענהט, זיי זײַנען געווען איבערגעקויפט פון מעכלס קאָנקורענטן, וועלכע האָבן געמוזט פטור ווערן פון מעכלען, ווייל האַלב־שטאָט האָט געקויפט פלייש נאָר בײַ אים, צוליב דעם וואָס ער האָט געהאַט בעסערע פלייש און ער פלעגט אויך נישט באַרײַסן, ער פלעגט פאַרקויפן פלייש אַ סך ביליקער פון זײַנע קאָנקורענטן און עס האָט פשוט געהאַלטן דערבײַ, אַז זיי זאָלן דאַרפן פאַרמאַכן זייערע יאַטקעס. עלטערע ייִדן האָבן געוווּסט צו דער־ציילן, אַז אַלע מעכלס אַרבעטערס זײַנען נאָך דער געשעעניש אָנגעשטעלט גע־וואָרן בײַ די אַנדערע קצבים, אַנדערע האָבן אַפילו געוואָלט האָבן, אַז זיי זײַנען דאָרטן געוואָרן שטילע שותפים... נאָר גיי באַווײַז דאָס... גלייבן איז איין זאַך, נאָר קענען דאָס באַווײַזן איז גאָר אַן אַנדער מעשה... אַ ייִדישער בית־דין אין דער אַלטער היים, האָט געהאַט באַגרענעצטע מיטלען פאַר חקירה־ודרישה... זייער מאַכט איז בלויז געווען אַ מאָראַלישע...

אַחוץ מעכלען אַליין האָבן טיף געליטן פון אָט דער טרויעריקער פּאַסירונג נאָך צוויי מענטשן, דער ערשטער איז געווען ר׳ עקיבא דער רב, וועלכער האָט געהאַט גרויסע ספיקות וועגן מעכלס שולד, אָבער מע קען אויף קיין ספק נישט בויען, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ ענין ווי כשר און טריף און עס איז אין דעם פאַרוויקלט אַ גאַנצע עדה ייִדן. וחוץ לזה זײַנען די אַנדערע צוויי רבנים געווען די מאַיאָריטעט און האָבן געפאָדערט בײַ אים נישט קיין ספיקות, נאָר פאַקטן. און אויף וועלכע פאַקטן האָט ער זיך געקענט סומך זײַן? דער פאַקט איז געווען, אַז ייִדן האָבן געגעסן טריפה און אַז דאָס פלייש איז געקויפט געוואָרן בײַ מעכלען אין יאַטקע... — — — דער צווייטער מענטש איז געווען ריווע. ריווע האָט געגלייבט מעכלען, אַז ער האָט נישט געוווּסט ,אַז ער האָט נישט געהאַט די קלענסטע אַנונג פון דעם... נאָר וואָס האָט זי געקענט טאָן? קומען צו די רבנים און זאָגן, אַז זי גלייבט איר מאַן? זי איז געווען צו קלוג נישט צו פאַרשטיין, אַז עס וועט איר נישט העלפן. אָבער ריווע איז געווען ריווע. זי האָט בײַ זיך באַשלאָסן צו טאָן אַלץ אין דער וועלט צו פאַרגרינגערן מעכלס לעבן. זי האָט פאַרשטאַנען אַז זײַן פאַרביטערטקייט קען אים קאָסטן דאָס לעבן, און אפשר עמעצן אַנדערש אויך... ווײַל מעכל איז די ערשטע פאָר וואָכן געווען אַזוי פאַר־ביטערט און ווילד, אַז ווען זי לאָזט אים אָפּ פון אויג, וואָלט נאָך אַ גרעסער אומגליק געשען. ער האָט געסטראַשעט און אין יענע טעג איז ער קאַפּאַבל געווען צו דערהרגענען יענע וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זײַן אומגליק... ריווע איז אַרומגעגאַנגען אַרום מעכלען ווי אַ מאַמע אַרום אַ קראַנק קינד. אירע קינדער האָט זי דערקלערט, אַז דער טאַטע איז אין קיין זאַך נישט שולדיק, אַז עס איז אַ בילבול, נאָר זי קען דאָס נישט באַווײַזן, און אַז זיי זאָלן דעם טאַטן מיט קיין זאַך חלילה נישט פוגע בכבוד זײַן, נאָר אים אָפּהיטן און אָפּגעבן אים כבוד גלײַך ווי קיין זאַך זאָל נישט האָבן געווען געטראָפן. זי אַליין

איז אָנגעגאַנגען מיט איר צדקה־גדולה גלײַך ווי גאָר נישט האָט געטראָפן. צום לויב פון שאַרגאָראָדער ייִדן, האָט זי קיינער קיין מאָל נישט געפרעגט און קיין שמועסן נישט פאַרפירט וועגן געשעענעם. אין דעם איינעם יאָר האָט מעכל זיך אַ רוק געטאָן און געוואָרן אַן אַלטער ייִד. עס איז פון אים געבליבן בלויז אַ סנאָסט פון דעם פריִערדיקן פריילעכן און לעבעדיקן און נוח־לבריותדיקן מעכל. קיין למדן איז ער נישט געווען, האָט ער געטאָן צוויי זאַכן: געזאָגט תהילים און געלייענט צוויי ספרים אויף עברי־טײַטש, דעם מעבור יבוק און קב הישר... און געלייענט האָט ער די באַשרײַבונגען פון גהינום און גן־עדן הויך אויפן קול און פּאַוואָליע... זודיקע טרערן פלעגן זיך גיסן פון זײַנע אויגן... מיט קיין מענטשן פלעגט ער קיין וואָרט נישט אויסרעדן, סײַדן עס איז שוין גאָר־גאָר נייטיק געווען. אָבער ווען ריווע האָט באַמערקט אַז ער וויינט און געפּרוווט אים אויסרעדן דאָס האַרץ (ווי מע זאָגט), פלעגט ער נישט מער ווי זאָגן אָט די עטלעכע ווערטער: „אָבער איך בין דאָך פאָרט נישט שולדיק". (אָט די ווערטער פלעגט ער זאָגן און איבערזאָגן יאָרן און יאָרן, אַפילו ווען יעדער איינער האָט לאַנג פאַרגעסן אין דער געשעעניש).

***

ווען דאָס ערשטע יאָר איז פאַראיבער האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן בײַ בנימינטשיקן. דער לעצטער איז געווען מעכלס אַ שטיקל קרוב. האָט אים ריווע באַשווירן נישט צו ענטפערן אויף קיין זאַך, וואָס האָט צו טאָן מיט „יענעם ענין" און אַוודאי נישט צו קריגן זיך מיט קיינעם. מעכל האָט צוגעזאָגט און געהאַלטן וואָרט. געטענהט וועגן זײַן אומשולד האָט ער נאָר מיט ריווען און מיט דעם וואָס לעבט אייביק. און אָט אונטער דעם שאָטן פון דער טראַגעדיע, האָט ריווע געפונען מוט אין זיך אָפּצוהיטן מעכלען פון יעדן מיכשול, אָנצוהאַלטן בײַ אירע קינדער דעם כיבוד־אָב פאַר אים. חתונה צו מאַכן מיט אים אַלע קינדער אויפן באַלע־באַטישסטן אופן און אַליין אויסצופירן אַלע אירע פּרײַוויליקע פאַרפליכטונגען צו דעם גרעסטן טייל שאַרגאָראָדער נויטבאַדערפטיקע אויף אַן אופן, וואָס נאָר זי אַליין, די כשרע נשמה, האָט געקענט באַוויזן. זאָל די דערציילונג זײַן מײַן בײַטראָג צו איר גײַסטיקער מצבה...

# די גאַרבער־גאַס

אויב איר ווילט הנאה האָבן פון אײַער יונג ייִנגלש לעבן און זיך דערוויסן וואָס מער וועגן דעם לעבן אין די אָרעמע געגנטן, דאַרפט איר קודם כל באַזיצן אַ טאַלאַנט זיך גיך צו באַקענען און באַפרײַנדן, אויב נישט מיט אַלע על־טערע מענטשן, איז צום ווייניקסטן מיט די ייִנגלעך. פאַרשטייט איר מיך, די ייִנגלעך פון יענע גאַסן האָבן נישט איבעריק ליב די ייִנגלעך פון די רײַכערע גאַסן. זיי האָבן צו יענע ייִנגלעך לחלוטין קיין צוטרוי נישט (זיי ווייסן פון קלאַסן־צעטיילונג, כאָטש זיי האָבן קאַרל מאַרקסעס נאָמען קיין מאָל נישט געהערט); חוץ דעם מוזט איר האָבן קלאָרע אויגן שאַרפע אויערן און אַ גוטן חוש־הריח, ווײַל נישט בלויז האָבן גאַסן און הײַזער אייגענעם כאַראַקטער, נאָר אויך זייער אייגע־נעם ריח. לאַכט נישט! איך טרײַב נישט קיין לצנות. לויט אײַער קענען זיך אויף ריחות, קענט איר אויף גיך אויסגעפינען וואָס פאַר אַ סאָרט מענטשן עס וווינען אין אַ געוויסער געגנט, אָדער אַפילו אין אַ געוויסן הויז. אײַער קענטשאַפט פון ריחות קען אײַך אַפילו מגלה זײַן, וואָס פאַראַ טאָג עס איז און אַפילו וואָס פאַראַ שעה עס איז, ווי פאַרשפּילט איר זאָלט אין דער צײַט נישט זײַן... איך וויל זיך נישט אַרײַנלאָזן אין טיפע חקירות וועגן דעם, נאָר איך וועל אײַך בעסער זאָגן אָט וואָס: אַז איר שמעקט דעם ריח פון געפילטע פיש קענט איר זײַן זיכער, אַז הײַנט איז פרײַטיק אָדער ערב יום־טוב. אָדער, אַז איר דערשמעקט דעם ריח פון געקאָכטע קאַרטאָפליעס אָדער געפּראַזשעטע קאַשע, לויפט גלײַך אַהיים, ווייל עס איז וועטשערע־צײַט און אַז איר וועט פאַרשפּעטיקן, וועט איר שוין אם ירצה השם קריגן דעם אמתן ברוך־הבא און דאַרפן אָפּגעבן חשבון, ווו איר זײַט דאָס אַרומגעלאָפן צווישן דער „אוטשיליעשטשע“ און „שטאָק־נאַכט“... כאָטש גאָט ווייסט דעם אמת ,אַז וואָס זיי זאָגן „שטאָק־נאַכט“ איז געוואַלדיק איבערגעטריבן, ווײַל די זון האָט זיך נאָר וואָס געזעצט און דאָס גאָלד אירס ברענט נאָך אין די שטאָטישע פענצטערס... חוץ דעם, אַז איר איבט זיך גוט אײַן אין ריחות, ווייסט איר ווו עס וווינט אַ שנײַדער, אַ שוסטער, אַ סטאָליער, אַ פעלצניק, אַ קירשנער, אַ קאָלאָשן־לאַטוטניק, אַ באָנדער (אַ באָנדאַר — אַ פעסלמאַכער), אַפילו אַ וואַטע־מאַכער קענט איר דערקענען לויט דעם ריח פון דעם קליי, וואָס ער ניצט, און איר ברויכט נישט ערשט וואַרטן אויף אַ ווינט, וואָס וועט בלאָזן, און די ווײַסע פעדעמלעך פון וואַטע זאָלן אַרומלויפן, ווי פיצינקע בשמהלעך, וואָס רײַסן זיך צום הימל און ווערן געטריבן אַראָפּצוצו צו דער וויסטער ערד... איר וועט אַוודאי

פרעגן צו וואָס דאַרפט איר דאָס האָבן אָט די ריח־סימנים? איז דער ענטפער אַזאַ: אין די הינטער־געסלעך האַלט מען נישט פון קיין שילדן. שטעלט אײַך פאָר, אַז אויף דער לאַנגער־לאַנגער גאַרבער־גאַס, אַ שטרעקע וואָס רינגלט כמעט אַרום תּאַלב־שטאָט איז פאַראַן איין „וויוועסקע" (שילד) בײַ יענקל מאַליעווער, איז זי אַ בת־יחידקע, האָט אויף זיך אַ שטיוול און אַן אויפשריפט „מאַגילייווסקי סאַ־פּאָזשניק" *). דאָס איבעריקע אויף דער גאַרבער־גאַס דאַרפט איר אליין טרעפן. איז אַז איר ווילט וויסן ווער־איז־ווער און וואָס־איז־וואָס, מוזט איר זיך אין גאַנצן פאַרלאָזן אויף אײַער חוטם און אויפן חוש־הריח. סײַדן, חלילה, איר האָט אַ קאַטאַר, דעמאָלט איז די בעסטע זאַך פאַר אײַך נישט אַרומצוזוכן קיינעם, נאָר ליגן אַ פּאָר טעג אין הויז און זיך אַרומוויקלען דעם האַלדז מיט אַ פאַרשוויצטן זאָק... בלויז איין זאַך קענט איר דערקענען אָן די ריח־סימנים און דאָס איז אַ חדר. מחמת די קולות פון דעם לערנען, דאָס וויינען און יעכצן פון די געשמיסענע קינדער וועלן אײַך שוין פירן אויפן ריכטיקן דרך... דער שרײַבער פון אָט די זיכרונות איז ברוך השם געבענטשט מיט אַלע דערמאָנטע מעלות און אַזוי ווי קיין פוילער אויף די פיסלעך איז ער נישט געווען, פלעגט ער אויסשפּאַנען שאַרגאָראָד לאָרכה ולרחבה — אין דער לענג און אין דער ברייט און קען זיך מיט אײַך טיילן מיט אַלע זײַנע באָאָבאַכטונגען און דערפאַרונגען...

***

מיר געפינען זיך איצט, הייסט עס, אויף דער גאַרבער־גאַס, פאַר וואָס מע רופט זי גאַרבער־גאַס, איז מיר נישט אין גאַנצן קלאָר, ווײַל ביים טײַך מוראַשקע, וואָס איז אַפילו נישט אויף דער סאַמע גאַרבער־גאַס, פאַרמאָגן מיר בלויז איין גאַרבאַרניע, אי דאָס רופט מען זי נישט אין שאַרגאָראָד גאַרבאַרניע נאָר טאַבע־כאַרניע. סײַדן איך זאָל אָננעמען אַז איזן איז זי טאַקע אַ טאַבעכאַרניע (אפשר ווייסט איר פון וואַנען דאָס וואָרט שטאַמט?), נאָר שטינקען שטינקט זי ווי אַ גאַרבאַרניע און כאָטש זי רײַסט זיך אין וואַסער אַרײַן פון טײַך, צעבלאָזן די ווינט־לעך פון טײַך דעם געשטאַנק איבער דער גאַנצער גאַס, וואָס לויפט, ווי שוין געזאָגט, פּאַראַלעל שטאָט, און איז אָנגעפּיקעוועט מיט בעלי־מלאכות פון פאַרשיי־דענע צעכן ווי: שנײַדערס, שוסטערס, קוטשמע־מאַכערס, פעלצן־מאַכערס, אַפילו אַ פּאָר וואַטע־מאַכערס, אַ באָנדער, אַ פּאָר סטאָליאַרעס, אַ טאָקער, אַ סאַרווערין, אַ פּאָר מלמדים, אַ בוימל־פּרעסאַרניע, אַ גרויפּן מיל, אַ קאַלכמאַכער, אַ פּאָר קאַלאָשן־פאַרריכטער און ווער קען דאָס אויסרעכענען אַלע ייִדן וועלכע וווינען דאָרטן און זייערע פּרנסות? נאָר אַלע זיי, פאַרזיכער איך אײַך, לײַדן פון די ריחות פון דער גאַרבאַרניע, וואָס קאָנקורירט מיט די ריחות וואָס קומען פון נאָך איין אָרט, וואָס באַדינט אָט די זײַט שטאָט...

---

*) מאַליוּוער שוסטער.

און אַזוי ווי מיר האַלטן שוין בײַ דער גאַרבאַרניע, וועל איך אײַך פּרובירן געבן אַ שטיקל בילד פון איר און ווי זי אַרבעט.

עס איז אַ לאַנג־לאַנגע שטיינערנע געבײַדע, וואָס האָט דווקא אַ סך פענצטער־לעך. נאָר סײַ אינעווייניק, סײַ פון דרויסן זײַנען זיי אַזוי פאַרפּאַפּט מיט דעם שאָבעכץ פון די פעלן, וועלכע מע פאַרוואַנדלט אין לעדער, אַז קיין ליכטשטראַל קומט קיין מאָל אַהין נישט אַרײַן און אַלץ ווערט דאָרטן געטאָן כמעט אין דער פינצטער, דאָס ביסל מאָגערע ליכט וואָס קומט יאָ אַרײַן, איז פון דער אָפענער טיר. עס איז אַ מערקווערדיקע זאַך, ווי אַזוי די אַרבעט ווערט דאָרטן געטאָן אין דעם חושך־מצרים. איך געדענק נישט קיין מאָל, אַז איך זאָל האָבן ווען געזען אַ ליכט אָדער לאָמפּ, און פון דעסט וועגן האָבן מענטשן געפּראַצעוועט דאָרטן יאָרן לאַנג און פּראָדוצירט זייער אַ סך לעדער און נאָך גוטע דערצו. די אַרבע־טערס זײַנען אַלע פּויערים. איך ווייס נישט צי דערפאַר אַרבעטן דאָרטן נישט קיין ייִדן, ווײַל די אַרבעט איז זייער אַ שווערע, צי דערפאַר, וואָס דער באַלעבאָס פון דער גאַרבאַרניע אַברהם בנימינס איז נישט פון די בעסטע צאָלערס פאַר אַרבעט... כאָטש די אונטערנעמונג איז אַ גוט־באַצאָלטע, און אַברהם איז אַ ייִד אַ בעל־גוף. אַברהם אַליין אַרבעט נישט. ער איז דער איינקויפער פון פעלן און דער פאַרקויפער פון פאַרטיקן פּראָדוקט. מיט דער אַרבעט פירט אָן זײַן יונגער זון, בנימין, אַברהם בנימינס, פאַר אים ציטערן די אַרבעטערס און ער האַלט יעדע זאַך אויפן קאָפּ... עס איז נישט קיין פּשוטע אַרבעט. מע דאַרף זײַן פּאָרזיכטיק מיטן ווייקן די פעלן, נישט איבערגעבן קיין לויט פון דעם אָליען און די פאַרשײ־דענע זאַלצן, ווײַל פעל קענען זיך צעפאַלן, מע קען אויך נישט אַרײַנטאָן ווייניקער פון די מאַטעריאַלן, ווײַל די פעל וועט זיך נישט לאָזן ווײַך מאַכן. ציטערן די אַרבעטערס איבער די זאַכן. איר טאָרט נישט פאַרגעסן, אַז אָליען דאַרפט איר נישט מער ווי אָנרירן דאָס מיט אַ נאַקעטן פינגער און אין איין ערף־עין איז אויס פינגער. איז אָט אין דעם אויפלייז פון אָליען און די שאַרפע זאַלצן אין וואַסער, וועלכע געפינט זיך אין אַ גרוב געמאַכט פון שטיינער און צעמענט בײַ דער סאַמע טיר פון דער גאַרבאַרניע, לייגט מען אַרײַן די פעלן עטלעכע אויף אַ מאָל און פּויערים מיט באָרוועסע פיס טאָפּטשען זיך אויף זיי אַ געוויסע צײַט, ביז דער אויפלייזער נעמט זיי דורך און זיי זײַנען פאַרטיק. דאָס טאָפּטשען זיך אויף די פעלן איז נייטיק, כדי די פעלן זאָלן נישט אַרויפשווימען, ווײַל אַנדערש ווערן זיי נישט ווייך.

איך האָב אַ פּאָר מאָל זיך צוגעקוקט ווי די אַרבעטערס טוען אָט די אַרבעט — ווי צעברענט זייערע פיס זײַנען, ווי רוי און רויט זיי זײַנען, בין איך נאָך דעם נעכט נישט געשלאָפן כ׳האָב זיך דערמאָנט אין דעם ליטווישן מגיד, און אין שלום גדליהס ווי זיי מאָלן דאָס גיהנום און געטראַכט, אַז זיי האָבן קיין מאָל נישט געזען דאָס טאָפּטשען זיך פון די פּויערים מיט די פיס אין דעם אויפגע־

לייזטן אָליען, אַנדערש וואָלטן זיי געווען דאָס אַרײַנגערעכנט אין די שטראָפן אויף יענער וועלט...

די גרוב איז בײַ דער טיר, קען מען נאָך עפּעס זען וואָס עס טוט זיך. טיפער אין דער גאַרבאַרניע לאָזט מען נישט אַרײַן, ווײַל דאָרטן זײַנען די שאָב־מאַשינען, פּרעס־מאַשינען און גלעטערס. אַזוי האָט מיר דער פויער, וואָס איז געשטאַנען מיט ביידע פיס אין גרוב, געזאָגט. אָבער אַפילו ווען מע לאָזט אַהין יאָ אַרײַן, וואָלט פאַר איינעם, וואָס איז נישט געוווינט דערצו, סײַ ווי נישט מעגלעך געווען צו זען עפּעס... על כל פנים, אויף וויפל מע קען מיט אָנשטרענג יאָ עטוואָס זען, וואָלט איך קיינעם פון מײַנע אמתע פרײַנט נישט געראָטן זיך צו נעמען צו דער פרנסה...

לעבעדיק ווערט אַרום דער גאַרבאַרניע אויפן גרויסן פּלאַץ ווען עס קומען אַראָפּ די היצליעס קיין שאַרגאָראָד און כאַפּן בלודנע הינט. (און אַז מע היט נישט גענוג, כאַפּן זיי אַפילו הינט וואָס האָבן אַ היים, נאָר מע היט זיי נישט און מע האַלט זיי נישט אין שטוב). נעבן דער גאַרבאַרניע טוט מען די הינט זייער רעכט. נאָר דאָס וועל איך נישט באַשרײַבן. עס טוט מיר נאָך עד היום באַנג, וואָס דורך אַ צופאַל בין איך דאָרטן איין מאָל געווען. כ׳בין געלאָפן זוכן מײַן הונט, וואָס איך האָב פּרילאָנטשעט, ליב געהאַט און אים געלערנט קונצן. מע האָט אים, סירקאָן, געכאַפּט בשעת איך בין געווען אין חדר, איך האָב בלויז זײַן פעל דער־קענט נעבן דער גאַרבאַרניע... אָרעמער הונט... וואָס מע טוט דאָרטן אין דער גאַרבאַרניע מיט די הינטישע פעלן קען איך אײַך נישט זאָגן. איך האָב אַפילו טראַכטן וועגן דעם נישט געקענט. וואָס איך האָב אָנגעווינטשעוועט די אַלע גזלנים, די אַלע רוצחים, קענט איר זיך פאָרשטעלן...

**
*

גיי ווייס, אַז דער הייליקער שבת קען עפּעס געווינען פון אַ גאַרבאַרניע... ווײַבער האָבן אויסגעפּונען, אַז דאָס שאָבעכטס פון לעדער, מע רופט עס „דיב״, ברענט לאַנגזאַם אין אַ פאַרחתמעטן מיט ליים אויוון און גיט אַרויס אַ גרויסע היץ, האָט מען אָנגעהויבן קומען צו דער גאַרבאַרניע ערב שבת מיט קאָשיקלעך, אָנפילן זיי מיט דעם שאָבעכטס, און איידער מען פאַררוקט דעם טשאָלענט, צע־שפּרייט מען דעם „דיב״ איבערן גאַנצן אויוון. דער טשאָלענט קומט אַרויס גיהנומדיק הייס... אַבי איר זאָגט, אַז שאַרגאָראָד פּראָגרעסירט נישט... שטייט אויף אַן אָרט...

יאָ, שיר נישט פאַרגעסן. קיין געלט נעמט נישט אַברהם בנימינס פאַר דעם „דיב״. האָט אַ מאָל געטראָפן, אַז קהל האָט געהאַט אַ זאַמלונג פאַר אַ נויטיקן צוועק, איז הערשל מעניעס און נאָך אַ פּאָר שיינע ייִדן פון שטאָט אַרויס צו די גבירים זאַמלען געלט. ווען זיי זײַנען געקומען צו אַברהם בנימינס האָט ער זיך

געדונגען, געטענהט אַז די שטאָט קומט אים געגנוג. ווען הערשל מעניעס האָט אים געזאָגט, אַז עפּעס ווייסט ער נישט, ווען און וויפל אַברהם זאָל ווען עס איז געוועזן האָבן געגעבן געגנוג אויף צרכי־ציבור, האָט אַברהם בנימינס אַ באַ־לײדיקטער אַ געשריי געטאָן: „און „דיב״ פאַר די שטאָטישע טשאַלענטס גייט בײַ אײַך צופוס?״...

***

האַרט בײַ דער גאַרבאַרניע אויף אַ קליין בערגל שטייט אַ הײַזל מיט אַ באַש־קע*. דאָרט וווינט אַ ייִנגל, וואָל גייט מיט מיר אין איין חדר, דודיע בינדמאַן הייסט ער. אַ ווויל ייִנגל, וואָס האָט ליב צו דערציילן שיינע מעשׂהס. די מעשׂהס דערציילט ער מיט אַזאַ הנאה, און ציילט די ווערטער מיט אַזאַ געניוקייט, אַזוי ווי ער זאָל זיי טאַקע דאָ פאַר אײַך אין די אויגן אויפמאַכן אויף אַ באַשטעל. ייִנגלעך האָבן ליב צו הערן אָט די מעשׂהס, בפרט אויב זיי האָבן צו טאָן מיטן טײַך. בײַ דודיען לעבט דער טײַך מיט טויזנטער לעבנס. עס איז נישט בלויז וואָס מע קען, זען בײַ טאָג, ווען יעדער איינער האָט אַ צוטריט צום טײַך און ווען קיין אויסער־געוויינטלעכעס קען מען נישט זען אויף אים אָדער אַפילו אין אים, אין טײַך מיין איך. נאָר דודיע, זייענדיק אַ שכן, ווייסט וואָס עס טוט זיך אָפּ בײַ נאַכט... דאָ איז דודיע בײַ זיך אין דער היים... בײַ נאַכט, דאַרפט איר וויסן, איז דאָס גאָר אַן אַנ־דער טײַך... דודיע ווייסט וועגן מענטשן, וואָס „עס ציט זיי״ בײַ נאַכט צום טײַך, און וואָס עס טרעפט מיט זיי, ווען זיי לאָזן זיך פאַרנאַרן פון אָט דער צײַעניש... ווי אַ גאַנצע סטאַיע — וואָס נאָר־וואָס זײַנען זיי געווען פּשוטע זשאַבעס — ווערט פאַרוואַנדלט אין איין הרף־עין אין שרעטעלעך, מיט שוואַרצע בערדעלעך און גרויסע בולבעוואַטע „אויגאַנעס״ באַפאַלן, נעבעך, דעם אומגליקלעכן מענטשן, ציִען אים אַרײַן אין טײַך אַרײַן, טובלען אים אונטער 21 מאָל און מאַכן פון אים דעם אמתן תכלית... אין דער פרי געפינט מען דעם געטובלטן מענטש אַ האַלב־טויטן אויפן ברעג און מען מוז אים גלײַך אָוועקפירן קיין שפּיקאָוו, צום רבין...

דודיע איז אַ יתום. זײַן טאַטע איז אומגעקומען אין אַ באַן־קאַטאַסטראָפע, אָדער פון דער האַנט פון אַ קוליגאַנישן קאָנדוקטאָר אויף דער באַן, ווי אַ צווייטער יש אומרים — איז געווען... וועגן דעם אומקום פון דעם טאַטן, האָט דודיע פײַנט צו ריידן און הייבט־אָן וויינען, אַז מע פרעגט אים עפּעס... ער האָט אַ קרוב, דודיע (איך גלייב — אַ פעטער), איז ער אַ ייִד אַן עושר, האָט אים דודיע נישט ליב און האָט פײַנט צו ריידן וועגן אים. מן־הסתם ווייסט ער, דודיע, פאַרוואָס...

***

---

* קעלער־שטוב.

בײַ דודיען אין באַשקע װױנט אַ ייִד װאָס הייסט יחיאל, נאָר מע רופט אים קוליק. און אַז עמעצער מיינט, אַז קוליק איז זײַן אמתער נאָמען און רופט אים ר׳ קוליק — רופט ער זיך אויף מפטיר, װײַל דער קוליק איז אַ שעלטער, אַ בײ־טערער ייִד; שעלט ער מיט טויטע קללות, נאָך ערגער (אויב עס קען זײַן ערגער) װי מלכה־מעניעס קעכין מאַקעריװע... דודיע פאַרהיט די ייִנגלעך, מיט װעלכע ער שפּילט זיך און װעמען ער דערציילט זײַנע שיינע מעשׂהס, פון אָט דער קוליק־געפאַר; ער װאָרנט זיי באַצייטנס, זיי זאָלן זיך נישט אַרויסכאַפּן, חלילה, מיט אָט דעם אומגליקלעכן װאָרט „קוליק״... נעבן דודיען װױנט אַ ייִנגל, איז ער אַ ביסל אַ נישט־דערבאַקענער, ער איז עטװאָס עלטער פון אונדז. װילן זיך די ייִנגלעך מיט אים נישט שפּילן, מאַכן חוזק פון אים, פון דעם ישׂראל־שמעונען, און דער־רוגזעגען אים... איז דאָך אָבער דודיע אַ גוטהאַרציק ייִנגל — שטראָפט ער זײַנע חברימלעך. און װען עס קומט צו דערציילן אַ מעשׂה, װיל ער נישט דערציילן, סײַדן ישׂראל־שמעון װעט אויך זײַן דערבײַ... עפּעס חלומט זיך מיר, אַז דודיעס עלטערע ברידער האָבן געהאַנדלט מיט סעדער, האָט דודיע תמיד די גרעסטע און שענסטע עפּל, נאָר איך קען זיך נישט דערמאָנען ,אַז דודיע האָט װען עס איז אַליין געגעסן אַ פּרוכט און זאָל זיך נישט טיילן מיט דעם אומגליקלעכן ישׂראל־שמעונען...

**
*

אין דעם װינקל פון דער גאַרבער־גאַס, װוּ דודיע װױנט, געפינט זיך אַנט־קעגנאיבער אַ שטיבל, װוּ עס װױנט אַ יונג װײַבל, װאָס איז מאַן איז אַװעק קיין אַמעריקע און שוין אַ שטיק צײַט װי מע קנײַפּט זי בײַ נאַכט װען זי שלאָפט, מע רײַסט איר אויס שטיקער פלייש... פון דעם שטיבל הערן זיך שרעקלעכע קולות... און ביז מענטשן לויפן זיך אָן אין מיטן נאַכט, איז פון קנײַפּער קיין דוך, קיין זוואַניע נישטאָ. די קנײַפּעניש איז אָנגעגאַנגען אַ שטיק צײַט. ביז ליפּע, פייגע משה נעסיעס האָט באַשלאָסן צו כאַפּן די קנײַפּערס. ער האָט קיינעם נישט דער־ציילט װעגן דעם, זיך אַרײַנגעקראָגן פרי אין אָװנט אין שטיבל אַרײַן, זיך באַ־האַלטן, ביז דאָס װײַבל איז געגאַנגען שלאָפן... פּונקט 12 אַ זייגער בײַנאַכט האָט זי פון שלאָף אָנגעהויבן מוראדיק שרײַען, אַז מע קנײַפּט זי. ליפּע האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און דערזען, אַז פון טיפן שלאָף קנײַפּט די פרוי איר אייגן לײַב, רײַסט שטיקער פון זיך און גוואַלדעװעט: „מע קנײַפּט!״.... זי אַליין, אין אַ היסטערישן צושטאַנד, האָט געטאָן די גאַנצע קנײַפּעניש... קיין פּסיכאָאַנאַליסטן זײַנען אין שאַרגאָראָד, פאַרשטייט זיך, נישט געװען, נאָר ליפּע האָט זי פולשטענדיק אויס־געהיילט... ער האָט איר פּשוט עטלעכע נעכט די הענט פאַרבונדן און די קנײַפּע־ניש האָט זיך געענדיקט. די פרוי האָט געהאַט אַ רפואה שלימה...

**
*

איך ווייס נישט וועלכער חכם האָט עס אויסגעטראַכט, אַז אַ שוסטער גייט באָרוועס. איך בין נישט אַזוי שטאַרק זיכער צי ס׳איז טאַקע אַן אמת, אָבער אויב אַפילו, אויב עס איז יאָ אמת, איז אָבער נאָך אמתער, אַז עס איז נישטאָ קיין דין אָן אַן אויסנאַם. דער אויסנאַם באָרוועס צו גיין, איז בײַ אונדז געווען יודל שוס־טער, אַ פּיצינקער ייִדעלע מיט אַ גרויסער צווײ־זײַטיקער שטוב, וואָס אין איין זײַט אַרבעט ער און אין דער צווייטער וווינט ער. כאָטש ווען איר זעט אים, כ׳מיין זײַן גרויס, וואָלט איר געמוזט צוגעבן, אַז ער וואָלט געקאָנט אַרומשפּאַצירן אונ־טער אַ לײַטישן טיש. און וואָס ער טוט מיט אַזאַ גרויסער שטוב, וואָלט איר אויך נישט געוווסט, סײַדן די שטוב דאַרף ער האָבן צו האַלטן דאָרט זײַן ריזיק פּליסן היטל, אפשר דרײַ עטאַזשן די הייך, און יאָ, זײַנע שטיוול. ווײַל די שטיוול זײַנען באַלד גרעסער פון אים... נאָר לאַכט נישט — די שטיוול זײַנען שטיוול פון שטי־וול־לאַנד. ווען איך האָב נישט מורא, איך זאָלט מיך באַשולדיקן אין איבערטרײַ־בונגען, וואָלט איך געזאָגט, אַז די שטיוול וואָלטן געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר עוג מלך הבשן... זײַנען די שטיוול ווייך ווי טייג, איידער מע באַקט דערפון המן־טאַשן. די פאַרעם פון די געקאַרבטע כאַליעוועס זײַנען ווי פון אַ קאָנצערטינע, אָדער אַ האַנט־האַרמאָניק און צעטיילט אין סאַמע מיטן אויף דער האַלב. דער גלאַנץ פון אָט די שטיוול איז ווי פון אַ שוואַרצן שפּיגל (ווען אַזאַ זאַך וואָלט מעגלעך געווען), וואָס די זונשטראַלן פאַלן אויף אים. אין אָט די שטיוול, מיט אַ זײַדן קאַפּאָטקעלע און הויכן, הויכן היטל, וואָס איין גאָט ווייסט ווי אַזוי אָט די אַלע זאַכן האַלטן זיך אויף אים, אָדער ווי אַזוי ער פאַרלירט זיך נישט אין די שטיוול, וואָס האָבן נאָך צו די צרות הויכע קאַבלוקן. שפּאַנט יודל שוסטער — — — ווי אַ קאַרליקל אַ גע־נעראַל יעדן שבת אין שול אַרײַן און פון שול אַהיים מיט אַזאַ גדלות, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געווען זײַנע. נישט ער שפּאַנט, יודל, נאָר ער מאַרשירט פּאַמעלעך... איציע רוזמאַן זאָגט אויף אים, אַז ער איז דער איינציקער ייִד אין שאַרגאָראָד וואָס איז מקיים דעם „פּוסעים בו פּסיעה קטנה“ (שבת, שפּאַנען ייִדן מיט קליינע טריט)...

**
*

אַז איר גייט אַרויף אויפן בערגל פאַר יודל שוסטער הויז, וועט איר אויף אײַער לינקער זײַט זען אַ פײַנע באַלעבאַטישע דירה מיט אַ באַשקע (קעלער־שטוב) און איר וועט פון דער באַשקע הערן אַ געקלאַפּערײַ, ווי האַרמאַטן זאָלן דאָרטן שיסן. דערשרעקט זיך נישט, אין שאַרגאָראָד האַלט עס נאָך נישט בײַם שיסן פון האַר־מאַטן און פון קיין אַטאָמישע באָמבעס ווייסט מען נאָך דאָרט נישט (ערגעץ אַנדערש אויך נישט. אָ, גליקלעכע צײַטן...). פון אָט דער באַשקע האָט מען נישט לאַנג צוריק געמאַכט אַן אָליענע, אַ פאַבריקל ווו מע מאַכט פון סאָלנעטשניקעס (זונקערלעך) בוימל. אַהין לאָזט מען נישט אַרײַן, איר זאָלט זײַן מיט טויזנט קעפּ. ווײַל אַפילו איר זאָלט שוין זײַן מיט טויזנט קעפּ, זײַנען די באַלעבאַטים פון דעם פאַבריקל מיט

צען טויזנט אויגן... איר פאַרשטייט מן־הסתם נישט פאַר וואָס. דאַרף איך אײַך דער־קלערן: ערשטנס, סאָלנעטשניקעס, פון וועלכן מע מאַכט דעם בוימל, זײַנען פאַר זיך אַליין אַ „יצר־הרע״־ענין, און מע וויל אײַך נישט שטעלן פאַר אַ ניסיון, — האָט איר איין מאָל אַוועק; צווייטנס, איז די מאַשין, וואָס דרעלעוועט די קערלעך אַזאַ, וואָס האָט ליב גאַנצע, נישט־אָנגעהויבענע סאָלנעטשניקעס. ווײַל טאָמער זײַנען זיי מיט פּליכעס, פאַרלירן זיי דעם „באַלאַנץ״ און פאַרפּלאָנטערן די ציינדלעך פון דער מאַשין... דריטנס, ווען די פּרעסמאַשין דריקט־אויס דעם בוימל פון די קערלעך, בלײַבן אין איר אַזוינע פּלעצלעך, וואָס מע רופט זיי מאַקוך (אַ מין פּאַלפּ), וואָס פרישערהייט האָט עס אַלערליי טעמים. און יינגלעך וועלן אײַך גיין צופוס צען מײַל צו כאַפּן אַזאַ נאַשערײַ. מאַקוך איז אַ חיי־שעה לאַקאָמקע: עס איז ווייך, גוט און געשמאַק בלויז גלײַך ווי עס קומט־אַרויס פון דער פּרעסמאַשין, עס נעמט נישט לאַנג, ווערט עס פאַרהאַרטעוועט ווי אַ שטיין און מיט יינגלשע מילך־ציינדלעך קען מען עס נישט אײַנבײַסן... די מאַקוך־פּלעצלעך ווערן טאַקע פאַרקויפט צו פּויערים, אויף צו האָדעווען מיט זיי בהמות, דער עיקר — מעלקנדיקע קי און אַפילו ציגן. זיי גיבן — פון עסן מאַקוך — מער און בעסערע מילך. אָקסן האָבן אויך ליב מאַ־קוך און ווערן פון דעם פעט... גאָר נישט גייט אין דער פאַבריק לאיבוד (אין ניוועץ). וואָס טויג אײַך מער, אַפילו די „קרוינגען״ פון די סאָלניעטשניקעס און די שטעקע־נעס ווערן פאַרקויפט צו הייצן מיט זיי הרובעס... און אָט צוליב די אויסגערעכנטע אורזאַכן, לאָזט מען אַהין קיין יינגלעך נישט אַרײַן. אײַ, וועט איר דאָך פרעגן אַ פראַגע, פון וואַנען איך ווייס אָט די אַלע זאַכן? איז די מעשה אַזאַ, וואָס שמעקט מיט אַ סוד און קיין סודות דערצייל איך נישט, איר זאָלט מיר געבן מי־יודע וואָס... אַזאַ מענטש בין איך מיר. זאָגט איר אַליין, ווי קען איך דערציילן, אַז איך האָב איי־נעם אַ יינגל פון די באַלעבאַטים באַצאָלט אַ גאַנץ פערטעלע און ער האָט מיך אין אַ שבת אין דער פרי אַרײַנגעלאָזט בגנבה פון זײַן טאַטן, וועלכער איז געווען אין שול; מיר אַלץ געוויזן, געגעבן צו פאַרשטיין דעם שכל פון יעדער זאַך, און ש׳יר זיך נישט אָפּגעדרייט אַ האַנט... ווי קען איך אײַך דערציילן אַזאַ סוד? גייט שוין גייט. נאָך דאָס האָט מיר געפעלט...

**
*

שאָט, איר ווילט זיך אפשר באַקענען מיט אַ יידישער ציגײַנערקע?

איר מיינט אַז איך שפּאַס, האַ? זאָג איך אײַך, אַז איר מאַכט אַ טעות. פאַראַן בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד אַ ווײַבל, וואָס איז אין מצרים קיין מאָל נישט געווען און שטאַמט אַפילו נישט פון יענע מצרים, וואָס האָבן געאַרבעט מיט אונדזערע עלטער־זיידעס עבודת־פּרך, אַרײַנגעקראָגן די שיינע צען מכות פון דער הגדה, נאָך דעם נאָכגעלאָפן די יידן און דערטרונקען געוואָרן, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן: „צללו כעופרת במים אדירים...״ נייך, נישט קיין סאַמאָראָדנע ציגײַנערקע איז די, וועגן

וועלכער איך וועל אײַך דערציילן. זי איז אַ ייִדישע טאָכטער, אַן אַלמנה, אַן עגונה אָדער אַ גרושה, איך ווייס נישט אַקוראַט, נאָר אַלץ וואָס זי טוט און מיט וואָס זי פאַרנעמט זיך איז ציגײַנעריש. די גויים רופן זי טאַקע „זשידיווסקאַ ציהאַנקאַ". הייסן הייסט זי נאָך, ווי אויף צו להכעיס, מיט אַ כשרן ייִדישן נאָמען — שרה... איז אָט די שרה אין שאַרגאָראָד איינע פון איר מין (יחידה במינה). מײַן מאַמע זאָגט, אַז אַפילו אַזוי, איז זי איינע צו פיל... אפשר ווייסט איר, וואָס מײַן מאַמע מיינט מיט דעם זאָג? ווי קען איינע זײַן צו פיל? איך ווייס, אַז מײַן מאַמע איז אַ קלוגע ייִדענע. אַפילו שמעון־דוד זאָגט אויף איר, אַז זי האָט אַ מאַנסבילשן קאָפּ... אָבער נאָך וואָס טויגן מיר חקירות. אָט וועל איך אײַך דערציילן, וואָס אָט די שרה טוט, מיט וואָס זי פאַרנעמט זיך, וועט איר אַליין צוגעבן, אַז אַן אמתע סאַמאָראָדנע ציגײַנערין האָט עס נישט געקאָנט מאַכן בעסער. איין זאַך טוט זי נישט — זי גנבעט נישט צו קיין ייִדישע קינדער, ווי מע זאָגט, אַז יענע, די אמתע טוען. פאַרקערט, זי איז זייער גוט צו קינדער... קינדער פון שליאָמע מלמדס חדר לעקן בײַ איר אָפּ — נישט קיין ביינדל, נאָר ווו ערגעץ אַ צוקערקע און ווו אַ מאָן־קיכל... יאָ, יאָ, ווי איר זעט מיך אַ ייִדן, נאָר ווי גאָט איז אײַך ליב — דערציילט דאָס נישט דעם רבין. פאַר אַזאַ חטא, ווי בלויז צוגיין נאָענט צו דער שרהן, שוין אָפּגערעדט פון עסן צוקערקעס פון איר האַנט, זײַט איר מיט אײַער באַק נישט זיכער... שליאָמעס פיר־פינגערדיקע האַנט וועט זיך אײַנשנײַדן אין אײַער באַק, און אַלע צוקערקעס וועלן אײַך אויס־פאַלן באַקאָם... דאָ קען אײַך אַפילו באָבע, שליאָמעס ווײַב, — דער גוטער מלאך — נישט העלפן...

אָבער איך פאַררייד זיך און פאַרגעס, וואָס איך וויל אײַך דערציילן. אָט די שרה מאַליעט זיך דאָס פנים, די ליפּן און אַפילו די אויגן, ווי אַן אמתע ציגײַנערין; טראָגט לאַנגע צעלאָזענע האָר, בלויז אַרומגעכאַפּט אין דער מיטן מיט אַ קאָליר־טער סטענגע און אַ קײַלעכדיק קעמעלע מיט פאַלשע דימענטן... פרעגט מיך נישט, איך בעט אײַך, פון וואַנען איך ווייס דעם חילוק צווישן אמתע און פאַלשע דימענטן, איך קען אײַך אַלץ נישט דערציילן... שרה טראָגט ברייטע ספּאָדניצעס מיט פאַלדן און אַ סך קעשענעס. אין די קעשענעס איז באַגראָבן איר גאַנצער כישוף... ווײַל זי קען דאָך נישט גיין זוכן די אַלע שאַלעמויזן, פונקט ווען אירע קליענטן זײַנען אויפן אויג... בײַ כישופמאַכערײַ דאַרף אַלץ אַרבעטן נאָך בעסער ווי אַליהו זייגערמאַכערס בעסטע זייגערס. מע טאָר בשום אופן נישט באַמערקן, ווי אַזוי זי ציט־אַרויס פון דער קעשענע אירע כישוף־מטלטלין... די לעצטע באַשטייען פון שוואַרצע קאָרניעס (וואָרצלען), גרין־געלבלעכע גראָזן, טרוקענע בלעטער, וואַקס אויסגעמישט און דורכגענומען מיט מענטשלעכע האָר און ענלעכע „זיכערע" מיטלען, וואָס קענען אַרויסרופן די ליבע פון גריצקאָן דעם דאָרף־„לאָוועלאַס", אויסהיילן אַ קראַנק קינד וואָס האָט דעם קײַכהוסט, פאַרטרײַבן דעם טײַוול וואָס האָט זיך אַרײַנגע־כאַפּט אין כאַטע און שטיקט די הינער אין שטײַג, פאַרכישופן אַ פערד בײַ אַ

שונא, צוריקברענגען די מילך בײַ אַ קו וואָס האָט זיך אויפגעהערט מעלקן. צו איר קומען פויערים און פויערטעס, וואָס אַ שונא האָט אָפּגעטאָן אַ כּישוף, אַז זי זאָל זיי באַפרײַען פון דעם. אויך אַזוינע, וואָס ווילן עמעצן אָפּטאָן אַ כּישוף. אַלץ, — גלייבן זיי, די פויערים — קאָן די שרה טאָן און אָפּטאָן... צו איר קומען פויע־רים, בײַ וועלכע גנבים האָבן אַרויסגעפירט דאָס טײַערסטע וואָס אַ פויער פאַר־מאָגט נאָך — און אפשר טײַערער פאַר דער ווײַב — אַ פערד... זיי באַצאָלן איר, זי זאָל אָפּטאָן דעם גנב אַ כּישוף־שפּיצל און ער זאָל אָפּברענגען דאָס פערד... צו איר קומען פויערטעס, ווען מענער שיכּורן פונקט אין צײַט פון „זשניוואַ״ (שניט־צײַט). די תּבואה ליגט אויפן פעלד און ווערט פאַרפוילט און אָט דעם „דידקאָ״ (טײַוול) איז פון שענק נישט אַרויסצושלעפּן... „פּריִער יעזוס און נאָך דעם דו, סורקאַ טײַערע, קענסט העלפן״... צו איר קומען פויערים און פויערטעס מיט אַלע מחלות, זי זאָל אָפּשפּרעכן און פאַרשעלטן דעם טײַוול, וואָס האָט די קראַנקייטן אויף זיי אָנגעשיקט (איך וויל בעטן די לייענערס נישט צו פאַרגלײַכן די שרהן מיט עלקע די קדשעכע, וועלכע איך האָב אין די ערשטע קאַפּיטלעך באַ־שריבן אַלס אַן אָפּשפּרעכערין... להבדיל אלף הבדלות דאַרף מען זאָגן... דאָרטן איז כּולו ערלעכקייט און דאָ, משטיינס געזאָגט...). אָבער די בעסטע קונים זײַנען בײַ אָט דער שרהן די אומגליקלעכע פאַרליבטע פאָרלעך. אירע ליבע־טראָפּנס האָבן אַ שם בײַ אַלע שקצים און שיקסעס פון דער גאַנצער געגנט. מע קומט צו איר פון נאָענט און ווײַט, און צי עס העלפט זיי צי נייך, — שרה מאַכט שטיקער גאָלד. שטאָט זאָגט אויף איר, אַז זי איז אָנגעשטאָפּט... איך האָב דאָס גאָלד בײַ איר נישט געציילט. נאָר איין זאַך ווייס איך יאָ, וואָס אַנדערע ווייסן נישט... איך האָף, אַז איר קענט האַלטן אַ סוד. צו ריווע דער מעכלקע קומט זי יעדן דאָנערשטיק. אָנגעטאָן איז זי דאַן, ווי יעדע אָנשטענדיקע ייִדישע טאָכטער, ווײַל ריווע וואָלט זי אַנדערש אויף איר שוועל נישט אַרויפגעלאָזט... זיי ריידן שטילערהייט. שרה גיט ריווען עפּעס אײַנגעוויקלט אין אַ פּאַפּירל און דאָס פּאַפּירל אין אַ פּאַטשייל־קע, גייט אַרויס, קושט די מזוזה בשעתן אַרויסגיין... ריווע וואַשט זיך די הענט מיט כּשרן זייף און הייס וואַסער נאָך איר אַוועקגיין. נאָר קיין איין וואָרט — גוטס אָדער שלעכטס — זאָגט ריווע וועגן איר קיין מאָל נישט... פּתח שין — שאַ...

**
*

אויב די גאַבאַרניע, צוליב איר ריח־ניחוח און חשכות, און די אָליענע, צוליב דער ענגהאַרציקייט פון אירע שטרענגע באַלעבאַטים, זײַנען כּמעט אַ געהיימער, פאַרמאַכטער ענין פאַר דער ייִנגלשער נײַגעריקייט, איז אָבער פאַראַן איין פלעצל, ווו איר קענט נישט נאָר זען אַלץ, ווי אַזוי עס ווערט געמאַכט, נאָר איר קענט זיך אַפילו באַטייליקן אין דער אַזוי גערופענער פּראָדוקציע מיט אײַער אייגענעם מויל און מיט אײַערע אייגענע ייִנגלשע ציינדלעך... דאָס פלעצל איז דער הינטערהויף

פון הערשל שיינערמאַנס דירה. די גאַנצע פּראָדוקציע ווערט געמאַכט אונטער גאָטס הימל — אין דרויסן. אמת, עס איז אַ פאַרמאַכטער דרויסן, אַזוי צו זאָגן... דער הינטערהויף איז אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן בלינדן הילצערנעם פלויט. דאָס איז צוליב דעם, אַז עס זאָל חלילה קיין בייז־אויג נישט שולט זײַן... די פּראָדוקציע איז אַ נישט־לעגאַלע און דער אַקציזניק, — אַ פײַער זאָל אים טרעפן, — איז אַ פאַסקודנער גוי... פאַרשטייט איר מיך, הערשל שיינערמאַן פאַרקויפט טיוועריע־ווער ביר אין פאַרפּראָפּקעוועטע פלעשער... און ביר טאָר מען נישט פאַרקויפן, סײַדן בײַ דאָרקען און סאַמוילן אין טראַקטיר, וואָס האָט אַ „בלעטל"... אָן אַ „בלעטל" טאָר מען קיין ביר נישט פאַרקויפן. און אַז איר זײַט אַ ייִד, קענט איר קיין בלעטל נישט קריגן... איציע רוזמאַן זאָגט, אַז פּאָניע גנב האָט אויך מורא פאַר נסך, נאָר דאָס איז פאַר ייִדישן נסך... וואָס איציע רוזמאַן קען אײַך זאָגן... איך ווייס, אַז איר ווערט שוין אומגעדולדיק און ווילט וויסן, וואָס פאַר אַ סמיכת־הפרשה האָט דאָס פאַרקויפן ביר מיט אונדז, ייִנגלעך? איז לאָזט מיך אײַך דער־ציילן פּאָדראָבנע, ווי אַזוי דאָס פאַרקויפן ביר אין פאַרפּראָפּקעוועטע פלעשער האָט יאָ אַ שײַכות מיט אונדז, ייִנגלעך, און ווי אַזוי אַ טרפהנער מסחר קען ווערן אַ קוואַל פון פריילעכער אַרבעט, צו להכעיס טאַטע־מאַמע און דעם רבין, וואָס האָבן זיך פאַרלייגט אויף אײַך און ווילן פון אײַך מאַכן סטאַטיקעס. און אויף צופּיקעניש דעם רשע, דעם אַקציזניק, וועלכער טשאַטעוועט אויף ייִדן, צו כאַפּן זיי בײַ דער האַנט, ווי זיי ברעכן פּאַניעס געזעצן און זיי פאַרשיקן אין קאָזע...

דער ביר קומט אין פעסלעך. יעדעס פעסל האָט אַ קראַן און דורך דעם קראַן פילט מען אָן די פלעשער, מע פאַרקאָרקעוועט זיי מיט קאָרקעס, מע פאַרבינדט זיי מיט אַ דראָטל איבערן העלדזל, כדי זיי זאָלן נישט „אויסשיסן" און זיי זײַנען גרייט צו גיין אין קאַלטן קעלער אַרײַן. און ווען זיי זײַנען גוט קאַלט, קען מען זיי פאַרקויפן. דאַכט זיך פשוט, האַ? וואָס זאָגט איר? איז אײַלט זיך נישט. עס איז נישט אַזוי פשוט ווי איר מיינט... מע קען נישט גלאַט נעמען אַ קאָרעק און אים אַרײַנשטופּן אין אַ פלעשל, ווײַל אויב דער קאָרעק איז לויז, וועט דער ביר אָדער זיך דורכשלאָגן און אויסרינען, אָדער — וואָס נאָך ערגער — זיך אויסוועפּן. און אויסגעוועפּטער ביר איז נאָך ערגער ווי אַ טויטער אתרוג... פאַרשטייט איר מיך — אַ טויטער אתרוג איז נישט קיין פאַרפאַלענע זאַך; אַ טויטן אתרוג קען מען אָפּפרעגלען און מאַכן פון אים די אמתע וואַרעניע, „נאַסטאַיאַשטשי" אײַנגעמאַכטס, וואָס אַז עס איז מלאָסנע אויפן האַרצן, איז דאָס די בעסטע רפואה. פרעגט מיך, איך קען זיך אויף די זאַכן... אָבער טויטער ביר איז גוט אויף איין זאַך — — — אויסצוגיסן... אמת, אַז אַזאַ זאַך טרעפט זיך, און מע גיסט־אויס אויסגעוועפּטן ביר, יאָוועז זיך חזירים פון דער גוייִשער גאַס און לעקן אים אויס צוזאַמען מיט דער בלאָטע, ביזן גרונט... איז דאָס אפשר פאַר די חזירים נישט שלעכט, — קיין פרנסה קען מען פון טויטן ביר נישט ציִען...

איז כדי דער ביר אין די פלעשער זאָל זיך האַלטן „לעבעדיק״, און ווען מע וועט אויספּראָפּקעווען די פלעשער זאָל ער „שפּילן״, דאַרף מען אים פאַרפּראָפּקעווען מיט קאָרקעס, וואָס זײַנען גרעסער ווי די עפענונג אין העלדזל... איז, ווי אַזוי קומט די קאַץ איבערן וואַסער? ווי אַזוי קען מען אַרײַנשטופּן אַ קאָריק וואָס איז גרעסער פון דער עפענונג אין העלדזל אַרײַן? איז דאָס אַ פײַנע פראַגע. און אַז איר פרעגט זי, זײַט איר, ווײַזט־אויס, נישט קיין נאַר. און דער ענטפער איז, אַז קאָרקעס זײַנען טאַקע האַרט ווי האָלץ, אַזוי ווערן זיי געבוירן. נישט מער — אַז מע ווייקט זיי אין זייער הייסן וואַסער, לאָזן זיי זיך דינען. נאָר הייסער וואַסער אַליין איז נישט גענוג. מע דאַרף זיי ערשט נאָכן ווייקן צעקײַען אַ ביסל מיט די ציין. און געדענקען דאַרף מען דערבײַ, אַז קײַען די קאָרעקס דאַרף מען מיט שכל, ווײַל כאַפּט איר זיך צו צום קײַען מיט גרויס כוונה, קענען זיי זיך, די קאָרקעס, צעפאַלן, טאַקע בײַ אײַך אין מויל און איר זאָלט האָבן אַ שפּײַעניש פאַר אַ גוטע פאָר שעה... אַז מע טוט די אַרבעט גענוג לאַנג, „דערפילט״ מען שוין, ווען דער קאָריק איז גרייט אַרײַנגעפּאַסט צו ווערן אין אַ סאָרט אײַזערנעם רערל, וואָס האָט אין זיך אַ שטויסער וועלכער „שיסט״ אים אַרײַן אין העלדזל אַרײַן איינס און צוויי... דאָס אײַזערנע רערל לאָזט ישראל, הערשל שיינערמאַנס ייִנגל, פון האַנט נישט אַרויס. אָט די אַרבעט געטרויט ער קיינעם נישט, ווײַל מע דאַרף אָט די מלאכה קענען, אַנדערש קען מען צעברעכן דאָס בירפלעשל אין איין הרף־עין... דערפאַר אָבער, די אַנדערע אַרבעטן, ווי: וואַשן פלעשער מיט אַן אויפלייז פון אַליע און וואַסער, פון טובל זײַן די קאָרקעס אין זודיקן וואַסער, פון קײַען די קאָרקעס און אונטערטראָגן לײדיקע, רייניע פלעשער צו ישראלן צום אָנפילן און פאַרן לעצטן „אַרײַנשיס״ צום פאַרפּראָפּקעווען, און אַוועקנעמען די פלעשער ווען זיי זײַנען שוין פאַרחתמעט, — דאָס געטרויט מען אַלעמען. נישט מער, וואָס צווישן די ייִנגלעך קומט־פאָר אַ כאַפּעניש. יעדער איינער זוכט די בעסערע אַרבעט. קיינער האָט נישט קיין חשק צו וואַשן פלעשער. איז אַוודאי די קאָנקורענץ זייער גרויס און כמעט אַלע מאָל טרעפט שוין אַזוי, אַז נאָך דעם ווי אַלע האָבן שוין פאַרכאַפּט פּאָזיציעס, ווײַזט זיך אַרויס, אַז די באַליִע מיטן אויפגעלייזטן אָליען בלײַבט נעבעך שטיין, ווי אַ יתומה, אָן אַן אַרבעטער צום וואַשן פלעשער. איז טאַקע צרות. מע קען נישט אָנהייבן די אַרבעט. ישראל אָבער, איז אַ קלוג ייִנגל, האָט ער זיך דערטראַכט צו אַ פאָרטל. דאָס פאָרטל — וועט איר צוגעבן — איז אי אַ קלוגס אי אַ יושרדיקס. נעמלעך, ישראל האָט אײַנגעפירט, אַז מע אַרבעט אויף „סמע־נעס״, עס הייסט, מע בײַט זיך, מע וועקסלט זיך מיט דער אַרבעט. יעדער ייִנגל דאַרף טאָן די פאַרשיידענע אַרבעטן בלויז איין שעה, נאָך דער שעה, נעמט ער איבער אַן אַנדער אַרבעט, און מיט דעם סיסטעם קומט־אויס, אַז דאָס וואַשן פלעשער פאַלט נישט אויס צו טאָן די גאַנצע צײַט איין־איינציקן ייִנגל, נאָר יעדער

איינער קריגט אויף זײַן חלק סײַ די בעסערע, סײַ די ערגערע אַרבעט. קיינער קען זיך נישט באַקלאָגן. ושלום על ישראל...

**
*

איינער פון די יינגלעך שטייט אַלע מאָל אויף דער וואַך בײַ דער טיר פון פּלויט, און אַ צווייטער — בײַם עק ווילעטשקעלע (זאַוואָולעק), וואָס איז צווישן שרה דער ציגײַנערינס דירה און הערשל שיינערמאַנס הויז. די וואַך איז קעגן צוויי שונאים פון דער גאַנצער אינדוסטריע: ערשטנס, דאַרף מען האַלטן אַן אויג אויפן רעוויזאָר, וואָס קען אומבאַמערקטערהייט אָנלויפן... צווייטנס, דאַרף מען היטן מיט טויזנט אויגן די עלטערן פון די „וואָלונטירן", די יינגלעך, וואָס האָבן אַ מיאוסע טבע, עפּעס מיט אַ ספּעציעלן חוש דערניוכען זיי, אַז זייערע בנימלעך זײַנען געוואָרן מיטגלידער פון „ראַבאָטשי קלאַס" (אַרבעטער־קלאַס)...

איר וווּנדערט זיך אַוודאי, פאַר וואָס יינגלעך רײַסן זיך אַזוי צו אָט דער אַרבעט וואָס איז כולו עולם־הבא. איך צווייפל, צי עמעצן פון ביידע קלאַסן, די אַרבעטערס און די אַרבעטגעבערס איז ווען עס איז אײַנגעפאַלן אַזאַ ווילדער געדאַנק פון באַצאָלן אָדער קריגן באַצאָלט... וועט איר טאַקע בנאמנות זײַן געגרעכט מיט אײַער וווּנדערן זיך. נישט מער, איר האָט, ווײַזט־אויס, קיין מאָל נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אמתער פרייליכקייט. עס איז אין דעם פאַרמאַכטן דרויסן פריילעך. דאָרטן קען מען עמעצן אָפּטאָן אַ שפּיצל און אַליין קריגן אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. און דער אײַנפיר איז, אַז מע ווערט נישט ברוגז, מע ווערט זיך נישט קיין שונאים און מע שלאָגט זיך נישט... ישראל איז אַ קאַפּיטשקע עלטער פון די אַנדערע יינגלעך און מע האָט פאַר אים דרך־ארץ... חוץ דעם, איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי שטראָף. אויב אַ יינגל קריכט־אַרויס פון די האַלאַבליעס, קריגט ער באַלד זײַן שטראָף. ער קען אַ געוויסע צײַט נישט אַרײַנקומען אין דעם פריילעכן גן־עדן... און גלייבט מיר, עס איז נישט פון די גרינגסטע שטראָפן אויף דער וועלט. איך וואָלט אײַך אַזאַ שטראָף נישט געוווּנטשן... מאָלט אײַך אויס, אַז איר שטייט אַ גאַנצן טאָג פון יענער זײַט פּלויט, איר קוקט־אַרײַן דורך אַ שפּאַלט, איר זעט וואָס עס טוט זיך דאָרטן אָפּ, און פאַר אײַך איז דער גן־עדן פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער... גלייבט מיר, אַז אָדם־הראשון האָט זיך ערגער נישט געפילט, ווען דער רבונו־של־עולם האָט אים פאַרטריבן פון גן־עדן, אין חומש... און חוץ דעם זײַנען שוין הײַנט די יינגלעך געבולבעטע (געבילדעטע), זיי האָבן שוין — ווער בײַ בראָנשטיינען, ווער בײַ שטיינמאַנען, ווער בײַ באָריס קלאָרפעלד געלערנט קריילאָווס „באַסניעס"*, און אַז זיי דערשמעקן אַז איר, דער פאַרמשפּטער, שטייט מאחורי הפרגוד, פון יענער זײַט הילצערנעם פּאַרהאַנג, זינגען זיי צו אײַך אַרי־

* משלים.

בער אויף רוסיש: „כאַט ווידיט אָקאָ, דאַ זוב גיע וומיאַט...״ עס איז אַ פּיינטשיק זאָגעלע אַזוינס, און אויף פּשוטן יידיש מיינט עס: „כאָטש דאָס אויג זעט טאָקע, נאָר דער צאָן כאַפּט נישט״... קיין נאָר זײַט איר נישט, און דעם געדאַנק כאַפּט איר... עס איז געגאָסן הייסן אָליען אויף אַ פרישער וווּנד... דאָס ערגסטע איז, וואָס לעצטנס האָט זיך „זאַיאַוועט״ אַ גײַ בחורל. זײַן טאַטע איז נישט לאַנג צוריק אַראָפּגעקומען קיין שאַרגאָראָד. זײַן טאַטע איז אַ מלמד און מע רופט אים „דער נײַער מלמד״. איז אָט דער בחורל אַזאַ פאַרשלעפּטע קרענק, אַז ער קען אײַך אָלע־מען נאָכמאַכן, פון גרויס ביז קליין. מיט אײַער קול און מיט אַלע אײַערע הוויות, „טאָמש וו טאָטש״, ס׳זאָל פעלן אַ האָר... מע דאַרף אין קיין טעאַטער נישט גיין. איז אים נוצט ישראל נישט פאַר קיין אַרבעט. עס איז אַ סברה, אַז ער צאָלט אים נאָך צו, ער זאָל דעם עולם יינגלעך משמח זײַן מיט זײַנע „שטוקעס״. און איר זײַט נעבעך אַ פאַרמשפּטער צום גלות אויף יענער זײַט פּלויט...

**
*

אַז מיר ריידן שוין וועגן אַרבעטן, וואָס ווערן געטאָן אונטער גאָטס פרײַען הימל, לאָמיר אָקערשט אַ קוק טאָן אויפן באָנדער (פעסלמאַכער), וועלכער אַר־בעט אויך אין דרויסן, אין דער געגנט ווו מיר געפינען זיך איצט, אַרום דער גאַר־בער־גאַס. מערסטנס מאַכט נישט אונדזער באַדנער קיין נײַע, נאָר פאַרריכט קראַנ־קע פעסלעך, וואָס האָבן אָנגעהויבן רינען. און פעסלעך פעלן נישט אין שאַרגאָ־ראָד. אין יעדער הויז איז פאַראַן אַ פעסל צו האַלטן וואַסער, ווײַל קיין וואַסער־לייטונג, דער „וואָדאָפּראָוואָד״ האָט זיך נאָך קיין שאַרגאָראָד נישט דערקליבן, און כאָטש אַן אָנזאָג פון דעם מין האָט זיך שוין באַוויזן אַרום דעם סאָסנאָווקער צו־קער־זאַוואָד, איז דאָס נאָך אויך בלויז אין די וויקעלעך. עס איז דערווײַל אַ „וואָ־דאָקאַטשקע״, דאָס הייסט, עס שפּאַרט־אײַן די באַוווינערס דאָרטן, צו דאַרפן גיין אַ ווײַטן מהלך, מיט קאַראָמיסלעס און עמערס צו קריגן אַ ביסל וואַסער. אָבער האַלטן וואַסער מוז מען דאָרטן אויך אין פעסלעך, נאָר אין שאַרגאָראָד גופא איז נאָך דער וואַסערפירער קייסער, און דער באָדנער — שני למלך.... מאָלט אײַך, אַז אָך און אַז ווי איז צו אַזאַ מין מלוכה, עס איז מלך אביונס קעניגרײַך... און דעם באָדנער רינט אויך נישט דאָס שמאַלץ איבער דער באָרד. אײַ, וועט איר דאָך פרעגן אַ קשיה: אויב דעם וואַסערפירער און באָדנער רינט נישט דאָס שמאַלץ איבער די בערד, ווי קומט עס וואָס זיי זײַנען אַזוי פאַרשמאַלצעוועט, אַזש די בגדים זייערע גלאַנצן אויף דער זון? איז דאָס טאַקע אַ פראַגע אויף וועלכער איך קען אײַך קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער נישט געבן. אָבער, צי דעם באָדנער גיסט זיך צעשמאָלצן גאָלד אין האַלדז אַרײַן צי נישט — אַרבעט האָט ער גענוג, און אַלטע פעסלעך צום צורעכט מאַכן אויך. אַ גאַנצע גאַס איז פאַרוואַליעט מיט אַלטע פעסלעך: גאַנצע, צענומענע און גלאַט געראַניעטע מיט און אָן רייפן, אָבער

מערסטנס פֿאַרזשאַווערטע אײַזערנע רייפֿן וואָס ער דאַרף פֿאַרבײַטן מיט נײַע... למען האמת, דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז אין משך פֿון יאָר מאַכט דער באָדנער אויך עטלעכע נײַע פֿעסער, אָבער דאָס בלויז אַז עס טרעפֿט אַ חתונה אין שטאָט. איז דאָס טאַקע בײַם באָדנער אַ גרויסער יום־טוב. אָבער זאָגט נאָר, איך בעט אײַך, וויפֿל חתונות קומען דאָס פֿאָר אין שאַרגאָראָד דורכן יאָר? על־כל־פּנים, מיר חדר־ייִנגלעך, זײַנען נישט פֿאַראינטערעסירט אין פֿעסלעך. זאָלן זיי זיך דאָרטן ליגן אויפֿן געסל אין די מילי־מיליאָסן. בלויז איין אבר פֿון פֿעסל אינטערעסירט אונדז, אי דאָס, נישט דער גאַנצער אבר, נאָר אַ האַלבער... איר וואָלט שוין אַליין געמעגט טרעפֿן, וואָס מיר מיינען. מיר האָבן אין זינען די הילצערנע רייפֿן, אײַזערנע, אַפֿילו נײַע, האָבן בײַ אונדז קיין שום ווערט נישט. מיט אײַזערנע קענען מיר גאָר נישט אויפֿטאָן. דערפֿאַר אָבער, האָט אַ הילצערנע רייף די מעלה, וואָס מע קען פֿון איר מאַכן אַ בויגן. אַז גאָט העלפֿט נאָך, מען האָט אַ פּאָר רירעוודיקע הענט און מע קען אַליין אויסשניצן אַ פֿײַל, האָט איר אַ פּאַרטיקן פֿײַל־און־בויגן, טאָטש וו טאָטש אַזעלכן, ווי אונדזערע עלטער־זיידעס האָבן גענוצט אין זייערע מלחמות מיט די פּלישתּים. איז אָבער דער באָדנער, דער מרוק, אַ ביטערער ייִד. איר זאָלט אים אָפּגילדן וועט ער אײַך קיין האַלבע רייף נישט פֿאַרקויפֿן... נו, האָבן מיר צו דעם אויך געפֿונען אַ תּרופֿה: מיר קויפֿן די רייפֿן בשותּפֿות. צוויי ייִנגלעך לייגן זיך צונויף, זיי קויפֿן אַ גאַנצע רייף און דער באָדנער צעזעגט זי אויף דער העלפֿט, דאָס איבעריקע דערטוען מיר שוין אַליין, — און מיר האָבן אייגענע כּלי־זין. אַוודאַי דאַרפֿט איר זען, אַז דער שפּאַגאַט זאָל זײַן אַ נײַער און אַ שטאַרקער, אָבער דאָס איז גרינג. אויב איר געדענקט אונדזער שטריקלדרייער, וואָס מיר דרייען בײַ אים די קאָרבע אומזיסט, איז ער, באַזאָרגט עס אונדז מיט שטאַרקן שפּאַגאַט. אײַ, וועט איר דאָך פֿרעגן, אַז קיין פּלישתּים זײַנען דאָך אין שאַרגאָראָד נישטאָ, איז צו וועלכע גוטע יאָר דאַרפֿן מיר פֿײַל־און־בויגן? פֿאַרגעסט איר אָפּנים, אַז מיר לייענען שוין ברוך־השם ביכלעך. אייניקע פֿון אונדז ווייסן שוין, וואָס עס הייסט גיין אויף יאַגד, און אַז דער וואָס גייט אויף יאַגד איז אַ יעגער... שאַ, וואָס דאַרפֿט איר מער? מיר ווייסן שוין אַפֿילו אַז יאַגד אויף רוסיש הייסט „אָכאָטאַ“ און אָט דער וואָס גייט אויף יאַגד איז אַן „אָכאָטניק“. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, האָט איציקל חנה דער רײַבעריקס, אונדזער מלמד, וואָס איז געווען אַ געוואַגטער ייִד און וועלכער האָט אונדז דער ערשטער געלערנט שרײַבן און לייענען רוסיש פֿון אַ כרעסטאָמאַטיע, וואָס ער אַליין האָט זיך, נעבעך, געבראַכן די ציין אויף איר — דער כרעסטאָמאַטיע מיין איך — אונדז געלערנט לייענען „זאַפּיסקי אָכאָטניקאַ“ *. נישט ער, דער רבי, און נישט מיר, די תּלמידים, האָבן פֿאַרשטאַנען איין וואָרט פֿון דעם לייענען אין יענער צײַט, נאָר דאָס וואָרט

* טורגעניעווס „פֿאַרצייכענונגען פֿון אַ יעגער“.

„אָכאָטניק" האָבן מיר פאַרגעדענקט צוליב דעם, וואָס איציקל האָט אונדז פאַר־טײַטשט דאָס וואָרט „אָכאָטניק", אַז אָכאָטניק, מיינט אַ מענטש וואָס האָט אָכאָטע... וואָס טויג איך גרויס, מיט די פֿײגל־און־בויגנס גייען מיר נישט אויף „אָכאָטע" אין די וועלדער און מיר האָבן זיך נישט פאַרמאָסטן צו טויטן דעם מלך פֿון די חיות... מיר באַנוגענען זיך, מאָלט אײַך, מיט שיסן פייגל. אויך דאָ דאַרפט איר זיך נישט שרעקן, ווײַל מיר האָבן, חלילה, קיין מאָל נישט דערהרגעט קיין פויגל, פשוט דערפאַר ווײַל מיר האָבן קיין מאָל אין זיי נישט געטראָפן... זעט איר, אָנגעשראָקן האָבן מיר זיי, די טײַבעלעך און פייגעלעך. נאָר אויב איר ווילט, איז דאָס געווען אונדזער גליק וואָס מיר האָבן נישט געטראָפן, ווײַל איין מאָל האָט אונדזער איינער יאָ געטראָפן אין אַ קאַטשקע. די פֿײַל איז דער קאַטשקע אַרײַן — טרעפט וווהין? נײַן, איך וועל אײַך נישט זאָגן, ווײַל עס איז נישט קיין זייער עסטעטישער אָרט... איז זי געלאָפן, די קאַטשקע, מיט דער פֿײַל אַהיים צו אַפּאַנאַסיען דעם גוי, וואָס ווױנט אויפֿן ברעג טײַך און פאַרדינגט צום שיפֿן זיך... צו מאַכן דאָס בקיצור, קיין צרות האָט שוין אונדזער יעגער נישט געפעלט יענעם טאָג. און אויפֿן גאַנצן לעבן איז ער געבליבן מיטן נאָמען „אָכאָטניק"...

**
*

גלײַך נעבן באָדנער ווױנט זיסל שנײַדער. איך ווייס נישט וואָס ער האָט פֿון זײַן שנײַדערײַ. מיר דאַכט זיך אַלע מאָל, אַז שנײַדערײַ איז בײַ אים אַ זײַטיקע פּרנסה. און טאַקע, צו וואָס דאַרף ער שנײַדערײַ, אַז זײַן אשת־חיל, זײַן ווײַב, זאָל געזונט זײַן, האָט אַזאַ גאָלדענע פּרנסה?

און די פּרנסה איז — געזײַערטע זאַכן. בײַ איר קריגט איר עטלעכע סאָרטן געזײַערטע אוגערקעס, וואָס אַזעלכע האָט איר נאָך אין אײַער לעבנס־לעבן נישט פאַרזוכט. און אויב אײַער ווײַבל האָט זיך „פאַרגלוסט", ווען זי איז אויף דער צײַט, אַן אוגערקע געזײַערט אין עסיק... איז בײַ זיסלקע דאָס ריכטיקע אָרט צו קריגן אַזאַ זאַך. שאַ, און וואָס פעלט אירע קוואַסניצעס? אמת, בײַ אײַך קען זײַן רופט מען זיי קיסליצעס, נאָר גלייבט מיר — זיי זײַנען די זעלבע גרויסע, שיינע געזײַ־ערטע עפּל, וואָס אין פּראָצעס פֿון זײַערן זײַנען זיי געוואָרן געל, מיט אַן אמתער זוניקער געלקייט, זיי האָבן אָבער נישט פאַרלוירן זייערע רויטינקע בעקעלעך, זיי זײַנען אַ נחת פאַרן אויג און צעגייען זיך אין מויל... פאַרגעסט נישט, ווען איר קויפט קוואַסניצעס, צו בעטן די זיסלקע, זי זאָל אײַך צוגעבן אַ ביסל קוואַס, ווײַל דער קוואָס איז אמתער ווײַן און האָט די זעלטענע מעלה, וואָס אי ער האָט דעם טעם פֿון באַרדיטשעווער „ווימאַראַזעק", אי מע ווערט פֿון אים נישט שיכור... און וואָרט אַ ווײַלעטשקע: געזײַערטע קאַווענעס האָט איר שוין אַ מאָל אין אײַער לעבן פאַרזוכט? איך גיי אין געוועט, אַז איר ווייסט אַפֿילו נישט, אַז אַזאַ לאַקאָמקע איז פֿאַראַן אויף גאָטס וועלט... איר דאַרפט זיך נישט שעמען, איר זײַט נישט דער איינ־

ציקער וואָס ווייסט נישט פון אַזאַ מאכל... גלייבט מיר, אַז איך וועל אײַך פאַר־קויפן דעם געפילטן לויתן, דעם געבראָטענעם שור־הבר און אַפילו דעם יין־המשומר פאַר איין חנוודיקער געזײַערטער קאַווענע, מיט איין גלאָז ראָסל פון די קוואַסניצעס, וואָס די זיסלקע זײַערט און פאַרקויפט. יאָ, עס איז אפשר כדאי איר זאָלט וויסן, אַז די קאַווענעס צום זײַערן קען מען נאָר קריגן פון די באַשטאַנעס בײַ די קאַצאַפּעס, גרויסרוסן, די „סטאַראָווערצעס", וואָס פאַרמאָגן עטלעכע זייער אייגענע דערפער אַרום שאַרגאָראָד. עס איז אַ סברה, אַז פּאַניע־גנב טשעפּעט זיך נישט בלויז צו ייִדן פאַר זייער אמונה, נאָר פאַרפאָלגט אויך די „סטאַראָווער־צעס" צוליב דעם, וואָס זייער פּראַוואָסלאַוויע איז אַ קאַפּעטשקע אַנדערש פון דעם היילִיקן „סינאָדס" שולחן־ערוך. איך האָב אַ מאָל אין זייערן אַ דאָרף געזען אַ קליין מפילע־קלויסטערל מיט אַ גרויסן צלם, וואָס זעט־אויס אַ ביסל אַנדערש ווי די געוויינלעכע צלמים אויף די צערקוועס, און זייערע צערקוועס האָבן נישט קיין ציבעלע־קופּאָלן. מחשבותן, אַבי מיר האָבן געמיינט אַז נאָר ייִדן זײַנען קאַפּאַבל צו גיין אין פײַער און אין וואַסער איבער אַ קוצו־של־יוד... בײַ זיי, להבדיל, רײַסן זיי זיך אויך אַרום איבער אַ קוץ, אין זייער פאַל — אַ קוצו של צלם, להבדיל אלף הבדלות. נאָר איך בין אַ קאַפּעטשקע אַרונטער פון וועג. מיר שמועסן דאָך איצט וועגן געזײַערטע מאכלים, וואָס די זיסלקע פאַרקויפט. און ווען איר פאָלגט מיר, כאַפּט איר זיך אַרײַן צו אָט דער זיסלקע און פאַרזוכט דעם טעם פון די מעדני מלך וואָס זי פאַרמאָגט. עס וועט זיך אײַך לוינען די טרחה, איר וועט זיך נישט אָפּנאַרן. ס'איז ווערט אי די צײַט, אי די פּאָר גראָשן...

און אויב איר זײַט פון די ייִנגלעך, וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם פּײַל־און־בויגן און איר האָט זיך שטאַרק צעהיצט, ווען איר זײַט געגאַנגען אויף אָכאָטע צו שיסן פייגעלעך אָדער טויבן (איך בין זיכער, אַז מיט קיין קאָטשקעס וועט איר זיך נישט אָנהייבן, נאָך דעם ווי איר האָט געהערט מײַן פּריִערדיקע מעשה...) און איר האָט גאָר נישט געכאַפּט, און איר דאַרפט זיך אָפּקילן איידער איר גייט אַהיים אָפּגעבן חשבון דער מאַמען פאַר וואָס אײַערע תחתונימלעך, די נײַע, די שבתדיקע זײַנען אין גאַנצן צעטרענט פּונקט אויף דער סאַמע נאָט פון צו פיל אָנבייגן זיך און אַרומוואַלגערן זיך אויף דער ערד זוכנדיק די פּײַל בשעת דער אָכאָטע, פאָלגט מיך, כאַפּט זיך אַרײַן צו דער זיסלקע און קויפט עפּעס פון די זויערע נאַשערײַען. עס איז אַ רפואה צו אַלע צרות...

**
*

די זיסלקע איז נישט די איינציקע אויף דער גאַרבער־גאַס, וווּ מע קען קריגן נאַשערײַען. פאַראַן נאָך אַ פּלאַץ פון נאַשערײַען, נאָר גאָר פון אַן אַנדער סאָרט, אויף דער גאַרבער־גאַס. דאָס פּלאַץ איז אַ שטיבל, וואָס האַלט זיך מן הצד פון דער גאַס, נאָר איז דאָך אַ טייל פון איר, פון דער גאַס, מיין איך. עס שטייט טאַקע

אַזוי ווי באַזונדער אויף אַ קליין בערגל, און געהערט יאַקבי מער צו דער גוי׳שער גאַס, וואָס הייבט זיך דאָרטן אָן און לויפט פּאַראַלעל צו דער גאַרבער־גאַס בײַם סאַמע טײַך און קוקט־אויס לײַטישער פון דער גאַרבער־גאַס, צוליב די ביימער און גערטנער וואָס אויף איר, און ציט זיך ביז דעם סאַמע מאַנאַסטיר וועלכער איז אַרומגערינגלט מיט אַ שטיינערנער וואַנט אָפּצוטיילן, ווײַזט־אויס, די מאָנאַכן פון דער לעבעדיקער וועלט... דאָס הײַזל געהערט צו מלכה דער סאַרווערין, די בעסטע סאַרווערין אין שטאָט און די טײַערסטע. צו קריגן זי אויף אַ חתונה אָדער אויף אַן אַנדער שמחה, דאַרף מען צוויי זאַכן: ערשטנס, אַ זכיה (נישט צו אַלעמען גייט זי), צווייטנס, אַ פעטע קעשענע. ווײַל מלכה האָט ליב צו קריגן גוט באַצאָלט. הינ־טער די אויגן רופן זי די שאַרגאָראָדער יידן — „די אַפּטייקערין״. נאָר ווען עס קומט צו אַ שמחה, וויל מען זי און נאָר זי. נאָר אַזוי ווי מלכה קען דאָך מיט איין — איר זאָלט מיר מוחל זײַן — אויף אַלע חתונות נישט טאַנצן, האָט זי שותפ־טעס — אַנדערע סאַרווערינס, וואָס אַרבעטן אונטער איר אויפזען. איז אָט די סאַרווערין האָט אַלע מאָל עפּעס אַ נאַשערײַ פאַר נאַש־בראַט. זי איז טאַקע אַן אַפּטייקערין, נאָר וויפל זי זאָל אײַך נישט רעכענען — איז דאָס ווערט. דאָרטן קריגט איר פון אַ געגנדזענע פולקע, ביז אַ לעבערל פון אַן אינדיק גוט דורכגע־באַקן אין שמאַלץ, וואָס איז זייער געשמאַק און צעגייט אין מויל... חוץ דעם וואָס איר קריגט דאָרטן גוטע געשמאַקע נאַשערײַען, האָט איר אַ געפיל, אַז איר זײַט אין אַ מיטן מיטוואָך אויף אַ חתונה...

ווייסט איר? ווען מע זאָל מיך פרעגן, דאַרף מען קיין פאַראיבל נישט האָבן, וואָס די מלכה איז אַ באַרײַסעריק, רעכנט גרויסע פרײַזן. זי איז, נעבעך, אַן אַלטע יידענע, וואָס דאַרף אויסהאַלטן אַ גאַנצע משפחה, פאַרשטייט איר מיך. איר זון, נחמן, איז נישט קיין איבעריק געזונטער, פון דעסט וועגן האָט ער קיין עין־הרע נישט, אָנגעפּלאָדיעט אַ פולע שטוב מיט קינדער. און די אַלטע מאַמע זײַנע איז די איינציקע באַשפּײַזערין פון אָט דער משפחה. נחמן איז בײַ מלכהן אַ בן־יחיד, איין אויג אין קאָפּ... איז זי זיך ממש מפקיר פאַר אים, זײַן ווײַב און די אייניקלעך. איר שפּילט זיך מיט אַ יידישער מאַמען...

***

אַפאַנאַסי איז אַ שטאָטישער פויער, וואָס האָט זײַן הויז בײַם סאַמע טײַך, און באשר ער איז אַ שטיקל קאַליקע, ער הינקט אויף אַ פוס און קען קיין שווערע אַר־בעט נישט טאָן, האָט ער זיך אײַנגעקויפט עטלעכע שיפלעך און פאַרדינגט זיי, די לאָדקעס, צו שאַרגאָראָדער יונגוואַרג צום שיפן זיך. עס קאָסט בלויז אַ פער־טעלע אַ שעה און איר קענט זיך שיפן און הנאה האָבן פון אײַער לעבן און פון גאָטס וועלט... ווילט איר, שיפט איר זיך אויפן טײַך, וואָס לויפט בײַ דער שטאָט, בײַ דער מיל. דאָס איז ,אויב איר זײַט אַן אײַנשטעלער און האָט נישט קיין מורא,

אַז גוטע מענטשן זאָלן באַלד אָפּטראָגן אײַער מאַמען די נײַעס, אַז איר קדיש שיפּט זיך אום שבת אויפן טײַך... די מאַמע זשאַלעוועט נישט דאָס פּערטעלע, און וועגן שבת וואָלט מען מיט איר אויך געקענט ווי עס איז דורכקומען, סײַ־ווי־סײַ זײַנען אַ סך מויערן געפאַלן אויפן געביט פון פרומקייט... נאָר די מאַמע איז אַ מאַמע. איר קענט זי נישט איבערצײַגן, אַז איר זײַט אַ מאָדים מיט ווסלעס (רו־דערס) און זי האָט פּשוט מורא, אַז איר זאָלט — די שעה זאָל נישט זײַן — חלילה דערטרונקען ווערן און עס זאָל, חלילה, ווערן אויס קדיש... איז פאַר אײַך גרינגער, איר זאָלט זיך פאַרנעמען אויף רעכטס און אַוועקשיפן זיך ווײַט אַוועק פון ייִדישע אויגן, פאַזע די גויִשע דערפלעך צום לאָן צו. דאָרטן איז דער אמתער גן־עדן התחתון. פון ביידע זײַטן — גרינע, געלבלעכע און אַפילו רויטע ביימער (אויב איר שיפט זיך אָסיען־צײַט, ווען עס בײַטן זיך די קאָלירן פון די בלעטער איידער זיי הייבן־אָן אַראָפּפאַלן, אָט די צײַט פון יאָר רופן אונדזערע פּויערים „ליסטאָפּאַד" — בלעטערפאַל). איבער אײַך — אַ לויטער הימל, אונטער אײַער שיפל און ווי ווײַט אײַער אויג קען כאַפּן — אַ שפּיגל פון שלווהדיק וואַסער. דאָרטן איז דאָס וואַסער טאַקע טיפער אויך, נישט אַזוי דער טײַך אַרום שטאָט, וואָס מע קען אַריבער אין פּליטקע קאַלאָשן, אויב איר ווילט זיך אַרײַנכאַפּן אין וואַסער און זיך אָפּטובלען — וועט אײַך קיינער נישט שטערן, און אויב איר ווילט — לאָזט־אָפּ די ווסלעס און לייגט זיך אַוועק אויפן דעק פון שיפל פּנים־אַרויף און עס וועט זיך אײַך וועלן זינגען אַ לויב צו הקדוש־ברוך־הוא, וואָס האָט דאָס אַלץ באַשאַפן צוליב אײַך און אײַער פאַרגעניגן וועגן, אָבער איידער איר מאַכט אָט די „פּוטיעשעסטוויע" *, פאַרגעסט נישט, זײַט אַזוי גוט און זײַט אַפּאַנאַסין משלם פאַר צוויי און פאַר וואָס נישט פאַר גאַנצע דרײַ שעה. ווײַל אין איין שעה וועט איר נישט באַוויַזן זיך אומצוקערן, און אַפּאַנאַסי האָט פײַנט „ייִדישע שטיק". עס מאַכט נישט אויס וואָס איר וועט אים נאָך דעם באַצאָלן פאַר דער איבעריקער צײַט; עס וועט אַלץ זײַן „ייִדישע שטיק"— אָט אַזוי זאָגט ער טאַקע, דער אַפּאַנאַסי אויף ייִדיש, ווײַל ער קען נאָך צו די צרות ריידן ייִדיש אויך. ער וועט אײַך אַפילו צוגעבן עטלעכע עפּיטעטן אויך אויף גויִש, ווי „זשיד מאַשעניק" און „כאַלאָמעי"... פאָלגט מיך — איידער איר זעצט זיך אַרײַן אין דער לאָדקע, פאַרשטופּט אים זײַן טריף מויל מיט אַ „חצי־פּויגל" און כאַפּט אים דער וואַטעמאַכער, זאָל אײַערס איבערגיין... אַ האַלב קערבל איז טאַקע אַ גרויסע מטבע, נאָר וואָס איז וואָלוול הײַנטיקע צײַטן? סײַדן דאָס לעבן פון אַ ייִד אין אונדזערע גאָט־געבענטשטע מקומות...

* *
*

---

* נסיעה.

הערט איר וואָס איך וועל אײַך זאָגן, ליבע לייענערס, אין זכרונות וועלכע זײַנען רעגיסטרירט בלויז אין אײַער געמיט, איז שווער זיך צו האַלטן גענוי און בהדרגהדיק אויף געוויסע ערטער, אָדער אַפילו מיט אַ באַשטימטן סדר אין צײַט. אָט דערציילט איר דאָ וועגן אַ געוויסער פּאַסירונג אין פאַרבינדונג מיט אײנעם אָדער אַ גרופּע פּאַרשוינען אויף אַ באַשטימטן אָרט און אין אַ געוויסן צײַט־אָפּשניט און פּאַרגאַלאָפּירט זיך ווײַט אַוועק פון פּלאַץ, פון צײַט און שוין אָפּגע־רעדט פון דערצייל־מאַטעריאַל אָדער פון דעם באַשטימטן העלד, מיט וועלכן איר האָט אָנגעהויבן. דער שרײַבער פון אָט די זכרונות וויל אײַך בלויז פאַרזיכערן, אַז ווי ווײַט די צײַט, אָדער די געאָגראַפישע פּינקטלעכקייט־קאָזשעלקעס זאָלן אים נישט פאַרפירן, וועט ער אײַך סוף־כל־סוף צוריקפירן צום ריכטיקן אָרט, צו דער קאָרעקטער צײַט און זײַן באַשטימטן העלד אָדער העלדן. קיין גרויסע שאָדן וועט איר פון אַזאַ איבעריקן שפּאַציר נישט האָבן. דער בעל־הזכרונות נעמט זיך די פּריווילעגיע, וועגן וועלכער אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: „אין מוקדם ומאוחר“. עס מוז אין אַזעלכע באַשרײַבונגען נישט אַלע מאָל זײַן אַ גענויער פריִער און שפּעטער. עס וועט אָבער נייטיק זײַן אײַך צו דערמאָנען, אַז אַלץ וואָס דאָ ווערט באַשריבן, האָט געטראָפן אַרום דעם סיום פון נײַנצנטן און אין די ערשטע צוויי צענדליק יאָר פון הײַנטיקן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. און פאַרגעסט נישט, אַז די געאָגראַפיע פון שאַרגאָראָד איז נישט קיין גענוי צוגעשניטענע, ווען עס האַנדלט זיך אין אַ זכרונות־שפּאַציר. אַוודאי וואָלט געווען גרינגער, ווען שאַרגאָראָד זאָל געווען זײַן אַ שטאָט מיט גלײַכע גאַסן, ווי אָדעס, למשל, ווו מע טוט זיך אַזוי אַ זאָג: „פּרעאָבראַזשענסקע — אויפן ראָג פון דער מאַלאַרנאַוטסקע“. אין שאַרגאָראָד פון יענער צײַט זײַנען אַזעלכע זאַכן נישט געווען...

מיר וועלן זיך דעריבער דאַרפן אומקערן צום דרויסנדיקן גן־עדן (אויב איר האַלט קאָפּ, ווו מע פּראָפּקעוועט פלעשלעך ביר און וואָס הערשל שײנערמאַן האָט דערפון פּרנסה). ב׳ — — — פּרובירט נישט טרעפן, איך בעט אײַך, וואָס איך האָב מיט דער „בית“ געוואָלט זאָגן. ניין, איך האָב נישט געוואָלט זאָגן „בכבוד“, נאָר „במורא“ פאַרן אַקציזניק, ימח שמו... וואָס מע האָט אים פון דעסט וועגן טיף־טײַער אין דער אַדמה, דעם רשע... ווײַל, איר ווייסט דאָך ווי עס איז, אַקציזניקעס אַפילו, לעבן נישט אייביק. און מיר ייִדן, אַקציזניקעס אויף צעפּיקעניש, וועלן אים ירצה־השם לעבן און לעבן און נאָך דערלעבן משיחן אויך און נאָך ווײַטער...

**
*

אַלזאָ, מיר גייען איצט מיט אײַך אויף דער רעכטער זײַט פון דער גאַרבער־גאַס און גייען נאָך אַ מאָל פאַרבײַ שרה דער ייִדישער ציגײַנערינס הויז, און שליאָ־מע מלמדס חדר, ווו היינט איז שאַ־שטיל און עס וווינט שוין דאָרטן אַן אַנדער ייִד. שליאָמע איז דאָ נישט לאַנג געשטאָרבן. זאָל ער האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן מיט

באָבען זײַן ווײַב פאַר זײַן פוס־בענקעלע (באָבע איז באַלד נאָכגעגאַנגען), און גאָט זאָל אים נישט שטראָפן פאַר די „פיר־פינגערדיקע" פּעטש מיט וועלכע ער האָט מזכה געווען יידישע קינדער. דעם אמת געזאָגט, טוט מיר באַנג וואָס ער איז שוין נישטאָ, שליאָמע; וואָס ער איז אַוועק אַהין פון וואַנען קיינער איז נאָך נישט צו־ריקגעקומען. נאָך אַלעמען, דאַרפן מיר דאָך פאַרשטיין, אַז אַלע יענע פּעטש זײַנען געווען לשם שמים, אַלץ כדי יידישע קינדער צו לערנען תורה און דרך־ארץ... מיר, תלמידים זײַנע, זײַנען אים מוחל במחילה גמורה... איר ווייסט דאָך ווי דאָס ווערטל גייט: „אַ פּאַטש פאַרהיילט זיך און אַ וואָרט געדענקט זיך". און די תלמי־דים זײַנע געדענקען מער ווי איין וואָרט פון אים...

***

מיר'ן זיך איצט אָפּשטעלן נעבן בלימע די באָבע. בלימע איז די יינגערע באָ־בע אין שאַרגאָראָד. לאה די באָבע, איז אַ סך עלטער פון איר. איך ווייס נישט ווער פון די צוויי באָבעס איז אַ בעסערע באָבע. עס קען זײַן, אַז לאה איז די מער דערפאַרענע, אָבער מיר קינדער, האָבן ליבער בלימען, ווײַל זי איז נישט אַזאַ שטרענגע ווי לאה. בײַ קריאת־שמע־לייענען זאָלט איר זיך — מײַנע שונאים — אויסצײַען, וועט אײַך לאה נישט געבן אַן איבעריק לעקעכל. וואָלט איר געמיינט, אַז זי דאַרף געבן אירס? אָדער אַז זי וועט זשאַלעווען, וועט איר אָנקומען מער... איז ניין. די יידענע האָט צוקער־קראַנקייט און האָט שוין יאָרן און יאָרן קיין זיסע זאַך נישט פאַרזוכט. נאָר, ווײַזט־אויס, דאָס גויישע ווערטל אַז „פּעס סאָלאָמו ני איסט אי דרוגים ני דאַיע" (אַ הונט עסט נישט קיין שטרוי און לאָזט אַנדערע נישט עסן...) איז אַ גוט ווערטל. אָבער אַ חכמה איז די אַלטע. שטעלט אײַך פאָר, אַז די קינדערלעך האָבן אָפּגעלייענט קריאת־שמע, אויסגעזונגען דעם מזל־טוב און לאה האַלט אין אויסטיילן די זיסקייטן, איז די געוואָגטערע יינגלעך בעטן נאָך אַ לע־קעכל „פאַר מײַנע ברידערלעך און שוועסטערלעך"... און לאה פאַרשטייט זיך, גיט נישט. פרעגט זי דער טאַטע פון בן־זכר אַליין: „לאה־לעבן, פאַר וואָס זאָלט איר זיי זשאַלעווען, עס איז חלילה נישטאָ גענוג?" ענטפערט זי אַ ברוגזע: „ר' משה, איר מישט זיך נישט. איך האָב פײַנט ליגנערס, האָב איך. ווען דאָס וואָס די ממז־רים זאָגן, אַז זיי האָבן אין דער היים אַזוי פיל און אַזוי פיל ברידערלעך און שוועסטערלעך, זאָל זײַן אויף האַלב אמת, וואָלט מען אין שאַרגאָראָד געדאַרפט האָבן נישט קיין צוויי, נאָר זעקס באָבעס, און אַלע וואָלטן געגאַנגען אין גאָלד אָנ־געטאָן..." ווי געפעלט אײַך אַזאַ יידענע?

***

זעט איר, בלימע איז אַ גוטע נשמה, אַ גאָלדענע פרוי. זי האָט תמיד אַ שמייכל אויפן ליכטיקן פּנים. נעבן איר קענט איר זיך „פּאָזיוועןן". און אויב איר זײַט נאָך

אַ בר־מזל און איר זײַט „אירס אַ קינד", אָ, דעמאָלט זײַט איר גאָר אין די פעדערן... און בלימעס אַ קינד זײַט איר, נישט נאָר ווען איר זײַט אַ פּיצוויניק, אַ קליין יאַטל, נאָר אַפילו ווען איר ווערט שוין, מיט מזל, חתונה האָבן — ווערט איר נאָך אַלץ זײַן איר קינד. און אַז גאָט ווערט אײַך העלפן, איר ווערט שוין האָבן אײַער אייגנס אַ קינד, ווערט אײַער קינד זײַן בלימעס אייניקל... בלימע האָט צוויי זין, איז איינער, חיים, אַ צירולניק און האָט זײַן שערערײַ נעבן סאַמע קאָסטשיאָל. ער איז אַ פּרי־צישער פּאַריקמאַכער און האָט פּרנסה בכבוד. עס איז נישט אַזוי די פּרײַזן וואָס ער קריגט בײַ די פּריצים פאַרן שערן און גאָלן, וואָס זײַנען וויכטיק און וואָס זײַנען אַ סך העכער ווי מען קען קריגן בײַ אחינו בני־ישראל. נאָר דאָס געלט וואָס זיי גיבן „נאַ טשײַ" *, פון דעם אַליין — זאָגט חיים — קען מען מאַכן פּרנסה... מן־הסתם ווייסט ער וואָס ער רעדט. אַ ייד ווערט דאָך נישט אויסטראַכטן. נישט מער, וואָס די מאַמע בלימע דאַרף אים אַלע מאָל אַרויסהעלפן מיט געלט... איז דאָס טאַקע אַ קשיה, אויף וועלכער איך האָב נישט קיין ענטפער. נאָר אויב איר מיינט אַז דאָס איז די איינציקע קשיה אויף וועלכער איך האָב נישט קיין ענטפער, מאַכט איר אַ טעות. נאָר איך פּאָל בײַ זיך נישט אַראָפּ, וואָס איך האָב נישט קיין ענט־פער אויף אַלע קשיהס. אַז דער גמרא קען אָנשטיין בײַ אַ נישט־פאַרענטפער־טער פראַגע דער באַקאַנטער תיק"ו, מעג מיר, מאָטל קופערשלאַק — אויך אָנ־שטיין...

**
*

בלימעס יינגערער זון, יענקל, איז נעבעך אַ קרומער אויף אַ פוס, גייט מיט אַ קוליע און בלימע האָט אים זייער ליב, ווײַל ער איז אַ גוטער און אַ קלוגער. יענקל איז אַ בעל־מלאכה, אַ שנײַדער, און אַרבעט בײַ יאָסל „גאָט", איינער פון די צוויי ברידער רײַבמאַן, וואָס זײַנען די בעסטע און רײַכסטע „דאַמסקע" שנײַ־דערס אין שאַרגאָראָד (ישראל און יאָסל, וואָס יעדן פון זיי רופט מען „גאָט")... איר זעט, אַבי איר האָט געמיינט אַז בלויז די „דרעווניע" (אוראַלטע) גריכן זײַנען געווען די איינציקע, וואָס האָבן זיך געקענט פאַרגינען צו האָבן אַ באַזונדערן גאָט פאַר יעדער זאַך: אַ גאָט פון פײַער, פון וואַסער, פון רעגן, פון ווינט, פון דונערן און בליצן און „טאַמו פּאָדאָבנאָיע" (ווי אונדזער טביהלע זאָגט...). בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד האָבן מיר דאָס באַוויזן אַ קאָפּעטשקע בעסער. ביי זײַ זײַנען די געטער געווען פון האָלץ און שטיין; בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד, זײַנען די געטער לעבעדי־קע מענטשן, און זײַנען די געטער פון שנײַדערײַ און פון אַלע פּריצישע ווײַבער... צו אונדזערע געטער דאַרף מען זיך נישט בוקן און תפילות זאָגן אויך נישט, נאָר אונטערגאַרטלען זיך צו באַצאָלן די מקחים פאַר זייער שנײַדערײַ — דאַרף מען יאָ...

* טרינקגעלט.

איז יאָ, בײַ איינעם פון זיי האָט אונדזער יענקל בלימעס געאַרבעט ביז — — — לייבעלע קרישטאַל איז אַוועק קיין אָדעס שטודירן. נאָך איידער דאָס פּאָרן שטודירן, איז בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד געוואָרן אַ מאָדע און שפּעטער — אַן עפּידעמיע... ר׳ ברוך קרישטאַל ע״ה, אַליין (לייבעלעס טאַטע), איז געווען אַ זעלטענער ייִד; געלעבט אַ קאַליראפּול גײַסטיק לעבן. און אַז גאָט וועט מיר געבן יאָרן, האָף איך נאָך צו שרײַבן באַריכות וועגן אים, ווי ער האָט עס זיכער פאַרדינט. יענקל בלימעס, אָדער שנײַדער, ווי זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען, האָט געוווינט בשכנות מיט ר׳ ברוך קרישטאַל; געווען עלטער פון לייבעלען מיט אַ פּאָר יאָר. יענקל איז געווען אַ יתום, אַ קאַליקע און אַ וווילער ייִנגל. האָט זיך ר׳ ברוך קרישטאַל מיט אים אינטערעסירט און מקרב געווען, מיטגענומען אים שבת און יום־טוב אין שולכל אַרײַן, ווו ער, ר׳ ברוך, איז געווען דער שליח־ציבור און דער בעל־קורא. אַגב איז ר׳ ברוך געווען איינער פון די צוויי בעסטע לייענערס אין דער תורה אין שאַרגאָראָד. דער ערשטער איז געווען יאָסל־חיים ריוועלעס. אַנדערע האָבן אַפילו ר׳ ברוכן געהאַלטן פאַר דעם בעסערן. ר׳ ברוך וואָלט געקאָנט לייענען אין אַ גרעסערן מקום־קדוש און קריגן גוט באַצאָלט. ער האָט אָבער פאַרגעצויגן צו באַדינען גײַסטיק זײַנע פרײַנד, די בעלי־מלאכות פון שולעכל, אָן איין פּרוטה, כאָטש די פּאָר עקסטרע רובל וואָלטן אים צונוץ געקומען. ווײַל וואָס־וואָס, נאָר קיין גביר איז ער נישט געווען. לייבעלע, זײַענדיק אַ גוטהאַרציק ייִנגל, האָט ער יענקלען אויך מקרב געווען, געלערנט אים לייענען און שרייבן. און ווען לייבעלע איז אַוועק קיין אָדעס, — צי עס איז געווען אַן אָפּמאַך צווישן די צוויי יוגנטלעכע, צי יענקל האָט זיך גלאַט פאַרבענקט נאָך זײַן לערער לייבעלען, — נאָר עס האָט לאַנג נישט געדויערט און יענקל איז אים נאָכגעפאָרן. און ווי יענער אָרעמאַן, וואָס האָט מיטגעבראַכט זײַן איידעם אַלס אורח, ווען אַ גביר האָט אים גענומען אויף שבת „ווײַל ער האָט דעם איידעם צוגעזאָגט קעסט"... האָט יענקל קיין אָדעס, צו לייבעלען, מיטגעבראַכט אַן איידעם אויף קעסט...

* *
*

איז ווער איז געווען דער איידעם אויף קעסט, ווילט איר וויסן? זײַט איר אַוודאי באַרעכטיקט צו וויסן. נו, זײַט וויסן אַז דער איידעם אויף קעסט איז געווען שעפּסעלע. איצט דערקען איך אין אײַך, אַז איר האָט נאָך אַ פראַגע: ווער איז דאָס דער שעפּסעלע? עס איז מיט אײַך אַ „פּאָטיעכע"*, ווי איך בין אַ ייִד. אַלץ ווילט איר וויסן... נאָר עס קען גראָד געמאָלט זײַן, אַז עס איז מײַן אייגענע שולד, ווײַל איך כאַפּ זיך אַלע מאָל אַרויס, דאָ מיט אַ וואָרט, דאָרט מיט אַ נאָמען (איך פאַרגעס צו מאָל, וואָס דער שבת בײַ טאָגיקער היילקער פּרק האָט אונדז אָנגע־

---

* טשיקאַווּעסט.

זאָגט וועגן דעם „מרבה דברים"...) און זאָג איך „אַלף", מוז איך שוין בעל־כרחך זאָגן „בית"... הכלל, מיר וועלן אײַך דערציילן, אַז שעפּסעלע איז געווען אַ בחורל וואָס ווי מע האָט אים נישט פּאַרזייט, דאָרטן איז ער אויסגעוואַקסן. אַ ייִנגל אַ ספּריטנער, האָט ער פון קליינוויניז־אָן אי געקענט געבן אי נעמען אַ קלאַפּ, אַ טראַסק, אַ טערעבענץ. און מיט אַ וועלכן נאָמען איר זאָלט זיי דאָרט, די פּעטש, נישט אָנרופן... שעפּסעלע איז געווען אַ יתום, אָן אַ מאַמען, מיט אַ פאַרביטערטן אַלטן טאַטן, אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס, וואָס האָט פון דעסט וועגן געהאַט אַן „אָפענע האַנט"... און עס איז אַ כלל גדול בתורה, אַז פון דער „אָפענער האַנט" בײַ אַ פאַרביטערטן ייִד איז נישט ווײַט־ווײַט צו אַן אָפענעם קאָפּ בײַ אַ פאַרזינדיקטן ייִנגל, בפרט ווען דאָס ייִנגל האָט נישט קיין מאַמען וואָס זאָל זיך פאַר אים אײַנשטעלן. פלעגט טאַקע דער שעפּסעלע תמיד אַרומגיין אַ צעקײַלטער און צעבײַלטער. ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן און הענט וואָס בײַסן זיך, האָט עס געהאַלטן פאַר אַ מצווה דעם יתום צו שלאָגן. און דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז שעפּסעלע, פון זײַן זײַט, פלעגט אויסלאָזן זײַן כעס אויף וועמען נאָר ער האָט געקענט... אויב דער שלעגער איז געווען עלטער און שטאַרקער פון אים, האָט ער געפירט חשבון און האָט אָנגעהרגעט זײַנס אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל. מיט איין וואָרט: אין דער מלחמה וואָס שאַרגאָראָד האָט געפירט קעגן שעפּסעלען, און ער, קעגן זײַנע שלעגערס, איז קיין פאַרפאַלענער קלאַפּ נישט געווען... אָבער ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה, האָט אים זײַן טאַטע אַוועקגעגעבן צו אַ שנײַדער אויף דער לערע... אָנגעזאָגט דעם שנײַדער, ער זאָל שעפּסעלען מאַכן „פאַר אַ לײַט". צי דער שנײַדער וואָלט טאַקע געמאַכט דאָס ייִנגל פאַר אַ לײַט, ווייס איך נישט, נאָר אַז ער האָט אים שיעור נישט געמאַכט פאַר אַ קאַליקע — דאָס ווייס איך אויף זיכער. אַ גליק איז געווען, וואָס יענקל בלימעס איז געווען דערבײַ און אים אָפּגעראַטעוועט פון דעם שנײַדערס אָפענע הענט... יענקל האָט זיך מיט דעם שעפּסלען געביאַנטשעט, ביז ער האָט באַשלאָסן צו פאַרן צו לייבעלען קיין אָדעס. נאָר ווען עס איז געקומען צום געזעגענען זיך, האָט יענקל באַמערקט, אַז בײַ שעפּסלען רינען טרערן פון די אויגן, אַזוי ווי באַב... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס יענקל, אָדער ווער עס איז אַנדערש, האָט ווען עס איז געזען שעפּסעלען וויינען. נישט דער רבי אין חדר, נישט דער טאַטע אין דער היים און נישט אַפילו דער שנײַדער, וועלכעו איז על־כל־פּנים געווען דער ערגסטער רוצח — האָבן ווען עס איז געהאַט די געלעגנהייט צו זען דאָס ייִנגל וויינען... דעם גוטן יענקלען האָבן די טרערן פאַרקלעמט בײַם האַרצן און ער האָט אים מיטגענומען קיין אָדעס. וואָס טויג אײַך גרויס, לייבעלע קרישטאַל האָט אין אָדעס געהאַט גאַנצע צוויי תלמידים. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער יתום האָט אַ גוטן קאָפּ און ער האָט די תורה פאַרנומען גרינג. עס איז געווען אין יענער גליקלעכער צײַט, ווען איבער אָדעס האָט זיך געשפּרייט דער אײַנפלוס פון די סאַמע גרעסטע פירנדיקע ייִדן פון יענעם לעגענ־

דאָרן דור, וואָס האָט אין אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט אויסגעפורעמט דאָס גײַסטיקע פּנים פון ייִדישן פאָלק אין רוסלאַנד. איך האָב דאָ אין זינען יענע ייִדן, וואָס מע האָט גערופן „חכמי אָדעס״. די השכלה איז געוואָרן אויס „הימלשע טאָכ־טער״, אַלגעמיינע בילדונג איז מער נישט געווען פרעמד און נישט קיין שטער צו דער ייִדישער. איינע האָט די אַנדערע דערגאַנצט. דער נאַציאָנאַלער געדאַנק האָט זיך אײַנגעבירגערט. אַפילו רעוואָלוציע און סאָציאַליזם זײַנען כמעט מער נישט געווען קיין סינאָנימען פון און קיין פאַרבאַדינג פאַר אַסימילאַציע. אַ סך האָבן גע־פונען דעם סינטעז פון רעוואָלוציע און סאָציאַליזם מיט נאַציאָנאַלע שטרעמונגען... שוין אָפּגערעדט פון ציוניזם, באַזונדערס אין זײַן אַרבעטער־סעקטאָר, וועלכער האָט אָנגעהויבן אָנערקענען, אַז דער באַגריף „בכל לשון שאתה שומע״ איז נישט קיין טויטער. נאָר בײַ אַ צעזייט און צעשפּרייט פאָלק, וואָס זײַן מאַיאָריטעט וועט דאַרפן לעבן און ווירקן אין די תפוצות (כאָטש אין יענער צײַט האָט נאָך דער טערמין נישט עקסיסטירט) וועט מוזן בלײַבן די נויטווענדיקייט צו לעבן אין צוויי שפּראַכן, מיט אַ צוגאָב פון העברעיִש אַלס אַ צד השווה. אוודאי זײַנען געווען אַזעלכע „ענטוועדער־אָדערניקעס״, וואָס האָבן פון די דעכער נאָך געשריגן „עב־רית או רוסית״, נאָר ווער האָט זיי געהערט? מע האָט טאָקע געלערנט העברעיִש און רוסיש, נאָר געלעבט און געקעמפט פאַרן לעבן האָט מען אויף ייִדיש. ייִדיש האָט אויפגעהערט באַטראַכט צו ווערן ווי אַ שפחה. אונדזער לייבעלע אַליין האָט זיך מער און מער, טיפער און טיפער מתייחד געווען מיט אָט דעם שטראָמיקן לעבן און אויסגעטיילט פון זיך גענוג תורה אויך פאַר זײַנע צוויי גײַסטיקע „ווי־כאָוואַנקעס״ — יענקל און שעפּסעלע. אָט אין יענער צײַט אין אָדעס האָט זיך יענקל באַקענט מיט פאַוּוליקן, אַ יונגן קריסט, וועלכער האָט אין שאַרגאָראָד גע־האַט אַ ווײַב אַ קראַסאַוויצע און אַ כאַטקע בײַם טײַך אויף יענער זײַט מאָנאַסטיר, נאָר אַליין האָט ער געאַרבעט בײַ אַ שנײַדער אין אָדעס. פאַוּוליק האָט נישט גע־קענט נישט לייענען און נישט שרײַבן. זײַנע ייִדישע חברים האָבן אים באַקענט מיט לייבעלען, און יענער האָט אויך פאַוּוליקן אָנגעהויבן לערנען. דער פאַוּוליק איז אויך געווען אַ גוטער תלמיד, און ווען די ייִדישע „טראָיקע״ — דער רבי מיט זײַנע צוויי תלמידים — האָבן זיך אין אַ צײַט אַרום אומגעקערט קיין שאַרגאָראָד, איז שוין פאַוּוליק, וואָס איז נאָך דעמאָלט געבליבן אין אָדעס — געווען אַ טרײַער לייענער פון דער בעסערער ליטעראַטור אויף רוסיש; אַ לייענער און פאַרשפּריי־טער פון רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור און אַ גרויסער אוהב־ישראל.

***

געקומען זײַנען די דרײַ קיין שאַרגאָראָד באַלאָדענע מיט ייִדישע ביכער און בראָשורן, וואָס האָט אין יענער צײַט — מיר דאַכט זיך — אַרויסגעגעבן שלום עליכם אין זײַן פאַרלאַג „פאָלקס־ביבליאָטעק״, סײַ זײַנע אייגענע, סײַ אויך איי־

צלנע דערציילונגען פון אַנדערע שרײַבערס, אין דער פאָרעם פון בראָשורקעס, פאַר אַ צוגענגלעכן פּרײַז, כ׳גלייב — פינף און צען קאָפּיקעס. עס האָט זיך אין שאַרגאָראָד אָנגעהויבן אַ סדרה פון לייענען ביכער און ביכלעך פון דער בעסע־רער יידישער ליטעראַטור. ביכער און בראָשורקעס זײַנען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט; מער נאָך ווי דאָס — עס איז געוואָרן אַן אמתע עפּידעמיע פון לייענען בציבור. און כאָטש די ביכער אַליין זײַנען געווען לעגאַלע, זײַנען אָבער די פאַר־זאַמלונגען און דאָס פאָרלייענען בציבור געווען נישט־לעגאַל „קראַמאָלע״. פון דעסט וועגן האָט מען געלייענט צוזאַמען אי מיט הנאה, אי מיט אַ ביסל מורא... די מורא איז נישט געווען אַזוי, אַז דער אוריאַדניק אָדער פּריסטאַוו וועלן פון זיך אַליין זיך דערוויסן, אַז מע פאַרזאַמלט זיך, נאָר אַז די איינציקע מסורטע אין שטאָט זאָל נישט „דאָנאָזשען״ ווו מע דאַרף... און טראָץ דעם וואָס מע האָט נישט געהאַט הינטער זיך קיין פּאַרטיי אָדער אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, איז די זעלבסט־דיסציפּלין געווען אַזוי גרויס, אַז ס׳האָט קיין מאָל נישט געטראָפן מער קיין איבערפאַל אויף פאַרזאַמלונגען, ווי עס האָט איין מאָל געטראָפן בײַ דער יובילײ־פײַערונג פון זיידע מענדעלען בײַ שמעון־דוד בלאָושטיין. און אַפילו דאָרטן, אויב איר געדענקט, האָט מען קיינעם נישט געכאַפּט...

**
*

נישט לאַנג האָט יענע ראָמאַנטישע צײַט אָנגעהאַלטן פאַר דער „טראַיקע״ — דעם לערער קרישטאַל און זײַנע צוויי תלמידים. לייבעלע איז אַוועק קיין אַמערי־קע. שפּעטער איז אויך שעפּסעלע אַוועק. אין שאַרגאָראָד איז געבליבן יענקל איי־נער אַליין פון דער „טראַיקע״, מיט אַ גרויסער בענקשאַפט נאָך לייבעלען. אפשר האָט ער אויך געחלומט פון אַמעריקע. עס האָט אָבער אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה מיט אַלע צרות, וואָס זי האָט געבראַכט. און איך קען זיך בלויז דע־רינערן, אַז נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע האָט יענקל אויפגעלויכטן, און ווי יע־דער איינער אין יענע גליקלעכע עטלעכע חדשים, פלעג איך אים זען אין די פּראָ־פעסיאָנעלע־פאַראיין־קרײַזן, ווו ער פלעגט פירן ליטעראַרישע דיסקוסיעס. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ זייער גוטער דעבאַטאַנט, מיט אַ געזונטן חוש פאַר אַלץ וואָס איז עטיש און עסטעטיש אין דער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור. ער איז נישט געווען קיין דאָגמאַטיקער, האָט ער זיך נישט באַהעפט מיט קיין שום פּאַרטיי... אין הײַנטיקן לשון וואָלטן מיר אים מן־הסתם באַצייכנט אַלס נישט־פּאַרטייִשן סאָציאַליסט.

**
*

אין פאַרבינדונג מיט לייבעלע קרישטאַלס ראָלע אַלס לערער, האָב איך פריִער דערמאָנט פּאַוּוליקן, דעם יונגן קריסט, לייבעלעס תלמיד, און יענקלס און שעפּ־

סעלעס פרײַנד. פּאַווליק איז מאָביליזירט געוואָרן ווי אַ סאָלדאַט אין דער מלחמה; געווען אויפן פראָנט, ביז דער פראָנט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שלאַכטפעלד פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען פאַר מאַכט... ער איז נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם שאָוויניסטישן פּאָגראָם־נאַציאָנאַליזם. אויך אין דער צײַט פון דער רעוואָלוציע איז פּאַווליק געווען אין אָדעס, געהאַפט, אַז פון איר וועט קומען די ישועה פאַרן אַרבעטער־קלאַס, נאָר ווען די מאַכטן האָבן זיך אָנגעהויבן בײַטן אָפּט און אָפּטער, איז ער געקומען אַהיים אין זײַן דערפל. זײַן פרײַנדשאַפט צו יענקלען און פון לעצטן צו אים, איז געווען אַן אויפריכטיקע. (דורך דער גאַנצער צײַט פון זײַן אָפּוועזנקייט, פלעגט יענקל זיך שלעפּן מיט זײַן קוליע אין דערפל אַרײַן צו פּאַווליקס ווײַבל און איר ברענגען אַלץ, וואָס מע האָט נאָך אין שאַרגאָראָד אין יענע מאָגערע יאָרן געקענט קריגן כדי זי זאָל נישט שטאַרבן פון הונגער...). פּאַווליק איז אַהיימגעקומען פּונקט אין דער צײַט ווען די פּעטליורישע אַרמיי איז געוואָרן אַ פּאָגראָם־אַרמיי. פּאַווליק איז געקומען אַהיים אַ מידער, אויסגעמאַטערטער פון די עטלעכע יאָר מלחמה און אַ ביטער אַנטוישטער. אָבער אַ מענטש וואָס האָט פיל געלערנט, סײַ פון ביכער, סײַ פון ביטערער דערפאַרונג. געדענק איך וואָס יענקל האָט מיר דערציילט (איך בין דעמאָלט נישט געווען אין שאַרגאָראָד) וועגן איינעם אַ טאָג, ווען איבער שאַרגאָראָד האָט געהאַנגען די געפאַר פון אַ פּאָגראָם. פּאַווליק האָט מאָביליזירט אַ גרופּע פּויערים מיט שיפלעך און זיי האָבן אויף די שיפלעך אַזוי שטיל ווי דאָס איז מעגלעך געווען, אַריבערגעפירט איבערן טײַך צענדליקער ייִדן צו זיך אין דערפל, זיך מיט זעלטענער געטרײַשאַפט מתעסק געווען מיט זיי, פאַרזאָרגט זיי מיט עסן און מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ ביז דער שטורעם איז אַריבער. לייבעלעס לערע איז נישט געגאַנגען אין ניוועץ...

**
*

אַ טשיקאַווע זאַך איז כדאי צו דערציילן. דער שרײַבער פון די דער־ינערונגען האָט אַ שוואַכקייט צו אַלטע ספרים און ביכער. מע רופט אים אין דער משפּחה „שמות־זאַמלער" און ער איז זיך מודה, אַז ער טראָגט דעם צונאָמען מיט שטאָלץ, דאַרף זיך מאַכן, אַז צו מיר אין די הענט אַרײַן פאַלט אַרײַן אַ גאַנצער אוצר מיט ביכער וואָס האָבן געהערט צו מײַן שוועסטער סאָפיע ע"ה, און צוזאַמען מיט רוסישע און ייִדישע ביכער פון פּושקין, לערמאָנטאָוו און פון אַברהם רייזין (אַלטע אויסגאַבע), וואָס זײַנען שוין הײַנט יקר המציאותן, געדרוקטע אויף ווונדערלעך פּאַפּיר אין גוטן אײַנבינד, צוזאַמען מיט לידער־ביכער פון דער אַמאָליקער פּלע־יאַדע דיכטערס אין אַמעריקע, וואָס זײַנען געגאַנגען אונטער דעם נאָמען „יונגע", געפין איך אַן אַלט ביכל פון 1908, געדרוקט אין וואַרשע. דער טיטול אויפן שער־בלאַט לייענט זיך אַזוי:

מרדכי קופער

## ליטעראַטור וויסנשאַפט

לעהרבוך פאַר די ידישע און
אַלגעמיינע ליטעראַטור־טעאָריע
מיט אַ גרויסע זאַמלונג מוסטערן
פון די בעסטע ידישע פּאָעטן און
פּראָזאַאיקער. אין צוויי טיילן
פאַרפאַסט און געזאַמלט פון

## א. ב. ראָזענשטיין

רעדאַגירט דורך מ. קרינסקי
וואַרשע, ת׳ר׳ס׳ח׳ 1908

(איך גיב דאָס אין דער אָריגינעלער אָרטאָגראַפיע — מ. ק.).

אויף דעם ביכל איז מיט יענקל בלימעס האַנט אויפגעשריבן אויף רוסיש, וואָס אין ידיש באַדייט עס:

פון יענקל שנײַדערס ביכער.
שאַרגאָראָד 1910 (אידיש).

**
*

מיר׳ן פאַרבײַגיין מירקעס שנײַדער־„מאַסטערסקאַיאַ“. די מיידלעך זינגען אַפילו איצט זייער שיין, נאָר מיר קענען זיך בײַ די אַלע הײַזער נישט אָפּשטעלן. און לאָמיר זיך אַ יאָג־טאָן פאַרבײַ דער צוויי־שטאָקיקער געבײַדע פון זיסל שנײַדער. מיט דער זיסלקעס געזײַערטע מאכלים זײַט איר שוין באַקאַנט. און אויפן גאַניק, אויפן צווייטן שטאָק, זיצט נעבעך דאָס מיידל, וואָס איר מאַמע איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן פון „טשאַכאָטקע“; אויך זי האָט די זעלביקע מחלה און הוסט־אויס איר לעצט ביסל לעבן. די דאָקטוירים גיבן אויף איר קיין שום האָפענונגען נישט; זי איז אַ פאַרמשפּטע... איר טאַטע איז געקומען אַזש פון דער ווײַטער אַמעריקע, געוואָלט זי נעמען אַהין; זאָגט דער גוטער דאָקטער מאַנאַסטירסקי, אַז ער זאָל זי נישט דערוועגן צו רירן — זי וועט קיין אַמעריקע נישט דערפאָרן... זיצט ער, נעבעך, דער טאַטע אַ הילפלאָזער, וויל טאָן עפּעס פאַר איר אויף צו מאַכן אירע לעצטע טעג גרינגער, נאָר זי דאַרף גאָר נישט, גאָר נישט... פאָלגט מיך, קוקט נישט אַרויף! זי ווייסט, אַז יעדער „באַזשאַלקעוועט“ זי. נאָר זי האָט אַלעמען פײַנט, פײַנט. אַלע, אַלע וועלן בלײַבן דאָ און אויף איר וואַרט אַ פינצטערער קבר, נעבן איר טויטער מאַמען... או־ו־ו־ך! אַ דראָזש גייט־איבער איבערן לײַב. קומט, לאָמיר אַוועק פון דאַנען... און לאָמיר אויך אַוועק פון פריידעלען און

בעניען.ביידע — מאַמע און זון — זײַנען משוגע. זי, פריידע, קלײַבט אויך פּאַ־פּירלעך אויף דער ערד, ווו נאָר ערגעץ אַ פּאַפּירל; דאָס שיקן איר די אָבות־ בריוו פון גן־עדן... בעניע זאָגט אויף איר, אַז זי טראַכט־אויס; „זי איז, נישט פאַר מיר געדאַכט, משוגע!" — זאָגט ער און ווײַזט מיט אַ פינגער אויף זײַן קאָפּ... אַז מע פרעגט אים, פאַר וואָס ער מיינט אַז זי איז משוגע, ענטפערט ער, אַז „בריוו — ווי ווײַט ער ווייסט, — דאַרפן האָבן אויף זיי מאַרקעס; קומען בלויז דורכן פּאָסט, און מאָטל ליפעס ברענגט זיי"... איז ער, דאַכט זיך, געזעכט. דערפאַר אָבער, זאָגט ער, בעניעלע, אַז דער לינת־הצדק, דאָס קלײַזל, ווי מע רופט עס, איז זײַנס; ער האָט אויף דעם אַ „קופּטשע"* באַהאַלטן אין קוימען... און ווי זאָגט איר — „וואָט טיעבע נאַ!"...** און אָט דאָרטן שטייט נפתלי מלמד, דער וואָס פלעגט ייִנגלעך שלאָגן מיט דער יאַרמעלקע, און האָט אויסגעגעבן זײַן טאָכטער ציסיע. איר געדענקט מן־הסתם די גרויסאַרטיקע חתונה, אויף וועלכער מענדל־הערש ע״ה האָט געשפּילט אָן אַ קאַפּיקע געלט, מיט אַ גרויסן קינסטלערישן אָרקעסטער... נפתלי האָט זיך שוין צוריקגעצויגן, אָדער אפשר האָט מען אים צוריקגעצויגן פון מלמדות, מחמת עלטער און אַ שלעכטער ראיה; שטייט ער בײַ דער טיר אין שיינע טעג און וואַרעמט זיך אויף דער זון...

## ברוך דעם שמשס — אַ ייִנגל מיט פאַנטאַזיע...

אין דעם קליינעם מקום־קדוש, וואָס שטאָט רופט „לינת־הצדק" (וועגן אָפּ־שטאַם פון נאָמען האָבן מיר שוין גערעדט מיט אײַך), דאַוונען בלויז און נאָר באַ־וווינערס פון דער גאַרבער־גאַס, פשוטע, נאָר אָרנטלעכע ייִדן, וואָס פירן נישט קיין גרויס־פּאָליטיק אַרום זייער קלײַזל. דאָ קויפט מען נישט קיין גבאות (ווײַל עמעצן — ווי עס פירט זיך בײַ לײַטן — קיצלען און קוועטשן תרפ״ט אלפים און בעטן זיך, מע זאָל פאַר זיי קויפן אַ ביסל כבוד...); דאָ זײַנען נישטאָ — נישט קיין פאַרקויפערס און נישט קיין קויפערס פון כבוד; דאָ גיט מען אָפּ אמתן נישט־גע־קינצלטן כבוד אַ ייִד אַ בעל־תורה, אָדער אַפילו אַ פּראָסטן ייִד, וואָס צייכנט זיך אויס מיט מעשים־טובים. דאָ, מן הצד פון גרויסן קאָך פון שול־גאַס, ווו ייִדן קהלן זיך, ווערן זיך דם־שונאים איבער די קלענסטע קלייניקייטן און נאַרישסטע נאַ־רישקייטן... דאָ, אין דער אַטמאָספער פון יגיעת־כפּים און דרך־ארץ פאַר אָרנטלע־כער אַרבעט, ווו מענטשן לעבן זיך אין פרײַנדשאַפט פון איינעם צום אַנדערן, דאָ וווינט גאָט... דאָ דאַוונט מען אַנדערש. דאָ הערט מען זיך צו צו אַ מגיד אַנ־דערש. דאָ האָט משה־כאַצקל דער מלמד זײַנע געטרײַ צוהערערס, ווען ער לערנט

---

* שטר־מכירה. — ** אָט האָסטו דיר.

פאַר זיי בין מנחה למעריב עין־יעקב, אָדער אַנדערע אַזעלכע גרינגערע לימודים, וואָס האָבן אַלע מאָל אי אַ שיינע מעשה, אי אַ מוסר־השכל. דאָ ווערט פון לעגענדע — דער סאַמע תמצית פון געטלעכן רעאַליזם... דאָ איז אַפילו דער רבונו־של־עולם אַליין אין גאַנצן אַן אַנדערער, — נישט קיין בייזער; נישט קיין גאָט פון נקמה, נאָר אַן אל חנון ורחום... משה־כאַצקל פאַרטרעט דאָ אַלץ: דעם רב, דעם חזן, דעם בעל־קורא, און אויב איר ווילט — אַפילו דעם רבין... און איר ט'געדאַרפט זען דעם כבוד, וואָס די ייִדן פרן „לינת־הצדק" גיבן־אָפּ זייער משה־כאַצקלען; זיי טראָגן אים ממש אויף די הענט...

דאָ, אין „לינת־הצדק", איז קיווע — אַן אַלטער ייִד מיט קאַליע אויגן — שמש. ער ווינט טאַקע אין שטיבל וואָס געפינט זיך אונטער איין דאַך מיטן קלויזל... דאָ האָט קיווע דערצויגן און חתונה־געמאַכט קינדער. כאָטש, ווי אַזוי אַ משפחה פון פינף אָדער זעקס נפשות האָט זיך דאָ געקענט פּאַמיעסטשען, — אָסור צי איך ווייס. נאָר אַז מע וויל באַטראַכטן די זעלבע זאַך אויף צוריק, איז ביי אונדז ייִדן פאַראַן אַ תירוץ אויף דעם. מע דערציילט וועגן מנחם־מענדל אוסישקין, דאַכט זיך, אַז ווען אַ „בונדאָוועץ" האָט אים אַמאָל אין אַ דעבאַטע געפרעגט, ווי אַזוי אַ קליין לענדל ווי ארץ־ישראל וועט באַווייזן אַריינצונעמען, קיין עין־הרע נישט, אַזוי פיל מיליאָנען ייִדן? האָט ער געענטפערט, אַז די חכמים האָבן דאָס אויך באַוואָרנט. עס שטייט — האָט ער געזאָגט — בפירוש געשריבן: „עתידה ארץ־ישראל להת־פשט..." — אין אונדזער ייִדיש הייסט עס: די צוקונפט פון ארץ־ישראל איז זיך אויסצוציִען, אויסצושפּרייטן... ווייזט־אויס, אַז קיוועס איינציקער צימער פלעגט זיך אויך אויסציִען און אויסשפּרייטן, און האָט זיינע בני־בית געגעבן לעבנס־רוים... אָט זעט איר דאָך — די טעכטער האָבן חתונה געהאַט און אַפילו געפאָרן קיין אַמעריקע; און איצט קריגט די קיוועכע פון זיי זייער גוטע בריוו פון פּאַריז, און אין יעדן בריוו לייגן די טעכטער אַריין פראַנקן, איינס אָדער צוויי, וואָס אין פּאָטשט ביים מען עס איר אויס אויף זילבערנע האַרטע קערבלעך... זייענדיק אַ ייִנגל, וואָס האָט אַלץ און אַלעמען אויפן קאָפּ, האָב איך זיך נישט געפוילט און געפרעגט ביי אַ פּאָר מענטשן, פאַרוואָס, די פראַנצייזישע פראַנקן זיינע אַזוי וואָלוול, אַז מע קריגט פאַר זיי בלויז אַ האַלבן קערבל? איך האָב אַ פאַרדאַכט, אַז זיי האָבן אַליין אויך נישט געוווסט און האָבן מיר נישט געגעבן קיין צופרידנ־שטעלנדיקן ענטפער. אָט האָט מיר יודל קערצמאַן, למשל, דערציילט עפּעס אַ מעשה, אַז זינט זיי האָבן זיך אַזוי מיאוס באַגאַנגען (די פראַנצויזן) מיטן ייִדישן קאַפּיטאַן דרייפוס, איז זייער געלט געפאַלן... ווי געפעלט אייך אַזאַ ענטפער, מה ענין שמיטה אצל הר סיני?... וואָס געהערט זיך אַן אַ פּאַטש צו אַ גוט־שבת?... און אַז זיי האָבן געמאַכט דעם ייִדישן קאַפּיטאַן פאַר אויס, גייען דערפאַר די גענדז באָרוועס? דער יודל האָט מיך אפשר געוואָלט „נעמען אויף זיכער". איז מיר איינ־געפאַלן אַ פרעג צו טאָן איציע רוזמאַן — פאָרט אַ קלוגער ייִד... כ'ווייס נישט,

צי האָט ער דעם טאָג געהאַט אַן איבערלויף, צי אפשר אַ שווערן צאָן בײַ אַ שטאַרקן פֿויער אַרויסצורײַסן, בײַ אַזוינעם וואָס שלאָגט זיך, צי וואָס... נאָר ער איז געווען גוט אין כעס, איציע, און האָט מיך אויף גיך אָפּגעפֿטרט מיט בלויז עטלעכע ווערטער, בזה הלשון: „דער ענטפֿער, מאָטל, ליגט אין די צוויי ווערטער «פּאָניע חזיר»“... און צוגעגעבן: „חזיר הײַ־יאָר איז מיט גאָלד צו גלײַך, ס'איז אויף דעם איצט אַ יקרות“... טפֿו זאָל דאָס ווערן! די גרויסע זײַנען דיר הײַנט פֿול מיט קאַפּריזן... אַ חוצפּה פֿון אַ ייִדן! ווילסט נישט זאָגן — זאָג אַז דו ווילסט נישט זאָגן און „האָדיע“... נאָר נעמען אַ ייִנגל און אָפּלאַכן פֿון אים, מאַכן חוזק, דאָס איז פֿון די זאַכן וואָס איך האָב נישט ליב... מיך, אַז מע פֿרעגט אַ פֿראַגע, ווײַל עפּעס וואָס איז נישט קלאָר, ענטפֿער איך. שאַט! אָט דערקען איך אין אײַך, אַז איר ווילט מיך פֿרעגן, צי איך אַליין מאַך זאַכן פֿאַרשטענדלעכער ווי די דערוואַקסענע. אָט האָב איך אײַך אַליין אָקאָרשט דערציילט, אַז קיווע דעם שמשס טעכטער זײַנען אַוועק קיין אַמעריקע, און אָט דערצייל איך אײַך, אַז זיי שיקן בריוו און פֿראַנקן פֿון פֿראַנקרײַך, פֿון פּאַריז... ווי גראַמט זיך דאָס, ווילט איר וויסן? זײַט איר אַוודאַי גערעכט. און גלייבט מיר, אַז מע לערנט בײַ באָריס קלאָרפֿעלד געאָגראַפֿיע, ווייסט מען ווו אַמעריקע שטייט און ווו פֿראַנקרײַך געפֿינט זיך. מע ווייסט אַז פּאַריז איז נישט אין אַמעריקע, נאָר וואָס זשע דען זשע? אַז מע פֿאָרט קיין אַמעריקע און מע האָט נישט גענוג אויף אַ שיפֿקאַרטע, מוז מען זיך אַ מאָל אָפּשטעלן אין פּאַריז. קיווע'ס טעכטער האָט נישט געסטײַעט אויף הוצאות קיין אַמעריקע, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַריז. און אַזוי ווי גוטע שנײַדערס זײַנען זיי — קיווע'ס אײדעמס — און באַשר די נאָדל איז די זעלביקע אומעטום אויף גאָטס וועלט, האָבן זיי זיך דאָרטן שיין אײַנגעאָרדנט און מע זאָגט, אַז זיי לעבן זיך ווי גאָט אין פּאַריז. איך ווייס נישט אַקוראַט ווי גאָט לעבט זיך אין פּאַריז; איך שטעל זיך פֿאָר, אַז נישקשה, כאָטש קיין בריוו פֿון אים, פֿון גאָט, מיין איך, קומען נישט אָן קיין שאַרגאָראָד: קומען נישט אָן, נישט מיט, נישט אָן פֿראַנקן... און נאָר „ער אַליין ״ווייסט דעם אמת, אַז אין שאַרגאָראָד וואָלט ער צווישן זײַנע געטרײַסטע מאמינים געקאָנט געפֿינען גענוג אַזעלכע, וועמען די פֿראַנקן וואָלטן זייער שיין צונוץ געקומען... (נאָר נישט דאָס בין איך אויסן). יאָ, איז ווו האַלטן מיר? — בײַ קיווע'ס טעכטער, וועלכע שיקן בריוו מיט פֿראַנקן פֿון פּאַריז. זיי זײַנען שוין אַפֿילו עטלעכע מאָל געקומען צו גאַסט צו טאַטע־מאַמען. בײַ זיי רופֿט מען עס „אויף וואַקאַציע“. איין מאָל — איין טאָכטער, איין מאָל — אַ צווייטע מיט פּאַרפּוצטע קינדערלעך, מיידעלעך מיט שייניקע פּאַלטקעלעך, מיט לאַקירטע שיכעלעך אויף קנעפּלעך, מיט געפּרעסטע קעלנערלעך אַרום די ווײַסע העלדזלעך און מיט אַלערליי סטענגעס אויף די קעפּלעך. אָט אַזוי אין מיטן דער וואָך, אָט אַזוי ווי אַ יעדער טאָג זאָל זײַן שבת... און ייִנגלעך מיט מאַטראָזקע גאַרניטערלעך פֿון בלויען שעוויאָט און ווײַסע ים־היטעלעך מיט בלויע לענטעס. פֿון דעם אַליין קען

זײַן קלאָר, אַז עס לעבט זיך זיי דאָרטן נישט שלעכט... אָבער דער עיקר איז, וואָס מיר ווינגלעך, ווערן געוווּיר פון קיוועס ייִנגל ברוך, וואָס איז נישט קאַרג אויפן וואָרט, — ווענן אַט דעם פּאַריז. און, וואָס אַט דער ברוך דערציילט זיך אָן פון דעם פּאַריז! אויב איין־צענטל בלויז זאָל זײַן אמת, וואָלט כדאי געווען נישט נאָר צו פאָרן, נאָר אַפילו צו פליִען אַהינצוצו. שטעלט אײַך אָקאָרשט פאָר אַזאַ זאַך, אַז אַלע, אַלע (אַחוץ יענע, וואָס קענען נישט) ריידן דאָרט פראַנצייזיש. די גרעסטע פּריצים בײַ אונדז, אַפילו יענע פון דער סאָסנאָוואָקע, פון דעם צוקער־זאַוואָד זאָגן בלויז אַ פּאָר ווערטער אויף פראַנצייזיש, ווי, למשל, „מאַדעמאַזעל", „מאַדאַם" און „מערסי", אי דאָס טוען זיי שוין אײַך אַ טובה דערמיט. ווײַל פרעגט זיי, די פּליאַ־קעס, ווען זיי אײַך זאָגן, אַז „פּאַניענקאַ", „פּאַניאַ" און „דזיענקויע" איז שענער און קלינגט יאַקבי בעסער... אָבער דאָרטן, אין פּאַריז, — זאָגט ברוך — רעדט קליין און גרויס נאָר פראַנצייזיש... ברוך זאָגט, אַז פון דעם וואָס זײַנע שוועסטערס ריידן מיט די קינדער פראַנצייזיש, האָט ער זיך אויסגעלערנט זייער לשון און רעדט ווי אַ וואַסער. עס איז — זאָגט ער — גרינג, גאָרנישט מיט נישט. פּאָר מענטשן וואָס פּאָנפען, וואָס ריידן אונטער דער נאָז — איז דאָס צום גרינגסטן... אָבער דאָס איז פון די מינדסטע זאַכן, וואָס ברוך דערציילט פון דעם פּאַריז. דאָס עסן וואָס מע עסט דאָרטן, דער ווײַן וואָס מע טרינקט דאָרטן (ער רעדט נישט פון קידוש, רעדט ער נישט; מיט קידוש — זאָגט ברוך— איז דאָס דווקא נישט אַזוי פייגלדיק; נישט אַזוי אײַ־אײַ־אײַ. גיי ווייס וואָס ער מיינט). הײַנט ,דאָס פאַרליבן, וואָס מע פאַרליבט זיך דאָרטן, און דאָס פאַרסמען וואָס מע פאַרסמט זיך אין דעם פּאַריז, טאַקע צוליב די פאַרליבענישן — איז אין־לשער. וואָס טויג אײַך מער, צוליב די פאַרליבענישן — זאָגט ברוך, — וואַרפט מען זיך דאָרטן פון די הויכע עטאַזשן, מע הענגט זיך, מע טרינקט זיך אין אַזאַ גרויסן טײַך, וואָס איז אפשר צען מאָל גרעסער פון אונדזער טײַך מוראַשקע און הייסן הייסט ער „סען", וואָס פון אים אַליין, דעם טײַך, וואָלט מען געקענט מאַכן אַ באַשרײַבונג... ברוך זאָגט, אַז אַ מענטש וואָס פאַרליבט זיך נישט, כאָטש איין מאָל אין לעבן אין אַט דעם פּאַריז, איז גאָר קיין מענטש נישט...

ברוך דערציילט וועגן אַ ריזיקער געבײַדע דאָרטן, וואָס מע רופט „הייפל־טורעם" (איפל־טורעם), וואָס אַהין פאָרט מען אַרויף מיט אַזאַ מאַשין וואָס הייבט אײַך אויף און ברענגט אײַך אויפן דאַך און פון דאָרטן קען מען זען די גאַנצע שטאָט פּאַריז, ווי אויף דער דלאָניע (פלאַך) פון דער האַנט... איז די מעשה זייער אַ שיינע, נאָר אַז איר וועט מיך פרעגן אין דער שטיל, אויג־אויף־אויג, וועל איך אײַך זאָגן, אַז איך צווייפל שטאַרק אין אַט דער מעשה. און ווייסט איר פאַר וואָס ווײַל דער סאַמע נאָמען גראַמט זיך נישט. הערט אַליין נאָך אַ מאָל — „הייפל־טורעם". וואָס אַ הויף איז — ווייסט איר דאָך. דאָס איז אַ גרויס פּריציש הויז. און לויטן פּשט, דאַרף אַ הייפל זײַן אַ קליין פּריציש שטיבל ,לאָמיר זאָגן — אַ

שטיבל פון אַן אָרעמען אָפּגעקומענעם פּריצל, אַ יורד — נישט פאַר קיינעם גע־דאַכט — פון יענע, וואָס איציק רוזמאַן רופט „פּאַניע בעז פּאַנטשאָך", ס׳הייסט, אַ פּריץ אָן זאָקן... און איצט האַלט קאָפּ! אַ טורעם איז אַ גרויסע געבײַדע, ווי יענע וואָס מענטשן האָבן געבויט אין בבל, אַרויפצוכאַפּן זיך אויפן הימל און מאַכן גאָט פאַר אויס קאַפּעליוש־מאַכער.... איצט, אַז איר ווייסט שוין פון דער איפכא מסתב־רה* פון אַ הייפּל ביז אַ טורעם, איז דאָך איינס פון די ביידע: אָדער אַ קליינס — אַ הייפּל, אָדער אַ גרויס, אַ ריזיקס — אַ טורעם. ביידע זאַכן אויף אַמאָל גראַמען זיך נישט, ווי עס גראַמט זיך נישט וואַסער מיט פײַער, ווי עס איז נישט מעגלעך קיין הייסע „מאָראָזשענע", און ווי אַ געוויסע גבירטע אין שאַרגאָראָד פּאָרט זיך נישט מיט געבן אַ ייִד אַ נדבה... נאָר ווייסט איר וואָס איך וועל אײַך זאָגן, — זאָל מיינט איבערגיין... נישט אַלץ וואָס דער ברוך דערציילט, לייגט זיך נישט אויפן שכל. ער דערציילט זאַכן וואָס מע קען און מע מעג גלייבן. און וועט איר אָנהייבן פרעגן „קאַשטאַנעס"**, קענט איר אַלץ אָפּפרעגן... און ס׳רוב מעשהס וואָס ער דערציילט זײַנען אַזעלכע שיינע, אַז עס איז פּשוט אַ שאָד זיי נישט צו הערן. שאַט, זאָגט נאָר, און אַלע מעשהס וואָס איר לייענט אין די מעשה־ביכלעך, זײַנען טאַקע אמת, ויציב, ונכון ... אָט אַ שטייגער, אַז איר זײַט אַ בחורל ווי איך, און שלינגט די דיבינקע ביכעלעך וואָס ווערלוול ברוך יוספס האָט לעצטנס אָנגעהויבן פאַרקויפן פאַר אַ גריווינקע אַ שטיק, וואָס זײַנען געשריבן פון אַן ענגלישן שררה, קאַנאַן דאָיל, וועגן די „פּאַכאָזשדעניעס"*** פון אַ „סישטשיק"**** מיטן נאָמען שערלאָק האָלמס — זײַנען טאַקע אמתע, נישט קיין אויסגעטראַכטע פונעם קאָפּ  פון דעסט וועגן וועט איר נישט גיין שלאָפן, נישט געקוקט אויף אַלע באַפעלן פון טאַטע־מאַ־מע צו „מאַכן נאַכט", ביז איר וועט נישט וויסן צי דער שערלאָק האָלמס, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן צו דער באַנדע גזלנים אין די הענט און וועלכער ליגט אַ געבונדע־נער ביט אַ שמאַטע אין מויל, ער זאָל נישט קענען שרײַען גוואַלד, וועט אַרויס מיט גאַנצע ביינער, צי נישט. (טראַץ דעם וואָס איר זײַט נישט קיין נאַריש ייִנגל און איר פאַרשטייט מיטן שכל אַז ער מוז זיך ראַטעווען, אַז נישט וואָלטן דאָך מער קיין העשהס וועגן אים נישט מעגלעך געווען, שוין פּשוט צוליב  דעם וואָס מיר זאָגן אין הלל: „לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה"... מיט איין וואָרט — אַ מעשה דאַרף נישט זײַן אַזוי אמתדיק, ווי שיין. דאָס איז מיין מיינונג, און איר — ווי איר ווילט).

**
*

נאָר, לאָמיר צוריקגיין צו ברוכן. ברוך, אַז ער דערציילט, קוקט ער נישט אויף אײַך, נאָר אויף דער ערד, אָט אַזוי ווי ער זאָל פון דאָרטן ציִען די מאַטע־

* אַ זאַך וואָס איז זיך סותר. — ** פאַרגרייזט, פון קשיות.

*** אַוואַנטורעס. — **** שפּיאָן.

ריאַלן פאַר זײַנע געשיכטעס. אָט דערציילט ער וועגן די גרויסע מויערן פון פינף, צען און אַפילו פופצן עטאַזשן, ווו עס וווינען אפשר פופציק משפחות אין איין הויז, ווו וואַסער — הייסע און קאַלטע — צאַפּט מען פון דער וואַנט... ווו יעדע וווינונג האָט אַ בית־הכסא פאַר זיך אַליין, און עס שטינקט נישט (מן־הסתם, — זאָגט ער — צוליב די דעליקאַטע עסנס וואָס מע עסט דאָרט). איז מילא, ווילט איר — גלייבט ,ווילט איר נישט — גלייבט נישט. נאָר זעט איר, דאָס וואָס ער זאָגט, אַז איר זאָלט אויסגיין גאַנץ פּאַריז פון איין עק ביזן צווייטן, וועט איר נישט געפינען קיין איין־איינציקע הרובע, ווי בײַ אונדז. דאָס, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, איז אַ גראָבער ליגן ווײַל אין אַ געוויינטלעכע הויז — קאָן מען צולאָזן דעם געדאַנק, — קען מען זיך אפשר באַגיין אָן אַ הרובע, אי דאָס, אויב מע האָט אַ קאַמין. פּאַראַן אַפילו רוסישע לידער וועגן דעם. אָבער ווי קען זײַן אַ בית־מדרש, אָדער אַ הקדש אָן אַ הרובע? ווו וועלן אַלע אָרעמע לײַט, וואָס קומען אין שטאָט, שלאָפן, אויב נישט הינטער דער הרובע?... אָבער די אַלע זאַכן זײַנען קלייניקייטן אַנטקעגן אַזעלכע מעשהס, ווי וועגן וואַגאָנעס וואָס פאָרן אין מיטן גאַס פון זיך אַליין, אָן פערד, און ווי ייִנגלעך טשעפּען זיך אָן פון הינטן, אַזוי ווי אויף אַ באַלעגאָלישער רעשאַטקע, כאַפּן אַרײַן אַן אומזיסטיקן פאָר און האָבן אַפילו קיין מורא נישט, אַז דער פירער (ברוך רופט אים „קאָנדוקטאָר") זאָל דערלאַנגען מיט אַ בײַטש איבערן קאָפּ. די קאָנדוקטאָרס האָבן קיין בײַטשן נישט. וחוץ לזה, אַז דער טראַמוויַ (אַזוי זאָגט ברוך, רופט מען דעם וואַגאָן אָן פערד) דאַרף זיך אָפּשטעלן, צעקלינגט זיך אַ גלאָק, וויסן שוין די ייִנגלעך, אַז מע דאַרף אַראָפּשפּרינגען... הײַנט וואָס זײַנען ווערט ברוכס מעשהס וועגן דעם, אַז אין פּאַריז האָבן ייִדן לחלוטין קיין מורא נישט פאַר אַ „קנעפּל", אָבער טאַקע גאָר קיין פּיצל מורא נישט, נישט פאַר קיין סטראַזשניק, נישט פאַר קיין העכערער נאַטשאַלסטווע, אַפילו נישט פאַר קיין רעוויזאָר, פאַר אַן אַקציזניק. און קיין גויים זײַנען דאָרטן אין גאַנצן נישטאָ, נאָר ייִדן און פּריצים, וואָס ריידן פראַנצייזיש. און מיט פּריצים קען מען אויסקומען. טוט איר דאָך מן־הסתם אַ פרעג: — און וואָס הערט זיך מיטן ייִדישן קאַפּיטאַן דרייפוס, דאַכט זיך, וואָס מע האָט אויף אים אויסגעטראַכט אַ בילבול? ברוך ווערט נישט נתפּעל פון אײַער פראַגע, ער פאַלט בײַ זיך נישט אַראָפּ; ער האָט אויף דעם אַ פאַרטיקן תירוץ, און נישט איינעם, נאָר עטלעכע... ערשטנס, — זאָגט איר דאָך אַליין, אַז עס איז געווען נישט מער ווי אַ בילבול און פון אַ בילבול ברענגט מען נישט קיין ראיה... צווייטנס — האָט מען זיך דאָך געכאַפּט, אַז עס איז געווען אַן אויסטראַכטעניש. מע האָט אים באַפרײַט און גאַנץ פּאַריז איז געשטאַנען אויף די קניִעס און זיך געבעטן בײַ אים מיט טרערן אין די אויגן, אַז ער זאָל זיי מוחל זײַן... דריטנס, — איז דאָס דאָך געווען אין דער באָבע טאָלציעס צײַטן. און פערטנס, — ווען הײַנטיקע צײַטן זאָל חלילה טרעפן אַזאַ זאַך, וואָלט מען די ביל־בול־מאַכערס געקעפּט אויף דער „גיליאָטינע"... יאָ, איר וואָלט דאָך מן־הסתם

וויסן וואָס אַ גילאָטינע איז, איז דער ענטפער, אַ גיליאָטינע איז אַזאַ מין רחמנות־מאַשין, וואָס האַקט־אָפּ דעם קאָפּ בײַ אַ מענטשן אין איין הרף־עין, עס טוט אַפילו נישט וויי... די פראַנצויזן זײַנען מענטשן מיט ווייכע הערצער... אָבער ווי די מעשה זאָל נישט זײַן, — גיליאָטינע איז אַ שיין וואָרט. און ווי געפעלט אײַך אַזאַ וואָרט, ווי „באַסטיליע"? — אויך אַ שיין וואָרט. מיר דאַכט זיך, אַז עס איז אַזאַ יום־טוב, ווײַל עס איז בײַ זיי דאָ אַזאַ וואָרט ווי דער באַסטיליע טאָג. עס איז כמעט ווי דער ייִדישער יום־טוב פּסח —זמן חרותנו — ווי מיר זאָגן דאָס, אַ זכר פון זייער אייגענעם יציאת־מצרים... און בכלל, אַז איר זײַט אַן אָנהענגער פון שיינע ווערטער, האָט זיי ברוך געענוג. איך וועל אײַך דאָ בלויז געבן אַ פּאָר: אָט, למשל, ווי געפעלט אײַך אַזאַ וואָרט ווי „יעליסייער פעלדער" (ברוך זאָגט עס אויף פראַנצייזיש, נאָר איך קען אים נישט נאָכזאָגן; מע דאַרף צו דעם האָבן אַ קאָפּ פון אַ מײַניסטער) און מיינען מיינט עס, שטעלט אײַך פאָר, פעלדער אַזעלכע, וואָס געפינען זיך אין מיטן שטאָט, מיילן און מײַלן פון גרינע פעלדער ,מיט שמעקעוודיקע בלומען, וואָס זײַנען ספּעציעל געמאַכט געוואָרן פאַר מענטשן וואָס גייען שפּאַצירן פון זייער הנאה וועגן. אָט דאָס הייסט — חי געלעבט... ווײַטער דערציילט ער, ברוך, וועגן אַן ערטל, וואָס הייסט מאָנמאַרטער, וואָס געהערט בלויז צו שרײַבערס און מאָלערס, זינגערס און שפּילערס. אַהין לאָזט מען צו בלויז אַזעלכע מענטשן — שטעל איך זיך פאָר, — ווי נחום דוד־לייבס, וואָס מאָלט „וויוועסקעס"*, ווי אַהרן איציע, דער שרײַבער פאַר מיידלעך, ווי די קאָטליאַרסקאַיאַ, דאָס מיידל מיט דער שטימע פון אַ סאָלאָוויי. איך שטעל זיך אויך פאָר, אַז אַהין וואָלט מען צוגעלאָזט אפשר נאָך אַ פּאָר שאַרגאָראָדער. אָבער בדרך־כלל, איז דאָס פון די ערטלעך, וואָס בלויז יחידי־סגולה קענען צוקומען, אי דאָס — מיט אַ „של נעליך", דאָס הייסט, מען דאַרף דאָרטן אויסטאָן די שיך...

ייִדן, — זאָגט ברוך — וווינען מערסטנס אויפן „פּלעצל". דאָרטן זײַנען פאַראַן ייִדישע שפּײַזקראָמען, רעסטאָראַנען, וווּ די טישן בייגן זיך פון שווערקייט פון די אמתע ייִדישע מאכלים, בײַ די רעסטאָראַנען שטייען טישלעך אין דרויסן, וווּ מענטשן זיצן און עסן... כאָטש מיר איז די מעשה אַ ביסל נישט קלאָר: שיקט זיך אַז די ייִדן דאָרטן ווייסן נישט אַז, „האוכל בשוק לכלב דומה" (ווער עס עסט אין מאַרק, אין גאַס, איז גלײַך ווי ער זאָל זײַן אַ הונט). נאָר אַז מענטשן זײַנען אַרײַנגעטאָן אין עסן געקאָכטן נאַהיט און טרינקען ביר אין אַ מיטן מיטוואָך (נישט צו אַ שלום בן־זכר), איז רעכט אַז זיי זאָלן פאַרגעסן, וואָס די חכמים האָבן געזאָגט.

**
*

איך גלייך, אַז איך האָב זיך צו פיל אַרײַנגעלאָזט אין פּאַריז, און איך האָב שוין באַלד פאַרגעסן אַז איך באַשרײַב שאַרגאָראָד. איז לאָמיר איבערלאָזן די

---

* שילדן.

מסתרי־פּאַריז און זיך אומקערן קיין שאַרגאָראָד, און צום „לינת־הצדק", ווי איך האָב איַיך צוגעזאָגט.

די קיוועכע, קיווע שמשס אשת־חיל, האָלט אַ שטיקל שענקל ביַי זיך אין הויז. זוכט דאָרטן נישט קיין גויים שיכורים, איר וועט זיי דאָרטן נישט געפינען. איר שענקל איז בלויז פאַר אַחינו בני ישראל און נאָר פאַר בירגערס פון דער גאַרבער־גאַס. די קיוועכע פּרעגלט פישלעך, טאַראַנקעס; בראָט קאַטשקעס, מאַכט געגדזענע פּאַסטראָמע און פאַרקויפט אַ קאָפּ בראַנפן צו יִידישע באַלעמעלאָכעס, וואָס האָבן נאָר־וואָס אָפּגעדאַוונט און קומען אַריַין איבערכאַפּן דאָס האַרץ. קיין גרויסע גליקן מאַכט זי נישט, די קיוועכע, אָבער זי זאָגט אויף גויִיש: „ז'פּריבודקאַ האַלאָוואַ ני באָליט" — עס הייסט, פון עפּעס וואָס קומט־צו, טוט דער קאָפּ נישט ווי... אַ קלוגע יִידענע, כ'לעבן. מער ווי פון די יאַקבי פּאַרדינסטן וואָס זי פאַרדינט, האָט די קיוועכע הנאה פון די באַלמעלאָכישע פאַרהאַנדלונגען וועגן די נויטן פון קליַיזל, טאַקע ווען זיי קומען אַריַין נאָכן דאַוונען. זיי דאַרפן נישט פאַר זייערע צרכי־ציבור קיין גרויסע אסיפות. איינס און צוויי ווערן דאָרטן געמאַכט באַשלוסן וועגן אַלץ, אין וואָס דאָס קליַיזל נייטיקט זיך, אָן קריגעריַיען, אָן האַרמידער — געלאַסן און באַלעבאַטיש ווערט אַלץ פאַרהאַנדלט. איז טאַקע צוליב דעם דער „לינת־הצדק" תמיד פריש אָפּגעטינקעוועט מיט ווייסן קאַלעך פון אינעווייניק און פון דרויסן. די שויבן פון די פענצטערס שטענדיק גאַנץ און אַפילו ריין. דאָס קעמערל פון האַלץ — אַלע מאָל אָנגעפּילט. ווינטער איז דאָרטן וואַרעמער ווי אין אַ וועלכן עס איז גרעסערן מקום־קדוש. אָבער בעיקר איז די קיוועכע צופרידן, וואָס די צדקה־פּושקע מיט נדבות־געלט איז אַלע מאָל פול, און אַז אַן אָרעמאַן וואָס ווייסט ווו גאָט נעכטיקט (פאַרשטייט זיך אַז אין „לינת־הצדק", דער נאָמען אַליין זאָגט דאָך דאָס) — פאַרבלאָנדזשעט אַהער אויף נאַכטלעגער, קריגט ער נישט בלויז אַ וואַרעמען אָרט און אַ ריינעם צו שלאָפן, נאָר די קיוועכע גיט אים אויך עסן און אַ נדבה אין געלט, איידער ער גייט אַוועק. דאָס אַלץ ווערט באַזאָרגט פון „לינת־הצדק", און פאַרוואַלטעט ביַי די נאָך־דאַוונענדיקע וואַרעמעס, וואָס מע עסט ביַי דער קיוועכע. געדעכט איז געווען דער, וואָס האָט אויסגעשריִען, „מי כעמך ישראל גוי אחד!" — ווו, גאָטעניו, איז פאַראַן נאָך אַזאַ פאָלק ווי דיַין פאָלק ישראל?...

**
*

המבדיל בין קודש לחול. אויף איין זיַיט — די תפילות פון „לינת־הצדק", פון דער צווייטער זיַיט — פון זלמן ביילע־בלימעס „ראַבאַטשע" הערט איר ווי די מייד־לעך־נייטאָרינס זינגען זייער אַ ראָמאַנטיש ליד: „אוי, שפּאַצירן זיַינען מיר ביידע געגאַנגען. אָרום און אָרום דעם באַרער וואָ־אָקזאַל. איך האָף צו גאָט און האָב גרויסן בטחון אַז דו וועסט זיַין מיַין מאַן און איך דיַין וויַיב"... פאַרשטייט איר מיך, עס איז שוין אַ יאָר אָדער מער נאָך דער ערשטער „זאַבאַסטאָווקע" אין שאַר־

גאָראָד; אַרבעט האָט אויפגעהערט צו זײַן קאַטאָרגע — מיידלעך האָבן הנאה פון דער אַרבעט, זיי זײַנען נישט פאַרשקלאַפט... אַפילו די באַלעבאַטים האָבן זיך דערפילט ווי פרײַע מענטשן. נישטאָ מער די פאַרזאָרגטקייט און די מורא, אַז איינער זאָל בײַם אַנדערן אַרויסרײַסן דעם ביסן פון מויל דורך האַלדז־שנײַדנדיקער קאָנקורענץ... די פרנסה קומט־אָן גרינגער און בכבודיקער. די באַלעבאַטים זײַנען רויִקער און די מיידלעך זאָרגלאָזער, — זינגט מען האַרציקער...

מירן פאַרבײַגייען משה־כאַצקלס דירה, ווו מע מאַכט וואַטע און מע לערנט יִדישע קינדערלעך גאָטס וואָרט. מיר זײַנען שוין דאָ אַמאָל געווען. בײַם צווייטן וואַטעמאַכער קענען מיר שוין קיין נײַע זאַכן אויך נישט זען. די קאָנקורענטן רײַסן זיך נישט בײַ די גאָרגלען. מע איז זיך גאַנץ גוטע שכנים. קיינער האַלט דאָ נישט דעם רבונו־של־עולם אין אַרענדע... מע פאַרגינט זיך איינער דעם אַנדערן דאָס שטיקל ברויט... „לא תחמוד" איז דאָ נישט קיין טויטער אָנזאָג... איז נישט קיין פוסטער קלאַנג...

## כאַפּט אַ גנב...

אַנטקעגן דעם וואַטעמאַכערס הײַזל שטייען אונטער איין דאַך יענקל מאַליווערס און פײַוווישל טאַנדעטניקס דירות. דער מחבר פון די זכרונות וואָלט גאָר נישט געהאַט צו דערציילן וועגן זייערע באַווינערס, ווען נישט די ווילעטשקע (פּערעולאָק) וואָס צווישן פײַווישלס דירה און מלכה מעניעס געמויערטע הויז. אַ שטיק צײַט האָט מען די ווילעטשקע גערופן מיט אַ מאָדנעם נאָמען. גלייבט מיר, אַז איר זאָלט אויספאָרן אַ וועלט וועט איר אַזאַ נאָמען נישט געפינען, — „כאַפּט אַ גנב" איז דער נאָמען. איצט, אַז איר ווייסט שוין דעם נאָמען, זײַט איר באַרעכטיקט צו פרעגן: פון וואַנען און וואָס אָט דער טשודנער נאָמען שטאַמט.

אין יענער צײַט, וועלכע איך באַשרײַב, האָט מען אַפילו אין גרעסערע שטעט ווי שאַרגאָראָד נישט געוווּסט פון אַזאַ זאַך, ווי „עקספּראָפּריאַציע"... דאָס איז ערשט געקומען שפּעטער, ביזן אָנקום פון די רעוואָלוציעס. אי, דאָס זײַנען עקספּראָפּריאַציעס געווען פאַרבונדן מיט אידעאַלן (צום ווייניקסטן, אַזוי האָבן מענטשן געמיינט), אָבער אַ „נאַליאָט", אַן אָנפאַל, אַן אויסכאַפּן און אַנטלויפן. פון אַזעלכע זאַכן האָט מען אין יענער צײַט נישט געוווּסט, מיטן אויסנאָם פון דער בערל־אַהרנס געשיכטע, וועלכע איך האָב אײַך דערציילט אין איינעם פון די ערשטע קאַפּיטלעך פון בוך. יענע פּאַסירונג האָט זיך אויסגעלאָזט מיטן פאַרשיקן אַ גאַנצע יִדישע משפחה, אויף אַ בילבול, קיין סיביר. אי דאָס, איז די סיראָטאַ־משפחה געווען אין גאַנצן אומשולדיק, זיי האָבן דעם „נאַליאָט" נישט געמאַכט.

דאַרף זיך טרעפן אַזאַ מעשה אין שאַרגאָראָד. הינטער לייב רופאס דירה האָט

געהאַט אַ קראָם אַ שאַרגאָראָדער ייִד, זײַן ערשטן נאָמען קען איך זיך איצט נישט דערמאָנען, נאָר זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען הויכמאַן. אין קראָם האָט דער הויכמאַן פאַרקויפט מעל, אָבער אין דרויסן, נעבן דער קראָם, אין סאַמע צענטער פון מאַרק, האָט דער ייִד פאַרקויפט אייער. פלעגן דאָרט שטיין אָנגעהויפנט קעסט־לעך מיט אייער און אָפענע קאָרזינעס (קוישן) מיט אייער צום באַלדיקן פאַרקויף. דער הויכמאַן איז געווען אַ גרויסער בעל־שפע און אין אַ דאָנערשטיק אָדער אַ זונטיק פלעגט דאָרט זײַן ערד־ציטערניש. צענדליקער ייִדן און פויערים פלעגן באַלאַגערן די שטעל מיט אייער. פויערים האָבן פאַרקויפט און ייִדן האָבן געקויפט. און דער הויכמאַן פלעגט אַרומלויפן אַ פאַרשמײַעטער פון קראָם אין דרויסן און אויף צוריק. עס פלעגט דאָרטן זידן ווי אין אַ קעסל... אינעווייניק אין קראָם, נעבן דער סאַמע טיר, איז געשטאַנען אַ טישקעסטל, וווהין דער הויכמאַן פלעגט אַרײַנ־וואַרפן דעם פדיון. דאָס ערטל נעבן דער טיר האָט געהאַט די מעלה, וואָס עס איז געווען נאָענט סײַ פון קראָם, סײַ פון דער שטעל מיט אייער, און מע האָט געקענט היטן, אַז עס זאָל קיין בייז אויג נישט שאַטן...

איז אָט איין מאָל אין אַ דאָנערשטיק פאַר נאַכט־צו, בין־השמשות, ווען דער הויכמאַן האָט געהאַלטן אין די הענט אַ גרויסן קויש מיט אייער, לויפט־אַרײַן ווי אַ וויכער אַ בחור פון אַ זייער באַלעבאַטיש הויז אין שאַרגאָראָד. בליץ־שנעל שטעלט ער אונטער דעם ייִדן אַ פוס, דער הויכמאַן פאַלט־אַוועק מיטן קויש אייער אויף דער ערד, ליגט שוין אַן אײַנגעגניורעטער אין בלאָטע געמישט מיט לויזע אייער איבערן גאַנצן פּנים, איבער די אויגן, פאַרבלענדט און פאַרבלינדט, און דער עיקר — אַ דערשטוינטער פון סורפּריז, אַזוי אַז ער קען אַפילו קיין גוואַלד נישט שרײַען... דער בחור פאַרלירט נישט קיין צײַט, און ביז הויכמאַן קען זיך אויפ־הייבן, אויסטשוכען און אָנהייבן שרײַען — ליידיקט ער אויס דאָס טישקעסטל פון אַלע פּאָזיטלעך (פּאַפּירן געלט, באַנקנאָטן) און מאַכט אַ ויברח גלײַך אין פּײַווישלס ווילעטשקע...

ווען דער ייִד האָט אָנגעהויבן שרײַען „כאַפּט אַ גנב" און מענטשן האָבן גע־פרעגט: ווו? וועמען? האָט דער הויכמאַן מן־הסתם, ווי אַ רעאַקציע אויף דער פּאַ־סירונג, מיטאַמאָל פאַרלוירן אויף עטלעכע מינוט דאָס לשון און בלויז מיט אַ פינגער אָנגעוויזן אויף דער ווילעטשקע. האָבן מענטשן זיך געלאָזט אַהינצו. קיי־נעם איז נישט אײַנגעפאַלן, אַז דער בחור וועלכן אַלע האָבן געקענט, איז דער בעל־דבר. לויפן אַלע און שרײַען „כאַפּ אַ גנב", און דער בחור לויפט פאָרויס און שרײַט אויך „כאַפּ אַ גנב"... מע איז אַזוי לאַנג געלאָפן, ביז מע איז אָנגעקומען צו דער טויבער וואַנט פון מאָנאַסטיר. דער בחור האָט אַריבערגעשפּרונגען די וואַנט און נעלם געוואָרן. די ייִדן האָבן מורא געהאַט צו שפּרינגען איבער דער וואַנט — זײַנען זיי אַלע געבליבן שטיין, אָבער האָבן נאָך אַלץ נישט געוווּסט, אַז דער שאַר־גאָראָדער בן־טובים איז געווען דער רויבער; געמיינט, אַז ער איז אַ כוואַטסקער

יונג און לויפט דאָרטן נאָך דעם גנב... ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט דעם אמת, ווער דער נאַליאָטשיק איז געווען, איז שוין געווען נאָך נעילה... דער יונג איז ווי אין וואַסער אַרײַן...

איך דערקען אין אײַך, אַז עס גייען אײַך — מײַנע שונאים — אויס אַלע חיותן: איר ווילט וויסן דעם סוף פון דער מעשה. נו, דער סוף איז געווען, אַז עס האָט גענומען אַ לאַנג־לאַנגע צײַט, אפשר צען אָדער צוועלף יאָר ביז זײַן טאַטע, כ'מיין דעם נאַליאָטשיקס טאַטע, האָט אָנגעהויבן קריגן אַפּטע און שיינע בריוו פון אַ מיטל־מערב שטאָט אין אַמעריקע, ווו זײַן „ציאַצקעדיקער" זון איז שוין מיט גאָטס הילף געווען אַ דערפאָלגרײַכער דאָקטער... און די ווילעטשקע, פּײַווישלס פּערעוולאָק האָט מען אַ לאַנגע צײַט גערופן די „כאַפּ דעם גנב"־ווילעטשקע. אַבי דער אומשטאַרבלעכער שעקספּיר האָט אונדז געוואָלט אײַנריידן, אַז אַ נאָמען מיינט גאָר נישט...

## נטילת ידים

ליבע לייענערס, אַז אײַך וועט אַ מאָל אויסקומען אין אַ פרײַטיק, צוויי שעה פאַר ליכט־בענטשן דורכצוגיין די גאַרבער־גאַס און איר וועט זען אַ געזעמל ייִדן שטיין אַרום אַ גרויסער באַליִע מיט אַ פּליסיקײַט, וואָס זעט־אויס ווי טינט, און אַ צווייטן געזעמל ייִדן, וואָס שטייט נעבן אַ פעסל וואַסער און אייִנער פון זיי גיסט זיי אָפּ די הענט מיט וואַסער פון אַ קופּערנער כלי, ווי די לוויִים וואָס טוען דאָס צו די כוהנים איידער זיי, די כוהנים, גייען דוכענען. מיינט נישט, אַז איר האָט געמאַכט אַ טעות אין לוח און הײַנט איז יום־טוב. און נישט נאָר איר, נאָר אויך זיי, די פּשוטע ייִדן פון דער גאַרבער־גאַס האָבן נישט געמאַכט קיין טעות אין לוח, ווײַל ערשטנס, קענען אָט די ייִדן לייענען אַ לוח; צווייטנס, גיסט מען נישט אָפּ די הענט פון די כוהנים אין דרויסן נאָר אין פאָליש פון לינת־הצדק. דריטנס, פון וואַנעט האָבן זיך אין מיטן פלוצעם גענומען אַזוי פיל כוהנים? בשעת אין לינת־הצדק איז גאָר אַ דוחק אויף כוהנים, און אַז עס קומט אַ יום־טוב, מוז מען זיי גאָר אויסבאָרגן פון אַ מקום־קדוש, וואָס האָט אַ גערעטעניש אויף זיי... אויפן הײַנטיקן לשון הייסט דאָס „אימפּאָרטירן"...

איז אויב אַזוי, פאַר וואָס פאָרט אַזאַ בציבורדיקער נטילת ידים אין אַ מיטן פרײַטיק פאַר נאַכט? זעט איר, אַז איר פרעגט וועל איך אײַך ענטפערן. איך בין ברוך השם פון יענע בײַ וועמען עס איז נישט אַ רענדל אַ וואָרט...

דער חילוק פון קאַראַקול ביז באַראַשעק איז אַזוי ווי דער אונטערשייד צווישן שטרודל און פלאָדן, צווישן יככה און יבבה, צווישן אמתדיקער פיש־יויך און פּוסטע פיש־יויך, וואָס די ליטוואַקעס קאָכן מיט אַ סך קאַרטאָפליעס און זאָגן, אַז „עש איזש

טעם גן־עדן״... אַנטקעגן וואָס זאָג איך די אַלע זאַכן, ווילט איר וויסן? איך זאָג אַנטקעגן דעם, וואָס קאַראַקוליעווע קוטשמעס מאַכט מען פון קאַראַקול. קאַראַקול איז גרינג און שיין און ווען אַ פאַראָבאָק טוט אָן אַזאַ קוטשמע, ווען אין דרויסן שײַנט די זון און ער כאַפּט אַ קוק אויף זיך אין שפּיגל, איז ער זיכער אַז אַלע מיידלעך אין דאָרף וועלן די כפּרה ווערן נאָך אים. אַפילו עלטערע פּויערים, וואָס מיידלעך ליגן זיי שוין נישט אין קאָפּ, ווען זיי טוען אָן אַזאַ קוטשמע און דערזעען זיך אין שפּיגל, זיינען זיי זיכער, אַז ווען זיי וועלן צוריק קומען אין דאָרף מיט אַזאַ קוטשמע קענען זיי אַרויסשטעלן זייער קאַנדידאַטור פאַר סטאַראָסטע און אַפילו פאַר סטאַרשינאַ... איז אָבער די צרה וואָס צו אַ קאַראַקול איז נישט צוצוטרעטן, עס קאָסט אַ מטמון מיט גאָלד... איז דאָך אָבער גאָט אַ פאָטער און ייִדן דאַרפן פרנסה, האָט ער באַשאַפן אַזאַ זאַך ווי באַראַשעק. באַראַשעק, אַן און פאַר זיך קוקט אויס חלשות. דער קאָליר איז קיין קאָליר נישט און די קוטשערן קוקן אויס ווי אַ סאַמאָראָדנע קאָלטענעוואַטע באָרד, ער זאָלט מיר מוחל זײַן, וואָס וואַקסט אויפן פּנים פון אַ בחור אַ כניאָק. אַ באָרד, וואָס האָט מורא פאַר אַ קעמל אימת־מוות... נאָר דאָס איז בלויז אמת, איידער די קוטשמע־מאַכערס פון דער גאַרבער־גאַס האַלטן דעם באַראַשעק אין זייערע הענט. אַזוי גיך ווי דער באַראַשעק קומט אַרײַן צו זיי אין די הענט, מאַכן זיי פון אים אַ לײַט. קודם־כל נעמען זיי אים און קאַמען. איר מעגט מיר הייליק גלייבן, אַז די געטרײַסטע מאַמע אין שאַרגאָראָד קעמט נישט דאָס קעפּל בײַ איר קינד מיט דער התמדה, ווי עס טוען די קירזשנערס מיט דעם באַראַשעק. נאָכן קעמען, פאַרבט מען דעם באַראַשעק אויף שוואַרץ, און ערשט נאָך דעם, אַז מע מאַכט שוין די קוטשמע מיט אַלץ מיט אַנאַנדער, ערשט דעמאָלט מאַכט מען די קוטשערלעך — נאָך דעם ווי מע האָט דעם באַראַשעק גוט אָנגעשמירט מיט וואַזעלין. אַז זיי זײַנען פאַרטיק מיט דער אַרבעט, דאַרף מען זײַן אַ גוטער מבין צו דערקענען, אַז דער „קאַראַקול״ איז גאָר באַראַשעק. דאָס ווערן די פּויערים ערשט געוווּיר, ווען עס פאַלט אויף דער קוטשמע דער ערשטער רעגן. נאָר נישט דאָס בין איך אויסן... די מעשה איז, אַז פון די פאַרבן ווערן די הענט בײַ די קירזשנערס אַזוי שוואַרץ, אַז זייף מיט הייסן וואַסער וועלן דאָ העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. האָט גאָט באַשאַפן אַזאַ זאַך ווי שייד־וואַסער, איז אַז מע טוט אַרײַן אַ ביסינקע פון דעם אין אַ באַליע קאַלטע וואַסער און מע האַלט די הענט אין דעם עטלעכע מינוט, ווערט פון דער פּרה־שחורה אַ פּרה־אדומה, דאָס הייסט, פון די שוואַרצע הענט ווערן רויטע הענט ווי פײַער, לעשט מען זיי אָפּ מיט פרישער קאַלטער וואַסער, און ערשט נאָך דעם ווען מע גייט אין מרחץ אַרײַן, טוט שוין דער מרחץ דאָס איבעריקע. און צו קבלת־שבת, וועט שוין אַפילו גאָט אַליין נישט דערקענען צי די הענט זײַנען אַמאָל שוואַרץ געווען. און דערפאַר, ליבע לייענערס, האָט איר געזען אָט די אומגעוויינטלעכע סצענע אין גאָטס דרויסן, ווו די נטילת־ידים איז אַזוי צו זאָגן אַ קאָלעקטיווע,

עס נעמט זיך פון דעם, וואָס די שייד־וואַסער איז אַ טייערער מאַכל, און בגראַמאַדע קאָסט עס ביליקער. דער אַלטער קאַרל מאַרקס איז פאַרט געווען אַ ייִד אַ חכם, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אַלץ אין לעבן איז באַזירט אויף עקאָנאָמישע סיבות. ער האָט געוווסט וואָס ער רעדט, דער אַלטער. יאָ, דאָס וואַשן זיך בציבור, אַ חוץ דער מעלה וואָס עס קאָסט ביליקער, איז דאָס אויך פריילעכער און נאָך דעם גייט מען שוין צוזאַמען אין מרחץ אַרײַן און מע איז זיך מכין צו באַגעגענען די מלכה שבת מיט ריינע הענט. איך ווייס נישט וויפל אמת עס איז פאַראַן אין דער מעשה וואָס איציע רוזמאַן דערציילט, אַז ער האָט יאַקבי אַליין געהערט, אַז בעת די קירזשנער וואַשן זיך די הענט, זאָגן זיי „הלבן חטאינו כשלג“ (מאַך ווײַס אונדזערע זינד ווי שניי, גרויסער גאָט! — פון אַ תפילה אין סליחות). אַז איר ווילט, קענט איר גלייבן. איציע רוזמאַן איז טאַקע אַ ייִד אַ וויצלינג, אָבער אין גאַנצן אויסטראַכטן פון קאָפּ וועט ער נישט...

## שווער צו זיין אַ ייִד

די מעשה, וואָס איך וועל אײַך דאָ דערציילן, איז אַזאַ, וואָס מאַכט אַ תל פון דער אײַנריידעניש, אַז עס איז יאַקבי שווער צו זײַן אַ ייִד... אַז איר וועט מיר שטופּן צו דער וואַנט און פאָדערן פאַקטן, וועט איר אפשר בײַ מיר פועלן, אַז פאַר אַ ייִד איז טאַקע אפשר שווער צו זײַן אַ ייִד, און אַפילו אַזוי וואָלט איך געזאָגט, אַז נישט פאַר אַלע. איך אַליין האָב געקענט אַ שפּאָר ביסל ייִדן, פאַר וועלכע עס איז נישט געווען שווער צו זײַן ייִדן, כאָטש עס איז געווען זייער שווער... נאָר צו וואָס זיך חקירהן? איין זאַך איז זיכער: פאַר אַ גוי צו זײַן אַ ייִד איז נישט שווער. איך וועל אײַך לאַנג נישט ברײַען און אײַך גלײַך זאָגן, אַז פאַר אַװקסענטין, דעם גוי וואָס רעדט בעסער ייִדיש ווי אַ סך ייִדן, און וואָס איז אַ גאַנץ גוטער שוסטער־לאַטוטניק און וואָס וווינט מיט זײַן משפּחה צווישן ייִדן אויף דער גאַרבער־גאַס און האָט נישט ערגער פּרנסה, ווי צענדליקער ייִדישע באַלעמלאָכעס — פאַר אים איז נישט שווער צו זײַן אַ ייִד, און נאָך וואָס פאַר אַ ייִד! אַ ייִד מיט אַ שיינער אויס־געקעמטער, אויסגעכאַליעטער באָרד, מיט קליינע נאָר געקרײַזלטע פּאות, מיט אַ פּײַנער אַלטער, נאָר גאַנצער און ריינער קאַפּאָטע, מיט אַ טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית, וואָס שטעקן אַרויס אַזוי ווי אומישנע, מע זאָל זיי זען און קיין טעות נישט מאַכן; זיכער זײַן, אַז דער טרעגער זייערער איז אַ כשרער פרומער ייִד. דאָרטן וווּ אַװקסענטי געפינט זיך (נישט אין שאַרגאָראָד, ווי איר וועט דאָס באַלד זען) קען ער נישט פאַרטראָגן אַז ער זעט אַ ייִדן עובר־זײַן אויפן קלענסטן לאו פון די טאָג־טעגלעכע דינים. אמת, ער קריגט זיך נישט מיט קיינעם, נאָר אויף אַ באַשיי־דענעם שטילן אופן, אויב ער קען ייִדן משיב־לטוב זײַן, איז ער אַלע מאָל גרייט

דאָס צו טאָן. און טאָן אַ ייִד — זײַנס גלײַכן, אַ מדינה־גייער — אַ טובה, איז ער גרייט צו יעדער צײַט. אַווקסענטי גייט נישט אַרײַן אין, און גייט נישט אַרויס פון אַ ייִדישער שטוב, אָן צו טאָן אַ פרומען קוש מיט צוויי פינגערס די מזוזה. אַווקסענטי טרינקט נישט קיין גלאָז וואַסער אָן צו מאַכן די ברכה „שהכול" איבער דעם, שוין אָפּגערעדט פון עסן אָן „המוציא", אָדער פאַרענדיקן דאָס עסן אָן בענטשן. אַווקסענטי קען אַפילו זאָגן די ברכות פון מזומן־בענטשן... און רעדט אַווקסענטי מיט אַ ייִד, רירט ער זיך נישט אָן: „מיטן איבערשטנס הילף", „מירצעשעם", „בלי נדר", „סע זאָל איר קיין עין־הרע, קיין בייז אויג נישט שאַטן", „נישט פאַר אײַך געדאַכט", „נישט אַנטקעגן נאַכט געדאַכט" און כדומה אַזעלכע ייִדישע פאָלקס־אויסדרוקן. אַווקסענטי קען דערציילן אַ חסידישע מעשה נישט ערגער פון דעם בעסטן אמתן חסיד... אמת, דאַווענען פון סידור קען ער טאַקע נישט... ער וועט דאָס סידור אָבער נישט האַלטן, ווי אַן אַנדער גוי, מיטן קאָפּ־אַראָפּ. און נאָך אַ זאַך: פון דעם וואָכעדיקן און אַפילו שבתדיקן דאַווענען קען ער אַ סך סופן פון קאַפּיטלעך אויף אויסווייניק. אַווקסענטי ווייסט ווען מע דאַרף זיך אויפשטעלן בעתן דאַווענען, ווען און ווי אַזוי מע דאַרף „אויסגיין" שמונה־עשרה... ווייסט ווען צו ענטפערן „ברוך הוא וברוך שמו", ווען „אָמן"... אמת איז אויך, אַז פון עולה־זײַן צו דער תורה אַנטלויפט ער, ווי פון פײַער. אָבער צו זײַן גליק, פאַרנעמט ער זיך נישט מיט אַ פרנסה, בײַ וועלכער עס שטייט אים פאַר די געפאַר, מע זאָל אים, מיר־נישט, דיר־נישט, געבן אַן עליה... אַט די אַלע זאַכן האָט שאַרגאָראָד אויסגעפונען לאחר המעשה...

איך דערקען שוין אין אײַך, אַז איר האָט שוין מער קיין געדולד נישט צו הערן די באַשרײַבונג און איר ווילט וויסן, צי איך בין בײַ אַלע חושים, בײַ אַלע געדאַנקען; צי רייד איך פון שלאָף, צי חלילה — נאָך ערגער... איז באַרויִקט זיך, ליובע־דושע. לכל עת, אויף יעדע זאַך איז פאַראַן אַ צײַט — האָט געזאָגט אונדזער גרויסער שלמה המלך, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אונטערן פסעוודאָנים קהלת... איצט גלייב איך, איז די ריכטיקע צײַט אויפצוקלערן דעם גאַנצן ענין...

***

פון דעם, וואָס איר האָט ביז איצט געהערט, דאַרף אײַך זײַן קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַווקסענטי דער גויִישער שוסטער, באַזיצט ברוך־השם, מעלות וואָס הלוואי אויף אַ סך ייִדן געזאָגט געוואָרן. איך אַליין קען אַ שפּאָר ביסל פון מײַנע גלויבנס־גענאָסן, אמונה־ברידער, וואָס קענען און וויסן ווייניקער פון אַט דעם אַווקסענטין, נאָר וואָס זשע דען זשע, זיי האַלטן זיך אין איין באַקלאָגן, אַז עס איז שווער צו זײַן אַ ייִד... אַווקסענטי האָט דאָס זײַן אַ ייִד אויסגעפּרוווט אויף זײַנע אייגענע פּלייצעס און האָט גאָר נישט צוגעלייגט צו דעם, זײַן באָבעס ירושה — אַוודאי נישט...

איז הערט אָקאָרשט ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען. אַווקסענטין האָט זיך צוגעזעגנט מיט דער שוסטער־מלאכה. אַמאָל, צוריק מיט יאָרן, ווען אַווקסענטין איז נאָך געווען אַ פּאַראָבעק, איז שוסטערײַ געווען אַ מלאכה, בײַ וועלכער מע האָט פון צײַט צו צײַט געהאַט די הנאה פון מאַכן אַ נײַע פּאָר שיך. פרעגט אַ שוסטער, וועט ער אײַך זאָגן אַז אָט די הנאה, די סאַטיספאַקציע — ווי די הײַנטיקע רופן דאָס — איז נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט... אָבער זינט שאַרגאָראָדער ייִדן האָבן אָנגעהויבן קויפן די פּעטערבורגער שיך „סקאָראָכאָד" און אַפילו די וואַרשעווער גרייט־געמאַכטע שיך פון עפּעס אַ שוסטער וואָס רופט זיך דאָקטער אַדלער (אַן אײַנפאַל פון אַ וואַרשעווער שוסטערוק...) איז געוואָרן אויס נײַע שיך, געמאַכט בײַ אַ שאַרגאָראָדער שוסטער „פּאָ זאַקאַזו", אויף באַשטעלונג הייסט עס, אַפילו בײַ די בעסערע. סײַדן, אפשר, משה שוסטער, וואָס מאַכט בלויז שטיוול, אי דאָס — נאָר פאַר פריצים. און מיט די פויערים איז אויך די אייגענע מעשה: די כאַליעוועס זײַנען דאָך אַן אייביקע זאַך, דאַרף מען איין מאָל אין אַ יובל בלויז די אונטערגייעכץ. האָבן זיך זאַיאַוועט זאַגאַטאָווטשיקעס, וואָס מאַכן די אַרבעט כמעט גרייט, עס בלײַבט נאָר דאָס דראַטעווען און פלעקלעך אַרײַנשלאָגן... די איבעריקע אַרבעט איז, לייגן לאַטעס און לאַטקעלעך — און דאָס איז אַלץ. ווי די זאַך זאָל נישט זײַן — קיין אמתע הנאה קען מען פון אַזעלכע אַרבעטן נישט האָבן... האָט ער זיך מישב געווען אַווקסענטי, האָט זיך געקויפט אין מאַליעוו אַ ייִדישע קאַפּאָטע, שוין אַ געטראָגענע, נאָר אַ גאַנצע און ריינע; געקויפט זיך אַ ייִדיש היטל מיט אַ קאָרטענעם דאַשיק, אַ העמד מיט אַ ווײַסן קאָלנער, אַ פּאָר געוואַנטענע תחתונים, אַ פײַנעם וואָלענעם טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית, אַ טלית און תפילין און אַ „כל־בו"־סידורל. דעם טלית און תפילין מיטן סידורל האָט ער אַרײַנגעלייגט אין אַ פײַנעם פּליושענעם זעקל, זיך פאַרלאָזט אַ באָרד, זיך גוט אָפּגעהיט זי זאָל אויסזען באַלעבאַטיש; זיך פאַרלאָזט פּאות, נישט קיין צו־לאַנגע, אָבער שיינע, בלויז אַ האָרעלע געקרײַזלטע און זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער מדינה... אויסגעהיט האָט ער זיך, נישט אָנצושלאָגן אויף שאַרגאָראָדער „נאַסטאָיאַשטשע", „סאַמאָראָדנע" אָרעמע לײַט, וואָס זײַנען אויך געגאַנגען איבער דער מדינה. האָט ער דעריבער זיך געהאַלטן אין אַ צווייטער אָדער אַפילו דריטער גובערניע. זײַן ייִדיש איז געווען אַ פּערפעקטער, אָן קיין פּגם, און כאָטש אַזוי, איז ער געווען קאַרג אויף אַן איבעריקן וואָרט. מע קען קיין מאָל נישט וויסן... מיט אָט דער פאָרזיכטיקייט און מיט זײַן ריינער אויסערלעכקייט האָט ער זיך געקענט אײַנבעטן בײַ אַ שמש, צו לאָזן אים איבערנעכטיקן אין אַ בית־המדרש, אָדער אַ קלויז און אַזוי אַרום אויסמײַדן דעם שטאָטישן הקדש, ווו אַלע אורחי־פורחי געפינען זיך און מע קען אַ מאָל אַרײַנפאַלן אין אַ צרה. צוליב דעם זעלביקן טעם האָט ער זיך אויך אויסגעהיט פון טרינקען בראָנפן, אַפילו בײַ אַ ייִדישן טיש, ווו ער איז געווען אַן אורח (און צוליב זײַן ריינלעכקייט פלעגט ער קריגן אַ סעודה בײַ די

רײַכסטע באַלעבאַטים) האָט ער זיך אויסגעהיט טועם צו זײַן פון וועלכער עס איז משקה. דער דאָקטער האָט אים, יאַקבי, פאַרזאָגט ער זאָל זיך צו קיין משקה נישט צורירן, צוליב אַ לעבער־קראַנקייט...

**
*

אַווקסענטי איז נישט געגאַנגען בעטן קיין פּרוטות, אָדער אַ שטיקל ברויט... ער פלעגט פריִער בײַם שמש אויסטאַפּן, וועלכע באַלעבאַטים זײַנען „דושטשער" און גרינגער אויף דער האַנט. און קומען פלעגט ער אויך נישט, ווי אַ ליאַדע בעט־לער, וואָס אַז מע עפנט נאָר די טיר, בעט ער און קריגט אַ גראָשן אָדער אַן אַלט־געבאַקן שטיקל ברויט. אַווקסענטי איז נישט פון דעם טייג געקנאָטן... אַווקסענטי איז אַרומגעפּאָרן בעטן פאַר הכנסת־כלה... דרײַ טעכטער, קיין עין־הרע נישט, דאַרף ער חתונה מאַכן... ער אַליין איז כל־ימיו געווען אַ פאַרמעגלעכער סוחר, געהאַט אַן אָפענע האַנט, אַליין געהאָלפן יִדן חתונה מאַכן טעכטער, ביז דאָס „אומגליק" האָט געטראָפן, די שרפה פון וועלכער ער איז אַרויס נקי, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט... מענטשן האָבן אים אפילו געוואָרנט, ער זאָל אַרויסנעמען אַסע־קוראַציע, הײַנטיקע צײַטן קען מען זיך באַוואָרענען... ער האָט זיך אָבער פון זיי אויסגעלאַכט, געהאַט בטחון, ער גלייבט אין דעם וואָס לעבט אייביק, „הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל" — גאָט דרימלט נישט און שלאָפט נישט און היט זײַנע יִדעלעך... נו, מילא, ער האָט צו גאָט קיין טענות נישט, און פאַר אים אַליין אַרט אים נישט אויף כהוא זה... נאָר טעכטער, נעבעך, וואָס זײַנען אויסגעוואַקסן אין ווילטאָג, ווי קען ער דערלאָזן זיי זאָלן, חלילה, פאַרזיצן?...

אַווקסענטי האָט נישט שלעכט אויסגעמאַכט. ער פלעגט אַהיימקומען אויף יעדן יִדישן יום־טוב. יום־טוב, — האָט ער מורא געהאַט — וועט ער נישט קענען שפּילן זײַן ראָלע, און אײַנשטעלן האָט ער נישט געוואָלט. אַן אוצר, ווי ער האָט אים געהאַט, האָט ער נישט געוואָלט פאַרלירן. אַהיים פלעגט ער קומען מיט געלט, באַלאָדן מיט מתנות, און זיך גלײַך בײַ נאַכט איבערגעטאָן. די פּאות אָפּגעשניטן און די באָרד פאַרגוייִשט. און האָט אים ווער געפרעגט, ווו ער געפינט זיך די גאַנ־צע צײַט, האָט ער דערציילט אַ גאַנצע געשיכטע, אַז ווען ער איז געגאַנגען קיין קיִעוו אויף „מאָליעבניעס"*, האָט ער זיך אין די „קיִעוואָ פּעטשאַרסקאַיאַ לאַווּר־רע"**, באַגעגנט מיט אַ מאָנאַך, וואָס שטאַמט פון קאַלינאָווקע, האָט אים יענער אײַנגעאָרדנט אַלס הויפּט־שוסטער בײַם דאָרטיקן מאָנאַסטיר. מע באַהאַנדלט אים אָרנטלעך, ער קריגט גוט עסן און טרינקען און אַ ביסל געלט דערצו. דער עיקר איז, וואָס ער געפינט זיך תמיד אונטער יעזוסעס פליגל... איז דאַנקען־גאָט, ער

---

* גוייִשע תפילות. — ** מאָנאַסטיר אין קיִעוו.

דאַרף זיך נישט מוטשען אין שאַרגאָראָד און וואַרטן, אַז אַ ייִד אָדער אַ פויער זאָלן אים אַ מאָל ברענגען אַ פּאָר צעריסענע שיך צו לייגן אויף זיי לאַטקעלעך...

**
*

ווי איר זעט, האָט קיינער אין שאַרגאָראָד נישט געוווּסט און קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן דער אַוואַנטורע פון אונדזער אַוקסענטי דער שוסטער... ווּעמען האָט גאָר אַזאַ ווילדער געדאַנק געקענט אײַנפאַלן? ווען גלאַט אַ ייִד, נישט אַ מענטש מיט דער פיינסטער רעפּוטאַציע אין שטאָט, ברענגט קיין שאַרגאָראָד אַזאַ נײַס, וואָלט מען אים מן־הסתם געזאָגט, אַז אַלע משוגעים דאַרף מען אויסשרײַבן און אים אַרײַנשרײַבן (שאַרגאָראָדער קענען אײַך אַרײַנזאָגן...). ווי איז אָבער דער דין, אַז אַ ייִד ווי הערשל דער רביצינס (לעווינסאָן), וועמען גאַנץ שטאָט קען פאַר אַ העכסט־אָרנטלעכן בכבודיקן ייִד — — — קומט און ברענגט די נײַס? דאָ, ברוּ־דערל, קען מען נישט אויסבטלען אַלע בייזע חלומות, דאָ מוז מען גלייבן...

**
*

עס ווײַזט זיך אויס, אַז עס זײַנען פאַראַן ווערטלעך וואָס זײַנען אײַזן־שטאַרק, פעלדזן־פעסט. דאָס ווערטל „סוף גנב לתליה" איז שוין איין מאָל אַן אמת... האָט איר אײַך איינס אַזאַ ווערטל, אָדער, אַז איר ווילט, קענט איר זיך אויסקלײַבן אַזאַ פאָלקסווערטל וואָס האָט שוין, דאַכט זיך, נישט צו טאָן מיט מאמרי חז"ל, נאָר יעדע ייִדענע אין שאַרגאָראָד ווייסט דערפון, נעמלעך, אַז „אַ קרוג גייט צו דער קרעניצע אַזוי לאַנג ביז עס ברעכט זיך אָפּ דער אויער..."

איז אָט ווי אַזוי הערשל דער רביצינס האָט דערציילט די מעשה: „ווי איר ווייסט מן־הסתם, האַנדל איך הײַיאָר מיט הירזש. און אין אונדזער קאַנט איז פאַ־ראַן אייך מקום פון הירזש אויפן גרויסן פאַרנעם, און דאָס איז שוואַרץ־טומאה (בעלאַצערקאָוו)... זיץ איך מיר אַזוי געמיטלעך בײַ דעם גרעסטן הירזש־סוחר אין שוואַרץ־טומאה, בײַ ר' בערעלע פערעיאַסלעווער. זיצן מיר, הייסט עס, און שמוּ־עסן פון מסחר, פאַרשטייט זיך. אַז עס עפנט זיך אויף די טיר און עס קומט־אַרײַן ר' בערלס ווײַב, אַנטשולדיקט זיך, וואָס זי האָט אונדז אפשר געשטערט און זאָגט צו איר מאַן: בערל־סערדצע, אַ שיינער ייִד מיט אַ הדרת־פּנים זיצט דאָרטן אין פאָדערשטן צימער און זאָגט, ער וויל דיך זען; ער זיצט שוין דאָרטן אַרום אַ האַל־בע שעה און וואַרט... איך האָב אים געפרעגט, צי ער דאַרף דיך פאַר מסחר, האָט ער געענטפערט אַז ניין... נאָר ער דאַרף דיך צוליב אַ וויכטיקן פּערזענלעכן ענין... ער קוקט נישט אויס צו זײַן אַן אָרעמאַן, אַ בעטלער, כאָטש אויך ווי קיין גביר קוקט ער נישט אויס... קענסטו מיר אפשר זאָגן, ווי לאַנג ער וועט נאָך דאַרפן וואַרטן? זע, אויב דו קענסט נאָר, גיי אַרויס צו אים, עס איז אַ חילול־השם צו לאָזן אַ ייִדן וואַרטן צו לאַנג'... „דערוויַל", האָב איך זיך אַ טראַכט געטאָן, —

דערציילט וויַטער הערשל דער רביצינס — באַשר וועגן מסחר, וואָס איך האָב געטאָן מיט ר׳ בערלען, זײַנען מיר שוין לאַנג מושווה געוואָרן; איז אפשר די ייִדענע געדעכט, אַז עס איז אַן עבירה צו לאָזן אַן אָרעמען ייִד וואַרטן, עס איז דאָך שוין זײַן צײַט, וואָס איך נעם צו. אַנטשולדיק איך זיך, געזעגן זיך אויך גיך מיט דעם סוחר און לאָז זיך אַרויסגיין דורך דעם פאָדערשטן צימער. אויפן וועג באַ־מערק איך דעם פרעמדן ייִד, וואָס וואַרט אויף ר׳ בערלען... נאָר גאָט אין הימל — דער פרעמדער ייִד קוקט מיר אויס אַזוי קענטלעך... ווו האָב איך אים ערגעץ געזען?... איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז איך קען אים זייער גוט... גאָטעניו! איז עס נישט טשאַסאָם אַווקסענטי, דער שוסטער פון דער גאַרבער־גאַס, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו ווערן דער ראש־השוסטערס אין די „קיִעוואָ פעטשערסקיאַ לאַווּ־רי״, אונטער די סאַמע פליגל פון דעם דערלייזער זייערן, יעזוסן אַליין?... איז ווי קומט צו אים אַזאַ בכבודיקע זיקנה, אַזאַ רבנישע באָרד?... און זעט נאָר די ציצית, וואָס שטעקן אַרויס!... אונדזער משה־חיים, דער רב, האָט עס נישט געקענט מאַכן בעסער... נאָר ייִדן, איך האָב זיך לאַנג נישט געוווּנדערט... מײַנער האָט זיך אָפּגעע־ריסן, גענומען לויפן, שטעלן פיס... און אַרויס פון דער טיר אַן אַ „זײַ־געזונט״...

נו, איצט ווילט איר דאָך וויסן דעם סוף. איז דער סוף גראָד נישט אַזוי אינ־טערעסאַנט ווי אמתדיק. מער האָט מען אַוועקסענטיס „זוואָניע״ אין שאַרגאָראָד נישט געהערט. זײַן משפחה איז אויך אויסגעוועפּט געוואָרן און קיין בן־אָדם האָט נישט געוווּסט ווען און וווהין...

אויב לויט די סימנים פון דער באַשרײַבונג, באַגעגנט איר אַ מאָל אין ייִדישע מקומות אָט אַזאַ ייִד, וואָס קלײַבט אויף הכנסת־כלה, שטעלט אים אָפּ, זײַט אַזוי גוט, און גיט אים איבער אַ גרוס פון דעם שרײַבער פון די זכרונות. עס איז גע־ווען ער, אַווקסענטי, וואָס האָט מיט מעשים געשטאַרקט דעם גלויבן בײַ מיר, אַז צום ווערטל „שווער צו זײַן אַ ייִד״ דאַרף מען צושטעלן, מוסיף זײַן אין קלאַמערן: (ווי פאַר וועמען)...

## רחמנא ליצלן...

בנימטשיק, אַזוי האָט מען אים גערופן, עפּעס אַזוי ווי ער זאָל געווען זײַן אַלעמענס ליבלינג. ווײַל געווען איז בנימטשיק אַ יונגערמאַן, וואָס זײַן ליבלעכקייט און גוטסקייט זײַנען געווען חוץ לדרך הטבע. אַז איך וועל זאָגן, אַז בנימטשיק האָט אין זײַן לעבן קיין מענטשן נישט אָפּגעזאָגט אַ טובה, וועט דאָס זײַן נישט קיין האָר איבערגעטריבן. דאָס וואָרט „ניין״ האָט זיך עפּעס נישט געפּאָרט מיט זײַן כאַראַקטער...

בנימטשיק איז געווען אַ גרויסער בר־מזל: אין אַלץ איז אים געגאַנגען גוט. געווען איז ער אַ קצב, פלעגט אין זײַן יאַטקע תמיד זידן, ווי אין אַ קעסל. בײַ אים

טאַקע האָט געאַרבעט מעכל קצב, נאָך דעם ווי דאָס יאָר איז אַריבער אין וועלכן מע האָט אים נישט דערלויבט צו אַרבעטן אַלס קצב אין אַ כשרער יאַטקע (אויב איר געדענקט). די שאַרגאָראָדער ווײַבער האָבן ליב געהאַט בײַ אים צו קויפן, ווײַל אי ער האָט געהאַט די בעסטע פליישן, אי ער איז נישט געווען קיין באַרײַ־סער, אי זײַן וואָג איז געווען אַן אָרנטלעכע. מעכלען האָט ער געהאַלטן בכבוד, סײַ צוליב דעם וואָס מעכל איז געווען אַ שטיקל משפּחה, סײַ צוליב דעם, וואָס מעכל איז פֿאָרט געווען דער בעסטער קצב אין שטאָט. מזלדיק איז ער אויך געווען אין זײַן פֿאַמיליע־לעבן. אויף קיין זאַך האָט מען אַזוי בנימטשיקן נישט מקנא געווען, ווי אויף זײַן ווײַבל. דער שרײַבער פון די זכרונות האָט שוין באַגעגנט גוטע מענטשן אין זײַן „לעבן" (ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר צען...), נאָר אַזאַ דימענט פון אַ מענטש ווי בנימטשיקס ווײַבל האָט ער נאָך נישט באַגעגנט... ריווע די מעכל־קע, וואָס איז שוין געווען אַ גוטע, ווי אַ גוטע קען זײַן, פלעגט זאָגן אויף יענער, אויף בנימטשיקס ווײַבל, אַז זי איז פון די נשים צידקניות, און ריווע האָט גלאַט אין דער וועלט־אַרײַן נישט געזאָגט קיין איין איינציק וואָרט...

בנימטשיק האָט זיך געלעבט מיט זײַן ווײַבל, ווי די טײַבעלעך. זיי האָבן גע־האַט איין ייִנגעלע, איז ער געווען שיין ווי אַ מלאָכל. די מאַמע האָט אים געהאַלטן ציכטיק און אַפילו רײַך אָנגעטאָן, ווי ער זאָל געווען האָבן געווען דעם גרעסטן נגידס קינד. און ווי קליין דאָס ייִנגעלע איז געווען, פלעגט מען אויף אים זאָגן, אַז ער וואַקסט אַ חכם. ווען מע זאָל מיך געווען פרעגן, וואָלט איך מן־הסתם גע־ענטפערט, אַז דאָס ייִנגעלע איז שוין דערמיט אַליין געווען אַ חכם, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן אַזאַ מאַמען. און איך בעט אײַך, וואַרפט מיר נישט אויף, וואָס איך האָב אײַך אַמאָל געזאָגט, אַז אַלע מאַמעס זײַנען די בעסטע. איך נעם דאָס טאַקע פון מײַן מאַמען, וואָס איז אויך געווען די בעסטע. און זי — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן — פלעגט זאָגן, אַז „בעסער האָט קיין שיעור נישט..." דאָס פלעגט טרעפן מערסטנס, ווען איך האָב איר געבראַכט גוטע אָטמעטקעס (צייכנס) פון באַריס קלאָרפעלד, מײַן לערער... וואָס טויג אײַך ברייען? דאָס ייִנגעלע איז געווען שיין, קלוג און געראָטן און איז גלאַט געווען אַ בר־מזל. ווײַל, נישט נאָר איז ער געווען אַ בן־יחיד — דאָס אַליין גייט אויך נישט צו פוס, — נאָר ער איז בכלל געווען איין קינד, „איין אויג אין קאָפ". טאַטע־מאַמע האָבן געציטערט אי־בער אים...

נאָר, ווי זאָגט מען עס: נישטאָ קיין אייביקע זאַך אויף דער וועלט... בנימטשיקס ווײַבל איז נאָך אַ לאַנגן עיכוב — — — פאַרגאַנגען אין טראָגן און סײַ בנימטשיק, סײַ דאָס ווײַבל אַליין זײַנען געווען אין זיבעטן הימל, ביידע זיי, האָבן ממש אויפ־געלויכטן. משפּחה האָט געשפּאַסט מיט דעם ייִנגעלע, אַז באַלד־באַלד וועט ער ווערן אויס קאַפּעליוש־מאַכער; מע וועט אים מאַכן פאַר אויס בן־יחיד... דאָס ייִנגעלע פלעגט וויינען און קומען צו דער מאַמען זיך באַקלאָגן. די גוטע מאַמע

פלעגט דעם יינגעלע אויסקושן יעדן אבר און אים פאַרזיכערן, אַז זי וועט אים פונקט אַזוי ליב האָבן נאָך דעם, ווי ער וועט קריגן אַ ברודערל אָדער אַ שוועסטערל...

**
*

עס איז געקומען די צײַט פֿון געווינען. מע האָט טאַקע גערופן לאה די באָבע, נאָר בנימטשיק האָט זיך אײַנגעשפּאַרט — ער וויל אויך האָבן דעם דאָקטער. אין יענער צײַט איז דאָס נאָך נישט געווען אין דער מאָדע צו רופן אַ דאָקטער צו אַ יולדת... דער דאָקטער איז געווען זייער אַ יונגער, אַ נײַער אין שטאָט, נאָך דעם ווי סמאָליענסקי האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין מאָליעוו.

אַלע צוגרייטונגען זײַנען געמאַכט געוואָרן. דאָס ווײַבל האָט אָנגעהויבן גיין־צו־קינד. — — — מיט אַ מאָל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז די יולדת גייט זייער שווער צו־קינד און שפּילט מיטן לעבן... בנימטשיק איז געלאָפן און געבראַכט די צוויי עלטערע דאָקטוירים פון שטאָט: מאַנאַסטירסקין און וויליע־זשינסקין פאַר אַ קאָנסיליום. מע האָט אײַנגעלייגט וועלטן: מע האָט געזאָגט תהי־לים אין אַלע קלויזן, שולכלעך און אין בית־המדרש; מע האָט אויך אין אַלע חדרים פאַרמאַכט די גמרות און געהייסן די קינדער זאָגן תהילים; מע האָט געמאָסטן דאָס הייליקע אָרט... מע האָט טעלעגראַפירט צום שפּיקאָוועער רבין... קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. גאַנץ שטאָט האָט מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם געוואַרט אויף אַ גוטע בשורה, נאָר צום באַדויערן איז די גוטע בשורה נישט געקומען. אַנשטאָט דעם איז אויפן צווייטן אין דער פרי געקומען די זייער טרויעריקע נײַס, אַז דאָס ווײַבל איז געשטאָרבן אידער זי האָט געהאַט דאָס קינד... אַ טרויער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער גאַנצער שטאָט... מענטשן האָבן פאַרגעסן אין זייערע איי־גענע אינטערעסן און אָנגעהויבן ריידן אין דער שטיל, עפּעס ווי מע זאָל געווען מורא האָבן עמעצן אויפצוועקן. מע האָט דערציילט, אַז בנימטשיק נעמט זיך ממש דאָס לעבן... אַזאַ שטראָף! אי דאָס אָוועקרײַסן פון דער יונגער מאַמען, אי דאָס וואָס דאָס קינד איז נישט געבוירן געוואָרן איז געווען איבער די כוחות פון דעם מאַן, וואָס האָט ממש געקושט די טריט פון אָט דער ווונדערלעכער, גוטער פֿרוי. און דאָס ערגסטע איז געווען — די אַנגסטן פון וואַרטן, אַז די פרוי זאָל טויטערהייט געבוירן דאָס טויטע קינד... די גאַנצע שטאָט, ממש טאַקע יעדער איינער, איז גע־ווען אין אַן אומבאַשרײַבלעכן צער... ייִדן האָבן פאַרמאַכט די קראָמען און גע־לאָפן אין די בתי־תפילה זאָגן תהילים בײַ די אָפענע אָרון־קודשס; דאָס מאָל, אַז דער אייבערשטער זאָל נישט פאַרשעמען די צדקת. מע זאָל זי, חלילה, נישט דאַרפן מקבר זײַן מיטן קינד אין איר טראַכט... מע האָט פּרובירט אַלע מיטלען און סגו־לות און קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן, ביז פאַר נאַכט־צו, האָט דער רב גערופן יאָסל חיים ריוועלעס און געבעטן אים, גיין צו דער טויטער פרוי און דאָרטן בלאָזן

שופר, לויטן ראש־השנהדיקן סדר... יאָסל חיים ריוועלעס, דער מלמד מיטן שטאָלענעם האַרץ, וואָס פּלעגט קינדער קאַטעווען מיט אַ שטעקן, אָט דער זעלבער יאָסל האָט געגאָסן מיט ביטערע טרערן און זיך געבעטן בײַם רב, ער זאָל אים באַפרײַען פון דער שליחות. אָבער דער גוטהאַרציקער ר׳ עקיבא, דער רב, האָט זיך געמאַכט האַרץ און אָנגעשריגן אויף יאָסלען און אים געזאָגט: „איך בין גוזר אויף אײַך, איר מוזט גיין!...״ יאָסל האָט געמוזט פאָלגן. מע האָט אויך געבראַכט דעם אַלט־אַלטינקן חיים סופר, ער זאָל אויסרופן די תקיעות... לאה די באָבע, האָט נאָך דעם דערציילט, וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעטאָן. ריווע די מעכלקע איז געשטאַנען נעבן דער טויטער און זי געגלעט... בעת יאָסל חיים ריוועלעס האָט געבלאָזן שופר האָט ריווע גערעדט צו דער טויטער, ווי צו אַ לעבעדיקן מענטש: „טאָכטערקע, פאַרשעם אונדז נישט. שטרענג זיך אָן, אָט אַזוי... נאָך אַ ביסעלע, טאָכטער, נאָך אַ ביסעלע... מיר וועלן פאַר דײַן נשמה גאָט בעטן, ער זאָל דײַן נשמה אונטער זײַן כסא־הכבוד האַלטן...״ די טויטע — האָט לאה געזאָגט — האָט ווײַזט־אויס אַלץ געהערט און פאַרשטאַנען, און געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, און דאָס קינד איז געקומען...

*
**

איך בעט אײַך, לאַכט נישט פון מיר. אַז איך וועל אײַך דערציילן, אַז ווען די נײַס האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, האָבן אַלע אָפּגעצויגן דעם אָטעם, אָט ווי זיי וואָלטן עס געוווען געקראָגן אַ גוטע, פריילעכע בשורה...

איך מוז עס מאַכן בקיצור, ווײַל איר ווייסט דאָך שוין, ווי שווער מיר איז צו דערציילן טרויעריקע מעשהס. מע האָט דאָס ווײַבל מיטן קינד מקבר געווען, אַ קבר נעבן אַ קבר. גאַנץ שטאָט איז געגאַנגען צו דער לוויה און די יללות זײַנען געווען עד לב השמים...

בנימטשיק האָט לאַנגע יאָרן זיך נישט געקענט טרייסטן, און האָט די גאַנצע ליבע אַרײַנגעלייגט אין דעם זון זײַנעם. עס איז צווישן זייביידן געווען אַזאַ אייַדעלע ליבע, געטרײַשאַפט און פאַרשטענדעניש, וואָס מיט קיין פּשוטע ווערטער קען מען עס נישט באַשרײַבן... דער גײַסט פון זייער ליבסטער האָט געשוועבט איבער זיי אַ לעבן לאַנג...

## בלויז פונעם טויט שטאַרבט מען...

ווען מע האָט זי אַראָפּגעבראַכט קיין שאַרגאָראָד באַלד נאָך איר חתונה האָבן מיט נחום ניסמאַן, האָט די שטאָט געגאַפט. דאָס יונגע ווײַבל, בלוט־און־מילך, איז עפּעס אַ גייענדיקער יום־טוב... „קראַסאַוויצע״ איז טאַקע אַ פײַן וואָרט, וואָס באַ־

צייכנט שיינקייט. נאָר עס איז פאָרט נישט אַלץ און עס גיט נישט קיין באַגריף, וואָס די אסתר איז געווען... עפּעס פון דעם, וואָס מיר רופן מלכותדיקייט, און זיי — די היינטיקע — רופן מאַיעסטעטישקייט איז געווען אין איר. יעדער שטריך פון איר פּנים איז געווען, ווי דער באַשאַפער וואָלט געווען האָבן אויסגעמאָסטן און אָפּגעוויגן יעדע קלייניקייט מיט דער גרעסטער פּאַרזיכטיקייט פון נישט־דערגעבן אָדער, חלילה, איבערגעבן, ווי אויסגערעכנט אויף אַ האַרעלע. צו דעם אַלעמען האָט זי געהאַט טויזנט חנען. אַז זי פלעגט אַדורכגיין די גאַס, איז עפּעס ווי זוני־קער, ווי ליכטיקער געוואָרן... און זי האָט נישט געמוזט אָנהייבן ריידן, אַז מע זאָל איר חכמה דערהערן... לאַכט נישט! איר חכמה האָט מען דערזען; דערזען און דער־פילט... אירע גרויסע, טיפע, גוטע און ווונדערלעכע שוואַרצע אויגן, האָבן גערעדט מיט אַ לשון, וואָס יעדער איינער האָט געקענט פאַרשטיין. און טאָמער איז דאָס פאַר אייך נישט גענוג, האָט זי געשטאַמט פון אַ באַלעבאַטיש, נגידיש־יחוסדיק יידיש הויז, און איז געווען דאָס באַשיידנקייט און גוטסקייט אַליין...

שטאָט האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי דער שידוך איז צושטאַנד געקומען. נחום ניסמאַן איז געווען אַ פּשוטער יונגער מאַן. נישט קיין רייכער, נישט קיין למדן און מיט קיין זאַך דאַכט זיך נישט אויסגעצייכנט. צו דעם אַלעמען איז ער נישט געווען קיין שיינער ,און טאָמער איז דאָס ווייניק, האָט ער געהאַט אַ פּאָר גרויסע, קאָלאָסאַלע לאָפּעטע־ציין פון סאַמע פאָרנט אין מויל, וואָס אויף שאַרגאָראָדער לשון פלעגט מען אַזעלכע רופן „עוג מלך הבשנס ציין". (איר שפּילט זיך מיט שאַרגאָראָדער זאַגעכצער...). אמת, נחום איז געווען אַ גוטער, אַ דימענט. עפּעס איז זיין גוטסקייט געווען פון אַ סאָרט, וואָס ווערט צוגעטיילט במתנה בלויז צו געציילטע, צו יחידי־סגולה. אָבער אָט די מעלה שרייט פון קיינעם נישט אַרויס און אין נדן אַריין, ווי מע זאָגט, קען מע זי נישט אַריינשרייבן.

שטאָטישע מענטשן מיט אַ גוטן „ביוך" האָבן אָבער „געניוכעט" אַהער, גע־שמעקט אַהין, און ווי גייט דאָס ווערטל: „יגעתי ומצאתי" — אַז מע זוכט, געפינט מען... שטאָט האָט אויסגעפונען אַז די אסתר נחומס — אַזוי האָט מען זי גערופן פון דער ערשטער מינוט אָן — האָט אַ „לאַך" אין הארץ... טביהלע זייפמאַן, וואָס איז געווען אַ שכן און אַ קאָנקורענט; געהאַט אַ שניטקראָם אַ טיר נעבן אַ טיר, האָט אויף זיין אופן און מיט זיין ספּעציעלן אָרט רוסיש ריידן, יעדן איינעם אויפן אויער איינגערוימט, אַז אסתר האָט אַ „פּראָראָק סערדצאַ" (פאַרגרייזט פון רוסיש: „פּאָ־ראָק סערדצאַ"), אַ האַרצפעלער....

נאָר אויב איר זייט פון יענע, וואָס האָבן קיין צייט נישט און רייסן אַ מעשה ביי יענעם פון מויל; ווילן טרעפן, למשל, אַז די אסתר האָט באַלד נאָך דער חתונה זיך אַריינגעלייגט אין בעט אַריין, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט דאָק־טוירים: איינער אַריין, דער צווייטער אַרויס, מיט רפואות, מיט וואַרעמע בעדער,

מיט זאַגראַניצע, ווי עס איז די מאָדע, דער שטייגער הײַנטיקע צײַטן, וואָס — וואָס נאָר עפּעס, לויפט מען קיין אָדעס, קיין קיִעוו, אַפילו קיין ווין אָדער בערלין, מיט צעפּטרן דעם נדן, מיט כדומה אַזעלכע טרעפּעכצן... איז דאָס דווקא לאו מיט אַ גרויסער אַלף... איר וועט נישט האָבן געטראָפן און אײַער טרחה איז געווען אומזיסט, און אײַער טרעפּעכץ — אַן אַרויסגעוואָרפענע...

אסתר האָט טאַקע געקרענקט, גערופן דעם דאָקטער אַ מאָל, געפאָרן קיין אָדעס אַ מאָל, נאָר אויך דאָס — אַזוי ווי אַ פּרינצעסין... פראַ־מיר, מעגט איר לאַכן וויפל איר ווילט, נאָר עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי קרענקען שיין... צום ווייניקסטן האָט אסתר אַלץ געקענט טאָן שיין, אַפילו — נישט פאַר מיר געדאַכט — קרענקען... פון זײַן אַ שיינע באַלעבאָסטע איז שוין אָפּגערעדט. אַליין, כמעט אַן דינסטן (בלויז איין שטיקל שיקסע, אירינע האָט זי געהייסן, האָט אסתר אַרײַנגענומען אין הויז אַרײַן גלײַך ווי איר טאַטוש, דער שיכור איז געוואָרן אַן אַלמן, געבראַכט זײַנע עטלעכע שיקסלעך אין שטאָט אַרײַן און זיי איבערגעגעבן אין די זעלביקע ייִדישע הענט, וואָס האָבן יאַקבי זייער דערלייזער געקרייציקט, און זײַנען דערפאַר אָסור לרחם. נאָר גוטע הערצער האָבן זיי, די זשידעס, און ועלן דערפאַר רחמנות האָבן אויף זײַנע „בידני סיראָטקעס"* און פון זיי מאַכן מענטשן... ווי געפעלט אײַך כריוקעלעס לאָגיק?) און אָט די אירענע איז בײַ אסתרן געווען אַ שטיקל דינסט, ביז אסתר האָט זי חתונה געמאַכט. נאָך דער חתונה האָט אירינע אָפּגעלעבט מיט איר מאַן בלויז אַ פּאָר חדשים, און ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט מען דעם ברויטגעבער אירן פאַרנומען אין „זאַפּאַס" און ער איז אין דער מלחמה געפאַלן אין שלאַכט... אַז אירינע האָט געקראָגן די נײַעס פון איר מאַנס טויט, איז זי געקומען צוריק „אַהיים" צו אסתרן און איז דאָרטן געווען מיט אסתרן און איר משפּחה אַלע יאָרן, ביז אסתרס טויט. אויף אירע געטרײַע הענט איז אסתר טאַקע אויסגעגאַנגען... נאָר לאָמיר זיך אַליין נישט אַריבעריאָגן. אסתר האָט געפירט אַ הויז ווי די גרעסטע נגידים. דערצויגן צוויי קינדער צו גאָט און צו לײַט. נחומען האָט זי אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, געטראָגן באַגלײַך מיט אים דעם יאָך פון פּרנסה, געשטאַנען מיט אים אין שניטקראָם אין היץ און אין קעלט און אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. און אַז זי פלעגט זאָגן: „מײַן נחום", האָט מען געשפּירט אַז זי פילט אין דעם נאָמען דעם אמתן טעם... און דאָס אַלץ — שטיל און בנעימותדיק, בלויז ווי זי אַליין האָט דאָס געקענט, צו אַלעמענס באַוווּנדערונג...

**
*

דעם נדן האָט מען טאַקע געפּטרט, נאָר נישט צוליב אסתרס „פּאַראַק סערדצאַ", נאָר צוליב די מעשים פון נחומס ברודער ישראל, וואָס זײַנען געקומען פון קנאה.

---

* אָרעמע יתומימלעך.

יאָ, קנאה איז אַ מיאוסע זאַך, קיין גוטער ייִד זאָל דאָס נישט קענען. אָט דער ברוד־דער זײַנער, וואָס האָט אויך געהאַט אַ שניטקראָם נישט ווײַט פון נחומס, כמעט אַ טיר נעבן אַ טיר, האָט נחומען געקאָנקורירט, אויסגעצאַפּט דאָס לעצטע ביסל חיות, געריסן קונים צו זיך פון נחומס קראָם, פאַרקויפט אונטערן קערן, אָפּגעטאָן אַלערליי פּאָקוסטן, וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט רשעות. אַליין צוליב אָט די זאַכן צוויי מאָל געפאַלן און זיך צוריקגעשטעלט אויף די פיס נישט מיט די ריינ־סטע מיטלען... אָבער נחומען האָט ער ממש רויִנירט... נישט מער, נחום האָט גע־האַט אסתרן פאַר אַ ווײַב; איז ווען ער האָט פאַרלוירן אי אַלץ וואָס ער אַליין האָט פאַרמאָגט אי דעם נדן, האָט זי זיך אַרײַנגעוואָרפן אין געשעפט נאָך מיט מער איי־פער ווי פריִער, און כאָטש די קראָם איז אַריבערגעגאַנגען בשתיקה אין די הענט פון די סאָראָקערס; אַ זאַך, וואָס איך וועל וועגן איר דערציילן אין דעם קאַפּיטל וועגן חיים מינקאָווצקי, האָט אָבער קיינער פון דעם נישט געוווּסט, און זי האָט אַפילו אונטער די נײַע באַדינגונגען באַוויזן צו האָבן פּרנסה בכבוד... בלויז דער צדיק־תמים, חיים מינקאָווצקי, האָט געוווּסט דעם אמת.

איז יאָ, אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט דאָס, „פּאָראָק סערדצאַ". זײַט וויסן, אַז יענע וואָס זאָגן אַז פון דער מחלה שטאַרבט מען איינס און צוויי, ווייסן נישט, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, פון זייערע הענט־און־פיס. שטאַרבן שטאַרבט מען בלויז פון איין זאַך... פונעם טויט — מיין איך. — — — אָט הערט אַליין אָקאָרשט. ווען מע האָט די אסתרן אַראָפּגעבראַכט קיין שאַרגאָראָד, איז זי אַלט געווען אַ יאָר צוואַנ־ציק. דאָס גאַנצע לעבן אירס איז געווען אַ לעבן פון קאַמף... קאַמף מיט דער קראַנקייט. באַשטענדיק דאָקטוירים, רפואות, אַפילו וואַרעם־בעדער אויף די על־טערע יאָרן... קאַמף פאַר פּרנסה... שווערע אַרבעט, קאָנקורענץ, ערגערניש, יסו־רים, פּחדים פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. האָט אסתר פון דעסט וועגן אַזוי פּאַוואָלינקע אַרײַנגעלעבט ביז אין דער רעוואָלוציע, קאָנטריבוציעס, רעקוויזיציעס, פּאָגראָמען, באַהאַלטן זיך אויפן הייסן בוידעם, אין אַ קאַלטן נאַסן קעלער, מיט מורא און שרעק און אַלערליי פּורעניותן... געשטאָרבן איז זי... אַוודאי איז זי געשטאָרבן... אַלע מענטשן שטאַרבן ווען די צײַט קומט. אָבער — — — געשטאָרבן איז זי אין איר אייגן בעט, אין עלטער פון אַכט אָדער נײַן און זיבעציק יאָר, און נישט פון „פּאָראָק סערדצאַ", נאָר פון דער שפּאַנישער אינפלוענציע... געווען אַן עפּידעמיע אַזאַ...

איז אָט ווי איר זעט, גלײַכער און שכלדיקער נישט צו טרעפן און אויסהערן אַ מעשה ביזן סוף. גלייבט מיר, אַז עס לוינט זיך... נאַרישער פון דעם, וועט איר חלילה נישט ווערן...

# „טרייענגל" פייער

אַרום פסח־צײַט אין יאָר 1911, האָבן די צײַטונגען געבראַכט די טרויעריקע נײַס וועגן אַ גרויסער שׂרפה אין ניו־יאָרק; אַ גאַנצע פאַבריק איז אַוועק מיטן רויך און מיט איר 146 יונגע מיידלעך, ס'רוב ייִדישע אימיגראַנטן־מיידלעך... די צײַטונגען, וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין שאַרגאָראָד, האָבן באַשריבן די שוידערלעכע בילדער פון דער קאַטאַסטראָפע. די גאַנצע שטאָט איז אײַנגעהילט געוואָרן אין טרויער... אין יענע צײַטן האָט נאָך אַ מענטשלעך לעבן געהאַט אַ ווערט. מע האָט נאָך אין יענער צײַט נישט געוווּסט פון „דום־דום"־קוילן, נישט געהערט פון גיפ־טיקע גאַזן און קיין אָנונג נישט געהאַט פון דער אַטאָמישער באָמבע סיפּיליזאַציע (אַ בקשה צום בחור הזעצער, לאָזט עס ווי עס גייט און שטייט...) און נישט בלויז האָט ס'אייגענע גוטע ביסעלע לעבן געהאַט אַ ווערט, נאָר אַפילו די לעבנס פון ווילד־פרעמדע מענטשן אין אַ ווײַט־ווײַטן לאַנד האָבן געהאַט אַ ווערט... בפרט אַז דאָס ווײַטע לאַנד איז גאָר אַזוי ווײַט נישט געווען. הונדערטער און הונדערטער טאַטעס און מאַמעס האָבן דאָרטן אַ חלק געהאַט — געהאַט קינדער אין אַמעריקע... בפרט מיידלעך... אַמערסטן האָט די ידיעה געטראָפן די באַוווינערס פון דער גאַר־בער־גאַס... נישט געווען קיין שטוב, קיין משפחה, וואָס האָט נישט געהאַט עמעצן אין ניו־יאָרק... ווו מע איז געגאַנגען און ווו מע איז געשטאַנען האָט מען מער נישט געהערט נאָר וועגן „טרײַענגל פײַער" (אַזוי האָט געהייסן די פאַבריק). פון יעדער שטוב אויף דער גאַרבער־גאַס און הײַזער איבער דער גאַנצער שטאָט, וואָס האָבן וועמען געהאַט אין אַמעריקע, האָבן זיך געהערט יללות. נאָר אויך אין דעם פאַל, ווי אין יעדער שטאָטישער צרה, האָט זיך אַרויסגעוויזן שמעון־דוד בלאָווי־שטיינס שׂכל־הישר און גרויס מענטשלעך האַרץ. שמעון־דוד איז אַוועק צו ר' עקיבא דעם רב, זיך מיט אים דורכגערעדט און עס האָט לאַנג נישט גענומען און יצחקל האָט אָנגעהויבן אויסרופן מיט זײַן הילכיק קול, וואָס גאָט, ווײַזט־אויס האָט פאַר אים באַשאַפן נאָך אין די ששת ימי בראשית: „מכריז ומודיע! ווער עס האָט מיידלעך אין אַמעריקע, זאָל באַלד קומען צו עקיבא דעם רב!". בײַם רב אין שטוב איז שוין געזעסן אַן אויף גיך צוזאַמענגעשטעלטע גרופּע יוגנטלעכע, וואָס קענען שרײַבן רוסיש און בעיקר — נאָכקאָפּירן ענגלישע אַדרעסן. שמעון־דוד האָט אָנ־געשריבן אַ טעקסט פאַר דער טעלעגראַמע, אין וועלכער מע בעט אַ טעלעגראַפישן ענטפער, זיך נאָכפרעגנדיק, צי די באַטרעפנדיקע פּערזאָנען האָבן נישט געליטן פון דעם אומגליק... איר קענט זיך פאָרשטעלן דעם חיבוט־הקבר, וואָס עלטערן זײַנען אויסגעשטאַנען אין די פאָר טעג, ביז די ענטפערס זײַנען געקומען. צום גליק האָט קיינער פון די שאַרגאָראָדער אין אַמעריקע נישט געליטן. די שׂמחה איז גע־ווען אין־לשער. און עס איז אויך מענטשלעך פאַרשטענדלעך... נאָר שבת, בשעת קריאת־התורה, האָט ר' עקיבא דער רב געמאַכט אַ הזכרה פאַר די אומגעקומענע

אין דער שרפה און האָט אויף אַן אידעלן אופן אָנגעוויזן, אַז „אַוודאי דאַרף מען דאַנקען גאָט, וואָס שאַרגאָראָדער יידן האָבן אויסגעמיטן דאָס אומגליק, אָבער פרייען זיך טאָר מען נישט; יענעמס קינדער זיינען אויך קינדער...״

## די לעצטע הייזער פון קרייז

מיר קומען איצט צו די לעצטע פּאָר הייזער אין דער גאַרבער־גאַס, וואָס קוקן שוין אַריבער צו דעם מאָנאַסטיר־פּלאַץ און האַלטן זיך דערפאַר פאַר אויסער־טעריטאָריעל פון דער גאַרבער־גאַס. זיי טוליען זיך מער צו דער „טשיינע״, אָפּ־געטיילט פון איר בלויז מיט משה אַלקנהס גרויפּן־מיל, ווו עס טאָגט און נעכטיקט עלקנער דעם אַפּטייקערס עלטערער ברודער, דער אינזשעניער, מאַכנדיק פאַר דער גרויפּן־מיל אַלערליי קונציקע מאַכערייקעס, וואָס העלפן אַ סך אין דער אַר־בעט. די אַרבעט טוט דער אַלטער פּאָליאַק בחינם. ווען איר גילט אים אָפּ, וועט ער ביי אייך קיין איין גראָשן נישט נעמען; ער וועט זיך נאָך באַליידיקן, אויב איר וועט אים עטוואָס אָנבאָטן. עסן עסט ער דאָרטן אויך נישט, ביי דעם משה אַל־קנהס. משהס עלטערער זון, אַ שטיקל לץ, אַ בחור, זאָגט אַז דער פריץ טאָר קיין כשרע מאכלים נישט עסן.. אָט דער עלקנער איז דער גרעסטער שוויגער אין שאַרגאָראָד, להבדיל, ווי אַ ייִד אַ שותק, וואָס דער רבי האָט אויף אים גוזר גע־ווען, ער זאָל אַ שטיק צייט שווייגן, ווייל ער האָט געזינדיקט מיטן מויל... ניין, דער אַלטער פּאָליאַק האָט מיטן מויל נישט געזינדיקט און דאַרף דערפאַר נישט אָפּקומען מיט שווייגן. נאָר אויב איר וועט מיך בעטן, וועל איך אייך בסוד־סודות דערציילן, אַז ער איז געווען אַ פּוילישער רעוואָלוציאָנער און האָט געקעמפט פאַר פּוילנס זעלבשטענדיקייט, האָט אים פאָניע־גנב פאַרשיקט אויף עטלעכע יאָר קאַ־טאָרגע, און נאָך דעם ערשט פאַרשיקט אין די ווייטע סיבירישע טונדרעס (ווייזט־אויס, זיך אָפּצוקילן; פאָניע האָט מורא געהאַט פאַר מענטשן מיט הייסע הערצער און וואַרעמע נשמות — אימת־מוות...). זיין ברודער עלקנער, דער אַפּטייקער פון שאַרגאָראָד, אַ זייער אָנגענעמער מענטש, האָט לאַנג כלאָפּאָטשעט, ס׳האָט אויך געקאָסט אַ מטמון מיט געלד און מע האָט אים דערלויבט קומען קיין שאַרגאָראָד, אויפן ברודערס „פּאָרוקעס״ און אונטער דעם לעצטנס גאַראַנטיע, אַז ער, דער רעוואָלוציאָנער, וועט מער נישט פריידיקן קעגן צאַר־באַטיושקאַ. און איצט, זייענ־דיק אין שאַרגאָראָד, צי אַלס פּראָטעסט קעגן צאַרישן ווילקיר, צי צוליב דעם וואָס ער געהערט נאָך אַלץ מיטן האַרצן צו די אבלי־פּוילן און וויל נישט ריידן זיין שיין פּויליש לשון על אַדמת נכר, שווייגט ער אַזוי, אַז מע קען אים הערן אי־בער גאַנץ שטאָט...

**
*

ווי געוויינטלעך, האָב איך זיך פאַררעדט און האָב פאַרגעסן ווו איך האַלט...
איז ווו האַלטן מיר? — בײַ דער „טשײַנע”, דאַכט זיך. די טשײַנע איז שוין הײַנט
אַ טשײַנע בלויז אין נאָמען. איר וועט דאָרטן קיין פויערים נישט זען, און קיין
טיי טרינקט מען הײַנט דאָרטן נישט. דער גרויסער זאַל פון דער טשײַנע איז הײַנט
אַ שטומער טעאַטער... און קוקט מיך נישט אָן אַזוי, ווי איך זאָל ריידן פון וועגן
שעמען מעגט איר זיך אין אײַער ווײַטן האַלדז... איר האָט זיך געלאָזט פון מיר
פירן איבער אַזוי פיל וועגן און שטעגן פון אונדזער שאַרגאָראָד און איך האָב
אײַך, חלילה, נישט פאַרפירט, וועל איך איצט אין־מיצקע־דערינען אײַך פאַרפירן?
אײַ, וואָס איך זאָג „אַ שטומער טעאַטער”? איז די מעשה אַזאַ: אויב איר האַלט
קאָפּ, האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק בײַ אונדז אין שאַרגאָראָד זיך אָרגאַניזירט
אַ ייִדישע טרופּע צו שפּילן טעאַטער. האָט מען אָפּגעשפּילט אַ פּאָר פאָרשטעלונ־
גען און די טרופּע איז זיך צעפאַלן. ווער עס האָט חתונה געהאַט, ווער עס איז
אַוועק פון שאַרגאָראָד, נאָר פון שטעטל איז געוואָרן אַ דערפל. דער עיקר איז
געווען, וואָס שלום קאָזלאָווסקי, דאָס האַרץ און נשמה פון דער טרופּע ,איז אַוועק
קיין וואַרשע, און אָן אים איז די מעשה געוואָרן אויס מעשה. אין דער צײַט וואָס
מע האָט נאָך געשפּילט, איז דער זאַל בײַ הערשל לעווינסאָן אין זײַן נישט־פאַרענ־
דיקטער דירה, שוין געווען צו־קליין און נישט באַקוועם. איז זיך מיישב ישכר
דיזנגאָף (אַ פעטער פון דעם ערשטן בירגערמײַסטער פון תל־אביב) און גייט און
קויפט־אָפּ די טשײַנע בײַ קאָנדראַצקי דעם פריץ, וואָס איז אַ ממונה בײַ דער
גראַפיניע בראַניצקע אויף צינזן (שטײַערן). געמיינט האָט ער, ישכר דיזנגאָף, אַז
דער טעאַטער וועט האָבן לאַנגע יאָרן. געקויפט די טשײַנע און גלײַך זי געמאַכט
פאַר אויס טשײַנע. נישט ער האָט געקענט, נישט ער האָט געוואָלט האָבן צו טאָן
מיט פויערים, וואָס טרינקען טיי כלומרשט, און ברענגען־מיט, ווער אַ קוואַרטירל,
ווער אַ פאַלאָווינטשיק פערציקער בראָנפן פון דעם מאָנאָפּאָל (דאָרטן טאָר מען
נישט טרינקען) און מע שיכורט זיך אָן. איז, קודם־כל ברעכט מען פענצטער. ווי
זאָגט איר, זאָל אַ ייִד אויך וויסן פון אַ לעבן... און נאָך דעם קומט דער רעוויזאָר
(אונדזערער אַן אַלטער באַקאַנטער, ימח שמו) און מאַכט אַ פּראָטאָקאָל. איז צו
וועלכע שוואַרץ יאָר דאַרף אַ ייִד אַ גביר, ווי ישכר, האָבן אַ טשײַנע? נישט מער,
ישכרן האָט פאַרשמעקט דאָס דירה־געלט פון אַ טעאַטער, איז ער געגאַנגען און
האָט אַרײַנגעלייגט געלט, און פון דער טשײַנע געמאַכט אַ טעאַטער, מיט אַלע
פּיטשעווקעס. נישט מער, ווען דער טעאַטער איז פאַרטיק געוואָרן, איז שוין די
טרופּע קיין טרופּע נישט געווען. איין מאָל אין אַ שמיטה קומט אַ פרעמדע טרופּע
שפּילן, פאַרדינגט ער דעם זאַל אויף אַ פּאָר פאָרשטעלונגען, און ער האָט שוין
מן־הסתם פאַרגעסן דעם טעם פון אונדזער יוגנט־גרופּע. וואָס האָט צוריק מיט
עטלעכע יאָר געשפּילט עטלעכע מאָל אין זײַן זאַל, אי דאָס, האָבן מיר מער גע־
צאָלט מיט עולם־הבא, ווי מיט עולם־הזה... אַ מאָל ,אַ מאָל, ווען נאַטשאַלסטוואָ

דערלויבט, דינגט מען דעם זאַל פאַר אַן אַסיפה... פון דער מעשה וועלן קלוגע מענטשן לערנען דעם אַלטן אמת, אַז רש״י איז נישט משוגע, און אַוודאי נישט דער תנא, וואָס האָט אין פרקי אָבות „יאַוונע וויאַסנע״ פאַרשריבן: „מרבה נכסים, מרבה דאגות״. ווער עס וויל זיך אויפרופן מפטיר, זאָל אַריינלייגן זיינע אָפּגעשפּאָרטע קאַפּיטאַלן אין שאַרגאָראָד אין „ניע דוויזשימאַיע אימוטשעסטוואָ״... (נישט־באַוועגלעך אייגנטום).

איצט, אַז איך וועל נאָך אַ מאָל זאָגן, אַז פון דער טשיינע איז געוואָרן אַ שטורמער טעאַטער, וועט איר גלייבן?

נאָכבאַמערקונג פון מחבר: איר קענט דאָך אַוודאי מיינען, אַז נאָך דער רעוואָלוציע האָט זיך טאַקע אַלץ געביטן? ווייס איך וואָס! — געביטן האָט זיך בלויז איין זאַך: דער שטומער טעאַטער איז געוואָרן אַ לעבעדיקער. אָבער, ישכרן האָבן די באָלשעוויקעס געמאַכט פאַר אויס באַלעבאָס...

**
*

מיר וועלן פאַרענדיקן דעם איצטיקן שפּאַציר מיט מאָטיע גרינשפּאַנס דירה. אין יענער הויז, אין אַ שבת ביי טאָג, קענט איר זיך טרעפן מיט עטלעכע פון אונדזערע חברים, וואָס וואַלטן וועלן עפּעס אויפטאָן אויפן געביט פון קולטור. מיר זיינען נישט קיין גרויסע איבערקלייבערס אין אונדזערע וועלענישן: ליטעראַרישע פאָרלעזונגען איז אַ סחורה, פּלאַנירן צו שפּילן טעאַטער איז אויך נישט שלעכט, זינגען אין כאָר איז אַוודאי גוט. וואָס טויג אייך מער — אַפילו טאַנצן גייט נישט צו פּוס, און אפשר גייט טאַנצן יאָ צו פּוס? וואָס זאָגט איר? דאָס האַרץ און די נשמה פון די אַלע פּלענער זיינען צוויי פון אונדזערע חברים: שלמה גרינשפּאַן און ברוך כאַראַב. לאַכט נישט! צוויי מענטשן וואָס האָבן זי זעלביקע אידעאַלן און שטרעבונגען, קענען האָבן איין האַרץ און איין נשמה. געדענקט איר אפשר דעם „ונפשו קשורה בנפשו״? אָט די צוויי זיינען ברוך כאַראַב און שלמה גרינשפּאַן. באַשטענדיק אומצופרידן מיט שאַרגאָראָד, זוכן זיי לופט פאַר גייסטיקן פליִען... פליגל האָבן זיי... זיי האָבן שוין אַפילו פּרובירט עפענען אַ טאַנץ־קלאַס, נאָר עס איז פון דעם גאָר נישט אַרויסגעקומען... עפּעס האָט זיך טאַנצן נישט אָנגענומען אין שאַרגאָראָד... דער סוף איז געווען, אַז שלמה האָט זיך פאַרליבט אין אסתר באַליצער, אָדער אסתר ישראל מעכלס, ווי אַנדערע האָבן זי גערופן, און עס האָט לאַנג נישט גענומען און זיי זיינען אַוועק קיין אַמעריקע. ברוך כאַראַב איז אויך אַוועק אַהין. און איצט מעג איך שוין אויך אויסזאָגן דעם סוד, אַז סיי ברוך — איצט שוין אַ שוכן־עפר — סיי שלמה, צוזאַמען מיט אסתר בלאָוושטיין (איצטיקע שטערנבוים), געציע שמשזאָן און, איר צו לענגערע יאָר, זיין פרוי מאַסיע, זיינען געווען די אָנרעגערס און דערמוטיקערס צו פאַראייביקן אונדזער היימשטאָט אין אָט דעם בוך, וואָס איר לייענט איצט. זיי אַלעמען, אַ האַרציקן דאַנק...

# אסתר באַליצער

און האָבן מיר שוין דערמאָנט אסתר באַליצער, איז נישט מער ווי רעכט צו דערציילן וועגן איר — — — גראָד נישט אין פאַרבינדונג מיט יענער צײַט, ווען זי איז געפאָרן קיין אַמעריקע — — — נאָר וועגן דער צײַט, ווען זי איז געקומען פון אַמעריקע... מיר האָבן אין זינען די צײַט נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע. נאָר קודם אַ קיצור פון דער אינטערעסאַנטער פאָרגעשיכטע פון יענע פּאַסירונגען, און זייער הינטערגרונט.

ווען אסתר איז אַוועק קיין אַמעריקע, איז זי געווען אַ פּשוט מיידל מיט נישט צו פיל בילדונג, אַ שיינע, נישט קיין נאַר, נאָר אין אַלגעמיין אַ דורכשניט־לעכע ייִדישע טאָכטער, אָן באַזונדערע פּרעטענזיעס. אין אַמעריקע, ווו עס האָט אין יענער צײַט אין ייִדישן אַרבעטער־לעבן געשוויבלט און געגריבלט מיט ראַדי־קאַלע באַוועגונגען און פּאַרטייען, ווו די לעצטע האָבן ממש געשפּירט די משיח־טריט פון אַ סאָציאַלער איבערקערעניש (נאַטירלעך, בלויז אין זייער אייגענער פאַנטאַזיע), ווײַל געלעבט האָבן דאַן די ייִדישע אימיגראַנטן־מאַסן, געווירקט און באַווירקט געוואָרן מערסטנטייל אין אַ זײַטיקן שטראָם פון דער אַלגעמיינער אַר־בעטער־באַוועגונג, מיט אייגענע חלומות, וואָס זײַנען געווען ווײַט פון רעאַלן לעבן. אַפילו די יונגע קעמפּערישע ייִדישע יוניאָן־באַוועגונג האָט אויך געלעבט פּאָלי־טיש אויף אַן אינדזעלע, זיך אַרומגערינגלט מיט באַריערן און ווענט, זיך פול־שטענדיק אָפּגעגרענעצט פון דער שוין דאַן שטאַרקער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אַרבעט, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון סעמיועל גאָמפּערס, וועמען ס׳רוב ייִדישע אַרבעטערס האָבן באַצייכנט מיט אַזעלכע עפּיטעטן, ווי: „קאָמפּראָמיסלער", „רעפאָרמער" און אַפילו „פאַררעטער"... דער אמת איז, אַז די פּאַרטייען און פאַר־טייעלעך אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס האָבן זיך אַרומגעריסן, אַרומגעקריגט זיך און אַפילו אַרומגעשלאָגן איינע מיט די אַנדערע מער, אַ סך מער, ווי מיטן פאַרהאַסטן קאַפּיטאַליזם. זיי האָבן נישט אַנדערש נאָר געוואָלט שינדן דעם בער, איידער זיי האָבן אים געכאַפּט... אסתר איז דאָ אַרונטערגעפאַלן אונטער דעם אײַנפלוס פון דער באַרימטער אין יענער צײַט אַנאַרכיסטקע עמאַ גאָלדמאַן, אַ קאָ־לירפולע פיגור צווישן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן... ווען עס האָט אין רוסלאַנד אויסגעבראָכן די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע, האָט די רעאַקציע אין אַמעריקע אויפגעהויבן דעם קאָפּ, מע האָט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן ראַדיקאַלן פון אַלע שאַטי־רונגען. מע פלעגט מאַכן „אַבלאַוועס" און מאַסן־אַרעסטן פון הונדערטער מענטשן, אָן שום איבערקלײַב. אומשולדיקע מענטשן פלעגן אַרעסטירט ווערן אין יענע טעג, כאָטש אין וואָס צו באַשולדיקן זיי האָט מען נישט געהאַט. באַזונדערס האָבן געליטן מענטשן, וואָס זײַנען נישט געווען קיין בירגער פון לאַנד. יענע „אַבלאַ־וועס" זײַנען באַוווסט אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע, ווי די „פּאַלמער רעידס"

(פּאַלמער איז אין יענער צײַט געווען דער פעדעראַלער יוסטיץ־מיניסטער). דאָס איז געווען אין דער צײַט ווען ווודראָוו ווילסאָן, דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט פון אַמעריקע (איינער פון די גרעסטע פּרעזידענטן וואָס אַמעריקע האָט געהאַט) איז געפאָרן צו דער שלום־קאָנפערענץ אין ווערסיי, מיט גרויסע דערוואַרטונגען און האָפענונגען אויף אַ שלום, וואָס זאָל פאַרזיכערן די וועלט קעגן מלחמות. געזאָלט האָט יענע רײַזע פון ווילסאָנען זײַן אַ טריומף־רײַזע פאַר דעם קומענדיקן שלום און פאַרן זיג פון אמתער דעמאָקראַטיע. די אויסגעבלוטיקטע אין דער לאַנגער מלחמה פעלקער פון דער וועלט, האָבן פּרעזידענט ווילסאָנען פאַרגעטערט. אָבער די פּאָליטישע לייבן פון יענער עפּאָכע: קלעמאַנסאָ, לאָיד דזשאָרדזש און זייערס גלײַכן האָבן געוווּסט, אַז די אַמעריקאַנער רעאַקציע איז אַרײַן אין זאָטל; אַז ווילסאָן מעג ריידן פון יושר, פון שלום, פון אַ פעלקער־ליגע, פון דעמאָקראַטיע און פרײַהייט וויפל זײַן האַרץ גלוסט, נאָר זײַן פּאָליטישער שטערן אין איי־גענעם לאַנד האָלט אין פאַרגיין, האָבן זיי אין ווערסיי אָוועקגעלייגט אַן אײַזער־נע לאַפּע אויף אַלע זײַנע דערהויבענע אידעאַלן... ווילסאָן איז אַהיימגעקומען אַ פּאָליטיש־דערשלאָגענער, צעבראָכענער מענטש, איז קראַנק געוואָרן אויף אַ פּאַ־ראַליז, פון וועלכן ער איז שפּעטער געשטאָרבן, און אין לאַנד האָט זיך די רעאַק־ציע נאָך מער צעבושעוועט און דער געיעג אויף ראַדיקאַלן האָט אָנגענומען מורא־דיקע פאָרמען. מע האָט אָנגעהויבן דעפּאָרטירן אַלע יענע, וואָס האָבן געהאַט די קלענסטע שײַכות צו די ראַדיקאַלע אַרבעטער־פּאַרטייען, וואָס זײַנען צום מערסטן קיין בירגערס נישט געווען. גאַנצע שיפן האָט מען אָנגעפּולט מיט די געכאַפּטע און זיי דעפּאָרטירט קיין רוסלאַנד.

דער איצטיקער דור אין אַמעריקע קען זיך קוים פאָרשטעלן די פאַרפאָלגונ־גען פון יענער עפּאָכע. מע האָט געברענט די טריט פון יעדן נישט־בירגער, אויף וועמען ס'איז געפאַלן דער קלענסטער חשד.

**
*

אויף איינער אַ שיף, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן צום דעפּאָרטירן, איז אויך געווען אסתר, וועלכע איז נאָכגעפאָרן איינעם אַן אַנאַרכיסטישן פירער מיטן נאָמען ראַיסקי; אַ מאַן, וועלכן זי האָט פאַרגעטערט, ווי איר פּאָליטישן וועג־ווײַזער. דער ראַיסקי איז אפשר געווען דרײַ מאָל עלטער פון איר. אויף דער זעל־בער שיף זײַנען מיטגעפאָרן די אַנאַרכיסטישע פירערס: אַלעקסאַנדער בערקמאַן און עמאַ גאָלדמאַן. עס זײַנען אויף דער שיף געווען פיל ראַדיקאַלן, וואָס זײַנען געווען בירגערס פון אַמעריקע, נאָר זיי זײַנען פרײַוויליק געפאָרן אין לאַנד פון „סאָציאַליזם". נישט געוווּסט האָבן זיי, די אַנאַרכיסטן, אַז פאַר געסט וועט מען זיי אין דעם לאַנד פון זייערע חלומות און האָפענונגען אויפנעמען, בלויז ווען זיי וועלן מיטאַרבעטן מיט די באָלשעוויקעס אויף דער גאַנצער ליניע פון זייער פּראָ־

גראַם... זיי, וואָס האָבן אַ לעבן־לאַנג געקעמפט פאַר פולשטענדיקער פרײַהייט, האָבן לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן אויסצוגעפינען, וואָס פאַר אַ פאַטאַלן טעות זיי האָבן געמאַכט. די קעלערן פון דער „טשעקאַ" האָבן אײַנגעשלונגען הונדערטער פון יענע אידעאַליסטן, וועלכע האָבן פרײַוויליק פאַרלאָזט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אויף צו העלפן באַפרײַען די רוסישע פעלקער... זייער ווינציק פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט, אָננעמענדיק די דאָגמעס פון די באָלשעוויקעס (אַוודאי זײַנען אַזוינע אויך געווען). צו די לעצטע האָט געהערט ראַיסקי, און נאַטירלעך, אויך אסתר איז מיטגעגאַנגען. איך האָב זי באַגעגנט אין שאַרגאָראָד אין צײַט פון ביר־גערקריג. זי איז דאָרטן געווען בלויז אַ פּאָר וואָכן. זי האָט פּרובירט מיך באַ־קערן... און כאָטש איך האָב אין יענער צײַט זיך נישט אין גאַנצן פונאַנדערגע־קליבן אין די פּאָליטישע פּאַרטייען, האָט זי אויף מיר קיין אײַנפלוס נישט אויס־געאיבט. טיף אין האַרצן האָב איך רחמנות געהאַט אויף איר. למען האמת, דאַרף מען דאָ דערמאָנען, אַז בלויז אַ קליינער פּראָצענט פון יענע אַנאַרכיסטן האָט זיך אַרײַנגעגאָסן אין דעם נײַעם אַפּאַראַט. ראַיסקי און אסתר האָבן זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן פון בירגערקריג, זיי זײַנען געפאַלן אויפן סיבירער פראָנט, אין קאַמף קעגן קאָלטשאַקן...

פון דער פּאָליטישער דעבאַטע, וואָס אסתר האָט מיט מיר געפירט אין שאַר־גאָראָד, זײַנען מיר פאַרבליבן עטלעכע ווערטער, ווי „אַז מע האַקט דעם וואַלד, פליִען שפּענער"... פאַר מיר איז דער פאַרגלײַך פון מענטשן צו שפּענער אַלע מאָל געווען און איז פאַרבליבן ביז הײַנט צו טאָג אַ חילול הקודש... איך האָב זי דאַן נישט פאַרשטאַנען און איך וואָלט זי מן־הסתם הײַנט אויך נישט פאַרשטאַנען. אָבער דעם אמת מוז מען דאָך זאָגן: זי האָט געגעבן איר לעבן פאַר דעם, וואָס זי האָט באַטראַכט פאַר אַ באַפרײַערישן אידעאַל. איז ווער בין איך זי צו משפּטן?...

## אויך זיי טאָר מען נישט קריוודען...

לויטן גאַנג פון די דערציילונגען ביז אַהער, האָב איך בלויז דערמאָנט צוויי משוגעים: בעניען און זײַן מאַמע פריידען. איך וויל נישט, אַז איר זאָלט בלײַבן אונטערן אײַנדרוק, אַז שאַרגאָראָד איז אַ שטאָט פון לויטער שיינע, גוטע און קלוגע ייִדן, מיט וועלכע מע קען, מע מעג און מע דאַרף אַפילו זיך באַרימען... ניין, נישטאָ אַ זון אָן שאָטן. עס איז אַוודאי צום באַדויערן, אָבער פון אמת קען מען אפשר, נאָר מע טאָר נישט אַנטלויפן. דער שרײַבער פון די זכרונות האָט נישט קיין נטיה און נישט קיין כוונה צו באַהאַלטן עפּעס פון אײַך...

אונדזערע משוגעים ווײַנען נישט אין איין אָרט, אָבער לשם צימצום וועלן מיר זיי באַשרײַבן צוזאַמען. מיר'ן אָנהייבן פון שפּריניעלען. שפּריניעלע איז אַ

שטילע, אָבער שטילערהייט איז זי אַ „באַריידעוודיקע"... גאַנצע טעג פליקט זי פעדערן און גאַנצע טעג רעדט זי. און ווען זי רעדט אַליין צו זיך, רעדט זי גאַנץ קלאָר און צו דער זאַך. און אָט אַזוי ריידנדיק און פליקנדיק, האָט זי אָנגעפליקט פעדערן פאַר אַלע קישנס, קישעלעך, פּיצינקע „ממזרימלעך" און פערענעס (ביי אונדז רופט מען זיי „איבערבעטן") פאַר אַלע כלה־מיידלעך אין שאַרגאָראָד, און פאַר אַלע יענע, וואָס זיינען אַוועק קיין אַמעריקע (עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אַ סך פון מיינע לייענערס שלאָפן אויף די פעדערן, וואָס שפּריניצעלע האָט אָנגעפליקט). און אַלע מאָל, ווען מע ברענגט איר פעדערן צו פליקן פאַר אַ כלה, בעט זי, מע זאָל איר ווינטשן, אַז זי זאָל דערלעבן פאַר זיך אַליין אויך צו פליקן פעדערן. און ווייזט־אויס, אַז דער וואָס איבער אונדז האָט דערהערט איר שטילע באַריידעוודיקע תפילות, און מע האָט פון דער העלער הויט באַמערקט, אַז — — —שפּריניצעלע איז עפּעס פעט געוואָרן אויפן בויך. קיינעם איז גאָר קיין זאַך נישט איינגעפאַלן און מע האָט געמיינט, אַז זי איז קראַנק. מע ווייסט דאָך, אַז פון די עסנס וואָס זי עסט איז מעגלעך צו קריגן אַ געשוואָלענעם בויך, בפרט, אַז אויפן פּנים איז זי געוואָרן שוואַרץ ווי די ערד... גוטע מענטשן האָבן רחמנות געהאַט און זיך פאַראינטערעסירט, געשיקט דעם רופא און געוואַרט צו הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן; גרייט געווען צו קויפן פאַר איר די רפואה וואָס ער וועט פאַרשרייבן. ווען דער רופא איז אַרויסגעקומען פון דעם חדרל, ווו ער האָט זי באַטראַכט, האָט ער קורץ און שאַרף געלאָזט וויסן, אַז שפּריניצעלע דאַרף נישט אים, נאָר לאה די באָבע...

אַזוי ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל זאָל געווען זיך אַראָפּגעלאָזן אויף שאַרגאָראָד. ווען וואָלט עס גאָר געקענט איינפאַלן אַזאַ ווילדע מעשה? און וואָסער נבזיק האָט זיך דאָס געראַדעוועט אויף אַזאַ אומגליקלעכן נפש? נאָר גייט, זייט אַזוי גוט, און פרעגט ביי איר... קיינער האָט ביי איר נישט געקענט פועלן, זי זאָל אויסזאָגן... זי האָט געהאַט איין טענה: זי האָט מורא אויסצוזאָגן, ווייל ער האָט זי געסטראַשעט צו דערהרגענען מיט אַ קצבישן האַק... און גיי טרעף, ווער דער בעל־דבר איז. שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדלעך. ווען שפּריניצעלע האָט זיך באַפרייט פון דער ערשטער שרעק, האָט זי זיך אין גאַנצן געביטן. אויסזאָגן האָט זי טאַקע נישט אויסגעזאָגט, נאָר זי איז געוואָרן פרייילעכער... און כאָטש דאָס קינד האָט ערשט געדאַרפט קומען אין אַ פּאָר חדשים אַרום, האָט שפּריניצעלע אָנגעהויבן פליקן פעדערן פאַר זיך, דאָס הייסט, פאַר איר אייגן קינד... און אָנגעהויבן וויגן די זיפּ אין וועלכער מע פליקט די פעדערן, אַזוי ווי מע וויגט אַ קינדער־וויגל און זינגען דערביי: איי, ליו, ליוליו, ליו, ליו... און ווען זי האָט געזען אין שטוב, צי אין גאַס, האָט זי געהאַלטן אין איין דערציילן און באַרימען זיך, אַז סע וואַרפט זיך... „איי גוט, סע וואַרפט זיך"...

איך ווייס נישט ווען עס איז איינגעפאַלן דער קלוגער געדאַנק, נאָר מיט אַ מאָל איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז שפּריניצעלע וועט באַלד חתונה האָבן... איך זע אין

אײַך, אַז איר זײַט נײַגעריק, עס גייען אײַך — מײַנע שונאים — אויס אַלע חיותן צו טרעפן, ווער איז געווען דער גליקלעכער חתן. איך וועל אײַך נישט ציִען דעם קליאַק פון דיביינער און אים פאַר אײַך פאָרשטעלן...

***

אַנטקעגן דער שול, אויפן באַרג, בײַ איציק חזן, אין אַן אָפּענעם קעלער (איך האָב שיעור נישט געזאָגט — קבר... און עס וואָלט נישט געווען ווײַט פון אמת.) האָט אַ קליין פּיצינקע יידעלע, וועמען מע האָט גערופן ראובעלע קאַוואַל, געהאַט אַ קוזניעלע. איך בין נישט זיכער, צי אַ פויער האָט ווען עס איז פאַרבלאָנדזשעט אַהין צו קאָווען אַ פּאָר פערד, אָבער אַ שטיקל קוזניעלע איז דאָס פאַרט געווען, מיט אַ קאָוואַדלע, מיט אַ קאַרליקל, אַ בלאָזזאַק, כאַטש, ווען איר שלאָגט מיך אַ טאָג און גוט, וואָלט איך אײַך נישט געקענט פאַרזיכערן, אַז אָט דער ראובעלע האָט אַליין, מיט אייגענע כוחות, געקענט אויפהייבן אַ האַמער, סײַדן מיר זאָלן אָננעמען, אַז זײַן זון, וועלכער איז גראָד געווען אַ הויכער און אַ שטאַרקער, האָט אויפגעהויבן דעם האַמער פאַרן טאַטעלען... איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? טויג דאָס ערשט נישט, ווײַל בסך־הכל איז דער זון, דער גרויסער, שטאַרקער און הויכער, געווען אַ געפערלעכער בעל־מום, אַ קאַליקע פון די זעלטענע קאַליקעס, וואָס טרעפן זיך איין מאָל אין אַ שמיטה; אויב איר וועט זאָגן: איין מאָל אין אַ יובל — וועל איך זיך אויך מיט אײַך נישט דינגען. דער בחור האָט, נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר געקוקט צו מערב־צו, בשעת ער האָט געשפּאַנט צו צפון־צו, — אָט אַזוי איז זײַן גרויסער לייבן־קאָפּ אַרײַנגעשרויפט געוואָרן אין זײַנע אַקסלען, בשעת מע האָט אים באַשאַפן... איז ווי האָט ער געקענט קלאַפּן מיט האַמער אויף דער קאָוואַדלע, בשעת די קאָוואַדלע איז אינעווייניק, אין קוזניע, און דער קאָפּ זײַנער, דער לייבן־קאָפּ, וואָלט בשעת־מעשה געקוקט אין דרויסן אַרויס (נישט פאַר אונדז געדאַכט). נאָר אויב איר מיינט, אַז איר זײַט שוין פאַרטיק מיט מיר, מאַכט איר אַ טעות, איר זאָלט מיר מוחל זײַן — אַ גראָבן טעות. איך וואָלט גע־וואָלט בײַ אײַך אַ דערקלערונג: ווי אַזוי האָט דער ראובעלעס זון, געקענט מאָלן חנוכה־קוויטלעך? און אפשר קענט איר מיך אויפקלערן, ווו האָט ער עס געזען די חיות, עופות,ביימער און בלומען, וועלכע עס פלעגט אַזוי פּראַכטיק אויסמאָלן אויף די קוויטלעך? האַ, אַיאַ, איר ווייסט נישט. דער שרײַבער פון בוך ווייסט עס אויך נישט, און ער וואָלט אײַך געגעבן דעם גאַנצן ריווח וואָס עס וועט בלײַבן פון אָט דעם בוך, פאַר אַזאַ ריכטיקער אויפקלערונג... מחמת די פאַנטאַסטישע מאָלע־רײַען, וואָס זײַנען געמאָלן געוואָרן אויף די קוויטלעך, האַלטן אים נאָך עד היום הזה געשפּאַנט און אינטריגירט... דעם אמת דאַרף מען זאָגן, אַז זײַנע קוויטלעך פלעגט מען אין שאַרגאָראָד אַרומטראָגן אויף חידושים... שאַ, און פאַר וואָס בלויז די קוויטלעך? און וואָס הערט זיך מיט די קול־קוראס, וואָס די רבנים לאָזן־אַרויס

ערב פּסח וועגן פאַרקויפן דעם חמץ, אַז מע זאָל קומען אין צײַט און נישט וואַרטן אויף דער לעצטער מינוט ווען עס ווערט אַ „גאַריאַטשקע״, און אַנדערע קהלשע מודעות, אַז עס טרעפט, אַז יצחקל איז נישט בײַ זײַן שטימע... מײַנט איר, ווער האָט געשריבן, נישט דער בעל־מום? איך האָב איך גאָר נישט צו אײַך, וואָס איר ווייסט נישט. און לאָמיר אויף אַ מינוטקעלע פאַרגעסן, אַז איך ווייס אויך נישט ווי אַזוי ער פלעגט אָט די זאַכן באַוויַזן צו טאָן. איין זאַך ווייס איך יאָ, אַז דער מום זײַנער, דער חסרון שבחסרונות איז דווקא געווען אַ מעלה צו אַ שידוך... פאַר אים האָט עס שאַרגאַראַד פאַרשלייערט שפּריניעלען מיטן בייכל. איך שטעל זיך פאָר, אַז געקוקט האָט ער אויף אַן אַנדער בתולה, ווי אַנדערש?...

האָ, וואָס? איר ווילט וויסן ווי אַזוי זיי האָבן זיך געלעבט? אַ דאַנק פאַר נאָכ־פרעגן זיך. ניסים טרעפן אַ מאָל אַפילו אין שאַרגאַראַד... ווי די טײַבעלעך...

**
*

בײַ טאָג זעט מען אים זעלטן. יענקעלע איז אַ נאַכט־משוגענער. שווער צו זאָגן ווו ער פאַרברענגט זײַנע טעג. זײַן קאָנטאַקט מיט שטאָט און מיט מענטשן בכלל איז זייער אַ באַגרענעצטער, זייער אַ לויזער. וואָלטן גוטע מענטשן אים נישט אויסגעזוכט און נישט געגעבן פון אייגענער גוטסקייט און לויט אייגענער איניציאַטיווע, וואָלט ער, מיר דאַכט זיך, קיין מאָל נישט געגעסן. און גלייבט מיר, איך טרײַב נישט איבער: ער טשעפּעט נישט און פאַרטשעפּעט זיך נישט מיט קיי־נעם... און קיינער טשעפּעט אים נישט. ווײַל עלטערע יידן־לצים, וואָס זאָגן זיך נישט אָפּ צו חוזקן פון אַ גאָט־געשטראָפטן, טוען עס נאָר, ווען מע קען אַזוינעם מיט עפּעס דערגאָזען, צערייצן, אַרויסרופן בײַ אים רייד, וואָס מע קען זיך פון זיי גוט אָנלאַכן, משטיינס געזאָגט, הנאה האָבן... נאָר מיט יענקעלען קען אַזאַ זאַך נישט טרעפן. וואָס איר זאָלט אים נישט זאָגן — וועט ער אײַך נישט ענטפערן. רעדט, מײַנע שונאים, צו דער וואַנט! און פּרובירט איר אים אַ שטורכע טאָן, אַ טאָרקע, וועט ער אויפהייבן אויף אײַך זײַנע טרויעריקע אויגן, און בלויז איין קוק טאָן אויף אײַך, און עס וועט אײַך פאַרגיין דער חשק מיט אים זיך צו פאַרנעמען... אָט דער קוק זײַנער, איז נישט קיין סטראַשנער און נישט קיין סטראַשענדיקער, נאָר אַזאַ טרויעריקער, אַז איר דאַרפט האָבן אַ האַרץ פון אַ שטיין, אַ נשמה פון אַ טאָטער, אַז איר זאָלט אַליין אין פאַרשעמונג זיך נישט אָפּטראָגן, אָדער צום ווייניקסטנס פאַרדרייען דעם קאָפּ... וואָס טויג אײַך מער? אַפילו יינגלעך, וואָס גאָט אַליין האָט באַשאַפן, אַז זיי זאָלן נאָכלויפן אַ משוגענעם, זיך רייצן מיט אים, וואַרפן שטיינדלעך און כדומה אָזעלכע נאָבעלע זאַכן טאָן... אַפילו זיי, מײַדן־אויס יענקעלען. מע קען אַפילו נישט זאָגן, אַז עמעצער האָט מורא פאַר יענקעלען. עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן, אַפילו אין די הייסטע טעג פון חודש תמוז, אָדער ווען עס איז אַ פולע לבנה־נאַכט, אַז יענקעלע זאָל אַרויס פון די כלים און זיך

כאַפּן שלאָגן, חלילה־וחס... שאַט, איך בעט אײַך! פּאַר וואָס זשע רופט מען אים יענקעלע וואַרגער? אָט טאַקע דאָס פרעג איך זיך אַליין, און עלטערע מענטשן פון מיר, נאָר קיינער, קיינער קען מיר קיין ענטפער נישט געבן...

נאָר אַז איר וועט אין אַ פינצטערער נאַכט, ספּעציעל אָסיען־צײַט, ווען אַ מי־אוסער. קאַלטער, ווײַנענדיקער ווינט שמײַסט אַ רעגן אין די שויבן פון די פענצ־טערס, ווען איר וועט צוזאַמען מיטן רויש פון ווינט און טרויעריקן טריפן פון די טראָפּנס רעגן אין אײַערע פענצטערס, הערן אַ מוראדיק קול יאָמערן און וויינען מיט אַ ניגון און יללות, ווי ווען מע באַוויינט אַ טויטן: „אוי, אוי, אוי, ווער האָט מיר געהייסן עסן גראַז! אוי, אוי, אוי, ווער האָט מיר געהייסן עסן גראַ־אַ־אַ־ז"!... אַז איר הערט אָט דעם געיאָמער — זײַט וויסן, אַז דאָס איז דער אומגליקלעכער משוגענער יאַנקעלע וואַרגער...

* * *

אַז איר באַגעגנט אַ מאָל אין שאַרגאָראָד אַ נפשל, אַ דאַרס, אַ קוואַרס, אַ קליינס, אַ דיגס, אַ געשטופּלטס און עס אײַלט זיך, שפּאַנט אַ מײַל אַ מינוט. און ווילט איר דאָס נפשל אָפּשטעלן, לאָזט זיך דאָס נישט. ס'איז שטאַרק פאַרנומען... זאָלט איר וויסן זײַן, אַז דאָס איז עזריאַליקל דער משוגענער. כאָטש איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז משוגע איז ער נישט אין קיין הינזיכט. איר זאָלט אים הערן זיך אי בעטן, אי אויסטענהן מיטן רב יעדן שבת־צו־נאַכטס נאָך הבדלה, וואָלט איר אים גאָר געגעבן אַ דיפּלאָם פון אַן אַדוואָקאַט. קוקט מיך נישט אָן אַזוי ווי איך וואָלט אַרונטערגעפאַלן פון דעם שטערן מאַרס... איך רייד נישט פון וועג... אַז איר וועט אויסהערן ביזן סוף און וועט אויפהערן טרעפן און ספּעקולירן, וועט איר זיך איבערצײַגן, אַז יענעם איז גרינג זיך אָפּצוזאָגן: עזריאַליקל דער משוגע־נער... עס קאָסט זיי טײַער, אָט די זאָגערס? אַליין האָט מען חתונה געהאַט, מע מאַכט שוין באַלד חתונה אייגענע קינדער און נאָר דער איינציקער „גיעסטשאַסט־נער" עזריאַליקל איז געבליבן אַ בחור — אָן אַ ווײַב, אָן אַ טלית, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד. עלנט, איינער אַליין, אויף גאָטס וועלט... און ווי לאַנג קען ער נאָך וואַרטן עזריאַליק? „תנחום, דער באַגרעבער, אַ רוח אין זײַן טאַטנס פּריסטאַטנס טאַטן אַרײַן ביז אַברהם אָבינו און נאָך ווײַטער, שנײַדט זיך שוין די פוילע ציינד־לעך אויף מיר... נאָר אַ מכה!... אַזאַ גרויס שטיק גאָלד זאָל איך נאָך האָבן, ווי אַ גרויס שטיק ווײַב איך וועל נאָך האָבן, און איר וועט זי מיר נאָך אַליין געבן און זיך בעטן בײַ מיר, אַז איך זאָל מיט איר שטעלן אַ חופּה אויפן בית־עולם. אַלע מײַנע שונאים אויף צעפּיקעניש, איר'ט זען. דער רבונו־של־עולם וואַרט לאַנג, נאָר ער איז אַ גוטער צאָלער, איז ער. עס גייט אויף אײַך אַזאַ „פּאַהיבל", אַזאַ מגפה, אַז איר וועט נאָך בײַ מיר קײַען די ערד און זיך בעטן אויף די קני, איך זאָל אײַך ראַטעווען..."

— אַזוי טענהט עזריאליקל, ווען עמעצער פון די פּוסיפּאַקעס פּאַרטשעפּעט אים אין מיטן מאַרק און צערייצט אים שטאַרק. נאָר כדי איר זאָלט נישט לעבן אין דער פינצטער, דאַרף מען אײַך דאָ דערקלערן, אַז ווען עס ברעכט־אויס אין אַ שטעטל אַן עפּידעמיע, אַ מגפה און מע וויל זי אָפּשטעלן, איז דער מנהג, אַז מע מאַכט חתונה אויפן הייליקן־אָרט אַן אָרעם פּאָרל. קהל גיט זיי נדן, אַ שטיבל צו וווינען און חתונה־מתנות. נישט איין האָפּענונגלאָז ייִדיש פּאָרל איז אַזוי אָרום געהאָלפן געוואָרן... אָבער מיט עזריאליקן גייט דאָס נישט. די גרעסטע פּאַרזעע־ניש אין שאַרגאָראָד, די ערגסטע קאַליקע מיידל האָט נישט אײַנגעשטימט, איז נישט מרוצה געווען חתונה צו האָבן מיט אָט דעם עזריאליקלען. וואָס דאַרפט איר מער — אַפילו גיטעלע די פרידורקעוואַטע, וואָס ווינט צוזאַמען מיט איר ברודער געציע דעם ווערטלזאָגער, און וואָס זיי זײַנען ביידע יתומים: ער — אַ יתומל פון אַ יאָר 50, און זי — אַ יתומה, נעבעך, פון אַכט און פערציק. איז ער, דער געציע, אַרבעט עבודת־פּרך בײַ אַלע שוואַרצסטע, שווערסטע אַרבעטן און זאַמלט נדן פאַר זײַן שוועסטער — די אומגליקלעכע יתומה, און זי האַלט אים אין איין בעטן: ער, דער ברודער, זאָל מיט איר חתונה האָבן, כדי דער נדן זאָל נישט אַרײַנפאַלן אין פרעמדע הענט (אַ מכה זיי!...). אַפילו זי, וויל נישט הערן פון אָט דעם עזריאליקן. אַזאַ פינצטער מזל!...

***

איר האָט שוין אויבן געהערט זײַנע טענות, ווען עמעצער פּאַרטשעפּעט אים, דעם עזריאליקלען. אָבער מע קען נישט זאָגן, אַז עזריאליקל וואַרט ביז עמעצער וועט אים אונטערטראָגן אַ כלה אויף אַ טאַץ. ער וואַרט נישט אויף קיין כבוד... יעדן שבת נאָך הבדלה לויפט ער אַרײַן צו עקיבא דעם רב (צו די אַנדערע צוויי רבנים האָט ער נישט קיין דריסת־הרגל; יענע זײַנען שטרענגע און בייזע. ר׳ עקיבא — ווייסט ער — איז אַ גוטער...).

אַז דער רב דערזעט אים, הייסט ער מעכליען, זי זאָל אים געבן אַ גלאָז הייסע טיי מיט אײַנגעמאַכטס און אַ שטיקל שבתדיקע חלה. נאָר עזריאליקל טענהט אַז מיט דער טיי וועט מען אים נישט אָפּקויפן; ער איז געקומען צום רב נישט טיי טרינקען...

און עס קומט פאָר צווישן עזריאליקלען און דעם רב אָט אַזאַ מין שמועס. מיר׳ן דאָס אײַך געבן וואָרט־אין־וואָרט.

דער רב: וועגן וואָס דען ביסטו געקומען?

עזריאליקל: רבי, איר ווייסט וועגן וואָס איך בין געקומען. פון יענער וואָך האָט איר שוין פאַרגעסן?

דער רב: אַז מע איז אַ רב אין שאַרגאָראָד — מיט קיין עין־הרע אַזוי פיל

יידן מיט שאלות, מיט דין־תורהס, מיט אייגענע דאגות, קען מען אַ מאָל פאַרגעסן אויך...

עזריאליקל: נו, אויב איר האָט פאַרגעסן, וועל איך אײַך דערמאָנען. איך וויל חתונה האָבן, וויל איך...

דער רב: נו, איז ווער לאָזט דיך חלילה נישט?...

עזריאליקל: רבי, גאָט איז מיט אײַך. ווער וועט מיך נעמען?...

דער רב: איז וואָס קען איך דיר דאָ העלפן? דו ווייסט דאָך, אַז ראשית בין איך אַ מין, אַ זכר, הייסט עס, והשנית האָב איך שוין חתונה געהאַט. (דערלויבט זיך דער רב אַ גרינג ליצנותל).

עזריאליקל ווערט אויפגערעגט און שיסט אויס: — רבי, איר ווייסט גאַנץ גוט, וואָס איך וויל און וואָס איך מיין. איך וויל, אַז שטאָט זאָל מיך חתונה מאַכן...

דער רב: עזריאליק, מאַך זיך נישט נאַריש. שטאָט מאַכט חתונה בשעת אַ צרה, רחמנא־ליצלן, זאָל גאָר די שעה נישט זײַן; אל תפתח פה לשטן...

עזריאליקל: רבי, איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. אָט וועל איך אײַך אויסרעכענען: צוריק מיט צען יאָר איז אַרומגעגאַנגען די די־זענטעריע, האָט מען מיך נישט חתונה געמאַכט; צוריק מיט זיבן יאָר זײַנען קינ־דערלעך געפאַלן, ווי פליגן, פון שקאַרלאַטין — האָט עס מיר נישט געהאָלפן... פאַר פינף יאָרן האָט געבושעוועט דיפטעריע — און אין קול ואין עונה; און אַפילו דער טיפוס, וואָס האָט אָנגעכאַפּט גאַנץ שטאָט פאַר אַ יאָרן — האָט עפּעס גע־האָלפן? אַדרבא, זאָגט אַליין — איז דאָס אַ יושר? ווי לאַנג נאָך קען איך וואַרטן?

דער רב האָט נישט דאָס האַרץ אים צו זאָגן, אַז קיינער וויל אים נישט, און ער אַליין, עזריאליק, האָט זיך שוין סײַ ווי סײַ „אויסגעשאָסן". טראַכט ער זיך, ער וועט אים אַריבערפירן אויף די שליאַכן פון בטחון, פון אמונה, און גיט אים צו פאַרשטיין, אַז עס איז נישט שיין צו וואַרטן אויף יענעמס אומגליק פאַר דעם איי־גענעם גליק; אַז דער אייבערשטער אַליין איז דער בעסטער און קליגסטער שדכן... אַז ער איז דער סאַמאָראַדנער מזווג זיווגים; אַז וואָס עס איז אים באַשערט, וועט אם ירצה השם קומען אין דער ריכטיקער צײַט; אַז 40 טעג איידער אַ קינד ווערט געבוירן, שרײַט אַ בת־קול אויס אין הימל „בת פלוני לפלוני..."; אַז זאָל ער זיך באַרויִקן און גלייבן אין השם־יתברך...

עזריאליקל האָט שוין זיך געהאַט אַ ביסל באַרויִקט, נאָר ווען ער האָט דער־הערט וועגן די 40 טעג פאַרן געבוירן, און וואָס מע שרײַט־אויס אין הימל, צע־שפּילט זיך אין אים דער כעס אויף ס'נײַ און ער הייבט־אָן שרײַען ווי אַ מטורף, נישט מיט זײַן קול: „רבי, סע נישט אמת, אַז וועגן מיר האָט מען עפּעס אויסגע־שרײַען אין הימל... מיך האָט מען פאַרגעסן. איך וועל אין גאַנצן אויפהערן דאַוונען; איר הערט, צי ניין?! אַ גאָט וואָס קען מאַכן אַ טעות און פאַרגעסן, וויל איך צו

אים נישט דאַוונען!... און אויף די שאַרגאָראָדער יידן זאָל קומען אַ „פּאָהיבל" און איך זאָל דאָס נאָך דערלעבן, גאָטעניו ליבער..."

***

אויב איר מיינט, אַז מיט אָט די טענות איז עזריאַליקל אָפּגעקומען, מאַכט איר, איר זאָלט מיר מוחל זיין, אַ גרויסן און גראָבן טעות... איר מעגט דאָס האָרכן, עס וועט אייך אפשר אַ מאָל צו נוץ קומען. ווייל איר מיינט דאָך, אַז אַ שטרייק, אַ זאַבאַסטאָווקע, איז אַ זאַך וואָס טרעפט בלויז צווישן באַלעבאַטים און אַרבעטערס, אָדער, ווי די היינטיקע זאָגן דאָס — צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט. ווייס איך וואָס! מיר האָבן שוין אין שאַרגאָראָד, מאָלט אייך, געהאַט אַ שטרייק פון אַ גאָר אַנדער סאָרט. און דער שטרייקער איז טאַקע געווען אונדזער עזריאַליקל. איז אָט הערט אַ שיינס. איין מאָל אין אַ שיינעם זומערדיקן אין דער פרי, ווען דער ערשטער מנין איז אַרויס פון שול נאָכן דאַוונען, האָט מען באַמערקט אונדזער עזריאַליקלען זיצן אויפן דאַך פון אַלטן בית־המדרש, ביים סאַמע קוימען, און שרייען גוואַלד. אַז מע האָט אַרויפגעשריגן צו אים און אים געפרעגט, וואָס עס האָט אים געטראָפן און וואָס ער טוט דאָס אויפן בית־המדרש־דאַך? האָט ער נישט געענטפערט, נאָר געהאַלטן אין איין שרייען גוואַלד! און גוואַלד! און נאָך אַ מאָל גוואַלד!... עס פאַרשטייט זיך, אַז מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עס איז געוואָרן אַ געזעמל. און ווען דער בעל־דבר האָט געזען, אַז ער האָט שוין אַ האַלבע שטאָט אַלס צוקוקערס, האָט ער אָנגעהויבן שרייען: „גוואַלד יידן, מאַכט מיך חתונה!"... עס איז מן־הסתם אויסגעבראָכן דאָס גרעסטע געלעכטער. איר מעגט זיך פאַרשטעלן, אַז זינט שאַרגאָראָד איז אַ שטאָט האָט מען דאָרטן אַזוי נישט געלאַכט. מע האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן... עזריאַליקל האָט זיך די יידן געלאָזט אָנלאַכן וויפל עס איז אין זיי אַריין... ווען זיי האָבן זיך אַ ביסל איינגעשטילט, האָט עזריאַליקל געבעטן, מע זאָל אים אויסהערן. עולם האָט אָנגעשטעלט די אויערן. און אָט וואָס עזריאַליקל האָט געזאָגט: „איר זאָלט וויסן זיין, אַז עס איז מיר נמאס און מיאוס געוואָרן דאָס וואַרטן אויף אַ מגפה. אָט דאָ וועל איך זיצן דריי טעג, אָט אַזוי פיל האָט איר צייט צו קריגן פאַר מיר אַ כלה. אויב אין דריי טעג קריגט איר מיר נישט קיין כלה, וועל איך זיך אַראָפּוואַרפן פון דעם בית־מדרש־דאַך און מיין בלוט זאָל פאַלן אויף אייערע קעפּ. פּרוווט נישט מיט געוואַלט מיך אַרונטערנעמען פון דאַנען. אַזוי גיך ווי איך וועל זען עמעצן וואָס וועט וועלן אַרויפקומען אַהער, וועל איך זיך אַראָפּוואַרפן"... דער עולם האָט אַפילו פּרובירט זיך אַ וויצל צו טאָן, נאָר מע האָט געזען אַז דער בעל־דבר איז טויט־ערנסט...

***

שטאָט האָט זיך גערודערט. מענטשן זיינען געווען באַזאָרגט. מע קען קיין מאָל נישט וויסן, וואָס אַ משוגענער וועט אָפּטאָן. און ווי זאָגט איר, אויף אַ קעצל

אַפילו וואָלט אויך געווען אַ רחמנות, בפרט אַ לעבעדיקער נפש! זאָל זיַין, אַז דער נפש איז בלויז אַן עזריאַליקל... מע האָט געזוכט עצות. געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געראָטן צו לאָזן וויסן דער "וולאַסט". אַנדערע האָבן אָפּגערעדט דער־פון. עס האָט געזאָטן ווי אין אַ קעסל.

גלייבט, אָדער גלייבט נישט. בלויז איין מענטש אין שאַרגאָראָד האָט זיך צום האַרצן נישט גענומען אָט דעם מאָדנעם שטרייק. און פּרובירט טרעפן, ווער דער איינער איז געווען, עס וועט זיַין אַן אומזיסטע טרחה. איר וועט נישט טרעפן. דער איינער איז געווען יאַנקעלע וואַרגער, דער משוגענער, וואָס איז דאַכט זיך ביַי טאָג קיין מאָל אויף דער גאַס נישטאָ און וואָס רעדט מיט קיינעם נישט אויס קיין וואָרט... בעת דער עולם האָט זיך געררודערט, איז ער פון ערגעץ אָנגעקומען, באַטראַכט דעם שטריַיקער, דעם זאַבאַסטאָווטשיק וואָס סטראַשעט זיך אַראָפּצו־וואַרפן פון דאַך, און אַ זאָג געטאָן מיט דער גרעסטער רויִקייט וואָס קען נאָר געבן: "ייִדן, נעמט זיך נישט צום האַרצן. ער וועט זיך נישט אַראָפּוואַרפן פון קיין דע־כער... זיכער נישט איצט, פאַר דער חתונה; אפשר, אַמאָל, שפּעטער, העט נאָך דער חתונה וועט ער טאָן אַזאַ זאַך. דעמאָלט וועט ער אפשר האָבן אַ גוטע סיבה דאָס צו טאָן. גלייבט מיר, איך ווייס וואָס איך רייד"... מער האָט יאַנקעלע נישט גערעדט און נישט געזאָגט קיין איין וואָרט, זיך אויסגעדרייט און נישט־געוואָרן... לאַכט נישט! מענטשן האָבן זיך עפּעס ווי באַרויִקט און זיך אָנגעהויבן צו צעגיין... עזריאַליקל האָט געזען ווי דער עולם צעגייט זיך און האָט נאָך אַ ביסל געוואָרט אויבן אויפן דאַך, אָבער נישט צו־לאַנג. אַזוי גיך ווי דער לעצטער פון די פאַר־זאַמלטע האָט זיך אָפּגעטראָגן, האָט ער זיך פּאַוואָלינקע דערנענטערט צום סאַמע ראַנד פון דאַך — — — און אויף אַ רינווע האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט און אַוועק זיַין וועג. איר שפּילט זיך מיט אַמאָליקע רינוועס, — איַיזן שטאַרק זיַינען זיי גע־ווען...

טשיקאַווע איז, אַז אָט דער עזריאַליקל פלעגט לייענען מעשה־ביכלעך, ראָ־מאַנען וועגן פּרינצן און פּרינצעסינס, פלעגט מיטלעבן מיט די העלדן אַלע זייערע פרייד און לייד און אויך אין שאַרגאָראָד האָט ער געוווּסט פון אַלע שווערע הער־צער. נישט געווען פאַר אים, אויפן ראָמאַנטישן געביט, קיין סודות, קיין פאַר־הוילנקייטן, נישט וויַיל עמעצער האָט אים עפּעס דערציילט אָדער פאַרטרויט זיך פאַר אים (נאָך דאָס האָט געפעלט), נאָר עפּעס האָט ער געהאַט אַ פאַרבאָרגענעם חוש פאַר אָט די ראָמאַנטישע ענינים... אַ שאָד וואָס איך ווייס נישט, וואָס פון אים איז געוואָרן.

מרדכי קופּער

# ליבע די משוגענע

ליבע איז געווען, אין דער צייט וואָס איך האָב זי געקענט און ווי איך געדענק זי, אַ פרוי פון יאָר זעכציק אָדער עלטער. ליבע איז געווען אַ שוויַיגעריק. נישט זי האָט גערעדט צו יענעם, נישט צו זיך, ווי עס טוען דאָס די מערסטע משוגעים... בײַ טאָג פלעגט זי זיך אויפהאַלטן נעבן די לאַדאָוועצערס אַריינפאָר־הויז. אַ גאַניק איז דאָרטן געווען, פלעגט זי זיצן דאָרטן אין אַ ווינקל... בײַנאַכט פלעגט זי שלאָפן ערגעץ אין דעם גרויסן טויער, וווּ עס זײַנען געשטאַנען די פערד און וועגענער...

אָנגעטאָן איז ליבע געווען אָרעם, אָבער ריין און אַנדערש ווי געוויינטלעכע אָרעמע ייִדענעס. עפּעס פון דעם אָרעמען „אָביאָר" (הלבשה) האָט דאָך געשמעקט מיט אַמאָליקער גבירעשאַפט. אַ מאַנטילקע, אַ שאַרפע, טאַקע פון דער באָבע טאָל־ציעס צײַטן, נאָר אַ זכר פון ווילטיק איז דאָס פאָרט געווען...

ליבע פלעגט מיט קיינעם נישט האָבן קיין מגע־ומשא. האָט ווער איר עפּעס געגעבן צו עסן, האָט זי גענומען און געדאַנקט. האָט מען פאַרגעסן אין איר און איר גאָר נישט געגעבן — האָט זי געמאָנט, קיין תרעומות נישט געהאַט, קיינעם קיין מאָל נישט דאַקוטשעט... ביז — — עס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ייִד אַ פּאַס־קודניאַק, אָדער אַ ייִנגל אַ יאַבעדניק, וועלכער פלעגט צו גיין נאָענט צו איר און אַ זאָג טאָן: „ליבע, זאָג דודו!"... מער האָט מען נישט באַדאַרפט... ליבע פלעגט ווערן אַן אָנגעצונדענע און אָנהייבן שרײַען און שעלטן אויף די העכסטע קולות און מיט די שוידערלעכסטע קללות, וואָס אַזעלכע וועט איר אַפילו אין דער תוכחה נישט געפינען... נישט איר האָט ווען עס איז געהערט אַזעלכע קללות און נישט איך ווינטש אײַך, אַז איר זאָלט אַזוינע הערן אין אײַער לעבן... אָט דער קאָשמאַר, אָט דער טעראָר האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. זי פלעגט נישט עסן, נישט טרינ־קען, נישט שלאָפן און די גאַנצע גאַס נישט לאָזן שלאָפן, נאָר שיטן מיט קללות און חרמות, פון וועלכע מע וואָלט געקענט גאַנצע קללות־ווערטערביכער צונויפֿ־מענשטעלן...

איך ווייס, אַז ווען איך לאָז עס איבער פאַר אײַך, כ׳מיין, צו אײַער אייגענער פאַנטאַזיע צו טרעפן, פאַר וואָס אַזוינע פּשוטע צוויי ווערטער, ווי „זאָג דוד" האָבן געקענט אַרויסרופן אַזאַ תוכחה־פאַרפלייצונג, וואָלט איר גלײַך „סאָטשיניאַיעט" * אַ גאַנצע פאַנטאַסטישע מעשה וועגן אַ הייסער ברענענדיקער ליבע צווישן אַ בחור אַ קראַסאַוועץ, וואָס האָט געהייסן דוד און אַ שיין יונג מיידל, וואָס האָט געהייסן ליבע, און ווי אָט דער שורקע דוד האָט דאָס מיידל, נעבעך, „איזמעניאַיעט", אַנט־לאָפן מיט אַ שיקסע דרײַ טעג פאַר דער חתונה און זיך נאָך אפשר אַ ביסינקע געשמדט... איז דאָס מיידל אַראָפּ פון זינען, די עלטערן אירע זײַנען פון גרויס

* פאַרפאַסט.

עגמת־נפש פון דער וועלט געגאַנגען פאַר דער צײַט, און אַט די איצטיקע ליבע, די משוגענע, איז דאָס די אַמאָליקע פאַרליבטע און אָפּגענאַרטע... און אַז מע הייסט איר זאָגן „דוד", ווערט זי איין שטיק פּײַער און ווילד און איז גרייט אײַך דורס צו זײַן און אײַך פאַרשרפענען מיטן מויל... אײַער מעשה וואָלט אפשר געווען אַ שענערע ווי מײַנע, אײַער שפּעקולאַציע וואָלט אפשר געווען אַ לאָגישע, אַ שכל־דיקע. נאָר פון אמת וואָלט זי געווען אַזוי ווײַט ווי עס איז ווײַט דער מהלך פון מזרח צו מערב און אויף צוריק...

אײַ, וועט איר דאָך פרעגן, וואָס זשע פאָרט פאַר אַ בראַנד ליגט אין די פאָר ווערטער, וואָס וואַרפט נעבעך די אָרעמע פרוי אַרײַן אין אַזאַ טעראָר, אין אַזאַ ברענענדיקן גיהנום? זעט איר, אַט אַזוי האָב איך אײַך ליב. איך האָב ליב, אַז מע פאַרלויפט מיר נישט דעם וועג און מע לאָזט מיך דערציילן, וואָס איך ווייס אַליין פון געדענקען, אָדער וואָס באַגלייבטע מענטשן האָבן מיר דערציילט...

**
*

און אָט האָט איר די אמתע מעשה:

מיט יאָרן און יאָרן צוריק איז אָט די ליבע געווען אַ יונג מיידל, אַ גבירישע טאָכטער. אַ מיידל מיט זעלטענע מעלות, געהאַט אַ קאָפּ אויף זיך פון אַ מיניסטער. זי איז געווען געראָטן אין יעדער הינזיכט, באַקומען אַ גוטע דערציִונג, סײַ אין יידישן טראַדיציאָנעלן, סײַ אין וועלטלעכן וויסן, וואָס אין יענער צײַט האָבן אַפילו בחורים נישט געקראָגן... דער טאַטע אירער איז געווען אַ חסידישער ייד, פלעגט פאָרן צום טאַלנער רבין (ר' דודל טאַלנערס אַן אייניקל, דאַכט זיך) און אַז דער רבי פלעגט אַ מאָל קומען קיין שאַרגאָראָד, פלעגט ער אײַנשטיין בײַ איר טאַטן. מאַכט זיך איין מאָל, דער רבי איז געקומען קיין שאַרגאָראָד און גאַנץ שטאָט האָט זיך געקליבן צו „פּראָווען" זיך בײַם רבין; קומען, ווער גלאָט צו נעמען שלום (מקבל שלום זײַן), ווער מיט חולאתן, ווער מיט אַ בקשה אויף קינדער־האָבן מיט אַ ווײַב אַן עקרה, וואָס גאָט האָט פאַרמאַכט איר טראַכט... (אמתע טאַלנער האָבן געגלייבט, אַז צדיק גוזר והקדוש ברוך הוא מקיים...), ווער מיט צער גידול־בנים, און ווער גלאָט מיט אַ שווער האַרץ. אַ נאָווינע שווערע הערצער בײַ יידן...

דער מנהג, דער אײַנפיר פלעגט זײַן, אַז די ערשטע צו „פּראָווען" זיך זײַנען נאַטירלעך געווען דער גביר מיט זײַנע בני־בית. נאָר ווען עס איז געקומען צו דער ליבען, האָט זי זיך אײַנגעשפּאַרט, אַז זי וויל נישט אַרײַנגיין מיטן טאַטן צום רבין... „פאַר וואָס, טאָכטערשע?" — האָט געפרעגט דער טאַטע. „דערפאַר, וואָס איך גלייב נישט אין קיין רבין און אין די נאַרישקייטן..." דער טאַטע אירער איז געוואָרן אויסער זיך פון דער חוצפה און האָט ליבען אויף דער הייסער מינוט אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש... אָט דאָס האָט ליבען אין גאַנצן אַרויסגעפירט פון גלײַכ־געוויכט און זי האָט דעם טאַטן אַ וואָרף־געטאָן אין פּנים אַרײַן אָט וואָס: „ביז

איצט האָב איך געדענקט, אַז דאָס גאַנצע חסידות איז בלויז אַ נאַרישקייט, נאָר איצט האָב איך זיך איבערגעצײַגט, אַז עס איז אמתע משוגעת..." דער פּאָטער ליי־בעס האָט אָנגעהויבן שרײַען, מאַכן גוואַלדן. דער רבי האָט אין זײַן חדרל דער־הערט די גוואַלדן און האָט געעפנט די טיר, דערזען די אויפרעגונג, די בהלה, האָט דער רבי זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן וועגן דער סיבה פון דער קריגערײַ... דער פּאָטער האָט נישט געקענט באַהאַלטן, צי אין זײַן פּאַנאַטישקייט נישט געוואָלט באַהאַלטן פון זײַן רבין, וואָס דאָס מיידל האָט נאָר וואָס גערעדט וועגן חסידות, וועגן דער „אמתער משוגעת". בײַם רבין האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַ קללה: „אַז משוגע זאָלסטו ווערן!..."

ליבע איז אויפן אָרט משוגע געוואָרן. מע קען זיך פאָרשטעלן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן סײַ בײַ איר משפחה, סײַ אין שטאָט. מע איז געלאָפן צו דאָקטוירים, מע האָט זי אַפילו אַ שטיק צײַט געהאַלטן אין וויניצע אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט... נאָר זי איז נישט געוואָרן בעסער... איר טאַטע האָט זי געוואָלט פירן צו דעם זעל־ביקן רבין, וואָס האָט זי פאַרשאָלטן... נאָר אַז זי פלעגט דערהערן דאָס וואָרט „רבי", פלעגט זי ווערן ווילד און מע האָט זי נישט געקענט אײַנשטילן. ביז איין מאָל, אין אַ גוטער מינוט, ווען זי איז אַ ביסל שטילער געוואָרן, האָט זיך איר מאַמען אײַנ־געגעבן — דורך געבעט, געוויין און אַ סטראַשונעק, אַז זי, די מאַמע, וועט זיך נעמען דאָס לעבן — ליבען איבערצוריידן צו פאָרן צום רבין... געקומען אַהין, האָט דער רבי דערקלערט, אַז ווען ליבע זאָל אים אַליין געוועזן באַליידיקן, וואָלט ער איר געקענט מוחל זײַן, און וואָס אים איז נוגע, איז ער איר מוחל במחילה גמורה, נאָר זי האָט באַליידיקט חסידות און דאָ האָט ער נישט קיין כוח עפּעס צו טאָן... סײַדן זי זאָל זאָגן איין וואָרט — דאָס וואָרט איז „דוד", דער הייליקער נאָמען פון ר' דודל טאַלנער — זײַן זיידע... און אין זכות פון דעם איינעם וואָרט, פון אָט דעם נאָמען, וועט זי געגעזן ווערן, קריגן אַ רפואה שלימה... ווען ליבע האָט דערהערט דעם נאָמען, איז זי געוואָרן אַזוי ווילד, אַז זי האָט זיך גענומען ברעכן פענצטערס... דער רבי האָט אָנגעזאָגט די עלטערן, אַז ווען זי זאָל נישט זאָגן דאָס וואָרט, דעם נאָמען „דוד", וועט זי געזונט ווערן... נאָר נישט די עלטערן בײַם לעבן, נישט קיי־נעם נאָך זייער טויט האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַוועגן ליבען צו דערמאָנען אָט דעם נאָמען. אַפילו ווען עס איז איר אויסגעקומען צו רופן אַן אַנדער ייִד בײַ אָט דעם נאָמען, וואָס האָט מיטן רבין גאָר קיין מינדסטע שייכות נישט געהאַט, ווי, למשל, דוד מילמאַן, דוד שנײַדער, דוד פון דעם פעלד — פלעגט זי זאָגן: משה מילמאַן, חיים שנײַדער, אָדער יענקל פון דעם פעלד...

עד היום שטייט זי מיר פאַר די אויגן אָט די אומגליקלעכע.

## סעם זמורה —

# איז געקומען אַ ייִנגל קיין אַמעריקע...

„איטע פּיטע לאַשיק,
דאַי באַבוניע קאַשיק.
מענדל־הערש האָט אַ פערד,
איטע פּיטע ליגט אין דר׳ערד..."

אָט דאָס לידל האָבן געקענט און געזונגען אַלע קליינע קינדער אין שאַרגאָ־ראָד — אַזוי גיך ווי זיי האָבן אָנגעהויבן ריידן. פון וואַנען עס שטאַמט דאָס לידל, ווייס איך נישט גענוי. איך קען אײַך בלויז פאַרזיכערן, אַז איך האָב — ווען איך בין געווען אַ קליין ייִנגל — זיך געפרעגט בײַ פיל שאַרגאָראָדער, וואָס האָבן גע־מעגט וויסן דעם אָפּשטאַם פון דעם לידל. מענדל־הערש, וועמענס נאָמען עס ווערט דערמאָנט אין דעם לידל, איז נישט קיין פיקציע, נישט קיין אויסגעטראַכ־טער נאָמען. אַפילו איר, מײַנע לייענערס, קענט אים שוין אַ ביסל פון מײַנע פריִער־דיקע דערציילונגען. אָבער קיין ריכטיקן ענטפער האָב איך אין יענע יאָרן בײַ קיינעם נישט געקענט קריגן. אייניקע האָבן מיך אָפּגעפּטרט מיט גלאַט „איך ווייס נישט"; אַנדערע מיט „דריי מיר נישט קיין קאָפּ"... געווען אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז ווען איך זאָל זיך אַזוי אינטערעסירן מיט אַ פּסוק חומש מיט רש״י, ווי איך טו דאָס מיט נאַרישקייטן, וואָלט איך אויסגעוואַקסן אַ גאון עולם... דער זיידע אַברהם האָט דאָס געמאַכט צום גלאַטסטן. קודם־כל האָט ער מיך גלײַך געמאַכט פאַר אַן „אַלטן זכות" (אפשר ווייסט איר, וואָס דאָס מיינט?) און נאָך דעם מיר אַ סטראַשע געטאָן מיט דעם, אַז אויב איך וועל זיך גריבלען אין אַזעלכע נאַרישקייטן, וועט מיר גאָר גיך אָנוואַקסן אַ באָרד, און נאָך אַ גרויע דערצו... איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז פון אַזעלכע ענטפערס ווערט מען אויף אַ האָר נישט קליגער, און צו מער וויסן איז דאָס אויך נישט קיין סגולה. נאָר אַז איר וועט מיך אַ בעט־טאָן, וועל איך אײַך דערציילן, צו וואָס איך האָב זיך אַליין דערטראַכט, ווען איך בין אַ קאַפּעטשקע אונטערגעוואַקסן און האָב מענדל־הערשן בעסער געקענט

(מיר האָבן געוווינט אונטער איין דאַך). ער איז שוין דאַן געווען אַן עלטערער מענטש און אַ ייִד אַן עושר. אַוודאי דאַרפט איר דאָס נישט אָננעמען פאַר תורת־משה, ווײַל דאָס, צו וואָס איך האָב זיך אַליין דערטראַכט, איז גאָלע פאַנטאַזיע, ריינע אויסטראַכטעניש. נישט מער, וואָס שרײַבערישע פיקציע האָט די מעלה, וואָס אויב אַפילו עס האָט נישט פונקט אַזוי פּאַסירט, האָט דאָס אַזוי געקענט טרעפן... און אָט צו וואָס איך האָב זיך אַליין דערטראַכט: אַז מענדל־הערש איז געווען אַ קלעזמער, ווייסט איר דאָך — האָט איר זיך איינס אַוועק; אַז קלעזמערס זײַנען ראָמאַנטישע מענטשן — איז אַ זאַך וואָס קיינער קען נישט אָפּלייקענען; אַז מענדל־הערש איז געווען אַ קראַסאַווען — האָט געקענט זײַן קלאָר אַפילו פאַר יענע, וואָס האָבן אים געקענט שוין אויף די עלטערע יאָרן; אַז ער האָט ליב גע־האַט שיינע פערד — האָט קינד־און־קייט געוווּסט, ווײַל ער איז אפשר געווען דער איינציקער ייִד אין שאַרגאָראָד, וואָס האָט פאַרמאָגט (אַחוץ דעם דאָקטער סמאָ־ליענסקי) אַ פערד מיט אַ בריטשקעלע, וואָס מע האָט געדאַרפט גיין אויף חידו־שים זען. אַז איר ווייסט די אַלע זאַכן, איז אײַך שוין נישט שווער זיך צו דער־שלאָגן צו דעם מיין און תמצית פון דעם לידל. אַוודאי דאַרפט איר אַ ביסעלע פאַנטאַזיע, אָן דעם גייט עס נישט... און אָט האָט איר זי, די מעשה: פאָרט זיך מענדל־הערש אַזוי געמיטלעך אין מאַרק אויף זײַן בריטשקע און באַמערקט אַ מיידל אָדער אַ ווײַבל, וועלכע הייסט איטע (זי האָט געדאַרפט זײַן אַ יפת־תואר, אָט די איטע, ווײַל אַנדערש וואָלט די מעשה קיין מעשה נישט געווען...). גייט זי, אָט די איטע און טראָגט אַ קאָשיק. איך שטעל זיך פאָר — זייער אַ שווערן, אַזוי־נעם וואָס מע קען זיך מיט אים אונטעררײַסן. פאַרכאַפּט דאָס אונדזער ראָמאַנטישן מענדל־הערשן בײַם האַרץ אונטער דער סאַמע לעפעלע... שטעלט ער אָפּ זײַן פערד, הייסט איטען אַרויפלייגן דעם קאָשיק אירן אויף דער בריטשקע און אַליין אויך זיך אַרויפזעצן, און ער וועט זי אָפּפירן אַהיים... און אַזוי ווי שאַרגאָראָדער ייִדן זײַנען אי נישט־פאַרגינערס, אי רכילות־טרײַבערס, האָט מען מער נישט באַ־דאַרפט... איז ווער עס האָט פאַרפאַסט דאָס לידל ווייס איך טאַקע נישט, און איך קען אײַך נישט זאָגן, נאָר אַז עס איז געווען אַ זייער רעאַליסטיש לידל — אין דעם בין איך נישט מסופק... ווײַל איך שטעל זיך פאָר, אַז אַרײַנצופאַלן אין מויל פון שאַרגאָראָדער ייִדן איז נישט זייער ווײַט פון „ליגן גוט אין דר'ערד“... איצט, אַז איר ווייסט אַ זינג־טאָן דאָס לידל, וועט דאָס האָבן אי טעם, אי אַ ריח. אַוודאי מער ריח ווי טעם...

**
*

איז אָט דער מענדל־הערש געווען אַ קלעזמער אַ גרויסער קינסטלער, גע־שטאַמט פון דור־דורות קינסטלערס. זײַן טאַטע יאָסיע פידלער, האָט געהאַט אַ שם אויף דער וועלט. ער אַליין, איז געווען אַ קלאַרנעט־שפּילער פון גאָטס גענאָד. איר

שטעלט זיך פאָר, אַז טראָץ דעם וואָס ער איז „בלויז" געווען אַ קלאַרנעטיסט, איז ער דאָך געווען דער אָנפירער פון דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע, וועלכע איז אויך געווען פון די גאַר־גאָר בעסטע, פון די גאַר־גאָר געציילטע קאַפּעליעס אין אונ־דזערע מקומות, וואָס ייִדן און פריצים האָבן עס פאַררעכנט פאַר אַ זכיה, אַז זי זאָל שפּילן אויף זייערע חתונות און אויף פריצישע בעלער. מענדל־הערש האָט אַפילו אין יענע יאָרן (נאָך איידער ער איז על־פּי־נס געוואָרן אַן עושר) זיך גע־רעכנט פאַר אַ שיינעם באַלעבאָס, אַ „זאַזשיטאָטשנע" *, מיט אַן אייגענער זייער שיינער דירה, און ווי שוין דערמאָנט, מיט אַן אייגענעם פערד און פריצישער ברישקע. די איינציקע זאַך, וואָס מענדל־הערשן האָט געפעלט איז אַ קדיש. בתיה, זײַן ווײַב, אַן אמתע אשת־חיל, אַ גוטע, אַ פרומע און אַ גאָלדענע באַלעבאָסטע, האָט אים מזכה געווען מיט בלויז טעכטער. „פּראַוודאַ", גראָאַטענע, שיינע, שוואַרץ־חנוודיקע און קלוגע. נאָר, איר ווייסט דאָך — אַ ייִד וויל האָבן אַ קדיש. בתיה איז אַפילו אַרײַנגעגאַנגען צום סקווערער רבין, ווען ער איז געווען אין שאַרגאָראָד, מיט אַ קוויטל און מיט אַ שיינעם פּדיון, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן...

דערווײַל, די צײַט שטייט נישט. קינדער וואַקסן אונטער און אָט זײַנען שוין די מיידלעך ראוי חתונה צו האָבן. קיין צרות, חלילה, צוליב דעם זײַנען נישט געווען. די מיידלעך בײַ מענדל־הערשן האָט מען אויסגעכאַפּט. בתיה איז שוין דאָך געווען אַריבער די פערציק יאָר, וואָס אין יענע צײַטן האָט זיך עס פאַררעכנט פאַר נישט קיין יונגער פּרוי. אַוודאי האָט בתיה און אויך מענדל־הערש שוין געהאַט אויפגעגעבן די האָפענונג צו האָבן אַ קדיש. דאַרף זיך טרעפן, אַז בײַ איינע פון די טעכטער איז דער מאַן געשטאָרבן, אָדער אפשר האָט זי זיך געגט מיט אים, איך קען אײַך אַקוראַט נישט זאָגן, נאָר דאָס ווײַבל איז געבליבן מיט אַ קליין קינד, אַ ייִנגעלע. אַוודאי, אין אַזאַ פאַל קערט מען זיך אום צו טאַטע־מאַמע. עס זײַנען אַוועק אַ פּאָר יאָר און דעם ווײַבל האָט מען גערעדט שידוכים, נאָר צי עס זײַנען נישט געווען קיין בעלנים וואָס זאָלן וועלן אַ פרעמד קינד, צי דערפאַר וואָס טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט האָבן אַ קדיש — נאָר עס איז געבליבן, אַז דאָס איי־ניקל — שמואליק האָט ער געהייסן — זאָל בלײַבן בײַ מענדל־הערשן. מענדל־הערש און בתיה זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען אין זיבעטן הימל... אָט האָבן זיי אַ קדיש און נישט קיין פרעמדן, נאָר, ווי זאָגט מען: אייגן בלוט און פליייש... דאָס ייִנגעלע איז צו דעם אַלעמען געווען אַ לעבעדיקס, אַ שיינס און ווי פאַר אַ קליין קינד — אַ חכם...

מע האָט דאָס ייִנגעלע געגעבן אין חדר צו אַ גוטן מלמד, און די ערשטע פּאָר יאָר האָט זיך דער מלמד נישט געקענט זאַט אָפּלויבן פון קינד — ממש אַ גאוני־שער קאָפּ. דאָס קינד האָט געהאַט אַ גוטע תפיסה. נאָך איידער דער רבי האָט

---

* פאַרמעגלעכער.

פאַרענדיקט אַ זאַך, האָט דער קליינער געוווסט וועגן וואָס דער מדובר איז. ער האָט גלייך געכאַפּט דעם גאַנצן געדאַנק. אַז דער רבי פלעגט קומען שבת שמוא־ליקן „פאַרהערן" — און געטאָן האָט דאָס דער מלמד יעדן שבת — ווייל ערשטנס האָט ער טאַקע געהאַט מיט וואָס זיך צו באַווייזן: שמואליק האָט אַלץ געדענקט, און צו דעם האָט ער געהאַט אַ שיין שטימעלע, אַז עס איז געווען אַ מחיה צו הערן; צוויטנס, האָבן בתיהס קוגלען געהאַט אַ שם איבער גאַנץ שאַרגאָראָד, און אַ טרונק בראָנפן האָט ביי מענדל־הערשן אויך, חלילה, נישט אויסגעפעלט — זיי־נען זיידע און באָבע געווען די גליקלעכסטע מענטשן אין שאַרגאָראָד. מענדל־הערש אַליין פלעגט זיך צוהערן צו דעם תורה־ניגון אַ גליקלעכער, מיט פאַרמאַכ־טע אויגן, ווי ער זאָל עס הערן געטלעכע מוזיק. און בתיה פלעגט שטיין אַ שבת־דיק־פאַרפוצטע, מיט אַ בלאַנקענדיק ווייס פאַרטעכל איבערן קלייד און זיך ווישן די אויגן פאַר נחת, שטאַלץ אויף אַ קדיש וואָס שנײַדט זיך צו זײַן אַ ווילדערנער...

**
*

לאַנג האָט אָבער זייער גליק נישט אָנגעהאַלטן. ווען דער בחורל איז אַלט געוואָרן אַ יאָר צען־עלף, איז דער מלמד זיך געקומען באַקלאָגן אויפן יינגל, אַז ער איז געוואָרן אין גאַנצן אַן איבערגעביטענער... „וואָס איז די מעשה?" — פרעגט מענדל־הערש דעם מלמד. דערציילט אים יענער, אַז עס איז שוין אַ שטיק צײַט, ווי שמואליק כאַפּט זיך יעדן טאָג אַרויס פון חדר און ווערט פאַרפאַלן אויף אַ פאָר שעה. ער, דער רבי, האָט שוין עטלעכע מאָל מיט גוטן און מיט בייזן גע־וואָלט ביי אים אויסגעפינען ווו ער ווערט עס פאַרפאַלן, נאָר קיין צופרידנשטעלנ־דיקן ענטפער נישט געקענט פון אים אַרויסקריגן. ער האָט פּרובירט, דער מלמד, זיך צו דערגרונטעווען מן הצד, דאָס הייסט, דורך די יינגלעך, אפשר ווייסן זיי ווו שמואליק ווערט עס פאַרפאַלן. „אָבער איר ווייסט דאָך, ר' מענדל־הערש, ווי קינדער אין אַ חדר זײַנען, זיי וועלן נישט מסרן אויף אַ חבר"... און ווען נישט אַ צופאַל, וואָלט ער טאַקע נישט געווען אויסגעפונען דעם סוד פון די פאַרפאַלענישן. און אָט ווי אַזוי מע האָט דורך אַ צופאַל אַנטדעקט ווו דער קליינער ווערט פאַר־פאַלן, ווו ביי גאָט אַ טאָג... „איר ווייסט דאָך מן־הסתם — ציט ווײַטער דער מלמד די מעשה — אַז מײַנע, זאָל לעבן, האָט אַ קלייטל ביי מיר אין באַשקע, און קינ־דער, ווען די מאַמעס גיבן־מיט אַ פאָר קאָפּיקעס, קויפן ביי איר: ווער אַ צור־קערקע, ווער אַ נאָונטל, ווער אַ שטיקל כאַלוואַ, ווער אַ פרישן קניש מיט ציבע־לעס און קאַרטאָפליעס, וואָס מײַנע באַקט טאַקע צוליב די קינדער, אָדער אַ מאָל אַ געפּרעגלטע טאַראַנקע, וואָס קינדער האָבן זייער ליב. קיין גליקן מאַכט מען נישט פון דעם, אָבער — ווי זאָגט איר — עס דרייט זיך אַ לעבעדיקער גראָשן... מיט אַ מאָל האָבן די קינדער, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געווען אָפּגערעדט, אויפגע־הערט צו קויפן, אָבער אַלע אָן אויסנאַם. מײַנע איז נישט קיין נאַרישע ייִדענע, זי

האָט אָפּענע אויגן. זי האָט אָנגעהויבן נאָכקוקן, נאָכזוכן און — ווי זאָגט איר — יגעתי ומצאתי, אַז מע זוכט געפינט מען. זי האָט אויסגעפונען, אַז שמואליק איז דאָס איר קאָנקורענט. גאָר פּשוט! ער האָט זיך „זאַניוכעט" מיט נח צוקערניקס בנים און מיט שרה דער בעקערין, קויפט בײַ זיי צוקערקעס און קנישעס און לע־קעכלעך און פאַרקויפט עס איבער נישט בלויז צו די תלמידים פון מײַן חדר, נאָר אויך צו קינדער פון אַלע אַנדערע חדרים. איך מוז צוגעבן, אַז אַ ביסל איז דאָס מײַן שולד. ווײַל עס איז שוין אַ לענגערע צײַט ווי איך האָב באַמערקט, אַז דעם יינגלס קעפּל ליגט אין מסחר. איר ווייסט דאָך, קינדער צווישן זיך פירן תמיד אַן אַ מסחר: מע קויפט און מע פאַרקויפט אַלץ וואָס עס קומט זיי אין די הענט אַרײַן, און איר זאָלט מיר מוחל זײַן — דער גאַנצער מסחר ווערט געפירט הינטער דער באָד. נאָר דאָס זײַנען אַלץ קינדערשע מסחרים: מע האַנדלט מיט קנעפּלעך, מע פאַרבײַט אַ מעסערל אויף אַ בײַטעלע, אַ פּאַסיק אויף ביינדלעך פון אַ קאָרסעט. אָבער, ווי געזאָגט, דער מסחר איז אַן קינדערשער און איז אײַנגעפירט מקדמונים, און אַ מלמד מישט זיך געוויינטלעך נישט אין דעם סאָרט מסחרים. נאָך אַלעמען — קינדער מוזן דאָך ערגעץ ווו אַרויסלאָזן די „פּאַרע". אָבער אַפילו אין יענע מסחרים פלעגט זיך שמואליק אויסצייכענען. בעת אַלע קינדער האָבן פון יענע מסחרים בלויז אַרויסגעצויגן אַ נאַש, אָדער אַ גלאַנציקן חפץ זיך צו שפּילן, האָט דער שמואליק געזוכט צו מאַכן נאָר אַזוינע געשעפטן, וואָס זאָלן אַרײַנברענגען עפּעס אין מזומן. נאָר איצט, זינט ער איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, פירט ער אַ מסחר ווי נאָר אַ סוחר קען דאָס טאָן. ווען איך האָב גוט חוקר ודורש געווען דעם ענין, האָב איך אויסגעפונען, אַז אײַער שמואליק לאָזט נישט דורך קיין געלעגנ־הייט צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן. דעם גאַנצן זומער האָט ער פאַרקויפט די יינגלעך קאַרשן און ווײַנשל, עפּל, באַרנעס, פּערעשקעס און ווײַנפּערלעך — אַלע פּירות וואָס מע דאַרף אויף זיי מאַכן די ברכה „בורא פּרי העץ". אָט די אַלע געשעפטן ווערן געטאָן הינטער דער באָד". „איך האָב מורא — האָט דער מלמד פאַרענדיקט, — אַז מײַנע וועט דאַרפן פאַרמאַכן איר קלייטל, אויב דער יונג וועט אָנהאַלטן דעם מסחר..."

מענדל־הערש האָט דעם רבין געפרעגט בלויז איין פראַגע: „זאָגט מיר נאָר, ווי לערנט ער זיך? האָט אָט דער מסחר וועגן וועלכן איר האָט מיר נאָר וואָס דער־ציילט, געשטערט אים אין לערנען?" — „ניין" — האָט דער רבי געענטפערט. — איך ווייס נישט ווי אַזוי ער טוט עס, נאָר קומט פרײַטיק — קען ער פּונקט אַזוי גוט וואָס מע האָט געלערנט אַ גאַנצע וואָך אין חדר, ווי אַלע אַנדערע קינדער. דאָס ר' מענדל־הערש, איז טאַקע געווען די סיבה פאַר וואָס איך האָב זיך ביז איצט נישט באַקלאָגט אויף אים. איר ווייסט דאָך, אַ קעפּל האָט ער אַ גוטס און כאַפּט די לימודים אויף שנעל, האָט דאָס אים נישט געשאַדט..."

מענדל־הערש האָט, נאַטירלעך, גענומען דאָס בחורל אויף אַ „דאָפּראָס"*.
אָבער יענער האָט נישט פאַרלייקנט, אַז ער איז עוסק אין מסחר און האָט אַפילו
פאַרן זיידן אַנטוויקלט די גאַנצע אידעע, ווי אַזוי מע „מאַכט געלט" און ווי אַזוי
דער ריווח האָלט אין איין וואַקסן... מענדל־הערש האָט געשריגן, געטו־
פּעט מיט די פיס. נאָר צוויי זאַכן האָט מען ביי שמואליקן נישט געקענט פּועלן:
ערשטנס, אַז ער זאָל אויסזאָגן ווו ער האַלט זיין געלט און צווייטנס, אַז ער זאָל
צוזאָגן, ער זאָל מער קיין מסחר נישט פירן. זיין טענה איז געווען, אַז עס שטייט
אין דער תורה אַז מע טאָר נישט גנבענען, און דאָס טוט ער נישט, ער נאַרט אַפילו
קיינעם נישט אָפּ; נאָר ער האָט נאָך אין ערגעץ נישט געלערנט, אַז מע טאָר נישט
האַנדלען...

דער זיידע איז געווען אויסער זיך פאַר כעס און וואָלט מן־הסתם שמואליקן
מקיים־פּסק געווען ווי עס באַדאַרף צו זיין, נאָר די לעצטע ווערטער וועגן דעם,
אַז „עס שטייט אין דער תורה אַז מע טאָר נישט גנבענען, נאָר עס שטייט דאָרטן
נישט, אַז מע טאָר נישט האַנדלען", און דאָס — פון אַ קינד, וואָס איז נאָך קיין
גאַנצע צוועלף יאָר נישט אַלט געווען — האָבן ווייכער געמאַכט זיין האַרץ און די
פּאָר „פּלעצלעך" וואָס ער האָט אים אַרייַנגעפּיצקעט זיינען מער געווען לפנים
וועגן, ווי געמיינט. אַוודאי איז דאָס געווען פאַרן אַלטן אַ גרויסע אַנטוישונג, ווען
פאַר אים איז קלאָר געוואָרן, אַז פון שמואליקן וועט שוין קיין רב נישט ווערן,
וויַיל צוליב דעם וואָס אַלע האָבן געהאַלטן אין איין לויבן דאָס בחורל, אַז ער האָט
אַ גוט קעפּל, האָט דער זיידע ערגעץ טיף אין האַרצן געוואַרעמט אַ האָפענונג, אַז
עפּעס גרויס וועט פון דעם יינגל אַרויסקומען. און וואָס קען זיין גרעסער פון אַ רב?
אָבער קיין נאָר איז מענדל־הערש נישט געווען און פון זיינע דערפאַרונגען אין לעבן
האָט ער גוט געוווּסט, אַז אַפילו קיין קלעזמער קען מען פון קיינעם איבער גוואַלד
נישט מאַכן, אַ פּשיטא שוין אַ רב... און דאָ איז נאָך צוגעקומען אַ נייַע זאַך, וואָס
טרעפט זייער זעלטן. בתיה, וועלכע איז שוין געווען אַ פרוי פון כמעט 53 יאָר,
האָט אים אייַנגערוימט אַ סוד, אַז זי טראָגט... לכתחילה האָט מענדל־הערש גע־
מיינט אַז זי איז שיכור, בתיה, נאָר גלייַך האָט ער אויסגעשפּיגן דרייַ מאָל פון
דער סאַמע געדאַנק, אַז זיין בתיה, די צדקת, קען זיין שיכור, אַז די ייִדענע האָט
אין איר לעבן קיין משקה נישט פאַרזוכט, אַפילו די אַרבע־כּוסות וואָס זייַנען נישט
קיין בראָנפן נאָר ווייַן, האָט זי אויך מער געשמעקט ווי געטרונקען...

***

מיט די נייַעס, אַז בתיה טראָגט און מיט דער האָפענונג, אַז אויך אַ צווייטער
נס קען טרעפן, דאָס הייסט, אַז מענדל־הערש און בתיה קענען נאָך אויף דער על־

* פאַרהער.

טער האָבן אַן אייגענעם סאַמאָראָדנעם קדיש, איז די אַנטדעקונג פון שמואליקס מסחרים אַוועק אויף אַנדערע רעלצן. מע האָט אין אים כמעט פֿאַרגעסן; מע האָט אים אויפֿגעהערט צו היטן און זאָגן מוסר... און ווען שמואליק איז געוואָרן בר־מצווה, איז שוין בײַ בתיהן אין אַ וויגל געלעגן און געשמייכלט אַן אייגענער קדיש, וועמען מע האָט אַ נאָמען געגעבן אליהו, נאָך אליהו הנביא, וועלכער איז אין יידישן פֿאָלקס־געמיט פֿאַרבונדן מיט ניסים...

נאָך בר־מצווה האָט שמואליק אויפֿגעהערט גיין אין חדר. און נאָך דעם ווי מענדל־הערש האָט געמאַכט אַ שוואַכן פֿאַרזוך צו לערנען שמואליקן שפּילן אויף אַן אינסטרומענט, און דער קליינער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין ספּעציעלן טאַ־לאַנט און נישט קיין גרויסע התמדה, האָט מען אים געלאָזט לויפֿן. מער האָט שמואליק נישט באַדאַרפֿט. ער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין מסחרים, איצט שוין אין גאַנצן אָן מורא און אויף אַן אמתן. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער סוחר. מענדל־הערש האָט זיך דאָס שטאַרק צום האַרצן איצט נישט גענומען. דער קליינער האָט די נײַע באַציִונג צו אים מצד דעם זיידן און זײַן גלײַכגילטיקייט אויף צום האַרצן נישט גענומען, בפֿרט, אַז די באָבע בתיה, כאָטש פֿאַרנומען מיט איר אייגענעם יורש, האָט דאָך געפֿונען צײַט און אים אַרויסגעוויזן ליבשאַפֿט און געטרײַשאַפֿט, ווי אַלע מאָל. חוץ דעם האָט שוין שמואליק געהאַט זײַנע אייגענע פּלענער, וואָס פֿאַר אַ דרײַצן־פֿערצן יאָריק בחורל זײַנען זיי געווען גאָר געוואַגטע. ער האָט פֿון זײַנע פֿאַרדינסטלעך געשפּאָרט געלט. ער איז נישט געווען קיין אויסברענגער. דאָס איינציקע אויף וואָס ער פֿלעגט אויסגעבן געלט, איז געווען אויף הלבשה. ער האָט ליב געהאַט צו גיין שיין אָנגעטאָן... זײַן געלט האָט ער געהאַלטן בײַ דער באָבען אונטער אַ שבועה, אַז זי וועט קיינעם נישט אויסזאָגן. און בתיה האָט גע־האַלטן וואָרט.

**
*

געהאַט האָט מענדל־הערש אַ טאָכטער אין אַמעריקע, וועלכע איז אַוועק אַהין עטלעכע יאָר פֿאַר שמואליקס בר־מצווה. געוווינט האָט זי מיט איר מאַן אין ניו־יאָרק.

אין איין שיינעם טאָג איז שמואליק געקומען צו דער באָבע בתיה און זי גע־בעטן, זי זאָל אים געבן דאָס געלט וואָס ער האָט בײַ איר אָנגעזאַמלט. און ווען ער האָט שוין דאָס געלט געהאַט בײַ זיך, האָט ער איר בסוד־סודות דערציילט, אַז ער האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין אַמעריקע. דאָ איז פֿאַר אים קיין תכלית נישטאָ. ער האָט זי געבעטן און באַשווירן מיטן לעבן פֿון איר קליינעם קדישל, זי זאָל קיינעם נישט דערציילן. ער האָט מורא געהאַט, אַז מענדל־הערש וועט אים שטערן דורכצופֿירן זײַן פּלאַן. ער האָט בײַ איר גענומען דעם אַדרעס פֿון דער מומען אין ניו־יאָרק; פֿאַרזיכערט בתיהן, אַז ער איז דערוואַקסן גענוג צו וויסן, וואָס אַ מענטש

מעג און וואָס ער טאָר נישט טאָן... די באָבע האָט געוויינט, נאָר דער קליינער שמואליק האָט זי געטרייסט און איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זי קיין מאָל נישט פאַרגעסן... ער האָט איר דערקלערט, אַז זײַן האַרץ זאָגט אים, אַז ער וועט נאָך אַ מאָל זײַן אַ גרויסער עושר, און אַז זי וועט פון אים האָבן נחת... „וועסט זען, באָבע, איך וועל דיך נאָך מיטן ערשטן קלאַס ברענגען קיין אַמעריקע צו גאַסט"... איין זאַך האָט בתיה בײַ אים געפּועלט, ער זאָל מיטנעמען און אָפּהיטן די נײַע תפילין, וואָס זי האָט אים נישט לאַנג צוריק געקויפט...

אין אַ חודש אַרום נאָך זײַן אַוועקפאָרן, האָט די באָבע געקראָגן אַ בריוו פון שמואליקן. דער בריוו איז געווען וועגן דעם, אַז ער איז בשלום אָנגעקומען אין אַמעריקע. דער צווייטער בריוו איז שוין געווען פון מענדל־הערשס טאָכטער, פון שמואליקס מומען און אין יענעם בריוו האָט די מומע דערציילט, אַז דאָס יינגל איז געווען בײַ איר אַ פּאָר חדשים און איר מאַן האָט אים אַרויפגענומען אין דעם שאָפּ (פאַבריק) ווו ער האָט געאַרבעט אַלס שנײַדער, געוואָלט אים אויסלערנען די מלאכה, אַפילו צוליב דעם געדאַרפט זאָגן אַ ליגן, אַז שמואליק איז עלטער ווי ער איז אין דער אמתן געווען. נאָר אויף דער נאַכט, ווען מע איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָט שמואליק זיי דערקלערט, אַז ער איז נישט געקומען קיין אַמע־ריקע צו זיצן בײַ אַ ניימאַשין 12 שעה אַ טאָג און זיך אַרויפאַרבעטן אויף 10 טו־לער אַ וואָך... אויף זייער פראַגע, וואָס אַנדערש ער קלײַבט זיך צו טאָן אין אַמע־ריקע, האָט דער קליינער זיי געענטפערט, אַז אַמעריקע איז אַ גרויס לאַנד, און עס מוז זײַן ערגעץ אַן אָרט, ווו אַז מע אַרבעט שווער, האָט מען עפּעס דערפון... עס האָבן נישט געהאָלפן די טענות פון איר און איר מאַן... אויפן צווייטן אין דער פרי, נאָך דעם ווי דער פעטער איז אַוועק צו דער אַרבעט, האָט שמואליק צו איר אַזוי געזאָגט: „מומע, איך לאָז זיך אַרויס איבער אַמעריקע. ווו איך וועל זיך אָפּ־שטעלן ווייס איך נישט. אין דער קורצער צײַט וואָס איך בין געווען אין ניו־יאָרק, האָב איך זיך אויסגעלערנט גענוג ענגלישע ווערטער, אַז איך זאָל נישט פאַרפאַלן ווערן צווישן מענטשן. איך קען ציילן אויף ענגליש, איך ווייס גענוג ווערטער אויף ענגליש, ווי אַזוי צו קויפן און פאַרקויפן און אַוודאי גענוג ווערטער ווי אַזוי צו קויפן ברויט... כ'האָב נאָך עטלעכע דאָלאַר, וואָס עס איז מיר געבליבן פון וועג, איך וועל האָבן גענוג אויף עטלעכע וואָכן אויף ברויט און נאַכטלעגער... צו פיל די ערשטע צײַט דערוואַרט איך סײַ ווי סײַ נישט... איך גלייב אין מײַנע פעיקייטן. איך גלייב, אַז דורך שווערער אַרבעט פאַר זיך אַליין און מײַן געדולד און אויס־דויער, וועל איך קענען פאַרווירקלעכן מײַנע חלומות צו ווערן אַ רײַכער מענטש סײַ פאַר זיך, סײַ פאַר יענעם... שרײַב דער באָבען, אַז וואָס איך האָב איר צוגע־זאָגט, זי נישט צו פאַרגעסן, וועל איך מאַכן פאַר מײַן לעבנס־ציל. און אַז איך וועל זיך דערשלאָגן צו רײַכקייט, וועל איך קיינעם נישט פאַרגעסן און אַוודאי נישט מײַן משפּחה"... „מיט די ווערטער — האָט די מומע געשריבן — האָט ער

זיך צעקושט מיט מיר און צוגעגעבן: זאָג דעם פעטער, אַז אויך ער וועט אייביק נישט דאַרפן אַרבעטן מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ בײַ דער מאַשין... און ער איז אַוועק".

טײַכן טרערן האָט די באָבע בתיה פאַרגאָסן, ווען זי האָט געקראָגן דעם בריוו פון איר טאָכטער. דעם בריוו האָט זי מענדל-הערשן נישט געוויזן און נישט דערציילט פון אים. ווײַל זי האָט גוט געדענקט, ווי אין כעס דער אַלטער איז געווען ווען ער האָט זיך דערוווּסט פון זײַן אייניקלס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע...

עס זײַנען אַוועק יאָרן. קיינער האָט נישט געהערט פון דעם שמואליקן. די מומע האָט אַרײַנגעגעבן אַן אַנאָנס אין די יידישע צײַטונגען, אַז זי זוכט אַזוינעם און אַזוינעם און געבעטן גוטע מענטשן, וואָס האָבן אים ערגעץ באַגעגנט, זי צו לאָזן וויסן, נאָר אָן רעזולטאַטן. עמעצער האָט איר אַפילו געעצהט זיך צו ווענדן צו אַ געוויסער יידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויפזוכן פאַרשווּנדענע מענטשן. נאָר דאָרטן האָט מען איר מיט אַ שמייכל געענטפערט, אַז דער בחור איז דאָך נישט אַנטלאָפן פון זײַן ווײַב, איז פאַר וואָס זאָלן זיי אים זוכן?... און בכלל איז ער דאָך נישט אַנטלאָפן. יעדער איינער האָט אַ רעכט צו ווינען ווו ער געפינט פאַר נייטיק. עס האָט נאָך געהאַט אַ זין אים צו זוכן, ווען ער איז געווען אַ קינד פון 13 יאָר, אָבער איצט איז ער אַ דערוואַקסענער מענטש, אַ מאַן פון איין און צוואַנציק יאָר, וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס אים אַרומצוזוכן, ווי ער זאָל האָבן געהאַט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן?...

ווען די מומע האָט יאָ געהערט פון שמואליקן, איז ער שוין געווען דער פּרעזידענט פון דער „אַמעריקאַן פרוט קאָמפּאַני" און שוין פאַרמאָגט זײַן ערשטן אייגענעם מיליאָן דאָלאַר. ער האָט דאַן דאָס ערשטע אַרויסגענומען די טאַנטע מיטן פעטער פון ניו־יאָרק, זיי באַזעצט אין אַ גרויסער שטאָט אין דרום, זיי געעפנט אַ געשעפט, פון וועלכן זיי אַליין זײַנען אויך געוואָרן גבירים. צו דער באָבען האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן האַרציקע בריוו, געשיקט געלט און געהאַלטן וואָרט: זי ער געבראַכט מיטן ערשטן קלאַס קיין אַמעריקע צו גאַסט. זי געהאַלטן בײַ זיך אין אַ פּאַלאַץ אין ניו־אָרלעאַנס (ווו ער האָט געווינט) עטלעכע חדשים אין גרויס ווילטיק, איר מיטגעגעבן אַ גרויסע סומע געלט, זי זאָל אין שאַרגאַראָד לעבן אויפן גבירישן שטייגער... אויך מענדל-הערש איז גאַנצע צוויי מאָל געווען אין אַמעריקע צו גאַסט. אויך אים האָט שמואליק צוגעטיילט גרויס כבוד, אים מיטגעגעבן גענוג געלט צו אינוועסטירן, אַזוי, אַז ער זאָל פון דעם איינקופט קענען לעבן. מענדל-הערש האָט אַ לעבן לאַנג געהאַט צו דערציילן ניסים ונפלאות ווי אַזוי דער פּרינץ לעבט, ווי אַזוי מע גיט דאָרטן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט, ווי אַזוי ער, מענדל-הערש, האָט געשפּילט אין ערשטן קלאַס אויף דער שיף, געגעבן קאָנצערטן פאַר די פּאַסאַזשירן. און וועגן אַמעריקע איז ער קיין מאָל נישט מיד געוואָרן צו דערציילן. צו יענער צײַט געהערן מײַנע דערציילונגען, ווי

אַזוי מענדל־הערש האָט אָרגאַניזירט אַן אָרקעסטער פון לויטער קינסטלער אין שאַרגאָראָד און ווי אַזוי ער האָט אַן אַ גראָשן געלט געשפּילט בײַ אַן אָרעמער כלה — ציסיע נפתלי מלמדס, אויף דער חתונה... און אויך די מעשה ווי מענדל־הערש און אפרים מלמד זײַנען „אַרײַנגעפּאָרן אין שבת" אויף זײַן וועג פון אַמע־ריקע אַהיים...

**
*

איך קען אײַך פיל נישט דערציילן וועגן שמואליקן אין אַמעריקע, ווײַל איך האָב אים אין אַמעריקע נישט געקענט, אָבער אַ כאַראַקטעריסטישע מעשה, וואָס מיר האָט דערציילט זײַנער אַ קרוב לוינט זיך איבערצודערציילן. ערשטנס עפּנט די מעשה אויף אַ קליין טירעלע צו יענע יאָרן פון עבודת־פּרך, וואָס אָט דער מערקווירדיקער מענטש האָט געדאַרפט דורכמאַכן אויף זײַן וועג צו רײַכטום... צווייטנס קענען מיר פון דער דערציילונג קריגן אַ באַגריף וואָס פאַראַ מענטש ער איז געווען. און אָט ווי אַזוי די מעשה איז מיר דערציילט געוואָרן: „ווען איך בין געווען אַ בחור פון אַ יאָר 18־19, האָט מײַן מאַמע, וועלכע האָט נישט געזען פאַר מיר קיין תכלית אין דערהיים, זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו מײַן קוזין שמואלן אין אַמעריקע (מײַן מאַמע איז געווען זײַנע אַ טאַנטע, זײַן מאַמעס שוועס־טער), אַז ער זאָל מיך אַרויסנעמען אַהין. שמואליק, אָדער סעם זמורה, ווי ער האָט שוין דאַן געהייסן און האָט געוווינט אין ניו־אָרלעאַנס, האָט גלײַך אַרויס־געשיקט געלט און אַ שיפסקאַרטע און איך בין געקומען קיין אַמעריקע. סעם איז זעלטן געווען אינדערהיים, זײַנע געשעפטן האָבן געפאָדערט, ער זאָל זײַן אַ גרויסן טייל פון יאָר אין צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ פילפאַכער מיליאָנער און פאַרמאָגט טויזנטער און טויזנטער אַקער לאַנד מיט באַנאַנע־פּלאַנטאַציעס. פּאַקטיש איז ער געווען דער באַנאַנע־קעניג פון דעם אַמע־ריקאַנער קאָנטינענט. און ווען אַפילו ער איז געווען אין צפון־אַמעריקע איז ער אויך זעלטן געווען אין דערהיים. אַהיים פלעגט ער קומען בלויז אויף זײַנע ווינ־טער־וואַקאַציעס. איך בין געווען בײַ מײַן פעטער און מומען אין אַלאַבאַמאַ, מע האָט מיך, פאַרשטייט זיך, געהאַלטן אין אַל דאָס גוטס... איך האָב געלעבט אַ טאָג"...

„איין מאָל האָט מיך דער פעטער אָנגעקומען אין זײַן ביוראָ (אָפיס) און מיר געזאָגט, אַז ער דענקט, אַז איך האָב זיך גענוג אָפּגערוט פון וועג און אַז איצט איז שוין צײַט אַ טראַכט צו טאָן פון תכלית... אַז איך האָב מײַן פעטער געפרעגט, וואָס ער מיינט מיט תכלית, האָט ער מיר דערקלערט, אַז בײַ מײַן קוזין סעם מיינט תכלית אַרבעט... ער וועט מיר עפענען אַ קליין קרעמל פון פּרוכט, דער עיקר באַנאַנעס און איך זאָל אַרײַנלייגן אָרנטלעכע אַרבעט, נישט זשאַלעווען קיין מי און צײַט און זען זיך אַרויפצואַרבעטן מיט אייגענע כוחות... די מעשה איז מיר זייער נישט געפעלן. און כאָטש דער פעטער האָט מיר גע־

זאָגט, אַז אַזוי וויל סעם, האָב איך זיך נישט געאײַלט און נישט געכאַפּט זיך צו דעם מסחר. דער פעטער האָט מיר אַ פּאָר מאָל דערמאָנט דעם ענין, נאָר איך האָב זיך געמאַכט כלא יודע...

„אין איין שיינעם טאָג איז סעם געקומען אין דער שטאָט וווּ דער פעטער האָט געוווינט (מיר דאַכט זיך — אין בירמינגהאַם) און איז, נאַטירלעך, גע־קומען זען דעם פעטער. מיך דערזען און געפרעגט ווער איך בין. האָט אים דער פעטער געזאָגט, אַז דאָס בין איך דער „גרינער" נאָך וועלכן ער האָט געשיקט. דאָס ערשטע וואָס סעם האָט געפרעגט איז געווען, צי טו איך שוין עפּעס צו פאַרדינען אויף חיונה. דער פעטער האָט געענטפערט, אַז ער האָט גערעדט מיט מיר און אים דאַכט זיך, אַז דער פּלאַן געפעלט מיר נישט... נישט לאַנג געטראַכט, נעמט סעם אַראָפּ דעם זשאַקעט און דאָס ווײַסע העמד, וואָס ער האָט געטראָגן און צײַגט מיר אויף זײַנע פּלייצעס די קאַרבן פון די שטריק, סימנים וואָס זײַנען אים געבליבן אויפן גאַנצן לעבן פון די טויזנטער קוישן מיט באַנאַנעס וואָס ער האָט געטראָגן די ערשטע יאָרן ווען ער האָט „געפּעדלט" מיט באַנאַנעס... ער גלייבט, אַז אַ מענטש טאָר נישט בויען זײַן לעבן אויף דעם, וואָס עמעצער אַנדערש האָט פאַר אים געטאָן. ער מוז אַליין אָנהייבן פון דעם סאַמע אָנהייב. און אויב מיר שמעקט נישט אַזאַ זאַך, האָב איך אין אַמעריקע נישט וואָס צו טאָן... און שוין דאָ טאַקע אויפן אָרט, האָט ער געהייסן דעם פעטער מיך באַזאָרגן מיט אַ שיפסקאַרטע און הוצאות און מיך אָפּשיקן אַהיים..."

די מעשה וועט אײַך געבן אַ באַגריף, וואָס פאַראַ סאָרט מענטש דער סעם זמורה איז געווען, אָבער מײַן בילד וואָלט געווען נישט פאַרענדיקט, ווען איך זאָל אײַך נישט דערציילן די לעצטע מעשה אין פאַרבינדונג מיט אים.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און די פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע, האָט שמואליק אַרויסגעשיקט דעם פעטער זײַנעם (מיר דאַכט זיך אַז ער האָט געהייסן בערל), קיין רומעניע. בעסאַראַביע איז דאַן אָקופּירט געוואָרן פון רומעניע, וועל־כע האָט מקדמונים געהאַט אַ מיאוסע טבע, אַז ווו עס ליגט אַ שטיקל טעריטאָריע נישט גוט צוגענאָגלט, צו פאַרכאַפּן דאָס... דער דניעסטער־טײַך האָט אָפּגעטיילט בעסאַראַביע פון דער אוקראַיִנע. דער דניעסטער איז דעריבער געוואָרן די נאַסע גרענעץ, וואָס צענדליקער טויזנטער ייִדן האָבן „געשוואַרצט" זיך אַרויסצוראַ־טעווען פון די פּאָגראָם־באַנדעס. בערל איז געזעסן אין בוקאַרעשט און אָנגעפירט מיט אַ גרויס־פאַרצווייגטן אַפּאַראַט צו העלפן „שוואַרצן" די גרענעץ יעדן פון נאָענטע און אַפילו גאָר ווײַטע משפחה פון סעם זמורה, די מינדסטע פאַרוואָנד־שאַפט איז געווען גענוג, אַז אַ משפחה זאָל געראַטעוועט ווערן און באַזאָרגט ווערן מיט אַלעם נייטיקן צו ברענגען זיי קיין אַמעריקע, ייִדן האָבן חתונה געמאַכט זייערע קינדער, איבערהויפּט טעכטער, כדי אַרײַנגערעכנט צו ווערן אין צעטל „לחיים" צום לעבן... און אַלע וואָס מע האָט געבראַכט קיין אַמעריקע האָט מען

דאָ אײַנגעאָרדנט אויפן בעסט־מעגלעכן אופן. נאָר דאָ קומט דער קוריאָז. בערל האָט געקראָגן פון סעם זמורה שטרענגע אינסטרוקציעס צו ברענגען אַלעמען אַחוץ דעם אויבנדערמאָנטן פלימעניק... ער האָט געהאַט אַ גוטן זיכרון. נישט מער, בערל אַליין איז געווען אַ „ייִדישער גזלן", האָט ער בשתיקה יענעם יאָ געבראַכט. נאָר ער איז געווען דער איינציקער וועמען מע האָט אײַנגעאָרדנט אין ניו־יאָרק, כדי סעם זאָל זיך נישט כאַפּן, אַז מע האָט אים אָפּגענאַרט. אַלע אַנדערע האָט מען אײַנגעאָרדנט אין דרום (די סאַוט). בײַ אים איז געווען אַ פּרינציפּ, אַז אַ מענטש וואָס איז נישט וויליק צו אַרבעטן „בזעת אפּים", איז נישט ווערט מע זאָל אים העלפן. אָט דאָ, האָט ער זיך אַפילו טועה געווען, עס איז געווען אַן אַנדער צײַט און מענטשן זײַנען געוואָרן אַנדערש. דער זעלבער קרוב איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט זייער שווער געאַרבעט און מיט אייגענע כוחות זיך אַרויפגעאַרבעט צו דערפאָלג. נאָר דאָס האָט מיט אונדזער דערציילונג נישט קיין גרויסע שײַכות.

סוף 1961 איז דער לעגענדאַרער סעם זמורה געשטאָרבן. האָט איבערגעלאָזט אַ גרויס פאַרמעגן, סײַ פאַר משפּחה, סײַ פאַר צדקה און האָט זוכה געווען, אַז כמעט אַלע אַמעריקאַנער צײַטונגען האָבן באַריכטעט זײַן פּטירה, מיט באַשרײַבונגען וועגן אַן אָרעמען ייִנגל וואָס האָט געבראַכט קיין אַמעריקע אין לאַנד פון גרויסע מעגלעכקייטן, זײַנע פעיִקייטן און האָט זײַן חלום פאַר זיך און זײַנע מיטמענטשן פאַרוואַנדלט אין וואָר...

## הערשל מעניעס

איך בין זיך מודה ומתודה פאַר אײַך ליבע לייענערס, אַז איך האָב נישט איבעריק ליב קיין גבירים. נישט מער, וואָס למען האמת מוז מען דאָך צוגעבן, אַז גבירים זײַנען ווי אַלע מענטשן, פאַראַן גוטע, פאַראַן שלעכטע, פאַראַן קלוגע, פאַראַן נאַרישע, פאַראַן איידעלע, פאַראַן גרוביאַנעס און ווען מיר קומט אויס צו שרײַבן וועגן אַ גביר איז ליבערשט צו שרײַבן וועגן אַ מענטשלעכן, וואַרעמען, קלוגן, געלערנטן איידעלן ייִדן, וואָס זײַן גבירשאַפט האָט אים נישט געשטערט צו זײַן און בלײַבן ביז די לעצטע טעג, וואָס איך האָב אים געקענט — אַ זײַל פון אַלט־דערהויבענע, מענטשלעכע ייִדישקייט אויפן שוועל פון דער רעוואָלוציע, ווי אויך במשך פון איר — דער זעלבער געאַכטעטער, אויך באַליבטער פירנדיקער ייִד אין שאַרגאָראָד. געווען איז דאָס, הערשל מעניעס (האַלפּערין).

איך האָב הערשל מעניעס שוין דערמאָנט בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן און אין פאַרבינדונג מיט אייניקע פּאַסירונגען. אין יעדן פון זיי איז ער געווען אויף דער בכבודיקער זײַט פון די געשעענישן. איך פיל אָבער, אַז מע דאַרף אין אַזאַ

אַרבעט ווי די איצטיקע געבן עפּעס פון אים אַליין, וואָס איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן.

איז לאָמיר זיך באַקענען מיט אים. הערשל האָט געשטאַמט פון אַ מאַטעריעל און גײַסטיק יחוסדיקער משפחה פון עטלעכע דורות. ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן אויף אַ האַלב מאָדערנעם אופן, מיט „מענטשן", וואָס האָבן געאַרבעט בײַ אים אין זײַן הורטאָווונע באַקאַליינע קראָם, מיט אַ קאַסיר און אַ בוכהאַלטער. ער פלעגט אויך דיסקאָנטירן וועקסלען, וואָס זײַנען אים פאָרטרויט געוואָרן פון די גרעסטע בענק אין ווילנע, זשמערינקע און מאָליעוו. מיטן אויסנאָם פון איין מענטש אין שאַרגאָראָד, אַ געוויסן פּרײַער, האָט אַ ייִד זיך נישט געדאַרפט זאָרגן אויב זײַנס אַ וועקסל איז פּעליק געוואָרן אין אַ געוויסן טאָג. אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן, איז אַרײַנגיין צו הערשלען און אים שטילערהייט אויפן אויער זאָגן: „ר' הערשל, איך וועל מײַן וועקסל באַצאָלן נאָכן יריד". דער ייִד האָט געקענט זײַן זיכער, אַז זײַן וועקסל וועט נישט פּראָטעסטירט ווערן. דער ייִד האָט אָבער געמוזט האַלטן וואָרט... הערשל אַליין האָט זיך קיין מאָל נישט געוואָרפן מיט קיין איבעריקע צוזאָגענישן, און האָט פײַנט געהאַט בתכלית־השנאה אַז עמעצער האָט צוגעזאָגט און האָט נישט מקיים געווען. אַוודאי האָט ער געוווסט הערשל, אַז קיינער אין שאַרגאָראָד איז אים נישט אויסן געווען אָפּצונאַרן. נישט מער, בײַ הערשלען איז אַ פּרינציפּ געווען, אַז אַ מענטש בכלל און אַ ייִד בפרט, טאָר נישט מאַכן פון זײַן מויל אַ ווייכע כאַליעווע... אויב מע ווייסט, אַז מע וועט נישט קענען באַצאָלן, דאַרף מען זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיין ניסים, און זיך נישט שעמען צו זאָגן דעם אמת. און ווען מע האָט אים געזאָגט דעם אמת, האָט הערשל שוין געפונען אַ וועג ווי יענעם צו העלפן... הערשל איז אַלע מאָל גרייט געווען יענעם אַרויסצוהעלפן. ער האָט געהאַט זײַנע אייגענע תקנות פון אַרויס־העלפן. ער אַליין איז בדרך־כלל נישט געווען קיין פּראָצענטניק און אַוודאי נישט קיין וווכערניק. נאָר עס פלעגט אים גיין אין לעבן — הערשלען, אַז אַ שאַרגאָ־ראָדער סוחר פון די קלענערע און אפילו מיטעלע קאַטעגאָריעס זאָל זיך נישט אויסגליטשן. קיינער ווי הערשל מעניעס האָט נישט געוווסט די געפאַר פון „פאַר־לירן דאָס פּנים" בײַ אַ ייִד אַ סוחד. זײַנע עצות, זײַנען דעריבער נישט געווען גלאַט רייד נאָר מעשים.... נישט איין ייִד אין שאַרגאָראָד איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון עקאָנאָמישן אונטערגאַנג אַ דאַנק הערשלס מעשימדיקע עצות...

אַן אײַנדרוק האָט ער דווקא געמאַכט, הערשל, נישט פון אַ רך לבב — פון אַ ווייך־האַרציקן. זײַן ריידן מיט אַ מענטש, מיטן אויסנאָם אפשר פון די גאָר נאָענטסטע, איז געווען קורץ, קאַרג, עפּעס ווי ער זאָל געווען מורא האָבן צו פאַרלירן אַן איבעריק וואָרט. און אויב איר האָט אים נאָר נישט אַרײַנגעבראַכט אין כעס, האָט איר געטראַכט וועגן אים, ווי וועגן גלאַט אַ קאַלטן „לונג און לעבער". דערפאַר אָבער, אויב איר האָט אים מיט עפּעס דעררוגזט, האָט איר

צו אײַער שטוינונג אויסגעפונען, אַז הערשל קען שרײַען... אוי, האָט ער גע־קענט שרײַען... ייִדן וואָס האָבן אים גוט געקענט, פלעגן אויסמײַדן אים אַרײַנ־צוברענגען אין אַזאַ לוינע... ווײַל ער האָט געהאַט אַ שאַרפע, כאַטש אַ קלוגע צונג... נאָר איין זאַך האָט איר געקענט זײַן זיכער, אַז זײַן כעס האָט קיין מאָל נישט גורם געווען קיין שלעכטע האַנדלונג... נאָך מער, אויב אויף מאָרגן האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער איז נישט געווען גערעכט, האָט אָט דער שטאָלצער ייִד נישט געוואַרט אויף ערב יום־כיפּור זיך פאַר אײַך צו אַנטשולדיקן, ווײַל הערשל איז געווען אַ פרומער ייִד נישט נאָר אין ענינים וואָס בין אָדם למקום (צווישן מענטש און גאָט), נאָר נאָך מער אין ענינים וואָס בין אָדם לבריות (צווישן מענטש און מענטש). אין שאַרגאָראָד האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ פירנדיקן מענטש, און אַ מאָל אַפילו פאַר אַ פּוסק־אַחרון. ער האָט אָבער קיין מאָל נישט אָנגענומען קיין אַמט אין קיין אינסטיטוציע אין שטאָט, אַפילו נישט אין זײַן קלויז.

איך האָב פריִער געזאָגט, אַז הערשל האָט געהאַט „מענטשן", וואָס האָבן געאַרבעט בײַ אים און מע טאָר נישט לייקענען, אַז אַ באַלעבאָס איז ער געווען אַ שטרענגער, נאָר עס איז געווען די שטרענגקייט, נישט פון אַ האַר איבער קנעכט, נאָר ווי פון אַ שטרענגן טאַטן, וואָס וויל זײַנע קינדער מדריך זײַן בדרך הישר... בײַ אים אין שטוב האָט זיך געפירט אַן אמתע מלוכה, און זײַנע „מענטשן" פלעגן עסן בײַ זײַן טיש, נאָר מיט קיין זאַך האָט מען בײַ יענעם טיש קיינעם נישט געמאַכט פילן, אַז מע איז אַנדערש פון די אייגענע בני־בית... דאָרטן — פון יענער שטוב — האָט מען חתונה געמאַכט, סײַ אייגענע קינדער, סײַ משרתים און אַפילו דינסטן, מיט אַלע אַטריבוטן ווי בײַ ייִדן פירט זיך, מיט נדן, מיט חתונה־קליידער, ווי עס פּאַסט פאַר הערשל מעניעס דינסט אָדער משרת... אמת, נישט אין גאַנצן פלעגט הערשל געבן. עס איז געווען אַן אײַנפיר, אַז ווער עס האָט געאַרבעט דאָרטן, האָט געמוזט שפּאָרן בײַ אים, בײַ הערשלען, פאַר תכלית. אָבער דאָס אָנגעזאַמלטע איז קיין מאָל נישט געווען גענוג און הערשל פלעגט דערלייגן מיט אַ ברייטער האַנט... און איר האָט געדאַרפט זען הערשל מעניעס, ווען ער האָט „אויסגעגעבן" זײַנעם אַ משרת אָדער דינסט. ער פלעגט זײַן דער גליקלעכסטער מחותן בײַ אַזאַ חתונה. אַ סך פון אָט דער טראַדיציע האָט אויך זײַן שוועסטער מלכה איבערגענומען, ווײַל מלכה איז געווען אַ שותפטע אין אַלע געשעפטן. שוועסטער און ברידער זײַנען אפשר געווען די אידעאַלסטע שותפים, וואָס איך האָב ווען באַגעגנט. בכלל איז הערשל געווען אַ וווּנדערלעכער בײַשפּיל פון דעם הויפּט פון ייִדישער משפחה פון דעם אַלטן שניט. זײַן וואָרט איז געווען געזעץ. אָבער געזעץ, וואָס איז נישט גלאַט בכוח אָנגעוואָרפן, נאָר אַזעלכער, וואָס מענטשן האָבן אַליין אָנגענומען אין פאַרשטענדעניש. הערשל האָט געהאַט די גרויסע מעלה פון לאָזן זיך רײדן. און עס האָט נישט אויסגעמאַכט, ווער דער בעל טענה איז געווען: אַ „מענטש" בײַ אים, צי אַן אייגן קינד, אַז עס פלעגט

קומען צו וויכטיקע ענינים. בלויז צוליב דער אייגנשאַפט זײַנער, איז דאָס מעג־לעך געווען פאַר זײַן עלטערער טאָכטער, איידלען, צו פועלן בײַ אים צו שיקן זי קיין אויסלאַנד שטודירן. מע מעג זיך פאָרשטעלן, אַז לכתחילה איז דאָס געווען די ווילדסטע זאַך, וואָס אַזאַ ייִד ווי הערשל האָט ווען עס איז געהערט. מע טאָר נישט פאַרגעסן, אַז די מעשה פון איידלס פאָרן שטודירן האָט געדאַרפט פאָרקומען מיט אַ זעכציק אָדער מער יאָרן צוריק. איר מעגט זיך אויך פאָרשטעלן, אַז אַפילו פאַר אַ זון זײַנעם, וואָלט אין יענער צײַט נישט גרינג געווען הערשלען צו איבער־צײַגן אין דער נייטיקייט צו פאָרן שטודירן אין אויסלאַנד, בפרט אַ מיידל, איינע אַליין אין דער גרויסער פרעמדער וועלט. ברעכן אַזעלכע צוימען האָט מען גע־דאַרפט האָבן אַ סך שכל און כאַראַקטער, און איידל האָט דאָס מן הסתם פאַרמאָגט. איך שטעל זיך אויך פאָר דעם וויכוח אָדער וויכוחים, וואָס איידלען איז אויס־געקומען צו פירן מיט איר טאַטן, ווען מיט גלאַט סענטימענטן אָדער וויינען האָט מען נישט געקענט גובר זײַן. מע האָט געברויכט אַ סך מער... נאָר איידל איז געווען פון דעם זעלביקן מאַטעריאַל, וואָס הערשל איז געווען. און איין מאָל פאַרלוירן — איז הערשל געווען פון די פאַרלירער, וואָס פאַרגינען דעם געווינער און רעספּעקטירן אים (אין אונדזער פאַל — זי). אין דער אמתן האָט איידל גע־עפנט נישט קיין פענצטער, נאָר אַ ברייטע טיר פאַר אַנדערע שאַרגאָראָדער, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט און געוווּנען די הסכמה פון זייערע אייגענע דורך איר בײַשפּיל. הערשל אַליין פלעגט מיט שטילן באַשיידענעם שטאָלץ דערמאָנען איר נאָמען. איידל איז אויך געווען די ערשטע בײַ הערשלען אין דער משפּחה, וואָס האָט אַליין זיך אויסגעזוכט איר באַשערטן און דעם טאַטנס ברכה געקראָגן שוין נאָך דער חתונה, וועלכע איז טאַקע פאָרגעקומען אין בעלגיע, אָן נדן, אָן חתונה־קליידער און אָן דער שאַרגאָראָדער קאַפּעליע... דאָס אַליין איז געווען נאָך אַ גרעסערע רעוואָלוציע, ווי דאָס פאָרן קיין אויסלאַנד שטודירן. אויך מיט דעם האָט איידל געבראָכן אַ טראַדיציע פון דורות און געוואָרן אַ בײַשפּיל פאַר אַנדערע...

הערשל איז געווען זייער אַן איבערגעגעבענער טאַטע צו זײַנע קינדער, וועל־כע ער האָט געהאַט — קיין עין־הרע נישט — אַ היפּש ביסל, ווײַל פון דרײַ ווײַ־בער. צו די ערשטע צוויי האָט ער קיין מזל נישט געהאַט — זיי זײַנען געשטאָרבן זייער יונג. נאָר מיט דער לעצטער, דער דריטער, האָט ער געפירט אַ גליקלעך לעבן און זיך געעלטערט מיט איר. זי האָב איך גוט געקענט. געדענק איך זייער גוט און ווייס ווי גליקלעך אַ מענטש ווי הערשל, האָט זיך געקענט פילן מיט איר. זי האָט געהאַט אַ סך שטריכן פון הערשלס כאַראַקטער, מיט אַ צוגאָב פון ווײַ־בערשער איידלקייט. זי האָט געשטאַמט פון אַ רבישן יחוס. איר זיידע איז געווען דער רבי ר׳ משהלע סאַווראַניער. און כאָטש די מערסטע קינדער הערשלס זײַנען נישט געווען אירע, האָט מען אין שטוב מיט קיין זאַך נישט געוווּסט קיין חילוק

צווישן אירע און נישט אירע קינדער. זי איז צו זיי געווען אַ געטרײַע מאַמע אין אַלע הינזיכטן.

**
*

הערשלס מלוכה האָט אָנגעהאַלטן ביז דער רעוואָלוציע, און דאָרטן איז באמת געווען תורה וגדולה במקום אחד. צרות האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך דער איבער־קערעניש (די רעוואָלוציע איז געווען אַ קוואַל פון שמחה און גרויסע האָפענונגען פאַר יעדן איינעם. די צרה איז געווען, וואָס דער יום־טוב האָט אין אוקראַינע לאַנג נישט אָנגעהאַלטן). צו די אַלגעמיינע חבלי־לידה פון דער נײַער עפּאָכע, זײַנען אין אוקראַינע פאָרגעקומען בײַטעונישן פון „מאַכטן" אַלע מאָנטיק און דאָ־נערשטיק, און די „מאַכטן" האָבן געהאַלטן אין איין רויבן און מאַכן פּאָגראָמען. פון הערשלס עשירות איז געבליבן אַ שאָטן. און חוץ דעם פלעגט מען אַרויפלייגן קאָנטריבוציעס אויף דער שטאָט און האַלטן הערשלען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם זאַמלען דאָס געלט. הערשל האָט פיל געליטן פון דעם, ווײַל ווען עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן זײַן אייגן געלט, איז אים געווען טויזנט מאָל גרינגער צו געבן ביזן לעצטן גראָשן — איידער יענעמס. מאַנען בײַ שטאָט האָט ער נישט געקענט. ער האָט געוווּסט מער ווי ווער עס איז אין שטאָט, אַז די גבירים זײַנען שוין אויס גבירים, און די אַנדערע זײַנען דאָך אָרעמע לײַט... און אָט האָט איין מאָל גע־טראָפן, אַז די דעניקינצעס האָבן אַרויפגעלייגט אויף שאַרגאָראָד אַ קאָנטריבוציע פון אַ גרויסער סומע אין גאָלד. עס איז געווען אַבסאָלוט נישט־גלויבלעך, אַז אַזאַ סומע זאָל געשאַפן ווערן. הערשל איז אַוועק מיט זײַן איידעם בונעם צו די הויפּטן פון דער באַנדע (אין יענער צײַט איז די אַזוי גערופענע ווײַסע־אַרמיי פון דעני־קין שוין טאַקע מער נישט געווען ווי אַ פּאָגראָם־באַנדע) און זיך בײַ זיי געבעטן, זיי זאָלן אַרײַן צו אים אין קראָם, אין הויז, און נעמען וואָס נאָר זיי ווילן, נאָר זאָלן באַפרײַען די שטאָט פון דער צרה. די פירערס פון דער באַנדע האָבן „גאַנץ שיין" אויסגעהערט הערשלען און אים פאַרהאַלטן ווי אַ לעבעדיקן משכון, מיט אַ באַפעל, אַז שטאָט זאָל אין 24 שעה צושטעלן די געפאָדערטע סומע אין גאָלד, אויב נישט, וועלן זיי אים, הערשלען, דערשיסן... הערשל האָט גלײַך געזאָגט בונעמען אויפן אָרט, אַז ער זאָל לאָזן וויסן אין שטאָט, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן צו געבן קיין געלט אָדער גאָלד, און זיי זאָלן אים לאָזן אויף גאָטס ווילן; ער גלייבט אין גאָט און וויל נישט, אַז מע זאָל די רשעים ווײַזן אַ וועג פון משכנות...

בכדי אָנצושרעקן די שטאָט נאָך מער, האָבן די רוצחים דעם זעלביקן טאָג געשמיסן הערשלען אויפן נאַקעטן לײַב ביז האַלב־טויט און געשיקט רופן בונע־מען, זײַן איידעם, ער זאָל אַליין זען, וואָס מ'האָט געטאָן צו זײַן שווער און ער זאָל וויסן, אַז זיי וועלן האַלטן וואָרט און אים דערשיסן, אויב דאָס געפאָדערטע גאָלד וועט נישט צוגעשטעלט ווערן אין צײַט... הערשל איז געלעגן אַ געשוואָלענער ווי אַ באַרג אויפן שטיינערנעם דיל, און ווען ער האָט דערזען בונעמען, האָט ער

אים נאָך אַ מאָל פאַרזאָגט, אַז מע זאָל זיך נישט דערוועגן צו געבן קיין איין פרוטה...

אָבער שטאָט איז געוויר געוואָרן, וואָס מע האָט געטאָן הערשלען, און צו בונעמס הויז האָבן זיך געצויגן הונדערטער שאַרגאָראָדער ייִדן און נאָך מער פרויען. מע האָט געטראָגן אַלץ וואָס אַ מענטשלעך מויל קען אויסריידן: זילבערנע לײַכטערס, גאָפּלען, לעפל, מעסערס, קידוש־בעכערס, בשמים־ביקסלעך, זייגער־לעך, קייטלעך, פינגערלעך, אויערינגלעך, בראַסליעטן, שנירלעך פּערל — און וואָס נישט. פרויען האָבן זיך געבעטן, מע זאָל בײַ זיי נעמען די זאַכן אויף צו ראַטעווען הערשל מעניעס...

נאָר אין אָוונט האָט אַ נס געטראָפן. עמעצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז די באָלשעוויקעס זײַנען שוין אויף דער סלאָבאָדע, און די גרויסע העלדן, וואָס האָבן בלויז מיט אַ פּאָר שעה צוריק „געראַטעוועט" די „מאַמע" רוסלאַנד, האָבן אין גרויס פּאַניק זיך אַנגעהויבן צעלויפן, ווי שטשורעס פון אַ זינקענדיקער שיף... עס פאַרשטייט זיך, אַז הערשל איז געראַטעוועט געוואָרן, ווײַל די מורא בײַ די „באַפרײַערס" פון רוסלאַנד איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אין אים אין גאַנצן פאַרגעסן...

**
*

ווי עס האָט זיך נאָך דעם אַרויסגעוויזן, זײַנען די אַנגרײַפנדיקע באָלשעווי־קעס נאָך געווען זייער ווײַט פון שאַרגאָראָד. עס האָט גענומען דרײַ אָדער פיר טעג ביז זיי זײַנען אָנגעקומען. דאָס מאָל שוין אויף שטענדיק... מע האָט קיין מאָל נישט אויסגעפונען ווער עס האָט אַזוי טיכטיק און אין צײַט פאַרשפּרייט דעם קלאַנג, און בעיקר — ווי אַזוי דער קלאַנג האָט דערגרייכט צו די באַנדיטן. אויב איר זײַט אַ מאמין, אַ גלויביקער, קענט איר די מעשה פאַרענדיקן אויף אײַער אייגענעם אופן. דער שרײַבער פון דעם בוך איז ווײַט פון גלייבן אין לעגענדעס. אָבער אין ניסים גלייבט ער יאָ, בפרט אַז צו אָט דעם נס איז נייטיק געווען בלויז די הילף פון אַ מוטיקן מענטש... און כאָטש איך ווייס נישט, ווער דער איינער איז געווען, זאָל זײַן נאָמען זײַן געבענטשט...

**
*

אינטערעסאַנט איז, אַז במשך דער רעוואָלוציע, דעם בײַטן זיך פון די מאַכטן, די פּאָגראָמען, „געזעצלעכע" און אומגעזעצלעכע רעקוויזיעס, קאָנפיסקאַציעס פון פאַרמעגנס, בירגערקריג און אַלע אַנדערע פּורעניותן וואָס ייִדן האָבן איבערגע־לעבט, זײַנען אויך געווען אַזוינע (נישט קיין סך), וואָס האָבן געהאַלטן, אַז פון אַלע שלעכטיקייטן איז דער באָלשעוויזם דאָס ערגסטע. ווײַל — האָבן זיי געזאָגט, — אַז די פּעטליוראָווצעס מאַכן אַ פּאָגראָם, האַלט ער אָן אַ פּאָר טעג און נאָך דעם איז עולם כמנהגו נוהג — מע קען נאָך אַ מאָל האַנדלען, וואָס אָן דעם איז די וועלט

קיין וועלט נישט... אַז הערשל מעניעס, דער גרעסטער פאַרלירער צו די באָלשע־וויקעס, פלעגט הערן אַזאַ באַמערקונג, איז ער געפערלעך אויפגערעגט געוואָרן און פלעגט שטאַרק אויסריידן אַזאַ מין ייִדן. איך אַליין האָב אים אַ מאָל געהערט זאָגן אָט וואָס: „אַוודאי בין איך קעגן יעדן סאָרט צוואַנג, פון וואַנען עס זאָל נישט קו־מען און אין וועלכע שיינע רייד עס זאָל זיך נישט וויקלען... נאָר אַלע אַנדערע ראַבעווען און הרגענען ייִדן, ווײַל זיי זײַנען ייִדן. די «רויטע» טוען צו ייִדן און נישט־ייִדן די זעלביקע זאַכן און טענהן דערבײַ, אַז דאָס ווערט געטאָן צו מאַכן די וועלט בעסער פאַר אַלעמען. איך ווייס נישט וואָס זיי וועלן אויפטאָן דערמיט, נאָר אַ חילוק צווישן זיי און די פּאָגראָמשטשיקעס איז דאָך אַ גרויסער, און עס איז אַ זינד צו מאַכן דעם פאַרגלייך אַפילו און דערבײַ נישט זאָגן להבדיל"...

און כאָטש די רעוואָלוציע האָט צעטרייסלט אַלע יסודות פון דער וועלט, קען מען אָבער נישט לייקענען די גרויסקייט פון אַ הערשל מעניעס, אַ מענטש וואָס איז געווען אײַנגעוואָרצלט אין היפּוך פון רעוואָלוציע, וואָס האָט אָבער, ווי טויזנ־טער און מיליאָנען אַנדערע, געוואָלט גלייבן אין איר, ווײַל זי האָט אויף איר פאָן געטראָגן דעם אידעאַל פון יושר און צדק...

## חיים מינקאָוועצקי

איך האָב שוין עטלעכע מאָל אין מײַנע באַשרײַבונגען דערמאָנט דעם נאָמען חיים ישכרס, איז נישט מער ווי רעכט, אַז איך זאָל אים פאַר אײַך פאָרשטעלן.

חיים איז געווען אַ ייִד אַ בן־תורה, אַ פרומער מענטש, אָבער נישט קיין פאַ־נאַטיקער, נישט אָפּגעשיידט פון דער וועלט. חיים האָט געלייענט אַ בלאַט־צײַטונג, זיך פאַרשטאַנען אויף פּאָליטיק, געקענט ריידן מיט אַ מענטש, ווער דער לעצטער זאָל נישט זײַן. לעבן האָט ער געלעבט פון דעם, וואָס ער איז געווען אַ בוכ־האַלטער בײַ די סאָראָקערס. איז, כבוד האָבן זיי אים טאַקע אָפּגעגעבן מיט דער פולער האַנט און אַרבעט האָט אים טאַקע אויך נישט אויסגעפעלט, ווײַל די סאָ־ראָקערס האָבן געהאַט נישט נאָר זייערע אָפענע געשעפטן, נאָר זיי האָבן אויך גע־האַט אַ האַנט, אין דער שטיל, אין עטלעכע שניטקראָמען, ווו די באַלעבאַטים זײַ־נען געווען די אייגנטימערס בלויז לפנים (איך ווייס נישט עד־היום, וואָס פאַר אַ געדאַנק עס איז געווען אין דעם, נאָר מן־הסתם האָט זיך זיי געלוינט זיך צו באַ־האַלטן הינטער די פּלייצעס פון אַנדערע ייִדן, זיכער נישט לשם שמים, עס איז גיכער געווען אין דעם אַן ערדישער צוועק. נאָר נישט דאָס בין איך איצט אויסן). וואָס איך ווייס יאָ איז, אַז חיים האָט געדאַרפט פירן אָט די טאָפּלטע בוכהאַלטע־ריע און געהאַט דערפון שברת־לב און עגמת־נפש, מחמת זיי, די סאָראָקערס, האָבן געוואָלט וואָס מער פאַר זיך און חיים איז געווען אַ מזג־טוב, געהאַט אַ האַרץ

פון אַ מלאָך... חוץ לזה, איז טאַקע חיימען געגאַנגען אין לעבן, אַז קיינער פון די יידנס קאָנקורענטן זאָל נישט וויסן, אַז די קראָמען געהערן נישט צו די לפנימדי־קע אייגנטימערס. עס איז אים די אַרבעט נישט אָנגעקומען גרינג. ווײַל שאַרגאָ־ראָדער קרעמער האַלטן אָן אויג איינער אויפן צווייטן... דאַרפן וויסן, וואָס בײַ יע־נעם אין טאָפּ קאָכט זיך... איז, ווי געזאָגט, אַרבעט האָט ער געהאַט גענוג, חיים. דערפאַר אָבער, אַז עס איז געקומען צו שכירות, זײַנען די סאַראָקערס נישט גע־ווען אַזעלכע וותרנים, אַזעלכע צעוואָרפענע... האָט חיים געמוזט טאָן אויך אַנדערע זאַכן אויף צוזאַמענצושטוקעווען דאָס גוטע ביסעלע פּרנסה. איז ער געווען אַ בעל־מוסף אין דער סקווערער קלויז. און איר וואָלט אים געווען געמעגט הערן דאַוונען! ער איז נישט געווען קיין חזן און האָט דאָס אויך נישט פּרעטענדירט צו זײַן, נאָר אויב איר האָט געוואָלט הערן אַ האַרציקן בעל־תפילה, אַז עס זאָל אײַך ווערן גרינגער אויף דער נשמה, איז דאָס געווען חיים, ווען מען איר וואָלט געוואָלט הערן. הערן חיימען בענטשן „טל" אָדער „גשם"; הערן אים זאָגן סליחות, הלל אָדער אַ יום־טובדיק דאַוונען; הערן חיימען זאָגן קינות אָדער לייענען די מגילה — איז געווען אַ דערהויבענע איבערלעבעניש. פון ימים־נוראים — איז אָפּגערעדט. עפּעס אַ הייליקע ציכטיקייט איז געווען אויסגעשפּרייט אויף די האַרציקע ניגונים און נוסחאות. הערן חיימען זיך אויסטענהן מיטן רבונו־של־עולם און אַ זאָג־טאָן: „הנשמה לך והגוף פעלך... אוי, חוסה על עמלך" — האָט אײַך געקענט פאַרוואַנד־לען אין עפּעס אַנדערש, וואָס איר זײַט בין דאַן געווען.

חיים (ווי ר' עקיבא דער רב) איז גוט באַקאַנט געווען מיט דער היילקראַפט פון אַ סך גראָזן און וואָרצלען פון דער מעדיצינישער וועלט און האָט אַפילו אַליין געקענט צוזאַמענשטעלן געוויסע רפואות. און מענטשן פלעגן טאַקע צו אים קו־מען אין אַ נויטפאַל, נאָר חיימען האָט עס נישט אַלע מאָל דערמוטיקט. קיין גבי־רים האָט ער קיין מעדיצינישע מיטלען נישט געגעבן און זיי געשיקט צום דאָק־טער, און אָרעמע לײַט, האָט ער נישט געוואַרט מע זאָל קומען צו אים, פלעגט אַליין גיין צו זיי און געהאָלפן מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט. און קיין געלט בײַ זיי נישט גענומען. חיים איז געווען אַ מענטש מיט פּרינציפּן, געווען קאַרג אויף אַ וואָרט און אין קלויז פלעגט ער זיך נישט מישן אין קיין סיכסוך. אָבער, האָט מען אים געפרעגט, האָט ער זיך נישט געזוכט אויסצודרייען צו געבן אַן ענטפער, און האָט קיין מאָל נישט באַהאַלטן זײַנע אַ מיינונג, טאָמער ווען עמעצן נישט גע־פעלן. צו חיימען פלעגן קומען מענטשן און פאַרטרויען אים פּערזענלעכע ענינים, מיט די אינטימסטע זאַכן. מענטשן האָבן געוווּסט, אַז חיים קען געבן אַ קלוגע עצה און קען האַלטן אַ סוד...

**
*

חיים וואָלט געווען געקענט זײַן גליקלעך און צופרידן מיט זײַן לעבן. טראָץ דעם וואָס פּרנסה איז אים אָנגעקומען שווערלעך, איז ער אָבער געווען אַ שמח

בחלקו. האָט צו גאָט קיין טענות נישט געהאַט און אויף זײַן באַשיידענעם אופן האָט ער זיך מיט זײַן משפּחה געלעבט גאַנץ באַלעבאַטיש...

חיים האָט געהאַט זייער ווילע קינדער. אַלע האָבן זיך גוט געלערנט און ער האָט פון זיי געהאַט נחת. אַ באַזונדערן פאַרגעניגן האָט ער געהאַט פון זײַן על־טערן בחור, ווײַל יענער האָט זיך אײַנגעגעבן אין יעדן הינזיכט: פאַרמאָגט אַן איידעלע שיינקייט, געווען אין גוטסקייט געראָטן אין טאַטן און געווען געבילדעט סײַ אין יידישע, סײַ אין וועלטלעכע לימודים; ער האָט געשריבן און גערעדט לשון־קודש אַזוי פליסיק, ווי עס זאָל האָבן געווען בײַ אים מאַמע־לשון. שטילערהייט האָט ער געשריבן העברעיִשע פּאָעזיע, און לויט חיימס מיינונג, גאַנץ גוטע. מע האָט אַפילו אין „הד הזמן" געדרוקט אַ פּאָר פון זײַנע שירים. און וועלטלעכע קענגנשטאַנדן האָט ער טאָקע געקענט אַזוי גוט, אַז מענטשן האָבן זיך אָנגעשלאָגן, ער זאָל לערנען מיט זייערע קינדער. חוץ דעם אַלעמען, איז ער געווען שטיל ווי אַ טויב... צו חיימען און צו דער מאַמען איז ער געווען ,ווי ווייניק הײַנטיקע קינ־דער זײַנען; צוגעבונדן מיט די איידלסטע משפּחה־פעדעם. די יינגערע קינדער האָט ער זייער ליב געהאַט און זיי געלערנט אַלץ וואָס איז אין יענער צײַט געווען אין מאָדע צו וויסן...

**
*

מיט איין זאַך איז חיים געווען אומצופרידן: דער בחור האָט געאַרבעט צו־שווער, נישט איבערגעלאָזט פאַר זיך קיין פרײַע מינוט; אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער לערנען מיט פרעמדע און מיט די יינגערע קינדער און אין די אָוונטן, ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער געלערנט פאַר זיך אַליין. ער האָט זיך געגרייט צו אַ „מאַטורע"־עקזאַמען. ער האָט גוט געוווּסט פון אָפענעם און פאַרבאָרגענעם אַנטי־סעמיטיזם, און אַז פאַר אַ ייד, נאָך אַן עקסטערנעם דערצו, איז נישט גענוג גלאַט צו קענען די נייטיקע קענגנשטאַנדן, נאָר מע האָט זיי געדאַרפט קענען אַזוי, אַז די פּאָנישע „באַטשאַלניקעס" זאָלן זײַן געצוווּנגען צו געבן גוטע ציינכנס. דער בחור האָט זיך נישט פאַרגונען די צײַט אָפּצועסן ווי עס באַדאַרף צו זײַן. ער האָט אָנ־געהויבן פאַרלירן וואָג, געוואָרן פאַרדעכטיק בלאַס, געקראָגן קוים באַמערקלעכע רויטע פלעקן אויפן בלאַסן פּנים — און ווי חיימס ווײַב האָט שטילערהייט חיימען דערציילט — האָט דער זון אָנגעהויבן אונטערצוהוסטן...

חיים האָט געוווּסט די געפאַרן פון נישט־גענוגנדיקן דערנערן און ווייניק רו. האָט ער אָנגעהויבן אײַנטענהן מיט זײַן זון, אַז ער טאָר זיך נישט פאַרנאַכלעסיקן, אַז אַ דיפּלאָם, אַן „אַטעסטאַט זרעלאָסטי" אָן געזונט איז נישט קיין גוואַלדיקער אויפטו... נאָר דער יונגערמאַן האָט געקוקט אויף דעם טאַטן מיט זײַנע גוטע, טיפע, קלוגע אויגן געשמייכלט און חיימען פאַרזיכערט, אַז ער איז געזונט און שטאַרק; אַז ער, חיים, מער ווי עמעצער אַנדערש דאַרף וויסן, אַז אָן „יגעתי" איז נישט שייך

קיין „מצאתי" (עס הייסט, אַז אַן מי קען קיין געפינס נישט זײַן). ווען חיים האָט אים אַ מאָל געפרעגט וועגן זײַן הוסט, האָט יענער זיך אויסגעלאַכט דערפון: „דער מאַמען דאַכט זיך מער ווי עס איז. ווייס איך וואָס! אַ מענטש פאַרקילט זיך אַ מאָל, עס גייט איבער"...

מיטן דערנענטערן זיך פון די עקזאַמענס, האָט נאָך דער יונגערמאַן שווע־רער געאַרבעט. חיים איז אַדורכגעגאַנגען חיבוט־הקבר. זײַן האַרץ האָט געפלאַ־טערט אין אים פאַר זײַן קינד. ער האָט געזען, אַז ער ווערט חרוב און האָט אַפילו נישט געקענט אים זאָגן קיין איין וואָרט. חיים האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ יום־הדין עס שטייט זײַן זון פאַר בײַ די עקזאַמענס. ער האָט זיך פון דעסט וועגן אָנגעטאָן אַ כוח און אים געבעטן, ער זאָל אַרײַנגיין צום דאָקטער. נאָר דער בחור האָט אים דערקלערט, אַז עס האָט נישט קיין זין צו גיין צום דאָקטער, ווען ער ווייסט אַז ער וועט דעם דאָקטערס באַפעלן נישט קענען אויספירן איצט... ער האָט דעם טאַטן צוגעזאָגט, אַז באַלד נאָך די עקזאַמענס וועט ער גיין צום דאָקטער און אויך אויספירן זײַנע אינסטרוקציעס...



די צײַט שטייט נישט אויף אַן אָרט. עס איז געקומען די צײַט פון די עקזאַ־מענס. דער יונגערמאַן איז אַוועק קיין אָדעס. דעם ערשטן טאָג האָט ער דעם עק־זאַמען אויסגעהאַלטן, כאָטש מע זאָגט נישט דעם עקזאַמינירטן אויפן אָרט, צי ער האָט אויסגעהאַלטן, נאָר אַזוי ווי דער עקזאַמען איז געווען אַ מינדלעכער און ער האָט יעדע פראַגע געענטפערט און געוווּסט אַז ער ענטפערט ריכטיק, האָט ער אויך געוווּסט די רעזולטאַטן. אויף מאָרגן האָט געדאַרפט זײַן אַ שריפטלעכער עקזאַמען, און ער איז געזעסן אַ האַלבע נאַכט און שטודירט. מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט אַ וואַרעמקייט אין האַלדז און אַ געזאַלצנקייט אין מויל... אַ געפיל, ווי די וועלט זאָל עפּעס אַוועקשווימען פון אים האָט נאָכגעפאָלגט... צי ער האָט אַ געשריי געטאָן, צי דער פאַל זײַנער פונעם שטול, אויף וועלכן ער איז געזעסן, אויפן דיל — האָט פאַראורזאַכט אַ שטאַרקן קלאַפּ. די מענטשן פון דער אַכסניה זײַנען אַרײַנגעלאָפן און אים געפונען אויפן דיל אין אַ קאַליוזשע בלוט. מע האָט אים אויף גיך אָפּגעפירט אין יידישן שפּיטאָל, טעלעגראַפירט צו חיימען און דער אומגליקלעכער טאַטע איז נאָך דעם זעלביקן אָוונט געווען אין אָדעס בײַ זײַן קינדס בעט...אַ פּאָר טעג האָט דער בחור געשוועבט צווישן לעבן און טויט. נאָר אין עטלעכע טעג אַרום איז אים געוואָרן עטוואָס בעסער און די דאָקטוירים פון שפּיטאָל האָבן חיימען דערקלערט, אַז זײַן זון לײַדט פון טובערקולאָז, אַז קיין זיכערע רפואה איז פאַר דעם נישטאָ. אויב עפּעס קען אַ מאָל העלפן — איז עס גוטער נאַרונג און לופט... און לופט, וואָס פרישערע און בעסערע און וואָס מער, און בעיקר — פולשטענדיקע רו און קיין זאָרג נישט... חיים האָט די דאָקטוירים

געפּרעסט, געוואָלט פון זיי הערן כאָטש אַ סימן פון האָפענונג. נאָר קיינער האָט אים אַזאַ האָפענונג נישט געקענט געבן. בלויז איינער, זייער אַ יונגער דאָקטער מיט אַ סימפּאַטיש יידיש פּנים האָט אים געהייסן קומען אויף מאָרגן און וואַרטן אויף אים בײַ זײַן זונס בעט, ער וויל מיט אים זיך דורכשמועסן. חיים האָט זיך געפעדערט און געקומען. און ווען דער יונגער דאָקטער איז אַרײַנגעקומען, האָט ער אים אַרײַנגענומען צו זיך אין צימער און אים געזאָגט אָט וואָס: „איך האָב נעכטן אײַך נישט געקענט זאָגן קיין זאַך, ווײַל איך בין אַ יונגער דאָקטער און דאַרף נאָך געווינט לערנען זיך צו פאַרגלײַכן אין וויסן מיט מײַנע עלטערע קאָלעגן, און וואָלט מן־הסתם אײַך נישט גערופן פאַר דעם איצטיקן געשפּרעך, ווײַל עס איז אַ גרויסע חוצפּה פון מײַן זײַט זיך אַרײַנצומישן מיט מײַן מיינונג קעגן דער מיינונג פון עלטערע און מער דערפאַרענע דאָקטוירים... נאָר נעכטן, ווען איר האָט גערעדט מיט די דאָקטוירים און האָט זיך געבעטן בײַ זיי, זיי זאָלן ראַטעווען אײַער זון, האָט איר מיך דערמאָנט אין שלום עליכמס אַ באַשרײַבונג פון אַ יידישן טאַטע, וואָס האָט זיך געוואָרפן אונטער די פערד, כדי אויסצופועלן בײַ אַ דאָקטער, וועלכער איז געקומען צום גביר פון שטעטל, אַז ער זאָל צופאָרן באַזוכן זײַן זון, וואָס ליגט קראַנק אויף טובערקולאָז. די באַשרײַבונג הייסט „דער גליקלעכסטער אין קאָדני"... מיר איז געוואָרן ענג אין האַלדז, טרערן האָבן מיך געשטיקט און איך האָב באַשלאָסן אײַך צו זען און אײַך אַן עצה צו געבן... אין דײַטשלאַנד און אין אַמעריקע מאַכט מען איצט עקספּערימענטן מיט אַ נײַ היילמיטל קעגן טובערקולאָז. דער נאָמען פון דעם איז „טובערקולין". עס איז אַ נײַע אַנטדעקונג פון פּראָפעסאָר קאָך. דעם דאָזיקן מיטל קען מען נאָך אויפן פרײַען מאַרק נישט קריגן און דערפאַר האָבן די דאָקטוירים מיט אײַך וועגן דעם נײַעם היילמיטל נישט געקענט ריידן, ווײַל בײַ אונדז אין רוסלאַנד איז נאָך די נײַע רפואה אין גאַנצן נישטאָ. עס איז נישט געוועזן צוליב שלעכטקייט, וואָס זיי האָבן אײַך גאָר נישט דערציילט וועגן דעם, און ווי מעדיצינערס, פירן זיי זיך כדרך הטבע... וואָס זיי וויסן נישט איז, אַז אַ יידישן טאַטנס ליבע צו זײַן קינד איז מחוץ לדרך הטבע... בפרט אַזאַ ייד ווי איר, וואָס איך האָב גלײַך אָפּגעשאַצט, צו זײַן אַ מענטש מיט ידיעות אין וועלטזאַכן ,ווי אין יידישקייט. אַלזאָ, איך האַלט דאָס פאַר מײַן חוב צו דערציילן אײַך וועגן די צוויי לענדער, וואָס מאַכן, צום וויי׳יניקסטן, אַ פּרווו זיך קעגנצושטעלן אָט דער טויטלעכער קראַנקייט, און איר זאָלט טאָן אַלץ וואָס איר קענט, בכדי זיך צו באַנוצן מיט מײַן אינפאָרמאַציע און זאָל אײַך גאָט העלפן איר זאָלט מצליח זײַן"...

(וואָס דער יונגער דאָקטער האָט חיימען נישט דערציילט איז, אַז ער איז שלום עליכמס איידעם, דאָקטער קויפמאַן).

**
*

עס האָט געגומען אַ פּאָר וואָכן. דער פּאַציענט האָט זיך עטוואָס געבעסערט און מע האָט אים אויסגעשריבן פון שפּיטאָל. חיים האָט זיך נישט געגאַרט אין אָט דער בעסערקייט... ער האָט דעם זון אַהיימגענומען און זיך גענומען באַטראַכטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי ער זאָל זײַן זון קענען געבן די מעגלעכקייט זיך צו היילן מיט דעם נײַעם פּרוווּמיטל קעגן דער טויטלעכער קראַנקייט. ער האָט געוווּסט, חיים, אַז צײַט איז די וויכטיקסטע זאַך אין דעם פֿאַל. עטלעכע נעכט איז ער אין גאַנצן נישט געשלאָפֿן, טאַקע קיין אויג נישט צוגעמאַכט. עס איז פֿאַר אים קלאָר גע־ווען אַז קיין דײַטשלאַנד קען ער אים נישט נעמען, ווײַל אין דײַטשלאַנד קען ער, חיים, וועגן פּרנסה נישט טראַכטן און קיין אַוועקגעלייגט געלט האָט ער אויך נישט געהאַט. איז דער אויסוואַל — אַמעריקע. אָבער וואָס וועט ער טאָן אין אַמעריקע? האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ווען ער איז געווען אַ יונגערמאַן האָט ער זיך געלערנט צו זײַן אַ מוהל און געקענט די אומנות, נאָר ער האָט געהאַט אַ ווייך האַרץ און יעדעס מאָל וואָס ער האָט געמלט אַ קינד, פֿלעגט ער זײַן צערודערט. אָבער איצט, ווען דאָס לעבן פֿון זײַן בעסטן קינד שטייט אין קאָן, וועט ער זיך שטאַרקן דאָס האַרץ... ער איז אַוועק קיין מאַליעוו צו ר׳ איציקל ביק און זיך געלאָזט עקזאַמע־נירן בײַ אים און בײַם חשובסטן מוהל אין שטאָט און איז מיט מזל געקומען אַהיים מיט סמיכה אויף מוהל...

חיים מיטן זון זײַנען אַוועק קיין אַמעריקע. חיים האָט אין אַמעריקע זיך מוסר־נפש געווען צו ראַטעווען זײַן זון. נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „טובערקו־לין" איז נישט קיין זיכער מיטל פֿאַר אַלע טיפּן טובערקולאָז, און נישט אַלע פּאַ־ציענטן זײַנען געהאָלפֿן געוואָרן. דער טיפּ טובערקולאָז וואָס דער זון האָט גע־האַט איז געווען אַ שנעל־לויפֿנדיקער. דער בחור האָט זיך אָפּגעמוטשעט אַ יאָר און איז געשטאָרבן... ס׳איז נישט גײַטיק צו באַשרײַבן חיימס לײַדן. נאָר אַזאַ טאַ־טע ווי חיים, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַזאַ דימענט ווי עס איז געווען זײַן זון, קען דאָס ריכטיק פֿילן און פֿאַרשטיין...

חיים האָט אַריבערגעבראַכט זײַן משפּחה קיין אַמעריקע און האָט ווי עס איז געהאַט פּרנסה. זיינע אַנדערע קינדער האָט ער דערצויגן אויף אַ זייער באַלעבאַ־טישן אופֿן. נאָר ער אַליין איז שוין קיין מאָל נישט געווען דער זעלביקער חיים וואָס פֿריִער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט חיים זיך אַרײַנגעוואָרפֿן מיט אַלע כּוחות אין דער הילף־אַרבעט פֿאַר די קרבנות פֿון די פּאָגראָמען, געהאָלפֿן אַ סך שאַרגאָראָדער צו קומען קיין אַמעריקע. וואָס אַנדערע האָבן געטאָן מיט זייער געלט, האָט חיים געטאָן מיט זײַנע פֿעיִקייטן און מיט זײַן וויסן. געהאָלפֿן בויען די שאַרגאָראָדער לאַנדסמאַנשאַפֿט אין ניו־יאָרק. די אָרגאַניזאַציע האָט אָבער נישט לאַנג צוריק געפֿײַערט אירע פֿופֿציק יאָר עקסיסטענץ. די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט פֿרעזערווירט חיימס גײַסט און וועלכע האָט מיט יאָרן פֿון שפּע פֿון אירע מיטגלידער און נאָך זייער אײַנגלידערן זיך אין אַמעריקאַנער לעבן, זיך מער נישט

געניייטיקט אין אירע אורשפּרינגלעכע אַקטיוויטעטן, האָט זיך נאָך דעם אויפקום פון מדינת־ישראל אויסגעצייכנט מיט געבן הילף דער יונגער מדינה, אין גייסט פון איינעם פון אירע בויערס — חיים מינקאָווסקי ז״ל.

## שמעון־דוד בלאָושטיין ז״ל

„הערט איר, קינדער, איר קענט דאָך מיך, ווייסט איר דאָך, אַז אייער טאַטע האָלט נישט פון ברעכן געזעצן. אַז אויב ער האָלט אַ מאָל, אַז אַ געוויסער געזעץ איז נישט יושרדיק, וועט ער קעמפן קעגן אים; וועט ער טאָן אַלץ, אַז דער געזעץ זאָל «געזעצלעך» ווערן אויס געזעץ... אָבער כּל־זמן ער איז געזעץ, וועט ער אים באַטראַכטן פאַר גילטיק, ווייל דינא דמלכותא דינא. און דאָך, וויל איך זיך פאַר אייך מודה זיין, אַז איין געזעץ, איין דין, האָב איך יאָ געבראָכן... און ווען — מיינט איר — האָב איך עס געטאָן? דווקא ווען איך בין געווען אַ סאָלדאַט... און ווו, — מיינט איר — האָב איך עס געטאָן? דווקא ווען איך בין געשטאַנען אויף דער וואַך...

— איך דערקען אין אייך, קינדער, אַז איר גלייבט נישט אייערע אויערן... וויל איך אייך דערמאָנען, אַז נישט בלויז איז אייער טאַטע נישט קיין געזעץ־ברעכער, נאָר אויך נישט קיין ליגנער... זייט געדולדיק, קינדער. אַז איר וועט האָבן געדולד און איר וועט מיך אויסהערן ביזן סוף, וועט איר אַליין איינזען, אַז די מעשה איז אַ ראַיעלע, אַן אמתע...

— געגומען האָט זיך עס פון נאַשערײַ... כאָטש אייער טאַטע איז, חלילה, נישט קיין זולל וסובא, איז ער דאָך „געכאַפּט אין דער מעשה״ אויף איין זאַך און האָט פון איר קיין מאָל נישט געגוג... בלויז אויף אָט דעם איינעם אַרטיקל איז ער אַ נאַשער הגדול, הגיבור והנורא, און דער יצר־הרע איז איבער אים אַ גאַנ־צער באַלעבאָס — ווען עס קומט צו אָט דער נאַשערײַ... און הער זיך איין, בערל, אויף דיר האָב איך זיך גאָר נישט געריכט, אַז דו זאָלסט זיין אַזוי אומגעדולדיק... עס וואָלט געפּאַסט פאַר יאַנקלען, ער איז ייִנגער פון דיר, און קען מיך נישט אַזוי לאַנג ווי דו... אָבער דו, ביסט דאָך שוין כמעט אַ דערוואַקסענער, אָט באַלד, באַלד פאַרסטו, מיט מזל, קיין אַמעריקע. און דאָרטן, מער ווי אומעטום אויף גאַנץ וועלט, דאַרף מען האָבן געדולד און געברויכן ישוב־הדעת... ווייל דאָרטן איז פאַר־ראַן פון וואָס צו קלייבן. און אָן געדולד קען מען נישט מקיים־זיין דעם פּסוק „ובחרת בחיים״...

— אָבער איך דענק אַליין, אַז עס איז שוין צייט אייך מגלה צו זיין פון וואַנען עס האָבן זיך צו מיר גענומען מיינע „ויתרוצצוס״ מיטן געזעץ און וואָס עס האָט גורם געווען, איך זאָל אים ברעכן...

— ביכער, קינדער מײַנע, זײַנען געווען די סיבה פון מײַנע קאָנפליקטן מיטן גענזעק... ווײַל זינט איך בין צו מײַן שכל געקומען, בין איך אַ נאַשער אויף ביכער, — האָט איר איין מאָל אָוועק.

— נו, און אַז „פּראַסוועסטשעניע״, בילדונג, איז בײַ אונדזערע מאַכטהאָבערס נישט קיין אָנגעלייגטער עניק, ווייסט איר מן־הסתם, ווי יונג איר זײַט... ווײַל ווען עס זאָל זײַן אַנדערש, ווי וואָלטן עס אַרומגעגאַנגען אַזוי פיל מיליאָנען מענטשן אין לאַנד, וועלכע ווייסן נישט, נעבעך, קיין צורת אות? בײַ אונדז האָט מען מורא פאַר בילדונג, ווי דער שד ציטערט פאַר „ויהי נועם״... — האָט איר זיך צוויי מאָל אָוועק.

— און אויב די „וולאַסט״, די מאַכט אונדזערע האָט אַזוי שטאַרק מורא פאַר בילדונג אין שטאָט און אין דאָרף, שטעלט אײַך שוין פאָר ווי זי פלאָטערט ממש, אין דער אַרמיי, אין מיליטער... מיט טויזנט אויגן היט מען דעם סאָלדאַט, ער זאָל חלילה, נישט אַרויס פון גדר, פון צוים פון סאָלדאַטשינע, סע הייסט, פון לערנען בלויז און נאָר די סאָלדאַטסקע תורה... סע איז: מושטירן זיך, מאַרשירן, אָנהייבן גלייבן אַז די „ווינטאָווקע״ — די ביקס — איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַן אייגן ווײַב... און מיט אָט דער „ווײַב״, וואָס מע טאָר נישט קאַליע־מאַכן, אָדער פאַרלירן חלילה וחס (גיכער דעם קאָפּ פאַרלירן, איידער די ביקס) — מיט אָט דער ביקס, דאַרף מען פאַרטיידיקן דעם צאַר־„באַטיושקאַ״ פון „וונוטרעניך״ און „וונעשניך וראַגאָוו״ — סע הייסט, פון אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים... אַז גאָט העלפט נאָך, קינדערלעך, מע קריגט אַ „יעפרייטאָר״ אַ שוואַרצמאַהניק, לייגט ער נאָך צו אַ „פריטשינעק״ אויף דעם אייגענעם חשבון און דער אייגענער אַחריות, און פון די „אינאָווערצעס״, די אַנדערש־גלייביקע — די יידן... וואָס דאַרפט איר מער, קינדער, אַפילו די דינים און כללים פון סאָלדאַטשינע, פון דעם באַשטאַנד פון דער אַרמיי, פון דעם צוזאַמענשטעל פונעם אָפיצירנטום, פון די פאַר־שיידענע טיטלען, פון דעם באַקענען זיך מיט די נעמען פון „אים אַליין״, דעם קיסר — ירום הודו, דער באַרינע, די טאָכטער, דעם „נאַסליעדניק״ (דעם יורש) און אַזוי ווײַטער — דאַרפן זיך די סאָלדאַטן דערוויסן פון אַזאַ לערע, וואָס ווערט אָנגערופן „סלאָוועסנאָסט״ (אויף אויסווייניק) אָן ביכער. ביכער, איז לא יזכר ולא יפקד; ביכער טאָר מען אויפן מויל נישט ברענגען...

— וואָס טוט אָבער אַזאַ סאָלדאַט, ווי איך טאַטע, וואָס קען אָן קיין ביכער, אָן קיין ספרים נישט לעבן, וואָס גלייבט אין „והגית בה יומם ולילה״, און אַרײַנ־טראַכטן זאָלסטו זיך אין דער תורה (אין ספרים) בײַ טאָג און בײַ נאַכט?

— האָבן מיר דאָך אָבער אַ גרויסן גאָט, האָט ער באַשאַפן אַזאַ זאַך, ווי אַ וואָך, דאָס הייסט, פיר און צוואַנציק שעה אין טאָג שטייען סאָלדאַטן מיט ביקסן און היטן מע זאָל, חלילה, דעם קיסר נישט באַגנבענען... און עס זאָלן זיך אין לאַ־גער נישט אַרײַנגנבענען קיין שונאים... אַלע פיר שעה בײַט מען דעם סאָלדאַט,

וואָס שטייט אויף דער וואַך מיט אַן אָנגעלאָדענעם ביקס, גרייט צו שיסן אויב נייטיק. דער סאָלדאַט דאַרף די גאַנצע צײַט שפּאַנען הין און צוריק אויף דעם קליינעם שטח וואָס ער האָט... מיט אַלע רמ״ח אברים דאַרף דער סאָלדאַט זײַן אַרײַנגעטאָן אין דער שמירה. קיין זאַך טאָר נישט אָפּווענדן זײַן אויפמערקזאַמקייט, זײַן וואַכזאַמקייט... פאַר דעם קלענסטן אָפּוועך פון אָט דער שמירה איז מען אויסגעשטעלט צו דער געפאַר פון אַ דיסציפּלינאַרן מיליטערישן משפּט, און די שטראָף איז אַ שווערע...

— אָט דאָרטן, בײַ דער שײַן פון אַ פּיצעלע (אַ דרײַער) לעמפּעלע, האָט אײַער טאַטע געבראָכן דאָס געזעץ און געלייענט ביכלעך...״

**
*

ליבע לייענערס, אַז איר וועט זיך אָנשטויסן, אַז דאָס אַלץ האָט שמעון־דוד בלאָוושטיין דערציילט זײַנע קינדער אין איינעם אַ ווינטער־אָוונט, בעת עס איז צו רייד געקומען וועגן דעם, אַז יאַנקל, זײַן ייִנגערער בחורל, לייענט נישט גענוג, און די מאַמע שרהקע האָט יאַנקלען געהייסן זיך נעמען אַ בײַשפּיל פון דעם עלטערן בחור, בערל, וואָס האָט גראָד ליב געהאַט צו לייענען, וועט איר האָבן געטראָפן...

**
*

אָט דער אויבן געבראַכטער אַרײַנפיר, דער אינהאַלט וואָס איז נישט מײַנער, נאָר שמעון־דוד׳ס אַליין, און וואָס אין זײַנע פאַנטאַסטישע חלומות וועגן אומשטאַרבלעכקייט פון מענטשלעכן גײַסט, האָט ער נישט חושד געווען אַז איבער פערציק יאָר נאָך זײַן פּטירה וועלן זײַנע ווערטער ווערן דער קנין פון זײַנע בני־עיר און אַנדערע ייִדן — קען אײַך געבן אַ שליסל צו שמעון־דוד בלאָוושטיינס כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט. אָבער אַ שליסל אַליין איז נישט גענוג... עס איז מײַן הייסער ווונטש אײַך אַרײַנצופירן במחשבה אין לעבן און ווירקן פון אַ ליבטיקע ייִדישע פירנדיקע פּערזענלעכקייט — ווי דער לייענער וועט דאָס זען פון די קומענדיקע דערציילונגען — אויפן שוועל פון צוויי געשיכטלעכע תקופות (סוף אַלטער און אָנהייב נײַער).

יהי רצון, אַז דער ממונה איבער זכרונות זאָל זײַן מיט מיר. אָמן.

**
*

שמעון־דוד בלאָוושטיין, זכרונו לברכה, איז נישט געווען קיין שאַרגאָראָדער מבטן ומלידה. אין שאַרגאָראָד האָט ער חתונה געהאַט. נאָר אויב בײַ אונדז אין שטאָט איז געווען איין מענטש, וואָס האָט באמת ליב געהאַט די שטאָט מיט איר אייגנאַרט, איין מענטש וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט קענען איר געשיכטע

פון דורות; מיט גריבלען זיך אין איר פנקס און מיט פאַרשיידענע אַרבעטן; אײ־בערדיכטן דעם עפּאָס פון איר גלאָררײַכן גײַסטיקן עבר, מיט זײַן בקיאות וועגן דעם לעבן און ווירקן פון אירע גרויסע פירנדיקע רבנים פון עטלעכע הונדערט יאָר, ספּעציעל מיטן לעבן פון „תולדות", רב יעקב־יוסף פּילינאָער, דעם ערשטן וויכטיקן פאַרערער פון בעל־שם־טוב אין דער רבנישער און לומדישער וועלט; מיטן קאַמף, וואָס די מתנגדים האָבן אָנגעפירט קעגן חסידות, — איז דאָס געווען ער, שמעון־דוד ז"ל.

אַ וויכטיקער כתב־יד וועגן זײַנע פאָרשונגען אויף די געביטן, געפינט זיך בײַ דער משפּחה, געשריבן אין עברית און וואַרט אויף תיקון.

**
*

מיט דרײַ גרונט־אייגנשאַפטן האָט זיך שמעון־דוד אויסגעצייכנט: 1) מיט אַ קיין מאָל נישט געשטילטן און געזעטיקטן הונגער צו וויסן; 2) מיט אהבת הבריות בכלל און אהבת ישראל בפרט, און 3) מיט אַבסאָלוטער אָרנטלעכקייט.

מערקווערדיק איז, וואָס כאָטש ער איז געווען געזעלשאַפטלעך באַוווסטזיניק און אים זײַנען נאָענט געווען אַלע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ וועלכע עס איז שײַכות צום ווילזײַן פון שטאָט, האָט ער זיך קיין מאָל, קיין מאָל נישט געלאָזט אָנטאָן די קרוין פון פירער אין קיין אינסטיטוציע, אַפילו נישט אין זײַן טאַלנער קלויז, ווו ער האָט געדאַוונט. עס האָט אָבער אויך קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז קהל זאָל טאָן איין וויכטיקע זאַך, אָננעמען איין־איינציקן וויכטיקן באַשלוס אָן זיך פריִער אָן עצה צו האַלטן מיט שמעון־דודן.

פון כבוד איז ער געלאָפן. ער האָט אָבער געהאַט די זעלטענע זכיה, וואָס כבוד און אַלעמענס ליבשאַפט זײַנען אים נאָכגעלאָפן. עס איז ממש נישט געווען קיין מענטש אין שטאָט — סײַ ייִדן, סײַ נישט־ייִדן (סײַדן עמעצער, וואָס האָט דעם נאָמען מענטש נישט פאַרדינט, און אַזעלכע זײַנען כמעט נישט געווען אין שאַר־גאָראָד) — וואָס זאָלן שמעון־דודן נישט אַכטן און ליב האָבן אין דער זעלבער צײַט.

ער איז נישט געווען קיין פּזרן מיט ווערטער, ער איז געווען מער הערער ווי ריידער. נאָר האָט ער וואָס געזאָגט, איז דאָס געווען באַדאַכט און באַטראַכט און בנעימות, זהב טהור — גינגאָלד...

**
*

שרהקע ע"ה, זײַן ווײַב, איז געווען די טאָכטער פון משה יענטעס (ראָטנבערג), אַ באַלעבאַטישער ייִד, אַ ווײַנשענקער, אַ הורטאָווניק וועלכער האָט געבראַכט ווײַן פון דער נאָענטער בעסאַראַביע (מער געמאַכט, ווי געבראַכט). אַ ייִד מיט אַ גרויסער משפּחה און אַ נאָך גרעסערער שפּע. בײַ משהן איז שטוב האָט געהערשט

גשמיות, עולם־הזהדיקייט. מיט גײַסטיקע ענינים האָט מען זיך אין יענער שטוב ווינציק וואָס פאַרנומען, כאָטש קיין גראָבע יונגען זײַנען זיי, חלילה, נישט געווען, די ראָטנבערגס. נאָר די זין און טעכטער זײַנע האָבן זיך מער אינטערעסירט מיט די פאַרשיידענע ווײַנען וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט אָדער געמאַכט, ווי מיט דער פּראָצענט־נאָרמע, וואָס ניקאָלײַ דער לעצטער האָט אײַנגעפירט פאַר ייִדישע קינדער לכבוד זײַן באַשטײַגן דעם רוסישן טראָן... (אויב איר ווייסט נישט, וואָס „פּראָצענט־נאָרמע" מיינט, וועל איך אײַך דאָס מסביר זײַן מיט בלויז עטלעכע ווערטער, וואָס איר וועט יאָ פאַרשטיין. עס מיינט: אַ ביסעלע מער ייִדן אין מילי־טער אַלס סאָלדאַטן, און אַ סך ווינציקער ייִדן אין די גימנאַזיעס און אין די אוני־ווערסיטעטן, אַלס תלמידים...).

צום ערשטן, האָבן משה יענטעס קינדער געוואָלט וויסן ווי אַזוי מע מאַכט, דאָס הייסט, ווי אַזוי דער טאַטע משה יענטעס מאַכט דעם „נאַסטאָיאַשטשע" בער־דיטשעווער „מאַלאַגע". צו אָט דעם ווײַן האָט דער אַלטער קיינעם נישט צוגע־לאָזט, דאָס איז געווען זײַן אייגענער טיפער סוד... אַז די קינדער האָבן אים גע־בעטן, ער זאָל זיי מגלה־זײַן דעם סוד, ווי אַזוי מע מאַכט דעם ווײַן, האָט ער זיי מיט אַ שמייכל געזאָגט, אַז זיי דאַרפן זיך נישט זאָרגן, ער וועט דעם סוד אין קבר אַרײַן נישט מיטנעמען: „איידער איך וועל גיין אַ גאַנג, וועל איך אײַך, קינדער, אויסזאָגן דעם סוד"...

שמעון־דוד, וואָס אים איז דער ווײַן־האַנדל נישט געלעגן אין דער לינקער פּיאה, פלעגט מיט יאָרן שפּעטער דערציילן — און מע האָט נישט געוווסט צי ער איז געווען ערנסט, צי האָט ער זיך גלאַט געוויצלט אויפן חשבון פון ייִדישע פּרנסות, — אַז „ווען דער שווער ע"ה האָט געפילט, אַז עס שלאָגט די לעצטע שעה, האָט ער אַרײַנגערופן די קינדער אין אַלקער און זיי געזאָגט, אַז איצט איז געקומען די צײַט זיי מגלה־סוד צו זײַן, ווי אַזוי מע מאַכט דעם באַרדיטשעווער «מאַלאַגע»". „קינדער, — האָט ער צו זיי געזאָגט — איר זאָלט וויסן־זײַן, אַז פון ווײַנטרויבן קען מען אויך מאַכן ווײַן"... — נאָך גוט, — פלעגט שמעון־דוד צוגעבן — וואָס נישט מיט מים אחרונים"...

**
*

געווען איז שמעון־דוד אַן אַדוואָקאַט. האָט גוט געקענט די רוסישע געזעצן (סוואָד זאַקאָנאָוו) איז געווען אַ גרויסער בקי אין רוימישע און אַנגלאָ־זאַקסישע געזעצן, און פון די לעצטע האָט ער שטאַרק געהאַלטן, ווײַל זיי זײַנען די דעמאָ־קראַטישסטע. און זייענדיק אַ גרויסער תלמודיסט, האָט ער געהאַלטן, אַז מיטן אויסנאָם פון געוויסע פאַרעלטערטע ייִדישע דינים, איז די ייִדישע הלכה די יושר־דיקסטע... מיט דער ייִדישער הלכה, געבויט אויף צדק און יושר, האָט ער ממש געטאָטעמט. אויף וויפל עס איז מעגלעך געווען, האָט ער זיך אין זײַנע אַרגומענטאַ־

ציעס אין געריכט סומך געווען אויף דער לאָגיק פון דער ייִדישער הלכה. ער פלעגט דעם ריכטער ממש פאַרכישופן מיט זײַנע אַרגומענטן, וואָס זײַנען געווען אײַזן־שטאַרקע, און דער גוי האָט זיך נישט געכאַפּט אַז די חדר־ און ישיבה־ספרים זײַנען געווען דער סאַמע יסוד פון דעם גליקלעכן יורידישן סינטעז... אַז ער פלעגט געווינען אַ פּראָצעס פאַר זײַנעם אַ קליענט, איז זײַן זיג נישט געווען דער רעזולטאַט פון דעם וואָס ער האָט דעם צווייטן צד איבערגעקליגלט אָדער איבערגעשטיגן אין שמד־שטיק, ווי אַדוואָקאַטן טוען עס, נאָר ווײַל זײַן אָרנטלעכקייט און לאָגיק, געבויט אויף אמת — ווי בלויז ער האָט עס געקענט אַרויסברענגען — האָבן געבראַכט זײַנע זיגן... און אייגנטלעך האָט ער אַפילו נישט געדאַרפט קיין שמד־שטיק אויף צו געווינען, ווײַל כדי שמעון־דוד זאָל אָננעמען אַ „דיעלאָ", האָט דער קליענט געדאַרפט דורכגיין אַ גאַנצע אויספאָרשונג; ער האָט באַדאַרפט באַווײַזן, קודם־כל פאַר שמעון־דודן אַליין, אַז ער איז דער געקריוודעטער...

גרויס רחמנות פלעגט שמעון־דוד אַרויסווײַזן צום אָרעמען ייִד אָדער פּויער. ער האָט אָבער קיין מאָל נישט געכשרט קיין עוולה, צוליב דעם וואָס יענער איז אָרעם; מען קען זײַן אַן אָרעמאַן און דאָך באַגיין אַן עוולה קעגן עמעצן... איז אָבער דער אָרעמאַן געווען דער געגרעכטער צד — האָט ער פאַר זײַנע אינטערעסן געקעמפט ווי אַ לייב, אַזוי בײַ אַ דין־תורה, אַ בוררות אָדער אין געריכט.

געווען אין לוטשיניעץ אַ ריכטער, זײַן נאָמען איז געווען ליאַשקעוויטש. ער איז, אַגב, געווען אַ „פּאָמעשטשיק". לוטשיניעץ און די אַרומיקע דערפער זײַנען געווען זײַנע. מיט קיין איבעריקער ליבע צו ייִדן האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט. ער איז אָבער געווען אַ מער ווייניקער אָנשטענדיקער מענטש. ער איז אויך נישט געווען קיין שונא־ישראל. איבעריקנס, זײַנען זײַנע אורטיילן נישט געווען באַאײַנפלוסט פון יאָ אָדער נישט ליב האָבן ייִדן. מיט שמעון־דודן איז ער פערזענלעך נישט געווען נאָענט. זייערע באַציִונגען זײַנען געווען געשעפטלעכע, אָפיציעלע אַזוי צו זאָגן. שמעון־דוד איז געווען אַן אָפטער גאַסט בײַ אים אין געריכט, פלעגט אויפטרעטן פאַר אים, טענהן פאַר זײַנע קליענטן און אַזוי ווײַטער.

געווען איז אין לוטשיניעץ אַ מאָטל מרגליות, אַ סטאַראָסטע פון יענע סטאַראָסטעס, וואָס פלעגן האָבן אין זשיליעט־קעשענע דעם גאַנצן ראַיאָן. אים האָבן געקענט און מחזקות מיט אים געהאַט, פון דעם אוריאַדניק ביז דעם פּאָדאָליער גובערנאַטאָר (מאָטל האָט שפּעטער באַצאָלט רבי־געלט פאַר דעם, געדאַרפט עוקר זײַן קיין אַמעריקע. אָבער אין דער צײַט, וועגן וועלכער איך שרײַב דאָ, איז ער נאָך געווען אין די פעדערן...). שמעון־דוד האָט נישט ליב געהאַט נישט די גויִשע קנעפּלעך, נישט זייערע ייִדישע אונטערשטופּערס. מיט אָט דעם מאָטלען איז ער טאַקע געווען פון דער ווײַטנס...

שטעלט אים אַ מאָל מאָטל אָפּ און דערציילט אים, אַז דער סודיאַ (ריכטער) ליאַשקעוויטש האַלט זייער פון אים; האַלט אים פאַר אַ גוטן אַדוואָקאַט, נאָר ער

קען נישט פאַרשטיין דער פּריץ, פאַר וואָס ער, שמעון־דוד, פאַרלאָזט דאָס גע־ריכט־הויז באַלד ווי ער פאַרענדיקט זײַן אַרבעט, און בלײַבט נישט אַ מאָל, ווי אַנדערע אַדוואָקאַטן, וואָס זוכן אַ געלעגנהײַט צו ריידן פּריוואַט מיטן ריכטער... שמעון־דוד, אויף זײַן באַשיידענעם אופן, האָט מאָטלען געענטפערט, אַז ער וויל נישט דער ריכטער זאָל מיינען, אַז ער איז פון יענע אַדוואָקאַטן, וואָס בעטן אַ מאָל פאַר זייערע קליענטן טובות...

אַ שטיקל צײַט נאָך דעם האָט דער ריכטער ליאַשקעוויטש איין מאָל, בשעת פאַרענדיקן אַ פּראָצעס, געבעטן שמעון־דודן צו בלײַבן אין געריכט. און ווען אַלע זײַנען אַוועק, האָט ער אים אַרײַנגערופן אין זײַן חדר־מיוחד, אין זײַן פּריוואַטן קאַבינעט און מיט אים געהאַט אַ לאַנגן שמועס. און שמועסנדיק אַזוי, פרײַנדלעך, האָט ער אים ווי געלאָזט אָנצוהערן, אַז מאָטל מרגליות האָט אים דערציילט, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן נישט בעטן קיין טובות פאַר זײַנע קליענטן, אָנדײַטנדיק מיט דעם, אַז בעטן טובות איז, לויט זײַן מיינונג, נישט קיין עבירה... „איז דאָס אַפּעלירן אין געריכט נישט אַ סאָרט בעטן פאַר דעם קליענט?"... אויף דעם האָט שמעון־דוד געענטפערט: „ניין, הער ריכטער. עס איז נישט דאָס זעלבע. אין גע־ריכט, אָפענערהייט, איז מײַן געבעט אַ פאָדערונג פאַר יושר געבויט אויף אמת, און דורך דעם אָרנטלעך. בעטן פּריוואַט פאַר אַ קליענט, איז בעטן אַ טובה. און קיין טובות בעט איך נישט קיין מאָל, נישט פאַר זיך און נישט פאַר קיינעם, סײַדן עס איז אַן אַפּעל פאַר מענטשלעכער רחמנות, צו שפּײַזן אַן אָרעמאַן, אָדער אַן ענלעכער ענין, וואָס האָט מיט משפּטים נישט צו טאָן... גערעכטיקייט האָט מיט טובות נישט די מינדסטע שײַכות..."

דער סודיאַ פלעגט נאָך דעם שיקן קליענטן צו שמעון־דודן מיט זעלטענע אַפּעלאַציעס פאַר העכערע געריכטן, אַז ער זאָל זיי אָנשרײַבן....

**
*

איך ווייס נישט פיל איבערצודערציילן פון שמעון־דודס יונגע יאָרן. כאָטש עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז שמעון־דוד איז נישט געוואָרן דאָס וואָס ער איז געוואָרן איבער נאַכט, אָבער איך קען זיך שאַפן אַ באַגריף פון זײַן לעבן אין יענע יאָרן (און מיינען מיין איך, פון זײַן גײַסטיקן לעבן) פון דעם, וואָס מיר האָבן דערציילט צוויי באַגלייבטע מענטשן. איינער פון זיי איז מײַן אייגענער פעטער, אַלטער יוקלסאָן, מײַן מאַמעס איינציקער ברודער, וועלכער איז געקומען צוריק פון אַמעריקע, ווו ער האָט זיך נישט געקענט אַרײַנפּאַסן, אָדער אפשר נישט גע־וואָלט אַרײַנפּאַסן זיך אין לעבן פון יענער אַמעריקע, אין דער אימיגראַנטישער סביבה, וואָס איז געווען אויסגעהוילט פון אַלץ מיט וואָס דער פעטער האָט גײַס־טיק געאָטעמט... דער פעטער אַלטער איז אין שאַרגאָראָד דעמאָלט געווען בלויז אַ גאַסט אויף אַ קורצער צײַט. וועגן פעטער אַלטערן וועל איך נאָך דערציילן באַ־

זונדער, ווען די צײַט וועט קומען. פאַר דער איצטיקער באַשרײַבונג וועט זײַן גע־נוג צו דערציילן, אַז זײַן וויזיט אין שאַרגאָראָד איז צוזאַמענגעפאַלן מיטן אָנקומען אין שאַרגאָראָד פון זײַנעם און שמעון־דודס אַ חבר — שלום פענזער, וועמען איך האָב באַשריבן אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל, ווי מײַן ליבסטן און האַרציקסטן לערער. עס איז טאַקע געווען דער פעטער אַלטער, וואָס האָט צוגערעדט מײַן מאַמען מיך אַרויסצונעמען פון חדר און מיך אַרײַנגעבן צו שלום פענזער, צו לערנען מיך תורה און דרך־ארץ.

ווען די צוויי חברים האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און מיט זיי שמעון־דוד בלאָושטיין האָט מען די דרײַ נישט געקענט צעטיילן. די פּאָר וואָכן וואָס דער פעטער האָט פאַרבראַכט בײַ אונדז איז די „טראָיקע" געווען פאַרנומען מיט זאַכן וואָס שטייען ברומו של עולם... און ווער עס איז געווען אַן עדות פון זייער צוזאַ־מענטרעף און פאַרברענגען, מעג דאָס פאַררעכענען פאַר אַ גרויסער זכיה. דער מחבר פון דעם בוך זיכרונות וועט יענע פּאָר וואָכן קיין מאָל נישט פאַרגעסן. און מערקווירדיק. געווען בין איך דעמאָלט גאָר אַ קליין ייִנגל, נאָר מיט די יאָרן ווערן די זיכרונות נישט בלאַסער, נאָר בולטער און מער פאַרשטענדלעך... איז אָט פון דעם פעטער אַלטערן, דעמאָלט, און פון שלום פענזער בײַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן, האָב איך פיל געהערט וועגן שמעון־דודס ייִנגערע יאָרן אין שאַר־גאָראָד.

פון יענע דערציילונגען איז פאַר מיר קלאָר, אַז ווען די „טראָיקע" איז ייִנגער געווען, איז זייער חברשאַפט געווען די גײַסטיקע לאַבאָראַטאָריע פאַר דער פאַר־מירונג פון זייערע אינטעלעקטועלע כאַראַקטערס. איך וויל בלויז דאָ באַמערקן, אַז מיט די דרײַ האָט אָנגעהאַלטן אַ זייער נאָענטן קשר דער עלטערער פון זיי, ר' עקיבא, דער רב זיכרונו לברכה, — וואָס איז געווען און פאַרבליבן ביזן סוף פון זײַן לעבן, דער ייִנגסטער — אַלטער רב, וואָס איך האָב אין מײַן לעבן באַ־געגנט... נאָר אויך וועגן אים וועל איך שרײַבן מער אין די קומענדיקע דער־ציילונגען.

***

אַרום יענער צײַט האָבן זיך קיין שאַרגאָראָד אַרײַנגעקליבן די דרײַ ברידער כהן, אַלע דרײַ אַדוואָקאַטן. די כהנס זײַנען געווען זייער גוטע אַדוואָקאַטן, נאָר פון גאָר אַן אַנדער שניט, ווי אונדזער שמעון־דוד. בײַ זיי איז אַדוואָקאַטור געווען בלויז און נאָר פּראָפעסיע, זיי זײַנען געווען גאַנץ אָנשטענדיקע מענטשן, נאָר פאַר זייערע קליענטן האָבן זיי געזוכט און טאַקע געקראָגן די רײַכסטע פּריצים פון און אויסער דעם סאָסנאָווקער צוקער־זאַוואָד, פויערישע ענינים, האָבן זיי נישט אָנגענומען, און אָרעמע ייִדישע קליענטן האָבן זיי אויך נישט געזוכט. זיי זײַנען געווען אַ קאַפּיטשקע אַסימילירט, אָבער מיט די פאַרמעגלעכערע ייִדן האָבן זיי

געלעבט אין פרײַנדשאַפט, און שטאָט האָט זיך באַצויגן צו זיי מיט רעספּעקט. זיי האָבן אַלע געהאַט אָפענע הענט פאַר צדקה, אַזוי זיי, אַזוי זייערע פרויען, אָבער די לעצטע זײַנען געווען אַ ביסל פאָלקסטימלעכער ווי זייערע מענער און נעענטער טאָקע צו די שטאָטישע נויטן, ווײַל בײַ זיי, בײַ די פרויען, איז זייער וווילטעטיקייט געקומען פון האַרצן...

דער עלצטער ברודער חיים כהן איז געווען אַ קלייניקער אין וווקס, נאָר זייער אַ געבילדעטער און אַ גרויסער חכם. סימע זײַן ווײַב איז געווען, מיר דאַכט זיך, די קליגסטע פרוי אין שאַרגאָראָד. דער מיטלסטער ברודער שלמה כהן איז געווען דער בעסטער אַדוואָקאַט פון די ברידער, נאָר ער האָט געהאַט אַ מום, ער איז געווען אַ לאָמער, דערפאַר האָט אים גאָט געבענטשט מיט אַ פרוי, וואָס איז געווען באמת מיט אַלע מעלות, פאַליע האָט זי געהייסן. דער דריטער ברודער האָט געהייסן מאָטיע און האָט געטראָגן זייער דיקע ברילן. די פויערים, וואָס זײַנען אַלע מאָל געווען אויפגעבראַכט אויף די ברידער אַדוואָקאַטן, וואָס זײַנען געווען, לויט זייער מיינונג, גרויסהאַלטערס, האָבן געזאָגט וועגן זיי, אַז זיי זײַנען „מאַלענקי״, „קריוועניקי״, „אי סליפּעניקי״, וואָס אויף ייִדיש מיינט דאָס, אַ קליינינקער, אַ קרומינקער און אַ בלינדנקער.

**
*

מיט פאַליע כהן, שלמה כהנס פרוי, האָט געטראָפן אַן אומגליק, וועגן וועלכן שאַרגאָראָד האָט יאָרן לאַנג גערעדט און נישט געקענט פאַרגעסן. געטראָפן האָט דאָס אין איינעם אַן ערב ראש־השנה, גראָד ווען איר מאַן שלמה איז געווען אין מאָליעוו און פאַליע האָט געוואַרט, אַז ער זאָל זיך אומקערן אין צײַט נישט אַרײַנצופאַלן אין יום־טוב. פונקט אין מיטן בײַטאָג, נעמט זי — אָט די פאַליע — אַ געזונטע און שטאַרקע און חלשט אַוועק מיט אַ טויט־חלשות, מע האָט באַלד געבראַכט דאָקטאָר סמאָליענסקי. דער דאָקטאָר האָט אויסגעפּרוווט אַלע מעגלעכע מיטלען צו ברענגען זי צום לעבן, נאָר קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. סמאָליענסקי אַליין איז אַוועק און געבראַכט דעם סאָסנאָווקער דאָקטאָר ווילעזשינסקי. אויפן וועג האָבן זיי אויך מיטגענומען דעם אַלטן דאָקטאָר מאַנאַסטירסקי. זיי האָבן אַלע דרײַ געטאָן אַלץ וואָס דאָקטוירים קענען טאָן אין אַזאַ פאַל, נאָר אָן הצלחה. זיי האָבן קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי זי דערקלערן טויט, נאָך דעם ווי זי האָט אין גאַנצן אויפגעהערט אָטעמען.

שטאָט האָט זיך געוויגט. עס איז געווען אַרום דרײַ אַ זייגער בײַ טאָג און דער מאַן איז נישטאָ. וואַרטן קען מען נישט, עס איז ערב ראש־השנה. האָט מען אין אײַלעניש אָפּגעטאָן איר רעכט און זי גענומען צו קבורה...

צו דער לוויה איז געווען גאַנץ שטאָט. מע האָט זי געבראַכט אויפן הייליקן אָרט. און דאָ האָט עפּעס געטראָפן, וואָס כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן (איר

פאַרשטייט דאָך שוין מן הסתם, אַז איך בין געווען אויפן בית הקברות... ווו בין איך אין יענע יאָרן נישט געווען?...). אַלץ איז געטאָן געוואָרן לויטן יידישן דין און אָט דאַרף מען די טויטע אַרײַנלייגן אין קבר — — — מיט אַ מאָל האָט די טויטע אַ קרעכץ געטאָן... דער עולם איז געבליבן ווי טויט... עס האָט גענומען שיינע עטלעכע מינוט ביז דער אַלטער תנחום באַגרעבער האָט פון ערגעץ גע־בראַכט אַ פעדער, געהאַלטן דעם פעדער בײַ איר נאָז, אָבער זי איז געווען טויט. מע איז אַוועקגעלאָפן אין שטאָט אַרײַן און נאָך אַ מאָל געבראַכט דעם דאָקטאָר, אָבער אויך ער האָט באַשטעטיקט, אַז זי איז טויט...

איר קענט זיך פאָרשטעלן, וואָס אין שטאָט האָט זיך אָפּגעטאָן. ווען שלמה איז פאַר נאַכט אָנגעקומען און זיך דערוווּסט פון זײַן בראָך, האָט ער זיך געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט און געשריגן „באַרבאַרן". שמעון־דוד, וואָס איז געווען אַ רעלי־גיעזער מענטש, האָט פון דעסט וועגן געהאַלטן, אַז מע וואָלט זיך נישט געווען באַדאַרפט אײַלן מיטן מקבר זײַן, שטילערהייט האָט ער דאָס געזאָגט ר' עקיבא דעם רב, יענער האָט געשוויגן און זיך ווי עפּעס געפילט שולדיק, כאָטש קיינער האָט בײַ אים נישט געפרעגט צי מע זאָל זי מקבר זײַן... און אפשר האָבן אַ סך מענטשן אין שטאָט זיך אין עפּעס געפילט שולדיק. עס איז פון יענע שולד־געפילן, וואָס דאַרפן נישט קיין לאָגיק... שרײַבנדיק וועגן דער געשעעניש נאָך אַזוי פיל יאָרן, כאַפּ איך זיך אַליין בײַ עפּעס אַ שולד־געפיל, וואָס איך דערצייל אַזאַ טרויעריקע געשיכטע. איר קענט דאָך מיך שוין אַ ביסל, איך האָב נישט ליב קיין טרויעריקע מעשהס...



די ברידער כהן האָבן געהאַט אַן אַלטע מאַמע, וואָס איז געווען בײַ אַלעמען באַליבט. זי פלעגט רעדן בלויז רוסיש, און אַז זי פלעגט דערציילן מעשהס וועגן די גוטע אַלטע צײַטן, וואָס אין רוסיש הייסט דאָס „בילאָיע", פלעגן מענטשן זיצן פאַרכישופט. זי איז געווען אַ באַגאַבטע דערציילערין און אַ יידענע אַ חכמה.

בײַ מיר אין זיכרון איז פאַרבליבן אירע אַ חכמה, וואָס עס לויגט זיך זי איבערצודערציילן: ווען אַ געוויסער אויפגעקומענער גביר איז געוואָרן גבאי אין דער גרויסער שול האָט אונדז די „באַבושקאַ" (אַזוי האָבן אַלע זי גערופן) דער־ציילט אַזאַ מעשה:

„געשטאָרבן אַ געוויסער רוסישער גענעראַל, נישט פון די גאָר געהויבענע. האָט זײַן משפחה אויף אייגענע הוצאות אים געשטעלט אַ מאָנומענט. דאַרף מען דאָך עפּעס אויפשרײַבן אויף אים, האָט מען זיך געווענדט צו פּושקינען. דער לעצטער האָט קיין חשק נישט געהאַט, איז מען אָבער צוגעשטאַנען צו אים און ווען פּושקין האָט געזען אַז ער קען זיך נישט אַרויסדרייען, האָט ער אָנגעשריבן די פאָלגנדיקע פיר שורות:

Никто не знает, где он рос,
На службу поступил капралом,
Каким-то французом был ранен в нос
И умер генералом...

אין אַ פֿרײַער איבערזעצונג, לייענט זיך דאָס אַזוי:

קיינער ווייסט נישט, ווו געוואָקסן האָט ער —
אין דינסט איז אָנגעקומען ער, ווי אַ קאַפּראַל.
אַ תכלית — אַ פֿראַנצויז האָט אָבער אויף זײַן נאָז געמאַכט.
געשטאָרבן איז ער — ווי אַ גענעראַל...

***

אין דער לענג און אין דער ברייט האָבן די ברידער כהן זיך געלייגט אָרײַנ־צוציִען שמעון־דוד בלאָוושטיין אין אַ שותפות, אָדער צוזאַמענאַרבעט אין אַדוואָ־קאַטור. דער לעצטער האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, גוט ווויסנדיק, אַז מיט זיי צוזאַמען קען ער פֿאַרזיכערן פֿאַר זיך נישט בלויז ברויט מיט פּוטער, נאָר טאַקע ווױלשטאַנד. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז ער וועט עפּעס דאַרפֿן מותר זײַן אויף זײַנע פּרינציפּן, מאַכן אַ מאָל אַ קליינעם פּגם אין זײַן געוויסן, אויף דעם איז ער נישט גרייט געווען, דאָס וואָלט שמעון־דוד בלאָוושטיין נישט געטאָן פֿאַר קיין הון שבעלמא.

## „וורעמיאַ דענגי״ — צייט איז געלט...

געוועזן אין שאַרגאָראָד נאָך אַן אַדוואָקאַט, יענער איז שוין געוועזן אַן אמתע ציאַצקע, אויף אים פֿלעגט מען שוין דערציילן, אַז ער האָט געהאַט פֿאַרשיידענע פּענעס און פֿלעגט ווײַזן די פֿויערים יעדע פּען באַזונדער, מיט, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרשיידענע פּרײַזן... מיט אָט דער פּען, אַז ער שרײַבט, וועט דער פֿויערס קעג־נער, אָט דער וואָס דער האָט אים שלעכטס געטאָן, קריגן דרײַ חדשים אַרעסטאַנסקע ראָטע. דאָס קאָסט נישט קיין סך... אַן אַנדער פּען, אויב מען שרײַבט מיט איר, וועט יענער קריגן דרײַ יאָר טורמע. דאָס קאָסט אַ ביסל מער... ווײַטער איז דאָ אַ פּען וואָס אַז מע שרײַבט מיט איר וועט זײַן שונא קריגן קאַטאָרגע — דאָס איז שוין אַ טײַערער ביסן... נאָר אויב ער וויל, דער פֿויער, אַז דער וואָס האָט אים באַעוולהט זאָל טאַקע אַוועק גלײַך מיטן עטאַפּ קיין סיביר און דאָרטן פֿאַרפֿוילט ווערן, אָדער גאָר פֿאַרפֿרוירן ווערן, ווי אַ שטיק אײַז ווינטער אויפֿן טײַך, פֿון וועלכן מע מאַכט אַ צלם אויף „ראָזדיעסטוואָ״ *) אויף דעם, „טשעלאָוויטשע

* „קריסטמעס״, ניטל.

דאַברי״ (גוטער מענטש), דאַרפסטו זיך שוין אונטערגאַרטלען, דאָס „בראַטאָק״ (ברודערל), דאַרף איך שוין שרײַבן מיט דער סיבירסקער פען און עס קאָסט אַ פאַרמעגן. נו, איצט קלײַב אויס וואָס דו ווילסט, איך וועל דיך צו קיין זאַך נישט צורעדן...

נעמט ער, דער אַדוואָקאַט, און לאָזט זיך אַוועק קיין אַמעריקע, איז אָפּ דאָרטן אַ יאָר צי צוויי און קומט צופאָרן אַהיים מיטן בײַטשל, נאָר אַן אויסגעפוצטער אין די אַמעריקאַנישע בגדים, מיט זייער ברייטע הויזן, מיט לאַקירטע שיך, וואָס פאַרמאָגן לאַנגע שפּיציקע נעזער און אויפן ליסע קאָפּ אַ ברוינע האַרטע שליאָפּע (דורבי), אַ ממזריש גרין פּאַלטאָכל מיט אַ פּליסענעם קאָלנער, ווי אַן אמתער לאָנדאָנער „דענדי״, וואָס שאַרגאָראָדער ייִדן האָבן שוין געזען אויף די „זשיוויע קאַרטינקי״* אין יחיאל שמוליעוויטשעס „טעאַטער־אילוזיאָן״, בעת מע האָט געוויזן די בילד „מאַריאַ סטואַרט״...

בײַ זיך אין קאַבינעט האָט ער אַרויסגעהאָנגען אַ געמאָלענע „טאַבליצע״** מיט קידוש לבנה אותיות, וואָס האָט זיך געלייענט בזה הלשון:

Когда Вы пришли к занятому человеку, скорее кончайте свое дело и уходите. Время деньги!

סע הייסט: — ווען איר זײַט געקומען צו אַ פאַרנומענעם מענטשן, פאַרענדיקט שנעל אײַער ענין און גייט אַוועק, צײַט איז געלט!...

איז דאָך שאַרגאָראָד אָבער אַ שטאָט פון חוזק־מאַכערס, אָדער אויב איר ווילט — צולהכעיסניקעס, האָט אַ גאַנץ יאָר זיך געצויגן צו אים אַן עולם נײַגעריקע, וואָס האָבן יאַקבי, געוואָלט בײַ אים אָפּנעמען אַ גרוס פון אַמעריקע, אָבער אין דער אמתן האָבן זיי געוואָלט זען די „טאַבליצע״, זי איבערלייענען אויפן קול און זיצן וויפל זיי ווילן אויף צעפּיקעניש. איר שפּילט זיך מיט שאַרגאָראָדער ייִדן...

מעשהס האָט ער דערציילט פון דעם אַמעריקע און גוזמאות, וואָס מע האָט געדאַרפט זײַן אַ פולשטענדיקער טיפּוש, מע זאָל גלייבן אַ צענטחלק פון זיי, און גראָד פון דעם מין זײַנען אין שאַרגאָראָד נישטאָ קיין סך...

גאַנץ שטאָט איז געגאַנגען אָפּנעמען אַ גרוס...

גאַנץ שטאָט, יאָ, גאַנץ שטאָט, נאָר נישט שמעון־דוד בלאָוושטיין...

פאַרשטייט איר מיך, שמעון־דוד קען גוט דעם ייִדן, און איז נישט פאַראינטערעסירט אים צו באַגעגענען, און וועגן אַמעריקע ווייסט ער מער פון אים, כאָטש ער איז אין שאַרגאָראָד...

פערעט דאָס דעם ייִדן. גאַנץ שטאָט קומט יאָ צו אים און שמעון־דוד בלאָווּשטיין דער גדלניוק באַווײַזט זיך נישט... טראַכט ער: „איך וועל אים שוין פּיקסן״

* פילם.

** אַ טאָוול.

(פון אַמעריקע האָט ער געבראַכט דעם געמיש פון יידיש מיט ענגלישע ווער־טער...).

***

און אין איינעם אַ טאָג שטעלט ער זיך אַרײַן צו שמעון־דוד בלאָושטיינען אין הויז. אַז שרהקע האָט אים דערזען האָט זי שיר נישט געחלשט, מחמת שרהקע ווייס, אַז שמעון־דוד קען קיין באַרימער נישט פאַרטראָגן, נאָר וואָס קען זי נעבעך טאָן — שרהקע? ער איז שוין דאָ דער בעל־דבר.

דער ייד צעלייגט זיך ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן און אומגעבעטנערהייט נעמט ער זיך דערציילן די וווּנדיירים פון אַמעריקע, רעדט פאַר פײַער און פאַר וואַסער. שמעון־דוד זיצט ווי אויף שפּילקעס. עס גייט אַוועק אַ שעה, צוויי, עס איז אַ מעשה אָן אַן עק. דער אַמעריקאַניעץ איז אויסן געוועזן אַרײַנצוצײַען שמעון־דודן אין אַ שמועס און אַז יענער וועט עפּעס זאָגן, וועט ער אים קענען באַווײַזן, וואָס פאַראַ קליינשטעטלדיקער שמעון־דוד איז, וואָס ווייס ער זיצנדיק אין דעם וויסטן, פינצטערן שאַרגאָראָד, וואָס עס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט? שמעון־דוד לאָזט אים אָבער רעדן און רעדן און ווי זאָגט אונדזער טביהלע זייפּמאַן: „אַליין, ני סלאָוואָ" — קיין וואָרט נישט...

געזען, אַז עס גייט נישט מיט עפּעס אַנדערש, פירט דער „וורעמיאַ דיענגע־ניק" איבער זײַן איינזײַטיקן שמועס אויף אַדוואָקאַטור אין אַמעריקע, „לאָיערס". און פאָרט אַרײַן מיט אַזאַ פּזמון: „פאַר אַזעלכע ווי איר, גאָספּאָדין בלאָושטיין, איז אַמעריקע סם־המוות, דאָרטן דאַרף מען קענען זײַן אַ בלאָפער. איך אַליין האָב זיך שיר נישט אַרײַנגעכאַפּט אין אַ יוניאָן אויף אַ וואָרעם ערטל, נאָר די לעצטע מינוט איז עפּעס קאַליע געוואָרן... נו, מילא, עפּעס אָבער האָב איך יאָ געכאַפּט, גענאַשט אין אַמעריקע, און דאָס איז די לאָזונג, אַז צײַט איז געלט, האָב איך זיך געמאַכט אַ „טאַבליצע", דאָרטן רופט מען דאָס „סײַן" און עס לייענט זיך אין רוסיש: ווען איר זײַט געקומען צו אַ פאַרנומענעם מענטשן, פאַרענדיקט שנעל אייער ענין און גייט אַוועק!...

אויב איר דענקט, אַז די ווערטער אין רוסיש האָט געזאָגט דער באַרימער, מאַכט איר, איר זאָלט מיר מוחל זײַן, אַ גראָבן טעות. די ווערטער האָט גראָד געזאָגט נישט קיין אַנדערער ווי דער העלד פון מײַן געשיכטע, שמעון־דוד בלאָו־שטיין אַליין. און נישט גלאַט געזאָגט, נאָר ממש אויסגעדעקלאַמירט און מיט דער ריכטיקער אינטאָנאַציע... ער האָט בלויז נישט געהאַט דאָס האַרץ צו פאַר־ענדיקן מיט „וורעמיאַ דענגי *), דאָס האָט ער אַפילו ווי אַ וויץ נישט געקענט זאָגן... אָבער צוגעגעבן האָט ער, און דאָס אויף מאַמע לשון: „הערט איר, גאָספּאָ־

*) צײַט איז געלט.

דין אַזוי און אַזוי, עס וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז ווו איר גייט, זאָלט איר מיט־נעמען אײַער „טאַבליצע", און זי דאָרטן אויפהענגען אויף אַ וואַנט פּונקט קעגן־איבער דעם אָרט ווו איר וועט זיצן, און לייענט די גאָלדענע ווערטער און פּאָלגט טאָקע אויס, וואָס עס זאָגט זיך אויף דער „טאַבליצע", עס איז אַ קלוגע „טאַבליצע", אַ חכמה, זאָג איך אײַך"...

## מע שרייבט און מע מעקט...

אַז פּאַניע גנב האָט פּײַנט געהאַט ייִדן איז פֿאַר אײַך קיין נײַס נישט. אַז דער צאַר מיט זײַנע משרתים האָבן רק געזוכט וועגן און מיטלען, ווי אַזוי ייִדן צו דערגיין די יאָרן, דאַרף מען אײַך אויך נישט באַווײַזן. אַז די שוואַרצמאַהדיקע מאַכט האָט בלויז געזוכט תחבולות ווי אַרויסצורײַסן בײַם ייִדן דעם ביסן פון מויל ווייסט איר גאַנץ גוט. אַז אין גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן אַנצוקומען איז פאַר אַ ייִד שווערער געווען ווי פאַר אַ קעמל דורכצוקריכן דורכן לעכל פון אַ נאָדל, איז אויך נישט קיין סוד... בלויז אין איין אָרט האָט פּאַניע געוואָלט האָבן וואָס מער ייִדן. און איר האָט געטראָפן — — — אין מיליטער... אפשר דערפאַר, וואָס עס האָבן פּאַניען אַלע מאָל אויסגעפעלט „גראַמאָטנע" סאָלדאַטן, וועלכע זאָלן זײַנע אמתע „פּראַוואָסלאַוונע" זעלנערלעך לערנען די סאָלדאַטסקע תורה וואָס מען לערנט אויף אויסנווייניק, מע רופט זי די לערע־„סלאָוועסנאָסט"... צי אפשר גאָר צוליב דעם, אַז ער זאָל האָבן אויף וועמען צו מאַכן בילבולים, באַשול־דיקן זיי אין נישט לאָיאַלקייט, אַרויפוואַרפן אויף זיי די שולד פון זײַנע שוואַכע פּיס צו שטיין אויף זיי, און גרינגע פּיס צום לויפן, אַפילו פון די פּיצינקע יאַ־פּאָנטשיקלעך אויפן שלאַכטפעלד... על כל פּנים, אין איין אָרט האָט פּאַניע ליב געהאַט צו האָבן וואָס מער ייִדן...

ייִדן פון זייער זײַט, האָבן קיין גרויסן חשק צו גיין שטאַרבן פאַר דער רעכטלאָזיקייט, דעם געדריקטן און געשטיקטן לעבן — נישט געהאַט... האָט מען געטאָן וואָס מע האָט געקענט אויסצודרייען זיך פון דעם גרויסן גליק און פון דער איינציקער פּריווילעגיע צו שטאַרבן פאַרן צאַר און דער „אָטיעטשעסטוואָ" (פאָטערלאַנד).

לייב רופא, דער ייִד מיטן פּראָפעסאָר פּנים, וואָס האָט איבער זײַן טיר געהאַט הענגען דרײַ רויטע טעלער — דער סימבאָל פון אַ פעלדשער (געהילף־דאָקטאָר) און אַ „וויוועסקע", וואָס האָט אויף זיך געהאַט בלויז צוויי ווערטער: „מאַלי כירורג", אַ קליינער כירורג הייסט עס — איז געווען אַ גרויסער ספּעציאַ־ליסט צו „מאַכן אַ פינגער", אויסצוּיִען אַ „קליב", אַ „ניע", אַ באַזעצן אַ בעלמע אויף אַן אויג, וואָס זאָל אויסזען „סאַמאָראָדנע". און וואָס פעלט אײַך מיט אַנ־

סטראַיען אַן אויער, ער זאָל פּײַפן ווי משה דעם ווײַסנס פּלייט, און זאָל נאָך פּאַר אַ „פּריטשינעק" — רינגען?... און שאַט! מאַכן, אַז אײַער האַרץ זאָל בײַ אײַך קלאַפּן ווי בײַ איציק באַראַבאַנטשיק דאָס פּײַקל, איז בײַ אײַך גאָר נישט? און וואָס הערט זיך מיט באַפרײַען אײַך פון אַ מויל ציין, אַז איר זאָלט אויסזען ווי אַ נײַ־געבוירענער, דאָס גייט בײַ אײַך עפּעס צו פּוס? איך פאַרזיכער אײַך, אַז יעדן „מום", וואָס לייב רופא האָט געמאַכט, האָט דער באַשעפער אַליין נישט געקענט מאַכן בעסער (אָדער ערגער)... דער חיסרון פון די „חסרונות" איז געווען דער, וואָס, — וואָס צו — איז איבעריק... עס לייגט זיך דאָך נישט אויפן שכל אַז אַלע ייִדן, אָבער טאַקע „פּאַגאָלאָוונאָ" אַלע ייִדן, זײַנען געבוירן געוואָרן קאַ־ליקעס... איז פּאָניע גנב אין כעס געוואָרן און האָט אָנגעהויבן „שנײַדן", „קוילען". מע האָט פּשוט אָנגעהויבן צונעמען אַלע קאַליקעס, און זיי באַשטימט אין וואַר־שטאַט (מאַסטערסקאַיאַס), געמאַכט פּאַר שנײַדערס, שוסטערס און אַנדערע מלאכות זיי געגעבן, אַפילו פּאַר קאַרטאָפליע־שיילערס זיי געמאַכט. דאָס האָט געהאַט אַ שיינעם נאָמען „נאַ ניע סטראַיעוויו ראַבאָטו..." — אויף נישט אַקטיווער מילי־טער־דינסט. האָבן ייִדן זיך אַ וואָרף געטאָן צו „לגאָטעס". אָט דאָ מוז מען מיט אײַך אַ קאַפּיטשקע צוקנעלן, איר זאָלט דאָס ריכטיק צעקײַען... אַ לגאָטע האָט איינער, וואָס איז דער פאַרזאָרגער פון אַ פאַמיליע, דער ברויטגעבער, הייסט עס. צו האָבן אַ לגאָטע דאַרפט איר זײַן אַ בן־יחיד בײַ אײַערע עלטערן, אָדער אײַער ברודער, צי ברידערלעך דאַרפן נאָך זײַן גאָר יונג, און נישט קענען זײַן קיין ברויטגעבערס. איז דאָך דאַכט זיך גוט, זאָגן די ליטוואַקעס „טויג דאָש ערשט ניט"... ווײַל אַז איר זײַט אַ בעל־לגאָטע דאַרפט איר באַווײַזן... נאָך אַלעמען זײַנען דאָך נישט אַלע בנים־יחידים, און נישט אַלעמענס ברידערלעך זײַנען נאָך אויף יענער זײַט בר־מצווה. איז דאָך דאַכט זיך שלעכט?... איז שרעקט זיך נישט, אַז איר וועט מיך אויסהערן ביזן סוף, וועט איר אַליין זען, אַז לאָ אַלמן ישראל... דער הימל איז נישט בײַ דער ערד. דאָרטן ווו עס איז דאָ אַ מכה מוז זײַן אַ רפואה... צו דער מכה פון יאָ בן־יחיד, נישט בן־יחיד, יאָ בר־מצווה־ברידערלעך, נישט בר־מצווה־ברידערלעך, האָט גאָט משׂשת ימי בראשית באַשאַפן סטאַראָסטעס און קאַזיאָנע ראַבינערס, וואָס האָבן צו טאָן מיט ביכער, מיט פאַרשרײַבן חתונות, געבורטן און די שעה זאָל נישט זײַן אויך רעגיסטרירן געשטאָרבענע... און אַ כלל זאָלט איר האָבן, אַז דאָרטן ווו מע שרײַבט קען מען אי שרײַבן אי מעקן, און אויף שרײַבן און מעקן זײַנען די סטאַראָסטעס און קאַזיאָנע ראַבינערס גע־ווען גרויסע ספּעציאַליסטן. נישט מער, כדי מע זאָל די אַלע זאַכן קענען מאַכן מיט אַ טאָלק (אָדער אפשר וואָס מער אַן אַ טאָלק) האָט מע דאָס ביחידות, דאָס הייסט יעדער סטאַראָסטע באַזונדער, אָדער יעדער קאַזיאָנע ראַבינער באַזונדער — נישט געקענט טאָן. און נאָך אַ זאַך דאַרפט איר געדענקען, אַז סטאַראָסטעס זײַנען געווען אין יעדער שטאָט און שטעטל באַזונדער, קאַזיאָנע ראַבינערס זײַ־

נען בלויז געווען איינער אין אַ ראַיאָן. אונדזער קאַזיאָנע ראַבינער איז געווען איבער עטלעכע שטעטלעך. איצט, אַז איר ווייסט שוין מיט וועמען איר דאַרפט גיין צום טיש, און אויב איר האָט, קיין עין הרע נישט, געשענקט זאָלן זיי אײַך זײַן — דרײַ זין. מיט די טעכטער וועלן מיר זיך איצט נישט פאַרנעמען, ווײַל וויפל טעכטער איר זאָלט נישט האָבן, איז אײַער איינציקע זאָרג צו קריגן פאַר זיי חתנים מיט „בלויע בילעטן״. מיט רויטע בילעטן איז אויך נישט קיין אומ־גליק. (אַ ווײַסער בילעט איז אויך אַ שטיקל גליק נישט צו דאַרפן גיין אין מיליטער, נאָר פאַר אַזאַ סאָרט חתן דאַרפט איר נישט בלויז נדן, וואָס מע דאַרף בכלל האָבן, נאָר איר דאַרפט צו זיי האָבן אַן אייגענעם איביקן דאָקטאָר...). יאָ, אײַז ווו זשע האַלט איך? איך האַלט בײַ דעם, אַז איר האָט ברוך השם, זיי זאָלן אײַך געזונט און שטאַרק זײַן — דרײַ זין, איינער, דער עלטערער איז געוואָרן פונקט ערב ראש־השנה 21 יאָר, אַ בחור אַ ליכט מיט אַלע מעלות, און געזונט, פאַרשטייט זיך, אויף אַלע איברים. איין קוק ווען דער „וואַינסקי נאַטשאַלניק״ (נישט דערלעבן זאָל ער דאָס) גיט אויף אים, טוט ער גלײַך אַ זאָג דאָס שיינע ווערטעלע זייערס „גאָדיען״... און ווי איך האָב אײַך שוין פריִער געזאָגט, אַז זינט לייב רופא, דער „מאַלי כירורג״ האָט אַלע פריזיוווניקעס געמאַכט פאַר קאַלי־קעס, איז דאָס בעסטע, כ׳מיין דאָס מילדסטע, וואָס איר קענט דערהערן פון די רשעים אין דער „וואַינסקאַיע פריסוטסטוויע״ שוין נישט גלאַט „גאָדיען״, נאָר „נאַ ראַבאָטו״ (סע הייסט, ער טויג זיך צו דער אַרבעט, טויג ער זיך...). און אַז איר זײַט ווערט בײַ גאָט, לייגן זיי נאָך דאָרטן צו צו דעם „גאָדיען נאַ ראַבאָטו״ די צוויי פריילעכע ווערטער „זשיד מאַשעניק״ (קיין גרויסער קאָמפּלימענט איז דאָס נישט).

בקיצור הדבר, פאַר זיי טויג ער — אײַער זון, נאָר פאַר אײַך טויג דאָס נישט... וואָס זשע טוט מען טאַקע? וואָס הייסט, וואָס מע טוט? אָט הערט וואָס מע טוט; מע דאַרף זען, אַז אײַערע אַנדערע צוויי זין, וואָס איינער איז 20 און דער צווייטער איז 19 (זי האָט זיך געאײַלט, אײַער ייִדענע, קיין צײַט נישט געהאַט...), אָט די צוויי שיינע בחורים אײַערע, זאָלן מיט אַ מאָל מאַכן דעם גרויסן השיבנו נאַזאַד... איינער זאָל אַלט ווערן 12 יאָר און דער צווייטער, דער יינגסטער, 11 יאָר... אַזוי אַרום קריגט אײַער עלטערער בחור אַ „לגאָטע״. סע הייסט, ער איז אײַער ברויט־געבער. און פאָניע, כידוע, האָט דאָך אַ ווייך האַרץ, ער וועט דאָך נישט אַוועקנעמען פון אַן אָרעמאַן אַ ייִדן דעם פאַרזאָרגער, דעם שפּײַזער... פאַרשטאַנען?

איצט פרעגט איר דאָך מן הסתם ווי אַזוי מע מאַכט דאָס? איז די מעשה אַזאַ, איר דאַרפט זיך דורכגיין, בלויז דורכגיין, צום קאַזיאָנע ראַבינער און אים בעטן, אַז ער זאָל אײַך אַרויסגעבן אַ „פּאַסיעמעני ספּיסאָק״, אַז אײַערע זין זײַנען אַלט כך וכך, אָט ווי איך האָב אײַך פריִער אויסגערעכנט. דאָ דאַרף מען שוין

אַרײַנשרײַבן אַלע פון אײַער פאַמיליע, אײַך מיט דער ווײַב, אײַערע טעכטער זיי זאָלן אײַך מאַריך שנים זײַן, נאָר די אַנדערע פון דער משפחה ווערן בלויז אַרײַנגעשריבן צוליב פאָרמע וועגן, כדי עס זאָל אויסזען ליִטיש, עס איז דאָך, ווי זאָגט איר, אַ „פּאסיעמעיני ספּיסאָק". יאָ, פאַרגעסט נישט דעם קאַזיאָנע רב צו דערמאָנען, אַז איר ווילט חלילה נישט, אַז ער זאָל זיך מטריח זײַן אומזיסט, אַז איר וועט אים גוט באַלוינען... איך קען אײַך פאָרויסזאָגן, אַז ער, אָט דער שיינער ייִד, וועט אײַך דערלאַנגען דעם אמתן קרעכץ, און אײַך אַ זאָג טאָן, אַז „בעוונותנו הרבים מוזן נעבעך ייִדן אָנקומען צו אַזעלכע זאַכן". און נאָך אַ מאָל זיך אַ ביסל אויסקרעכצן, און אײַך דערקלערן, אַז אין אים איז קיין מניעה נישט, ער וועט גיין צען מײַל צו פוס צו ראַטעווען אַ ייִדן פון גויִשע הענט... נאָר וואָס זשע דען? עס געווענדט זיך נישט אין אים אַליין, נאָר אין ליפּע פּאָטשטאַר. ליפּע וואַסערמאַן, דער שאַרגאָראָדער סטאַראָסטע, ווײַל ער, דער קאַזיאָנע רב, קען נאָר אַרויסגעבן אַ „פּאָסיעמעינע ספּיסאָק" אויב ליפּע שיקט אים אַ צעטל מיט די נעמען און עלטער פון דער פאַמיליע, אַז אַזוי זײַנען זיי טאַקע פאַרשריבן בײַ אים אין די ביכער... נו, איצט לויפט אַריבער צו ליפּען (פאַרגעסט אָבער נישט, איידער איר קושט די מזוזה בײַ דעם קאַזיאָנע ראַבינער איבערצולאָזן, אָדער בעסער געזאָגט, צו פאַרגעסן בײַ אים אויפן טיש דאָס, וואָס איר האָט אים צוגעזאָגט, און למען השם פאַרגעסט נישט, וואָס מיר זאָגן פּסח צום סדר אין דער הגדה „וכל המרבה הרי זה משובח", ווייל טאָמער פאַרגעסט איר דאָס צו געדענקען, וועט אײַך דער ייִד נישט דערקענען, ווען איר וועט צוריקקומען, און עס וועט אײַך קאָסטן טײַערער...).

אַז איר וועט אַרײַנקומען צו ליפּען, וועט ער אײַך צונעמען פאַר אַ גרויסן גאַסט. מע וועט פאַר אײַך שטעלן טיי מיט אײַנגעמאַכטס און אַפילו מיט לימענע, ווײַל קודם כל איז ליפּע אַ גוט־ברודערל, אַ מענטש אָן אַ גאַל, אָן אָנשטעל, און איז גרייט יענעם צו געבן דעם העמד פונעם לײַב... און ווען איר בעט בײַ אים די טובה צוליב וועלכער איר זײַט געקומען, דערמאָנט נישט קיין געלט... ווײַל פּונקט ווי דער ראַבינער האָט ליב דאָס קערבל, אַזוי האָט ליפּע, כאָטש אַ ייִד אָן אַרעמאַן, פײַנט, אַז מע וויל אים באַצאָלן פאַר אַ טובה... דאָ, ברודערל, דאַרף מען האָבן אַנדערע מיטלען, דאָ איז געלט נישט קיין סגולה... זעט איר, אויב איר קענט לאָזן די אמתע פאַר טרערן און ליפּען דערציילן דעם „ריינעם אמת", אַז זינט עס גייט אָן די געשיכטע מיטן שטעלן זיך צום „פּריזיוו", האָט אײַערע שוין געהאַט פיר האַרץ־אַטאַקעס און דער דאָקטאָר זיצט בײַ אײַך גאַנצענע נעכט... ליפּע דאַרף נישט מער, אַז ער דערזעט טרערן וועט ער אײַך אַוועקגעבן די גאַנצע קאַנצעליאַריע מיט די ביכער. און זאָל אײַך גאָט שומר ומציל זײַן איר זאָלט נאָך אַ מאָל דערמאָנען געלט... אַזוי, אַז איר זײַט אַ שאַרגאָראָדער, אַ לוטשיניעצער אָדער פון אַ פאָר אַנדערע שטעטלעך, וואָס גייען אַרײַן אין אונדזער ראַ־

בינערס ראַיאָן, דער חילוק איז נאָר אין די סטאַראָסטעס, און יענע זײַנען נישט קיין ליפּעס, דאָרטן גייט דער פּסוק ר׳ יעקב משלם...

איצט דאַרפט איר נאָך אויך וויסן, אַז דער קאָפּ פון אַלע אָוואַנטורעס איז געווען נישט אונדזער קאַזיאָנע רב, כאָטש ער איז געווען העכער אין ראַנג, נאָר מאָטל מרגליות, דער לוטשיניעצער סטאַראָסטע, אָט יענער, וועגן וועלכן איך האָב אײַך שוין דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אין זײַן זשיליעט־קעשענע פון דעם אוריאַדניק ביז דעם גובערנאַטאָר און ער, צוזאַמען מיט אונדזער ראַבינער, האָבן אַזוי לאַנג געשריבן און געמעקט, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז אַלע סטאַראָסטעס זײַנען געוואָרן גבירים (אַלע, אַחוץ ליפּע וואַסערמאַן, דער „דושאַ טשעלאָוועק״) און ביז אין דער „פּריסוטסטוויע״ בײַם „וואָינסקי נאַטשאַלניק״ האָט מען זיך געכאַפּט, אַז בײַ אַלע ייִדן זײַנען די „נאָוואָבראַנצעס״ ברויט־געבערס און האָבן „לגאָטעס״... און אַ גאַנצן „אוראָזשאַי״ האָבן די ייִדן מיט קאַנ־דידאַטן פאַר בר־מצווה...

וואָס טויג אײַך גרויס. מע האָט זיך גענומען אונטערזוכן די ביכער און מען האָט דערווײַל אַרעסטירט אַלע סטאַראָסטעס און „אים אַליין״ דעם קאַזיאָנע רב. אַלע זײַנען אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף „פּאָרוקעס״, אויף „זאַלאָג״ ביזן משפּט, ווען עס איז געקומען צו געבן „זאַלאָג״, האָבן אַלע געהאַט זייער אייגן געלט, בלויז ליפּע האָט נישט געהאַט קיין גראָשן מיט וואָס צו ראַטעווען זיך. זײַנע לינקע געשעפטן זײַנען דאָך געווען לויטער עולם־הבא־געשעפטן. אַ גליק, וואָס ער האָט געהאַט עטלעכע אמתע גוטע פריינד און משפּחה. מע האָט יאַקאָש אים אויך אַרויסגענומען אויף „פּאָרוקעס״, און מע האָט זיך גענומען גרייטן צום משפּט.

**
*

שמעון־דוד בלאָוושטיין האָט שטאַרק געליטן פון דער גאַנצער אַפּערע. ער מער ווי יעדער ייִד אין שאַרגאָראָד האָט געוווּסט וויפל שנאה צו ייִדן עס איז פאַראַן אין לאַנד און וועלכער עס איז סיבה. בפרט אַזאַ סקאַנדאַל, וואָס מע קען דאָך אים אַפילו נישט פאַרלייקענען... איך בין נישט זיכער, צי עס האָט אים שטאַרק ווײ געטאָן זײַן האַרץ פאַר יענע, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט צום טײַוול פאַר געלט. אָבער ליפּע... ליפּע, האָט שמעון־דוד געוווּסט, האָט געהאַט זײַנע הענט אין דער בלאָטע נישט צוליב געלט. ליפּע איז אַפילו געווען בײַ אים פרעגן אַן עצה, נאָר שמעון־דוד האָט אים בלויז באַזשאַלקעוועט. ער, שמעון־דוד, איז נישט געווען פון דעם סאָרט אַדוואָקאַטן, וואָס וועלן זיך פאַרנעמען מיט פאַרטיידיקן מענטשן אין וועמענס שולד ער איז געווען איבערצײַגט. און וואָס וואָלט זײַן טענה געקענט זײַן אויף אַזאַ פּראָצעס, אַז ליפּע האָט קיין געלט נישט גענומען? איז ווער וואָלט אים געגלויבט, אַז אַ מענטש איז געשטאַנען בײַ אַזאַ גאָלד־גרוב און זיך די הענט נישט אײַנגעשמירט? צווייטנס, ווערט דען אַ פאַרברעכן אויס

פאַרברעכן צוליב דעם וואָס מע האָט קיין געלט נישט גענומען? אין דעם איצטיקן פאַל, האָט שמעון־דוד ווײַטער געטראַכט, איז דאָס נישט־נעמען קיין געלט ערגער ווי דאָס יאָ נעמען, ווײַל אויב מע האָט אַזעלכע זאַכן געטאָן אַפילו אָן געלט, איז דאָך דאָס אַ סימן מובהק, אַז בײַ יידן איז פאַראַן אַ קאָנספּיראַציע קעגן דעם רעזשים...

**
*

ליפּע איז אַוועק פון שמעון־דודס הויז אין גאַנצן אַ דערשלאָגענער, ווײַל ווען שמעון־דוד זאָל געוואָלט אָננעמען אים צו פאַרטיידיקן, וואָלט ער וועגן געלט נישט באַדאַרפט זאָרגן... ער האָט זיך געלאָזט צום קאַזיאָנע ראַבינער נאָך הילף, נאָר יענער האָט אים אין גאַנצן נישט דערקענט. אַמערגסטן האָט ליפּען פאַר־דראָסן, וואָס דער שיינער ייִד האָט אים עפּעס אַ זאָג געטאָן אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָבן דעם גוטן מענטש אין אים אי אויפגעשווידערט, אי פּשוט באַליידיקט. און אָט זײַנען די פּאָר ווערטער: „אַ חוצפּה פון אַ ייִד, פריִער פּירט ער מיך אַרײַן אין אַ בלאָטע און נאָך דעם קומט ער נאָך צו מיר נאָך הילף"... ליפּע איז אָבער געווען צו דערשלאָגן צו ציִען די לאָגישע שלוסן פון דעם און צו כאַפּן זיך, אויף וואָס דער ייִד איז פּעיִק און וואָס ער קלײַבט זיך צו טאָן...

**
*

נאָר אַז גאָט וויל, וויסט איר דאָך ווי דאָס ווערטל גייט... דעם זעלבן אויף דער נאַכט נאָך, שטעלט זיך אַרײַן צו שמעון־דודן דער ראַבינער. ער האָט גע־וואָסט צוויי זאַכן: אַז שמעון־דוד האָט אים נישט גערן, און אַז ער וועט נישט אָננעמען אים צו פאַרטיידיקן. נאָר וואָס זשע דען? ער האָט שמעון־דודן נישט דערשאַצט... אים איז אײַנגעפאַלן, נאָך ליפּעס אַוועקגיין, אַז אַזוי ווי שמעון־דוד האַלט דאָך מיטן אָרעמאַן, וועט אים זיך אײַנגעבן אויסצושפּילן אי דעם לײַטישן מענטש, אי אַרײַנצִיען שמעון־דודן אויף די סטרונעס פון רחמנות אין דער פאַר־טיידיקונג... סע האָט געדאַרפט הייסן, אַז שמעון־דוד זאָל פאַרטיידיקן אי אים, אי ליפּען און ער וועט באַצאָלן...

שמעון־דוד האָט אים גאַנץ שיין אויסגעהערט און אים קאַטעגאָריש דער־קלערט, אַז ער וועט נישט אָננעמען צו טאָן קיין זאַך אין דעם ענין, פאַר קיין געלט אין דער וועלט נישט, אַז עס איז בײַ אים אַ פראַגע פון פּרינציפּ...

ווען דער ראַבינער האָט דערהערט, אַז זײַן מיטל האָט נישט געווירקט אויף אַיין אופן, האָט ער איבערגעקערט דעם פעלץ אויף דער צווייטער זײַט און זיך אַ זאָג געטאָן: „אויב אַזוי, בלײַבט מיר נישט קיין אַנדער ברירה ווי אַרויפצו־וואַרפן די גאַנצע שולד אויף ליפּען"... מער האָט שמעון־דוד נישט געדאַרפט. ער

האָט זיך אויפגעהויבן פון זײַן שטול, צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי געעפנט, נישט זאָגנדיק דערבײַ קיין איין וואָרט...

***

נאָך די זעלבע נאַכט איז שמעון־דוד געווען בײַ ר׳ עקיבא דעם רב, אים דערציילט די מעשה... מע האָט געשיקט רופן ליפען. איך קען אײַך נישט זאָגן, ווי אַזוי מע האָט דאָס דורכגעפירט. נאָר בלויז אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט גאַנץ שטאָט געוווּסט, אַז ליפּע איז שוין אויף יענער זײַט גרענעץ אויפן וועג קיין אַמעריקע...

איך דערקען אין אײַך, אַז עס גייען אײַך אויס אַלע כוחות. איר ווילט וויסן דעם סוף. נו, דער סוף איז אַ פּשוטער סוף. עטלעכע סטאַראָסטעס האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון פּאַניעס קעסט... פון אַלע „לגאַטעס״, אַפילו פון די אמתע „סאַמאָ־ראָדנע״, איז געוואָרן אַ תכלית. און דער ראַבינער? איר ווייסט דאָך, וואָס דער פּסוק זאָגט — „בור כרה ויחפרהו ויפול בשחת יפעל״ — ער האָט געגראָבן אַ גרוב פאַר יענעם און איז אין אים אַליין אַרײַנגעפאַלן...

מאָטל מרגליות, דער שולדיקסטער, האָט זיך אויך געראַטעוועט קיין אַמע־ריקע. אים האָבן געראַטעוועט זיינע חיבעניקעס אין די הויכע פענצטער פאַר מורא, אַז ער זאָל זיי נישט פאַרשיטן...

# די שריפה

פאַראַן מענטשן, וואָס אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע, אייגענע שווערע איבערלע־בונגען פּאַראַליזירן אין זיי זייער געוויינטלעכע פילבאַרקייט צו יענעמס צרות, רויבן אַוועק זייער שטענדיקע געמיטלעכקייט און טעמפּן אָפּ אין זיי יעדן אינטע־רעס צו דער וועלט, אַזוי צו זאָגן... שמעון־דוד האָט נישט געהערט צו יענער קאַטעגאָריע. ווי שווער ער האָט נישט אַדורכגעלעבט זײַן זונס, בערלס, ערב — און שפּעטער דאָס סאַמע — אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, און זײַן ייִנגערן זון, יאַנקלס ניסימדיקע נסיעה איבער שטורמיש־ברויזנדיקע מלחמה ימען, האָט דאָס אין אים אַרויסגערופן מער געדולדיקייט און מיטגעפיל צו פרעמדע צרות און אומגליקן, און אַזאַ מין סענסיטיוויקייט צו די געשעענישן אין שטאָט, וואָס איז זיך שווער פאָרצושטעלן. שרהקע איז גראָד געווען צופרידן פון דעם. זי האָט געדענקט, אַז זײַן אַוועקגעבן אַ סך צײַט פאַר שטאָטישע ענינים, טעמפּט אָפּ בײַ אים זײַן אייגענעם ווייטיק... כאָטש דער היפוך איז געווען אמת. נאָר ווײַזט אויס, אַז שמעון־דוד האָט גלאַט פאַרמאָגט באַהאַלטענע רעזערוון געדולד און מוט, און בעיקר אײדעלע גוטסקייט, וואָס האָט אים געסטײַעט, סײַ פאַר זײַנע אייגענע, סײַ

פאַר וואָס מיר באַצייכענען פאַר „יענעם״. שמעון־דוד האָט אויף זײַן שטילן אופן עוסק געווען בצרכי ציבור באמונה, נאָר ווי ער אַליין האָט דאָס געקענט טאָן. צו יענער צײַט געהערט דאָס אויפשטעלן שטאָטישע פּאָנאַרן פאַר באַלײַכטונג, וואָס איז אין שאַרגאָראָד געווען אַ גרויס געשעעניש. סימבאָליש וואָלט איך געזאָגט, אַז בכלל האָט שמעון־דוד ליב געהאַט ליכט אין אַלע היגזיכטן... ער האָט, ווײַזט אויס, גוט געדענקט דאָס דרײַער לעמפּעלע, בײַ וועלכן ער פלעגט בײַ פּאַניען אין מיליטער אויף דער וואַך לייענען ביכער... אין דעם באַלויכטן פון שטאָט האָט שמעון־דוד געהאַט מער ווי אַ פינגער.... און געקראָגן האָט ער דאָס, גלייבט אָדער נישט, פון די אָפּצאָלונגען, וואָס ייִדן זײַנען געצוווּנגען געווען צו מאַכן אויף „סוועטשנאַי סבאָר״ (אַ שטײַער אויף ליכט), און פון וועלכן די ייִדישע „קנעפּלעך״ מאַכן אַ תכלית, ווײַל אַלע די פּאָנדן זײַנען געלעגן אין קאַזיאָנע ראַבינערס הענט... איך וואָלט געקענט דערציילן, ווי אַזוי מע האָט די פּאָנאַרן אַרײַנגעשטעלט, וואָס איז פאַר זיך אַליין אַ שיינע מעשה, אָבער דאָס איצטיקע קאַפּיטל איז וועגן אַ גרויסער און טראַגישער פּאַסירונג אין שטאָט, אין וועלכער מײַן העלד האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל און איך קען זיך איצט נישט פאַרגינען קיין דיגרעסיע.

**
*

איך וויל אײַך איצט באַקענען מיטן ראָטעס אין שאַרגאָראָד, אין וועלכן עס זײַנען קאָנצענטרירט געווען די גרעסטע צאָל קראָמען וואָס שאַרגאָראָד האָט פאַרמאָגט, צו זאָגן אַז דער ראָטעס האָט פאַרמאָגט אַ וועלכע הונדערט גרע־סערע און קלענערע קראָמען אָדער מער, וועט נישט זײַן איבערגעטריבן. דער ראָטעס (דאָס וואָרט שטאַמט פון דעם דײַטשן וואָרט „ראַטהויז״, וואָס די רוסי־שע שפּראַך האָט געגנבעט פון דײַטש און דאָס איבערגעמאַכט חנעוודיק אויף „ראַטושאַ״ און גייט טרעפט, אַז עס איז נישט קיין וואָרצלדיק רוסיש וואָרט, און וואָס פעלט אײַך דען. מיט אַזאַ עכט רוסיש וואָרט ווי „יאַרמאַרקאַ״ אָדער ווי די פויערים בײַ אונדז זאָגן — „יאַרמאַראָק״, פון דײַטשן „יאַר־מאַרק״? און „גאַופּט־וואַכטאַ״ פון הויפּטוואַך, איז בײַ אײַך גאָרנישט? אונדזערע פײַנשמעקנדיקע ייִדן, וואָס וואַרפן אין פּנים אַרײַן דאָס מיאוסע וואָרט „זשאַרגאָן״ אויף אונדזער ליבן מאַמע־לשון, וואָלטן אַ מאָל זיך געמעגט אַרײַנטראַכטן, עקזאַמענירן פּושקינס לשון און אַנטדעקן, וואָס פאַראַ תכלית עס וועט בײַ זיי ווערן פון דעם באמת פּראַכ־טיקן לשון־רוסיש. נאָר דאָס איז אַגב אורחא), יאָ, דער ראָטעס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן קעסטל־מעסיקן פּירעק אין מיטן שטאָט, וועלכער איז געווען וואָס מיר רופן אין רוסיש אַ „פּאַסאַזש״, אײַנגעטיילט אין פיר באַזונדערע דרײַ עקן ווי איבערגעשניטן מיט פיר אַרײַנגאַנגען אין אַן אינעווייניקסטן פיר עק מיט נאָך אַ צאָל קראָמען אויף אַ גאַנץ פאַרנעמיקן פּלאַץ, אַלע פיר טיילן, אָדער בעסער געזאָגט: יעדער באַזונדערער טייל, איז געווען געדעקט מיט איין דאַך אויף אַלע

קראָמען פון דעם פּערטל. כאָטש די קראָמען אַליין האָבן געהאַט אינדיווידועלע כאַראַקטערס, איז אָבער זייער קאָפּ געווען איינער און דער זעלבער. דער ראָטעס איז געווען דער נערוו־צענטער פון שאַרגאָראָדער מיסחר, אַלע סוחרים פון ראָטעס זײַנען געווען פון מיטלשטאַנד, מיט קראָמען אָנגעפּילט מיט אַל דאָס גוטס אין וואָס נאָר אַ לעבעדיקער קאָמערציעלע שטאָט נויטיקט זיך.

***

ווען מע האָט אינסטאַלירט די נײַע באַלײַכטונג אויף די גאַסן, האָבן אַלע קרעמער ווי דורך אַן אָפּמאַך זיך געכאַפּט, אַז זייערע קראָמען זײַנען שטאַרק פאַרעלטערט, און האָבן זיך אַלע ווי איינער גענומען רעמאָנטירן און פאַרשענערן די קראָמען. מע האָט געמאַכט נײַע טירן און אייניקע האָבן אַפילו געמאַכט פענצ־טער און בכלל פאַרבעסערונגען, אַפילו נײַע דילן האָט מען געמאַכט. — מע האָט אָפּגעמאָלט אויף פריש די אויסערלעכע ווענט און טירן. יעדער קרעמער האָט עפּעס געטאָן צו פאַרשענערן זײַן קראָם. איך געדענק, אַז מײַן מאַמע, וואָס איז געווען די געשעפט־פירעריך, ווײַל דער טאַטע האָט געפירט זײַנע מיסחרים אין אַסטראַכאַן — האָט זיך געאײַלט און איבערגעבויט די קראָם אין גאַנצן און גע־וואָלט פאַרענדיקן די אַרבעט, איידער דער טאַטע קומט אַהיים אויפן ווינטער, כדי דאָס זאָל זײַן פאַר אים אַ סורפּריז. אין דעם זעלבן טאָג (אין דער פרי) ווען דאָס אומגליק האָט געטראָפן, האָט מען אָפּגעפאַרבט אונדזער טייל דאַך איבער דער קראָם...

***

איך האָב שוין דעמאָלט געאַרבעט בײַ אליהו מענדל־הערש אין זײַן אַפּטייק־סקלאַד. קום איך אַהיים עסן וואַרעמעס און טרעף די מאַמע אַ צעשטראַלטע און אַ גליקלעכע, וואָס איר האָט זיך אײַנגעגעבן צו פאַרענדיקן דעם איבערבוי פון דער קלייט אין צײַט, אַזוי, אַז ווען דער טאַטע וועט קומען אַהיים נאָך די ימים־טובים, וועט ער טרעפן אַ שפּאָגל נײַע קראָם. זי האָט געוווסט ווי דער טאַטע האָט ליב נײַע און שיינע זאַכן, די קלייט איז טאַקע אַרויסגעקומען זייער שיין... דאָס אייניציקע, וואָס איז געבליבן פון פריִער איז געווען דער בשותפותדיקער דאַך. אָבער אַפילו דער דאַך (אונדזער טייל) איז איבערגעפאַרבט געוואָרן. די מאַמע איז אויך געווען צופרידן, וואָס דער זומער איז געווען אַ געראָטענער אין מיסחר. מע האָט אַלץ אויספאַרקויפט אין צײַט, און ווען עס איז אָנגעקומען אַ גרויסער טראַנספּאָרט האַלב טרוקענע פיש פאַרן הארבסט־סעזאָן, האָט מען אָנגע־פאַקעוועט די סחורה אין קראָם אין יעדן ווינקעלע, אַפילו דער קעלער איז געווען אָנגעסטאָפּעוועט... איך, די מאַמע און מײַנע צוויי שוועסטערס האָבן אָפּגעגעסן און מיר האָבן זיך געלאָזט אַרויסגיין, די מאַמע אין קלייט אַרײַן און איך צו מײַן אַרבעט. נאָר אָט הער איך מײַן מאַמעס קוויטשען נישט מיט איר קול: געוואַלד!

געוואַלד! געוואַלד!... דאָס האָט זי דערזען אַ רויך אַרויסקומען פון דעם דאַך, איבער אונדזער קראָם... דאָס איבעריקע איז שוין געקומען פון קאָפּ־שווינדלער־רישער גיכקייט, אין בלויז איניקע רגעס האָט אַ וואַנט פון פײַער זיך אַוועקגע־שטעלט איבערן גאַנצן לינקן דרײַעק פון דעם ראַטעס און צענדליקער קרעמערס האָבן זיך געלאָזט אין די קראָמען אין אַ פּרווו צו ראַטעווען די סחורות... נאָר אין אַ פּאָר מינוט איז צו די קראָמען אַפילו נישט מעגלעך געווען צוצוקומען נאָענט, אַ העליש פייער האָט געשרפעט מיט גוואַלדיקע פײַערצונגען — פון דער גאַנצער שורה קראָמען. די פלאַמען און רויך זײַנען געגאַנגען עד לב השמים. איניקע קראָמען אויפן עק ווו דאָס פײַער האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן פאַרקויפט קעראָסין, טראָן, דזשעגעכץ און געהאַט גאַנצע פעסער פון דעם ברען־מאַטעריאַל, האָבן זיי עקספּלאָדירט און אָנגעמאַכט נאָך אַ גרעסערן חורבן. עס האָט זיך אויס־געדאַכט, אַז די גאַנצע שטאָט ברענט... די היץ איז געווען אין לשער. מענטשן האָבן זיך ווילד געריסן צום פײַער, נאָר מע האָט זיי נישט געלאָזט נאָענט... בלויז צו פאַרדאַנקען די שאַרגאָראָדער קצבים, יידן מיט שטאַרקע הענט, גוטע הערצער און מער וויניקער קלאָרע קעפּ, וואָס האָבן זיך נישט פאַרלוירן האָט מען פאַר־מיטן מענטשלעכע קרבנות. די יללות זײַנען געווען שוידערלעכע. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען די שרעק, אַז דאָס פײַער זאָל אַרומכאַפּן די גאַנצע שטאָט. געווען זײַנען דעמאָלט אין דער „פאָזשאַרנע קאָמאַנדע" בלויז צוויי פעסלעך און זייער ווינציק „פאָזשאַרניקעס". אַ גליק איז געווען וואָס צוויי יידן אין שאַרגאָראָד, האָבן זיך לחלוטין נישט פאַרלוירן, נאָר טאַקע זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן וווּנדער־לעכע אָרגאַניזאַטאָרס... די צוויי זײַנען געווען: ליפּע פייגע משה בעסיס און וואָוויק. זיי איז צו הילף געקומען עלקנער דעם אַפּטייקערס ברודער, אַן אינזשע־ניער. דער לעצטער האָט גלײַך צונויפגעזאַמלט אַ בריגאַדע פון יידן, וועלכע האָבן געוווינט ווײַט פון דער שריפה, ווײַל די וואָס האָבן געהאַט זייערע קראָמען אין פלאַמען און יענע וואָס האָבן מורא געהאַט, אַז אָט־אָט, וואַרפט זיך דאָס פײַער אַריבער אויף זייערע קלייטן, ווי אויך די יידן וואָס האָבן געוווינט אין הײַזער קעגנאיבער דעם ראַטעס, זײַנען געווען אַזוי דערשלאָגן און דערשראָקן, אַז מיט זיי האָט מען גאָר נישט געקענט אויפטאָן. מע האָט באַפוילן דער בריגאַדע אַרײַן אין יעדער הויז, אַרויסשלעפּן דאָס וואַסער וואָס איז געווען אין די פעסער, און אַרויסנעמען אַלע עמערס בײַ יעדן יידן אין שטאָט. ליפּע האָט גלײַך מאָבי־ליזירט אַלע וואַסערפירערס פון שטאָט און זיי באַפוילן צו פירן וואַסער אָן אַן אָפּשטעל צום פײַער. פון די אַלע אַרויסגערופענע אויפן גאַס יידן, האָט ליפּע געמאַכט צוויי לעבעדיקע קייטן פון מענטשן מיט עמערס ביז צום סאַמע טײַך. איין שורה פון דער קייט האָט זיך איבערגעגעבן פולע עמער מיט וואַסער פון טײַך צו דער שריפה, די צווייטע שורה האָט די זעלבע זאַך געטאָן מיט די אויסגע־ליידיקטע עמערס פון דער שריפה צום טײַך. עפּעס טאַקע נאָר ווי דורך אַ כישוף

האָבן אויסגעוואַקסן עמערס און ראָגאָזשעס, וואָס מע האָט געגעצט אין וואַסער און געדעקט די דעכער פון די נישט ברענענדיקע קלייטן און פון די הײַזער אַנטקעגן. מענטשן זײַנען געקראָכן אויף לייטערס ווי אַקראָבאַטן, ווי זיי זאָלן דאָס געווען טאָן אַ לעבן־לאַנג... דערווײַל האָט וואַוויק רײַטנדיק אויף אַ פערד גע־בראַכט די „פאָזשאַרנע קאָמאַנדע” פון סאָסנאָוויקער צוקער־זאַוואָד מיט אַ ברי־גאַדע געשולטע פייערלעשערס, וואָס האָבן געוווסט ווי אַזוי מע דאַרף זיך באַגיין מיט די מאָדערנע אינסטרומענטן, און דורך זייער העלדישער אַרבעט איז טאַקע געלונגען צו פאַרמײַדן דאָס אויסשפּרייטן זיך פון דער שריפה. אָבער אַ האַלבער ראָטעס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין איין פלאַם, די שורה קראָמען איז נישט געלונגען אָפּצוראַטעווען. עס האָט געברענט ביזן גרונט שיינע עטלעכע שעה, און יידיש האָב־און־גוטס, האָרעוואַניע און מי פון יאָרן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש און קויל... נאָך אַ האַלבן טאָג און כמעט אַ האַלבע נאַכט, זײַנען געבליבן בלויז האַלעוועשקעס. ליפּע האָט אָרגאַניזירט אַ וואַך, וועלכע האָט געהיט, אַז בשעת דעם אומגליק זאָלן די הונדערטער פויערים, וועלכע זײַנען אָנגעלאָפן אין שטאָט אויפן קלינגען פון די קלויסטער־גלעקער, זיך דערווײַל נישט „פּאָ־זשיוועץ”, אויף יידיש האָב־און גוטס, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין גאַס...

מײַן מאַמע, וואָס האָט זיך בלויז אין די ערשטע פּאָר מינוט פאַרלוירן, האָט גלײַך צוריקגעקראָגן איר גלײַכגעוויכט, האָט אונדז, קינדער, געהאַלטן אַרום זיך און איז נאָך אַליין נאָכגעלאָפן מײַן זיידן אַברהם (אַ ייד פון עטלעכע און זיבעציק) וואָס האָט זיך געריסן אין קראָם אַרײַן צו ראַטעווען די סחורה און אים איבער־געוואַלט אַרויסגעשלעפּט פון דער שריפה...

**
*

ערשט שפּעט בײַ נאַכט האָט מיר די מאַמע דערלויבט אַרויסצוגיין זען, וואָס טוט זיך אין שטאָט. אָבער בעיקר האָט מיר אין דעם געהאָלפן, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז איך גיין זען די באָבע שיינדעלע, וועלכע איז געלעגן אַ זייער קראַנקע...

אין גאַס האָט די לבנה געשײַנט אַ פולע און זילבערנע און באַלויכטן די בערגלעך ברוך, וואָס זײַנען געבליבן פון יידישער עשירות...

ווען איך בין אַרײַנגעקומען צו דער באָבען, האָט מיר דער זיידע געוווּנקען, אַז איך זאָל דער באָבען נישט דערציילן, וואָס עס האָט געטראָפן. נאָר ווען די באָבע האָט מיך דערזען, האָט זי מיך צוגערופן און מיר געהייסן דערציילן מײַן מאַמען, אַז זי האָט נאָר וואָס געהאַט אַ חלום. איר מאַמע ציופּע איז צו איר געקו־מען און איר געזאָגט: „שיינדל, זאָג דײַן שנור, אַז דאָרטן ווו גראָז האָט געוואָקסן, וועט עס נאָך אַ מאָל וואַקסן”...

מרדכי קופּער

# די אַסיפה

עס זײַנען אַוועק אַ פּאָר טעג און ר' עקיבא דער רב האָט געשיקט רופן אַ גרופּע געקליבענע באַלעבאַטים צו אַן אַסיפה. קיינעם פון די געליטענע האָט מען נישט גערופן. עס זײַנען געקומען די פאַרמעגלעכסטע מענטשן פון שטאָט. דער רב האָט אויך גערופן עטלעכע פירנדיקע מענטשן, וואָס אַליין זײַנען זיי טאַקע נישט געווען געבענטשט מיט קיין מאַטעריעלע אוצרות, נאָר זייער וואָרט איז געווען וואָגיקער און ווירקזאַמער פון אַלע יענע וועלכע האָבן יאָ פאַרמאָגט געלט...

די אַסיפה האָט געעפנט דער רב און האָט אין אַ קורצער, נאָר גוט דורכגעטראַכטער רעדע דערקלערט דעם ציל פון דער פאַרזאַמלונג. דער אינהאַלט פון דער רעדע איז בערך געווען אַזוי: „איך דענק, אַז יעדער איינער פון די פאַרזאַמלטע קען זיך לײַכט פאָרשטעלן דעם ציל פון דער הײַנטיקער אַסיפה. און פונקט ווי מיר זאָגן אין דער הגדה, אַז יעדער ייִד דאַרף זיך באַטראַכטן, ווי ער אַליין זאָל דאָס האָבן געווען אַ קנעכט אין מצרים, און ער אַליין איז אויסגעלייזט געוואָרן, אַזוי דאַרפן אַלע שאַרגאָראָדער ייִדן בכלל און אַוודאי יעדער איינציקער ייִד, וואָס איז ניצל געוואָרן על פּי השגחה, אָדער רופט דאָס על פּי נס, זיך באַטראַכט ווי איינער וואָס האָט געקענט זײַן אַ געליטענער פון דער שריפה... און ווער ווייסט? אפשר האָט טאַקע דער וואָס איבער אונדז, געפּירט, אַז עס זאָל בלײַבן ווער עס זאָל ראַטעווען און העלפן די געליטענע זיך צו שטעלן אויף די פיס... נאָך אַלעמען, אַלץ וואָס אַ ייִד פאַרמאָגט איז דאָך נישט מער ווי אַ פּיקדון פון דעם וואָס לעבט אייביק. און מיט אַ פּיקדון דאַרף מען וויסן ווי זיך צו באַגיין... איך וויל אײַך בעטן, אַז יעדער איינער פון אײַך, זאָל זיך פילן פרײַ זיך אַרויסצוזאָגן ווי אַזוי און אויף אַ וועלכן בעסטן און בעיקר ייִדישן אופן מיר קענען די געליטענע שטעלן אויף די פיס, דאָס איז אונדזער חוב ווי ייִדן און מענטשן"...

ווען דער רב האָט פאַרענדיקט, האָט יעדער איינער פון די פאַרזאַמלטע געהאַט עפּעס צו זאָגן. פאַרשטייט זיך, די בעסערע האָבן דערקלערט אַז זיי זײַנען גרייט צו העלפן מיט וויפל קהל וועט הייסן, זיי האָבן טאַקע נישט אַזוי פיל אין וויפל מען שאַצט זיי, נאָר דאַנקען השם יתברך, זיי זײַנען בכוח צו העלפן ייִדן אין אַן עת צרה... די ערגערע (און אַזעלכע זײַנען אויך געווען), האָבן געטענהט אַז „אַוודאי דאַרף מען ייִדן העלפן. עס איז דאָך בפירוש מן התורה «עזוב תעזוב» נאָר וואָס דען? עס שטייט אין ערגעץ נישט געשריבן, אַז טאָמער זײַנען דאָ אין שאַרגאָראָד עטלעכע פאַרמעגלעכע ייִדן, זײַנען זיי מחויב אויסצוהאַלטן אַ האַלבע שטאָט... מע וועט עפּעס געבן, אַוודאי וועט מען עפּעס געבן, אָבער שאַרגאָראָד איז נישט קיין בת־יחידה בײַ ייִדן, פאַראַן קיין עין־הרע נאָך ייִדישע שטעט מע דאַרף אָנשרײַבן אַ ריכטיקן בריוו, דאַרף מען, אָט האָבן מיר דאָ אונדזער שמעון־דודן. ער קען שרײַבן, און נאָך ווי אַזוי, הלוואי קענען מיר אַ האַלב אַזוי... וואָס זאָג

איך אַ האַלב, הלוואי אַ פערטל... יאָ, דעם בריוו זאָל אונטערחתמענען אונדזער חשובער מרא דאתרא רבי עקיבא, און טאַקע די אַנדערע צוויי רבנים אויך. דעם בריוו זאָל מען אַרויסשיקן בכל תפוצות ישראל... פאַראַן ברוך השם גענוג יידן, רחמנים בני רחמנים, וואָס וועלן זיך אָפּרופן אויף אַזאַ אומגליק. און אָט אַזוי, אַ ביסל פון דאָ הי, און אַ ביסל פון דאָרטן, וועט מען, מיט דער הילף פון דעם אייבערשטן, יאַקאָשע באַוויזן אין אַ פּאָר יאָר אַרום צו שטעלן די נישרפים אויף די פיס...״

איין ייד איז דאָרטן געווען, וואָס האָט דעם פאָרשלאָג אַ קאַפּיטשקע „מאָדי־פיצירט״. דהיינו, אַנשטאָט מע זאָל שרײַבן בריוו צו די קהילות, וואָס דאָס קען נעמען אַ לאַנגע צײַט, זאָל מען יעדן נישרף באַזאָרגן מיט אַזאַ מין בריוו, און די נישרפים זאָלן זיך אַליין אַרויסלאָזן איבער דער מדינה, צווישן יידן ווערט מען נישט פאַרפאַלן...

שמעון־דוד איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן... ער האָט די גאַנצע צײַט ביז איצט קיין איין וואָרט נישט געזאָגט. נאָר ווען ער האָט געהערט דעם לעצטן פאָרשלאָג און די „מאָדיפיקאַציע״ (די עצה איז געקומען פון אַ ייד אַ וווכערניק, וועלכער פלעגט לײַען געלט בלויז אויף משכנות, און האָט אַ ייד אַ מאָל געקראַנקט בײַ אים אַ פּאָר רובל, האָט ער זיך קיין מאָל נישט געקענט אויסצאָלן... אים האָט אַרויסגעהאָלפן אַן אַנדער וווכערניק, וועלכער איז געווען אַ שטילער רשע), ווען שמעון־דוד האָט געהערט, די עצה־טובה פון שיקן יידן איבער די הײַזער, האָט ער זיך אויפגעהויבן. מע האָט געקענט זען, אַז אים קומט איצט אָן זייער שווער זיך צו קאָנטראָלירן, אָבער שמעון־דוד איז אַלע מאָל געווען און געבליבן דער מענטש, וואָס האָט קיין מאָל זיך נישט פאַרלוירן און מיט זײַן געוויינטלעכער אײדלקייט, אי די בעלי־עצה שאַרף קריטיקירט, אי ער האָט זיי אָפּן נישט באַ־לײדיקט. ער ע״ה איז געווען אַ מײַסטער פון דעם שאַרפסטן געדאַנק אין אַ געטאָקטן וואָרט...

שמעון־דוד האָט אין אַ לענגערער רעדע (פון וועלכער איך וועל בלויז ברענ־גען אויסצוגן פון זכרון) אַנטוויקלט זײַנעם אַ געדאַנק, וואָס איז געווען, סײַ מענטשלעך, סײַ קאָנסטרוקטיוו און פּראַקטיש ביז גאָר...

די רעדע האָט ער אָנגעהויבן מיט דעם, וואָס ער האָט געלויבט ר׳ עקיבא דעם רבס פאַרגלײַך, אַז יעדער ייד דאַרף זיך פילן, ווי ער אַליין זאָל האָבן געווען אַ קנעכט אין מצרים און איז אַליין טאַקע אויסגעלייזט געוואָרן... ער האָט נאָך צוגעגעבן צו דעם, אַז ער אַליין דאַנקט גאָט פאַר יעדן ייד, וואָס איז ניצול גע־וואָרן פון דעם אומגליק אָבער: „סײַדן יעדער איינער וועט דאָס באַטראַכטן, נישט ווי יענעמס אומגליק, נאָר ווי אַן אומגליק, וואָס האָט מיך אַליין געקענט טרעפן, וועלן מיר זיך מעגן פילן ווי אמתע יידן און ווי גאַנצע מענטשן... און העלפן די געליטענע דאַרפן מיר, מיר אַליין, נישט מיט קיין נדבות, נאָר מיט ברידערלעכער

הילף, אַז זיי אַליין זאָלן זיך קענען העלפן... כשאני לעצמי, האָט ער געזאָגט, און זיין קול האָט בשעת מעשה געציטערט, וועל איך ניט דערלאָזן, אַז איין טייל ייִדן זאָל אַ צווייטן טייל ייִדן מאַכן פאַר מדינה־גייערס, אין אַוועלכע כשרע ווער־טער מע זאָל דאָס ניט איינוויקלען... חזיר — האָט ער געזאָגט — הערט ניט אויף צו זיין חזיר, אַפילו מע זאָל דאָס, להבדיל אלף הבדלות, איינוויקלען אין אַ טלית פון גאָלע תכלת, עס קען בלויז דעם טלית, חלילה, פאַרחזירן..."

און דאָ איז ער אַרויסגעקומען מיט זיין פאָרשלאָג אָדער בעסער געזאָגט פּלאַן.

אין קורצן איז דער פּלאַן געווען צו גרינדן אַ באַנק פאַר קעגנזייטיקן קרע־דיט — דורך קויפן אַקציעס פאַר אַזוי פיל און אַזוי פיל אַן אַקציע, די פאַר־מעגלעכע זאָלן קויפן וויפל אַקציעס זיי ווילן, פאַרשטייט זיך פאַר מזומן, אָבער אויך די געליטענע זאָלן קויפן אַקציעס. יענע, וועמען עס איז נאָך עפּעס פאַר־בליבן פאַר מזומן, און אַזעלכע, וואָס זיינען געבליבן בערום וחוסר כל, זאָלן קויפן אויף אויסצוצאָלן. דער פאַרקויף פון אַקציעס זאָל זיך אָנהייבן גלייך „היינט אין אָוונט. מיר האָבן דאָ, האָט שמעון־דוד פאָרגעזעצט, די דריי ברידער כהן, און איך אַליין, און מיר קענען אַפילו דערוויילן אַ צייטווייליקע פאַרוואַלטונג. מיר וויסן די באַנק־געזעצן און מאַכן גלייך דעם אָנהייב. מיר רופן שבת־צו־נאַכטס נאָך אַן אַסיפה פון אַלע סוחרים אין שטאָט, סיי יענע וואָס האָבן געליטן פון דער שריפה, סיי אַזוינע, וואָס זיינען ניצול געוואָרן, און אויך דאָרטן פאַרקויפן מיר אַקציעס. מיטן קאַפּיטאַל עפענען מיר באַלד די באַנק. און גלייך ווי מיר עפענען זי, הייבן מיר אָן צו געבן הלוואות צו די געליטענע אויף צוריקצוצאָלן אין לענ־גערע טערמינען אויף געזעצלעכע פּראָצענטן. די אַקציעס וועלן פאַרדינען דיווי־דענדן אָבער אין משך פון צוויי יאָר, טאָר קיינער ניט אַרויסציִען קיין קאַפּי־טאַל, נאָר יעדער רובל, דאַרף זיך געפינען אין באַוועגונג, פאַר דעם איינציקן צוועק צו שטעלן די געליטענע אויף די פיס... קיינער, וואָס האָט ניט געליטן פון דער שריפה קען ניט קריגן קיין הלוואה אין משך פון ערשטן יאָר. אַן אויסנאַם זאָל געמאַכט ווערן מיט גאָר אָרעמע קרעמערס, וואָס דאַרפן גאָר קליינע הלוואות ביז פופציק רובל, וואָס זיי זאָלן געגעבן ווערן לויטן באַשלוס פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע און די ערשטע הלוואה צו זיי זאָל זיין אָן פּראָצענט אין גאַנצן, און מיט וואָס ווייניקער פּירסום..."

„און יאָ, — האָט זיך לסוף שמעון־דוד בלאָוושטיין געווענדט צו דעם ויד, וואָס האָט געעצהט מע זאָל די נישרפים געבן אַ בריוו, צו גיין איבער דער מדינה. — איך דענק רב א., אַז איר זייט גערעכט, אַ בריוו דאַרף מען טאַקע געבן און די רבנים זאָלן אים טאַקע חתמענען, נאָר גאָר פון אַן אַנדער סאָרט ווי איר מיינט. מיר דאַרפן אָנשרייבן אַ שיינעם בריוו, אָדער אייניקע בריוו, צו די הור־טאָווניקעס, וואָס די נישרפים קומען זיי געלט, אַז זיי זאָלן ניט פּרעסן די ייִדן צו באַצאָלן זיי די חובות אויף אַ מאָל, נאָר זיי לאָזן אויסצאָלן אין משך פון צוויי

יאָר אָן פּראָצענט... די רבנים זאָלן דעם בריוו אונטערשרײַבן, מע זאָל מאַכן קאָפּיעס און יעדן ייִד שיקן א קאָפּיע מיטן בריוו. דאָס וועט מיינען נישט צוצונעמען בײַ די ייִדן דעם צלם אלוקים, נאָר זיי באַטראַכטן ווי ייִדן צווישן ברידער, ווי מענטשן צווישן גלײַכע..."

„מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מעולם"... ווער עס האָט נישט געזען דעם וואַסער־פעסטיוואַל אין בית המקדש, סוכות, האָט קיין פרייד אין זײַן לעבן נישט געזען, זאָגט זיך ערגעץ אין אונדזערע הייליקע ספרים... יאָ, ווער עס האָט נישט געזען די שאַרגאָראָדער ייִדן יענעם אָוונט בײַ דער היסטאָרישער אַסיפה אין מײַן היימשטאָט, האָט קיין גליקלעכע מענטשן אין זײַן לעבן נישט געזען, אַפילו די פּאָר ייִדן, וואָס האָבן פריִער אַ ביסל געגעבן „עצות טובות" האָבן זיך ווי געביטן אין זייער מראה...

אָט אַזוי איז געגרינדעט געוואָרן די שאַרגאָראָדער באַנק מיטן לענגלעכן, נאָר פיל מיינענדיקן נאָמען:

Шаргородское общество взаимного кредита...

(די שאַרגאָראָדער געזעלשאַפט פון קעגנזײַטיקן קרעדיט).

טרײַ צו זיך אַליין, האָט שמעון־דוד זיך נישט געלאָזט אָנטאָן קיין קרוין פון פּירערשאַפט און איז בלויז אַרײַן אין אַ קאָנטראָל־קאָמיסיע, כדי צו היטן, אַז די באַנק זאָל זײַן דאָס, צוליב וואָס זי איז געגרינדעט געוואָרן — צו העלפן מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך קענען אַליין העלפן...

**
*

עס איז כדאי דאָ צו דערמאָנען אַ ייִד, וואָס האָט יענעם אָוונט געקויפט די מערסטע אַקציעס, טראָץ דעם וואָס די באַנק איז בפירוש געווען אַ קאָנקורענטין צו זײַנע מיסחרים און דאָס איז געווען לייבישל זאַליאַזניק ע"ה, מלכה מעניעס מאַן.

לייבישל איז געווען אַ פּראָצענטניק מיט אַ האַרץ פון אַ צדיק, פון אַ מלאָך. אַז די ייִדן, וואָס האָבן אים געקומט געלט, זײַנען געפּאַרן אויפן יאַריד אין שכנהשע אָרטשאַפטן און גאָט האָט „געהאָלפן" — עס איז אויסגעפאַלן אַ רעגן אָדער אַ שניי און די ייִדן האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן זייער וואָכנגעלט, פלעגט לייבישל אַרומגיין צווישן זײַנע קונדן, זיי צו טרייסטן און נאָך צו מאָל לײַען זיי אַ פּאָר רובל אויף צו מאַכן שבת... דאָס איז לחלוטין נישט איבערגעטריבן. ער איז געווען אַ קאַרגער מענטש, אָבער דאָס בלויז פאַר זיך, נישט פאַר יענעם... אַ גרויסער בעל־מידות געווען...

מײַן טאַטע פלעגט אויף אים זאָגן: „לייבישל איז אַ גרויסער בעל־מדרגה. צו זײַן אין די מ"ט שערי טומאה פון אַ פּראָצענטניק און אַרויסקומען בקדושה,

דאָס דאַרף מען קענען, לאו כל אדם זוכה... — נישט יעדער מענטש איז מסוגל דערצו...״

בקיצור, די נשרפים האָבן זיך אין גאַר אַ קורצער צײַט געשטעלט אויף די פיס...

**
*

איך בין אַוועק פון שאַרגאָראָד אַרום יענער צײַט, און בלויז פון צײַט צו צײַט געקומען אַהיים. בעת מײַנע קורצע וויזיטן אין שאַרגאָראָד איז שמעון־דוד געווען מײַן בעסטער חבר־לערער (לאָכט נישט!) איך פלעג בײַ אים פאַרברענגען מער ווי אין דער היים און פון אים אַ סך געלערנט... מײַן מאַמע איז געווען אי שטאָלץ, אי ערגעץ אומצופרידן מיט אָט דער חברשאַפט. זי האָט מורא געהאַט, די מאַמע, איך זאָל נישט קריגן אַ „געשוואָלענעם״ קאָפּ.

מײַן מאַמע, פאַרשטייט איר מיך, איז געווען די באַשיידנקייט אַליין און כדי איר זאָלט פאַרשטיין, ווי זי האָט מורא געהאַט, אַז אירע קינדער זאָלן חלילה נישט ווערן קיין גרויסהאַלטערס, מוז איך אײַך דערציילן אַ קליין, שיין און כאַראַקטעריסטיש מעשהלע פון יאָרן שפּעטער, שוין דאָ אין אַמעריקע, כאָטש איך היט זיך, נישט צו שרײַבן פון ערטער אויסער שאַרגאָראָד. כ׳וויל אָבער, אַז איר זאָלט קענען אַ טיפּ ייִדישע פרוי פון יענעם דור, פון וועלכן מיר, הײַנטיקע, וואָלטן אַ סך געקענט לערנען.

געווען אַ צײַט ווען איך בין, נישט איצט געדאַכט, געווען אַ קהלשע קליאַמקע בײַ ייִדן אין אַמעריקע, און ווי תמיד, האָב איך געלייענט אַ סך. די מאַמע, ווי אַלט זי איז שוין געווען אין יענער צײַט, פלעגט אויך אַ סך לייענען. זי איז געווען שוואַך און פלעגט כמעט אין ערגעץ נישט גיין. האָט געטראָפן, אַז צום ערשטן יאָרצײַט פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי ע״ה, האָבן מיר אין באָסטאָן געהאַט אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, צו וועלכער מיר האָבן געבראַכט וויליאַם עדלין, דעם דעמאָלטיקן רעדאַקטאָר פון „טאָג״, אויף צו ריידן וועגן דעם נפטר, פילאָסאָף, קולטור־טוער און שאַפער. איך בין דאַן געווען פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג און האָב אויך גערעדט וועגן זשיטלאָווסקי דעם פּאָליטיש־פּירנדיקן ייִד. וויליאַם עדלין איז געווען אַ גוטער רעדנער און אַ קענער פון זשיטלאָווסקין. איך ווייס נישט ווי גוט איך אַליין בין געווען, נאָר איך האָב געטאָן דאָס בעסטע אין מײַנע כוחות אויף צו דעקן מײַן טעמע. על כל פנים האָב איך געוויסנהאַפטיק זיך צוגעגרייט. און ווי זאָגט זיך דאָרטן אין „ארבעה נכנסו לפרדס״, וועגן איינעם פון די פיר: „נכנס בשלום, ויצא בשלום״... מײַן עלטערע שוועסטער האָט בסוד פון מיר אײַנגערעדט מײַן מאַמען, זי זאָל מיט איר מיטגיין צו דער פאַרזאַמלונג; געוואָלט, הפנים, אַז די מאַמע זאָל קלײַבן נחת פון איר זון. ווען איך האָב פון דער בינע דערזען די מאַמען, האָב איך מײַנע אויגן נישט געגלייבט. און למאי לייקענען — צופרידן בין איך געווען...

ווען מיר זײַנען אינעם אָוונט אַהיימגעקומען, האָט מיר די מאַמע געזאָגט, אַז עס איז געווען אַ פײַנער אָוונט, „נאָר קיין גרויסן קאָפּ, מײַן זון, דאַרפסטו צוליב דעם נישט האָבן, ווײַל וואָס עס פעלט דיר נאָך צו וויסן, זאָל עס אונדז ביידן צו־קומען נאָך הײַנטיקן ווינטער"...

**
*

אָבער פון שמעון־דודן האָט זי זייער געהאַלטן. ער פון איר — אויך. „אַ ייִדע־נע מיט אַ קאָפּ אויף די אַקסלען" — פלעגט ער זאָגן.

איז, ווי געזאָגט, פלעגט מיר שמעון־דוד דערציילן, וואָס דער באַנק האָט באַ־וויזן אויפצוטאָן אין אַ קורצער צײַט. אַ שאָד בלויז וואָס איך ווייס נישט, וואָס ס'איז געוואָרן פון דער באַנק. איך שטעל זיך פאָר, אַז ס'איז פון באַנק געוואָרן אַזאַ תכלית ווי פון גאַנצן ייִדישן לעבן.

## די ערשטע וועלט־מלחמה

נאָכן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך דער נאָרמאַלער שטייגער לעבן אין שטאָט און אין דאָרף אין גאַנצן געענדערט. די יונגע און אַפילו מיטליאָריקע מענטשן זײַנען מאָביליזירט געוואָרן. די צאַרישע מאַכט האָט זיך אַפילו געכאַפּט צו „קולטור" אויף אויפצובלאָזן די האָלאָוועשקעס פון פּאַטריאָ־טיזם. מע האָט אַרויסגעשיקט קליינע טרופּעס אַקטיאָרן, וועלכע האָבן געגעבן פאָרשטעלונגען אין די דערפער און „געקיצלט" די פּויערים מיט אַלערליי צוזאָ־גענישן. וואָס טויג אײַך מער: אין איינעם אַ טאָג האָבן אַלע צײַטונגען איבערן לאַנד געדרוקט אַ מאַניפעסט פון „אים אַליין", אין וועלכן „ער אַליין", דער „אימ־פּעראַטאָר וסעראָסיסקי" האָט צוגעזאָגט די פּויערים גאָלדענע (און אפשר דאַרף מען דאָ זאָגן — ערדישע גליקן); צוגעזאָגט די פּאָליאַקן אויטאָנאָמיע. און ייִדן? ייִדן, ווי געוויינטלעך, אַ — — — פייג... דער שרײַבער פון די זכרונות געדענקט פון יענע צײַטן אַ לידל, וואָס אַן אַקטיאָר האָט געזונגען אין אָדעס, נאַטירלעך, ווי אַ „מוז":

„ווילגעלם קוריט סיגאַרי —
— פּאָ סטאָ רובליי זאַ פּאַרו...
אי ליוביט פּרעד אָבעדאָם פּיוואָ פּיט
— נו, דאַ!
נאָ ניע פּראַדיאַט פּאָל גאָדאַ,
— קאַק בודיעט פּיט אָן וואָדו,
אי בודיעט אָן „סאָגלאַסיע" קוריט...
...דאַ! דאַ!"

אויף אונדזער לשון, און אָן גראַמען, מיינט די גוואַלדאָוונע פּאָעזיע, אָט וואָס:

> ווילהעלם (דער דײַטשער קיסר) רויכערט ציגאַרן
> פֿאַר הונדערט רובל אַ פּאָר...
> און האָט ליב פֿאַרן עסן טרינקען ביר —
> יאָ, יאָ!
> נאָר ס'עט נישט אַוועק קיין האַלב יאָר
> און טרינקען וואַסער וועט ער
> און רויכערן „סאַגלאַסיע" וועט ער
> יאָ, יאָ!"...

און לאָזט מיך אײַך זאָגן, אַז עפּעס פֿון דעם לידל איז „מקוים" געוואָרן. ווען די דײַטש־עסטרײַכישע חילות האָבן פֿאַרנומען שאַרגאָראָד (און מן־הסתם אַזוי אויך אַנדערע שטעט און שטעטלעך) זײַנען זיי געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ גוטן פּאַפּולערן פּאַפּיראָס, האָבן זיי קאָנפֿיסקירט ווו ס'איז נאָר געווען אין אַ ייִדישער קראָם אַ פּעקל „סאַגלאַסיע" אויף דער פּאָליצע... און איך בין זיך מודה, אַז „סאַגלאַסיע" איז געווען אַ פֿײַנער פּאַפּיראָס, כאָטש צו קיין פּופּציק־רובלדיקן ציגאַר איז ער נישט געקומען... און אויב איר קענט אָפּשאַצן אַ ביסל שאַרפֿן ייִדישן גאַלגן־הומאָר, וועל איך אײַך שוין נאָכזאָגן אַ זייער קלוג ווערטל, וואָס הערשל מעניעס, וואָס איז געווען דער רײַכסטער און גרעסטער הורטאָווניק אין שאַרגאָראָד און וועלכער האָט זיך מיט קיין ספּעקולאַציע נישט פֿאַרנומען און זײַן גאַנצן זאַפּאַס פּאַפּיראָסן האָט ער געהאַלטן אין קראָם אָפֿן, אויף דער פּאָליצע — האָט געזאָגט, ווען די יעקעס און די קירעס זײַנען אַרײַן צו אים אין קראָם און אים באַפֿוילן צו פֿאַרפּאַקן אַלע פּאַפּיראָסן, ציגאַרן און טאַבאַק, און אים דערלאַנגט אַ קבלה אויף ווייך פּאַפּיר... איז אָטאַ הערט אָקערשט און זאָגט איר אַליין, צי הערשל ע"ה איז נישט געווען אַ ייִד אַ חכם.

און געזאָגט האָט הערשל מעניעס אָט וואָס (נאָר קודם מוזט איר וויסן, אַז „סאַגלאַסיע" אויף רוסיש מיינט — צושטימונג): „קיין סאָגלאַסיע האָבן זיי בײַ מיר נישט געבעטן און האָבן צוגענומען בײַ מיר די גאַנצע „סאָגלאַסיע" אָן מײַן סאָג־לאַסיע"... שאַרגאָראָדער ייִדן האָבן געקענט זאָגן אַ ווערטל, אַפֿילו ווען עס האָט ווי געטאָן...

***

נאָר איך בין שוין נאָך אַ מאָל אַראָפּ פֿון שליאַך... כ'האָב געוואָלט אײַך דער־ציילן, ווי אַזוי נאָכן אויסבראָך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אַלץ געביטן. אַלץ, וואָס איז פֿאַר דער מלחמה, משטיינס געזאָגט, געווען נאָרמאַל — איז געוואָרן אויס. מיטן אויסנאַם פֿון רדיפֿות אויף ייִדן, פֿאַרשטייט זיך. נאָר נישט דאָס בין איך איצט אויסן... על כל פּנים, די עקאָנאָמיק און טראַנספּאָרט האָבן

גלײַך צוזאַמענגעבראָכן. קיין נאָרמאַלע געשעפטן זײַנען כמעט לחלוטין נישט גע־וועזן. אויף וויפל עס איז נאָך עפּעס געבליבן פון מסחר, איז דאָס געווען נישט־לעגאַל, אַ זאַך וואָס האָט זיך נישט געפּאָרט און נישט געגראַמט מיט אַזאַ ייִד, ווי שמעון־דוד בלאָושטיין, וועלכער האָט מיט מסחר נישט געהאַט צו טאָן אַפילו פאַר דער מלחמה. קיין משפּטים זײַנען אַבסאָלוט נישט געווען. און אויף וויפל אַד־וואָקאַטור האָט נאָך עקסיסטירט, האָט זיך דאָס געדרייט אַרום „כּאַדאַטאַ־סטוואָ" מיט „וואָ־ינסקי נאַטשאַלניקעס" און ענלעכע שלעק, מיט וואָס שמעון־דוד האָט זיך קיין מאָל נישט פאַרנומען... איז טאַקע מיט פּרנסה נישט געווען פריילעך...

וואָס זשע טוט גאָט? האָט שרהקע אַ ברודער, צי אַ קרוב, וואָס איז אַן אינס־פּעקטאָר אין אַ סטראַכיר־געזעלשאַפט און פלעגט אָפט קומען קיין שאַרגאָראָד צו גאַסט. אויף זײַן לעצטן וויזיט האָט ער, ווײַזט־אויס, דערשמעקט אַז בײַ שמעון־דודן איז די עקאָנאָמישע לאַגע נישט פרייגלדיק, האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף אים, ער זאָל ווערן אַן אַגענט און „פאַרקויפן" שאַרגאָראָדער ייִדן פאַרזיכערונג... ער האָט געמאָלן אַזעלכע גליקן, אַז מע האָט געדאַרפט זײַן אַ שמעון־דוד, מע זאָל זיך פון זיי אָפּזאָגן... און שמעון־דוד איז געווען אַ שמעון־דוד...

דער געדאַנק אַליין איז פאַר אים געווען אַ ווילדער. ווי אַזוי גייט מען צו אַ לעבעדיקן מענטש ריידן וועגן טויט? אַז שמעון־דוד וואָלט בײַ זיך נישט געקענט פועלן צוצוריידן עמעצן צו קויפן אַ פּשוטע טאָג־טעגלעכע זאַך, בפרט אַזאַ לופטיק, נישט זיכער אַרטיקל ווי פאַרזיכערונג...

שרהקע איז, נאַטירלעך, אויך געזעסן און געהערט די צוריידענישן פון קרוב און דאָס ווערן זיך פון איר דודן... געזאָגט האָט זי נישט קיין איין וואָרט, ווײַל שרהקע האָט נישט בלויז ליב געהאַט איר מאַן, נאָר אויך געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר אים.

נאָר ווען שמעון־דוד אַליין האָט אַ פרעג־געטאָן שרהקען, וואָס זי דענקט וועגן דעם פאָרשלאָג, האָט זי אויף איר ליבלעכן און געטרײַען שטייגער געענטפערט בזה הלשון: „הער זיך אײַן, דוד (אָט אַזוי פלעגט זי מיט ליבשאַפט און צערטלעכ־קייט רופן איר מאַן), איך קען דיך בעסער ווי ווער עס איז אויף דער וועלט און איך ווייס, אַז דו קענסט נישט גיין קלאַפּן אין קיין טירן, אָדער עמעצן איינריידן צו קויפן עפּעס, וואָס עס זאָל נישט זײַן... איך רעספּעקטיר דיך דערפאַר. נאָר איידער איך זאָג דיר מײַן מיינונג וועגן דעם פאָרשלאָג, וויל איך אַז דו זאָלסט מיר ענטפערן אויף איין פראַגע. זאָג מיר אויף דײַן אייגענעם געוויסן, איז דאָס פאַרזיכערן זיך — אַ גוטע אָדער שלעכטע זאַך פאַר מענטשן?" שמעון־דוד האָט גע־ענטפערט אַז, „יאָ, ס'איז אַ גוטע זאַך צו פאַרזיכערן אַ פאַמיליע, אַז נאָכן טויט פון זייער שפּײַזער זאָלן זיי ניט בלײַבן ווי אויפן וואַסער"... נו, אויב אַזוי, — האָט שרהקע מיט אַ מילדן שמייכל געגעבן איר שכלדיקן ענטפער — בלייבט־איבער בלויז דײַן אומווילן צו רײַסן מענטשן בײַ די פּאָלעס, דײַן באַרעכטיקטער ווידערווילן איבנ־

צורײדן עמעצן זאַכן, אַפילו װען פון דעם הענגט־אָפּ דײַן פּרנסה. און גאָט איז מײַן עדות, אַז איך טײל אָט דעם אײַנשטעל דײַנעם. נאָך אַלעמען, האָסטו דאָס נישט געטאָן דורך דײַן גאַנצן לעבן, און מיר זײַנען, חלילה, פֿאַר קײן הונגער נישט געשטאָרבן, ברוך־השם... האָב איך פֿאַר דעם אַן עצה: לאָמיר אַרױסהענגען אַ שילד, אַז דו נעמסט־אָן פֿאַרזיכערונג. איך גלײב, אַז מענטשן װאָס קענען דיך, װעלן אַלײן זיך פֿאַראינטערעסירן און דיר אָנבאָטן צו געבן זײ אױפֿקלערונג און אַפילו אױב דו זאָלסט זײ מער נישט זאָגן װי מיר, אַז עס איז אַ גוטע זאַך פֿאַר זײ, װעט זײַן געװנוג... און װיפֿל גאָט װעט געבן װעט זײַן גענוג..."

אױף אַזעלכע קלוגע רײד האָט שמעון־דוד נישט געקענט ענטפֿערן „ניין". ער האָט בלױז זיך פֿאַרזיכערט מיט דעם קרוב, אַז װאָס ער װעט אױפֿטאָן, איז בײַ זיך אין הױז; ער װעט נישט גײן זוכן קײן פּראָספּעקטן...

מע האָט אַרױסגעהאָנגען אַ שילדל און עס האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז שרהקע איז געװען גערעכט. באַקאַנטע און פֿרײַנד האָבן זיך פֿאַראינטערעסירט אין שמעון־דודס נײַער באַשעפֿטיקונג און אַ סך מענטשן האָבן זיך דורך אים פֿאַרזיכערט. אמת, מע איז נישט געשטאַנען אין „אָטשערעד" (ריי), נאָר אין משך פֿון אַ שטיק צײַט האָט זיך געדרײט און גערודערט אַרום דעם. שמעון־דוד איז געװען געטרײַ צו זײַנע פּרינציפּן. ער האָט קײן איבעריק װאָרט נישט פֿאַרלױרן, װאָס האָט חלילה געקענט אױסגעטײַטשט װערן, װי צורײדן...

אַפילו מײַן טאַטע, װאָס האָט דעם טױט פֿײַנט געהאַט װי דעם טױט, האָט זיך אױך פֿאַרזיכערט...

# רעװאָלוציע

יענע װאָס צװײפֿלען, אַז משיח װעט טאַקע קומען אױף אַן אײזעלע, זאָלן מיר מוחל זײַן, װײסן נישט װער עס האָט זײ געשלײערט. איך האָב אױף דעם אַן אײַזערנעם באַװײַז און לערן דאָס פֿון אַ קל־וחומר, װײַל אױב די גרױסע רעװאָלוציע, װאָס האָט אַ װעלט צעטרײסלט, האָט געקענט אָנקומען קײן שאַרגאָראָד צו פֿוס, אױף די פּלײצקעס פֿון אַ סאָלדאַטל — אַן אַנטלאָפֿענעם פֿון פֿראָנט, אין אַ היטל מיט אַן אָראָפּגעשאָסענעם דאַשעק, איז בײַ מיר רעכט, אַז משיח װעט ברענגען די גאולה אױף אַן אײזעלע...

נאָר זאָל זיך אײַך נישט אױסדאַכטן, אַז איך רײד מיט רמזים. די מעשה איז אַ ראַיעלע, שײנע, נאָר זײער אַ פּשוטע.

אָנהײב 1917 איז דער כאַאָס פֿון דער מלחמה געװען אױפֿן העכסטן (און אפֿשר דאַרף מען זאָגן נידעריקסטן) פּונקט. דער דײַטש האָט שױן אַפֿילו אָנגעהױבן זשאַלעװען קױלן צום שיסן אױף דער צעפֿאַלענער רוסישער אַרמײ. פּאַניע

האָט געשיקט עשאַלאָנען צום פראָנט און דער דײַטש האָט די עשאַלאָנען מיט די סאָלדאַטן בלויז געדאַרפט אַריבערפירן אויף זײַנע רעלסן, צונעמען בײַ זיי די ביקסן — אויף וויפל ס׳זײַנען נאָך געווען ביקסן — ווײַל מיט ביקסן איז שוין גע־ווען ווי מיט אַן אתרוג, וואָס גאַנץ שטאָט בענטשט אויף אים... דער חשבון איז דאַן געווען זייער אַ גלאַטער. ווי זאָגט איר: „האַלב און האַלב״ — 25 סאָלדאַטן און איין ביקס, אי דאָס, פון קוטוזאָווס צײַטן... יידן פלעגן דערציילן, אַז איידער מע שיקט־אַרויס די סאָלדאַטן אויפן פראָנט, זאָגט מען זיי אָן, אַז זיי זאָלן, למען־השם, בשעת זיי ווערן דערהרגעט — נישט פאַרגעסן אַוועקצוגעבן די ביקס זייערע צו אַ סאָלדאַט, וואָס האָט נישט קיין ביקס...

פאָניע האָט שוין אויסגעפּרובירט אַלע מיטלען און זיכערע סגולות, ווי, למשל, אַרויסשיקן טויזנטער און טויזנטער יידן מיט זייערע משפּחות אין טיף „ראָסיי״... מאַכן אַ סך טרוקענע און נאַסע פּאָגראָמען... דערשיסן רבנים אין די גרענעץ־שטעטלעך... אַהיימשיקן דעם „אַלהעכסטן״ קאָמאַנדיר פון אַלע באַוואָפנטע קרעפטן — ניקאָלײַ ניקאָלאַיעוויטש, דעם גרויסן, פעטן פעטער פון דעם קליינעם צאַר, און אים — דעם צאַר אַליין — מאַכן פאַר דעם פירער פון דער מלחמה... נאָר אָט די אַלע מיטלען האָבן נישט געהאָלפן... מע האָט שוין אַפילו פּרובירט משנה שם־זײַן, בײַטן דעם נאָמען פון פּעטערבורג אויף פּעטראָגראַד... גראַף אוסופּאָוו האָט שוין אַפילו אַ קאַפּעטשקע דערטרונקען דאָס גלחל גרישקאַ ראַספּוטין אין דער ניעוואַ, און פון דער טבילה איז די ישועה אויך נישט געקומען... די צײַטונ־גען, אויף וויפל זיי זײַנען נאָך אָנגעקומען, זײַנען געווען פאַרזייט מיט ווײַסע לי־סינעס, ווי פליכן אויף אַ קאָפּ... דאָס האָט די צענזור אַרויסגענומען די נײַעס פון זיי אין דער לעצטער מינוט... די נײַעס וואָס זײַנען געבליבן, זײַנען געווען וועגן דעם, אַז „אונדזערע העלדן האָבן געכטן פאַרנומען נײַע סטראַטעגישע פּאָזיציעס״... און אַלע מאָל זײַנען די נײַע פּאָזיציעס געווען מיט דרײַסיק אָדער מער מײַל נענ־טער אַהיימצוצו...

אָנהייב פעברואַר האָבן די צײַטונגען אין גאַנצן אויפגעהערט אָנצוקומען, צי צוליב דעם וואָס די פּאָסט איז, נעבעך, געווען אַ קאַליקע, צי צוליב דעם וואָס די צענזור האָט זיי אין גאַנצן פאַרבאָטן — איז דאַן שווער געווען צו דערגיין. אָבער אַזוי צי אַנדערש, אָנשטאָט צײַטונגען האָבן אָנגעהויבן צירקולירן „סלוכן״ (קלאַנגען) איינער פאַנטאַסטישער פון דעם אַנדערן... דער פּאָפּולערסטער קלאַנג איז געווען וועגן דעם, אַז די צאַריצאַ אַלעקסאַנדראַ האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַ פאַררעטערין (עס האָט זיך ערשט געדאַרפט אַרויסווײַזן) און מע האָט זי פאַר־שיקט אין אַ מאָנאַסטיר... מע קען נישט זאָגן, אַז מענטשן האָבן זיך שטאַרק געגנו־מען צום האַרצן די מפּלות אויפן פראָנט. נישט מער, עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווײַזן אומצאָליקע סאָלדאַטן־דעזערטירן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט דעם פראָנט און געלאָפן אַהיים. פון זיי האָט מען זיך דערוווסט, אַז נישט בלויז דער רוסיש־

דײַטשער פראָנט האָט צוזאַמענגעבראָכן, נאָר אַפילו דער רוסיש־עסטרײַכישער פראָנט, וואָס איז צוליב דער צעפוילטקייט פון „קירעס" מיליטער געווען אַ גינ־ציקער פאַר דער רוסישער אַרמיי, וועלכע איז שוין שײַנע עטלעכע חדשים גע־שטאַנען אויף יענער זײַט לעמבערג; אַפילו אַט דער פראָנט האָט אויך צוזאַמענ־געבראָכן און די אַרמיי איז זיך צעפאַלן, עס הייסט — אָדער די סאָלדאַטן זײַנען געגאַנגען אין „פלען" אָדער זיך אומגעקערט אַהיים...

אַט אין יענער צײַט האָט זיך אַרײַנגעשטעלט קיין שאַרגאָראָד אַ „ביעזאַוויד־ני" סאָלדאַטשיק צו פוס, אָן אַ ביקס, מיט אַ היטל אָן אַ דאַשעק און האָט גע־בראַכט די נײַס וועגן דער רעוואָלוציע אין פעטראָגראַד...

אַוועקגעשטעלט האָט זיך דער מבשר בשורה נעבן דער אַפּטייק און אָנגע־הויבן צו זינגען די מאַרסעליעזע: „אָטרעטשאָמסיאַ אָט סטאַראָוואַ מיראַ, אָטריאַכ־ניאָם יעוואָ פראַך ס'נאַשיך נאָג" (אויף די שווערע ווערטער האָט ער געמאַכט אַ טאַטאַלן פּאָגראָם, נאָר נישט דאָס בין איך אויסן...). ווען עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום אים אַ געזעמל מענטשן, האָט ער זיך פײַנטשיק אויסגעהוסט, אויסגעריי־ניקט דעם האַלדז און אָנגעהויבן האַלטן אַ רעדע, וואָס איז געגאַנגען מער ווייני־קער אַזוי: „טאָוואַרישטשי! וואָס זיצט איר ווי „סקאָטינעס"* אויפן היי? ווייסט איר נישט, אַז מע האָט אַרונטערגעוואָרפן דעם קיסר און עס איז געוואָרן „סלאָ־באָדאַ"?... דער נײַער קיסר, אָדער ווי מע רופט אים דאָרטן, טראַסטציאַ יעוואָ מאַ־טערי **, האָט אַרויסגעגעבן אַ „פריקאַז", אַז קיינער זאָל מער נישט אַרבעטן, נאָר מע זאָל מאַרשירן מיט רויטע „פלאַגן" (פענער), זינגען די „סליאַזע" (מאַרסעליע־זע) און מאַכן „טראַציעס" (דעמאָנסטראַציעס)... ווער עס וועט נישט גיין אין מאַרש, נישט מאַכן די „טראַציעס" און נישט וועלן זינגען די „סליאַזע", וועט שווער באַ־שטראָפט ווערן... מע וועט שטראַפירן אַלע וואָס ווילן נישט דעם נײַעם קיסר, אָדער ווי מע רופט אים דאָרטן... נו יאָ, פון הײַנט־אָן און ווײַטער איז אַ פריַיץ קיין פריַיץ נישט, און אַ „סטראַזשניק" קיין „סטראַזשניק" נישט און דער „אוריאַדניק" און דעם „פריסטאַוו" דאַרפט איר מער נישט פאָלגן און אַפילו דעם „איספּראַוו־ניק", און אַפילו דעם גובערנאַטאָר אַליין קענט איר אָנשפּײַען אין פּנים אַרײַן, נאַפּליעוואַט!..."

די עלטערע ייִדן האָבן זיך פאַוואָלינקע אָפּגערוקט פון דעם געזעמל... אָבער די ייִנגערע האָבן אָנגעהויבן טרייסלען פון דעם סאָלדאַטל יעדעס ביסל נײַס, נאָר קיין סך האָט מען פון אים נישט געקענט אַרויסטרייסלען... אויפפאַלנדיק איז גע־ווען, וואָס בשעת דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען, האָט זיך די „וולאַסט" נישט באַוויזן... זיי זײַנען אַלע ווי אויסגעוועפּט געוואָרן... ווי עס האָט זיך נאָך דעם אַרויסגע־וויזן, האָבן די שטאָט־באַאַמטע און דאָס ביסל פּאָליציי שוין געוווּסט וועגן דער

---

* בהמות. — ** אין הער מאַמען אַרײַן!

רעוואָלוציע עטלעכע טעג. דאָס האָבן זיי פאַרהאַלטן די פּאָסט און געוואַרט צו זען, צי איז דאָס טאַקע אַן אמת, אָדער עס וועט זיך איבערחזרן דאָס וואָס ס׳האָט געטראָפן אין 1905, און מע וועט באַלד הייסן שלאָגן ייִדן, כדי אָפּצוואַשן מיט זייער בלוט די רעוואָלוציע... פאַר דעם האָבן טאַקע מורא געהאַט די עלטערע און דערפאַרענע ייִדן... די יינגערע אָבער, האָבן זיך נישט געלאָזט נעמען אויף זיכער... אַ גרויסער עולם האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו דער פּאָסט, זיך אַרייַנגעריסן אינעווייניק און געפאָדערט פון דעם „נאַטשאַלניק״, ער זאָל טעלעגראַפירן קיין מאָליעוו אין „אויעזד״, זיך אָנפרעגן וואָס עס האָט פּאַסירט... דער „נאַטשאַלניק״ איז געוועזן טויט, ווי אַלע טויטע, און האָט, וואַרגנדיק זיך מיט די ווערטער דערקלערט, אַז עס זיינען פאַראַן צייטונגען, נאָר דער פּריסטאַוו האָט אים באַפוילן צו פאַרהאַלטן די פּאָסט; אַז ער איז נישט שולדיק אין דעם... אַז מע זאָל געדענקען, אַז ער איז נישט מער ווי אַ ציווילער דינער, אַז ער איז אַלע מאָל געוועזן מיטן פאָלק... און פאַר ייִדן וואָלט ער געגאַנגען אין פייער און אין וואַסער... ייִדן האָט ער ליב ווי אייגענע ברידער און נאָך בעסער, זאָל אים גאָט אַזוי העלפן... ער האָט אַרויסגעבראַכט אין וואַרטצימער אַ גאַנצן באַרג מיט צייטונגען, און מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן רייסן איבער זיי, נישט געפרעגט וועמענס זיי זיינען. ביז איינער פון עולם האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דער „סטאָיקע״ פון פּאָסט, האָט איינגעשטילט דעם עולם און זיך געווענדט צו זיי בזה הלשון: „ייִדן, דאָס וואָס איר האָט זיך שוין אָנגעהויבן רייסן איז נישט קיין גוטער סימן... אויב קריכן איינער אויפן אַנדערנס קאָפּ איז פרייהייט, איז נישט נייטיק קיין רעוואָלוציע... לאָמיר אויסקלייבן איין מענטש, וואָס זאָל פאָרלייענען פאַר אונדז אַלעמען די צייטונגען, פאַרטייטשן די נייעס און מיר וועלן נאָך דעם באַשליסן וואָס ווייטער צו טאָן... פון אַלע זייטן האָבן ייִדן אָנגעהויבן שרייַען: „שמעון־דוד!״... שמעון־דוד איז געשטאַנען אין אַ זייט. אין זיין נאַטור, ווי איר ווייסט שוין, איז נישט געוועזן צו שטופּן זיך... נאָר אַז אַלע האָבן אים גערופן, האָט ער זיך דערנענטערט און בלויז געזאָגט אַ פּאָר ווערטער. די פּאָר ווערטער זיינען האָבן אָבער אַרייַנגעבראַכט אַ ביסל אָרדענונג אין דעם כאַאָס, וואָס האָט זיך געשאַפן אין די ערשטע מינוטן. שמעון־דוד האָט געהייסן אַרויסשיקן עטלעכע מענטשן און רופן דעם פּריסטאַוו און דעם אוריאַדניק אַט טאַקע אַהער, צו געבן דערקלערונגען, פאַר וואָס זיי האָבן פאַרהאַלטן די פּאָסט... בעת זיי וועלן זיין דאָ מיטן עולם, וועט ער לייענען די נייעס און מע וועט באַשטימען, וואָס ווייטער... מע האָט זיך אַרויסגעלאָזט רופן דעם פּריסטאַוו מיטן אוריאַדניק, נאָר זיי נישט געקענט געפינען... זיי האָבן זיך פּשוט באַהאַלטן, די גרויסע העלדן... דאַן האָט שמעון־דוד געלייענט די נייעס, דעם דאָקומענט פון דעם צאַרס אַבדיקאַציע לטובת זיין ברודער מיכאַיִל, נאָך דעם די אַבדיקאַציע פון מיכאַיִלן, זיין אָפּזאָגן זיך פון טראָן לטובת דער צייטווייליקער רעגירונג דערוויילט פון דער דומע, מיט פירשט לוואָוו ווי פּרעמיער, דערנאָך דעם

ערשטן דעקרעט פון דער נײַער רעגירונג, װעגן די פרײַהייטן פאַרן פאָלק, פון פאַרזאַמלונג, פון װאָרט, פון דער פרעסע, פון דער אומבאַרירלעכקייט פון אינדי־וויד; פון דעם, אַז די רעגירונג פאַרפליכטעט זיך צוזאַמענצורופן אַ גרינדונג־פאַר־זאַמלונג פון די פעלקער פון רוסלאַנד, װעלכע זאָל באַשטימען די פאָרמען פון אַ פערמאַנענטער רעגירונג פון פאָלק דורך פרײַע װאַלן; אָננעמען אַ קאָנסטיטוציע צו פאַרזיכערן די פרײַהייטן; באַשטימען דעם אופן פון אײַנטיילן די ערד צו די פויערים; אַ דעקרעט װעגן דעם אָפּשאַפן פון אַלע באַגרענעצונגען פאַר די ייִדישע בירגערס, פאַר זייער פולשטענדיקער גלײַכבאַרעכטיקונג, און אַנדערע דעקרעטן אין פאַרבינדונג מיט די נײַע פרײַהייטן. טאַקע דאָ, אין פּאָסט, האָבן זיך די מענטשן געקושט און זיך אָפּגעגעבן „מזל־טוב״...

שמעון־דוד האָט טאַקע דאָ אויפן אָרט נישט פאַרגעסן צו באַמערקן, אַז פרײַ־הייט איז נישט קיין סינאָנים פאַר אַנאַרכיע און האָט פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַן אַפּאַראַט פאַר דער זיכערקייט פון שטאָט. ער האָט געעצהט, מע זאָל שאַפן אַ מי־ליץ און באַשטימען דעם אַפּטייקער װאַיצעכאָװסקי, װעלכער איז געװען אַ ליבע־ראַל, װאָס האָט גערעדט ייִדיש נישט ערגער פון אַ ייִד און גוט געקענט דאָס ייִדישע לעבן — אַלס קאָמיסאַר פון דער מיליץ, זיך באַלד פאַרבונדן מיט מאָ־ליעװ — די קרײַזשטאָט. און קריגן פון דאָרט אינסטרוקציעס, װי אַזוי איבערצו־גיין צו אַ נאָרמאַל לעבן אונטער די נײַע אומשטאַנדן.

מע האָט דערװיילט אַ דעלעגאַציע קיין מאָליעװ, און דער עולם האָט זיך גע־לאָזט צוריק אַהיים. מע איז אָבער געגאַנגען אין קליינע גרופּעס. מע האָט גע־רעדט און גערעדט און זיך זאַט נישט געקענט אָנריידן װעגן דעם גרויסן נס, װאָס האָט געטראָפן... אַ יום־טוב האָט אַרומגעכאַפּט יעדן איינעם. אַזאַ גײַסטיקע עליה האָט קיינער קיין מאָל נישט געפילט...

צום באַדויערן, האָט דער יום־טוב אין אוקראַיִנע לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. בלויז אַ קורצע צײַט נאָך דעם האָבן זיך אָנגעהויבן אָקופּאַציעס פון פרעמדע און יאַקבי „אייגענע באַפרײַערס״, װאָס האָבן באַפרײַט פון לעבן הונדערטער טויזנ־טער ייִדן. די שוידערלעכסטע פּאָגראָמען האָבן די פאַרשיידענע באַנדעס און, יאַק־בי־רעגירונגען, דורכגעפירט אויף אונדזער פיל געליטן פאָלק... פאַר דעם איי־ביקן פאַרברעך, װאָס זיי זײַנען ייִדן...

## בונעם גרינשפּאַן און זיינע פאַרבינדעטע

אין שאַרגאָראָד איז קיין אָרגאַניזירטער פּאָגראָם כמעט װי נישט געװען. די מערסטע שאַרגאָראָדער קרבנות זײַנען געפאַלן אין די אַרומיקע „זיכערע״ שטעט־לעך, װוהין זיי זײַנען געלאָפן זיך „ראַטעװען״...

אויף וויפל עס איז געלונגען אויסצומיידן אַן אָרגאַניזירטן פּאָגראָם, איז דאָס געוועזן צו פאַרדאַנקען דריי מענטשן אין שטאָט: בונעם גרינשפּאַן, שמעון־דוד בלאָושטיין און ליפּע, פייגע משה נעסיעס.

עס איז איצט, גלייב איך, די צייט צו באַקענען אייך מיט אַ ייד, וואָס איז געוועזן אַ זעלטענער גוטער און מוטיקער מענטש און וואָס איז געוועזן גרייט צו יעדער צייט איינצושטעלן זיין אייגן לעבן אויף צו ראַטעווען די שטאָט. דאָס איז געוועזן בונעם גרינשפּאַן.

בונעם איז געוועזן אַ שטילער בנעימותדיקער יונגערמאַן, אַ זון פון אָרעמע עלטערן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין „לגאַטע" און קיין מום (חסרון) זיך נישט געוואָלט מאַכן, האָט מען אים צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט. ער האָט „ווערשאַי אי פּראַוודאַי" אָפּגעדינט זיין טערמין און געקומען אַהיים אין דער אָרעמשאַפט אַריין. קיין מלאכה האָט ער נישט געקענט און צו ווערן אַ געשעפטסמאַן האָט מען באַדאַרפט האָבן געלט... מע האָט אים אַפילו גערעדט פיינע שידוכים מיט אַ באַלעבאַטישן נדן, מיט קעסט. וויל, ערשטנס, איז ער געוועזן אַ שיינער, אַ גוטער און אַ קלוגער; צווייטנס, איז ער טאַקע געוועזן פון אַן אָרעמער, נאָר זייער אַ באַלעבאַטישער משפחה. איך ווייס נישט פאַר וואָס, נאָר בונעם האָט זיך נישט געקענט צוקלייבן דעם ריכטיקן שידוך, דעם ריכטיקן זיווג, ביז הערשל מעניעס האָט אויף אים געוואָרפן אַן אויג... אייגנטלעך האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז אַן אויג האָט אויף אים געוואָרפן, נישט אַזוי הערשל מעניעס, ווי זיין שטומע טאָכטער חנה. די מעשה איז אַ שיינע און עס לוינט זיך זי איבערצודערציילן.

***

חנה, הערשל מעניעס עלטסטע טאָכטער איז געוועזן אַ שטומע, אָבער זייער אַ שיינע, אַ גרויסע ווירטין און נאָך אַ גרעסערע חכמה... מע האָט אָט דער חנהן גערעדט שידוכים. און בעלנים זיינען געוועזן אַ סך. גענוג אָרעמע בחורים געוועזן אין יענער צייט, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַנוואַרעמען אין אַ גבירייש הויז... נאָר חנה האָט נישט מסכים געוועזן צו גלאַט אַ שידוך... זי האָט געקליבן און געקליבן און זיך נישט געקענט צוקלייבן. זי פלעגט באַטראַכטן די יונגעלייט, וואָס זיינען געקומען זיי אָנקוקן... ריידן האָט זי נישט געקענט — האָט זי זיי אָבסערווירט, ווי זיי שמועסן מיט דער פאַמיליע, און לסוף פלעגט זי אויף איר לשון זאָגן דעם טאַטן, אַז דער יונגערמאַן געפעלט איר נישט. אויף דער פראַגע, פאַר וואָס? אָדער אויף דער פראַגע, אויף וואָס זי וואַרט? האָט זי געהאַט איין ענטפער, אַז גלאַט התונה האָבן וויל זי נישט... איר חתן דאַרף זיין אַ שיינער און אַ גוטער... און, פון וואַנען ווייסט זי צי די יונגעלייט זיינען גוטע אָדער שלעכטע? — האָט זי דעם טאַטן געענטפערט, אַז זי האָט זיך אירע סימנים...

וואָלט חנה געוועזן אַ ריידעוודיקע, וואָלט הערשל מעניעס זי גראָד געוועזן צו־

גערעדט, אָדער אַפילו מיט בייזן זי געצווונגען חתונה צו האָבן פאַר ווען ער האָט געמיינט אַז ס׳איז אַ פּאַסיקער שידוך... אָבער טאַקע ווײַל זי איז געווען אַ שטומע, האָט הערשל מעניעס נישט געוואָלט שטעלן אויף זיך און האָט געדולדיק געוואַרט אויפן טאָג, ווען עמעצער פון די יונגעלײַט וואָס קומען זי אָנקוקן, וועט איר געפעלן...

איין מאָל רופט חנה אַרײַן איר טאַטן צו זיך אין צימער און זאָגט אים, אַז זי וויל אים אַנטדעקן צוויי זאַכן: איינס, אַז זי קען שרײַבן, און צוויי, אַז זי קען לייע־נען פון מענטשלעכע ליפּן, ווען מע רעדט צו איר, אָדער אַפילו ווען מענטשן ריידן צווישן זיך... און ווײַל זי האָט אים אַנטדעקט די צוויי סודות, האָט זי אים שוין אויך דערציילט, אַז אין שטאָט איז פאַראַן איין יונגערמאַן, וואָס אים וואָלט זי יאָ געוואָלט פאַר אַ חתן — דער יונגערמאַן איז בונעם גרינשפּאַן...

הערשל האָט זי געפרעגט, צי האָט זי זיך מיט אים ווען ס׳איז באַגעגנט, האָט זי געענטפערט, אַז בלויז אין איר גערדאַנק זעט זי זיך מיט אים אַלע טאָג, און אַז זי איז זיכער, אַז ער איז אַ גוטער און וועט זײַן אַ גוטער מאַן און אַ גוטער טאַטע...

צו בונעמען האָט מען קיין שדכן נישט געשיקט, נאָר הערשל מעניעס אַליין האָט זיך מיט אים געזען און אים פאָרגעשלאָגן דעם שידוך. איך ווייס נישט אַלע איינצלהײַטן, נאָר בונעם האָט מיר אַ מאָל דערציילט — דאָס איז געווען מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַ טאַטע פון קינדער און איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פון יענער משפּחה — וועגן דעם צוזאַמענקום, וואָס איז געווען פאַר זיך אַליין אינטערעסאַנט און פאַרמאָגט דעם צויבער פון די אַמאָליקע ייִדישע אידי־ליעס. אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע איז געווען אַ בריוו פון חנהן צו אים פון יענער צײַט, וועלכן ער האָט געהאַלטן און אָפּגעהיט פאַר זײַנע קינדער לזכרון... אין דעם בריוו האָט אים חנה געשריבן, אין אַ פּראַקטיקן ייִדיש, פאַר וואָס זי וויל אים פאַר אַ מאַן. יעדער זאַץ האָט אַנטהאַלטן ליבשאַפט און חכמה... דאָס פּאָרל האָט חתונה געהאַט, געהאַט גוטע קינדער און געלעבט גליקלעך. אַזאַ כבוד, ווי די צוויי האָבן זיך אָפּגעגעבן, איז געווען אַ זעלטנקייט...

***

בונעם האָט ליב געהאַט טעאַטער און פלעגט מיט אַ ברייטער האַנט שטיצן די יונגע אַמאַטאָרן, וואָס האָבן אויפגעפירט פאָרשטעלונגען אין שאַרגאָראָד. עס איז פאַר אים נישט געווען קיין שווערע זאַך, ווען עס איז געקומען צו העלפן דורכ־פירן אַ פאָרשטעלונג.

אָבער דער אמתער בונעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווען עס האָבן זיך אָנגעג־הויבן די קאָנוולסיעס פון פאַרשיידענע אָקופּאַציעס און פּאָגראָמען... אין מײַן לעבן האָב איך נישט באַגעגנט נאָך אַ מענטש, וואָס האָט זיך אַזוי מוסר־נפש גע־ווען פאַרן כלל... ער פלעגט, אָן צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דער געפאַר, גיין אין

שליחותן צו די ווילדסטע פּאָגראָמשטשיקעס און מערסטנס פּועלן בײַ זיי, מען זאָל שאַרגאָראָדער ייִדן שאַנעווען. זײַנע מיטלען זײַנען געווען פאַרשיידענע, אָבער אַלע אויסגערעכנט אויף איין זאַך: צו ראַטעווען ייִדן פון געפאַר... ער האָט עס באַאײַנ־פלוסט ליפּע, פייגע־משה־נעסיעס, צו אָרגאַניזירן אַן „אָבכאָד" (אַ נאַכטוואַך) וואָס האָט געהיט און טאַקע פאַרהיט די שטאָט פון די פּויערים, וועלכע האָבן אויף אייגענער האַנט זיך געוואָלט „פּאַזשיווען" אויף ייִדיש האָב־און־גוטס, און אפשר אויף מער פון דעם...

**
*

שמעון־דוד בלאָוּשטיין האָט טיף און שווער איבערגעלעבט די אַלע איבער־גאַנגען. קיינער ווי ער האָט נישט פאַרשטאַנען אַזוי גוט, אַז בעת די פעלקער פון רוסלאַנד גיסן זייער בלוט אויפן מזבח פון דער רעוואָלוציע, האָבן זיי וואָס צו דערוואַרטן, ווי אַ רעזולטאַט פון דער בלוט־פאַרגיסונג... וואָס דערוואַרט אָבער ייִדן פון אָט דער בראַנד־שׂרפה? — פלעגט ער יעדן טאָג זיך פרעגן... בלויז צוויי קורצע מאָמענטן האָבן אַ לײַכט־אויף געטאָן אין זײַנע אויגן, ווען די ערשטע אוק־ראַיִנישע „ראַדאַ" האָט פּראָקלאַמירט אַ קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַר ייִדן. ער איז געווען אַ גרויסער חסיד פון דעם קדוש שמעון דובנאָוו הי"ד; ער איז גוט באַקאַנט געווען מיט דובנאָווס נאַציאָנאַלן פּראָגראַם פאַרן ייִדישן פאָלק, און טראָץ דעם וואָס ער איז אין דער זעלביקער צײַט געווען אַ ציוניסט, האָט ער נישט גע־זען קיין סתירה אין די בײדע שטרעמונגען. ער פלעגט מיר אין יענער צײַט מסביר זײַן דעם ענין אויף אַזאַ אופן: „די פראַגע איז נישט פון «ענטוועדער אָדער» (איך נוץ זײַנע ווערטער, אָט טאַקע ווי ער האָט זיי געזאָגט). ארץ־ישׂראל, דאָס קליינע לענדל, וועט נישט לייזן די פּראָבלעמען פון גאַנצן ייִדישן פאָלק, אפילו ווען אונ־דזער חלום וועט ווערן אַווירקלעכקייט. דער גרעסטער טייל ייִדן וועט בלײַבן אין די לענדער ווו זיי זײַנען, דאַרף מען קעמפן פאַר בײדע, עס הייסט, פאַר אַ ייִדישן היימלאַנד און פאַר ייִדישער רעכט אויף די ערטער; פאַר די רעכט פון די מיליאָ־נען וואָס בלײַבן אין זייערע אַלטע וווינערטער; דאַרף דער קאַמף געפירט ווערן פאַר אַלגעמיינע בירגערלעכע רעכט, פלוס קולטורעלע אויטאָנאָמיע"...

דער צווייטער ליכטיקער מאָמענט פון יענער צײַט איז געווען די באַלפור־דעקלאַראַציע. ער האָט געוווּסט און פאַרשטאַנען, אַז פון דער דעקלאַראַציע אַליין וועט די ישועה נישט קומען. ער האָט אפילו פאַרשטאַנען, אַז ענגלאַנד האָט די דעקלאַראַציע געמאַכט מער פאַר איר טובה־וועגן, ווי פאַר דעם ייִדישן פאָלק. ער האָט אָבער אין זינען געהאַט דעם מאמר חז"ל, אַז „מתוך שלא לשמה בא לשמה". ער האָט געגלייבט, אַז ייִדן וועלן אָט דאָס פיצינקע געעפנטע טירל ברייטער עפענען דורך באַזעצן דאָס לאַנד און בויען; דורך ווערן אַ פאַקטאָר מיט וועלכן מע וועט זיך מוזן רעכענען... אים האָט בלויז וויי־געטאָן, וואָס דאָס רוסישע ייִדנטום ווערט

רו׳ניִרט עקאָנאָמיש. דעם אַמעריקאַנער ייִדישן ישוב האָט ער נישט גוט געקענט און נישט געוווּסט פון זײַנע פּאָטענצן. און אָן די גרויסע ישובים פון וועלט־ייִדנ־טום, האָט ער געוווּסט, וועט ארץ־ישראל נישט קענען פאַרווירקלעכן די טרוימען פון פאָלק...

**
*

שמעון־דוד איז געווען דער פאַרנומענסטער מענטש אין שטאָט. אין רו׳קערע טעג פלעגט זיך דאָרט די טיר נישט פאַרמאַכן. טאַטעס פלעגן קומען זיך האַלטן אַן עצה וועגן קינדער אין אַדעס, וואָס האָבן ממש פאַרפלייצט יענע שטאָט אויס־געהונגערטע נאָך וויסן. אָבער די טאַטעס האָבן געזוכט אַ תכלית... שמעון־דוד האָט געדולדיק אויסגעהערט יעדן איינעם, געגעבן עצות, געהאָלפן מיט וואָס ער האָט געקענט. מען טאָר נישט פאַרגעסן אַז מיט זעלטענע אויסנאָמען, פון מענטשן וואָס האָבן זייער לעבן אײַנגעשטעלט און אַרומגעפאָרן זוכן מיטלען צום לעבן, האָט שטאָט שטיל אונטערגעהונגערט. ער אַליין, שמעון־דוד, איז נישט געווען קיין אויסנאַם. אָבער ווער האָט בײַ אים געוווּסט עפּעס פון דעם סוד?...

אין דעם גאַנצן ווירוואַר פון די פּאָליטישע געשעענישן, האָט זיך שאַרגאָראָד כמעט נישט באַטייליקט. איך מיין עס אין זינען פון זײַן אַקטיוו, ווײַל די יעניקע וואָס האָבן זיך אין אָנהייב פון יאָרהונדערט באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זײַנען געווען אין דער גרויסער וועלט און דאָרטן מן־הסתם געמאַכט זייער בײַטראָג צו די קאַמפן פון די פאַרשיידענע פראַקציעס און כוחות פון דער רעוואָלוציע. וועגן זיי ווייס איך כמעט גאָר נישט און האָב נישט וואָס צו געדענ־קען. די גאָר יונגע האָבן זיך, ווי שוין געזאָגט, אַרויסגעלאָזט אין די גרויסע שטעט, די מערסטע — קיין אַדעס לערנען. אַדעס האָט געהאַלטן אין איין עפענען נײַע לערן־אַנשטאַלטן און וויפל מע האָט זיי געעפנט איז געווען ווייניק. מע האָט געלערנט בײַ טאָג און בײַ נאַכט... דער נאָוואָראָסיסקי־אוניווערסיטעט איז געווען איבערגעפּאַקט. פון אַלע שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע און פון בעסאַראַביע (איידער רומעניע האָט זי פאַרכאַפּט) האָבן זיך געצויגן יונגע מענטשן קיין אַדעס נאָך בילדונג. מע האָט נישט געטראַכט וועגן לעבנס־מיטלען; מע האָט געוווינט צו עטלעכע אין אַ צימער. אַז מע האָט געקענט קויפן אַ הערינג, איז געווען שמחת־תורה. אָבער אַז עס איז צײַטנווײַז נישט געווען וואָס צום עסן, האָט מען עס נישט געהאַלטן פאַר תשעה־באָב. די ייִנגלעך האָבן זיך יאָ מער־ווייניקער איב־טערעסירט מיט דער רעוואָלוציע, אָבער ווײַטער ווי פון אַ פּאַסיוון אינטערעס איז עס בדרך־כלל נישט געגאַנגען. יונגע בחורים, וואָס האָבן פון פריִער געהאַט ביל־דונג, האָבן וואָלונטירט אין דער אַרמיי. אָבער די אַרמיי האָט שנעל אויפגעהערט צו זײַן אַן אַרמיי און געוואָרן אַ קאָכקעסל פון פּאָליטישע שטרײַטן... ערשט שפּע־טער, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בײַטעניש פון מאַכטן און כמעט יעדע פון

זיי, מיטן אויסנאַם פון דער רויטער־אַרמיי, האָבן געמאַכט פּאָגראָמען אויף ייִדן, האָבן די גאַר יונגע זיך אָנגעהויבן ציִען אין דער רויטער־אַרמיי. אַוודאי עס איז געווען קעגן דעם ווילן פון די עלטערן... אָבער אין יענע צײַטן האָט מען שוין געזונגען דאָס באַוווּסטע לידל: „ביסט אַנטלאָפן פון דײַן טאַטן, זייער גוט, זייער גוט...״ ליפע, פייגע־משה־נעסיעס, האָט אַלייך מאָביליזירט אַ גאַנצע גרופּע שאַר־גאָראָדער ייִנגלעך און זיי אַוועקגעפירט צום פראָנט, צו דער רויטער אַרמיי, גע־בליבן זייער אָנפירער. אַ פון יענע ייִנגלעך זײַנען שפּעטער אַרויסגעקומען אָנ־געזעענע סאָוויעטישע מיליטערישע פירערס...

## דער משפט

נאָך איין פאַרצייכענונג פון אַ פּאַסירונג אין וועלכער מײַן העלד, „שאַרגאָ־ראָדס געוויסן״, האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע, און איך וועל אײַך האָבן געגעבן אַ גאַנץ בילד פון שמעון־דוד בלאָושטיין ווי איך טראָג אים אין מײַן זכרון אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט.

געווען אין שאַרגאָראָד אַ ייִד, וואָס האָט געהייסן אַברהם יאָסיס. ער האָט גע־האַט אַ קראָם פון לעדער און איז געווען אַ שטילער עושר און אַ שטילער תהי־לים־זאָגער. ווען איר וואָלט אַברהמען נישט האָבן געזען, האָט איר אים געהערט שעפּטשען תהילים. ער איז, ווײַזט אויס, קיין מאָל נישט מיד געוואָרן פון דער פּאָעזיע פון דעם „נעים זמירות ישראל״.

זײַנע עלטסטע קינדער זײַנען שוין געווען פאַרהייראַט און, דאַכט זיך, נישט געווינט אין שאַרגאָראָד. אין מײַנע צײַטן האָט ער אין שאַרגאָראָד געהאַט דרײַ קינדער: צוויי מיידלעך, וואָס עס האָט זיך קיין שידוך פאַר זיי נישט געמאַכט און זיי זײַנען געווען פאַרביטערט, און איין זון, חיים, אַ בן־יחיד. ווי וויל חיים איז נישט געווען קיין גרויסער חכם, נאָר אין קראָם האָט ער זיך גראָד אויסגעטויגט און אויף אים האָט זיך געהאַלטן דאָס גאַנצע געשעפט. חתונה געמאַכט האָט מען אים מיט אַ דאָרפמיידל, אַ קראַסאַוויצע און אַ גוטינקע. און ווײַל זי איז געווען זייער אַ פּראָסטע, אָן חכמות, איז זי צו אים געווען אַ גוט געטרײַ ווײַב. חיים האָט זי זייער ליב געהאַט, ווײַל זי איז געווען דער איינציקער מענטש אויף גאָטס וועלט, וואָס האָט צו אים אַרויסגעוויזן ליבע... ער האָט מיט איר געהאַט צוויי קינדער. און אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען די צוויי עלטערע מיידלעך וואָלטן דער ווײַבל פאַרגונען איר משטיינס געזאָגט — גליק... זײַנען אָבער די צוויי מיידלעך געווען איפּערזיכטיק אויף איר און פלעגן איר דערגיין די יאָרן. זיי פלעגן חיימען אָנ־דערציילן אויף איר נישט־געשטויגענע, נישט־געפלויגענע מעשהס און אים אָנ־רייצן אויף איר, ביז דעם ווײַבל איז עס פאַרגאַנגען אין דער זיבעטער ריפּ. אין

אַ שיינעם אָדער מיאוסן טאָג, האָט זי געגומען די קינדער און איז אַנטלאָפן צום אָרעמען טאַטן אין דאָרף אַרײַן... חיים האָט זייער געבענקט נאָך איר און נאָך די קינדער, אָבער ער האָט קיין פּיצל דעה נישט געהאַט אויף זײַן אייגן לעבן... די צוויי מיידלעך זײַנען געווען די גאַנצע באַלעבאָסטעס איבער דעם האָב־און־גוטס. אַברהם אַליין האָט זיך נאָך מער ווי אַלע מאָל פאַרפאַנצערט אין זײַן תהילים־זאָגן, ער האָט גאָר נישט אויפגעהערט זאָגן...

***

עס זײַנען אַוועק אַ פּאָר יאָר, און אין איינעם אַ זוניקן שבועות־טאָג שטעלט זיך אַרײַן קיין שאַרגאָראָד אַ „זאַך", וואָס האָט די פיגור פון אַ מענטש, נאָר איז'ן איז עס איין שטיק שטויב... און זאָל זיך אײַך דאַכטן, אַז דאָס איז געווען חיימס שווער, דער דאָרפייִד. ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט צו פוס קיין שאַרגאָראָד און אויפן וועג האָט ער אָנגעטראָפן אַ באַנדע. ווען ער האָט די באַנדע באַמערקט פון דער ווײַטנס, האָט ער אויף גיך זיך פאַרקערעוועט אין וועלדל־אַרײַן, בײַם וועג. דאָרטן האָט ער געוואַרט אין איינע אַנגסטן, ביז ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז די באַנדע האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפן ווינדיטשאַנער וועג... איז אָט דעם שטויב און די פּאַרטריקנטע בלאָטע האָט ער אויף זיך אָנגעזאַמלט אויפן וועג... איטע־פרומע־לאהס האָט רחמנות געהאַט אויף דעם אָרעמען ייִד, אים אַרײַנגענומען צו זיך אין הויז און אליהו, איר מאַן, האָט זיך מתעסק געווען מיט דעם ייִד. מע האָט אים אויסגעשטויבט, אָרומגעוואַשן, געגעבן אָפּצועסן און בשעת־מעשה אים גע־פרעגט, וואָס עס האָט אים געבראַכט קיין שאַרגאָראָד. דער ייִד האָט נישט גערן געענטפערט. אַלץ וואָס ער האָט געבעטן איז געווען, מע זאָל אים לאָזן זיך אויס־שלאָפן און מוצאי־יום־טוב אויף דער נאַכט זאָל מען אים ווײַזן ווו דער רב וווינט... די נײַגעריקייט איז טאַקע געווען גרויס, נאָר מע וועט דאָך נישט גיין צווינגען אַ ייִדן צו ריידן, בעת מע זעט, אַז ער איז דאָס נישט גערן...

אויף דער נאַכט, נאָך הבדלה, האָט מען דעם ייִד געוויזן ווו עס וווינט דער רב. און ער איז אַוועק אַהין. בײַם רב האָט דער ייִד דערציילט, אַז ער איז חיים, אַברהם־יאָסיס שווער; אַז עס איז שוין אַ פּאָר יאָר זינט דאָס ווײַבל האָט געבעך געמוזט אַנטלויפן מיט אירע צוויי קינדער צו אים, מחמת די מיידלעך האָבן פון איר לעבן געמאַכט אַ גיהנום. און כאָטש ער איז אַליין אַ גרויסער אָרעמאַן און קען נישט מפרנס־זײַן קיין איבעריקע דרײַ מײַלער, נאָר זי איז דאָך פאָרט זײַן טאָכטער... צוריק אין גיהנום אַרײַן וועט ער זײַן קינד נישט שיקן. איז אָבער לעצטנס אין דאָרף געוואָרן אַזאַ מין אומגליק פון די סאָלדאַטן וואָס אַנטלויפן פון פראָנט, אַז אַפילו די גוייִשע פרויען אין דאָרף זײַנען נישט זיכער מיטן לעבן און באַהאַלטן זיך... איז וועגן באַרויבט ווערן זאָרגט ער זיך נישט, וואָס וועט מען בײַ אים נעמען, דעם דלות?... אָבער האָבנדיק די טאָכטער בײַ זיך, האָט ער מורא

פֿאַר עפּעס ערגערס... צו די צרות איז דאָס ווײַבל נאָך אַ שיינע און ווערט שע־נער פון טאָג צו טאָג. איז געבליבן בײַ אים, קומען קיין שאַרגאָראָד זוכן גערעכ־טיקייט פאַר זײַן אומגליקלעכער טאָכטער. מיט אַ ביסל געלט, וואָלט ער זי געקענט באַזעצן אין אַ נאָענטן שטעטל, וואָלט זי עפּעס געטאָן און זיך פֿאַרדינט איר פּרנסה... איז אויב דער רב קען אים העלפן איז גוט, טאָמער נישט — וועט ער מוזן זוכן אַנדערע מיטלען... רב עקיבא האָט אויסגעהערט דעם ייִד. דער רב איז שוין כמעט אָפּגעוווינט געווען פון אַ דין־תורה, ווײַל די ייִדן איז אין די לעצטע פאַר יאָר אַזוי פאַרגאַנגען, אַז זיי האָבן זיך נישט געמשפט. ער האָט פון דעסט וועגן מכבד געווען דעם אורח מיט טיי (מלחמה־טיי פלעגט מען רופן זייער דין־אַנגעשניטענע מייערלעך און געטריקנט אויף דער זון), אים געהייסן וואַרטן און אַוועקגעשיקט אַ שליח רופן דעם אַלטן אַברהם יאָסיס און חיימען. די צוויי זײַנען געקומען. ווען ר׳ עקיבא האָט זיי דערקלערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט אַברהם גלײַך געענטפערט, אַז ער איז קיין באַלעבאָס נישט. אַלץ איז די מיידלעכס, וואָס עס איז דאָ, איז זייער נדן... חיים האָט גאָר נישט געהאַט וואָס צו זאָגן, ער האָט בלויז געוויינט...

אינצווישן איז אָנגעקומען שמעון־דוד בלאָושטיין, וועלכער פלעגט יעדן שבת־צו־נאַכטס און יעדן מוצאי־יום־טוב קומען צו זײַן ידידה, ר׳ עקיבא דעם רב, ווינטשן אים „אַ גוטע וואָך״. ווען דער רב האָט אים דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער זיך געווענדט צום טאַטן און זון און זיי געוואָרנט, אַז זיי זאָלן נישט מיינען אַז עס איז לית דין ולית דיין... אַוודאי איז שענער און אויך שכלדיקער דורכצוקומען דאָ בײַם רב, זאָל לעבן, נאָר אויב זיי מיינען, אַז עס איז הפקר־פּעטרישקע, מאַכן זיי אַ טעות. און נישט ער סטראַשעט זיי, נאָר ער האַלט עס פאַר זײַן חוב, זיי צו לאָזן וויסן אַז די ייִדישע אַרבעטער פון שטאָט האָבן אָר־גאַניזירט אַ „סאָוויעט״ און ער גלייבט, אַז זיי וועלן נישט דערלאָזן אַזאַ נבלה, ווי לאָזן אַ ווײַבל מיט צוויי קינדער אויסגיין פון הונגער, בעת זייער מאַן און טאַטע איז דער גאַנצער בעל־פּרנסה... אַברהם האָט אַפילו נישט געהערט וואָס מע רעדט צו אים... ער האָט שוין נאָך אַ מאָל געזאָגט תהילים... נאָר חיימען, ווי „פּלאַטשיק״ ער איז געווען, איז דאָס וואָרט „סאָוויעט״ אַרײַן אין דער נאָז און נאָך מער — אין קאָפּ. עס האָט אים אַזש אַ ברי געטאָן... ווי שטאַרק ער האָט נישט מורא געהאַט פאַר זײַנע שוועסטערס, האָט ער נאָך מער מורא געהאַט פאַר דער „וולאַסט״...

**
*

כאור הבוקר, ווען טביהלע זייפמאַנס ווײַב איז אַרויף אויפן בוידעם אונטער־צושיטן פּראָסע פאַר אירע הינער, וואָס זי האָט דאָרטן געהאַלטן אין אַ שטײַג, האָט זי אָנגעהויבן שרײַען גוואַלד מיט אַזעלכע קולות, אַז קודם אַלע פיר שכנים וואָס האָבן געהאַט אַ בשותּפותדיקן דאַך איבער זייערע הײַזער און, פאַרשטייט זיך,

אויך איין געמיינשאַפטלעכן בוידעם, און שפּעטער יידן פון דער גאַנצער גאַס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויפן גוואַלד; אַרויף אויפן לייטער, שיִער נישט געניזוקט גע־וואָרן צוליב דער ווילדער איַלעניש, און דאָרטן האָבן זיי געפונען חיימען הענגען אויף אַ באַלקן אונטערן דאַך אַ טויטן, מיט אַ בלוי פּנים און אַרויסשטאַרטשנ־דיקער צונג. טביהלעס ווייַב האָט פון גרויס שרעק נישט אויפגעהערט צו שרייַען גוואַלד מיט באַנומענע קולות, אפשר אַ שעה צייַט, נאָך דעם ווי מע האָט זי אַראָפּ־גענומען פון בוידעם... די יידענע האָט אפשר צוויי וואָכן נאָך דעם נישט געקענט באַפרייַען זיך פון דער שרעק...

מע האָט, נאַטירלעך, חיימען אויף אַראָפּגענומען פונעם שטריקל, געטאָן זייַן רעכט און גאַנץ שטאָט איז געקומען צו דער לוויה... שטאָט האָט זיך גע־רודערט, מע האָט פאַרגעסן אַלע אייגענע צרות, און צרות האָבן קיינעם נישט אויסגעפעלט אין יענע צייַטן... אָבער אַלע זיי זייַנען פאַרטונקלט געוואָרן אין פאַרגלייַך מיט דעם „שאָק" פון דעם געשעענעם...

די משפּחה האָט זיך געזעצט שבעה. דורך דער צייַט פון שבעה האָט עפּנטלעך גאָר נישט פּאַסירט. איך זאָג עפּנטלעך, ווייַל בחדרי־חדרים האָבן שוין די דער־ווילטע מיטגלידער פון „סאָוועט" אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון אַ פאָלקס־משפּט איבער דער משפּחה...

**
*

איך מוז זיך דאָ אָפּשטעלן און מאַכן אַ פּאָר נייטיקע באַמערקונגען וועגן „סאָוועט". די צייַט אין וועלכער די געשיכטע האָט זיך פאַרלאָפן איז געווען ווען די באָלשעוויקעס האָבן צום לעצטן מאָל און אויף שטענדיק פאַרנומען אונדזער געגנט. מיליטעריש זייַנען זיי שוין געווען מער ווייניקער אָרגאַניזירט. נאָר ציוויל איז די מאַכט נישט געווען קיין איַנגעשטעלטע. עס איז אין שטאָט שוין געווען אַ „רעווקאָם" (רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט), וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט מי־ליטערישע ענינים, אָדער מיט אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט אויסראָ־מען און אויסראָטן די פאַרשיידענע רעשטלעך פון די באַנדעס, וועלכע האָבן נאָך דאָ און דאָרטן זיך געפונען. אויף וויפל דער „רעווקאָם" האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אַנדערע ענינים זייַנען דאָס געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט זיכערקייט. צו זיי האָבן געהערט משפטים איבער פּאָגראָמשטיקעס פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן „אַרויסגעהאָלפן" די פאַרשיידענע באַנ־דעס בשעת פּאָגראָמען און אַזוינע זייַנען געווען אַ סך. אין יענע „מצוות" פון ראַבעווען און הרגענען יידן האָבן זיך באַטייליקט גאַנץ באַלעבאַטישע פּויערים... דער „רעווקאָם" האָט אויך געמשפּט ספּעקולאַנטן...

אָבער מיט טאָג־טעגלעכע ציווילע ענינים האָט זיך דער רעווקאָם נישט פאַר־נומען. ווען די אַרבעטער האָבן זיך געווענדט צו דער נייַער מאַכט נאָך אַן עצה

און אינסטרוקציעס ווי אַזוי אײַנצושטעלן די פאַרוואַלטונג פון ציווילע שטאָטישע ענינים, האָט מען זיי געהייסן קודם אָרגאַניזירן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פאַר אַרבעטער־ענינים און אויך אַ „סאָוועט" צו פאַרוואַלטן מיט אַלגעמיינע שטאָטישע ענינים. אַברהם־דוד שייעס האָט מען לאַנג נישט באַדאַרפט בעטן, און ליפּע, פייגע־משה־נעסיעס אויך נישט. נאָר ווען עס איז געקומען צו אַקטיוויטעטן, איז פאַר די בײדע אינסטיטוציעס נישט געווען קיין שטאָך אַרבעט, ווײַל אַלע באַל־מלאָכעס האָבן קיין אַרבעט נישט געהאַט, עס איז פּשוט קיין סחורה נישט געווען פאַר אַרבעט. און אַנדערע ענינים, וואָס זאָלן פאָדערן די פאַרוואַלטונג פון „סאָוועט" האָבן זיך אויך נישט געוויזן...

איז די מעשה ווען חיימס העגגען זיך און דער פאַרשטייענדיקער משפּט איבער דער משפּחה געווען ווי עפּעס אַ געשאַנק פון הימל... קיין בעסערע געלעגנהייט צו באַווײַזן אַ בײַשפּיל פון פּראָלעטאַרישער גערעכטיקייט האָט זיך גאָר קיינער נישט געקענט ווינטשן...

עס האָט זיך גראָד געמאַכט אַזוי, אַז דער סאָוועט האָט זיך אײַנגעקוואַרטירט אין בן־ציון שפּרהס גרויסער דירה. בן־ציון אַליין איז געווען אַ גאָר נאָענטער קרוב חיימס, און אַ גאַנץ וווילער ייִד. זײַנען דאָרטן פאָרגעקומען די זיצונגען פון „סאָוועט". ווען מע האָט באַטראַכט דעם פאַרשטייענדיקן משפּט, האָבן זיך געהערט שטימען, אַז דער צוזאַמענשטעל פון די ריכטער טאָר זיך נישט באַגרענעצן מיט אייגענער מיטגלידערשאַפט, ווײַל, האָבן געטענהט אייניקע מיטגלידער פון „סאָוועט", עס איז אַ בירגערלעכער ענין און האָט נישט בלויז צו טאָן מיט אידעאָלאָגיע. אויף דעם געביט זײַנען פאָרגעקומען הייסע וויכוחים און לסוף איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוציִען צו דעם פּראָצעס די פאָרנעמסטע באַלעבאַטים פון שטאָט, מיט הערשל מעניעס בראש... אַפילו אַברהם, דוד שײַעס, וואָס האָט נישט איבעריק ליב געהאַט קיין גבירים, איז געווען פאַר דעם (צוויי זאַכן האָבן גורם געווען, אַז אַברהם זאָל אײַנגיין אויף הערשל מעניעס. 1) ווײַל אַברהם האָט נישט פאַרגעסן, ווי הערשל מעניעס האָט געשריגן אויף חיים־אליהון, בשעתן ערשטן שטרײַק אין שאַרגאַראַד ווען דער לעצטער האָט אין דער סאַדיגורער קלויז געזאָגט, אַז „די באַלעבאַטים ווייסן ווו אַ טיר עפנט זיך..." און ווי הערשל האָט געהייסן אים אַרויסוואַרפן פון קלויז; 2) יאָסעלע הערשל מעניעס, זײַן מיזיניק איז אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי און ווען דאָס האָט געטראָפן, האָט הערשל געזאָגט, אַז עס איז אַ שאָד בלויז, וואָס ער אַליין איז אַן עלטערער ייִד, ווען ער זאָל זײַן ייִנגער, וואָלט ער אויך זיך פאַרשריבן אין דער אַרמיי, וועלכע ראַטעוויס פּאָגראָמשטשיקעס...). אונדזער שמעון־דודן האָט מען באַשטימט צו זײַן דער אַדוואָקאַט פאַר דער ווײַבל מיט די קינדער. בן־ציון שפּרהס האָט אָנגענומען צוויי זאַכן: ערשטנס, צו זײַן דער טוען פאַר די מיידלעך, חיימס שוועסטערס, צווייטנס צו גאַראַנטירן, אַז וואָס דער אורטייל זאָל נישט זײַן וועט ער זען, אַז

מע זאָל נישט דאַרפן נוצן קיין צוואַנג אים אויסצופירן... דעם שרײַבער פון די זיכרונות האָט מען דערווײלט פאַרן סעקרעטאַר.

אַ טאָג נאָך שבעה האָט זיך אָנגעהויבן דער משפט. שמעון־דוד בלאָושטיין האָט געעפנט די ערשטע זיצונג און האָט געהאַלטן זייער אַ קורצע רעדע, אַלס אַרײַנפיר צום פּראָצעס. די רעדע האָט זיך אײַנגעקריצט אין מײַן זיכרון. איך וועל פּרובירן געבן דעם תמצית פון יענער רעדע, ווי איך געדענק זי. און גע־זאָגט האָט ער אָט וואָס: „וואָס עס זאָל נישט זײַן איינעמס באַציִונג צו דער רע־וואָלוציע, טאָר דאָס נישט ווערן דער איינציקער באַשטימענדיקער פאַקטאָר און באַאײַנפלוסן אונדז קעגן אַ קאָלעקטיוון סאָרט דענקען. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז דער צד וועמען די רעוואָלוציע דאַרף און זאָל ברענגען, אַ שענער ליכטי־קער לעבן, קען זײַן צופרידענער ווי יענער צד, וואָס האָט עפּעס צו פאַרלירן... מיר זײַנען אָבער דאָ הײַנט נישט ווי קיין צדדים. מיר זײַנען דאָ ווי בירגער, מענטשן און ייִדן. און ווי ייִדן טאָרן מיר נישט פאַרלייקענען אָדער פאַרגעסן דעם פאַקט, אַז דער הײַנטיקער משפט איז אַ גרויסע היסטאָרישע פּאַסירונג... אַוודאי זײַנען אַלע מאָל געווען דין־תורהס צווישן ייִדן, נאָר זיי האָבן געמוזט זײַן פּרײַ־וויליקע, ווײַל קיין רב אָדער בית־דין, האָט נישט געהאַט קיין אויטאָריטעט צו באַפעלן דעם פּסק דין אויסצופירן, איז אויסגעקומען, אַז מיט וויפל יושר דער פּסק־דין זאָל זיך נישט געווען אויסצייכענען, איז צו מאָל נישט געווען קיין זי־כערקייט, אַז מע וועט דעם יושר איבערזעצן אין מעשים. אָבער הײַנט, ווען מיר וועלן משפטן, און מיר וועלן טאַקע משפטן מיט יושר און צדק, זאָל קיינער אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן ווען איך וועל זאָגן מיט ייִדישער גערעכטיקייט, קאָנען מיר אויך זײַן זיכער, אַז אונדזער גערעכטער פּסק־דין וועט אויסגעפירט ווערן... איז טאַקע דערפאַר לאָמיר אַלע, וואָס נעמען אָנטייל אין דעם משפט זיך באַציִען צום ענין מיט ייִדישע הערצער פון צורעכטמאַכן אַן עוולה, נישט דורך נקמה, נײַערט דורך צדק..."

איך גלייב נישט, אַז עס איז וויכטיק צו באַשרײַבן דעם משפט, כאָטש אינ־טערעסאַנט איז ער געווען. ער האָט אַרויסגעבראַכט אַ סך מענטשלעכע קליינ־לעכקייט און געפאַלנקייט, אָבער אויך גרויס־ייִדישע דערהויבנקייט. יעדער איי־נער פון די באַטייליקטע פּשוטע ייִדן, האָט אַזוי אַרײַנגעלעבט אין זײַן ראָלע, אַז מע וואָלט זיי געווען געקענט אָננעמען פאַר געבוירענע ריכטערס...

דער פּסק איז געווען אַ גערעכטער. די דעטאַלן קען איך איצט נישט דער־מאָנען, נאָר דאָס ווײַבל און די קינדער האָט מען פאַרזאָרגט און די מיידלעך איז נאָך אויך געבליבן געניג...

**
*

אין יענער צײַט איז שמעון־דוד געווען אַרײַנגעטאָן אין אַן אַרבעט וואָס האָט אים אין גאַנצן פאַרשלונגען. ער האָט פאַרצייכנט יעדע מעגלעכע געשיכט־לעכע פאַקטן וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, געהאָלפן אַ סך האָט אים דאָס, וואָס שאַרגאָראָד האָט זיך געפונען בלויז פערציק ווייאָרסט פון דניעסטער, וואָס טיילט אָפּ אוקראַינע פון בעסאַראַביע און איבער וועלכן עס זײַנען אין די יאָרן 1918—1921 אַריבער צענדליקער טויזנטער יידן צו ראַטעווען זיך פון פּאָגראָמען און באַנדעס אין דער גרויסער וועלט, ווי אויך צו פאַראייניקן זיך מיט זייערע משפחות אין אַמעריקע. טויזנטער פון זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין שאַרגאָראָד אויף אַ קורצער צײַט און שמעון־דוד נישט האָט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט און פון מויל פון די פּליטים פאַרצייכנט אַלץ, וואָס ער האָט געפונען פאַר נייטיק ווי מאַטעריאַל פאַר יידישע געשיכטע־שרײַבערס. ער אַליין האָט שפּעטער, שוין זייענדיק אין אַמעריקע, אַ סך פון די מאַטעריאַלן פאַרעפנטלעכט אין די יידישע צײַטונגען, נאָר דאָס געהערט שוין נישט צו מײַן באַשרײַבונג פון שאַרגאָראָד. זאָל דאָס געשריבענע וועגן אים, דעם גרויסן נאָר באַשיידענעם יידן, דינען ווי אַ גײַסטיקע מצבה פאַר אים. ת'נ'צ'ב'ה'.

**
*

נאָכבאַמערקונג:

אַ ווערטפול ספר וועגן רבנים אין שאַרגאָראָד, געשריבן פון ש. ד. בלאָוו־שטיין, אין עברית, איז געבליבן אין כתב־יד און עס וואָלט געווען אַ יושר און חסד של אמת, אַז עס זאָל זיך געפינען אַ שאַרגאָראָדער, וואָס זאָל דאָס אַרויסגעבן.

## כי עזה כמות אַהבה...

געווען אין שאַרגאָראָד דרײַ רבנים: ר' יאַנקעלע, ר' משה־חיים און ר' עקיבאַ. איך געדענק זיי אַלע זייער גוט נישט בלויז ווי רבנים, נאָר אַפילו אין זייער הנהגה ווי מענטשן, אין זייער טאָג־טעגלעכקייט. די ערשטע צוויי האָבן אָבער נישט אי־בערגעלאָזט אין מײַנע זכרונות קיין זאַך, וואָס זאָל זיי מיט עפּעס אויסטיילן פון דעם געוויינטלעכן סאָרט רב, וועלכן איר און איך קענען. איך וויל מיט דעם חלילה נישט זאָגן, אַז יענע צוויי זײַנען נישט געווען קיין בני־תורה, פּונקט דער היפוך וועט זײַן אמת: סײַ ר' יאַנקעלע, סײַ אַפילו דער זייער פלעגמאַטישער ר' משה־חיים זײַנען געווען שאַרפע תלמודיסטן מיט נעמען, וואָס האָבן ווײַט אַריבערגע־שפּרײַזט אונדזער אייגענע שטאָט, און אין יראת־שמים זײַנען זיי אפשר געווען אויסגעשפּראָכענער פון ר' עקיבאַן. דאָס איז אָבער אַלץ, וואָס מע האָט וועגן זיי געקאָנט זאָגן.

ר׳ עקיבא דער רב, איז געווען אַנדערש פון יענע צוויי אין יעדער הינזיכט. פון מײַנע דערציילונגען ביז איצט (די מעשה וועגן אפרים מלמד, וועלכער איז אַרײַנגעפאָרן אין שבת; די דערציילונג וועגן ליפּע סטאַראָסטע און אַנדערע) אין וועלכע מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט אים, האָבן מײַנע לייענערס געהאַט אַ געלעגנהײַט צו כאַפּן אַ בליק אויף זײַן הנהגה, ווי אַ רב און מענטש. אָבער בלויז אַ בליק... ר׳ עקיבא האָט זײַן יחוס געצויגן פון דעם „תולדות״, דאָס הייסט, פון ר׳ יעקב־יוסף פּאָלענאָער, דער ערשטער גרויסער רב און גאון, וואָס האָט אָנערקענט ר׳ ישראל בעל־שם־טוב ווי זײַן רבין, כאָטש אין לומדות איז דער „תולדות״ געשטאַנען מיט גאַנצע בערג העכער פון בעל־שם־טוב...

ר׳ עקיבא דער רב, איז קודם ואחרי כל געווען אַ מענטש מיט אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ. זײַן אהבת־הבריות און אַוודאי אהבת־ישראל איז געווען חוץ לדרך הטבע. די שווערסטע איבערלעבונגען זײַנע, ווי אַ רב, זײַנען געווען די שאלות פון כשר און טריף, וואָס ייִדן אָרעמע־לײַט פלעגן אים ברענגען און ער האָט געדאַרפט פּסקענען... אַליין אַן אָרעמאַן, האָט ער נישט איין מאָל געפּסקנט, אַז — — — זײַן ווײַב, שרה־טויבע, זאָל דער ייִדענע געבן אַ האַלבן רובל, זי זאָל זיך גיין קויפן אַן אַנדער הון... וואָיציעכאָווסקי, זײַן פּוילישער שכן, האָט נישט איין מאָל געפּראָוועט „זונטיק״ מיט די הינער וואָס ר׳ עקיבא פלעגט אַרײַנשיקן צו אים דורך דער הינטערטיר אין זײַן אַפּטייק־סקלאַד... מײַן פּעטער אַלטער, וועלכער האָט געלערנט בײַ אים, און אפשר דאַרף מען זאָגן, מיט אים, ווײַל ווינציקער פון אַלץ, האָט ר׳ עקיבא געשפּילט דעם רבין... האָט אים אַ מאָל געפרעגט: „רבי, ווו איז פאַרשריבן אַזאַ דין, אַז די רביצין דאַרף געבן דער ייִדענע אַ האַלבן רובל צו קויפן אַן אַנדער הון?״. זײַן ענטפער איז געווען: „נישט אַלע דינים האָט מען פאַרשריבן אויפן פּאַפּיר... פאַראַן אַזעלכע דינים, וואָס זײַנען פאַרשריבן בלויז אין אַ מענטשלעך האַרץ״...

ר׳ עקיבא איז געווען אַ גרויסער למדן, אָבער זײַן לומדות איז נישט געווען פון דעם סאָרט, וואָס גליווערט און איז ענג דאָגמאַטיש. זײַן וויסן און די אָנווענדונג פון אָט דעם וויסן איז געווען דינאַמיש און מיט גאָר נישט איזאָלירט פון לעבן. „ובחרת בחיים״ — איז געווען זײַן שטאַרקסטער אַני־מאַמין, זײַן קרעדאָ אין איידלסטן זין פון וואָרט...

זײַן גרויס ייִדיש וויסן איז נישט געשטאַנען אין סתירה צו וועלטלעך־וויסן, נאָר פאַרקערט, איינס האָט דאָס צווייטע דערגאַנצט און באַרײַכערט. זײַן וועלטלעך וויסן האָט נישט געמינערט אויף אַ קוצו־של־יוד זײַן יראת־שמים, זײַן פרומקייט. ער האָט מיט דער זעלביקער תמימות געפּסקנט שאלות, ווי ער האָט געהאָלפן אַ בחור צו לייזן אַ פּראָבלעם אין אַלגעברע, געאָמעטריע אָדער אַפילו טריגאָנאָמעטריע (און אין די קעגנשטאַנדן איז ער באמת גרויס געווען. איך בעט אײַך זייער — פרעגט מיך נישט אין וועלכע אַקאַדעמיעס ער האָט די דאָזיקע קעגנשטאַנדן גע־

לערנט). ער איז געווען איינער פון די צוויי יידן אין שאַרגאָראָד, וואָס האָבן אַ סך געוווּסט אין חכמת הרפואות. ער האָט געוווּסט נישט בלויז די נעמען אין דער לאַ־טיינישער שפּראַך און כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַן אַ שיער גראָזן און אַלער־ליי געוויקסן, נאָר אויך זייער מעדיציניש אַנווענדונג. מיטן פּראָגרעס פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, האָט ער אויך געוווּסט וועגן פיל כעמישע מיטלען און זייער אַנווענדונג. (איך האָב פריער געזאָגט, אַז ער איז אין דער הינזיכט געווען איינער פון די צוויי יידן אויף דעם געביט. דער צווייטער איז געווען — חיים מינ־קאָוועצקי, אָדער חיים ישכרס, ווי מיר האָבן אים אַלע גערופן). צו דעם אַלעמען איז ער געווען אַ מזג־טוב, ממש אַ מענטש אָן אַ גאַל און די פּשטות אַליין. ער האָט געקענט זיצן אין אַ קרײַז פון בני־תורה, אינטעלעקטואַלן און זיך מתווכח זײַן וועגן דעם טיפסטן ענין. און אָט איז געקומען צו אים אַ פּשוטער ייִד מיט אַ שאלה, איז דער איבערגאַנג בײַ אים פון די העכסטע און טיפסטע טערמינען צו דעם פּשוטסטן מסביר־זײַן געווען אַזאַ נאַטירלעכער און נישט־געצוווּנגענער, אַז עס איז ממש געווען צו שטוינען... זײַן באַשיידנקייט איז געווען אַ נאַטירלעכע, עפּעס ווי אַנדערש האָט נישט געקאָנט זײַן און נישט געטאָרט זײַן, און זײַן געדולד פענאָמע־נאַל. געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך געמאַכט פאַר זייער לעבנס־אויפגאַבע, אים אַרויסצוברענגען פון געדולד, אָבער זיי זײַנען מיאוס דורכגעפאַלן... און פון כבוד איז ער געלאָפן. אויב עמעצער האָט אים אַ מאָל געלויבט, פלעגט ער יענעם אַרײַנ־פאַלן אין די רייד, מיטן תלמודישן אויסדרוק: „כמה עקיבא בשוק"... (פאַראַן גע־נוג עקיבאס אין מאַרק).

אין מײַנע צײַטן זײַנען זײַנע מקורבים געווען צוויי יידן אין שאַרגאָראָד: יאָסל קאָזלאָווסקי און שמעון־דוד בלאָושטיין. דער לעצטער איז געווען דער אינטימ־סטער, דער איידלסטער און אָרנטלעכסטער... אָבער אין די פריערדיקע יאָרן, וועגן וועלכע איך האָב בלויז געהערט, זײַנען אויך געווען: משה, אפרים־ליטוואַקס, שלום פענזער און מײַן פעטער אַלטער.

ער איז געווען, ר' עקיבא, אַ מטופל מיט אַ גרויסער משפחה און איז דערפאַר געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. דער אײַנפיר איז געווען אין אונדזערע שטעטלעך, אַז עס איז געווען אַ מינימאַלע שכירות פאַרן רב, פּלוס אײַנקונפט פון פאַרקויפן הייוון. אַנדערע האָבן אויך פאַרקויפט ליכט, און די הכנסה פון אַ דין־תורה. איז די ערשטע צוויי זאַכן האָבן בלויז געקענט עפּעס אַרײַנברענגען, אויב די רביצין האָט געוווּסט דעם סוד פון אַפּעלירן צו די ווײַבער, זיי זאָלן בײַ איר קויפן. פלעגט אָבער אונדזער רב בשום אופן נישט לאָזן שרה־טויבען בעטן בײַ קיינעם מע זאָל בײַ איר קויפן, ווײַל אַנדערע יידן דאַרפן אויך פרנסה, און שיינדל איז אַן אַלמנה... און פון אַ דין־תורה איז אויך די אייגענע מעשה — אַ גביר האָט פײַנט צו באַצאָלן... און בײַ אַן אָרעמאַן טאָר מען נישט רײַסן...

**
*

אין פאַרבינדונג מיט מײַנע זכרונות וועגן ר׳ עקיבאן דעם רב, וויל איך דאָ דערציילן וועגן אַן אמתער ייִדישער ליבע; אַ פּאַסירונג, וואָס האָלט מיך געשפּאַנט אַלע מאָל. ווען איך דערמאָן זיך וועגן איר. און כאָטש איך אַליין בין בלויז געווען אַן עדות פון דעם טרויעריקן סוף פון אָט דער ליבע, ווייס איך אָבער וועגן איר פון אַ מענטש, וואָס האָט נישט איבערגעטריבן קיין זאַך און אין זיין וואָרהאַפטי־קייט קען איך נישט צווייפלען. דער דערציילער איז געווען שמעון־דוד בלאָוו־שטיין. און אַזוי ווי מײַן פעטער אַלטער איז געווען דער העלד פון אָט דער גרויסער און אומגליקלעכער ליבע, האָט מײַן מאַמע עטלעכע מאָל באַשטעטיקט די אויטענטישקייט פון דער געשעעניש.

**
*

מײַן פעטער אַלטער איז געווען אַ בן־יחיד און דאָס ייִנגסטע קינד בײַם זיידן לוי. לויטן נאָמען (אַלטער), וואָס איז געווען אַ צוגעגעבענער בשעת דער פעטער איז נאָך געווען אַ פּיצעלע קינד, געווען שלאָף אויף סקאַרלאַטין און גע־האַלטן זייער שמאָל — וועט איר שוין אַליין טרעפן, אַז אַלטער איז געווען אַ ציטעריקער, אַן „אָפּגעשריגענער״ — ווי מײַן באָבע פלעגט זאָגן... דער זיידע איז אין יענע יאָרן געווען אַ פאַרמעגלעכער סוחר. ער פלעגט פאָרן אויפן דאָן און געהאַנדלט מיט געזאַלצענע פיש. אַלטער האָט גאָר יונג אַרויסגעוויזן גרויסע פעיִקייטן צום לערנען. שטאָט האָט אים געהאַלטן פאַר אַן עילוי. און וואָלט אַלץ געגאַנגען כשורה, וואָלט ער מן־הסתם אַ מאָל געוואָרן אַן אָנגע־זעענער רב — אַזוי האָט יעדער איינער וואָס האָט אים געקענט פון זײַנע קינ־דער יאָרן, געדענקט און דער זיידע איז געווען זיכער אין דעם. האָבן אָבער פּאַסירט עטלעכע זאַכן כמעט אויף אַ מאָל. די באָבע איז געשטאָרבן אַ פּאָר טעג נאָך אַלטערס בר־מצווה, וואָס איז געווען אַ יום־טוב פון אַ גאַנצער שטאָט ייִדן, ווײַל די תורה וואָס אַלטער האָט יענעם שבת געזאָגט בשעתן עולה־זײַן, זײַנע ברכות, דאָס לייענען מפטיר, דאָס זאָגן די הפטורה, זײַן דאַוונען מוסף פאַרן עמוד מיט זײַן זילבערנער אַלט־שטימע — האָט שטאָט אַ לאַנגע צײַט נאָך דעם נישט געקאָנט פאַרגעסן... נאָך דער באָבעס טויט, איז דער זיידע גע־וואָרן אָפּגעלאָזט און אַן אַמביציע און איז אין זייער אַ קורצער צײַט געוואָרן אַ יורד. דער איבערגאַנג איז פאַרן זיידן און זײַן משפחה געווען זייער אַ שווע־רער. צוויי פון זײַנע טעכטער זײַנען שוין דאַן געווען אויסגעגעבענע; געבליבן זײַנען די ייִנגערע צוויי טעכטער (עלטערע פון אַלטערן) און אַלטער, אַ 13־יאָריק ייִנגל. דער זיידע האָט חתונה געהאַט פאַר אַ זייער פײַנער פרוי פון זײַן עלטער. זי איז געווען די באָבע נחמה, אַ כשרע, גוטע נשמה, נאָר אַ שטרענגע, אַ מענטש אַן דיסציפּלינירטער, איינגעהאַלטענער, קאַרג אויף אַ וואָרט, אָבער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע ביז גאָר. די צוויי מיידלעך האָבן זיך גוט אײַנגעלעבט מיט

דער באָבע נחמה, וועלכע האָט פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן געהאַט אַ פֿײַנעם בחור פון אַ יאָר אַכצן. די באָבע האָט ביידע ייִנגלעך באַהאַנדלט גלײַך, מיט גאָר נישט אַרויסגעוויזן מער ליבע פאַר איר אייגענעם זון. אָבער אַלטער, וועלכער איז געווען אַ צעבאַלעוועטער בײַ זײַן אייגענער מאַמען, ווען זי האָט געלעבט, האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט פאַרבאָרגענע קריוודעס קעגן דער „פרעמדער ייִדענע” וואָס באַלעבאַטעוועט בײַ זײַן מאַמע אין הויז. דער אמת איז געווען, אַז צוליב דעם וואָס דעם זיידן איז די פּרנסה אָנגעקומען שווער אין יענער צײַט, האָט מען זיך אין הויז אָפּגעזאָגט פון אַ סך זאַכן וואָס זײַנען פריִער געווען געוויינטלעך און טאָג־טעגלעך... דער עלטערער שטיפברודער איז לאַנג נישט געבליבן אין שאַרגאָראָד און איז אין עלטער פון נײַנצן יאָר אַוועק קיין אַמעריקע. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן דאָ, אַז ווען אַלטער איז מיט יאָרן שפּעטער געקומען אין אַמעריקע, איז ער געקומען טאַקע צו אָט דעם שטיפברודער און געוווינט צוזאַמען מיט אים עטלעכע יאָר און זיי האָבן זיך באמת ליב געהאַט איינער דעם אַנדערן, ווי זיי זאָלן טאַקע געווען זײַן אייגענע ברידער מבטן ומלידה... נאָר דערווײַל זײַנען מיר נאָך אין שאַרגאָראָד און אַלטער איז נאָר וואָס געוואָרן בר־מצווה און אַ יתום...

**
*

— „אַלטער, — האָבן זײַנע מלמדים געזאָגט דעם זיידן — האָט אונדז ווײַט איבערגעשטיגן אין וויסן...” זיי האָבן געעצהט דעם זיידן, ער זאָל אים שיקן אין אַ גרויסער ישיבה. דעם זיידן האָט גרויס הנאה געטאָן פון דעם וואָס די מלמדים האָבן אים געזאָגט. נאָר ווען ער האָט אַ רייד־געטאָן מיט אַלטערן אַליין, האָט אים אַלטער דערקלערט, אַז לערנען וויל ער טאַקע, ער האָט ליב צו לערנען, נאָר אין קיין ישיבה איז ער נישט גרייט צו פאָרן, ווײַל ער האָט נישט בדעה צו ווערן ווען עס איז אַ רבֿ, זײַן לערנען איז פאַר זיך אַליין, פאַר אייגענער הנאה; אַחוץ דעם, האָט ער בדעה צו לערנען אויך וועלטלעכע לימודים... דער זיידע אַליין איז נישט געווען קיין פאַנאַטישער ייִד, נאָר ערגעץ טיף בײַ זיך אין האַרץ האָט ער געהאַט אַ האָפענונג, אַז זײַן בן־יחיד וועט אויסוואַקסן אַ מנהיג בײַ ייִדן. אָבער ער האָט גוט געקענט זײַן אַלטערן (כאָטש ער איז בלויז געווען אַ בר־מצווה־ייִנגל) און געוווּסט, אַז אַלטער האָט אַ פעסטן כאַראַקטער און אַז ער האָט עפּעס באַשלאָסן — האָט ער פריִער גוט באַטראַכט. נישט אומזיסט האָבן אַ שטאָט מיט מאַמעס זיך געבענטשט מיט דעם ייִנגל און אים גערופן „אַלטערוניע”...

ווען אַלטער האָט געזען, וואָס פאַר אַ ווירקונג זײַן דערקלערונג האָט געמאַכט אויפן זיידן, האָט עס אים פאַרקלעמט בײַם האַרץ, און ער האָט אים אַנטדעקט אַלע זײַנע פּלענער. קודם — האָט ער דעם זיידן פאַרזיכערט — גיט ער

נישט אויף דאָס לערנען לימודי־קודש, פאַרבײַטנדיק זיי אויף לימודי־חול. ער האָט אים דערציילט, אַז זיי זײַנען דאָ דרײַ יינגלעך, וואָס האָבן זיך אָן עצה־געהאַלטן מיט ר׳ עקיבא דעם רב און אויך ער האָט אײַנגעזען די לאָגישקייט פון נישט וועלן איבער גוואַלד זײַן דאָס וואָס מע האָט נישט ס׳האַרץ אין דעם... (ר׳ עקיבא האָט די יינגלעך בפירוש געזאָגט, אַז „אַפילו אַ שנײַדער דאַרף ליב האָבן זײַן מלאכה כדי צו זײַן אַ גוטער שנײַדער, בפרט אַ רב, וואָס איז אין דער בחינה פון אַ פּאַסטעך, וועלכער דאַרף מיט ליבע אַכטונג געבן אויף זײַנע שאָף״. ער האָט די יינגלעך דערמאָנט אין מדרש וועגן משה רבנו, וועמען דער רבונו של עולם האָט אויסגעקליבן צו פירן די יידן, נאָך דעם ווי ער האָט אים געזען טראָגן אויף די הענט אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע...). אַלטער האָט דעם זיידן דערציילט, אַז די אַנדערע צוויי יינגלעך זײַנען: משה, אפרים־ליטוואַקס בן־יחיד און שלום פענזער. זיי דרײַ האָבן געפּועלט בײַם רב, ער זאָל מיט זיי לערנען תלמוד און מפרשים אַ פּאָר טעג אין וואָך, די איבעריקע צײַט וועלן זיי לערנען וועלטלעכע לימודים, אַזוי, אַז אין אַ פּאָר יאָר זאָלן זיי קענען אָפּ־געבן עקזאַמען אויף „מאַטורע״ און נישט אויסגעריסן ווערן, ווי פּשוטע סאָל־דאַטן, אויב מע וועט זיי נעמען אין מיליטער... דער פּלאַן אין מויל פון בר־מצווה־יינגל, האָט דעם זיידן שטאַרק געשמייכלט, בפרט, אַז די בחורים האָבן זיך טאַקע אַ נעם־געטאָן צו דער אַרבעט און ר׳ עקיבא דער רב פלעגט דעם זיידן אָפּגעבן באַגײַסטערטע גרוסן פון זייער לערנען...

***

אַן ערך 4 יאָר האָבן די יינגלעך געלערנט לויטן פּלאַן. מיטן רב האָבן די דרײַ זיך אַזוי אײַנגעלעבט און קעגנזײַטיק זיך אַזוי ליב באַקומען, אַז זיי פלעגן זיך טיילן מיט אים מיט זייערע טיפסטע און אינטימסטע געדאַנקען און פּראָב־לעמען. עס איז עפּעס געווען פון חברשאַפט אין זייערע באַציִונגען און מע האָט זיך נישט באַגרענעצט מיט לערנען בלויז די צוויי טעג, ווײַל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך די אַנדערע לימודים זײַנען דעם רב נישט פרעמד געווען און ער האָט זיי פיל געהאָלפן סײַ מיט זאַכן וואָס ער האָט טאַקע אַליין געוווּסט, סײַ מיט זאַכן וואָס האָבן געפּאָדערט אַ קאָלעקטיווע נאָכזוכעניש. אַרויסגעהאָלפן האָט זיי אויך די טיפע חכמה פון רב און זײַנע אײַנגעבוירענע נטיות אינטויִטיוו זיך צו דערגראָבן צו ענטפערס אויף די שווערסטע פּראָבלעמען. צום מערקווירדיק־סטן איז געווען, וואָס טאַקע אַ דאַנק זײַן טיף יידיש־וויסן פלעגט אים זײַן גרינ־גער זיך צו דערשלאָגן צו לייזן וויסנשאַפט־פּראָבלעמען. פאַר די יינגלעך איז עס געווען אַ וויכטיקע אַנטדעקונג, אַז דער רב באַוועגט זײַנע אײדעלע פינגער אויף אַ געאָגראַפישער מאַפּע מיט דער זעלביקער לײַכטקייט, ווי ער טוט עס אויף אַ בלאַט תוספות... (איך אַליין בין געווען אַן עדות, אין דער צײַט פון

דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי דער רב פלעגט אָפּשאַצן די לאַגע אויף די פראָנטן מיט אַזוי פיל וויסן פון געאָגראַפיע, וואָס איז געווען אַ זעלטנקייט אַפילו פאַר מענטשן וואָס האָבן געשטודירט געאָגראַפיע פון די מאָדערנסטע ביכער. און כ׳וויל דאָ צוגעבן, אַז אויך סטראַטעגיע איז דעם רב נישט געווען פרעמד. מיט יאָרן שפּעטער, ווען אונדזערע ברידער האָבן געפירט מלחמה קעגן די זיבן אַראַבישע מלוכות וואָס זײַנען באַפאַלן די יונגע יידישע מדינה, האָב איך זיך נישט געוווּנדערט, פון וואַנען יידן האָבן איבער נאַכט, יאַקבי, אַרויס־געגעבן אַזוי פיל געניאַלע גענעראַלן, ווײַל איך פלעג זיך דערמאָנען אין ר׳ עקיבאַן. נאָר דאָס איז אַ שפּעטערדיקער ענין...).

***

אָט יענע פאַר יאָר זײַנען געווען די גליקלעכסטע אין פעטער אַלטערס לעבן. יונג איז ער געווען, און ווי יעדער יונגער מענטש, האָט ער געטרוימט פון אַ ליכטיקן מאָרגן. אָבער אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט... בײַם זיידן איז די עקאָנאָמישע לאַגע געוואָרן ערגער און ערגער. און כאָטש דער זיידע האָט מיט אַלטערן נישט גערעדט וועגן ענינים פון פרנסה, האָט אַלטער נישט גע־קענט נישט זען, ווי דער דלות קלאַפּט אין טיר. צו דעם, זײַנען אין הויז געווען צוויי מיידלעך חתונה צו מאַכן, וואָס אין יענער צײַט האָט עס געמיינט — נדן. אוודאי האָבן אָרעמע מיידלעך אויך חתונה געהאַט (קיין יידישער מאַנאַסטיר איז נישטאָ). אָבער דער זיידע איז נישט געווען פון דעם סאָרט ייד, וואָס וועט זײַנע טעכטער חתונה מאַכן פאַר אַבי וועמען, בפרט אַז די עלטערע טעכטער האָט ער חתונה־געמאַכט אויפן נגידישן אופן און מיט מענטשן פון זײַן גאַטונג, פון זײַן גײַסטיקן שטאַנד... ווי האָט ער געקאָנט בײַ זיך פועלן אַראָפּצוקוקן? אַלטער האָט אָבער די אַלע זאַכן געוווּסט און האָט שטאַרק געליטן צוליב דעם. אין איינעם אַ טאָג האָט ער אָנגענומען אַ באַשלוס, פאַר וועלכן ער האָט אַ גאַנץ לעבן געצאָלט אַ שווערן פרײַז. ער האָט באַשלאָסן זײַן אייגענע צוקונפט צו שטעלן אין קאָן, פאַר וואָס ער האָט זיך אים דאַן געדאַכט צו זײַן די וויכטי־קערע און גרעסערע פליכט — זײַן משפּחה. ער האָט באַשלאָסן איבערצורײַסן זײַן אייגן לערנען און אָננעמען אַ שטעלע בײַ אַ רײַכן דאָרפייִד, צו לערנען מיט זײַנע קינדער.

***

ווען ער איז געקומען צו ר׳ עקיבאַן און אים דערציילט פון זײַן באַשלוס, האָט דער רב געוויינט, אָבער ער האָט אַלטערן נישט אָפּגערעדט דערפון. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געוויסן, האָט דער רב געפילט, אַז ער אַליין וואָלט אויך אַזוי געהאַנדלט. גראָד דער זיידע לוי האָט זיך געפּרוווט קעגנשטעלן. ער האָט געטענהט, אַז גאָט וועט אים העלפן; אַז ער איז נישט דער איינציקער ייד

וואָס דאַרף חתונה־מאַכן טעכטער און האָט נישט מיט וואָס. אַלטער האָט אים אָבער איבערגעשלאָגן און געזאָגט, אַז „עס שטייט אין ערגעץ נישט געשריבן, אַז אַלטער יוקלסאָן מוז האָבן אַן «אַטעסטאַט זרעלאָסטי». נאָר אַז יידישע טעכטער דאַרפן חתונה האָבן, — דאָס שטייט יאָ געשריבן"...

**
*

אַלטער איז אַוועק אין דאָרף און איז דאָרטן אָפּגעווען אויף דער שטעלע ביז ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. אין דאָרף האָט זיך אים געלעבט מאַ־טעריעל זייער גוט. די מענטשן האָבן אים רעספּעקטירט און ליב געהאַט. זיינע שכירות זיינען געווען היפּשע. ער האָט באַוויזן אָפּצושפּאָרן גענוג געלט אויף צו העלפן דעם זיידן חתונה־מאַכן אַ טאָכטער אויף אַן אופן, ווי דעם זיידן איז אָנגע־שטאַנען. נאָר אַלטער האָט שטאַרק געבענקט נאָך דעם לעבן וואָס ער האָט געפירט ביז זיין פאַרוואָגלט ווערן אין דאָרף, אין אַ פּראָסטער פּויערישער סביבה. מער נאָך ווי נאָך די יינגלעך — זיינע חברים — האָט ער געבענקט נאָכן רב, וועלכער האָט אים אויסגעפּעלט סיי ווי אַ רבי, סיי ווי אַ חבר, און מער נאָך ווי נאָכן רב, האָט ער געבענקט נאָך — — —ריקלען, דעם רבס טאָכטער, וואָס ערשט ווען ער איז אָפּגעריסן געוואָרן פון איר, האָט ער דערפילט ווי שטאַרק ער האָט זי ליב... ווען ער איז געווען אין שאַרגאָראָד, איז דאָס מיידל מיט די גרויסע, קלוגע און גוטע אויגן בלויז געווען אַ חברטע, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין די יינגלעכס לערנען, אַ מאָל זיך באַטייליקט אין גלאַט אַ שמועס אָדער אַ וויכוח, ווו זי פלעגט זיך אויס־צייכענען מיט איר חכמה, מיט איר שאַרפזין. אָבער אין יענע צייטן, צי דערפאַר וואָס ער איז נאָך זייער יונג געווען, צי דערפאַר וואָס זייער חברשאַפט איז געווען אַן אַלגעמיינע, ווי מיט די אַנדערע יינגלעך, האָט ער קיין מאָל זי נישט באַטראַכט פאַר, אָדער נישט געטראַכט וועגן איר ווי וועגן אַ פרוי. צייטנווייז פלעגן די בחורים אַפילו פאַרגעסן, אַז זי איז אַ מיידל...

זינט אָבער ער איז אין דאָרף, שטייט די וווּנדערלעכע מיידל אים שטענדיק פאַר די אויגן; אַ ריפע יונגפרוי... און די בענקשאַפט עסט אים אויף אַ לעבע־דיקן. דער אמת איז געווען, אַז אויך ריקל האָט שטאַרק געבענקט נאָך אַלטערן און אויך זי האָט זיך געכאַפּט, אַז די בענקשאַפט איז נישט בלויז ווי צו אַ חבר...

ריקל איז דאַן געווען אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן־אַכצן, אין פולן בלי פון איר שיינקייט און אין אַלע אירע גרויסע מעלות ווי אַ פרוי און מענטש...

**
*

שדכנים האָבן אָפּגעשלאָגן די טיר ביים רב... מע איז געקומען זי אָנקוקן. ריקל האָט קעגן עצם שידוך רעדן נישט פּראָטעסטירט. נאָר ווער דער חתן־קאַנדידאַט זאָל נישט האָבן געווען, האָט זי געזאָגט, אַז ער געפעלט איר נישט. דער רב האָט צו פיל ליב געהאַט זיין טאָכטער, צופיל געגלייבט אין איר שכל־

הישר, אַז ער זאָל זי צורעדן. טראָץ דעם, וואָס די אַלע שידוכים זײַנען געווען גוטע. סײַ אין יחוס, סײַ אין מאַטעריעלן זין (און אוי, ווי דער רב האָט געוואָלט, אַז זײַנע קינדער זאָלן נישט לעבן אין אָרעמקייט, כאָטש פאַר אים אַליין האָט אים די אָרעמקייט נישט געאַרט, נאָר דאָס וואָס די קינדער לעבן אין נויט האָט אים שטאַרק געקרענקט). אָבער, אַז עס זײַנען אַריבער אַ יאָר־צוויי און ריקל האָט זיך פאָרט נישט צוגעקליבן קיין חתן, האָט דער טאַטע אויף זײַן מילד־פאָטערלעכן און קלוגן אופן פאַרפירט מיט איר אַ שמועס און איר געזאָגט: „זאָג מיר נאָר, טאָכטער, ביז אַהער האָב איך אַלע מאָל געהערט פון דיר, אַז דו ווילסט נישט דעם אָדער יענעם יונגנמאַן, און איך האָב גאָרנישט קעגן דעם. נאָך אַלעמען, אַז דו ווילסט נישט, ווייסטו דאָך מן הסתם פאַר וואָס... איך ווייס, אַז דו ביסט נישט קיין נאַריש מיידל. אָבער עס מוז דאָך נישט זײַן בלויז ניין. איך שטעל זיך פאָר, אַז ערגעץ ווו איז פאַראַן אויך אַ יאָ. איז ווען אַ שטייגער וואָלסטו יאָ געוואָלט? איך בין גרייט צו שיקן אַ שדכן צו דעם, וואָס דו וואָלסט יאָ געוואָלט"... ריקלס שיינע אויגן זײַנען פול געוואָרן מיט טרערן, זי איז געפאַלן דעם טאַטן אויפן האַלדז און אַרויסגעכליפּעט: „טאַטע, איך וויל אַלטערן"... דער רב האָט זי באַרויִקט, אַוועקגעזעצט זי אויף אַ שטול און אַ פרעג געטאָן: „ווייסט אַלטער אַז דו האָסט אים ליב?" אויף דעם האָט ריקל געענטפערט: „טאַטע, ער האָט דאָס מיר קיין מאָל נישט געזאָגט, נאָר איך ווייס, אַז ער האָט מיך פונקט אַזוי ליב, ווי איך אים, איך פיל דאָס מיט מײַן גאַנץ האַרץ, מיט מײַן גאַנצער נשמה"...

דער רב האָט ריקלען געפרעגט צי זי ווייסט, אַז אַלטער איז אָרעם ווי די נאַכט, אַז ער פילט זיך פאַראַנטוואָרטלעך צו זײַן משפּחה, אַז ער דאַרף באַלד־באַלד זיך שטעלן צום פּרנסה און טראָץ דעם, וואָס ער איז אַ בן־יחיד און האָט אַ „לגאָטע", האָט דאָס הײַנטיקע צײַטן קיין ווערט נישט און עס איז פאַראַן די געפאַר, אַז מע זאָל אים צונעמען פאַר אַ סאָלדאַט, וואָס דאָס מיינט כמעט פיר יאָר... ריקל האָט אויסגעהערט איר טאַטן און געענטפערט על ראשון, ראשון ועל אַחרון — אַחרון: זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז זי ווייסט ווי אָרעם אַלטער איז, און אַז צו דעם טראָגט ער אויף זיך די אַחריות פאַר זײַן משפּחה. נאָר צו אָרעמקייט איז זי געוווינט, און האָט פאַר דעם קיין מורא נישט. זי דענקט, אַז די אָרעמקייט בײַם רב אין הויז האָט קײנעם נישט געשטערט צו באַזיצן אַנדערע עשירות, וואָס מע קען מיט קיין געלט נישט קויפן. און אין דער הינזיכט איז אַלטער אַ גרויסער עושר. אַפילו — האָט זי נאָך צוגעגעבן — די אַחריות וואָס אַלטער טראָגט פרײַוויליק פאַר זײַן משפּחה, איז אַ סימן פון דער גײַסטיקער עשירות... יאָ, און וועגן דער געפאַר פון דאַרפן דינען פאָניען פיר יאָר האָט זי אויך געטראַכט, און זי דענקט, אַז זי וועט נאָך כאַפּן אַ מציאה, ווײַל די מאַמע רחל האָט געדאַרפט וואַרטן אויף יעקב אָבינו גאַנצע 14 יאָר... פון אַזעלכע

קלוגע ענטפערס האָט דער רב פאַרשטאַנען, אַז ער טאָר גאָר נישט זיך שטעלן קעגן דעם ווילן פון זײַן קינד, בפרט אַז ער אַליין וויל דאָך טיף אין האַרצן אַזאַ חתן ווי אַלטער וואָלט געווען, דער רב אַליין האָט אַלטערן ליב געהאַט, און כאָטש ער האָט זייער געוואָלט זײַן קינד באַפרײַען פון דעם דלות, האָט אים נאָך דעם שמועס מיט ריקלען אַפילו פאַרדראָסן אויף זײַן פּראַקטישקייט. פון ווען אָן געטרויעט ער דאָס נישט דער השגחה. היד השם תקצר? עס קען דאָך זייער שיין געמאָלט זײַן, אַז אַלטער זאָל מיט דער צײַט און מיט דעם וואָס לעבט אייביקס הילף זיך אַרויסרײַסן פון דער אָרעמקייט, אויב דער זיווג אָדער ליבע איז מן השמים, דאַרף ער, עקיבא, נישט שטערן, נאָר העלפן...

**
*

דער רב האָט אַלטערן געשריבן אַ קורץ בריוול און געבעטן אים ער זאָל אַהיימקומען אויף אַ פּאָר טעג, ער דאַרף מיט אים רעדן וועגן אַ זייער וויכטיקן ענין...

אַלטער איז געקומען. דער רב האָט דערציילט וועגן זײַן שמועס מיט ריקלען און אַלטער האָט געוויינט, נאָך דעם לאַנג געשוויגן. און ווען ער האָט געקענט צונויפקלייבן זײַנע געדאַנקען, האָט ער דעם רב געגעבן זײַן ענטפער, דעם תמצית פון וועלכן איך ברענג דאָ מיט מײַנע אייגענע ווערטער, וואָס זײַנען געבויט, אויף שמעון דוד בלאָושטיינס דערציילונג, ווען ער האָט פאַר מיר געוואָלט שילדערן וואָס פאַראַ מאָראַליש ריינער מענטש מײַן פעטער איז געווען. ער האָט נאָך צוגעגעבן, שמעון-דוד, אַז אַפילו מענטשן מיט די לויטערסטע כוונות, מיט דער לויטערסטער מאָראַל, מיט דער גרעסטער גרייטקייט זיך צו ברענגען פאַר קרבנות פאַר עמעצן אַנדערנס גליק, קענען נישט אַלע מאָל פאַרשטיין די וועגן פון דער השגחה... ווײַל דער מין מענטש איז אַ באַגרענעצטע באַשעפעניש און עס איז זייער צו באַדויערן...

**
*

און אָט וואָס אַלטערס ענטפער איז געווען: „רבי, איך וויל אײַך פאַרזיכערן, אַז אין מײַנע גרעסטע טרוימען, האָב איך זיך נישט געקענט פאַרשטעלן קיין גרעסערע גליק, ווי האָבן ריקלען ווי מײַן שותפטע אין לעבן... ריקל שטייט מיר פאַר די אויגן בײַ טאָג און בײַ נאַכט. איך ווער אויפגעפרעסן פון בענקשאַפט נאָך איר. איר, רבי, קענט זיך נאָר פאַרשטעלן מײַן ליבע צו איר, אויב איר ווערט אַ טראַכט טאָן וועגן שיר השירים נישט אין דעם זין ווי ייִדן טײַטשן דאָס, ווי אַ געזאַנג פון דער כנסת ישראל, נאָר פשוטו כמשמעו... נאָר ווי אַן ערלעכער, אָרנטלעכער מענטש, אָט טאַקע ווי איר, רבי, האָט מיך געלערנט, אַז אַ מענטש וואָס וויל ווערט זײַן דעם נאָמען דאַרף זײַן, קען איך נישט אָננעמען די קרבן-גרייטקייט פון אַ ייִדישער טאָכטער און נאָך צו דעם אַזעלכער, וואָס איך האָב

אַזוי ליב... איך צווייפל נישט אין דעם, אַז זי און איר אויך, ווייסן די אמתע לאַגע. מײַן אָרעמקייט, מײַנע אַחריותן, די געפּאַר פון סאָלדאַטשינע, דאָס וואַרטן יאָרן אויף דעם געגאַרטן טאָג... און ווען יענער טאָג וועט קומען, וועל איך ערשט זײַן בערום וחסר כל, און וואָלט איך שוין גרייט געווען אויף דעם, און וואָלט אַפילו ריקל גרייט געווען צו גיין מיט מיר אויף דעם דערנער וועג, און לויט אײַערע ווערטער פאַרשטיי איך אַז זי איז גרייט, טאָרן מיר נישט פאַרגעסן נאָך איין זאַך, וועגן וועלכער מיר האָבן אַלע נישט געטראַכט, און דאָס איז, אַז איר האָט נאָך מיידלעך, און עס איז נישט דער יידישער דרך, פאַר די ייִנגערע מיידלעך חתונה צו האָבן פאַר דער עלטערער, און וואָס פאַר אַ רעכט האָבן מיר אויף זייערע לעבנס און אויף זייער גליק?"...

איצט האָט דער רב אויך געוויינט, די לעצטע ווערטער אַלטערס, האָבן אים דערמאָנט, אַז אין זײַן גרויסער ליבע און מיטגעפיל צו ריקלען האָט ער גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן אין זײַנע אַנדערע מיידלעך... זײַן האַרץ איז אים צעריסן געוואָרן ווויסנדיק ווי שווער עס וועט זײַן פאַר זײַן קינד, צו הערן אַלטערס שכלדיקן און נאָך מער יושרדיקן ענטפער. ווי אַ רב, וואָס האָט זיך גענוג אָנגעהערט און אָנגעזען אין זײַן לעבן, האָט ער געוווסט וואָס ליבע איז אַזוינס... ער האָט דערפאַר געטראַכט, אַז ווען אַלטער אַליין וועט איר דעם ענטפער געבן וועט דאָס זײַן גרינגער פאַר איר... ער האָט געבעטן אַלטערן, אַז ער אַליין זאָל רעדן מיט ריקלען. ער האָט זי אַרײַנגערופן — נאָך געזעסן מיטביידע אַ פּאָר מינוט, און זיי געלאָזט אַליין אין צימער.

די איינצלהייטן פון זייער געשפּרעך האָט קיינער קיין מאָל נישט געוווּסט. מע קען זיך פאָרשטעלן דעם ווייטיק פון צוויי יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך שטאַרק ליב און מוזן פון דעסט וועגן באַשליסן, אַז זיי קענען קיין מאָל זיך נישט פאַראייניקן...

צעזעגנט האָבן זיי זיך מיטן באַשלוס, אַז זיי וועלן זיך מער קיין מאָל נישט באַגעגענען. אַלטער האָט איר האַרציק געוווּנטשן, אַז זי זאָל אָנטרעפן אויף אַ מענטשן, וואָס זאָל זי ווערט זײַן...

**
*

עס האָט גענומען אַ שטיקל צײַט. לפנים האָט זיך ריקל באַרויִקט און אויב זי האָט געוויינט האָט זי קיינער נישט געזען...

מען האָט נאָך אַ מאָל ריקלען גערעדט שידוכים און צו איינעם אַזאַ שידוך האָט זי צוגעשטימט. דער יונגערמאַן איז טאַקע געווען אַ שאַרגאָראָדער, אַ פײַ־נער, אַ שטילער און אַ גוטער בעל־פּרנסה, אַהרן קאַצעוו איז זײַן נאָמען געווען. ריקלען האָט ער אויף די הענט געטראָגן. ריקל איז געווען אַ גוטע איבערגעגע־בענע ווײַב, געהאַט מיט אים קינדער, געפירט אַ פײַנע באַלעבאַטישקייט. אין

בלויז אַ פּאָר יאָר האָט זיך איר מאַן דערשלאָגן צו עקאָנאָמישן ווױלזײַן, אויף וויפל ייִדישע פּרנסות האָבן דאָס אין יענער צײַט דערמעגלעכט. אַלע זײַנען געווען זיכער, אַז ריקל איז גליקלעך. אַלע, אַחוץ איין מענטש, און דאָס איז געווען אונדזער רב אַליין. און נישט ווײַל זי האָט אים מיט איין וואָרט אַפילו זיך אַרויסגעגעבן, וואָס פֿאַראַ חיבוט הקבר איר לעבן איז, זי האָט מיט קיין זאַך נישט אַרויסגעגעבן איר טיפן סוד... זי האָט איר מאַן אָפּגעגעבן כבוד, זי איז געווען אַ וווּנדערלעכע מאַמע, בלויז איין מאָל, ווען איר ייִנגעלע — אַ קינד פֿון אַ יאָר אַכט, אָדער נײַן, וואָס האָט געלערנט געאָגראַפֿיע האָט זי געפֿרעגט וואָס אַ ווולקאַן איז, האָט זי אים געגעבן צו פֿאַרשטיין און אים דערציילט וועגן די פֿײַערן וואָס ברענען אין די אינגעווײדן פֿון דעם באַרג, וואָס קען אַפילו לפֿנים אויסזען צו זײַן אין גאַנצן פֿאַרלאָשן, נאָר קען אַ מאָל אָנהייבן צו שפּײַען פֿײַערדיקע לאַווע... בעת זי האָט דאָס געזאָגט, האָט זיך בײַ איר, ווײַזט אויס, אַרויסגעכאַפּט, אַז בײַ אַ מענטשן קען דאָס אויך טרעפֿן... דאָס ייִנגעלע האָט זי נאָך אַ מאָל איבערגעפֿרעגט, וואָס זי מיינט מיט דעם? ער גלייבט נישט, אַז אַ מענטש קען טראָגן אין זיך ברענענדיק פֿײַער... זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט געטאָן אַ נאַרישקייט, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט צו כאַפּן צוריק, האָט זי דעם ייִנגל פֿאַררעדט די ציין, אַז נישט בײַ אַלע מענטשן קען דאָס טרעפֿן אָבער פֿאַראַן אַ סך זאַכן, וואָס טרעפֿן נישט אַלע טאָג און נישט מיט יעדן איינעם... אָט שטייט, למשל, אין דער תורה, אַז אַ דאָרן, וואָס משה רבנו האָט געזען אין דער מדבר האָט געברענט און געברענט און נישט פֿאַר־ברענט געוואָרן... איר ייִנגעלע איז נישט אין גאַנצן צופֿרידן געווען מיטן ענט־פֿער, און אַזוי ווי זײַן זיידע, דער רב, איז בײַם קינד געווען די גרעסטע אויטאָ־ריטעט האָט ער אים דערציילט, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט וועגן אַ ווולקאַן, וועגן משה רבנוס דאָרן און אויך אַז די מאַמע זאָגט, אַז אַפילו אַ מענטש קען אין זיך טראָגן ברענענדיקע לאַווע... דער רב האָט גלייך פֿאַרשטאַנען, וואָס בײַ זײַן טאָכטער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט. און אויף אַ פֿאָרזיכטיקן אופֿן האָט ער זי אַ מאָל געפֿרעגט און זי געבעטן זי זאָל אים זאָגן דעם אמת, צי איז זי גליקלעך מיט איר מאַן? ריקל האָט נישט באַלד געענטפֿערט, נאָר שטיל געוויינט און ווען זי האָט זיך אַ ביסל באַהערשט, האָט זי אים געזאָגט: „טאַטע, אַלטערן וועל איך טראָגן אין מײַן האַרץ ביז דער לעצטער מינוט פֿון מײַן לעבן"...

נאָך אָט דעם געשפּרעך, איז דאָס לעבן ווייטער געפֿלאָסן ווי געוויינטלעך, דער איינציקער וואָס האָט געוווּסט, אַז דער „געוויינטלעכער" איז שוין גאָר נישט געוויינטלעך, איז געווען דער רב. אָבער וואָס האָט ער דען געקענט טאָן?...

**
*

די דערציילונג האָט אַן עפּילאָג, און זייער אַ טראַגישן. נאָר איך מוז פֿריִער

דערציילן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אַלטערן נאָכן שמועס און דעם געזעגענען זיך מיט ריקלען.

אַלטער האָט זיך אומגעקערט אין דאָרף, נאָך געלערנט מיט זײַנע תלמידים, ביז ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. ער האָט זייער שטאַרק געליטן פון בענקשאַפט נאָך ריקלען, און ווען ער האָט געהערט, אַז ריקל האָט חתונה געהאַט, האָט ער בלויז געהאָפט, אַז זי לײַדט נישט אַזוי פון דער צעשיידונג ווי ער, און האָט איר טיף אין האַרצן געווונטשן גליק. ער אַליין האָט נאָך מער גע־ליטן ווי פריִער און האָט עפּעס פּאַטאַליסטיש אַרויסגעקוקט אויפן טאָג פון פּרי־זיוו, געגאַרט מע זאָל אים צונעמען פאַר אַ סאָלדאַט, אפשר דאָרטן, לײַדנדיק פון די שווערקייטן פון סאָלדאַטשינע, וועט זיך אים אײַנגעבן צו פאַרגעסן ריקלען... גאָט האָט צוגעהערט זײַנע שטילע תפילות און מע האָט אים צוגענומען אין מיליטער. ער האָט דאָס נישט געהאַט גרינג, אַלטער, אָבער די וווּנד אין זײַן האַרצן האָט די סאָלדאַטשינע נישט אין גאַנצן פאַרהיילט, זי איז בלויז אפשר פאַרוואָקסן געוואָרן... איך גלייב אַפילו נישט ,אַז דורך זײַן גאַנצן לעבן האָט ער פאַרגעסן ריקלען... איך נעם דאָס פון דעם, וואָס אין די פּאָר וואָכן פון זײַן פאַרברענגען אין שאַרגאָראָד, טראָג איך אין מײַן זיכרון זײַנע גוטע, נאָר זייער טרויעריקע אויגן...

נאָך „סלוזשבע" האָט אַלטער חתונה געהאַט. איך האָב זײַן פרוי, מײַן טאַנטע, קיין מאָל נישט באַגעגנט, נאָר מײַן מאַמע פלעגט מיר דערציילן, אַז זי איז געווען זייער אַ פײַנע פרוי, נאָר אַ קרענקלעכע, געוווינט האָט ער אין שומסק, וואָלינער גובערניע. אַ פּאָר יאָר נאָך זײַן חתונה האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה און מע האָט מורא געהאַט, אַז פּאַניע וועט מאָביליזירן געווע־זענע סאָלדאַטן און פעטער אַלטער איז אַוועק קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע איז ער געווען אַ פּאָר יאָר, זיך נישט געקענט צופּאַסן צום דעמאָלטדיקן לעבן. עס איז געווען די עפּאָכע פון „סוועט שאַפּ" און פּעדלערײַ, ער האָט זיך צו די ביידע זאַכן נישט געקענט צופּאַסן... האָט ער איבערגעוואַרט די מלחמה און די רעוואָלוציע פון 1905, און אַרום נײַנצן זיבן אָדער אַכט, איז ער צוריקגע־פאָרן אַהיים.

אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל האָב איך אײַך שוין דערציילט, אַז אין יענער צײַט האָט ער באַזוכט שאַרגאָראָד. איך האָב אײַך אויך דערציילט ווי אַזוי ער, שלום פּענזער און שמעון־דוד בלאָוושטיין האָבן פאַרבראַכט די פּאָר וואָכן אין טיפע שמועסן און וויכוחים וועגן זאַכן, וואָס שטייען ברומו של עולם... איין מאָל, אַ טאָג פאַר זײַן אַוועקפאָרן איז ער צוזאַמען מיט די אַנדערע צוויי חברים זיך געגאַנגען געזעגענען מיט ר' עקיבא דעם רב. מע איז געזעסן, געטרונקען טיי און געשמועסט און בעת זיי זײַנען געווען פאַרטיפט אין אַ שמועס, איז אַרײַנ־געקומען ריקל... זי האָט פון צווייטן צימער דערזען אַלטערן, האָט זי זיך אויס־

געדרייט און אַרויסגעלאָפן פון הויז. דער איינציקער מענטש, וואָס האָט זי געזען איז געווען איר מאַמע שרה־טויבע. זי האָט ריקלען געוואָלט פרעגן, פאַר וואָס זי אַנטלויפט, אָבער יענע איז שוין געווען צו ווײַט...

בײַ נאַכט איז ריקל קראַנק געוואָרן אויף אַ מוח־אָנצינדונג. זי האָט גע־ברענט דרײַ טעג און אויפן פערטן געשטאָרבן... ווען אַלטער איז אַוועקגעפאָרן האָט ער וועגן דעם נישט געוווּסט... אויך אין שטאָט האָבן זייער ווייניק מענטשן געוווּסט וועגן דעם, און יענע פאַר מענטשן, וואָס האָבן יאָ געוווּסט וועגן דעם, האָבן נישט גערן גערעדט וועגן דער טראַגעדיע...

איך האָב מער דעם פעטער אַלטערן קיין מאָל נישט געזען און כמעט נישט געהערט פון אים. עפּעס געדענקט זיך מיר, ווי דורך אַ חלום, אַ פּאָר פּאָסט־קאַרטלעך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך געדענק זײַן פּערלדיק כתב אָבער דאָס איז אַלץ, וואָס איך געדענק. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געביטן דאָס פּנים פון מזרח־איראָפּע. פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה און האָט פאַרשלונגען שטיקער אוקראַינע, און שומסק איז געוואָרן פּוילן. שפּעטער זײַנען מיר אַלע אַוועק קיין אַמעריקע און ערשט בלויז אַרום אָדער נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך געקראָגן די ידיעה, אַז דער פעטער איז שוין נישטאָ, אַז ער איז געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זוכה געווען נישט צו לעבן אונטער היטלערס ממשלה, און גלייבט מיר, עס איז אַ זכיה... די ידיעה איז געקומען פון מדינת ישראל, ווו עס וווינען זײַנע דרײַ פּײַנע זין, וואָס זײַנען ווערט צו האָבן געהאַט אַלטערן פאַר אַ טאַטן...

און עקיבא דער רבֿ? מיט אים האָב איך אָפּט פאַרבראַכט. ער איז געווען פּונקט אַזוי קוואַליק און פול מיט תורה און חכמה אויף דער עלטער, ווי ער איז דאָס געווען אין דער יוגנט און אין די מיטעלע יאָרן. מיר האָבן אים נאָך געלאָזט ווי אַ רבֿ אין שאַרגאָראָד. ער האָט דערגרייכט אַ טיפן עלטער ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳.

***

אין לעצטן קאַפּיטל האָב איך דערמאָנט מײַן זיידן לוי, איז, גלייב איך, אַז ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען מײַנע זיכרונות פון זײַנע לעצטע טעג.

דער זיידע לוי איז געווען אַ וועלט־מענטש. (פאַר יענע יאָרן. ער איז אַ סך אַרומגעפאָרן און דערציילט, ווען ער האָט געפירט גרויס מיסחר). געזען אַ וועלט און אויף זײַן אופן זי פאַרשטאַנען. ער, ווי די מאַמע מײַנע, וואָס האָט געירשנט פון אים זײַן גוטסקייט און טאָלעראַנץ, איז אָבער פאַר זיך אַליין געווען זייער אַ פרומער, און כאָטש זײַן סביבה איז געווען אַ גבירישע (איידער אַלץ האָט זיך איבערגעקערט מיט דער פוטער אַראָפּ), האָט ער אָבער געלעבט זייער באַשיידן, נישט צוליב קאַרגשאַפט חלילה, ווײַל צדקה האָט ער געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט, נאָר צוליב דעם, וואָס פערזענלעכער פאַרגעניגן האָט בײַ אים

